מײנע ליבע, גוטע פרײנד מ. סקלער
ז. ר. קווארטין
Bklyn Jan 20, 1959

חזן זאַוועל (זבולון) קוואַרטין

# מײן לעבן

אַרויסגעגעבן פון אַ
געזעלשאַפטליכען קאָמיטעט
פילאַדעלפיע—ניו־יאָרק
1952

מיין פרוי, גיטעל רחל, מיינע ליבע
קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך,
ווידמע איך דאָס בוך פון מײַן לעבען.

# אינהאַלט

ז״ז

# אַנשטאָט אַ פאָרוואָרט

עס איז אַ גרויסע פרייד פאַר מיר, וואָס נישט געקוקט אויף מיין שווערער קראַנקהייט בין איך געווען אומשטאַנד צו פאַר־ענדיגען דאָס בוך פון מיין לעבען און צו דערזעהן, ווי דאָס בוך ערשיינט פאַר דער ברייטער אידישער עפענטליכקייט.

פון מיינע צאָלרייכע פריינט און פאַרערער, וואָס האָבען פאַר לאַנגע יאָרען מיר אַרויסגעוויזען זייער טיפען אינטע־רעס און געדינט מיר מיט ראַט און טאַט, מוז איך באַזונדערס דערמאָנען הער מאַקס לעווינטאָוו, פון פילאַדעלפיע.

אַדאַנק הער לעווינטאָוו האָב איך אויך געוואונען די פריינטשאַפט פון הער דזשעיקאָב יאַקימאָוו, פון פילאַדעלפיע, וועלכער זייענדיג אַליין אַ פאַרנומענער ביזנעסמאַן האָט ער דאָך באַהאַלטען די וואַרימע געפילען פאַר אידישע נגינה און ער האָט נישט געקאַרגט קיין מיטלען און קיין טרחה, אַז דאָס דאָזיגע בוך, וואָס נעמט אַרום אַן עפּאָכע פון קנאַפּע 60 יאָר חזנות ביי אידען, זאָל דערזעהן די ליכטיגע שיין.

די דאָזיגע צוויי פאָלקס־מענשען, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער פיינעם, אידישען געפיל פאַר חזנות און מוזיק, דריק איך אויס אויף דעם וועג מיין אויפריכטיגסטען דאַנק פון דער טיפעניש פון מיין האַרצען.

ז. קוואַרטין

ניו יאָרק, דעצעמבער, 1951.

## גלייך ווי איך ווער געבוירען זאָגט מען מיר אָפּ דאָס לעבען

איך האָב דערלעבט, ברוך השם, די עלטער פון פינף און זיבעציג יאָר. קנאַפּע זעקס צענדלינג יאָר בין איך אַ חזן ביי אידען. וואו נאָר די וועלט האָט אַן עק, וואו נאָר עס וואוינען אידען און לעכצען נאָך אידישער נגינה, נאָך דעם האַרציגען היימישען קלאַנג, וואָס באַגלייט דורות־לאַנג דאָס אידישע לעבען — דאָרט בין איך געווען און געזונגען און געמונטערט אידישע הערצער.

ווילט זיך טאַקע וואַרפען אַ בליק אויף צוריק, דערציילען פון וואַנעט עס שטאַמט און פון וואַנען עס קומט אַזאַ איד, ווי איך. וועלכע זאַפטען האָבען מיך גענערט און פון וואָסערע קוואַלען האָב איך געטרונקען, וואָס כ׳האָב געהאַט דעם כח צו זיין איבער זעכציג יאָר אַ אידישער שליח צבור, אויסצו־זינגען און אויסצודאַוונען דעם אידישען ווייי און צער און גלייכצייטיג די אייביגע אידישע האָפענונג אויף ווידעראויפלעבונג אין דעם אייביגען אידישען לאַנד. און אַ דאַנק דעם בורא עולם, וואָס כ׳האָב דאָס דערלעבט.

פאַר אַ סך פון מיינע לעזער וועט זיין אינטערעסאַנט געוואויר צו ווערען, אַז איך בין געבוירען געוואָרען אַ „זיבעלע", פאַר דער צייט. געוואויגען האָב איך דריי מיט דריי פערטעל פונט, אַזוי, אַז לויט די דעמאָלטיגע באַגריפען, ווען קיין אינקובאַטאָרס פאַר צו־יונג געבוירענע קינדער זיינען נאָך ניט געווען באַקאַנט, האָט מען מיר פראָסט און פשוט אָפּגעזאָגט דאָס לעבען. יעדע מינוט האָט מען זיך געריכט, אַז אָט־אָט און איך שטאַרב אַוועק.

די פראַגע פון דערנערען מיך און דערהאַלטען ביים לעבען איז פאַר־וואַנדעלט געוואָרען אין אַ שרעקליכער טראַגעדיע פאַר מיינע עלטערען, וועלכע האָבן נאָר וואָס געהאַט פאַרלוירען צוויי קינדער, אַ צווילינג, אויך צוליב זייער קומען אויף דער וועלט פאַר דער צייט. איך בין געווען אַזאַ שוואַך באַשעפעניש׳על, אַז איך האָב נישט געקענט פאַרדייען דאָס מילך פון דער מוטער׳ס ברוסט, און פינף חדשים נאָכאַנאַנד האָט מען מיך דערנערט מיט זיסע וואַסער, פאַרוויסט מיט עטליכע טראָפּענס מילך.

מען קען זיך פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ „גבור" איך בין געוואַקסען פון אַזאַ שפּייז. שוין אַלט זייענדיג עטליכע חדשים האָט מען מיר נאָך אַלץ אָפּ־געזאָגט דאָס לעבען. טאַטע־מאַמע האָבען זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. אַזוי ווי קיין דאָקטוירים זיינען אין דעם קליינעם שטעטעלע, וואו איך בין

געבוירען געוואָרען, נישט געווען, האָבען זיך צו מיר אַ נעם געטאָן די אַלטע אידענעס מיט די אַלטע גוי׳עס, וואָס יעדער איינע פון זיי האָט געהאַט אַן אַנדער „באַבסקע״ רפואה, ווי אַזוי צו דערהאַלטען מיך ביים לעבען.

נאָכ׳ן אויסרויכערען מיך מיט פאַרשיידענע גראָזען און נאָכ׳ן אויס־באָדען מיך אין פאַרשיידענע קרייטעכצער און נאָכ׳ן אָפּשפּרעכען מיך מיט פאַרשיידענע שפּרוכען, האָט זיך אָפּגעזוכט אַ פרישע גרופּע ווייבער, וואָס האָט געהאַלטען, אַז מיין מוטער מוז אומבאַדינגט איבערפאָרען מיט מיר אין דעם שכנות׳דיגען שטעטעל באַסלעוו, צום דאָרטיגען טאַטער. דער דאָזיגער טאַטער האָט אַזעלכע בריוועלעך, געשריבען מיט רויטען טינט. די בריוועלעך לייגט מען אַריין אין אַ גלאָז וואַסער, און ווען דאָס וואַסער ווערט ווערען רויט, זאָל איך עס טרינקען, און דאָס איז אַ זיכערע סגולה צו אריכת ימים.

די אַלע טאַטערס און כישוף־מאַכערס האָבען נאָר דערגרייכט איין זאַך: זיי האָבען אויסגעליידיגט מיין טאַטענ׳ס קעשענעס. איך, פון מיין זייט, בין פון די אַלע רפואות נישט געוואָרען אויף אַ האָר קרעפטיגער. איך האָב מיר געטאָן מיינס: לאַנגע שעה׳ן פלעג איך ליגען מיט אַ פאַרוואָרפען קעפּעל און אַריבערגעקוקט צו די אָבות אַבותינו אויף יענער וועלט...

דער צער פון מיינע עלטערען איז געווען אומבאַשרייבליך. איך האָב זיי אַזוי אויסגעמוטשעט און אַרויסגעבראַכט פון די כחות, אַז זעענדיג ווי זייער מי צו דערהאַלטען מיך ביים לעבען איז אַרויסגעוואָרפען, האָבען זיי פּשוט געבעטען אויף מיר דעם טויט. דאָס דאָזיגע ראַנגלעניש פאַר מיין לעבען יעדע שעה פון טאָג האָט אָנגעהאַלטען גאַנצע צוויי יאָר. די חברה קדישא לייט ביי אונז אין שטעטעל האָבען שוין באַצייטענס גענומען אַ ביסעל בראָנפען אויפ׳ן חשבון פון מיין לויה, אָבער ליידער האָבען זיי זיך פאַררעכענט אין חשבון.

ווי עס ווייזט אויס איז אויבען, אין הימעל, באַשטימט געוואָרען, אַז איך, זבולון בן שלום בן טוביה הכהן, זאָל יאָ בלייבען אויף דער זינדיגער ערד. איך וועל נאָך זיין אַמאָל אַ גוט אַרטיקעל פאַר די גראַמאָפאָן־קאָמפּאַניס. פאַר די ראַדיאָס און קאָנצערט־הייזער, און עפּעס גלאַט אַזוי אַ נחת רוח פאַר מיינע ברידער אידען מיט אַ שחרית׳ל, אַ מוסף׳ל, אַ וואָכעדיגען מנחה־מעריב, אַ יום כפור קטן, און וואו איז דער ימים נוראים׳דיגער דאַוונען?

אין מיין שוואַך קערפּערעל האָט זיך גענומען ווייזען לעבען, און אין די אויגען פון מיינע עלטערען האָט זיך אָנגעצונדען אַ גלויבען און האָפענונג, אַז זיי האָבען מיך דאָך אַרויסגעריסען פון מלאך המות׳ס הענט. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז פון איצט אָן איז שוין אַלץ געגאַנגען מיט מיר כשורה, אַזוי ווי ביי אַלע נאָרמאַלע קינדער. וואו נאָר אַ קרענק — האָט זי זיך גע־טשעפּעט צו מיר. אַמשווערסטען האָט מיך געטראָפען די גוט באַקאַנטע „ענגלישע קרענק״. די הענטלעך און פיסלעך זיינען מיר אָפּגענומען געוואָרען, די ביינדלעך שוואַך, אָהן שום קראַפט פון לעבען. מען איז געווען זיכער, אַז אויב אַפילו

די קראַנקהייט זאָל מיך נישט אומברענגען, וועל איך דאָך אין רעזולטאַט פון איר מוזען בלייבען אַ קריפּעל אויפ׳ן גאַנצען לעבען.

וועגען שטיין, גיין אָדער קריכען האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. אַ גאַנצען טאָג בין איך געלעגען אויף מיין אָרט, און אַזוי ווי מיין מוטער איז געווען פאַרנומען מיט די איבעריגע קינדער און האָט נאָך געמוזט אַרויסהעלפען דעם טאַטען אין קראָם — איז מיין איינציגע פאַרזאָרגערין געווען דאָס דינסט־מיידעל, וועלכע האָט מיך בעסער געוואָלט זען אַ טויטען, ווי אַ לעבעדיגען.

אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָב איך זיך שוין אַלס קינד פאַר׳עקשנ׳ט געגען מלאך המות. אויך די צרה בין איך בייגעקומען. איך האָב זיך אָנגעהויבען שטעלען אויף די פיסלעך. אַ שטראַל פון ליכטיגקייט האָט אויפגעשיינט איבער דעם הויז פון מיינע עלטערען. אמת, איך בין געווען אַ בלאַס קינד, אָהן אַ טראָפּען בלוט אין פנים, מיט בלויע אָדערען אויף די דאַרע אברים. אָבער עס איז געווען אַ האָפענונג, אַז איך וועל לעבען, דער עיקר, איך האָב אָנגעהויבען צונעמען אין געוויכט, און מיט יעדער צוגעקומענער אונצע איז צוגעקומען אַ שטיק געזונט מיין אויסגעמאַטערטער מוטער.

גראָד האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז צו יענער צייט האָט זיך שטאַרק פאַרבעסערט די מאַטעריעלע לאַגע פון מיינע עלטערען, און די שטימונג אין הויז איז געווען אַ טאָפּעלט־גליקליכע: סיי איך, און סיי דאָס מיידעלע, וואָס איז געבוירען געוואָרען נאָך מיר, און סיי מיין עלטערער ברודער, זיינען אַלע געוואָקסען געזונט. און די עלטערען האָבען זיך געקענט אָנזעטיגען מיט אַ ביסעל נחת פאַר די ליידען, וואָס זיי זיינען זיך אויסגעשטאַנען פון אונז. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מ׳האָט שוין אָנגעהויבען רעדען וועגען אָפּגעבען מיך אין חדר אַריין. נאָר איידער כ׳וועל שילדערען מיינע חדר־יאָרען, מוז איך זיך אָפּשטעלען אַ ווילע אויף דעם הויז פון מיינע עלטערען.

# דאָס הויז פון מיינע עלטערן

איך בין געבוירען געוואָרען דעם דריטען טאָג אין חודש ניסן, ווען מען זאָגט דעם נשיא זבולון, דעם 25טען מערץ, 1874, אין דעם פּיצינקען שטע־טעלע כאָנאָראָד, אָדער ווי עס האָט געהייסען אויף רוסיש נאָוואָרכאָנגעלסק, יעליסאַוועטגראַדער אויעזד, כערסאָנער גובערניע. דאָס שטעטעל האָט זיך געפונען 25 ווערסט פון טאַלנע. איך בין געווען דאָס פערט־געבוירענע קינד ביי מיינע עלטערן. כ׳האָב שוין דערמאָנט, אַז די ערשטע צוויי קינדער, אַ צווילינג, זיינען גאָר יונג געשטאָרבען.

מיין פאָטער, ר׳ שלום, איז געווען דער עלטסטער זון פון אַ משפּחה פון אַכט קינדער, זעקס זין און צוויי טעכטער. ער איז געווען אַ שטאַרקער מענטש, סיי קערפּערליך און סיי גייסטיג. ער איז געבוירען געוואָרען אין אומאַן, קיעווער גובערניע, און שוין אַלס קינד פון צען יאָר האָט ער גע־שמ׳ט מיט זיין שאַרפען קאָפּ און אויסערגעוויינליכען זכרון. ער איז געווען דער בעסטער תלמיד אין דער אומאַנער ישיבה.

ווען דאָס איינגעל איז אַלט געווען פופצען יאָר, האָבען שוין שדכנים גענומען קלאַפּען אין די טירען פון מיין זיידען. און ווען איין שדכן איז גע־קומען אין נאָמען פון דעם גרויסען גביר און בעל יחוס ר׳ חיים לובידינער פון שטעטעל לובידין, אומאַנער אויעזד, האָט זיך דער זיידע אָנגעכאַפּט אין דעם שידוך מיט ביידע הענט. ר׳ חיים לובידינער איז געווען אַ שם דבר, דער אייגענטימער פון דער גרויסער לובידינער מיל, אַ גרויסער בעל־צדקה, מיט וועלכען די גאַנצע געגענט האָט גע׳שמ׳ט.

צו זיבעצען יאָר האָט מיין פאָטער חתונה געהאַט און איז פאַרבליבען עסען קעסט. אָבער אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט מען אים שוין געהייסען גיין „פאַר זיך", ווייל מען האָט געדאַרפט מאַכען פּלאַץ פאַר אַ צווייטען איידעם.

מיין מוטער, פעסיע ע״ה, איז געבוירען געוואָרען פון אַ צווילינג, זי איז פון דער נאַטור געווען זעהר אַ שוואַכע. קורץ נאָך איר געבורט איז איר די מוטער אַוועקגעשטאָרבען. איר פאָטער, אַלס פרומער און ערליכער איד, האָט גלייך גענומען אַ צווייטע פרוי. איז דעריבער פאַרשטענדליך, אַז אַ שוואַך קינד, געבוירען פון אַ צווילינג, און דערצו נאָך אויפגעהאָדעוועט פון אַ שטיפ־מאַמע, איז געבליבען קערפּערליך הינטערשטעליג, און איר גאַנצע דער־ציהונג האָט אונטערגעהונקען. אָט די שפּורען פון שוואַכער קערפּערליכער אַנטוויקלונג האָבען זיך גלייך אָפּגערופען אויף אירע קינדער, וואָס צוויי פון זיי זיינען גלייך געגאַנגען פון דער וועלט, און איך בין קוים אַרויס אַ לעבעדיגער.

מיין פאָטער׳ס עלטערען האָבען זיך דערווייל באַזעצט אין שטעטעל כאַנאָראָד, וואו זיי האָבען געעפענט אַ שניטקראָם. אויך מיין פאָטער איז פון די נישט געלונגענע קעסט געקומען קיין כאַנעראָד, וואו ער האָט געעפענט אַ צווייטע קראָם מיט דעם זעלבען אַרטיקעל, וואָס זיין טאַטע, דאָס הייסט: מאַנופאַקטור.

מיין מוטער, אָט די פרומע און איבערגעגעבענע פרוי, איז אַפילו זייענדיג אין די הויכע חדשים געשטאַנען צו הילף אין דער שניט־קראָם. זי האָט נישט געוואָלט, אַז איר מאַן זאָל אויף דאָס מינדעסטע פאַרנאַכלעסיגען זיינע פרומע מידות. און אָט ווי דער טאַטע האָט זיך געפירט:

יעדע נאַכט איז ער אויפגעשטאַנען האַלבע נאַכט צו חצות און ביז פינף אינדערפרי איז ער געזעסען און געלערענט. דערנאָך איז ער געגאַנגען אויפמאַכען די קראָם, וואו ער איז פאַרבליבען ביז אַכט אַ זייגער. דאַן האָט אים פאַרביטען די מוטער, און ער איז געגאַנגען דאַוונען. צו זיין דאַוונען פון פאַרענט, פון הינטען און אין מיטען האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען. ערשט קעגען מיטען טאָג איז ער צוריקגעקומען אין קראָם אַריין.

אָבער מיט דעם האָבען זיך זיינע פאַרפליכטונגען צום רבונו של עולם נישט פאַרענדיגט. עס איז געווען זיין טבע צו לערנען יעדען טאָג עטליכע בלעטער גמרא מיט די מפרשים, אַריינקוקען אין מורה נבוכים און אין אַנדערע חסידישע ספרים, און וואו איז אַ שטיקעל מעמדות און אַ קאַפּיטעל תהילים? אַזוי איז אויסגעקומען, אַז צוויי דריטעל טאָג איז ער געווען פאַרנומען מיט תפלה און עבודה. און אין אַ רוסישער און העברייאישער צייטונג האָט מען דאָך אויך געדאַרפט אַריינקוקען, כדי צו וויסען וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

מיט איין וואָרט, עס איז אים פאַרבליבען גאַנץ ווייניג צייט אויף צו זאָרגען פאַר זיין געשעפט. נאָר אַזוי ווי מיין טייערע פרומע מוטער איז געווען טיף איבערצייגט, אַז איר מאַן שטייט אויף אַ פעסטען פונדאַמענט פון עולם הבא מיט זיין פרומקייט און יראת־שמים, האָט זי אויף זיך גענומען דעם גאַנצען עול פון פרנסה און דערצו נאָך פון פירען דיווירטשאַפט אין הויז.

עס איז איר נישט אָנגעקומען לייכט צו שטיין אַ גאַנצען טאָג און אָפּצוּעסען זיך דאָס האַרץ מיט די פויערים און פויערטעס. נאָר אויף צו להכעיס האָבען די קונים דוקא געוואָלט האָבען צו טאָן מיט דער מאַמען, איידער מיט׳ן טאַטען. דאָס האָט נאָך מער אונטערגעגראָבען איר אַזוי אויך שוואַכען געזונט. גאָר דערדריקענד האָט אויף איר געווירקט דער טויט פון אירע ערשטע צוויי קינדער. דער טאַטע, ווי אַ איד אַ חסיד, איז לייכטער געקומען צו זיך פון דעם אומגליק. ער האָט געזאָגט „ה׳ נתן וה׳ לקח, יהי ה׳ מבורך״, אָבער די מוטער האָט דאָס טיף איבערגעקרענקט.

דער אומגליק מיט די צוויי קינדער האָט באַוואויגען דעם טאַטען, אַז ער זאָל אַביסעל נאָכלאָזען פון זיינע שטרענגע פרומע מנהגים. קודם כל האָט

ער זיך אָפּגעזאָגט פון אויפשטיין צו חצות. בכלל האָט ער באַשלאָסען זיך מער אָפּצוגעבען דעם געשעפט, כדי צו באַפרייען די מוטער פון אירע לאַסטען.

צו יענער צייט האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז אין געשעפט פון מיינע עלטערען איז געקומען צו אַ גרויסען קריזיס. עס איז געווען אַ הונגער־יאָר, די תבואה אויף די פעלדער איז נישט געראָטען. און אַזוי ווי די פויערים און פּאָמיעשטשיקעס האָבען דאָס רוב גענומען סחורה אויף באָרג ביז נאָכ׳ן שניט — איז דעם יאָר אויסגעקומען, אַז די קונים זיינען געווען באַנקראָט. קיינער האָט נישט געצאָלט די חובות. גראָד האָט דער טאַטע אָנגעגרייט אַ סך סחורה און האָט אויסגעשטעלט צאָלונגען, און נישט נאָר זיינען נישט געווען קיין נייע קונים, נאָר אויך די אַלטע האָבען נישט געצאָלט זייערע פאַרפּליכ־טונגען, און דער טאַטע איז שיער אַליין נישט געשטאַנען פאַר באַנקראָט.

דער טאַטע האָט טאַקע קיינמאָל קיין וועקסלען נישט אויסגעשטעלט, אַלץ האָט ער באַקומען אויף אַן אָפענעם רעכענונג, אָבער צאָלען האָט ער געוואָלט אין צייט, עס איז ביי אים געווען אַן ערען־פראַגע און ער האָט שטאַרק גע־זאָרגט, טאָמער וועט ער נישט קענען האַלטען זיין וואָרט.

ווען די מאַמע האָט געזען ווי שטאַרק דער טאַטע לעבט איבער, ווי צע־בראָכען ער גייט אַרום — האָט זי באַשלאָסען אונטערצונעמען אַ פאַרצוויי־פעלטען שריט. נעמליך, זי איז אַוועקגעפאָרען קיין אומאַן און האָט דאָרט פאַרזעצט אירע פּערעל, די בריליאַנטענע שפּילקע און דימענטענע פינגערלעך, כדי דער טאַטע זאָל קענען נאָכקומען זיינע פאַרפּליכטונגען.

עס איז שווער צו שילדערען, וואָס פאַר אַ טיפע איבערלעבונג דאָס איז געווען פאַר איר. אָט די אַלע טייערע צירונג, מיט וועלכע זי פלעגט זיך אויספּוצען, ווען זי איז אין אַ שבת אָדער יום־טוב געגאַנגען אין שול אַריין — דאָס אַלץ איז איצט געלעגען ביי אַ פּראָצענטניק אין אומאַן. קיין געזונט איז איר דערפון נישט צוגעקומען. און גראָד דעמאָלט האָט זי געשוואַנגערט מיט מיר, און זיכער האָט די קלעמעניש און ערגערניש צוגעטראָגען דערצו, אַז איך זאָל קומען אויף דער וועלט אַ קראַנק און שוואַך קינד.

כדי צו דערגענצען דאָס בילד פון מיין געבורט־שטעטעל מוז איך צוגעבען, אַז דאָרט האָבען געוואוינט אַן אַכציג אידישע פאַמיליעס צווישען אַ צען טויזענט פויערים און פּאָמיעשטשיקעס. די אידען זיינען דאָס רוב געווען סוחרים און בעלי מלאכות, און ווי געוויינליך, האָבען אויך נישט געפעלט קיין פּראָצענטניקעס.

דאָס לעבען צווישען די אידען און קריסטען איז געווען אַ פרידליכס און אַ פריינדליכס. אַ חוץ אַ פּאָר פּראָפעסיאָנעלע אַנטיסעמיטען, ווי אַ שטייגער: דער לערער אין דער שולע, דער סטאַרשינאַ, דער וואָלאָסטנאָי שרייבער, דער פעלדשער און נאָך עטלעכע מוזשיקעס פון די, וואָס האָבען שוין געקענט לייענען און שרייבען.



שלום און פעסיע קוואַרטין, די עלטערן פון חזן זאַוועל קוואַרטין.

# די מלוה מלכה׳ס ביים טאַטען אין הויז

פון מיין פריסטער קינדהייט געדענק איך די מערקווירדיגע מלוה־מלכה׳ס, וואָס זיינען, ווי אַ געזעץ, געפּראַוועט געוואָרען ביי אונז אין הויז יעדען שבת צונאַכטס. עס פלעגען זיך צוזאַמענקומען מיינסטנס די געמיינע לייט פון שטעטעל: די קליינע קרעמערס, די תבואה־הענדלערס, די פּעל־ און פּי־הענדלער (סקאָטינשטשיקעס). אָבער גלייכצייטיג זיינען אויך געקומען דער רב און דער שוחט און סתם לומדים און משכילים. די מאַמע האָט צוגעגרייט דעם אמת׳ן געוויסטען באָרשטש, וואַרניטשקעס מיט קאַשע מיט געגזענע גריוועז, געזייערטע קאָועגעס, עפּעל־קוואַס. און דער טאַטע האָט געזאָרגט, אַז עס זאָל זיין דאָס גוטע ביסעל זעקס און ניינציגער בראָנפען.

און ווען דער עולם האָט גענומען צו גלעזלעך האָט זיך ערשט פּאַנאַנ־דערגעפלאַקערט די ריכטיגע מחלוקה לשם שמים. די לומדים האָבען זיך געפּלייסט אויסצולאָדענען וואָס מער תורה, און דער פּראָסטערער עולם האָט זיך פרומערהייט צוגעהערט. אָבער אויך די לומדים זיינען נישט שטענדיג געווען איינשטימיג צווישען זיך, און מאַנכעסמאָל זיינען די קולות דערגאַנגען ביז צום הימעל. ווען די מאַמע האָט געזען, אַז עס דערגייט שוין גאָר אין די הויכע דרכים — איז זי אַריינגעקומען און געמאָלדען, אַז דער באָרשטש מיט די וואַרנישקעס זיינען שוין פאַרטיג און אַז עס איז שוין צייט עפּעס טועם צו זיין, ווייל דער זייגער שלאָגט שוין באַלד האַלבע נאַכט.

די דאָזיגע מלוה מלכה׳ס האָבען אָבער געהאַט נאָך אַן אַנדער אויפגאַבע, שוין נישט קיין לומדישע, זיך אויסצו׳טענה׳ן אין לערנען און אַרומצוריידען די וועלט־פּאָליטיק, — ניין, אַ מער רעאַלע, וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט די טאָג־טעגליכע באַדערפעניש פון די אידען אין אונזער שטעטעל.

יעדען זונטאָג איז אין שכנות׳דיגען שטעטעל טאַרגאָוויצע, וואָס איז שוין געווען קיעווער גובערניע, פאָרגעקומען אַ מאַרק־טאָג. דער דאָזיגער מאַרק־טאָג האָט געדאַרפט געבען פּרנסה אויף אַ גאַנצער וואָך. די פּראָסטע לייט, די סקאָטינשטשיקעס און פעל־הענדלער, די תבואה־סוחרים און קליינע קרע־מערלעך, זיינען געקומען צו די מלוה מלכה׳ס נישט אַזוי ווייט צוליב די פּייערדיגע תורה־שמועסען, ווי פּראָסט פּשוט צו באַקומען אַ גמילת חסד ביים טאַטען צום מאָרגענדיגען יאַריד.

שפּעט אין דער נאַכט, ווען דער עולם איז שוין געווען מיד פון די הייסע

װיכּוחים און האָט זיך שױן געהאַט גוט אונטערגעלעגט דאָס האַרץ מיט דער מאַמע׳ס טײַערע מאכלים, — דעמאָלט איז דער טאַטע אַרײַנגעגאַנגען אין אַלקער, אױפגעמאַכט דעם גרױסען אײַזערנעם קופערט און אַרױסגענומען פון דאָרטען אַ בּרײטען לעדערנעם בּײַטעל. ער האָט גענומען אַרײַנרופען אײַנציגװײַז יעדען באַזונדער און אױסגעטײלט די גמילת חסדים לױט יעדענס פאַרלאַנג.

די אידען האָבען מיט דעם געלט אָפּגעהאַנדעלט אױפ׳ן זונטאָגדיגען יאַריד און פאַרדינט חיונה אױף דער װאָך בצמצום. זונטאָג בײַנאַכט זײַנען זײ אַלע װידער געקומען און דעם גמילת חסד צוריקגעבּראַכט מיט אַ שײנעם דאַנק. עס פלעגט זיך אָבער מאַכען, אַז דער אָדער יענער הענדלער האָט זײַן סחורה נישט געקענט פאַרקױפען אױפ׳ן יאַריד, ממילא האָט ער דעם גמילת חסד נישט געקענט אומקערען צו דער צײַט. דער טאַטע האָט אַזאַ אײנעם באַרו־היגט, אַז ער װעט צװאָרטען בּיז אַ צװײטען אָדער דריטען זונטאָג.

איך דערמאָן מיר די פאָלגענדע געשיכטע פון מײַן טיפער קינדהײט: דאָס איז געװען אַ זונטאָג פאַר פּסח, װען עס איז אױסגעפאַלען דער רוסישער ערב פּאַסכע. שבת צונאַכטס, ערב דעם זונטאָג, האָט מײַן טאַטע געגעבען דרײַ הונדערט רובּעל פאַר דעם מאָרגענדיגען יאַריד דעם סקאָטינשטשיק שמואל לײבּ דעם לאַנגען, װעלכען מען האָט גערופען מיט אַזאַ צונאָמען, װײַל ער איז װירקליך געװען זײער אַ הױכער. אױף צומאָרגענס זונטאָג גאַנץ פרי איז שמואל לײבּ װידער געקומען און האָט געבעטען בײַם פאָטער, אַז ער זאָל אים געבען נאָך צװײ הונדערט רובּעל, װײַל עס מאַכט זיך אים צו קױפען נאָך אַ צװײ צענדליג יונגע בּיקלעך זײער בּיליג, ממש בחצי חינם.

זונטאָג אױפדערנאַכט איז דער סקאָטינשטשיק געקומען צום טאַטען זײער אַ פרײליכער. „נו, ר׳ שלום״, זאָגט ער צו מײַן פאָטער, „איך האָף, אַז איך װעל אי״ה מאָרגען, מאָנטאָג, בּרענגען מײַנע בּיקלעך קײן פּאָטערײַע אױפ׳ן יאַריד און װעל מיט גאָט׳ס הילף גוט פאַרדינען״. דער טאַטע האָט אים גע־װאונשען פיל גליק.

דער פּרײַז פון די בּיקלעך איז דורכשניטלעך געװען אַכט רובּעל אַ שטיק. מאָנטאָג, נאָכ׳ן פּאָטערײַער יאַריד, איז שמואל לײבּ װידער געקומען צום טאַטען אין הױז אַרײַן. מיט גרױס פאַרצװײפלונג האָט ער דערצײלט, אַז אין פּאָטערײַע אױפ׳ן מאַרק האָט מען אים אָנגעבאָטען בּלױז זיבּען רובּעל מיט פינף און צװאַנציג קאָפּיקעס אַ שטיק, ער האָט דעריבּער נישט געקענט פאַר־קױפען מיט אַזאַ גרױסען היזק. ער אַנטשולדיגט זיך, װאָס ער קען נישט סילוק׳ן דעם גמילת חסד, ער האָט אָבער די בּיקלעך אַװעקגעשיקט אױף מאָרגען, דינסטאָג, קײן לידװינקע אױפ׳ן יאַריד, און ער פאַרהאָפט, אַז דאָרט װעט ער זײ שױן פאַרקױפען מיט ריוח.

דינסטאָג, נאָכ׳ן לידװינקער יאַריד, איז שמואל לײבּ געקומען אַ נאָך מער פאַרצװײפעלטער, מען האָט אים אָנגעבאָטען פאַר די בּיקלעך מיט נאָך

אַ רובעל ווייניגער, ווי אין פּאַטערייע. ער האָט דעריבער באַשלאָסען צו שיקען די ביקלעך מאָרגען, מיטוואָך, קיין פוקעטעלעוו. אין פוקעטעלעוו האָט מען אָנגעבאָטען מיט אַ רובעל פינף און צוואַנציג קאָפּיקעס ווייניגער, ווי אין לידווינקע. האָט ער זיי אַוועקגעשיקט אויף דאָנערשטאָג קיין דובאָווע, וואו דער אומגליק איז געווען נאָך גרעסער: דער פּרייז איז דאָרט געווען מיט אַ רובעל פופציג קאָפּיקעס ווינציגער, ווי אין פוקעטעלעוו.

און אַזוי ווי ביקלעך זיינען לעבעדיגע באַשעפעניש, מען מוז זיי קאָר־מענען, און דאָס קאָסט געלט, און דער מוזשיק, וואָס האָט געטריבען די ביקלעך פון איין יאַריד אויפ׳ן צווייטען, אַרבעט אויך נישט אומזיסט, און דערווייל האָבען די ביקלעך געגומען איינדאַרען און אויסטריקענען, — האָט דער סקאָטינשטשיק נעבעך קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, ווי צו ברענגען די ביקלעך אַהיים ,קיין כאַנעראַד.

שמואל לייב איז געקומען צו אונז אין שטוב מיט טרערען אין די אויגען. „ר׳ שלום״, זאָגט ער, „איר ווייסט, אַז איך בין אַן ערליכער איד און איך וויל חלילה, נישט, אַז איר זאָלט ליידען שאָדען צוליב מיר. אָבער זעט מיין אומגליק, איך קען אייך נישט באַצאָלען דעם חוב, גיט מיר אַן עצה, ר׳ שלום״.

דעם טאַטענ׳ס עצה איז געווען, אַז ער זאָל זיך ווענדען צו די קצבים פון די צוויי שכנות׳דיגע שטעטלעך כאַנעראַד און טאַרגאָוויצע, ער זאָל זיי דערציילען די גאַנצע געשיכטע און וואָס זיי וועלען באַשליסען, אַזוי וועט זיין. שמואל לייב איז אַוועק צו די קצבים און האָט זיי דערציילט דעם אמת, אַז דער אייגענטליכער בעל הבית פון די ביקלעך איז גאָר ר׳ שלום קוואַרטין, פאַר זיין געלט האָט מען געקויפט די ביקלעך, און אַז עס האָט געטראָפען אַזאַ אומגליק, די פּרייזען זיינען געפאַלען מיט יעדען טאָג.

די קצבים זיינען געקומען צום טאַטען און דערקלערט, אַז זיי זיינען גרייט אָפּצוקויפען די ביקלעך, נאָר דער טאַטע זאָל זיי זאָגען אויף באמנות, וויפיל זיי קאָסטען. דער טאַטע האָט געוואוסט, אַז דעם פּרייז, וואָס זיי קאָסטען איז אוממעגליך צו באַקומען, און אַז טאָמער האַלט מען די בהמות נאָך אַ וואָך צייט וועט מען נאָך מער פאַרלירען אויף זיי. האָט ער געזאָגט די קצבים, אַז דער פּרייז פון אַ ביקעל איז זעקס רובעל, און אַזוי איז ער פּטור געוואָרען פון דעם „געשעפט״ מיט אַ פאַרלוסט פון איבער הונדערט און פופציג רובעל.

איך דערצייל דעם דאָזיגען עפּיזאָד בלויז כדי צו כאַראַקטעריזירען די באַציאונגען, וואָס האָבען געהערשט צווישען אידען אין די קליינע שטעטלעך אין דער אַלטער היים מיט צענדליגער יאָרען צוריק. וויפיל ערליכקייט, איי־בערגעגעבענקייט און וואַרימקייט איינער האָט געהאַט פאַר דעם אַנדערען, וויפיל האַרץ, רחמנות און גוטסקייט מען האָט אַרויסגעוויזען דעם, וואָס האָט זיך צופעליג געפונען אין אַ נויט. און דאָס האָט זיך אויסגעדריקט נישט בלויז אין ווערטער, נאָר טאַקע ממש מיט ממון און דמים. איינער פאַר׳ן

צווייטען איז געווען גרייט צו גיין אין פייער אַריין. איז חלילה אימיצער אין שטעטעל קראַנק געוואָרען — האָט יעדער איינער און אַלע צוזאַמען געהאָלפען מיט וואָס נאָר מען האָט געקענט. די גוטע אידישע מידות האָבען זיך דעמאָלט אַנטפּלעקט אין זייער גאַנצער פּראַכט.

# דער זיידע פּראַוועט חצות מיט געזאַנג און מיט שפּילען אויף גיטאַרע

פון מיינע פריעסטע קינדער־יאָרען האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט אין זכרון די געשטאַלט פון מיין זיידען, טוביה. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוועהנליך פרומער איד, אַן אָפּגעהיטענער אין די מצוות, וואָס איז געשטאַנען דעם גאַנצען טאָג אין זיין שניט־קראָם אום צו פאַרדינען אויף פרנסה, אָבער די געדאַנקען זיינע זיינען נאָר געווען פאַרטאָן אין דעם ווי אַזוי בעסער און געטרייער צו דינען דעם רבונו של עולם.

ער האָט שטאַרק אָפּגעהיט מקיים צו זיין די מצוה פון מאה ברכות בכל יום, און אַזוי ווי ער איז קיינמאָל נישט געווען זיכער, צי ער האָט טאַקע משלים געווען די הונדערט ברכות, פלעגט ער נעמען עטליכע מאָל אין טאָג צו ביסלעך בראָנפען אום צו באַווארענען זיך מיט אַן איבעריגער ברכה.

איינמאָל אַלס נאָך גאָר אַ יונגער אינגעל בין איך פאַרבעטען געוואָרען פון דער באָבען מיט'ן זיידען צו פאַרברענגען עטליכע טעג ביי זיי אין הויז. מען האָט מיך געלייגט שלאָפען פרי, אָבער אינמיטען דער נאַכט האָב איך זיך אויפ־געכאַפּט: איך האָב דערהערט אַ געזאַנג באַגלייט פון אַ שפּילען אויף אַן אינסטרומענט...

איך האָב אויפגעעפענט די אויגען און דערזען, ווי ביים ליכט פון אַ קליינעם לעמפּעל זיצט דער זיידע איינגעבויגען איבער אַ ספר, ברומט עפּעס אַ טרויעריגען ניגון און באַגלייט זיך אַליין, גרעמפּלענדיג מיט די פינגער איבער די סטרונעס פון אַן אינסטרומענט, וואָס שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרען, אַז דאָס איז געווען אַ גיטאַרע.

הימלישע קלאַנגען זיינען דאָס געווען פאַר מיינע קינדערשע אויערען. דער טרויער פון דעם זיידענס מעלאָדיע האָט מיך דורכגענומען. איך האָב זיך טיפער איינגעטוליעט אין מיין געלעגער און האָב זיך באַמיט נישט אַרויס־צוגעבען פאַר'ן זיידען, אַז איך הער זיך צו צו זיין זינגען און שפּילען. לאַנג בין איך אַזוי אָפּגעלעגען און איינגעזאַפּט אין זיך אפשר אויפ'ן גאַנצען לעבען דאָס מערקווירדיגע געזאַנג, וואָס האָט געטראָגען אין זיך דעם טרויער פון אַ גאַנץ פאָלק אויף זיין פאַרוואָגעלט ווערען פון זיין לאַנד און אויף זיינע אומענדליכע ליידען.

שפּעטער האָט דער זיידע געביטען דעם ספר און ער איז איבערגעגאַנגען

צו אַ מער פרייליכער און לעבעדיגער מעלאָדיע. דאָס האָט אַוודאי געמוזט זיין אַ תהילים׳על. פון דער גיטאַרע זיינען איצט אַרויסגעקומען מונטערע און האָפערדיגע קלאַנגען, ווי דער זיידע וואָלט זיך אַליין געוואָלט טרייסטען אין אַט דער שטאָק פינסטערער נאַכט, אַז די וואָלקענס אויף אונזער הימעל וועלען נישט אייביג אַנהאַלטען, אַז אויך אויף אונזער גאַס וועט נאָך זיין אַ שמחה...

אונטער אַט די מונטערע קלאַנגען בין איך אַנטשלאָפען געוואָרען און איך ווייס נישט ווי לאַנג דער זיידע איז נאָך אַזוי געזעסען. איך ווייס אָבער, אַז פון יענער נאַכט אָן האָט מיך אָן אויפהער פאַרפאָלגט דאָס ביינאַכטיגע געזאַנג פון מיין זיידען, עס האָט מיך דורכגענומען און נישט אָפּגעלאָזט. איך האָב געדענקט סיי די טרויעריגע טענער פון יענער וואַך־נאַכט און סיי די שפּעטערדיגע פריי־ליכע טענער,ביידע צוזאַמען זיינען זיי געוואָרען אַ טייל פון מיין גאַנצען וועזען און האָבען געהאַט אַ טיפע ווירקונג אויף מיין שפּעטערדיגער חזנ׳ישער קאַריערע.

יענער חצות ביים זיידען אין הויז איז נישט געבליבען אָן שפּורען פאַר מיר גלייך אין יענע קינדערשע טעג. אַ מאָדנער געהיימניספולער פאַרלאַנג האָט מיך באַהערשט נאָכצוזינגען און נאָכצוברומען די מעלאָדיעס, וואָס איך האָב געהערט פון זיידען. איך האָב אויך שטאַרק באַגערט צו האָבען אַזאַ אינסטרומענט, ענליך צו דעם, וואָס איך האָב געזעהן ביים זיידען, אויף וועלכען איך וואָלט געקאָנט אויסשפּילען די מעלאָדיעס, וועלכע איך האָב געהערט אין יענער אומ־פאַרגעסליכער נאַכט אין זיידענס הויז. אָבער ווי אַזוי מען קומט צו דעם האָב איך נישט אָנגעהויבען צו וויסען.

ווען איך בין אויף צומאָרגענס געקומען אין חדר אַריין האָב איך ביי אַ צווייטען חדר־אינגעל דערזעהן אַ פייפעל. ווען איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צו דעם האָב איך געזעהן, אַז דאָס איז אַ „סופילקע״ מיט אַכט לעכלעך, אַליין געמאַכט פון האָלץ לויט ווי דער פאַסטוך פון דער כאַנאַראָדער טשערעדע האָט דאָס געוויזען דעם אינגעל.

— ווען דו זאָלסט הערען, זבולון, — זאָגט צו מיר דער אינגעל, — ווי דער פאַסטוך שפּילט אויף אַט דער סופילקע! עס צעגייט זיך איבער אַלע אברים!

ווי איך האָב דאָס געהערט האָב איך גלייך באַשלאָסען, אַז מאָרגען גיי איך שוין נישט אין חדר, נאָר איך וועל באַגלייטען אונזער דינסטמיידעל, וועלכע טרייבט אַרויס די קי צו דער טשערעדע, און אַזוי אַרום וועל איך שליסען קאָנטשאַפט מיט דעם פאַסטוך.

אויף צומאָרגענס בין איך טאַקע אויפגעשטאַנען פיר אַזייגער פאַרטאָג, האָב מיטגענומען אַ שטיק חלה, וואָס איז ביי אונז פאַרבליבען פון שבת, און בין אַוועק מיט דעם דינסטמיידעל צוזאַמען מיט אונזער קי צו דער טשערעדע. ווען דער פאַסטוך האָט דערזען די שטיק ווייסע בולקע, האָבען זיינע אויגען אָנגעהויבען צו לייכטען. איך האָב אים געבעטען, אַז ער זאָל מיר עפּעס

שפּילען אויף זיין סופּילקע. ער האָט זיך נישט געלאָזט בעטען און די קלאַנגען פון זיין פּייפעל האָבען דעמאָלט פאַר מיר געקלונגען, ווי די שענסטע מוזיק אין דער וועלט.

שפּעטער האָט מיר דער פאַסטוך אויפגעקלערט ווי אַזוי מען מאַכט אַזאַ סופּילקע. צו דעם איז נויטיג געווען עטליכע פּרוטיקלעך פון ווערבענע צווייגען, וועלכע מען האָט געדאַרפט אַרומשניצען און אויסבויערען אין זיי לעכלעך. און דאָס דאַרף מען טאָן מיט אַ גניפּיקעל, אָדער מיט אַן אייזערנעם מעסערל, וואָס באַשטייט פון אַ קלינגעל מיט אַ הילצערנעם שטילעכעל.

איצט איז אַנטשטאַנען די פראַגע וואו נעמט מען די זעקס קאָפּיקעס, וואָס עס קאָסט אַזאַ גניפּיקעל? איין מינוט האָט זיך מיר פאַר׳גנב׳עט אַ געדאַנק צוצוגיין צו דעם טאַטענ׳ס טיש־קעסטעל אין אונזער קראָם און אַרויסנעמען די זעקס קאָפּיקעס. אָבער איך האָב גלייך געמוזט דעם געדאַנק אויפגעבען. ערשטענס, וואָס הייסט עס עפּעס ווערען אַ גנב? דער טאַטע ווי אויך דער רבי אין חדר וועלען דאָך גלייך קענען אַראָפּלייענען פון מיין שטערען די גנבה... צווייטענס, ווי נאָר דער טאַטע וועט דערזעהן ביי מיר דאָס מעסערל, וועט ער דאָך גלייך פרעגען וואו איך האָב דאָס גענומען? און קיין ליגען טאָר מען דאָך נישט זאָגען, וועל איך דאָך מוזען אויסזאָגען דעם אמת, אַז איך האָב גע׳גנב׳עט די זעקס קאָפּיקעס.

בין איך אַרומגעגאַנגען אַ פאַרביטערטער און האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. איינמאָל אין אַ מאַרק־טאָג, ווען די קרעמערס האָבען אויסגעלייגט זייערע סחורות אויף די רעדנעס אָדער ראַגאָזשעס אויפ׳ן מאַרק, האָב איך צווישען די אַלע טייערע זאַכען, ווי: קעמעלעך, שלעסעלעך, האַרמאָניקעס, ליאַלקעלעך, האָר־נאָדלען און קנוילכלעך פאָדעם אויך דערזעהן מיין אויס־געבענקט גניפּיקעל. עס האָט מיך פאַרקלעמט אונטער׳ן האַרצען. אָט זע איך פאַר מיינע אויגען דאָס אויסגעבענקטע גליק און איך קען צו דעם נישט קומען. זיצענדיג אין חדר האָב איך מער נישט געהערט וואָס דער רבי לערענט, נאָר איך האָב אַלץ געטראַכט וועגען דעם מעסערל, וואָס איך האָב געזעהן ביי די קרעמערקעס אויפ׳ן מאַרק. האָב איך טאַקע גלייך דערפילט אַ פייערדיגען פאַטש פון רבי׳ן מיט אַן אויסגעשריי: כאַמולאַ! וואָס זיצסטו ווי אַ גולם?

אָבער מיר איז אינגיכען באַשערט געווען, אַז מיין טרוים זאָל פאַר־ווירקליכט ווערען. מיין פעטער דוד, דער רייכסטער פון מיין פאָטער׳ס ברידער, איז אינגיכען געקומען קיין כאַנאַראָד און דערזעהענדיג ווי איך זיץ אַ פאַר־טרויערטער האָט ער מיך געפרעגט וואָס מיר איז. איך האָב אויסגעוויינט פאַר אים דאָס האַרץ און ער האָט מיר גלייך געגעבען די זעקס קאָפּיקעס און איך בין געוואָרען דער אייגענטימער פון אַ גניפּיקעל.

גלייך דעם זעלבען טאָג, ווי נאָר מיר זיינען פריי געוואָרען פון חדר, בין איך געלאָפען צום ריטשקעלע, וואו די ווערבעס וואַקסען, און האָב מיר אָפּגעשניטען דינע און דיקע פּרוטיקלעך. איך האָב לאַנג געהאָרעוועט ביז מיר איז געלונגען

אויסצושניצען אַ סופּילקע פונקט אַזוי ווי אונזער פּאַסטוך האָט מיר אָנגעוויזען. איך האָב אויסגעשפּילט אויף דעם פייפעל די אַלע מעלאָדיעס, וואָס האָבען זיך מיר געבאָמבעלט אין מיין קינדעריש קעפּעל, און עס איז דאַכט זיך מיר נישט געווען נאָך אַ אינגעל אין דער וועלט, וואָס זאָל זיין אַזוי גליקליך, ווי איך בין דעמאָלט געווען.

# מיינע חדר-יאָרן

ביי אונז אין שטעטעל זיינען געווען צוויי דרדקי־מלמדים: ישראל דער באַלעכאַטער, דאָס איז געווען אַזאַ צונאָמען, ווייל ער האָט געהאַט צוויי באַלעכאַטע אויגען, וואָס האָבען אַרויסגעסטאַרטשעט פון זיין שטערען ווי ביי אַ קרוליק; דערצו נאָך האָט ער געהאַט אַ בעלמע אויף איין אויג. דער צוויי־טער מלמד האָט געהייסען חיים דער בלינדער, ווייל ער איז סתם געוואָרען בלינד אויף איין אויג.ביידע מלמדים האָבען קאָנקורירט צווישען זיך, כאָטש עס איז איבעריג צוצוגעבען, אַז זיי זיינען נעבעך ביידע געווען גרויסע קבצנים און אויך נישט קיין קליינע קאַליקעס אין דעם ענין פון לערנען און דערציען קינדער.

ווען איך בין אַלט געוואָרען פינף יאָר און מיין געזונט האָט זיך גאַנץ פיין פאַרבעסערט, האָט די מאַמע זיך אָפּגערופען צום טאַטען: „שלומ׳ניו, עס איז צייט צו געבען אונזער זבולנ׳דעל אין חדר אַריין״.

מען האָט געשיקט רופען פייוועל דעם שניידער און טשאַרנאָמאָרעץ דעם שוסטער, זיי זאָלען מיר נעמען אַ מאָס אויף די ערשטע מלבושים און ערשטע שטיוועלעך אין חדר אַריין. כ׳געדענק נאָך ווי היינט, ווי די מאַמע האָט כסדר אָנגעזאָגט דעם שניידער, אַז ער זאָל מאַכען אַ ביסעל לענגער און אַ ביסעל ברייטער, ווייל, איר ווייסט דאָך, אַ אינגעל וואַקסט. פייוועל האָט מיר אויפ־גענייט אַ בורקעלע פון וועליור מיט וואַטע און געפיטערט מיט אַן אונטער־שלאַק, דערצו אַ פּאָר וואַטענע הייזעלעך און אַ היטעלע פון באַראַשקעס. און דער שוסטער האָט פאַרטיג געמאַכט די שטיוועלעך מיט לאַנגע כאַליעוועס. אַלץ איז געווען לאַנג און ברייט, מיט אַ זאַפּאַס אויף לאַנגע יאָרען. אַ חוץ דעם האָב איך באַקומען צוויי נייע לייבצודעקלעך, טליתים קטנים. די ציצית האָט דער טאַטע אַליין אויסגעפּלאָכטען.

אין אַ וואָך אַרום איז געקומען דער באַהעלפער מיך נעמען אין חדר אַריין. די מאַמע האָט פאַרגאָסען הייסע טרערען, און אין די טרערען איז געלעגען אַ גאַנצע וועלט מיט תפילות צום רבונו של עולם. ערשטענס, אַ דאַנק דעם באַשעפער, וואָס איך בין געזונט געוואָרען, און צווייטענס, אַ האַרציג געבעט, אַז איך זאָל אויסוואַקסען אַ פרומער איד און אַ גרויסער למדן. צו מיר האָט די מאַמע געזאָגט די רירענדע ווערטער: „מיין קינד, מיר האָבען זיך פון דיר שרעקלעך אָנגעליטען, טעג און נעכט, וואָכען און חדשים האָבען מיר

געציטערט איבער דײן לעבען און אַז מיר האָבען דערלעבט דעם טאָג, װען מיר שיקען דיך צום ערשטען מאָל אין חדר אַרײן, דאַנקען מיר און לויבען גאָט'ס נאָמען און האָפען, אַז מיר װעלען פון דיר גרויס נחת האָבען".

דער טאַטע, װי אַ מאַנסביל און אַ איד אַ חסיד, האָט קײן טרערען נישט פאַרגאָסען, נאָר ער האָט אויפגעהויבען די הענט, װי אַ כהן צום דוכנ'ען, און האָט מיך געבענטשט, צוזאָגענדיג דערבײ עפּעס אַ תפילה. דער באַהעלפער האָט זיך צוגעקוקט צו דער טיף רירענדיגער סצענע, אָבער ער האָט געהאַט אין זינען דעם טעפּעל מיט עסען און אַנדערע זאַכען, װאָס די מאַמע האָט אים מיטגעגעבען פאַר מיר אין חדר אַרײן. פאַרשטײט זיך, אַז אַ באַהעלפער בײ אַ דרדקי מלמד אין יענער צײט האָט נישט געקענט פעט װערען פון די שכירות, װאָס ער האָט באַקומען. פלעגט ער מײנסטענס מאַכען אַ לעבען דער־פון, װאָס ער האָט גענאַשט פון די טעפּלעך, װאָס ער פלעגט מיטנעמען פאַר די קינדער אין חדר אַרײן.

מיט אַ פּאָר װערטער מוז איך כאַראַקטעריזירען דעם באַהעלפער פון מײן רבי'ן. דאָס איז געװען עפּעס אַ בחור, װאָס קײנער האָט נישט געװאוסט װער ער איז און פון װאַנען ער שטאַמט. אַ פּנים האָט ער געהאַט פון אַ פערד און שכל נאָך װײניגער פון אַ פערד. צװײ ריזיגע צײן, װי די לאָפּעטעס, האָ־בען אים אַרויסגעשטאַרטשעט פון מויל. ער האָט געהאַט אַ געל פּנים און אַ קאָפּ רויטע קאָלטענװאָטע האָר. ער איז געװען אָנגעטאָן אין אַ צערי־סענער פעלצענער פויערשער קורטקע מיט אַ פעלצען היטעל. פון דער נאָז איז אים שטענדיג גערונען, און ער פלעגט זיך כסדר װישען די נאָז מיט'ן אַרבעל פון פעלצעל.

אָט דער דאָזיגער באַהעלפער פון מײן רבי'ן האָט מיך אַ נעם געטאָן אויף זײנע פּלײצעס און איז אַװעק צו אַ צװײטען און אַ דריטען באַלעבאָס נעמען זײערע קינדער. מיך, װי אַ קינד פון אַן אָנגעזעענעם באַלעבאָס, האָט ער געטראָגען אויף די פּלײצעס, די איבעריגע קינדער זײנען נאָכגעגאַנגען בײ דער זײט. און מיט דעם באַגאַזש פון די טעפּלעך עסען האָט ער אונז גע־בראַכט אין חדר אַרײן.

מיר זײנען געװען בײם רבי'ן בײ אַ צװאַנציג תלמידים, אַ חוץ זײנע אײגענע זעקס קינדער. דעם רבי'נס דירה איז באַשטאַנען פון אײן גרויסען צימער, װאו מ'האָט געלערענט, געשלאָפען, געגעסען, געקאָכט און װאו עס האָט זיך אויך אויפגעהאַלטען אַ ציג און אַ האָן מיט עטליכע הינער.

האַלב זעקס אינדערפרי האָט אונז דער באַהעלפער געבראַכט אין חדר אַרײן, און זעקס פאַרנאַכט איז ער געקומען אונז אַהײם פירען. צװעלף שעה צײט זײנען מיר אַזוי אָפּגעזעסען אין דער פאַרשטיקטער און גאָר נישט שמעקענדיגער לופט. און װען עס האָט זיך נאָך געמאַכט, די מלמד'קע האָט אונטערגעצונדען דעם אויװען און דער װינט אָדער די שנײ־זאַװערוכע האָט צוריק אַרײנגעטריבען דעם רויך דורכ'ן קוימען — זײנען מיר גאָר שיער

נישט דערשטיקט געוואָרען. ווייל געהייצט האָט אונזער מלמד׳קע נישט מיט האָלץ אָדער קוילען, נאָר מיט אַ מין טאָרף, וואָס איז געווען געמאַכט פון בהמה׳שע מיסט, וועלכע די פּויערים זאַמלען אָן איבער׳ן ווינטער אין די שטאַלען און לייגען דאָס אַרויס זומער־צייט צום טריקענען. דערנאָך פאַר־קויפען זיי דאָס אויפ׳ן מאַרק צו די אָרימע לייט. אמת, אַזאַ טאָרף קאָסט ביליג און האַלט לענגער די היץ, אָבער דער ריח פון אים איז געווען נישט אויס־צוהאַלטען.

דערצו נאָך איז מיין רבי, ישראל דער מלמד, געווען אַ גוואַלדיגער רוי־כערער. דאָס הייסט, ער פלעגט, חלילה, נישט רויכערען קיין אמת׳ע סיגאַרעטען, אַזאַ גביר איז ער נישט געווען. דערפאַר האָט ער געקויפט אַ פּעקעל „מאַ־כאָרקע״, קאָרעשקעס, דאָס מיינט די וואָרצלעך פון טאַבאַק־בלעטער, האָט זיי איינגעוויקעלט אין אַ שטיקעל צייטונגס־פּאַפּיר און אַזוי גערויכערט. ווען ער האָט אַ ציי געטאָן מיט זיינע בלויע ליפּען אַזאַ סיגאַרעט — האָט ער גלייך מיט׳ן ערשטען ציי אויסגערויכערט אַ העלפט, און מ׳האָט געקענט זען, אַז ער פילט אין דעם אַ טעם גן עדן.

מען דאַרף זיך דעריבער נישט וואונדערען, וואָס פון אַזאַ פּרעכטיגער לופט אין פאַרלויף פון צוועלף שעה אין משך פון טאָג זיינען די קינדער אַרויסגעקומען פון חדר בלוט־אָרים, קליין געוואָקסען, שוואַך און פאַרוואָר־לאָזט. דערפאַר אָבער האָב איך שוין גלייך נאָכ׳ן ערשטען זמן געקענט דאַווענען און שוין אָנגעהויבען צו לערנען חומש. צום צווייטען זמן בין איך אַריבער צום צווייטען מלמד, חיים דעם בלינדען.

דער דאָזיגער איד האָט, קיין עין הרע, געהאַט ניין טעכטער, און קיין איין זון נישט. ביי דער גוואַלדיגער אָרימקייט אין מלמד׳ס הויז, זיינען די קינדער אַרומגעגאַנגען האַלב נאַקעטע, כמעט אַהן אַ העמד אויפ׳ן לייב.

אָפּטמאָל, ווען איך טראַכט וועגען די שוידערליכע באַדינגונגען, אין וועלכע אונזער דור איז דערצויגען געוואָרען, און פאַרגלייך דאָס מיט די היינטיגע באַדינגונגען פאַר דער היינטיגער יוגענט — דאַכט זיך מיר, אַז אונזער דור האָט געדאַרפט אַרויסגעבען בלויז אידיאָטען און קריפּעלס, דעגע־נערירטע קינדער, נישט פאַר גאָט און נישט פאַר לייט. אָבער שפּעטער, ווען איך בין אַרויסגעקומען אין דער גרויסער וועלט אַריין, האָט זיך מיין מיינונג געביטען. איך האָב געזען, אַז די מאָדערנע דערציאונג אין די גרויסע שטעט דערציט די קינדער אַ סך ענגהאַרציגער און מער עגאָאיסטיש ווי אונזער דור איז געווען. ביי דעם גאַנצען נידעריגען מצב פון דער אידישער דערציאונג מיט דורות צוריק, ביי דער גאַנצער אָפּגעשטאַנענקייט און פאַרווילדקייט איז דאָך איינגעפּלאַנצט געוואָרען אין די קינדער אַ גרעסערער אידעאַליזם, אַ גרעסערע ליבשאַפט צו גייסטיגע ווערטען, ווי מיר זעען דאָס אין די מאָ־דערנע שולען מיט די גרויסע לופטיגע זאַלען און ספּאָרט־פּלעצער. אָבער דאָס איז נאָר אַזוי פאַרבייגייענדיג.

# מיין ערשטער מוזיקאַלישער אויפטריט אַלס קינד

ווען איך בין אַלט געווען זיבען יאָר, האָבען שוין די אַרומיגע באַמערקט, אַז עס כאָוועט זיך ביי מיר אַ שטימעלע, גאָרנישט קיין שלעכטער אַלטעל. ווען איך האָב געהערט אונזער חזן, יצחק מרדכי דעם שוחט, דאַווענען פאַר'ן עמוד, ווי ער איז מיט'ן גראָבען פינגער פאַרקראָכען הינטער'ן גאָרגעל, אָדער ווען כ'האָב געהערט מיין פעטער לייזער מיט זיין גראָבער שטימע דאַווענען אַ פראָסטען מנחה־מעריב, האָט מיך עפּעס מאָדנע געצויגען צו דער האַרציג־קייט פון זייער דאַווענען. עס איז מיר אַרונטער אונטער דער זיבעטער ריפּ, און זייענדיג אַליין, האָב איך גאַנץ אָפט געפּרואווט פאַר מיר איבער'חזר'ן דאָס, וואָס זיי האָבען געזונגען.

שוין אַלס עלטערער חדר־אינגעל פלעג איך אויפשטיין באַגינען און אָפּדאַווענען אין דער היים, פאַר'ן גיין אין חדר. ביים דאַווענען פלעג איך פאַנטאַזירען און מאַכען אויפ'ן קול אימפּראָוויזאַציעס פון פאַרשיידענע שטיק־לעך פון דאַווענען. דער טאַטע איז נאָך געלעגען אין בעט, און הערענדיג מיינע „קאָמפּאָזיציעס" פלעגט ער מיך צורופען און זאָגען: „אַ נו, זבולון, זאָג נאָר אַ שטיקעלע „ישתבח", אַ שטיקעלע „וכולם מקבלים". אַן אַנדערש מאָל האָט ער מיר געזאָגט: „אַ נו, זבולון, אַ ביסעלע מער קאָלאָראַטור", כאָטש איך האָב נישט אָנגעהויבען צו פאַרשטיין, וואָס דאָס מיינט.

איך האָב אים געפאָלגט און איך אַליין האָב עפּעס אויך דערפילט, אַז עס דרייט זיך און עס קאַטשעט זיך, און איך האָב נישט געוואוסט, צי עס דאַרף אַזוי זיין. אָבער די גאַנצע מעשה מיט'ן גאָרגלען דאָס יונגע העלזעל האָט מיר פאַרשאַפט גרויס הנאה, און ווען דער טאַטע האָט נאָך דערצו געגעבען זיין הסכמה און געזאָגט, אַז ס'איז גוט — בין איך גאָר געווען אין זיבעטען הימעל פאַר גליק, און קיין גליקליכערער אינגעל איז דאַכט זיך מיר דעמאָלט אויף דער וועלט נישט געווען.

מאַכט זיך אַ מעשה אין אונזער שטעטעל, אַז איך באַקום אַ געלעגענהייט עפענטליך אַרויסצוטרעטען און צו באַווייזען דעם שטעטעל אידען, און אויך פאַר אַ גרויסער צאָל אָנגעזעענע גוים מיין קינדערשען טאַלאַנט. אָבער די מעשה איז פאַרבונדען מיט נאָך אַ מעשה, מיט אַ פּאָגראָם אין אונזער שטעטעל, וואָס האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון ביז די היינטיגע טעג. און איך וויל זי דאָ דערציילען.

איינמאָל אַ שבת אינדערפרי זאָגט די מאַמע צום טאַטען: „דו ווייסט, שלומ׳ניו, זינט מיר וואוינען דאָ האָב איך נאָך נישט געזען, אַז אַזוי פיל גוים זאָלען פאַרען צום מאַרגענדיגען יאַריד אין טאַרגאָוויצע, ווי איך זע זיי פאַרען דעם היינטיגען שבת. עפּעס קומט עס מיר אויס מאָדנע. געוויינליך הויבען אָן די גוים צו פאַרען ערשט זונטאָג פאַרטאָג, און דאָס מאָל פאַרען זיי שוין שבת, און דערצו נאָך אין אַזעלכע גרויסע מאַסען, און דאָס רוב מיט ליידיגע וועגענער, און אויף די וועגענער פירען אַ סך פויערים מוזיקאַלישע אינסטרומענטען. זאָל עס עפּעס זיין אַ ספּעציעלע חגא, מאָרגען?״

אויף דעם האָט איר דער טאַטע געענטפערט: „זיי נישט קיין נאַר, פּעסיע, עס וועט איה״ש זיין אַ גרויסער יאַריד און מיר וועלען לייזען אַ סך געלט, און אַלע אידען פון שטעטעל וועלען גוט פאַרדינען, כדי צו האָבען פּרנסה אויף אַ גאַנצע וואָך״. וואָס האָט די מאַמע געקאָנט זאָגען אויף דעם, אויסער: „פון דיין מויל אין גאָט׳ס אויערען״.

דעם זעלבען שבת־צו־נאַכטס, גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט, ווען די מלוה מלכה האָט זיך נאָר וואָס געהאַט געענדיגט, די שטעטעלשע אידען זיינען זיך צעגאַנגען אַהיים און די עלטערען האָבען זיך צוגעלייגט אָפּרוען אויף עטליכע שעה — קלאַפּט מען אין דער טיר. דער טאַטע האָט זיך דער ערשטער אויפ־געכאַפּט אַ דערשראָקענער און פרעגט: ווער איז דאָרט?

אויף דעם איז געקומען אַן ענטפער אויף רוסיש: „דאָס בין איך, יאַמ־פּאָלסקי, דער אַקציזניק, עפענט אויף, איך דאַרף דרינגענד ריידען מיט אייך״.

האַלב טויט און האַלב לעבעדיג האָט דער טאַטע געעפענט די טיר, און איידער די דערשראָקענע עלטערען האָבען נאָך באַוויזען עפּעס צו פרעגען, האָט דער אַקציזניק אַוועקגעלייגט דעם פאָלגענדיגען לשון: „הער זיך צו, גאָספּאָדין קוואַרטין, זיי פאָרזיכטיג דעם היינטיגען זונטאָג. עס גרייט זיך עפּעס אין שטעטעל. אייל זיך און נעם אַרויס די סחורה פון קראָם און פיר עס אַריבער צו מיר. נעם צוזאַמען די גאַנצע משפחה און ברענג זיי אויך צו מיר. איך וועל אייך אַלע אויסבאַהאַלטען און באַשיצען, ווי ווייט איך וועל קענען״.

אין מיטען דער נאַכט זיינען מיר געלאָפען אַנזאָגען דער באָבען, דעם פעטער און דער מומען און וועמען עס איז נאָר מעגליך געווען פון אונזער משפחה און פריינט. מיר זיינען אַלע אַריבערגעקומען צום אַקציזניק און מיטגענומען וואָס נאָר מיר האָבען געקענט.

זונטאָג אַרום ניין אינדערפרי האָבען מיר דערהערט איבער׳ן טייך, וואָס האָט אָפּגעטיילט אונזער שטעטעל פון׳ם שכנות׳דיגען שטעטעל טאַרגאָוויצע, שרעקליכע געוואַלדען פון יענער זייט. אידען מיט זייערע ווייבער און קינדער זיינען, נעבעך, געלאָפען צע׳הרג׳עטע און צע׳מזיק׳טע אין דער ריכטונג צו אונזער שטעטעל. אויף די פּלייצעס האָבען זיי געשלעפּט פּעק מיט זייער גע־

ראַטעוועטען האָב און גוטס. ווען זיי זיינען אַרויפגעקומען אויף דער בריק איבער׳ן טייכעל סיניאכע, האָבען מיר שוין בפירוש געהערט זייערע געוואלדען: „געוואַלד, אידען, מען קוילעט אונז, מען ראַבירט די קראָמען, ווילדע שכור׳ע פויערים רויבען און צעשטערען אַלץ, וואָס קומט זיי אונטער דער האַנט״.

און טאַקע גלייך האָבען מיר דערזעהן ווי די פויערים פירען אויף זייערע וועגענער אַנגערויבטע מאַנופאַקטור־סחורות, גאַלאַנטערי, מעבעל, קישענס פון די פאַגראַמירטע אידישע וואוינונגען און קראָמען. דאָס מאָל זיינען צום טאַרגאָוויצער יאַריד געקומען דריי מאָל אַזוי פיל פויערים, ווי געוויינלעך, אין די שווערע טויזענטער, און די אידען זיינען געווען סך־הכל אַ צוויי הונדערט משפחות. עס איז געווען קלאָר, אַז אַ גרויסע געפאַר דראָט אויך אונזער שטעטעל.

עס איז אָבער געשען אַ גרויסער נס, וואָס האָט אונז געראַטעוועט און האָט אויך אָפגעשטעלט די רויבער, וועלכע האָבען געהאַלטען אין מיטען דער „אַרבעט״ אויף יענער זייט טייך. דער נס פון הימעל איז געקומען אין דער געשטאַלט פון אונזער גלח, וואָס איז געווען אַ גוטע נשמה, פון די אמת׳ע חסידי אומות העולם. ווי נאָר ער האָט דערזען דאָס גרויסע אידישע אומגליק — איז ער גלייך אַרויס פון צערקווע מיט אַלע צלמים און האָט זיך געלאָזט צו דער בריק אין דער ריכטונג פון טאַרגאָוויצע.

ער האָט אָפגעשטעלט די פויערים מיט׳ן אַנגערויבטען אידישען האָב און גוטס און אין נאָמען פון קריסטוס׳ען האָט ער גערופען צו זיי, אַז זיי זאָלען אָפּשטעלען די רציחות און דאָס ראַבעווען פון זייערע ברידער, די אידען. ווען די גוים האָבען דערזען די גרויסע רעליגיעזע פּראָצעסיע מיט די צלמים, וואָס ווערט געפירט פון גלח — האָבען זיי גלייך אַראָפּגענומען די היטלען, זיינען געפאַלען אויף די קני און זיך געצלמ׳ט. אַזוי איז דער גלח בראש פון דער פּראָצעסיע געגאַנגען איבער׳ן גאַנצען יאַריד און האָט גע׳מוסר׳ט די גוים, אַז זיי באַגייען אַ גרויס פאַרברעכען. דער פּאָגראָם איז אָפּגעשטעלט געוואָרען. מען קען דרייסט זאָגען, אַז ווען נישט דער גלח, וואָלט געקומען צו אַ שרעקליכער שחיטה אויף אידען.

נאָך דעם דאָזיגען בלוטיגען זונטאָג זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די אידען פון ביידע שטעטלעך און באַשלאָסען מיט עפּעס אָפּצודאַנקען דעם גלח — דעם אוהב ישראל. מען האָט אויסגעקליבען אַ קאָמיטעט פון די אָנגעזעהענסטע בעלי־הבתים פון ביידע שטעטלעך, וועלכע זיינען אַוועק צום גלח אויסדריקען אים אַ דאַנק פאַר זיין טיפער מענשליכער האַנדלונג.

אָבער די אידען האָבען געפילט, אַז דאָס איז עפּעס נישט גענוג אָפּגעדאַנקט פאַר דעם גרויסען חסד, וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן. האָבען זיי געזוכט אַ געלעגענהייט, ווי אַזוי בעסער צו ברענגען צום אויסדרוק זייערע געפילען, און די דאָזיגע געלעגענהייט האָט לאַנג נישט געלאָזט אויף זיך וואַר־

טען. דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז, אַז דאָס אָפּדאַנקען דעם גלח פאַר ראַטעווען אידען פון אַ פּאָגראָם איז פאַרבונדען מיט מיין ערשטען אַרויסטריט עפענטליך מיט מיינע זינגערישע פעהיגקייטען.

דאָס איז געווען אַ האַלב יאָר נאָכ׳ן פּאָגראָם. דער גלח איז דעמאָלט אַלט געוואָרען פינף און פופציג יאָר. און אַזוי ווי ער איז שוין געווען אין גלח׳ישען דינסט גאַנצע דרייסיג יאָר און האָט געהאַט אַ גרויסען נאָמען און איז געווען שטאַרק באַליבט אין דער גאַנצער אומגעגענט — האָט דער הייליגער סינאָד באַשלאָסען צו דערהויבען דעם גלח צו דעם ראַנג פון אַרכיערײ.

צו דער דאָזיגער פייערליכקייט זיינען זיך צונויפגעפאָרען אַ גרויסע צאָל פּאָפּען, אַרכיערייען און ספּעציעלע שליחים פון הייליגען סינאָד אין פּעטערבורג. און אויך די אידען פון די צוויי צווילינג־שטעטלעך, כאַנאַראָד און טאַרגאָוויצע, האָבען באַשלאָסען צו ברענגען צום אויסדרוק זייערע טיפע געפילען פון דאַנקבאַרקייט צו דעם הייליגען גלח פאַר אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן פאַר זיי.

ווידער איז באַשטימט געוואָרען אַ ספּעציעלער קאָמיטעט און מיין פאָטער איז אויסגעוויילט געוואָרען צו האַלטען די באַגריסונגס־רעדע. דער רב פון אונזער שטעטעל האָט געדאַרפט דערלאַנגען אַ טאַץ מיט ברויט און זאַלץ צו די געהויבענע גייסטליכע, וועלכע זיינען געקומען צו דער פייערונג. דערביי האָט ער געדאַרפט אונזער גלח בענטשען מיט „יברכך ד׳ וישמרך״.

וועגען דעם מוזיקאַלישען טייל איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז אַזוי ווי איך און נאָך דריי אינגלעך האָבען געהאַט שיינע אַלטען־ און סאָפּראַן־שטי־מעלעך, און מיין עלטערער ברודער עזיאל האָט געהאַט נישט קיין שלעכטע באַריטאָן־שטימע, און מיין פעטער אליעזר האָט פאַרמאָגט אַ גאַנץ שוואַכע, אָבער דאָך נישט קיין שלעכטע לירישע טענאָר־שטימע — זאָל דעריבער מיין ברודער אַוועקפאָרען קיין טאַלנע און ברענגען פון דאָרט אַ באַס און אַ טענאָר. איינער פון די צוויי זאָל מיט אונז איינשטודירען עטליכע קאָמ־פּאָזיציעס מיט סאָלאָ־געזאַנג, און אַזוי אַרום וועלען זיך די צוויי קליינע אידישע קהלות רעפּרעזענטירען אויף דער גרויסער פּראַוואָסלאַוונער פייערליכקייט נישט בלויז מיט רעדעס, נאָר טאַקע מיט דעם אמת־אידישען האַרציגען לי־טורגישען געזאַנג.

באַשלאָסען און געטאָן. אין דריי טעג אַרום זיינען געקומען דער באַס מיט׳ן טענאָר. אַזוי ווי מיר האָבען נאָך געהאַט אַ גאַנצען חודש צייט, האָט מען זיך גענומען צום איינשטודירען, און טאַקע ביי אונז אין הויז. דער באַס איז געווען דער דיריגענט. די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט זיך גענומען איינ־שטודירען מיט אונז, איז געווען דער רוסישער הימן „באָזשע צאַריאַ כראַני״. דאַן האָט ער איינשטודירט מיט׳ן פעטער אליעזר אַ „מי שברך״ פאַר׳ן קיסר, דאַן דאָס קאַפּיטעל תהילים „זמרו לד׳ בכנור״. דערנאָך זיינען געקומען צוויי

סאָלאָס פאַר מיר: „והגן בעדנו" און „צור ישראל". צום סוף האָט דער גאַנצער כאָר געדאַרפט זינגען „הללויה".

כאָטש אַזוי פיל צענדליגער יאָר זיינען שוין אָפּגעפלאָסען פון יענעם מאָמענט, ווען כ'האָב דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען אַלס יונג קינד געדאַרפט אַרויסטרעטען עפּענטליך, און דערצו נאָך פאַר אַזאַ אַנגעזעענער פּובליקע פון פּאָפּען און אַרכי־פּאָפּען און כל'ערליי טשינאָווניקעס — דאָך איז נאָך יענער טאָג פריש אין מיין זכרון, ווי דאָס וואָלט נעכטען געווען.

עס איז געקומען דער טאָג פון דער גרויסער פייערונג. דער טאַטע, דער רב און נאָך צוויי אידען פוןביידע שטעטלעך האָבען זיך אָנגעטאָן אין בגדי שבת, דאָס זעלבע דער פעטער אליעזר און דער גאַנצער כאָר האָבען זיך אויסגעפּוצט אין דעם שענסטען, וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט. ווען מיר זיינען אַריין אין גלח'ס הויז, האָבען מיר שוין דאָרט געטראָפען אַ הונדערט מענשען: גלחים, אַרכיערייען, קאַטוילישע קסיאָנדזען, פּאָמיעשטשיקעס, לערער, סטאַרשינאָס, פּריסטאַווס און וואָס נאָר פאַר אַ באַאַמטע עס זיינען געווען אין דער אומגעגענט.

די פייערליכקייט האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַ באַגריסונג פון דעם ספּעציעלען שליח פון הויכען סינאָד אין פּעטערבורג, וועלכער האָט נאָך דער רעדע אָנגעטאָן אונזער גלח עפּעס אַ נייעם גאָלדענעם צלם אויפ'ן האַלז. אַ צוויי שעה צייט האָבען גענומען די אַלע גלח'ישע רעדעס און באַגריסונגען. נאָכדעם האָט דער רב צוגעטראָגען ברויט מיט זאַלץ אויף אַ זילבערנער טאַץ און האָט געבענטשט דעם גלח צו זיין אַוואַנסירען אין דער ראַנג פון אַן אַרכיערייי. דאַן האָט דער טאַטע געהאַלטען אַ קורצע רעדע פון עטליכע מינוט, וואו ער האָט אַרויסגעבראַכט די ליבשאַפט, וואָס אונזער גלח האָט זיך דערוואָרבען אויך ביי דער אידישער באַפעלקערונג מיט זיין אמת־מענשליכער באַציאונג צו אַלעמען אָן אונטערשייד פון גלויבען.

דאַן איז געקומען דער מוזיקאַלישער טייל לויט'ן פעסטגעשטעלטען פּראָגראַם. פריער דער „באָזשע צאַריאַ כראַני", דאַן דעם פעטער אליעזר'ס „מי שברך" פאַר'ן קייסער, דאַן האָט דער כאָר געזונגען „זמרו לד' בכנור", און דערנאָך מיינע צוויי סאָלאָ'ס „והגן בעדנו" און „צור ישראל". איך מוז צוגעבען, אַז מיין קול'כעל האָט אַ גלאַנץ געטאָן גאַרנישט שלעכט. נאָכ'ן אָפּזינגען דעם לעצטען נומער דורכ'ן גאַנצען כאָר „הללויה" — האָט מיך דער נייער אַרכיערייי צוגעדריקט צום האַרצען און געשטופּט דריי רובעל אין האַנט אַריין. איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, און האָב געקוקט אויפ'ן טאַטען ער זאָל מיט אַ וואונק מיר געבען אַ צייכען ווי אַזוי צו האַנדלען. דער טאַטע האָט געהייסען נעמען, ווייל עס איז אַ באַליידיגונג אָפּצוזאָגען.

דער אַרכיערייי האָט אָבער געזאָגט דעם טאַטען ביים אַוועקגיין, אַז עס טוט אים לייד, וואָס ער האָט נישט געוואוסט פריער, אַז זיין זון איז אַזאַ גרויסער בריה, ער וואָלט מיך איינגעלאַדען דעם זעלבען זונטאָג ייידערפריי

אין צערקווע אַריין צו גאָטעס־דינסט, אַז איך זאָל דאָרטען אָפּזינגען די צוויי שטיקלעך, וואָס זיינען אים שטאַרק געפעלען.

דער אַרכיערייִ האָט אויך געגעבען פאַר׳ן גאַנצען כאָר צען רובעל און די פייערליכקייט האָט זיך פאַרענדיגט מיט אַ גאַר ברייטען „לחיים" אויפ׳ן עכט־רוסישען שטייגער. די אידישע דעלעגאַציע איז פאַרבעטען געוואָרען צום פייערליכען מאָלצייט, אָבער דער רב און דער טאַטע האָבען אויפגע־קלערט, אַז לויט׳ן אידישען דין איז דאָס נישט מעגליך, און מען האָט זיך האַרציג אָפּגעזעגענט.

עס איז איבעריג צוצוגעבען, אַז חדשים־לאַנג האָט דאָס שטעטעל גע־לעבט מיט דעם גרויסען געשעעניש אין גלח׳ס הויז, ווייל אונזערע געזאַנג־נומערען זענען ווירקליך געווען דער גלאַנץ פון דער גאַנצער פייערונג. פאַר מיר פערזענליך, קען איך דרייסט זאָגען, איז דאָס געווען אַ ווענדפּונקט אין מיין לעבען. אומבאַשטימטערהייט איז אָנגעצייכענט געוואָרען מיין לעבענס־וועג פון אַ חזן ביי אידען, הגם דאָס איז כלל נישט געווען אַ וועג באַצירט מיט רויזען, ווי מאַנכע קען זיך אויסדוכטען. אין יענעם זונטאָג, אין גלח׳ס הויז, איז געלייגט געוואָרען אַ שטעמפּעל אויף מיין גאַנצער צוקונפט; אין מיין יונגען מוח׳ל האָט גענומען עגבערען דער געדאַנק, אַז דאָס איז מיין וועג און דאָס איז מיין לעבען און אַזוי וועט עס זיין.

# איך הער די ערשטע בעל־תפילות אין מיין שטעטעל

דער שבת אין אַ אידיש שטעטעל מיט אַ זיבעציג יאָר צוריק האָט זיך אָנגעהויבען נאָך פרייטאָג גלייך נאָך האַלבען טאָג. אידען זיינען געלאָפען אין איילעניש אין מרחץ אַריין, וואו ביי אַ היץ פון 90 גראַד האָט מען זיך געלאָזט גוט אויסבעזימען און אויסשמייסען אויף דער אויבערשטער באַנק. איך האָב געהאַט אַ זיידען, ר׳ טוביה סויבעל, האָט ער אַפילו דעם שטעטעלשען מרחץ נישט געטרויט, אַז ער איז כשר לויט׳ן דין. ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט, איז ער אַוועק צום פאַרפרוירענעם טייך, האָט אויסגעגראָבען אַ פאָלאָנקע אין אייז און האָט זיך דריי מאָל אָפּגעטובל׳ט אין דעם אייזיק־געפרוירענעם וואַסער לכבוד דעם הייליגען שבת.

אויך אונז קליינוואַרג האָט מען געשלעפּט אין מרחץ אַריין. די היץ און די הייסע פאַרע, וואָס האָט דורכגעברענט אַלע אברים, איז געווען אוממעגליך אויסצוהאַלטען, אָבער ווי איר זעט, האָט מען דאָך אויסגעהאַלטען. אַהיימקומענדיג פון מרחץ, האָט מען געדאַרפט מעביר זיין די סדרה, שנים מקרא ואחד תרגום. דאַן האָט מען געדאַרפט אָפּזאָגען שיר השירים, און טאַקע מיט אַ ניגון, דאַן זאָגען די תפילה „הודו לד׳ כי טוב״ און דערנאָך נאָך עפּעס אַ „רבונו של עולם״. ווען די טייערע מאַמע האָט געזען, אַז איך בין שוין גוט מיד פון דער באָד און פון זאָגען, און אַז עס פאַרקלעמט מיר שוין גוט דאָס האַרץ — האָט זי מיר דערלאַנגט אַ טעלערל מיט אַרבעס, איך זאָל זיך, חלילה, נישט צופיל איבערעסען פאַר דער שבת׳דיגער סעודה.

צו פאַרנאַכט צו האָט מיר די מאַמע געגעבען אַ טעלער מיט אַ גרויס שטיק פיש, מיט עטליכע זויערע אוגערקעס און אַ פאָר זויערע קאַווענעס, אַז איך זאָל דאָס אַריינטראָגען צו זיסעל די מלמד׳קע, דער ווייב פון מיין רבי׳ן, חיים דער בלינדער, און זאָלען זיי אויך וויסען פון עונג שבת.

אויסגעפּוצט און אויסגעצוואָגען זיינען מיר אַוועק אין שול אַריין צו קבלת שבת. אונזער שטעטעל איז געווען צו קליין אום צו האָבען אַ שטענדיגען חזן. דערפאַר זיינען געווען אַ סך יונגעלייט, וואָס האָבען זיך „גע׳חזנ׳ט״, אָדער וואָס האָבען געגאָרגעלט אופ׳ן קליינשטעטעלשען שטייגער. פיר אַזעלכע בעל־תפילה׳ס געדענק איך פון מיין פריסטער קינדהייט, און ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען — די דאָזיגע ערשטע מנגנים, וועלכע איך האָב געהערט אַלס קינד, האָבען אויף דעם טיפסטען און שטאַרקסטען אופן באַאיינפלוסט

מיין גאַנצע מוזיקאַלישע קאַריערע. זיי זיינען טיף אַריינגעדרונגען אין מיין געמיט און מען קען דרייסט זאָגן, אַז זייער האַרציגער אידישער דאַווענען האָט מיך באַגלייט אַ גאַנץ לעבען, אויף אַלע וועלט־עסטראַדעס און פאַר אַלע גרויסע עמוד׳ס, וואו מיר איז אין די שפּעטערדיגע יאָרען באַשערט געווען אויפצוטרעטען.

דאָס זיינען די פיר בעל־תפילות: בעניע, יצחק מרדכי דעם שוחט׳ס אַ זון; אהרן האָדעס; זיין שוואָגער, חיים הערש האָדעס; און דער לעצטער — מיין פעטער אליעזר. בעניע דעם שוחט׳ס, וואָס האָט טאַקע געלערענט שחיטה ביי זיין פאָטער, איז געווען זעהר אַ פיינער יונגערמאַן, נאָר קיין שטימע האָט ער, לא עליכם, אינגאַנצען נישט געהאַט. עפּעס האָט ער געהאַט אַ מין נעבעך־קול, וואָס האָט אָפּגעקלונגען, ווי דער וואָיען פון אַ היישעריק. אָבער דערפאַר האָט ער געקענט גאָר גוט דעם נוסח התפילה.

אהרן האָדעס איז געווען אַ וואונדערליך־שיינער יונגערמאַן, און ער האָט שוין גראָד יאָ געהאַט אַ שיינע שטימע און זיין דאַווענען איז שוין געווען אַ ביסעל „מאָדערן". דאָס האָט זיך געגומען דערפון, וואָס ער פלעגט אָפּט פאָרען אויף טאָרגעס קיין קיעוו, אָדעס און אַנדערע שטעט, וואו ער האָט געהאַט די געלעגענהייט צו הערען גרויסע חזנים. אָבער קיין אימפּראָוויזאַטאָר, דאָס הייסט, אַז אין זיין זינגען זאָל זיך הערען עפּעס אַן אייגענער טאָן, עפּעס אָריגינעלעס — דאָס נישט. זיין דאַווענען פאַר׳ן עמוד האָט שטענדיג שטאַרק אויסגעגומען, ווייל די אידען האָבען געוואָלט כאַפּען פון אים עפּעס אַ שטיקעל מאָדערנע חזנות, וואָס ער האָט געגאַשט אין די גרויסע שטעט.

זיין שוואָגער, חיים הערש, איז געווען אַ איד מיט אַ פּנים, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי ער וואָלט נאָר־וואָס אַרויס פון אַ שוויצבאָד. ווען ער פלעגט זיך צעזינגען — האָט זיין שטימע ממש צעריסען דאָס טרייבעל פון די אויערען. אָבער ער איז געווען גאָר אַ וואַרימער דאַווענער. די לונגען זיינען ביי אים, ווייזט אויס, געווען גאָר געזונטע, ווייל ער איז נישט מיד געוואָרען צו שטיין אַ גאַנצען טאָג פאַר׳ן עמוד און מאַכען קולות.

מיין פעטער אליעזר איז געווען דער האַרציגסטער דאַווענער צווישען זיי אַלע. ער איז געווען אַ דאַר אידעל מיט אַ שיטער בערדעל, וואו איר האָט געקענט אָנציילען גאַנצע זעקס האָר. ער האָט געהערט צו דער חברה הוסטערס, און אין שטעטעל האָט מען גערעדט, אַז סך הכל פאַרמאָגט ער אַ האַלבע לונג. אָבער ער האָט געהאַט אַ שיינע לירישע טענאָר־שטימע, און צו פערציג יאָר האָט נאָך זיין שטימע געקלונגען, ווי ביי אַ אינגעל אַן אַלט, ווען ער הויבט אָן מאָטירען, דאָס הייסט, ווען די שטימע גייט איבער פון אַ קינדער־שטימע צו אַ מענער־שטימע.

בעת׳ן דאַווענען האָט ער שטאַרק געקוועטשט די שטימע, אָבער ער איז געווען אַ פּרעכטיגער דאַווענער, און דערביי אויך אַן אימפּראָוויזאַטאָר,

דאָס מיינט אַן אומאויסשעפּליכער קוואַל פון תפילה־געדאַנקען; נישט זעלטען איז ער געווען אָריגינעל און גייסטרייך אין זיינע ערפינדונגען.

אָט דאָס איז געווען דער קוואַל, פון וואַנעט איך האָב אין מיין פריעסטער קינדהייט געשעפּט דעם אַלט־טראַדיציאָנעלען נוסח התפילה. די פיר אידען האָבען דאָס צעוואַרימט מיין קינדערשע פאַנטאַזיע און אָנגעצייכענט מיין לעבענס־וועג.

ווען ס'איז געקומען פרייטאָג צו־נאַכטס צו קבלת שבת, האָט זיך יעדער איינער פון די דאָזיגע פיר דילעטאַנטען־חזנים געהאַט זיינע חסידים, זיינע פּאַטריאָטען אין שול, וואָס האָבען דוקא פאַרלאַנגט, אַז זייער אויסדערוויילטער זאָל זאָגען לכו נרננה. אָפּטמאָל איז אין שוהל געוואָרען אַ דינגעניש און אַ קריגעניש, ווער עס זאָל דאַוונען פאַר'ן עמוד. יעדער פון די בעל־תפילה'ס האָט זיך ניבי־טאָ געלאָזט בעטען, געזאָגט, אַז די גאַנצע מעשה ליגט אים נישט אין דער לינקער פּאה. אָבער אין דער אמת'ן האָט יעדער איינער גע־חלש'ט, אַז מען זאָל אים צולאָזען צום ברעטעל, אַנישט וועט ער עס, חלילה, אויסקרענקען און האָבען אַ פאַרשטערטען שבת.

ענדליך איז מען דורכגעקומען און דער, וועמען עס איז צוגעטיילט געוואָרען דער כבוד מקבל צו זיין די מלכה שבת, האָט געהאַלטען פאַר זיין חוב אַרויסצו־ווייזען זיינע גאַנצע קענטשאַפטען און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ גאָרגלעניש, וואָס האָט זיך פאַרצויגען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. נישט ביי איינעם האָט פאַרקלעמט דער מאָגען און געצופּט אונטער'ן האַרצען, ווייל דעם גאַנצען פרייטאָג האָט מען דאָך קוים, קוים גענומען אין מויל אַריין.

אויך נאָכ'ן אַהיימקומען האָט מען נישט גלייך געלאָזט טועם זיין פון די מעדני מלך, וואָס די מאַמע האָט געהאַט צוגעגרייט. עס האָט זיך אָנגע־הויבען אַ זאָגעניש לויט'ן נוסח פון דעם אָדער יענעם חסידישען רבי'ן. דער טאַטע האָט אַ פאַרטיפטער אין רעיונות גענומען אַרומשפּאַצירען איבער אונ־זערע גרויסע פינף שטובען אַהין און צוריק. מיט אַמאָל איז ער געבליבען שטיין אַ פאַר'דבקה'טער און האָט צוגערופען צו זיך אַלע קינדער. די אינגלעך האָט ער אויסגעשטעלט פון איין זייט און אונזער איינציגע שוועסטער פון דער אַנדערער זייט, און אויפהויבענדיג די הענט, ווי אַ כהן, האָט ער אונז געבענשט: די אינגלעך מיט „ישמך אלהים כאפרים וכמנשה" און די שוועסטער מיט „כשרה, רבקה, רחל ולאה".

דאַן זיינען געקומען די שלום־עליכמ'ס, און נאָכדעם האָט דער טאַטע ערשט אַריינגעכאַפּט אַ שטיקעל זוהר מיט האַרבע ווערטער, וואָס מיר האָבען נישט אָנגעהויבען צו פאַרשטיין זייער מיין. ביז מ'האָט קידוש געמאַכט און מ'האָט ענדליך געקאָנט פאַרזוכען דער מאַמע'ס פיש — האָט מען זיך געמוזט גוט אָנזאָגען און אַרויסווייזען אַ סך קינדערשען געדולד.

דער טאַטע איז טאַקע געווען אַ חסיד פון דעם קאָנטעקאָזיווער רבי'ן, ר' אהרן יואל, אָבער ווען עס איז געקומען פרייטאָג צו־נאַכטס האָט ער גע־

בומען אַ לחיים לויט'ן נוסח פון אַ סך אַנדערע גוטע אידען. אַזוי האָט ער גע־בומען אַ גלעזעל פאַר די פיש לויט'ן מנהג פון זיין אייגענעם רבי'ן, על פּי טאַלנע האָט ער אויסגעטרונקען אין מיטען די פיש און על פּי ראַכמיסטריווקע — נאָך די פיש. ער האָט אויך נישט פאַרשעמט דעם סאַדיגורער נוסח, וואָס האָט געהייסען אויסטרינקען פאַר די יויך און דעם הוסיאַטינער — פאַר די פלייש.

נאָך אַזעלכע עטליכע שיינע גלעזלעך האָט זיך, פאַרשטייט זיך, די פאַנ־טאַזיע צעוואַרעמט און ביים זינגען „כל מקדש״ האָט דער טאַטע זיך נאָך ווי עס איז געהאַלטען ביים סקאַרבאָוועץ ניגון, וועלכן מיר, די משוררים זיינע, האָבן אים געקענט אונטערהאַלטען. אָבער ווען ער איז געקומען צו „מנוחה ושמחה״, איז ער שוין אַוועק אין די גאָר הויכע עולמות. ער האָט אָנגעהויבען צו פאַנטאַזירען און צו אימפּראָוויזירען, אַז מיר, דאָס קליינ־וואַרג, האָבען אים שוין מער נישט געקענט אונטערהאַלטען. מיר האָבען געמוזט פון געהער נאָכפאָלגען זיין קאָמפּאָנירען, כדי אים נישט צו פאַר־שעמען און צו לאָזען אינגאַנצען אַליין מיט זיין געזאַנג.

דאָס זעלבע האָט זיך איבערגע'חזר'ט ביי „יה רבון עולם״ און ביים „צור משלו אכלנו״. דער טאַטע איז געווען אַ מייסטער אויף צו ערפינדען פאַר יעדען שטיקעל זמירות אַ גאַנץ נייע מעלאָדיע, און אָט די האַרציג־אידישע מעלאָדיעס פון מיין טאַטענ'ס אימפּראָוויזאַציעס אין די פרייטאָג־צו־נאַכטס'ן זיינען געווען דער צווייטער קוואַל, פונוואַנעט איך האָב שוין אין מיין פריער קינדהייט געשעפּט אָנרעגונג און באַגייסטערונג פאַר אי־דישער נגינה, פאַר אידישען נוסח אין תפילה, וואָס האָבען מיך באַגלייט אַ לעבען לאַנג.

וועגען אָט די פרייטאָג־צו־נאַכטס'ן מוז איך צוגעבען נאָך עפּעס. עס איז געוואָרען שפּעט אין דער נאַכט. די טייערע מאכלים פון דער מאַמען האָבען געמאַכט יעדען איינעם פון אונז אַביסעל שווערלעך און מידלעך. עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער, אַז נאָך אַזוי פיל זאָגען און נאָך אַזוי פיל עסען און זינגען איז מען אַוועקגעפאַלען אין אַ זיסען דרימעל. דעם טאַטען איז דאָס אָבער נישט געפעלען געוואָרען, און ער האָט געגעבען יענעם געשריי: „איוואַנעס, וואָס איז מיט אייך? איז היינט שבת, אָדער איז נישט?״

איך בין געווען דער גרעסטער קרבן פון אָט דעם טאַטענ'ס געשריי, און נישט זעלטען פלעגט אויך אָפּקלינגען אַ הילכיגער פּאַטש אויף מיינע באַקען. פאַרוואָס עפּעס איך, און פאַרוואָס נישט די איבעריגע ברידער? — וועט איר הערען. מיין שטימעלע, ווי קליין איך בין דעמאָלט נישט געווען, האָט זיך שוין געגומען אויסטיילען מיט איר קראַפט און שיינקייט. דער טאַטע האָט דאָס גאַנץ גוט געוואוסט. און ווען מיר זיינען אַזוי גע־זעסען ביים שיינעם טיש, האָבען אונזערע זמירות אָפּגעהילכט ברייט אי־

בער׳ן שטעטעל. הינטער אונזערע פענסטער האָבען זיך גענומען פאַרזאַמ־
לען צענדליגער מענשען, אידען און קריסטען פון בײדע שטעטלעך, װעלכע
האָבען זיך צוגעהערט צום שבת׳דיגען קאָנצערט. דער טאַטע האָט גע־
קליבען גרויס נחת דערפון, און װען מיר זײנען אַנטשטילט געװאָרען פון
מידיגקײט — האָט ער געהאַלטען, אַז מיר טוען אַן עולה לגבי דער אוידי־
טאָריע הינטער׳ן פענסטער...

# אַ חזן מיט משוררים קומט צו אונז אין שטעטל אַריין

איך בין געווען אַ אינגעל פון אַכט יאָר, ווען רער ערשטער אמת׳ער חזן מיט אַ ריכטיגען כאָר פון משוררים האָט זיך באַוויזען ביי אונז אין שטעטל. איך געדענק דאָס ווי היינט, ווען צום טאַטען אין קראָם איז אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן מיט אַ ציגענעם בערדעל און האָט זיך פאָרגע־שטעלט, אַז ער איז דער באַס פון געצעל דעם חזן פון באַלטע. דער דאָזיגער חזן מיט זיין כאָר האָט דעם לעצטען שבת געדאַווענט אין טאַלנע, און אַזוי ווי דער חזן האָט דאָ אין כאַנעראַד אַ ברודער — וויל ער דעריבער אַראָפּ־קומען דאַווענען אַ שבת.

איך ווייס נישט, וואָס מיין טאַטע און די אַנדערע בעלי־בתים פון שטעטל האָבען געטראַכט וועגען דעם דאָזיגען אָנבאָט, איך ווייס נאָר, אַז מיין אינגעלשע נשמה האָט אויפגעציטערט. איך האָב געפיבערט פון פרייד, וואָס ענדליך וועל איך הערען אַן אמת׳ען חזן און טאַקע אַרומגע־רינגעלט מיט אַ גאַנצען כאָר באַהעלפערלעך מיט די פאַרשיידענע שטי־מעלעך. אַי, האָב איך גע׳חלש׳ט זיי צו הערען, און טאַקע וואָס גיכער.

עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ קלייניגקייט: וועגען אַ קוואַרטיר פאַר דעם חזן מיט די משוררים, וואו זיי זאָלען איינשטיין בעת זייער ווייל ען אין אונזער שטעטל. האָט דעם חזנ׳ס ברודער, וועלכער איז גראָד געווען דער בעדער אין כאַנעראַד, געשיקט דעם באַס צו מיין טאַטען. ערשטענס, האָט ער געוואוסט, אַז מיר האָבען, אָן עין הרע, גאָר אַ שיינע וואוינונג פון אַ סך צימערען, און עס וועט קלעקען פלאַץ פאַר אַלעמען, און צווייטענס, ווער איז נאָך אַזאַ ליבהאָבער פון אידישער נגינה און פון אַ חזן, ווי שלום קוואַרטין?

און דער בעדער האָט זיך טאַקע נישט אָפּגענאַרט. דער טאַטע האָט גלייך צוגעשטימט. אויף צומאָרגענס איז אָנגעקומען דער חזן מיט צעהן משוררים און זיי זיינען גלייך פאַרפאָרען צו אונז. מען קען זיך לייכט פאָר־שטעלען, ווי איך, דער קליינער וועווריק, האָב זיך גענומען פאָרען אַרום דער קאַפּעליע, וואָס האָט זיך צעלייגט ביי אונז אין שטוב, ווי ביים טאַטען אין ווייגאָרטען.

איך וויל דאָ פעסטשטעלען, אַז אין עלטער פון אַכט ביז ניין יאָר איז מיין אַלטען־שטימעלע געווען אויסערגעוויינלעך שיין. אין מיין גאַנצער שפּע־

טערדיגער קאַריערע פון איבער פופציק יאָר קאַנטאָר ביי אידען, ווען איך בין אויסגעפאָרען אַ האלבע וועלט און האָב זיך אָנגעהערט כאָרען אָן אַ שיעור, און האָב אַליין אין מיינע אייגענע כאָרען אין אַזעלכע שטעט, ווי: יעקאַטערינאָסלאַוו, פּעטערבורג, וויען, בודאַפּעסט און ניו יאָרק, געקענט הע־רען קינדער־שטימען אין די טויזענטער — האָב איך זיך נישט אָנגעשטויסען אויף אַ קינדערשער אַלט־שטימעלע, וואָס זאָל מיר דערמאָנען אין מיינער פון דעם דערמאָנטען קינדערשען פעריאָד.

איך געדענק דעם אָוונט, ווען דער חזן געצעל פון באַלטע מיט זיין כאַפּטע משוררים האָט איינגעאָרדענט די ערשטע פּראָבע מיט זיין כאָר ביי אונז אין הויז. איך האָב אינגאַנצען געפלאַמט פון אויפרעגונג. איך האָב נישט געהערט, וואָס מען רעדט צו מיר. איך האָב געשלונגען די טענער, סאַי די אמת׳ע און סאַי די פאַלשע, וועלכע האָבען פאַרהילכט אונזער שטוב און די געסלעך פון שטעטעל. מיר האָט זיך דעמאָלט אויס־געדאַכט, אַז קיין גרעסער גליק, ווי זיין אַ משורר ביי אַ חזן, איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. אַי, ווען דאָס מזל שפּילט מיר צו און איך קען ווערען אַזאַ משורר — ווער וואָלט דעמאָלט געווען גלייך צו מיר.

נאָך דער פּראָבע מיט׳ן כאָר האָט זיך דער טאַטע געווענדעט צו געצעל דעם חזן, אַז ער זאָל אויסהערען מיין שטימעלע. אויף דעם האָט דער חזן געזאָגט: „אַנו, זונעניו, ווייז עפּעס, וואָס דו קענסט״.

וואָס־וואָס, נאָר קיין שעמעוודיגער בין איך שוין דעמאָלט נישט גע־ווען. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און האָב אָפּגעזונגען „צור ישראל״ פון חזן לייבעלע כיריק, אָדער שאַפּירא פון אומאַן. דאָס האָט מיך געהאַט אויסגעלערענט אהרן האָדעס, איינער פון אונזערע פיר היימישע בעל־תפילות אין שטעטעל.

דער חזן מיט זיין גאַנצער קאַפּעליע האָבען אָנגעשטעלט מויל און אויע־רען. עפּעס זענען זיי אינגאַנצען צעטומעלט געוואָרען, וואָס אַט דער קליינער יונגאַטש לייגט אָוועק אַזאַ „עברי״ און מיט אַזאַ קלאַנג און הילך. טאַטע־מאַמע, פאַרשטייט זיך, זענען געשטאַנען פון אַ זייט און זיך געשמאָלצען פון נחת. דאָס זינגט שוין זייער קינד נישט עפּעס פאַר גוים, וואָס קלייבען זיך הינטער׳ן פענסטער, נאָר פאַר אַן אמת׳ען חזן פון דער ברייטער וועלט. אַז דער חזן זאָגט אַ גוט וואָרט — האָט עס טאַקע וואָג און באַדייט, עס קומט דאָך פון דעם גרויסען מבין, און נישט פון די היימישע כאַנעראַדער קאַליקעס.

איך געדענק נאָך, ווי די מאַמע האָט אַ זאָג געטאָן צום טאַטען: „שלום׳ניו, דו וועסט זען, אַז אונזער זיבעלע וועט אונז נאָך אָפּצאָלען מיט אַסך נחת פאַר די צרות, וואָס מיר האָבען זיך אָנגעליטען פון אים.״

דעם חזן געצעל איז עפּעס אַריין אין קאָפּ אַריין און ער זאָגט צו מיר: „אַנו, זינג נאָך עפּעס, אינגעלע״. איך האָב געזונגען „והגן בעדנו״ פון אברהם שוחט, דעם טאַלנער חזן, וואָס עס האָט געהאַט איינגעשטו־

דירט מיט מיר מיין פעטער אליעזר. אַט די סאָלאָ פלעגט זינגען טעוועלע דער אַלט אין געצעל דעם חזנ׳ס כאָר. טעוועלע דער אַלט איז געווען באַקאַנט אַלס דער בעסטער זינגער אין דער גאַנצער געגענט, און מנגנים האָבען אים גוט געקענט.

נאָך דעם „והגן בעדנו״ איז געצעל דער חזן צוגעגאַנגען צום טאַטען און האָט אים שטאַרק אַנגעוואונשען, וואָס דער אויבערשטער האָט אים באַשאָנקען מיט אַ קינד, וואָס צייכענט זיך אויס מיט אַ שטימעלע, וואָס ער האָט נאָך ביז איצט אַזעלכעס נישט געהערט. „מיט יאָרען שפּעטער״, האָט געצעל געזאָגט, „וועט איר דערמאָנען די ווערטער, וואָס איך זאָג אייך אַצינד. איר דאַרפט זען, ר׳ שלום״, האָט געצעל ווייטער געזאָגט, „נישט צו פאַרדאַרבען דאָס גליק, וואָס גאָט האָט אייך געשאָנקען, און איר דאַרפט וויסען וואָס איר האָט צו טאָן מיט אייער קינד״.

געצעל דער חזן האָט לאַנג אַריינגערעדט צום טאַטען, און צום סוף האָט ער געזאָגט: „ווייסט איר גאָר וואָס, ר׳ שלום, גיט מיר דאָס איינגעל אויף צוויי יאָר צייט און איך גאַראַנטיר אייך, אַז אין אַ יאָר אַרום וועט מיט אים קלינגען די וועלט. וואָס ס׳איז שייך תורה לערנען, קאָנט איר זיך אויף מיר פאַרלאָזען, איך וועל אים אָפּהיטען, ווי אַן אייגען קינד און עס וועט אים ניט פעלען קיין פויגעל־מילך ביי מיר.״

דער טאַטע מיינער איז געווען אַ איד, וואָס האָט נישט גערן געהאַט, אַז עמיצער האָט אים געגעבען עצות, בפרט נאָך אין אַזאַ וויכטיגער פראַגע ווי דערציען זיין אייגען קינד. ער איז געווען געוואוינט, אַז פרעגען אַן עצה איז מען געקומען צו אים. האָט אים ניט שטאַרק געשמעקט, וואָס אַט דער וואַנדערענדיגער חזן האָט גאָר די העזה געהאַט צו מאַכען אים אַזאַ פאָרשלאַג, אָבער ער האָט דאָס ניט אַרויסגעוויזען. ער האָט העפליך באַדאַנקט געצעל׳ען פאַר זיין גרייטקייט צו מאַכען זיין קינד פאַר אַ „מענש״, אָבער ער האָט שאַרף אונטערגעשטראָכען, אַז ער וועט שוין אַליין ווי עס איז פאַרזאָרגען זיין אינגעל. ער קאָן ניט דערלויבען, אַז זיינס אַ קינד, וואָס איז נאָך קיין ניין יאָר ניט אַלט, זאָל זיך וואַלגערען איבער דער וועלט, פאַרשוואַרצט ווערען, עסען ביי פרעמדע טישען און ניט קריגען די ריכטיגע פרום־אידישע דערציאונג.

אָבער דאָך, קיין אָפּזאָג גלייך אין פנים אַריין האָט ער אים ניט געגעבען. ער האָט געפונען אַ פּאַסיגען אויסרייד: אין אַ צוויי־דריי וואָכען אַרום דאַרף אַראָפּקומען קיין כאָנאָראָד דער קאָנסטאַקאָזיוועער רבי, ר׳ אהרן יואל, וועמענס הייסער חסיד דער טאַטע איז געווען. איין מאָל אין יאָר פלעגט דער רבי אַראָפּקומען צו זיינע חסידים אין די אַרומיגע שטעטלעך, אויספרעגען וואָס זיי מאַכען און טאַקע נעמען אַ פּדיון אויך. איז אַז דער רבי וועט אם ירצה השם קומען, וועט זיך דער טאַטע האַלטען מיט אים אַן עצה און וועט דעמאָלט באַשליסען וואָס צו טאָן.

ווי אַ כאַראַקטעריסטיק פאַר יענער צייט וויל איך צוגעבען, אַז דער האַנאַראַר פון דעם חזן מיט זיין כאָר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די שיינע בעלי הבתים פון שטאָט האָבען מנדר געווען שבת אין שול בשעת'ן אויפרופען זיי צו דער תורה. אַזוי ווי צו הערען דעם חזן זיינען אויך אָרי־בערגעקומען אַ סך בעל הבתים פון שכנות'דיגען שטעטעל טאַרגאָוויצע, האָט מען די סדרה פון דער וואָך צעטיילט אין פסוקים און יעדערער, וועל־כען מען האָט אויסגערופען פאַר אַ פסוק, האָט מנדב געווען לויט זיינע כוחות, אָפטמאָל אַפילו איבער די כוחות.

איך געדענק קלאָר יענעם שבת, ווען געצעל דער חזן פון באַלטע האָט געדאַוועֿנט ביי אונז אין שול. דאָס דאַוועֿנען האָט זיך פאַרצויגען ביז צווי אַזייגער נאָך האַלבען טאָג. יעדער דאַוונער האָט געהאַלטען פאַר זיין חוב צו זאָגען מבינות וועגען חזן. אידען האָבען געסמאַטשקעט מיט די ליפען: ווי זיס דאָס דאַוועֿנען איז געווען, און דאָס גאַנצע שטעטעל איז געגאַנגען אויף רעדלעך. אַ קליינינקייט, אַ חזן איז אַראָפּגעקומען אויף שבת.

נאָכ'ן דאַוונען האָט יעדער פון די בעסערע בעלי הבתים אַהיימגע־נומען צו זיך אַ משורר צום שבת'דיגען טיש, דעם חזן אַליין האָט אַהיים־געגומען דער טאַטע. נאָכ'ן מאָלצייט, ווען דער עלטערער עולם האָט זיך צוגעלייגט כאַפּען אַ דרימעל, האָט דאָס יונגוואַרג אָנגעפילט דעם מאַרק, וואו מ'האָט געכאַפּט אַ שפּאַציר, און די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווען קאָנצענטרירט אויף די משוררים. די טענאָרן האָבען זיך דאָ צונויפגעמישט מיט די באַסען און אַלע צוזאַמען זיינען זיי געווען אַרומגערינגעלט פון אונ־זערע היימישע „גאַרגלערס", וואָס האָבען געוואָלט ווייזען, אַז זיי זיינען אויך ניט קיין פאַרשלאָפענע.

שבת צונאַכטס, ביי דער געוויינליכער מלוה מלכה ביי אונז אין הויז, איז, פאַרשטייט זיך, געווען אָנוועזענד דער חזן מיט די משוררים. זיי האָבען זיך ניט געלאָזט בעטען און דערלאַנגט איין קאָמפּאָזיציע נאָך דער אַנדערער, און יעדעס געזאַנג איז פאַרטרונקען געוואָרען מיט אַ געשמאַ־קען לחיים. דאָס הויז איז געווען אַרומגערינגעלט מיט מענשען פוןביידע שטעטלעך און אויך די גויים, בראש מיט'ן סטאַרשינאַ און דעם דיאַקאָן, זיינען געשטאַנען הינטער די פענסטער. לכבוד דער „נאַטשאַלסטווע" האָט דער חזן ספּעציעל געזונגען „באָזשע צאַריאַ כראַני" און מ'האָט דעם סטאַר־שינאַ מיט'ן גלח אויך שוין מכבד געווען מיט אַ אידישען לחיים, וואָס זיי האָבען גאָר ניט פיינט געהאַט.

צום סוף פון דער מלוה מלכה איז דער חזן מיט די משוררים און אויך אַלע פאַרזאַמעלטע אידען צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל זאָגען אַ „שטאָגראַף", דאָס הייסט, איך זאָל עפּעס אימפּראָוויזירען. איך האָב גע־זונגען „וכלם מקבלים" און „ישתבח", און ווידער האָט מען געהערט די זעל־בע אָנווינשונגען און די נביאות, אַז דאָ וואַקסט אַ גרויסער חזן. געצעל האָט

געהאַלטען פאַר נויטיג נאָכאַמאָל איבערערעדען דעם טאַטען, אַז ער זאָל אים מיטגעגעבען דעם בנ׳אָק, אָבער ווידער זיינען די רייד געווען אַרויסגעוואָרפענע.

אויף מאָרגען, זונטאָג, איז דער שטעטעלשער שמש געקומען צו אונז, גע־נומען מיט זיך דעם חזן און צוזאַמען זיינען זיי אַוועק איבער די קראָמען און שטיבער צוזאַמענגענעמען די נדרים, וואָס אידען האָבען נעכטען מנדר געווען אין שול. מאָנטאָג איז געצעל מיט דער קאַפּעליע אָפּגעפאָרען פון אונזער שטעטעל.

דאָס אַוועקפאָרען פון חזן מיט די משוררים האָט געלאָזען אַן אָפענע וואונד אין מיין קינדיש האַרץ. אין די טעג בין איך אַרומגעגאַנגען אַ צע־דולטער, און אין די נעכט האָט מיין קינדערשע פאַנטאַזיע געבלאָנדזשעט אין די ווייטעניש׳ען, צוזאַמען מיט געצעל דעם חזן און זיינע אַרויסהעלפערס. אײנ־איינעם מיט זיי האָב איך געוואַנדערט איבער די שטעטלעך, געזונגען אין כאָר, און האָב געפילט מיט אַלע חושים, ווי מענשען אַנטציקען זיך מיט מיר, קוויקען זיך מיט מיין שטימעלע, און עס איז מיר גוט.

דאָס איז אַלץ געווען בלויז אין חלום. אין דער ווירקליכקייט בין איך ווייטער געגאַנגען אין חדר אַריין, אָבער דער קאָפּ איז מיר שוין נישט געווען ביי דעם, וואָס דער רבי האָט מיט מיר געלערענט. איך האָב כסדר געדענקט די מעשיות, וואָס געצעל דער חזן האָט זיך אָנדערציילט וועגען די גרויסע חזנים: ירוחם הקטן, ניסי בעלזער, בצלאַל אָדעסער און אַנדערע, און בין אַרומגע־גאַנגען, ווי אין אַ הינער־פּלעט.

איך געדענק, אַז צו יענער צייט בין איך שטאַרק אַראָפּ פון די כחות, האָב אויפגעהערט צו עסען. די מאַמע האָט זיך דאָס זעהר גענומען צום האַרצען און מיט איר רירענדער שטימע מיך געפרעגט: „זבולנ׳יו, טוט דיר עפּעס וויי?״ ווי אַזוי דערציילט מען דער מאַמען, אַז קיין זאַך טוט מיר נישט וויי, דאָס פּייניגט מיך בלויז די בענקשאַפט נאָך דעם קליינשטעטלדיגען חזן געצעל מיט זיין כאַפּטע משוררים, וואָס האָט זיך באַוויזען ווי אַ וויכער איבער אונזער קליינטשיג, רואיג שטעטעלע, און האָט אין מיר אויפגעוועקט פאַר־באָרגענע פאַרלאַנגען צו וואַנדערען אינאיינעם מיט זיי און צו זינגען און זינגען, אַליין ניט וויסענדיג פאַר וועלכען צוועק.

## דער טאַטע נעמט מיך קיין בערדיטשעוו

די ווערטער, וואָס געצעל דער חזן פון באַלטע האָט אַריינגעוואָרפן, אַז פון מיר, דעם קליינעם אינגעל, וועט מיט דער צייט אויסוואַקסען מי יודע וואָס, און אַז גאַנץ רוסלאַנד וועט נאָך אַמאָל מיט מיר קלינגען, די דאָזיגע ווערטער זיינען דאָך ניט פאַרביי אָן שום ווירקונג אויפ׳ן טאַטען. עפּעס ערפון איז אים דאָך אַריין אין קאָפּ אַריין.

עס איז געווען אַ זונטאָג, ווען אין כאַנאַדאָר איז אַ גרויסער מאַרק־טאָג. עס איז געווען באַלד נאָכ׳ן שניט, ווען די פּויערים האָבען געהאַט אַראָפּגענומען די תבואה פון די פעלדער. דאָס יאָר איז גראָד געווען אַ גרויס גערעטעניש און די פּויערים האָבען געהאַט אַ סך געלט פאַר דער פאַרקויפטער תבואה. האָבען זיי אָנגעפּילט די קראָמען פון שטעטעל, איינקויפענדיג פאַרשידענע סחורות אויפ׳ן ווינטער.

די קרעמער האָבען געלייזט שטיקער געלט. עס איז געווען אַ שפע פון פּדיון אויף דעם דאָזיגען יאַריד. שפּעט אין אָוונט, נאָך דער וועטשערע, האָט מען זיך גענומען ציילען דאָס לייזונג פאַר׳ן טאָג. מיר, דעם אינגערען, האָט מען געגעבען ציילען דאָס קופּער־געלט; מיין עלטערער ברודער האָט געציילט דאָס זילבער־געלט, און דער טאַטע אַליין האָט געציילט און צוזאַמענגעלייגט די אַסיגנאַציעס. איך געדענק דאָס ווי היינט, אַז דער פּדיון פאַר יענעם טאָג איז געווען 394 רובעל — דאָס גרעסטע לייזונג פאַר איין טאָג זינט אונזער געשעפט האָט עקזיסטירט.

אַלע, פאַרשטייט זיך, זיינען געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. „נו, שלום׳ניו", רופט זיך אָן די מאַמע, „דאַנקען גאָט דערפאַר. נאָר וועדליג דעם פּדיון פאַר די לעצטע צוויי וואָכען, פעלען אונז אויס אַ סך אַרטיקלען אין קראָם. און אַזוי ווי אין אומאַן קאָן מען ניט קריגען דאָס אַלץ וואָס מיר באַדאַרפען, איז מיין מיינונג, אַז עס וואָלט געווען גלייך דו זאָלסט צופאָרען קיין בערדיטשעוו און דאָרט קריגען די נויטיגע סחורה".

דער טאַטע האָט איינגעשטימט און עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די אַנדערע וואָך וועט ער פאָרען קיין בערדיטשעוו. אויף צומאָרגענס, מאָנטאָג, איידער איך בין געגאַנגען אין חדר אַריין, רופט מיך צו דער טאַטע און זאָגט צו מיר: „וועסטו זיין אַ גוט קינד און לערנען מיט חשק — וועל איך דיך די אַנדערע וואָך, אם ירצה השם, מיטנעמען קיין בערדיטשעוו".

אַ שטראָם מיט פרייד איז דורכגעלאָפען מיין יונג קערפּער׳ל, כאָטש כ׳האָב מיר נישט אָפּגעגעבען קיין חשבון פאַרוואָס איך פריי מיך אַזוי אויף דער נייעס, אַז איך וועל פאָרען מיט׳ן טאַטען אין דער דאָזיגער גרויסער אידישער שטאָט. איך האָב פייערלעך פאַרשפּראָכען דעם טאַטען, אַז איך וועל לערנען מיט׳ן גרעסטען חשק.

אין אַ וואָך אַרום, מאָנטאָג, זיינען מיר מיט דער בויד אָפּגעפאָרען קיין אומאַן און פון דאָרט קיין בערדיטשעוו, איך בין צעטומעלט געוואָרען, אַריינ־פאַלענדיג אין דער דאָזיגער קאָכעדיגער אידישער שטאָט. אַזוי פיל אידען אויף די טומעלדיגע גאַסען, און אַלע יאָגען און איילען זיך ערגעץ, כאָטש קיינער האָט מיר נישט געקאָנט זאָגען וואוהין און נאָך וואָס זיי איילען זיך אַזוי. דער טראַמוואַי מיט׳ן האַלב־גע׳פּגר׳טען פערדעל, וואָס האָט קוים גע־שלעפּט די פול־אָנגעשטאָפּטע בויד מיט אידען און אידענעס, האָט געמאַכט אויף מיר אַ גוואַלדיגען איינדרוק. דעם דאָזיגען טראַמוואַי האָב איך מיט יאָרען שפּעטער געפונען אַזוי פּרעכטיג אָפּגעשילדערט ביי אונזער אומפאַר־געסליכען שלום עליכם.

דער טאַטע האָט מיך מיטגענומען אין די אַלע הורטאָווע געשעפטען, וואו ער האָט געמאַכט זיינע איינקויפונגען. פאַר מיר איז אַלץ געווען אַזוי ניי, אַזוי פול מיט צויבער. אָבער די גרעסטע איבערלעבונג האָט מיך דערוואַרט, ווען נאָכ׳ן פאַרטיג ווערען מיט זיינע געשעפטען זאָגט צו מיר דער טאַטע: „נו, מיין קינד, איצט וועלען מיר צוגיין צום באַרימטען חזן ירוחם הקטן, זאָל ער אויסהערען דיין שטימעלע״.

אַזוי קליין ווי איך בין געווען האָב איך דאָך שוין געוואוסט, אַז דער דאָזיגער ירוחם דאָס איז די העכסטע פאַרקערפּערונג פון אידישען געזאַנג און תפילה. עפּעס גרעסערס און שענערס האָב איך זיך דעמאָלט קוים פאָר־געשטעלט, און דערהערענדיג, אַז פאַר דעם אידען וועל איך זיך דאַרפען אָוועקשטעלען און זינגען — איז מיך באַפאַלען אַ פרייד און אַ שרעק אינאיי־נעם. עס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט הערען, וואָס אָט דער גרעסטער חזן אין מיינע אויגען האָט צו זאָגען וועגען מיין שטימעלע, און פון דער אַנדערער זייט האָב איך זיך טאָקע געשראָקען, טאָמער זאָגט ער, אַז עס געפעלט אים נישט און אַז איך בין אַ וויסטע קאַליקע, און עס איז שוין בעסער, אַז איך זאָל צוריקגיין אין חדר אַריין.

ווען מיר זיינען אַריין צו ירוחמ׳ען אין הויז איז שוין געווען אַרום האַלבען טאָג. ירוחם איז נאָך געשטאַנען אין טלית און תפילין און גראָד פאַרענדיגט דאָס דאַווענען. נאָכ׳ן אָפּגעבען אַ שלום עליכם, פרעגט ער דעם טאַטען, פון וואַנען איז אַ איד און וואָס פאַרלאַנגט אַ איד. דער טאַטע לייגט אַרויס די גאַנצע מעשה, אַז צו אונז אין שטעטעל איז אַראָפּגעקומען געוועזל דער חזן פון באַלטע מיט זיין כאָר, און ער האָט אויסגעהערט דאָס אַלטען־שטימעלע פון זיין אינגעלע און עס איז אים אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז ער האָט פאַרלאַנגט

מיך מיטצונעמען אַלס משורר אין זיין כאָר. קיין ענטפער האָט דער טאַטע געצל'ען נישט געגעבען, דאַגעגען האָט ער באַשלאָסען מיטצונעמען דאָס קינד קיין בערדיטשעוו, צו אים, ר' ירוחם, אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין און אויס־הערען מיך און זאָגען זיין מיינונג וואָס צו טאָן.

ירוחם הקטן האָט מיך אַ קוק אָן געטאָן פון הינטער זיינע טיפע שפּאַקולען און געזאָגט צו מיר: „אַ נו, אינגעלע, זינג עפּעס אַ שטיקעלע, וואָס עס געפעלט דיר אַמבעסטען". איך האָב געזונגען מיינע צוויי באַליבטע זאַכען „והגן בעדנו" און „צור ישראל". ירוחם איז געווען אַ קליינטשיגער, און מיטאַמאָל האָט זיך זיין גאַנצער קערפּער ווי עפּעס אויסגעצויגען אין דער הויך. ער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר גרויסע, שטויגענדיגע אויגען.

דאַן האָט ער זיך געווענדעט צום טאַטען: „דער באַלטער חזן האָט נישט געמאַכט קיין טעות. דאָס אינגעל האָט אַ זעלטען אַלט־שטימעלע מיט אַן אויסערגעוויינליכער מתיקות".

דערהערענדיג אַזעלכע ווערטער האָט זיך דער טאַטע געוואָלט נאָך מער באַווייזען מיט זיין זונדעל, און ער האָט געזאָגט צו ר' ירוחמ'ען: „הייסט אים זאָגען עפּעס אַן אייגען שטיקעל, פון זיין אייגענעם שטייגער". איך האָב זיך ווידער נישט געלאָזט לאַנג בעטען און האָב זיך „צעזאָגט" פּאַר פייער און פאַר וואַסער. צוערשט „על תקשו לבבכם", דאַן „ישתבח", „והאופנים", „מי שברך" און „יהי רצון" פון ראש חודש בענשען. איך געדענק, אַז איך האָב ממש געברענט פון אינערליכער אויפרעגונג, האָב נישט געקאַרגט מיין שטימעלע און האָב זיך שטאַרק צעגאָרגעלט.

ר' ירוחם האָט דערווייל אָפּגעלייגט טלית און תפילין, האָט געהייסען דערלאַנגען בראָנפען מיט קיכלעך, האָט געטרונקען לחיים צום טאַטען און געזאָגט צו אים: „נו, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, ר' שלום, איך בין שוין אַן אַלטער מאַן, האָב זיך אָנגעהערט אַ סך טאַלענטירטע קינדער אין מיין לעבען, נאָר אַזאַ פולקאָמענע פאַרשטענדעניש פון נוסח התפילה ביי אַזאַ יונג קינד האָב איך נאָך נישט געטראָפען. מיר דאַכט זיך, אַז ער פאַרמאָגט עפּעס אַזוינס, וואָס ביי פאַרטיגע חזנים זעט מען דאָס נישט. ער איז רייך אין שטייגער, זיין אימפּראָוויזירען איז אויסערגעוויינליך. און דערצו נאָך אַזאַ שטאַרקע קאָלאָראַטור. זאָגט מיר, ר' שלום, ווער האָט מיט אים געלערענט און וועלכע חזנים האָט ער געהערט?"

דער טאַטע האָט דאַן דערציילט, אַז די איינציגע „קאָנסערוואַטאָריע", וואָס כ'האָב דערווייל געענדיגט, דאָס זיינען געווען די שבת'דיגע זמירות, וואָס כ'האָב געזונגען ביי זיין טיש. מיינע „פּראָפעסאָרען" זיינען געווען די היימישע דילעטאַנטען בעלי־תפילות אין כאנאראד, וואָס זינגען קענען זיי טאַקע נישט, אָבער דערפאַר ווייסען זיי ווי אַזוי אַרויסצונעמען דאָס עצמות ביי די שטעטעלשע אידען מיט זייער האַרציגען דאַוונען און מיט זייער זיסען נוסח התפילה. באַזונדער האָט דער טאַטע דערמאָנט זיין ברודער און מיין

פעטער, אליעזר, וועלכער איז געווען אַ ספּעציעלער מאדים אויף צו צופּען אידען אונטער׳ן האַרצען.

ר׳ ירוחם האָט דאַן געזאָגט דעם טאַטען אַ פּאָר שאַרפע ווערטער, אַז עס וואָלט געווען אַ זינד פאַר׳ן רבונו של עולם און פאַר לייט נישט צו לאָזען אַנטוויקלען אַזאַ טאַלאַנט, מיט וועלכען גאָט האָט באַשאַנקען זיין קינד. ער האַלט, אַז דער באַלטער חזן, געצעל, האָט געגעבען אַ ריכטיגע אָפּשאַצונג פון מיר, און אַז ער אַליין קען פאַרלייגען דאָס זעלבע, וואָס געצעל האָט פאַרגעלייגט. דאָס הייסט, אַז דער טאַטע זאָל מיך איבערלאָזען ביי אים און ער וועט אויף מיר אַכטונג געבען, ווי אויף אַן אייגען קינד. אַ חוץ דער חכמה פון מוזיק און נגינה וועט ער מיט מיר לערנען תורה און אַלץ, וואָס אַ פרום אידיש קינד דאַרף קענען.

אַרומפאָרען פון שטאָט צו שטאָט און פון דאָרף צו דאָרף וועל איך נישט דאַרפען, ווייל אויך ער, ר׳ ירוחם, פאָרט שוין נישט מער אַרום. דאַגעגען וועל איך האָבען אַ געלעגענהייט אים צו הערען דאַוונען יעדען שבת, און ווען מיין שטימלע וועט זיך בייטען, דאָס הייסט, מאַטירן, און די נייע טענאָר־שטימע וועט זיין אַזוי שיין, ווי שיין עס איז איצט דאָס אַלטען־שטימעלע — דעמאָלט, האָפט ער, אַז דאָס וועט זיין די בעסטע שטימע, וואָס מען האָט ווען עס איז געהערט און עס קען נאָך אַמאָל אַרויסוואַקסען פון מיר דער בעסטער חזן ביי אידען.

ר׳ ירוחם האָט זיך באַוואָרענט, אַז ער וויל נישט, חלילה, קיין שום געצאָלט דערפאַר, ער וויל האָבען דאָס פאַרגעניגען, אַז לעתיד זאָל מען זאָגען אויף מיר, אַז איך בין געווען ר׳ ירוחמ׳ס אַ תלמיד.

דער טאַטע איז אינגאַנצען צעטומעלט געוואָרען פון דעם, וואָס ער האָט געהערט. אָבער ער האָט זיך נישט אונטערגענומען צו באַשליסען אין אַזאַ וויכטיגער פראַגע, נישט אויסהערענדיג פריער די מיינונג פון דער מאַמען. און אַזוי איז פאַרבליבען, ער וועט אַהיימפאָרען און וועט לאָזען וויסען ר׳ ירוחמ׳ען, וואָס די משפחה האָט באַשלאָסען.

אָבער דאָס איז נישט געווען מער, ווי אַ פוילער אויסרייד. צופיל האָבען זיך מיינע עלטערען אָנגעליטען פון מיר קינדווייז, אַז זיי זאָלען ערשט מאַכען אַ באַשלוס מיך אַוועקצושיקען אין דער פרעמד, אויף גאָט׳ס באַראָט, צו עסען ביי פרעמדע טישען. די פראַגע פון קאַריערע און צוקונפט פון זייער קינד האָט דעמאָלט געשפּילט אַ גאַנץ קליינע ראָלע, די עיקר־זאַך איז געווען לערנען תורה און גוטע אידישע מידות און דערצויגען ווערען אונטער דער דירעקטער השגחה פון טאַטען.

דער איינציגער רעזולטאַט פון מיין נסיעה מיט׳ן טאַטען קיין בערדי־טשעוו איז דעריבער געווען, אַז מ׳האָט מיך אָפּגעגעבען צו אַ פרישען מלמד...

# מען וויל אונז אַרויסטרייבן פון שטעטל

קנאַפּע צען יאָר בין איך אַלט געווען, ווען מ׳האָט מיך אָפּגעגעבן צום נייעם רבי׳ן, אַלטער דער מלמד. בלויז זעקס קינדער האָבן מיר געלערנט ביים דאָזיגן רבי׳ן, און בכלל איז דאָס געווען גאָר אַן אַנדער רבי, ווי די אַלע פריערדיגע. דער דאָזיגער ר׳ אַלטער איז שוין געווען אַביסעלע גע־כאַפּט אין דער מעשה, ער האָט שוין בגנבה אַריינגעקוקט אין אַ השכלה־ספר. ער האָט געלערנט מיט אונז תנ״ך מיט׳ן פּירוש פון מלבים און האָט זיך אויך דערלויבט צו געבן זיינע אייגענע אויסטייטשונגען פון מאַנכע ביבלישע פּאַסירונגען.

צו יענער צייט בין איך געזעסן אין חדר ביז גאַנץ שפּעט ביינאַכט. יעדער אינגעל האָט געדאַרפט מיטברענגען אַ חלב׳ען ליכטעל און ווי לאַנג דאָס ליכטעל האָט געברענט איז מען געזעסן און געלערנט. אַמביטערסטען איז געווען דאָס אַהיימגיין אין די ווינטער־נעכט. מיר האָבן באַדאַרפט פאַר־ביי גיין די אַלטע פוסטע קאַזאַרמעס, וואָס זיינען נאָך געשטאַנען פון די צייטען פון רוסיש־טערקישען קריג. אין שטעטל האָט מען גערעדט, אַז שדים און רוחות האַלטען זיך אויף אין די דאָזיגע קאַזאַרמעס, און ווי שטאַרק האָבן זיך געצאַפּעלט אונזערע אינגעלשע הערצלעך, ווען אין אַ שטאָק פינסטערניש, טאַפּטשענדיג איבער אומענדליכע בלאָטעס, נאָך אַ גאַנצען טאָג אָפּזיצען אין חדר, האָבן מיר שפּעט אין דער נאַכט געמוזט פאַרבייגיין די דאָזיגע קאַזאַר־מעס, וואָס האָבן אויף אונז אָנגעיאָגט אַ שרעק און אַ פחד.

צו יענער צייט איז אַרויס דער באַרימטער אוקאַז פון דער צאַרישער רעגירונג, אַז אידען זאָלען אַרויסגעטריבען ווערען פון אַלע דערפער און קרעטשמעס. איז אַנטשטאַנען די האַרבע פראַגע, צי איז דער כרך כאַנאַראַד אַ פּאָסאַדע, דאָס מיינט אַ שטעטעל, אָדער פּראָסט פשוט אַ דאָרף, און אידען האָבן דאָרט נישט קיין וואוינרעכט. ווי עס האָט אויסגעזען האָבן זיך די שטאַטישע טשינאָווניקעס געקליבען צו פּסק׳ענען די שאלה נישט לטובת פון די אידען. אין שטעטעל איז אַנטשטאַנען די ברירה פון נעמען דאָס פעקעל אויף די פּלייצעס, דעם וואַנדער־שטאָק אין האַנט און גיין זוכען אויף דער עלטער אַ נייעם מקום מנוחה.

די כאַנאראדער אידען האָבן אָבער באַשלאָסען נישט אונטערצוגעבען זיך אַזוי לייכט. עס איז גערופען געוואָרען אַן אסיפה פון די שענסטע בעלי־

בתים און עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו שיקען אַ דעלעגאַציע פון דריי בעלי־בתים, בראש מיט׳ן רב, צום גובערנאַטאָר קיין כערסאָן אָפּשרייען די גזירה.

דער טאַטע האָט געדאַרפט צוזאַמענשטעלען דעם טעקסט פון דער פּראָשעניע צום גובערנאַטאָר. אָבער אַ שרייבער? וואו נעמט מען אַ שרייבער? עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז די שטעטעלשע אידען זיינען דעמאָלט געווען נישט קיין גרויסע בריות אין דער רוסישער עברי. פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט לאַנג נישט געטראַכט און מען האָט אַרויסגערופען משה דעם שרייבער. אָבער דאָ מוז איך פאַרלירען עטלעכע ווערטער וועגען אָט דעם משה דעם שרייבער.

אין אַ שיינעם ליכטיגען טאָג האָט אַריינשפּאַצירט צו אונז אין קלייט אַן אויסגעפּוצטער יונגערמאַן, וואָס מ׳האָט גלייך דערקענט, אַז דאָס איז אַ געקומענער פון דער פרעמד. ער האָט געטראָגען די שיינע שטיוועלעך מיט כאַלעוועס, וואָס האָבען געהאַט פאַלדען, ווי אַ האַרמאָניקע, און מ׳האָט די פאַלדען גערופען „דודקעס״. אויפ׳ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ ברייטען קאַרטוז מיט אַ גלאַנצענדיגען דאַשעק, און אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ רוסיש העמדעל צו פאַרקנעפּלען אין אַ זייט, וואָס אויף אונזער שטעטעלשען לשון האָט מען עס גערופען „קאָמאָוואָראָטקע״.

ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם טאַטען אַלס משה דער שרייבער. נו, גוט, זאָגט דער טאַטע, אָבער וואָס פאַרלאַנגט אַ איד. האָט ער אָוועקגעלייגט אַ מעשה, אַז ער איז אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, וואָס איז געווען אַ שרייבער אין דער מיליטערישער קאַנצעלאַריע און ער האָט זיך דאָרט אויסגעשריבען אַ שיינעם „פּאָטשערק״, דאָס מיינט אַ האַנטשריפט. האָט ער איצט געהערט, אַז אין אונזער שכנות׳דיגען שטעטעל טאַרגאָוויצע פאָדערט זיך אַ שרייבער אין דער מעשטשאַנסקער אופּראַווע, בעט ער דעם טאַטען, אַז ער זאָל זיך איינשטעלען פאַר אים, זאָגען אַ גוט וואָרט, כדי ער זאָל באַקומען די שטעלע. דערביי האָט ער אַרויסגעשלעפּט אָהן אַ שיעור פּאַפּירלעך, וואָס האָבען געדאַרפט באַשטעטיגען, אַז ער איז אַ געוואַלדיגער שרייבער. איין צייגניש האָט אויך געזאָגט, אַז איידער משה איז געוואָרען אַ שרייבער ביי פּאָניע, איז ער פריער געווען אַ לערער פון רוסיש אין שטעטעל אָלוויניסקי.

מילא, דער טאַטע איז אַריבערגעלאָפען איבער דער בריק און משה איז געוואָרען שרייבער פון דער מעשטשאַנסקער אופּראַווע אין טאַרגאָוויצע. אָבער דאָס וואָלט אפשר נישט געלוינט צו דערציילען, ווען נישט דער טרויעריגער פאַקט, וואָס אָט דער זעלבער משה האָט שפּעטער געהאַט אויף זיין געוויסען כמעט אַלע אידישע אינגלעך פון אונזער שטעטעל.

אַזוי ווי ער האָט פאָרגעשטעלט אַ צייגניש, אַז ער איז געווען אַ לערער פון רוסיש און אידיש — האָט מען אים אינגיכען איינגעלאַדען, אַז ער זאָל אויסלערנען אַביסעל רוסיש די קינדער אין כאַנאַראָד. אַ חוץ דעם זיינען אַלע

בעזגראַמאַטנע, וואָס די צאָל זייערע איז געווען ביי אונז גאָרנישט קליין, געלאָפּען צו משה׳ן אָנשרייבען אַ בריוו אָדער אַן אַדרעס צו אַ קרוב.

אַרויסגעוויזען האָט זיך, אַז משה האָט טאַקע געהאַט אַ שיינע קאַליגראַ־פישע האַנטשריפט, וואָס האָט אויסגעציקעלט יעדעס אות, אָבער ווען עס איז געקומען צו גראַמאַטיק, איז ער, לא עליכם, געווען אַ גרויסער עם הארץ. אויך אידיש האָט ער גאַנץ קנאַפּ געקענט, באַזונדערס שוואַך איז ער געווען אין אויסלייג פון די העברעאישע ווערטער... אָבער ביז די שטעטעלשע אידען האָבען זיך געכאַפּט, וואָס פאַר אַ „כתבא רבא״ משה איז — איז אַדורך אַ לאַנגע צייט. דערווייל האָט ער אויפגעשטעלט אַ דור קאַליקעס, סיי אין רוסיש און סיי אין אידיש. עס איז טאַקע געווען אין מיין שטעטעל אַ צוויי־קלאַסיגע „באַטשאַלנאַיע אוטשילישטשע״, אָבער קיין שום בכבוד׳ער כאָנאַראָדער איד וואָלט נישט געהאַט די העזה אַוועקצוגעבען אַהין זיינס אַ קינד. וואָס הייסט עפּעס אַ אידיש קינד אין אַ גוי׳אישער שקאָלע?

איך מוז פעסטשטעלען דעם אמת, אַז ביז צו מיין חתונה איז משה דעם שרייבער׳ס „אוניווערסיטעט״ געווען פאַר מיר דער איינציגער קוואַל פון וועלטליכען וויסען, אַן אַך און וויי איז געווען צו אַזאַ וויסען... אַז איך בין שפּעטער אַרויס אין דער ברייטער וועלט, האָב איך ערשט דערזען, וויפיל עס פעלט מיר און וויפיל איך דאַרף אָניאָגען, וואָס משה דער שרייבער האָט קאַליע געמאַכט מיט זיין קאַליגראַפיע.

איצט, ווען מ׳האָט געדאַרפט קלוג און פאַרזיכטיג צוזאַמענשטעלען דעם טעקסט פון דער פּראָשעניע צום כערסאָנער גובערנאַטאָר, אַז מען זאָל נישט אַרויסטרייבען די אידען פון כאַנעראַד — איז דער איינציגער „קענער״ פון רוסיש ווידער געווען משה דער שרייבער. אָבער דאָס מאָל האָט מען זיך שוין נישט פאַרלאָזט אויף אים אַליין. דער טאַטע האָט פאַרבעטען צו זיך דעם לערער פון דער שטאַטישער שולע, אַז ער זאָל אויסבעסערען משה׳ס פעלערן. נאָכ׳ן לערער האָט מען נאָך די פּראָשעניע געוויזען דעם אַפּטייקער און דעם אַקציזניק, און ערשט ווען די דאָזיגע עכטע קאַצאַפּעס האָבען געגעבען זייער הסכמה, אַז עס איז גוט אָנגעשריבען — איז די דעלעגאַציע פון די חשוב׳ע אידען אָפּגעפאָרען אין אַ מזל׳דיגער שעה אין דער גובערניע אַריין.

געקומען קיין כערסאָן, האָט די דעלעגאַציע גלייך אויפגעזוכט דעם קאַזיאָנעם ראַבינער, אַז ער זאָל אויסאַרבייטען פאַר זיי אַן אוידיענץ ביים גובערנאַטאָר. ענדליך זיינען זיי אָנגעקומען צום גובערנאַטאָר. דער טאַטע איז געווען דער פירשפּרעכער פון דער דעלעגאַציע און ער האָט אויך גע־דאַרפט ענטפערען אויף די אַלע פראַגעס, וואָס דער גובערנאַטאָר האָט גע־שטעלט.

נאָכ׳ן צוריקקומען פון דער דעלעגאַציע האָבען זיך די אידען אַרומגעזען, אַז אויפ׳ן גובערנאַטאָר אַליין קען מען זיך נישט פאַרלאָזען, מען דאַרף אויך צוציען דעם רבונו של עולם אין דעם עסק אַריין. האָט דער רב טאַקע גוזר

תענית געווען, אידען האָבען פאַרמאַכט די געשעפטען, מ'האָט זיך פאַרזאַמעלט אין שוהל און געזאָגט תהילים אַ גאַנצען טאָג.

אין זעקס וואָכען אַרום איז דער רב מיט'ן טאַטען געוואָרען גערופען צום פריסטאַוו, וועלכער האָט זיי מיטגעטיילט די גוטע בשורה, אַז די גזירה איז אָפּגעשריגען געוואָרען און כאַנעראַד בלייבט ווידער אַ כרך אין דעם תחום המושב, וואו אידען וועלען ווייטער קענען וואוינען. די שמחה אין שטעטעל איז געווען אין לשער. עס האָבען זיך אַפילו געשאַפען צוויי פאַרטייען אידען: איינע האָט געהאַלטען, אַז דאָס האָט די גוט־געשריבענע פראָשעניע אַלץ אויסגעפּועל'ט, די אַנדערע, ווידער, האָט גע'טענה'ט, אַז דאָס האָט מען צו פאַרדאַנקען נאָר די הייסע קאַפּיטלעך תהילים און די טרערען, וואָס די שטעטעלשע אידען האָבען דערביי פאַרגאָסען, בעת דער רב האָט גוזר תענית געווען.

אָבער ביידע צדדים האָבען זיך באַטייליגט אין דער פייערליכער סעודת־מצוה, וואָס איז מיט גרויס פּאַראַד געפייערט געוואָרען ביי אונז אין הויז לכבוד אָט דעם גליקליכען אויסגאַנג. די מאַמע אַליין האָט זיך דאָס מאָל נישט געקענט ספּראַווען און זי האָט צוגענומען אַ ספּעציעלע סאַרווערין, וואָס האָט געבאַקען און געקאָכט פון אַלעם גוטען, און אַז די שטעטעלשע אידען זיינען שוין געווען גוט בגילופין, האָט מען באַשלאָסען צו פאַרבעטען אויך דעם סטאַרשינאַ מיט'ן אוריאַדניק מיט די „סאָטסקיס", אַז זיי זאָלען אויך נעמען אַ לחיים מיט די אידען, הגם פאַר קיין גרויסע אוהבי ישראל האָט זיי קיינער נישט געהאַלטען.

# אַ חסיד׳ישער רבי קומט אין שטעטל אַריין

אין אַ שיינעם ווינטערדיגען טאָג האָט דער טאַטע דערהאַלטען אַ בריוו פון זיין רבי׳ן ר׳ אהרן יואל פון קאָנטעקאָזיווע, אַז ער געפינט זיך אין שטעטל רעוואָוצק, און אַז פון דאָרטען וועט ער, מיט׳ן אויבערשטענס הילף, אַרי־בערקומען קיין כאָנאָראָדע, אויף זיין יערליכער באַזוך.

איך פערזענליך בין באַזונדערס געווען פאַראינטערעסירט אין רבי׳נס קומען. נאָכ׳ן אַהיימקומען פון בערדיטשעוו, וואו ירוחם הקטן האָט פאַרלאַנגט פון טאַטען, אַז ער זאָל מיך איבערלאָזען אונטער זיין השגחה און דערציאונג — איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ פאַמיליען־ראָט ביי אונז אין הויז, און אַזוי ווי מען האָט נישט געקענט קומען צו קיין ענדגילטיגען באַשלוס — איז געבליבען, אַז ווי דער רבי וועט עצה׳ן, אַזוי וועט זיין. נו, האָט מען דאָס איצט געוואַרט מיט אומגעדולד אויפ׳ן רבי׳ן, אַז ער זאָל פסק׳ענען וועגען מיין צוקונפט.

ווען די שטעטעלשע אידען האָבען דערהערט, אַז דער רבי קומט — איז מען געוואָרען גאָר אויפגערוימט. קודם האָט זיך אָנגעהויבען אַ שפּאַרעריי, ביי וועמען פון די חסידים דער רבי זאָל איינשטיין. אָבער סוף־כל־סוף איז מען אַרורכגעקומען, אַז די טעג פון זיין פאַרברענגען ביי אונז וועט דער רבי יושר׳דיג פאַרטיילען צווישען זיינע אָנגעזעענסטע חסידים. דאָן איז גע־שטאַנען די פראַגע פון פאָרען באַגעגענען דעם רבי׳ן. און צולעצט, צו באַ־זאָרגען דעם רבי׳נס טיש, אַז עס זאָל נישט פעלען פון קיין פויגעל־מילך.

דער טאַטע מיט׳ן פעטער ישעיה האָבען זיך נישט דערוואַרט אויף די איבעריגע חסידים, האָבען געדונגען אַ פאַיעטאָן און אַוועקגעפאָרען גלייך קיין רעוואָוצק מקבל־פנים זיין דעם רבי׳ן. אַנדערע, אַביסעל שוואַכערע חסידים, האָבען געדונגען בוידען און זיינען אַרויסגעפאָרען בלויז עטלעכע ווערסט צו באַגעגענען דעם רבי׳ן. די גאָר געמיינע לייט זיינען אַרויסגעגאַנגען צום שאָסיי צופוס, כדי אָפּצוגעבען דעם רבי׳ן אַ שלום עליכם פאַר זיין אַריינ־פאָרען אין שטאָט.

און דעם טאָג, ווען דער רבי איז אָנגעקומען אין שטעטל אַריין, איז קינד און קייט אַרויס אויף דער גאַס. אידען האָבען אויסגעשפּאַנט די פערד פון רבי׳נס בויד און מיט די אייגענע הענט צוגעפירט די בויד צו דער אכסניא, וואו דער רבי האָט געדאַרפט איינשטיין.

מיט אַ באַזונדערען חסידישען ברען האָט מען זיך גענומען גרייטען צום שבת מיט׳ן רבי׳ן אַלס גאַסט. דאָס מאָל האָבען מיר געדאַווענט אין רבי׳נס מנין. דער קבלת שבת און דעם רבי׳נס העויות האָבען זיך פאַרצויגען זעהר לאַנג, אַזוי, אַז דער טאַטע איז אַהיימגעלאָפען גאַנץ שנעל, געמאַכט קידוש, געגעסען גאָר וויניג און איז גלייך אַוועק צום רבי׳נס טיש.

דאָ האָט זיך דער טיש פאַרצויגען ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין. מען האָט זיך געשטופט און געשטויסען צו כאַפּען אַ שטיקעל שיריים פון רבינ׳ס פיש, און ווען דער טאַטע האָט, איינער פון די ערשטע, געקראָגען פון רבי׳ן זיין חלק פיש — האָט ער דאָס גלייך פאַרטיילט צווישען אונז, קינדער, אַז מיר זאָלען אויך הנאה האָבען פון רבינ׳ס כיבוד און זאָלען זיך צוגעוואוינען צו פרומקייט און חסיד׳ישע מידות.

דאָס זעלבע האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט שבת בייטאָג. דער טיש האָט גאָר־נישט אויפגעהערט. צווישען איין מאכל און דעם אַנדערען האָט דער רבי געזאָגט תורה. מען איז קוים פאַרטיג געוואָרען מיט׳ן בייטאָגיגען מאָלצייט, האָט מען זיך גלייך גענומען גרייטען צום שלוש־סעודות. דאָ איז שוין געווען ביר אויפ׳ן טיש, מ׳האָט געטרונקען לחיים צום רבי׳ן און צווישען אַנדערע ברכות האָט מען זיך שטילערהייט אָנגעוואונטשען, אַז אַלעקסאַנדער דער דריטער זאָל איינגעמען אַ מפלה במהרה בימינו.

נאָכ׳ן מעריב און נאָכ׳ן מחדש זיין די לבנה, האָט דער רבי געמאַכט הבדלה, דערנאָך האָבען חסידים געזונגען „ויתן לך״, די „אל תירא׳ס״, די „אליהו הנביא׳ס״ און אַזוי האָט זיך דאָס געצויגען ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די מלוה־מלכה. ערשט דאָ האָט זיך צעפלאַקערט דער חסיד׳ישער ברען אין זיין גאַנצער שטאַרקייט. עס איז געווען לעבעדיג און פריילין, דער עולם האָט זיך געלאָזט אין אַ ריקוד׳ל, און הגם די שמחה מיט׳ן רבי׳ן האָט שוין אָנגעהאַלטען איבער אַ מעת־לעת, האָט קיינער נישט געפילט קיין מידקייט. און אָט ווען דער עולם איז געווען גאָר בגילופין, חסידים האָבען פאַרוואָרפען אַקסעל־אויף־אַקסעל און אַוועק אין אַ טענצעל לכבוד דעם רבי׳ן — דעמאָלט איז עס געשען דאָס, וואָס איז געשען. נאָר פריער מוז איך מאַכען אַ קליינעם אַריינפיר.

חסידים פון די אַמאָליגע רוסישע רבי׳ס, אויב אַזעלכע לעבען נאָך, וועלען זיך דערמאָנען, אַז אין די אַכציגער יאָרען פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט איז אַרויס אַן אוקאַז פון דער צאַרישער רעגירונג, וואָס האָט פאַרבאָטען גוטע אידען אַרומצופאָרען איבער די שטעטלעך און זאַמלען געלט. דער אָפיציעלער אויסרייד פון דער רעגירונג פאַר דעם פאַרבאָט איז געווען, אַז אונטער די רבי׳ס באַהאַלטען זיך סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען, וואָס קלייבען איינענטליך געלט, כדי אַראָפּצוואַרפען דעם קייסער. וואָס האָבען אידען געטאָן? אַז אַ רבי האָט געדאַרפט קומען אין אַ שטעטעל אַריין, איז מען פריער „אַדורכגעקומען״ מיט דער היימישער נאַטשאַלסטווע, דער עיקר מיט׳ן פּריס־

טאַוו, אָדער מיט'ן אוריאַדניק, און ווען דער רבי איז געקומען, האָט זיך יענער געמאַכט נישט זעענדיג, און אַלץ איז אַראָפּ גלאַט.

אין כאַנאַראַד איז דער פּריסטאַוו, לא עליכם, געווען אַ „בקי־כפים'ניק", אַ גוי אַ רשע, וואָס וויל נישט נעמען אין „יד" אַריין. און אפשר האָט ער זיך געשראָקען פאַר מאַנכע אידעלעך פון אונזער שטעטעל, וואָס האָבען גע־האָט אַ שוואַכקייט אונטערצו'מסר'ן איינער אויפ'ן אַנדערען. האָט ער זיך געטראַכט: אויב איין איד מסר'ט אויף דעם צווייטען אידען, קען ער דאָך אוודאי גיין און אָפּ'מסר'ן דעם פּריסטאַוו אין דער גובערניע.

ווי די זאַך זאָל נישט האָבען געווען, — אין יענעם היסטאָרישען שבת צונאַכטס, ווען די חסידים האָבען געטאַנצט אַרום זייער רבי'ן און האָבען פאַרגעסען אויף וועלכער וועלט זיי זיינען, — עפענט זיך אויף די טיר און עס קומט אַריין דער פּריסטאַוו מיט'ן אוריאַדניק, אין באַגלייטונג פון די „סאָטסקיס" און „דעסיאַטניקעס" און ווענדעט זיך צום רבי'ן, וועלכער זיצט אויבען־אָן אין שטריימעל, מיט'ן גראָבען לשון טאָקע אויף „דו": „וואָס טוסטו דאָ? ווער האָט דיר דערלויבט צו קומען אַהער? וויסטו נישט, אַז דאָס איז געגען „זאַקאָן"?

דעם טומעל און סומאַטאָכע, וואָס איז געוואָרען, איז גאָר שווער אָפּצו־שילדערען. דער רבי איז געוואָרען בלאַס ווי די וואַנט. אַלעמענס אויגען האָבען זיך געווענדעט צום טאַטען, וואָס איז געווען אויסגעבונדען מיט די היימישע גויים. אָבער מ'האָט גאָרנישט געקענט אויפטאָן מיט דעם נקי־כפים'־ניק און עס איז געפאַלען דער באַפעל: „אַרעסטאָוואַט!"

מען האָט דעם רבי'ן אַרעסטירט און גלייך אָפּגעפירט אין דער פּאָליציי. דער פּריסטאַוו, דער רשע, האָט דוקא געוואָלט אָפּשיקען דעם רבי'ן אויף צומאָרגענס מיט'ן עטאַפּ קיין יעליסאַוועטגראַד, דאָס מיינט, אַז מען וואָלט אים געשיקט אונטער אַ פּאָליציי־עסקאָרט פון איין וואָלאָסט אין דעם צווייטען, און אין יעדען אָרט וואָלט מען אים געהאַלטען אין דער פּאָליציי. מען רעדט שוין נישט וועגען דעם חילול השם, נאָר ווי וואָלט דער רבי אויסגעהאַלטען צו וואַלגערען זיך עטליכע וואָכען אונטערוועגס?

קוים מיט צרות האָט מען גע'פועל'ט, אונטער דער פּערזענליכער גאַראַנ־טיע פון עטליכע בעלי־בתים, אַז זיי וועלען אַליין צושטעלען דעם רבי'ן קיין יעליסאַוועטגראַד און פאַר זיכערקייט־וועגען זאָלען אים באַגלייטען צוויי פּאָליציאַנטען.

אויף צומאָרגענס אינדערפרי האָט מען געדונגען אַ פאַיעטאָן מיט גוטע צוויי פערד, מען האָט אַרויפגעזעצט דעם רבי'ן, וועלכער איז באַגלייט געוואָרען פון טאַטען און פון נאָך אַ שיינעם בעל־הבית, מענדעל צימערמאַן, פון ביידע זייטען פאַיעטאָן האָבען זיך אַרויפגעזעצט צוויי פּאָליציאַנטען — און אַזוי האָט זיך טרויעריג פאַרענדיגט דער באַזוך פון רבי'ן ביי אונז אין שטעטעל. וועגען אויסהערען דעם רבינ'ס עצה בנוגע ירוחם הקטן האָט שוין קיין רייד נישט געקאָנט זיין. עס איז שוין קיינעם נישט געקראָכען אין קאָפּ אַריין.

## איך ווער בר־מצוה און מען גיט מיך אָפּ פּאַר אַ בעל מלאָכה

מיין חלום צו ווערען אַ וואַנדערענדער משורר ביי אַ חזן האָט געמוזט אַוועקגעלייגט ווערען אין דער לאַנגער באַנק אַריין. אַזוי ווי דעם טאַטענ׳ס רבי איז אַרעסטירט געוואָרען און דער טאַטע האָט געהאַט גרויסע צרות ביז ער האָט אים אַרויסגענומען פון אַרעסט אין יעליסאַוועטגראַד — איז אים שוין מער נישט געלעגען אין זינען צו פרעגען דעם רבי׳ן אָן עצה וועגען דער משורר׳יי פון זיין אינגעל. עס איז מיר נישט געבליבען קיין אַנדער עצה, ווי ווידער אַוועקצוגיין אין חדר אַריין.

איך בין אַלט געווען צווישען צען און עלף יאָר, ווען מ׳האָט מיך אָפּגע־געבען צו מאָניש, ישראל דעם לאַנגענ׳ס, אין חדר אַריין. אַזוי ווי דאָס איז געווען מיין לעצטער רבי, האַלט איך עס פּאַר מיין חוב אים צו ווידמען עטליכע ווערטער. מאָניש איז געווען אַ קליין, דאַר אידעל מיט אַ טונקעל־ברוינעם, קאָרענעם פּנים. אַ גאַנץ שיטער בערדעל האָט אַרומגעזוימט זיין געזיכט, און אין זיינע וואַנצעס האָבען געפעלט גאַנצע שטיקער, ווי ער וואָלט זיי אויסגעביסען.

ער איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ פרומער איד, אָבער קיין פאַנאַ־טיקער איז ער נישט געווען. פאַרקערט, ער האָט שוין אויסגעשריבען דעם „המליץ" און האָט אַפילו געכאַפּט אַ בליק אין דער רוסישער „בירזשעוויע וויעדאָמאָסטי", כדי צו וויסען וואָס מען הערט אין דער וועלט מכח פּאָליטיק. ער איז געווען גאָר אַ גוטער מלמד און כ׳האָב גאָר אַ סך ביי אים זיך אויס־געלערענט, אָבער גלייכצייטיג קאָן איך נישט פאַרגעסען די שלעכטע זאַכען, וואָס כ׳האָב זיך אָנגעזען ביי דעם דאָזיגען רבי׳ן אין שטוב.

אַזוי ווי מאָניש איז געווען אַ קליינער, אַזוי איז זיין אידענע, בת־שבע, געווען לאַנג ווי דער אידישער גלות. מען קאָן ניט זאָגען, אַז ביי דעם דאָזיגען פּאָרעל האָט געהערשט דער אידעאַלער שלום־בית. האָט מען זיך אַרומגעריסען און גאָר אָפּט זיינען געפלויגען גאַנץ הילכיגע פּעטש... דאָס מלמדות האָט נישט געקאָנט דעקען די גאַנצע פּרנסה, האָט בת־שבע אונטערגעהאַנדעלט אין אַ געוועלבעל מיט אַביסעל היי און האָבער. אָבער דער רבי מאָניש האָט קיין פינגער נישט צוגעלייגט אַרויסצוהעלפען דעם ווייב, וואָס האָט זיך גע־מאַטערט מיט׳ן געוועלבעל און מיט דער פולער שטוב קינדערלעך. ווען ער האָט געהאַט אַ פרייע שעה, האָט ער זיך צעלייגט לייענען די גאַזעטען. די ווייב

איז אַריינגעקומען און האָט אים באַשאָטן מיט טויטע קללות. מיר, דאָס קליינוואַרג, האָבן דאָס געמוזט אויסהערן. יאָרנלאַנג האָט מיך באַגלייט דאָס קאָמישע בילד פון דעם קורצן רבי׳ן מיט דער לאַנגער רבי׳צין, ווי זיי רייסן זיך אַרום פאַר אונז קינדער אין די אויגן.

דערצו איז נאָך מאַניש געווען אַ בייזער איד; אונז, קינדער, פלעגט ער נישט שלאָגן, נאָר קנייפּן און אויסרייסן שטיקער פליש, אָדער ציען פאַר די אויערן. יעדער פון אונז איז געווען באַדעקט מיט שיניאַקעס איבער׳ן גאַנצן קערפּער. אָט ביי דעם רבי׳ן האָב איך זיך געמוזט אָפּמאַטערן גאַנצע צוויי מיט אַ האַלב יאָר. ווען עס האָט זיך דערנענטערט מיין בר־מצוה, האָב איך מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט געזאָגט דעם טאַטן, אַז מער אין חדר וועל איך נישט גיין. דער טאַטע האָט קוים גע׳פּועל׳ט ביי מיר, אַז איך זאָל גיין כאָטשבי נאָך צוויי חדשים, און דאָס בלויז עטליכע שעה אין אָוונט, כדי ער זאָל מיך אויסלערנען די דינים פון תפילין־לייגען. די רעשט צייט פון טאָג האָב איך אַרויסגעהאָלפן דעם טאַטן אין קראָם.

צו דער בר־מצוה האָט מען מיר געגעבן אַ פּאָר תפילין, וואָס זיינען געבליבן בירושה פון מיין זיידן. דאָס זיינען געווען אויסערגעוויינליך שווערע תפילין, געשריבן אויף עפּעס אַ ספּעציעלן פּאַרמעט, אָבער זיי האָבן מיר אַראָפּגענומען דעם קאָפּ.

מיין זאָגן די הפטורה צו דער בר־מצוה געדענק איך ווי היינט. איך האָב געזאָגט מיט׳ן טראָפּ און די שטימע האָט געקלונגען גאַנץ שיין, הגם זי האָט שוין אָנגעהויבן איבערגיין פון אַלט צו טענאָר. גאָר גרויס איז געווען מיין איבעררעשונג, ווען די אידען אין שול האָבן מיך נישט געוואָלט אַראָפּלאָזן פון באַלעמער, נאָר איך זאָל דאַווענען מוסף. דאָס איז געווען מיין ערשטער מוסף־דאַווענען פאַר׳ן עמוד. איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ טעם ער האָט געהאַט; איך ווייס נאָר, אַז די כאַנאַראָדער אידען זיינען געווען אין זיבעטן הימעל און אַלע ברכות זיינען אַוועק צום טאַטן, אַז זיין קינד וואַקסט אַ גרויסער חזן און אַז ער וועט נאָך אַ סך נחת דערלעבען פון מיר.

מען האָט אָפּגעהוליעט די בר־מצוה ביי אונז אין הויז און עס איז געשטאַנען די פראַגע: וואָס טוט מען ווייטער? איך בין שוין אַ אינגעל אין פערצענטן יאָר, דער טאַטע האָט שוין אָפּגעזאָגט די ברכה: „ברוך שפטרנו״, עס איז שוין די העכסטע צייט צו טראַכטן וועגן אַ תכלית. וועגן ווייטער גיין אין חדר אַריין האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. מיין אַלטער קינדערשער חלום צו ווערן אַ משורר איז שוין אויך אַביסעל פאַרעלטערט געוואָרען: די שטימע מיינע, ווי געזאָגט, האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו בייטן. אַפילו פון פראָפעסיאָנעלן מוזיקאַלישען שטאַנדפּונקט, וועגן וועלכען כ׳האָב דעמאָלט, פאַרשטייט זיך, קיין אַנונג נישט געהאַט, מוז מען וואַרטען ביז דער עלטער פון זיבעצען־אַכצען יאָר. וואָס זאָל איך דאָ לייקענען, עס איז מיר געווען קאָלעמוטנע אויפ׳ן האַרצן.

עס האָט זיך אָנגעהויבען אַן ערנסטע שפּאַרעריי ביי אונז אין שטוב, וואָס מיט מיר ווייטער צו טאָן. די מאַמע איז געווען דורכאויס דערפאַר,* אַז איר קינד זאָל ווייטער לערנען תורה און איך זאָל ווערען אַ גרויסער למדן, ווי עס האָט זיך געפירט ביי אירע עלטערען און אור־עלטערען. דער טאַטע האָט געהאַט אַ מער פּראַקטישען קוק און זיין מיינונג איז געווען, אַז עטליכע שעה אַ טאָג זאָל איך ווייטער צוהעלפען אין דער שניט־קראָם, און עטליכע שעה אין טאָג זאָל איך זיך לערנען אַ מלאכה. און ער האָט גלייך געהאַט צו־געגרייט אַ מלאכה פאַר מיר: איינבינדעריי, און אין אָווענט זאָל איך נאָך אַביסעל צולערנען.

ווי דער טאַטע האָט גע׳פּסקנ׳ט אַזוי איז געווען. עס איז אינטערעסאַנט מיט וואָס דער טאַטע האָט באַרעכטיגט זיין פאַרלאַנג צו לערנען מיך אַ מלאכה. הגם מיר האָבען געשטאַמט פון דורות לומדים און סוחרים און קיין בעל־מלאכה האָט מען נישט געקאָנט געפינען אין אונזער משפּחה אַפילו פאַר אַ רענדעל, האָט דער טאַטע דאָך דערשמעקט דעם גייסט פון דער נייער צייט. ער האָט געזאָגט, אַז עס איז גוט, אַז אַ יונגער מענש זאָל האָבען אַ פאַך אין האַנט. און צווייטענס — דער פּריזיוו. איך בין געווען אַ געזונטער און שטאַרקער בחור, קיין שום לגאָטעס, וואָס זאָלען מיר געבען אַ שאַנס באַ־פרייט צו ווערען פון פּריזיוו, האָב איך נישט געהאַט. איז טאָמער, חלילה, וועט מיר אויסקומען צו גיין דינען פאָניען, זאָל איך קענען אַ שטיקעל מלאכה, עס וועט מיר צונוצקומען.

אָבער איינבינדעריי אין מיין שטעטעל אין יענע יאָרען איז געווען אַ קנאַפּער פאַך. קיין פּרנסה אַ מענשען האָט דאָס נישט געקאָנט געבען. נאָך אַ האַלב יאָר לערנען האָב איך שוין געקענט די מלאכה, אָבער קיין אַרבייט איז ביי מיין מייסטער אַליין נישט געווען. איז דער טאַטע געפאַלען אויף אַן אַנדער געדאַנק: אין שכנות׳דיגען שטעטעל באַגאָפּאָל האָט געוואוינט אונ־זערס אַ ווייטער קרוב, וועלכער איז געווען אַ שלאָסער־מעכאַניקער. צו אים האָט מיך דער טאַטע אָוועקגעפירט און געזאָגט: שלאָסעריי איז אַ בעסערער פאַך ווי איינבינדעריי, לערן דיך אויס און וועסט זיין אַ מענש.

דער באַגאָפּאָלער קרוב האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַן אויסגעצייכענטען בעל מלאכה, נישט קיין פאַרטאַטש, ווי עס איז געווען אָנגענומען אין יענער צייט. ער איז דערצו געווען אַן אינטעליגענטער מענש און ער האָט זיך גענומען ערליך אויספירען די מיסיע, וואָס דער טאַטע האָט אים איבערגעגעבען. נאָר דערביי האָט ער געזאָגט, אַז ווען צו אים קומט אָן אַ אינגעל אויף דער לער, מוז ער טאַקע זיין אַ לערן־אינגעל, דאָס מיינט, ער מוז טאָן אַלץ וואָס מען הייסט אים, אַניט וועט ער זיך קיינמאָל גאָרנישט אויסלערנען.

נו, נו, ער האָט מיר נישט געקאַרגט קיין אַרבייט. איך האָב געמוזט אָנטאָן די קינדער אין שטוב און זיי אַוועקפירען אין חדר אַריין. כ׳האָב געמוזט גיין אין מאַרק אַריין איינקויפען פאַר דער בעל־הבית׳טע און — טאַקע פאַרקערען

די שטוב אויך. נאָר דאָס איז אַלץ געווען אַ שפּילכעל אַנטקעגען דעם, וואָס עס האָט מיך דערוואַרט שפּעטער. עס איז געקומען דער אָסיען מיט זיינע רעגענס און טיפע בלאָטעס. יעדען טאָג האָב איך געדאַרפט גיין און ברענגען צושלעפּען אַ זאַק מיט קוילען אויף די פּלייצעס אויף אונטערצוהייצען דעם אויוון אין וואַרשטאַט. נאָך היינט שפּיר איך דעם טעם פון יענע זעק אויף מיינע יונגע פּלייצעס. באַגאַפּאַלער בלאָטעס זיינען נישט עפּעס סתם בלאָטעס נאָך אַ רעגען. גאַנץ אָפט האָב איך אַרויסגעשלעפּט אַ פוס פון אַזאַ בלאָטע און דער שטיוועל איז געבליבען שטעקען...

אַזוי האָב איך געשלעפּט די זעק און עס האָט געהייסען, אַז איך לערען מיך פאַר אַ שלאָסער. נאָך אַ נס, וואָס אין דעם זעלבען שטעטעל האָב איך געהאַט צוויי פעטערס, איינעם פון דער מאַמע׳ס צד און איינעם פון טאַטענ׳ס צד. יעדען שבת בין איך געקומען צו די פעטערס צוגאַסט און כ׳האָב מיר אַביסעל אַרויסגעשלאָגען פון קאָפּ די שלאָסעריי. דאָס גיין צו די פעטערס האָט געהאַט אַ באַהאַלטענעם מיין. זיי האָבען ביידע געהאַט שיינע טעכטער, באַזונדערס חנ׳עוודיג איז געווען די טאָכטער פון פעטער יונה, דער מאַמע׳ס ברודער. דער קאָליר פון אירע האָר איז אַריינגעפאַלען אין רויט, דאָס פּנים פון ווייסען אַלבאַסטער און אינגאַנצען האָט זי אויסגעזען עפּעס אַריסטאָקראַטיש, גאָר נישט ווי אַ קליין־שטעטעלדיגע.

אָבער איך האָב מיך געדאַרפט שטאַרק היטען נישט אַרויסצורייִדען, חלילה, אַ וואָרט צו מיין שיינער קוזינע; דאָס וואָלט געווען נישט „אין גוטען טאָן" אין דעם שטאַרק־פרומען הויז פון מיין פעטער יונה. בין איך געזעסען און געערעדט וועגען כל־ערליי זאַכען מיט איר ברודער און פונדערווייטענס געוואָרפען פאַרבאָרגענע בליקען אויף דעם בילד־שיינעם מיידעל.

איינמאָל בין איך גאָר אַריינגעפאַלען. איך האָב געהאַט די העזה צו וועלען זאָגען „גוט שבת" צו מיין קוזינע, אויסשטרעקענדיג דערביי צו איר די האַנט. גראָד אין דעם מאָמענט איז אַריין אין שטוב דער פעטער, וועלכער האָט מיר געמאַכט אַ ווילסטען סקאַנדאַל. ער האָט געשריגען, אַז איך ברענג אַריין אין זיין הויז „גוי׳אישע מידות" און אַז איך זאָל גלייך פאַרלאָזען זיין הויז.

מיין ווייטאָג און בזיון איז גאָר נישט מעגליך צו שילדערען. נאָך מער האָב איך איבערגעלעבט, ווען איך האָב מיר פאָרגעשטעלט די פּאַרציע, וואָס מיין קוזינע וועט אַריינכאַפּען פון איר איבערגעטריבען־פרומען טאַטען. אָבער מיט דעם דאָזיגען אינצידענט האָט זיך פאַרענדיגט מיין שלאָסער־קאַריערע אין באַגאַפּאָל. מיינע ביידע שטעטעלשע פעטערס האָבען אַוועקגעשריבען אַ בריוו צום טאַטען, אַז ער זאָל מיך גלייך אַהיימנעמען, ווייל איך פאַרשאַף זיי בלויז חרפּות און בזיונות. אין אַ וואָך אַרום בין איך שוין געווען אין דער היים און ווידער איז געשטאַנען די אַלטע פראַגע: וואָס וועט זיין דער תכלית פון מיר?

# אַ סך מלאָכות און ווייניג ברכות

די איינציגע תורה, וואָס כ'האָב מיך אויסגעלערענט ביים שלאָסער אין באָגאָפּאָל איז געווען, אַז כ'האָב געוואוסט ווי מען פאַרריכט אַ שלעסעל. קיין קאַריערע האָט מען אויף דעם נישט געקאָנט בויען. איז ווייטער געשטאַנען פאַר טאַטע־מאַמע די פראַגע: וואָס טוט מען מיט אַזאַ דערוואַקסענעם בחור ווי איך?

נאָך לאַנגע באַראַטונגען אין דער משפּחה איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז אַזוי ווי דער פעטער אליעזר (דער שיינער בעל־תפילה) איז אין מסחר, לא עליכם, אַ גרויסער שלים־מזל, וועט דער טאַטע געבען עטליכע הונדערט רובעל און מיר וועלען פאַרלייגען בשותפות אַ תבואה־געשעפט. דאָס געשעפט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיר פלעגען זיך אַרויסלאָזען אויף די מערק איינקויפען ביי די פויערים ווייץ, קאָרן און גערשטען, וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

דער פעטער איז געווען דער מבין, און איך, וואָס איך בין געווען דער שטאַרקער יונג, האָב געשלעפּט די זעק מיט תבואה אין דעם גרויסען שפּייכלער אַריין, וואָס דער טאַטע האָט אונז אָפּגעגעבען ביי זיך אין הויף. דער מסחר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט די תבואה געהאַלטען „אויף שפּעקו־לאַציע" ביז סוף ווינטער און פרילינג, ווען די פרייזען זיינען געוויינליך געווען העכערע ווי גלייך נאָכ'ן שניט.

די פאָדלאָגע פון שפּייכלער האָט מען גוט אויסצעמענטירט, אַז די מייז און שטשורעס זאָלען נישט מאַכען קיין תל פון אונזער פאַרמעגען. דער פעטער אליעזר איז געווען דער שרייבער, וואָס האָט גענוי פאַרשריבן וויפיל פוד תבואה עס איז אַריינגעקומען פון יעדען סאָרט, און ביז וואָס ווען האָט ער דערווייל אַרויסגענומען פיר רובעל אַ וואָך אויף דער הוצאה.

אַ גאַנצען ווינטער האָבען מיר געטרוימט וועגען די גרויסע רווחים, וואָס שטייען אונז פאַר פרילינג־צייט. אָבער ווען דער פרילינג איז געקומען און דער טייך אין כאָנאַראָד האָט זיך ברייט צעפלאָסען, אַזוי זיינען אויך אונ־זערע חלומות וועגען גרויסע רווחים צערונען געוואָרען. די כאָנאַראָדער מייז האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר גרעסערע בריות, ווי מיר האָבען גערעכענט. ווען מיר האָבען זיי נישט געוואָלט צולאָזען צו דער תבואה דורך דער פאָד־לאָגע, האָבען זיי זיך אַדורכגעקראָגען דורך די שפּאַרעס פון די ווענט און

האָבען געלעבט אַ גוטען טאָג אויף אונזער חשבון. אויסער דעם איז אַ סך תבואה פאַרשלעפּט געוואָרען אין די לעכער, וואָס זיי האָבען אויסגעבויערט אין די ווענט.

יעדען טאָג האָבען מיר באַמערקט, ווי אויבען אין די בערג תבואה ווערען גריבלעך און לעכער. יעדע לאָך און גריבעל האָט אונז געמאַכט אַ לאָך אין האַרצען. ווען עס האָבען זיך דערנענטערט די וואַרימע טעג, האָט מען געמוזט אַרויסנעמען די תבואה און זי אויסלופטערען, כדי זי זאָל נישט טוכלע ווערען און אָנהויבען פוילען. דאָס איז געווען גאָר אַ באַזונדער קאַפּיטעל. מ'האָט געמוזט אויסשפּרייטען גרויסע ברעזענטענע לייוונטען און אַרויסטראָגען מעסטעלווייז די גאַנצע תבואה. ביינאַכט האָב איך מיט'ן פעטער געמוזט שלאָפען לעבען דער תבואה, אַז די חזירים זאָלען זיך נישט צוכאַפּען צו איר. אויף צומאָרגענס האָט מען געדונגען גויים, וואָס האָבען געהאָלפען וואָרפען די לאָפּעטעס תבואה אין דער לופטען.

נאָך עטליכע טעג שווערער האָרעוואַניע האָט מען פריש פאַרמויערט אַלע לעכער, פאַרשאָטען סם פאַר די מייז און די תבואה איז שוין מיט מזל צוריק אין שפּייכלער. אָבער די אַלע סגולות האָבען אונז ווייניג וואָס גע־האָלפען. ווען די סוחרים האָבען אָנגעהויבען גיין צו אונז פרילינג־צייט וועגען אָפּקויפען די תבואה, האָבען זיי אויסגעפונען כל־ערליי תירוצים נישט צו געבען דעם פּרייז, וואָס מיר האָבען געפאָדערט. מיר האָבען געזען, אַז די שפּיל איז פאַר'ן טייוועל, האָט מען אָפּגעהאַקט, און די אונטערשטע שורה איז געווען, אַז נאָך אַ יאָר האָרעוואַניע, ווען איך בין געפאַלען פון די כחות פון שלעפען די שווערע זעק, איז דער רעזולטאַט געווען: ניין און צוואַנציג רובעל ריוח פאַר ביידע שותפים.

אויף דער תבואה־מסחר האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר נישט קיין גרויסען תכלית. און צו מיינע זעכצען יאָר בין איך געשטאַנען אַ הילפלאָזער, נישט וויסענדיג וואָס מען הויבט אָן ווייטער צו טאָן. ווידער איז אונטערגעקומען דער טאַטע מיט אַ נייעם פּראָיעקט. אַזוי ווי שטייענדיג ביי אים אין שניט־קראָם אַ שטיקעל צייט בין איך שיער נישט געוואָרען אַ גאַנצער ספּעציאַ־ליסט אין מאַנופאַקטור, וואָלט אפשר גלייך געווען צו גיין „פאַר זיך" און עפענען אַן אייגענע שניט־קראָם. דער טאַטע האָט באַמערקט, אַז מיך ציט צו זעלבשטענדיגקייט און מיך באַפרידיגט נישט צו זיין ביי אים אַן אַרויסהעלפער.

ביים טאַטען אין קראָם האָט זינט יאָרען געאַרבייט מיינער אַ קוזין, וועלוועל, וועלכער איז דאַן אַלט געווען איין און צוואַנציג יאָר. דער טאַטע האָט נישט געוואָלט, אַז דער דאָזיגער בחור זאָל בלייבען אַן אייביגער משרת, האָט ער באַשלאָסען, אַז ער וועט אונז געבען עטליכע הונדערט רובעל און מיר זאָלען פאַרלייגען בשותפות אַ שניט־געשעפט. און אַזוי איז טאַקע

געשען. אויפ׳ן צווייטען טאָג זיינען מיר אַוועקגעפאָרען קיין אומאַן און איינ־געקויפט אַ קראָם סחורה.

אונזער מסחר איז באַשטאַנען נישט אין קאָנקורירען מיט׳ן טאַטען, נאָר אַרומצופאָרען איבער די יאַרידען אין די שכנות׳דיגע שטעטלעך. מיר האָבען זיך פאַרזאָרגט מיט אַלע נויטיגע מכשירים, ווי ברעזענטענע פּאַלאַטקעס, אייזערנע און הילצערנע דרענגער און פלעקענער, פעסטע שטריק און דאָס גלייכען. דאָס אַלץ האָבען מיר געפונען ביים טאַטען נאָך פון יענע צייטען, ווען ער איז אַליין אַרומגעפאָרען איבער די יאַרידען.

איך געדענק ווי היינט אונזער ערשטען אַרויסמאַרש אין דער נייער פּרנסה. די התחלה האָבען מיר געמאַכט טאָקע אויפ׳ן יאַריד ביי אונז אין כאַנאָראָד גופא. שבת צונאַכטס גלייך נאָך דער הבדלה האָבען מיר זיך גע־מוזט אַרויסלאָזען אויפ׳ן מאַרק, כדי צו פאַרכאַפּען אַ רעכטען פּלאַץ. אַלע הענדלער אויפ׳ן יאַריד זיינען געווען אידען, אַ חוץ צוויי גויים, עכטע קאַצאַ־פּעס. האָבען אונז די גויים אָפּגעטאָן אויף טערקיש און זיי זיינען אַרויס אויפ׳ן מאַרק נאָך אום שבת, ממילא האָבען זיי געהאַט די בעסטע פּלעצער. ווי נאָר עס איז געוואָרען פינסטער, האָבען זיך באַוויזען אחינו בני ישראל און מ׳האָט זיך גענומען שטויסען און שטופּען פאַר דעם „אויבען־אָן” אויפ׳ן יאַריד.

אונזער ערשטער אַרויספאָר איז געווען מזל׳דיג; עס איז געווען האַרבסט־צייט, די גויים האָבען געהאַט אַ סך געלט און זיי האָבען אַ סך איינגעקויפט. איך געדענק, אַז מיר האָבען געלייזט די סומע פון 115 רובעל. דאָס געלט האָבען מיר אָפּגעגעבען דעם טאַטען, און נאָך וועטשערע, נישט צו פאַרלירען קיין צייט, האָבען מיר זיך געפּאַקט און אַוועקגעפאָרען צום מאָרגענדיגען יאַריד אין שכנות׳דיגען שטעטעל פּאַטערייע. טאָמער האָבען אונז אויסגע־פעלט מאַנכע אַרטיקלען, האָט דער טאַטע אונז אויסגעבאָרגט פון זיין קראָם, און נאָכ׳ן איינקויפען אין אומאַן האָבען מיר אַלץ אָפּגעגעבען לויט דער מאָס.

און אַזוי זיינען מיר אַרומגעפאָרען פון פּאָטערייע קיין לידווינקע, פון לידווינקע קיין דובאָווע און פון דובאָווע קיין פּאָקיטילעוו און אין צענדליגער אַנדערע שטעטלעך. פון שבת צונאַכטס ביז פרייטאָג פאַרנאַכט זיינען מיר אַזוי אַרומגעפאָרען און געמאַכט גאָר נישט שלעכט. דאָס איז אַלץ געווען כל זמן דער אָסיען איז געשטאַנען אַ שיינער און אַ טרוקענער. ווי נאָר עס האָבען זיך אָנגעהויבען די רעגענס און בלאָטעס, האָבען זיך אָנגעהויבען פאַר אונז אויסגעריסענע יאָר. נישט איין מאָל איז דער וואָגען מיט סחורה געבליבען שטעקען אין אַ טיפער אוקראַינישער בלאָטע און מיר, די יונגע סוחרים מיט אונזערע יונגע פּלייצעס, האָבען זיך געמוזט איינשפּאַנען, כדי דעם וואָגען אַרויסצושלעפּען.

גאָר ביטער איז געוואָרען ווען דער ווינטער האָט זיך געשטעלט. די שנייען און זאַווערוכעס האָבען אונז נישט איינמאָל אַראָפּגעטריבען פון וועג.

דער סוף איז געווען, אַז מיר האָבען פאַרשפּעטיגט דעם יאַריד און די גאַנצע מי איז געווען אַרויסגעוואָרפען. איך געדענק ווי איינמאָל, בעת אַזאַ שניי־שטורעם אונטערוועגס האָבען מיר גאָר זיך באַגעגענט מיט אומגעריכטע געסט. אַ „טיטשקע״ (בינטעל) וועלף איז אונז געקומען אַנטקעגען מקבל פּנים זיין. די ערשטע האָבען דערשפּירט די „געסט״ אונזערע פערד, וועלכע האָבען גענומען כראַפּען און דרייען זיך אויף די ערטער. מיר זיינען אַראָפּגעשפּרונגען און געכאַפּט זיך פאַר די האָלאָבליעס. ערשט מיר הערען ווי נאָך אַנדערע רייזענדע מאַכען געוואַלדען מען זאָל זיי קומען צוהילף — זיי האָבען פאַר־לוירען דעם ריכטיגען וועג. מען האָט גענומען קלאַפּען קרעמניעס איינער אָן אַנדערען, פונקען האָבען גענומען פליען און מ׳האָט אָפּגעשפּראָכען די עין הרע, די וועלף זיינען אַנטרונען געוואָרען.

עס איז נישט געווען קיין לייכטער ביסען ברויט דאָס פאַרשוואַרצט ווערען אַזוי אַ גאַנצע וואָך. גאַנצע טעג זיינען דורך, ווען מיר האָבען קיין לעפעל וואַרעמס אין מויל נישט געהאַט. נאָכ׳ן אָפּהאָרעווען אַזוי אַ קיילעכיג יאָר מיט מיין שותף וועלוועל, האָבען מיר געמאַכט אַ חשבון, אַז עס איז אונז געבליבען ריינער ריוח הונדערט מיט זעכציג רובעל, דאָס מיינט אַכציג רובעל „נאַ בראַטאַ״. דאָס ערגסטע איז אָבער געווען וואָס כ׳האָב גענומען פאַרלירען די כחות און איינמאָל, ווען כ׳בין אַהיימגעקומען אויף שבת, האָט די מאַמע פּראָטעסטירט, אַז זי וועט מיך מער נישט לאָזען אַרומפאָרען אויף די יאַרידען.

דערצו איז נאָך אונטערגעקומען, וואָס מיין קוזין וועלוועל האָט זיך גע־מאַכט אַ שידוך; ער האָט חתונה געהאַט און איז אַוועקגעפאָרען קיין לאָנדאָן. און אַזוי האָט זיך פאַרענדיגט מיין קאַריערע פון אַ שניט־קרעמער אויף די יאַרידען.

# מען נעמט מיך צום פריזיון

צום סוף פון מיין זעכצענטען לעבענס־יאָר האָב איך דערפילט, אַז פון מיין קאָנטאָר־אַלט נעמט זיך אויספיקען אַ סאָלידע מענער־שטימע. איך האָב נישט געוואוסט פון וואָס פאַר אַ קוואַליטעט די נייע שטימע איז, אָבער איך האָב געשפּירט, אַז עס נעמט דערוואַכען אין מיר אַ געוואַלדיגער דראַנג צום זינגען, אויסצולאָדען זיך, און קיין געלעגענהייט דאָס צו טאָן האָב איך נישט געהאַט. עס האָט אויפגעפלאַמט אין מיר דער דערשטיקטער פאַרלאַנג צו זינגען ביי אַ חזן. איך האָב געזאָגט וועגען דעם דעם טאַטען, אָבער אים איז ווידער געלונגען מיך איבערצורעדען, אַז פאַר מיר וועט זיין גלייכער צו בלייבען ביי אים אין געשעפט אַלס זיין אַרויסהעלפער. איך בין געווען צו שוואַך און צו אומבאַהאָלפען אַנטקעגענצושטעלען זיך דעם טאַטען׳ס פאַרלאַנג.

דערצו האָט זיך פּלוצים אונטערגערוקט די פראַגע פון מיין פריזיוו. אַמאָ־ליגע צייטען האָט זיך ביי אידען געפירט, אַז מען האָט נישט אָפּגעהיט דאָס קינד איינצומעלדען גלייך ווי עס איז געבוירען געוואָרען. ווען דאָס קינד איז עלטער געוואָרען, האָט מען זיך אַרומגעקוקט, אַז עס וואַקסט אַ „בראַדיאַגע״, קיינער ווייסט נישט די דאַטע פון זיין געבורט. באַזונדערס שאַרף איז די פראַגע אַרויפגעשוואומען ווען עס איז געקומען צום פריזיוו־עלטער. אין אַזאַ פאַל האָט זיך דער יונגערמאַן געמוזט שטעלען פאַר אַ ספּעציעלער שאַצונגס־קאָמיסיע, וואָס האָט אויסגעשטעלט אַ „נאַרוזשני וויד״, דאָס מיינט אַ באַשיי־ניגונג וויפיל דער בחור איז אַלט.

אויך אין מיין פאַל האָט מען געמוזט אָנקומען צו אַזאַ שאַצונגס־קאָמיסיע. אַזוי ווי איך בין געווען אַ געזונטער קרעפטיגער יונג, האָט מען מיך טאַקע אָפּגעשאַצט, אַז איך בין „ראַוי״, דאָס הייסט, אַז איך בין שוין אַלט צוואַנציג יאָר. מ׳האָט מיר געהייסען זיך גרייטען צום פריזיוו צום נאָענטסטען יאָר.

געזונט, ווי געזאָגט, בין איך געווען און קיין שום לגאָטעס האָב איך נישט געהאַט, איז נישט געווען קיין שום צווייפעל, אַז מען וועט מיך צונעמען פאַר אַ סאָלדאַט. און וועלכער אידישער יונגערמאַן האָט דאָס געוואָלט גיין דינען פאָניע׳ן אין משך פון פינף יאָר צייט? האָט זיך אויפגעהויבען אַ יללה אין שטוב און עס איז געבליבען, אַז דער איינציגער, וואָס קאָן מיך אויסלייזען פון גוי׳אישע הענט איז דער קאָנטעקאָזיווער רבי, ר׳ אהרן יואל, זאָל לעבען.

דער פריזיוו איז געווײנלעך פֿאָרגעקומען צווישען נאָוועמבער און דע־צעמבער. ווען עס איז געקומען פֿאַר די ימים נוראים, זאָגט צו מיר דער טאַטע: נו, זון מײַנער, אויף די ימים טובים וועלען מיר, אם ירצה השם, אַריבער־פֿאָרען צום רבי׳ן קיין קאָנטעקאָזיווע. דאָס שטעטעלע איז געלעגען אַ צוואַנציג וויאָרסט פֿון וואָזנעסענסק, כערסאָנער גובערניע. צוזאַמען מיט נאָך עטליכע חסידים האָט דער טאַטע געדונגען אַ בויד און מ׳איז אַוועקגעפֿאָרען קיין וואָזנעסענסק. איבער׳ן גאַנצען וועג האָבען די חסידים געהאַלטען אין איין זאָגען פֿאַרשידענע תפילות הדרך.

ווען מ׳איז אָנגעקומען קיין וואָזנעסענסק, האָבען די חסידים, בתוכם אויך דער טאַטע, געהאַלטען, אַז כדי די נסיעה צום רבי׳ן זאָל אײַנגאַנצען עולה יפה זײַן, איז געוואונשען, אַז דעם לעצטען שטיקעל וועגס זאָל מען דורכ־מאַכען צופוס. וואָס גרעסער די טרחה, אַלץ גרעסער דער שכר. און מ׳האָט זיך געלאָזען אין וועג אַרײַן. אויפ׳ן וועג האָב איך זיך אָנגעהערט אָן אַ שיעור מעשיות, אָבער די פיס האָבען פֿון דעם נישט ווייניגער געבראָכען. מען איז געבליבען אָהן כחות. אַזוי זיינען מיר אָפּגעגאַנגען אַ צוואַנציג וויאָרסט, ביז שפּעט אין אָוונט זיינען מיר ענדליך אָנגעקומען קיין קאָנטעקאָזיווע.

גלייך פֿון וועג זיינען מיר אַרײַן אין רבינ׳ס בית־מדרש, וואו מ׳האָט זיך פיין אָפּגעגע׳שלום־עליכמ׳ט מיט די איבעריגע חסידים, וואָס זיינען שוין גע־ווען אָנגעפֿאָרען פֿון אַנדערע שטעטלעך, און ערשט דערנאָך איז מען אַוועק אויף דער אכסניה. איך בין אַוועקגעפֿאַלען אַ טויטער און האָב אַפילו קיין וועטשערע נישט געגעסען. דער טאַטע אָבער איז נאָך אויפגעשטאַנען צו חצות און גאַנץ פרי איז ער אַוועקגעגאַנגען אין מקוה אַרײַן.

אויף צומאָרגענס האָט מיך דער טאַטע אַוועקגעזעצט אין רבינ׳ס בית־המדרש, האָט מיר אונטערגערוקט אַ חומש׳ל, אַ תהילימ׳ל און נאָך אַנדערע חסיד׳ישע ספרים, און האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זיין פֿאַרטאָן מיט אַלע רעיונות נאָר אין הייליגע ספרים. דאָס וועט זיין אַ זיכערע סגולה, אַז דער רבי, זאָל לעבען, וועט אַלץ אויס׳פּועל׳ן און מען וועט מיך באַפרייען פֿון פֿאָניע׳ס הענט.

אויף צו להכעיס זיינען מיר גראָד דעמאָלט, ווען איך בין אַזוי געזעסען אין רבינ׳ס בית המדרש איבער די הייליגע ספרים, געקראָכען גאָר אַנדערע געדאַנקען אין קאָפּ אַרײַן. אפשר איז נישט שיין דאָס צו דערציילען, נאָר אַ מעמואַרען־שרייבער דאַרף זיין ערליך קודם כל לגבי זיך אַליין. איך האָב געטראַכט, און מיט אַלע מיינע חושים געטראַכט, וועגען דעם מיידעל יהודית, די טאָכטער פֿון דעם גרעסטען גביר ביי אונז אין שטעטעל, חיים נחמן געלפֿאַנד. דאָס איז געווען אַ איד אַ ליטוואַק, רייך ווי קורח און אַ גראָבער יונג, וואָס ס׳איז שווער צו געפינען זיינס גלייכען. ער האָט געהאַט זיין אייגענס אַ מיל און אַ גוראַלניע, וואָס האָט געליפערט בראָנפען פֿאַר דער גאַנצער אומ־געגענט.

חיים נחמנ׳ס אינגעל איז געווען מיינער אַ חבר פון חדר; צוליב אים בין איך געוואָרען אַן איינגייער צו זיי אין הויז. און ווי יונג איך בין נישט געווען, האָב איך באַמערקט דאָס שיינע מיידעל יהודית, וואָס איז אין קעגענזאַץ צום עם־הארצ׳ישען טאַטען געווען געבילדעט און באַלעזען. זי האָט דאָס געענדיגט די צוויי־קלאַסיגע אָנפאַנגס־שולע ביי אונז אין שטעטעל, אויף וואָס די אָרטיגע אידען האָבען געקוקט גאַנץ קרום. איך געדענק ווי זי פלעגט פאַרלייענען פאַר איר ברודער און פאַר מיר פון קרילאָוו׳ס משלים און ווי שטאַרק מיר האָבען הנאה געהאַט פון די דאָזיגע קלוגע מעשה׳לעך.

בין איך געזעסען ביים רבי׳ן אין בית המדרש און געטראַכט פון דער שיינער פופצען־־יעריגער יהודית. איז דאָס נישט אַ שווערע זינד? קאָן נאָך דער רבי מיר העלפען, אַזאַ זינדיגען ווי איך בין, אַז איך זאָל באַפרייט ווערען פון גוי׳אישע הענט? אָבער וויפיל איך האָב זיך נישט געראַנגעלט מיט די בייזע מחשבות, זיינען זיי אַלץ ווידער געקומען פאַר מיינע אויגען, און וואָס אַמאָל מיט אַלץ אַ שטאַרקערער קראַפט. אַן אומקלאָרער פאַרלאַנג האָט מיך פאַרפאָלגט צו זען יהודית׳ן, הגם איך האָב וואויל געוואוסט, אַז דאָס זיינען פוסטע פאַרלאַנגען. מיין טאַטע, דער יחסן, וועט קיינמאָל אין לעבען נישט איינגיין אויף אַ שידוך מיט דעם וויסטען גראָבען יונג, חיים נחמן געלפאַנד, מעג ער אַפילו זיין אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד.

איך האָב גוט געדענקט דעם פאַל, ווען כ׳האָב באַקומען פון טאַטען צוויי הייסע פּעטש, בעת ער האָט מיך איינמאָל געכאַפּט ווי איך האָב אַהיים באַגלייט יהודית׳ן, וועלכע איז געקומען מיט איר מאַמען עפּעס איינקויפען ביי אונז אין קראָם. אַ רירענדען קינדערשען געשפרעך האָבען מיר דעמאָלט געפירט צווישען זיך, און מיטאַמאָל איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגע־וואָקסען דער טאַטע און האָט מיך גוט צעפּליאַסקעט אין די אויגען פון דעם שיינעם קינד, וואָס איז דעמאָלט געווען דאָס טייערסטע אין מיינע אויגען. ווען איך דערזע פאַר זיך אַן אָפענע גרוב — וואָלט איך זיך באַ־גראָבען פאַר חרפּה און ווייטאָג.

טאָ וואָס קאָן מיר שוין העלפען דאָס טראַכטען וועגען יהודית׳ן, אַז דער טאַטע האָט אַזאַ פיינדליכע באַציאונג צו איר און איר משפחה? אָבער ווער איז אומשטאַנד צו קאָנטראָלירען יונגע געפילען און ווער האָט דעם כח זיי צו באַהערשען, אַפילו אין אַזעלכע אומשטענדען ווי די, אין וועלכע איך האָב זיך אין יענעם מאָמענט געפונען?

די סליחות־טעג ביים רבי׳ן זיינען געווען גאָר פאַרכטיגע טעג. מען איז גאָר נישט אַרויס פון רבינ׳ס בית המדרש. פאַרטאָג איז דער בית מדרש פול געווען מיט נישט אויסגעשלאָפענע, פאַר׳דאגה׳טע אידען, אָבער ווען עס איז געקומען צום „הנשמה לך״, האָבען זיך די אידען צעוויגט און צעשאָ־קעלט און זיך פאַנאַנדערגעלאָזט מיט אַזעלכע קולות, וואָס האָבען ווירקליך געקאָנט שפּאַלטען הימלען.

גאָר אַן אימה און פּחד איז באַפאַלען יעדען איינעם, ווען עס איז געקומען דער טאָג פון ראש־השנה. דער רבי אַליין האָט געדאַוונט פאַר׳ן עמוד. ער האָט געהאַט אַ שוואַכע, אָבער אַ וואַרימע און זעהר אַנגענעמע שטים און דער פולער בית מדרש מיט אידען האָט געשלונגען זיין יעדעס וואָרט און האָט געדולדיג אויסגעוואַרט די אַלע לאַנגע פויזעס, וועלכע דער רבי האָט גע־מאַכט צווישען איין פּסוק און דעם אַנדערען, שאָקלענדיג זיך דערביי און וויגענדיג זיך אין אַלע זייטען.

מוצאי יום־כפור איז ענדליך געקומען דער מאָמענט, ווען דער רבי האָט אונז געדאַרפט אויפנעמען און אויסהערען די בקשה, צוליב וועלכער מיר זיינען אייגענטליך געקומען. אַן אַ שיעור חסידים זיינען געשטאַנען און געשטופּט זיך, כדי זיך צו געזעגענען מיט׳ן רבי׳ן. דער גבאי איז געזעסען אין אַ ווינקעל און אויסגעשריבען קוויטלעך, וועלכע די חסידים האָבען גע־דאַרפט איבערגעבען דעם רבי׳ן. פאַר׳ן אויסשרייבען דעם קוויטעל האָט דער גבאי גענומען צוויי רובעל. דער קוויטעל אַליין איז באַגלייט געוואָרען מיט אַ פדיון פון ח״י רובעל כסף.

איך געדענק, אַז ווען מיר זיינען אַריין צום רבי׳ן, האָבען מיר הענט און פיס געציטערט. איך האָב ביז דעמאָלט קיינמאָל נישט איבערגעלעבט אַזאַ טיפע אינערליכע אויפרעגונג. דער רבי האָט געלייענט דאָס קוויטעל, האָט עפּעס גערעדט מיט׳ן טאַטען, דאַן האָט ער מיך צוגערופען און אונטערשפּאַ־רענדיג דעם קאָפּ מיט די עלענבויגענס, האָט ער מיט פאַרמאַכטע אויגען צו מיר געזאָגט: „זבולון, אין זכות פון מיינע עלטערען בענש איך דיך מיט דער ברכה, מיט וועלכער אונזער פאָטער יעקב האָט געבענשט זיין זון זבולון: „שמח זבולון בצאתיך וישכר באוהליך״. פאַרגעס נישט, אַז ווען דו וועסט אַריינגיין צום פּריזיוו, זאָלסטו דריי מאָל זאָגען דעם פּסוק, און איך פאַר־האָף צום רבונו של עולם, אַז דו וועסט אויסגעלייזט ווערען פון גוי׳אישע הענט״.

אויפגעמונטערט און אויפגעהייטערט, מיט׳ן רבינ׳ס ברכה אין קעשענע, זיינען מיר גלייך אויף צומאָרגענס אַהיימגעפאָרען. גאָר אינגיכען האָט זיך געדאַרפט אַרויסווייזען, צי דעם רבינ׳ס ברכה און דער פּסוק, וועלכען כ׳האָב געדאַרפט זאָגען דריי מאָל, וועלען טאַקע האָבען די געהעריגע ווירקונג אויף די טשינאָווניקעס פון דער „וואָאינסקאָיע פּריסוטסטוויע״.

# מען שרייט אוים „גאָרעו!"

מען קאָן נישט זאָגען, אַז ביי אונז אין דער היים האָט מען זיך איגאַנצען פאַרלאָזט אויף די ברכות און אָנווינשעניטען פון קאָנטעקאַזיווער רבי׳ן. מען האָט אויך געגומען זוכען „באַבסקע רפואות", ווי אַזוי צוצוקומען צו די הויכע טשינאָווניקעס, וואָס זאָלען מיך באַפרייען פון גיין דינען פאָניע׳ן.

אין די לעצטע צען טעג, איידער כ׳האָב זיך געדאַרפט שטעלען פאַר דער קאָמיסיע, זיינען פאָרגעקומען ביי אונז אין שטוב אומאויפהערליכע פאַמי־ליען־באַראַטונגען. עס זיינען עקסטרע אַראָפּגעקומען די פעטערס פון באַגאַ־פּאָל און פון אומאַנסק. דער לעצטער איז געווען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט און צוליב דעם האָט מען אים באַטראַכט פאַר אַ גרויסען „מומחה", וואָס ווייס ווי אַזוי צוצוקומען צו די „הויכע פענסטער". אָבער איידער האָבען זיך די אַלע אסיפות פון דער משפחה ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין אויסגעלאָזט מיט ברכות און ווינשענישען, אַז דער אויבערשטער זאָל העלפען.

עס איז געקומען דער טאָג פון פאָרען צום פּריזיוו. מילא, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין יענעם טאָג ביי אונז אין שטוב, איז גאָר אוממעגליך צו שילדערען. עס איז געווען, ווי מען וואָלט אימיצען, חלילה, אַרויסבאַגלייט צו אַ לויה. די געוויינען און געשרייען האָבען פאַרהילכט דעם מאַרק, וואו מיר זיינען מיט׳ן טאַטען און מיט די צוויי פעטערס אַלס עצה־געבערס אין פאַל פון אַ נויט אַריינגעזעסען אין אַ פאַיעטאָן.

אין אַ קאַלטען רעגענדיגען האַרבסט־טאָג בין איך אָנגעקומען אין דעם שטעטעל אָרעל־אַלוויאָפּאָל, וואו אויפ׳ן מאַרק האָבען זיך שוין אַרומגע־דרייט טויזענטער נאָוואָבראַנצעס, פון זיי בלויז אַ צען פּראָצענט אידען. אין דעם שטעטעל האָט דער קאָנטעקאַזיווער רבי געהאַט אַ זון, זיסעלע. איז ווי גייט מען דאָס נישט אַריין צום רבינ׳ס אַ קינד נאָך דער לעצטער ברכה, איידער מען גייט זיך איבערענטפערען אין גוי׳אישע הענט?

האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט די געשיכטע מיט׳ן קוויטעל און מיט׳ן פּדיון און מיט די אָנווינשונגען. אַהיימקומענדיג פון רבינ׳ס זון, האָט מיך דער טאַטע אָוועקגעזעצט איך זאָל זאָגען תהילים ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, אויף צומאָרגענס זעקס פאַרנאַכט האָב איך זיך געדאַרפט שטעלען פאַר דער קאָמיסיע. אַזייגער פיר האָבען זיך אַלע אידישע נאָוואָבראַנצעס פאַרזאַמעלט אין בית מדרש, כדי אָפּצודאַווענען מנחה מיט אַ מנין. מיר איז צוגעפאַלען צו דאַווענען

פאַר׳ן עמוד. די גאַנצע ביטערניש, וואָס איז מיר געלעגען אויפ׳ן האַרצען, האָב איך אויסגעלאָדען אין דער דאָזיגער מנחה.

ווען עס איז געקומען צו „ראה נא בעניינו״ אין דער הויכער שמונה עשרה, האָב איך גענומען אַזאַ הויכען טאָן, אַז דער גאַנצער בית מדרש איז אויסגעבראָכען אין אַ טיפען געוויין. נאָכ׳ן דאַווענען האָבען די אידען אויסגעדריקט די זיכערקייט, אַז נאָך אַזאַ השתפכות הנפש וועט זיכער קומען די ישועה און אידען וועלען אויסגעלייזט ווערען פון פאָניע׳ס הענט. גלייך פון בית מדרש זיינען מיר אויפגעמונטערטע אַוועק צו דער וואַאינסקאַיע פריסוטסטוויע.

אַרום זיבען אין אָוונט האָט מען אויסגערופען: „זאַגוועל שולימאָוו קוואַר־טין״, און מיט אַ האַרץ, וואָס האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס, בין איך אַריין אין זאַל. איך בין צוגעגאַנגען צו אַ קאַסטען און אַרויסגעצויגען אַ נומער, וועל־כער איז געווען 681. לויט דעם דאָזיגען נומער און לויט דער צאָל נאָוואָבראַנ־צעס, וואָס האָט געדאַרפט צוגענומען ווערען דעם יאָר, האָב איך געדאַרפט באַפרייט ווערען. אָבער דער וואַאינסקי נאַטשאַלניק האָט אויף מיר געוואָרפען אַ קוק, וואָס איז מיר גלייך נישט געפעלען געוואָרען.

ער האָט אַ זאָג געטאָן צום דאָקטאָר, אַז מען זאָל מיך קערפּערליך אונ־טערזוכען. איך בין שטיין געבליבען אַ נאַקעטער, און מיין קערפּער איז געווען ריין, גלאַט און געזונט, אַז מען האָט קיין שפּרינקעלע אויף אים נישט געקאָנט געפינען. און דעמאָלט האָב איך דערהערט די ביטערע ווערטער פון דאָקטאָר: „ווערמען דען זאָלען מיר נעמען פאַר סאָלדאַטען, אויב נישט אַזעלכע ברה־לייט. אַט אַזעלכע זעלנער דאַרפען מיר טאַקע האָבען. גאָדען!״

עס איז מיר געוואָרען פינסטער אין די אויגען. איך האָב געפילט, ווי מען וואָלט מיך אונטערגעהאַקט די פיס און איך בין געווען גרייט אַנידערצו־פאַלען אויפ׳ן אָרט. ווען דער טאַטע מיט די צוויי פעטערס, וואָס האָבען געוואַרט אינדרויסען, האָבען מיך אָנגעקוקט ביים אַרויסגיין, האָבען זיי אַלץ פאַרשטאַנען אָהן ווערטער, און דער טאַטע איז אַוועקגעפאַלען אין חלשות.

אַלע פיר זיינען מיר אַוועק אויף דער סטאַנציע, וואו מיר זיינען איינגע־שטאַנען, און מען האָט זיך גוט אויסגעוויינט. דער טאַטע האָט זיך אָבער דאָך געשטאַרקט און געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט פאַרלירען דעם בטחון און אַז דער אויבערשטער קאָן נאָך העלפען אין דער לעצטער מינוט. כדי זיך זיכטער צו מאַכען אויפ׳ן האַרצען, איז מען ווידער אַוועק צום רבינ׳ס זון, ר׳ יוסעלע, כדי אים צו דערציילען וועגען דעם גרויסען אומגליק, וואָס האָט אונז געטראָפען.

ווי צעבראָכען און פאַרטרויערט עס זיינען אַרויסגעגאַנגען די אידישע יונגענומענע נאָוואָבראַנצעס פון דער פריסוטסטוויע, פונקט אַזוי פריילעך און לוסטיג זיינען אַרויסגעקומען די צוגענומענע גויים. זיי זיינען אַוועק גלייך אין שענק אַריין, מען האָט זיך גוט אָנגעשיכור׳ט, די געוואַלדען זיינען גע־גאַנגען ביז׳ן הימעל אַריין. פאַר זיי האָט זיך מיט׳ן גיין דינען אָנגעהויבען

גאַר אַ ניי לעבען, פול מיט איינדרוקען, מיט אַרויספאָרען איבער׳ן ברייטען רוסלאַנד. אַ איד, דאַגעגען, האָט געזען אין דינען דעם קייסער דאָס גרעסטע אומגליק, וואָס האָט געקאָנט טרעפען אין זיין לעבען.

איך דאַרף ניט שילדערן וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דער היים, ווען מיר זיינען אַהיימגעקומען. עס איז געווען תשעה באב מיט יום כפור אינאיינעם. מען האָט מיך באַוויינט ווי מען וואָלט מיך, חלילה, געדאַרפט פירען צו דער קבורה. דעם זעלבען אויפדערנאַכט איז געקומען צו אונז דער כאַנאָראָדער רב, ר׳ יצחק׳ל, וועלכער איז געווען אַ ידיד נאמן פון טאַטען, און מ׳האָט זיך אַוועקגעזעצט זוכען אַן עצה ווי אַזוי אַרויסצוגיין פון דער צרה, וואָס איז געקומען אויף אונזער הויז.

אין איין מאָמענט רופט זיך אָפּ דער רב צום טאַטען: „קומט מיט מיר אַריין, ר׳ שלום, אין אַ באַזונדער צימער און מיר וועלען זיך האַלטען אַן עצה, וואָס צו טאָן״. דאָס שושקען זיך באַזונדער האָט אָנגעהאַלטען איבער אַ שעה, און ווען זיי זיינען ענדליך אַרויסגעקומען, האָט דער רב אָנגעזאָגט דעם טאַטען: „אָבער געדענקט, ר׳ שלום, אַלץ וואָס מיר האָבען אָפּגערעדט, זאָל זיין בסוד סודות״.

מען קאָן זיך פאָרשטעלען די אומגעדולד, מיט וועלכער מיר האָבען גע־וואַרט, אַז דער רב זאָל ענדליך אַוועקגיין און מיר זאָלען אויך געוואויר ווערען וואָס אַזעלכעס איז די עצה, וועלכע איז אויסגעאַרבייט געוואָרען צווישען די פיר ווענט. אָבער דער טאַטע האָט בשום אופן נישט געוואָלט זאָגען. ענדליך איז ער נישט בייגעשטאַנען דעם דרוק, וואָס די מאַמע און איך האָבען אויף אים אויסגעאיבט, און ער האָט דערציילט. פון זיין דערציילען איז אונז פינסטער געוואָרען אין די אויגען.

עס האָט זיך געהאַנדעלט נישט מער און נישט ווייניגער, נאָר אַז איך מוז מיר מאַכען עפּעס אַ מום, אַ פעלער אויפ׳ן קערפּער. נאָר דאָס איינע קאָן נאָך ראַטעווען, אַז איך זאָל נישט דאַרפען גיין דינען פאָניע׳ן. ווי די מאַמע האָט דאָס דערהערט איז זי אויסגעבראָכען מיט אַ ספּאַזמאַטישען געוויין. ניין און ניין! זי וועט בשום אופן נישט דערלאָזען צו מאַכען איר קינד פאַר אַ קאַליקע, מעג איך אַפילו דאַרפען גיין דינען נישט פינף, נאָר צען יאָר. דערביי האָט זי געפונען פאַר נויטיג צו דערמאָנען דעם טאַטען, מיט וואָס פאַר אַ פיין און לייד איך בין אויפגעהאָדעוועט געוואָרען, ווי מיין לעבען איז געהאָנגען אויף אַ האָר און וויפיל זי האָט זיך אָנגעליטען ביז זי האָט דערלעבט מיך צו זען שטיין אויף מיינע פיסלעך. און היינט, ווען דער אויבערשטער האָט איר געהאָלפען און איך בין אַ געזונטער און בליענדער בחור, וועט זי מיט די אייגענע הענט מיך מאַכען פאַר אַ קאַליקע? ניין, דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען.

עס האָט גאַנץ לאַנג גענומען ביז דעם טאַטען איז געלונגען זי צו באַרו־איגען. ער האָט איר געגעבען צו פאַרשטיין, אַז דער רב וויל נישט, חלילה,

אַז איך זאָל בלייבען אַ קאַליקע אויף אייביג. ער האָט בלויז אַזאַ מיטעל, וואָס קאָן נישט שאַטען צו מיין געזונט און גלייכצייטיג קאָן עס העלפען צו מיין באַפרייען. דערביי דאַרף מען דערלאַנגען אַ פּראָשעניע צום וואָאינסקי נאַטשאַלניק, אַז מען זאָל מיך נאָכאַמאָל נעמען אויף באַטראַכטונג, ווייל איך לייד פון אַ קראַנקהייט, וועלכע איז נישט באַמערקט געוואָרען בעת מיין ערשטער באַטראַכטונג.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קראַנקהייט? — האָט די מאַמע אומגעדולדיג געפרעגט.

דער טאַטע האָט זיך געקוועטשט און געקוועטשט, ביז ענדליך האָט מען פון אים אַרויסגעקראָגען, אַז דאָס איז אַזאַ מין צרעת, אַ כראָנישע הויט־קראַנקהייט, וואָס אַז מען וויל איז מען טאַקע קראַנק, און אַז מען וויל נישט,— ווערט מען גלייך באַפרייט דערפון און מען איז ווידער פריש און געזונט. און אַ ראיה האָט דער טאַטע געבראַכט טאַקע פון אונזער רב, וועלכער האָט זיך צו זיין פּריזיוו געמאַכט די דאָזיגע קראַנקהייט, און היינט איז ער אַ געזונטער מענש און קיין שפור איז נישט געבליבען פון דער צרעת.

דאָ האָט דער טאַטע געמוזט אויפקלערען גענוי דעם גאַנצען „פּראָצעס" פון דער צרעת׳דיגער קראַנקהייט, אַזוי ווי דער כאַנאָראָדער רב האָט דאָס אים געגעבען צו פאַרשטיין אונטער פיר אויגען, ווען זיי האָבען זיך פאַרשלאָסען אין באַזונדערען צימער. מען נעמט די קאָרע, דאָס מיינט די שאָלעכץ, פון אַ בוכענבוים און מען פאַרברענט זי. דעם אָפּגעקילטען אַש פון דער קאָרע צעמאָלט מען און מען זיפּט דאָס דורך אַ גאַנץ דינעם זייער אַזוי, אַז עס זאָל זיין דין, ווי מעל. מען צעמישט דאָס אין אַ שיסעלע מיט געווינליכען וואַסער און מען לייגט דאָס צו מיט אַן איינגענעצט טיכעל צו וועלכען טייל קערפּער מען וויל. אין עטליכע שעה אַרום, ווען עס הויבט שוין אָן אַביסעל צו בייסען און צו ברענען, נעמט מען אַראָפּ דאָס טיכעל און מען זעט, אַז אויף דעם פּלאַץ האָט זיך געבילדעט אַ לייכטע וואונד, וואָס פאַרשאַפט נישט קיין באַזונדערע שמערצען.

און ווען מען וויל צוריק פטור ווערען פון דער מחלה, איז גענוג צוצולייגען אַ קאָמפּרעס מיט קוואַס־באָרנע און אין פאַרלויף פון איין טאָג געדענקט שוין נישט דער מענש, אַז ער איז אַמאָל קראַנק געווען. די מאַמע האָט דאָס אַלץ רוהיג אויסגעהערט, אָבער זי איז באַשטאַנען דערויף, אַז זי מוז פריער אַליין אויספּרואווען סיי דעם פאַר׳כישופ׳טען פּראָשעק און סיי צי עס איז טאַקע ריכטיג, אַז מען קאָן גלייך צוריק פטור ווערען פון דער בייזער אַנשיקעניש. אַנדערש וועט זי נישט דערלויבען דעם גאַנצען עסק מיט דער צרעת.

דער טאַטע האָט במחילה געמוזט אַראָפּברענגען דעם רב צו אונז אין שטוב אַריין און אין דער אַנוועזנהייט פון טאַטע־מאַמע האָט מען געמאַכט איבער מיר דעם עקספּערימענט. ווען מען האָט אַראָפּגענומען דאָס טיכעלע פון מיין פוס, האָט דער רב אויסגערופען: „אויסגעצייכענט!" דאָס מיינט,

אַז די אָפּעראַציע איז געלונגען, די מכה איז דאָ. איצט האָט זיך אָנגעהויבען דער פּראָצעס פון אויסהיילען מיך. איבער נאַכט איז געלעגען דער קאָמפּרעס מיט׳ן קוואַס־באָרנע און אינדערפרי בין איך ווידער געווען אַ געזונטער.

די מאַמע האָט זיך מיט די אייגענע אויגען איבערצייגט, אז דאָס איז ווירקליך נישט קיין געפערליכער מיטעל און אַז איך וועל פון אים קיין קאַליקע נישט בלייבען, האָט זי ענדליך איינגעשטימט, אַז דער טאַטע זאָל פאָרען קיין יעליסאַוועטגראַד כלאָפּאָטשען וועגען אַ „פּערעסמאָטרעניע״, דאָס הייסט, אַז דאָס צונעמען מיך צום מיליטער זאָל נאָכאַמאָל איבערגעקוקט ווערען אויפ׳ן גרונט פון דעם, וואָס ביי מיר האָט זיך אַנטפּלעקט אַ פאַרבאָרגענע קראַנקהייט.

# מיין אמת׳ע ישועה קומט פון יאָסעל דעם „וואָיענע״ שניידער

געווען ביי אונז אין שטעטעל אַ טאַנדעטניק, יונה דער שניידער האָט מען אים גערופען. ער האָט געהאַט אַ בחור, יאָסעל, אַ הויכער און אַ דאַרער ווי אַ לאָקש. דאָס אינגעל האָט זיך געלערענט ביים טאַטען שניידעריי, און מ׳שטיינס געזאָגט וואָס ער האָט זיך שוין געקאָנט ביי אים אויסלערנען. ער איז געוואָקסען דער זעלבער קאַליקע וואָס דער טאַטע. נישט איינמאָל האָט מיין פאָטער איינגעע׳טענה׳ט מיט יונה׳ן: „פאַר דיין יאָסל׳ען איז דאָך דאָ קיין שום תכלית נישט אין דעם עק, כאָנאָראָד. וואָלסט אים בעסער אַוועקגעשיקט אין אַ גרויסער שטאָט, וואו ער וואָלט זיך אויסגעלערענט די מלאכה ווי עס געהער צו זיין און ער וואָלט געוואָרען אַ מענש״.

— איך איז לייכט צו געבען עצות, ר׳ שלום, — האָט דער טאַנדעטניק געענטפערט. — איך אָרט נישט, וואָס מיין זון וועט אין דער גרויסער שטאָט ווערען אינגאַנצען אַ גוי און פאַרגעסען דאָס ביסעל אידישקייט, וואָס איך האָב אין אים קוים מיט צרות איינגעפּלאַנצט. און אויסער דעם, דאָס אינגעל האָט דאָך נישט קיין גאַנצע פאָר הויזען אויף זיך, און אַ פּאָר גילדען אין קעשענע אויף הוצאות הדרך דאַרף מען דאָך אים אויך מיטגעבען, איז וואו נעמט מען אויף דעם אַלעם?

דער טאַטע האָט באַרואיגט דעם טאַנדעטניק בנוגע אידישקייט אין דער גרויסער שטאָט, פאַרזיכערענדיג אים, אַז אויך דאָרט האַלט זיך ברוך השם אידישקייט, און אַז נישט אַלע אידישע יונגעלייט מוזען דאָרט ווערען גויים. און וואָס שייך די פאָר הויזען און דעם קליינגעלט אויפ׳ן וועג, האָט ער געהייסען, אַז יאָסעל זאָל אַריינקומען צו אים אין קראָם אַריין.

ווען יאָסעל איז געקומען אין קראָם אַריין, האָט דער טאַטע געהייסען אים אָפּשניידען צען ארשין לייווענט אויף העמדער, שטאָף אויף אַ קאָסטיום און דערביי האָט ער אים אויך אַריינגערוקט אַ מזומנ׳עם רובעל אין האַנט אַריין, אַז ער זאָל האָבען אויף דער ערשטער צייט אין דער פרעמדער שטאָט. יאָסעל איז אַוועקגעפאָרען קיין יעליסאַוועטגראַד און אַ לאַנגע צייט האָט מען פון אים נישט געהערט. שפּעטער איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז יאָסעל, יונה דעם טאַנדעטניק׳ס זונדעל, איז אין דער גרויסער שטאָט געוואָרען אַ וואַזשנער לייט. ער איז נישט מער און נישט ווייניגער ווי אַ וואָיענער שניידער, דאָס

מיינט, ער נייט מלבושים פאַר די גרעסטע לייט און איז אַ גאַנצער שמעלקע מיט נאַטשאַלסטווע, צווישען זיי אויך מיט׳ן וואַינסקי נאַטשאַלניק און מיט׳ן וואַיענעם דאָקטאָר.

איצט, ווען דער טאַטע האָט געדאַרפט פאָרען קיין יעליסאַוועטגראַד באַמיען זיך וועגען רופען מיך נאַכאַמאָל פאַר דער פּריסוטסטוויע, איז אים געקומען אין זינען אַריין יאָסעל, יונה דעם טאַנדעטניק׳ס זונדעל, און די אַלע טובות וואָס ער האָט אים געטאָן, העלפענדיג אים זיך אַרויסקלייבען פון כאַנאַראַד אין דער גרויסער וועלט אַריין. ער איז געווען זיכער, אַז יאָסעל דער וואָיענע שניידער וועט אים קאָנען געבען די געהעריגע פאַרבינדונגען מיט נאַטשאַלסטווע און טאַקע אָנווייזען וואו מען קאָן אַ „שמיר״ טאָן, אַז די רעדער זאָלען לייכטער גיין.

און אַזוי איז טאַקע געווען. דער ערשטער וויזיט אין יעליסאַוועטגראַד האָט דער טאַטע אָפּגעשטאַט ביי יאָסעל דעם וואָיענע שניידער. די שמחה מיט׳ן טאַטען איז געווען זעהר גרויס; יאָסעל האָט גוט געדענקט, אַז דאָס האָט ער דעם טאַטען צו פאַרדאַנקען, וואָס ער איז היינט אַן אָנגעזעענער בעל־מלאכה אין אַ גרויסער שטאָט, און אַז ווען נישט דעמאָלט דער טאַטע מיט די פאָר אַרשין סחורה און מיט׳ן רובעל מזומן, וואָלט ער נאָך ביז׳ן היינטיגען טאָג געבליבען אַ פאַרשאָלטענער לאַטוטניק אין דעם כרך כאַנאַראַד.

יאָסעל האָט אויסגעהערט די גאַנצע געשיכטע מיט׳ן פּריזיוו און האָט זיך גלייך געפרעגט צי עס איז דאָ עפּעס אַ צוטשעפּעניש, ביי וואָס זיך אָנ־צוטשעפּען, כדי צו פאָדערען צו שטעלען מיך נאָכאַמאָל פאַר אַ קאָמיסיע. וויזט אויס, אַז יאָסעל האָט שוין געהאַט גענוג דערפאַרונג מיט אַזעלכע זאַכען, ווייל ער האָט גערעדט גאָר פאַכמעניש און האָט זיך גלייך געפרעגט, וויפיל, אַ שטייגער, דער טאַטע וואָלט גרייט געווען זיך צו לאָזען קאָסטען צו דערשלאָגען זיך די באַפרייאונג פון זיין זון.

דער טאַטע האָט געענטפערט, אַז ער איז גרייט צו טאָן אַפילו איבער זיינע כחות און אַז פון פיר ביז פינף הונדערט רובעל איז ער גרייט צו געבען. יאָסעל האָט זיך געדונגען און געזאָגט, אַז לויט זיינע אויסרעכענונגען וועט מען מוזען „משלמ׳ען״ פון זיבען ביז אַכט הונדערט רובעל, ווייל עס זיינען דאָ אַ סך הענט וואָס זיינען גרייט צו נעמען. פאַרשטייט זיך, אַז איבער די עטליכע הונדערט רובעל איז זיך שוין דאָס געשעפט נישט צעגאַנגען.

מען האָט דערלאַנגט די פּראָשעניע און אין דריי טעג אַרום האָט מען מיר צואווויסען געטאָן פון וואָלאָסט, אַז איך דאַרף זיך צושטעלען אין יעליסאַוועט־גראַד „נאַ פּערעסמאָטרעניע״. פאַר׳ן אָפּפאָרען האָב איך נאָך צום לעצטען מאָל געקראָגען פון אונזער רב די נויטיגע אינסטרוקציעס, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין, ווען מען וועט מיך אַריינגעבען אין שפּיטאָל אַריין. דערביי האָט מיר דער רב אויך מיטגעגעבען אַ געהעריגע פאָרציע מיט דער פאַר׳כישופ׳טער

קאָרע און באַהאַלטען די פּראָשקעס צווישען די בלעטלעך פון סידור׳ל, וואָס איך האָב ווי אַ פרומער יונגערמאַן מיטגענומען אין וועג אַריין.

דאָס איז געווען אין נאָוועמבער חודש פון יאָר 1895, ווען איך האָב זיך אַ געזונטער יונג, ווי אַ ריז, אָוועקגעלייגט אַ כלומר׳שט קראַנקער אין יעלי־סאַוועטגראַדער שפּיטאָל. אַכט טעג נאָכאַנאַנד האָבען די דאָקטוירים און פעלדשערס געפּרואווט טאָן זייער זאַך און אויסהיילען די וואונדען, וואָס כ׳האָב מיט מיינע אייגענע הענט אויסגעשאָטען ווי מאַן איבער מיין קערפּער. אויפ׳ן ניינטען טאָג איז געקומען דער לאַנג־אויסגעבענקטער „ניע גאָדען!”

דער עסק האָט אַריינגעטריבען דעם טאַטען אין אַ הוצאה פון קאַרגע צוועלף הונדערט רובעל, און לאַנג דערנאָך האָט ער נישט געקאָנט קומען צו זיך. אָבער זיינס האָט ער אויסגעפירט: זיין זון איז נישט געגאַנגען דינען פאָניע׳ן. נאָר יאָסעל יונה דעם שניידער׳ס האָט, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען, אויך נישט צוגעלייגט צום עסק. אַ סברא, אַז גאַנצע פינף הונדערט קערבלעך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט פאַר דורכפירען דאָס „געשעפט”. ער האָט זיך געטראַכט: אַז מען קאָן אָפּלעקען אַ ביינדעל — פאַרוואָס זאָל דער מענש זיין אַ נאַר?

נאָר די שמחה מיט מיין באַפרייאונג האָט אינגאַנצען געמאַכט פאַרגעסען אין די אַלע קלייניגקייטען. די גרעסטע פרייד, פאַרשטייט זיך, האָט געהאַט די מאַמע און זי האָט צוגעגרייט דעם שבת פון אונזער אַהיימקומען אַ קידוש, וואָס די שטעטלשע אידען האָבען אים געהאַט לאַנג צו געדענקען.

# איך שטיי אין שידוכים און יעדער שידוך איז אַ „שמאַלץ-גרוב"

בין איך ווידער, הייסט עס, אַן אָנגעשטעלטערביים טאַטען אין דער שניט־קראָם. איך האָב זיך גאָר פלייסיג גענומען צו דער אַרבייט, כדי צו העלפען אָפּדעקען די גרויסע הוצאה, וואָס עס האָט אָפּגעקאָסט מיין פּריזיוו. איך ווער אַ גרויסער פאַכמאַן אין דער מאַנופאַקטור־בראַנזשע, מען שיקט מיך שוין אַליין איינקויפען סחורה אין די גרויסע שטעט לויט מיין געשמאַק, וואָס איז גאָרנישט געווען אַזאַ שלעכטער. די קונים שענקען מיר אַ סך צוטרוי און גאַנץ אָפט בין איך דער איינציגער, ביי וועלכען זיי ווילען איינקויפען.

טיילווייז נעמט זיך מיר אויסדאַכטען, אַז די שניט־קראָם און איך — דאָס איז איינס, און אַז מיר וועלען זיך שוין קיינמאָל נישט צעשיידען איינער פון אַנדערען, אַז דאָס וועט שוין זיין מיין קאַריערע צו גיין אין די וועגען פון די עלטערען און אור־עלטערען, צו זיין אַ קרעמער ביי אידען.

ווי נאָר איך בין באַפרייט געוואָרען פון פּריזיוו, האָבען אָנגעהויבען גיין שדכנים צו אונז אין שטוב אַריין, און יעדערער האָט געבראַכט אַ שידוך — אַן אמת׳ע שמאַלץ־גרוב, ממש אַ קוואַל פון גליק, נעם בלויז און שטרעק אויס די האַנט און דו וועסט זיין גליקליך דאָס גאַנצע לעבען. איך געדענק זיי ווי היינט, די אידען מיט די שווערע, פאַרבלאָטיגטע שטיוועל, מיט די דיקע, וואָלענע שאַלען אַרומגעוויקעלט אַרום דעם האַלז, מיט די באַראַשקענע היטלען און מיט די פאַרגרינטע נאָזלעכער פון אייביגען טאַבאַק־שמעקען.

די נעזער זיינען ביי זיי געווען שטענדיג רויט פון דעם כסדר׳דיגען ביסעל בראָנפען, וואָס זיי פלעגען נעמען ביי יעדען בעל־הבית. און גערעדט האָבען זיי פאַר פייער און פאַר וואַסער — אַ וואַנט האָבען זיי געקאָנט איי־בעררעדען. אָט די אידען, די פאַרצייטיגע שדכנים און מזווגי זווגים, האָבען נישט אויפגעהערט אָפּצושלאָגען די שוועל פון אונזער הויז. און יעדערער האָט מיט די ליכטיגסטע פאַרבען גענומען אויסמאָלען דעם טייערען שידוך, וואָס ער ברענגט פאַר דעם זון פון ר׳ שלום קוואַרטין.

איך געדענק, אַז צו דער זעלבער צייט זיינען געקומען פיר שדכנים פון די פיר שטעטלעך: טאַלנע, זוועניגאָראָדקע, פאָקעטילעוו און אומאַן. ווען דער טאַטע האָט אויסגעהערט די נעמען פון די בעלי בתים, וואָס ווילען זיך מיט אים משדך זיין, האָט ער געזאָגט דער מאַמען, אַז דאָס זיינען אַלץ גאַנץ

פיינע בעלי בתים, און טאַקע מיט אַ שיינעם נדן: צו צוויי־דריי טויזענט קערבלעך, און אַז עס איז די ריכטיגע צייט, אַז זבולנ׳יו, וואָס איז אַלט געוואָרען איין און צוואַנציג יאָר, זאָל טאַקע טאָן אַ שידוך. ווי לאַנג איז דער שיעור, אַז איין שטוב זאָל זיך אַרומדרייען אַן אַלטער בחור.

אָבער די שטאַרקסטע נעץ האָט אַרום מיר פאַרלייגט יאָסעל דער וואָיענ־נער שניידער פון יעליסאַוועטגראַד, דער זעלבער, וואָס האָט געהאָלפען מיך באַפרייען פון פאָניע׳ס הענט. נאָך דעם זעלבען טאָג, ווען איך בין באַפרייט געוואָרען, האָט ער געמאַכט אַ סעודה׳לע ביי זיך אין הויז לכבוד דער געשע־עניש (און אפשר טאַקע לכבוד די שיינע פּאָר הונדערט קערבלעך, וואָס ער האָט דערביי פאַרדינט). ווען מען האָט שוין געהאַט געגומען צוביסלעך, האָט ער אַוועקגערופען דעם טאַטען אין אַ זייט און אים געזאָגט: „ר׳ שלום, איך האָב אַ גלענצענדען שידוך פאַר אייער זבולון, ממש אַ שמאַלץ־גרוב. דער מחותן איז אַ איד אַ גביר, וואָס האָט איינעם פון די גרעסטע מאַנופאַקטור־געשעפטען אין דער הויפּט־גאַס פון יעליסאַוועטגראַד, אויף „באָלשאַיאַ פּראָס־פּעקטנאַיאַ אוליצאַ״.

יאָסעל דער וואָיעננע שניידער האָט, זעט אויס, געהאַט אַ חוץ אַנדערע טאַלענטען, אויך דעם טאַלענט פון אַ גענייטען שדכן. ער האָט פאַרשטאַנען אַריינצוקלאַפּען דעם טאַטען אין קאָפּ אַריין, אַז דער מחותן, ר׳ פישעל קאָוואַליעווסקי, האָט נישט קיין זין, נאָר בלויז טעכטער, און אַז איך, ווי אַ גענייטער אין דער מאַנופאַקטור־בראַנזשע, וועל גלייך קאָנען אַריינגיין אין געשעפט פון שווער און זיין אַן איינגעאָרדענטער מענש אויפ׳ן גאַנצען לעבען.

איך האָב באַמערקט, אַז דער טאַטע איז מיר גאָר ערענסט געוואָרען, ווייזט אויס, אַז די מעשה מיט פישעל קאָוואַליעווסקי איז אים אַריין אין קאָפּ אַריין. אויף צומאָרגענס פאַר׳ן אַהיימפאָרען איז מען געגאַנגען איינקויפען סחורה, און צווישען אַנדערע האָט מיך דער טאַטע מיטגענומען צו פישעל קאָוואַליעווסקי אין קראָם אַריין. דאָס איז ווירקליך געווען אַ געשעפט, אָנגע־פּראָפּט מיט כל טוב. די שענסטע מוסטערען פון סחורה און דעם רייכסטען אויסוואַל האָט מען דאָרט געקאָנט געפינען. און דערביי איז אַלץ געווען אַזוי עלעגאַנט איינגעאָרדענט, אַז איך, דער קליינשטעטלדיגער, בין גאָר נתפּעל געוואָרען. דערביי האָבען אונז גלייך אַרומגערינגעלט די עלעגאַנטע פּריקאַז־טשיקעס מיט די געשליפענע צינגעלעך, וואָס האָבען גערעדט אַזאַ קנאַקענ־דיגען רוסיש, וואָס מיר אין כאַנאַראַד האָבען קיינמאָל אַזעלכעס נישט געהערט.

איך האָב אינגאַנצען נישט באַמערקט, אַז ווען איך בין דאָרט געווען אין געשעפט, האָט זיך דער אייגענטימער, קאָוואַליעווסקי, גאַנץ גוט צוגעקוקט צו מיר, און אַז דאָס איז אַלץ געווען צוגעגרייט פון פריער פון יאָסעל דעם וואָיעננע שניידער. באַלד האָב איך באַמערקט, ווי דער טאַטע פירט אַ לעב־האַפטען געשפּרעך מיט׳ן מחותן אַליין. איך בין געווען זיכער, אַז דאָס רעדען

זיי וועגען דער פֿאַרטיק סחורה וועלכע דער טאַטע האָט אָפּגעקליבען און אַז דאָס דינגט ער אויס אַ ספּעציעלען פּרייז, ווי פֿאַר אַ הורט־סוחר.

אין דער אמת'ן אָבער איז שוין דאָרט געגאַנגען דער געשפּרעך וועגען מיר און וועגען אַ מעגליכען שידוך צווישען די צוויי פֿאַמיליעס.

גאָר איבערראַשט בין איך געווען, ווען ביים אַוועקגיין האָט מיר דער אייגענטימער, קאָוואַליעווסקי, פּונקט ווי זיין איידעם, דובניקאָוו, גאָר פעסט געדריקט די האַנט. עפּעס אַזוי דריקט מען נישט די האַנט פֿון אַ פּראָווינצער יונגערמאַנטשיק, וואָס קומט מיט'ן טאַטען איינקויפֿען סחורה.

אויף צומאָרגענס, ווען איך בין ווידער געקומען אין געשעפֿט אַריין אָפּנעמען די סחורה, וואָס דער טאַטע האָט איינגעקויפֿט, האָט שוין קאָוואַ־ליעווסקי פֿאַרפֿירט אַ געשפּרעך מיט מיר אַליין. ער האָט מיך געפֿרעגט, ווי עס געפֿעלט מיר זיין געשעפֿט. וואָס האָב איך אים געקאָנט ענטפֿערען? האָב איך געזאָגט, אַז אָהן זיין שאָדען — אויף אונז געזאָגט געוואָרען, וואָלט איך זיך געפֿילט זעהר גליקליך. איך בין נאָך געווען אַ גאַנץ נאַאיווער בחור און האָב נישט געוואוסט דעם סוד, אַז נישט אַלץ איז שיין וואָס גלאַנצט, און אַז קיינער ווייס נישט וועמען דער שוך קוועטשט. ערשט שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרען, וואָס עס באַהאַלט זיך הינטער דעם אויסגעפּוצטען מאַנופֿאַקטור־געשעפֿט אויף דער פּרינציפּאַלנער גאַס פֿון דער גרויסער שטאָט. נאָר וועגען דעם וועל איך דערציילען באַזונדער.

ווען מיר זיינען אַהיימגעקומען מיט דער איינגעקויפֿטער סחורה, האָט זיך גראָד אַוועקגעשטעלט אַ פֿיינער סעזאָן, מ'האָט געלייזט שטיקער געלט, און אַזוי ווי עס איז נאָך געווען אַ גאַנצער חודש צו „ראָזשדעסטוואָ" (קריס־מעס), זאָגט דער טאַטע, אַז עס וואָלט געווען גלייך, אַז די מאַמע מיט מיר זאָלען ווידער אַריינפֿאָרען קיין יעליסאַוועטגראַד און ווידער איינקויפֿען אַזאַ פֿאַרטיק סחורה, ווייל גראָד די סחורה, וואָס מיר האָבען איינגעקויפֿט ביי קאָוואַליעווסקי'ן האָט זיך זעהר גוט פֿאַרקויפֿט. דער טאַטע האָט געהאַט דערביי אַ באַהאַלטענעם מיין: אַז די מאַמע זאָל אָנקוקען קאָוואַליעווסקי'ס מיידעל, און זאָל זאָגען איר מיינונג וועגען דעם שידוך.

עס זיינען שוין געשטאַנען גרויסע שנייען, האָט מען געדונגען אַ גוטען שליטען, געשפּאַנט אין דריי פֿערד, מ'האָט זיך גוט אָנגעפּעלצט מיט די טולופּעס און וואַליקעס און מ'איז אַריינגעפֿאָרען קיין יעליסאַוועטגראַד. דער ערשטער וויזיט איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען ביי יאָסעל דעם וואַיעננע שניידער. די מאַמע האָט געהאַלטען פֿאַר איר חוב אים פּערזענליך אָפּצודאַנקען פֿאַר אָפּ־ראַטעווען איר זונדעל פֿון גוי'אישע הענט. ביי דער געלעגענהייט האָט יאָסעל געכאַפּט אַ שמועס מיט דער מאַמען וועגען דעם, וואָס פֿאַר אַ גליקליכען שידוך ער האָט פֿאַר איר קינד.

אויף צומאָרגענס זיינען מיר, לויט'ן פּלאַן, אַריין צו קאָוואַליעווסקי'ן אין געשעפֿט אָפּקלייבען אַ פֿאַרטיק סחורה. אָבער דער יאָסעל האָט שוין

אַלץ פריער געהאַט צוגעגרייט, און אין געשעפט האָט מען שוין געוואוסט, אַז עס קומט אַ מחותנת׳טע אָנקוקען די כלה. סחורות האָט מען אונז געוויזען פון דעם שענסטען און בעסטען און פרייזען האָט מען אונז באַרעכנט, אַז עס האָט אונז אויסגעוויזען זעהר ביליג. בקיצור, מיר האָבען געקויפט דריי מאָל אַזוי פיל וויפיל מיר האָבען גערעכענט. און באַלד איז געקומען דאָס אומגע־ריכטע: קאָוואַליעווסקי אַליין האָט פאַרבעטען מיך מיט דער מאַמען, אַז מיר זאָלען אין אָוונט קומען צו זיי אין הויז זיך באַקענען מיט דער פרוי און קינדער.

די מאַמע איז טאַקע אַוועק צום גביר אין הויז, אָבער איך בין נישט מיטגעגאַנגען. איך בין אַוועק צו יאָסל׳ען, וועלכער האָט מיט מיר גענומען איינ׳טענה׳ן, וואָס פאַר אַ גליקליכען שידוך ער האָט אָנגעבאָטען פאַר מיר צו מיינע עלטערען. און גלייך האָט ער מיר געגעבען אַ ביישפיל פון זיך. וואָס וואָלט פון אים געוואָרען, ווען ער וואָלט געבליבען שטעקען אין דעם קליינעם שטעטעל. אויך איך וועל אויפגעריכט ווערען, ווען איך וועל חתונה האָבען פאַר דעם גביר׳ס טאָכטער און אַריין פאַר אַ שותף אין זיין ריזיגען געשעפט אויף דער הויפּט־גאַס פון דער שטאָט.

די מאַמע איז צוריקגעקומען אַ באַגייסטערטע פון דער אויפנאַמע, וואָס זי האָט געקראָגען אין דער רייכער שטוב. באַזונדערס שטאַרק איז איר געפעלען די פרוי קאָוואַליעווסקי, אַן אמת׳ע צדיקת, אַ חסידית׳טע פון טאַלנער רבי׳ן, אַ פרוי, וואָס איז פאַרטאָן אין מצוות און מעשים טובים. וועגען דער כלה אַליין האָט דער מאַמען נישט געפאַסט מיט מיר צו רעדען, דאָס האָט מען אָפּגעלייגט אויפ׳ן פאַמיליען־געשפּרעך נאָכ׳ן אַהיימקומען.

אויף צומאָרגענס גאַנץ פרי זיינען מיר ווידער אַריין אין די פעלצען, מען האָט זיך טיף איינגעבעט אין שליטען און מ׳איז אַהיימגעפאָרען.

## ווי אידען האָבען געהאַנדעלט מיט פופציג יאָר צוריק

עס לוינט זיך אָפּצושטעלען אַ ווײַלע און זען ווי פאַרשידען אידען האָבען געפירט מסחרים מיט איבער פופציג יאָר צוריק. געווען אידען, וואָס האָבען שווער געהאָרעוועט, געקליבען אַ פּרוטה צו אַ פּרוטה, כדי די קינדער אויסצוגעבען אין נחת און אין פריידען, געגעבען צדקה לויט די כחות, און ניִשט אויפגעריסען מענשען'ס אויגען מיט אַן איבערגעטריבענעם שטאַט און לוקסוס. דער עיקר איז געווען צו פירען אַן ערליך לעבען, — פאַר גאָט און פאַר לייט, פרום און אָפּגעהיטען, חלילה קיינעם נישט אָנצורירען און ביי קיינעם נישט אָוועקצונעמען.

געווען אָבער אויך אַן אַנדער טיפּ אידען, וואָס האָט נישט אַזוי שטרענג מקפיד געווען, פון וואַנען דאָס געלט קומט, אַבי צו שטעלען זיך ברייט, אַבי צו גלאַנצען מיט עשירות און לעבען אין וואוילטאָג. אַזאַ איד האָט זיך נישט שטאַרק גענומען צום האַרצען, וואָס ער האָט אַמאָל נישט געדעקט אין צייט זיינע פינאַנציעלע התחייבות'ן, וועלכע ער האָט אויסגעשטעלט, אָדער ווען ער האָט „געסעטעלט", ווי מען זאָגט היינט, צו באַצאָלען בלויז אַ טייל פון זיינע חובות. דערפאַר אָבער האָט אַזאַ איד געהאַלטען פאַר זיין חוב צו זיין דער ערשטער חסיד ביים רבי'ן, צו געבען די ערשטע נדבה אין שטאָט אויף אַ דבר צדקה, צו רוקען זיך אויבענאָן אין קהל'שע זאַכען, צו טאָן די שענסטע שידוכים און אומעטום צו גלאַנצען ווי דער גרויסער גביר און בעל־צדקה.

אָט פון דעם צווייטען טיפּ אידען איז געווען ר' פישעל קאָוואַליעווסקי פון יעליסאַוועטגראַד, וועלכען יאָסעל דער וואָיעננע שניידער האָט אָנגעבאָטען מיין טאַטען אַלס זיין צוקונפטיגען מחותן. קיין ספּעציעל געבילדעטער מענש איז ער, ווי דאָס רוב אידען אין יענער צייט, נישט געווען, אָבער ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַן אויסערגעוויינליכער ענערגיע. מען קאָן זאָגען, אַז דער קאָפּ איז אים לכתחילה געווען איינגעשטעלט נישט צו גיין מיט'ן גלייכען וועג, נאָר אַרום און אַרום, מיט כיטרע איינפאַלען און געגנלעך. עפּעס האָט אים נישט געצויגען צו מאַכען אַ גלייך, סוחר'יש געשעפט, אַפילו ווען מ'האָט דערביי געקאָנט שיין פאַרדינען.

דערפאַר האָט אים געצויגען צו די געשעפטען, וואו מען קאָן מאַכען עפּעס אַ דריידעל, וואו מען קאָן איבערכיטרעווען דעם צווייטען. איך ווייס

נישט, אויף וויפיל דאָס שטימט מיט דערווירקליכקייט, נאָר מיט יאָרען שפּעטער האָט מען איבערגעגעבען, אַז אָט דער ר׳ פישעל האָט אָן עין הרע באַנקראָטירט אין זיין לעבען נישט ווייניגער ווי גאַנצע צוואַנציג מאָל.

די פאַבריקאַנטען און גרויסע סוחרים פון אַזעלכע שטעט אין פּוילען ווי: לאָדזש, זגיערזש, טאָמאַשאָוו און ביאַליסטאָק האָבען גוט געקענט פישל׳ען און זיין שוואַכקייט אַלע פאַר יאָר צו גיין באַנקראָט. האָבען זיי אין פאָראויס געוואוסט, אַז זיי מוזען אים באַרעכענען די סחורות מינדעסטענס דרייסיג אָדער פערציג פּראָצענט טייערער, כדי עס זאָל זיין שפּעטער וואָס צו פאַר־לירען ביים רעגולירען די צאָלונגען...

און נישט געקוקט אויף דעם האָבען זיי מיט אים גערען געהאַנדעלט, ווייל ער איז פאָרט געווען אַ גרויסער אָפּנעמער און דער קליינער פאַרלוסט צוליב׳ן נישט צאָלען האָט זיך אָפּגעדעקט מיט די גרויסע קוואַנטומס סחורה, וועלכע ער האָט געקויפט דורכ׳ן יאָר. גאָר אַנדערש האָבען אויסגעזען די באַציאונגען צווישען פישל׳ען מיט די גרויסע רוסישע פאַבריקאַנטען פון מאָסקווע און כאַרקאָוו. אַ גוי ווייס נישט פון קיין חכמות און אַז מען שטעלט אויס אַ וועקסעל דאַרף מען אים באַצאָלען. איז ווען ס׳איז געקומען צו אַ באַנקראָט לגבי אַזעלכע פירמעס, ווי מאָראָזאָוו אין מאָסקווע אָדער קאָנשין און „ניעווסקאַיאַ מאַנופאַקטוראַ״, האָט פישעל באַקומען צו שמעקען פולווער. די גויים האָבען אַראָפּגעשיקט זייערע פאָרשטייער קיין יעליסאַוועטגראַד און זיי זיינען גרייט געווען אַרויסצושטעלען אויף ליציטאַציע פישעל׳ס גאַנצע קראָם.

דאָ האָבען שוין ווייניג געהאָלפען די אַלע כיטרע שפּיצלעך פון „דורכקו־מען״, די גויים האָט ער געמוזט צאָלען אַכציג, און אָפטמאָל אַפילו גאַנצע ניינציג קאָפּיקעס פאַר׳ן קערבעל. דאָס הייסט אויף פּראָסט אידיש: אי פאַר־שטונקענע פיש געגעסען, אי פון שטאָט אַרויסגעטריבען. ווייל דער נאָמען פישעל׳ס איז שוין געווען אַ פאַרשמירטער, ווי פון אַן אַנזעצער.

אָבער צו דער גלייכער צייט איז פישעל געווען דער שיינער איד אין שטאָט, אַ גוטער און ברייטהאַרציגער צו אָרעמעלייט. טאָמער דאַרף מען אַן אָרעמע כלה חתונה מאַכען — איז ער דער ערשטער מיט דעם שיינעם צו־שטייער. טאָמער דאַרף מען אַרויסהעלפען אַ געפאַלענעם — פישעל וועט קיינמאָל נישט אָפּזאָגען אַ גמילת חסד, אָפּצוצאָלען כשירחיב. אין אַלע חברות און צדקה־אַנשטאַלטען איז פישעל דער ערשטער, סיי מיט געבען די געהעריגע באַשטייערונג און סיי מיט׳ן פאַרנעמען דעם אַמט פון „פּרעדסעדאַטעל״.

און אַ הויז האָט ער געפירט — אויף יעדען אידען געזאָגט געוואָרען. די טעכטער זיינען שטענדיג געווען אויסגעפּוצט אין סאַמעט און אין זייד; ביים טיש האָט נישט געפעלט פון קיין פויגעל־מילך. און צו דער זעלבער צייט איז דאָס געווען אַ פרומע אידישע שטוב, אויף וועלכער עס איז געלעגען דער שטעמפּעל פון פישעל׳ס ווייב. דאָס איז געווען אַן אָפּגעהיטענע אידענע,

וואָס האָט נישט געוואוסט פון די אַלע דריידלעך פון איר מאַן, נאָר איז טאַקע געווען פרום און גאָטספאָרכטיג, ווי די פאַרצייטיגע נשים צדקניות. דער צאינה וראינה איז איר נישט אַרויסגעגאַנגען פון האַנט נישט דוקא אום שבת.

איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס מיין מאַמען, אַ ליכטיגען גן עדן זאָל זי האָבען, איז שטאַרק געפעלען געוואָרען די שטוב, וואוהין זי איז פאַר־בעטען געוואָרען. די פרום־אידישע אַטמאָספערע, מיט וועלכער זי האָט זיך דאָרט געטראָפען, איז איר געווען שטאַרק צום האַרצען. אין איר הייליגער נאַאיוויטעט האָט די מאַמע נישט אַרויסגעזען דעם נישט געזונטען און נישט עטישען פונדאַמענט, אויף וועלכען פישעל קאָוואַליעווסקי האָט געבויט זיין לעבען.

אַליין אַן אויסגעהאַרעוועטע און אַנגעליטענע, וואָס יעדע דערגרייכונג אין איר לעבען איז געווען ערליך אויסגעפראַצעוועט, האָט זי מיט דער זעלבער מאָס געמאָסטען אַלע מענשען, מיט וועלכע זי האָט זיך באַגעגענט. זי האָט אינאיינעם מיט׳ן טאַטען פון מיינע פריסטע יאָרען אַן געשטעלט דעם טראָפ אויף אָרענטליכקייט און גערעכטיגקייט לגבי די מיטמענשען. חלילה־וחס ביי עמיצען אַוועקצונעמען. אַלץ, צו וואָס זי האָט געשטרעבט אין לעבען, איז געווען צו באַזאָרגען די קינדער, אַז זיי זאָלען זיין גוטע, פרומע אידען און זאָלען גיין אין די זעלבע וועגען, מיט וועלכע אירע עלטערען זיינען געגאַנגען.

איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס דאָס הויז פון ר׳ פישעל קאָ־וואַליעווסקי איז איר אַזוי שטאַרק געפעלען. ווען זי איז אַהיימגעקומען פון יעליסאַוועטגראַד, האָט זי געזאָגט דעם טאַטען, אַז וואָס אַן אמת, דאָס מיידעל איז נישט אַזאַ גרויסע קראַסאַוויצע, נאָר אַזוי ווי אונזער זבולנ׳יו איז נישט קיין צופיל צעבאַלעוועטער, וועט ער זיך, אם ירצה השם, צום מיידעל צוגע־וואוינען. דער עיקר איז, וואָס די מחותנת׳טע איז איר געפעלען געוואָרען, און די שטוב באַדט זיך אין גאָלד, דריי דינסטען האָבען זיך דאָרט געפּאָרעט אַרום טיש. עס איז, לויט איר מיינונג, אַן אמת׳ע שמאַלץ־גרוב פאַר איר קינד. זי איז דורכאויס פאַר דעם שידוך.

דער טאַטע, אַ מער ניכטערער, האָט געהאַלטען, אַז עס איז נישטאָ זיך וואָס צו יאָגען. אַזוי ווי פאַר דער צייט פון אונזער אָפּוועזנקייט האָבען אָפּ־געשלאָגען די שוועל שדכנים פון פיר שכנות׳דיגע שטעטלעך, האָלט ער, אַז מען דאַרף גיין כסדר, מען דאַרף אַ קוק טאָן, וואָס דאָס זיינען פאַר אַ שידו־כים; וועגען קאָוואַליעווסקי׳ן וועט מען קאָנען רעדען שפּעטער.

ווי איר זעט, האָט זיך די גאַנצע צייט די דעבאַטע אַרום אַ שידוך פאַר מיינעטוועגען געפירט אָן מיר, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ שטיקעל שייכות צו דער גאַנצער זאַך. דאָס איז געווען אין גייסט פון יענער צייט, אַז דער עיקר דאַרפען טאַטע־מאַמע אויסגעפינען, צי עס פּאַסט דער יחוס, צי דער נדן וועט גע׳סילוק׳ט ווערען צו דער צייט און אין דער ריכטיגער הויך. אַז חתן־כלה זאָלען זיך געפעלען, אַז זיי זאָלען פילען עפּעס וואָס איינער צום אַנדערען, דאָס איז געווען פון די ווייניגער וויכטיגע זאַכען. און אַ קינד האָט זיך גערעכענט

פֿאַר פֿײַן און אָרענטליך, װען ער האָט זיך פֿרום און געהאָרכזאַם אונטערגעגעבען דער דאָזיגער פּראָצעדור.

און גראָד צו יענער צײַט האָבען גאָר אַנדערע פֿײגעלעך געגומען אַרומפֿליען בײַ מיר אין קאָפּ. אַלטע, לאַנג אײַנגעדרעמעלטע חלומות האָבען זיך פּלוצלונג גענומען װעקען און זײ האָבען געעגבערט דעם מוח, נישט געבענדיג מיר קײן רו. צו יענער צײַט האָב איך דערשפּירט, אַז מײַן שטימע איז געװאָרען רײַף און מענעריש. װידער האָט זיך מיר פֿאַרבענקט נאָך חזנות, נאָך אַ גוטען, האַרציגען אידישען חזן, און אפשר טאַקע אַלײן אויך זינגען; מען דאַרף קאָנטראָלירען זיך אַלײן, צי קען איך נאָך עפּעס, צי האָבען נישט מײַנע געשעפֿטען אין דער שניט־קראָם אײַנגאַנצען אײַנגעשלונגען מײַן קינדערשען טאַלענט, װעלכער האָט זיך געהאַט אַזױ שײן באַװיזען.

איך האָב געפֿילט מיט אַלע מײַנע חושים, אַז איצט װאָלט טאַקע געװען די ריכטיגע צײַט אַװעקצופֿאָרען ערגעץ צו אַ גרויסען חזן, אונטערלערנען זיך, און דער עיקר הערען פֿײַנע אידישע נגינה, נאָך װעלכער איך האָב אַזױ שטאַרק געבענקט.

און אין אײן װינטערדיגען אָװענט, װען די פֿאַמיליע האָט זיך אויסגעזעצט אַרום דער אויסגעהײצטער הרובע און עס האָט זיך װידער אָנגעהויבען אַ שמועס, װאָס איך בין שוין אַן אַלטער בחור און עס איז צײַט צו טאָן אַ שידוך — האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך אַראָפּגערעדט פֿאַר׳ן טאַטען פֿון אַלעם, װאָס האָט מיך געדריקט. איך האָב אים דערמאָנט, אַז פֿון מײַן אַכטען לעבענס־יאָר טראָג איך אין זיך אַ באַהאַלטענעם פֿאַרלאַנג צו זינגען און אַז זײ האָבען זיך קײנמאָל נישט געװאָלט ערענסט צוהערען צו מײַן פֿאַרלאַנג. זאָלען די עלטערען טאַקע װיסען, אַז איך װעל קײנמאָל דעם חלום פֿון געזאַנג און חזנות נישט אויפֿגעבען.

איך האָב גלײַך אויפֿ׳ן אָרט פֿאָרמולירט אַ געגויען פּלאַן, אַז די עלטערען זאָלען באַװיליגען איך זאָל אַרויספֿאָרען אין אַ גרויסער שטאָט, װי אָדעס אָדער בערדיטשעװ, װאו איך זאָל לערנען מוזיק און שטימע־בילדונג, און דאָס װעט זײַן דער לוין פֿאַר מײַן פֿאָלגזאַמקײט און איבערגעגעבענקײט צו די עלטערען ביז צום הײַנטיגען טאָג. קײן געלט פֿאַרלאַנג איך נישט, איך װעל מיר װי נישט איז מײַן לעבען פֿאַרדינען, און אין די אָװענטען װעל איך שטודירען מוזיק און חזנות. דערבײַ האָב איך פֿײַערליך צוגעזאָגט צו זײַן אַ פֿרומער איד און אָפּהיטען אַלע מצוות, פּונקט װי אין דער הײם.

בײַ דער מאַמען, דער שטילער טויב, װאָלט איך שוין װי נישט איז געהאַט גע׳פּועל׳ט. אָבער דער טאַטע, װעלכער איז געװען אַן עומד על דעתו, האָט געהאַט שטאַרקע אײַנװענדונגען צו מאַכען קעגען מײַן פּלאַן. און כדי אײַנגאַנצען אַראָפּצושלאָגען מײַנע פֿליגעל, האָט ער מיר דערצײלט אַ מעשה, װאָס האָט מיר געדאַרפֿט באַװײַזען קלאָר און דײַטליך, װי געפֿערליך עס איז דער װעג, מיט װעלכען איך קלײַב זיך צו גײן.

## אַ געשיכטע וועגן אַ רב׳ס אַ זונדעל, וואָס האָט זיך געשמד׳ט

און דאָס איז די מעשה, וואָס דער טאַטע האָט מיר דערציילט, כדי אָפּצו־טויטען אין מיר אויף לעולם ועד דעם חשק צו גיין אין די גרויסע שטעט און זוכען אַוואַנטורעס מיט זינגעריי.

דאָס איז געווען מיט עטליכע יאָר צוריק, ווען ער איז ניי־יאָר־צייט איינמאָל אַוועקגעפאָרען קיין כּאַרקאָוו אויף דער „קרעשטשענסקער יאַרמאַרקע". אויף דער סטאַנציע האָבען זיך צונויפגעטראָפען סוחרים פון די פאַרשידענסטע שטעט. נאָך וועטשערע זיצען אַזוי אידען און שמועסען וועגען כל׳ערליי זאַכען. ווען עס איז געוואָרען גאָר לאַנגווייליג, רופט זיך אָפּ אַ איד פון בעלאָצערקאָוו:

— ווייסט איר גאָר וואָס, אידען, איך האָב אַן עצה ווי אַזוי צו פאַרברענגען דעם אָוונט, אַז מיר זאָלען זיך נישט לאַנגווייליגען. עס איז אַראָפּגעקומען קיין כּאַרקאָוו די אָפּערע פון פּעטערבורג אויף גאַסטראָלען. קומט, וועלען מיר אַלע צוזאַמען הערען אַ פּאָר גוטע זינגער, און אַזוי וועט פאַרביי דער אָוונט.

די סוחרים האָבען כמעט אַלע איינגעשטימט אויף דעם פּלאַן, אַ חוץ צוויי חב"ד׳ער חסידים, וועלכע האָבען דאָס באַטראַכט פאַר אַ גרויסער זינד צו גיין אין טעאַטער אַריין. צווישען די וואָס זיינען געגאַנגען, האָט זיך אויך געפונען אַ איד פון ראָקיטנע. ווען זיי זיינען צוגעקומען צום טעאַטער און איבערגעלייענט די אַפישען, האָט דער ראָקיטנער איד אויסגעשריען:

— אוי, וויי, מייער׳ל מעדוועדיעוו זינגט דאָך היינט. דאָס איז דאָך דער באַרימטער מייער׳ל, אַ זונדעל פון ראָקיטנער רב, מיט וועלכען אונזער שטעטעל האָט געקאָכט, ווען ער איז אַוועק אין דער וועלט אַריין און איז אַרויס לתרבות רעה. איך בין דאָך צוזאַמען מיט אים געגאַנגען אין חדר צו בערעל דעם מלמד.

דער אינטערעס צו דער פאָרשטעלונג איז ביי די אידען נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרען, מען האָט שנעל געקויפט בילעטען, און מ׳איז אַריין אין טעאַטער. עס איז געגאַנגען די אָפּערע „דעמאָן". אַזוי ווי עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען, וואָס דער טאַטע האָט באַזוכט אַ טעאַטער, איז אים אַלץ געווען ניי און זעהר אינטערעסאַנט. אַביסעל אומאָנגענעם איז נאָר געווען צו זען די האַלב־אויסגעטאָענע טענצערינס, ווי זיי נעמען זיך

אַרום אין אַלעמענ׳ס אויגען מיט די אַרטיסטען און מען קושט זיך. אַ פרומער איד האָט נישט קיין גרויסען אינטערעס אָנצוקוקען אַזעלכע בילדער.

אָבער דאָס געזאַנג און די מוזיק איז געווען אויסגעצייכענט און די אידען־סוחרים האָבען געהאַט גרויס הנאה. די גאַנצע צייט האָט זיך דער ראָקיטנער איד שטאַרק געקאָכט, בפרט ווען אויף דער בינע האָט זיך באַוויזען זיין חבר פון די חדר־יאָרען, מאיר׳ל. ער האָט אים גלייך דערקענט לויט דער שטימע, הגם אָנגעטאָן איז ער געווען אין פאַרשידענע טראַלדען און קאָלירענע טראַנטעס. אָבער דאָס איז דאָך פאָרט דער זעלבער מאיר׳ל. ער האָט זיך קוים דערוואַרט אויפ׳ן ערשטען אַנטראַקט, ווען ער האָט באַשלאָסען צו לאָזען וויסען זיין חבר, אַז ער געפינט זיך אין טעאַטער און וויל אים זען.

ער האָט אָנגעשריבען אַ צעטעלע און אַריינרוקענדיג דעם דינער אַ זיל־בערנעם רובעל אין האַנט אַריין, האָט ער דאָס אַוועקגעשיקט צו מעדוועדיעוו׳ן. גרויס איז געווען די איבערראַשונג פון דעם ראָקיטנער אידען, ווען דער דינער איז צוריקגעקומען מיט אַן ענטפער, אַז מאיר׳ל מעדוועדיעוו איז גרייט זיך צו באַגעגענען מיט אים נאָך דער פאָרשטעלונג און ער בעט אים אַרונטער־קומען הינטער די קוליסען.

דער ראָקיטנער איד האָט געשטראַלט פון פרייד און ער האָט גלייך געזאָגט, אַז ער וועט מיטנעמען מיט זיך די גאַנצע קאָמפּאַניע אידען, וועלכע איז געקומען צוזאַמען מיט אים, און זאָלען זיי אויך האָבען די הנאה פון באַקענען זיך מיט זיין גרויסען לאַנדסמאַן. מען האָט זיך קוים דערוואַרט אויפ׳ן סוף פון דער פאָרשטעלונג, ווען דער זעלבער דינער האָט די אידען אַוועקגעפירט הינטער די קוליסען אין מאיר׳ל מעדוועדיעוו׳ס גאַרדעראָב.

דער וועג הינטער די קוליסען האָט געפירט דורך לאַנגע קאָרידאָרען, פון וועלכע מען האָט דורך די האַלב־אָפענע טירען געקאָנט זען ווי די טענצערינס און כאָריסטקעס טוען זיך איבער, און מאַנכע פון די אידען האָבען שוין חרטה געהאַט, וואָס זיי האָבען זיך אַוועקגעלאָזט אויף אָט דעם גליטשיגען וועג. אָבער ענדליך האָבען זיי דערגרייכט די גאַרדעראָב פון מעדוועדיעוו׳ן. ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, נאָר דער גרויסער זינגער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט דעם חבר פון זיינע חדר־יאָרען און אַפילו מיט די אידען, וועלכע ער האָט געבראַכט מיט זיך. אויפ׳ן טיש אין גאַרדעראָב האָט זיך גלייך באַוויזען אַ פלאַש בראָנפען און מ׳האָט געמאַכט אַ לחיים.

און אַזוי ווי „כשנכנס יין יצא סוד״, איז מאיר׳ל מעדוויעדיעוו געוואָרען זעהר באַרעדעוודיג און האָט גענומען דערציילען אַ סך איינצעלהייטען פון זיין לעבען. צווישען אַנדערע האָט ער געזאָגט, אַז ער מוז זיך איילען, ווייל עס וואַרט אויף אים די גרעפין, מיט וועלכער ער האָט זיך אָפּגערעדט צו טרעפען נאָך דער פאָרשטעלונג. וואָס דאָס איז פאַר אַ גרעפין — זיינען די אידען שפּעטער געוואויר געוואָרען. אַזוי ווי דער ראָקיטנער איד האָט געזען, אַז לאַנג וועט ער מיט זיין חבר נישט קאָנען פאַרברענגען, האָט ער אים

געבעטען, אַז ער זאָל אים מהנה זיין און זינגען עפּעס פון די אידישע תפילות, מיט וועלכע ער איז געווען באַרימט אין שטעטעל איידער ער איז אַוועק אין דער ברייטער וועלט אַריין.

מאיר׳ל האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטען, האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער פּיאַנאָ און הינטער די קוליסען האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ היימי־שער אידישער קלאַנג, וואָס האָט אויסגעזונגען דעם גאַנצען פאַרבאָרגענעם ווייפון אַ אידיש האַרץ, וואָס איז כלומר׳שט גליקליך, אָבער אין דער אמת׳ן שטיקט עס זיך און ווערגט זיך מיט די גליקען פון דער גוי׳אישער וועלט. מעדוועדיעוו האָט געזונגען „מן המצר״. דאָס גאַנצע פאַרביטערטע האַרץ האָט ער אַריינגעלייגט אין דעם שטיקעלע תפילה. די אידען, צוזאַמען מיט׳ן טאַטען, האָבען מיטאַמאָל פאַרגעסען וואו זיי געפינען זיך; זיי האָט געבומען אויסדאַכטען, אַז דאָס זיינען זיי נישט הינטער די קוליסען פון אַן אָפּערע, נאָר, להבדיל, ערגעץ אין אַ קליינשטעטעלשער שוהל, וואו אַ האַרציגער אידי־שער בעל תפילה צעגייט זיך אין אויסדאַוונען דעם אייביגען אידישען צער און בענקשאַפט נאָך אויסלייזונג.

אין מאירל׳ס געזאַנג האָט זיך געפילט, אַז זיין לעבען איז פונקט אַזוי ענג און ביטער, ווי ביטער עס איז דאַן געווען דאָס לעבען פון אַלע אידען אין דעם צאַרישען רוסלאַנד. עס איז אים נישט באַקומען דער כלומר׳שטער גלאַנץ פון זיין אייגענעם לעבען, און טיף אין האַרצען האָט ער אפשר גע־בענקט צו די אידען פון זיין היימישען שטעטעל ראָקיטנע. אפשר האָט ער זיך אין יענעם מאָמענט דערמאָנט אין זיין טאַטען דעם רב, וואָס האָט מיט אַלע זיינע כחות געוואָלט אים דערהאַלטען ביי אידישקייט. מאיר׳ל האָט געהאַט אַ שאַרפען קאָפּ און האָט געקענט גוט לערנען, און דער טאַטע האָט שטילערהייט געהאָפט, אַז דער זון וועט אַמאָל פאַרנעמען זיין רבנות־שטעלע אין שטעטעל. אָבער דאָס לעבען האָט אים אַוועקגעפירט גאָר אויף אַנדערע וועגען.

צו צען־עלף יאָר האָט ער שוין גאָר שיין געדאַוונט, און ווען ער איז אַלט געוואָרען זיבעצען יאָר — האָט ער שוין געהאַט אַ וואונדערבאַרע טענאָר־שטימע. איז ער אַוועקגעפאָרען קיין זוועניגאָראָדקע זיך אונטערלערנען ביים דאָרטיגען חזן. מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער איז ער אַוועק קיין ביעלאָצערקאָוו און פון דאָרט קיין קיעוו, וואו ער איז אַנגעקומען צום באַרימטען חזן קאָרעצקי, פון בראָדסקי׳ס שוהל. ווען די בראָדסקיס האָבען דערהערט דעם יונגען זינגער, האָבען זיי אים פאַרבעטען צו זיך אין הויז אַריין, וואו עס זיינען געווען פאַרזאַמעלט פיל אָנגזעענע געסט פון דער אידישער און רוסי־שער אַריסטאָקראַטיע.

די בראָדסקיס האָבען שוין נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון דעם הויך־טאַלענטירטען זינגער; זיי האָבען אים אַוועקגעפירט שטודירען צו אַ פּראָפעסאָר, ביי וועלכען ער האָט געמאַכט גאָר גרויסע פאָרשריטען. אָבער אין דער

זעלבער צייט האָט זיך אַ דריי געטאָן זיין קאַריערע און פון חזנות האָט ער זיך געווענדט וואָס אַמאָל מער צו אַלגעמיינעם געזאַנג, און ספּעציעל צו אָפּערע־געזאַנג.

די זעלבע גרופּע מעצענאַטען אונטער דער אָנפירונג פון די בראָדסקיס האָט מעדוועדיעוו'ן אַוועקגעשיקט קיין פּעטערבורג שטודירען אין דער דאָרטיגער קאָנסערוואַטאָריע. נאָך דריי יאָר האָט ער פאַרענדיגט די קאָנ־סערוואַטאָריע און איז געוואָרען אַ פאָלנער זינגער. ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אין אַ וואַנדערענדען אָפּערע־טעאַטער און האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבער די גרויסע רוסישע שטעט, האָבענדיג אומעטום אַן אויסערגעוויינליכען דערפאָלג. אויף דער דאָזיגער רייזע האָט זיך דאָס אין אים פאַרליבט אַ רוסישע גרעפין און די דאָזיגע גרעפין האָט דאָס געבראַכט צו זיין שמד און זיין אַוועקגיין פון אידישקייט.

די גרעפין, וועלכע איז נאָכגעפאָרען מעדוועדיעוו'ן איבער אַלע שטעט, האָט זיך פאַרנומען, אַז ער מוז דוקא זינגען אין דער פּעטערבורגער קייזערלי־כער מאַרינסקע אָפּערע. און אָנקומען אַהינצו אַן אַ טויף־צעטעל איז געווען אַן אוממעגליכע זאַך. אָט אַזוי האָט זיך דער ראַקיטנער אידישער בחור'ל מיט'ן שאַרפען גמרא־קעפּעל פאַרפּלאָנטערט אין אַ נעץ פון ליבע און גרויס־שטאָטישען גלאַנץ, וואָס האָט אים סוף־כל־סוף געפירט צו דעם שמד־וואַסער און צום אויבענאויפיגען פאַרלאָזען דעם אידישען שטאַם. אַז דער גאַנצער ענין איז אים נישט באַקומען, האָט מען געקאָנט אַרויספילען פון דעם „מן המצר", וועלכען ער האָט מיט געוויין און האַרץ־ברעכעניש אויסגעזונגען הינטער די קוליסען פון כאַרקאָווער טעאַטער פאַר זיין חבר פון די חדר־יאָרען. אָבער קיין וועג צוריק איז שוין נישט געווען. אָט אַזוי ביים זינגען די האַרציגע אידישע תפילה, איז אין גאַרדעראָב אַריינגעקומען דער דינער מיט אַ צעטעלע פון דער גרעפין, אַז זי איז אומגעדולדיג וואָס ער באַווייזט זיך נישט אַזוי לאַנג נאָך דער פאָרשטעלונג.

מאיר'ל מעדוועדיעוו איז אויף שנעל געוואָרען אויס חזן און צוריק אָפּערע־זינגער; די ווירקליכקייט האָט גערופען און ער האָט זיך אויף שנעל אָפּ־געזעגענט מיט זיין חבר און מיט די איבעריגע אידען. און אַזוי האָט מיין טאַטע פאַרענדיגט צו דערציילען פאַר מיר די מערקווירדיגע געשיכטע פון אַ אידיש אינגעל, וואָס האָט זיך נאָכגעגעבען דעם יצר הרע פון זינגען און איז אַרויס לתרבות רע, איז אַוועק נישט נאָר פון זיין טאַטענ'ס הויז, נאָר אויך פון זיין שטאַם און פון זיין פאָלק אויף אייביג. דעם מוסר השכל פון דער לאַנגער מעשה האָב איך געדאַרפט אַליין אָפּלערנען, אַז איך זאָל מיר איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסשלאָגען פון קאָפּ וועגען גיין אַליין אין דער וועלט אַריין. אָט זעסטו דאָך, מיין קינד, צו וואָס אַזעלכע זאַכען ברענגען. קיין גוטס קומט דערפון נישט אַרויס און כל זמן דער טאַטע וועט זיין טאַטע — וועט ער דער־צו נישט דערלאָזען.

— עס איז שוין אַ סך גלייכער, — האָט דער טאַטע פאַרענדיגט, — צו טאָן אַ לייטישען שידוך, נעמען טאַקע דעם שיינעם נדן, עפּענען אַ קראָם און גיין מיט דעם אידישען וועג, אַזוי ווי די עלטערען און אור־עלטערען זיינען געגאַנגען. דאָס וועט זיין אי פאַר גאָט, אי פאַר לייט, צום גרויסען נחת פון טאַטע־מאַמע און פון דער גאַנצער משפּחה.

# מען פירט מיך אַרום איבער שטעטלעך אָנקוקען כלות

אַט אַזוי האָט מיך דער טאַטע אָפּגעגאָסען מיט אַן עמער קאַלטע וואַסער און ווידער האָבען מיינע טרוימען וועגען חזנות געמוזט אָפּגעלייגט ווערען אין דער לאַנגער באַנק אַריין. אָנשטאָט דעם האָבען די שדכנים אָנגעפילט אונזער שטוב און מ׳האָט געמוזט זיך אַרויסלאָזען איבער דער מדינה אָנקוקען די אַלע שידוכים, וועלכע די שדכנים מיט די קאַלטענעוואַטע בערד האָבען פאָרגעשטעלט אַלס אמת׳ע „שמאַלץ־גרובענס״.

דעם ערשטען אַרויספאָר ווי אַ חתן, וואָס פאָרט אָנקוקען אַ כלה, האָבען מיר געמאַכט קיין אומאַן. פאַר דעם האָב איך מיך אויסגעפּוצט אין עסיג און אין האָניג, דאָס מיינט, איך בין אַריין אין אַ צעלניק־קראָם און האָב מיר אויסגעקליבען פון די שענסטע פּאַפּירענע מאַנישקעס, אַ שטייפען קראַגען פון צעלולאָיד, אַ פּאַר אָנגעקראָכמאַליעטע פּאַפּירענע מאַנזשעטען מיט אַ פּאָר בלעכענע זאַפּינקעס, און צום סוף אַ קליין, שוואַרץ שניפּסעל, פּאַפּערעטשנע פאַרבונדען.

ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך מיר דאָס אַלץ אָנגעמאָסטען, האָב אַריינגעקוקט אין שפּיגעל און בין מיר אַליין שטאַרק געפעלען געוואָרען. אָט אַזוי, האָב איך געטראַכט, דאַרף אויסזען אַן אמת׳ער חתן־בחור, און ס׳איז גאָר נישטאָ די כלה אויף דער וועלט, וועלכער איך זאָל נישט געפעלען ווערען אין דעם עלעגאַנטען הילוך.

אויספּוצענדיג זיך אַזוי אין די יום־טוב׳דיגע מלבושים, האָב איך אויך אַ טראַכט געטאָן, טאָמער פרעגט מיך עפּעס מיין צוקונפטיגער שווער אין לערנען, דאַרף מען אויך נישט זיין קיין גראָבער יונג און מען דאַרף וויסען וואָס צו ענטפערען. נאָר דאָס איז געווען אַ קליינע צרה; דער עיקר האָב איך זיך געשראָקען, טאָמער וועט די כלה פאַרפירען מיט מיר אַ שמועס וועגען וועלטליכע זאַכען, — זי איז דאָך עפּעס פון אַ גרויסער שטאָט; טאָמער הויבט זי מיט מיר אָן אַ שמועס וועגען דער רוסישער ליטעראַטור. דאָ בין איך געווען אַ גע׳הרג׳עטער — אין אונזער שטעטעל האָט מען נישט געוואוסט פון אַזעלכע זאַכען, און די שרעק פאַר דער אינטעליגענטישקייט פון מיין צוקונפטיגער כלה האָט מיר אַראָפּגענומען דעם קאָפּ.

און ווען איך זיץ אַזוי אויף דער אומאַנער אכסניה פאַרזונקען אין געדאַנקען, קומט אַריין שלום דער שדכן און זאָגט, אַז עס איז צייט צו גיין,

די מחותנים וואַרטען. מיר זיינען אַוועק צום שיינעם איד, ר׳ אפרים אַפטייקער האָט ער געהייסען. די מחותנים האָבען זיך באַקענט, די כלה האָט מען דערוויל נישט געזען. איך זיץ ווי אויף הייסע קוילען, דער שטייפער קאָלנער פון צעלולאָיד צעשניידט מיר שיר נישט דעם האַלז, די אָנגעקראָכמאַלטע מאַנישקע קנאַקט און קראַכט ביי מיין יעדען בויג און ריר, און אָט, דאַכט זיך מיר, קריכט זי גאָר אַרויס פון אונטער מיין זשילעט.

ענדליך איז אַריינגעקומען דאָס מיידעל. איך האָב באַמערקט ווי דער שדכן האָט אַ וואונק געטאָן, אַז אַלע זאָלען אַרויסגיין. מיר זיינען געבליבען אַליין און אָט די נאַרישע סצענע איז מיר גוט געבליבען אין זכרון אויף לאַנגע יאָר. איך בין געזעסען אויף מיין בענקעל אַ שטייפער, אַן אָנגעצויגענער, ווי איך וואָלט געווען געמאַכט פון ליים. איך האָב זיך מורא געהאַט אַ ריר צו טאָן, טאָמער וועט מיין מאַנישקע מיט די מאַנזשעטען אַרויס פון געשפאַן און וועלען זיך אַוועקקוילערען אויף דער פאָדלאָגע, פאַר די אויגען פון מיין צוקונפטיגער כלה, די שעה זאָל גאָר נישט זיין. איך קאָן מיר גרייליך פאָר־שטעלען, אַז די זעלבע צעטומעלטקייט און פאַרלוירענקייט האָט זיך אָפּגע־שפּילט אין דעם האַרצען פון דעם יונגען, קליינשטעטעלדיגען מיידעל.

דער געשפּרעך האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט אָנהויבען; מיר האָבעןביידע נישט געוואוסט פון וואָס מען הויבט אָן. ענדליך האָט דאָס מיידעל זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און זיך אָפּגערופען אויף רוסיש: „איז דאָס עפּעס אַ גרויסע שטאָט דאָרט, וואו איר וואוינט?”

איך האָב געפילט, ווי אַ שווערער שטיין וואָלט זיך מיר אַראָפּגעקייקעלט פון האַרצען. איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט און האָב גערן געענטפערט, אַז דער כרך כאַנאַראָד איז אייגענטליך אינגאַנצען נישט קיין שטאָט, נאָר אַ פּאָסאַדע, דאָס מיינט — אַ גרויסער דאָרף. און דערביי האָב איך זיך צעלאָזט אין קאָמפּלי־מענטען פאַר איר שטאָט, וואָס איז כמעט ווי אַ גובערניע לגבי מיין שטאָט. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין איר שטאַרק מקנא, וואָס זי וואוינט אין אַזאַ כרך, וואָס זי האָט די מעגליכקייט זיך צו באַגעגענען מיט אינטעליגענטע, גע־בילדעטע מענשען, גיין אין טעאַטער, הערען אַ קאָנצערט, אַלץ אַזעלכע זאַכען, פון וואָס מיר קאָנען בלויז חלומ׳ען. ווי גליקליך וואָלט איך זיך געפילט, ווען מיר זאָל זיין באַשערט צו לעבען אין אַ גרויסער שטאָט.

איך האָב זיך גוט פאַרשוויצט, ווען איך האָב געענדיגט מיין לאַנגע רעדע, און ערשט דעמאָלט האָב איך געוואָרפען אַ בליק אויף דער, וואָס האָט גע־דאַרפט זיין מיין באַשערטע. איך קאָן נישט זאָגען, אַז איך האָב דערזען פאַר זיך אַ יפת תואר. גאַנץ פאַרקערט, דאָס איז געווען אַ קליין געוויקסיג, דיק מיידעל מיט נישט קיין שיינעם פּנים. און וואָס ס׳איז שייך אינטעליגענציע, פאַר וועלכער כ׳האָב זיך אַזוי געשראָקען, האָט מען אויך געקאָנט אַדורכקומען. אויף מיין טיראַדע וועגען דער וויכטיגקייט פון איר שטאָט האָט זי אויך נישט געהאַט קיין סך צו ענטפערען.

ווידער בין איך געבליבען זיצען, ווי אויף הייסע קוילען, און האָב גע־וואַרט, אַז די טיר זאָל זיך שוין וואָס שנעלער עפענען און עס זאָל זיך שוין באַווייזען אַ פרעמדער מענש, אַזוי שווער האָט געלאַסטעט אויף מיר דאָס זיין אויג אויף אויג מיט דער באַשערטער, וואָס שלום דער שדכן האָט פאַר מיר אויסגעזוכט. אַ שווערער שוויס האָט אַרויסגעשלאָגען אויף מיין שטערען, און כ'האָב מיך ממש מחיה געווען, ווען ענדליך האָט זיך די טיר אויפגע־מאַכט און ס'איז אַריינגעקומען די מוטער פון דער כלה, וועלכע האָט פאַרבעטען די מחותנים אויף טיי.

דער שדכן האָט זיך דערווייל געדרייט אַהין און אַהער אַרום דעם טאַטען — ער האָט געוואָלט וויסען תכלית. אָבער דער טאַטע האָט אים געגעבען צו פאַרשטיין, אַז אַזאַ וויכטיגע זאַך קאָן מען נישט אַנטשיידען גלייך אויפ'ן אָרט, און אַז ווען מיר וועלען אם ירצה השם אַהיימקומען, וועלען מיר דאָרט איבערטראַכטען די זאַך און וועלען געבען צו וויסען.

אויפ'ן וועג אַהיים האָב איך געזאָגט דעם טאַטען, אַז אויב אַלע אָנגע־באָטענע שידוכים זיינען פון דעם שטייגער, איז גלייכער אַז מיר זאָלען בלייבען אין דער היים און נישט פאַרדרייען זיך קיין קאָפּ. דער טאַטע האָט זיך נישט איינגעשפּאַרט, אָבער דאָך האָט ער געהאַלטען, אַז אַזוי ווי ער האָט שוין צוגעזאָגט אַריבערצוקומען די צווייטע וואָך קיין זוועניגאָראָדקע, מוז מען האַלטען וואָרט, מען קאָן נישט מאַכען מענשען צו שאַנד.

אויף דער צווייטער רייזע בין איך שוין געווען אַ דערפאַרענער כלה־קוקער און האָב מיך שוין מער נישט אַזוי דענערווירט, ווי דאָס ערשטע מאָל. מיין מאַנישקע מיט די פּאַפּירענע מאַנזשעטען זיינען שוין דאָס מאָל געזעסען פעסט אויף זייער פּלאַץ און כ'האָב מיך מער נישט געשראָקען, אַז זיי וועלען מיר אַרויספליען אין דער סאַמע הייסער מינוט פון באַקענען זיך מיט מיין צוקונפטיגער באַשערטער.

מיר זיינען ווידער אַריינגעפאַלען אין מיטען העלען טאָג אין אַ גאַנץ פיינער בעל־הבת'ישער שטוב, אָנמאַכענדיג דאָרט אַ סומאַטאָכע און אַרויסרו־פענדיג אַ ציטער אין האַרצען פון אַ כשר'ער אידישער טאָכטער.

דאָס מאָל איז די כלה געווען גאָר אַ פיין מיידעל און כ'האָב גאָרנישט געהאַט וואָס אויסצוזעצען קעגען איר. דער אומצופרידענער איז איצט געווען דער טאַטע. ער האָט געוואָרפען אַ בליק אויפ'ן פאַרמעגען פון זיין צוקונפטיגען מחותן און ער האָט עפּעס גלייך דערשנאַפּט, אַז מיט'ן נדן, וועלכען דער שדכן האָט צוגעזאָגט, איז נישט אינגאַנצען גלאַטיג. ניין, דער איד וועט נישט סילוק'ן, גאָר פשוט, ער וועט נישט האָבען פון וואַנען. דער צווייטער חסרון איז געווען, וואָס אין זוועניגאָראָדקע איז נישט געווען קיין לייטישער חזן. און דער טאַטע האָט געוואָלט פאַרבינדעןביידע זאַכען: טאַקע אַ שידוך, אָבער אין דער זעלבער צייט געבען זיין זון אַ מעגליכקייט זיך אַביסעל אונטערצו־

לערנען חזנות און נאָכגעבען אים די שוואַכקייטען זיינע, מיט וועלכע ער דרייט אים דעם קאָפּ שוין אַזוי פיל יאָרען.

אָט אַזוי האָבען זיך געענדיגט מיינע צוויי נישט־געלונגענע אַרויספאָרען אויף אָנצוקוקען אַ כלה. אָבער אויף דעם האָט זיך די זאַך נישט געענדיגט. אַהיימקומענדיג האָבען מיר געטראָפען אַ בריוו פון אונזער אַלטען באַקאַנטען, יאָסעל דער וואָיעננע שניידער פון יעליסאַוועטגראַד, וועלכער האָט נישט אויפגעגעבען די האָפענונג אָפּצולעקען נאָך אַ ביינדעל ביי שלום קוואַרטין, דאָס מאָל אין דער פאָרם פון שדכנות־געלט פון זיין זונדעל. יאָסעל האָט אין זיין בריוו געוואָלט אונז אָנשרעקען, אַז ביי פישעל קאָוואַליעווסקי, דעם יעליסאַ־וועטגראַדער גביר, פאַרמאַכט זיך נישט די טיר פון שדכנים, וואָס ברענגען גאָלדענע שידוכים אין שטוב אַריין, און אַז אויב מיר וועלען זיך נישט צואיילען, וועט נאָך עמיץ אַנדערש אויסכאַפּען די מציאה און מיר וועלען בלייבען מיט גאָרנישט.

די מאַמע האָט זיך אויף אַן אמת דערשראָקען, ווייל עס איז נישטאָ וואָס צו באַהאַלטען, דער שידוך איז איר פון דער ערשטער מינוט אָן געפעלען, און ביי איר אין געדאַנק איז דער שידוך שוין לאַנג געווען אַ געשלאָסענער. בלויז פון איידעלקייט וועגען האָט זי נישט געוואָלט אויסאיבען קיין דרוק אויף איר קינד. דער לעצטער בריוו פון יאָסל׳ען האָט איר צוגעגעבען מוט און זי איז אַרויס מיט לשון, אַז גלייך זאָל מען פּאַקען די זאַכען און פאָרען קיין יעליסאַוועטגראַד. „דאָס איז אַ זיווג מן השמים״, האָט זי גע׳טענה׳ט, און אַפילו איך האָב זיך דאָס מאָל נישט קעגענגעשטעלט דער מאַמע׳ס ווילען. איך האָב מיר דערביי געהאַט מיין אויסרעכענונג. אין יעליסאַוועטגראַד האָבען זיך דעמאָלט געפינען עטליכע גוטע חזנים: ר׳ יעקב שנירמאַן האָט געדאַוונט אין דער גרויסער שוהל, מאיר פּיסאַק איז געווען דער בעל תפילה אין גרויסען בית המדרש. אַביסעל שפּעטער זיינען אַהינצו אָנגעקומען די חזנים מייזעל, קאַנאָה און צום סוף אריה לייב רויטמאַן. דאָס זיינען געווען באַרימטע מנגנים פון יענער צייט און כ׳האָב מיט אַלע כחות געשטרעבט צו זיין נאָענט פון זיי. אפשר וועט זיך דאָך עפּעס צוקלעפּען צו מיר, אפשר וועלען דאָך מיינע פאַרבאָרגענע טרוימען אָנהויבען פאַרווירקליכט צו ווערען.

# איך האָב חתונה פאַר פישעל קאָוואַליעווסקי׳ס טאָכטער

דער אינסטינקט פון דער מאַמען האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזען פאַר דעם ריכטיגען וועגווייזער. מיר זיינען צוזאַמען מיט׳ן טאַטען און דער מאַמען אַוועקגעפאָרען קיין יעליסאַוועטגראַד און גאָר אינגיכען איז דער שידוך געשלאָסען געוואָרען. נאָר כדי צו געבען אַ בילד פון די זיטען צו יענער צייט, לוינט זיך אָפּצושטעלען אַביסעל לענגער אויף דער געשעעניש, צו געבען אַ בילד פון די מענשען און פון זייערע האַנדלונגען.

מיר זיינען פאַרפאָרען אין דער שענסטער אכסניה פון יעליסאַוועטגראַד און גאָר אינגיכען האָט זיך געיאַוועט צו אונז יאָסעל דער וואָיענגע שניידער צוזאַמען מיט קאָוואַליעווסקי׳ס איידעם, דובניקאָוו, וועלכער האָט אונז אַלעמען אין נאָמען פון די מחותנים פאַרבעטען צו זיי אין הויז אַריין אין אָווענט אויף טיי. מען האָט אונז אַריינגעפירט אין אַ גרויסען, שיינעם זאַל מיט פלירשענע מעבעל און מיט די טייערסטע דיוואַנעס אויסגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע.

אין יעליסאַוועטגראַד פלעגט מען שפּעטער זאָגען, אַז אויף דריי זאַכען איז קאָוואַליעווסקי אַ גרויסער קינסטלער: אויף אויסצורעכענען גענוי ווען צו באַנקראָטירען, אויף אויסצופוצען שיין די שוי־־פענסטער פון זיין געוועלב, אַז יעדער פאַרבייגייער זאָל זיך מוזען אָפּשטעלען און כאַפּען אַ קוק, און די דריטע קונסט זיינע איז געווען — צו פּאַקען גוטע איידעמס פאַר זיינע טעכטער. פאַר דעם לעצטען צוועק האָט מען געלאָזט אין באַוועגונג אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין, וואָס האָט אַלץ גענוי צוגעגרייט, אַז דאָס פייגעלע זאָל גלייך פאַלען אין נעסט אַריין.

ווידער בין איך געזעסען אַ שטייפער און אויסגעקראָכמאַליעטער און געוואַרט, אַז מיין באַשערטע זאָל זיך באַווייזען. אָבער אַזוי פאַרלוירען, ווי בעת דעם ערשטען „אָנקוקען" די כלה אין אומאַן בין איך שוין נישט געווען. ענדליך איז דאָס מיידעל אַריינגעקומען אין דער באַגלייטונג פון איר מוטער. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע לעבען מיר און מען האָט געדאַרפט אָנהויבען עפּעס רעדען. נאָר גיי רעד, אַז דאָס מויל עפענט זיך נישט. איך האָב באַמערקט, אַז דאָס מיידעל רעדט זעהר אַ פיינעם, קלינגענדיגען רוסיש, און אַז אין דעם פּרט בין איך זיכער הינטערשטעליג אַנטקעגען איר.

אַ דערלייזונג צו דער שטומער סצענע איז גלייך געקומען, ווען דאָס שטוב־

מיידעל איז אַריינגעקומען און געמאָלדען, אַז טיי איז דערלאַנגט צום טיש. אַרום זידיגען סאַמאָוואַר מיט די וואַרעניעס האָט זיך געשאַפען אַביסעל אַ פרייערע שטימונג און עס איז אַוועק אַ לייכטער געשפּרעך. צווישען אַנדע־רעס איז אויך געקומען צו רייד, אַז אַ נייער חזן האָט זיך באַוויזען אין שטאָט און ער זינגט גאַנץ שיין. דאָ האָב איך שוין נישט געקאָנט בלייבען גלייכ־גילטיג און האָב דערקלערט ווי גרויס עס איז מיין אינטערעס אין חזנות און אַז ביי דער ערשטער מעגליכקייט וועל איך גיין הערען דעם נייעם, ווי אויך די אַלטע חזנים, וואָס דאַוונען אין שטאָט.

דער עולם האָט שוין אַזוי געמאַכט, אַז איך זאָל בלייבען אַ געוויסע צייט אַליין מיט מיין צוקונפטיגער כלה. און דאָ האָב איך געהאַט אַ געלעגענ־הייט אַביסעל נעענטער זיך צוצוקוקען צו איר און זי צו דערקענען. זי איז נישט געווען קיין גרויסע שיינהייט, און איך קאָן נישט זאָגען, אַז איך האָב מיך אין איר פאַרליבט „פון ערשטען קוק". זי האָט געהאַט אַ פּאָר שיינע אויגען, איז געווען אַביסעל באַלעזען, ווייל זי האָט געהאַט געענדיגט פינף קלאַסען גימנאַזיע. אַממיינסטען איז מיר געפעלען איר שיינער רוסיש, באַזונדערס ווען זי האָט מיר צום געזעגענען געזאָגט חנ'עוודיג: „עס וועט מיר זיין זעהר אַנגענעם צו זען אייך ביי אונז מאָרגען צו מיטאָג".

אַהיימקומענדיג, האָבען מיך די עלטערען געפרעגט ווי די כלה איז מיר געפעלען געוואָרען. אָבער נישט וואַרטענדיג גאָר אויף מיין ענטפער, האָבען זיי אַ זאָג געטאָן: „נו, זאָל זיין אין אַ מזל'דיגער שעה. מיר וועלען אם ירצה השם מאָרגען שרייבען תנאים". און ווידער האָט זיך אָנגעהויבען אַ לויבעניש פון די מחותנים, וואָס פאַר אַן אָנגעזעענע מענשען און רייכע לייט דאָס זיינען, און וואָס פאַר אַ געבילדעטע איידעמס זיי האָבען גענומען פאַר זייערע על־טערע טעכטער, און אין וואָס פאַר אַ שמאַלץ־גרוב איך פאַל אַריין. באַזונדערס די מאַמע האָט גע'טענה'ט, אַז דאָס איז אַ זיווג מן השמים. און אַז די מחותנת'־טע איז אַן אמת'ע צדיקת.

קיין וואָרט האָט מען נישט געהערט וועגען דער כלה, וועגען אירע מעלות — דאָס איז געווען אַ מינדערוויכטיגע פראַגע. ליבע־שמיבע... אַז מען האָט חתונה, קריגט מען זיך שוין ליב דערנאָך; מען האָט קינדער, און אַז דער אויבערשטער העלפט נאָך און עס איז דאָ פּרנסה בריווח — איז קיין גרעסער גליק דאַרף מען זיך גאָר נישט ווינשען.

ביז צוויי אין דער נאַכט זיינען די עלטערען אַזוי אָפּגעזעסען מיט מיר און מיר געשילדערט דאָס גליק, וואָס דערוואַרט מיך. און ווען איך בין אַ טויט־מידער אַוועקגעפאַלען שלאָפען, איז מיר צו חלום געקומען נישט קיין אַנדערער, ווי געצעל דער חזן פון באַלטע, וואָס האָט מיט 12 יאָר צוריק ווי אַ מעטעאָר זיך באַוויזען אין אונזער שטעטעל און האָט אָנגעצונדען אין מיר אַ פאַרבאָרגענעם פאַרלאַנג, וועלכער איז ביז צום היינטיגען טאָג נישט פאַרווירקלעכט געוואָרען. איך האָב זיך געזען אין חלום אָנגעטאָן אין אַ טענדע־

ווערענדע, מיט אַ זעקס־עקיגער פּעסקע אויפ׳ן קאָפּ און אַרומגערינגעלט בין איך מיט אַ גרויסען כאָר און שטיי און דאַווען אין דער גרויסער יעליסאַ־ וועטגראַדער שול, און מיין טאַטע, וועלכער האָט נישט געהאַלטען פון מיין חלומ׳ען וועגען חזנות, שטייט און הערט און שטוינט און איז אין זיבעטען הימעל פאַר גליק.

אָבער אַ פּלוצלונגער שטויס האָט מיך אַרויסגעריסען פון מיין חלום. עס איז שוין געווען אַ שטיק אין טאָג, און זעענדיג, אַז איך פאַרשלאָף, האָט מיך דער טאַטע אויפגעוועקט, אַז איך זאָל גיין דאַווענען און עפּעס איבערבייסען. פון די זיסע טרוימען בין איך צוריקגעקומען צו דערווירקליכקייט, צו די קאָוואַליעוווסקי׳ס, און אַז אָט דאַרף איך שוין גיין צום מיטאָג, צו וועלכען מיין כלה אַליין האָט מיך איינגעלאַדען מיט אַזאַ זיסער שפּראַך.

נאָכדעם ווי די עלטערען האָבען מיר צום גוטען אויסגעטייטשט מיין חלום, האָב איך שוין אַליין אויך אָנגעהויבען צו גלויבען, אַז אַלץ איז מן השמים, און אַז עס וועט זיך גוט אויסלאָזען, און אין אַ געהויבענער שטי־ מונג בין איך אַוועק אין הויז פון מיינע צוקונפטיגע שוויגער־עלטערען. עס האָט שוין געהערשט אַ סך אַ פרייערע שטימונג און די עטליכע שעה זיינען שנעל פאַרביי, ביז אין אָוונט זיינען געקומען די עלטערען און מ׳האָט זיך גענומען גרייטען צו די תנאים.

פאַר דעם האָבען זיך דער טאַטע, דער מחותן, פישעל קאָוואַליעוווסקי און דער שדכן, יאָסעל דער וואַיעננע שניידער, אָפּגעשלאָסען אין אַ באַזונדער צימער, וואו מען האָט אויסגעאַרבייט אַלע „פּונקטען" פון חתונה־קאָנטראַקט. מיין שווער האָט צוגעזאָגט עלף הונדערט רובעל נדן, צו וועלכע דער טאַטע האָט געדאַרפט צולייגען אייגענע דריי הונדערט רובעל. דאָס געלט האָט מען געדאַרפט איינלייגען ביי צלאל קאָמינסקי, דעם גרויסען הורט־סוחר פון מאָ־ נופאַקטור. נאָכדעם, ווי אַלץ איז געווען געשריבען און גע׳חתמ׳עט, האָט מען געבראָכען טעלער און מ׳האָט זיך געוואונשען מזל־טוב. מיר, דעם חתן, האָט מען געהייסען זיך צעקושען מיט דער כלה.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז דאָס איז ווייט נישט געווען פון יענע פלאַ־ מענדיגע קושען, מיט וועלכע אַ יונגער בחור קושט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען זיין באַשערטע און אויסדערווײלטע. עס איז גיכער געווען אַ קוש „פּאָ זאַקאָזו", קאַלט און טרוקען, אָן אַ שום אידישען טעם. איך ווייס נישט וואָס מיין כלה האָט דערביי געפילט, נאָר מיר איז געווען זעהר קאַלעמוטנע אויפ׳ן האַרצען. איך האָב מיר קלאָר געמאַכט, אַז אויך זי פילט נישט מסתמא קיין שום ספּעציעלען געפיל צו מיר, און אַז דער קוש איז גיכער געווען אַן אָפּקומעניש ווי אַ פאַרגעניגען.

שפּעטער האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזען, אַז דאָס האַרץ פון מיין כלה איז נעבעך געווען שטאַרק צעבראָכען אין יענעם מאָמענט, ווען זי האָט זיך געדאַרפט פרייען מיט איר חתן. ווי עס פירט זיך אין די קליינע שטעטלעך,

איז זי געווען פאַרוויקעלט אין אַ ליבע אָן געגענזייטיקייט, און זי האָט זיך דאָס שטאַרק גענומען צום האַרצן. דערווייל האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין דער קילער און פאַרמעלער באַציאונג צו מיר, וואָס איך האָב גלייך אַרויסגעפילט.

נאָכ'ן סילוק'ן דעם נדן, דאָס הייסט, נאָכ'ן איינלייגען אים ביים דערמאָנטען צלאל קאַמינסקי, זיינען די עלטערען אַהיימגעפאָרען און איך בין געבליבען אַ וואָך צייט אַלס גאַסט פון מיין כלה.

דאָס איז ווירקליך געווען פאַר מיר אַ וואָך פון גרויסען גייסטיגען פאַרגעניגען. קודם כל בין איך אַוועק הערען די חזנים שנירמאַן און פּיסאַק, און אויך אַ דריטען חזן, וואָס האָט געדאַווענט אין דער כאָר שוהלכעל. איך בין אויך געווען אויף אַ קאָנצערט פון אַ זינגערין פון פּעטערבורג. דאָס אַלץ האָט ווידער אָנגעהויבען צו קיצלען מיין שטימע. אַלטע געפילען און אַלטע בענקשאַפטען האָבען זיך גענומען וועקען אין מיר. מיט אַ האַלבער שטימע האָב איך גענומען זינגען פאַר זיך. און אַזוי אונטערברומענדיג אין סאַלאָן פון די קאָוואַליעווסקי'ס, איז אַריינגעקומען מיין צוקונפטיגער שוואָגער, דובניקאָוו, וועלכער האָט אַביסעל פאַרשטאַנען אין מוזיק. הערענדיג מיך אונטערברומען, איז ער צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל עפּעס זינגען.

איך האָב זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטען און האָב געזונגען דעם רוסישען ראָמאַנס „גליאַדיאַ נאַ לוטש פּורפּורנאַוואָ זאַקאַטאַ", און ווען עס איז אים שטאַרק געפעלען געוואָרען, האָב איך נאָך געזונגען „אַזראַ" פון רובינשטיין און „דיטיאַטקאָ" (קינד מיינס) פון דראַגאָמיזשסקי. אין מיטען געזאַנג איז אויך אַריינגעקומען מיין כלה, און מיטאַמאָל בין איך געוואָלדיג אויסגעוואַקסען אין זייערע אויגען. עפּעס האָבען זיי גאָר נישט דערוואַרט, אַז אָט דער קליין־שטעטעלדיגער בחור זאָל קענען אַזוי פיין זינגען, און דוקא אויף רוסיש.

און ביי זיך אַליין בין איך נאָך דעם אומגעריכטען מוזיקאַלישען דעביוט אין הויז פון מיין צוקונפטיגען שווער אויך וויכטיגער געוואָרען. איך האָב בפירוש דערפילט, אַז מיט'ן אַרויסקומען פון דעם עק כאָנאַראָד אין דער גרעסערער שטאָט, עפענט זיך פאַר מיר אַ נייער קאַפּיטעל אין מיין לעבען. איך האָב שוין נישט געטראַכט וועגען דעם שידוך, וועגען די גליקען, וואָס מען האָט מיר צוגעזאָגט. איך האָב געטראַכט נאָר וועגען איינס: אַז ענדליך וועל איך קומען צו דעם, צו וואָס איך האָב אין די אַלע יאָרען געשטרעבט פאַרבאָרגענערהייט, צו מיין מוזיקאַלישער און חזנ'ישער קאַריערע. זאָל עס אַפילו זיין פאַר דעם פּרייז פון אַ שידוך אָן געפילען און אָן ליבע — עס איז אַלץ ווערט. מיינע אינערליכע כחות וועלען ענדליך אַרויס אויף דער פריי און איינמאָל פאַר אַלעמאָל וועל איך מיך איבערצייגען, צי בין איך טאַקע פעהיג צו עפּעס שעפערישעס און זעלבשטענדיגעס, אָדער דאָס איז אַלץ נישט מער ווי אַ קינדערשע איינרעדעניש און מען דאַרף זיך דערפון וואָס שנעלער באַפרייען.

## מיין פאַרשטערטע חתונה צוליב׳ן טויט פון מיין ברודער

מיין זיסער חול המועד אין הויז פון מיין כלה איז פלוצלונג איבערגעריסען געוואָרען צוליב אַ ידיעה פון דער היים, אַז מיין עלטערער ברודער עוזיאל איז אומגעריכט שווער קראַנק געוואָרען און אַז איך זאָל גלייך אַהיימקומען. מען האָט אַראָפּגעבראַכט דאָקטוירים פון טאַלנע און פון אומאַן און עס האָט אויסגעזען, אַז דעם ברודערס געזונט הויבט זיך אָן בעסערען. אָבער דאָס איז בלויז געווען אַ חלום. נאָך אַ וואָך אָפּמאַטערען זיך איז מיין ברודער געשטאָרבען אין יונגער עלטער, איבערלאָזענדיג אַ פרוי מיט צוויי קינדער. ער איז געווען טאַלאַנטפול און באַגאַבט, און דערצו האָט ער געהאַט אַ שיינע באַריטאָן־שטימע און איז בכלל געווען אַ טיף־מוזיקאַלישער מענש.

עס איז שווער איבערצוגעבען, ווי אָט דער אומגליק האָט געווירקט אויף מיר און אויף מיינע עלטערען. און דאָ איז שוין געווען אָפּגערעדט אַ זמן חתונה, וואָרים פישעל קאָוואַליעווסקי האָט געיאָגט, ער האָט קיין צייט נישט געהאַט — אין דער ריי זיינען געשטאַנען צוויי ווייטערדיגע מיידלעך, און ער האָט די אַלע דריי שידוכים געוואָלט אָפּ׳פטר׳ן אין איין ווינטער, איידער עס איז ביי אים געווען אויסגעשטעלט זיין נעקסטער באַנקראָט.

האָט ער געהאַלטען אין איין באַמבאַרדירען מיינע עלטערען מיט בריוו, אַז למען השם מען זאָל צואיילען מיט דער חתונה, הגם ביי אונז אין הויז האָט זיך קיינער נישט געיאָגט, און נאָך דעם אומגליק איז אוודאי דער קאָפּ נישט געווען צו פראַווען אַ שמחה.

דערווייל איז אָנגעקומען אַ בריוו פון מיין כלה, אין וועלכען זי האָט מיך פאַרבעטען, אַז איך זאָל צוזאַמען מיט מיין שוועסטער אַביסעל אַריי־בערקומען צו זיי צוגאַסט. מיר זיינען אַריבערגעפאָרען, און בעת מיין שוועסטער האָט דער עיקר פאַרבראַכט די צייט מיט מיין כלה, האָב איך זיך אַביסעל אַרומגעקוקט איבער דעם געשעפט פון מיין צוקונפטיגען שווער, און כ׳האָב דאָרט געזען אַ סך מאָדנע זאַכען, וועלכע האָבען אויסגעזען געגנוג אויסטערליש אין מיינע אויגען.

אַזוי האָב איך גלייך נאָך מיין קומען באַמערקט אַן אויסערגעוויינליכע נערוועזיטעט סיי ביי פישעל קאָוואַליעווסקי און סיי ביי זיין איידעם, דובניקאָוו. מען האָט כסדר זיך געשושקעט, אָפּגעהאַלטען קאָנפערענצען, געלאָפען פון איין סקלאַד מיט סחורה אין אַנדערען. און אין איין שיינעם טאָג זיינען

אַריינגעקומען צוויי גוים מיט קאָקאַרדעס אויף די היטלען און אין די הענט האָבען זיי געהאַלטען גראָבע ביכער. זיי האָבען באַטראַכט דאָס הויז און יעדעס שטיקעל מעבעל. מיין צוקונפטיגער שווער און שוויגער האָבען גע־האַלטען אין איין אונטערשרייבען פּאַפּירלעך, וואָס די גוים האָבען זיי אונטערגערוקט.

ווען איך, דער נאַאיווער בחור, האָב זיך געפרעגט וואָס דאָס מיינט דאָס פאַרשרייבען די אַלע זאַכען דורך די גוים, האָט מען מיר געענטפערט, אַז דאָס מאַכט מען אַ פאַרזיכערונג. איך האָב דאָס אָנגענומען פאַר אַ גוטער מטבע און האָב מער נישט געפרעגט קיין קשיות.

נאָך פאַר דעם אומגליק מיט מיין ברודער האָבען זיך די מחותנים גע־איינגט, אונטער׳ן דרוק פון קאָוואַליעווסקי׳ן, אַז די חתונה זאָל פאָרקומען דעם 14טען פעברואַר. דאָס יאָר איז דעמאָלט געשטאַנען 1896. פייוועל דער שניידער איז שוין געזעסען וואָכען־לאַנג און גענייט דעם אויסשטייער; טשאַרנאָמאָרעץ דער שוסטער האָט גענייט ספּעציעלע גלאַנציגע שטיוועלעך מיט שטיבלעטען פאַר דער חתונה, און גנעסע די נייטאָרין האָט גענייט די העמדער מיט׳ן בעטציייג. די שטוב איז געגאַנגען אויף רעדלעך פון די הכנות צו דעם גרויסען געשעעניש. און דאָ אַזאַ בראָך! אַ טיפער טרויער איז באַפאַלען די שטוב, און די הענט האָבען זיך מער נישט געהויבען עפּעס צו טאָן; דער קאָפּ האָט גאָרנישט געוואָלט טראַכטען פון שמחות.

אָבער נאָך די שלושים איז ווידער אָנגעקומען אַ שטרענגער בריוו פון קאָוואַליעווסקי׳ן, וואו ער איז דורכאויס באַשטאַנען דערויף, אַז די חתונה זאָל געפּראַוועט ווערען צו דער אָפּגערעדטער צייט. ער איז בלויז גרייט געווען צו מאַכען איין הנחה. אַזוי ווי צוליב׳ן אומגליק איז אונז נישט דער קאָפּ צו אַ טומעלדיגער שמחה, זאָל מען דריבער פּראַווען אַ שטילע חתונה, פאַר אַ קליינעם קרייז פון משפּחה און נאָענטע, און אויב מיר ווילען, איז ער אַפילו גרייט אַריבערצוטראָגען די חתונה פון דעם גרויסען, טומעלדיגען יעליסאַוועטגראַד אין אַ קליין שטעטעל נישט ווייט פון יעליסאַוועטגראַד. ער האָט אָנגערופען דאָס שטעטעל כמיעלעוואָי, נישט ווייט פון אַ באַן־סטאַנציע.

איך דערמאָן מיך היינט יענע ווילדע סטאַנציע, וואו מיין חתונה איז געפּראַוועט געוואָרען. סך הכל האָבען דאָרט געוואוינט פערציג אידישע פאַ־מיליעס, און וועגען אַ חתונה־זאַל איז פאַרשטייט זיך די רייד נישט געווען. האָט מען די חתונה געפּראַוועט אין הויז פון דאָרטיגען שוחט, וועלכער איז אויך געווען דער מסדר קדושין. עס איז געווען אַ פּראָסטיגער ווינטער־טאָג און איבער אַ מעת־לעת האָבען מיר זיך געשלעפּט אין די שליטענס, איינגע־טוליעט אין די טולופּעס און וואָילעקעס, ביז מיר זיינען אָנגעקומען צו דער סטאַנציע.

ווי אַ פרומער בחור האָב איך, פאַרשטייט זיך, געפאַסט דעם חופּה־טאָג. געקאָרמעט האָט מען מיך דערפאַר מיט קאַפּיטלעך תהילים און אַנדערע

זאַגעכצען, וועלכע עס האָט מיר אונטערגערוקט מיין פעטער ישעיה, דער אויסגעדינטער סאָלדאַט, וועמען דער טאַטע האָט איבערגעגעבן די אויפזיכט איבער מיר ביז צו דער חופה. דער זעלבער פעטער האָט מיך געפירט אין מקוה אַריין, כאָטש דאָרט איז געווען אַ ביטערע קעלט און ס׳האָט געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן און איך בין קוים אַרויס אַ לעבעדיגער פון דאָרטען.

נאָך דער מקוה איז שוין ביים שוחט געווען פאַרזאַמעלט אַ מנין אידען און דער טאַטע האָט געשטעלט פאַר זיי לעקעך און בראַנפען. אַביסעל שפּעטער זיינען אָנגעקומען די מחותנים פון דער כלה׳ס צד. אַלע מחותנת׳טעס פון מיין צד זיינען גלייך אַוועק באַגעגענען די כלה, און די מאַנסלייט פון דער כלה׳ס צד זיינען געקומען צו מיין קבלת פנים.

מיין אויפגעקלערטער שוואָגער, דובניקאָוו, האָט דוקא געוואָלט, אַז איך זאָל אַליין אַריבערגיין און באַגריסען די כלה פאַר׳ן באַדעקענס, אָבער מיין פעטער ישעיה האָט געזאָגט „לא״, ביי פרומע אידען איז נישטאָ אַזאַ מנהג, און איך בין טאַקע נישט געגאַנגען.

ווען דער בדחן האָט גענומען זאָגען זיינע גראַמען צום באַדעקענס און די כלי זמרים האָבען אויפגעשפּילט דאָס טראַדיציאָנעלע אידישע „פריילעכס״, וואָס איז אַזוי האַרציג טרויעריג, איז זיך די מאַמע פאַרגאַנגען אין אַ ביטער געוויין, און באַלד האָבען דאָס געוויין אונטערגעכאַפּט אַלע איבעריגע מחותנת׳־טעס. עס איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין דער מאַמען, וואָס האָט נאָר וואָס באַגראָבען אַ זון, אַ טאַטען פון קינדער, און איצט דאַרף זי אַרויסבאַקומען פון איר האַרצען טענער פון פרייד, וואָס זי פירט צו דער חופה דאָס צווייטע קינד. די פרייד איז געווען באַווירצט מיט טיפען אומאויסשעפּליכען טרויער, און מיט אַזעלכע געמישטע געפילען זיינען טאַטע־מאַמע צוגעקומען מיך בענ־טשען פאַר דער חופה.

די חופה האָט מען אַוועקגעשטעלט אין דרויסען, הינטערען פרייען הימעל, ביי אַ קנאַקענדיגען פראָסט. די קעלט האָט געשניטען אין די ביינער און די אידען, וואָס האָבען געהאַלטען די דרענגלעך פון דער חופה, האָבען געהאַט אָפּגעפרוירענע פינגער. אָבער מ׳האָט אויסגעהאַלטען. דער פעטער ישעיה האָט שטרענג אָפּגעהיט, אַז אַלץ זאָל זיין כדת וכדין, לויט די אָנגענומענע מנהגים, נישט אָפּצוטרעטען אויף אַ האָר. ווען דער מסדר קדושין האָט גענומען לייענען די כתובה — האָט עס גאָר קיין סוף נישט גענומען און מענשען זיינען שיעור נישט אַוועקגעפאַלען פאַר קעלט.

ענדליך איז מען אַריין אין שטוב, די שטוב דאָס איז געווען די ווייבערישע שול, ווייל דעם שוחט׳ס שטוב האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר צו קליין אַריינצו־נעמען אַלע מחותנים. אַ סך שויבען זיינען געווען אויסגעשלאָגען, און מ׳האָט ווידער געכאַפּט אַ ציטער. האָט מען זיך אויסגעזעצט ביי די טישען אין די טולופּעס מיט די קאַראַקולענע היטלעך אויף די קעפּ. ווען מ׳האָט גענומען דעם ערשטען לחיים פון ברענענדיגען 96־ער, האָט זיך דער עולם אַביסעל

דערוואַרעמט און מען איז ענדליך אַריין אין דער ריכטיגער חתונה־שטימונג.

די כלי זמרים האָבן אויפגעשפּילט אַ „וויוויוד" לכבוד חתן־כלה, דאַן לכבוד די מחותנים און עס איז געוואָרען גאָר לעבעדיג. איך קען אָבער נישט זאָגען, אַז איך, דער חתן, האָב געפילט יענע דערהויבענקייט און זעליגקייט, וועלכע עס דאַרף פילען אַ יונגער מענש אין טאָג פון זיין חתונה. איך בין געזעסען אויבענאָן, לעבען דער כלה, און דאָס מויל האָט זיך מיר נישט אויפ־געמאַכט אויסצוריידען אַ וואָרט. עפּעס אַן אינערליכע דערשלאָגענקייט האָט מיר געדריקט אויפ׳ן האַרצען און כ׳האָב מיך געפילט זעהר אומגליקליך. איך האָב נישט געהערט דעם בדחנ׳ס וויצען, איך האָב זיך נישט צוגעהערט צו די האַרציג־אידישע „שטיקלעך", וועלכע די כלי זמרים, באַזונדערס די פליים, האָבן אַזוי רירענדיג אויסגעשפּילט. איך האָב אַפילו נישט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט צו דעם „מצווה־טענצעל", וואָסביידע מחותנת׳טעס האָבן אַזוי פרום אידיש אויסגעטאַנצט, אַז דער שידוך זאָל זיין אין אַ מזל׳־דיגער שעה.

איך בין אינגאַנצען געווען ווי אין עולם התוהו. ערשט ביים בענטשען, ווען דער שטעטעלשער שוחט האָט זיך צעגאַרגעלט „רחם ד׳ על ישראל עמיך", האָט עס מיך עפּעס אַ קיצעל געטאָן און איך האָב אויפגעוואַכט פון מיין הינער־פּלעט. אין דעם „רחום ד׳" איז געווען אַ סך אידישער געפיל און האַרציגער וויטאָג, און מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אייגענטליך האָב איך אַליין געדאַרפט זינגען דאָס שטיקעל תפילה, עס וואָלט אויסגעדריקט מיין אינערליכע איבערלעבונג אין יענעם מאָמענט. און גלייכצייטיג האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז אָט באַלד און אין דער גרויסער שטאָט יעליסאַוועטגראַד וועל איך הערען גרויסע זינגער און חזנים און מיין לעבען וועט אָננעמען גאָר אַ נייע ווענדונג. אָט דער געדאַנק האָט מיך אויפגעמונטערט. איך האָב געפילט מיט אַלע חושים, אַז עס דערנענטערט זיך דער טאָג, ווען מיינע פאַר־באָרגענסטע חלומות וועלען פאַרווירקליכט ווערען.

ווען עס איז דעריבער געקומען דער מאָמענט פון אָפּגעזעגענען זיך מיט טאַטע־מאַמע, מיט דער היים פון מיין קינדהייט, בין איך געווען אַ סך אויפ־געמונטערט. די מאַמע האָט טאַקע פאַרגאָסען ביטערע טרערען, אָבער איך האָב איר מיט אינערליכער זיכערקייט געטרייסט, אַז זי וועט הערען גוטע נייעס פון מיר פון דער ווייטענס, וואָס וועט איר פאַרגיטיגען פאַר די אַלע ליידען, וואָס זי איז אויסגעשטאַנען פון מיר פון דער ערשטער מינוט אָן, זינט איך בין געקומען אויף דער וועלט.

אַזוי האָב איך זיך צעשיידט מיט מיינע עלטערען, וועלכע זיינען אַריין אין די שליטענס מיט שווערע הערצער און פאַרוויינטע אויגען. איך מיט מיין יונג ווייבעל מיט שווער און שוויגער און די איבעריגע מחותנים זיינען אַוועק צו דער באַן אָפּצופאָרען אין מיין נייער היים, אין יעליסאַוועטגראַד.

# דער אָנהויב פון מיין מוזיקאַלישער קאַריערע

מען קען דרייסט זאָגען, אַז מיט מיין אַריבערפאָרען פון כאָנאָראָד קיין יעליסאַוועטגראַד הויבט זיך אָן אַ נייער און זעהר וויכטיגער קאַפּיטעל אין מיין לעבען. דאָס איז געווען מיין אַרויסגאַנג אויף דעם ברייטען טראַקט פון אַנטוויקלען מיינע אינערליכע כחות און פון דער אמת'ער באַשטימונג, צו וועל־כער איך האָב זיך געפילט באַרופען פון מיין פריער קינדהייט. און אָט ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען.

עס איז געקומען דער ערשטער שבת, ווען איך, דער יונגער בעל־הבית'ל, בין צוזאַמען מיט מיין שווער און שוואָגערס אַוועק אין גרויסען בית המדרש, וואו מען האָט מיך, ווי דער שטייגער איז, מכבד געווען מיט מפטיר. גבאי אין דעם דאָזיגען גרויסען בית המדרש איז געווען דער ברודער פון מיין שווער, בערל קאָוואַליעווסקי, חזן איז דאָרט געווען מאיר פּיסאַק, וועלכער איז פריער געווען דער הויפּט־טענאָר ביי ניסי טעלזער.

מאיר פּיסאַק האָט זיך געשטעלט דאַווענען פון „שוכן עד". זיין טענאָר־שטימע איז געווען זעהר שטאַרק און עס איז געווען אַ מחיה אים צו הערען. דער כאָר האָט געזונגען מיט די ריכטיגע אַקאָרדען און רעספּאָנזען, און זייער זינגען האָט פאַרשאַפט אַן אמת'ן פאַרגעניגען. ווען זיי האָבען אַ זינג געטאָן „תתברך" און די ערשטע קדושה — איז מיר ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. אַ זיסע וואַרעמקייט איז זיך צעגאַנגען איבער אַלע מיינע אברים, אין קאָפּ האָט גערוישט און מיין פאַנטאַזיע האָט אָנגעהויבען אַרבייטען: „ווי וואָלט איך געזונגען אָט דאָס שטיקעלע?"

ווען דער חזן איז פאַרטיג געוואָרען מיט דער שמונה עשרה און האָט אָנגעהויבען „אין כמוך", „ויהי בנסוע" און האָט דערלאַנגט אַ רעטשיטאַטיוו ביי „בריך שמה" און „שמע ישראל" און דער כאָר האָט אַ זינג געטאָן „לך ד' הגדולה" און דערנאָך דער חזן אינאיינעם מיט'ן כאָר „אב הרחמים" — בין איך אַריין אין אַזאַ התפּעלות, אַז איך האָב ווירקליך אָנגעהויבען שוועבען אין עפּעס ווייטע, הימלישע ספערען. איך האָב מיר נאָר געטראַכט: רבונו של עולם, וואָס פאַר אַ גליק דאָס מוז זיין צו באַזיצען אַזאַ הערליכע שטימע!

איך האָב צו יענער צייט נישט געהאַט די מינדעסטע אַנונג, וואָס פאַר אַ שטייגער שטימע איך אַליין פאַרמאָג. איך האָב נאָך נישט געקענט די בויגזאַמקייט און ווייכקייט פון מיין שטימע און נישט געוואוסט, וואָס פאַר

אַ רייכקייטען עס זיינען אין איר באַהאַלטען. אָבער דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען, ווען איך האָב באַקומען צו טרינקען אַזוי פיל האַרציגע אידישע נגינה פאַר איין מאָל און אַזוי צו דער זאַט. איך האָב מיך פשוט פאַר׳שיכור׳ט מיט די קלאַנגען און האָב מיך באַהאַפטען מיט זיי אויף אַזוי ווייט, אַז איך האָב אָנגעהויבען גלויבען, אַז דאָס זינג איך אַליין מיט׳ן כאָר.

בעת קריאת התורה האָב איך מיר דורכגעקוקט די הפטורה, זי שטילערהייט דורכגעאַנגען מיט׳ן טראָפּ, אַזוי ווי איך פלעג דאָס טאָן אין מיינע בחור׳ישע יאָרען ביי אונז אין שטעטעל. ווען מען האָט מיך אויפגערופען צו מפטיר און פון דער וויבער־שוהל האָבען גענומען האָגלען אויף מיר ניסלעך מיט ראָזשינקעס און די חדר־אינגלעך האָבען זיך אַ לאָז געטאָן צום באַלעמער צוזאַמענקלויבען די אַלע זיסקייטען — האָב איך האָפּעדיג און מונטער גענומען זאָגען די ברכות מיט׳ן כאַראַקטעריסטישען ניגון.

גלייך האָט זיך אין שול געלאָזט באַמערקען אַ מאָדנע אויפמערקזאַמקייט און נייגיריגקייט. ביי די לעצטע ברכות נאָך דער הפטורה האָב איך ביי „רחם על ציון" געמאַכט עטליכע קאָלאָראַטורען און איך האָב באַמערקט, אַז עס נעמט זיך עפּעס רודערען אין בית מדרש. אידען שושקען זיך עפּעס איבער און מען רוימט זיך אין אויער אַריין. ווען איך האָב געענדיגט, האָט מיך דערוואַרט די גרויסע איבעררעשונג. עס איז צו מיר צוגעקומען דער גבאי און אָפּווינשענדיג מיר מזל־טוב, זאָגט ער, אַז אין נאָמען פון די מתפללים בעט ער מיך צו דאַווענען מוסף.

איך בין אינגאַנצען פאַרלוירען געוואָרען. ערשטענס, זאָג איך, האָט איר אַזאַ טייערען חזן מיט אַזאַ פּרעכטיגען כאָר; צווייטענס, בין איך דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען אין אַזאַ גרויסער שול און כ׳האָב פשוט אימתא דציבורא. דאָס מויל וועט זיך מיר נישט עפענען; און דריטענס, פון וואַנען האָט איר בכלל גענומען, אַז איך, דער יונגער בעל־הבית׳ל, וואָס האָב נאָך נישט אָנגעוואָרעמט ווי עס געהער צו זיין מיין שטאָט אין דער דאָזיגער שוהל, קאָן איבערהויפּט דאַווענען מוסף, — ווי אַזוי זענט איר זיכער, אַז איך וועל איך נישט פאַרשעמען?

דאָ האָט זיך שוין אַריינגעמישט דער הויפּט־גבאי, בערל קאָוואַליעווסקי, וועלכער האָט אָנגעוויזען אויף אַ אידען, וועלכער איז געשטאַנען איינגעוויקעלט אין אַ טיפען טלית. „אָט יענער איד שטאַמט פון דיין שטאָט און ער איז אַ גוטער עדות, אַז דו קענסט דאַווענען אַ מוסף. איז לאָז זשע זיך טאַקע נישט בעטען און גיי צום עמוד".

דער איד — דאָס איז געווען פּוליע (רפאל) דער בעל עגלה פון כאָנאָראָד, וועלכער האָט פאַרבלאָנדזשעט קיין יעליסאַוועטגראַד אויף אַ שבת. אויף מיין טענה, אַז עס וועט זיין אַ באַליידיגונג פאַר מאיר דעם חזן, איז גלייך צוגעקומען דער חזן אַליין און האָט מיר פאַרזיכערט, אַז עס וועט, חלילה, נישט זיין פאַר אים קיין שום באַליידיגונג. און ווידער, ווי שטייט דאָרט אין פסוק: „מכל

מלמדי השכלתי״ אַפילו פון אַ יונגערמאַנטשיק, וואָס איז נאָר וואָס געקומען אין שטאָט אַריין עסען קעסט...

ווען איך האָב געוואָרפען אַ בליק אויף מיין שווער האָב איך געזען, אַז ער איז איינגעצען גרין און געל געוואָרען פאַר שרעק, טאָמער וועט דאָ זיין אידעם האָבען אַ דורכפאַל און וועט אים פאַרשעמען אין די אויגען פון קהל. דאָ האָט זיך שוין אויפגעוועקט מיין ערגייץ און עס האָט זיך געוואָלט באַרואיגען דעם אידען, אַז זיין שרעק איז אַן אומזיסטע.

איך האָב אַ זאָג געטאָן „יקום פורקן״ מיט אַ הויכען טאָן. באַלד האָט מיר דער חזן אונטערגעשטעלט דעם כאָר, וועלכער האָט מיך גאָר געשמאַק אונטערגעהאַלטען. דאָס האָט מיך גאָר צעוואָרעמט און כ׳האָב זיך אַוועקגעלאָזט זאָגען, דורכפלעכטענדיג דאָס זאָגען מיט קאָלאָראַטור, וועלכע האָט מיר קיינמאָל נישט אויסגעפעלט.

דאָס איז געווען מיין ערשטער חזנ׳ישער אויפטריט מיט אַ גלענצענד איינשטודירטען כאָר, וואָס הגם איך בין געווען פאַר אים אַ פרעמדער מענש, האָט ער דאָך גלייך אויפגעכאַפּט אַלע מיינע קנייטשען און איז מיר נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט, ווי מיר וואָלטען געווען אַ לאַנג איינגעשפּילטע קאַפּעליע. דער עפעקט איז געווען אויסערגעוויינליך. די טויטע שטילקייט אין בית המדרש האָט אויף דעם עדות געזאָגט. און איבעריגענס, אַ זינגער פילט, ווען מען הערט אים און ווי אַזוי מען הערט אים. עס איז געווען גענוג אַ קוק צו געבען אויף דעם פּנים פון מיין שווער, ווי ער האָט צוריק באַקומען אַ מענשליכע פאַרב און אַ ראָזעווע שמייכעלע האָט זיך צעלייגט איבער אים, כדי צו וויסען, אַז איך האָב אים נישט פאַרשעמט.

דער ערשטער, וואָס איז צו מיר צוגעקומען נאָכ׳ן מוסף, איז געווען מאיר דער חזן. זיין באַוואונדערונג איז געווען פאַר מיר די גרעסטע איבערלעבונג יענעם שבת. איך האָב זיך געפילט זעהר געשמייכעלט, וואָס אַזאַ פּרעכטיגער זינגער האָט פאַר מיר אַזוי פיל גוטע ווערטער. נישט ווייניג ווינשעוואַניעס האָט אויך אַריינגעכאַפּט מיין שווער, וואָס ער האָט באַוויזען אַריינצוברענגען אַזאַ „אַנטיק״ צו זיך אין דער משפחה אַריין.

ווען מיר זיינען אַרויס פון בית המדרש און זיך געטראָפען מיט די ווייבער, וועלכע זיינען אַראָפּגעקומען פון דער ווייבער־שוהל, האָט זיך אָנגעהויבען אַ פרישע סדרה פון באַגריסונגען. מיין יונג ווייבעל איז געווען גאָר שטאָלץ, וואָס אַלע האָבען איר אָנגעוואונשען צו מיין שיינעם דאַווענען. אויך ביים גרויסען קידוש אין הויז פון מיין שווער און שוויגער האָט מען נישט אויפגעהערט צו ריידען וועגען דער וויכטיגער און גאַנץ אומגעריכטער פּאַסירונג אין שוהל.

היינט, נאָך אַזוי פיל יאָרען, ווען איך קוק צוריק צו יענעם ערשטען שבת אין יעליסאַוועטגראַד און צו מיין ערשטען זעלבשטענדיגען אַרויסטריט בפני כל עם ועדה, זע איך, וואָס פאַר אַ געוואַלדיגער ווענדפּונקט

דאָס איז געווען אין מיין לעבען. איך קאָן זאָגען, אַז דאָס איז געווען דער ערשטער גליקליכער טאָג אין מיין לעבען. איך האָב גענומען גלויבען אין מיינע כחות און פעהיגקייטען. איך האָב זיך געפילט מונטערער און זיכערער לגבי דער צוקונפט, וואָס האָט מיך דערוואַרט.

מיין שוואָגער, דובניקאָוו, וועלכער איז אייגענטליך געווען בלויז אַ „מענש״ אין דער שניט־קראָם פון זיין שווער, האָט אָבער דאָך פאַרמאָגט אַ געוויסען מוזיקאַלישען געפיל, און נאָך מיין מוסף־דאַווענען האָט ער זיך באַזונדערס גענומען דרייען אַרום מיר און איך בין גוואַלדיג אויסגעוואָקסען אין זיינע אויגען. ער האָט מיך צוזאַמען מיט מיין ווייבעל געשלעפּט איבער דער פּרינצי־פּאַלנער „דוואָרצאָוואַיאַ אוליצאַ״, וואו אַלע פאַרבייגייער האָבען אונז אַריינגע־קוקט אין די אויגען און געוואָלט אָנקוקען דעם תכשיט, וואָס פישעל קאָ־וואַליעווסקי האָט דאָס אַראָפּגעבראַכט אין שטאָט אריין און וועלכער האָט היינט געמאַכט אַזאַ רעש אין שוהל.

דעם גאַנצען שבת׳דיגען טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך די טיר נישט צוגעמאַכט ביי מיין שווער אין הויז. שבת צונאַכטס האָבען קרובים גענומען טראָגען דרשה־געשאַנקען; מען האָט זיך אַרומגעצאַצקעט מיט מיר. איך, דער קליינשטעטעלדיגער יונגערמאַנטשיק, אָן בילדונג און אָן אַפילו דער פעהיגקייט צו רעדען אַזאַ שיינעם רוסיש, ווי עס רעדט אַ שטייגער, דער ער־שטער בעסטער אָנגעשטעלטער אין די גרויסע געשעפטען פון יעליסאַוועטגראַד — בין מיטאַמאָל אויסגעוואַקסען צו אַ געוואַלדיגער הויך, וואָס נישט איך און נישט קיינער אַרום מיר האָט דעמאָלט געקאָנט גענוי אָנצייכענען וואוהין זי פירט.

# מוזיקאַלישע בילדונג

אָפּגעפּראַוועט די שבע־ברכות און אָנגעפּרייט זיך מיט׳ן דערפאָלג פון מיין ערשטען חזנ׳ישען אַרויסטריט אין דער נייער שטאָט, זיינען אָנגעקומען די וואָכעדיגע טעג. פאָרמעל האָט דאָס געהייסען, אַז איך עס קעסט ביי מיין שווער. אָבער גלייך פון ערשטען טאָג אָן האָב איך געוואָלט געבען צו פילען, אַז איך האָב בדעה מיר אַליין צו פאַרדינען אויפ׳ן לעבען. איך האָב מיט אַלע כחות געשטרעבט צו מאַכען זיך נוצליך אין געשעפט פון מיין שווער און מיט מיין אַרבייט צו באַרעכטיגען די הוצאות אויף דער אויסהאַלטונג פון מיר און מיין פרוי.

אַזוי ווי איך בין נישט געווען קיין פרעמדער אין דער מאַנופאַקטור־בראַנזשע, בין איך גלייך צוגעטראָטען ווי אַ פאַכמאַן צו דער אַרבייט אין געשעפט. איך האָב גענומען דורכקוקען יעדעס שטיקעל סחורה, מיט וועלכע עס זיינען געווען אָנגעפילט די פאָליצעס פון דעם ריזיגען געשעפט. איך האָב געאַרבייט אָן אַ שיעור ביז שפעט אין דער נאַכט. עס האָט נישט לאַנג גענומען, ווי איך האָב אויסגעפונען, אַז נישט ווייניג „באָוועל״ (דאָס מיינט אומנוצבאַרע סחורות) זיינען אָנגעקליבען אויף די פאָליצעס און אַז דאָס איז בלויז אַ לאַסט פאַר׳ן געשעפט, ווייל מען שטעלט אויס וועקסלען אויף סחורות, וואָס קאָנען קיינמאָל נישט פאַרקויפט ווערען.

איינמאָל האָב איך מיך אָנגענומען מיט מוט און האָב דאָס געזאָגט דעם שווער, אַז אין דער צוקונפט, ביים באַשטעלען סחורות פון די וואָיאַזשאָרען, וואָס לאָזען זיך אַראָפּ פון לאָדזש און פון ביאַליסטאָק, פון מאָסקווע און פון כאַרקאָוו, דאַרף מען זיין מער פאָרזיכטיג, מען דאַרף אויסקלייבען נאָר די זיכערע מוסטערען, און נישט אַלץ, וואָס די פיפיגע פאַרקויפס־לייט טראָגען אונטער און רעדען איין צו קויפען.

נו, נו, כ׳האָב מיר געקויפט מפטיר מיט מיין אומשולדיגער באַמערקונג. אַזוי ווי אַ שיכור פאַרשטייט נישט וואָס דאָס הייסט אַ שלעכטער טרונק בראָנפען, אַזוי ווייס נישט אַ סוחר, וואָס איז איינגעשטעלט אויף „רעגולירען״ זיינע חובות, וואָס דאָס הייסט שלעכטע סחורה. אַלץ איז אַן אַרטיקעל, הכל שוחטין, מען צאָלט דאָך נישט דערפאַר, נאָר מען שרייבט וועקסלען; טאָ וואָס קאָן דאָ זיין שלעכט? און ער האָט מיך אָפּגעגאָסען מיט אַן עמער קאַלטע וואַסער, זאָגענדיג, אַז מיט דער צייט וועל איך שוין פאַרשטיין דעם

אונטערשיד צווישען אַ קליינשטעטעלדיגען קרעמער און אַ סוחר פון דער גרויסער שטאָט. איך האָב געמאַכט אַ שווייג און בין מיר אַנגעגאַנגען מיט מיין אַרבייט.

דעם צווייטען שבת בין איך מיט מיין שוואָגער דובניקאָוו געגאַנגען אין דער גרויסער שוהל אַריין הערען דעם צווייטען חזן, יעקב שנירמאַן. ער איז שוין געווען אַ מאַן פון אַ יאָר זעכציג, אָבער זיין שטימע האָט נאָך געקלונגען שיין און וואַרעם. ער איז געווען שוואַך אין געזונט און מען האָט גערעדט, אַז ער זאָל אינגיכען אַוועק אויף פענסיע. שנירמאַן האָט שוין געהאַט געהערט פון דעם מוסף, וואָס איך האָב געדאַווענט אין גרויסען בית המדרש מיט אַ שבת פריער, האָט ער מיך נאָכ׳ן דאַוונען געבעטען איך זאָל עפּעס פאָרזינגען פאַר אים. איך האָב אָפּגעזונגען „תכנת שבת" און „אהבה רבה".

איך בין געווען טיף גערירט ווי אָט דער אַנגעזעענער חזן האָט מיך אַרומגענומען און אָנגערופען מיט׳ן נאָמען „קאָלעגע". „איר זענט נאָך טאַקע אַ יונגערמאַן", האָט ער געזאָגט, „אָבער איר פאַרדינט שוין פולקאָם צו טראָגען דעם נאָמען חזן. אייער אויסשפּראַך פון דעם וואָרט, דער ריינער פאָרטראָג און, קודם כל, דער מעכטיגער שטים-אָרגאַן גיבען אייך דאָס רעכט דערצו. איך קאָן דרייסט זאָגען, אַז איר וועט זיין אַמאָל איינער פון די גרעסטע חזנים ביי אידען. איר וועט זיך גאָרנישט דאַרפען פיל אָנשטרענגען, כדי צו געפעלען דעם אידען. ווען איר וועט בלויז שטיין ביים עמוד און אַרויסברענגען קלאָרע ווערטער פון די תפילות, בלויז רעציטירען, וועט דאָס זיין גענוג צו ברענגען אייערע צוהערער אין התפּעלות. אָט דאָס איז די קראַפט פון אייער לויטערער שטים. בפרט נאָך, ווען איר וועט אַביסעל שטודירען און אויסבילדען אייער שטים — קאָנט איר ווערען נישט בלויז אַ באַרימטער חזן, נאָר אויך איינער פון די גרעסטע אָפּערע-זינגערס".

איך דאַרף נישט צוגעבען, ווי זיס אָט די רייד האָבען געקלונגען אין מיינע אויערען. איז דאָך דאָס געווען מיין פאַרבאָרגענסטער חלום צו הערען אַזעלכע ווערטער; האָב איך דאָך וועגען דעם געטרוימט אין די אַלע יאָרען, ווען איך האָב געפּטר׳ט אַלס אַנגעשטעלטער ביי מיין טאַטען אין דער שניט-קראָם אין דעם פאַרבלאָטיגטען פּראָווינצער שטעטעל. נישט שוין איז טאַקע אמת דאָס אַלץ, וואָס חזן שנירמאַן זאָגט? שטיי איך טאַקע באמת אויף דער שוועל פון אַ גרויסער מוזיקאַלישער קאַריערע?

דער קאָפּ האָט מיר געגומען שווינדלען און מיין שוואָגער, דובניקאָוו, וועלכער האָט זיך צוגעהערט צו שנירמאַנ׳ס רייד, האָט מיך אַנגענומען פאַר דער האַנט און אַרויסגעפירט פון דער גרויסער שוהל. אויפ׳ן וועג אַהיים האָט ער זיך אָפּגערופען צו מיר: „דו ווייסט, זינאָוויע (אַזוי האָט מען דעמאָלט פאַררוסישט מיין כשר׳ן אידישען נאָמען זבולון), די ווערטער פון אונזער חזן, יעקב, זיינען מיר גוט אַריין אין קאָפּ אַריין; איך וואָלט דיר געוואָלט העלפען, אַז דו זאָלסט ווירקליך גלייך נעמען לערנען מוזיק. עס איז מיר איינגעפאַלען,

אַז דער זעלבער חזן שנירמאַן האָט אַ זון, אַ געענדיגטער פּיאַניסט פון דער פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע, ער גיט טאַקע מוזיק־לעקציעס ביי אונז אין שטאָט. מאָרגען, אם ירצה השם, וועלען מיר אים רופען און מיר וועלען הערען וואָס ער קאָן טאָן פאַר דיר".

מיין שוואָגער, אַ פּעהיגער סוחר אין געשעפט פון אונזער שווער, איז אין דעם מאָמענט דערשינען אין מיינע אויגען ווי אַן אמת'ער מלאך הגואל. זיינע ווערטער האָבען געווירקט אויף מיר ווי אַ זיסער באַלזאַם. ווען איך שעם זיך נישט פאַר זיך אַליין, וואָלט איך אים אַרויפגעפאַלען אויפ'ן האַלז און אויסגעקושט. ער איז דערשינען פאַר מיר, ווי דער איינציגער מענש, וואָס פילט וואָס עס טוט זיך אין מיין האַרצען.

אויף צומאָרגענס זונטאָג איז שוין דער יונגער שנירמאַן געווען ביי אונז אין הויז. מיר האָבען אָפּגערעדט, אַז ער וועט מיט מיר לערנען פיר מאָל אַ וואָך שפּילען אויף דער פּיאַנאָ און אויך געזאַנג. עס וועט קלינגען אויס־טערליש, נאָר דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען, וואָס כ'האָב דערזען אַ קלאַוויר פאַר מיינע אויגען. באַלד ביי דער ערשטער לעקציע האָט ער אויסגעפּרואווט מיין געהער. ער האָט אָנגעשלאָגען פאַרשידענע אַקאָרדען, געמאַכט פּאַסאַזשען, געוויינליכע און כראָמאַטישע, און געהייסען מיר נאָכ־זינגען. ער איז געווען איבערראַשט, וואָס כ'האָב כמעט נישט געמאַכט קיין פעלער.

דער יונגער שנירמאַן איז געווען אַ פיינער מוזיקער און נאָך דער לעקציע בעט ער מיך, אַז איך זאָל אים פאַרזינגען עפּעס אַן אַריע אָדער אַ ראָמאַנס, אויב איך קען. איך האָב געזונגען פאַר אים „אַזרא" פון רובינשטיין און טשאַי־קאָווסקי'ס אַ ראָמאַנס „גאַסנוט דאַלניע אָלפּוכאַרי". ער האָט שטאַרק געלויבט מיין קאָלאָראַטור און די קלאָרקייט פון דער שטימע. זיין דרינגענדע עצה איז געווען, אַז איך זאָל נישט פאַרלירען קיין צייט און זיך גלייך נעמען צו אַן אינטענסיווער ווייטערער אויסבילדונג פון מיין שטימע. צו דעם צוועק האָט ער מיר רעקאָמענדירט אַ ספּעציעלע געזאַנג־לערערין, אַ געוועזענע אָפּערע־זינגערין, אַ געוויסע אַננאַ פּאַוולאָוונאַ בראַמבערג.

מיין שוואָגער, דובניקאָוו, איז מיר ווידער צוהילף געקומען און מיר האָבען איינגעאָרדענט אַ באַגעגעניש מיט דער לערערין. דאָס איז געווען אַן עלטערע דאַמע, וואָס האָט אין איר צייט געשמ'ט אין די פּעטערבורגער סאַלאָנען, ווי אַ באַרימטע זינגערין. ווען די צייט פון אירע דערפאָלגרייכע אָפּערע־אויפטריטען איז אַריבער, האָט זי זיך צוריקגעצויגען אויף דער פּראָווינץ און האָט זיך פאַרנומען מיט לערנען געזאַנג. זי האָט זיך אויסגע־צייכענט מיט אַ פיינעם געשמאַק, און ווען זי האָט דאָס ערשטע מאָל דערהערט מיין שטימע איז זי געווען פול מיט לויב און זי האָט זיך אַפילו אונטערגע־נומען, אַז אין פאַרלויף פון עטליכע חדשים וועט זי מיך צוגרייטען צו אַן עפענטליכען קאָנצערט אין דעם רוסיש־אַריסטאָקראַטישען „דוואָריאַנסקי קלוב"...

דאָ האָט זיך מיר שוין איינגעגלאַנצט פאַרדרייט דער קאָפּ. מיט מיין גאַנץ ווען דאָס האָב איך נאָך געשטעקט אין דעם פּיטשינקען שטעטעלע מיט זיינע פּרומע אידישע זיטען און מנהגים; דאָס געשטאַלט פון שטרענגע טאַטע־מאַמע און פון די אַלע גאָט־געטרייע מומעס און פעטערס האָט מיך באַגלייט אויף טריט און שריט. אין מיינע אויערען האָט נאָך געקלונגען דער אָנזאָג פון טאַטען ביים געזעגענען זיך, אַז איך זאָל למען השם זען גיין אין אידישען וועג און נישט פאַרשעמען מיינע אָבות. און דאָ נאַדיר גלייך דעם ערשטען נסיון: איך, דער כּאַנאַראַדער יונגערמאַנטשיק, וואָס בין ערשט געציילטע וואָכען אַרויס פון מיין נעסט, זאָל גאָר אויפטרעטען און זינגען פאַר גויים, און נאָך וואָסערע גויים, סאַמע געגערעלער און טשינאָווניקעס פון דער יעלי־סאַוועטגראַדער אַריסטאָקראַטיע, וואָס פאַרזאַמלען זיך אין דעם „דוואָריאַנסקי קלוב"! עס האָט מיר גוט געשווינדעלט פאַר די אויגען און איך האָב נישט אָנגעהויבען צו וויסען ווי אַזוי איך וועל מיך ספּראַווען מיט דער נייער אויפ־גאַבע, וועלכע איז פאַר מיר געשטעלט געוואָרען.

# אַ גענעראַל לאַדט מיך איין צו זינגען

מיין מוזיק־לערערין, אַננאַ פּאַוולאָוונאַ בראַמבערג, איז געווען אַ גאַנצע קאָכלעפּעל אין די געזעלשאַפטלעכע קרייזען, סיי אידישע און סיי רוסישע, פון דער שטאָט יעליסאַוועטגראַד. זי האָט געוואוסט וואָס עס קאָכט זיך ביי יעדען אין טעפּעל און איז געווען אויסגעבונדען מיט די אַלע פאָרשטעלונגען, קאָנצערטען און טעאַטער־אויפפירונגען, וואָס זיינען ווי אין אַלע גרעסערע רוסישע שטעט דורכגעפירט געוואָרען פאַר וואוילטעטיגע צוועקען. אָן איר איז קיין זאַך נישט געטאָן געוואָרען; זי איז אומעטום געווען די גלאַוונע מחותנת׳טע; זי איז געווען די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרין פון אַלע געזעלשאַפטליכע שמחות אין שטאָט.

וואו די דאָזיגע אַננאַ פּאַוולאָוונאַ איז געקומען, און געקומען איז זי אין אַלע אָנגעזעענע הייזער פון שטאָט, האָט זי געהאַלטען פאַר איר חוב צו דער־ציילען וועגען איר נייעם שילער, וואָס איז עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס, וואָס די וועלט וועט נאָך מיט אים קלינגען. און ביז די גרויסע וועלט וועט אָנהויבען קלינגען מיט מיר, האָט זי געראַטען די שטאָטישע געזעלשאַפטליכע טוער, אַז זיי זאָלען דערווייל אויסנוצען מיין אויסערגעוויינליך שטאַרקע שטימע און שאַפען מיטלען פאַר זייערע אינסטיטוציעס.

איינמאָל, ווען איך בין אַזוי געשטאַנען ביים שווער אין שניט־קראָם און איינגעג׳טענה׳ט מיט אַ קונה, קומט צו מיר צו מיין שוואָגער, דובניקאָוו, און זאָגט מיר, אַז אַ רוסישער גענעראַל מיט צוויי דאַמען פרעגען זיך אויף קאָ־וואַליעווסקי׳ס אײדעם, קוואַרטין. הענט און פיס זיינען מיר אָפּגעפאַלען. אַ גענעראַל פרעגט זיך אויף מיר? וואָס האָב איך פאַר אַ געמיינזאַמעס מיט אַ רוסישען גענעראַל? אפשר איז דאָס גאָר אַן אָפּקלאַנג פון מיין שטיין צום פּריזיוו און מען גייט מיך נאָכאַמאָל רופען צו פּאָניע׳ן? און בכלל, ווי אַזוי רעדט מען צו אַ גענעראַל — איך האָב נאָך ביז איצט קיינמאָל קיין גענעראַל אין די אויגען נישט געזען.

אָבער עס העלפט נישט, מען טאָר זיך נישט אַרויסווייזען פאַר אַ קליינ־שטעטעלדיגען, און אַז מען רופט דאַרף מען גיין. מיט אַ קלאַפּעדיג האַרץ און מיט אַ שווינדעל אין קאָפּ האָב איך זיך דערנעענטערט צו די הויכגעשטעלטע געסט, וועלכע זיינען אַראָפּגעקומען צו מיין שווער אין קראָם אַריין. נאָך גוט, וואָס מיין שוואָגער איז געשטאַנען דערביי, אַז נישט וואָלט איך זיך גאָר

אינגאַנצען פאַרלוירען פון דער דאָזיגער אומדערוואַרטעטער באַגעגעניש.

דער דובניקאָוו האָט שוין געוואוסט, אַז מען דאַרף אַ גענעראַל זאָגען „וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ". איך אַליין האָב נישט אָנגעהויבען צו וויסען וואָס דאָס וואָרט באַדייט. ער האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר זיי, דער גענעראַל דריקט מיר די האַנט און זאָגט: „עס איז מיר זעהר אָנגענעם אייך מיטצוטיילען, אַז אַננאַ פּאַוולאָוונאַ האָט אונז איבערגעגעבען וועגען אייער שיינער שטימע, און אַזוי ווי מיר אָרדענען איין אַ גרויסען קאָנצערט לטובת דעם רוסישען „רויטען קרייץ", וואָלטען מיר אייך זעהר געבעטען אָנטיילצונעמען אין דעם דאָזיגען קאָנצערט".

מיין פאַרלוירענקייט פון דער איינלאַדונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ זאַך קאָן מען גאָר נישט אָפּזאָגען, מען דאַרף דאַנקען פאַר דעם גרויסען כבוד, וואָס ווערט דיר צוגעטיילט מיט דער איינלאַדונג, און גלייך די איינלאַדונג אָננעמען. אָנשטאָט דעם האָב איך גע־זאָגט, אַז איך בין זעהר שטאָלץ (נישט מיט דער איינלאַדונג), נאָר מיט דעם וואָס אַננאַ פּאַוולאָוונאַ האָט אַזאַ הויכע מיינונג וועגען מיין שטימע און אַז כ׳וועל זיך באַראַטען מיט איר וועגען דעם פּראָגראַם פאַר דעם קאָנצערט, און אויב זי וועט מיר דערלויבען, וועל איך גלייך וועגען דעם לאָזען וויסען דעם גענעראַל.

ערשט שפּעטער האָב איך מיך געכאַפּט, אַז אַזאַ ענטפער איז געווען גענוג גראָבליך, און כ׳האָב געזוכט דעם שלעכטען איינדרוק צו פאַרריכטען. באַלד ביי דער ערשטער לעקציע מיט אַננאַ פּאַוולאָוונאַ האָט זי גענומען גרייטען מיט מיר אַ פּראָגראַם פאַר דעם קאָנצערט, און נאָכדעם ווי דאָס פּראָגראַם איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען, בין איך אַוועק אין קאַנצעלאַריע פון גענעראַל, וועלכער איז געווען דער קאָמאַנדיר פון גאַרניזאָן אין שטאָט, און געבעטען איבערגעבען דעם גענעראַל, אַז מיט פאַרגעניגען נעם איך אָן די איינלאַדונג.

חדשים־לאַנג האָבען געדויערט די פּראָבעס און הכנות צו דעם קאָנצערט, וואָס האָט געדאַרפט זיין די גרעסטע געשעעניש אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון דער שטאָט. אַננאַ פּאַוולאָוונאַ האָט גוט געוואוסט, אַז צו דעם קאָנ־צערט וועלען קומען די גרעסטע רוסישע פּני פון שטאָט, און זי האָט זיך גע־געבען די גרעסטע מי מיך צוצוגרייטען ווי געהעריג, ווייל מיין דערפאָלג וועט אויך זיכער זיין איר דערפאָלג.

דאָס פּראָגראַם פאַר מיין ערשטען עפענטליכען אַרויסטריט האָט גע־דאַרפט באַשטיין פון די פאָלגענדע נומערן: די אַריע פון פירשט סינאָדאַל פון דער אָפּערע „דעמאָן" פון רובינשטיין; די אַריע פון וואַלענטין פון דער אָפּערע „פאַאוסט" פון גונאָ; „אַזראַ" פון רובינשטיין; „דיטיאַטקאָ" פון דראַגאָ־מיזשסקי; דער ראָמאַנס „גלאַדיאַ נאַ לוטש פּורפּורנאַוואָ זאַקאַטאַ"; „שאַרמאַנ־שטשיק" פון שובערט; „אַ וויג־ליד" פון גונאָ; „אויף דעם רוישיגען באַל" פון טשאַיקאָווסקי און „אָוועט" פון מאָניוּשקאָ.

ווי מען קאָן זען פון דעם אָנגעלאָדענעם פּראָגראַם, האָט מיך דערוואַרט גאָר נישט קיין קליין שטיקעל אַרבייט דאָס אַלץ זיך אויסצולערנען אויף אויסנ־ווייניג און טאַקע מיט דער עכטער רוסישער שפּראַך, און נישט מיט דעם האַלבען אוקראַאיניש, וועלכען איך האָב מיטגעבראַכט פון מיין שטעטעל. גלויבט מיר, עס איז מיר נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. ווען איך בין געשטאַנען ביי מיין שווער אין קראָם, זיינען מיר שוין מער נישט געלעגען אין זינען די קונים, נאָר איך האָב אַלץ געהאַלטען אין איין איינ׳חזר׳ן די שווערע ווערטער פון די אַריעס און ראָמאַנסען.

דערצו נאָך בין איך צו יענער צייט געווען גאַנץ שטומפּיג אויף דער עברי פון נאָטען־לייענען, דאָס הייסט, אַז כ׳האָב גאָר פּשוט סיי די מעלאָדיעס און סיי די ווערטער געמוזט לערנען אויף אויסענווייניג. איך מוז נאָך באַמערקען, אַז אין פּראָגראַם זיינען געווען נומערען סיי פאַר אַ טענאָר־שטימע, און סיי פאַר אַ באַריטאָן. לויט דער הויכער, מיטעלער און טיפער לאַגע פון מיין שטימע האָב איך דיביידע סאָרטען געזאַנג געקאָנט באַהערשען. צו אַזאַ שלום איז געקומען מיין לערערין נאָכ׳ן איינשטודירען מיט מיר דאָס פּראָגראַם אין משך פון קאַרגע פיר חדשים.

איך האָב געפיבערט מיט דעם ערשטען עפענטליכען אַרויסטריט, וואָס האָט מיך דערוואַרט. אָבער צו דער גלייכער צייט האָב איך באַמערקט, אַז מיין יונג ווייבעל באַטייליגט זיך אינגאַנצען נישט אין מיין גרויסער איבערלעבונג. פאַר איר האָט די גאַנצע זאַך נישט געהאַט די מינדעסטע באַדייטונג, זי איז געגאַנגען אָנגעבלאָזען, ווי זי וואָלט אינגאַנצען נישט געווען צופרידען מיט דער נייער קאַריערע, וואָס האָט זיך געעפענט פאַר מיר אָנצייכענען.

דאָס האָט מיך זעהר געערגערט און האָט אָפּגעשוואַכט מיין דראַנג זיך ווייטער צו בילדען מוזיקאַליש און נאָך מער צו פאַרפולקאָמען מיין שטימע. דאָס האָט מיר אויך שטאַרק געשטערט אין דער צוגרייטונג צום גרויסען קאָנצערט, אויף וועלכען די גאַנצע שטאָט האָט אַרויסגעקוקט. אָבער קיין צוריק איז שוין נישט געווען און מיט אַלע כחות האָב איך גובר געווען די אַלע פּסיכאָלאָגישע שטערונגען און בין געקומען צו דעם טאָג פון מיין עפענטליכען אַרויסטריט.

דאָס איז געווען דעם ערשטען יוני, 1896. דער „דוואָריאַנסקי קלוב" אין יעליסאַוועטגראַד איז געווען געפּאַקט מיט מיליטער־לייט, ריכטער, טשי־נאָווניקעס און דעם גאַנצען רוסישען אָדעל פון שטאָט. אויבען־אָן, אויף אַ ספּעציעל אַרויסגערוקטען שטול, איז געזעסען דער גראַדאָנאַטשאַלניק, די פּערזאָן, וואָס האָט פאַרקערפּערט די העכסטע רוסישע מאַכט אין שטאָט. פון אידען זיינען אַ חוץ מיין גאַנצער משפּחה, געווען נאָך עטליכע אָנגעזעענע פאַמיליעס, וואָס זיינען געשטאַנען אין האַנדעלס־פאַרבינדונגען מיט דער רוסישער וועלט.

איך בין נישט אומשטאַנד צו שילדערען וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין

מיין האַרץ, איידער כ׳האָב געדאַרפט אַרויסגיין אויף דער עסטראַדע. אַלץ האָט אין מיר געוויינט פאַר שרעק, טאָמער וועל איך אַדורכפאַלן, טאָמער וועל איך פאַרגעסען דאָס אַלץ, וואָס כ׳האָב מיט אַזוי פיל מי און מאַטערניש איינגעחזר׳ט. איך געדענק, אַז כ׳האָב אַפילו געבראַכען פאַר טיפער איבער־לעבונג, אָבער די גוטע אַננאַ פּאַוולאָוונאַ האָט מיך באַרואיגט און געזאָגט, אַז דאָס איז נאָך בעסער פאַר דער שטימע, זי וועט קלינגען לויטערער און קלאָרער.

האַלב באַוואוסטזיניג בין איך אַרויס אויף דער עסטראַדע און ווען איך האָב דערהערט די ערשטע אַקאָרדען פון דער פּיאַנאָ, אויפגעשפּילט דורך מיין לערערין, אַננאַ פּאַוולאָוונאַ, בין איך גלייך געקומען צו זיך. איך האָב בישט געזעהן מער דעם זאַל מיט די אַלע הויכגעשטעלטע לייט, איך האָב מיך איינגאַנצען פאַרטיפט אין זיך און האָב אָנגעהויבען זינגען. איך בין אַליין געווען איבעראַשט, מיין שטימע האָט געקלונגען, ווי אַ מעכטיגער גלאָק, ריין, לויטער און שיין.

איך בין אַריין אין טראַנס און בין פון נומער צו נומער געוואָרען אַלץ מעהר זיכערער אין זיך. ווען עס האָט זיך געענדיגט דער ערשטער טייל, בין איך פאַרטויבט געוואָרען פון אַ האָגעל פון אַפּלאָדיסמענטען. אָבער איך אַליין בין געווען, ווי אין אַן עולם התוהו, עס האָט מיך עפּעס איינגאַנצען נישט אינטערעסירט די גוואַלדיגע באַגייסטערונג, וועלכע האָט געהערשט אין זאַל, מיך האָט מער אינטערעסירט ווייטער צו זינגען, גאַרנישט אויפצוהערען זינגען, אַזוי פאַרכאַפּט בין איך געווען פון דער עצם עובדה פון מיין געזאַנג. עס איז געווען, ווי אַ דורשטיגער וואַנדערער כאַפּט זיך צו צו אַ קוואַל, טרינקט און טרינקט און קען זיך גאַרנישט זעטיגען.

מיט דעם זעלבען ברען האָב איך אָפּגעזונגען דעם צווייטען טייל. מען האָט מיך באַגריסט פון אַלע זייטען, געדאַנקט און געדריקט די האַנט, אָבער איך האָב געפיהלט, אַז אייגענטליך האָב איך אַליין מער וואָס צו דאַנקען. ווען די מענשען זאָלען וויסען, ווי דערהויבען איך האָב זיך געפיהלט, ווי אונ־טערבאַוואוסטזיניג עס האָט געשלאָגען ביי מיר אין האַרצען, אַז ענדליך בין איך אַרויף אויף דעם ריכטיגען וועג, אַז ענדליך האָב איך דערלעבט די פאַר־ווירקליכונג פון מיינע אינטימסטע שטרעבונגען — און דאָס אַלץ איז אַ דאַנק דער מעגליכקייט, וואָס איז מיר געגעבען געוואָרען אויסצופּרואוון מיינע כחות, דעמאָלט וואָלטען זיי געוואוסט, אַז איך בין זיי מער שולדיג ווי זיי מיר פאַר דעם קאָנצערט, וואָס איך האָב געגעבען לטובת אַ וואוילטעטיגען צוועק.

## באַרימטע קינסטלער זאָגן מבינות וועגן מיין שטימע

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן ביי מיין שווער אין הויז נאָך דעם קאָנצערט אין „דוואָריאַנסקי קלוב" איז גאָר שווער צו שילדערן. די גויים אַליין האָבן זיך אַנטציקט און געלויבט דעם יונגען אידעם פון די קאָוואַליעווסקי'ס. וואָס קאָן שוין זיין אַ גרעסערער לויב פאַר באַלעבאַטישע אידען, אַז „נאַטשאַלסטוואָ" זאָגט, אַז ס'איז גוט?

אַלע זיינען געווען אַנטציקט, אַ חוץ מיין פרוי. איך האָב איר גאָרנישט געקענט פאַרשטיין, וואָס זי נעמט נישט דעם מינדעסטען אָנטייל אין מיין גרויסער פרייד, אַזוי ווי איר וואָלט די גאַנצע זאַך נישט אָנגעגאַנגען. דערפאַר מיין שוואָגער, דובניקאָוו, ער האָט אַנטיילגענומען אין מיין דערפאָלג, ווי אַ לייבליכער ברודער. ער האָט עפּעס אַרויסגעפילט, אַז מיין זינגען וואַקסט ברייט אַריבער די גרעניצען פון דער פּראָווינץ־שטאָט און אַז עפּעס שטייט מיר פאָר אַ רייכע צוקונפט און ער האָט זיך באַמיט צו זיין אַ מיטבאַטייליגטער אין דער דאָזיגער צוקונפט.

אַ וואָך נאָך מיין קאָנצערט קומט צו מיר מיין שוואָגער, דובניקאָוו, און זאָגט צו מיר: „דו ווייסט, זינאָוויע, אַזוי ווי איך פאָר אין עטליכע טעג אַרום קיין כאַרקאָוו איינקויפען סחורה, איז מיר איינגעפאַלען, אַז דו זאָלסט מיטפאָרען מיט מיר. אין כאַרקאָוו געפינען זיך עטליכע באַקאַנטע מוזיק־פּראָפעסאָרען און אָפּערע־אַרטיסטען פון דער פעטערבורגער אָפּערע, וועלכע גאַסטראָלירען דאָרט איצט, וואָלט גוט געווען, אַז זיי זאָלען אויסהערען דיין שטימע און געבען אַן עצה, אויף וועלכע וועגען דו זאָלסט ווייטער גיין".

ער איז ווירקליך געווען פאַראינטערעסירט, אַז איך זאָל פאָרזעצען מיין מוזיקאַלישען שטודיום און ער האָט טאַקע אַליין געוואָלט הערען, וואָס אַזעלכע באַרימטע אַרטיסטען ווי מעדוועדיעוו, טאַרטאַקאָוו און ווינאָגראַדאָוו האָבען צו זאָגען וועגען אַזאַ שטימע ווי מיינע. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט אין זיין אָנבאָט. ערשטענס, האָט מיר טאַקע אַליין געצופּט אונטער'ן האַרצען צו הערען מבינות פון גרויסע זינגער וועגען מיין „כלי", און ביי דערביי האָב איך מיר געטראַכט, טאָמער קומט גאָרנישט אַרויס פון מיין איינריידעניש וועגען זינגעריי, לאָמיך כאָטש ויסען וואו אַ טיר אויפצומאַכען אין דער גרויסער שטאָט, וואו מען קויפט איין סחורות אין פאַל ווען איך וועל אַמאָל דאַרפען ווערען אַ זעלבשטענדיגער שניט־קרעמער.

מיר זיינען אַוועקגעפאָרען קיין כּאַרקאָוו און ווי נאָר מיין שוואָגער איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיינע סוחר׳ישע געשעפטען, האָט ער דעם ערשטען וויזיט מיט מיר אָפּגעשטאַט ביי דעם באַקאַנטען געזאַנג־פּראָפעסאָר עווערארדי, אַן איטאַליענער, וועלכער האָט גערעדט אַ צעבראָכענעם רוסיש. מיר האָבען אַביסעל געוואַרט אין זיין סטודיע, און ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין קלאַס, איז ער גרייט געווען מיך אויסצוהערען. ער האָט אויסגעשפּילט אַ סקאַלע טענער אויפ׳ן קלאַוויר און איך האָב נאָכגעזונגען. דאַן האָט ער אָנגעשלאָגען עטליכע כּראָמאַטישע סקאַלען און אַקאָרדען, כּדי אויסצופּרואוווען מיין געהער.

איך האָב אים פאָרגעזונגען עטליכע נומערען פון דעם לעצטען קאָנצערט אין יעליסאַוועטגראַד און דער עלטערער פּראָפעסאָר האָט אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר גרויסע אויגען. וואו בין איך געווען ביז איצט, — האָט ער מיך געפרעגט אַ פאַרוואונדערטער. — פאַרוואָס קום צו אים ערשט איצט? פאַר־וואָס לערן איך נישט? ער איז גרייט מיך צו לערנען אָן אַ גראָשען געלט, ווייל ער איז זיכער אין דער גלענצענדער צוקונפט וואָס דערוואַרט מיך.

מיין שוואָגער, דער סוחר, וואָס שאַצט אַלץ לויט׳ן ווערט פון געלט, רופט זיך אָפּ צום פּראָפעסאָר, אַז אַזוי ווי איך בין שוין אַ זעלבשטענדיגער סוחר און האָב שוין איינקונפט אַ וואָסערע פינף־זעקס טויזענט קערבלעך אַ יאָר פון מיין מסחר, וויל ער הערען דעם פּראָפעסאָר׳ס מיינונג, צי עס לוינט זיך אַוועקצוואַרפען אַ פאַרטיגע זאַך, וואָס טראָגט זיכערען איינ־קונפט, און לאָזען זיך אויף אַ גאַנץ נייעם וועג פון מוזיק־שטודיום, וואָס וועט פאָדערען לאַנגע יאָרען פון שווערער אַרבייט.

אויף דעם האָט אים דער פּראָפעסאָר געענטפערט, אַז עס קאָן נישט געבען קיין שענערע צוקונפט פאַר אַ מענשען ווי אַנטוויקלען זיינע איינגעבוי־רענע טאַלענטען, און אַז אָט דעם יונגערמאַן וואָס שטייט דאָ פאַר אים דער־וואַרט די שענסטע קאַריערע פון אַן ערשט־קלאַסיגען אָפּערע און קאָנצערט־זינגער, וואָס אַפילו ווען מען זאָל דאָס וועלען איבעררעכענען אויף פּשוט׳ע געלט, וועט דאָס באַטרעפען אַ סך מער, וויפיל ער ציט איצט אַרויס פון זיין געשעפט. אָבער די וויכטיגסטע זאַך איז נישט דער גרויסער פאַרדינסט, נאָר דער טיפער אינערליכער פאַרגעניגען, וואָס דער מענש איז דערגאַנגען צו דעם, צו וועלכען ער איז באַשטימט, וואָס ער אַנטוויקעלט אַלע זיינע פאַר־באָרגענע כּחות פאַר דעם אייגענעם נחת און פאַר דער פרייד פון זיינע מיטמענשען.

ווען מיין שוואָגער האָט דערהערט אַזעלכע ווערטער, אַז מיין שטימע איז ווערט געלט, בין איך נאָך אָנגעזעענער געוואָרען אין זיינע אויגען. ער האָט שוין כּמעט נישט געהערט די לעצטע ווערטער פון פּראָפעסאָר, אַז ער זאָל מיך איבערלאָזען ביי אים אויף אַ יאָר צייט, אַז ער וועט מיך לערנען אומזיסט און אַז ער וועט אַפילו אויסכּלאַפּאָטשען פאַר מיר „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ״

(רעכט צו וואוינען פאַר אידען אויסער׳ן תחום המושב), אַבי צו האָבען מיך פאַר אַ שילער. ער האָט זיך שנעל אָפּגעזעגענט און צוגעזאָגט צו לאָזען וויסען וואָס מיר האָבען באַשלאָסען.

דעם זעלבען טאָג זיינען מיר נאָך אַוועק צו דעם באַרימטען אָפּערע־אַרטיסט מעדוועדיעוו, אָט דער זעלבער מאיר׳ל מעדוועדיעוו, דער זונדעל פון דעם ראַקיטנער רב, וועגען וועלכען דער טאַטע האָט מיר געהאַט דערציילט, אַז ער האָט זיך גע׳שמד׳ט, כדי מיך אָפּצושרעקען פון דער זינגער־קאַריערע. דאָ האָט אונז שוין אויפגענומען אַ שווייצאַר, וועלכער האָט אונז בשום אופן נישט געוואָלט צולאָזען צום זינגער, נאָר אַז מיר זאָלען זיך פריער אָנמעלדען דורך אַ בריוו, וואָס אַזוינס עס איז אונזער פאַרלאַנג. דובניקאָוו האָט פאַר־שטאַנען, אַז אין אַזאַ פאַל איז גוט זיך אַרויסצוהעלפען מיט אַ קערבעל, וואָס מען רוקט אַריין דעם שווייצאַר אין האַנט אַריין, און עס האָט טאַקע געהאָלפען.

דער שווייצאַר האָט געמאָלדען, אַז מענשען וואָס זיינען געקומען פון אַ פרעמדער שטאָט, דאַרפען זיך דרינגענד זען מיט דעם גרויסען זינגער. מיר זיינען גלייך אַריינגעלאָזט געוואָרען צו אים אין קאַבינעט. אויך דאָ איז דער ראש המדברים געווען דובניקאָוו, וועלכער האָט דערקלערט צוליב וואָס מיר זיינען געקומען. מעדוועדיעוו האָט מיך אָפּגעמאָסטען מיט זיין בליק. אפשר האָט זיך אים דעמאָלט דערמאָנט זיין אייגענע קינדהייט, ווי אַזוי ער אַליין האָט געוואַנדערט מיט זיין שטימע צו פאַרשידענע חזנים און זינגער, אַז זיי זאָלען אים אויסהערען און זאָגען זייער מבינות.

ער האָט זיך גלייך אַוועקגעזעצט צום קלאַוויר, אָנגעשלאָגען עטליכע אַקאָרדען און געבעטען מיר נאָכזינגען. איך האָב דערפילט פאַר וועמען איך שטיי; איך האָב זיך דערמאָנט דעם טאַטענס געשיכטע וועגען מאיר׳לען פון ראַקיטנע, און הילכיגע ליכטיגע טענער האָבען זיך אַ שאָט געטאָן פון מיין האַלז. מעדוועדיעוו האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר ער איז צוגעלאָפען צום גלעק־קעל. ווען דער שווייצאַר איז אַריינגעקומען, האָט ער אים געהייסען בעטען די גרעפין, אַז זי זאָל זיין אַזוי גוט און אַראָפּקומען צו אים אין צימער.

ביז די גרעפין האָט זיך באַוויזען, האָב איך נאָך געזונגען „אַזראַ״ און די אַריע פון „דעמאָן״, וועלכע איך האָב געזונגען אויפ׳ן יעליסאַוועטגראַדער קאָנצערט. אין מיטען זינגען האָט זיך אויפ׳ן שוועל באַוויזען די גרעפין, אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרען, מיט פיל שטריכען פון אַריסטאָקראַטישער שייקייט אין פנים. זי האָט מיך אָפּלאָדירט, געוואונשען אַ סך גליק אין מיין מוזיקאַלישער קאַריערע, און האָט פאַרלאָזען דאָס צימער.

דובניקאָוו, דער סוחר, האָט נאָכאַמאָל געוואָלט איבערציילען אויף רענדלעך וויפיל מיין שטים איז ווערט. האָט ער דערציילט מעדוועדיעוו׳ן די זעלבע גע־שיכטע וואָס פריער דעם פּראָפעסאָר עווערואַרדי, אַז איך בין אַ רייכער סוחר, פאַרדין תרפ״ט אלפים קערבלעך אַ יאָר, און איצט שטעלט זיך די פראַגע, צי עס לויט זיך צו לאָזען שטיין אַזאַ גאָלדען געשעפט און פטר׳ן עטליכע יאָר

אויף שטודירען געזאַנג און אָנצוהויבען אַ נייע קאַריערע, וואָס מען ווייסט נישט צו וואָס זי וועט פירען.

מעדוועדיעוו האָט זיך אָנגעצונדען פון כעס און איז אַרויף אויף דובני־קאָוו׳ן בזה הלשון: „וואָס פלוידערט איר וועגען אייער סוחר׳ערײַ. אין דער שטימע פון דעם יונגעמאַן זיינען באַהאַלטען מער מיליאָנען וויפיל איר פאַרמאָגט און וועט אַמאָל פאַרמאָגען אין אַלע אייערע געשעפטען. איך קאָן אייך פאַרזיכערען, אַז אין פאַרלויף פון דריי־פיר יאָר וועט ער זיין דער ערשטער טענאָר אין דער פעטערבורגער קייזערליכער מאַרינסקער אָפּערע. גאַנץ רוסלאַנד וועט מיט אים קלינגען. און אויב איר ווילט שוין דוקא וויסען וויפיל געלט ער וועט פאַרדינען, קאָן איך אייך פאַרזיכערען, אַז נישט ווינציגער פון פופציג טויזענט רובעל אַ יאָר״.

און קומענדיג אַביסעל צו זיך פון דער אויפגערעגטקייט, האָט ער ווייטער געזאָגט: „אָבער ווער טראַכט אין אַזאַ מאָמענט וועגען געלט — דאָס איז דאָך אַ פערעל, אַ מתנה פון גאָט, וואָס באַווייזט זיך צום מענשען אַזוי זעלטען. און עס איז בלויז די פליכט פון יענעם געבענטשטען, וואָס איז באַשאָנקען געוואָרען מיט אַזאַ שטימע, זי צו אַנטוויקלען ווי געהעריג, פאַר דער אייגענער צופרידענקייט און פאַר דער גרויסער הנאה פון דער גאַנצער מענטשהייט״.

מעדוועדיעוו, וועלכער איז אַריין אין דער גרויסער באַגייסטערונג, האָט ווייטער געזאָגט:

„מיין פאַרשלאַג צו אייך, יונגערמאַן, איז, אַז איר זאָלט פאַרבלייבען דאָ מיט אונז אין כאַרקאָוו. איך בין גרייט אייך צו ווידמען מיין פרייע צייט און טיילען זיך מיט אייך מיט דער רייכער דערפאַרונג, וועלכע איך האָב דערוואָרבען אין די אַלע יאָרען פון מיין קאַריערע. שפּעטער וועל איך אייך מיטנעמען קיין פעטערבורג און איך וועל זען, אַז איר זאָלט אַריינקומען אין דער קייזערליכער קאָנסערוואַטאָריע. איך וועל זען, אַז עס זאָל אייך קיין געלט נישט קאָסטען, און טאָמער וועט איר זיך נויטיגען אין אַ סטיפּענדיע (סקאָלערשיפּ), וועט איר זי אויך באַקומען. אָבער לערענט זיך! עס וואָלט געווען די גרעסטע זינד איר זאָלט אַזאַ שטימע נישט בילדען ווייטער, ביז איר וועט זי ברענגען צו דער גרעסטער פולקאָמענקייט! דאָס איינציגע, וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך, איז, אַז איר זאָלט זיך רעכענען פאַר מיין שילער, וואָס איך וועל באַטראַכטען פאַר דעם גרעסטען כבוד פאַר מיר!״

אַזוי האָט גערעדט דער גרויסער אַרטיסט מעדוועדיעוו, דער אַמאָליגער ראַקיטנער בחור׳ל מאיר׳ל, דער זון פון דאָרטיגען רבֿ, וועלכער האָט מיט אַלע חושים געוואָלט ארויסראַטעווען נאָך אַ אידישען טאַלאַנט, אַז ער זאָל נישט פאַרלוירען גיין אין די ענגע אידישע געסלעך, וואו אַזוי פיל אידישע טאַ־לענטען ווערען פאַרטאַכלעוועט און וואו אַלץ ווערט אויסגעטוישט אויף תכלית, אויף גאָלדענע רענדלעך. מען האָט געפילט ווי ער פיבערט אינגאַנצען בעת

ער רעדט, ווי ער מײנט טאַקע ערליך אַרויסצוברענגען מײנע פֿאַרבאָרגענע פֿעהיגקײטען. אַזוי ווי ער אַלײן איז שוין געווען אַוועק פֿון אידישקײט, האָט ער אויך מײן צוקונפֿט פֿאַרבונדען מיט דער אָפּערע.

דובניקאָוו האָט אינגאַנצען פֿאַרלוירען דאָס לשון, אויסהערענדיג אַזעלכע פֿלאַמענדיגע ווערטער פֿון דעם קינסטלער, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען באַרימט איבער גאַנץ רוסלאַנד. אַ שלעפּ טוענדיג מיך פֿאַר דער פּאָלע, האָט ער קוים אַרויסגעבורטשעט, אַז ווי נאָר מיר וועלען אַהײמקומען, וועלען מיר איבערטראַכטען דעם פּלאַן, וועלכען ער האָט פֿאָרגעלײגט פֿאַר אונז, און מיר וועלען אים גלײך לאָזען וויסען. דערווײל האָבען מיר אים בײדע אָפּגע־דאַנקט פֿאַר דעם אינטערעס, וואָס ער האָט אונז אַרויסגעוויזען און פֿאַר דער טײערער צײט, וואָס ער האָט אונז געווידמעט, און איבערפֿולטע פֿון גליק, האָבען מיר פֿאַרלאָזען מעדוועדיעוו׳ס קאַבינעט.

# דער באַריטאָן ווינאָגראַדאָוו שטעלט דעם ריכטיגען דיאַגנאָז פון מיין קאַריערע

אַזעלכע צוויי וויזיטען, ביי אַ באַרימטען איטאַליענישען געזאַנג־פּראָפעסאָר און ביי דעם אָפּערע־זינגער מעדוועדיעוו, מיט וועלכען רוסלאַנד האָט שוין דעמאָלט געקלונגען, וואָלטען אייגענטליך געמעגט זיין גענוג אַפילו פאַר אַזאַ זשעדנעם נאָך גוטע ווערטער וועגען מיר, ווי עס איז געוועזען מיין שוואָגער דוב־ניקאָוו. אָבער זיין אַפּעטיט האָט מען גאָרנישט געקענט באַפרידיגען; ער האָט אַלץ געהאַט וויינינג, און אַרויסגייענדיג פון מעדוועדיעוו'ן איז ער צוגעשטאַנען צו מיר, אַז אַזוי ווי מיר זיינען שוין אין כאַרקאָוו און דאָ געפינט זיך גראָד דער באַרימטער באַריטאָן ווינאָגראַדאָוו, — זאָלען מיר שוין אָפּשטאַטען אַ וויזיט אויך ביי אים און הערען וואָס ער האָט צו זאָגען וועגען מיין שטימע.

וואָס זאָל איך דאָ לייקענען, ווי יעדער מענש, בין איך אויך געוועזען אומ־זעטיג צו הערען וואָס מער גוטע ווערטער וועגען זיך, און איך האָב גערן איינגעשטימט, אַז איידער מיר פאָרען אַהיים, זאָלען מיר נאָך באַזוכען ווינאָגראַדאָוו'ן. דאָ האָט זיך גלייך דערשפּירט גאָר אַן אַנדער אַטמאָספערע. ביי דער טיר האָט אונז באַגעגענט שוין נישט קיין שווייצאַר אין אַ מונדיר מיט זילבערנע לאַמפּאַסען, נאָר אַן איינפאַך אוקראַיניש דינסט־מיידעל, און גלייך אין קאָרידאָר האָבען מיר באַמערקט ווינאָגראַדאָוו'ן אַליין, וועלכער האָט אונז גאַנץ העפליך געפרעגט, וואָס מיר פאַרלאַנגען.

ווינאָגראַדאָוו איז געוועזען און איז פאַרבליבען אַ האַרציגער איד מיט אַ צאַפּעלדיגער אידישער נשמה. מען האָט אַפילו איבערגעגעבען, אַז ער איז אַ פרומער איד, וואָס לייגט יעדען טאָג תפילין, אָבער איך קאָן נישט זאָגען, אויף וויפיל דאָס האָט געשטימט מיט'ן אמת. פון דעם ערשטען וואָרט, וואָס מיר האָבען אויסגערעדט מיט אים, האָבען מיר גלייך דערפילט אַ מאָדנע האַרציגע היימישקייט, ווי מיר וואָלטען אַריינגעקומען צו אַ נאָענטען קרוב, וואָס איז אויסגעבונדען מיט דיין גאַנצער משפחה, און אָט באַלד וועט ער זיך נעמען אויספרעגען אויף יעדען פעטער און אויף יעדער מומע באַזונדער.

אויך ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צום קלאַוויר און האָט מיך געהייסען עפּעס פאַרזינגען, און מען האָט געקאָנט באַמערקען אויף אים, אַז ער הערט זיך איין מיט אַ באַזונדערער ערענסטקייט און פאַרטראַכטקייט. ער האָט זיך

נישט גענומען וואָרפען מיט אַפּערעס און קאָנסערוואַטאָריעס און מיט גאָלדענע גליקען, וואָס דערוואַרטען מיך, ווי נאָר איך וועל אַרויס אין דער ברייטער גוי׳אישער וועלט. דאָס ערשטע וואָרט זיינס איז געווען, פון וועלכען שטעטעל איך שטאַם, און דאַן האָט ער געבעטען איך זאָל אים עפּעס דערציילען פון מיין לעבען, וואָס איך האָב געטאָן ביז איצט און אין וואָס פאַר אַ סביבה איך בין אויסגעוואַקסען.

עס האָט זיך גלייך דערשפּירט אַן אַנדער צוגאַנג און גאָר אַן אַנדער אינטערעס אין דעם אידישען יונגערמאַן, וואָס באַווייזט זיך פאַר אים. ווען איך האָב אים אַלץ דערציילט, פרעגט ער מיך, צי איך האָב אַמאָל געהערט אַ גוטען חזן אין מיין שטעטעל. האָב איך זיך דערמאָנט אין געצל׳ען דעם חזן פון באַלטע, וואָס האָט זיך באַוויזען ביי אונז אין שטעטעל, ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין אינגעל, און וועגען די לעצטע צוויי גוטע חזנים, וואָס כ׳האָב געהאָט אַ געלעגענהייט צו הערען אין יעליסאַוועטגראַד.

דאַן פרעגט מיך ווינאָגראַדאָוו, צי איך וואָלט געווען אַ בעלן פאַרצווזינגען פאַר אים עפּעס אַ שטיקעל חזנות. דאָ האָב איך דערפילט ווי עס ווערט מיר וואַרעמער אונטער׳ן האַרצען. איך האָב זיך דערפילט גאָר אין דער היים און האָב זיך אַוועקגעלאָזט זינגען אַ שטיקעלע „צור ישראל“, וואָס האָט מיך ממש דערהאַלטען ביים לעבען. איך בין שוין מיד געווען פון זינגען די פרעמדע, איינגעי׳חזר׳טע גוי׳אישע ווערטער, ביי וועלכע איך האָב מיר געדאַרפט די ציין צעברעכען, און איך האָב זיך שוין אַליין געהאַט פאַרבענקט נאָך אַ היי־מישער האַרציגער אידישער מעלאָדיע. און ווען דער באַרימטער אָפּערע־זינגער האָט מיך געבעטען איך זאָל אים פאַרזינגען עפּעס פון אונזער היימישען אוצר — האָב איך מיינע אויערען נישט געגלויבט.

און נאָך „צור ישראל“ האָב איך אָנגעהויבען דערלאַנגען נאָך און נאָך. איך האָב זיך אַלץ מער צעוואַרעמט און צעפלאַקערט ביי דעם אַלטען קוואַל, פון וועלכען איך האָב געטרונקען פון מיין פריסטער קינדהייט אָן. די קאָלאָראַ־טור האָב איך אויך נישט געזשאַלעוועט און האָב גענומען גאָר הויכע טענער. ווינאָגראַדאָוו איז אַלץ געווען ערנסט און איינגעהאַלטען און האָט נישט גע־לאָזט פאַלען קיין איבעריג וואָרט.

ווען איך האָב געענדיגט, האָט ער מיך אַוועקגעזעצט לעבען זיך אויף דער קאַנאַפּע און געזאָגט מיט אַ ווייכער שטים: „עס איז אמת, יונגערמאַן, אַז אייער שטימע איז אויסערגעוויינליך שיין, דאָס געהער איז גוט און איר פאַרמאָגט אַלץ וואָס אַ גוטע שטימע האָט נויטיג פאַר איר אַנטוויקלונג. אָבער לויט דער שילדערונג, וואָס איר האָט מיר געגעבען פון אייער היים און פון דער דערציאונג, וואָס איר האָט באַקומען, גלויב איך נישט, אַז איר דאַרפט זוכען אייער צוקונפט אויף די ברעטער פון דער אָפּערע אָדער פון דער קאָנצערט־עסטראַדע. מיט אַלע אייערע וואָרצלען שטעקט איר אין דער זאַפּ־טיגער ערד פון דעם היימישען שטעטעל, אין דעם פון דורות־איינגעפונדע־

וועטען אידישען שטייגער; דאָרט דאַרפט איר זוכען אייער צוקונפט, אַהין געהערט איר״.

און ווינאָגראַדאָוו האָט מיט זיין ווייכער שטימע פאָרגעזעצט: „לאָזט אייך נישט פאַנגען פון דעם אויסערליכען בליאַסק און גלאַנץ פון דעם גרויס־שטאָטישען טעאַטער־לעבען. דאָרט גלאַנצט און שיינט אַלץ בלויז פון אויבען־אויף, אינעווייניג אָבער איז אַלץ פאַרפוילט און דורכגעפרעסען פון שמוץ. עס איז נישטאָ קיין האַרץ און קיין נשמה אין די אַלע דערפאַלגען, וואָס דער מענש דערגרייכט דאָרט. איך רעד שוין נישט וועגען דעם, וואָס אַן אמת׳ער איד פאַרלירט זיך דאָרט אינגאַנצען, און גאַנץ אָפט ווערט ער פשוט געטריבען צו פאַרלייקענען זיין אָפשטאַם און זיך אָפזאָגען פון זיין גלויבען. נאָר אַפילו אַן איידעלער מענש, נישט קיין איד, קאָן אויך נישט פאַרטראָגען די אַן אַ שיעור אינטריגעס און כיטרעקייטען, מיט וועלכע עס איז אַזוי רייך דאָס טעאַטער־און אָפערע־לעבען.

„איך אַליין, ווי איר קוקט מיך אָן״, האָט ווינאָגראַדאָוו פאָרגעזעצט, „בין געגנוג נסיונות אויסגעשטאַנען, ביז עס איז מיר געלונגען איינצוהאַלטען מיין אידישען פנים און בלייבען דאָס וואָס איך בין געווען אין דער היים פון מיינע עלטערען. איר ווייסט דאָך, אַז מיר לעבען אין רוסלאַנד, וואו אַפילו פאַר דעם גרעסטען טאַלאַנט, אויב נאָר ער איז אַ איד, זיינען פאַרשלאָסען אַלע טירען, וועלכע ער קאָן אַפילו מיט דעם אייגענעם קאָפ נישט דורכברעכען. און טאָמער געלינגט אייך שוין אַפילו צו ווערען אַ באַרימטער אָפערע־זינגער, נישט האָבענדיג באַצאָלט דערפאַר מיט אייער גלויבען, זענט איר אַרומגע־רינגעלט מיט אַזוי פיל קנאה און האַס, אַז דאָס לעבען ווערט אייך נמאס. די מינדערוועררטיגע זינגער פאַרגינען אייך נישט אייער דערפאָלג און זיי באַמיען זיך אייך מקצר ימים צו זיין. מען באַרעדט אייך און באַשמוצט אייך הינטער די אויגען, אַז אַ גאַנץ לעבען דאַרפט איר זיך האַלטען אין איין פאַר־ענטפערען פאַר עמיצען, פאַרענטפערען זיך, הלמאי איר לעבט אויף דער וועלט.

„ניין, מיין ליבער יונגערמאַן, איר זענט אַ צו ריינער און אומשולדיגער מענש, אַז איר זאָלט זיך אַריינלאָזען אין דעם אָפגרונט פון שמוץ און נישט־פאַרגינעריי. איך זע פאַר אייך אַ בעסערען וועג, אַ וועג וואָס אַנטשפּרעכט אייער דערציאונג און אייער געמיט־צושטאַנד, און וועלכער וועט אייך זיכער געבען מער גייסטיגע באַפרידיגונג, ווי דער וועג פון דער אָפערע. מיט אייער שטימע און קאַלאַראַטור וואָלט איר געקאָנט ווערען איינער פון די שענסטע קאַנטאָרען ביי אידען. עס וועט זיין פיל בכבוד׳יגער פאַר אייך, אין גייסט פון אייער טראַדיציע, און דאָס וועט אייך געבען די פולע מעגליכקייט צו אַנטוויקלען אייערע איינגעבוירענע, הויך באַגאַבטע אייגענשאַפטען נישט ווייניגער ווי די אָפערע״.

אַזוי האָט גאַנץ לאַנג גערעדט צו מיר און צו מיין שוואָגער דער באַ־

רימטער באַריטאָן ווינאַגראַדאָוו. דאָס זיינען געווען גאָר אַנדערע רייד, ווי די, וועלכע מיר האָבען פריער געהאַט געהערט פון מעדוועדיעוו׳ן. דאָס האָט גערעדט אַ איד מיט אַן אָנגעווייטאָגט אידיש האַרץ, וואָס איז זיך אַ סך אויס־געשטאַנען דערפאַר וואָס ער האָט נישט געוואָלט איינבייטען דאָס גאָלדענע רענדעל פון אידישקייט, און ער האָט געוואָלט פאַרמיידען, אַז אַן אַנדער יונגערמאַן זאָל מער נישט גיין מיט דעם פיינפולען וועג, מיט וועלכען ער איז געגאַנגען.

איך האָב לאַנגע יאָרען געדענקט אָט די געפילפולע ווערטער, וועלכע עס האָט דעמאָלט אין כאַרקאָוו גערעדט צו מיר ווינאַגראַדאָוו. מיט אַ סך יאָרען שפּעטער, ווען מיר האָבען זיךביידע געטראָפען אין ניו־יאָרק און שפּעטער אין ארץ ישראל, האָב איך דערמאָנט ווינאַגראַדאָוו׳ן די ווערטער, וועלכע ער האָט גערעדט צו מיר מיט אַ יאָר דרייסיג צוריק. איך האָב אים געזאָגט — דאָס איז געווען גאַנץ קורץ פאַר זיין טויט, — אַז ער האָט גאָר אַ גרויסען חלק אין דעם, וואָס מיין לעבען איז אַוועק מיט דעם וועג און נישט מיט קיין אַנדערען. מען קאָן דרייסט זאָגען, אַז זיינע כאַרקאָווער רייד האָבען געמאַכט אין מיר אַ טיפע איבערקערעניש. איך האָב אָנגעהויבען פאַרשטיין מיין טאַטען, וואָס האָט אַזוי עקשנות׳דיג, אין משך פון לאַנגע יאָרען, מיך צוריקגעהאַלטען פון גיין אַליין אין דער וועלט אַריין זוכען מיין גליק. עס איז געווען אַ זין אין דעם נישט לאָזען מיך גיין אויף נסיונות, אין דעם פאַרלאַנג איינצוהאַלטען מיך ביים שטאַם און דוקא פון דעם דורות׳דיגען שטאַם צו שעפּען קראַפט און יניקה פאַר אַ שעפערישען לעבען.

טיף גערירטע האָבען מיר זיך שנעל אָפּגעזעגענט מיט ווינאַגראַדאָוו׳ן און אויף צומאָרגענס אַהיימגעפאָרען קיין יעליסאַוועטגראַד.

# אַ פּעטער, וואָס איז קעגען מיין חזנ׳ישער קאַריערע

צוריקקומענדיג אַהיים, נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך אָנגעהערט אַזעלכע זיסע רייד, איז דאָך, דאַכט זיך גוט, דאַרף דאָך איצט שוין זיין קלאָר פאַר אַלעמען, אין וועלכער ריכטונג עס גייט מיין צוקונפט און וואָס מען דאַרף אָנהויבען טאָן, — הויבט זיך גאָרנישט אָן. איך האָב ווידער געהאַלטען ביים סאַמע אָנהויב, איך האָב געמוזט אויסקעמפען מיר מיין וועג, און לייכט איז דאָס מיר נישט אָנגעקומען. עס איז בלויז געווען איין אונטערשייד: פריער האָבען טאַטע־מאַמע געשטערט און געהאַלטען מיך צוגעבונדען צו זייערע פּאָלעס, איצט זיינען דאָס געווען שווער און שוויגער מיט אַלע זייערע יוצר־משרתים, אַחוץ, פאַרשטייט זיך, מיין שוואָגער דובניקאָוו, וועלכען איך וועל שטענדיג דערמאָנען צום גוטען.

דעם זעלבען אָוונט, נאָך אונזער צוריקקומען פון כאַרקאָוו, זיינען מיר אַלע געזעסען אַרום דעם פאַמיליען־טיש און דובניקאָוו האָט דערציילט מיט אַלע איינצעלהייטען וואָס די פּראָפעסאָרען און גרויסע זינגער האָבען וועגען מיר געזאָגט. דובניקאָוו האָט אויסגעפירט, אַז לויט זיין מיינונג דאַרף איך אַוועקפאָרען קיין קיעוו אָדער אָדעס און פאַרזעצען דאָרט מיין שטודיום פון געזאַנג. מען האָט נישט באַמערקט ביים טיש, אַז מיין שווער און שוויגער, אָדער אַפילו מיין אייגען ווייב זאָלען זיין שטאַרק באַגייסטערט פאַר דעם געדאַנק. גיכער האָט מען געקאָנט אַרויסלייענען פון זייערע פּנים׳ער: אַ מענש האָט זיך אַריינגעקלאַפּט אַ משוגעת אין קאָפּ אַריין און גיי טו אים עפּעס!

נאָר כדי נישט איינגאַנצען אָפּצושלאָגען מיינע פּליגעל, איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז מען וועט אַרויסרופען מיין טאַטען פון כאָבעראַד און דאַן וועט מען אַלע צוזאַמען זיך האַלטען אַן עצה וואָס ווייטער צו טאָן. דערווייל איז דובניקאָוו אָפּגעפאָרען קיין קיעוו איינקויפען סחורה, האָט ער מיך געבעטען מיטצופאָרען מיט אים און פאַר איינוועגס וועלען מיר דאָרט זען עטליכע מוזיקאַלישע מענשען און אויסהערען זייער מיינונג.

אין קיעוו האָב איך באַזוכט דעם פּראָפעסאָר פיין־מאַטיאַס און דעם לערער פון געזאַנג אין דער דאָרטיגער קאָנסערוואַטאָריע, בלומענפעלד. זיי האָבען נישט צוגעגעבען קיין שום נייעס צו דעם, וואָס מיר האָבען פריער געהערט אין כאַרקאָוו. איינס און דאָס זעלבע: מען דאַרף לערנען און עס וועט אויס־

וואַקסען פון מיר אַזוינס און אַזעלכעס. אין אָוונט האָבען מיר באַזוכט די אָפּערע, וואו מען האָט געשפּילט „דעמאָן". איך מוז זאָגען, אַז איך בין נישט געווען באַזונדערס אַנטציקט פון די שטימען, וואָס איך האָב געהערט. דאָס שפּילען פון די אַרטיסטען האָט אויך נישט געמאַכט אויף מיר קיין באַזונדערס שטאַרקען איינדרוק, מסתמא דערפאַר, וואָס איך בין נאָך אַלץ געווען גאַנץ שוואַך אין דער רוסישער שפּראַך און האָב נישט אַלץ פאַרשטאַנען.

צו דער זעלבער צייט האָט מיך דער באַזוך אין קיעוו נאָך מער פאַרשטאַרקט אין דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז מיין וועג: לערנען זיך און אויסבילדען מיין שטימע. צום ערשטען מאָל האָב איך דערשפּירט אַ פעסטקייט און איינגעשפּאַרטקייט אין זיך, אַז איך וועל מיך מער פון דעם דאַזיגען וועג נישט לאָזען אַראָפּשלאָגען. און מיט דעם פעסטען באַשלוס האָב איך באַשלאָסען צו באַגעגענען דעם טאַטען, וועלכער דאַרף קומען צו דער פאַמיליען־באַראַטונג אין הויז פון מיין שווער.

דאָס איז געווען גאָר אַ מאָדנער פאַמיליען־ראַט און איך מוז זיך אויף אים אַביסעל אָפּשטעלען. דער גלאַוונער בעל דברן אויף דער אסיפה איז געווען מיין פרוי'ס פעטער, בערל קאָוואַליעווסקי, וועלכער איז, ווי איך האָב שוין דערמאָנט אין אַ פריערדיגען קאַפּיטעל, געווען דער הויפּט־גבאי פון גרויסען בית המדרש אין יעליסאַוועטגראַד. דאָס איז געווען אַ איד אַ גביר און אַ גרויסער בעל תקיף. אַ קליינטשיגער אין געוויקס, האָט ער אָבער געוואויגען ביי אַ דריי הונדערט פונט, אַזוי אַז ער האָט זיך קוים געקאָנט רירען. דעם גרעסטען טייל פון טאָג איז ער טאַקע אָפּגעזעסען אין אַ ספּעציעלען שטול, וואָס איז פאַר אים געמאַכט געוואָרען, און האָט געטרונקען טיי פון אַ סאַמאָוואַר אין אַ ספּעציעלער גלאָז, וואָס איז געווען גרויס ווי עוג מלך הבשן...

אַ חוץ דער אַרבעט פון טיי־טרינקען, האָט ער געהאַט נאָך אַ מלאכה: אויסצורעכענען ביז אַ קאָפּיקע, וויפיל פּראָצענטער יעדער פון די אידען אין שטאָט איז אים שולדיג פאַר דעם געלט, וואָס ער האָט זיי געבאָרגט. דער גרעסטער בעל חוב איז אים געווען זיין אייגענער ברודער, פישעל, וועלכער איז שטענדיג געווען אַ נצרך אין אַ גמילת חסד. נאָר אַזוי ווי קיין גמילת חסדים האָבען אידען זיך נישט געשטופּט אים צו געבען צוליב זיינע אָפּטע באַנקראָטען, האָט ער געמוזט אָנקומען צו באָרגען געלט אויף פּראָצענט, און דאָס ביים אייגענעם ברודער.

דאָס איז געווען אַ גראָב־הויטיגער איד, וואָס זעלטען האָט מען אַזעלכען געטראָפען אַפילו אין די באַדינגונגען פון דעם פאַרצייטיגען קליינשטעטעלשען לעבען. אָבער מיין שווער איז געווען גאָר שטאַרק פון אים אָפּהענגיק און דערפאַר האָט ער זיך געמוזט רעכענען מיט זיין מיינונג אַפילו אין פאַמיליען־פראַגעס. דער פעטער איז דאָס אַרויס מיט דעם האַרבען וואָרט קעגען דעם, אַז איך זאָל זיך ווידמען אַ חזנ'ישער קאַריערע.

זיין טענה איז געווען, אַז איך פאַרדריי מיר דעם קאָפּ מיט נאַרישקייטען. עס וועט זיין אַ סך בעסער צו נעמען זיך ערענסט צום געשעפט און ווערען אַ גוטער סוחר. און כדי אָפּצושלאָגען ביי מיר דעם חשק צו חזנות, האָט ער געבראַכטביישפּילען פון זיין פּראַקטיק אַלס גבאי אין שוהל. שטענדיג זיינען דאָ רייסערייען מיט די חזנים און משוררים; עפּעס זיינען זיי גאָר קיין מענשען נישט — האָט ער אויסגעפירט.

און אַ חוץ דעם וואָס פאַר אַ תכלית איז דאָס פאַר אַ לייטישען מענשען צו ווערען אַ חזן, איבער וועלכען יעדער גבאי און סתם בעל הבית אין שוהל האָט אַ דעה און האַלט אים פאַר זיין פּערזענליכען משרת. אַזאַ חזן איז קיינמאָל נישט זיכער מיט זיין פּרנסה, טאָמער צעקריגט ער זיך איבער אַ קלייניגקייט מיט'ן גבאי — ווייזט אים דער לעצטער גלייך די טיר. אַ חזן, האָט ער ווייטער געזאָגט, דאַרף זיין אַ חוצפּה'ניק, מיט שאַרפע עלענבויגענס, אַז נישט קריכט אים גאַנץ קהל אויפ'ן קאָפּ. „און דו, מיין פּלימעניק, שטאַמסט פון אַן איידעלער שטוב, דאָס איז נישט קיין פּרנסה פאַר דיר. דו וועסט זיך נישט אויסטויגען צו דעם געשעפט. איז מיין עצה, אַז דו זאָלסט גיין מיט דעם וועג, מיט וועלכען דיינע עלטערען און אור־עלטערען זיינען געגאַנגען. קיי־נער פון זיי איז נישט געווען קיין חזן, נאָר ערענטליכע און לייטישע שניט־סוחרים, זאָלסטו טאַקע אויך ווערען אַ שניט־סוחר, און איך האָף, אַז דו וועסט אם ירצה השם מצליח זיין".

אַזוי האָט אָפּגע'דרשנ'ט דער פעטער בערל און מען האָט געקענט זען, ווי אַלע אָנוועזענדע אויפ'ן פאַמיליען־ראַט האָבען צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אַז ער איז גערעכט. איך בין געוואָרען שטאַרק אין כעס, אויסהערענדיג די רייד. אָבער איך האָב געפילט, אַז מיט בייזען וועל איך דאָ גאָרנישט אויפטאָן, האָב איך אָנגעשלאָגען אַ סענטימענטאַלען טאָן און האָב געפרעגט ביי מיין פאַרזאַמעלטער משפחה, וואָס זאָל איך טאָן מיט דער אויסערגעווייגל׳כער גאָב, מיט וועלכער די נאַטור, אָדער די השגחה, האָט מיך באַשאָנקען? צי האָב איך אַ רעכט דאָס צו פאַרטאַכליעווען? דאָס איז דאָך אַ פאַרמעגען, וועל־כען ראָטשילד אַליין קאָן נישט קויפען מיט אַלע זיינע מיליאָנען. אָט איז דאָך מיין שוואָגער, דובניקאָוו, געווען מיט מיר ביי די גרעסטע מבינים אין כאַר־קאָוו און אין קיעוו, און זאָל ער דערציילען, וואָס זיי האָבען געזאָגט. און איך האָב אויסגעפירט, אַז איך בין פעסט אַנטשלאָסען צו גיין מיט מיין אייגענעם וועג און אַז איך וועל מיך מער נישט לאָזען פון דעם דאָזיגען וועג אָראָפּפירען. איך האָב שוין גענוג צייט פאַרלוירען. איך בעט פון מיין משפחה נאָר איין זאַך: אַז מען זאָל מיר נישט שטערען. וועט איר מיר וועלען העלפען — וועל איך אייך אַוודאי דאַנקבאַר זיין אַ גאַנצען לעבען.

דער פעטער בערל איז אויפגעשטאַנען אַ באַליידיגטער און איז אַוועק אָן אַ זיי־געזונט. דער איינציגער, וואָס איז דאָס מאָל געשטאַנען אויף מיין זייט, איז געווען דער טאַטע. ער האָט איינגעשטימט, אַז איך זאָל אַוועקפאָרען

קיין אָדעס און לערנען זיך ביים באַרימטען דיריגענט נאָוואַקאָווסקי. אַ חוץ דעם וועל איך דאָרט האָבען אַ געלעגענהייט צו הערען דעם וועלט־באַרימטען חזן פּיניע מינקאָווסקי און נאָך אַנדערע. דאָס איז האָט זיך אַ ריר געטאָן, איך בין געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט אַ נייער עפּאָכע אין מיין לעבען.

עס איז אַנטשטאַנען די פראַגע, צי מיין פרוי, וועלכע איז שוין געווען אין די הויכע חדשים מיט׳ן ערשטען קינד, זאָל מיטפאָרען מיט מיר. איך בין געווען דורכאויס דערפאַר, הגם מיין פרוי אַליין האָט קיין גרויסען חשק נישט אַרויסגעוויזען צו פאַרלאָזען דאָס הויז פון די עלטערען אין אַזאַ צושטאַנד און פאָרען אין אַן אומבאַקאַנטען וועג, וואו אָן אַ שיעור שטרויכלונגען האָבען אויף אונז געוואַרט. דאָך האָט געזיגט דער געדאַנק, אַז די משפחה דאַרף נישט צעריסען ווערען און עס איז באַשטימט געוואָרען דער טאָג פון אונזער אָפּפאָרען. מיין גוטער שוואָגער, דובניקאָוו, האָט זיך אויך דאָס מאָל אונטער־גענומען צו זיין אונזער באַגלייטער.

אַזוי האָב איך אויף מיין צוויי און צוואַנציגסטען לעבענס־יאָר ענדליך דערגרייכט דאָס, וואָס עס איז געווען מיין אינטימסטע שטרעבונג זינט מיין פריעסטער קינדהייט. איך האָב געפונען אין זיך גענוג שטאַרקייט זיך אָפּצורייסען פון די קייטען, מיט וועלכע מען האָט געוואָלט פענטען מיינע איינגעבוירענע אייגענשאַפטען און שטרעבונגען. איך האָב געפילט, אַז איך גיי צו מיין צוקונפט, אַז עס געשעט אַ גרויס געשעעניש אין מיין לעבען.

# מיין ערשטער וויזיטביים חזן מינקאָווסקי אין אָדעס

אָט אַזוי בין איך, אַן אומדערפאַרענער יונגערמאַנטשיק, מיט אַ פרוי און מיט׳ן ערשטען קינד אונטערוועגס, אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט אָדעס, צו געפינען דעם שליסעל צו מיין גליק און צוקונפטיגער קאַריערע. וואו גייט אַ יונגערמאַן, וואָס חזנ׳ט זיך, אויב נישט צום וועלט־־באַרימטען קאַנטאָר אין יענער צייט, צו פיניע מינקאָווסקי?

איך האָב זיך, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ ביטערע אַנטוישונג עס האָט מיך דערוואַרט פון דעם דאָזיגען ערשטען וויזיט ביי דעם גרעסטען זשעני פון חזנות אין יענער צייט. נאָר לאָמיר שיל־דערען כסדר, ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען. ווען מיר האָבען אָנגעקלונגען אין מינקאָווסקי׳ס טיר, האָט אונז באַגעגענט אַ גרויסער הונט מיט אַ דראַמאַ־טישער באַסאָווער שטימע. איך בין גלייך געבליבען אַ דערשראָקענער. ביי אונז אין שטעטעל האָב איך זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז ביי אַ אידישען חזן זאָל אַ הונט זיין דער, וואָס איז מקבל פנים אַ נייעם מענשען...

נאָכ׳ן הונט האָט זיך דורך דער טיר שפּאַרע פון דער טיר באַוויזען דאָס פנים פון דעם קריסטליכען שטוב־מיידעל, וועלכע האָט מיט אומצוטרו געפרעגט וואָס מיר פאַרלאַנגען. ענדליך האָט מען אונז אַריינגעלאָזט אין קאָרידאָר אַריין און געלאָזט שטיין אַזוי לאַנגע מינוטען. צום סוף איז אַרויסגעקומען מינקאָווסקי און האָט אונז אַריינגעפירט צו זיך אין קאַבינעט. איך האָב אויסגעגאָסען פאַר אים דאָס גאַנצע האַרץ מיינס און דערציילט די סיבה פון מיין קומען, אַז איך וויל זיין אַ חזן ביי אידען און אַז איך וויל ער זאָל אויסהערען מיין שטימע און געבען אַן עצה, וואָס ווייטער אונטערצונעמען.

איך קאָן נישט זאָגען, אַז די אויפנאַמע וואָס איך האָב באַקומען ביי דעם גרעסטען ליטורגישען אויטאָריטעט פון יענער צייט, איז געווען אַן אויפמונ־טערענדע. פאַרקערט, ער האָט מיך אָפּגעגאָסען מיט קאַלטע וואַסער און ווידער בין איך געשטאַנען אַ פאַרלוירענער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צום קלאַוויר און האָט אָנגעשלאָגען עטליכע אַקאָרדען. איך האָב קאָרעקט נאָכגעזונגען. דאַן האָט ער מיך געבעטען איך זאָל פאָרזינגען עפּעס חזנ׳ישעס. ווען איך האָב געזונגען, האָב איך באַמערקט ווי זיין פנים בייט זיך, אָבער איך האָב נישט געווען באַנומען וואָס דאָס מיינט, צי דאָס איז אַ באַגייסטערונג, אָדער עפּעס אַן אַנדער געפיל.

ווען איך האָב געענדיגט, האָט ער זיך אָנגערופען צו מיר: „יונגערמאַן, איר האָט זעהר אַ שיינע שטימע, אָבער עס וואָלט געווען אַ גרויסע זינד איר זאָלט אַזאַ שטימע פאַרווענדען אויף חזנות. וואָס פאַר אַ תכלית איז דאָס פאַר אַ יונגען מענשען צו ווערען אַ חזן ביי אידען? עס איז אַן אומדאַנקבאַרע פּרנסה און עס פעלען איצט נישט אויס קיין חזנים ביי אידען. וואָס עס פעלען יאָ — דאָס איז שטעלעס פאַר חזנים, וואָס זיינען שוין דאָ. איר האָט די בעסטע שאַנסען צו ווערען איינער פון די שענסטע אָפּערע־זינגער. דאָס איז אַ סך אַ בכבוד׳יגערע קאַריערע פאַר אַזאַ יונגענמאַן, ווי איר זייט. און וואָס עס איז שייך לערנען — פאַרנעם איך זיך נישט מיט דעם, נאָר איך וועל אייך אָנווייזען ווער עס וועט אייך קאָנען בייהילפיג זיין“.

אָט אַזאַ קבלת פּנים האָב איך באַקומען ביי פּיניע מינקאָווסקי, ביי דעם זשעני, וואָס איך האָב געהאָפט, אַז דוקא ער וועט מיך דערוואַרימען און באַגייסטערען און צוגעבען מוט צו באַגעגענען די אַלע שטערונגען, וועלכע האָבען מיך נאָך דערוואַרט.

אָט די מאָדנע באַציהונג צו אַ יונגען מענשען, אין וועמענס טאַלאַנט ער האָט זיך אַליין איבערצייגט, איז געווען פאַר מיר אַ רעטעניש אין משך פון אַ לאַנגער צייט. מען דאַרף געדענקען, אַז פּיניע מינקאָווסקי איז נישט נאָר געווען דער אָנגעזעענסטער קאַנטאָר ביי אידען צו יענער צייט, נאָר ער איז באמת געווען דער גרעסטער געלערענטער אויף זיין געביט. אין חכמת המוזיק, אין אידישער ליטורגיע, סיי טראַדיציאָנעלער און סיי מאָדערנער, איז נישט געווען צו אים קיין גלייכען. חוץ דעם איז ער געווען אַ גרויסער תלמיד חכם, און וואָס ס׳איז שייך פּרנסה, איז ער געווען פאַרזאָרגט אויפ׳ן גאַנצען לעבען. ער האָט געהאַט די בעסטע לעבענסלענגליכע שטעלע. איז פון וואַנען האָט זיך גענומען צו אים אַזאַ קליינליכע באַציאונג צו אַן אָנפאַנגער, וואָס האָט הילפלאָז געבעטען ביי אים אַ ראַט, ווי אַזוי צו גיין צו זיין צוקונפט?

לויט׳ן שכל הישר האָט זיך מינקאָווסקי געדאַרפט דערפרייען, וואָס עס קומען צו יונגע כחות אויפ׳ן פעלד פון אידישער חזנות, אַנשטאָט דעם האָט ער מיך גראָב אָפּגעשטויסען און געשיקט צו די גויים, צו די אָפּערע־קוליסען, וועלכע דער אַרטיסט ווינאַגראַדאָוו האָט אַזוי טרעפליך באַצייכענט ווי אַ נעץ פון שמוץ, וואָס פירט סוף כל סוף צום אַוועקגיין פון אייגענעם פאָלק. איך האָב דאָס געקאָנט דערקלערען בלויז מיט דער פאַרבליבענער אין אים קליינשטעטעל־שער משורר׳ישער נישט־פאַרגינערייַ, וואָס האָט זיך ווייט נישט געפּאַסט צו דער הויכער שטעלונג, וועלכע ער האָט שוין דעמאָלט פאַרנומען אין עפענטליכען אידישען לעבען.

אָבער דאָס אַלץ האָב איך פאַרשטאַנען ערשט מיט יאָרען שפּעטער, ווען איך בין אַליין אריין אין דער „בראַנזשע“ און האָב זיך באַקענט מיט אַלע אירע הינטער־קוליסען. אין יענעם מאָמענט אָבער, ווען איך האָב געהערט די ביטערע רייד פון מינקאָווסקי׳ן, בין איך געשטאַנען אַ צעבראָכענער און אַנ־

טוישטער. איך האָב אַפילו שוין נישט געהערט די אַלע עצות, וועלכע ער האָט מיר געגומען געבען, ווי אַזוי ער האָט מיך רעקאָמענדירט צו אַ געוויסער מוזיק־־לערערין מיט׳ן נאָמען וואַסילענקאָ, וועלכע האָט געדאַרפט דורכגיין מיט מיר דעם גאַנצען אַלף־בית, ווי: סאָלפעדזשי, האַרמאָניע, מוזיק־טעאָריע. איך האָב זיך שנעל אַפגעזעגענט און בין אַוועק.

אויף צומאָרגענס בין איך מיט מיין שוואָגער אַוועק צום באַרימטען כאָר־דיריגענט נאָוואַקאָווסקי. דער וויזיט ביי דעם גלענצענדען מוזיקער האָט צוריק געהויבען מיין שטימונג; איך בין ווידער געוואָרען האָפערדיג ביי זיך און פול מיט גלויבען, אַז איך גיי דאָך מיט דעם ריכטיגען וועג. ווען איך האָב אים דערציילט, וואָס מינקאָווסקי האָט מיר נעכטען געזאָגט, אַז עס זיינען אָן מיר שוין דאָ צופיל חזנים ביי אידען און אַז איך זאָל מיר חזנות אַרויסשלאָגען פון קאָפּ — האָט ער זיך אויסגעלאַכט דערפון. „איר מיט אייער שטימע״, האָט ער געזאָגט, „ווען איר וועט נאָך אַביסעל בעסער אויסלערנען שטים־בילדונג און איר וועט זיך מער באַקענען מיט דעם חזנ׳ישען פאַך, סיי מיט דעם טראַדי־ציאָנעלען נוסח און סיי מיט דעם מאָדערנעם, וועט איר זען, אַז איר וועט נישט האָבען קיין זאָרג וועגען אַ שטעלע. גוטע חזנים זיינען קיינמאָל נישט צופיל, און קאַנטאָר מינקאָווסקי האָט אייך אומזיסט אַנגעשראָקען״.

נאָוואַקאָווסקי האָט אונטערגעשטראָכען, ווי וויכטיג עס איז פאַר מיר צו הערען אַ סך געזאַנג און אויך אינסטרומענטאַלע מוזיק. דער עיקר זאָל איך הערען יעדען חזן, און נאָך מער יעדען עכטען אידישען בעל תפילה. און צו דער זעלבער צייט לערנען טעאָריע און האַרמאָניע. ווען איך האָב אים געפרעגט, צי ער וואָלט גרייט געווען צו זיין דער, וואָס זאָל מיך לערנען, האָט ער געענט־פערט, אַז ער איז באַשעפטיגט בלויז מיט שילער, וואָס זיינען שוין מער אַוואַנסירט, אָבער מעגליך, אַז ער וועט מיר קאָנען ווידמען צוויי שעה אין דער וואָך.

איך האָב אָנגעהויבען לערנען ביי נאָוואַקאָווסקי׳ן, אָבער איך האָב גלייך דערשפירט, אַז עס גייט מיר צו שווער. ער איז געווען אַ צו הויכער פּראָפעסאָר און איך האָב זיך גיכער גענויטיגט אין אַ דרדקי־מלמד פון מוזיק, וועלכער זאָל פאַרשטיין, וואו איך האַלט אין דער וועלט און וועלכען איך זאָל פאַרשטיין, וואָס ער רעדט צו מיר. איך האָב דערציילט וועגען דעם נאָוואַקאָווסקי׳ן און ער האָט מיר אַליין געראַטען, אַז איך זאָל נעמען אַ העכערען שילער פון קאָנסער־וואַטאָריע, וועלכער וועט פאַר דער ערשטער צייט זיין פולשטענדיג געגוג פאַר מיר.

ער האָט מיר אָנגערופען אַ געוויסען בוימעל, וועלכער האָט אויסער די לעקציעס מיר אויך דערלויבט צו קומען יעדען טאָג אין בראָדער טעמפּעל, וואו ער האָט געהאַט פּראָבעס מיט׳ן כאָר. דאָס האָט זעהר שטאַרק אַנטוויקעלט מיין געהער. דער זעלבער בוימעל איז ערשט מיט עטליכע יאָר צוריק גע־שטאָרבען אין ניו־יאָרק. אַזוי האָב איך ביסלעכווייז אָנגעהויבען אַריינדרינגען

אין דעם קעניגרייך פון מוזיק, באַהערשענדיג וואָס אַמאָל מער און בעסער די אַלע קאָמפּליצירטע שטופען פון אָט דער איידעלער קונסט.

אָבער דאָ איז מיטאַמאָל אונטערגעקומען אַ שטערונג, וואָס האָט מיך געצוואונגען איבערצורייסען דעם שטודיום, וועלכען כ׳האָב נאָך אַזעלכע מי און מאַטערניש ענדליך געהאַט אָנגעהויבען. קודם כל דער צושטאַנד פון מיין פרוי האָט מיר קיין רו נישט געגעבען. זי איז געווען אין אַזעלכע אומ־שטענדען, וואָס איבערלאָזען איר אַליין איז געווען גאַנץ שווער. דאָס האָט מיר שטאַרק געשטערט אין מיין לערנען. די צווייטע סיבה איז געווען — אַ פּלוצ־לונגע אַרויספאָדערונג פון מיין שווער, אַז איך זאָל תיכף אַהיימקומען.

וואָס מיין שווער האָט מיך פּלוצלונג געדאַרפט אַזוי דרינגענד, בין איך געוואויר געוואָרען ערשט ווען איך בין אַהיימגעקומען. עס איז געווען אַ גאַנץ איינפאַכע געשיכטע: מיין שווער האָט זיך געגרייט צו זיין נאָענטסטען באַנ־קראָט און צו דעם צוועק האָט ער פאַר אַ געוויסער צייט געדאַרפט עוקר זיין פון יעליסאַוועטגראַד, כדי די בעלי חובות זאָלען אים נישט לאָזען אַרעסטירען. האָט מען דאָס מיר געגעבען אַ טעלעגראַמע, אַז דער שווער איז „שווער קראַנק" געוואָרען און איך זאָל גלייך קומען מיט דער פרוי.

דער פּלאַן איז געווען, אַז דער שווער וועט אָפּפאָרען אין אַ געוויסען סאַניטאַריום הינטער ווין און איך וועל אים באַגלייטען. צו וואָס דאַרף ער אַ באַגלייטער? כדי עס זאָל אויסזען וואַרשיינליכער, אַז ער איז באמת קראַנק און קאָן אַליין נישט פאָרען. וואָס איך האָב נישט געטראַכט וועגען דעם נייעסטען אויפטו פון מיין שווער, אָבער עפּעס איז מיר געפעלען, וואָס איך קריג אַ מעגליכקייט אַרויסצופאָרען קיין אויסלאַנד. נייע מעגליכקייטען האָבען זיך געעפענט פאַר מיר.

# אַ פּאָלעמיק מיט חזן פּיניע מינקאָווסקי אין אָדעס

דאָס איז שוין געווען מיט אַ סך יאָרען שפּעטער, נאָכדעם ווי איך האָב מיך דאָס ערשטע מאָל באַגעגענט מיט'ן באַרימטען חזן און גרויסען קענער פון דער אידישער ליטורגיע, פּיניע מינקאָווסקי פון אָדעס. איך בין דאַן פון בודאַפּעסט אַנגאַזשירט געוואָרען אויף איינעם פון מיינע קאָנצערט־טורנעען איבער די רוסישע שטעט און האָב אויך געדאַרפט באַזוכען די שטאָט אָדעס.

חזן מינקאָווסקי האָט שוין דאַן געהאַט פאַרעפענטליכט אַ קליינע בראָשור איבער אידישער ליטורגיע, וואָס איז געווען זעהר פאַכמעניש און באַלערענד. אין דער זעלבער צייט האָט ער אין דער דאָזיגער בראָשור שאַרף קריטיקירט די יעניגע חזנים, וועלכע זיינען אויפגעטרעטען אויף קאָנצערטען און וועלכע האָבען אריינגעזונגען אין די גראַמאָפאָנען. ער האָט שטאַרק אָנגעגריפען חזן גרשון סיראָטע און ער האָט אויך מיך נישט געשאָנעוועט, ווייל צו יענער צייט זיינען מיר געווען די צוויי פּאָפּולערסטע אידישע חזנים, וואָס זיינען געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער אידישער וועלט אַ דאַנק די גראַמאָפאָן־פּלאַטען.

פאַר מיין אָנקומען קיין אָדעס צו מיין קאָנצערט, דאָס איז געווען אין יאָר 1908, האָט חזן פּנחס מינקאָווסקי געפונען פאַר נויטיג אָפּצודרוקען אין דער דאָרטיגער רוסישער ציייטונג „אָדעסקיע נאָוואָסטי" אַ גרויסען אַרטיקעל, וואו ער האָט מיך אַטאַקירט פאַרוואָס איך פראָפאַניר די אידישע תפילות מיט דעם, וואָס איך טרעט אויף אויף דער טעאַטער־בינע און אין אַ קאָנצערט־זאַל. דערביי האָט ער געשריבען, אַז קיין שום פאָרשטייער פון אַנדערע רעליגיעס האָט זיך נישט ערלויבט אַזאַ זאַך, ווי אויפצוטרעטען מיט רעליגיעזע תפילות אָדער לידער אויף דער בינע.

אַ טאָג פאַר מיין קאָנצערט איז געקומען צו מיר אין האָטעל אַ פאָרשטייער פון דער זעלבער צייטונג און האָט מיך געפרעגט וואָס איך האָב צו ענטפערען אויף די פאָרוואורפען, וועלכע זיינען מיר געמאַכט געוואָרען עפענטליך דורכן חזן מינקאָווסקי. איך האָב אים געענטפערט, אַז קודם כל איז נישט ריכטיג, אַז סיראָטע און איך זיינען דאָס די ערשטע חזנים ביי אידען, וואָס אויסער דער שוהל זיינען זיי אויך אויפגעטרעטען מיט רעליגיעזע תפילות אין טעאַטער־זאַלען און אויף קאָנצערטען. נאָך מיט צענדליגער יאָרען פריער האָבען דאָס זעלבע געטאָן אַזעלכע אָנגעזעענע אידישע חזנים, ווי ניסי בעלזער, זיידעל ראָוונער, ברוך שאָר, ברוך דער קינסטלער, אָדער קאָנסטאַנטינער. זיי זיינען

אַלע אַרומגעפאָרען פון שטאָט צו שטאָט און האָבען געגעבען קאָנצערטען אויב נישט אין טעאַטערס איז אין חתונה־זאַלען אָדער אין באַלעבאַטישע סוחר׳ישע קלובען, וואָס זיינען געווען אַזוי פאַרשפּרייט אין די רוסישע שטעט.

מען האָט אַפילו איבערגעגעבען, אַז די דערמאָנטע חזנים האָבען זיך שטאַרק געגרויסט דערמיט, וואָס צו זייערע קאָנצערטען זיינען געקומען הויכע רעגירונגס־באַאַמטע, מיליטער־לייט און אַפילו פּראַוואָסלאַווגע פּאָפּען.

און וואָס איז שייך דעם אַנדערען פאַרוואורף, אַז קיין שום באַאַמטער פון אַן אַנדער רעליגיע האָט זיך ביז איצט נישט ערלויבט אַריינצוזינגען רעליגיעזע תפילות אין גראַמאָפאָן, האָב איך פאַר דעם רוסישען צייטונגס־־מאַן באַוויזען, אַז אויך דאָס איז נישט ריכטיג. איך האָב אים געוויזען דעם קאַטאַלאָג פון גראַמאָפאָן־פּלאַטען, וואָס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען דורך דער געזעלשאַפט, פאַר וועלכער איך האָב אַריינגעזונגען, און דאָרט האָט מען לייכט געקענט אויסגעפינען, אַז נישט קיין קלענערער ווי דער פּויפּסט אַליין האָט אַריינגערעדט זיינע קירכען־מעסעדזשעס אין די גראַמאָפאָן־פּלאַטען. דאָרט זיינען אויך געווען אַן אַ שיעור פּלאַטען פון רעליגיעזע לידער, וואָס זיינען אַריינגעזונגען געוואָרען פון דעם כאָר פון וואַטיקאַן.

גלייך אויפ׳ן צווייטען טאָג איז אין דער זעלבער „אָדעסקיע נאָוואָסטי״ ערשינען דער געשפּרעך מיט מיר און מיין ענטפער אויף די אַלע טענות, וואָס מינקאָווסקי האָט אַרויסגערוקט קעגען מיר.

איך מוז זאָגען, אַז נישט געקוקט אויף דעם דאָזיגען אינצידענט און אויף דער פאַרביטערטקייט, וואָס איך האָב אין אָנהויב געפילט צוליב דעם נישט צו פריינטליכען „קבלת פנים״, וואָס חזן מינקאָווסקי האָט מיר געגעבען ביי מיין אָנקומען אין זיין שטאָט אָדעס, איז דאָך פאַרבליבען אין מיר אַ טיפער דרך־ארץ צו אים פאַר זיין גרויס קענטעניש אַלס חזן און פאַר זיין טיפער באַהאַוועגטקייט אין די אַלטע אידישע קוואַלען, פונוואַנעט ער האָט געשעפּט זיין יניקה.

אַ סך יאָרען זיינען אַריבער פון יענעם אינצידענט, איך האָב אויסגעוואַנדערט אַ וועלט און בין אָנגעקומען קיין אַמעריקע. די ערשטע וועלט־מלחמה און די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע האָבען חרוב געמאַכט די טייערע אידישע קהילות אין רוסלאַנד. די בעסטע חזנים האָבען פאַרלוירען זייערע שטעלעס און צווישען זיי איז זעלבסטפאַרשטענדליך אויך געווען חזן פּנחס מינקאָווסקי פון דער אַריסטאָקראַטישער בראָדסקי׳ס שוהל אין אָדעס.

איינמאָל ווען איך האָב בייגעוואוינט אַ מיטינג פון דעם חזנים־פאַרבאַנד אין ניו־יאָרק האָב איך געהערט, אַז חזן מינקאָווסקי געפינט זיך אין פּאַריז אין גרויס נויט און אַז ער זוכט אַ וועג ווי אַזוי צו קומען קיין אַמעריקע. מיר איז גלייך איינגעפאַלען, אַז אַזוי ווי מען רעדט שוין לאַנג ביים חזנים־פאַרבאַנד וועגען גרינדען אַ חזנים־סעמינאַר, וואָלט פּיניע מינקאָווסקי געווען דער אידע־

אַלסטער מאַן אַלס דער אַנפירער און גייסטיגער לייטער פון אַזאַ סעמינאַר. ער האָט באַהערשט די אידישע ליטורגיע און דעם אַלטען נוסח התפילה, ווי זעלטען ווער. סיי אַלס בעל תפילה, סיי אַלס אָרטאָדאָקסישער חזן און סיי אַלס מאָדערנער קאַנטאָר איז צו אים קיין גלייכען נישט געווען. ער האָט אין זיך פאַרקערפערט אַלע שטרעמונגען אין חזנות און דאָס איז געווען ווי אָנגעמאָסטען פאַר דעם אַמט פון אַ דירעקטאָר פון אַ מאָדערנעם חזנים־סעמינאַר.

מיין פאָרשלאַג האָט מען אויסגעהערט, מאַנכע האָבען אַפילו אַפּלאָדירט, און מען האָט באַשלאָסען צו אָרגאַניזירען אַ גרויסען קאָנצערט אין קאַרנעגי האָל מיט׳ן אָנטייל פון אַלע באַרימטעסטע חזנים און די איינקונפט פון דעם קאָנצערט זאָל גיין אויף אַ פאָנד צו גרינדען דעם סעמינאַר.

פאַר דער צייט איז חזן מינקאָווסקי אַראָפּגעבראַכט געוואָרען קיין אַמעריקע מיט דער הילף פון זיינעם אַ ברודער, וועלכער איז געווען חזן אין דעטראָיט, און מיט דער הילף פון אַנדערע קרובים. צום דערמאָנטען קאָנצערט איז ער איינגעלאַדען געוואָרען אַלס עהרען טשערמאַן. אַלס סאָליסטען זיינען אויפגעטרעטען יאָסעלע ראָזענבלאַט, הערשמאַן, רויטמאַן, שטיינבערג, פינטשיק און איך.

איך געדענק וואָס עס זיינען געווען מיינע סאָלאָס: „מה גדלו" פון פּראָפעסאָר בראַסלאַווסקי, איך האָב אימפּראָוויזירט דעם „רבונו של עולם" עכט אידיש, דאַן האָב איך נאָך געזונגען דעם רבונו של עולם פון יום כפור קטן, איך האָב דאָס אימפּראָוויזירט אין אַן עכט מאָדערנעם פאָרטראַג. דעם אמת געזאָגט האָב איך דאָס געטאָן אין אַ גרויסער מאָס צוליב דער אַנוועזענהייט פון חזן מינקאָווסקי, ווייל ביז יענעם קאָנצערט האָט ער מיך קיינמאָל נישט געהאָט געהערט זינגען.

עס איז געווען פאַר מיר איינע פון מיינע טיפסטע איבערלעבענישען, ווען נאָכ׳ן קאָנצערט איז חזן מינקאָווסקי אַריינגעקומען אין דעם גאַרדעראָבציםער און האָט מיר פון טיפען האַרצען אויסגעדריקט זיין אַנערקענונג. מיר האָבען פאַרגעסען אַלע אונזערע רייבונגען פון יאָרען צוריק און מיר זיינען געוואָרען אויפריכטיגע פריינט.

דער פּלאַן אָבער פון אַ חזנים־סעמינאַר אין אַמעריקע מיט חזן מינקאָווסקי אַלס גייסטיגער אָנפירער איז נישט פאַרווירקליכט געוואָרען, נישט געקוקט וואָס דער דערמאָנטער קאָנצערט האָט געהאַט נישט בלויז אַ מאָראַלישען, נאָר אויך אַ גרויסען פינאַנציעלען ערפאָלג.

די איראָניע פון שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז דער גרויסער חזן און געלערנטער פנחס מינקאָווסקי האָט אויף זיין דריי און זיבעציגסטען יאָר אין אַמעריקע געמוזט אַנהויבען אַרומפאָרען איבער פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך און געבען קאָנצערטען, אַ זאַך, וואָס ער האָט מיט יאָרען פריער אַזוי ביטער באַקעמפט און האָט געמאַכט פאַראוואורפען אַנדערע חזנים, וואָס האָבען דאָס געטאָן.

איך האָב אויך געהערט, אַז מינקאָווסקי האָט אין זײַנע לעצטע יאָרען אין אַמעריקע געמאַכט באַמיהונגען אַרײַנצוזינגען אין גראַמאָפאָן־פּלאַטען, אָבער אויף ווי ווײַט איך ווײס איז דאָס אים נישט געלונגען.

ער איז געשטאָרבען אין גרויס עלענט אויף אײנער פון זײַנע קאָנצערט־רײַזעס איבער די אַמעריקאַנער שטעט. זכרונו לא ישכח מישראל.

# איך קום דאָס ערשטע מאָל קיין ווין

עס האָבען זיך אָנגעהויבען די צוגרייטונגען צו מיין אַרויספאָר דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען קיין אויסלאַנד. עס איז נישט געווען אַזאַ לייכטע זאַך אין צאַרישען רוסלאַנד צו באַקומען אַ גובערנאַטאָרסקען פּאַספּאָרט. אויך דאָ האָט מען געמוזט געפינען דעם ריכטיגען מענשען ווענדען צו „שמירען", כדי די זאַך צוצואיילען. אָבער אַזוי ווי פאַר מיין שווער האָט דער באָדען געברענט אונטער די פיס, האָט ער נישט געהאַט קיין צייט צו וואַרטען אויף מיר. איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז ער וועט דערווייל אַליין אַריבער די גרעניץ און אין פּאָדוואָלאָטשיסק וועט ער אויף מיר צוואַרטען.

מיר זיינען אָנגעקומען קיין ווין אין מיטען ווינטער און פאַרפאָרען אין אַ האָטעל אין דער אידישער געגענט אויף טאַבאָר־שטראַסע. אַ צופאַל האָט געוואָלט, אַז אין דעם האָטעל זאָל איך זיך באַקענען מיט אַ אידען מיט'ן נאָמען קירזשנער, וועלכער איז געווען דער באַס פון דעם לעאָפּאָלדשטאַטער טעמפּעל, וואו אויבערקאַנטאָר גאָלדשטיין האָט דעמאָלט געקיניגט. מיר האָבען זיך פאַנאַנדערגערעדט און איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב אַן אינטערעס צו שטודירען געזאַנג און ספּעציעל חזנות אין ווין, איז אפשר וואָלט ער מיר געקאָנט מיט עפּעס אַרויסהעלפען.

דאָס ערשטע וואָס קירזשנער האָט געטאָן, איז געווען דאָס אַריבערפירען מיך אויף אַ פּריוואַטער קוואַרטיר, און דוקא צו אַ חזן. דאָס איז געווען הער סמאָטריצקי, דער דריטער קאַנטאָר פון זיין טעמפּעל. ווי דער צופאַל שפּילט אַמאָל צו דעם מענשען אין לעבען. דער דאָזיגער סמאָטריצקי האָט געשפּילט אַן אַנטשיידענדע ראָל אין מיין לעבען און איך האָלט פאַר נויטיג צו שילדערען אים דאָ מיט עטליכע ווערטער.

ער האָט געשטאַמט פון אַ דאָרף אויך פון מיין געגענט אין כערסאָנער גובערניע. דער פאָטער האָט געהאַלטען אַ דראָטש, וואו מען דרעשט אויס תבואה מיט דער הילף פון אַ פערד, וועלכער דרייט זיך אַרום אַ גרויסען ראָד, און די צוויי שווערע שטיינער הינטער דעם ראָד צעדרעשען אַזוי אַרום די תבואה. זיין אַרבייט איז געווען: שטיין אַ גאַנצען טאָג און אָנטרייבען דאָס פערד. פון דעם שטיין האָבען זיך ביי אים אויסגעבילדעט אַ פּאָר ריזיגע פּלאַטפיס מיט מאָזאָליעס, ווי די קלעצער. ביים אונטערטרייבען דאָס פערד פלעגט ער זיך אַזוי אונטערברומען אין טאַקט מיט זיין באַסאָווער שטימע.

ווען איך האָב געקראָגען די געלעגענהייט דאָס ערשטע מאָל צו הערען סמאָטריצקי׳ס שטימע — בין איך נשתומם געוואָרען. די קוואַליטעט פון דער שטימע איז געווען אויסערגעוויינליך. זי האָט זיך אָנגעהויבען פון טיפען צע־די, ביז דעם הויכען צע, דאָס הייסט דריי אָקטאַווען. די טיפע לאַגע האָט געקלונ־גען ווי אַ וואונדערבארער לויטערער ערשט־קלאַסיגער אָרגעל־טאָן: זיס, שיין, זאַפטיג און מילדה, אָבער דאָך טונקעל־באַסאָווע. זיין מיטעלער רעגיסטער האָט געקלונגען מער באַס־באַריטאָן, און זי איז געווען, ווי אַ זיסער, טיפער טשעלאָ־טאָן. אָנפאַנגענדיג פון צוויטען צע ביז מי־פאַ־סאָל, האָט דער טאָן געקלונגען, ווי ביי אַ העלדען־באַריטאָן. און ווען ער איז געקומען צום גאַר הויכען סאָל־לאַ־סי, דאָ האָט די שטימע געקלונגען, ווי ביי אַן עכטען העלדען־טענאָר. איך די אַלע דריי רעגיסטערס איז דער טאָן געווען ווייך ווי סאַמעט, וואָס האָט געגלעט און געצערטעלט די נשמה, ווי אַ באַלזאַם.

איך זאָג נישט קיין גוזמא, נאָר סמאָטריצקי׳ס שטימע איז געווען אַזוי שטאַרק און מעכטיג, אַז ווען ער האָט געזונגען אין צימער, האָבען די ווענט געציטערט און די לאָמפען האָבען זיך אָנגעהויבען צו לעשען. ווען ער פלעגט נעמען די טיפערע טענער, האָב איך, זיצענדיג אויף מיין שטול, געהאַט דאָס געפיל, ווי אַן ערד־ציטערניש וואָלט פאַרגעקומען אַרום מיר...

און צו דער זעלבער צייט איז סמאָטריצקי געבליבען אַ דראַנג פון דראַנגען־לאַנד. איך האָב באַרייזט אַ האַלבע וועלט און האָב מיך אָנגעהערט זינגער אין אַפערעס און אויף קאָנצערטען אָן אַ שיעור, און איך מוז זאָגען, אַז איך האָב קיינמאָל נישט געטראָפען מער אַזאַ מעכטיגע שטימע, ווי סמאָטריצקי׳ס. אָבער צו דער זעלבער צייט איז ער געבליבען דער דאָרפישער פערד־אונטערטרייבער ביים טאַטען אין דראַטש... און אָט דער בעל עגלה מיט דעם לייבען־ברום האָט דאָס געזאָלט זיין מיין מורה־דרך אין חזנות און אין דעם מאָדערנעם קאָנטאָר־פּאָך.

מיין שווער איז אָפּגעפאָרען ערגעץ אין אַ סאַנאַטאָריע הינטער באַדען און איך בין אַריבערגעפאָרען צו סמאָטריצקי׳ן אַלס קוואַרטיראַנט. ווען סמאָט־ריצקי האָט געהערט דאָס ערשטע מאָל מיין שטימע, איז ער אַ ווילע געבליבען אָן לשון, און ער האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט צו זאָגען, אַז ער וועט מיט מיר לערנען. איך מיין, אַז עפּעס האָט ער אַליין דערפילט, אַז קיין סך צום לערנען איז מיר נישט פאַרבליבען.

זיין ערשטער אימפּולס איז געווען, אַז ער וועט מיט מיר צוגיין צום באַרימטען ווינער געזאַנג־פּראָפעסאָר, שטיינשניידער, און לאָמיר הערען, וואָס ער האָט צו זאָגען וועגען דעם. איידער מיר זיינען אויפגעשטאַנען צו גיין, בעט איך סמאָטריצקי׳ן, ער זאָל דערלאַנגען עפּעס אַ שטיקעלע. האָט ער אַ קנאַק געטאָן אַן אַריע פון „הוגענאָטען״, אַז איך האָב געמיינט, אַז איך קאַטשע מיך אַראָפּ פון בענקעל. ווען איך האָב אים מיט מיין קליינשטעטעלדיגער נאַאיווי־טעט אַ פרעג געטאָן: „ווי קומט עס, הער סמאָטריצקי, וואָס מיט אַזאַ מעכטיגער

שטימע זייט איר קוים דערגאַנגען צו ווערען דריטער קאַנטאַר אין אַ ווינער טעמפּעל?״ האָט ער מיר מיט אַ געוויסער פאַרביטערטקייט געענטפערט: „אַז מיר ווילען זיך שפּעטער אַביסעל בעסער באַקענען, וועט איר געוואויר ווערען, אַז אין לעבען גייט עס נישט אַזוי ווי דער מענש פּלאַנט זיך אויס״.

אַ מאָדנע געשטאַלט איז געווען דער דערמאָנטער פּראָפעסאָר שטיינשניידער. אַ פּאַטריאַרכאַלער מאַן מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד און מיט אַ פיינעם, איידעלען פּנים, האָט פון אים געשטראַלט מיט גוטסקייט און מילדקייט. ער האָט מיך אויפגענומען מיט פאָטערליכער ליבשאַפט און האָט זיך אויסגעפרעגט אַלע איינצעלהייטען וועגען לעבען אין רוסלאַנד, וועגען מיין קינדהייט און דער היים פון מיינע עלטערען. סמאָטריצקי איז שוין געווען מער אויסגעבונדען אין דער דייטשער שפּראַך, ווי איך, האָט ער געדינט אַלס איבערזעצער.

דאַן איז געקומען דאָס נאָכזינגען נאָך זיינע אַקאָרדען, שקאַלען און פּאַסאַזשען. איך האָב מיך געפילט עפּעס מאָדנע אויפגעהייטערט אין דער ליבער געזעלשאַפט פון דעם פּראָפעסאָר, און מיין שטים האָט געקלונגען באַזונדערס לויטער און שטאַרק. ער האָט מיך אָפּגעמאָסטען מיט זיין קלוגען בליק פון הינטער די גאָלדענע פּענסנע און זאָגט צו מיר: „מיין ליבעס קינד, איך וועל אייך שענקען אַזוי פיל אינטערעס און צייט, וויפיל איך וועל נאָר זיין אומשטאַנד, ווייל אייער שטימע פאַרדינט מען זאָל זי אַנטוויקלען. אָבער איר מוזט צוטראָגען אייער חלק, דאָס מיינט: איר מוזט זיין אויפמערקזאַם, פלייסיג, ערענסט און זיך באַוואָפענען מיט אַ סך געדולד און אויסדויער. דעמאָלט פאַרזיכער איך אייך, אַז איר וועט דערגרייכען די בעסטע רעזולטאַטען״.

די ערשטע שעה פון שטימע־בילדונג, וואָס איך האָב אין אָנהויב פון יאָר 1897 גענומען ביי אָט דעם ליבען פּראָפעסאָר, איז געווען איינע פון די גליקליכסטע שעה׳ן אין מיין לעבען. און אַזוי איז שוין געגאַנגען כסדר, דאָס פאַרברענגען אין פּראָפעסאָר׳ס הויז איז יעדעס מאָל געווען פאַר מיר אַ גרויסער יום־טוב. איך האָב אַרויפגעקוקט צו אָט דעם פּראָפעסאָר, ווי צו מיין דערלייזער, וואָס האָט אויסגעלייזט און אַרויסגעבראַכט אויף דער ליכטיגער שיין אַלע מיינע חלומות און פאַרבאָרגענסטע שטרעבונגען פון יאָרען לאַנג. קיין פרייע מינוט האָב איך מיר נישט פאַרגונען און אַלע מיינע געדאַנקען און מיין גאַנצען פלייס האָב איך אָפּגעגעבען צו דעם, וואָס דער פּראָפעסאָר האָט געשטרעבט אין מיר איינצופלאַנצען.

דאָס לערנען ביי דעם פּראָפעסאָר איז בלויז איבערגעריסען געוואָרען דורך אָפטע באַזוכען אין דער אָפּערע און אויף קאָנצערטען. ווייטער קאָן מען דרייסט זאָגען, אַז איך בין געזעסען יומם ולילה און געלערענט. איך האָב מיך פלייסיג געאיבט אין די אַלע אויפגאַבען פון שטימע־בילדונג, מויל־האַלטונג און סאָלפעדזשי. איך בין געוואָרען אויס יונגערמאַנטשיק, וואָס האָט שוין אַ ווייב און דערוואַרט אַ קינד, איך בין צוריקגעגאַנגען צו מיינע חדר־יאָרען. נאָר דאָס מאָל האָב איך געפילט, ווי איך וואָלט זיך צוגעכאַפּט צו אַ קוואַל,

וואָס דאַרף אָנזעטיגען מיין דורשט, אַ דורשט וואָס האָט מיך געמאַטערט אַלע מיינע יאָרען.

צו דער זעלבער צייט איז דער דערמאָנטער חזן סמאָטריצקי געווען מיין לערער אין מאָדערנע פונקציעס פון אַ קאַנטאָר. ער איז דורכגעגאַנגען מיט מיר קודם כל די „לכה דודי׳ס״ פון זולצער׳ן מיט די אַלע אַנדערע כרוזים; דאַן „ברכו״, „שמע ישראל״, „קדיש״. אין די אַלע זאַכען איז סמאָטריצקי געווען אַביסעל אין דער היים, ווייל ער האָט זיך דאָס אָנגעהערט אין משך פון לאַנגע יאָרען ביי די אויבער־קאַנטאָרס: זינגער, גאָלדשטיין און שילער. ווען עס איז אָבער געקומען צו אַ בעסערער און פיינערער זאַך, איז סמאָטריצקי געווען אַ טויטער. דאָ איז ער אַליין געווען אומבאַהאָלפען, ווי אַ קינד, און כ׳האָב פון אים נישט געקאָנט דערוואַרטען קיין שום זאַך. אַזוי ווי עס האָט אים נישט געפּאַסט אַרויסצואווייזען פאַר מיר, אַז אין די זאַכען איז ער אַ גרויסער עם־הארץ, האָט ער זיך פאַרענטפערט, אַז ער איז זעהר פאַרנומען מיט גיין אויף חתונות, ברית׳ן און — לויות...

איין זאַך האָט אָבער סמאָטריצקי געטאָן צו מיר, וואָס איך וועל אים דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסען: ער איז צוגעגאַנגען צו זיין שופלאָד און אַרויס־גענומען פון דאָרט זולצער׳ס „שיר ציון״ און געזאָגט צו מיר: „אָט דאָ איז דער אוצר פאַר אַ מאָדערנעם חזן; לערענט דאָס בייטאָג און ביינאַכט, שטודירט דאָס אויף אויסווייניג און איר וועט זיין אַ שיינער חזן ביי אידען!״

# חזנים אין ווין מיט פופציג יאָר צוריק

איך האָב געפאָלגט סמאָטריצקי׳ס עצה און האָב זיך אַרויפגעוואָרפען אויפ׳ן „שיר ציון״ פון זולצער׳ן. דאָס איז ווירקליך געווען צו יענער צייט, און איז נאָך אפשר אויך היינט, דער בעסטער און רייכסטער קוואַל פאַר אַ מאָדערנער גאָטעס־דינסט. אָבער וואָס איז ווערט זולצער אָן אַ כאָר? און טאַקע דעם גוטען כאָר, וואָס זאָל העלפען אַרויסברענגען די קאָמפּאָזיציעס און די סאָלאָ פון קאַנטאָר. איך האָב אויך נויטיג געהאַט, ווי דאָס לעבען, צו הערען אַנדערע קאַנטאָרען, ווי זיי באַהאַנדלען די זעלבע קאָמפּאָזיציעס. אָבער וואו זאָל איך דאָס אַלץ נעמען?

איך האָב געוואוינט צוויי שעה צייט צו פאָרען פון די הויפּט־טעמפּלען אין ווין, און דאָס וויכטיגסטע — די גאָטעס־דינסטען זיינען דאָך פאָרגעקומען אום שבת, און שבת בין איך דאָך נישט געפאָרען. און צווישען זיך שמועסענדיג, איז אין דיביידע הויפּט־טעמפּלען נישט געווען וועמען צו הערען. דער אויבער־קאַנטאָר זינגער, וועלכער האָט געדאַווענט אין זייטענשטאָטער טעמפּעל, האָט זיך נישט אויסגעצייכענט מיט קיין געהויבענער שטימע. ווען ער פלעגט אָנ־הויבען זינגען מיט זיין באַס־באַריטאָן, האָט איר געהאַט דאָס געפיל, ווי אַ פויער פאָרט אַרויס מיט זיין נישט־געשמירטען וואָגען, און די רעדער סקריפּען, אַז עס גייט אַדורך אַ ציטער איבער׳ן לייב...

ער איז געווען אַ גאַנץ אינטעליגענטער און מוזיקאַלישער מענש, אַפילו אַ געוועזענער אָפיצער פון קייזער פראַנץ יאָזעפ׳ס אַרמיי, אָבער מיט חזנות האָט עס גאָרנישט צו טאָן. זיין צווייטער קאַנטאָר, שילער, האָט געהאַט אַ בעס־סערע שטימע און מען האָט אים געקאָנט הערען, אָבער אויך פון אים איז נישט געווען וואָס נתפעל צו ווערען. איז דעריבער דעמאָלט אַרומגעגאַנגען אין ווין דאָס ווערטעל, אַז זינגער קען נישט זינגען און שילער קען נישט דיכטען...

די קרוין פון די קאַנטאָרען אין ווין איז דעמאָלט געווען אויבער־קאַנטאָר גאָלדשטיין, וועלכער האָט געדאַווענט אין לעאָפּאָלדשטאָטער טעמפּעל. דאָס איז געווען אַ קליין אידעל, אָבער מיט גאָר אַ גרויסער שטימע, און ביי דער גאַנצער שיינקייט פון זיין שטימע איז ער געווען זעהר גוי׳איש און האָט נישט געקאָנט דערוואַרעמען דאָס האַרץ פון אַ אידען פון אונזערע רוסישע מקומות. אין די דריי פרייטאָג צונאַכטסען, וואָס איך האָב אים געהערט, האָט ער געזונגען

זולצער׳ס „לכה דודי״, זולצער׳ס „טוב להודות״ און צולעצט זולצער׳ס „מגן אָבות״. ווען דער באַס פלעגט זינגען דעם „לפניו נעבוד״, האָט גאָלדשטיין געשריען אינאײנעם מיט דעם באַס, נאָר מיט איין אָקטאַווע העכער.

אַלזאָ, פרייטאָג־איין און פרייטאָג־אויס, האָט מען געקאָנט הערען איינע און די זעלבע זאַכען פון זולצער׳ן. דאָס קאָן זיך צוועסען אַפילו אַ נישט איבער־קלייבערישען מאַגען. איין חזן איז יאָ געווען אין ווין, וועלכען איך בין שטענדיג זעהר גערן געגאַנגען הערען, דאָס איז געווען דער חזן מאיר שאָר אין פּוילישען טעמפּעל (ער איז געווען דער פאָטער פון דעם באַוואוסטען אָפּערע באַס, וואָס זינגט אין דער מעטראָפּאָליטען־אָפּערע אין ניו־יאָרק). ער האָט געהאַט אַ פּראַכטפולען דראַמאַטישען באַריטאָן און איז געווען אויסגעבונדען סיי אין דער טראַדיציאָנעלער און סיי אין דער מאָדערנער חזנות. אַ חוץ דעם האָט זיין דאַווענען פאַרמאָגט אַ סך היימישקייט און האַרציגקייט, וואָס האָט באַזונדערס גערעדט צו מיין האַרצען.

אַזוי ווי איך בין געזען זעהר גוט אויפגעטראָגען מיט מיין פּראָפעסאָר שטיינשניידער און בין געווען מיט אים זעהר היימיש, פלעג איך פאַרטראָגען פאַר אים די קאָמפּאָזיציעס, וועלכע איך האָב איינשטודירט פון זולצער׳ס „שיר ציון״. כאָטש דער פּראָפעסאָר איז געווען אַ גוי, האָט ער געהאַט אַ סך פאַרשטענדע־ניש פאַר דעם מאָדערנעם קאַנטאָר־פאַך. דערצו נאָך האָט ער געקענט זולצער׳ן פערזענליך און האָט אים געהערט אין משך פון פילע יאָרען נאָכאַנאַנד.

מיין פּראָפעסאָר האָט געהאַט די שטאַרקסטע ליעב־ווערטער פאַר אָט דעם גרעסטען אויבער־קאַנטאָר פון מאָדערנעם סטיל, וועלכער האָט אויך געהאַט דעם טיטול פון „קייזער און קעניגליכער הויף־זינגער״. בעת איך האָב פאַרגע־טראָגען פאַר אים זולצער׳ס קאָמפּאָזיציעס, האָט ער געהאַלטען אין איין אָנווייזען מיר אויף דעם ריכטיגען כאַראַקטער פון פאַרטראַג, אָפּצוהיטען און אַרויס־צוברענגען אַלע שיינקייטען און אַלע נואַנסען, וואָס זיינען באַהאַלטען אין מיין שטימע. אַליין האָט ער געהאַט זעהר אַ לירישע שטימע און עס איז געווען אַ מחיה אים צו הערען, בעת ער האָט מיך געלערענט דאָס „פאַרלאַנדאָ״, „פּיאַנאָ״, „קרעשענדאָ״ און „דעקרעשענדאָ״.

איך קאָן דרייסט זאָגען, אַז אָט דער פּראָפעסאָר איז געווען מיין לערער און וועגווייזער, וואָס האָט גרייט געמאַכט פאַר מיר דעם וועג אין חזנות, וועלכען כ׳האָב שפּעטער באַטראָטען. אויב איך בין עמיצען שולדיג אַ דאַנק פאַר אַרויספירען מיך אויף דעם ריכטיגען וועג — איז דאָס דער פּראָפעסאָר מיט דער ווייסער, ליכטיגער באָרד און מיט דעם גאָלדענעם כאַראַקטער פון אַן אמת׳ן אוהב ישראל.

אָבער דאָס מערקווירדיגסטע דערביי איז, וואָס דער זעלבער פּראָפעסאָר, וועלכער האָט אַליין געקענט זולצער׳ן און האָט געהאַט אַ זעלטענעם געפיל פאַר טראַדיציאָנעלער אידישער נגינה, האָט פאַרשטאַנען די אַלע דריידלעך און קנייטשען פון דעם אידישען ניגון, און עס איז געווען פאַר אים אַ באַזונ־

דערער פאַרגעניגען, ווען איך האָב אויף זיין פאַרלאַנג אים פאָרגעזונגען עפּעס פון די אַלט־אידישע טראַדיציאָנעלע נוסחאות — דער זעלבער פּראָפעסאָר איז דורכאויס באַשטאַנען דערויף, אַז איך זאָל מיין צוקונפטיגע געזאַנג־קאַריערע בויען אויף דער אָפּערע און אויף דעם קאָנצערט־פּאָדיום, און נישט אויפ׳ן אַלטען אידישען עמוד.

איך האָב דאָס נישט געקאָנט פאַרשטיין און ביז וואָס ווען האָב איך איג־טענסיוו פאַרגעזעצט מיין שטודיום. מיין פּראָפעסאָר האָט גענומען מיט מיר איינשטודירען מאַנכע לידער פון שובערט און אויך עטליכע אָפּערע־אַריעס. ביי אַ ספּעציעלען רוסישען לערער האָב איך אויך געלערענט אַ רעפּערטואַר פון רוסישע לידער און אַריעס.

איינמאָל האָט מיר מיין פּראָפעסאָר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז ער האָט באַשלאָסען איך זאָל אַרויסטרעטען אויף דעם יערליכען קאָנצערט אין בייזענ־דאָרפער קאָנצערט־האָל, וואו עס טרעטען אויף די בעסטע שילער פאַר דעם לעצטען יאָר. מילא, אַז מען דאַרף איז דאָך נישט שייך. האָב איך געליען אַ פראַטשנעם קאָסטיום אויף פּראָקאָט, אויסגעפּוצט זיך ווי אַ פּאָלנער זינגער און דערצו נאָך אין אַזאַ מוזיקאַלישער שטאָט, ווי עס איז דעמאָלט געווען די שטאָט ווין.

איך שטעל מיר פאָר, אַז איך האָב געמוזט זינגען גאָר נישט שלעכט אויף דעם קאָנצערט, ווייל אַ חוץ די אַפּלאָדיסמענטען פון די שילער און פון זייערע אַריסטאָקראַטישע עלטערען, האָט מיך מיין פּראָפעסאָר אַליין האַרציג אַרומ־גענומען נאָך מיין אויפטריט און האָט מיך געדריקט צו זיך, ווי נאָר אַ פאָטער קאָן דאָס טאָן לגבי זיין אייגען קינד.

צום דאָזיגען קאָנצערט האָב איך געהאַט אויך מיינעם אַן אייגענעם גאַסט, דאָס איז געווען מיין שוועגער, פישעל קאָוואַליעווסקי. אַביסעל פריער האָט ער דערהאַלטען אַ בריוו פון זיין איידעם, דובניקאָוו, אַז דער באַנקראָט איז שוין מיט מזל רעגולירט געוואָרען, מען איז דורכגעקומען מיט די בעלי חובות צו צאָלען זיי דרייסיג און פערציג קאָפּיקעס פאַר׳ן קערבעל, אַזוי אַז די מורא אַרעסטירט צו ווערען איז שוין ענדגילטיג פאַרביי און ער קאָן דרייסט צוריק־קומען אין זיין היימשטאָט. האָב איך אים פאַרהאַלטען אַן איבעריגען טאָג, כדי ער זאָל בייוואוינען מיין שמחה פון ערשטען עפענטליכען אויפטריט אין דער וועלט־שטאָט, ווין.

הגם ער האָט געהאַט גרויס הנאה פון מיין זינגען און פון דעם כבוד, וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרען סיי מצד מיין פּראָפעסאָר און סיי פון די אי־בעריגע שילער, איז אים דאָך נישט צו שטאַרק געפעלען געוואָרען, וואָס אַרום מיר האָבען זיך געדרייט אַזוי פיל שיינע דאַמען, און יעדע פון זיי האָט מיר געמאַכט אַנדערע קאָמפּלימענטען. עפּעס האָב איך געפילט, אַז די דאָזיגע קאָמ־פּלימענטען וועלען מיר שפּעטער אויספּאַלען באַקאָם...

אַ פּאָר טעג נאָכ׳ן אָפּפאָרען פון מיין שוועגער זאָגט צו מיר מיין פּראָפעסאָר,

אַז אויפ׳ן קאָנצערט אין בייזענדאָרפער זאַל איז געווען אָנוועזענד דער סופּעראינטענדענט פון דער ווינער קייזערליכער אָפּערע, און אַז ער האָט אויסגעדריקט דעם וואונש אויסצוהערען באַזונדער דעם חזן סמאָטריצקי, מיך און אַ געוויסע יונגע באַראָנעסע קעלענבערג, וועלכע האָט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט איר שיינער שטימע אויף דעם דערמאָנטען קאָנצערט.

צו דעם דאָזיגען אויפטריט פאַר׳ן אָפּערע־אינטענדענט האָב איך שפּעציעל געמוזט צוגרייטען עטליכע אַריעס. איך געדענק ווי שווער איך האָב געמוזט האָרעווען, כדי אין אַ קורצער צייט אויסצולערנען אַזעלכע קאָלאָראַטור־אַריעס, ווי די שוואַנען־אַריע פון „לאָהענגרין״ און אַן אַריע פון „לוטשיאַ דע לאַמאַרמאָר״. די לעצטע אַריע האָט געדאַרפט ווייזען מיין לירישען טענאָר, און די ערשטע, אַ וואַגנער־אַריע, האָט געדאַרפט אונטערשטרייכען מיין העלדען־טענאָר־שטימע, דאָס הייסט, אַז מיין שטימע איז געאייגענט פאַר די ביידע ראָלען.

אין פאַרלויף פון די געציילטע טעג, וואָס זיינען מיר פאַרבליבען, האָב איך די ביידע אַריעס אויסגעלערענט אויף אויסענווייניג און האָב זיי „געזאָגט״, ווי אַ פרומער איד זאָגט אַשרי. מיין פּראָפעסאָר האָט מיך שטאַרק ליב געהאַט און ער איז געווען עפּעס מאָדנע פאַראינטערעסירט, אַז איך זאָל אויסנעמען ביים אינטענדענט. האָט ער מיך עטליכע טעג פאַר׳ן קאָנצערט, אין אַ גאַנץ איידעלער פאָרם, אום מיך נישט צו באַליידיגען, געבעטען, אַז איך זאָל אַריינגיין צו אַ שוסטער און זיך לאָזען צוקלאַפּען צו די אָפּצאַסען פון די שיך עטליכע בלעטלעך לעדער, כדי איך זאָל אויסזען אַביסעל העכער, ווען איך וועל שטיין פאַר׳ן אינטענדענט און זינגען. אין דער אָפּערע, האָט ער געזאָגט, האָבען זיי נישט ליב קיין נידעריג־געוואָקסענע...

און אַזוי איז געקומען דער טאָג, ווען די ווינער קייזערליכע אָפּערע האָט געדאַרפט פסק׳ענען, צי איך בין עפּעס אַ פּאַסיגע סחורה פאַר איר.

# אַן אָנבאָט פון דער ווינער קייזערליכער אָפּערע

עס איז געקומען דער טאָג פון מיין אויפטריט פאַר׳ן סופּעראינטענדענט פון דער ווינער קייזערליכער אָפּערע. קודם כל האָט ער אויסגעהערט סמאָט־ריצקי׳ן און די באַראָנעסע קעלענבערג, און איך בין דערווייל געזעסן ווי אויף הייסע קוילען אין וואַרט־צימער.

ענדליך האָט מיך דער פּראָפעסאָר אַריינגערופן און איך האָב געזונגען די צוויי אַריעס. גאָר מעכטיג האָט אָפּגעהילכט די אַריע פון „לאָהענגרין״; איך האָב מיך אַליין דערשראָקן, צי האָב איך נישט אַמאָל אַריבערגעכאַפּט די מאָס. נאָכ׳ן זינגען האָט מיר דער אינטענדענט געגומען שטעלן פאַרשידענע פראַגעס: צי איך בין פאַרהייראַט, צי בין איך טאַקע אַ פרומער, וואָס פאַר אַ בירגער איך בין און, דער עיקר, צי האָב איך חשק צו ווערן אַן אָפּערע־זינגער.

אויף דער לעצטער פראַגע האָב איך אים געענטפערט צוריק מיט אַ פראַגע, ער זאָל מיר זאָגן, ווי לאַנג איך וועל נאָך דאַרפן שטודירן, ביז איך וועל זיין ראוי אויפצוטרעטן אויף דער אָפּערע־בינע. זיין ענטפער איז געווען, אַז עס וועט דאַרפן נעמען מינדעסטענס דריי יאָר, ביז איך וועל מיך אויס־לערנען גרינטליך אַ רעפּערטואַר פון, לכל הפחות, דריי אָפּערעס, און גלייכ־צייטיג דערמיט וועל איך דאַרפן פאַרזעצן מיין שטים־בילדונג. דערביי דאַרף איך אויך גרינטליך לערנען די דייטשע שפּראַך און ווידמען נישט ווייניג צייט דער שוישפּיל־קונסט. צו דעם געהערט: די קונסט פון דעקלאַמירען, האַל־טען אַ שווערד אין האַנט צום פעכטען און אַן אַ שיעור אַנדערע זאַכען. ווען איך וועל שוין דאָס אַלץ קענען, וועל איך ערשט דאַרפן אַרויספאָרען אויף דער פּראָווינץ אויף אַ יאָר אָדער צוויי, כדי זיך צו געהעריג איינצואיבען. דערנאָך וועל איך ערשט זוכה זיין צו באַטרעטען די ברעטער פון דער בינע אין דער קייזערליכער רעזידענץ־שטאָט ווין.

ווי אַלעמאָל אין אַזעלכע פאַלען, בין איך געווען אין אַ פאַרלעגענהייט און נישט געוואוסט וואָס מען ענטפערט אויף דער הייסער מינוט. איז מיר איינ־געפאַלען אַנצושלאָגען אַן אַנדער טאַן: אַזוי ווי דאָס לערנען זיך, צוזאַמען מיט׳ן גיין אויף דער לער אויף דער פּראָווינץ, דאַרף פאַרנעמען פינף יאָר צייט, און איך בין אַ פאַרהייראַטער מאַן, וואָס האָט פליכטען לגבי זיין פאַמיליע, זע איך נישט וואו איך וועל נעמען די מיטלען אויסצוהאַלטען אַזאַ לאַנגע צייט.

פאַר׳ן אינטענדענט איז דאָס געווען אַ שוואַכער תירוץ: אין דעם מאָ־מענט, האָט ער געזאָגט, ווען איך וועל זיך באַשליסען און אונטערשרייבען אַ פאַרפליכטונג אויסצולערנען זיך די דריי אָפּערעס און דערנאָך זיך פאַרבינדען מיט דער קייזערליכער אָפּערע, וועט ער שוין זאָרגען, אַז די קאַסע פון דער אָפּערע זאָל מיר אויסצאָלען דריי טויזענט קראָנען יערליך, אין חודש׳דיגע ראַטעס. מיין פאַרפליכטונג וועט אויך מוזען זיין, אַז נאָך די צוויי יאָר אויף דער פּראָווינץ וועל איך מוזען 3 יאָר צייט זיין פאַרבונדען מיט דער ווינער קייזער־ליכער אָפּערע פאַר אַ געהאַלט פון פינף טויזענט קראָנען אַ יאָר.

ווידער האָב איך נישט געוואוסט צי איך מעג אין דער מינוט נעמען אויף זיך אַזאַ פאַרפליכטונג און איך האָב געזאָגט, אַז איך וועל געבען אַן ענטפער אין פאַרלויף פון אַ חודש צייט, נאָכ׳ן האַלטען זיך אַן עצה מיט מיין פאַמיליע. און ביי דעם איז עס געבליבען. ווי אַ פרומער אידישער יונגערמאַן, וואָס איז שטאַרק צוגעבונדען צו דער פאַמיליע, האָב איך גלייך אָנגעשריבען אַהיים, צו דער ווייב, צו שווער און שוויגער, און דער עיקר צו מיין שוואָגער, דובני־קאָוו, וועלכער איז מיר געווען אַמנאָענטסטען פון דער גאַנצער משפחה, און, פאַרשטייט זיך, אויך צום טאַטען קיין כאַנאַראַד, בעטענדיג אַן עצה ווי אַזוי צו האַנדלען מיט דעם אָנבאָט פון דער קייזערליכער אָפּערע.

מען קאָן זיך לייכט פאָרשטעלען, וואָס עס האָט זיך דאָרטען אָפּגעטאָן, ווען עס איז אָנגעקומען מיין בריוו. דער ערשטער האָט זיך אָפּגערופען מיין שווער, אַז איך זאָל נישט וואַגען צו טראַכטען פון אַזעלכע זאַכען. „עס איז דאָס זעלבע וואָס שמד״, האָט געשריבען מיין שווער, דער צדיק. און פון אונטען האָט צוגעשריבען מיין באמת־פרומע שוויגער, אַז גאָט זאָל מיך מציל זיין פון גיין אין אַזעלכע אומריינע וועגען; אַז איך זאָל מיר גאָר די געדאַנקען וועגען דעם אַרויסשלאָגען פון קאָפּ. און גאָר פון אונטען זיינען געווען עטליכע ווערטער פון מיין פרוי, אַז אַזוי ווי זי איז שוין אין די גאָר הויכע חדשים, וואָלט בכלל געווען גלייך, אַז איך זאָל איינפּאַקען די זאַכען און קומען אַהיים.

אויך דער טאַטע האָט געדונערט אין אַ וואַרעם בריוועל, אַז דאָס איז נישט דער וועג פאַר אַ פרום, אידיש קינד, וואָס איז אויפגעכאָוועט געוואָרען מיט אַזויפיל צערטליכקייט און איז ביז איצט געגאַנגען בדרך הישר. דערביי האָט ער געפונען פאַר נויטיג נאָכאַמאָל מיר צו דערמאָנען די מעשה מיט מאיר׳ל, דעם זונדעל פון ראָקיטנער רב, וואָס איז אַרויס לתרבות רעה, צום שאַנד פון זיין משפחה און פון זיין פאָלק. פאַרענדיגט האָט ער מיט אַ שטרענגען שמור וזהיר, אַז איך זאָל נישט וואַגען אפילו צו דענקען פון דער שרעקליכער טומאה.

גאָר אַנדערש האָט געשריבען מיין שוואָגער, דובניקאָוו. ער איז געווען אַ סך טאָלעראַנטער און גאַנץ אויפריכטיג האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ווען איך זאָל זיין אַ פרייער, נישט פאַרהייראַטער מענש, אַן פאַרפליכטונגען צו וועמען

עס איז, וואָלט ער קיין איין מינוט זיך נישט געצעגערט און מיר געהייסען אָננעמען דעם גלענצענדען אָנבאָט און טאַקע גיין אויף דעם וועג פון אַן אָפּערע־זינגער. אָבער אַזוי ווי די לאַגע איז איצט, קאָן ער מיר קיין עצה נישט געבען און מוז לאָזען די וויכטיגע אַנטשיידונג פאַר מיין אייגענעם געוויסען.

איך בין געשטאַנען אַ צעטומעלטער, האָב געלייענט די אַלע בריוו נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל און עס איז מיר גאַנץ שווער געווען צו פאַסען דעם ריכטיגען באַשלוס. איך האָב נאָר געפילט מיט דער גאַנצער קראַפט, אַז פון דעם, וואָס איך וועל איצט באַשליסען, איז אָפּהענגיק מיין גאַנץ לעבען, און אפשר אויך דאָס לעבען פון דורות, וועלכע מיר וועט באַשערט זיין צו ברענגען אויף דער וועלט.

אַזוי ווי די אומבאַשטימטקייט האָט מיך זעהר געמאַטערט, האָב איך זיך נאָך מער אַריינגעוואָרפען אין לערנען. אויסער חזנות האָב איך גאָר פלייסיג שטודירט וועלטליכען רעפּערטואַר, פאַרשידענע לידער, אַריעס און באַלאַדען. דעם ענדגילטיגען באַשלוס האָב איך געלאָזען פאַר דער צייט, וועלכע היילט אַלע וואונדען און גיט דעם ריכטיגען באַשייד צו אַלע פּלאָגענישען, וואָס מאַטערען דעם מענשען.

די הויפּט אויפמערקזאַמקייט אין מיין לערנען האָב איך געווידמעט שטימע־בילדונג, שיינעם געזאַנג און גוטען פאָרטראַג. עס האָט מיך דאָך אָבער מער געצויגען צו גיין הערען אַ חזן, וואָס זינגט אַ טראַדיציאָנעל אידיש שטיקעלע, איידער די פּרעכטיגע זינגער אין דער אָפּערע, מיט וועלכע ווין האָט זיך צו יענער צייט נישט געהאַט וואָס צו שעמען. אָבער אַזוי ווי אין די מיינסטע טעמפּלען פון דער ווינער קולטוס־געמיינדע איז די גאָטעס־דינסט דער עיקר באַשטאַנען פון זולצער׳ס „שיר ציון״, האָט דאָס מיר געגומען שנעל דערעסען ווערען.

און אויסער דעם זיינען די כאָרען אין די ווינער טעמפּלען געשטאַנען נישט אויף דער געהעריגער הויך. עס האָט אויסגעזען, ווי די דיריגענטען וואָלטען זיך אינגאַנצען נישט אינטערעסירט מיט׳ן כאָר־געזאַנג. דער נוסח זייערער איז געווען זעהר אַ שאַבלאָנער, און אַ סברא, אַז זיי האָבען אויך נישט קיין סך פאַרשטאַנען פון הלכות געזאַנג. די סיבה דערפון דאַרף מען זוכען אין דעם פאַקט, וואָס דער כאָר איז ביי זיי געווען אַ בייזאַך לעבען דער הויפּט באַשעפטיגונג, וואָס איז געגאַנגען גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג.

אַזוי, אַ שטייגער, האָט זיך דער דיריגענט פון דעם זייטענשטאָטער הויפּט־טעמפּעל דער עיקר פאַרנומען מיט... שדכנות, מיט צונויפפירען שידוכים צווישען די ווינער אַסימילירטע אידען. דער דיריגענט, ווידער, פונ׳ם לעאָפּאָלדשטאָטער טעמפּעל איז גאָר געווען אַ טענצער, און די הויפּט־פּרנסה האָט ער געצויגען פון אַ טאַנץ־שולע. ער פלעגט אַריינקומען אין די רייכע הייזער, ווי אַ שטייגער, צום באַראָן גוטמאַן אָדער צו סאַלע קאָן, כדי צו לערנען מיט די קינדער ריטמיק, און אַזוי ווי די דערמאָנטע אידען האָבען געהאַט די

הויפּט־דעה אין די טעמפּלען, האָבען זיי שוין אויסגע׳פּועל׳ט, אַז דער טענצער אָדער שדכן זאָל באַקומען די שטעלע פון כאָר־דיריגענט.

צו דער זעלבער צייט האָט מען אין ווין געקאָנט געפינען איבערגענוג טאַלאַנטפולע מוזיקער, וואָס וואָלטען אַ סך מער געפּאַסט אַנצופירען מיט די גרויסע כאָרען אין די טעמפּלען, אָבער זיי האָבען נישט געהאַט קיין צו־טריט צו די גבירים, צו די אַלערליי באַראָנען און הויפּט־ראַטען. זיינען זיי אַרומגעגאַנגען און געהונגערט, בעת כל׳ערליי שלעק האָבען דיריגירט מיט די כאָרען. עס איז געווען אַ פּיין צו הערען דעם כאָר־געזאַנג. פון אַ פּיאַנאָ, מע־זאַוואָטשע אָדער פאָרלאַנדאָ איז קיין שפּור נישט געווען. דערפאַר האָבען די כאָריסטען געהאַלטען אין איין שרייען ווי שיכור׳ע גוים. איינער האָט געוואָלט איבערשרייען דעם אַנדערען און וואָס מער אַרויסהויבען זיין שטימע.

איך האָב מיר דעמאָלט נישט איינמאָל געשטעלט די פראַגע: וואָס איז עפּעס די וועלט משוגע געוואָרען און האָט זיך איינגערעדט, אַז ווין איז דער קוואַל, דער גן־עדן, דער אמת׳ער אוצר פון חזנות און כאָר־געזאַנג? און איך האָב אין זכרון דורכגעפירט אַ פאַרגלייך מיט דעם, וואָס כ׳האָב מיט עטליכע חדשים צוריק איבערגעלעבט אין אָדעס. איך האָב זיך דערמאָנט די כאָרען, וואָס כ׳האָב געהערט אין די אָדעסער שולען אויף שאַלאַשנע, אויף יעווריעיסקע, און דער עיקר אין דער בראָדער כאָר־שוהל, ווי אַזוי דער דיריגענט און יעדער כאָריסט באַזונדער האָבען מקפּיד געווען און אַכטונג געגעבען, אַז דער ריטם און קלענסטער ניואַנס זאָל אַרויסגעבראַכט ווערען קלאָר און לויטער אַזוי, אַז די מינדעסטע סירחה זאָל נישט בלייבען אויף דער קאָמפּאָזיציע.

איך וועל דאָס גאַנצע לעבען נישט פאַרגעסען, ווי דער באַרימטער דירי־גענט נאָוואַקאָווסקי האָט מיר דערלויבט בייצוואוינען די פּראָבעס מיט זיין כאָר און פּיניע מינקאָווסקי איז געקומען צו דער פּראָבע. וויפיל האַרץ און נשמה דיביידע גרויסע מוזיקער האָבען אַריינגעלייגט אין דער קאָמפּאָזיציע; וויפיל עקסטאַז און באַגייסטערונג זיי האָבען זיך באַמיט איינצופלאַנצען אין די כאָריסטען; וואָס פאַר אַ מסירת־נפש מען האָט געקאָנט באַמערקען פון ביידע זייטען, אַז אַלץ זאָל אַרויסקומען פולקאָם, און ווי דער כאָר איז געווען איבערפולט פון גליק, וואָס זיי האָבען געקאָנט צופרידענשטעלען אַלע פאַר־באַרגענסטע וואונשען פון דיריגענט.

אין ווין האָב איך טאַקע צום ערשטען מאָל זיך באַקענט מיט זולצער׳ס קאָמפּאָזיציעס, אָבער ווי אַזוי מען דערלאַנגט אָט די קאָמפּאָזיציעס, ווי מען פּאַסט זיי אויף און מען טראָגט זיי פאָר — דאָס האָב איך אין ווין נישט געהאַט וואָס צו לערנען. צו דעם צוועק האָב איך געדאַרפט צוריקקערען זיך צו אונזער מזרח־אידישען קוואַל, צו מינקאָווסקי׳ן און נאָוואַקאָווסקי׳ן, וועלכע האָבען ביידע צוזאַמען אַרויסגעבראַכט אַזאַ פולשטענדיגע האַרמאָניע, אַז עס האָט זיך מאָמענטענווייז אויסגעדאַכט, אַז דאָס זינגען מלאכים פון הימעל, דאָס זינגען זיי שירה צום באַשעפער פאַר דער שיינער וועלט, וואָס ער האָט באַשאַפען.

# מיינע ערשטע אייגענע קאָמפּאָזיציעס

אַזוי זיינען געפלאָסען מיינע וואָכען אין ווין. וואָס אַמאָל ווייטער האָב איך גענומען שפּירען, אַז דער מאָדערנער חזנ׳ישער רעפּערטואַר באַפרידיגט מיך אַלץ ווייניגער; עס האָט מיך אַלץ מער געצויגען צום קאָנסערוואַטיווען, אָרטאָדאָקסישען און טראַדיציאָנעלען. איך האָב אָנגעהויבען אַרומזוכען קאָמ־פּאָזיציעס, רעטשיטאַטיווען און אימפּראָוויזאַציעס, וואָס האָבען געשטאַמט פון די גרויסע אָרטאָדאָקסישע חזנים פון אַלטען טראַדיציאָנעלען שניט. עס איז מיר געלונגען אין ווין אָפּצוזוכען די נגונים פון ירוחם הקטן, ניסי בעלזער, שעסטאַפּאָל. איך האָב מיך אַלץ מער פאַרטיפט אין די דאָזיגע אייגענאַר־טיגע שאַפונגען, וואָס האָבען געאָטעמט מיט דורות׳דיגער איינגעוואָרצעלט־קייט אין דעם אידישען לעבען.

אָבער וואָס מער איך האָב זיך פאַרטיפט אין אָט די שאַפונגען, אַלץ מער איז אין מיר געוואָקסען דער פאַרלאַנג עפּעס מוסיף צו זיין אייגענס צו דעם, וואָס דורות חזנים האָבען אין פרומקייט און יראת שמים אויסגעזונגען אויפ׳ן צער און אויף די פאַרבאָרגענע האָפענונגען פון זייער פאָלק. געוויינליך פלעגט דאָס געשען פאַרנאַכט־צייט אין דער גרויסער, אָבער אין גאַנצען פרעמדער פאַר מיר שטאָט. איך בין געזעסען אין מיין טונקעלען צימער, קיין ליכט האָב איך אינגאַנצען נישט געהאַט קיין חשק אָנצוצינדען, און די מחשבה איז אַוועק ווייט־ווייט, צו יענע צייטען אין מיין געבורט־שטעטעל, ווען דער טאַטע איז געזעסען ביי די שבת׳דיגע טישען און האָט אימפּראָוויזירט פאַר־שידענע נגונים צו די זמירות.

עס האָבען זיך מיר דערמאָנט די מעלאָדיעס, איך האָב זיי אויסגעצויגען, פאַרטיפט און פאַרברייטערט, האָב ענג פאַרבונדען דעם פּירוש המילות צו די קלאַנגען, וועלכע זיינען אויפגעגאַנגען אין מיין מח, און אַזוי זיינען אַנטשטאַנען קאָמפּאָזיציעס, וועלכע האָבען געלייגט דעם אָנהויב צו מיינע שפּעטערדיגע צאָלרייכע שאַפונגען אויפ׳ן ליטורגישען געביט. מען דאַרף געדענקען, אַז איך בין געווען ווייט פון מיין היים, פון מיין ווייב און מיינע עלטערען; עס האָט זיך גאַנץ אָפט געבענקט צו דער נעסט, פון וועלכער מ׳איז אַרויס און מ׳איז אַריינגעשליידערט געוואָרען אין דער פרעמדער וועלט, וואָס לאָקט און שרעקט גלייכצייטיג.

דערצו נאָך איז מיין צוקונפט געווען אַזוי פאַרפּלאָנטערט און אומבאַ־

שטימט. וואוהין גיי איך? וואָס דערוואַרט מיך? אויף וואָס פאַר אַ וועג וועל איך זיך סוף־כל־סוף אַנטשליסען? אויף דער גוי׳אישער אָפּערע אָדער אויף דעם צעבראָכענעם, אָבער האַרציגען אידישען עמוד? דאָס אַלץ האָט מיך נישט זעלטען געבראַכט אין אַ געדריקטער, טרויעריגער שטימונג, און די דאָזיגע שטימונגען האָבען געפונען זייער אויסדרוק אין מיינע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע איך האָב אַזוי אומבאַהאָלפען גענומען צוזאַמענשטעלען אין די ווינער פאַרנאַכטען. עס איז געווען אַ השתפכות הנפש, מיין גאַנצער יוגענטליכער שמערץ און בענקשאַפט איז אין זיי געקומען צום אויסדרוק. איך האָב צו־זאַמענגעשטעלט תפילות, פאַנטאַזיעס און אימפּראָוויזאַציעס אָן אַ שיעור.

צו יענער צייט איז אָנגעקומען קיין ווין אַ יונגער חזן פון כערסאָן, מיט׳ן נאָמען קילימניק. ער איז געווען זעהר באַגאַבט און מוזיקאַליש געניינט, מיט אַ שיינער לירישער טענאָר־שטימע, און ווי אַ סך טאַלאַנטפולע יונגעלייט פון יענער צייט, האָט אים געצויגען צו דער מעטראָפּאָליע פון חזנות, וואָס ווין האָט דעמאָלט פאַרגעשטעלט מיט זיך. אין ווין האָט זיך אויך באַוויזען אַן אינטעליגענטער זינגער פון ריגע, מיט׳ן נאָמען פרידמאַן, און אונזער אַלטער באַקאַנטער, דער יעליסאַוועטגראַדער חזן מאיר פּיסאַק, דער געוועזענער משורר ביי ניסי בעלזער, האָט זיך אויך אַראָפּגעלאָזט קיין ווין, כדי צו פאַרפולקאָמען זיינע קענטעניסען און זען, וואָס פאַר אַ נייעס עס ווערט געשאַפען אויפ׳ן חזנ׳ישען געביט.

אָט מיט דער גרופּע האָב איך זיך זעהר באַפריינדעט און מיר פלעגען זיך האַלטען צוזאַמען. יעדען טאָג פלעגען מיר זיך טרעפען צו מיטאָג־עסען ביי אַ פּריוואַטער פאַמיליע און מען פלעגט זיך טיילען סיי מיט די דראָבע־רונגען אין דעם גרויסען מוזיקאַלישען צענטער און סיי מיט די בענקשאַפטען נאָך דער אַלטער היים. איינמאָל, ווען מיר זיינען אַזוי געזעסען, עפענט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַן אָפּגעריסענער און אָפּגעשליסענער, מאָגערער און אויסגעהונגערטער יונגערמאַן און בעט מען זאָל אים געבען עפּעס אָפּ־צועסען, ווייל ער האַלט זיך קוים אויף די פיס.

מיר האָבען אים, פאַרשטייט זיך, אָנגעקאָרמעט און ערשט דעמאָלט האָט ער גענומען דערציילען ווער ער איז. ער קומט פון בעסאַראַביע, פון אַ שטעט־טעל מיט׳ן נאָמען קאַלאַראַש, און פון קינדוויַיז אָן האָט ער אַ נייגונג צו חזנות. אין שטעטעל האָט מען אים געזאָגט, אַז אויב ער וויל עפּעס דערגרייכען אין זיינע שטרעבונגען, איז דער איינציגער וועג — קומען קיין ווין. קיין גראָשען געלט ביי דער נשמה האָט ער נישט געהאַט, האָט ער זיך אַוועקגע־לאָזט צופוס אין דעם ווייטען וועג אַריין. ער איז געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און פון דאָרף צו דאָרף, גענעכטיגט מייסטענס אין די בתי מדרשים, און ווען עס איז אויסגעקומען — אויך אין פרייען פעלד. די רוסישע גרעניץ האָט ער אַריבערגע׳גנב׳עט ביינאַכט, און קיין גובערנאַטאָרסקען פּאַס האָט ער אינ־גאַנצען נישט געדאַרפט...

דריי חדשים צייט איז ער אַזוי געווען אונטערוועגס: וואו געטאָגט — נישט גענעכטיגט, אַבי צו דערגרייכען דעם ציל — אָנקומען אין דער אויסגע־בענקטער שטאָט ווין. נעכטען איז ער ענדליך אָנגעקומען. דער ערשטער חסידישער איד, וועלכען ער האָט אָנגעטראָפען אין גאַס, האָט אים צוגעפירט צו דער שול אויף דער שיפס־גאַס, אין צווייטען באַצירק, וואו עס דאַוונט כאַצקעלע דער חזן. דאָרט האָבען זיך אידען בני רחמנים צוזאַמענגעלייגט, מען האָט אים געשאַפען עטליכע גרייצערס און מען האָט אים אַוועקגעפירט צו אַן אָרעמען אידען אין שטוב אַריין, וואו ער האָט זיך דערכאַפּט דאָס האַרץ און איבערגענעכטיגט. אינדערפרי האָט אים כאַצקעל׳ס אַ משורר געגעבען אונזער אַדרעס, און אָט איז ער געקומען.

מיר האָבען באַטראַכט דעם יונגערמאַן און באַוואונדערט ווי שטאַרק עס איז דער דראַנג ביי אידען צו בילדען זיך און צו דערגרייכען דעם ציל, וועלכען מען שטעלט זיך, נישט געקוקט אויף די גרעסטע שטערונגען, אויף דעם מאַנגעל פון די עלעמענטאַרסטע מיטלען, וואָס זיינען דערצו נויטיג. מיר האָבען זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דעם יונגערמאַן און געוואָלט וויסען, צי קען ער טאַקע עפּעס, אָדער דאָס האָט ער זיך בלויז איינגערעדט מי יודע וואָס פאַר אַ טאַלאַנט ער איז. מיר האָבען אים געבעטען ער זאָל עפּעס פאָרזינגען פאַר אונז. אַזוי ווי עס איז דערווייל געוואָרען מנחה־צייט, זאָגט דער יונגערמאַן, אַז ווען עס וואָלט געווען אַ מנין, וואָלט ער געדאַוועט מנחה בציבור.

מיר האָבען אים מתיר געווען, אַז ער מעג דאַוונען מנחה און זאָגען פאַר אונז די הויכע שמונה עשרה אָן אַ מנין. ער האָט אָנגעהויבען זאָגען „אַשרי״ און דערנאָך ביי „צדיק ד׳ בכל דרכיו״, האָט ער גענומען פאַנטאַזירען מיט אַזאַ שטאַרקייט, אַז מיר זיינען אַלע נשתומם געוואָרען. זיין לירישע טענאָר־שטימעלע איז געווען גאַנץ קליין, אָבער זעהר זיס, בויגזאַם, מיט אַ וואונדער־באַרען קאָלאָראַטורעל. די הויכע שמונה עשרה האָט ער געזאָגט ווי אַן אמת׳ער בעל תפילה, און וואָס ווייטער ער האָט געזאָגט, אַלץ מער האָט ער אונז אַנט־ציקט. אין זיין זאָגען איז געווען אַזויפיל טראַדיציאָנעלעס, אַזאַ טעמפּעראַמענט־פולע השתפכות הנפש, אַז עס האָט אונז ממש פאַרכאַפּט.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז אויב מען זאָגט אויף מיר, אַז איך בין אַ מאַדים צו דאַוונען אַ וואָכעדיגע מנחה שמונה עשרה, האָב איך זי געגאַשט ביי אָט דעם יונגענמאַן מיט אַזוי פיל יאָרען צוריק אין דער שטאָט ווין. עפּעס איז מיר זיין זאָגען אַריין אין דיביינער אַריין און איך האָב מיך דערפון נישט געקאָנט באַפרייען. איך האָב זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם יונגענמאַן און ער איז געוואָרען אַן אָפטער אַריינגייער צו מיר. איך האָב געזאָרגט צו מילדערען זיין נויט אין דער פרעמדער שטאָט.

איינמאָל, אין אַ נאָכמיטאָג, האָב איך אים מיטגענומען צו מיין געזאַנג־פּראָפעסאָר. ער האָט אים אויסגעהערט און געזאָגט, אַז די שטימע איז קליין

און באַגרעניצט און אַז מען קאָן קיין גרויסעס פון איר נישט דערוואַרטען. דאָס האָט אים געטראָפען ווי אַ דונער, זיין מוט איז שטאַרק געפאַלען. ער האָט אָנגעהויבען זיך באַווייזען זעלטענער ביי מיר, אַ חוץ דעם האָב איך גע־הערט, אַז ער איז אַ קראַנקער, וואָס ליידט אָפט פון דער עפּילעפּטישער קרענק. אין מיטען זיצען און רעדען קען ער אַראָפּפאַלען פון שטול און ליגען אַזוי אומבאַוואוסטזיניג אַ פערטעל שעה, ביז ער קומט ווידער צו זיך. איך בין געווען פול מיט באַדויערען צו זיין עלענדקייט און איינזאַמקייט אין דער פרעמדער שטאָט, האָב אים געגומען ארומזוכען, כדי צו זען וואָס מען קאָן דאָך טאָן פאַר אים, אַז זיינע איינגעבוירענע גרויסע פעהיגקייטען זאָלען דאָך נישט פאַרלוירען גיין, אָבער ער איז פאַרשוואונדען אַזוי פּלוצלונג, ווי ער האָט זיך באַוויזען. קיין שום זוכען אים האָט נישט געהאָלפען; זיין געביין איז אַנטרונען און ביז'ן היינטיגען טאָג ווייס איך נישט וואָס פון דעם אייגענאַרטי־גען, הויך־טאַלענטירטען אידישען „בראַדיאַגע" איז געוואָרען. אָבער זיין זיסער וואָכעדיגער מנחה־דאַווענען ליגט מיר נאָך אין טעם ביז'ן היינטיגען טאָג.

אין איין שיינעם טאָג איז מיין נאָרמאַלער לעבענס־סדר פון געשמאַקען לערנען מוזיק איבערגעריסען געוואָרען דורך אַ וויכטיגער געשעעניש. אַ טע־לעגראַמע פון מיינע שוויגער־עלטערען האָט מיר מיטגעטיילט, אַז מיין פרוי האָט מיט מזל געבוירען אַ געזונטע טאָכטער און מ'האָט איר אַ נאָמען געגעבען חוה, און אַז פרטים וועל איך געוואויר ווערען פון אַ בריוו, וואָס איז אונטער־וועגס. מיט אומגעדולד פון אַ יונגען טאַטען פון זיין ערשט קינד האָב איך דערוואַרט די איינצעלהייטען פון דער גרויסער געשעעניש אין מיין לעבען. דער בריוו איז געווען פון מיין שווער, וועלכער האָט מיר געשריבען, אַז ער איז זעהר גליקליך פון זיין ניי אייניקעל און ער גלויבט, אַז עס איז די ריכטיגע צייט, אַז איך, דער פאָטער פון דעם קינד, זאָל אַהיימקומען און מען זאָל ענדליך אָנהויבען טראַכטען פון אַ תכלית.

עפּעס דאָס וואָרט „תכלית" איז מיר נישט געפעלען געוואָרען. הייסט דאָך עס, אַז דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געטאָן ביז איצט, איז גאָר קיין תכלית נישט, אַז מען דאַרף עפּעס אָנהויבען פון דאָס ניי. צי מיינט דאָס נישט אַמאָל, אויף דער פאַרשטעלטער שפּראַך פון מיין שווער, אַז איך דאַרף נעמען דאָס ווייב מיט'ן ניי־געבוירענעם קינד, איינפּאַקען די פּעקלעך און אַראָפּגיין פון קעסט, כדי צו מאַכען פריי דעם פּלאַץ פאַר די צוויי נייע איידעמס, וואָס דאַרפען אַריינקומען אין הויז אַריין?

איך האָב מיט אַלע כחות געוואָלט וואָס גיכער זיין אין דער היים, אָנ־קוקען דאָס נייע באַשעפענישל, וואָס איך האָב געבראַכט אויף דער וועלט. אָבער, צו דער גלייכער צייט, ווי אַזוי רייסט מען איבער דאָס אַלץ, וואָס כ'האָב מיט אַזויפיל מי און מאַטערניש ענדליך אויפגעבויט? איך האָב זיך געשראָקען פאַר דעם אַהיימקומען, אַז דאָס מיינט אַ סוף צו מיין גאַנצען

לעבענס־חלום, און אַז ווידער וועט מיר אויסקומען זיך איינצושפּאַנען אין דער שניט־קראַם, אָדער אין בעסטען פאַל אַראָפּגיין „פאַר זיך" און עפענען אַן אייגענע קראָם. איך בין שוין אין מיין געדאַנק געווען גאַנץ ווייט פון אַזעלכע פּלענער. די עטליכע חדשים זיין אין ווין האָבען מיך געמאַכט פאַר אַ זינגער, מער ווי אַלע יאָרען, וואָס כ'האָב אָפּגעלעבט ביז מיין אַרויספאָר אין דער וועלט אַריין.

האָט איצט געדאַרפט קומען אַן עק צו דעם אַלעם? איך האָב אינגאַנצען געציטערט פאַר שרעק, אָבער גלייך נאָך דעם בריוו פון מיין שווער איז געקו־מען נאָך אַ בריוו, דאָס מאָל פון מיין שוואָגער דובניקאָוו, אַן איבערגעגעבענעם פריינט און דעם איינציגען פון מיין גאַנצער משפּחה, וואָס האָט מיך פאַר־שטאַנען און מיטגעפילט. זיין בריוו האָט מיך אַביסעל אויפגעמונטערט און אַן אָפּגעפרישטער האָב איך מיך גענומען גרייטען אין וועג אַריין צו באַזוכען מיין פרוי און ניי געבוירען קינד.

# מיין ערשטער קאָנצערט אין לאָדזש

מיין שוואָגער דובניקאָוו האָט מיר געשריבען אין זיין בריוו, אַז אַזוי ווי אין דער היים איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז איך זאָל אַהיימקומען, און אַזוי ווי ער פאָרט אַרויס קיין לאָדזש, טאָמאַשאָוו און ביאַליסטאָק איינקויפען סחורה, איז זיין עצה, אַז איך זאָל פאָרען דורך לאָדזש, וואו ער האָט אַ סך פריינט צווישען די פאַבריקאַנטען און גרויסע סוחרים, און ער וועט מיט זייער הילף צוגרייטען פאַר מיר אַ קאָנצערט.

איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט מיט דעם דאָזיגען פאָרשלאַג. נאָך די „קאַלטע" ווינער צילינדער־אידען, האָט זיך מיר זעהר געוואָלט אַ קוק טאָן אויף די אמת׳ע איינגעוואָרצעלטע פוילישע אידען פון דער שטאָט לאָדזש, וועלכע האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ שם פון אַ גרויסען אידישען צענטער. און דערצו נאָך וועל איך זינגען פאַר זיי נאָך אַזאַ לאַנגען איבעררייס. און עפּעס בין איך דאָך איצטער אַ „געענדיגטער", וואָס האָב דאָך אַזוי פיל געהערט און געלערענט אין ווין. מיט אַ באַזונדערען פיבער האָב איך זיך געגרייט צו מיין נסיעה און קומענדיגען ערשטען אויפטריט פאַר די פוילישע אידען.

פאַר׳ן אָפּפאָרען האָב איך באַשלאָסען צו דערציילען מיין פּראָפעסאָר, אַז איך פאָר אַוועק. ער איז געווען אויסגעבונדען מיט אַלע מיינע פאַמיליען־פאַרהעלטעניסען און ער האָט גוט געוואוסט, אַז איך טרעף אָן אויף אַ ווי־דערשטאַנד מצד מיין פאַמיליע צו ווידמען זיך דער אָפּערע־קונסט. אָבער כל־זמן איך בין געווען אין ווין, האָט ער אַלץ געהאָפט, אַז דאָס זיין פון דער ווייטענס פון דער היים און פון די דאָרטיגע איינפלוסען וועט דאָך אויף מיר האָבען אַ ווירקונג און איך וועל זיך דאָך אַנטשיידען אויף אַן אָפּערע־קאַריערע און ער וועט נאָך קאָנען מיט זיינע אייגענע אויגען זען די דערפאָלגען פון זיין תלמיד און קלייבען נחת פון מיר.

מיט מיין איבעררייסען דעם שטודיום האָט ער מורא געהאַט גייט פאַר־לוירען זיין גאַנצע אַרבעט. אָבער ער איז נישט דרייסט געווען מיך אָפּצו־רעדען, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען אַ פאַמיליען־לעבען, און ער האָט געהיט יעדעס וואָרט חלילה קיינעם פון מיין פאַמיליע נישט אָנצורירען. אָבער איין וואָרט האָט ער מיר יאָ געזאָגט, אַז איך זאָל זיך נישט איינרעדען, אַז איך וועל קאָנען זיין גליקליך אין מיין לעבען, אויב

איך וועל אַוועקגיין פון דעם, וואָס איז די הייליגסטע באַשטימונג פון מיין לעבען, דאָס איז: געזאַנג! אפשר וועל איך קאָנען אויך אַן אַנדער וועג מאַכען אַ גרויס פאַרמעגען, אָבער — האָט ער מיר פאַרזיכערט — קיין גליק וועט דאָס מיר נישט געבען. עס וועט מיך נאָר צעברעכען, און שטענדיג, וואו און ביי וואָס איך זאָל נישט זיין באַשעפטיגט, וועט עס מיך ציען, ווי מיט אַ מאַגנעט, צוריק צו אָט דעם חלום, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין מיר נאָך אין מיין טיפער קינדהייט.

מיט רירענדע ווערטער האָט ער געבעטען איך זאָל אים פאַרזיכערען, אַז אויב איך וועל נישט גיין צו דער אָפּערע־בינע, זאָל איך מינדעסטענס פּראַקטיצירען דעם קאָנטאַר־פּאַך, דאָס וועט מיר זיכער געבען אַ טיפע אינערליכע באַפרידיגונג און אויך אויף דעם געביט וועל איך זיכער דער־גרייכען אַזאַ הויך, וואָס וועט אים, דעם לערער מיינעם, נישט פאַרשעמען. ער האָט מיך פאָטערליך געקושט און מיר האָבען זיך רירענד אָפּגעזעגענט.

איך האָב גענומען איינקויפען אַן אַ שיעור זאַכען, דער עיקר אַזעלכע, וואָס מ׳האָט אין רוסלאַנד נישט געקאָנט באַקומען. און אַזוי ווי קיין דערפאַ־רענער רייזענדער בין איך נאָך צו יענער צייט נישט געווען, האָב איך מיך פאַררעכענט אין חשבון, און בין דעריבער אויסגעשטאַנען געברענטע צרות אין וועג. איך האָב פאַרגעסען איין קלייניגקייט: אַז אַפילו ווען מען האָט שוין אויסגעקויפט אַ באַן־בילעט, דאַרף מען זיך נאָך אַלץ לאָזען עטליכע רובעל אין קעשענע אויף יעדען פאַל, טאָמער פאַסירט עפּעס אין וועג.

און איך האָב זיך אויסגעליידיגט ביז איין גרייצער. אין וואַגאָן צו דער עסטרייכיש־רוסישער גרעניץ האָב איך געמוזט צוצאָלען צום באַן־בילעט און אַזוי בין איך געבליבען מיט צוויי שווערע טשעמאָדאַנעס, אָבער אָן אַ גראָשען מזומן. איך האָב נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפען אַ בילעט פון דער גרעניץ ביז לאָדזש, און עסען דאַרף דאָך אויך אַ מענש. דערצו האָט דער איבערגאַנג פון דער עסטרייכישער גרעניץ צו דער רוסישער געפירט דורך אַ הויכען וויאַדוקט איבער די באַן־רעלסען, און אַרויפגיין צום וויאַדוקט האָט מען געמוזט איבער אַן אַ שיעור טרעפּ. האָב איך געשלעפּט מיינע טשע־מאָדאַנעס איבער די טרעפּ און בין געבליבען אָן כחות. די גרעסטע זאָרג האָט מיר פאַרשאַפט מיין נייער צילינדער, וועלכען כ׳האָב איינגעקויפט אין ווין. מ׳האָט אים געמוזט האַלטען אין אַ באַזונדער שאַכטעל, עס זאָל פון אים נישט ווערען קיין תל, און דאָ זיינען מיר די הענט פאַרנומען מיט מיין גרויסער באַגאַזש, און אויף קיין טרעגער איז נישטאָ...

האָב איך מיר אָנגעבונדען די שאַכטעל מיט׳ן צילינדער אַרום דעם האַלז און אַזוי בין איך מיט מזל אַריבער די גרענעץ. ביי אַן אומבאַקאַנטען איד האָב איך געבאָרגט אַ רובעל אויף צו טעלעגראַפירען קיין לאָדזש, אַז מען זאָל מיר אַרויסשיקען אַביסעל געלט אויפ׳ן אַדרעס פון באַן־קאַסירער. דער איד האָט אַפילו קיין משכון נישט געוואָלט נעמען, ער האָט בלויז איינ־

געשטימט צו געבען מיר זיין אַדרעס, אַז אויב איך וועל וועלען קאָן איך אים דעם חוב אָפּשיקען.

אַזוי ווי קיין געלט צו גיין זוכען אַ נאַכטלעגער איז נישט געווען, האָב איך מיך אויסגעלייגט אויף דער הילצערנער באַנק אויף דער באַן־סטאַנציע און געוואַרט, אַז לאָדזש זאָל זיך אָפּרופען און מיר געבען אַ מעגליכקייט צו פאָרען ווייטער. זעקס אינדערפרי האָט מיך דער פּאָרטער אויפגעוועקט — דער קאַסירער זוכט מיך. ער האָט דערהאַלטען טעלעגראַפיש צוואַנציג רובעל פאַר מיר און ענדליך קאָן איך פאָרען ווייטער.

אין לאָדזש האָט מיך שוין אָפּגעוואַרט מיין שוואָגער און אַ גאַנצע ריי פון זיינע פריינט. גלייך אויפ'ן וואָקזאַל האָבען זיי מיר געוויזען אַן אָפּגע־דרוקטען פלאַקאַט וועגען מיין קאָנצערט, וואָס קומט פאָר אין גרויסען זאַל פון גראַנד־האָטעל אויף פּיעטריקאָווער גאַס, אין סאַמע האַרץ פון אידישען לאָדזש.

עס איז מיר שווער צו שילדערן, וואָס דער דאָזיגער קאָנצערט אין דער שטאָט לאָדזש האָט דעמאָלט פאַר מיר באַדייט. דער זאָל איז געווען איבערפולט נישט בלויז מיט „ליטוואַקעס", נאָר טאַקע מיט די טיפּישע פּוילישע אידען אין די לאַנגע קאַפּאָטעס מיט די קליינטשיגע היטעלעך אויף די קעפּ, וואָס די אויגען האָבען זיך ביי זיי אָנגעצונדען פון באַגייסטערונג, ווען כ'האָב געזונגען שטיקלעך פון דעם טראַדיציאָנעלען נוסח. זייער באַגייסטע־רונג האָט זיך אויך צו מיר אַריבערגעטראָגען און אַ צוואַרעמטער האָב איך נישט געקאַרגט מיין שטימע.

דאָס איז געווען מיין ערשטע באַרירונג מיט די פּוילישע אידען און איך האָב געפילט ווי איך וואָלט מיך אָפּגע'טובל'ט אין אַ ים פון אידישקייט. הגם אַ סך פון די לאָדזשער אידען האָבען דעמאָלט געשטאַמט פון רוסלאַנד, זיי זיינען געקומען אין דער גרויסער פּוילישער פאַבריק־שטאָט נאָך דעם גירוש־מאָסקווע, דאָך דעם אידישען כאַראַקטער פון דער שטאָט האָבען געגע־בען די פּוילישע אידען. די גאַסען זיינען געווען פול מיט זיי, און נאָך בערדיטשעוו איז דאָס געווען די צווייטע עכט־אידישע שטאָט, אין וועלכער מיר איז אויסגעקומען צו זיין.

מיין קאָנצערט אין לאָדזש אין יאָר 1897 האָט זיך אויסגעצייכענט מיט נאָך איין כאַראַקטעריסטישער איינצעלהייט, וואָס מאַכט אים אומפאַרגעסליך פאַר מיר. דאָס איז, נעמליך, דער יונגיטשקער באַגלייטער, וועלכער האָט מיך אַקאָמפּאַנירט אויף דער פּיאַנאָ ביי יענעם קאָנצערט. דאָס איז געווען אַ וואונדער־קינד פון אַכט יאָר. איך האָב מיט אים געהאַט נאָר איין פּראָבע און ער האָט מיך באַגלייט אָן איין איינציגען פעלער. דאָס איז דער איצ־טיגער גרויסער פּיאַניסט־קינסטלער אַרטור רובינשטיין. איך האָב אים באַגעגענט אין הויז פון זיין פעטער, אַ געוויסען וויזעל, וועלכער איז געווען

אַ גרויסער קאָמיסיאָנער און מיין שוואָגער דובניקאָוו האָט מיט אים געמאַכט געשעפטען.

נאָכ'ן נאַכט־עסען האָט דער קליינער אינגעל געשפּילט אויפ'ן קלאַוויר זאַכען פון מאָצאַרט, שאָפּען און באַך, און עס איז געווען, ווי די שכינה וואָלט גערוט אויפ'ן פּנים פון אָט דעם הויך־טאַלענטירטען קינד. ווען ער האָט געענדיגט, האָב איך אים וואַרעם באַגריסט און געוואונשען, אַז ער זאָל ווערען אַ צווייטער רובינשטיין (געמיינט האָב איך, פאַרשטייט זיך, דעם גרויסען קאָמפּאָזיטאָר און פּיאַניסט אַנטאָן רובינשטיין). איז דער קליינער נישט פויל און ענטפערט מיר: „פאַרוואָס עפּעס דער צווייטער, איך האָב טאַקע חשק צו זיין דער ערשטער רובינשטיין!"

דער לאָדזשער קאָנצערט, וועלכער האָט מיר פאַרשאַפט אַזאַ גייסטיגען פאַרגעניגען און צוגעגעבען מיר אַזוי פיל אינערליכע זיכערקייט נאָך מיינע ווינער שטודיען, איז אויך געווען דער ערשטער קאָנצערט אין מיין לעבען, וואָס האָט מיר אַריינגעבראַכט ממשות'דיגע הכנסה, די גאַנץ באַדייטענדע סומע פון איבער פיר הונדערט רובעל. דאָס איז געווען אַ שלל מיט געלט צו יענער צייט און פליגען זיינען מיר אַריין אין דער נאָז. עס מוז זיין גאָר נישט קיין שלעכטער פאַך, האָב איך מיר געטראַכט, אויב אַזאַ יונגערמאַנטשיק, ווי איך, טראָגט מען אַזוי פיל געלט, כדי צו האָבען אַ געלעגענהייט אים צו הערען אין פאַרלויף פון צוויי שעה.

אין לאָדזש האָט מיך אָפּגעוואַרט אַ בריוו פון די עלטערען, וואָס האָט מיר אָנגעזאָגט גאָר נישט קיין פריילעכע נייעס, אַז די מוטער פילט זיך נישט מיט אַלעמען, און אַז דער פאָטער בעט מיך, אויפ'ן וועג קיין יעליסאַוועטגראַד, זאָל איך אָפּטרעטען אין כאַנעראָד. איך האָב גאַרנישט איבערגעטראַכט און גלייך געפּאַקט די זאַכען אויפ'ן וועג אַהיים, צו יענעם נעסט, וואָס האָט מיך געבראַכט אויף דער וועלט און פאַר וועלכען כ'האָב אַ גאַנץ לעבען געטראָגען אָן אַ שיעור ליבשאַפט און פאַרערונג.

אין אומאַן, וואו כ'האָב טעלעגראַפיש געבעטען, אַז עמיצער פון דער היים זאָל מיך אָפּוואַרטען, האָט געוואַרט אויף מיר גאָר אַן אָנגענעמע איבער־ראַשונג: די מאַמע אַליין איז אַרויסגעקומען מקבל פּנים זיין איר זון, וואָס קערט זיך אום פון דער גרויסער וועלט. אַ חוץ איר איז געווען דער טאַטע, די שוועסטער און מיין שוואָגער ניעמיראָווסקי. עס איז מיר געוואָרען ליכטיג אין די אויגען און לייכטער אויפ'ן האַרצען, ווען איך האָב דערזען מיין ליבע מוטער, אַז זי איז געווען אומשטאַנד אַליין אַרויסצוקומען מיך צו באַגעגענען. איך האָב געזאָגט דעם טאַטען: „דו האָסט מיך אַביסעל „אָפּגעפּרעצעוועט", דאָס מיינט אָפּגענאַרט, אָבער איך ווינש מיר, אַז דו זאָלסט מיך שטענדיג אַזוי אָפּנאַרען". די מאַמע האָט גלייך געגעבען די אויפקלערונג, אַז בלויז אויף דער בשורה, אַז איך קום — איז זי גלייך געזונט געוואָרען.

גלייך אויפ'ן וואָקזאַל אין אומאַן האָבען מיך אָפּגעוואַרט דריי שטאָטישע

שיינע אידען, וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צו מיר, אַז נישט אַנדערש נאָר איך מוז דאַוונען ביי זיי אַ שבת. אין שטאָט האָט מען שוין געהערט, אַז שלום קוואַרטינ׳ס זון פאָרט דאָ דורך פון ווין, איז ווי זאָל מען נישט אויסנוצען אַזאַ געלעגענהייט? שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרען, אַז דאָס האָט מיין שוואָגער, ניעמיראָווסקי, אַראַנזשירט די גאַנצע זאַך נאָך פאַר מיין קומען. אַזוי ווי איך בין געשטאַנען פאַר אַן אָפּגעטוענער זאַך, האָב איך צוגעשטימט מיט׳ן תנאי, אַז מען וועט מיר שאַפען אַ כאָר מיט אַ דיריגענט. אָבער דער־וויל האָב איך מיט מיין משפחה געאיילט אַהיים, קיין כאָנאָראָד, וואו מיין אַהיימקומען האָט געטראָגען גאָר אַ באַזונדערס פייערליכען כאַראַקטער.

# צוריק אין מיין היים-נעסט כאָנאָראָד

דאָס איז געווען אַ וואונדערליכע רייזע צוריק אַהיים, נאָכ'ן אָנזאַפּען זיך מיט די איינדרוקען פון די גרויסע שטעט, און באַזונדערס פון דעם וועלט-צענטער, ווין. דער בעל עגלה, וואָס האָט אונז געפירט פון אומאַן אַהיים, איז געפאַלען אויף אַ מאָדנער המצאה. איידער מיר זיינען צוגעפאָרען צו אונזער צווילינג-שטעטעל, טאָרגאָוויצע, האָט ער צוגעבונדען גלעקלעך צו די פערד, אַזוי ווי דאָס פלעגט טאָן דער רעוויזאָר פון אַקציז, וואָס פלעגט זיך אַזוי אַרום אַריינכאַפּען אין שטעטעל אַריין, כדי נאָכצוקוקען צי די אי־דישע סוחרים האָבען אויסגעקויפט די ריכטיגע פּאַטענטען.

ווען טאָרגאָוויצער קרעמער האָבען דערהערט די גלעקלעך קלינגען, איז זיי באַפאַלען אַן אימה: זיי זיינען געווען זיכער, אַז דאָס פאָרט דער אַקציז־ניק, און אידען האָבען געמורמעלט: ער פאָרט שוין ווידער, דער שונא ישראל. און אויף שנעל האָט מען גענומען אַרויסכאַפּען אַ טייל סחורה פון קראָם, כדי אויף דער געבליבענער סחורה זאָל גענוג זיין אַ פּאַטענט פון דריטער אָדער פערטער גילדע, און נישט פון צווייטער גילדע, וואָס האָט אָפּגעקאָסט אַ ים מיט געלט, אַזש 150 קערבלעך אַיאָר.

ווען אונזערע פורען זיינען אָבער שטיין געבליבען אין מיטען מאַרק און טאָרגאָוויצער אידען האָבען דערזען, אַז דאָס איז גאָר געקומען שלום קוואַר־טין מיט זיין זונדעל, דעם אויסגעשטודירטען חזן פון ווין, מיט דער גאַנצער משפחה — האָבען זיי פרייער אָפּגעאָטעמט, און אַלע בייזע יאָר האָבען זיי געוואונשען דעם אַקציזניק, אַז ער זאָל נישט דערלעבען מער צו קומען צו זיי. די אידען האָבען באַלאַגערט אונזערע פורען און אַזוי זיינען מיר אַריינ־געפאָרען קיין כאָנאָראָד.

דעם ערשטען כבוד האָט מען אָפּגעגעבען דער באָבען, ביי וועמענס קלייט די פורען האָבען זיך אָפּגעשטעלט. אידען זיינען אַרויסגעלאָפען פון די קראָמען און מ'האָט מיר אָנגעהויבען אָפּשטעקען „שלום עליכמ'ס", ווי אַ גוטער איד וואָלט געקומען אין שטעטעל אַריין. מיטאַמאָל האָבען מיך אַלע אָנגעהויבען „אירצען" און זאָגען „ר' זבולון": וואָס מאַכט איר, ר' זבולון? און וואָס הערט זיך עפּעס אין דער גרויסער וועלט, ר' זבולון?

די אמת'ע חתונה האָט זיך אָנגעהויבען, ווען איך בין ענדליך אַריין אין שטוב. די [illegible] איז געווען פול מיט מענשען. עס איז געקומען דער רב

מיט די שענסטע בעלי בתים, און אידען זיינען געווען זעהר נייגעריג צו וויסען, וואָס עס מאַכט עפּעס דער קייזער פראַנץ יאָזעף, און צי עס איז טאַקע אמת, וואָס מען זאָגט, אַז דער קייזער אַליין זאָל גאָר שטאַמען פון אַ יחוס'דיגער אידישער משפחה אין אַ גאַליציאַנער שטעטעל? דער דאָזיגער איד, דוקא אַ גרויסער גביר, ראָזענבערג האָט ער געהייסען, און ער איז אויך געווען דער הויפּט־גבאי אין אונזער שול, האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט דאָס אַליין ערגעצוואו געלייענט, נאָר ער קען זיך נישט דערמאָנען וואו.

מען האָט זיך אויך צו מיר געווענדט, אַז איך זאָל דערקלערען די פּאָליטי־קע, מיט וועלכער עס קאָכט איצט אַ וועלט. אַזוי ווי איך קום פון ווין, בין איך דאָך זיכער געווען אַ יוצא ונכנס ביים קייזער פראַנץ יאָזעף און אין דאָרטיגען פּאַרלאַמענט, דאַרף איך דעריבער געבען אַ באַשייד אויף אַלע וועלט־פראַגען, וואָס מאַטערען די שטעטעלשע אידען.

קוים מיט צרות האָט מען מיר געלאָזט זיך אָביסעל אָפּרוען פון וועג, און אײדער נאָך כ'האָב באַוויזען אויסצוגלייכען די ביינער, איז דער רב אַליין אַרויסגעקומען מיט דער בקשה, סיי אין זיין אייגענעם נאָמען און סיי אין נאָמען פון גאַנץ קהל, אַז איך זאָל זיי מהנה זיין מיט אַ שבת'דיגען דאַוונען. עס האָבען נישט געהאָלפען אַלע מיינע טענות, אַז איך בין טויט־מיד פון דער לאַנגער רייזע. אויף דעם האָבען מיר די אידען געענטפערט, אַז אייגענטליך זיינען זיי פולע שותפים צו מיר און צו אַלץ, וואָס איך האָב דערוואָרבען אין דער גרויסער וועלט. דאָס האָבען זיי געבעטען פאַר מיר, אַז איך זאָל אויסגעלייזט ווערען פון גוי'אישע הענט, ווען איך בין געווען אין אַ געפאַר, דאָס האָבען זיי אַלע אָנטיילגענומען אין די פריידען און לײדען פון אונזער הויז, איידער איך האָב זיך געקענט שטעלען אויף די פיס, — וועל איך זיי איצט מביש זיין און נישט דאַוונען ביי זיי אַ שבת?

עס איז ווירקליך שווער געווען אָפּצושלאָגען די אַלע טענות און איך האָב געמוזט צוזאָגען, אַז כ'וועל דאַוונען שבת אינדערפרי. דערווייל בין איך אַוועקגעפאַלען אַ טויט־מידער און האָב מיך אויפגעכאַפּט ערשט פרייטאָג פאַרנאַכט. די עלטערען זיינען דעם גאַנצען טאָג אַרומגעגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער, אַז זיי זאָלען מיך, חלילה, נישט אויפוועקען. ווען כ'האָב מיך אויפ־געכאַפּט און דערזען לעבען זיך די מאַמע, ווי איר פּנים האָט געשיינט פאַר גליק — איז מיר אַליין אויך ליכטיג געוואָרען אויפ'ן האַרצען.

ווען דער טאַטע איז אַהיימגעקומען פון באָד און האָט אָפּגעטרונקען די עטליכע גלעזלעך טיי, האָט ער גענומען זאָגען שיר השירים מיט'ן אַלטען, מיר אַזוי גוט באַקאַנטען ניגון, וואָס איז מיר נאָך גוט געלעגען אין די ביינער. דערנאָך האָבען מיר זיך גענומען גרייטען צום שבת. דער טאַטע האָט אָנגעטאָן דעם לאַנגען סורדוט מיט'ן ברייטען זיידענעם גאַרטעל, די מאַמע האָט זיך אויסגעפּוצט אין דעם שענסטען און בעסטען, וואָס זי האָט פאַרמאָגט: די דימענטענע אוירינגלעך מיט די שנירלעך פּערעל, מיט'ן טערקישען שאַל

אויפ׳ן קאָפּ. מיר האָט דער טאַטע געהייסען אָנטאָן דעם נייעם צילינדער, וואָס איך האָב געבראַכט פון ווין.

ווען מיר זיינען שוין געווען פאַרטיג, איז אָנגעקומען די באָבע, די אַלע פעטערס מיט די מומעס און סתם שכנים מיט גוטע פריינט און אַזוי האָבען מיר זיך אין אַ פייערליכען צוג אַוועקגעלאָזט צום בית המדרש. דאָרט האָבען שוין פאַר׳ן אַריינגאַנג אונז אָפּגעוואַרט אַן אַ שיעור יונגוואַרג פוןביידע שכנות׳דיגע שטעטלעך, וועלכע האָבען זיך געשטופּט אָנצוקוקען דעם „ווינער יונגערמאַנטשיק״, באַזונדערס האָבען זיי זיך געשטופּט צו כאַפּען אַ בליק אויפ׳ן גלאַנציגען צילינדער, וואָס אַזוינס האָט מען נאָך ביז איצט אין שטעטעל נישט געזען. (אַי, ווען זיי קענען אַזוי אָנטאַפּען מיט די פינגער דעם צילינדער, צי איז ער טאַקע פון אַטלעס, אָדער פון אמת׳ן זייד). קוים מיט צרות האָבען מיר זיך אַדורכגעשטופּט אין בית המדרש אַריין.

דאָ איז אַנטשטאַנען דאָס פּראָבלעם: ווער זאָל מקבל שבת זיין? אַלעמענס אויגען האָבען זיך געווענדעט אין מיין זייט. מיט מיר איז אָבער געווען אָפּגעמאַכט, אַז איך דאַווען בלויז אינדערפרי, האָט זיך קיינער נישט געטרויט מיר אָנצובאָטען, אַז איך זאָל מקבל שבת זיין. אָבער גלייכצייטיג איז אַנט־שטאַנען אַ געמורמעל און גערודער און אַן איבערשושקען זיך: ס׳טייטש, אונזער זבולון, וואָס ביי אונז איז ער אויסגעוואַקסען, וואָס מיר אַלע זיינען שטאָלץ אויף אים — קיינער וועט נישט וואַגען צוצוגיין צום עמוד, ווען ער געפינט זיך דאָ מיט אונז.

און אַזוי האָט עס זיך געצויגען אַ לאַנגע צייט, קיינער איז טאַקע צום עמוד נישט צוגעגאַנגען. איך האָב נאָכאַמאָל דערקלערט מיינע טייערע לאַנדסלייט, אַז איך בין נישט גרייט צו דאַוונען, אַז איך וועל דאַוונען מאָרגען אינדערפרי, אַזוי ווי איך האָב צוגעזאָגט, און איך בעט, אַז מען זאָל מיר נאָך געבען די מעגליכקייט זיך אויסצורוען ווי געהעריג פון דער לאַנגער רייזע, כדי מיין שטימע זאָל טאַקע קלינגען לויטער, אַזוי ווי מיין היים־שטעטעל פאַרדינט דאָס.

קיינער פון די פיר שטעטלשע בעלי תפילות האָט זיך נאָך אַלץ נישט געוואָגט צוצוגיין צום עמוד. איך האָב אַליין געמוזט בעטען מיין פעטער, אליעזר, אַז ער זאָל מיך אויסלייזען און מקבל שבת זיין. ער האָט זיך ענדליך געלאָזט איבעררעדען, אָבער ער איז געווען בלאַס און דערשראָקען, זיין שטימע האָט געציטערט, אָבער באַלד איז ער געקומען צו זיך, ער האָט זיך צעוואַרעמט און האָט אַ זאָג געטאָן „לכו נרננה״ מיט דעם אַלטען גלאַנץ און מיט דער זעלבער האַרציגקייט, וועלכע האָט אין מיין פריעסטער קינדהייט אַזוי מעכטיג באַווירקט מיין געמיט. עס האָבען זיך מיר דערמאָנט די אינגעלשע יאָרען, ווען מיר האָבען זיך אויסגעזעצט אויף דער וואַרעמער הרובע און דער פעטער אליעזר האָט זיך צעקאַטשעט און גענומען זאָגען פאַרשידענע

תפילות פון ימים נוראים׳דיגען דאַוונען, און מיר, דאָס יונגוואַרג, האָבען אים געגעבען דעם „טאָן״.

ווען עס איז געקומען צו „ברכו״, האָט דער עולם אין בית המדרש ווידער גענומען ברומען, אַז איך זאָל צוגיין צום ברעטעל און כאַטשבי דאַוונען מעריב. ביי „השכיבנו״ האָב איך זיך שוין לענגער נישט געקאָנט אויסדרייען, די פיר בעלי תפילות האָבען זיך אויסגעשטעלט אַרום מיר און מיך אונטערגעהאַלטען מיט אַן אַקאָרד־טאָן און — אַזוי האָב איך פאַרענ־דיגט דאָס דאַוונען. אַזוי ווי כמעט אַלע אידען האָבען זיך געהאַלטען פאַר גרויסע מבינים אויף חזנות, האָט מען געשאָקעלט מיט די קעפּ פון אַלע זייטען, געשמאַטשקעט מיט די ליפּען און נאָכ׳ן פאַרענדיגען האָט מען גע־האַלטען אין איין צוואווינשען דעם טאַטען. אַלע מיינע חברים פון חדר זיינען בפירוש געווען שטאָלץ, וואָס זייערס אַ חבר איז אַזוי ווייט אָוועק, אַז אַ גאַנצע שטאָט מיט אידען רעדט פון אים און צאַצקעט זיך מיט אים.

איך וועל נישט פאַרגעסען דעם פרייטאָג צונאַכטס ביים טאַטען אין שטוב, ווען ענדליך נאָך אַן אַ שיעור זאָגעכצען איז געקומען דער מאָמענט צו מאַכען קידוש, און די מאַמע איז געשטאַנען ביי דער רעכטער זייט און איר פּנים האָט געלויכטען פון נחת און גליק. נאָך דער עלענדקייט און קאַלטקייט, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען דורכצולעבען פאַר דער קורצער צייט פון מיין זיין אין ווין, האָב איך געפילט, ווי איך וואָלט מיך ווידער אָפּגעװטובל׳ט אין אַ ים פון עכטער פּאַטריאַרכאַלער אידישקייט. עס איז גע־ווען סטיל און שיינקייט אין דעם דאָזיגען פרייטאָג צונאַכטס, עס האָט מיר געגעבען וואַרימקייט און צוגעבונדענקייט פאַר די אַלע יאָרען, וואָס איך האָב שפּעטער געוואַנדערט איבער דער וועלט. דאָס בילד פון דער מאַמען, די אמת׳ע אידישע בת־מלכה, מיט פרומקייט און גוטסקייט אין איר בליק, האָט מיך באַגלייט אַ לעבען־לאַנג.

דאָס רעכטע גערדיכטע האָט מיך דערוואַרט אויף צומאָרגענס, שבת אינ־דערפרי. עס איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים מיך צו נעמען אין שול אַריין. געפירט האָט מען מיך, ווי אַ חתן: פאַראויס איז געגאַנגען די מאַמע מיט דער באָבען, און הינטער זיי די איבעריגע משפחה מיט כמעט אַ האַלבע שטאָט אידען. קוים וואָס מיר האָבען זיך אַריינ־געשטופּט אין בית המדרש אַריין. איך האָב אָנגעטאָן מיין ווינער שמאָל טלית׳ל מיט דער גאָלדענער עטרה און געבעטען די שטעטעלשע מנגנים, אַז זיי זאָלען שטיין מיט מיר ביים עמוד און מיר געבען אַן אַקאָרד.

ביז „שוכן עד״ האָב איך אימפּראָוויזירט און עס איז געגאַנגען גאַנץ קאַלטליך, ערשט ביי „ישתבח״ האָב איך זיך צעוואַרימט און גענומען אַ הויכען טאָן. קיין קאָלאָראַטור האָב איך נישט געקאַרגט און אין אַ גוטער שטימונג בין איך געווען — האָב איך דערלאַנגט אַלץ, וואָס איך בין געווען אין שטאַנד,

צו דער אומבאַשרייבליכער פרייד פון אַלע מיינע אייגענע און פון אַלע מיינע שטעטלשע אידען.

מוסף האָב איך לויט'ן פאַרלאַנג פון טאַטען אָנגעהויבען מיט „זרע חיה וקימא" און ווען כ'האָב געענדיגט דעם „מי שברך", עפענט זיך די טיר פון בית המדרש און עס קומט אַריין — די גאַנצע כאַנאַראָדער נאַטשאַלסטווע בראש מיט'ן אוריאַדניק און סטאַרשינאַ. מיט זיי זיינען אויך מיטגעקומען עטליכע גויים, וואָס האָבען פאַרנומען פאַרשיידענע שטעלעס אין שטעטעל, ווי דער אַקציזניק און עטליכע לערערס. איינער פון די לערערס האָט געהאַט אַ געוואַלדיגע באַסאָווע שטימע, האָט ער נישט אויסגעהאַלטען און גענומען מיך אונטערהאַלטען, ווען כ'האָב געזאָגט די הויכע שמונה עשרה פון מוסף. אַ גוי אַ משורר — דאָס האָט דאָס שטעטעל נישט געזען און נישט געהערט. און די אידען זיינען געווען זייער שטאָלץ ביי זיך, זעענדיג דערין אַ סימן, אַז עס וועלען שוין נישט זיין מער קיין שונאי ישראל אויף דער וועלט.

ביז שפעט נאָך האַלבען טאָג האָט זיך פאַרצויגען מיין דאַוונען. ווען מען איז אַרויס פון בית המדרש, האָבען זיך די אידען פוןביידע שטעטלעך אויס־געשטעלט אין צוויי לאַנגע רייען, כדי צו מאַכען אַ וואַרע פאַר מיר, אָבער עס איז געוואָרען אַזאַ ענגשאַפט און דריקעניש, אַז דער אוריאַדניק האָט געמוזט אַרויסגעבען אַ פאַראָרדענונג צו זיינע סאָטסקי'ס און דעסיאַטניקעס, אַז זיי זאָלען מאַכען אָרדענונג און אונטער אַזאַ וואַך זיינען מיר געבראַכט געוואָרען אַהיים, וואו די מאַמע האָט געהאַט צוגעגרייט דעם ריכטיגען קידוש פאַר גאַנץ שטאָט מיט די דרייערליי קוגלען, מיט די שטרודלען און לעקעכער, מיט די מאַרינירטע און געקאָכטע פיש און מיט די אַלע אַנדערע מעדני מלך, וואָס ליגען מיר נאָך ביז היינט אין טעם.

## אַ ימים-נוראים׳דיגער דאַוונען אין יעליסאַוועטגראַד

נאָך דעם שבת אין דער היים, ווען די טיר פון אונזער שטוב האָט נישט געררוט קיין מינוט און מענשען זיינען געגאַנגען אַריין און אַרויס צו באַגריסען דעם גאַסט פון מיינע עלטערען — איז געקומען די באַרימטע מלוה מלכה, ווען די שטוב איז ווידער פול געווען מיט שטעטעלשע בעלי־בתים. עס איז געווען דער טראַדיציאָנעלער ווייסער באָרשט מיט די וואַרנישקעס און אידען זיינען נאָך די עטליכע שיינע גלעזלעך, וואָס זיי האָבען גענומען, געוואָרען גאָר בגילופין. פאַרשטייט זיך, אַז פון אַלע זייטען האָט מען גענומען פאַר־לאַנגען, אַז איך זאָל זינגען עפּעס אַ ימים־נוראים׳דיג שטיקעל. אָבער איך בין דאָס מאָל געווען מער פאַראינטערעסירט צו הערען מיינע היימישע בעלי־תפילות.

און אַזוי ווי שיכור זיינען זיי געווען, האָבען זיי זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטען. איינציגוויז האָבען אַלע פיר בעלי־תפילות, און באַזונדערס דער אַלטער שוחט, אַרויסגעבראַכט דאָס שענסטע און האַרציגסטע, וואָס עס איז נאָר פאַרהאַן אין דעם טראַדיציאָנעלען אידישען נוסח התפילה. קיין שטימען האָבען זיי טאַקע נישט געהאַט, אָבער האַרץ איז געווען און אַ שטיין האָבען זיי געקאָנט רירען מיט זייער געבעט. אַן איבעריגען מאָל האָב איך מיך איבערצייגט, אַז נאָר אויף אָט דעם נוסח קען געבויט ווערען דער פונדאַמענט פון דער אידישער תפילה.

פאַר׳ן אָפּפאָרען פון דער היים, אויפ׳ן וועג צו מיין פרוי און קינד, האָב איך געזוכט אַ געלעגענהייט צו כאַפּען אַ שמועס מיט טאַטע־מאַמע וועגען דער פראַגע, וואָס האָט מיך אַמשטאַרקסטען אינטערעסירט, דאָס איז וועגען די פּלענער אויף דער צוקונפט. איך האָב דערציילט דעם טאַטען וועגען די דערגרייכונגען מיינע אין לערנען געזאַנג אין ווין, און אויך וועגען דעם אָנבאָט פון דער ווינער אָפּערע און אַז איך פערזענליך בין אַנטשלאָסען צו־ריקצופאָרען קיין ווין ביי דער ערשטער געלעגענהייט און פאָרזעצען מיין שטודיום, וויל איך דעריבער הערען, וואָס טאַטע־מאַמע האָבען וועגען דעם צו עצה׳ן זייער קינד.

געגען מיינע ערוואַרטונגען, איז דאָך אַריינגעטראָטען אַן ענדערונג אין דעם טאַטענ׳ס בליק אויף דער פראַגע פון מיין צוקונפט. אמת, וועגען אָפּערע־שמאָפּערע האָט ער אַפילו נישט געוואָלט הערען, ווי קומט דאָס בכלל צו

אַ פרומען אידישען יונגערמאַן, וואָס קומט אַרויס פון אַזאַ שטוב צו רעדען וועגען אַזעלכע נאַרישקייטען. אָבער זעסטו, מיין קינד, אַ חזן ביי אידען — דאָס יאָ. איך זע דאָך בפירוש, נאָך דעם שבת, וואָס דו האָסט ביי אונז געדאַוועגט, אַז דאָס איז דיין וועג, איז מילא, פאַר און לערען און זיי מצליח און זאָלען אידען פון דיר הנאה האָבען. אָבער דער טאַטע האָט נישט פאַרפעלט צוצוגעבען: געדענק, מיין קינד, דאָס פינטעלע, דאָס אידישע פינטעלע! זאָלסט זיך קיינמאָל נישט אויסגליטשען און געדענקען פון וואָס פאַר אַ שטוב דו קומסט אַרויס.

דער טאַטע האָט זיך אויך באַוואָרענט, אַז אַזוי ווי איך בין שוין ברוך־השם אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַן אייגענער משפּחה, איז נישט מער ווי רעכט, אַז מיין פּרוי׳ס מיינונג זאָל אויסגעהערט ווערען, און ווי אַזוי מיר ווילען צוזאַמען באַשליסען — אַזוי זאָל זיין, אין אַ מזל׳דיגער שעה. איך מוז צוגעבען, אַז עס איז מיר געוואָרען ליכטיגער אויפ׳ן האַרצען נאָך אָט די קלאָרע און קלוגע רייד פון טאַטען און אַן אויפגעמונטערטער האָב איך מיך גלייך געלאָזט אין וועג אַריין צו ווייב און קינד. נאָר אויפ׳ן וועג האָב איך מיך נאָך געדאַרפט פאַרהאַלטען אין אומאַן צו דאַוונען אַ שבת לויט׳ן אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אויפ׳ן וועג קיין כאַנאַראַד.

אַזוי ווי אומאַן איז נישט געווען ווייט פון כאַנאַראַד, זיינען אַהין אָנגעקומען אויף שבת די מאַמע מיט דער באָבען מיט דער גאַנצער משפחה מומעס און פעטערס אָן אַ שיעור. ווען איך בין פרייטאָג פאַרנאַכט געגאַנגען אין שוהל אַריין, בין איך ווידער געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ גרויסער צאָל משפחה, ווי אין כאַנעראַד. ווען איך בין אַריין אין שוהל, האָט מען נאָך געדאַוועט מנחה, האָב איך מיר רואיג גענומען אָנטאָן מיינע חזנ׳ישע בגדים: דעם ווינער ארנאַד, אָדער ווי אידען רופען דאָס: די טענדעווערענדע, דאָן די כמעט גלח׳ישע פעסקע אויפ׳ן קאָפּ מיט די פיר שפּיצען, און דעם קראַגען האָב איך געהאַט אויסגעבונדען מיט אַ ווייס שלייפעל.

וואָס נעענטער עס איז געקומען צו קבלת שבת, האָב איך געזען ווי דער גבאי דרייט זיך אַרום מיר, ער וויל מיר עפּעס זאָגען, נאָר דאָס מויל מאַכט זיך אים נישט אויף, און ער דרייט זיך אויפ׳ן קאָרעק זעהר אַ נערוועזער. איך זע, ווי ער קוקט מיך אַרום פון פאָרענט און פון הינטען און רעדט אַלץ נישט קיין וואָרט. האָב איך שוין נישט אויסגעהאַלטען און אים געפרעגט: גבאי, האָט איר עפּעס מיר וואָס צו זאָגען איידער איך גיי מקבל שבת זיין?

— יאָ, חזן לעבען, עפּעס קוועטשט אונז, נאָר מיר זיינען נישט דרייסט דאָס אייך צו זאָגען. אונז דאַכט זיך, אַז די אידען אין שול ווערלען קוקען קרום אויף אייער חזנ׳ישער הלבשה. איבערהויפּט האָבען די אידען אויסצורעצען געגען דער פעסקע מיט די פיר עקען, וואָס קוקט אויס גאָר נישט אידיש, און געגען דעם ווייסען שניפּסעל, וואָס שמעקט אייך מיט אַ גלח, רחמנא

לצלן, און אַזוי ווי ביי אונז אין שוהל דאַוונען אַן עין הרע אַ סך אידען אמת'ע יראי שמים, למדנים און חסידים, האַלטען מיר דאָס פאַר נישט גלייך.

איך האָב זיך אַביסעל פאַרלוירען. אַבי איך האָב מיר איינגערעדט, אַז אומאַנער אידען וועלען גאָר נתפעל ווערען פון מיין הלבשה, וואָס איך האָב נאָר וואָס אויסגעפּאַקט פון די טשעמאָדאַנעס און געגלויבט, אַז קליינשטעטעל־דיגע אידען וועלען דערפון קלייבען נחת. האָב איך געפרעגט דעם גבאי: טאָ וואָס פאַרלאַנגט איר פון מיר איך זאָל טאָן? — איז דער איד נישט געווען פויל און פאַרלאַנגט איין קלייניגקייט: איך זאָל דאָס אַלץ אויסטאָן און נעמען דעם טלית איבער'ן קאָפּ און דאַוונען, אַזוי ווי דורות אידען האָבען עס געטאָן ביז מיר.

איך האָב זיך געמוזט אונטערגעבען, האָב אָנגעטאָן אַ לאַנגען טלית מיט אַ געוויינליכער יאַרמולקע, און דאָס ווייסע שלייפעל האָב איך פאַררוקט אין קעשענע, און אַזוי האָב איך זיך געשטעלט צום עמוד. אַ היץ איז געווען דערשטיקט צו ווערען. די שוהל איז געווען איבערגעפּאַקט מיט מתפללים. ווי נאָר איך האָב געעפענט דאָס מויל, האָט גלייך אָפּגעשלאָגען די פּרעכטיגע אַקוסטיק און דער רעזאַנאַנס פון מיין שטימע איז געווען אויסערגעוויינליך. איך האָב געהאַלטען אין איין אימפּראָוויזירען, אָנהויבענדיג פון „על תקשו לבבכם" ביז נאָך קידוש. די אידען זיינען צוויי שעה נאָכאַנאַנד געשטאַנען ווי פאַר'כישוף'טע. זיי האָבען אַפילו נישט געשפּירט די היץ אין שול, נאָר זיי האָבען געשלונגען די קלאַנגען און מיט אָנגעצונדענע אויגען געווען גרייט צו הערען נאָך און נאָך.

ווידער האָט מיך אָפּגעוואָרט דאָס שטעטעל אידען ביים אַרויסגאַנג פון שוהל און אַזוי האָט זיך עס איבערגע'חזר'ט דעם גאַנצען שבת. שבת צונאַכטס אויף מיין אכסניה, ווען איך מאַך מיך גרייט אין וועג אַריין, עפענט זיך די טיר און עס קומען אַריין די גבאים פון שוהל מיט עטליכע בעלי בתים און אויף דער פולער וואָך ווילען זיי גלייך פאַרהאַנדלען מיט מיר וועגען דאַוונען ביי זיי ימים נוראים. און איך הער אָנרופען אַ געוואַלדיגע ציפער פאַר יענער צייט: אַכט הונדערט רובעל.

אַפילו אַ כאַר זיינען זיי גרייט צו אָנגאַזשירען אויף זייער חשבון, אַבי איך זאָל זיי גלייך צוזאָגען, אַז אויף ימים נוראים בין איך זייערער. ווי שטאַרק עס זאָל מיך נישט האָבען געלאָקט דער גרויסער כבוד, האָב איך זיך אָבער גלייך פאַנאַנדערגעקליבען, אַז איך קען איצט נישט נעמען אויף זיך קיין שום פאַרפליכטונג, איידער איך וועל נישט זען מיין פרוי און קינד. עס איז גע־בליבען, אַז אין פאַרלויף פון פינף טעג דאַרף איך זיי טעלעגראַפירען, דאַן וועלען זיי אַרויסשיקען אַ קאָנטראַקט מיט אַ דערויף.

נאָך לאַנגע וואָגלענישען און נאָך אַזעלכע פריידיגע איבערלעבונגען, וואו איך האָב בפירוש געקענט זען, אַז מיינע חלומות פון דער יוגענט הויבען אָן פאַרווירקליכט צו ווערען, בין איך ענדליך אַהיימגעקומען צו ווייב און קינד.



זאוועל קוואַרטין שטעלט די ערשטע טריט אַלס חזן אין יעליסאַוועטגראַד, 1897.

מיין פרייד איז געווען זעהר גרויס און מיט פרישע כחות האָב איך זיך גע־גרייט צו באַגעגענען מיין צוקונפט. איך האָב אָבער נישט געוואוסט, וואָס מיין ביטרער שווער האָט געפּלאַנט געגען מיר הינטער מיינע פּלייצעס.

גלייך נאָך מיין קומען קיין יעליסאַוועטגראַד, ווען איך האָב זיך געקלי־בען ענטפערען די אומאַגער גבאים, אַז איך נעם אָן זייער אָנבאָט וועגען דאַוונען ביי זיי די ימים־נוראים, האָט זיך געיאַוועט צו מיר אַ דעלעגאַציע פון גאַנץ שיינע יעליסאַוועטגראַדער בעלי בתים, בראש מיט'ן אָנגעזעענעם ר' יונה טיאָמקין, דער פאָטער פון דעם שפּעטער באַרימט געוואָרענעם ציו־ניסטישען טוער, וולאַדימיר טיאָמקין. איך האָב גלייך באַמערקט, ווי דער שווער נעמט אויף די דעלעגאַציע מיט אַ באַזונדערען רעספּעקט. די אידען האָבען מיר פאָרגעלייגט, אַז אַזוי ווי יעליסאַוועטגראַד איז די שטאָט, וואו מיין חזנ'ישער טאַלאַנט האָט זיך צום ערשטען אַנטפּלעקט, וואָלט עס געווען אַ גרויסער כבוד פאַר זיי, ווען איך וועל איינשטימען צו דאַוונען ימים נוראים אין זייער קליין שוהלכעל, וואו עס האָבען דער עיקר געדאַווענט די ערשטע חובבי ציון.

איך האָב זעהר איידעל באַדאַנקט פאַר דעם כבוד, וואָס ווערט מיר צוגע־טיילט, און האָב געזאָגט, אַז אין דעם מאָמענט קען איך קיין ענטפער נישט געבען, איך וועל מיר די זאַך איבערלייגען מיט מיין פאַמיליע. איך האָב באַמערקט, ווי מיין שווער איז געוואָרען אַן אָנגעצונדענער פון דעם ענטפער, וואָס איך האָב געגעבען. אייגענטליך האָט ער אַראַנזשירט די גאַנצע געשיכטע מיט דער דעלעגאַציע, האָפענדיג אַזוי אַרום מיך אָפּצוציען פון דעם געדאַנק אַוועקצופאָרען נאָך אַמאָל קיין ווין פאַרצוזעצען מיין מוזיקאַלישען שטודיום.

דער פּלאַן פון מיין שווער איז געווען: אַזוי ווי איך וועל שוין דאַוונען ימים נוראים אין יעליסאַוועטגראַד, וועט מען שוין נאָכדעם זען, אַז איך זאָל געפעלען ווערען און איך זאָל שוין מער פון יעליסאַוועטגראַד נישט אַוועק־פאָרען. מען האָט אָנגעהויבען אַרבייטען אַרום מיר פון אַלע זייטען, אַז איך זאָל שיקען אַן אָפּזאָג קיין אומאַן און אָננעמען דעם אָנבאָט פון דעם קליינעם שוהלכעל. אויך מיין פרוי האָט, אונטער'ן דרוק פון פאָטער, גענומען דאָס וואָרט און ערקלערט, אַז זי וועט מיך בשום אופן נישט לאָזען פאָרען קיין אומאַן אויף די ימים נוראים.

איינער געגען אַלעמען האָב איך נישט געקענט גיין, האָב איך מיך אונ־טערגעגעבען. נאָר איין תנאי האָב איך מיר אויסגערעדט: אַז גלייך נאָך די ימים טובים זאָל מען מיר נישט שטערען אָפּפאָרען קיין ווין פאַרצוזעצען מיין שטודיום. דעם זעלבען טאָג האָב איך געמאָלדען ר' יונה טיאָמקין, אַז איך וועל דאַוונען אין דעם שוהלכעל פון די חובבי ציון, נישט פאַר קיין געלט, חלילה, נאָר אַז דאָס איז אַ געשאַנק פון מיר פאַר דער דערהויבענער אידייע פון שיבת ציון, וואָס האָט שוין דעמאָלט אָנגעהויבען פאַרכאַפּען די מחות און די הערצער פון דער אידישער יוגענט.

אַ קליין שוהלכעל איז דאָס געווען און אויף קיין גרויסע הוצאות האָבען זיי זיך נישט געקענט ערלויבען, האָב איך זיי נאָך געמוזט צוזאָגען, אַז איך וועל דאַווענען אָן אַ כאָר. איך מוז צוגעבען, אַז דאָס איז געווען נישט קיין קליינע האַרעוואַניע פאַר מיר צוצוגרייטען דאָס גאַנצע ימים נוראים׳דיגע דאַווענען איינער אַליין, אָן דער הילף פון אַ כאָר. איך געדענק, אַז איך האָב מיך שטרענג געהאַלטען ביים אַלטען נוסח התפילה, און גלייך נאָך דעם דאַווענען דעם ערשטען טאָג ראש השנה האָט די שטאָט גערודערט, ווי אַ געוואַלדיג געשעעניש וואָלט פּאַסירט. דעם צווייטען טאָג איז מען שוין געקומען מיך הערען פון אַ סך אַנדערע שוהלען, און דאָס פּיצעלע שוהלכעל איז נישט געווען אומשטאַנד אַלע־מען אַריינצונעמען.

אַזוי ווי די גבאים האָבען געוואָלט מאַכען אַ קאָפּיקע לטובת ארץ ישראל, זיינען זיי אַליין אַראָפּ פון זייערע ערטער און פאַרקויפט די פּלעצער צו די ביי־געקומענע. אַליין זיינען זיי אַוועק אין פּאָליש, אָדער גאָר אין דרויסען, וואו מ׳האָט דורך די אָפענע פענסטער געקענט הערען דאָס דאַווענען. אויך ביי די עליות איז געווען אַ געוואַלדיגער יקרות, מען האָט פאַרקויפט צו איינצעלנע פּסוקים און פאַר אַ גאַנץ היובען פּרייז. איך דערמאָן מיר, אַז די חובבי ציון האָט דעמאָלט אַריינגענומען די גרויסע סומע פון צוועלף הונדערט רובעל. איך האָב נאָר געקענט אָנקוועלען פון טיפען האַרצען, אַז מיט מיינע באַשיי־דענע כחות האָב איך געקענט צולייגען אַ האַנט צו שאַפען מיטלען פאַר דעם דאָזיגען נאָבעלען צוועק.

אויך די חובבי ציון פון זייער זייט האָבען געוואוסט אָפּצושאַצען מיין בייטראַג: מוצאי יום כפור, גלייך נאָכ׳ן אָפּפאַסטען, איז געקומען צו מיין שוועגער אין הויז אַריין אַ ספּעציעלער קאָמיטעט מיט ר׳ יונה טיאָמקין אין דער שפּיץ, וועלכער האָט מיר דערלאַנגט אויף אַ טאַץ אַ זילבערנעם סערוויז מיט זעקס בעכערס און אַ ווייך־פלאַש, פיין אויסגעגראַווירט מיט מיין נאָמען. דאָס איז געווען באַגלייט מיט אַ דאַנק־בריוו מיט דרייסיג אונטערשריפטען פון די חשוב׳סטע בעלי בתים. איך האָב געהאַט יעדען גרונט צו זיין שטאָלץ מיט דער דאָזיגער מתנה.

# מען באַט מיר אָן אַ פאַרמעגען, אַבי איך זאָל זיך אָפּזאָגען פון חזנות

אין דער שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו האָט געלעבט אַ פעטער פון מיין פרוי, אַ געוויסער מאָשקאָוויטש. דאָס איז געווען זעהר אַ רייכער איד מיט אַן אַ שיעור הייזער און גרויסע געשעפטען. קיין קינדער האָבען זיי נישט געהאַט, האָבען זיי דעריבער אַרויסגעוויזען אַ גרויסען אינטערעס פאַר די קינדער פון פרוי מאָשקאָוויטש׳עס ברודער, דאָס מיינט פון מיין שווער. און בכלל האָט דער מאָשקאָוויטש פיל אַרויסגעהאָלפען מיין שווער, ווען ער איז גאַנץ אָפּט געווען פאַרענגט אין זיינע געשעפטען. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז מיין שווער האָט זיך זעהר גערעכענט מיט זיין שוואָגער, ווייל פון ווענען מען איז אָפּהענגיג — מיט דעם רעכענט מען זיך.

איך דערמאָן דאָ דעם דאָזיגען פעטער, ווייל ער האָט געשפּילט אַ באַדייטענדע ראָל אין מיין ווייטערדיגער אַנטוויקלונג. גלייך ווי מיין שווער איז אַהיימגעקומען פון ווין, וואו ער האָט בייגעוואוינט מיין ערשטען עפּענטליכען קאָנצערט — איז געוואָרען אַ פּאַניקע אין שטוב. עפּעס האָט ער אָנדערציילט פאַנטאַסטישע מעשיות וועגען די ווינער אַריסטאָקראַטישע דאַמען, וואָס האָבען מיך אַרומגערינגעלט בעת׳ן דערמאָנטען קאָנצערט. אין זיינע אויגען האָט עס אויסגעזען, אַז די דאָזיגע דאַמען וועלען מיך אַ ליאַדע טאָג אָפּשלאָגען פון מיין ווייב, און זייער טאָכטער, וועלכע איז אַגב אויף דער צייט, וועט נאָך חלילה אויסקומען צו בלייבען אַן עגונה.

האָט מען גלייך אַלאַרמירט די גאַנצע משפחה, און צווישען אַנדערע אויך דעם פעטער פון יעקאַטערינאָסלאַוו, און מען האָט געזוכט עצות, ווי אַזוי מיך אַרויסצורייסען פון דער סטרא אחרא, רחמנא לצלן. קודם כל איז באַשלאָסען געוואָרען מיך וואָס שנעלער צו ברענגען אַהיים, און אויף דעם איז דאָך דאָ דער בעסטער אויסרייד — מיין פרוי דערוואַרט דאָך אַ קינד. און ווען איך וועל זיין אין דער היים, וועט מען שוין זוכען די ריכטיגע מיטלען מיר איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסצושלאָגען פון קאָפּ די ווילדע משוגעת וועגען זינגעריי און חזנות, מיט וועלכער איך האָב מיר פאַרפּלאָנטערט דעם געדאַנק און קען דערפון נישט פטור ווערען.

איצט, ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָט דער דאָזיגער פּלאַן גענומען אַרבייטען. קודם כל האָט מען נישט דערלאָזט, אַז איך זאָל האַלטען דעם

אָפּמאַך מיט די אומאַנער אידען וועגען דאַוונען ביי זיי ימים נוראים. און דאַן האָט מיך ערוואַרט אַ צווייטער סיורפּריז. ווען איך האָב מיך שוין נאָך די ימים טובים גענומען גרייטען צוריק אין וועג אַריין, כדי פאָרצוזעצען מיין שטודיום אין ווין — קומט פּלוצלונג אָן אַן איינלאַדונג פון פּעטער מאַשקאָ־וויטש אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אַז איך זאָל אים נישט אָפּזאָגען די געפעליגקייט און אַריבערקומען מיט מיין פרוי און קינד צו זיי צוגאַסט אויף עטליכע וואָכען.

דאָס ערשטע, וואָס איך האָב מיר געטראַכט ביים לייענען די איינלאַדונג, איז געווען: אַלע מיינע בייזע חלומות צו מיינע שונאים׳ס קעפּ. ווען מען ליגט איצט אין זיינען פאַרען צוגאַסט, אַז איך שטיי אויפ׳ן שייד־וועג פון מיין לעבען, איך בין אַוועק פון סוחר׳עריי און נישט דערפאַרען צו מיין נייער באַשטימונג: זינגעריי, אָדער חזנות. טאָ וואָס וועל איך דאָ גיין פטר׳ן צייט אויף פּוסטע באַזוכען ביי פּעטערס און מומעס?

אָבער עס דאַכט זיך בלויז אַזוי, אַז צו יענער צייט, ביי די פּאַטריאַרכאַלע פאַרהעלטענישען, וואָס האָבען דעמאָלט געהערשט אין די אידישע משפּחות, האָב איך געקענט אַזוי לייכט אָפּ׳פטר׳ן די איינלאַדונג פון פּעטער מאַשקאָ־וויטש. קודם איז ער געווען דער גרעסטער גביר אין דער משפחה און דאָס אַליין איז גענוג געווען, אַז מען זאָל צו אים אַרויסווייזען דעם גרעסטען דרך ארץ. און צווייטענס, איז דאָך דאָס געווען אַן אָפּגערעדטע שטיקעל אַרבייט אין דער משפחה, אַז מען זאָל מיך אַוועקנאַרען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, צום רייכען פּעטער, און ער זאָל דאָס נעמען אויף זיך די אויפגאַבע פון „מאַכען מיך פאַר אַ מענשען״, דאָס הייסט — אַרויסשלאָגען דאָס חזנות פון קאָפּ.

איך האָב זעהר נישט געוואָלט פאָרען, אָבער איך האָב גלייך געזען, אַז מיין גאַנצע משפחה, בראש מיט מיין פרוי, זיינען אויפגעשטאַנען געגען מיר: ס׳טייטש, אָפּזאָגען די ביטע פון דעם רייכען פּעטער? — דאָס קאָן גאָרנישט געמאָלט זיין. דאָס מיינט: מאַכען אַן איבערקערעניש אין דער פאַמיליע. דאָס מיינט: אָפּשטעלען די הילף, וואָס פליסט פון דעם פּעטער כסדר אין די וואַקעלדיגע געשעפטען פון פישעל קאָוואַליעווסקי. ווי האָב איך געקאָנט נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכקייט? האָט מען טאַקע גלייך נאָך די ימים טובים געפּאַקט די זאַכען און אַוועקגעפאָרען צום פּעטער קיין יעקאַטערינאָסלאַוו.

דער פּעטער מיט דער מומען האָבען אונז אָפּגעוואַרט אין אַן אייגענעם עקיפּאַזש און מעשה פריץ געפירט אונז איבער דעם יעקאַטערינאָסלאַווער פּראָספּעקט. שוין אויפ׳ן וועג פאָרענדיג האָט מיר דער פּעטער אָנגעוויזען: אָט דאָס זיינען זיינע הייזער און דאָס זיינען זיינע געשעפטען. איך האָב מיר געטראַכט: אָן זיין שאָדען — אויף אַלע אידען געזאָגט. איך דאַרף נישט דערציילען, אַז דאָס הויז אויף אַלעקסאַנדראָווסקע גאַס, וואו ער האָט געוואוינט, איז געווען אויסגעפּוצט מיט אַ סך רייכע זאַכען, און ווי געוויינליך אין אַזעלכע פאַלען — נישט מיט קיין באַזונדערען געשמאַק.

צום אָוונטברויט זיינען געווען פאַרבעטען אַ סך אַנדערע רייכע אידען. מען האָט גערעדט וועגען כל׳ערליי געשעפטען, אָבער קיין וואָרט איז נישט געפאַלען, אַז איך האָב עפּעס אַ שייכות מיט חזנות. אימיצער זאָל דאָס מיך בעטען איך זאָל עפּעס זינגען, ווי עס האָט זיך געוויינליך געפירט אין אַזעלכע פאַלען. האָט מיך שוין די מעשה פאַרדראָסען און איך האָב דוקא פּראָוואָצירט אַ געשפּרעך וועגען די חזנים, וואָס געפינען זיך איצט אין דער גרויסער אידי־שער שטאָט. און איך האָב מיך גלייך אָנגעבאָטען, אַז איך וואָלט גאָרנישט געהאַט דאַגעגען צו דאַווענען אַ שבת אין זייער גביר׳ישען אויבערשטען בית המדרש, טאַקע דאָרט, וואו מיין פעטער איז גבאי ראשון.

די אָנוועזענדע בעלי־בתים, איך דערמאָן דאָ זייערע נעמען: קאַרפּוס, מאַדיינסקי, שטראָמבערג, דאַלניק א. אַנד. איז די זאַך דוקא געפעלען געוואָרען און זיי זיינען צוגעשטאַנען צום פעטער, אַז ער זאָל דאָס זען דורכפירען. דעם פעטער איז דאָס נישט גאָר שטאַרק געפעלען געוואָרען, ווייל דאָס האָט דאָך נישט געשטימט מיט די פאַרבאָרגענע פּלענער, וואָס ער האָט געהאַט וועגען אַרויסשלאָגען מיר די נאַרישקייט פון קאָפּ, אָבער ער האָט זיך שוין נישט געקאָנט געגענשטעלען און עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דעם נאָענטסטען שבת פרי דאַווען איך אין דעם אויבערשטען בית המדרש.

פרייטאָג צונאַכטס, ווען איך בין געגאַנגען מיט׳ן פעטער דאַווענען אין דעם אויבערשטען בית המדרש, האָט מיך דערוואַרט גאָר אַן אַנגענעמע איי־בעררַאַשונג. פאַר׳ן עמוד האָט געדאַווענט זייער יערליכער בעל־תפילה, משה קריוויייזער, אָדער ווי מען האָט אים גערופען משה בערשאַדער. דאָס איז געווען אַ איד אַ חסיד און אַ גרויסער יראת שמים, און גלייכצייטיג אַן אוי־סערגעוויינליכער בעל תפילה. דער רעגיסטער פון זיין שטימע איז פון דער נאַטור אויס געווען אויסגעגליכען און אויסגעבילדעט, מיט אַן אומגעהויערען אומפאַנג פון דער אונטערשטער „סאָל״, ווי ביי אַ באַריטאָן, ביז דעם הויכען „דאָ״, ווי ביי אַן עכטען לירישען טענאָר. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז ער האָט געדאַווענט אין דעם עכטען אַלט־טראַדיציאָנעלען בעל־תפילה׳שען נוסח, וואָס האָט אויך טיף געוואָרצעלט אין מיין גאַנצען וועזען. עס איז גענוג געווען, אַז איך זאָל דערהערען זיינע ערשטע טענער, ווי איך האָב זיך איינגאַנצען צעוואָרעמט און אַ באַגייסטערטער און ממש פאַר׳כישופ׳טער האָב איך נאָכגע־פאָלגט זיין קבלת שבת.

אויף צומאָרגענס האָב איך געדאַווענט שחרית און מוסף. די באַגייסטע־רונג פון דעם פרייטאָג צונאַכטס איז מיר נאָך געלעגען אין דיביינער, האָב איך זיך שטאַרק געפלייסט צו ווייזען, אַז מען קאָן פאַרבינדען דאָס אַלט־טראַדיציאָנעלע מיט דעם מאָדערנעם קאָנטראַלען סטיל. איך האָב אימפּראָ־וויזירט און געקאָלאָראַטורעוועט אויף וואָס די וועלט שטייט. די אידען זיינען געשטאַנען ווי צעדולטע. אויף אַזעלכעס האָבען זיי זיך פון מאָשקאָוויטש׳עס

פלימעניק (מיין ריכטיגען נאָמען האָט נאָך דעמאָלט אַפילו קיינער נישט געקאַנט נאָכזאָגען) בשום אופן נישט געריכט.

אַזוי ווי קיין געלט פאַר דעם דאַוונען האָב איך נישט גענומען, זיינען די גבאים געקומען צום פעטער אין הויז אַריין און געבראַכט מיר אַ גאָלדענעם זייגער אַ מתנה. דער פעטער האָט געקוקט קרום אויף דער מתנה, ווייל דאָס איז ווידער געווען אַ שטערונג צו דעם פּלאַן, וואָס איז הינטער מיינע פּלייצעס שוין געווען אויסגעאַרבייט וועגען מיר.

אויף צומאָרגענס האָט מיך דער פעטער גענומען אין זיין עקיפּאַזש און געפירט ווייזען די שטאָט און ווי שטאַרק אָנגעזען ער איז אין שטאָט צוליב זיין רייכטום. נאָכ׳ן באַקוקען זיינע אַלע הייזער און מאַנופאַקטור־געשעפטען, האָט ער מיך אַוועקגעפירט אין דער „גאָראָדסקאַיאַ דומאַ״ (שטאָט־פאַרוואַל־טונג), וואו ער איז געווען אַ מיטגליד. דאַן האָט ער מיך געפירט צו דער „אַזאָווסקאָ־דאָנסקי באַנק״, וואו ער איז געווען איינער פון די הויפּט־אַקציאָ־נערען. דאָס איז אַלץ געווען, כדי מיך צו „פאַריטשמעליען״ מיט זיין רייכטום, אַז איך זאָל גאָרנישט האָבען די העזה זיך געגענצושטעלען די פּלענער, וואָס ער האָט אויסגעאַרבייט וועגען מיר.

און דאַן איז געקומען די סאַמע געדיכטע. איינמאָל, ווען מיר זיינען אַזוי געזעסען נאָכ׳ן נאַכט־עסען, האָט פאַר מיר דער פעטער אַוועקגעלייגט אַ רעדע בזה הלשון:

— דו ווייסט גאַנץ גוט, מיין פלימעניק, אַז איך מיט דער מומען זיינען מיר שוין נישט מער יונג און מיר האָבען שוין נישט די אַמאָליגע כחות צו אַרבייטען אַזוי אין געשעפט. מיר קאָנען זיך שוין דערלויבען אָפּצולעבען אונזערע יאָרען בהרחבה, נישט אַרבייטענדיג, און אַזוי ווי קיין קינדער האָבען מיר נישט, האָבען מיר דעריבער באַשלאָסען איבערצוגעבען אונזער געשעפט צו דיר, אונזער פלימעניק, כדי דו זאָלסט דיר בויען אַ שיינע צוקונפט.

און ביי די ווערטער האָט דער פעטער מיט דער מומען אָנגעשטעלט זייערע אויגען אויף מיר צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק זייער אָנבאָט האָט אויף מיר געמאַכט. אָבער וואָס עס איז שייך מיר, בין איך אפשר געווען אַ בטלן, וואָס איך האָב מיך נישט אָנגעכאַפּט אין דעם אָנבאָט מיט ביידע הענט. אָבער איך האָב גאַנץ קאַטעגאָריש געענטפערט, אַז מיינע פלענער אויף דער צוקונפט גייען גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג. איך וויל זיך ווייטער לערנען, כדי צו ווערען אַ חזן ביי אידען.

דאָ האָט שוין די מומע, וועלכע איז געווען די אמת׳ע אשת חיל, גענומען דאָס וואָרט און איז אַרויס מיט דעם פאָלגענדען לשון:

— אַ שיינע פּרנסה האָסטו דיר דאָס אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אַריין, מיין טייערער פלימעניק! אויף דעם דאַרף מען דאָס פאָרען קיין ווין, פּטר׳ן געלט און צייט, איבערלאָזען ווייב און קינד אויף הפקר, כדי צו לערנען זיך ווערען אַ שנאָרער, כדי שטענדיג צו האַלטען אויסגעשטעלט די האַנט, אַריינ־

כאַפּען אַ מי שברכ׳ל, אָדער אַן אל מלא רחמים, און וואַרטען ביז אימיצער וועט דיר אַריינרוקען אין האַנט אַריין אַ פערציגער, אָדער העכסטענס אַ האַלבען קערבעל? דאָס דאַרף מען פאַרען שטודירען אַזש אין ווין? מען קאָן דאָס לייכט אויסלערנען אַפּילו אין שניפּישעק! דאָרט זיינען דאָ גענוג „פּראָפעסאָ־רען״, שנאָרערס, וואָס קענען די מלאכה.

זי האָט גערעדט מיט גאַל און ביטערקייט און דער סם פון אירע רייד איז מיר אַריין אין אַלע אברים. איך האָב געזען, אַז די אַלע רייד, וואָס איך וועל זיי ענטפערען, וועלען זיין אַרויסגעוואָרפען. דאָך האָב איך מיך אָנגענומען מיט מוט און געענטפערט אָט דער אויפגעקומענער גביר׳טע, אַז זי פאַרשטייט אַזויפיל אין חזנות ביי אידען, ווי אַ האָן אין בני אָדם. איך האָב געזען, אַז מיין ענטפער איז זיי שטאַרק אַריין אין דער נאָז אַריין, ווייל זיי זיינען נישט געווען געוואוינט, אַז אימיצער אין דער משפחה זאָל זיך זיי אַנטקעגענשטעלען. זיי זיינען דאָך עפּעס די תקיפים מיט דער אפּותיקי, און טראָגען אַנטקעגען זייער האָב און גוטס צו אַ יונגערמאַנטשיק, אַ לא יצלח, וואָס קאָן נאָך אַפּילו דעם ווייב און קינד קיין פּרנסה נישט פאַרזיכערען. האָט נאָך דער חברה־מאַן די העזה נישט אָנצונעמען און צו ריידען אַנטקעגען?

די באַציהונגען צווישען אונז נאָך דעם דערמאָנטען געשפּרעך זיינען געוואָרען גאַנץ אָנגעצויגענע. איך האָב גאַנץ גיך געפּאַקט די זאַכען און צוריק אָפּגע־פאָרען קיין יעליסאַוועטגראַד מיט דעם הייליגען באַשלוס גלייך זיך צו גרייטען אין וויטערדיגען וועג אַריין, קיין ווין. אָבער נישט שטענדיג געשעט עס אַזוי ווי דער מענש פּלאַנעוועט.

# מיין שווער לאַכט ביטער אויס מיין שטרעבונג צו ווערן אַ חזן

אין דער היים האָט מיך שוין אָפּגעוואַרט מיין גוטער מלאך, מיין שוואָגער דובניקאָוו, וועלכער האָט מיך גענומען צוגרייטען צו דעם שווערען קאַמף, וואָס שטייט מיר פאָר מיט מיין שווער אַרום מיינע פּלענער צו פאָרען שטודירען קיין ווין. דערביי האָט ער מיר פאַרטרויט, אַז ער אַליין שטייט אויס געברענטע צרות צוליב מיר, ווייל מ'איז אים כסדר חושד, אַז ער איז דאָס דער הויפּט־שולדיגער, וואָס האָט מיר געהאָלפען איינאָרדענען מיין לערנען מוזיק און ער האָט מיך דערמוטיגט צו דעם.

ער האָט מיר דערציילט, אַז דער פּלאַן וועגען איבערגעבען מיר דאָס מאַנופאַקטור־געשעפט פון פעטער מאָשקאָוויטש אין יעקאַטערינאָסלאַוו איז אייגענטליך שוין אויסגעאַרבייט געוואָרען, ווען איך בין נאָך געווען אין ווין, און אַז מיין שווער האָט דאָס אָנגעדרייט דאָס גאַנצע עסק און אַז איך וועל דאַרפען אויסשטיין אַ שווערען קאַמף צו ענדערען אָט דעם באַשלוס פון דער גאַנצער משפחה. ער, פון זיין זייט, האָט געזוכט מיך צו באַרואיגען, אַז איך דאַרף פאַרשטיין די גוטע כוונות פון די דאָזיגע מענשען. ווי וואָלט געווען, — האָט ער גע'טענה'ט, — ווען איך בין נישט געבענשט מיט אַ שיינער שטימע, נאָר בין אַ געוויינליכער יונגערמאַן, וואָס דאַרף גיין פאָר זיך צו בויען מיין צוקונפט, און דאָ קומט מען מיט אַזאַ גאָלדענעם פאָרשלאָג איבערצוגעבען מיר אַן אמת'ע שמאַלץ־גרוב, אַ גרויס געשעפט מיט איינגעצויגענע קונים, מיט אומבאַגרעניצטען קרעדיט — וואָלט איך דעמאָלט אויך געוואָגט אַזאַ פאָרשלאָג אָפּצוּוואַרפען?

ער איז טאַקע געווען גערעכט מיט דעם פאַרגלייך, אָבער איך האָב אויפגעקאָכט, הערענדיג ווי אַזוי מען האָט מיט מיר געהאַנדעלט הינטער מיינע פּלייצעס, ווי איך וואָלט געווען נישט קיין לעבעדיגער מענש מיט אַן אייגענעם ווילען. אַ חוץ דעם האָבען די עטליכע חדשים פון מיין זיין אין ווין אַזוי געענדערט מיין איינשטעלונג צו מסחר און צו עשירות, אַז עס האָט פּשוט געקלונגען ווילד אין מיינע אויערען זיך אָפּצוזאָגען פון דעם וועג, וועלכען איך האָב שוין באַטראָטען, און ווידער זיך צו ווענדען צו קרעמעריי. האָב איך זיך דעריבער גענומען גרייטען צו אַ שאַרפען געשפּרעך מיט מיין שווער, וואָס איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וועט מיך נישט אויסמיידען.

און גאָר אינגיכען איז די אומאַנגענעמע באַגעגעניש געקומען. איינמאָל

אַן אָוועגט נאָכ'ן עסען זע איך ווי דער שווער איז עפּעס זעהר אויפגערעגט. ער קלאַפּט אַזוי נערוועז מיט די פינגער אין טיש, די נאָזלעכער ציטערען אים ווי געוויינליך, ווען ער גרייט זיך אָפּצוטאָן עפּעס אַ נישט פיינע זאַך. באַלד בעט ער מיך איך זאָל מיט אים אַריינגיין אין אַ באַזונדער צימער, ער האָט עפּעס צו ריידען מיט מיר. אָנגעהויבען האָט ער מיט די גלאַטע ריידעלעך:

— דו ווייסט דאָך, זינאָוויע, אַז איך האָב דיך ליב מער ווי מיין אויג אין קאָפּ, און איך וויל, אַז דו מיט דיין ווייב און קינד זאָלען זיין גליקליך, און איך צעברעך מיר אַלץ דעם קאָפּ, ווי אַזוי איינצואָרדענען דיין צוקונפט. און עס איז שוין טאַקע די העכסטע צייט צו טראַכטען וועגען אַ תכלית. אָט האָב איך נאָך צוויי טעכטער חתונה צו מאַכען...

דאָס איז געווען אַזאַ מין איידעלע אָנדייטונג: עס איז די העכסטע צייט איך זאָל מיך מיט מיין בני בית אָפּטראָגען פון זיין הויז. און דאַן האָט ער ווייטער גערעדט: — האָב איך אַזוי לאַנג געזוכט און געטראַכט, ביז איך האָב מיך צו עפּעס דערטראַכט. עס איז ממש ווי פון הימעל אַראָפּגעפאַלען! מיין שוואָגער און דיין פעטער מאָשקאָוויטש פון יעקאַטערינאָסלאַוו האָט דיך זעהר ליב און עס איז מיר געלונגען אים איבערצורעדען, אַז ער אין זיינע יאָרען דאַרף שוין נישט אַרבייטען, און אַזוי ווי קיין קינדער האָבען זיי נישט, איז עס אַ גלייכער געדאַנק, אַז ער זאָל אונטער געוויסע באַדינגונגען דיר איבער־געבען דאָס געשעפט און דו זאָלסט זיך קענען מפרנס זיין בכבוד צוזאַמען מיט דיין הויז־געזינד. נו, וואָס זאָגסטו עפּעס אויף אָט דעם גליקליכען פּלאַן, זינאָוויע?

איך האָב מיך באַמיט צו ענטפערען אַזוי רואיג, ווי נאָר מעגליך, אָבער איך האָב זיך דאָך נישט געקענט באַהערשען אינגאַנצען און איך האָב באַ־שלאָסען, אַז איינמאָל פאַר אַלעמאָל דאַרף מען דעם קנופּ אויפבינדען. איך האָב אים געדאַנקט, וואָס ער זאָרגט זיך אַזוי וועגען מיין צוקונפט, אָבוואָל איך האָב קיינעם נישט געבעטען, אַז מען זאָל זיך וועגען מיר זאָרגען. צוויי־טענס, קען ער מיך בשום אופן נישט מאַכען גלויבען, אַז איך מיט מיין פרוי און קינד לעבען אויף זיין חשבון. פון די עלף הונדערט רובעל נדן, וואָס ער האָט מיר געגעבען, צוזאַמען מיט די דריי הונדערט, וואָס מיין טאַטע האָט צוגעלייגט, זיינען שוין זעקס הונדערט אַוועקגעגאַנגען אויף מיין שטודיום אין ווין און אויף הוצאות פאַר מיין פאַמיליע, וועלכע האָט רעגולער באַקומען אויסגעצאָלט פערציג רובעל אַ חודש; עס איך, הייסט עס, אויף מיין אייגענעם פאַרמעגען, אָבער נישט זיינעם.

ווידער, האָב איך גע'טענה'ט, ווער האָט אים געבעטען, אַז ער זאָל פאַר־האַנדלען מיט זיין שוואָגער, מאָשקאָוויטש, וועגען אַ געשעפט פאַר מיר. אָן מיין וויסען און צושטימונג. איך באַטראַכט זיך שוין פאַר אַ זעלבשטענדיגען מענשען, וואָס ווייס אַליין זיינע פליכטען און אויפגאַבען, און איך וועל מיר, אם ירצה השם, מיין שטעטעל אַליין באַשטיין. קיינער אין דער משפחה וועט

מיר נישט קענען פאַרשטעלען דעם וועג צו מיין קאַריערע אַלס חזן, וועלכע איך האָב פאַר מיר קלאָר אָנגעצייכענט. איך האָב באַקומען אַ געשאַנק פון גאָט, האָף איך און גלויב, אַז דער באַשעפער וועט מיך נישט פאַרשעמען און וועט מיר געבען אַ מעגליכקייט מפרנס צו זיין בכבוד מיין משפחה פון מיין באַרוף אַזוי, אַז איך זאָל צו קיינעם נישט דאַרפען אָנקומען.

ווידער האָב איך געזען ווי מיין שווער זיצט אַן אָנגעצונדענער. ער איז אויך נישט געווען געוואוינט, אַז עמיצער אין דער משפחה זאָל זיך אַנטקעגענשטעלען זיין ווילען. האָט ער גענומען ריידען האַרבערע דיבורים:

— דאָס וועט ביי מיר קיינמאָל נישט געשען, אַז אַן אײדעם זאָל מיר ווידערשפעניגען. איך וועל נישט דערלאָזען, אַז דו זאָלסט פאַרשמירען און פאַרפלעקען אונזער גוטען נאָמען. אין אונזער משפחה זיינען ביז איצט, דאַנקען גאָט, נישט געווען קיין חזנים, נאָר בלויז פיינע, לייטישע מאַנופאַקטור־סוחרים (עס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט איבעררייסען: באַנקראָטשיקעס!). ווי קומט עפּעס אַ חזן, אַ בטלן, אַ שנאָרער אין אונזער משפחה? און מיין טאָכטער, די אויסגעפּיעשטשעטע און אויסגעצערטעלטע, זי זאָל דאָס ווערען אַ חזנ׳טע, אַ שנאָרערקע, וואָס יעדע אידענע זאָל האָבען דאָס רעכט איר אַריינצוקוקען אין טאָפּ אַריין, און מיין אײדעם זאָל אַרומגיין אויף חתונות און ברית׳ן, קנס־מאָלס און פדיון־הבנ׳ס, אויף לויות און יאָרצייטען, אָפּריכטען מי שברכ׳ס און מאַכען אל מלא רחמימ׳ס, און דערנאָך אויסשטרעקען די האַנט, טאָמער וועט זיך עמיצער דערבאַרעמען און אַריינרוקען אַ פערציגער?

—און אָט צוליב דעם ביסטו דאָס געפאָרען קיין ווין, כדי זיך דאָרט אויסצולערנען און אויסצושטודירען, ווי מען ווערט אַ שנאָרער? דאָס וואָלסטו זיך בעסער געקענט אויסלערנען אין אַזעלכע מקומות, ווי: טעפּליק, שניפּישעק, בערשאַד, כאַרקיווקע, און אפשר גאָר טאַקע אין דיין אייגענעם „כרך״ כאַנאַראַד. צו וואָס האָסטו געדאַרפט אויסברענגען אַ פאַרמעגען און פאָרען אַזוי ווייט? ווען איך זאָל געווען וויסען, — האָט זיך מיין שווער ווייטער געהיצט — אַז דו טראָגסט זיך אַרום מיט אַזעלכע נאַרישע קליינשטעטלדיגע געדאַנקען, ווי חזנות, וואָלט איך קיינמאָל אין לעבען נישט מסכים געווען אויף דעם שידוך. איך דאַרף נישט קיין חזנים אין מיין משפחה! איך פאַרלאַנג פון דיר מיט דעם האַרבען וואָרט, אַז דו זאָלסט דיר איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסשלאָגען די נאַרישקייטען פון קאָפּ. אַנשטאָט דעם זאָלסטו אויפהויבען ביידע הענט צום הימעל און דאַנקען דעם באַשעפער פאַר דעם גליק, וואָס שטייט דיר פאָר. דו דאַרפסט אויך דאַנקען דעם פעטער מאַשקאָוויטש פאַר דעם חסד, וואָס ער איז גרייט צו טאָן מיט דיר. און וויסען זאָלסטו, מיין קינד, אַז אין אונזער משפחה פירט זיך, אַז ווי די עלטערען באַשליסען, אַזוי פירען זיך די קינדער, און קיין רעדען אַנטקעגען איז נישטאָ!

ביי די דאָזיגע ווערטער האָב איך זיך שוין מער נישט געקענט איינהאַלטען און איך האָב גענומען מאַכען קולות אויף מיין גאַנצער שטימע, אַז

קיינער האָט מיך נישט אָפּגעקויפט, און אַז עס איז גאַנץ ווייט דערפון, אַז איך זאָל מיך לאָזן פאַרשקלאַפן פון וועמען דאָס זאָל נישט זיין. אויף מיין געשריי איז אָנגעלאָפן מיין פרוי און די איבעריגע מיטגלידער פון דער משפחה. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויב מען וועט זיך דאָ נישט אַריינמישען אין דעם הייסן געשפּרעך, וועט עס דערגיין אין די גאָר גרויסע זאַכען...

איך האָב איבערגעלעבט אַ שלאָפלאָזע נאַכט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל פון טיפער שאַנד, וואָס עס האָט גאָר געדאַרפט דערגיין צו אַזאַ געשפּרעך, וואָס עס געפינען זיך נאָך מענשען, וואָס ערלויבען זיך אַזוי אַן צערעמאָניעס צו וואַרפען זיך מיט איינעמס שטילסטע און אינטימסטע שטרעבונגען, וואָס פאַרשטייען גאָרנישט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס טאַלאַנט, שטרעבונג צו עפּעס העכערס און שענערס, און אַלץ אין לעבען מעסטען זיי מיט דער מאָס פון קאָפּיקעס. נאָך מער בין איך געווען געקרענקט, וואָס אויך מיין יונגע פרוי, וועלכע איז ערצויגען געוואָרען אין דעם זעלבען גייסט, וואָס אירע עלטערען, האָט נישט אַרויסגעוויזען קיין פאַרשטענדעניש פאַר מיינע שמערצליכע איבערלעבונגען. זי האָט גע׳טענה׳ט, אַז איר פאָטער און דער פעטער מאָשקאָוויטש זיינען עלטער און מער דערפאַרענער פון מיר, און אויב זיי זאָגען יאָ — דאַרף איך נאָכבאַמקען: אָמן!

איך בין אויפגעשטאַנען אַ צערייצטער און אויפגערעגטער און דער אייזיגער באַשלוס, וואָס האָט מיר געגעבען אַ מאָמענטאַלע באַרואיגונג, איז געווען: איך וועל אָנשרייבען דעם טאַטען און אים בעטען, אַז ער זאָל גלייך קומען צופאָרען. איך בייטיג זיך אין זיין ראַט, ווייל ווי פרום און קאָנסערוואַטיוו דער טאַטע איז נישט געווען, האָט שטענדיג זיין שכל אַרויסגעלויכטען אין אַלע שווערע מאָמענטען, און איך בין געווען זיכער, אַז אויך איצט, ווען איך בין אַרומגענומען אין אַזאַ ענגען קלעם פון מיינע כלומר׳שטע „גוטע פריינט", וועלכע ווילען ראַטעווען מיין צוקונפט, וועט ער מיך פון דעם קלעם אַרויספירען.

און כדי נאָך מער איינצושטילען מיינע אויפגערייצטע נערוועך, האָב איך גענומען אויפ׳ן שויס מיין קליין חנה׳לע, געצערטעלט זי און געדריקט צו מיין ברוסט, געשפּיגעלט זיך אין אירע אומשולדיגע, ליכטיגע אויגעלעך, און איך האָב זיך ווידער דערפילט אַ פרייער מענש, אַ בעל הבית איבער מיין אייגענעם גורל. איך האָב געפילט, אַז די פליכט פאַר דעם קינד, וואָס איך האָב געבראַכט אויף דער וועלט, וועט מיר צוגעבען מוט, אַז איך זאָל מיט נאָך פעסטערע טריט גיין צו מיין ציל.

ווי איך זיץ אַזוי און שפּיל זיך מיט׳ן קינד — עפענט זיך די טיר און עס גייט אַריין מיין שווער. פון זיין נעכטיגען דיקטאַטאָרישען טאָן איז שוין קיין זכר נישט געווען. דאָס מאָל איז ער געווען זיס ווי צוקער און זיינע ווערטער זיינען געווען הוילע האָניג:

— נו, וואָס מאַכסטו עפּעס, זינאָוויע? איך וויל האָפען, אַז דו האָסט

גוט דורכגעטראַכט דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבען נעכטען אַרומגערעדט. איך מיין, אַז דו ווערסט אַליין צוגעבען, אַז איך בין גערעכט. וויל איך דיר זאָגען, אַז איך האָב אַרויסגערופען טעלעגראַפיש דעם פעטער מאָשקאָוויטש, כדי צו פאַרענדיגען דאָס איבערגעבען דאָס געשעפט. האָ, וואָס זאָגסטו, זינאָוויע?

איך בין געווען אין אַ צו גוטער שטימונג און בין נישט געווען אויפגע־לייגט נאָכאַמאָל צו באַנייען דעם שאַרפען געשפרעך. אָבער דאָך האָב איך אים געזאָגט, אַז מען דאַרף קיינמאָל נישט מאַכען דעם חשבון אָן דעם בעל הבית. וועגען דעם, אַז איך האָב אַרויסגערופען דעם טאַטען האָב איך געהאַלטען פאַר באַקוועמער אים אין דעם מאָמענט צו פאַרשווייגען.

מיט דריי טעג שפּעטער איז דער רייכער יעקאַטערינאָסלאָווער פעטער אָנגעקומען מיט גרויס פּאַראַד קיין יעליסאַוועטגראַד. דעם זעלבען טאָג איז אויך אָנגעקומען פון כאַנאַראַד מיין טאַטע. מיט'ן בעל עגלה האָט ער געשיקט אָנזאָגען, אַז ער איז געקומען. עס האָט זיך דערבענטערט דער גרויסער פאַר־מעסט פון די נישט גלייכע כחות. אָן אינערליך געפיל האָט מיר אונטער־געזאָגט, אַז דער טאַטע וועט געפינען דעם ריכטיגען אויסוועג און ער וועט מיך נישט לאָזען פאַלען אין דער נעץ, וואָס איז אַרום מיר אויסגעשפּרייט געוואָרען.

# דער טאַטע האַלט אַ פלאַמיגע רעדע אין מיין פאַרטיידיגונג

איידער מען איז זיך אַלע צוזאַמענגעקומען כדי צו באַשליסען, וואָס צו טאָן מיט דעם אָנבאָט פון רייכען יעקאַטערינאָסלאַווער פעטער וועגען איבער־געבען מיר זיין גרויסע שניט־קראָם, האָב איך געהאַט אָן אויפריכטיגען שמועס מיט׳ן טאַטען. ווי אַלעמאָל איז ער געווען טיף פאַרשטענדליך, ער האָט מיך באַרואיגט און געזאָגט, אַז מיר וועלען געדולדיג אויסהערען, וואָס זיי האָבען פאָרצולייגען. נאָר פריער האָט ער מיך געבעטען, אַז איך זאָל פאַר אים אַליין קלאָר מאַכען, וואָס עס זיינען מיינע שטרעבונגען און מיינע פלענער אויף דער צוקונפט.

איך האָב אים ערקלערט, אַז פון טאָג צו טאָג ווער איך אַלץ זיכערער אין מיין איבערצייגונג, אַז מיין צוקונפט איז פאַרבונדען מיט ווערען אַ חזן. נאָך מער, איך קען מיר שוין גאָרנישט פאַרשטעלען, אַז מיין לעבען קען גיין אין אַן אַנדער ריכטונג. עס קריכט מיר שוין גאָרנישט קיין אַנדער זאַך אין קאָפּ אַריין. איך האָב אויסגעדריקט פאַר׳ן טאַטען מיין טיפסטע זיכערקייט, אַז עס וועט נישט נעמען מער, ווי איין יאָר צייט און איך וועל שטיין אַליין אויף מיינע פיס, און אפשר וועל איך שוין אַפילו צו יענער צייט פאַרנעמען איינע פון די אָנגעזעענסטע חזנ׳ישע שטעלעס אין רוסלאַנד.

גראָד ווען מיר זיינען אַזוי געזעסען און זיך אינטים אויסגעשמועסט, איז אַריינגעקומען מיין שוואָגער דובניקאָוו, כדי צו פאַרבעטען דעם טאַטען און מיך אין הויז פון מיין שווער. אַט דער אויפריכטיגער פריינט מיינער האָט געהאַלטען פאַר נויטיג צו זאָגען דעם טאַטען עטליכע ווערטער איידער ער גייט צו דער אַנטשיידענדער באַראַטונג. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט מיך געהערט אויפ׳ן קאָנצערט אין לאָדזש און מיין ימים נוראים׳דיגען דאַווגען ביי די חובבי ציון. ער איז מיט׳ן גאַנצען באַוואוסטזיין איבערצייגט אין דעם, אַז איך האָב פאַר זיך אַ גרויסע צוקונפט אַלס זינגער, נאָר — ער טאָר זיך נישט אָפּרופען מיט קיין וואָרט, ווייל מען קוקט שוין אַזוי אויך אויף אים קרום אין דער משפחה אַלס דעם הויפּט־שולדיגען אין דער גאַנצער חתונה, וואָס איך האָב דאָ פאַרקאָכט.

אין הויז פון מיין שווער איז שוין געזעסען דער פעטער מאַשקאָוויטש מיט דער מומען מיט דער גאַנצער משפחה און דאָרט זיינען אַלע פאַרגע־

שטעלט געװאָרען פאַר'ן טאַטען. נאָכ'ן עסען האָבען זיך די מאַנסלײט צו־ריקגעצױגען אין אַ באַזונדערען זאַל און דער שמועס האָט זיך אָנגעהױבען. דער יעקאַטערינאָסלאַװער פעטער איז אױסערליך געװען זעהר אַ רעפּרעזענ־טאַבעלער מאַן, אַ הױך־געװיקסיגער, מיט אַ שײנער גרױליכער באָרד, גאַנץ גוט אָנגעטאָן. נאָר װען עס איז געקומען צו עפענען דאָס מױל — האָט מען גלײך געזען, מיט װעמען מען האָט דאָ צו טאָן. ער איז געװען אַ פּראָסטער טיפּ מענש, װעמען עס האָט אָפּגעגליקט אין לעבען און פון אַ קלײנעם אָנגעשטעלטען האָט ער זיך אַרױפגעאַרבײט צו אַ גרױס פאַרמעגען. און װי עס פירט זיך אין לעבען — װער עס האָט די מאה, דער האָט די דעה. נאָך דעם געלט איז שױן געקומען כבוד און אָנזעהן, און מ'האָט שױן אַפילו גע'טענה'ט, אַז דער פעטער מאַשקאָװיטש איז אַ גרױסער חכם, והראיה — איר זעט דאָך, װאָס טױג מיר די חכמה, אַז נאַרישקײט גילט...

דער גלאַװנער בעל דברן איז, פאַרשטײט זיך, געװען מײן שװער, װעלכער האָט אַ קעם געטאָן מיט זײנע פינגער דאָס שיטערע בערדעל, האָט געװאָרפען אַ חניפה־בליק אױף זײן רײכען שװאָגער און האָט אָװעקגעלײגט אַ דרשה מער־װײניג מיט די פאָלגענדע װערטער:

—פאַרשטײט איר מיך, מחותן, דאָס איז דאָך פּשוט מן השמים. אַזאַ גליק, אַזאַ שמאַלץ־גרוב, אַ פאַרטיגע צוקונפט פאַר אונזערע קינדער. שטעלט אײך נאָר פאָר — אַן אײנגעפירט געשעפט פון צענדליגער יאָרען מיט אַ גרױסען נאָמען, און מיט אַן אומגעהױערען קרײז פון קונים און מיט אַן אומבאַגרעניצטען קרעדיט אין אַלע גרעסטע בענק און בײ די אָנגעזעענסטע פאַבריקאַנטען. עס איז דאָך ממש אַ חלה מיט אַ מעסער, נעם בלױז און מאַך המוציא...

און דערצו נאָך, — האָט דער שװער פאַרגעזעצט מיט זײנע האָניג־זיסע רײדעלעך, — האָבען מײן שװעסטער און מײן שװאָגער ליב דעם זינאַ־װױען דאָס לעבען, ממש װי אַן אײגען קינד, און עס װעט אים נישט פעלען בײ זײ פון קײן פױגעל־מילך. איך מײן, מחותן, אַז מיר קענען זיך אָפּגעבען מזל־טוב און זיך צװאוינשען, אַז עס זאָל זײן אין אַ גוטער שעה. האַ, װאָס זאָגט איר דערצו, מחותן?

דער טאַטע האָט זיך רוהיג אױסגעהערט די גאַנצע דרשה און דערנאָך האָט ער זיך אָפּגערופען: איך בין זיך מודה, מחותן, און איר, הער מאַשקאָ־װיטש, אַז אײער פּלאַן איז װירקליך אַ זעלטענקײט, װאָס מען טרעפט גאָר אַזעלכעס נישט הײנטיגע צײטען אָנצובאָטען עמיצען אַ פאַרמעגען און דער, װעמען מען באָט דאָס אָן, זאָל זיך נאָך צעגערען און װאַקלען, צי זאָל ער דאָס אָננעמען. אָבער מען מוז דאָ נעמען אין באַטראַכט עטליכע פאַקטען, װאָס װעלען שפּילען אַ גרױסע ראָלע אין דער צוקונפט. ערשטענס, װען אַ מענש גײט אונטערנעמען עפּעס אַ געשעפט, מוז ער גלײך פון אָנהױב אָן צוגײן צו דעם מיט גרױס חשק, ליבשאַפט און קוראַזש. װײטער מוז ער בײ זיך זײן

זיכער, אַז ער וועט זיין אומשטאַנד צו באַהערשען דאָס געשעפט און דורכפירען די אַלע פאַרפליכטונגען, וואָס זיינען דערמיט פאַרבונדען.

דאַרף מען דעריבער גוט נאָכזען, — האָט דער טאַטע פאַרטגעזעצט, — צי מיין זון איז בכלל פעהיג איבערצונעמען אַזאַ גרויס געשעפט. ער איז אויסגעוואַקסען ביי אונז אין קליינעם שטעטעל, וואו ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי אַזוי איך פיר מיין קליין געשעפט, אַז איך האָב קיינמאָל נישט אונטערגע־שריבען קיין וועקסלען, נאָר פלעג אַלץ קויפען פאַר מזומנים. איך האָב געקויפט נאָר אַזויפיל, וויפיל מיין געשעפט האָט געקענט פאַרדייען און וויפיל דער אויבערשטער האָט מיר געגעבען כח. איך האָב קיינמאָל נישט געוואָלט איינרייסען אַ וועלט, דערפאַר האָב איך קיינמאָל נישט געוואוסט פון דאגות פרנסה, כ׳האָב מיר געלעבט באַשיידען און געשלאָפען רוהיג אין די נעכט, נישט מורא האָבענדיג, אַז אינדערפרי וועט מען קומען אָפּשרייבען מיינע זאַכען (דאָס איז געווען אַ גאַנץ איידעלע אָנצוהערעניש פאַר מיין שווער, וועלכער האָט דוקא געוואָלט איינרייסען וועלטען און איז דעריבער גע־צוואונגען געווען אַזוי פיל מאָל צו באַנקראָטירען).

אָט אין אַזאַ אַטמאָספערע איז מיין זון דערצויגען געוואָרען, — האָט דער טאַטע ווייטער גערעדט, — דעריבער קען איך מיר נישט פאָרשטעלען, אַז ער וועט זיין אומשטאַנד צו באַהערשען אַזאַ גרויס געשעפט און נעמען אויף זיך אַזעלכע געוואַלדיגע פליכטען. עס איז שטענדיג בעסער פאַר אַ יונגענמאַן אָנצוהויבען פון קליין און זיך אַליין לאַנגזאַם אַרויפצואַרבייטען, און נישט צו פאַרדרייען זיך גלייך פון אָנהויב אָן דעם קאָפּ. אַ מענש מוז דערפילען אין אָנהויב אַ קליינעם דערפאָלג, דאָס גיט אים צו מוט צו וואַקסען און צו גיין אַלעמאָל העכער און העכער. ער ווערט דאַן דערפינדעריש, קריגט נייע אידייען, און עס ווערט שוין ביי אים אַן אַמביציע צו וואַקסען און זיך וואָס אַמאָל מער צו אַנטוויקלען. אַז איר ווילט איז דאָ אויף דעם אַ בפירוש׳ער פסוק: „מעשי ידי להתפאר״.

די גרעסטע מענשען אויף יעדען געביט, — האָט דער טאַטע ווייטער בעצויגען, — זיינען די אַלע געמאַכטע מענשען, די וואָס האָבען אָנגעהויבען פון גאַנץ קליין און זיינען מיט זייער אייגענער מי דערגאַנגען צו גרויסקייט. דאָס רוב שטאַמען זיי פון די קליינע ערטער, פון אָרעמקייט און נויט. איר וועט מיר ערלויבען, הער מאַשקאָוויטש, וואָס איך וועל אייך אַליין נעמען פאַר אַביישפיל פאַר מיין געדאַנק. ווי איך שטעל מיר פאָר, האָט איר קיין הונדערט טויזענט רובעל נדן נישט באַקומען, ווען איר זענט געגאַנגען צו דער חתונה, און קיין גרייט איינגעאָרדענט געשעפט האָט אויך אויף אייך נישט געוואַרט, און קיין רייכען פעטער האָט איר אויך נישט געהאַט, וואָס זאָל זיין גרייט אייך איבערצוגעבען זיין פאַרטיג געשעפט.

און פונדעסטוועגען, הער מאַשקאָוויטש, זענט איר ברוך השם גרויס און רייך געוואָרען און איר האָט זיך דערוואָרבען אָנזען צווישען מענשען.

ווי איך פאַרשטיי, האָט איר און אייער פרוי שווער געהאָרעוועט, אום דאָס אַלץ צו דערגרייכען. איר האָט געהאַט די אַמביציע צו שטייגען וואָס אַמאָל העכער, איר האָט ליב געהאַט אייער מי און דערפאַר האָט אייך דער אויבערשטער געהאָלפען. האָט דעריבער נישט קיין פאַראיבעל אויף מיר, ווען איך וועל אייך זאָגען, אַז אויך בנוגע מיין זון וויל איך זען, ווי ער אַרבייט זיך אַרויף מיט די אייגענע כחות און נישט ווי ער קומט צום אַלעם גרייטען. איך וויל, אַז ער אַליין זאָל באַשליסען וועגען זיין צוקונפט, אַזוי ווי זיין האַרץ דיקטירט אים. ער האָט אַ רעכט דערצו, און קיינער קאָן נישט מאַכען דעם חשבון אָן דעם בעל הבית. סוף־כל־סוף האַנדעלט זיך עס דאָ וועגען אים אַליין און זיין משפחה — און יעדער מענש איז דער בעל הבית איבער זיין אייגענעם גורל.

מיינע ליבע מחותנים, — האָט דער טאַטע פאַרטגעזעצט, — מיר זיינען דאָך נישט קיין קינדער און מיר דאַרפען פאַרשטיין, אַז ווען מען צווינגט איינעם אָנצונעמען אַ געשעפט, צו וועלכען ער האָט קיין חשק נישט און פאַר וועלכען ער האָט נישט קיין ליבשאַפט — קען קיינמאָל אין דער וועלט אַזאַ געשעפט קיין הצלחה נישט האָבען. און ווידער, ווי אַ גלויביגער איד, זאָג איך אייך, אַז מען דאַרף נישט פאַרגעסען, אַז אַ חוץ אונז איז נאָך דאָ נאָך עמיץ, וואָס האָט צו זאָגען זיין וואָרט אין דער פראַגע — דאָס איז די השגחה. דער גורל האָט געוואָלט, אַז מיין זון זאָל באַשאַנקען ווערען מיט אַ גאָלדענער שטימע און מיט אַ בפירוש׳ן טאַלאַנט צו חזנות. קיינער האָט נישט קיין רעכט צו שטעלען זיך אַנטקעגען דעם רבונו של עולם און זיין באַשטימונג. עס וועט דעריבער זיין בלויז רעכט פון אונזער זייט צוצואווינשען אונזער קינד, אַז ער זאָל מצליח זיין אין זיין ווייטערען שטודיום.

און וואָס כ׳האָב דאָ געהערט רעדען, אַז זיין אַ חזן ביי אידען מיינט זיין אַ שנאָרער, אָדער חלילה עפּעס אַ נידעריגע באַשעפעניש — מאַכט איר אַלע אַ ביטערען טעות. אַ חזן איז לויט דער טויזענט־יעריגער אידישער טראַדיציע אַ שליח צבור פון זיין פאָלק, אין אַ געוויסער מאָס איז ער דער פאַרמיטלער צווישען אונז און דעם רבונו של עולם. ער זינגט אויס אונזערע ליידען און גלייכצייטיג אונזערע האָפענונגען אויף אַ בעסערער צוקונפט און אויף דעם אויפבוי פון ציון אין אונזער אור־אַלטען לאַנד. עס איז דעריבער אַ שאַנדע צו לאָזען פאַלען אַפילו איין שלעכט וואָרט וועגען אָט די אויסדער־ווילטע, וואָס זיי איז געגעבען געוואָרען דער אומשאַצבאַרער אוצר און די פעהיגקייט צו ריידען אין אונזער אַלעמענס נאָמען, אויסצובעטען פאַר אידען געזונט, גליק און פרנסה.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסען, — האָט דער טאַטע פאַרענדיגט, — די באַגייסטערונג, וואָס איך האָב געזען ביי די אומאַנער אידען, ווען מיין זון האָט דאָרטען געדאַוונט אַ שבת. מען האָט געקענט באַמערקען אַזאַ וואונדערליכע התעוררות, אַזאַ דערהויבונג ביי פּראָסטע, פאַרהאָרעוועטע

אידען, וואָס זיינען פאַריאָגט און פאַרפלאָגט די גאַנצע וואָך אונטער דעם יאָך פון פרנסה, און ווען עס איז געקומען דער שבת און דער חזן מיט זיינע רירענדע תפילות האָט זיי אַוועקגעפירט גאָר אין אַן אַנדער וועלט — זיינען זיי אַליין גאָר געוואָרען אַנדערע מענשען, שענערע, אויסגעלייטערטע, טייערע אידען. ווילט איר מיר איינריידען, אַז דאָס איז שנאָרעריי?

ניין, מיינע טייערע מחותנים און פריינט, מיר טאָרען זיך נישט שטעלען געגען דעם ווילען פון מיין קינד, וואָס אויב איר ווילט וויסען, איז דאָס אויך דער ווילען פון פאָלק, וואָס האָט שוין אַרויסגעוויזען פאַר אים אַזוי פיל באַגייסטערונג, הגם ער איז נאָך אַזוי יונג אין יאָרען. לאָמיר אים דעריבער ווינשען גליק און לאָמיר האָפען, אַז ער וועט אויסוואַקסען אין דער חזנ׳ישער פראָפעסיע און וועט זיין דער שטאָלץ נישט בלויז פון זיין משפחה, נאָר אויך פון דעם גאַנצען אידישען כלל.

# סוחר'עריי בשותפות מיט חזנות

ווען דער טאַטע האָט אַזוי פאַרענדיגט זיינע קלוגע און גוט אַדורכגעטראַכטע רייד, איז דער עולם אַ ווילע געבליבען זיצען, ווי פאַרגליווערט, און קיינער האָט זיך נישט געוואַגט צו זאָגען עפּעס אַנטקעגען. אָבער אויף דעם פעטער מאָשקאָוויטש האָט מען געקענט באַמערקען, אַז ער זיצט אָנגעבלאָזען, ווי אַן אינדיק, עפּעס שטורקעט אים אין בויך און ער קען דאָס נישט אַרויסברענגען. עפּעס איז ער נישט געוואוינט געווען, אַז אין זיין אַנוועזענהייט זאָלען אַנדערע אַזוי פיל ריידען, פאַרקערט, ער איז געוויינליך דער ראש המדברים און אַלע שטעלען אָן מויל און אויערען צו הערען, וואָס דער גביר זאָגט.

אויך דער שווער מיינער האָט זיך געדרייט אויפ'ן קאָרעק און מ'האָט געקענט באַמערקען, אַז דעם טאַטענ'ס רייד האָבען אים נישט אינגאַנצען איבערצייגט. דאַן האָט דער פעטער מאָשקאָוויטש גענומען דאָס וואָרט און גערעדט בזה הלשון:

—איר זאָלט, חלילה, נישט מיינען, מחותן ר' שלום, אַז דאָס געשעפט גייט נישט גוט, אָדער עס פעלט מיר, חלילה, אויס געלט. מיין פּלאַן איבערצוגעבען דאָס געשעפט צו זינאָוויען איז דערפאַר, ווייל דער אמת איז, אַז איך און מיין פרוי פילען מיר גרויס סימפּאַטיע צו אייער זון, מיר האָבען אים פשוט ליב, און מיר ווילען, אַז ער און זיין פאַמיליע זאָלען זיין גליקליך. אַזוי ווי מיר האָבען, ליידער, נישט קיין קינדער, ווילען מיר זיי באַטראַכטען, ווי אונזערע אייגענע קינדער.

מיר ווילען אייך נאָר זאָגען איין וויכטיגע זאַך, מחותן, — האָט דער פעטער ווייטער גערעדט, — הגם מיר האָבען באַשלאָסען איבערצוגעבען דאָס געשעפט צו אייער זון, וועלען מיר דאָך, דאָס הייסט איך און מיין פרוי, ווייטער טאָן אונזער אַרבייט אין געשעפט, אַזוי ווי ביז איצט, און איר דאַרפט פאַרשטיין, אַז מירביידע וועלען זיין גאָר נישט קיין שלעכטע פּריקאַזטשיקעס, וואָס אַפילו פאַר גרויסע געלטער וועט איר אַזעלכע נישט קריגען. מיר וועלען אויך אין יעדער אַנדער הינזיכט זיי אַרויסהעלפען מיט ראַט און טאַט און אַכטונג געבען, אַז קיין זאַך זאָל זיי, חלילה, נישט פעלען, און מיר וועלען זיי באַטראַכטען, ווי אונזערע אייגענע קינדער. דעריבער בעטען מיר אייך,

ר׳ שלום, אַז איר זאָלט צוריידען אייער זון ער זאָל זיך נישט אַנטקעגענ־שטעלען אונזער פּלאַן.

און ווענדענדיג זיך צו מיר, האָט דער פעטער געזאָגט: „דו ווייסט גאָר וואָס, זינאָוויע, אַזוי ווי איך און די מומע ווילען דעם גאַנצען טאָג שטיין אין געשעפט, וועסטו האָבען די געלעגענהייט עטליכע שעה אין טאָג צו זיין פריי און צו טאָן דיר אין דיינע חזנ׳ישע זאַכען. מיר האָבען אַפילו נישט בדעה דיר צו שטערען אין דעם, און פון אונזערטוועגען מעגסטו אַפילו אָננעמען אַ חזנ׳ישע שטעלע, כדי נאָכצוקומען דיין פאַרגעניגען און צו לערנען זיך ווייטער אַזוי ווי דו פאַרשטייסט״.

אָט די ווערטער זיינען מיר גוט אַריין אין קאָפּ און כ׳האָב געפילט, אַז עס קערט זיך עפּעס איבער אין מיין גאַנצער איינשטעלונג צו דעם פאַרשלאָג. הייסט עס, אַז מען לאַכט שוין מער נישט אָפּ פון מיינע שטרעבונגען, נאָר מען גיט מיר אַפילו די מעגליכקייט צו גיין ווייטער מיט מיין וועג און צו לערנען זיך און אַפילו צו פאַרנעמען אַ חזנ׳ישע שטעלע, און צו דער גלייכער צייט זאָל מער נישט עקזיסטירען פאַר מיר די פראַגע פון פּרנסה — דאָס איז דאָך באמת אַ גליקליכער געדאַנק! פאַרוואָס האָבען זיי גלייך דאָס נישט געזאָגט? וואָלט מען דאָך פאַרשפּאָרט די גאַנצע לאַנגע רייד.

איך אַליין האָב מיר דערביי געטראַכט, אַז אַזוי ווי אין יעקאַטערינאָסלאַוו פעלען נישט קיין שולען מיט שיינע חזנים, און אַזוי ווי קיין פּרנסה פון חזנות וועל איך נישט דאַרפען זוכען און איך וועל נישט מוזען זיין אָפּהענגיק פון קהל און פון די גבאים — איז עס דאָך גאָר אַ טייערע זאַך, וועל איך דאָך קענען זיך ווידמען געזאַנג טאַקע לשמה, אָן שום אויסרעכענונגען אויף מאַטעריעלען נוצען. ווייזט אויס, אַז דער זעלבער געדאַנק האָט אויך באַ־שעפטיגט דעם טאַטען און מיין שוואָגער, דובניקאָוו, וועלכער איז אויפגע־שטאַנען און מיך געבעטען אויף אַ ווײַלע אַריינצוגיין מיט אים אין אַ צווייטען צימער.

און מערקווירדיג, אַז אַלע דריי זיינען מיר געקומען צום אויספיר, אַז דאָס איז דער ריכטיגער אויסוועג, כדי דער וואָלף זאָל זיין זאַט און די ציג זאָל בלייבען גאַנץ. דער טאַטע האָט נאָך צוגעגעבען, אַז מען דאַרף זיך באַוואָ־רענען אויף יעדען פאַל, טאָמער, חלילה, לאָזט זיך אויס אין ווין די זאַך נישט אַזוי, ווי מען האָט געפּלאַנט: איך וועל נישט אַזוי גיך פאַרענדיגען מיין שטודיום און אַפילו ווען איך וועל שוין יאָ ענדיגען, וועט זיך נישט גלייך מאַכען די ריכטיגע שטעלע. דערביי דאַרף איך געדענקען, אַז מיין קאַפּיטאַל איז שוין פאַרקלענערט געוואָרען אויף פערציג פּראָצענט, און טאָמער גע־דויערט דאָס נאָך אַ נייַן־צען חדשים און איך בין נישט אומשטאַנד צו פאַרדינען, בלייב איך דאָן מיט מיין פרוי און קינד אינגאַנצען אויפ׳ן וואַסער און וועל מוזען אָנקומען צו מיין שווער, וואָס דאָס איז פאַר מיר ערגער ווי עסען חזיר.

איך האָב דערקענט אויפ׳ן טאַטענ׳ס פּנים, אַז ער וואָלט געוועז צופרידען איך זאָל אָננעמען דעם נייעם אויסגעבעסערטען פאָרשלאַג פון פעטער וועגען מסחר׳יי בשותפות מיט חזנות. צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער פאַקט, וואָס מיין פרוי איז פאַרגאַנגען אין טראָגען מיט׳ן צווייטען קינד, וואָס עס האָט אַרויפגעלייגט אויף מיר נאָך אַ גרעסערע פאַראַנטוואָרטליכקייט. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט מיך באַוואוויגען צו אַקצעפּטירען דעם פעטערס פאָרשלאַג וועגען אַריבערפאָרען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. איך האָב אָבער פאַרלאַנגט, אַז דער פעטער זאָל אין אַלעמענס אָנוועזענהייט געבען זיין וואָרט, אַז ער וועט מיר נישט שטערען נישט נאָר אין מיין ווייטערדיגען לערנען מוזיק, נאָר אַפילו אָנצונעמען די שטעלע פון אַ חזן, אויב אַזאַ וועט זיך מאַכען.

ווען מיר זיינען אַלע דריי צוריק אַריינגעקומען און איך האָב געמאָלדען, אַז איך נעם אָן דעם פאָרשלאַג — איז געוואָרען ששון ושמחה, מען האָט געמאַכט אַ לחיים און פון אַלע זייטען האָט מען מיר אָנגעוואונשען פיל גליק אויף דעם נייעם וועג, וואָס איז געווען די פּשרה צווישען חזנות און... האַנדעל מיט מאַנופאַקטור. אויף צומאָרגענס איז דער טאַטע אַהיימגעפאָרען מיט געמישטע געפילען. ביים געזעגענען זיך האָט ער געהאַלטען פאַר נויטיג צו געבען מיר עטליכע אָנווייזונגען:

— מיין קינד, — האָט ער געזאָגט, — איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר צוזאָגען, אַז דו וועסט נישט שטרעבען מיט געוואַלד און אויף שנעל רייך צו ווערען, און אַז אין דיין געשעפט וועסטו גיין אין מיינע דרכים: זאָלסט נישט נאָכלויפען נאָך קרעדיט און שרייבען וואָס ווייניגער וועקסלען. און אַז דו וועסט גיין אין דיין געשעפט בדרך הישר וועט דיר השית״ב זיכער העלפען.

אין עטליכע טעג אַרום בין איך אינאיינעם מיט מיין פעטער און דער מומען אַריבערגעפאָרען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. גלייך דעם ערשטען טאָג בין איך שוין געשטאַנען אין געשעפט, און דער פעטער מיט דער מומען האָבען מיר געגומען אַלץ ווייזען און אָנפאַרטרויען די סודות פון ריזיגען געשעפט. זיי האָבען מיך אויך פאָרגעשטעלט פאַר אַלע קונים, זאָגענדיג, אַז איך וועל דאָס זיין דער צוקונפטיגער אייגענטימער און אַז זיי קענען האָבען צו מיר דעם אייגענעם פאַרטרויען, וואָס צו די פריערדיגע בעלי בתים.

אין אַ וואָך אַרום האָט דער פעטער פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל צוטרעטען צו מאַכען אַ רעמאַנענט פון אַלע סחורות, וואָס געפינען זיך אין געשעפט, און וויפיל זיי זיינען ווערט. אמת, קיין געלט גיי איך דערוויל נישט באַ־צאָלען דערפאַר, אָבער אַ געשעפט האָט ליב אַ חשבון, און אַז איך וועל זיין אימשטאַנד — וועל איך טאַקע מיט דער צייט דאַרפען פאַר די אַלע סחורות באַצאָלען. דאָס הייסט, אַז פאַקטיש האָט מען מיר איבערגעגעבען בלויז די פירמע מיט דער קראָם, אָן די סחורות, וואָס געפינען זיך אין געשעפט.

און ביים צוזאַמענשטעלען דעם רעמאַנענט איז עס געקומען צום ערשטען שטילען קאָנפליקט צווישען מיר און דעם פעטער.

יעדער סוחר ווייסט דאָס, אַז ווען מען גיט איבער אַן אַלט געשעפט צו אַ נייעם אייגענטימער געפינט זיך אין דעם געשעפט אַ סך פאַרלעגערטע סחורה, וואָס האָט נישט מער דעם ווערט ווי אין דער צייט ווען די סחורה איז געקויפט געוואָרען. געוויינליך איז דאָס אַזאַ סחורה, וואָס איז אַרויס פון דער מאָדע, אָדער וואָס איז אַ ביסעל געשעדיגט געוואָרען מיט׳ן גאַנג פון די יאָרען און מען קען עס נישט מער רעכענען פאַר פולווערטיג. גאָר אַן אַנדער מיינונג האָט אָבער געהאַט דער פעטער, וועלכער איז געווען אַזוי שטאָלץ מיט זיין געשעפט, אַז ער האָט געהאַלטען אַז די סחורה, פאַר וועלכער מען האָט אַמאָל באַצאָלט אַ קערבעל, איז איצט ווערט אַ רובעל מיט דרייסיג... אַלענפאַלס האָט ער געפאָדערט, אַז די סחורה זאָל באַרעכענט ווערען אַ קערבעל פאַר אַ קערבעל, און לויט דעם חשבון, וואָס ער האָט געמאַכט, איז אויסגעקומען, אַז איך בין אים אַ בעל חוב פון אַ קימא לן פון פערציג טויזענט קערבלעך.

איך בין טאַקע געווען נאָך גאָר אַ יונגערמאַן מיט אַ גאַנץ קנאַפּער דערפאַרונג אין גרויסע מסחרים, דאָך האָב איך געפילט, אַז עפּעס פירט מען מיך דאָ אין באָד אַריין. האָב איך זיך טאַקע נישט געלאָזט און האָב פּראָטעסטירט. עס איז שיער נישט געקומען דערצו, אַז דאָס גאַנצע גע־שעפט זאָל בטל ווערען, סוף כל סוף איז מען דורכגעקומען, אַז ער וועט באַרעכענען פינף און זיבעציג קאָפּיקעס פאַר דעם רובעל און די גאַנצע סומע ווערט פאַרשריבען אַלס אַ חוב, וואָס איך בין שולדיג, אויסצוצאָלען אין פאַרלויף פון דריי יאָר.

אַזוי בין איך אַריין אין מסחר אַ פאַרטיגער בעל חוב, מיט אַ גרויסער פאַראַנטוואָרטליכקייט. איך בין נישט געשלאָפען די נעכט, איבערקלערענ־דיג, ווי אַזוי וועל איך זיין אימשטאַנד אָפּצוצאָלען אַזאַ גרויסען חוב. ווען איך פרעג אָבער מיין שווער, וואָלט ער מיר געזאָגט: זיי נישט קיין יאָלד, איידעם מיינער, אַזעלכע זאַכען נעמט מען זיך נישט צום האַרצען, איך האָב שוין אַ רייכע דערפאַרונג אין אַזעלכע געשעפטען, מען מאַכט זיך נישט ווּיסענדיג און פּטור...

עס איז געווען גראָד פאַר דעם קריסטליכען ניי־יאָר און אין געשעפט האָט זיך גוט געלייזט. מען האָט געמוזט אָנהויבען טראַכטען וועגען פאַרען איינקויפען די נויטיגע סחורות, וועלכע האָבען אויסגעפעלט. עס איז מיר פאָרגעשטאַנען אַ גרויסע נסיעה: צוערשט קיין כּאַרקאָוו, וואו עס איז פאָר־געקומען די אַליערליכע „קרעשטשענסקע יאַרמאַרקע”, און דאַן קיין לאָדזש, זגערזש, טאָמאַשאָוו און ביאַליסטאָק, די אַלע צענטרען אין פוילען, וואָס האָבען פּראָדוצירט מאַנופאַקטור־סחורות פאַר דעם גרויסען רוסישען מאַרק.

גלייך פון דעם ערשטען טאָג אָן, ווען איך בין אַריין אין געשעפט,

האָב איך אָבער נישט פאַרנאַכלעסיגט אויך דעם צווייטען טייל פון דעם שותפות־געשעפט, וואָס איך האָב געשלאָסען, דאָס מיינט חזנות: איך האָב זיך גלייך געזען מיט דעם גבאי פון דער סאָלדאַטסקער שול, אַ געוויסער שאַוועלזאָן, איך האָב אים גאַנץ איינפאַך אָנגעבאָטען, אַז אַזוי ווי איך בעט נישט קיין געלט פאַר'ן דאַווענען אין זייער שול, איז דאָס איינציגע וואָס איך פאַרלאַנג, אַז זיי זאָלען מיר צושטעלען אַ כאָר אויף זייער חשבון. גראָד האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז זייער שטענדיגער חזן, לעווינסאָן, האָט באַקומען אַן אַנדער שטעלע, איז דעריבער מיין פאָרשלאַג אָנגענומען געוואָרען בכבוד גדול. אין דער שול איז גראָד געשטאַנען אַ גוטער כאָר מיט אַ פעהיגען דיריגענט, עמערמאַן, האָב איך אים טאַקע גלייך פאַרבעטען צו זיך, כדי אַרומצוריידען דאָס פראָגראַם פאַר דעם ערשטען שבת און פאַר דעם קו־מענדיגען פסח.

מיט אַ רואיגען געוויסען, אַז איך טרעט נישט אָפּ פון מיינע פרינ־ציפּען, האָב איך זיך דעריבער געקענט גרייטען אין לאַנגען וועג אַריין.

# אַ שבת ביי ר׳ משה אהרן ווינער אין לאָדזש

ווען איך בין אָנגעקומען קיין כאַרקאָוו עטליכע טעג פאַר דער „קרעשטשענסקער יאַרמאַרקע״, האָב איך שוין דאָרט געטראָפען מיין שוואָגער דובניקאָוו, וועלכער איז אויך געקומען אייהאַנדלען סחורה. אָבער עס איז געווען אַ גרויסער אונטערשיד, ווי אַזוי די גרויסע סוחרים האָבען געקוקט אויף אונז ביידע. איך בין געווען באַוואָפענט מיט די ריכטיגע רעקאָמענדאַציע־בריוו פון מיין פעטער, וועלכען אַלע האָבען געקענט און געשעצט, און אַלע טירען זיינען געשטאַנען פאַר מיר אָפען. קרעדיט האָב איך געקענט קריגען וויפיל איך האָב נאָר אַליין געגלוסט.

גאָר אַנדערש האָט עס אויסגעזען מיט מיין שוואָגער דובניקאָוו, וועלכער איז געקומען אין נאָמען פון דער נישט גאָר קוראַנטער פירמע פון מיין שווער. צו קיין איין הויפט־פאַבריקאַנט האָט ער נישט געקענט צוקומען, ווייל ביי אַלעמען איז דער שווער געווען פאַרצייכענט ווי אַ נישט ראַיעלער צאָלער. ער איז דעריבער געווען געצוואונגען צו קויפען פון דער צווייטער און אָפטמאָל פון דער דריטער האַנט, וואָס עס האָט באַדייטענט פאַרטייערט די געקויפטע אַרטיקלען. דובניקאָוו האָט מיך געבעטען, אז איך זאָל אים רעקאָמענדירען ביי מאַנכע פון די סוחרים, וועלכע האָבען מיך גערן געזען. ווי אַ נאַאיווער אומדערפאַרענער סוחר, האָב איך דאָס גערן געטאָן. ווען איך בין אָבער אַהיימגעקומען און דערציילט וועגען דעם דעם פעטער, האָב איך געהאַט אויסצושטיין געברענטע יאָר. דער פעטער האָט געהאַלטען, אַז אַזאַ רעקאָמענדאַציע קען אַמאָל טייער קאָסטען, און הגם דאָס איז טאַקע געווען זיין שוואָגער, אָבער — געשעפט איז געשעפט.

יעדעס יאָר צו דער „יאַרמאַרקע״ פלעגט קיין כאַרקאָוו אראָפּקומען אויף פיר וואָכען דער פעטערבורגער קייזערליכער אָפּערע־טעאַטער מיט אַלע זיינע שטערן. איך האָב נישט פאַרפעלט קיין איין אָוונט איך זאָל נישט זיין אין דער אָפּערע. איך האָב געהאַט די געלעגענהייט צו הערען אַזעלכע זינגער, ווי: מעדוועדעוו, סאָבינאָוו און דאַווידאָוו פון די טענאָרען, ווינאָגראַדאָוו און טאַרטאַקאָוו פון די באַריטאָנען, און אַנטאָנאָווסקי פון די באַסען. עס איז אויך געווען אַ פרעכטיגע זינגערין מיכאַילאָוואַ. איך האָב געזען די אָפּערעס: „יעווגעני אָניעגין״, „הוגענאָטען״, „דעמאָן״, „באָריס גאָדונאָוו״ און „זשיזן זאַ צאַריאַ״.

איך מוז זאָגען, אַז דאָס האַרץ האָט אין מיר געציטערט, ווען איך האָב געהערט די דערמאָנטע זינגער. איך בין נישט געווען קיין געוויינליכער צו־שויער, וואָס גייט זען אַן אָפּערע. איך האָב מיר אין יעדער מינוט פאָרגע־שטעלט, ווי אַזוי וואָלט איך געזונגען אָט די אַריע, וואָס קלינגט אַזוי פּרעכ־טיג, ווי וואָלט עס ביי מיר אַרויסגעקומען, און צי בין איך שוין טאַקע אויף שטענדיג פאַר'משפט צו בלייבען אַ מאַנופאַקטורנער סוחר, בעת דאָס האַרץ מיינס איז אינגאַנצען פאַרזונקען אין דער וועלט פון קלאַנגען.

אָט די פינף וואָכען אין דער כאַרקאָווער אָפּערע האָבען מיך אַזוי אַרויסגעפירט פון די כלים, אַז מיט אַ גאַנץ שווער געמיט האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין צוג אויפ'ן וועג קיין לאָדזש, וואו איך האָב ווידער געדאַרפט אַריינפאַלען אין דער וועלט פון מסחרים און קרעדיטען, פון דעזיינען און מוסטערען, פון וואָלענס און קאַמגאַרען. מיין גאַנץ וועזען אין מיר האָט זיך געבונטעוועט קעגען דעם באַשלוס, אויף וועלכען איך האָב אַליין מיט מיין פרייען ווילען צוגעשטימט, אָבער וועלכער האָט מיך געווערגט און געשטיקט ביז וואַנזין.

מיין פיין איז נאָך גרעסער געווען צוליב דעם פאַקט, וואָס אין כאַרקאָוו האָב איך אונטערגעשריבען וועקסלען אויף אַ סומע פון איבער אַכט טויזענט רובעל. הייסט עס, אַז די קלעם אַרום מיין האַלז איז נאָך ענגער געוואָרען, בעל כרחי מוז איך שוין ווייטער גיין אין שפאַן און שלעפּען דעם וואָגען דאָן, ווען מיין האַרץ איז אַבסאָלוט נישט דערביי. אָבער קיין צוריק זעט זיך נישט. אַז מען שרייבט אונטער מוז מען צאָלען, און כדי עס זאָל זיין מיט וואָס צו צאָלען — מוז מען דאָך זאָרגען, אַז דאָס געשעפט זאָל גיין גוט, עס זאָל זיך לייזען און עס זאָל זיין פאַר וואָס צו לייזען. אַזוי האָט זיך געצויגען דער חד גדיא, און מיט אַזאַ שווער געמיט בין איך אָנגעקומען אין דער שטאָט לאָדזש.

צום צווייטען מאָל בין איך שוין געווען אין אָט דער געדיכט־אידישער שטאָט, און ווידער האָב איך געהאַט דאָס געפיל, ווי איך וואָלט מיך אָפּגע־טובל'ט אין אַ טיפען קוואַל פון אמת'ער איינגעוואָרצעלטער אידישקייט. אָבער עס איז נישט געווען קיין סך צייט צו פאַרלירען. איך האָב געמוזט דערליי־דיגען די גרויסע צאָל געשעפטען, וואָס איך האָב דאָ געהאַט. אַ סך האָבען מיר אַרויסגעהאָלפען דער קאָמיסיאָנער וויזעל און דער קוזין מיינער, גריגאָרי קאָוואַליעווסקי, מיט וועלכע איך האָב זיך באַקענט בעת מיין ערשטען באַזוך אין לאָדזש מיט עטליכע חדשים צוריק.

זיי האָבען מיך דער עיקר צונויפגעפירט מיט די קלענערע פאַבריקאַנטען, וואָס זיינען מאַטעריעל געשטאַנען נישט אַזוי גוט און מען האָט דעריבער געקענט קויפען ביי זיי אַ סך ביליגער, ווי ביי די גרויסע מיוחס'דיגע פאַבריקאַנטען. צו די גרויסע פאַבריקאַנטען, ווי אַ שטייגער: שייבלער און גראָמאַן, ענצעל און קוניצער, פאָזנאַנסקי א. אַ. האָבען מיר געעפענט ברייט די טיר

די רעקאָמענדאַציע־בריוו פון פעטער מאַשקאָוויטש, וועלכער האָט אויך דאָ געהאַט זעהר אַ גוטען נאָמען און אַן אומבאַגרעניצטען קרעדיט.

צווישען די גרויסע לאָדזשער פאַבריקאַנטען האָט זיך דעמאָלט אויס־געצייכענט מיט זיינע גלענצענדע אויסאַרבייטונגען אַ געוויסער משה אהרן ווינער. ער האָט פּראָדוצירט די בעסטע קאַשעמירען, אַדראַגען און אַנדערע סחורות, וואָס האָבען געהאַט אַ גרויסען אָפּגאַנג איין רוסלאַנד, און זיינע סחורות זיינען שטאַרק געזוכט געוואָרען. צו דער זעלבער צייט איז דער ר׳ משה אהרן ווינער געווען אַ העכסט פרומער איד, אַ געדער חסיד, און גלייכ־צייטיג אַ גרויסער כלל־טוער, וואָס האָט אַ סך צייט און געלט געווידמעט פאַר דעם אידישען כלל.

ר׳ משה אהרן ווינער איז געווען אַ שם דבר אין לאָדזש. ער איז געווען געאַכטעט פון דער גאַנצער שטאָט פאַר זיינע גוטע מידות און אויך פאַר דער שיינער שטוב, וואָס ער האָט געפירט. האָב איך געהאַט מזל, אַז ווען איך בין פאָרגעשטעלט געוואָרען פאַר אָט דעם שיינעם אידען, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט שוין געהערט פון מיר ווען כ׳האָב געהאַט מיין קאָנצערט אין לאָדזשער גראַנד־האָטעל און אַז עס וועט זיין פאַר אים אַ פאַרגעניגען, ווען כ׳וועל אָננעמען זיין איינלאַדונג אויף אַ שבת ביי אים אין הויז.

מיט אמת׳ער פרייד האָב איך די איינלאַדונג אָנגענומען. איך האָב שוין אַליין געבענקט נאָך אַ שטיקעל שבת און טאָקע אין דער אמת׳ער אידיש־פּוילישער אַטמאָספערע, פון וועלכער איך האָב זיך אַזוי פיל אָנגעהערט. איך בין שוין מיד געווען פון דער הענדלעריי און האָב מיר אַביסעל געוואָלט אויסרוען די נערוון ביי אַ שבת׳דיגען טיש, און טאָקע הערען דעם פּוילישען נוסח פון זמירות־זינגען, וואָס איז אַזוי אַנדערש פון אונזער וואָלינער־אוקראַינישען שטייגער.

פרייטאָג שפּעט נאָכמיטאָג איז צו מיר אין האָטעל אַריינגעקומען איינער פון ר׳ משה אהרן ווינער׳ס איידעמס און האָט מיך געבראַכט צו זיין שווער אין הויז. דאָס איז נישט געווען קיין הויז, נאָר בפירוש אַ פּאַלאַץ, אַ פּאַלאַץ פון אַ אידישען פּאַטריאַרך, אַרומגערינגעלט מיט זיין צאָלרייכען הויזגעזינד: טעכטער, שניר, זין און איידעמס, מיט דער גרויסער צאָל אייניקלעך, און אַלע אין די אידיש־פּוילישע לאַנגע קליידער. די מאַנסלייט האָבען אַלע גע־טראָגען אַטלעסענע קאַפּאָטעס, אַרומגעבונדען מיט זיידענע גאַרטלעך, און אויף די קעפּ קליינטשינקע סאַמעטענע היטלעך, פון הינטער וועלכע עס האָט נאָך אַרויסגעקוקט אַ סאַמעטענע יאַרמעלקע. די פרויען זיינען געווען גע־קליידט אין סאַמעט און אין זייד, באַהאָנגען מיט איידעלע צירונג, וואָס האָבען אָבער נישט אויפגעריסען די אויגען, ווי מיר זעען דאָס ביי די היינטיגע אויפגעקומענע גבירים.

פון דעם הויז האָט אַרויסגעשמעקט דער שבת. ער האָט אַרויסגעקוקט פון יעדען ווינקעלע און האָט אַראָפּגעשטראַלט פון יעדען פּנים. גלייך ווי איך

בין אַריבערגעטראָטען די שוועל, האָט אַ שלאָג געטאָן אויף מיר די אַטמאָס־פערע פון שײַנער דורות׳דיגער אידישקייט, וואָס גייט אַזוי זעלבסטפאַרשטענד־ליך איבער פון דור צו דור — אַ אידישקייט, וואָס מען טראָגט זי מיט פרייד און מיט כבוד, וואָס זי איז אַ יחוס און נישט קיין לאַסט; אַ ברכה, אין וועלכער מען שפּיגעלט זיך און ליובעט זיך, ווי אין אַ טייערער געליבטער.

איך בין געוואָרען גאָר אויפגערוימט און מײַן ערשטער געדאַנק איז געווען — די שטוב פון מײַן טאַטע־מאַמע, נאָר צענדליגער מאָל פאַר׳כפל׳ט צוליב דער עשירות פון דעם דאָזיגען הויז. אָבער כ׳האָב געזען דער מאַמעס ליכטיגען פּנים ביים ליכט־צינדען, אירע אויגען, וואָס האָבען געשטראַלט פאַר גליק, וואָס זי קאָן אויפנעמען דעם הייליגען שבת, ווי עס פּירט זיך ביי אידען פון דור־דורות.

אַזוי ווי עס איז שוין געווען שפּעט האָט מען מיך גלייך אַריינגעבעטען אין אַ זייטיגען צימער, וואו עס איז געשטאַנען אַן אָרון קודש און וואו עס איז שטענדיג געווען אַ מנין אום שבתים און ימים טובים. מען האָט אָפּגעדאַ־וועגט מנחה, און נאָך דער מנחה האָבען אַלע גענומען קוקען אויף מיר, ווי זיי וואָלטען מיט די בליקען מיך געבעטען, אַז איך זאָל מקבל שבת זיין. איך בין געווען אַזוי שטאַרק אונטער׳ן איינדרוק פון דער דאָזיגער מערקווירדיגער שטוב, אַז איך האָב געבעטען עמיץ אַנדערש זאָל זאָגען „לכו נרננה״ און איך וועל צוגיין צו מעריב.

דער מנין איז דערוויל געוואָרען איבערפולט. אַ חוץ דער צאָלרייכער משפּחה, האָבען זיך אויך פאַרזאַמעלט אַ סך שכנים און אויך פיל פאַרבעטענע געסט. פאַר די פרויען איז געווען אָפּגעטיילט אַ טייל צימער אונטער אַ זיידענעם פאָרהאַנג. איך בין צוגעגאַנגען צו מעריב צום עמוד און האָב גע־זאָגט „אהבת עולם״, „השכיבנו״ און „ושמרו״. גוט געשטימט בין איך געווען, איז אַרויסגעקומען עפּעס גאָר לעילה ולעילה.

דער שבת׳דיגער טיש איז עפּעס גאָר געווען מלכות׳דיג. דער הדרת פּנים פון דעם בעל הבית האָט אַראָפּגעשיינט אויף דער גאַנצער משפּחה. עס האָט זיך געפילט ביים טיש אַזאַ אידילישקייט און אַזאַ אמת׳דיגע שבת׳דיגע מנוחה ושמחה׳דיגע שטימונג, אַז איך האָב זיך גאָר אינגאַנצען פאַרגעסען, וואו איך געפין זיך. ווען מ׳האָט נאָך די פיש גענומען זינגען זמירות, האָב איך זיך נישט געלאָזט בעטען און האָב אָנגעהויבען אימפּראָוויזירען אַזוי ווי איך פלעג דאָס טאָן ביים טאַטענ׳ס טיש.

דער איינדרוק פון מײַן געזאַנג האָט געמוזט זיין גאָר שטאַרק, ווייל מיך, נאָך גאָר אַ יונגערמאַנטשיק, האָט ר׳ משה אהרן ווינער אַליין מכבד געווען מיט בענשען. ווען עס איז געקומען צו „רחם נא״, האָב איך זיך גאָר צעוואָרעמט און צעקאַטשעט: איין אימפּראָוויזאַציע איז געפלויגען נאָך דער אַנדערער; עס האָט זיך מיר גאָרנישט געוואָלט אויפהערען זאָגען און זאָגען. שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך די סעודה פאַרענדיגט און דער אָנדענק פון

דעם אויסערגעוויינליכען אָוונט אין אַזאַ עכט־חסיד׳ישער אַטמאָספערע איז מיר געבליבען אין זכרון אויף לאַנגע יאָרען.

ווען איך בין אויף דער נייער וואָך געקומען צו ר׳ משה אהרן ווינער אין קאַנטאָר אַריין האָט מען נישט געוואוסט אויף וועלכען בענקעל מיך אַוועקצוזעצען. איך בין געווען פון די געהויבענסטע קונים; מען האָט מיר געמאַכט די גרעסטע הנחות אין די פרייזען און אויסגעשטעלט די צאָלונגען אַזוי, ווי איך האָב מיר אַליין געוואונשען. און אַזוי האָב איך באַקומען שכר פאַר מיין שבת אין זיין הויז, פאַר וועלכען איך אַליין האָב אייגענטליך גע־דאַרפט דאַנקבאַר זיין, ווייל ער האָט מיר געגעבען אַ גרויסע דערהויבונג. נאָך דעם שבת האָב איך גענומען גאָר אַנדערש קוקען אויף די פוילישע אידען; איך האָב געקראָגען פאַר זיי מער דרך ארץ; איך האָב זיי בעסער פאַר־שטאַנען. איך האָב מיך איבערצייגט, אַז נאָר אַ ישוב, וואָס איז אַזוי טיף פאַרוואָרצעלט און לעבט מיט אַזאַ אייגענאַרטיגען לעבען, קען אַרויסגעבען אַזעלכע שיינע אידען און פירען אַזאַ חסיד׳יש, נגיד׳יש און אַריסטאָקראַטיש לעבען, ווי דאָס וואָס כ׳האָב געזען אין הויז פון ר׳ משה אהרן ווינער אין לאָדזש.

# איך דאַרף זאָרגען פאַר מיינע יונגערע ברידער

מיט לאָדזש אַליין האָבען זיך מיינע מסחרים נישט געענדיגט. איך האָב נאָך געהאַט צו באַארבייטען זגערזש, טאָמאַשאָוו און ביאַליסטאָק. ווען איך האָב אין וואַגאָן אויפ׳ן וועג אַהיים געמאַכט אַ חשבון פון מיינע איינקויפונגען, האָב איך געזען, אַז כ׳האָב איינגעקויפט סחורות פאַר נישט ווייניגער ווי פערציג טויזענט רובעל. דער קאָפּ האָט מיר אָוש גענומען שווינדלען, איבער נאַכט בין איך אויסגעוואָקסען צו אַזאַ גוואַלדאָוונעם סוחר, מיט אַזעלכע אומ־זאַצען, מיט וועקסלען און טערמינען. רבונו של עולם, וואו וועל איך נעמען כח און קראַפט צו באַארבייטען אַזאַ ריזיג געשעפט, מיט אַזעלכע צאָלונגען און פאַרפּליכטונגען?

און ווען איך האָב געזען, אַז די זאָרגען פון געשעפט הויבען מיך אָן צופיל צו דריקען, האָב איך אַלץ געלאָזען שטיין אין געדאַנק און בין מיר אַוועק צו מיין אַנדער וועלט, צו דער וועלט פון ניגון און אימפּראָוויזאַציע. אין וואַגאָן זיצענדיג האָב איך מיר אַזוי אָנגעהויבען פאַר זיך אונטערצוברומען מאַנכע פון מיינע אימפּראָוויזאַציעס; איך האָב מיר צורעכטגעלייגט געוויסע שטעלען אין הלל, וואָס זיינען נאָך ביי מיר געווען נישט ווי געהעריג באַ־אַרבייט, בין דאָס אַדורכגעגאַנגען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. איך האָב מיר אַזוי אונטערגעברומט דעם „ומפּני חטאינו״ פון ימים נוראים׳דיגען דאַוונען, און נאָך אַנדערע תפילות.

איך בין געשטאַנען אין מיין קופּע מיט׳ן פּנים צו די פעלדער און וועלדער, וועלכע מיר זיינען פאַרבייגעפאָרען. דער אָנבליק פון דער נאַטור האָט מיך נאָך שטאַרקער אַוועקגעטראָגען פון דערווירקליכקייט און איך האָב גאָר־נישט באַמערקט ווי מיין שטימע האָט זיך צעקלונגען העכער און העכער. ערשט מיטאַמאָל — עס הילכען אָפּ אַפּלאָדיסמענטען אין מיין קופּע. דאָס האָבען מיינע שכנים־פּאַסאַזשירען געקליבען נחת פון דער אומגעריכטער מוזיקאַלישער אונטערהאַלטונג, וועלכע איז זיי צוגעפאַלען ווי פון הימעל אַראָפּ.

ווען איך בין אַהיימגעקומען נאָך פיר וואָכען אונטערוועגס, האָט מיך דערוואַרט אַן אָנגענעמע איבערראַשונג: מיין פרוי מיט מיין קינד האָבען שוין געוואַרט אויף מיר און דאָס אין אַן אייגענער גרוימער וואוינונג, וועלכע איז אין דער צייט פון מיין אָפּוועזענהייט צוגעגרייט געוואָרען מיט אַלעם

נויטיגען. אויך די איינגעקויפטע סחורות האָבען שוין גענומען אָנקומען און איך בין פון טאָג צו טאָג אַלץ מער אַריינגעצויגען געוואָרען אין געשעפט. עס איז געוועזן ביי־יאָר צייט און גראָד האָט זיך גוט געלייזט, אַזוי, אַז איך בין געוועזן פול מיט האָפענונג, אַז איך וועל קאָנען נאָכקומען די אַלע שווערע פאַרפליכטונגען, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען.

גלייך אויפ׳ן צווייטען טאָג נאָך מיין אַהיימקומען האָב איך פאַרבעטען צו זיך דעם דיריגענט, כדי געוואויר צו ווערען וואָס ער האָט עפּעס אויפ־געטאָן פאַר די פיר וואָכען, וואָס איך בין נישט געוועזן. מיר האָבען באַשלאָ־סען צוויי מאָל אין וואָך צו האָבען פּראָבע מיט׳ן גאַנצען כאָר, כדי צוצוגרייטען דאָס פּראָגראַם פאַר׳ן קומענדען פּסח. דער דיריגענט מיט די משוררים האָט אָבער געדאַרפט האָבען פּראָבע יעדען טאָג. כאָטש דאָס געשעפט האָט גע־קאָכט און געברויזט פון אינדערפרי ביז אַרום צען ביינאַכט, אַ חוץ דעם פעטער מיט דער מומען זיינען נאָך געשטאַנען דריי פּריקאַזטשיקעס, וועלכע האָבען אַלע געהאַט פולע הענט מיט אַרבייט, — האָב איך דאָך אָפּגעמאַכט מיט מיינע געוועזענע בעלי־בתים, אַז יעדען טאָג אַרום אַכט אין אָוונט, מעג עס דונערען און בליצען, פאַרלאָז איך דאָס געשעפט און גיב מיך אָפּ מיט מיינע חזנ׳ישע געשעפטען.

אַלץ איז געגאַנגען כשורה, לויט׳ן פּלאַן. איך האָב מיר אָפּגעדאַווענט דעם פּסח און מיין אָנזען אין שטאָט און אויך אין די אויגען פון מיין פעטער איז געוואַלדיג אויסגעוואַקסען. אָבער דאָך האָט עס נישט געקאָנט פאַרמיידען, אַז די גוטע באַציהונגען צווישען מיר מיט׳ן פעטער זאָלען אָנהויבען קאַליע ווערען. סיבות פאַר דעם זיינען געווען פאַרשידענע. ערשטענס, ווי געוויינלעך, מיט עלטערע, און דערצו נאָך פאַרמעגליכע מענשען, האָבען מיין פעטער מיט מיין מומע זיך גענומען אָפּגעבען מיט צדקה־־זאַכען. דאָס הייסט, נישט זיי האָבען גענומען אַוועקשענקען גרויסע סומען געלט אויף צו פאַרלייכטערען מענשליכע נויט, אָדער אויף אָפּצואווישען אַ טרער ביי אַן אומגליקליכען. ניין, גראָד דאָ זיינען זיי געווען גאַנץ קאַרגליך און אויסגערעכענט. וואָס זשע דען? עס האָט זיי אָנגעכאַפּט דער יצר־הרע פון רוקען זיך אומעטום אויבען־אָן, פון פיגורירען אַלס „פּרעדסעדאַטעל" אין דער און יענער חברה, פון גלאַנצען אומעטום מיט זייער נאָמען.

דאָס האָט געבראַכט, אַז זיי זיינען ווייניגער געקומען אין געשעפט אַריין, לאָזענדיג דעם גאַנצען פּאַק מיט זאָרגען און פאַרפליכטונגען אויף מיינע יונגע, אומדערפאַרענע פּלייצעס. איך בין געבליבען אַליין מיט פרעמדע אָנגעשטעלטע און האָב געמוזט האַלטען אַן אויג, אַז מען זאָל מיר נישט צעטראָגען דאָס געשעפט. וועגען אָפּגעבען זיך מיט מיינע חזנ׳ישע געשעפטען האָט גאָרנישט געקאָנט זיין קיין רייד, און דאָס האָט מיך גאָר געמאַכט נערוועז. איך האָב זיך געשראָקען, אַז איך זאָל אינגאַנצען נישט איינגעשלונגען ווערען פון די טעגליכע זאָרגען, וואָס דאָס געשעפט האָט מיט זיך געבראַכט.

צו דעם איז נאָך צוגעקומען אַ ספּעציעלע זאָרג, וואָס איז מיר פאַרשאַפט געוואָרען אומווילענדיג דורך מיינע עלטערען, וועלכע האָבען, פאַרשטייט זיך, געהאַט די בעסטע כוונות, אָבער געגען זייער ווילען האָט דאָס געבראַכט, אַז די באַציאונגען צווישען מיר מיט מיינע ברוּיטגעבער זאָלען פאַרערגערט ווערען. אין דער היים ביים טאַטען זיינען נאָך מיין אוועקפאָרען געבליבען נאָך דריי יונגערע ברידער און פאַר קיינעם פון זיי האָט זיך נישט געזען קיין תכלית אין דעם קליינעם שטעטעל. האָבען די עלטערען געהאַלטען, אַז אַזוי ווי איך בין שוין ברוך השם אַ לייט אין דער וועלט מיט אַן אייגענעם געשעפט, וועט עס נישט זיין מער ווי רעכט, אַז איך זאָל דעם עלטסטען פון מיינע פאַר־בליבענע ברידער, גדליה, אַריבערנעמען צו זיך קיין יעקאַטערינאָסלאַוו און זען צו מאַכען אים פאַר אַ מענש.

עס רעדט זיך לייכטער ווי עס טוט זיך. איך האָב, פאַרשטייט זיך, מיינע עלטערען נישט געקאָנט אָפּזאָגען און מיין ברודער איז צו מיר אַריבערגעקומען. איך האָב מיר געטראַכט: עס איז שטענדיג גוט צו האָבען אַן אייגענעם מענ־שען אין געשעפט. אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מיין ברודער האָט נישט געהאַט קיין שום פעהיגקייטען פאַר געשעפט. עס איז אים פשוט נישט געקראָכען אין קאָפּ אַריין. דערפאַר האָט ער געטראַכט ווי אַזוי אויסצופּוצען זיך וואָס שענער. אַ שיינער יונג איז ער געווען, האָט ער גאָר אָנגעהויבען טראַכטען ווי אַזוי געפעלען צו ווערען אַ לייטיש מיידעל און צו טאָן אַ שידוך.

דאָ מוז איך דערציילען אַ מעשה אין אַ מעשה. אַזוי ווי מיין פעטער האָט נישט געהאַט קיין קינדער, האָט ער גענומען צו זיך אין הויז אַריין אַ יתומה, אַ מיידעל פון אַ יאָר פופצען, וואָס האָט געשטאַמט פון עפּעס אַ וויטען קרוב. דאָס איז געווען גאָר אַ פיין קינד, קלוג און סימפּאַטיש, און מיין ברודער, אָט דער פוסטער קאָפּ, האָט געוואָרפען אַן אויג אויף אָט דעם מיידעל, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זי איז נאָך געווען אַ קינד. ער האָט אָנגעהויבען אַרומגיין שפּאַצירען מיט איר, און דער פעטער מיט דער מומען האָבען גלייך פון אָנהויב אָן געקוקט קרום אויף דער גאַנצער זאַך. און דער גאַנצער כעס איז אויסגעגאַנגען צו מיין קאָפּ.

איינמאָל איז מיין ברודער געקומען צו מיר און געזאָגט, אַז אַזוי ווי ער האָט זיך געלאָזט אויפנייען אַ נייעם פוטערנעם מאַנטעל מיט אַ קאַראַקולענעם קאָלנער, וואָלט גוט געווען, ווען ער האָט אויך אַ קאַראַקולענע היטעל, כדי עס זאָל זיין אַ גאַנצער גאַרניטור. ער איז געווען זיכער, אַז ווען ער וועט האָבען אַ קאַראַקולענע היטעל, וועט דאָס זיין אַ זיכערע סגולה פאַר אַ שידוך, און אפשר אויך וועט די יתומה ביים פעטער אין הויז נעמען קוקען אַנדערש אויף אים אין דעם היטעל און עס וועט דאָך קומען צו אַ שידוך.

ווען איך האָב געזען, אַז מיין ברודער ברענט אַזוי צו דעם היטעל, האָב איך געפרעגט וויפיל דאָס דאַרף קאָסטען. איך האָב געהאַלטען, אַז צוליב אַ נאַריש היטעל טאָר איך נישט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט

פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון מיין ברודער. איך האָב אים געגעבען די פֿינף און צוואַנציג רובעל, וואָס דאָס היטעל האָט געדאַרפֿט קאָסטען, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען דער אמת׳ער גיהנום פֿאַר מיר. ווענען דעם איז געוואויר געוואָרען דער פֿעטער מיט דער מומען, זיינען זיי אַרויס מיט יענעם געוואַלד:

— דו ווייסט, טייערער פּלימעניק, — איז אַרויס די מומע מיט לשון, — אויב דו וועסט זיך אַזוי וואַרפֿען מיט פֿינף און צוואַנציגערס אויף רעכטס און לינקס, וועסטו לאַנג נישט אַנטרייבען מיט דעם געשעפֿט, וואָס מיר האָבען דיר איבערגעגעבען. דו דאַרפֿסט וויסען זיין, אַז ווען מיר האָבען שוין געהאַט אַ פֿאַרמעגען פֿון פֿופֿציג טויזענט רובעל האָט זיך אויך דיין פֿעטער נישט פֿאַרגינט צו קויפֿען זיך אַזאַ היטעל נישט נאָר פֿאַר פֿינף און צוואַנציג רובעל, נאָר אַפֿילו נישט פֿאַר צען רובעל.

און דאָ האָט זי זיך גענומען צו מיין ברודער: — וואָס הייסט עס עפּעס אַ יונגערמאַן, וואָס קאָן קיין צוויי נישט ציילען, וואָס ווייס נאָך נישט ווי מען פֿאַרדינט אַ קערבעל, נעמט און פּטר׳ט אויף זיך אַזויפֿיל געלט? דאָס איז דאָך אַ טויגעניכטס און אַ ליידיגגייער, אַן אומגליק פֿאַר דער משפּחה. זאָל ער גלייך פֿאַרלאָזען מיין הויז און מיין געשעפֿט. איך וויל אים מער פֿאַר די אויגען נישט זען!

איך האָב דערפֿילט אַ ביטערען טעם אין מויל. איך האָב געזען, אַז איך בין דער זעלבער אָפּהענגיגער מענש, וואָס איך בין פֿריער געווען ביי מיין שווער, און אַז עס איז געווען בלויז אַן איינרעדעניש, אַז מיט׳ן אַראָפּגיין פֿאַר זיך וועל איך ווערען דער בעל־הבית איבער זיך אַליין. איך האָב אָפּגע־ווישט דאָס מויל און גאָרנישט געענטפֿערט. געגען דעם ווילען פֿון דעם פֿעטער האָב איך פֿאַרהאַלטען ביי זיך דעם ברודער ביז איבער די ימים־טובים, דערנאָך איז ער אַהיימגעפֿאָרען, ווייל גראָד איז געקומען די צייט, ווען ער האָט זיך געדאַרפֿט שטעלען צום פּריזיוו.

אָבער די באַציאונגען צווישען מיר מיט דעם פֿעטער זיינען שוין געוואָרען גאַנץ אָנגעשטרענגטע. אין געשעפֿט האָבען זיי זיך געמישט וואָס אַמאָל ווייניגער, דאָס הייסט, געמישט האָבען זיי זיך, נאָר אַרבייטען האָבען זיי מער נישט געוואָלט, אַוועקגעבענדיג זייער גאַנצע צייט פֿאַר די פֿאַרשידענע „בלאַגאָ־טוואָריטעלנע״ חברות. מיר איז געפֿאַלען אין קאָפּ אַריין די גאַנצע זאָרג פֿון צאָלען די חובות און פֿון היטען, אַז די פֿרעמדע אָנגעשטעלטע זאָלען מיך נישט באַ׳גנב׳ענען. וואָס אַמאָל שווערער איז מיר אָנגעקומען איינצוהאַלטען מיין „צוויטען פֿראַנט״, דעם פֿראָנט פֿון חזנות, ווערלכער איז מיר אויף קיין איין מינוט אין מעת־לעת נישט אַרויס פֿון קאָפּ, און וועלכען איך האָב כסדר באַטראַכט פֿאַר דעם וויכטיגסטען טייל פֿון מיין לעבען.

ווי שווער דאָס איז מיר נישט אָנגעקומען, האָב איך דאָך אָפּגעהיט, אַז מיין דיריגענט זאָל אָפּהאַלטען כסדר׳דיגע פּראָבען מיט׳ן כאָר, און ווי ווייט דאָס איז געווען מעגליך — האָב איך אַליין בייגעוואוינט די רעפּעטיציעס.

איך האָב זיי געגעבען איינצושטודירען מיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע איך האָב, וואָס אַן אמת, אין די געגעבענע באַדינגונגען פון זיין פאַרנומען מיט דער קראָם נישט געקאָנט געניטער באַאַרבייטען, אָבער ווען איך האָב געהערט ווי דער כאָר זינגט זיי, איז מיר דאָך צוגעקומען אַ שטיק האַרץ. דעמאָלט האָב איך פאַרגעסען אין דער גאַנצער שווערער ווירקליכקייט, וואָס האָט מיך אַרומגערינגעלט, און האָב זיך, זאָל זיין אויף אַ קורצער ווילע, ווידער אַוועקגעטראָגען אין דער וועלט פון חלומות, אין דער וועלט פון שעפערישקייט און דערפינדונג אויפ׳ן געביט פון נגינה, וואָס האָט מיך געזעטיגט און געקרעפטיגט ביי יעדער געלעגענהייט, ווען נאָר איך האָב זיך געקאָנט דערמיט אָפּגעבען.

## דער ערשטער גבאי, וואָס וויל זיין אַ תקיף לגבי מיר

טאָמער האָב איך זיך נאָך ווייניג אָנגעליטען מיט מיין ברודער גדליה, וועלכען דער טאַטע האָט מיר איבערגעגעבען אויף צו מאַכען פאַר אַ „מענשען", האָט מיך גאָר איננגיכען דערוואַרט אַ פרישע צרה. דער צווייטער ברודער אין דער ריי, בערל, אָדער באַריס, ווי מען האָט אים גערופען, האָט אויך געדאַרפט אַ תכלית נויטיג ווי דאָס לעבען. און ווער זאָל זיין דער תכלית־געבער, אויב נישט איך, דער „אַרויפגעאַרבייטער", אַז אָך און ווי איז געווען צו מיין אַרויפגעאַרבייטקייט. אָבער פון דער ווייטענס האָט עס אויסגעזען, אַז איך בין דער גליקליכסטער מענש אין דער וועלט און אַז איך בין אַזאַ כישופ'־מאַכער, אַז איך קאָן מיט אַ לייכטער האַנט פאַרזאָרגען מיט פרנסות מיין גאַנצע משפחה.

דער דערמאָנטער ברודער מיינער, בערל, איז געווען גאָר אַ באַזונדערער טיפּ, וואָס האָט זיך אינגאַנצען אונטערגעשיידעט פון זיין עלטערען ברודער, גדליה. דאָס איז געווען אַ פאַנטאַסטישער יונגערמאַן, וואָס איז שטענדיג אַרומגעגאַנגען מיט מאָדנע חלומות. אָבער די דאָזיגע חלומות האָבען געהאַט אין זיך אַ געוויסע שיינקייט, זיי זיינען געווען פאַרבונדען מיט דער אָרדענונג אויף דער וועלט, מיט דער אומגערעכטיגקייט, וואָס ווערט געטאָן צו די מענשען דורך זייערע אייגענע ברידער און מיט זיין יונגען שכל האָט ער געזוכט, ווי אַזוי מען קען די אַלע עוולות פאַרמיידען. ער האָט שוין געוואוסט פון די אַלע ביכלעך, וואָס האָבען דעמאָלט אָנגעהויבען צו קורסירען צווישען דער יוגענט און אין וועלכע עס האָט זיך גערעדט וועגען דעם, אַז מען קאָן בויען אַ בעסערע וועלט.

איך האָב געפילט אַ געוואַלדיגע פאַראַנטוואָרטליכקייט לגבי מיין קהלה, דערפאַר האָב איך געווידמעט פיל מער צייט אויף רעפּעטיציעס מיט'ן כאָר און האָב זיך מער באַשעפטיגט מיט דעם ברענגען אין אָרדענונג מיינע אייגענע אימפּראָוויזאַציעס. איך האָב אויך איינשטודירט פאַרשידענע רעטשיטאַטיווען פון באַקאַנטע גרויסע חזנים. שוין דעמאָלט, ביים סאַמע שוועל פון מיין חזנ'ישער קאַריערע, האָב איך עס מיר געמאַכט פאַר אַ פּרינציפּ, אַז טאָמער וועט מיר טאַקע באַשערט זיין אין מיין לעבען זיך מפרנס צו זיין פון חזנות — זאָל איך אַליין זיין דער בעל הבית איבער זיך און קיינעם וועל איך נישט דערלויבען זיך אַריינצומישען און אַריינצורעדען און צו זאָגען דעות אין די פראַגען, וואָס זיינען נוגע מיין קאַנטאָרען־פאַך.

זיינען מיר דאָך אָבער אחינו בני ישראל, וואו יעדער איינער האָט ליב צו ווייזען, אַז ער איז אַ גרויסער מבין, און נישט אַזוי ווייט אַ מבין, ווי אַ בעל הבית, וואָס האָט די דעה (אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט די מאה), און וואו יעדער איינער, וואָס האָט נאָר עפּעס אַ שטיקעל „טשין", וויל גלייך הערשען, ווייזען, אַז די גאַנצע מאַכט איז ביי אים — האָב איך אָבער פון מיין פריעסטער יוגענט אָן באַשלאָסען, אַז ביי מיר וועלען די זאַכען נישט גיין. איך וועל אַליין זיין בעל הבית איבער זיך. איז טאַקע גלייך ביי מיין ערשטער חזנ׳ישער שטעלע געקומען צו אַ קאָנפליקט צווישען מיר און דעם גבאי. און אפשר מיינט איר צוליב געוואַלדיגע זאַכען? האָט איר, במחילה, אַ טעות, פּראָסט און פשוט, צוליב דער עקשנות פון קליינליכע מענשען.

איינמאָל, ווען איך האָב געדאַווענט אַ שבת׳דיגען מוסף, איז צו מיר צו־געקומען דער גבאי פון דער סאָלדאַטסקער שוהל, דער אויבען דערמאָנטער שאַוועלזאָן, און האָט מיר מיט דעם טאָן פון אַ בעל הבית אַ זאָג געטאָן, אַז איך זאָל זינגען אַ געוויסען „מודים אנחנו לך", וועלכען איך האָב געהאַט געזונגען אַ שבת פריער. דער סאַמע אופן פון געבען מיר עצות, וואָס צו זינגען, איז מיר נישט געפעלען געוואָרען. דאָך האָב איך איידעל געענטפערט, אַז אַזוי ווי דעם „מודים" האָב איך געזונגען יענעם שבת, האָב איך פאַר דעם שבת צוגעגרייט אַ נייע קאָמפּאָזיציע.

דעם גבאי מיינעם איז מיין ענטפער נישט געפעלען געוואָרען און הינטער מיינע פּלייצעס האָט ער זיך געווענדעט צום דיריגענט פון כאָר, אַז ער זאָל זינגען דעם „מודים". מיין דיריגענט איז געווען אַ שוואַך מענשעלע, אַ דאַרס און אַ מאַגערס, אַ נעבעכדיגער און דערשראָקענער, טאָ ווי האָט ער גאָר געקענט האָבען די דרייסטקייט אָפּצוזאָגען, ווען דער גבאי אַליין ווענדעט זיך צו אים. האָט ער אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ אויף יאָ, אַז ער וועט זינגען. און גלייכצייטיג האָט ער געוואָרפען אַ בליק צו מיר, וואָס איך זאָג. איך האָב אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ אויף ניין.

עס איז גראָד געווען אַ שבת מברכים. האָב איך געזאָגט אַליין דעם גאַנצען „יהי רצון" און „וחדשהו" אָן כאָר און איך האָב געזען, אַז דער עולם לעקט די פינגער. האָב איך מיר געטראַכט: וואַרט, גבאי, דו וועסט זיך ביי מיר אויסריכטען פאַר וועלען זיין אַ תקיף לגבי מיר. נאָך דער שטילער שמונה עשרה און „תכנת שבת", ווען איך בין געקומען צו „רצה", איז שאַוועלזאָן ווידער צוגעגאַנגען צום דיריגענט און דאָס מאָל אים בפירוש באַפוילען צו זינגען „מודים". אַזוי ווי איך האָב נישט געקענט מפסיק זיין אין מיטען דאַווענען, האָב איך ווידער אַ מאַך געטאָן מיט׳ן קאָפּ צום דיריגענט אויף „ניין". דאָ איז דער גבאי שוין אינגאַנצען אַרויס פון די כלים און האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט׳ן האַנט אין טיש פון באַלעמער. עס איז געוואָרען אַ טומעל אין שול, איך האָב זיך נישט וויסענדיג געמאַכט און האָב פאַרענדיגט די שמונה עשרה.

דאָן האָב איך זיך אויסגעדרייט צום עולם און האָב אים רוהיג דערקלערט, אַז אַזוי ווי עס איז שבת מברכים און עס איז פאַראַן אַזוי פיל צו זינגען און צו זאָגען, האָב איך איינגעפונען, אַז מען קען איינמאָל אויסלאָזען דעם „מודים״ און מען וועט אים זינגען אַ צווייטען שבת. דער גאַנצער עולם מתפללים האָט מיר געגעבען גערעכט, אָבער דער גבאי, וואָס האָט געקוקט אויף זיך ווי אויף אַ קייסער, האָט גענומען געוואַלדעווען און האָט אין דעם הייסען מאָמענט אַ זאָג געטאָן עפּעס אַ נישט שיין וואָרט.

איך בין שוין דעמאָלט געווען פון די, וואָס האָבען נישט ליב צו פאַר־שווייגען, האָב איך תיכף פאַרלאַנגט, אַז דער גבאי זאָל זיך בפני כל עם ועדה אַנטשולדיגען פאַר מיר, אָדער ער זאָל גלייך פאַרלאָזען די שוהל. דער טומעל אין שוהל איז געוואָרען נאָך גרעסער. די מערהייט אידען האָט געהאַלטען, אַז איך בין גערעכט, אויסער די עטליכע אונטערהעלפערס פון דעם גבאי, וואָס זיינען געווען אַזעלכע תקיפים, ווי ער אַליין. אַזוי ווי איבערבעטען מיך האָט דער גבאי נישט געוואָלט, האָט ער פאַרלאָזט די שוהל.

שבת צונאַכטס, גלייך נאָך דער הבדלה, זיינען געקומען צו מיר דריי אידען אין נאָמען פון גבאי, אַז מען זאָל זיך איבערבעטען. איך האָב זיי דער־קלערט, אַז דערוויל בין איך בלויז אַ חזן, וואָס דאַווענט אַן געלט, און אויב דער גבאי קען זיך דערלויבען אַזוי צו האַנדלען געגען מיר, טאָ ווי וועט שוין זיין, ווען איך וועל זיין אַ חזן מיט לוין, וועט מען דאָך דעמאָלט איב־גאַנצען מיך טרעטען מיט די פיס.

דער דאָזיגער שאַוועלזאָן איז געווען אַ גאַנץ פּראָסטער איד, וואָס האָט זיך אָבער אויסגעצייכענט מיט אַ גוט אידיש האַרץ און האָט געגעבען צדקה מיט אַ ברייטער האַנט. ער איז געווען אַן עקספּעדיטאָר מיט אַ גרויסער צאָל לאַסטוועגענער און פערד און ער האָט געפירט די סחורות פון די שטאָטישע סוחרים פון באַן און פון די שיפען. קיין אָרעמאַן איז ער נישט געווען, ווייל אין אַלע צייטען פירט זיך, אַז קיין אָרעמאַן מאַכט מען נישט פאַר קיין גבאי, האָט ער גע׳חלש׳ט נאָך אַביסעל כבוד און האָט זיך דערפאַר געלאָזט קאָסטען פאַר פאַרשידענע חברות. דאָס פאַרלירען די שטעלע פון גבאי אין דער סאָלדאַטסקער שוהל וואָלט געווען פאַר אים שיעור נישט אַ טויט־קלאַפּ, האָט ער דעריבער געזוכט צו פאַררייבען דעם אינצידענט, בפרט ווען ער האָט געזען, אַז די גאַנצע שוהל אידען איז געווען געגען אים.

סוף כל סוף איז ער אַליין אַריבערגעקומען און האָט זיך אַנטשולדיגט פאַר מיר. איך האָב אים ערקלערט, אַז מיר קענען בלייבען אויף ווייטער גוטע פריינד, אָבער איך צווייפעל, צי איך וועל קענען בלייבען חזן ביי זיי אויף ווייטער. גראָד איז מיר אונטערגעקומען אַן אָנבאָט פון אַן אַנדער שוהל אין יעקאַטערינאָסלאַוו און כ׳האָב מיך געקענט האַלטען אין גרויסען. ווען שאַוועלזאָן האָט דערהערט די ווערטער — איז ער געוואָרען געל און גרין, איך האָב געמיינט, אַז דער איד וועט נישט אויסהאַלטען די קלעמעניש, וואָס

מיינע רייד האָבען אים פאַרשאַפט. דאָס האָט באַדייט נישט ווינציגער, ווי אויפגעבען דעם אַמט פון גבאי.

נאָר מיר זיינען דאָך עפּעס אידישע גזלנים, איז מען דורכגעקומען און איך בין געבליבען אויף נאָך אַ יאָר. דאָס מאָל האָט מען מיר שוין באַשטימט אַ לוין: אַכט הונדערט רובעל אַ יאָר. איך האָב געפילט אַ גרויסע אחריות לגבי מיין אַמט, און דעריבער איז עס מיר נאָך שווערער אָנגעקומען איינצוהאַלטען דיביידע פּראָנטען: אי זיין אַ גרויסער סוחר מיט געוואַלדיגע פאַראַנטוואָרטליכקייטען און געלט־פּליכטען לגבי פרעמדע מענשען, און אי זיין אַ חזן פאַר מיין קהלה, וואָס דאָס איז אויך געווען פאַרבונדען מיט נישט קיין קליינע פליכטען.

צום יאָר האָט מיר מיין פרוי געבוירען דאָס דריטע קינד, דאָס מאָל אַ אינגעל, וועמען מיר האָבען אַ נאָמען געגעבען דוב, אָדער בערל אויף אידיש. דער עול פון פּרנסה איז נאָך גרעסער געוואָרען. די שטוב איז פול געוואָרען מיט אַמען, ניאַניעס און דינסטען און עס איז דאָרט געווען אַ שטענדיגער יאַריד. איך האָב שוין אַפילו נישט געקענט חלומ'ען, אַז איך זאָל מיך קענען אָפּשליסען אַמאָל אויף אַ שעה און פאַרטיפען זיך אין מיינע נגונים און מעלאָדיעס, ווי איך האָב דאָס אַזוי ליב געהאַט צו טאָן זינט איך בין צוריקגעקומען פון ווין.

איך בין אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ הינער־פּלעט. איך בין שוין נישט געגאַנגען, נאָר עס האָט מיך געטראָגען פון געשעפט צום כאָר און פון כאָר צוריק צום געשעפט. און ווען איך בין שוין ענדליך אַהיימגעקומען און האָב גע'חלומט זיך אַביסעל אויסצורוען — האָט מיך באַגעגענט דער הו־האַ פון די דריי קינדערלעך, זאָלען געזונט זיין, מיט די כל'ערליי דינסטען, וואָס האָבען זיך נאָר געהאַלטען אין איין אַרומרייסען צווישען זיך, און איך האָב געמיינט, אַז איך וועל אינגאַנצען פון זינען אַראָפּ.

דער סוף איז געווען, אַז מיינע נערווען האָבען נישט אויסגעהאַלטען, איך בין געפאַלען פון די כחות און האָב זיך געמוזט אָנהויבען דאָקטערען. צו דער גלייכער צייט האָב איך דערשפּירט, אַז די שטימע דינט מיר ווייניגער, ווי פריער. בעת'ן דאַוונען האָט איך געפילט, אַז איך מוז מיך שטאַרק אָנשטרענגען, די ברוסט איז מיר כסדר געווען פאַרקאַטערט און פאַרשליימט פון דעם געוואַלדיגען רויכערען. איין דאָקטאָר האָט געראַטען, אַז איך מוז גלייך אָפּפאָרען קיין קאַרלסבאַד, כדי צו ראַטעווען דאָס געזונט. אָבער גיי פאָר אין די וואַרעם־בעדער, אַז דאָ הענגט אויף דיר אַזאַ שווער פּעקעל מיט כל־־ערליי זאָרגען און פליכטען: פאַר קהל, פאַר דעם געשעפט און פאַר דעם אייגענעם הויז־געזינד.

אַזוי ווי דאָס געשעפט האָט געפאָדערט איך זאָל זיך אַרויסלאָזען איבער די גרויסע שטעט, ווי: מאָסקווע, כאַרקאָוו, לאָדזש און ביאַליסטאָק, כדי צו מאַכען די געהעריגע איינקויפונגען צום אָנקומענדען ווינטער־סעזאָן, איז

באַשלאָסען געוואָרען צונויפצובינדען די נסיעה מיט אַ שפרונג אַראָפּ קיין קאַרלסבאַד אויף אַ חודש צייט, כדי אויסצורוען די נערווען און אָנצושעפּען זיך מיט פרישע כחות כדי ווייטער צו קענען טראָגען דעם עול, וואָס איז געלעגען אויף מיינע יונגע פּלייצעס. סוף זומער 1902 בין איך אַזוי אַרום אָנגעקומען אין דעם באַרימטען קור־אָרט, וואָס איז שוין דעמאָלט פול געווען מיט כל׳ערליי גוטע אידען מיט פאַרשידענע מיחוש׳ן און מיט סתם אידען אין פלושענע קאָפּעלושען מיט לאַנגע בעקעשעס, וואָס זיינען אַראָפּגעפּאָרען אַהער פון די שטעטלעך אין פוילען און גאַליציען, כדי צו דערקוויקען זיך מיט דעם קוואַל־וואַסער, וואָס איז געווען אַ סגולה צו אַלערליי חלאת׳ן אין דער וועלט.

# מען גנב׳עט ביי מיר אַוועק די משוררים

קאַרלסבאַד האָט דעמאָלט אָפיציעל געהערט צו דעם קייזער פראַנץ יאָזעפ׳ס מדינה, אָבער מיט אַ רואיג געוויסען האָט איר געקענט זאָגען, אַז דאָס איז אַ אידישע מדינה. מען האָט גאָר פשוט נישט געזען קיין גוי פאַר די אויגען. וואו איר זענט געגאַנגען און וואו איר זענט געשטאַנען האָט איר געזען אידען מיט די טעפּעלעך אין די הענט און מיט די שטרויעלעך, דורך וועלכע זיי האָבען געזופּט אין זיך די דערקוויקענדיגע וואַסער.

נאָר טאָמער האָט איר געטראַכט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק ישראל איז, חלילה, קראַנק געוואָרען און איז געקומען אַהער זיך היילען, האָט איר, במחילה, געמאַכט אַ טעות. עס איז פשוט געווען אין גוטען טאָן אין די נגיד׳ישע הייזער פון רוסלאַנד, פּוילען, דייטשלאַנד און רומעניע אַרויסצופאָרען זומער־צייט אין די וואַרעם־־בעדער. און מ׳האָט טאַקע אָפּט מיטגענומען די דערוואַקסענע טעכ־טער, ווער ווייס, אפשר רוקט זיך אונטער עפּעס אַ לייטישער שידוך.

און צוזאַמען מיט רבנים, גוטע אידען און סתם שיינע בעלי בתים זיינען אויך געקומען קיין קאַרלסבאַד חזנים. איך האָב זיך דאָרט באַקענט מיט חזנים פון אונגאַרן, דייטשלאַנד, רומעניע און פון וואַנעט נישט. דער קאַרלסבאַדער חזן, גאָלדענבערג, האָט געהאַלטען פאַר זיין פליכט צו זיין דער מכניס אורח פון די געקומענע חזנים און ביי אים אין שטוב זיינען מיר זיך אַלע צוזאַמענ־געקומען און ווי דער שטייגער איז האָט יעדער געהאַלטען פאַר פּאַסיג צו ווייזען וואָס ער קען, וואָס פאַר אַן אייגענאַרטיגען שטייגער אין חזנות ער ברענגט מיט זיך. איך וואָלט געזאָגט אַ ליגען, ווען איך וואָלט עמיצען געוואָלט איינריידען, אַז איך האָב מיך דאָרט געהאַט צו שעמען פאַר ווער עס איז.

אויף צומאָרגענס נאָך אַזאַ באַזוך ביים חזן גאָלדענבערג אין הויז, איז ער געקומען צו מיר אין האָטעל און האָט מיך גענומען אויף אַ שפּאַציר־גאַנג. נישט זאָגענדיג מיר קיין זאַך, האָט ער מיך אַריינגעפירט צום דירעקטאָר פון דער קור־פאַרוואַלטונג. ער האָט מיך פאָרגעשטעלט, ווי אַ באַרימטען זינגער, וואָס עס איז געווען נישט אמת. אָבער געטאָן האָט ער דאָס מסתמא דערפאַר, וואָס ער איז נישט געווען דרייסט צו זאָגען, אַז איך בין אַ קאַנ־טאָר, אָדער אפשר האָט דער דייטש, דער דירעקטאָר, גאָר נישט געוואוסט וואָס דאָס איז אַזוינס אַ חזן.

מיט איין וואָרט, איך האָב געזונגען אין גרויסען קאָנצערט־זאַל פון דער קאַרלסבאַדער קור־פאַרוואַלטונג און איך מוז זיך מודה זיין, אַז נישט געקוקט אויף דער גרויסער רעקלאַמע, וואָס איז געמאַכט געוואָרען, איז דער קאָנ־צערט נישט געווען קיין באַזונדערער ערפאָלג אין מאַטעריעלען זין. נאָך אַלע אַראָפּרעכענונגען און נאָכ׳ן אַראָפּנעמען אַ העלפט פאַר דער קור־פאַרוואַלטונג, איז מיר געבליבען עפּעס אַ זעכציג קראָנען, אָדער אַ ניין און צוואַנציג דאָלאַר. איך דערקלער דאָס בלויז דערמיט, וואָס איך האָב געזונגען אַ וועלט־ליכען רעפּערטואַר פון שובערט־־לידער און אַריעס פון „יעווגעני אָניעגין״. ווען די אידען אין קאַרלסבאַד הערען אָבער, אַז א יונגער חזן זינגט פון דעם אַלטען אידישען נגינה־אוצר, בין איך זיכער, אַז עס וואָלט נישט געווען קיין פרייער פלאַץ אין זאַל.

און עס איז טאַקע געפּלאַנט געוואָרען אַזאַ צווייטער קאָנצערט פון ריין ליטורגישער מוזיק. און דאָס מאָל איז שוין די דירעקציע גרייט געווען מיר צו גאַראַנטירען אַ מינימום פון 150 קראָנען, אָבער דאָ איז פּלוצלונג אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון דער היים, אַז איך זאָל תיכף ומיד קומען צופאָרען. איך האָב אַלץ געמוזט לאָזען שטיין און שנעל קלייבען זיך אין וועג אַריין. איך האָב אָבער באַוויזען פאַר די פיר וואָכען פון מיין פאַרברענגען אין דעם דאָזיגען פּרעכטיגען קור־אָרט צוריקצוקומען צו די כחות און זיך אָפּפרישען, ווי אַ ניי־געבוירענער.

אין דער היים האָט מיך אָפּגעוואַרט אַ גאַנץ שפּאָרער פּעקעל צרות: קודם כל איז מיין פרוי, וועלכע האָט זיך געריכט אין פערטען קימפעט אַריין, שווער קראַנק געווען. ווייטער איז די לאַגע אין געשעפט געווען גאָר אָנ־געצויגען. אין פאַרלויף פון די זומער־חדשים האָט זיך שוואַך געלייזט און די טערמינען צו צאָלען די אויסגעשטעלטע וועקסלען זיינען דערווייל געלאָפען. דער שוועד איז אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטער און דער פעטער מאָשקאָ־וויטש האָט זיך געבלאָזען ווי אַן אינדיק, ווייל ער האָט געדאַרפט אויסבאָרגען אין געשעפט אַריין עטליכע טויזענט רובעל, אויף איבערצושטופען דעם טויטען סעזאָן.

די גרעסטע איבעראַשונג האָט מיך אָבער אָפּגעוואַרט פון מיין דיריגענט, וועלכער איז גלייך אויף צומאָרגענס נאָך מיין קומען געקומען צו לויפען אַ פאַרסאָפּעטער און האָט זיך באַקלאָגט, אַז אַ גרויסער אומגליק האָט אים געטראָפען: מען האָט ביי אונז צוגע׳גנב׳עט דעם בעסטען באַס און דעם בעסטען אַלט, און מיר שטייען פאַר דער סכנה צו די קומענדיגע ימים נוראים נישט צו האָבען קיין כאָר ווי עס דאַרף צו זיין.

אין יענע צייטען איז עס געווען אַן אָנגענומענע זאַך, אַז אַ פּאָר חדשים פאַר די ימים נוראים האָבען זיך חזנים און דיריגענטען אַרויסגעלאָזט איבער דער מדינה, כדי אָוועקצו׳לקח׳ענען איינער ביים צווייטען די בעסטע שטימען פון כאָר, און דער עיקר די סאָליסטלעך צווישען דעם קליינוואַרג. מען האָט

דעם טאַטען פון אַזאַ יאַטעל אַריינגערוקט אין יד אַריין עטליכע צענדליג רובעל, מען האָט דעם בחור אַרויפגעזעצט אויף אַ פור און אַוועקגעפירט צום נייעם בעל הבית אויף איבער די ימים טובים. און די זעלבע געשיכטע האָט געטראָפען מיט מיין שלי׳מזל׳דיגען דיריגענט פאַר דער צייט, וואָס איך האָב זיך דאָרט געקוויקט מיט׳ן קאַרלסבאַדער „שפרודעל״.

און טאָמער איז דאָס אַלץ נאָך געווען ווייניג, האָבען זיך אין זעלבען טאָג געמאָלדען צו מיר די איבערגעבליבענע, נישט אויסגעכאַפּטע, משוררים, די אַלע טענאָרען און באַסען, און האָבען אַרויסגעשטעלט פאָדערונגען צו העכערען די „זשאַלאָוואַניע״ און אַ דאָפּעלטען געצאָלט פאַר דעם ימים־נוראים חודש. עס האָט זיך דערנענטערט זייער סעזאָן און זיי האָבען זיך געפילט אין גרויסען, ווייל אָן זיי ווער מען דאָך נישט קענען צוגיין צום עמוד. זיי האָבען באַלאַגערט דאָס געשעפט, נישט אַריינלאָזענדיג קיין קונה, און וואָס פאַר אַ צרות איך בין צוליב דעם אויסגעשטאַנען פון מיין פעטער איז איבעריג צו דערציילען. אָט אַזאַ ברוך הבא האָב איך באַקומען גלייך ווי איך האָב איבערגעטראָטען די שוועל פון יעקאַטערינאָסלאַוו.

די גאַנצע קאַרלסבאַדער קוראַציע מיינע איז מיר גלייך אויסגערונען געוואָרען. אָבער איך האָב מיך קיינמאָל נישט פאַרלוירען, ווען עס האָבען געלאַסטעט אויף מיר שווערע זאָרגען. איך בין סיסטעמאַטיש געגאַנגען פון איין צרה צו דער אַנדערער און האָב זיך באַמיט אַלץ אויסצוגלייכען. קודם כל האָב איך געזען, אַז מיין פרוי זאָל וואָס שנעלער געזונט ווערען. איך מוז זאָגען, אַז שוין בלויז דער פאַקט פון מיין אַהיימקומען האָט אויף איר גע־ווירקט צום גוטען. דאַן האָב איך ערלעדיגט מיט די צאָלונגען אין די בענק און אַלץ איבערגערוקט אויפ׳ן הערבסט־סעזאָן, האָפענדיג, אַז נאָך דעם גוטען שניט דאָס יאָר וועט זיך גוט לייזען.

דאָס שווערסטע פּראָבלעם איז געווען דער כאָר, וואָס איז מיר צעפאָרען געוואָרען. ווען איך בין אַוועק צו מיינע גבאים און האָב זיי ערקלערט מיין ביטערע לאַגע, האָבען זיי נישט געוואָלט הערען וועגען דעקען די נייע הוצאות. ערשטענס, האָבען זיי גע׳טענה׳ט, אַז זייער בודזשעט איז שוין אַזוי אויך איבערגעלאָדען, און ווידער, האָבען זיי געזאָגט, ווי אַלע גבאים און שול־פּרעזי־דענטען זאָגען דאָס געוויינליך: דער עיקר זענט איר דאָך פאַר אונז, חזן קוואַרטין, דעם כאָר דאַרפט איר דאָך האָבען פאַר זיך, טאָ ברעכט איר זיך דעם קאָפּ.

דער אויסגעמאַגערטער דיריגענט האָט מיך לעבען נישט געלאָזט: וואָס וועט זיין מיט די צוגע׳גנב׳עטע משוררים? אַ חוץ דעם האָט ער אָנגעשיקט אויף מיר די רעשט אינגלעך, וועלכע זיינען אַ גאַנצען טאָג נישט אָפּגעטראָ־טען פון דער קראָם און געפאָדערט די הוספה צו זייער לוין. דער דיריגענט האָט גע׳טענה׳ט, אַז ווען ער זאָל האָבען פופציג רובעל, וואָלט ער אַוועק־געפאָרען מיט דעם פאָטער פון דעם צוגע׳גנב׳עטען אַלט קיין מעליטאָפּאָל

און וואָלט געבראַכט דעם חברה־מאַן צוריק אַהיים. דער פֿאָטער פֿון דעם אַלט פֿאַרלאַנגט אַ פֿינף און צוואַנציגער, און דעם אַנדערען פֿינף און צוואַנציגער דאַרפֿען קאָסטען די הוצאות. ער האָט מיר פֿאַרזיכערט, אַז ער וועט דעם בחור אויף זיכער צוריק אַהיים ברענגען.

איך האָב געזען, אַז קיין אַנדער ברירה האָב איך נישט, האָב איך געגעבען דעם פֿופֿציגער. איצט אָבער וואָס טוט מען מיט דער חברה קרועה בלועה, וואָס טרעט מיך נישט אָפּ אויף אַ מינוט פֿון קראָם? זיי האָבען זיך שוין גע־האָט צע׳הרג׳עט מיט מיין שווער, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אונזער קראָם, איז געווען אַ איד אַ כעסן און ער האָט זיי געטריבען, וואו די אויגען האָבען געטראָגען, אַזוי אַז זיי האָבען שוין אַפּילו ערקלערט אַ סטרייק און נישט געוואָלט גיין צו פּראָבע.

איך האָב אַריינגערופֿען די עלטערע כאָריסטען אין געשעפֿט אַריין, האָב זיי געהייסען זיך אויסקלייבען שטאָף אויף אָנצוגלעך לכבוד יום־טוב, די אַנדערע האָב איך צעטיילט שטיקלעך שטאָפֿען אויף פֿרויען־קליידער פֿאַר די מוטערס, און אַזוי איז אויך דער סכסוך בשלום ערליידיגט געוואָרען. דערוויילע איז אויך צוריקגעקומען פֿון מעליטאָפּאָל דער דיריגענט מיט׳ן גע׳גנב׳עטען אַלט. ער האָט דערציילט, אַז ער האָט דאָרט געמוזט גיין צו אַ דין תורה מיט׳ן דאָרטיגען דיריגענט און דער רב האָט גע׳פּסק׳ענט, אַז מיט צוואַנג קען מען דעם גע׳גנב׳עטען משורר נישט האַלטען, אָבער מיין דיריגענט דאַרף באַ־צאָלען צען רובעל אויף צו דעקען די הוצאות, וואָס דער מעליטאָפּאָלער דיריגענט האָט געהאַט ביים דורכפֿירען די „גנבה".

אָט אַזוי האָב איך זיך דורכגעשלאָגען דורך אַלע שוועריגקייטען און האָב מיך געקענט גרייטען צו די ימים נוראים אין דער סאָלדאַטסקער שוהל. די שטימע מיינע האָט מיר ווידער גוט געדינט נאָך דער קאַרלסבאַדער קור און כ׳האָב דערלאַנגט אַ דאַוונען ווירקליך פֿאַר גאָט און פֿאַר לייט. און איך מוז זאָגען, אַז מיר האָבען זיך אויסגעבעטען אַ גוט יאָר. דאָס גערעטעניש יענעם יאָר איז געווען אויסערגעוויינליך. די גוים זיינען געווען אָנגעשטאָפּט מיט געלט, וואָס זיי האָבען אָפּגעלייזט פֿאַר דער תבואה, און זיי האָבען אָנגעפּילט אַלע געוועלבער אין שטאָט. די אייזען־פֿאַבריקען אין בריאַנסק, הינטער יעקאַטערינאָסלאַוו, האָבען געאַרבייט אויף דער פּולער פּאַרע, און אויך די אַרבייטער זיינען געווען גוטע קונים פֿון שטאָפֿען צום קומענדען ווינטער.

עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז ביי די הורט־סוחרים פֿון מאַנופֿאַקטור האָבען אויסגעפֿעלט סחורות. און מיין קראָם איז אַ דאַנק דעם גוטען חוש, וואָס איך האָב געהאַט בעת מיינע איינקויפֿונגען אום זומער, געווען פֿאַרזען מיט אַ גרויסען זאַפּאַס סחורות. זיינען דעריבער פֿיל פֿון די קליינע קרעמערס, וואָס האָבען גאָרנישט געפֿונען ביי די הורטאָווטשיקעס, געקומען צו מיר און כ׳האָב זיי פֿאַרקויפֿט פֿאַר מזומן גרויסע קוואַנטומס און בין געשטאַנען

פעסט אויף די פיס. איך בין אַריין אין דעם ווינטער האָפערדיג און מונטער, אַז מיט׳ן פאַרגרעסערען זיך פון מיין משפחה האָט מיר דער אויבערשטער געהאָלפען, איך וועל מיך שנעל אָפּבינדען פון מיינע חובות און וועל מיך קענען אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט ווידמען געזאַנג און חזנות, אַזוי ווי איך שטרעב צו דעם מיט מיין גאַנצען וועזען.

גאָר אַ פרישער געדאַנק איז ביי מיר אויפגעקומען: אַזוי ווי איך האָב שוין געמאַכט אַ גוטען אָנהויב מיט הורט־האַנדעל, האָט עס מיר פאַרשמעקט בעסער, ווי דער גראָשענדיגער האַנדעל אין איינצעל, וואו מען האָט צו טאָן מיט די גויים און גויעס, וואָס נעמען אַראָפּ דעם קאָפּ מיט זייערע גרימאַסען און קאַפּריזען. אין הורט פאַרדינט מען טאַקע וויניגער, אָבער דער גרויסער אומזאָץ דעקט דאָך דעם אונטערשיד און דער האַנדעל איז אַ שנעלערער, מען האָט צו טאָן מיט סוחרים און מען עסט זיך נישט אָפּ אַזוי די גאַל, ווי ביים האַנדלען אויפ׳ן אַרשין. וועגען דעם פּלאַן צו ווערען אַ הורט־סוחר האָב איך געדאַרפט איבעררײדען מיט מיין פעטער, מאָשקאָוויטש, ווייל עס איז דערצו נויטיג געווען פרישע קאַפּיטאַלען.

## איך ווער אַ הורטאָווניק און קריך קוים אַרויס מיט׳ן לעבען

עס איז מיר נאָך באַשערט געווען צו מאַכען אַ ווייטערדיגען עקספּערי־מענט אין מסחר איידער איך האָב געקענט ענדגילטיג פאַרלאָזען די קרעמעריי און זיך אָפּגעבען מיט דעם, וואָס עס איז געווען דערווירקליכער אינהאַלט פון מיין לעבען. ווען איך האָב אָנגעבאָטען מיין פעטער דעם פּלאַן וועגען עפענען אַ הורט־געשעפט פון מאַנופאַקטור, האָב איך אומגעריכט געהאַט די פולסטע אונטערשטיצונג פון מיין שווער. ערשטענס איז דאָס געווען זיינע אַן איינגעבוירענע געוואוינהייט צו האַנדלען גרויס, איינצוקויפען אַ סך סחורות, איז אים דעריבער דער פּלאַן געפעלען, ווייל ער האָט געהאָפט, אַז ער וועט ווידער קענען פאַנאַנדערשפּרייטען די הענט און שווימען אין די געשעפטען, ווי אַ פיש אין וואַסער.

זיין צווייטע אויסרעכענונג איז געווען, אַז איך זאָל מיך וואָס מער פאַר־דרייען אין געשעפט, כדי וואָס ווייניגער צו טראַכטען וועגען חזנות. ער האָט דעריבער געאַרבייט מעשים, אַז דער פעטער זאָל צושטימען צום פּלאַן און געבען די נויטיגע פּרישע קאַפּיטאַלען. אין עטליכע טעג אַרום איז דער פעטער געקומען מיט אַזאַ פּראָיעקט: עס געפעלט אים דער געדאַנק וועגען עפענען אַ הורט־געשעפט און ער האָט שוין אַפילו פאַר דעם צוועק באַשטימט איינע פון זיינע גרויסע קראָמען אויף יעקאַטערינסקי פּראָספּעקט. וואָס ס׳איז שייך פרישע קאַפּיטאַלען, האָט ער אַזאַ פּלאַן: אַזוי ווי ער האָט אַ פּלימעניק אין פּאַוולאָגראַד, וועלכער איז דער פאַרוואַלטער פון אַ גרויסען מאַנופאַקטור־געשעפט, ער האָט אויך אייגענע עטליכע טויזענט רובעל און ער וואָלט געוואָלט גיין פאַר זיך, איז דעריבער גאַנץ גלייך, אַז מיר זאָלען מאַכען שותפות פאַרביידע געשעפטען, אי פאַר דער איינצעל־קראָם, אי פאַר דעם נייעם הורט־געשעפט, וואָס איך פּלאַן צו עפענען. דער פּלאַן פון דעם שותפות איז געווען: זעכציג פּראָצענט פאַר מיר און פערציג פּראָצענט פאַר דעם נייעם שותף.

דער געדאַנק איז מיר געפעלען געוואָרען קודם כל דערפאַר, ווייל איך האָב געהאָפט, אַז דער נייער שותף, אַלס דערפאַרענער סוחר, וועט אַראָפּ־נעמען פון מיינע פּלייצעס אַ סך פון די לאַסטען, וואָס זיינען אויף מיר געלעגען. אין עטליכע טעג אַרום איז ער געקומען און ער האָט געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַן ערליכען מענשען און דאָס געשעפט איז, מיט

מזל, געשלאָסען געוואָרען. דער ערשטער אַרויספאַר פון מיין נייעם שותף איז אָבער נישט געווען אַזאַ געלונגענער. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער וויל פאָרען איינקויפען סחורה צום פרילינג־סעזאָן אויף דער „קרעש־טשענסקע יאַרמאַרקע" אין כּאַרקאָוו. און גלייך פון זיין ערשטען איינקויף האָבען מיר געהאַט צו זינגען און צו זאָגען.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ער האָט געהאַט אַ קליינשטעטעלדיגען געשמאַק בנוגע מוסטערען און קאָלירען, און ער האָט אָנגעקויפט אַזעלכע סחורות, וואָס מיר האָבען גאָרנישט געקענט פאַרקויפען. ווייטער האָט ער נישט גענומען די בעסטע טערמינען פאַר די צאָלונגען. דאָך האָבען מיר מיט די איינגעקויפטע סחורות געעפענט דעם הורט־געשעפט און די ערשטע עטליכע חדשים האָט מען גאַנץ גוט געלייזט. מיר פלעגען פאַרקויפען אויף קרעדיט, דאָס רוב אויף קורצע טערמינען, און אַלע סוחרים האָבען געצאָלט זייערע וועקסלען אין צייט.

ווען דעם צווייטען יאָר איז אָבער געווען אַ שלעכט גערעטעניש און דער פדיון ביי די קליינע קרעמערס איז געוואָרען שוואַכער, זיינען זיי נישט געווען אומשטאַנד נאָכצוקומען זייערע פאַרפּליכטונגען. מאַנכע האָט מען גע־מוזט פאַרלענגערען די טערמינען, און גאָר אַנדערע זיינען אינגאַנצען געבליבען פאַרענגט, און ביי אונז אין שופלאַד האָט זיך אָנגעקליבען אַ פולער באַרג מיט פּראָטעסטירטע וועקסלען. כּדי אַרויסצוקריכען פון דער שווערער לאַגע, האָבען מיר באַשלאָסען אָפּצודינגען אַ קראָם אין אַלעקסאַנדראָווסק, יעקאַטע־רינאָסלאַווער גובערניע, כּדי צו מאַכען דאָרט אַן אויספאַרקויף פון די רעשטען סחורות, וואָס זיינען אונז פאַרבליבען.

דאָס איז גראָד געווען אַ גוטער געדאַנק, ווייל אין פאַרלויף פון צוויי חדשים האָבען מיר דאָרט אָפּגעלייזט פאַר אַ סומע פון פערצען טויזענט רובעל אין קעש, וואָס האָט באַדייטענד פאַרלייכטערט אונזער לאַגע. מיט דעם געשעפט האָט דאָרט אָנגעפירט מיין שותף, און מיר זיינען געפאַלען אין קאָפּ אַריין דיביידע געשעפטען אין יעקאַטערינאָסלאַוו מיט מיין חזנות־שטעלע אַלס צולאַג.

ביי דער געלעגענהייט לוינט זיך צו דערציילען, אַז איך האָב געטוישט מיין סאָלדאַטסקע שוהל אויף אַ צווייטער שוהל, וואָס האָט זיך גערופען די שניידערשע שוהל. מיין ימים נוראים׳דיגער דאַוונען האָט געצויגען די אויפ־מערקזאַמקייט פון יענע גבאים, וועלכע האָבען מיר אָנגעבאָטען צוועלף הונדערט רובעל אַ יאָר, אַנשטאָט די אַכט הונדערט, וועלכע איך האָב באַקומען אויף דער פריערדיגער שטעלע. אַ חוץ דעם בין איך געווען אויף זיי בייז, וואָס זיי האָבען זיך נישט געוואָלט באַטייליגען אין די אומגעריכטע הוצאות, וואָס איך האָב געהאַט ביים אויסקויפען דעם „צוגע׳גנב׳עטען" אַלט און אין העכע־רען דעם לוין פון די משוררים, צוזאַמען אויף אַ סומע פון הונדערט און פופציג רובעל. האָב איך זיי אָפּגעטאָן אויף טערקיש און בין אַוועק פון זיי,

הגם זיי זיינען געקומען און זיך געבעטען, אַז זיי זיינען שוין אויך גרייט צו געבען די זעלבע סומע פון צוועלף הונדערט רובעל.

לאַנג האָט דער שלום־בית אין דעם שותפות־געשעפט נישט אָנגעהאַלטען. פון טאָג צו טאָג האָב איך געפילט אַלץ מער ווי איך ווערג מיך מיט אַלע מיינע געשעפטען און מיט אַלע מיינע גליקען. וואָס גרעסער עס איז געוואָרען דער פאַרנעם פון מיינע געשעפטען, אַלץ ווייניגער קאָפּ האָב איך אין דעם אַריינגעלייגט. עס האָט געפעלט דער ברען און דער אמת׳ער אינטערעס, וואָס יעדעס געשעפט פאָדערט צו זיך. מיין שותף האָט דאָס אָנגעהויבען באַמערקען און ער האָט געהאַט צו מיר טענות.

קודם כל איז אים נישט געפעלען געוואָרען, וואָס מיין שווער מישט זיך צופיל אין געשעפט, מעשה אמת׳ער בעל הבית. ווייטער האָט ער געהאַט אַ טענה, אַז מיין שווער באַקומט אַ צו הויכען געהאַלט פון געשעפט. מיין שווער איז פון דעם געוואויר געוואָרען און עס איז געקומען צו ווילדע סקאַנ־דאַלען אין געשעפט און מענשען זענען זיך אַפט צוזאַמענגעלאָפען, הערענדיג די שרעקליכע געוואַלדען מיט די רוסישע „מי שברכ׳ס“, מיט וועלכע זיי האָבען זיך איינע די אַנדערע מכבד געווען. פאַרשטייט זיך, אַז קיין גרויסען כבוד און אָנזען האָט עס דעם געשעפט נישט געגעבען.

דער פּאָוולאָגראַדער שותף האָט זיך ביי דעם נישט אָפּגעשטעלט. אים איז אויך נישט געפעלען געוואָרען, וואָס איך גיב זיך צופיל אָפּ מיט מיינע חזנ׳ישע געשעפטען, און ער האָט זיך גענומען די דרייסטקייט צו פאָדערען פון מיר, אַז איך זאָל אויפגעבען מיין חזנות, כדי איך זאָל מיך קענען מער ווידמען דעם געשעפט. אָט די חוצפּה האָב איך שוין נישט געקענט פאַר־טראָגען און האָב אים דערקלערט, אַז איך בין גרייט צו יעדער מינוט אים אַרויסצוצאָלען זיין געלט און ער קען צוריקפאָרען פון וואַנען ער איז געקומען. ערשט איצט האָט זיך דער פייער פון מחלוקה צעפלאַקערט ווי עס געהער צו זיין. דאָס געשעפט האָט, פאַרשטייט זיך, שטאַרק געליטען, די לייזונג איז געפאַלען און עס האָט זיך נישט געזען קיין אויסוועג פון דער פאַרצווייפעלטער לאַגע.

כדי ווי נישט איז איינצושטילען די געמיטער, האָט דער פעטער מאָש־קאָוויטש איינגעשטימט איבערצונעמען מיין שווער מיט זיין הויז־געזינד אויף אייגענער אויסהאַלטונג, כדי צו פאַרלייכטערען די הוצאות פון געשעפט. אָבער אַזוי ווי עס איז שוין געגאַנגען באַרג־אַראָפּ, איז דאָס שוין געווען אַ קנאַפּע סגולה. דאָס ערשטע האָט מען גלייך געמוזט ליקווידירען דעם הורט־געשעפט. פון די גליקען, וואָס מיר האָבען פון דעם דערוואַרט, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך. די קליינע קרעמערלעך האָבען נישט געקענט דעקען זייערע פאַר־פליכטונגען און מיר זיינען געבליבען ליגען מיט אַ פולען שופלאַד מיט פּראָ־טעסטירטע וועקסלען. מען האָט שנעל געמוזט אָפּהאַקען.

זיינען מיר, הייסט עס, צוריק געווען ביי דעם, ביי וועלכען מיר האָבען

אַנגעהויבען: ביי דעם איינצעל־געשעפט. ווען מען האָט געמאַכט אַ רעמאַנענט, כדי צו וויסען וויפיל סחורה מיר פאַרמאָגען און וואו מיר האַלטען אין דער וועלט, האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזען דער גאַנצער בראָך. עס איז אפילו נישט געווען דער אייגענער קרן, דאָס הייסט גאָר פשוט, אַז די שותפים האָבען צופיל אויפגעגעסען פון געשעפט און מען האָט דעריבער געמוזט פאַר־קירצען די סומען, וועלכע ביידע שותפים האָבען וועכענטליך אַרויסגענומען.

דאָס האָט מיך גאָר שווער געטראָפען, ווייל איך בין שוין ברוך־השם געווען אַ טאַטע פון פיר קינדער און די הוצאה איז געווען גאַרנישט קיין קליינע. איך האָב מיט יעדען טאָג אַלץ קלאָרער געזען, אַז איך בין פאַר־קראָכען אין אַ זומפּ, פון וועלכען עס זעט זיך נישט קיין אויסוועג. איך האָב, הייסט עס, פאַרלוירען ביידע וועלטען: אי נישט געלערענט זיך ווייטער געזאַנג און עס דראָט מיר צו פאַרבלייבען אויפ׳ן גאַנצען לעבען אַ קליין־שטעטעלדיגער חזן, און אי פון דעם חלום וועגען גרויסע געשעפטען האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך.

איך האָב געפילט, אַז איין זאַך קען מיך נאָך ראַטעווען: אַרויסציען זיך אינגאַנצען פון די געשעפטען און גיין נאָכאַמאָל קיין ווין, אָנקניפּען דאָרט, וואו געגען מיין ווילען איז אַלץ איבערגעריסען געוואָרען. אָבער ווי אַזוי דערגרייכט מען דאָס? ווען איך וועל זאָגען, אַז איך וויל אַוועקגיין, וועט מיין שותף זאָגען: נו, גיי דיר געזונטערהייט, ווער האַלט דיך דען? — און איך וועל אַרויס בשן ועין, איך וועל אַפילו נישט האָבען אויף קיין בילעט אַוועקצופאָרען. מען האָט דעריבער געדאַרפט אָנווענדען אַ געוויסע סטראַ־טעגיע, כדי אַרויסצוקריגען אַ פאָרשלאַג פון מיין שותף, אַז ער איז וויליג איבערצונעמען דאָס געשעפט און מיר אַרויסצוצאָלען.

דער בעסטער מיטעל דאָס צו דערגרייכען איז געווען צו שרייען, אַז איך וויל, אַז מיין שותף זאָל אַוועקגיין און איך בין גרייט אים אַרויסצוצאָלען דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט. איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט קיינמאָל אין לעבען אויף דעם נישט איינגיין, ווייל ער האָט שוין נישט געהאַט קיין צוריקגאַנג. האָב איך דעריבער דערוואַרט אַ געגען־אָנבאָט פון אים. און דאָס איז געשען. ער איז געווען גרייט אַליין איבערצונעמען דאָס געשעפט.

אָבער דאָ האָבען זיך נאָך געפאָדערט גאַראַנטיעס, אַז אַלע חובות, וועלכע מיר האָבען בשותפות אויסגעשטעלט, וועלען פּינקטליך באַצאָלט ווערען, און דאָס האָט געקענט גאַראַנטירען נאָר דער פעטער. האָבען זיך טאַקע געפירט לאַנגע און פאַרפּלאָנטערטע פאַרהאַנדלונגען וועגען דעם. בינו לבינו האָב איך נישט פאַרלוירען קיין צייט און האָב אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו מיין אַלטען פריינט, דעם חזן סמאָטריצקי אין ווין, און אויך צו מיין געוועזענעם פּראָפעסאָר, שטיינשניידער, וועמען איך האָב מיטגעטיילט, אַז איך בין שוין דריי יאָר חזן אין יעקאַטערינאָסלאַוו און האָב ערפאָלג. אָבער דאָך זע איך

דאָ נישט קיין צוקונפט פאַר זיך, ווייל איך פיל, אַז עפּעס פעלט נאָך פאַרט צו מיין בילדונג. איך בעט דעריבער אַן עצה פון זיי, צי האָט עפּעס אַ צוועק פאַר מיר צו קומען קיין ווין און צי זעט זיך פאַר מיר אַ צוקונפט אין ווין אַלס חזן?

איך האָב לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטען אויף קיין ענטפער. סמאָטריצקי האָט מיר געשריבען, אַז איך זאָל זיך קיין איין מינוט נישט וואַקלען און גלייך קומען, ווייל מיין שטימע ליגט נאָך אַלעמען אין טעם און עס קען גאָר קיין פראַגע נישט זיין, אַז איך וועל זיך גוט איינאָרדענען אויף איינער פון די בכבוד׳יגסטע קאַנטאָר־שטעלעס. אויך דער פּראָפעסאָר האָט זיך זעהר דער־פרייט מיט מיין בריוו און האָט געשריבען, אַז ער וועט זיין גליקליך מיך ווידער צו זעהן אין דער שיינער עסטרייכישער הויפּט־שטאָט און אַז ער וועט מיר העלפען מיט וואָס נאָר ער וועט זיין אומשטאַנד.

די דאָזיגע בריוו פון ווין זיינען געוועזען אַ מחיה׳דיגער באַלזאַם אויף מיינע וואונדען. איך האָב דערהערט אַ קול פון יענער וועלט. ווידער האָב איך דערשפירט, אַז איך לעב און איך בין נאָך נישט פאַרזונקען געוואָרען ענד־גילטיק אין דעם זומפּ, וואָס עס האָבען אויסגעשפּרייט אַרום מיר מיין שווער, מיינע פעטערס און מומעס מיט מיין איבעריגער משפּחה.

# איך קום אַרויס נקי פון אַלע געשעפטען און פאַר ווידער קיין ווין

וועגען די בריוו, וואָס איך האָב דערהאַלטען פון ווין, האָט קיין מענש נישט געטאָרט וויסען. דאָס איז געווען מיין הייליגסטער סוד, ווייל איך האָב געפילט, אַז מיט ווין איז פאַרבונדען מיין גאַנצע צוקונפט, אַלע מיינע חלומות, און דאָס אַלץ, וואָס קומט פאַר אַרום מיר, דאָס איז נישט מער, ווי שאַלעכץ, וואָס וועט סוף כל סוף אַראָפפאַלען און פאַרשווינדען. הלואי זאָל נאָך דער קערן זיין גאַנץ און נישט אונטערגעפוילט.

פאַר דער צייט, וואָס עס האָבען זיך געפירט די פאַרהאַנדלונגען וועגען איבערגעבען דאָס געשעפט צו מיין שותף, האָט מען באַוויזען אָפּצוצאָלען אַ וואָסערע דרייסיג טויזענט רובעל וועקסלען. די פּאָליצעס אין געשעפט זיינען פון טאָג צו טאָג געוואָרען אַלץ מאָגערער און ליידיגער. מיין שותף האָט נאָך אַפילו גע׳חלומ׳ט וועגען דעם, אַז איך זאָל ווידער אַרויספאָרען איבער דער מדינה איינקויפען פרישע סחורה, אָבער איך בין שוין מיט אַלע מיינע חושים געווען גאַנץ ווייט דערפון.

איך האָב איינגעַ׳טענה׳ט מיט׳ן פעטער, אַז אַזוי ווי ער איז דאָס געווען דער, וואָס האָט מיר פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט דעם שותפות־שידוך, מוז ער איצט זעהן מיך אַרויסצוציען פון דעם פוילען עסק, ווייל אַז נישט וועל איך איינגאַנצען גיין צו גרונט. עס איז געקומען צו אַ שאַרפען ווערטער־אויסטויש, ביז איך האָב שוין נישט געקענט אויסהאַלטען און האָב אים בפירוש געזאָגט, אַז ער האָט אויף זיין געוויסען מיין גאַנצע משפחה און מיין גאַנצען צוקונפטיגען גורל. ער האָט דאָס מיך אַראָפּגעשלעפּט פון גלייכען וועג, צוזאָגענדיג מיר גאָלדענע גליקען, און איצט ווערג איך זיך און ראַנגעל זיך אין אַ ים פון קריגערייען און כסדר׳דיגע קאָנפליקטען, און אַז די גלייכסטע זאַך וועט זיין, ווען מען וועט מיך אַרויסלאָזען פון דעם עסק.

איך וויל שוין ליבערשט — האָב איך געזאָגט — נעמען דעם רבונו של עולם פאַר אַ שותף און איבערגעבען מיין גורל אין זיינע הענט. איך בין נישט געגאַנגען נאָך מיין אינסטינקט, נאָר האָב זיך צוגעהערט צו אייערע זיסעריידערייען וועגען רייך ווערען. אין רעזולטאַט דערפון האָב איך פאַרלוירען פיר פון מיינע בליענדסטע יאָרען. נאָך אַ נס, וואָס איך האָב זיך אין משך פון דער צייט פאַרבונדען מיט די היימישע שוהלכלער, די סאָלדאַטסקע און די שניידערשע, און איך האָב דאָך אָנגעהאַלטען אַ קאָנטאַקט מיט דער וועלט

פון געזאַנג, פון עפּעס העכערס. אַז נישט וואָלט איך היינט געווען אַן אָפּגע־פאַרענער סוחר, אַזוי ווי מיין שווער, צו קיין גנאי זאָל עס אים נישט זיין.

איך האָב פאַרלאַנגט פון פעטער, אַז ער זאָל איבערנעמען אַ גאַראַנטיע פאַר אַלע איבערגעבליבענע חובות און אויך פאַר די וועקסלען, וואָס מיין שותף האָט אויסגעשטעלט אין אונזער ביידענס נעמען, כדי איך זאָל קענען אַוועקגיין פון געשעפט מיט אַ רוהיגען קאָפּ און ריינעם געוויסען, אַז איך האָב, חלילה, ביי קיינעם גאַרנישט צוגענומען, אַזוי ווי מיין טאַטע האָט דאָס מיר אָנגעזאָגט מיט רירענדע ווערטער, וועלכע זיינען מיר קיינמאָל נישט אַרויס פון זכרון.

ענדליך האָב איך זיך מיינס דערשלאָגען. איך האָב אַרויסגעקראָגען די געהעריגע פאַרזיכערונגס־פּאַפּירען, אַז אַלע חובות וועלען ווי געהעריג באַ־צאָלט ווערען און אַז איך טראָג נישט קיין אחריות פאַר די חובות, וואָס מיין געוועזענער שותף וועט מאַכען נאָך מיין אַוועקגיין פון געשעפט און איך אַ ווינטערדיגען טאָג בין איך אַרויס נקי פון אַלע מיינע געשעפטען. איך בין נאָך געבליבען שטיין אין קראָם אויף עטליכע וואָכען, כדי מיין געוועזענעם שותף צו געבען די מעגליכקייט אַרויסצופאָרען איינקויפען פרישע סחורות, אַזוי ווי ער האָט מיך געבעטען. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָבען מיר זיך לייטיש אָפּגעזעגענט און איך בין געווען ריין פון חובות, אָבער אויך ריין פון מזומן געלט... איך בין אַוועק מיט דעם זעלבען, מיט וואָס איך בין געקומען.

איך האָב זיך גענומען גרייטען צו דער אָפּרייזע קיין ווין און פאַר מיר איז אויפגעשטאַנען די שווערסטע און פאַראַנטוואָרטליכסטע פּראָבלעם אין מיין גאַנץ לעבען: ווי אַזוי פאַרזאָרגט מען מיין פרוי און די פיר קינדער, אַז זיי זאָלען נישט ליידען קיין נויט און זיי זאָלען אויך, חלילה, צו קיינעם נישט דאַרפען אָנקומען? פאַר איך דען קיין ווין אויף אַ זיכער שטיקעל ברויט? קען מען זיך דען פאַרלאָזען אויף דעם, וואָס חזן סמאַטריצקי שרייבט, אַז דאָרט וואַרט שוין אויף מיר די ריכטיגע שטעלע אין איינעם פון די ווינער טעמפּלען?

און וואָס וועל איך טאָן, אַז עס וועלען אַריבער עטליכע חדשים און איך וועל קיין שטעלע נישט געפינען, פון וואָס וועט דאַן מיין פאַמיליע לעבען? און בכלל וואו נעמט מען אויף הוצאות און אויף איבערצולאָזען דער פאַמיליע אויף דער ערשטער צייט? מיט מיין פעטער בין איך געווען אין גאַנץ אָנגע־צויגענע באַציאונגען נאָכ׳ן אַרויסגיין פון געשעפט, און איבעריגענס, איז עס מיר גאָר נישט אָנגעשטאַנען זיך צו דערנידעריגען פאַר אים און צו ווייזען אים, ווי שטאַרק איך לייד און אַז דער הויפּט־שולדיגער אין מיינע ליידען איז דוקא ער, וועלכער האָט מיך פּשוט פאַרנאַרט מיט די כלומר׳שטע גליקען פון זיינע מיליאָניגע געשעפטען.

עס איז מיר געקומען צו הילף אַ שוואָגער מיינער, וועלכער האָט מיר

אויסגעבאָרגט פינף הונדערט רובעל, פון וועלכע איך האָב פיר הונדערט און פופציג איבערגעלאָזט מיין פרוי, און דער לעצטער פופציגער האָט געדאַרפט זיין אויף הוצאת הדרך קיין ווין און אויך אויף צו לעבען אין דער פרעמדער שטאָט די ערשטע צייט, ביז מיין ריכטיג גליק וועט אונטערקומען.

און אַזוי האָט זיך דערנענטערט דער טרויעריגסטער טאָג אין מיין לעבען, איך געדענק די דאַטע ביז היינט: דאָס איז געווען דער צוואַנציגסטער יאַנואַר פון יאָר 1904, ווען איך האָב זיך אויפגעזעצט אויף דער באַן אויפ׳ן וועג קיין ווין. עס איז געווען אַן אמת׳ער תשעה באָב ביי מיין פאַמיליע, מען האָט מיך באַוויינט און באַקלאָגט, ווי מען וואָלט נאָכגעגאַנגען נאָך מיין לויה. איך אַליין בין געווען אַזוי צעבראָכען, אַז איך האָב שוין געטראַכט: אפשר טאָר איך טאַקע דאָס נישט טאָן, אפשר טאָר איך גאָרנישט נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכקייט צו לאָזען אויף הפקר ווייב און קינדער און גיין אין דער וועלט אַריין זוכען גליקען.

אפשר — האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין — האָסטו געדאַרפט בעסער אָפּהיטען דאָס געשעפט, טאַקע בלייבען אַ קרעמער, אָבער מיט אַ געזי־כערטער פרנסה, און אַרויסשלאָגען זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל די משוגעת׳ען פון קאָפּ וועגען איינעמען אַ וועלט, וועגען ווערען אַ געוואַלדיגער חזן. וואָס איז שלעכט אַ חזן אין דער סאָלדאַטסקער אָדער שניידערשער שוהל? פאַר־וואָס רייסען זיך אין די ווייטע הימלען, אַז דאָ ביסטו געשטאַנען פעסט אויף דער ערד, מיט דער קליינער, אָבער גאַראַנטירטער פרנסה, וואָס איז דיר שלעכט געווען?

אַזוי האָב איך זיך אַליין געגעסען, ווען טרערען זיינען געראָנען פון מיינע אויגען, צוזעענדיג דאָס קלעמעניש פון מיין פרוי, וואָס איך לאָז זי איבער אין אַזעלכע נישט זיכערע באַדינגונגען. אָבער עס איז שוין נישט געווען קיין צוריק. און איבעריגענס, דאָס איז נאָר געווען אַ מינוט אַזאַ פון שוואַכקייט ביי מיר, אינעווייניג טיף אין האַרצען בין איך געווען כמעט ווי זיכער, אַז איך מאַך דעם ריכטיגען שריט, אַז עס איז שוין לאַנג צייט געווען אַרויסצוקריכען פון דעם זומפּ, אין וועלכען מיין טייערער שווער האָט מיך בגוואַלד אַריינגעשלעפט.

איך האָב זיך קוים איינגעבעטען ביי מיין פרוי און ביי מיין איבעריגער משפחה, אַז קיינער זאָל מיך נישט פאָרען באַגלייטען צום וואָקזאַל. איך האָב שוין וואָס שנעלער געוואָלט זיין אַליין מיט זיך, וואָס ווייטער אַוועק פון דעם אָרט, וואו איך האָב גע׳פטר׳ט עטליכע יאָר אומזיסט און אומנישט אויף פוסטע חלומות וועגען רייך ווערען. אַן אויסנאַם האָב איך געמאַכט פאַר מיין שוואָגער, וועלכער האָט מיר געגעבען דעם גמילת חסד. ער האָט געהאַט אַן אָפּען האַרץ פאַר מיר און פאַרשטענדעניש פאַר מיינע איבערלעבונגען. מיט אים האָב איך זיך געוואָלט געזעגענען דעם לעצטען.

דער צוג האָט גערירט און איך בין געבליבען זיצען אַ מידער, צע־

בראָכענער און פאַרצווייפּעלטער אין שרעק פאַר דער אומבאַקאַנטער צוקונפט, אין וועלכער איך לאָז זיך איצט אַוועק. ווידער האָט מיך געגריזשעט דער געוויסען: אפשר האָסטו טאָקע נישט געדאַרפט פאָרען? אפשר וואָלט טאָקע גלייכער געווען צו בלייבען אַ מאַנופאַקטורנער קרעמער, אַזוי ווי דער טאַטע און זיידע איז געווען. סוף כל סוף האָבען זיי דאָך אַלע געמאַכט אַ לעבען, אַמאָל ערגער און אַמאָל בעסער, אָבער מען האָט אויסגעגעבען די קינדער אין פריידען און מ'איז צו קיינעם נישט אָנגעקומען. פאַרוואָס דאַרף איך זיין אַן אויסנאָם?

מיט אַ שווער געמיט בין איך אַנטשלאָפען געוואָרען מיט אַ געשמאַקען שלאָף און די זון האָט שוין ברייט געלויכטען אויף פאַרשנייטע פעלדער, ווען דער קאָנדוקטאָר האָט מיך געצויגען ביים אַרבעל, בעטענדיג מיין בילעט. איך האָב מיך אָפּגעוואַשען און געגומען דאַוונען בשתיקה. איך האָב אָבער דערפילט אַזאַ קלעמעניש און בענקעניש און אַזאַ טרויעריגקייט אויפ'ן האַרצען, אַז איך וואָלט מיט פאַרגעניגען געדאַוועגט אויפ'ן קול, זיך אויסגעוויינט דאָס האַרץ אין די תפילות און עס וואָלט מיר זיכער לייכטער געוואָרען. איך וואָלט גאָרנישט געהאַט געגען דעם צוזאַמענצורופען אַלע פאַסאַזשירען פון צוג, אַפילו די קאָנדוקטאָרען מיט די מאַשיניסטען און אויסזינגען פאַר זיי דאָס גאַנצע האַרץ מיינס, דעם גאַנצען וויי און פּיין, מיט וועלכען איך בין געווען אָנגעלאָדען.

נאָר דערווייל האָב איך געדאַוועגט שטילערהייט און אונטערגעברומט פאַר זיך אַליין אַ פאַסיגע מעלאָדיע צו יעדען שטיקעלע פון דאַוונען. און גראָד איז עס געגאַנגען ביי מיר, ווי פון אַן אָפענעם קוואַל. דוקא, ווייל איך בין געווען אַזוי פאַרביטערט, האָבען געפלאָסען די אימפּראָוויזאַציעס איינע וואַרעמער און האַרציגער פאַר דער אַנדערער. איז מיר געווען אַ שאָד, אַז דאָס זאָל פאַרלוירען גיין, האָב איך אויף שנעל אַרויסגענומען פון מיין טשעמאָדאַן אַ בויגען מיט נאָטען־פּאַפּיר און האָב מיר געגומען פאַרצייכענען די הויפּט־שטריכען פון די אימפּראָוויזאַציעס, יעדע באַזונדער לויט די טאָן־אַרטען. אָפּזיצענדיג אַזוי עטליכע שעה ביים פאַרשרייבען די אַלע איינפאַלען, האָב איך דערפילט, אַז איך ווער גאָר אַן אַנדער מענש. עפּעס האָט זיך אויסגעלייטערט מיין געמיט, איך בין געוואָרען האָפערדיגער און גלויביגער, אַז גאָט וועט מיך נישט פאַרלאָזען אין דער גרויסער וועלט און אַז איך וועל זיין אומשטאַנד גאָר אין גיכען זיך ווידער צו פאַראייניגען מיט מיין משפחה און שוין קיינמאָל נישט דאַרפען מער זיך צעשיידען פון זיי.

זיצענדיג אַזוי אין וואַגאָן, האָב איך געמאַכט אַ חשבון פון מיין „קאַפּיטאַל" און בין געקומען צום באַשלוס, אַז אייגענטליך האָב איך גאָרנישט גענוג געלט אויף דער רייזע ביז ווין. אַ בילעט האָב איך געהאַט איינגעקויפט ביז דער גרענעץ־סטאַנציע פּאָדוואָלאָטשיסק, און פאַר די פאַר רובעל, וואָס זיינען מיר נאָך פאַרבליבען, האָב איך געזען, אַז איך וועל דערפאָרען העכסטענס ביז

לעמבערג. איז עס טאַקע גאָר נישט קיין שלעכטער געדאַנק צו בלייבען שטיין אין לעמבערג און אַרומקוקען זיך אין דער דאָזיגער גרויסער אידישער שטאָט, וואָס איך קען דאָרטען אויפטאָן, כדי צו פאַרדינען זיך אויף די ווייטערדיגע הוצאות.

איך האָב געהאַט געהערט פון דעם באַרימטען חזן פון דער לעמבערגער כאָר־שוהל, האַלפערן. אין ערגסטען פאַל, האָב איך זיך געטראַכט, וועל איך אַריינגיין אין זיין כאָר אַלס סאָליסט־טענאָר. איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל אין דער שטאָט נישט פאַרפאַלען ווערען און וועל זיך שפּעטער דער־שלאָגען קיין ווין.

און באַשליסענדיג אַזוי זיך אָפּצושטעלען אין לעמבערג, איז מיר מיט־אַמאָל געקומען אין זכרון אַריין, אַז אייגענטליך האָב איך דאָך דאָרט אַן אַלטען חבר, נאָך פון די חדר־יאָרען, וועלכען איך האָב שוין וואָס אַן אמת, נישט געהאַט געזען אַ קיימאָ לן פון זיבעצען יאָר. אָבער פאָרט אַן אייגענער, פון מיין היימיש שטעטעל, כאָנאָראָד, און ער וועט מיך זיכער מקרב זיין. איך האָב געגעבען אַ טעלעגראַמע צו אָט דעם חבר מיינעם, אַז ער זאָל מיך אָפּוואַרטען. נאָר אַזוי ווי אָט דער חבר מיינער איז אַן אינטערעסאַנטער קאַפּיטעל פאַר זיך — לוינט זיך וועגען אים צו דערציילען אַביסעל אויספירליכער.

# ער האָט געליטען פאַר די זינד פון זיין טאַטען

איך וועל מיין חבר נישט אָנרופען ביים נאָמען, ווייל עס קומט מיר אויס צו זאָגען נישט קיין גוט וואָרט וועגען זיין פאָטער, וואָס האָט אָפּגעטאָן גאָר אַ סך נישט קיין שיינע מעשים ביי אונז אין שטעטעל. איך דערצייל דאָס נאָר דערפאַר, ווייל עס גיט אַ בילד פון דעם אידישען לעבען אין יענער צייט און אויף וואָס פאַר. אַן איינפאַלען מענשען זיינען אַלץ געקומען, ווען קיין פּרנסה איז נישט געווען און מפרנס זיין דאָס הויז־געזינד האָט מען גע־דאַרפט, און נישט אַלע האָבען געהאַט די הויכע מאָראַלישע שטאַרקייט נישט צו זינקען אין שמוץ, אַבי צו פאַרדינען אַ לייכטען קערבעל.

געווען ביי אונז אין שטעטעל אַ איד, וואָס איך וויל נישט פּורש בשמו זיין. ער איז נישט געווען קיין גראָבער יונג, האָט קינדווייז אַפילו געלערענט אַ בלאַט גמרא, האָט גע׳שמ׳ט אין שטעטעל פאַר אַ איד אַ חכם, דערצו נאָך האָט ער געהאַט אַ גאַנץ שיינעם אויסזען, שטענדיג עלעגאַנט אָנגעטאָן, מיט אַ שמייכעל באַגעגענט יעדען איינעם. נאָר איין קלייניגקייט: קיינער האָט נישט געקענט געבוי זאָגען, פון וואָס אָט דער איד מאַכט אַ לעבען. צו דעם אַלעם איז ער נאָך געווען אַ איד אַ מנגן מיט אַ גאַנץ שיינער שטימע, דאָס האָט אים געמאַכט נאָך מער צוגעלאָזענער צו מענשען.

מען האָט געוואוסט, אַז דער איד איז אַ גאַנצער שמעלקע מיט נאַטשאַל־סטווע און אַז ער איז אויך אַן אָפּטער אַריינגייער אין די אימעניעס פון די פּריצים אַרום אונזער שטעטעל. הגם דער איד האָט געהאַלטען עפּעס אַ לעדער־געוועלבעל, האָבען אָבער אַלע געוואוסט, אַז פון דעם געוועלבעל קען ער נישט ציען קיין פּרנסה און בכלל האָט מען אים קיינמאָל נישט געזען. ער פלעגט פאַרשוואונדען ווערען אויף גאַנצע חדשים און קיינער האָט נישט געקענט זאָגען גענוי, וואו ער געפינט זיך. בכלל איז דער מענש געווען אַרומ־געוויקעלט אין אַ מאָדנער געהיימניש.

אַז מען האָט מיט אים גערעדט האָט מען געקענט האָבען דעם איינדרוק, אַז מען האָט צו טאָן מיט אַן אומשולדיג שעפּעלע, אַ קדוש וטהור, וואָס קען קיין צוויי נישט ציילען. ער האָט גערעדט אַזוי בנעימות׳דיג, אַז זיינע ווערטער זיינען זיך ממש צעגאַנגען אין מויל. אָבער קיינעם האָט נישט געקענט איינ־פאַלען, וואָס פאַר אַ חיה עס האָט זיך אויסבאַהאַלטען הינטער דער דאָזיגער פעל.

מיטאַמאָל האָט מען אין שטעטעל אָנגעהויבען רעדען, אַז דער דערמאַנטער איד איז אומגעריכט רייך געוואָרען. פון וואַנעט דאָס עשירות האָט זיך פלוצלונג צו אים גענומען האָט קיינער נישט געקענט דערקלערען. ער האָט זיך אָפּגעקויפט איינס פון די שענסטע הייזער אין שטאָט, האָט עס געלאָזט באַשטעלען מיט נייע מעבעל. זיין ווייב האָט זיך באַוויזען מיט עטליכע נייע שנירלעך פּערעל אויפ׳ן האַלז. די קינדער זיינען געווען אויסגעפּוצט אין נייע פּאַלטאַנדלעך, וואָס עס איז געווען אַ זעלטענקייט אין שטעטעל. און דער דערמאַנטער בעל דבר אַליין האָט אָפּגעקויפט ביי אַ אידען, אַ יורד, אַ פאַראָרעמטען בעל הבית, די שענסטע מזרח־שטאָט אין שוהל. אין שטעטעל האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. פון וואַנעט האָט אָט דער לעדער־קרעמער מיט אַמאָל גענומען אַזאַ עשירות? נישט שוין־זשע איז אים צוגעפאַלען אַ רייכע ירושה? וואָלט מען דאָך געוואוסט אין שטעטעל ווער עס איז געשטאָרבען. מען האָט דאָרט אַלע גבירים און אַפילו אַלע רייכע קרובים פון יעדען איינעם געקענט, ווי די אייגענע פינגער. איז עס טאַקע געבליבען אַ רעטעניש.

ווען מען האָט דעם אידען געפרעגט: וואָס פאַר אַ גוט געשעפט האָט איר עפּעס געמאַכט? האָט ער געענטפערט: ווען גאָט וויל העלפען אַ מענשען, העלפט ער אים כהרף עין, און דערביי האָט ער געמאַכט דאָס אמת׳ע פרומע פנים, ווי עס פאַסט פאַר אַ מענשען, וואָס רעדט נאָר מיט גאָט. אָבער ווי זאָגט דאָס ווערטעל: גאָט האָט געשוואוירען, אַז קיין סוד זאָל נישט גיין פאַרלוירען. און גאָר אין גיכען איז דער אמת אַרויסגעשוואומען, ווי בוימעל אויפ׳ן וואַסער.

אין איין שיינעם טאָג האָט מען אויף דער הויפּט־גאַס, וואו די געשעפטען זיינען, געזען פאַרפאָרען אַ שיינעם פאַיעטאָן און ביי די פערד האָבען געקלונגען די גלעקער אויף די העלזער, אַ סימן, אַז נאַטשאַלסטוואָ פאָרט. פאָראויס איז געריטען דער אוריאַדניק אויף אַ פערד. אידען קרעמער האָבען זיך, ווי דער שטייגער איז, שטאַרק דערשראָקען, געווען זיכער, אַז דאָס פאָרט ווידער דער אַקציזניק איבערקוקען די פאַטענטען און מ׳האָט אויף גיך גענומען אַרויסטראָגען די פעקלעך סחורה פון די קראָמען, ווייל דעם ריכטיגען פאַטענט, ווי עס האָט געפאָדערט דאָס געזעץ, האָט כמעט קיינער נישט געהאַט.

אָבער דאָס מאָל האָבען די קרעמער געהאַט אומזיסטע שרעק, נישט זיי האָט מען דאָס געמיינט. עס איז אַראָפּגעקומען פון דער גובערניע אַ סלעדאָוואַטעל און געזוכט האָט ער נישט קיין אַנדערען, ווי טאַקע דעם דערמאַנטען אידען, דעם אויפגעקומענעם גביר, וואָס קיינער האָט נישט געוואוסט פון וואַנעט זיין עשירות האָט זיך מיטאַמאָל גענומען. אַזוי ווי דער פאַרשוין איז שוין נישט געווען אין שטאָט אַ לענגערע צייט, האָט מען דורכגעפירט אַ רעוויזיע ביי אים אין הויז און אין דער לעדער־קראָם און אַזוי ווי מען האָט קיין זאַך נישט געפונען, איז נאַטשאַלסטוואָ אַוועקגעפאָרען.

און גלייך דערנאָך האָט מען שוין אין שטעטעל געוואוסט די גאַנצע געשיכטע: אונזער אויפגעקומענער כאַנאַראַדער גביר זיצט שוין במחילה עטליכע חדשים אין טורמע, און אָפּגעטאָן האָט ער איין קלייניגקייט: ער האָט געהאָלפען אַ רייכען פּריץ, וואָס איז געווען אַסעקורירט אויף אַ גרויסע סומע געלט, דורכפירען אַ שריפה אין זיינע סקלאַדעס מיט תבואה. מיט דער אָפּ־געגנומענער אַסעקוראַציע האָט זיך דער פּריץ געטיילט מיט אונזער אידען.

עס האָט נישט געגומען לאַנג און דער בעל דבר האָט זיך ווידער באַוויזען אין כאַנאַראַד. דער פּריץ איז טאַקע געבליבען זיצען אין חד־גדיא, אָבער דער איד האָט געפונען אַ פּאַרטעל, ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען. אַ סברא, אַז ער איז באַפּרייט געוואָרען דערפאַר, וואָס ער האָט געוואוסט צופיל סודות וועגען די הויכע טשינאָווניקעס, די כאַבאַרניקעס, און זיי האָבען געהאַלטען פאַר גלייכער זיך מיט אים נישט אָנצוהויבען.

דער גלייכער שכל וואָלט דאַכט זיך געזאָגט: ר׳ איד, דו האָסט זיך שוין איינמאָל אָפּגעבריט, טאָ זיץ שוין שטיל און רייס נישט מער איין אַ וועלט. אָבער ניין, דער יצר הרע, ווען ער נעמט אַריין עמיצען אין זיינע לאַפּעס, לאָזט ער אים שוין מער נישט אַרויס. אונזער איד איז ווייטער פאַרקראָכען אין נאָך אַ גרעסערער בלאָטע. און הערט צו וואָס אַ איד קען זיך דערטראַכטען: ער האָט אַסעקורירט זיין אייגענעם זון אויף אַ גרויסע סומע געלט, האָט דעם דאָזיגען זון אַרויפגעזעצט אויף אַ שיף, וואָס איז געגאַנגען מיט׳ן דניעפּער, און מיטאַמאָל איז דער זון פאַרשוואונדען, איבערלאָזענדיג זיין אָנטועכץ אויף דער שיף, עס זאָל הייסען כלומר׳שט, אַז דער זון איז דערטרונקען געוואָרען.

די אויספאָרשונג וועגען דער געשעעניש האָט גענומען אַ לאַנגע צייט, מען האָט געזוכט דעם בחור איבער גאַנץ רוסלאַנד, אָבער מען האָט אים אין ערגעץ נישט געפונען. הייסט עס, ער איז טאַקע דערטרונקען געוואָרען און מען קען זיך נישט העלפען, מען דאַרף דעם טאַטען אויסצאָלען די גרויסע אַפּותיקי. ווידער האָט זיך אונזער איד באַוויזען אין שטעטעל און דאָס מאָל נאָך אַ גרעסערער גביר, ווי פריער. לאַנג האָט אָבער דאָס גליק נישט אָנגע־האַלטען. ביי אידען זיינען נישטאָ קיין סודות, און עס האָט זיך שוין געפונען אַ „גוטער פריינט״, וואָס האָט צוגעטראָגען וואו מען דאַרף, אַז די גאַנצע געשיכטע איז געווען גוט איינסצעניזירט, און אַז דער זון פון אונזער בעל דבר איז אינגאַנצען נישט דערטרונקען געוואָרען, נאָר ער איז אַריבער די גרענעץ קיין גאַליציע און לעבט דאָרט אין אַ גרויסער שטאָט.

דער איד איז ווידער אַרעסטירט געוואָרען און האָט זיך אָפּגעוואַלגערט אין תפיסה לאַנגע חדשים ביז צום פּראָצעס, און נאָכ׳ן פּראָצעס איז ער ערשט געגאַנגען רעכט זיצען אויף אַ לאַנגען טערמין. דער זון, וועלכער האָט דערווייל געביטען דעם נאָמען, האָט געלעבט אין אויסלאַנד מיט דעם קאַפּיטאַל, וואָס דער טאַטע זיינער האָט אָפּגענומען פון דער אַסעקוראַציע־געזעלשאַפט. אַזוי

ווי ער איז געווען מיינער אַ נאָענטער חבר פון די חדר־יאָרען, האָב איך נאָך זייענדיג אין דער היים איינמאָל אָנגעשריבען צו אים אַ בריוו, מיטפילענדיג מיט זיין גורל, וואָס ער איז געוואָרען דער קרבן פון זיין געלט־גייציגען טאַטען און מוז זיך וואַלגערען אין דער פרעמד, ווייט פון דער היים. ער האָט מיר דעמאָלט געענטפערט און געבעטען, אַז ווי ליב אים זאָלען נישט זיין מיינע אויסדריקען פון מיטגעפיל, בעט ער מיך דאָך, אַז איך זאָל מער צו אים נישט שרייבען, ווייל דאָס פאַרשאַפט אים נאָר קרענקונג, דערמאָנענדיג אים אין זיין טרויעריגער פאַרגאַנגענהייט. אָבער דער אַדרעס זיינער איז פאַרבליבען ביי מיר.

איצט, ווען דער גורל האָט געמאַכט, אַז איך זאָל אויך אַן עלענדער און איינזאַמער פאַרוואָרפען ווערען אין דער דאָזיגער גרויסער גאַליציאַנער שטאָט, האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין חבר, וועלכען איך האָב שוין אַזוי לאַנג נישט געזען, און האָב באַשלאָסען צו טעלעגראַפירען צו אים פון דער גרעניץ, אַז ער זאָל מיך אָפּוואַרטען אין דער פרעמדער שטאָט.

ער איז געקומען פינקטליך צו דעם האָטעל, וואו מיר האָבען זיך אָפּגע־רעדט, און אונזער באַגעגעניש איז געווען אַ פריידיגע און אַ טרויעריגע גלייכ־צייטיג. עפּעס האָבען אויפגעטויכט אונזערע געמיינזאַמע קינדער־יאָרען אין שאָטען פון אונזערע היימען, אין דער ליבער אַטמאָספערע פון אונזער עלטערען, וואו עס האָט אונז נישט געפעלט פון אַלעם גוטען און וואו דאָס לעבען איז געפלאָסען אַזוי זאָרגלאָז און לוסטיג. וואָס האָט ער דעמאָלט אַלס קינד געקענט וויסען, אַז אין דעם מח פון זיין פעהיגען טאַטען פלעכטען זיך שוין אַזעלכע פאַרברעכערישע געדאַנקען איבערגעוואַלד רייך צו ווערען, און סוף כל סוף איז ער אַליין געפאַלען דער קרבן פון דעם טאַטענס ביטרעקייטען, און דער טאַטע אַליין פוילט ערגיץ אין אַ רוסישער טורמע. עס איז נישט געווען פון וואָס צו זיין אויפגערוימט, דאָס געבליבענע געלט נאָכ׳ן טאַטענ׳ס שטיקעל אַרבייט האָט נישט געקענט פאַרגיטיגען דאָס געפיל פון בושה און דערשלאָגענקייט.

אָבער דאָך האָט ער זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט, עפּעס בין איך געווען ביי אים די פאַרקערפערונג פון יענע אומשולדיגע צייטען, איידער דער טאַטע האָט אָנגעהויבען אָפּטאָן די געמיינקייטען. מיר האָבען לאַנגע שעה׳ן גערעדט און ער האָט געזוכט מיך מקרב צו זיין אויפ׳ן בעסטען אופן. איך האָב אים אויסדערציילט מיין לאַגע, אַז איך בין שוין אַ טאַטע פון פיר קינדער, אַז איך האָב שוין „אָפּגעהאַנדעלט״, געפירט גרויסע געשעפטען, איצט בין איך אַרויס ווי איך גיי און שטיי און פאָר זוכען גליקען אין דער ברייטער וועלט און דערוויל בין איך געבליבען אין מיטען וועג אָן אַ גראָשען געלט. ווייל איך דעריבער בלייבען אין דער דאָזיגער גרויסער אידישער שטאָט אויף עטליכע וואָכען, קודם כל צו מאַכען עטליכע קאָפּיקעס, און צווייטענס כדי צו נאַשען עפּעס ביי דעם באַרימטען לעמבערגער אויבער־קאַנטאָר, האַלפּערן, וועלכער האָט דעם שענסטען געמישטען כאָר פון מענער און פרויען, און דערצו

נאָך אַ גוטען אָרגעל. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ נייעס און כ׳האָב געוואוסט, אַז אין דער גרויסער וועלט וועט מיר דאָס אַלץ צונוץ קומען.

איך האָב שטענדיג געטרוימט וועגען אַ פאַראייניגונג פון דעם קאָנסער־וואַטיווען נוסח התפילה מיט דעם מאָדערנעם קאַנטאָר־פאַך און איך האָב גע־פילט, אַז דאָ אין לעמבערג וועל איך קענען עפּעס לערנען אויף דעם געביט. ווי נאָר מיין חבר האָט דערהערט דעם נאָמען האַלפערן, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט: „דאָס איז דאָך מיין בעסטער פריינט און ער וועט זיכער טאָן אַלץ פאַר דיר, וואָס איך וועל אים נאָר בעטען״. אָבער ביז מיר וועלען גיין צו האַלפערנ׳ען האָט מיר מיין חבר פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלען אַראָפּפאָרען אויף שבת צו אים קיין סטאַניסלאַוו, וואו ער איז געווען דער פאַרוואַלטער פון אַ גרויס געשעפט. איך האָב בעסער געוואָלט דעם ערשטען שבת פאַרברענגען אין לעמבערג און טאַקע גיין הערען האַלפערנ׳ען מיט זיין כאָר. אַזוי איז טאַקע געווען און מיר זיינען פאַרבליבען אין שטאָט. מיין חבר האָט מיר אָנגעבאָטען געלט, וויפיל נאָר איך דאַרף, אָבער איך האָב געהאַלטען פאַר גלייכער ביי אים קיין זאַך נישט צו נעמען און וואַרטען ביז דער אויבערשטער וועט מיר צושיקען מיין ערשטען ערליכען פאַרדינסט.

# קוים מיט צרות לאָזט מען מיך צו אויף „פּראָבע"
# אין דער לעמבערגער פרומער שוהל

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף דעם פרייטאָג צונאַכטס אין לעמבערג, כדי צו גיין אין דער גרויסער כאָר־שוהל און הערען האַלפערנ׳ען מיט זיין באַרימטען געמישטען כאָר. איך בין געווען אָנגענעם איבערראַשט, האַלפערן האָט געהאַט אַ וואונדערבאַרע באַריטאָן־שטימע און אַ שיינעם פאַרטראַג, אויך דער כאָר האָט פרעכטיג געזונגען. אָט אַזוי האָב איך מיר לאַנגע יאָרען פאָרגעשטעלט אין דער פאַנטאַזיע אַן אמת׳ע גאָטעס־דינסט: אַלץ זאָל קלינגען האַרמאָניש, פייערליך, און גלייכצייטיג זאָל נישט פאַרלוירען גיין דאָס אמת אידישע, דאָס טראַדיציאָנעלע.

נאָכ׳ן דאַוונען האָט מיך מיין חבר פאָרגעשטעלט פאַר האַלפערנ׳ען, ער האָט אים ווירקליך געקענט פון לאַנגע צייטען, האַלפערן אַליין איז אַמאָל געווען אַ משורר ביי מיין חבר׳ס אַ זיידען, אַ קליינשטעטעלדיגען חזן. שבת אינדערפרי, נאָכ׳ן דאַוונען, האָט אונז ביידע האַלפערן פאַרבעטען צו זיך אין הויז אַריין, וואו מיר האָבען פאַרבראַכט דעם גאַנצען טאָג. צו שלוש סעודות זיינען אָנגעקומען אַ סך פרומע אידען, און האַלפערן האָט געפּראַוועט טיש, ממש ווי אַ גוטער איד. עפּעס האָט עס זיך נישט געקלעפּט צו אַ קאַנטאָר פון אַ מאָדערנעם טעמפּעל. נאָר איך האָב מיר געטראַכט: אפשר איז דאָס אַזאַ ספּעציעלער גאַליציאַנער נוסח. האַלפערן האָט מיך געבעטען עפּעס פאָרזינגען. נאָר איך בין נישט געווען אין דער ריכטיגער שטימונג און איך האָב געהאַלטען פאַר גלייכער אָפּצולייגען דאָס אויף אַן אַנדערש מאָל.

אויפ׳ן צווייטען שבת בין איך געווען ביי מיין חבר עטליכע טעג אין סטאַניסלאַוו און נאָכ׳ן צוריקקומען האָב איך זיך גלייך געמאָלדען צו האַלפערנ׳ען, ווייל וואו דען האָב איך געקענט גיין? האַלפערן האָט שוין געוואוסט, אַז איך פּלאַן צו ווערען אַ משורר און סאָליסט אין זיין כאָר, האָט ער מיך געבעטען איך זאָל עפּעס זינגען, כדי ער זאָל זיך באַקענען מיט מיין שטימע. איך האָב געזונגען איינע פון מיינע אייגענע תפילות־אימפּראָוויזאַציעס אין דעם עכטען אַלט־טראַדיציאָנעלען שטייגער. ער האָט געבעטען נאָך אַ תפילה און נאָך אַ תפילה, ביז ער האָט זיך אָנגערופען:

— איר ווייסט, יונגערמאַן, אַזאַ שטימע מיט אַזאַ פאַרשטענדעניש פאַר חזנות האָב איך שוין לאַנג נישט געהאַט די געלעגענהייט צו הערען. און איר

ווילט ווערען אַ משורר אין מיין כאָר? דאָס מוזט איר מסתמא מאַכען חוזק פון מיר. איר מיט אייער שטימע קענט בלויז פאַרלוירען גיין אין מיין כאָר און פאַרוואָס זאָל איך דערלאָזען, אַז אייער שטימע זאָל פאַרלוירען גיין, בעת איר קענט בפירוש ברענגען נוצען און זיין אַפילו אַ כבוד פאַר אונזער פאָלק.

ערשטענס, יונגערמאַן, — האָט האַלפּערן ווייטער גערעדט צו מיר, — מיט אייער טענאָר־שטימע קענט איר דרייסט ווערען איינער פון די שענסטע אָפּערע־זינגער און אינגאַנצען נישט זיין אָפּהענגיג פון די שוהל־גבאים, פּרע־זידענטען און פון די אַלע איבעריגע בעלי בתים, וואָס יעדער באַטראַכט זיך, ווי אייער בעל הבית. און צווייטענס, אויב איר ווילט שוין דוקא גיין אויפ׳ן דערנער־וועג פון חזנות, זאָלט איר אויסמיידען מיין שול און מיין כאָר, ווי אַ שד אַנטלויפט פון ווייךויך. קיין שום גוטס וועט עס אייך נישט טאָן און עס קען בלויז שאַדען אייער חזנ׳ישער קאַריערע, ווען איר וועט שטיין נאָענט צו מיר, ווייל דאָ אין גאַליציע האָבען די פרומע אידען פשוט אַריינגעלייגט אין חרם מיין טעמפּעל און זיי קוקען אויף אים נאָך ערגער, ווי להבדיל אויף אַ קלויסטער. אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט מיין טעמפּעל, איז טריף ווי חזיר.

נאָר פון דער צווייטער זייט, האָט חזן האַלפּערן פאָרגעזעצט, איז מיר גע־קומען אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין: דאָ אין לעמבערג איז דאָ אַ באַרימטע אָר־טאָדאָקסישע שוהל אונטערן נאָמען „טורי זהב״, דאָס איז אַ שוהל, וואו עס זיינען אַמאָל געשטאַנען אַזעלכע חזנים ריזען, ווי: ניסי בעלזער, זיידעל ראָוונער, ברוך שאָר, ברוך קאָנסטאַנטינער, לייזערקע דער חזן און נאָך אַנדערע. און עס איז שוין עטליכע יאָר, ווי די דאָזיגע שוהל זוכט אַ פּאַסיגען חזן, וואָס זאָל זיין ראוי זיינע גרויסע פאָרגייער. איך מיין, אַז איר וואָלט געווען אַ פּאַסיגער קאַנדידאַט פאַר זיי, אויב פאַרשטייט זיך איר וועט דורכגיין די אַלע עקזאַמענס, וואָס זיי וועלען פאַרלאַנגען. און דאָס איז אַ שיינע שטעלע, וואָס וועט אייך געבען פּרנסה בריוח און איר וועט נאָר דאַרפען דאַווענען איין מאָל אין חודש, די איבעריגע דריי שבתים וועט איר זיין אַ פרייער מענש און קענען אַרויס־פאָרען אין אַנדערע שטעט.

און קאַנטאָר האַלפּערן האָט פאַרענדיגט, אַז אויב איך וויל וועט ער מיר באַשטעלען אַ זעהונג מיט׳ן פּרעזידענט פון דער שול „טורי זהב״, אַ געוויסער פאַלטערייק, און מיט אים וועל איך דאַרפען אַרומריידען אַלע ווייטערדיגע איינצעלהייטען. עס איז מיר, פאַרשטייט זיך, געווען גאָר אָנגענעם אויסצוהערען די אַלע גוטע ווערטער פון קאַנטאָר האַלפּערן. נאָך מער האָט מיך אָנגעפילט מיט שטאָלץ דער געדאַנק, אַז איך וועל קענען שטיין ביי דעם עמוד, ביי וועלכען עס זיינען געשטאַנען אַזעלכע גדולים אין חזנות. און צום סאַמע לעצט האָב איך זיך דערמאָנט, ווי דער דלות פייפט שוין אין מיינע קעשענעס און אַז איך מוז וואָס שנעלער זיך צו עפּעס דערשלאָגען. האָב איך מיט אַן אמת׳ן פאַרגעניגען איינגעשטימט זיך צו טרעפען מיט דעם דערמאָנטען פּרעזידענט פון דער „טורי זהב״.

אויף צומאָרגענס צו דער אָפּגערעדטער צייט בין איך פּינקטליך געקומען אין הויז פון הער פּאָלטערייק. עפּעס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז די אויפנאַמע, וואָס ער האָט מיר געגעבען, איז נישט געווען קיין גאָר פריינטליכע. עפּעס האָט ער מיך באַקוקט פון אויבען ביז אַראָפּ, און איך האָב מיר שוין געטראַכט: אפשר האָט ער עפּעס באַמערקט אויף מיר, וואָס איז נישט אין אָרדענונג, אפשר זיינען מיינע מלבושים פאַרפלעקט. אָבער ניין, איך האָב זיך אָנגעקוקט און געזען, אַז איך בין גאַנץ נעט און לייטיש אָנגעטאָן.

ענדליך האָט ער מיך גענומען אויספרעגען, פון וואַנעט אַזאַ איד ווי איך קום, וואו איך בין געווען חזן ביז איצט און וואָס עס זיינען מיינע פּלענער אויף דער צוקונפט. איך האָב אים אויף אַלץ אָפּגעענטפערט לויט דער ריי. דאַן זאָגט ער צו מיר: ווי איך פאַרשטיי, יונגערמאַן, פּלאַנט איר צו דאַווענען ביי אונז אַ שבת אויף פּראָבע, כדי מעגליך שפּעטער איבערצונעמען די וואַקאַנטע שטעלע אין אונזער שוהל. וויל איך אייך זאָגען, אַז לײדער איז די שטעלע נישט פאַר אייך און איר זענט נישט פאַר דער שטעלע.

אָפּגעזאָגט מעשה ריכטער און אַנטשוויגען געוואָרען. מיך האָט עס אַ ברען געטאָן, אָבער איך האָב מיך גלייך געכאַפּט, אַז איך געפעל אים נישט דערפאַר, ווייל איך בין אַביסעל צו מאָדערען אָנגעטאָן, צו אינטעליגענט פאַר די פרומע גאַליציאַנער אידען, ווייל וואָס עס איז שייך מיין שטימע ווייס ער דאָך נאָך גאָרנישט וועגען איר, צי זי איז פּאַסיג אָדער נישט.

האָב איך זיך געמאַכט תמ׳עוואַטע און געפרעגט: קענט איר מיר זאָגען, הער פּאָלטערייק, פאַרוואָס איר דענקט, אַז איך בין נישט ראוי צו זיין אַ חזן אין אייער שוהל?

— יאָ, איך וועל אייך זאָגען אָפען: איך מיין, אַז אונזער קהילה וועט אייך נישט ערלויבען צו דאַווענען אין אונזער שול, ווייל איר זעט מיר אויס צו זיין אַ צו מאָדנער יונגערמאַן, און מיר זיינען אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישע קהילה. איך קען מיר גאָרנישט פאָרשטעלען, אַז איר זאָלט זיין אומשטאַנד אָפּצוריכטען אַ תפילה לויט׳ן אָרטאָדאָקסישען שטייגער, און בכלל ווי קענען מיר צולאָזען צום עמוד אַ יונגערמאַן אין אַזעלכע פראַנטישע קליידער, און דערצו נאָך אַ גלוח?

עס איז מיר געוואָרען גאַנץ קאַלעמוטנע אויפ׳ן האַרצען, הערענדיג די ווערטער. אָבער איך האָב מיך נישט פאַרלוירען און האָב אים געענטפערט מיט׳ן באַקאַנטען פּסוק פון פּרק: „אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו״. „ראשית, ר׳ גבאי״, זאָג איך, „קוקט זיך צו גוט צו מיין פּנים, וועט איר זען, אַז איך בין נישט קיין גלוח, נאָר פּשוט, איך האָב נאָך אינגאַנצען נישט קיין חתימת זקן, ווייל איך בין נאָך אַ יונגער מענש, און וואָס ס׳איז שייך ווידער מיינע קורצע קליידער, איז דאָס אַ זאַך, וואָס מ׳קען ענדערען צו יעדער מינוט. איבער דעם איז זיך נאָך קיינמאָל קיין שידוך נישט צעגאַנגען. אָבער די עיקר־זאַך איז דאָך גאָר אַן אַנדערע: איר דאַרפט דאָך אַ גוטען חזן, און נישט אַבי אַ אידען מיט באָרד און

פאות און אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע. טאָ פּרוואווט מיך פריער אויס, צי איך טויג צו עפּעס, און דערנאָך וועלען מיר קענען ריידען וועגען די איבעריגע זאַכען.

דער איד האָט שוין אַנדערש געגומען קוקען אויף מיר נאָך אָט די רייד. ער האָט געזאָגט ער וויל אויף זיך אַליין נישט שטעלען, ער וועט דעריבער פאַר־בעטען צו זיך אין הויז אַריין אויף מאָרגען אָוונט אַ צענדליג בעלי בתים פון זיין שוהל, און וואָס די אידען וועלען באַשליסען אַזוי וועט זיין. אויף מאָרגען בין איך שוין געקומען צום גבאי פאָלטערייק אין הויז אַריין, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגען סורדוט, נאָר קיין באָרד מיט קיין פאות האָב איך זיך פאָרט נישט געקאָנט צוקלעפּען. איך בין געקומען גראָד צום נאַכט־עסען, און דער גבאי האָט מיך פאַרבעטען צום טיש. אַזוי ווי עס איז געווען אַ מזומן ביים טיש, האָט ער מיך מכבד געווען מיט בענשען. ווען עס איז געקומען צו „רחם נא", האָב איך זיך אַביסעל צעקאַטשעט, בפרט ווען אויפ'ן האַרצען איז מיר געווען גאַנץ ביטער; ווען איך האָב געזאָגט די ווערטער: „אל תצריכנו לידי מתנת בשר ודם" — האָב איך מיר געטראַכט: אָט דאָס איז דאָך טאַקע איצט מיין תפילה — נישט אָנצוקומען צו פרעמדע מענשען, און איך בין זיך פאַרגאַנגען אין אַ האַר־ציגען געבעט, אַז איך זאָל געפעלען ווערען די גבאים, אַז איך זאָל צו קיינעם נישט דאַרפען אָנקומען, און אַז איך זאָל שוין אויך האָבען מיין אייגענע היים צוזאַמען מיט ווייב און קינדער.

באַלד האָבען אָנגעהויבען צו קומען אידען אין שוואַרצע פּלושענע קאַפּע־לושען, מיט געקרייזעלטע פאות, פאַרבויגען הינטער די קאַפּעלושען. די לאַנגע טלית קטנ'ס האָבען געפלאַטערט און אַרויסגעקוקט פון הינטער זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס. די אידען האָבען מיך ווידער גענומען באַטראַכטען פון קאָפּ ביז די פיס, ביז ענדליך זאָגט צו מיר דער גבאי:

— נו, יונגערמאַן, איצט וועט איר פאַר די פאַרזאַמעלטע בעלי־בתים עפּעס פאַרזינגען פון פרייטאָג צונאַכטיגען דאַוונען.

איך האָב אָנגעהויבען פון „השכיבנו", דאַן געזאָגט „זרע חיא וקימא", און ווען איך האָב געזען, אַז די אידען צעשאָקלען זיך און נעמען זיך איבערשושקען, האָב איך שוין פאַרענדיגט מיט'ן ריכטיגען „מי שברך".

דעמאָלט איז אויפגעשטאַנען אַ איד, וואָס לויט זיין אויסזען האָט מען גע־קאָנט דערקענען, אַז דאָס איז יענער בעל גוף, אַ איד אַ תקיף, וואָס האַלט פון זיך און מיינט, אַז ער וויס אַלץ, אַפילו חזנות. שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרען, אַז ער איז אַ גרויסער גביר און אַ גרויסער דעה־זאָגער אין דער לעמבערגער קהילה. ער זאָגט צו מיר:

— יאָ, יונגערמאַן, דאָס איז גאַנץ פיין, אָבער מיר ווייסען, אַז עס זיינען פאַראַן חזנים, וואָס קענען טאַקע דעם שבת'דיגען דאַווענען, אָבער ווען עס קומט צו אַ יום־טוב, דער עיקר צו ימים נוראים, שטעקען זיי אַרויס די צונג און ווייסען נישט וואו איין און וואו אויס. דעריבער וואָלטען מיר געוואָלט

הערען פון איך עטליכע ימים נוראים'דיגע תפילות איידער מיר קאָנען דער־לויבען, אַז איר זאָלט דאַוונען ביי אונז אַ שבת פּראָבע.

איך האָב געענטפערט, אַז זיי קאָנען זיך אַליין אויסקלייבען וועלכע תפילה זיי ווילען נאָר פון ימים־נוראים'דיגען דאַוונען. פאַרשטייט זיך, אז יעדער איינער האָט גענומען פאַרלאַנגען עפּעס אַנדערש. סוף כל סוף האָט מען זיך געאייניגט אויף „ומפני חטאינו”. ווען איך האָב געזאָגט דעם „ומפני חטאינו”, האָב איך געקאָנט זען ווי מאַנכע פון מיינע צוהערער הייבען זיך פון די בענק־לעך, ווען איך האָב געענדיגט האָט אַן אַנדערער איד פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל זאָגען אַ שטיקעל פון דער „עבודה”. האָב איך געזאָגט „מלכות”, דערנאָך „אתה נגלית”, די „יעלה'ס”, און דאָס איז נאָך אַלץ געווען ווייניג, האָט מען נאָך פאַרלאַנגט אַ שטיקעל פון „נעילה”, און איך האָב פאַרענדיגט מיט „אתה הבדלת”, צו דער גרויסער צופרידענקייט פון די פאַרזאַמעלטע אידען. מען האָט באַשלאָסען, אַז איך בין דאָך ראוי צו שטעלען זיך צו פּראָבע. נו, דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויסע דערגרייכונג, און איך האָב זיך גענומען גרייטען צום שבת, וואָס האָט געדאַרפט אַנטשיידען מיין צוקונפטיגען גורל.

## דער לעמבערגער רב אַסר'ט מיין שבת'דיגען דאַווגען

ווען די לעמבערגער שיינע אידען האָבען איינגעשטימט מיך צוצולאָזען צו פּראָבע אין דער פּרומער שוהל „טורי זהב", האָבען זיי זיך מיט מיר גלייך אויסגערעדט, אַז זיי זאָגען מיר חלילה נישט צו קיין שום באַצאָלט פאַר דעם שבת'דיגען דאַווגען. מער נישט, זיי האָפען, אַז איך וועל מיט מיין דאַווגען אויסנעמען ביי די אידען, דאַן וועלען די בעלי־בתים, וועלכע מען וועט אויפ־רופען צו דער תורה, מנדר זיין עפּעס וואָס פאַר'ן חזן, און זונטאָג, אם ירצה השם, וועל איך מיך אַרויסלאָזען מיט'ן שמש איבער'ן שטאָט דאָס איינקאַסירען.

דאָס הייסט, אַז איך האָב מיך אָנגעזונגען ווי אַ פויק, און געמוזט אויסשטיין אַלערליי קאַפּריזען פון אידען תקיפים, ביז מ'האָט מיך באַוויליגט צוצולאָזען אויף פּראָבע, און ערשט איצט וועל איך דאַרפען דאַווגען פרייטאָג צונאַכטס און שבת אינדערפרי און בעטען גאָט, אַז איך זאָל געפעלען ווערען און די אידען זאָלען האָבען דעם חשק עפּעס מנדר צו זיין, און דאַן ערשט אַרויסלאָזען זיך מיט דער פּאַטשיילע איבער'ן שטאָט צוזאַמענגעמען די פּאָר גראָשען. מען קאָן נישט זאָגען, אַז עס איז געווען פון וואָס צו זיין באַגייסטערט. בין איך געבליבען זיצען אַ צעבראָכענער.

אין דעם מאָמענט, ווען דער גבאי האָט מיר געררוקט דאָס פינפערל אין האַנט אַריין, האָב איך דערפילט די גרויסע ענדערונג, וואָס איז אַריינגעטראָטען אין מיין לעבען, אַז איך בין נישט מער דער גביר'ישער יונגערמאַנטשיק פון יעקאַטערינאָסלאַוו; אַז איך ווער אָפּהענגיק פון מענשען, און דאָס האָט מיך אָנגעפילט מיט אַ טיפען טרויער.

פון דער אַנדערער זייט האָב איך געטראַכט: אַזאַ איד קאָן זיך נאָך באַליי־דיגען, טאָמער וועל איך אָפּזאָגען דאָס אָנצונעמען, בפרט ווען ער האָט גלייך אויפ'ן אָרט צוגעגעבען, אַז דאָס איז בתורה הלוואה, טאָמער נויטיג איך זיך, און פון דער ערשטער איינקונפט, וואָס וועט מיר אַריינפאַלען פון דעם שבת'־דיגען דאַווגען, וועל איך אים קאָנען דעם חוב באַצאָלען. איך האָב צוגענומען דאָס גאָלד־־שטיקעל און ביז'ן היינטיגען טאָג געפינט זיך דאָס ביי מיר, ווי אַן אָנדענקען פון יענער צייט, ווען איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער וועלט זוכען גליק. איך האָב עס נישט אויסגעטוישט דעמאָלט אין לעמבערג, כאָטש דער דלות האָט גאַנץ פיין געסווישטשעט אין מיינע קעשענעס.

ווי אומדערפאַרען איך בין דעמאָלט נישט געווען, האָב איך זיך אָבער גלייך

געכאַפּט, אַז איך זעה נישט פאַר זיך קיין גרויסע צוקונפט אין גאַליציאַנער חזנות. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָב איך גוט געדענקט, אַז איך האָב אַ ווייב מיט פיר קינדער מפרנס צו זיין און אַז ביז עס וועט מיר נישט אונטער־קומען עפּעס בעסערס, מוז איך זען מיט אַלע כחות געפעלען צו ווערען דעם שבת, כדי איבערצונעמען כאַטשבי אויף אַ קורצער צייט די שטעלע.

ווי איך זיץ אַזוי אין מיין האָטעל־צימער פאַרטאָן אין מיינע געדאַנקען, קלאַפּט מען אין טיר. עס קומט אַריין אַ קליין, איינגעקאָרטשעט אידעלע מיט אַ געדיכטער, קאַלטענעוואַטער באָרד, אין אַ שמויסענעם טולופּ און אין אַ פוטער־רען היטעל. ער זאָגט נישט קיין גוט מאָרגען, גיט מיר נישט קיין שלום עליכם, נאָר ער גיט מיך גלייך אַ פרעג:

— זענט איר דאָס דער יונגערמאַן, וואָס דאַרף דאַוונען דעם היינטיגען שבת אין דער „טורי זהב" שוהל?

איך האָב קיין זאַך נישט חושד געווען און געענטפערט:

— יאָ, דאָס בין איך.

— אויב איר זענט עס, — האָט דער אידעל דאָן אַרויסגעבורטשעט פון אונטער דער באָרד, — בין איך געקומען אייך זאָגען אין נאָמען פון לעמבער־גער רב, ר' שמעלקעס, אַלס זיין שמש, אַז ער אסר'ט אייך דאָס דאַוונען שבת.

איך בין געבליבען אַ טויטער. העגט און פיס האָבען זיך מיר גענומען טרייסלען. וואָס הייסט עס, עפּעס אַן איסור אויף מיין דאַוונען? וואָס בין איך, חלילה, אַ משומד? און דער שמש האָט מיר דאָן אויפגעקלערט, אַז מען איז געקומען צום רב און מען האָט אים דערציילט, אַז איך בין אַ מחלל שבת'ניק, אַז איך בין געפאָרען אום שבת. דערפאַר איז געקומען דער איסור.

איך האָב זיך נאָך געוואָלט אויס־טענה'ן מיט'ן שמש: ווי קאָן מען דאָס אַרויסגעבען אַן איסור איידער מען הערט אויס דעם באַשולדיגטען? אָבער דער שמש האָט געזאָגט, אַז ער איז בלויז אַ שליח, וואָס ערפילט זיין שליחות, און ער איז אַוועק אָן אַ גוטען טאָג.

אַזוי בין איך געבליבען אַליין מיט דער פרישער צרה, וואָס איז אַראָפּגעפאַלען אויף מיין קאָפּ. וואָס הויבט מען אָן צו טאָן? צו וועמען ווענדעט מען זיך?

אינסטינקטיוו איז דער ערשטער געדאַנק געווען: דער אויבער־קאַנטאָר האַלפּערן. האָט ער דאָך מיר געגעבען די עצה צו גיין זיך באַמיען וועגען דער שטעלע. וועט ער דאָך מיר זיכער איצט העלפען ווי אַזוי זיך ריינצואוואַשען פון דעם בלבול, וואָס בייזע מענשען האָבען אויף מיר אויסגעטראַכט.

איך האָב מיר אָנגעהויבען אָפּגעבען אַ חשבון, וואָס דער דאָזיגער איסור קאָן פאַר מיר באַדייטען. דאָס איז נישט בלויז, אַז מען יאָגט מיך אַרויס פון דער שטאָט לעמבערג, נאָר אַז מיין פוס וועט נישט קאָנען איבערטרעטען קיין שום אַנדער שטאָט אין גאַליציע. אומעטום וועט מען אויף מיר טייטלען מיט די פינגער: אָט דעם יונגערמאַן האָט דער לעמבערגער רב נישט צוגעלאָזט צום

עמוד. דאָס איז געגוג, אַז איך זאָל דאָ גיין צו גרונט אין דער דאָזיגער פרומער פּראָווינץ, וואו די גאַנצע מאַכט אין אידישען לעבען האָט זיך דעמאָלט געפֿו־נען אין די הענט פון די רבנים.

איך האָב האַלפערנ'ען נישט געטראָפען אין דער היים, און בין דעריבער גלייך אַוועק צום גבאי פּאַלטערייק, האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע און געבעטען, אַז ער זאָל גלייך מיט מיר אַוועקגיין צום רב און אויפקלערען דעם בלבול, וואָס מען האָט אויף מיר געמאַכט. דער גבאי האָט באַמערקט ווי עס קאָכט אין מיר אַלץ, האָט ער מיך באַרוהיגט און צוגעגעבען, אַז אויך לויט זיין מיינונג האָט דער רב נישט געהאַט קיין רעכט אָפּצוטאָן אַזאַ זאַך איידער ער האָט מיך אויסגעהערט און איידער ער האָט מיט עדות פעסטגעשטעלט, אַז עס איז ווירקליך אַזוי ווי אימיצער האָט אים אויף מיר צוגעטראָגען.

פּאַלטערייק האָט נאָך מיטגענומען דעם קאַסירער פון דער שול „טורי זהב", הער ראַפּאָפּאָרט, און אין דרייען זיינען מיר אַוועק צום לעמבערגער רב, ר' שמעלקעס. ווען מיר זיינען אַריינגעקומען זיינען ביי אַ צוויי מנינים אידען געשטאַנען ביי דער שטילער מנחה. די אידען האָבען זיך געוואַלדיג געוואָרפען בעת'ן דאַווענען אין אַלע זייטען, וואָס עס האָט געמאַכט אויף מיר אַ מאָדנעם איינדרוק. אויך ביי אונז אין שטעטעל זיינען געווען אַ סך פרומע אידען, אמת'ע יראַ שמים, אָבער מען האָט עפּעס אַזוינס נישט געזען, אַז זיי זאָלען מאַכען אַלערליי ווילדע העוויות בעת'ן דאַווענען.

איך האָב זיך קוים דערוואַרט ביז מען האָט אָפּגעדאַווענט, דעמאָלט האָט פּאַלטערייק געלאָזט מעלדען דעם רב דורכ'ן שמש, אַז ער וויל זיך מיט אים זען אין אַ דרינגענדען ענין. מיר אַלע דריי זיינען גלייך אַריינגערופען געוואָרען אין זיין בית־דין שטוב. פּאַלטערייק האָט מיך פאָרגעשטעלט אַלס דעם יונגענמאַן, וואָס דאַרף דאַווענען דעם קומענדיגען שבת אין דער „טורי זהב" שוהל. דער רב האָט די ביידע אידען דערלאַנגט די האַנט און מיך האָט ער געלאָזט שטיין, נישט דערלאַנגענדיג מיר קיין שלום עליכם. די מעשה האָט מיך גוט פאַרדראָסען, אָבער איך האָב עס אַראָפּגעשלונגען.

דער ערשטער האָט גערעדט פּאַלטערייק, פרעגענדיג: אויף וואָס פאַר אַ סמך דער רב האָט גע'אסר'ט מיין דאַווענען דעם קומענדיגען שבת. „גאַנץ איינפאַך", האָט דער רב געענטפערט. „מען איז געקומען און מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ מחלל שבת'ניק, אַז ער איז געפאָרען און האָט גערויכערט אום שבת בפרהסיה".

איך האָב קוים געקאָנט באַהערשען מיין אויפרעגונג, אָבער כ'האָב מיך דאָך באַמיט צו רעדען רואיג: „רבי", זאָג איך, „ווי קאָן מען דאָס אַרויסגעבען אַן איסור קעגען אַ מענשען בלויז אויף דעם גרונט, וואָס עמיצער, אַ ליגנער און אַ מסור איז געקומען און האָט אויף מיר מלשין געווען? פאַרוואָס האָט איר מיך נישט גערופען און פאַרוואָס האָט איר נישט געפאָדערט אויסצוהערען עדות אין מיין געגענוואַרט און פאַרוואָס האָט איר מיר נישט געגעבען קיין

מעגליכקייט זיך צו פאַרטיידיגען? ווייסט איר, רבי, וואָס עס מיינט אַזאַ בלבול פאַר אַזאַ יונגען מענש ווי איך, וואָס איז נאָך דערצו אַ מטופל מיט קינדער? דאָס באַדייט דאָך אומגליקליך מאַכען מיך אויפ׳ן גאַנצען לעבען! ווי האָט איר געקאָנט אָפּטאָן אַזאַ אומפאַרזיכטיגען שריט?״

אויף דעם האָט דער הרב שמעלקעס געענטפערט: „זעט נאָר די חוצפה, ווער עס גייט מיך לערנען דינים!״

„חלילה וחס״, האָב איך געענטפערט, „איך האָב גאָרנישט בדעה מיט איך צו שפּאַרען זיך וועגען דין. דאָס איינציגע וואָס איך פאַרלאַנג, איז: גערעכטיגקייט צו מיר! איך בין דאָ אַ פרעמדער אין דער שטאָט און גלייך ביים שטעלען די ערשטע טריט וויל מיר עמיצער דערלאַנגען מיט אַ מעסער אין רוקען. עס איז אידיש און עס איז מענשליך, אַז איר זאָלט מיר געבען אַ מעגליכקייט זיך צו פאַרטיידיגען, כדי מען זאָל וויסען דעם גאַנצען אמת. איך פאַרלאַנג, רבי, אַז איר זאָלט אין דער אָנוועזענהייט פון די דאָזיגע צוויי חשוב׳ע אידען, פּאַלטערייק און ראַפּאָפּאָרט, אָנרופען דעם נאָמען פון דעם מסור, וואָס האָט אויף מיר אויסגעטראַכט אַזאַ שם־רע. און צווייטענס, בעט איך, אַז איר זאָלט טאַקע גלייך שיקען רופען צו זיך דעם מענשען און זאָל ער אין מיינע אויגען באַשטעטיגען, אַז ער האָט מיך געזען מחלל שבת זיין״.

„דאָס וועל איך נישט טאָן״, האָט דער רב געענטפערט. דאָ האָבען די צוויי גבאים שוין אויך נישט אויסגעהאַלטען און האָבען זיך איינגעשטעלט, אַז על פּי דין האָב איך רעכט צו פאָדערען אַן עפענטליכע באַשטעטיגונג דורך עדות, אַז איך בין באמת באַגאַנגען אַ חטא, אַנדערש קומט מיך ריינצוואַשען. דער רב איז אָבער געווען איינגעשפּאַרט און האָט גע׳טענה׳ט, אַז דאָס האָט אים צוגעטראָגען אַ איד אַ למדן, וואָס ער גלויבט אים יעדעס וואָרט, נאָר ער וויל נישט אָנרופען זיין נאָמען.

איך בין אָבער נישט אָפּגעשטאַנען און גע׳טענה׳ט, אַז דאָ שטייען אין קאָן מענשליכע לעבענס און אַז איך וועל נישט לאָזען זיך אַזוי אָפּפאַרטיגען אָן דין און אָן משפט און זיך צוקוקען רואיג, ווי מען וויל מיך אומברענגען. איך וועל נישט אָפּטרעטען ביז דער מענש, וואָס האָט געמאַכט אויף מיר דעם בלבול, וועט נישט שטיין פּנים אל פּנים אַנטקעגען מיר און באַשטעטיגען זיין געמיינעם ליגען.

דער רב האָט דערפילט, אַז גלאַטיג וועט די מעשה נישט דורכגיין, האָט ער צוגערופען דעם שמש און אים געזאָגט: „רוף אַהער ראובן דעם דיין״. ווען מ׳האָט געענדיגט מעריב, איז שוין דער שמש געווען צוריק מיט ראובן דעם דיין. ווען איך האָב דערזען דעם מורא הוראה, איז מיר גלייך אַדורכגעלאָפען דער געדאַנק, אַז איך האָב דעם אידען געזען אין הויז פון אויבער־קאָנטאָר האַלפּערן דעם ערשטען שבת, ווי נאָר איך בין געקומען.

און הרב שמעלקעס האָט זיך דאַן געווענדעט צום דיין מיט די פאָלגענדע

ווערטער: „זאָגט מיר, ר׳ ראובן, היינט אינדערפרי זייט איר געקומען צו מיר און מיר געזאָגט, אַז איר ווייסט, אַז דער יונגערמאַן, וואָס דאַרף דאַוונען שבת אין דער „טורי זהב״ שוהל, איז אַ מחלל שבת׳ניק, בעט איך אייך, איר זאָלט מיר זאָגען פון וואַנען איר ווייסט דאָס; האָט איר דאָס אַליין געזען?״

„ניין, רבי״, האָט דער דיין געענטפערט. „אַליין האָב איך דאָס נישט געזען, נאָר אַ חשוב׳ער איד אין שטאָט, וואָס מען מעג אים גלויבען, האָט מיר דאָס איבערגעגעבען, און מיין חוב איז געוועזן אייך וועגען דעם צו מעלדען, כדי עס זאָל, חלילה, נישט קומען צו קיין חילול השם״.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, בין איך געוואָרען אַן אויפגעציטערטער און איך האָב פעסט באַשלאָסען, אַז איך וועל שוין דעם דיין אַזוי פשוט נישט אַרויסלאָזען. איך וועל שוין דערגיין ווער עס האָט דאָס געוואָלט גראָבען אַ גרוב פאַר מיר.

# אַ חזן, וואָס האָט צוליב קאָנקורענץ געוואָלט מיך באַגראָבן לעבעדיגערהייט

עס איז אַ טרויעריג בילד פון דעם אידישען לעבען מיט אַ האַלבען יאָרהונדערט צוריק, ווען איינצעלנע מענשען האָבען געפּראַוועט תקיפות, אָנ־געוואָרפען זייער ווילען אויפ'ן גרונט פון זייער פאַרמעגען אָדער פון דעם געלערענטען שטאַנד, וואָס זיי האָבען פאַרנומען. גלייך ביי מיין ערשטען אַרויספאָר אין דער ברייטער וועלט אַריין האָב איך זיך אָנגעשטויסען אויף דער דאָזיגער מעכטיגער קראַפט, און איך מוז דאָס צוגעבען, אַז ווען נישט מיין עקשנות און מיין פאַרביסענקייט דורכצושלאָגען מיין אייגענעם וועג דורך אַלע שטרויכלונגען — וואָלט שוין לאַנג קיין זכר פון מיר נישט געווען, וואָלט איך שוין לאַנג געהאַט פאַרפאַלען געוואָרען אין דעם ים פון בלבולים און רכילות, וואָס מ'האָט גענומען פאַרשפּרייטען אַרום מיר גלייך ווי כ'האָב געשטעלט מיינע ערשטע טריט.

די מעשה לעמבערג איז ווירקליך אַ מעשה נורא. אַ רב פון אַזאַ גרויסער שטאָט גיט אַרויס אַן איסור אויף מיר אויפ'ן סמך פון דעם, וואָס דער שטאָ־טישער דיין האָט געהערט, ווי עמיצער האָט דערציילט, אַז אַן אַנדערער זאָל האָבען כלומר'שט געזאָגט, אַז עפּעס אַ דריטער זאָל ענדליך האָבען אַליין געזען, אַז איך בין געפאָרען אום שבת. און די אונטערשטע שורה פון דער לאַנגער מעשה איז געווען — גאַנץ איינפאַכע קאָנקורענץ־מאָטיווען פון אַן אַנגעזעענעם חזן, וואָס האָט, אויסהערענדיג מיין שטימע, זיך פּשוט דערשראָקען פאַר מיין יוגענט און האָט, זאָגענדיג מיר אין פּנים אַריין זיסע ריידעלעך און אַ סך חניפה, הינטער די פּלייצעס געוואָלט מיך באַגראָבען יונגערהייט.

נאָר לאָמיר גיין כסדר מיט אונזער געשיכטע, זי איז דאָך באַלערענד פאַר יענער, האָפענטליך אויף אייביג פאַרגאַנגענער צייט. איך האָב שוין ראובן דעם דיין נישט אָפּגעלאָזט און בין צוגעשטאַנען צו אים מיט'ן הארבען וואָרט, אַז ער זאָל אָנרופען דעם מענשען, וואָס האָט אים איבערגעגעבען, אַז ער האָט אַליין געזען מיך מחלל שבת זיין. אָנשטאָט צו ענטפערען גלייך, האָט אָבער דער דיין געמאַכט אַ באַוועגונג זיך אַרויסצוכאַפּען פון בית־דין שטוב. דאָ האָט עס שוין געהאַלטען ביי גאָר גרויסע זאַכען, און ווען נישט די אַריינמישונג פון די ביידע גבאים, וואָס זיינען מיט מיר מיטגעקומען, ווער וויס צו וואָס עס וואָלט דערגאַנגען. ענדליך, אונטער זייער איינפלוס, און זעענדיג, אַז ער

טאָר זיך לענגער נישט שפּילען מיט מיינע געשפּאַנטע נערוועןֹ, האָט דער דיין געקראָגען לשון און האָט אַרויסגעבורטשעט, אַז דאָס האָט דער אויבער־קאָנטאָר האַלפּערן אים געשיקט צום רבי׳ן זאָגען, אַז דער יונגערמאַן, וואָס וויל ווערען לעמבערגער חזן, האָט עפּענטליך מחלל שבת געווען, און אַזוי ווי ער האָט האַלפּערנ׳ען געגלויבט, איז ער אַוועק און דאָס דערציילט דעם רבי׳ן.

דאָס בילד איז אַלזאָ געוואָרען פולשטענדיג קלאָר: ווען איך בין שבת געקומען צו האַלפּערנ׳ען אין הויז אַריין, האָב איך דאָרט געטראָפען ראובן דעם דיין; אַ חוץ דעם האָב איך אויך אין מיטען וואָך עטליכע מאָל געטראָפען דעם דיין אין האַלפּערנ׳ס הויז און יעדעס מאָל האָט ער אים געדרוקט מטבעות אין האַנט אַריין. איצט האָב איך שוין אַלץ פאַרשטאַנען. אַי, האַלפּערן אַליין האָט דאָך מיר דער ערשטער גע׳עצה׳ט צו באַמיען זיך ווענען דער שטעלע אין דער שוהל „טורי זהב״ און ער אַליין האָט דאָך מיר געהאָלפען איינאָרדענען די ערשטע טרעפונג מיט די גבאים פון דער דערמאָנטער שול? — האָט ער טאַקע איבערגעטראַכט די געשיכטע און איז געקומען צום באַשלוס, אַז נאָכ׳ן אויסהערען מיין שטימע לוינט זיך אים גאָרנישט דער גאַנצער עסק צו האָבען מיך אין דער זעלבער שטאָט, וואו ער פאַרנעמט אַזאַ בכבוד׳יגע פּאָזיציע, און ער האָט גע׳פּועל׳ט ביי זיך אָנצואווענדען אַזאַ שרעקליכען מיטעל, ווי אויסטראַכטען אַ בלוט־בלבול אויף מיר, וואָס זיין ציל איז געווען מיך אומצוברענגען.

דער רב שמעלקעס אַליין האָט שוין נישט אויסגעהאַלטען און ער האָט געזאָגט צום דיין: „פאַרוואָס, ר׳ ראובן, האָט איר מיר גלייך נישט געזאָגט, אַז דאָס האָט אייך האַלפּערן געשיקט צו מיר, נאָר איר זייט סתם געקומען און געזאָגט, אַז דער יונגערמאַן האָט מחלל שבת געווען, און ווען אַ דיין זאָגט עס מיר, איז עס גענוג, אַז איך זאָל אויף דעם גרונט דעם יונגערמאַן אסר׳ן״.

איך האָב באַמערקט, אַז די שטימונג בעסערט זיך פאַר מיר, בין איך צוגעשטאַנען צו הרב שמעלקעס, אַז ער זאָל רופען צו זיך דעם אויבער־קאָנטאָר האַלפּערן און זאָל ער אין מיין אָנוועזענהייט באַשטעטיגען דעם בלבול, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט. דער רב האָט גלייך געשיקט דעם שמש רופען האַלפּערנ׳ען. אָבער יענער האָט צוריקגעשיקט אַן ענטפער דורכ׳ן שמש, אַז אויב דער רבי האָט צו אים עפּעס אַן ענין, זאָל ער מוחל זיין און קומען צו אים. דאָס איז שוין גאָר געווען מעשה שייגעץ און האָט שוין גאָר נישט געפּאַסט צו דעם אָנשטעל פון פרומקייט, וועלכען האַלפּערן האָט כסדר געמאַכט.

איך בין אָבער נישט אָפּגעשטאַנען און פאַרלאַנגט פון רבי׳ן, אַז אַזוי ווי האַלפּערן וויל נישט קומען צום רבי׳ן, זאָל מען דעריבער שיקען צו אים באַגלויבטע דריי אידען, וועלכע זאָלען אים אויפ׳ן אָרט אויספרעגען ווען און וואו ער האָט מיך געזען פאַרשוועכען דעם הייליגען שבת. אויך די ביטע האָט

הרב שמעלקעס נאָכגעגעבען, און אַריינרופענדיג פון דער פּאָדערשטוב דריי אונטער־דיינים, האָט ער זיי אָנגעזאָגט צו האַלפּערנ׳ען, זיי זאָלען אויפ־נעמען ביי האַלפּערנ׳ען זיין גבית עדות קעגען מיר.

אין אַ קנאַפּער שעה אַרום זיינען די אונטער־דיינים צוריקגעקומען און דערקלערט אין נאָמען פון האַלפּערנ׳ען, אַז ער האָט אַליין געהערט פון אַ דריטען מענשען, אַז איך בין אַ מחלל שבת׳ניק. אויף דער אויפפאָדערונג, אַז האַלפּערן זאָל אַליין אַריבערגיין צו הרב שמעלקעס און דאָס באַשטעטיגען, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן.

הרב שמעלקעס האָט זיך געפילט נישט גאָר געהויבען נאָך אָט דעם גבית עדות פון דעם הויפּט בלבול־מאַכער קעגען מיר. עס איז אים, זעט אויס, אַליין קלאָר געוואָרען די אומריינע כוונה, וואָס שטעקט הינטער דעם בלבול, און ער האָט אָנגעהויבען זוכען אַן אויסוועג פון דער אומאָנגענעמער לאַגע. מיינע צוויי גבאים, וועלכע האָבען באמת געשטראַלט, וואָס דער אמת איז אַרויסגע־שוואומען ווי בוימעל אויפ׳ן וואַסער, זיינען אים געקומען צו הילף. זיי האָבען פאַרגעלייגט, אַז הרב שמעלקעס זאָל גלייך באַפעלען אויסצוקלעפּען מודעות אויף די טירען און ווענט פון אַלע שוהלען און בתי מדרשים אין שטאָט, אַז דער בלבול, וואָס בייזע צינגער האָבען אויסגעטראַכט אויף דעם יונגענמאַן זבולון בן שלום, אַ באַרימטען חזן פון רוסלאַנד, אַז ער איז אַ מחלל שבת, זיינען שקר וכזב, און אַז דער איסור אויף מיין דאַוונען אין דער שוהל „טורי זהב" ווערט דערמיט אַראָפּגענומען.

עס איז שוין געווען אַרום איינס אַזייגער אין דער נאַכט, ווען איך בין אַ טויט־מידער און צעבראָכענער אַרויס פון דעם לעמבערגער רב׳ס בית־דין שטוב. איך האָב געהאַט דעם פולען באַוואוסטזיין, אַז איך האָב געוואונען אַ שווערע שלאַכט, אָבער צו דער גלייכער צייט האָב איך זיך געשעמט ביז צו דער טיפעניש פון מיין האַרצען, וואָס אַזאַ זאַך האָט געקאָנט געשען. אַ מענש, וואָס האָט מיר אין די אויגען געשמייכעלט און געפּונען אַזוי פיל גוטע ווערטער פאַר מיר און פאַר מיין צוקונפט אַלס אידישער שליח ציבור; אַ מענש, אַליין אַ אידישער שליח ציבור, זאָל אָנווענדען אַזעלכע געמיינע מיטלען אויף אומצובריינגען אַן אַ מעסער אַ אינגערען קאָלעגע, אַ הילפלאָזען און שוצלאָזען, וואָס האָט נאָר וואָס פאַרלאָזען זיין יוגענטליכע נעסט און שטעלט די ערשטע טריט, כדי צו דערגרייכען פאַר זיך אַ פּאָזיציע אין לעבען.

איך בין געווען אַזוי פאַרזונקען אין מיינע טרויעריגע געדאַנקען און אונטער׳ן איינדרוק פון דעם שווערען אָוונט, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, אַז איך האָב גאָר נישט באַמערקט, אַז איך בין אָפּגעגאַנגען מיט שוויס, און די נאַכט איז געווען אַ פייכטע און קאַלטע, איז נישט קיין וואונדער, אַז איך בין אָנגעקומען צו פאַלען אַ קראַנקער. איך בין עטליכע טעג געלעגען אין הויכען פיבער, און דער איינציגער מענש, וואָס האָט זיך מיט מיר אָפּגעגעבען איז

געווען די אידישע בעל־הבית׳טע פון דער אכסניה, וואו איך בין איינגעשטאַנען. ווען נישט זי וואָלט איך גאָר אויסגעגאַנגען, ווי אַ ליכט.

ווען עס איז געקומען פרייטאָג, ווען איך האָב געדאַרפט דאַוונען אין דער שוהל „טורי זהב״, האָב איך געזען, אַז די כחות דינען מיר נישט; איך האָב זיך געפילט ווי אַ צעבראָכענער שאַרבען. האָב איך דורך מיין בעל הבית׳טע געשיקט זאָגען דעם גבאי פאַלטעררייק, אַז איך וועל ליידער נישט זיין אומשטאַנד צו דאַוונען דעם שבת, מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער איז שוין פאַלטעררייק געווען ביי מיין בעט. ער האָט מיך באַשוואוירען, אַז איך זאָל נישט דערוועגען אַרויסגיין פון שטוב, בפרט אין אַזאַ שלעכטען וועטער. דערביי האָט ער מיר איבערגעגעבען, אַז אין אַלע שולען און בתי מדרשים איז אויסגעהאַנגען די מודעה פון הרב שמעלקעס, וואו ער האָט מיך רייגגעוואַשען פון דעם בלבול, וואָס איז וועגען מיר פאַרשפּרייט געוואָרען, און אַז די מתפללים פון דער שוהל וואַרטען מיט אומגעדולד אויף מיין דאַוונען. אָבער, ווייזט אויס, אַז עס איז נישט געווען באַשערט, אַז איך זאָל דאַוונען פאַר לעמבערגער אידען.

דער גבאי פאַלטעררייק איז געווען אַזוי פיינפילענד, אַז ביים אַוועקגיין האָט ער איבערגעלאָזט אויפ׳ן טיש אַ צען קראָנען שטיק פאַר מיינע הוצאות אויף אומצוקערען פון מיין ערשטען פאַרדינסט. איך האָב אים דאָס געלט צוריקגעשיקט, אָבער שוין נישט פון לעמבערגער פאַרדינסטען. אין יענעם מאָמענט, ווען ער האָט מיר די הלוואה געגעבען, איז דאָס געווען פאַר מיר אַן אמת׳ע דערלייזונג, ווייל דער קאָפּ האָט מיר גוט גוט געדאַרט, וואו איך וועל נעמען אויף אָפּצורעכענען זיך מיט דער בעל הבית׳טע.

ווען איך בין אַביסעל געקומען צו זיך און בין אַרויס אין גאַס, האָב איך צופעליג געטראָפען דעם צווייטען קאַנטאָר פון האַלפּערנ׳ס טעמפּעל, קערנער, אַן אָרענטליכער מענש, וועלכער האָט אַליין אויך געהאַט אַ האַרץ אויף האַל־פּערנ׳ען, און האָט געוואוסט פון אַלע „שיינע מעשים״, אויף וועלכע אַט דער איד איז געווען פעהיג. ער האָט מיר איבערגעגעבען וועגען דעם איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט אין שטאָט די געשיכטע מיט האַלפּערנ׳ס בלבול און די גאַנצע שטאָט האָט גערעדט, אַז איך בין קראַנק געוואָרען פון עגמת נפש און צוליב דעם האָב איך נישט געקאָנט דאַוונען דעם שבת.

ביי דער געלעגענהייט האָט מיר קערנער איבערגעגעבען, אַז לויט זיינע ידיעות איז אין פּשעמישל פריי דער פּאָסטען פון קאַנטאָר אין דעם דאָרטיגען שיינעם, האַלב־מאָדערנעם טעמפּעל און ער האַלט, אַז דער פּאָסטען וואָלט געווען ווי אָנגעמאָסטען פאַר מיינעטוועגען. ער קען זעהר גוט דעם דאָרטיגען פּרעזידענט, אַ געוויסער רייזנער, און אויב איך וויל איז ער גרייט מיר מיט־צוגעבען אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צו אים.

איך האָב אים באַדאַנקט פאַר זיין פריינטליכקייט און אַזוי ווי מיין האַרץ איז שוין געווען פאַרביטערט אויף לעמבערג מיט אירע חזנים און רבנים,

וואָס זײַנען גרײט אָן דין און אָן משפט צו לײגען אַ מענש אין חרם אַרײַן, האָב איך מיך גערן אָנגעכאַפּט אין דעם פֿאָרשלאַג. איך האָב געפּאַקט מײַנע זאַכען און מיט אַ קאַפּיטאַל פֿון פֿיר קראָנען און צוואַנציג קרײצער האָב איך מיך אַוועקגעלאָזט קײן פּשעמישל מיט דער האָפֿענונג, אַז דאָרט וועל איך האָבען מער מזל.

# איך וואַנדער איבער גאַליציאַנער שטעט און געפין אַ תיקון אין יאַראָסלאַוו

די צווייטע גאַליציאַנער שטאָט, אין וועלכער איך בין אַריינגעפאַלען, פשעמישל, איז אויך נישט געווען באַזונדערס מזל׳דיג פאַר מיר. ווען איך האָב אָפּגעזוכט דעם פרעזידענט רייזנער און האָב אים איבערגעגעבען דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו פון לעמבערג, האָט ער זיך אָפּגערופען צו מיר מיט אַ שמייכעל: „יונגערמאַן, ליידער זייט איר געקומען נישט אין דער ריכטיגער צייט. איך קאָן אייך אַפילו נישט צוזאָגען, אַז מען וועט אייך צולאָזען צום דאַוונען אויף פראָבע אַ שבת, ווייל מיר זיינען נאָך נישט אַרויסגעקראָכען פון די צרות פון אונזער פריערדיגען חזן״.

וואָס דאָס זיינען געווען פאַר אַ צרות, בין איך שפּעטער געוואויר געוואָרען. אין דער שטאָט איז אָנגענומען געוואָרען אַ חזן מיט׳ן נאָמען קעניג. ער איז געווען אַ גאַנץ גוטער חזן, מיט אַ זעהר שיינער שטימע, נאָר ער האָט אָנגעטאָן צרות די שטאָטישע בעלי־בתים. און כדי פּטור צו ווערען פון אים, האָט די שטאָט געבראָכען מיט אים דעם קאָנטראַקט און אים אויסגעצאָלט זיין לוין פאַר אָנדערהאַלבען יאָר צייט. אַ דאַנק דעם איז די שוהל אַריין אין גרויסע חובות און עס קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין וועגען צולאָזען איצט אַ פרישען חזן, אַפילו דעם בעסטען אין דער וועלט.

ווען איך האָב געזען, אַז עס האַלט שלעכט, האָב איך געבעטען מען זאָל מיך צולאָזען כאָטש אויף איין שבת׳דיגען דאַוונען, כדי איך זאָל קאָנען אָנזאַמלען אויף הוצאות ווייטער צו פאָרען. און כדי צו ווייזען דעם פרעזידענט, אַז איך בין נישט אַבי ווער, וואָס וויל זיך אויף זיי אָנוואַרפען, האָב איך אים אָנגעבאָטען, אַז איך וויל עפּעס פאָרזינגען פאַר אים, כדי ער זאָל וויסען מיט וועמען ער האָט צו טאָן. ענדליך האָט ער אויף דעם איינגעשטימט און אין אַ געוויינליכער טאָג זיינען מיר אַוועק צום פשעמישלער טעמפּעל.

דאָס איז געווען אַן אמת׳ער מקדש און דערצו זיינען מיר נאָך געווען בלויז אין צווייען, האָט מיין געזאַנגווירקליך געקראָגען אַ הערליכען אָפּקלאַנג. עפּעס איז מיר איינגעפאַלען און כ׳האָב געזונגען „וכולם מקבלים עליהם״. איך האָב געזען אַ ליכטיגען שמייכעל אויפ׳ן פּנים פון מיין פרעזידענט און בין געווען אין זיבעטען הימעל, זייענדיג זיכער, אַז כ׳האָב אים געפּאַקט — איצט וועט ער מיר שוין נישט קאָנען אָפּזאָגען. אָבער עס הויבט זיך גאָרנישט

אָן. ער רופט זיך אָפּ צו מיר: „ערשט טאָקע דערפאַר, וואָס איר האָט אַזוי פּרעכטיג געזונגען, איז עס אַן אויסגעשלאָסענע זאַך, אַז איך זאָל אייך דערלויבען צו דאַווענען ביי אונז אין טעמפּעל״.

— היתכן, פּרעזעס רייזנער? — האָב איך געפּרעגט. האָט ער מיר געגעבען צו פאַרשטיין, אַז ער איז זיכער, אַז ווי נאָר איך וועל עפענען דאָס מויל צום שבת׳דיגען דאַווענען, וועלען די מתפּללים אין איין קול פאָדערען מיך אויפצונעמען אַלס חזן, און דאָס קאָן זיך קהל נישט דערלויבען, ווייל זיי שטעקען איבער׳ן קאָפּ אין חובות צוליב׳ן פריערדיגען חזן. דער עיקר פאַראַנטוואָרטליכקייט ליגט טאָקע אויף אים, דערפאַר וויל ער מיך גאָר נישט צולאָזען אויף פאָרבע, כדי נישט צו דאַרפעןביישטיין דעם נסיון.

מיר איז פון די אַלע שיינע רייד נישט פרייליכער געוואָרען אויף דער נשמה. איך בין אין יענעם מאָמענט מער געווען להוט נאָך אַ פּאָר עסטרייכישע קרייצערס, ווי נאָך די שענסטע קאָמפּלימענטען. און אין אַ גאַנץ דערשלאָגענער שטימונג בין איך אַרויסגעגאַנגען פון טעמפּעל. דער איד האָט דאָס באַמערקט, זאָגט ער צו מיר: זייט נישט פאַרצווייפעלט, אָט דאָ נישט ווייט פון אונז איז דאָ אַ שטאָט יאַראָסלאַוו, איז דאָרט, לויט מיינע ידיעות, פריי די שטעלע פון אַ חזן. דער דאָרטיגער פּרעזידענט, געהיים־ראָט סטריזשעווער, איז מיינער אַ נאָענטער פריינט; איך וועל אייך מיטגעבען אַ בריוו צו אים און ער וועט אייך פיין אויפנעמען. איר וועט דאָרטען דאַווענען אַ שבת און גאַנץ מעגליך, אַז זיי וועלען אייך אויפנעמען אויף אַ שטענדיגער שטעלע.

וואָס פאַר אַן אַנדער ברירה האָב איך אין יענעם מאָמענט געהאַט? האָב איך איינגעשטימט ווידער צו פּרואווען מיין מזל אין נאָך איין גאַליציאַנער שטאָט. די רייזע האָט גענומען בלויז צוויי שעה און איך בין שוין געווען אין יאַראָסלאַוו. דאָ בין איך אַריינגעפאַלען אין דער סאַמע געדיכטעניש פון דעם פרומען אידישען לעבען אין גאַליציע. גלייך ווי איך בין אַריינגעקומען אין אכסניה, האָב איך באַמערקט, ווי צוויי פרויען, אין עלטער פון עטליכע און דרייסיג יאָר, שטייען שמונה עשרה און ווילען נישט מפסיק זיין אַפילו ווען אַ פרעמדער מאַן איז אַריינגעקומען אין שטוב. איך האָב איבערגעוואַרט די שמונה עשרה, אָבער עס הויבט זיך נישט אָן, זיי רעדען ווידער נישט צו מיר. איך האָב געמוזט אויסוואַרטען ביז זיי וועלען ענדיגען מעריב דאַווענען.

אויף צומאָרגענס בין איך געגאַנגען זען דעם געהיים־ראָט פון קייזער און קעניג פראַנץ יאָזעף, פאָן סטריזשעווער. ער האָט טאָקע געהאַט אַ קעניגליכען טיטול, אָבער דאָס איז געווען אַ היימישער איד, וואָס האָט גערעדט דייטשמעריש, און האָט געהאַט אַן אינטערעס, אַז זיין „געמיינדע״ און זיין טעמפּעל זאָלען זיין באַזאָרגט מיט די אַלע גוטע זאַכען, וואָס צייכענען אויס יעדע אַנדערע אידישע קהילה אין דער וועלט.

ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, און האָט מיך גלייך אָפּגעגאָסען מיט אַן עמער קאַלטע וואַסער. „מיין הער״, זאָגט ער צו מיר, „עס טוט מיר

זעהר לייד, אָבער איך קאָן אייך גאָרנישט העלפען. גראַד האָבען מיר שוין אויפגענומען אויף דעם קומענדיגען שבת אַ חזן מיט משוררים; ער געפינט זיך שוין אין שטאָט און מיר קאָנען אים נישט אָוועקשיקען. אויב איר וועט וועלען וואַרטען ביז צום צווייטען שבת, וועלען מיר קאָנען רעדען״.

עס איז מיר ווידער געוואָרען קאַלט און וואַרעם. עפּעס האָב איך אַ באַזונדערען שלים־מזל צו די גאַליציאַנער שטעט, האָב איך מיר געטראַכט. אָבער איך האָב נישט אַזוי לייכט רעזיגנירט. איך האָב גאַנץ איידעל דערציילט מיין געשיכטע, אַז איך געפין זיך אונטערוועגס אויפ׳ן וועג קיין ווין און עס פעלט מיר אויף הוצאות ווייטער צו פאָרען, אַזוי, אַז איך בין אָנגעוויזען צו דאַוונען דעם שבת. און טאָמער גייט אייך אין דעם חזן מיט די משוררים, האָב איך ווייטער געזאָגט, האָב איך אַן עצה: מען זאָל פאַרטיילען דעם שבת צווישען אונז ביידען. איינער פון אונז זאָל דאַוונען פרייטאָג צונאַכטס און דער צווייטער שבת אינדערפרי.

די עצה איז אים געפעלען געוואָרען, און ער האָט געלאָזט רופען דעם שמש, כדי צו זען וואָס מען קאָן טאָן פאַר מיר אין מיין שווערער לאַגע. דער שמש האָט געהאַלטען, אַז דער חזן מיט די משוררים זאָל דאַוונען אין שוהל, און איך, דער יונגערמאַנטשיק, זאָל זיך באַגנוגענען מיט׳ן בית המדרש. אַזוי ווי אַ דערשלאָגענער מענש בין איך געווען, בין איך אויף דעם אויך איינגעגאַנגען: זאָל זיין אין בית המדרש, אַבי עס זאָל זיך רירען פון אָרט און לאָמיך שוין אַרויסקריכען פון דעם כרך, וואָס הייסט גאַליציע. וועגען באַצאָלט פאַר דעם שבת דאַוונען האָט אויך נישט געקאָנט זיין קיין רייד, ווייל אויך דאָ איז דער מנהג געווען: דער חזן דאַווענט, און אויב ער געפעלט, זיינען די בעלי בתים מנדר ביים אויפרופען זיי צו דער תורה, און זונטאָג לאָזט זיך דער חזן אינאַיינעם מיט׳ן שמש אַרויס איבער׳ן שטאָט צוזאַמענקלייבען די נדרים.

צום שבת זיינען נאָך פאַרבליבען עטליכע טעג און קיינעם אין שטעטעל האָב איך נישט געקענט, האָב איך אין די פרייע צייט פאַרבראַכט אין דער אכסניה, וואו איך בין איינגעשטאַנען. דאָ האָב איך געהאַט אַ געלעגענהייט אָביסעל נעענטער זיך צוצוקוקען צו דעם אייגענאַרטיגען לעבענס־שטייגער פון די גאַליציאַנער אידען צו יענער צייט. קודם כל דער אייגענטימער פון דער אכסניה, דאָס איז געווען אַ איד מיט אַ גראָבען בויך, אַ לוסטיגער און מונטערער, און עס זעט אויס, אַז ער האָט זיך גאָר נישט גענומען צום האַרצען, וואָס ביי אים אין שטוב האָבען זיך אַרומגעדרייט צוויי עלטערע בתולות, וואָס ביידע צוזאַמען זיינען זיי אַלט געווען אַ פינף און זיבעציג יאָר. דאָס זיינען דאָס טאַקע די צוויי פרויען, וועלכע כ׳האָב געטראָפען שטיין שמונה עשרה, ווען איך בין אַהינצו אַריינגעקומען.

דאָס איז געווען אַ איד מיט אַ פלושענעם קאַפּעליוש אויפ׳ן קאָפּ, און הינטער׳ן קאַפּעליוש זיינען געווען פאַרשטעקט צוויי דיקע געקרייזעלטע פאות.

די פּאָלעס פון זיין געלער בעקעשע האָבען זיך ברייט פּאַנאַנדערגעשפּרייט און מ׳האָט אַרויסגעזען דעם דיקען טלית־קטן, וואָס האָט געפּלאַטערט אין אַלע זייטען, וואוהין ער האָט געשטעלט אַ טריט. פון זיינע שווערע שטיוועל האָט זיך געטראָגען אַ ריח פון דזשעגעכץ, מיט וועלכען ער האָט זיי געשמירט.

דאָס אינטערעסאַנטסטע זיינען געווען די צוויי בתולות, וואָס האָבען דעם גאַנצען טאָג נישט אויפגעהערט צו מאַכען מיט די ליפּען, שעפּטשענדיג תפילות, וועלכע קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען. אין די אָווענטען האָט זיך די אכסניה אָנגעפילט מיט די אָנגעפאַרענע געסט, דאָס רוב אידען פון די אַרומיגע שטעט, און אויך מיט די שטעטעלשע אידען, וואָס האָבען באַטראַכט די אכסניה ווי אַ מין קלוב, וואו מען קאָן טרעפען אינטערעסאַנטע מענשען און הערען וואָס עס טוט זיך עפּעס אין דער ברייטער וועלט.

דער עיקר שמועס אין די אָווענטען האָט זיך געפירט וועגען גוטע אידען, ווענענס רבי עס איז דער בעסטער און קלוגסטער און קאָן באַווייזען די גרעסטע מופתים. די קולות און געוואַלדען אויף אָט דער טעמע זיינען אָפט דערגאַנגען ביז אין די הימלען, און נישט איינמאָל איז שיעור נישט געקומען צו פּעטש. דערמאָן איך מיך אַ מעשה מיט אַ ליטוואַק, אַ קאָמיוואָיאַזשאָר, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אָט דעם פאַרבלאָטיגטען שטעטעל און איז איינגעשטאַנען אין דער זעלבער אכסניה און ווען עס האָט זיך פאַרגלוסט צו טרייבען שפּאַס מיט פאַרגלויבטע אידען און וועלכער האָט שיער נישט ביטער אָפּגע־שניטען פאַר דעם דאָזיגען שפּאַס.

ווען אידען האָבען אַזוי געהאַלטען אין דערציילען פאַרשידענע מעשיות וועגען זייערע רביים, רופט זיך אָפּ אונזער ליטוואַק, אַז ער האָט אויך צו דערציילען וועגען אַ מופת פון זיין רבי׳ן. אידען האָבען אָנגעשטעלט מויל און אויערען, און דער ליטוואַק האָט גענומען דערציילען, אַז איינמאָל איז צו זיין רבי׳ן געקומען אַ שטעטעלשער גביר, אַ איד אַ ירא־שמים, וואָס האָט געהאַט אַן איינציגען זון, וועלכער איז רחמנא לצלן געווען געליימט אויף די פיס. דער פאָטער איז מיט אים אויסגעווען ביי די בעסטע דאָקטוירים, וועלכע האָבען אים נישט געקאָנט געבען די ריכטיגע רפואה, און ער האָט געמוזט גיין אויף קוליעס.

נאָך די אַלע דאָקטוירים און פּראָפעסאָרען האָט דער טאַטע באַשלאָסען, ער וועט אַוועקפאָרען צום רבי׳ן. ער האָט דערלאַנגט דעם רבי׳ן אַ קוויטעל מיט אַ פדיון, און האָט געוויינט מיט ביטערע טרערען: „הייליגער רבי, אַז איר וועט מיר נישט העלפען, וועט מיר שוין קיינער נישט העלפען!״ דער רבי האָט גוט אָנגעקוקט דעם קריפּעל, האָט פאַרמאַכט די אויגען און פאַר־קנייטשט דעם שטערען, דערנאָך האָט ער אַ געשריי געטאָן אויף דעם יונגערמאַן מיט די קוליעס: „דו, אַברהם בן נתן, זיי נישט קיין עקשן און קיין עזות פּנים און וואַרף גלייך אַוועק די צוויי קוליעס פון הינטער דיינע הענט!״

דער יונגערמאַן האָט געפאָלגט דעם רבי׳ן, און אין דעם אָרט איז דער

ליטוואַק, דער קאַמיוואָיאַזשאָר און צלם־קאָפּ, אַנטשוויגען געוואָרען, לאָזענדיג אַלע צוהערער אין שפּאַנונג, וואָס עס איז ווייטער געשען מיט דער קאַליקע. ווען די פאַרזאַמעלטע פרומע אידען האָבען מיט גרויס נייגיריגקייט גענומען פרעגען דעם ליטוואַק: „נו, נו, וואָס איז ווייטער געשען?" האָט דער ליטוואַק גאַנץ קאַלטבלוטיג געענטפערט: „עס איז גאָרניט געסען! דער יונגערמאַן, וועל־כער האָט געפאָלגט דעם רבי'ן און האָט אַוועקגעוואָרפען די קוליעס, איז נעבעך אַוועקגעפאַלען אויף דער ערד און האָט זיך גוט צעקלאַפּט דעם קאָפּ און האָט זיך שיער נישט אויסגעשלאָגען אַלע ציין!"

די כוונה פון דעם ליטוואַק'ס מעשה איז געווען גאַנץ קלאָר, און די פאַר־זאַמעלטע אידען האָבען אים שיער נישט דורס געווען אויפ'ן אָרט. כדי איינצושטילען די געמיטער, האָב איך געזאָגט, אַז איך וועל זיי עפּעס דער־ציילען. עס איז געוואָרען שטיל און איך האָב געזונגען „השכיבנו", דאָס האָט געמיינט, אַז עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט און עס איז שוין צייט, אַז די יאַראָסלאַווער אידען זאָלען צורו לאָזען זייערע גוטע אידען און זיך גיין לייגען שלאָפען, ווייל מאָרגען איז אויך אַ טאָג, מיט פרישע דאגות פרנסה. מיין געזאַנג האָט דעם עולם באַרואיגט, און די אידען זיינען זיך צעגאַנגען אַהיים און איבער די צימערען פון דער אכסניה.

# יאַראָסלאַווער האַרציגע אידען פאַרהאַלטען מיך מיט געוואַלד אויף פּסח

ענדליך איז געקומען דער פרייטאָג צונאַכטס, ווען איך האָב געדאַרפט מקבל שבת זיין אין יאַראָסלאַווער בית המדרש, ווייל די גרויסע שוהל איז געווען פאַרנומען דורך אַן אַנדער חזן מיט משוררים, וואָס האָט אויך געוואַנדערט איבער דער מדינה און האָט געוואָלט געפעלען ווערען די יאַראָסלאַווער בעלי־בתים. ווען איך בין אַריינגעקומען אין בית המדרש, האָט מיר דער שמש דערלאַנגט אַ גרויסען טלית מיט אַ זילבערנער עטרה און אַ חסיד׳ישע יאַרמולקע. ווען כ׳האָב אָנגעטאָן דעם טלית אויף די אַקסלען, האָט דער שמש פּראָטעסטירט, זאָגענדיג, אַז איך מוז מיט׳ן טלית איבערדעקען דעם קאָפּ.

איך בין געווען ביי אַ גוטער שטימע און האָב געזאָגט „לכו נרננה״, זיך אָפּשטעלענדיג ביי „אל תקשו לבבכם״. איך האָב געזאָגט כמעט אַלע כרוזים פון יעדען קאַפּיטעל מיט אַ סך האַרץ, און כ׳האָב געקאָנט באַמערקען ווי די אידען בויגען זיך איבער איינער צום אַנדערען און מען שושקעט זיך שטילערהייט. איך האָב אָנגעהויבען זאָגען „רזא דשבת״ אין עכטען חסידישען גייסט, ווי איך וואָלט אַליין געשטאַמט פון גוטע אידען. איך האָב באַמערקט, ווי דער בית המדרש פילט זיך אָן אַלץ מער מיט מתפּללים.

ווען איך בין געקומען צו „אהבת עולם״ און „השכיבנו״, איז אין בית המדרש געוואָרען אַזאַ געדראַנג און שטופּעניש, אַז דער שמש האָט מיך געבעטען איבעררייסען און האָט געקלאַפּט אין באַלעמער אַריין, אַז עס זאָל זיין שטיל. דערווייל בין איך געוואויר געוואָרען, אַז אַלע מתפּללים פון דער גרויסער שול, וואו עס האָט געדאַוועט דער חזן מיט די משוררים, זיינען אַריבערגעקומען אין בית המדרש אַריין, און באַלד דערנאָך איז אויך דער חזן אַליין, וואָס האָט נישט געוואָלט דאַוונען פאַר אַ ליידיגער שול, אַריבערגעקומען אינאיינעם מיט זיינע אַרויסהעלפער.

ווען כ׳האָב געענדיגט און אידען האָבען מיך גענומען אַרומרינגלען, כדי אויסצודריקען אַ יישר כח, איז אויך צוגעקומען צו מיר דער חזן,, ווען כ׳האָב געענדיגט... 

דאָזיגע ערליכע רייד פון אַ פּשוט׳ן אידען, וואָס האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז אַט דער יונגערמאַן פון רוסלאַנד האָט געבראַכט עפּעס אַ נייעם נוסח, מיט וועלכען עס איז כדאי זיך צו באַקענען.

אויף צומאָרגענס שבת אינדערפרי בין איך שוין אַריבערגעגאַנגען דאַוונען אין דער גרויסער שוהל, וועלכע איז געווען געפּאַקט מיט אידען נאָך איידער איך האָב זיך געשטעלט דאַוונען. אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ כאָר ביי דער זייט, האָט זיך גאָר אויפגעוועקט אין מיר דער חשק צו דאַוונען מיט גרויס געשמאַק, בפרט ווען איך בין שוין אַ לאַנגע צייט נישט געשטאַנען ביים עמוד, און כ׳האָב שוין אַליין געוואָלט זען, צי קען איך נאָך טאַקע דאַוונען ווי עס געהער צו זיין אין באַגלייטונג פון אַ כאָר.

ביז צו דער שמונה עשרה האָב איך נישט דורכגעלאָזט קיין איין שטיקעל און האָב אימפּראָוויזירט אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט זאָגען. איך בין אַריין אין טראַנס פון וועלען ווייזען אַלע מיינע וואונדער, און כ׳האָב אַליין פון זיך הנאה געהאַט. איך האָב געפילט, אַז איך גיב פון זיך אַלץ, וואָס איך בין אומשטאַנד. די שוהל האָט שוין נישט געקאָנט אַריינגעמען אַזוי פיל מענשען, האָט מען אויפגעעפענט דעם פּאַליש, און אויך דאָרט איז מען געשטאַנען אויף די קעפּ. גלייך נאָכ׳ן שחרית האָט מען געקאָנט הערען צווישען די אידען, אַז די שטאָט יאַראָסלאַוו האָט נאָך אַזאַ חזן נישט געהערט און עס וואָלט געווען די גרעסטע זינד, אַז מען זאָל מיך נישט פאַרהאַלטען אויף שטענדיג.

ביים אויפרופען צו דער תורה, האָט מען געטיילט פּסוקים, כדי צו געבען יעדען איינעם די געלעגענהייט מנדר צו זיין לטובת דעם חזן. ביי מוסף בין איך געווען אַזוי באַגייסטערט פון די גוטע ווערטער, וואָס איך האָב געהערט, אַז איך האָב געדאַווענט מיט אַן אמת׳ן עקסטאַז. כמעט אַלע מתפּללים האָבען מיך אָפּגעוואַרט אינדרויסען ביים אַרויסגאַנג פון שוהל און מען האָט מיך אַדורכגעלאָזט דורך אַ וואַרע צווישען צוויי שורות, און ברכות האָבען זיך געשאָטען אויף מיר פון אַלע זייטען. קיין מיאוס׳ער יונגערמאַן בין איך דעמאָלט נישט געווען, האָבען זיך די ווייבער געוויצעלט אויף מיין חשבון, אַז עס פעלט מיר נאָר מען זאָל מיר אָנטאָן אַ שטריימעל מיט אַ זיידענעם טולופּעל מיט אַ פוטערנעם קאָלנער, און איך וועל אויסזען ווי אַן אמת׳ער גאַליציאַנער רבי׳לע...

צום שבת׳דיגען טיש בין איך געווען פאַרבעטען צום הויפּראַט פאַן סטריזשעווער אַליין, דאָס איז נישט געווען קיין קליינינקייט, און גלייך נאָך דער הבדלה האָבען זיך אויף מיין אכסניה באַוויזען די ערשטע שליחים פון קהל צו אונטערהאַנדלען מיט מיר וועגען בלייבען ביי זיי דעם גאַנצען יאָר. דער ערשטער באַדינג, וועלכען זיי האָבען געשטעלט, איז געווען, אַז איך מוז פאַרלאָזן אַ באָרד מיט פּאות און אָנטאָן אַ ספּאָדעק מיט אַ לאַנגער בעקעשע. איך האָב געענטפערט, אַז וואָס ס׳איז שייך דעם ספּאָדעק מיט דער בעקעשע,

קאָן מען נאָך ריידען, אָבער באָרד און פאות — דאָס איז דאָך אַ גאָט־זאַך, גרייטערהייט קאָן מען דאָס נישט קויפען, מוז מען זיך פאַרלאָזען אויפ׳ן רבונו של עולם, אַז מיט דער צייט וועט מיר אָנוואַקסען אַ באָרד.

וואָס ס׳איז שייך מיינע באַדינגונגען פאַר׳ן יאָר דאַוונען, האָב איך זיי געזאָגט, אַז זיי דאַרפען זיך נישט איילען. דאָס וואָס איך בין זיי געפעלען איין שבת איז גאָר קיין ראיה נישט, און איך האָב זיי געגעבען די עצה, אַזוי ווי עס איז איינגאַנצען דריי וואָכען צו פסח זאָלען זיי מאַכען נאָך איין פּראָבע און מיך אַנגאַזשירען אויף פסח, און אויב כ׳וועל זיי דעמאָלט געפעלען, וועט מען דאַן רעדען וועגען אַ גאַנץ יאָר. און גלייך אַזוי זיצענדיג מיט עטליכע פון די גבאים, זיינען אָנגעקומען עטליכע יונגעלייט פון דעם חובבי ציון־פאַראיין, אַז זיי ווילען איינאָרדענען אַ קאָנצערט דעם קומענדיגען דינסטאָג. איך האָב מיט פאַרגעניגען איינגעשטימט און ביי די גבאים בין איך געוואָרען נאָך גרעסער אין די אויגען: אָט, זעט, ווי מען רייסט זיך שוין אַרום מיר.

ווען איך האָב געזאָגט די גבאים, אַז איך פאַרלאַנג צוויי הונדערט קראָנען פאַר דאַוונען פסח, האָבען זיי זיך אָנגעכאַפּט פאַר׳ן קאָפּ און זיינען שיעור נישט אַראָפּגעפאַלען פון די בענקלעך. וואו האָט מען געהערט אין יאַראָסלאַוו פון צאָלען אַ חזן אַזעלכע געוואַלדיגע געלטער פאַר איין פסח׳דיגען דאַוונען? אָט איז ביי זיי געווען אַ חזן, פיינזינגער, און דער גרויסער חזן לייזערקע האָט ביי זיי געדאַוונט מיט אַ כאָר, האָבען זיי געגומען זעקס הונדערט קראָנען פאַר אַ גאַנץ יאָר. דאָס העכסטע וואָס זיי קאָנען געבען איז פופציג קראָנען און באַצאָלען פאַר מיין אכסניה. איך האָב געפילט, אַז איך קאָן מיך האַלטען אין גרויסען און האָב אויף זייער אָנבאָט גאָרנישט געענטפערט.

אויף צומאָרגענס איז צו מיר געקומען דער שמש און מיר האָבען זיךביידע אַרויסגעלאָזט מיט דער פאָטשיילע איבער׳ן שטאָט צוזאַמענגעמען די נדרים, וואָס אידען האָבען שבת מנדר געווען אין שול פאַר דעם חזן. מען איז געגאַנגען פון הויז צו הויז און פון קראָם צו קראָם. דאָס איז געווען מיין ערשטער גיין איבער די הייזער אין מיין נייער פרנסה, און עס איז מיר געווען געגוג ביטער אויפ׳ן האַרצען, בפרט ווען איך האָב זיך דערמאָנט מיין גדולה אין דער היים, אין יעקאַטערינאָסלאַוו, וואו איך בין געווען קייסער און קהל האָט מיר אַריינגעשיקט אין שטוב אַריין מיין לוין, און איך האָב זיך נישט געדאַרפט דערנידעריגען.

אָבער איך מוז זאָגען, אַז די יאַראָסלאַווער אידען האָבען בסבר פנים יפות אָנטקעגענגעטראָגען זייערע קרייצערס. איך האָב צוזאַמענגענומען אַ חוץ די צוועלף קראָנען מיט זעכציג קרייצערס, אויך אַ סך האַרציגע ווערטער פון דאַנק און האָפענונג, אַז איך וועל נישט זיין בלויז אַ גאַסט אויף אַ ווייל אין דער דאָזיגער שטאָט. אויך דער שמש אַליין איז געווען איבערראַשט ווי שנעל מיר האָבען איינקאַסירט די פאָר גראָשען. געוויינליך פלעגט אַ חזן פאַרלירען די גאַנצע וואָך, ביז ער האָט איינגעמאָנט די נדרים, און פאַר דער צייט האָט

ער אויפגעגעסען דאָס געלט און מ׳האָט פאַר אים געוויינליך געמוזט גיין נאָכאַמאָל צוזאַמענגעמען אויף הוצאות אָוועקצופאָרען...

דאָס דינגעניש וועגען פסח׳דיגען דאַוונען האָט זיך געצויגען לאַנגע טעג. יעדען טאָג זיינען געקומען די גבאים און מיר געמאָלדען, אַז נאָך לאַנגער מי און מאַטעריניש האָבען זיי גע׳פועל׳ט מיר מוסף צו זיין נאָך אַ פינף און צוואַנציגער קראָנען. אָבער איך האָב מיך געהאַלטען פעסט ביי מיינס, אַז ווינציגער ווי צוויי הונדערט קראָנען וועל איך נישט נעמען. דערווייל איז אונטערגעקומען דער קאָנצערט לטובת די חובבי ציון, וועלכער האָט מיר געגעבען אַ רייכע הכנסה פון אַכצען קראָנען, האָב איך שוין, הייסט עס, געהאַט געזיכערט אויף הוצאות קיין ווין, האָב איך מיך שוין אַוודאי געקאָנט האַלטען פעסט לגבי די גבאים פון שטאָט.

איך בין געווען גרייט אויף צומאָרגענס אָוועקצופאָרען קיין ווין, אָבער די גרויסע חסידים, וועלכע איך האָב מיר דערוואָרבען אין יאַראָסלאַוו מיט מיין איינציגען שבת׳דיגען דאַוונען, האָבען דערצו בשום אופן נישט געוואָלט דערלאָזען. קהל האָט ענדליך איינגעשטימט צו געבען פון זיין קאַסע הונדערט און פופציג קראָנען, די איבעריגע פופציג קראָנען האָבען זיך איינצעלנע בעלי־בתים אינטערגענומען צו זאַמלען אין שטאָט. מיר האָט שוין דער גאַנצער עסק פון גיין פאַר מיר איבער די הייזער געהאַט דערעסען, און איך האָב איינגעפּאַקט די זאַכען, זיך צעצאָלט מיט׳ן בעל אכסניה און אַוועק צום וואָקזאַל.

ווי איך שטיי אַזוי אויפ׳ן וואָקזאַל און קלייב מיך אויסצוקויפען אַ בילעט קיין ווין, לויפען צו צו מיר צוויי אידען אין די לאַנגע בעקעשעס מיט די פּליושענע קאַפּעליושען און נעמען מיר רייסען די טשעמאָדאַנעס פון די הענט. עס איז געוואָרען אַן אָנגעלויף פון מענשען, וועלכע האָבען געמיינט, אַז מען האָט דאָ געכאַפּט אַ גנב. אַפילו אַן עסטרייכישער זשאַנדאַרם האָט זיך פאַראינטערעסירט, וואָס אַזוינס דאָ איז געשען. ערשט אידען שרייען צו מיר מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם:

— חזן קוואַרטין, חזן קוואַרטין, איר וועט קריגען אייערע צוויי הונדערט קראָנען און קומט מיט אונז.

און נישט וואַרטענדיג אויף מיין ענטפער האָבען זיי מיך אַרויסגעשלעפּט פון וואָקזאַל, מיך אַריינגעשטופּט אין אַ פיאַקער (אַזאַ מין דראָזשקע אין עסט־רייך) און מיך צוריק אָפּגעפירט אויף דער אכסניה. עס איז מיר נישט געבליבען קיין אַנדער ברירה, ווי צוריק אויפצופּאַקען מיינע זאַכען און נעמען זיך גרייטען צו בלייבען אויף פסח אין דער דאָזיגער האַרציגער, אידישער שטאָט.

די עטליכע וואָכען, וואָס איך האָב געהאַט אין מיין רשות, האָב איך זיך גוט אויסגערוט און כ׳האָב געדאַוונט אַ פסח טאַקע פאַר גאָט און פאַר לייט. איך בין געווען ביי דער בעסטער שטימע און אַ חוץ דעם האָב איך ליב גע־קראָגען די אידען פאַר זייער עקשנות דווקא מיך צו פאַרהאַלטען ביי זיך

אויף יום־טוב און כ׳האָב זיי אָפּגעצאָלט מיט וואָס נאָר איך האָב געקאָנט. זיי האָבען אַלץ געוואָלט רעדען וועגען אַ יערליכען קאָנטראַקט, אָבער איך האָב מיך כסדר אַרויסגעדרייט, אַז איך מוז פריער אָנפרעגען ביי מיין פרוי, צי זי וועט איינשטימען זיך צו באַזעצען אין דער דאָזיגער גאַליציאַנער שטאָט.

דאָס דאָזיגע פסח׳דיגע דאַוונען גייט מיר ביז׳ן היינטיגען טאָג נישט אַרויס פון זינען, אין שוהל האָט געהערשט ממש אַ הייליגע שטימונג, מען האָט געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס איך האָב אַרויסגעבראַכט פון מויל. די גרעסטע התלהבות האָב איך אַרויסגערופען מיט די „ברח דודי׳ס״, און וואו איך האָב אין די שפּעטערדיגע יאָרען נישט געטראָפען אַ יאַראָסלאַווער אידען, צי דאָ אין אַמעריקע, צי אין ארץ ישראל, האָט ער מיר געהאַלטען אָן איין דערמאָנען: „אָי, זיינען דאָס געווען „ברח דודי׳ס״, אין מויל זיינען זיי זיך צעגאַנגען פאַר זיסקייט״...

## צוריק אין דעם אַלטען, שיינעם ווין...

אזוי האָט מיך די שטאָט יאַראָסלאַוו דערהאַלטען ביים לעבען און האָט פאַר מיר מעגליך געמאַכט אָפּצופאַרען קיין ווין ווי אַ גרויסער גביר: מיט איבער צוויי הונדערט קראָנען אין קעשענע. איך האָב מיך אָפּגעשטעלט אַביסעל לענגער אויף דעם עפּיזאָד אין דער שטאָט יאַראָסלאַוו, אין גאַליציע, ווייל אין משך פון מיין גאַנצען שפּעטערדיגען לעבען האָב איך דעם דאָזיגען עפּיזאָד נישט געקאָנט פאַרגעסען. איך קאָן מיט אַ רואיג געוויסען זאָגען, אַז יאַראָסלאַוו האָט מיר געגעבען די גרעסטע אינספּיראַציע, דעם שטאַרקסטען שטויס צו מיין שפּעטערדיגער חזנ׳ישער קאַריערע.

ערשט אין דעם קליינעם, שמוציגען און נישט איבעריג גביר׳ישען שטעטעל האָב איך דערפילט, וואָס דאָס מיינט זיין אַ חזן ביי אידען. דאָרט האָב איך ערשט דערזען, וואָס פאַר אַ געוואַלדיגע פיגור דער חזן איז און וואָס פאַר אַן אָרט ער פאַרנעמט אין דעם אידישען לעבען. פאַר׳דאגה׳טע אידען, וואָס קעמפען מיט די נעגעל אַ גאַנצע וואָך פאַר אַ שטיקעל פּרנסה, זאַמלען זיך צונויף שבת און יום־טוב אין די שוהלען, און דער חזן איז דאָס דער, וואָס העלפט זיי אויסטאָן זיך פון אַלע וואָכעדיגע זאָרגען און אַריבערטראָגען זיך אין אַ ריינערער, העכערער וועלט פון גייסטיגקייט, פון אויסלייטערונג, פון באַהעפטונג מיט די העכערע כחות, וואָס הערשען איבער דעם מענשען.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסען די סצענע, ווי אין אַ ווינטערדיגער נאַכט זיינען הונדערטער קליינשטעטעלדיגע אידען געווען פאַרזאַמעלט אַרום דער קהל־שטוב, וואו עס האָט געדאַרפט אַנטשידען ווערען די פראַגע וועגען אויפנעמען אויף דעם יום־טוב פּסח מיך, דעם צוגעוואַנדערטען פון רוסלאַנד, נאָכדעם ווי איך בין זיי אַזוי באַזונדערס געפעלען געוואָרען נאָכ׳ן דאַווענען אַן איינציגען שבת. די אידען האָבען געדראָט די קהל׳ס־לייט, אַז זיי וועלען צעטראָגען די שטוב, אויב דער באַשלוס וועט נישט אויספאַלען אַזוי ווי זיי ווינשען זיך.

אין דעם איז געווען אַן עקשנות און אַ מסירת נפש פאַר עפּעס העכערס און שענערס. זיי האָבען באַטראַכט דעם חזן פאַר אַ ווירקליכען פירשפּרעכער פון זייערע פאַרבאָרגענסטע געפילען, פאַר דעם וואָס ברענגט אַרויס מיט זיינע תפילות זייערע אייגענע בענקשאַפטען פאַר אַ בעסערער צוקונפט.

אָרעם איז מען געווען און מען האָט זיך געדונגען איבער יעדען קרייצער,

אָבער װען מען איז שױן געשטאַנען אין שוהל, האָט מען מער נישט געדענקט אַלע קלײנליכע חשבונות, מען האָט פאַרגעטערט דעם חזן, װאָס איז דורך דער טיפער באַהעפטונג מיט דעם עולם מתפללים געװאָרען אַן אמת׳ער שליח ציבור, װאָס האָט אויסגעזונגען דעם װײ און דעם צער פון דעם כלל און אויך זײנע אײביגע האָפענונגען, אַז אידען װעלען סוף כל סוף אויסגעלײזט װערען פון דעם עלענט און דלות, אין װעלכען זײ לעבען.

דאָס האָט אויך געהאַט אַ קעגען־װירקונג אויף דעם חזן גופא, װעלכער האָט געפילט אַ געװאַלדיגע פאַראַנטװאָרטליכקײט לגבי זײנע מתפללים. ער האָט זיך געפילט שולדיג צו זײ. ממילא האָט ער עוסק געװען אין זײן פאַך, האָט זיך די גרעסטע מי געגעבען צו דערגרײכען די העכסטע פולקאָמענ־קײט. בײטאָג און בײנאַכט, אין דער הײם און אונטערװעגס, האָט ער נישט אויפגעהערט אַרײנצוטראַכטען און אַרײנצוגריבלען זיך אין זײן הײליגער עבודה פון פאַרמיטלען צװישען דעם פאָלק און דעם אַלמעכטיגען.

איך קאָן דאָס זאָגען װעגען זיך אַלײן, אַז אין דער איבער פופציג יעריגער פּראַקטיק מײנער אַלס חזן האָב איך יומם ולילה נישט אויפגעהערט צו טראַכ־טען, צו אימפּראָװיזירען, צו שטודירען און צו פאַרטיפען זיך װאָס מער אין דעם אומאויסשעפּליכען קװאַל פון נגינה. איך האָב געזוכט זיך אַרײנצו־לעבען אין יעדען װאָרט פון די תפילות, װאָס בעסער זײ צו פאַרטײטשען פאַר די צוהערער; אַלע רמ״ח אברים זײנען געװאָרען קנעכט פון דעם פלאַם, װאָס האָט זיך אָנגעצונדען אין מיר, װי נאָר איך האָב זיך דערנענטערט צום עמוד.

און קהל האָט דעם פלאַם אויפגענומען און האָט געװאוסט װי אים צו שעצען. דער חזן אין אידישען לעבען מיט פופציג־זעכציג יאָר צוריק אין די שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד, פּוילען, גאַליציע און רומעניע איז געװען פאַרגעטערט און טײער געהאַלטען. מען האָט זיך טאַקע אויסגעדונגען ביז צום לעצטען גראָשען, װײל דאָס לעבען איז געװען אַן אָרעמס און אַ נעבעכדיגס, אָבער קהל האָט נישט געזוכט צו פאַרדינען בײם חזן, זײ האָבען נישט גע־צײלט װיפיל דער חזן װעט זײ אַרײנטראָגען איבער די ימים־נוראים, װי עס פירט זיך בײ די הײנטיגע „קאָנגרעגײשאָנס”.

דער חזן אַלײן האָט אויף זיך מיט רעכט געקוקט מיט אַ געװיסען שטאָלץ, עפּעס טראָגט ער אַן אומשעצבאַרע מתנה, פון גאָט אַלײן געשאָנקען, דאָס איז נישט קײן קלײניגקײט! ער האָט זיך געפלײסט מיט אַלע כחות די דאָזיגע מתנה צו היטען און אויסצובעסערען. ער האָט זיך פאַרטיפט אין די אַלטע טראַדיציאָנעלע נוסחאות און ער איז געװען גליקליך, װען ער האָט געקאָנט עפּעס אויסגראָבען פון דעם אַלטען אוצר און דערװאַרעמען דערמיט אידישע הערצער.

אַט אַזעלכע זײנען זײ געװען, די אַלטע חזנים, די אַברײסעס, גורעװיטשעס, שעסטאַפּאַלס, בלומענטאַלס, װײנטרויבס, ראַזאָװסקיס, בירענבוימס, ניסי בעל־

זערס, ראַוונערס, שאַרס און די איבעריגע, וועלכע איך דערמאָן נישט! דאָס זיינען געוועזן שעפער פון עכטע אידישע קאָמפּאָזיציעס, נוסחאות און תפילות. און די גרויסע אימפּראָוויזאַטאָרען פון אידישען נוסח: צלאל, ירוחם הקטן, משה באַלטער, משה קריוואָזער, ראַזומני, וואָס האָבען מיט זייער השתפכות הנפש געמאַכט אויפציטערען און אויפפלאַטערען די נשמה פון יעדען אידישען מענשען! און די סאַמע לעצטע גרויסע, טאַלענטירטע חזנים, וואָס זיינען פאַר דער צייט אַוועק: יאָסעלע ראָזענבלאַט, שטיינבערג, רויטמאַן און הערשמאַן, וועלכע האָבען אַזוי פיל פרייד אַריינגעטראָגען אין דעם דערשלאָגענעם אידישען האַרצען.

עס האָט זיך פאַרענדיגט די גאָלדענע עפּאָכע פון אידישער חזנות. ביי צייטען זיינען געקומען און נייע לידער ווערען געזונגען. וואָס ווייטער זעען מיר, ווי דער חזן ווערט וויניגער שליח ציבור און מער בעל מלאכה. מען קאָן זאָגען, אַז דער מאָדערנער חזן איז גיכער אַ האַלצהעקער ווי אַ חזן אין דעם אַלטען, גוטען זין פון וואָרט. ער האַקט האָלץ מיט זיין האַלז, און וואָס די האַנט איז לענגער, אַלץ אַ גרעסערען „ראַזמאַך" מאַכט ער. דער מאָדערנער חזן איז געפאַלען אַ קרבן פון דעם מאָדערנעם ראַבאַי מיט זיין קאָנגרעגיישאָן און „סוירמאָנס", פון די פאַבריטשנע רבנים, וואָס האָבען זיך מתקנא געווען אין דעם געוואַלדיגען אַנזען, וואָס די חזנים האָבען געהאַט אין דער אַלטער היים, און האָבען באַשלאָסען דעם דערפאָלג צוצונעמען פאַר זיך און דעם חזן צו פאַרוואַנדלען אין אַ מאַנעקין פון דער אַפּערע. דער חזן האָט זיך געלאָזט דעגראַדירען פון דער הויכער ראָלע, וואָס ער האָט אַמאָל פאַרנומען אין אידישען לעבען, און דאָס איז אַ גרויסער פאַרלוסט.

די אַלע באַמערקונגען קומען מיר אויפ'ן זינען, ווען איך טראַכט פון דעם עפּיזאָד יאַראָסלאַוו, וואו איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען זיך צונויפגעטראָפען מיט דער פאַרגעטערונג, וואָס דאָס פאָלק פילט פאַר דעם חזן. מער אַזעלכעס האָב איך שוין אין מיין לעבען נישט געזען. אָט די פאַר־הערליכונג און דערהויבונג פון שליח ציבור איז אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט יענע טייערע אידישע שטעט און שטעטלעך.

און איצט קערען מיר זיך אום קיין וויןָ, וואוהין איך בין אָנגעקומען צום צווייטען מאָל, פרילינג־צייט פון יאָר 1903. די פּרעכטיגע שטאָט האָט גלייך אָן אָטעם געטאָן אויף מיר מיט איר רחבות און יום־טוב'דיגקייט. איך האָב געפילט, אַז נאָך אַ לאַנגען דורשטיגען וועג בין איך ווידער ביי אַ פרישען, מחיה'דיגען קוואַל, וואָס וועט מיך אָנטרינקען און געבען פרישע כחות פאַר דעם גוראַנגעל, וואָס שטייט מיר נאָך פאַר אין לעבען.

דעם ערשטען וויזיט האָב איך, פאַרשטייט זיך, געמאַכט ביי מיין אַלטען פריינט חזן סמאָטריצקי, וועלכער האָט מיך אויפגענומען ווי אַן אייגענעם. איך בין ביי אים געבליבען וואוינען און ער איז גלייך געווען אינפאָרמירט וועגען די צוויי צילען, וואָס ברענגען מיך דאָס מאָל אין דער עסטרייכישער

הויפט־שטאָט: ערשטענס, בין איך שוין ברוך השם אַ איד אַ מטופל און מען דאַרף זאָרגען וועגען פּרנסה; און צווייטענס, וויל איך פאַרזעצען מיין שטימע־בילדונג, וואָס איך האָב איבערגעריסען מיט עטליכע יאָר צוריק.

קודם כל בין איך אַוועק אויף פּאָסט און האָב איין הונדערטער פון מיין יאַראָסלאַווער פאַרדינסט אַוועקגעשיקט צו מיין פרוי און קינדער, דעם צווייטען הונדערטער האָב איך מיר געלאָזען, ביז איך וועל זיך צו עפּעס דערשלאָגען. דאַן האָב איך נישט לאַנג געוואַרט און בין אַוועק צו מיין אַלטען פריינט, פּראָפעסאָר שטיינשניידער. זיין שמחה מיט מיר איז געווען אויסערגעוויינליך. ער האָט גלייך געכאַפּט און אויסגעהערט מיין שטימע, צי זי איז, חלילה, נישט קאַליע געוואָרען פאַר די אַלע יאָרען, וואָס איך בין נישט געווען אונטער זיין השגחה. אַ שטראַלענדיגער פון גליק, האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז איך האָב אָפּגעהיט די אַלע כללים, וועלכע ער האָט מיר אָנגעזאָגט ביים צעשיידען זיך, און אַז די שטימע איז פריש און לויטער, און אַז קיין זאַך שטייט מיר נישט אין וועג צו דערגרייכען די העכסטע פולקאָמענקייט, וואָס איז נאָר מעגליך.

ווען ער האָט געהערט, אַז איך האָב זיך שוין גע׳חזנ׳ט אין פאַרלויף פון עטליכע יאָר, איז ער געווען זעהר נייגעריג צו הערען עטליכע פון מיינע תפילות. נאָכ׳ן פאַרזינגען האָט ער באַמערקט, אַז זינט דעם גרויסען מייסטער, אויבער־קאַנטאָר זולצער, האָט ער נאָך אַזאַ שיינעם פאַרטראָג פון קיינעם נישט געהערט, און ער האָט מיר פאַרזיכערט אַ גרויסע קאַריערע אויף דעם געביט, וואָס איך האָב אויסגעקליבען. איך האָב אים שוין דעמאָלט פון גאַנצען האַרצען דערקלערט, אַז אויב איך וועל עפּעס דערגרייכען אין מיין לעבען, וועל איך דאָס אין אַ גרויסער מאָס האָבען צו פאַרדאַנקען זיין לערע און זיין פאָטערליכער איבערגעגעבענקייט צו מיר. מיר האָבען באַשטימט, אַז דריי מאָל אין וואָך וועל איך קומען צו אים אויף איין שעה פאַרזעצען די שטימע־בילדונג.

סמאָטריצקי איז מיטגעווען מיט מיר ביים פּראָפעסאָר און ער האָט גע־הערט מיין שטימע, דאָס ערשטע מאָל נאָך אַזוי פיל יאָרען. ווען מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען, זאָגט ער צו מיר, אַז ער זאָרגט זיך מער נישט פאַר מיין צוקונפט און פאַר מיין פּרנסה. ער איז זיכער, אַז עס וועט נעמען נישט לאַנג און איך וועל שטיין אויף איינעם פון די אָנגעזעענסטע קאַנטאָר־פּאָסטענס אין דער שטאָט ווין. מילא, האָב איך מיר געטראַכט, פון זיין מויל אין גאָט׳ס אויערען. אָבער בלויז אויף די גוטע רייד האָט מען זיך נישט געקאָנט פאַרלאָזען, מען האָט געדאַרפט נעמען זוכען אַ תכלית טאַקע אויף אַן אמת׳ן.

איינמאָל זאָגט צו מיר סמאָטריצקי, אַז ער האָט עפּעס באַמערקט אַן אַנאָנס אין דעם וואָכענבלאַט פון דער געמיינדע „די וואַרהייט”, אַז אין אַכטען באַצירק, יאָזעפשטאָט, ווערט געזוכט אַ קאַנטאָר. אמת טאַקע, דאָס איז אַ קליי־נער פאַראיינס־טעמפּעל, אָבער דאָך דאַוונען דאָרט גאַנץ פיינע לייט, און הלואי לאָזט מען מיך נאָר צו אויף פּראָבע, וואָלט די שטעלע גאָר נישט געווען קיין שלעכטע. מיר האָבען באַשלאָסען, אַז ער וועט מיט מיר גיין צום פּרעזידענט,

אַ געוויסער הערמאַן בעק, פון דער פירמע „ווילהעלם בעק און זין", קייזערליכער הויף־ליפעראַנט פון מיליטערישע און ציווילע קליידער, און מען וועט פּרואווען אַ רעד טאָן.

אין וואָרט־צימער ביי הער בעק האָבען מיר געטראָפען נאָך עטליכע יונגעלייט, וועלכע האָבען, זעט אויס, אויך רעפלעקטירט אויף דעם דאָזיגען פּאָסטען. איך האָב אָנגעקוקט מיינע קאָנקורענטען און כ'האָב גלייך געזען, אַז איך בין אַ פאַרשפּילטער. דאָס זיינען געווען עלעגאַנטע, מאָדערען־געקליי־דעטע יונגעלייט, מיט פריש־ראַזירטע פּנים'לעך, די האָר גלאַט צוגעקעמט מיט אַ שרונט אין מיטען, מאַנכע מיט שאַרפע, שפּיציגע וואָנסעלעך. זיי האָבען אַלע געטראָגען די שטייפע, אָנגעקראָכמאַליעטע קעלנער מיט די פיין פאַרבונ־דענע שלייפלעך, אין לאַקירטע שיך מיט הויזען אויסגעפּרעסטע צו דער נאָט. אַלע האָבען זיי אויסגעזען ווי נאָר־וואָס אַרויסגעקומענע פון פריזירער; עס האָט נאָך געשמעקט פון זיי דאָס קעלנישע וואַסער.

און איך האָב זיך געגעבען אַ קוק אָן — אויפ'ן קאָפּ די הויכע רוסישע, געדיכט־געקרייזעלטע פּאַטליעס האָר, וואָס ווילען זיך בשום אופן נישט איינ־לייגען, דאָס פּנים נישט אָפּראַזירט, מיט די געציילטע הערעלעך, וואָס האָבען מיר אַרויסגעסטאַרטשעט במקום באָרד, דער אָנצוג צעקנייטשט נאָך פון וואַלגערען זיך אין וואַגאָן, די הויזען האָבען זיך אין קיילעכדיגע זעק אַראָפּגע־לאָזט אויף די נישט גאָר געהויבענע שיך, און פון עלעגאַנט אויסבינדען אַ שניפּס בין איך אויך געווען גאַנץ ווייט. טאָ ווי קאָן איך דאָ געפעלען ווערען דעם ווינער קעניגליכען הויף־ליפעראַנט? עס האָט מיר גאָר אַ סך געפעלט צום באַקאַנטען ווינער „שיק". מיט אַ שווער האַרץ זיינען מיר דעריבער אַריין אין קאַבינעט פון הער הערמאַן בעק.

# דער ערשטער שטראַל פון האָפענונג האָט אויפגעשיינט פאַר מיר אין ווין

און עס איז געווען ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט: איך האָב נישט געמאַכט דעם געוואַלדיגען איינדרוק אויף דעם פרעזידענט, הער בעק, וועלכער האָט געדאַרפט אַנטשיידען מיין וויטערדיגען גורל אין דער שטאָט ווין. נאָך אין וואַרט־צימער האָב איך מיר, אין פאַרגלייך מיט די עלעגאַנטע יונגעלייט, וואָס האָבען דאָ געוואַרט, געפילט ווי אַ... דאָרפס־שייגעץ, ווען ער קומט אין שטאָט אַריין. דערצו נאָך האָבען זיי אַלע גערעדט אַזאַ פערפעקטען דייטש! טאָ ווי קום איך אַהער מיט מיין כאַנאָראָדער אידיש? ווי אַזוי וועל איך גאָר קאָנען אויסריידען אַ וואָרט צו דעם אַריסטאָקראַטישען פּרעזידענט?

בין איך טאַקע געזעסען ווי אויף שפּילקעס, דאָס האַרץ האָט מיר גענומען קלאַפּען, און איך האָב געבעטען גאָט, אַז דער וויזיט זאָל זיך שוין וואָס שנעלער ענדיגען. ווען מען איז אַריין אין קאַבינעט, איז נאָך אַ נס, וואָס סמאָטריצקי איז געווען מיט מיר און ער איז געווען דער בעל דברן. איך האָב באַמערקט ווי דער הער בעק באַקוקט מיך פון אויבען ביז אַראָפּ. ענדליך האָט ער געפרעגט פון וואַנען איך שטאַם. ווען ער האָט דערהערט דאָס וואָרט „רוסלאַנד", איז ער אויפגעשפּרונגען, ווי אַן אָפּגעבריטער: „וויר וואָלען קיינע רוסען, קיינע אַוסלענדער, וויר וואָלען נור עסטרייכער!" אַזוי האָט ער זיך צעשריען און איז גלייך אויפגעשטאַנען פון דעם גרויסען דירעקטאָרסקען שטול, אַ סימן, אַז מיר קענען זיך שוין אויך קלייבען אין וועג אַריין.

ווען סמאָטריצקי האָט אים געפּרואווט דערקלערען, אַז עס איז נישט וויכטיג פון וואַנען אַ חזן שטאַמט, דער עיקר איז: וואָס ער קען, און אַז פינף און זיבעציג פּראָצענט פון די ווינער קאַנטאָרען שטאַמען פון רוסלאַנד, און אָט ער אַליין שטאַמט אויך פון רוסלאַנד און דאָך פאַרנעמט ער די שטעלע פון צווייטען קאַנטאָר אין דער קולטוס־געמיינדע, און אַז ער בעט בלויז מען זאָל מיך צולאָזען אויף פּראָבע צוגלייך מיט די צענדליגער אַנדערע, וואָס ווערען צוגעלאָזט — האָבען די אַלע רייד געהאָלפען ווי אַרבעס אין דער וואַנט. הויף־ליפעראַנט הער בעק איז געווען פאַר'עקשנ'ט און ער האָט זיך פאַררופען אויף אַ באַשלוס פון זיין קאָמיטעט, אַז נאָר עסטרייכישע בירגער קאָנען צוגעלאָזען ווערען אויף פּראָבע אין זיין שוהל.

מיט אַ צעבראָכען האַרץ זיינען מיר אויפגעשטאַנען אַוועקצוגיין. נאָר פאַר'ן

זאָגען אַ גוטען טאָג איז סמאָטריצקי'ן איינגעפאַלען איבערצולאָזען דעם הער בעק זיין וויזיט־קאַרט מיט'ן אַדרעס, טאָמער מאַכט זיך און ער וועט די זאַך איבעריטראַכטען מיך צוצולאָזען אויף פּראָבע, קאָן ער זיך ווענדען אויף דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס.

איז, הייסט עס, פון דעם ערשטען פּרואוו גאָרנישט אַרויסגעקומען. איך האָב מיך אַריינגעוואָרפען אין לערנען און יעדער באַווך ביי מיין פּראָפעסאָר האָט מיר געגעבען אַ געוואלדיגען פאַרגעניגען. איך האָב געשלונגען זיין יעדעס וואָרט, און יעדער טאָן, וועלכען ער האָט מיר פאָרגעזונגען, האָט זיס אָפּגע־קלונגען אין מיינע אויערען. ער האָט איינשטודירט מיט מיר אָן אַ שיעור נייע לידער און אַריעס, און איך בין געווען איבערפולט פון גליק, ווען נישט איין זאַך: די זאָרג פאַר מיין משפחה און פאַר דעם מאָרגענדיגען טאָג. ווייל דער יאַראָסלאַווער „קאַפּיטאַל" האָט גענומען אויסרינען און איך בין געשטאַנען פאַר דער געפאַר, אַז אין איין שיינעם טאָג זאָל איך דאָ אינגאַנצען בלייבען אויף דער גאַס אין דער פרעמדער שטאָט.

איך האָב זיך באַראַטען מיט מיין פריינט סמאָטריצקי און האָב אים געזאָגט, אַז פון גרויס פאַרצווייפלונג בין איך גרייט אָנצונעמען די שטעלע פון אַ משורר, אָבער ער האָט מיך נישט גע'עצה'ט דאָס צו טאָן. דאָס זעלבע האָט מיך אָפּגע־ראָטען מיין פּראָפעסאָר, וועלכער האָט געהאַלטען, אַז דאָס קאָן שאָדען ברענגען מיין שטימע און אויך מיין צוקונפטיגער קאַריערע, ווייל ווער וועט דאָס וועלען אויפנעמען פאַר אַ חזן אַ מענש, וואָס איז נאָך נעכטען געווען אַ משורר?

האָב איך געשטיקט אין זיך דעם ווייטאָג איבער דער אומזיכערקייט פון מיין מאָרגענדיגען טאָג און בין דערווייל געגאַנגען הערען ווינער חזנים. איך בין אַוועק אין דעם פאַראיינס־טעמפעל אויף יאָזעפשטאַט, דאָרטען וואו איך האָב געזאָלט אָנקומען אויף פּראָבע. עס איז מיר געווען אינטערעסאַנט אָנצו־קוקען מיינע קאָנקורענטען, אָט יענע עלעגאַנטע יונגעלייט, וועלכע האָבען געהאַט מער מזל פון מיר, ווייל זיי שטאַמען נישט פון רוסלאַנד. ווען איך האָב זיי געהערט אין די פרייטאָג צו־נאַכטסען און שבת אינדערפרי, איז מיר באַפאַלען אַ געפיל פון חרפּה: אָט דאָס רופט מען אויך חזנים? קיין שפור פון נוסח־התפילה און אַפילו נישט פון שטימע ווי עס געהער צו זיין האָב איך ביי זיי נישט געפונען, דערפאַר זיינען דאָס געווען קאָרעקט אויסגעפּוצטע און אויסגע־שטאַטע יונגעלייט מיט שפּיציגע וואָנסעלעך און גלאַט פריזירטע קעפּ.

און עס איז מיר געווען אַ גרויס רחמנות אויף זיך אַליין. איך האָב געקוקט אויף זיך ווי אויף אַ גרויסען נאַר. נאָך וואָס בין איך געקומען אַהערצו, האָב איך מיר געטראַכט, אָנקוקענדיג די דראָנגאַטשעס, וועלכע זיינען געשטאַנען ביים עמוד, אין דער צייט ווען דאָ נישט לאַנג צוריק, אין יאַראָסלאַוו, האָט מען מיך ממש געטראָגען אויף די הענט און געבעטען זיך ביי מיר, אַז איך זאָל אונ־טערשרייבען מיט זיי אַ קאָנטראַקט אויף אַ יאָר צייט, און דאָ, אין דעם גרויסען ווין, נישט נאָר קיינער קוקט זיך נישט אום אויף מיר, נאָר מען לאָזט מיך

אַפילו נישט צו אויף פּראָבע, דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער, מען וויל זיך אַפילו נישט באַקענען מיט מיר.

עס איז מיר געווען ביטער און פינסטער אויפ'ן געמיט. איך האָב שוין געטראַכט אַנצוקומען אַלס כאָריסט אין איינעם פון די ווינער טעאַטערס, איך האָב געלייענט מודעות, אַז אַזעלכע ווערען געזוכט. איז ווידער אונטערגעקומען מיין פריינט סמאָטריצקי, וועלכער האָט מיך געמונטערט, אַז אויך מיין טאָג וועט קומען און איך זאָל נישט אָפּטאָן קיין פאַרצווייפעלטען שריט, אויף וועלכען איך וועל שפּעטער זיכער חרטה האָבען. און וואָס ס'איז שייך די קרייצערס און די קראָנען, וואָס האָבען זיך גענומען ביי מיר אויסלאָזען, האָט ער מיך אויך באַרואיגט, אַז איך קאָן ביי אים וואוינען ווי לאַנג איך וויל, און וועל אים באַצאָלען דעמאָלט, ווען איך וועל אָנהויבען עפּעס פאַרדינען.

אַזוי האָבען זיך געצויגען די וואָכען און עס האָט זיך נישט געזען קיין שום שיין פון האָפענונג, אַז מיין לאַגע קאָן בעסער ווערען. די שיינע שטאָט ווין איז מיר נישט באַקומען, ווייל ווי קאָן מיר איינגיין איר שיינקייט און רחבות'־דיגקייט, אַז דאָרט אין דער היים וואַרטען מיין פרוי און קינדערלעך צו הערען פון מיר, וואָס איך האָב עפּעס אויפגעטאָן אין דער גרויסער וועלט, און איך האָב נישט זיי וואָס מיטצוטיילען. מיין גאַנצען צער און ווייטאָג האָב איך זיי אַפילו נישט געקאָנט אַרויסשרייבען.

אָבער אַ מענש זאָל דעם בטחון קיינמאָל נישט פאַרלירען. אויך פאַר מיר האָט די זון אויפגעשיינט אין אַ שיינעם ערב־שבועות'דיגען טאָג. עס איז שוין געווען טאַקע באו מים עד נפש, מיט געציילטע גראָשענס אין קעשענע האָב איך זיך געגרייט צום יום־טוב, אָפּצוריכטען אים ביי אַ פרעמדען טיש, ווי אַן אורח, אויף באָרג. אָבער נאָך מער ווי די מאַטעריעלע זאָרג האָט מיך גע־פרעסען און געפּייניגט דער געדאַנק, אַז איך בין געוואָרען אַן איבעריגער מענש, קיינער דאַרף נישט מער מיך און מיין טאַלאַנט. אָט ערשט נישט לאַנג, מיט זיבען וואָכען צוריק אויף פּסח, אין שטעטעל יאַראָסלאַוו, בין איך נאָך עפּעס ווערט געווען פאַר מענשען, מען האָט זיך געצאַצקעט מיט מיר, און דאָ, אין דעם כרך ווין, בין איך נישט מער ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא, אָבער דאָס רעדעלע האָט זיך גאַנץ שנעל אַ דריי געטאָן.

פיר טעג פאַר שבועות איז געווען אַ טעלעפאָן צום חזן סמאָטריצקי, און טאַקע פון אים אַליין, פון הויף־ליפעראַנט, פּרעזידענט הערמאַן בעק. דער טעלע־פאָן האָט געזאָגט, אַז דער יונגערמאַן פון רוסלאַנד, מיט וועלכען ער איז געווען ביי אים אין קאַבינעט מיט עטליכע וואָכען צוריק, זאָל גלייך אַריבערקומען, מען וועט מיך צולאָזען צו האַלטען פּראָבע אויף שבועות אין פאַראיינס־טעמפּעל, אויף יאָזעפשטאַט.

איך בין אויפגעריכט געוואָרען, אָט דאָס האָב איך דאָך געבעטען: לאָזט מיך קומען צום פּסוק, הערט מיך קודם אויס, דערנאָך מעגט איר שוין אַפילו זאָגען, אַז איך טויג צו גאָרנישט. סמאָטריצקי מיט דער ווייב האָבען מיך גענומען

אויספוצען און אויסמייסטרעווען, אַז איך זאָל נישט אויסזען אַזוי קליינשטעטלדיג און קריגען מער־ווייניג אַ ווינער פּנים. זיי זיינען דוקא צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל מיר אָפּגאָלען די געציילטע הערעלעך, וואָס האָבען קוים אַרויסגע־שפּראָצט אויף מיין גאָמבע. עס איז מיר געווען שטאַרק דערווידער דאָס צו טאָן, עפּעס האָב איך זיך דערמאָנט אין טאַטען, אין דעם גאַנצען פרומען שטייגער ביי אונז אין דער היים, און טאַקע וואָס הייסט עס עפּעס אַ חזן מיט אַן אָפּגעגאָלטער באָרד?

נאָר אַזוי ווי מיינע איינצעלנע הערעלעך האָבען זיך סיי ווי קוים אָנגעזען, האָב איך זיי נאָכגעגעבען. איך האָב מיר געלאָזט אויספּרעסען מיין יום־טוב׳־דיגען בגד, פאַרשאַפט אַן אָנגעקראָכמאַליעטען, הויכען קאָלנער מיט דעם שיינעם, ווייסען שניפּסעל און האָב שוין אויסגעזען מער־ווייניגער לייטיש, הגם צום באַרימטען ווינער „שיק״ האָט מיר נאָך אַ סך געפעלט.

ווען איך בין אַ טאָג פאַר יום־טוב אַריינגעקומען צום הער בעק אין קאַבינעט, האָט ער מיך שוין אויפגענומען אַ סך פריינטליכער, ווי דאָס ערשטע מאָל, אָבער אויך דאָס מאָל האָט ער מיר נישט געקאַרגט קיין ביטערע פּיל. „איר ווייסט, יונגערמאַן״, זאָגט ער, „איך האָב גאָרנישט געטראַכט איך צוצולאָזען צו פּראָבע, נאָר עס איז געשען אַ צופאַל, אַ געוויסער חזן איידעלמאַן, וועלכער האָט געדאַרפט דאַווענען ביי אונז שבועות מיט אַ כאָר אויף פּראָבע, האָט עפּעס נישט געקאָנט אַדורכקומען מיט׳ן כאָר, און אַליין, אָן אַ כאָר, איז ער נישט אומשטאַנד צו דאַווענען. און אויב איר קענט יאָ דאַווענען גאַנץ שבועות איינער אַליין אָן אַ כאָר, זיינען מיר גרייט אייך צו געבען די געלעגענהייט צו ווייזען וואָס איר קענט״.

איך האָב זיך דערפילט אַביסעל זיכערער, ווייל איך האָב געוואוסט ביי זיך, אַז איך אָן אַ כאָר וועל זיי נישט פאַרשעמען לגבי יענע, וואָס מוזען האָבען אַ כאָר ביי דער זייט. אָבער איך האָב גע׳פּועל׳ט ביי מיר צו מאַכען דעם הער בעק אַ געוויסע באַמערקונג: „אַזוי ווי איר האָט נישט בדעה אָנצושטעלען מיך אויף אַ שטענדיגען פּאָסטען, דערפאַר וואָס איך בין אַ רוסישער בירגער, וועט עס זיין נישט מער ווי רעכט צו באַצאָלען מיר פאַר דעם דאַווענען יום־טוב, און אויב איר האָט נישט אויסצוזעצען, וואָלט איך פאַרלאַנגט הונדערט קראָנען״.

קעגען מיין דערוואַרטונג האָט הער בעק צו דעם גלייך צוגעשטימט, ווייל — אַ ברירה האָט ער געהאַט? וואו וועט ער געפינען אַן אַנדער חזן פיר טעג פאַר יום־טוב? און כ׳האָב מיך גענומען גרייטען צו מיין דאָזיגען ערשטען אויפ־טריט אין אַ ווינער טעמפּעל. איך האָב מיר געטראַכט, טאָמער, חלילה, פאַל איך אַדורך, לאָמיך זיך כאָטש פאַרזיכערען די הוצאה אויף אַ שטיקעל צייט.

פאַר די געציילטע טעג, וואָס זיינען מיר געבליבען צו מיין אויפטריט, האָב איך מיך באַמיט איינצושטודירען אַ געוויסען מיטלוועג, וואָס זאָל נישט זיין צו אָרטאָדאָקסיש און נישט צו כאָראַליש, אָבער וואָס זאָל זיין פאַרשטענדליך פאַר יעדען קלאַס איד. און ווען איך בין די ערשטע נאַכט שבועות צוגעגאַנגען

צום עמוד, האָב איך געשפּרייזט מיט אַ פעסטען טראָט און דעם קאָפּ האָב איך געהאַלטען הויך. ווי נאָר כ׳האָב געזאָגט „ברכו״ און דעם „אהבת עולם״, האָב איך דערשפּירט די שטימונג צווישען עולם, און מיין אינערליכע זיכערקייט איז נאָך מער געשטיגען. ווען כ׳האָב געזונגען „השכיבנו״ האָב איך שוין דערפילט באַגייסטערונג אַרום מיר, און אַפילו דער פּרעזידענט, בעק, אַליין, וועלכער איז געשטאַנען נישט ווייט פון מיר, האָט געהאַט אַ ברייטען שמייכעל אויף זיין פּנים.

ווען כ׳האָב זיך צו קידוש אויסגעדרייט מיט׳ן פּנים צום עולם, האָב איך געקאָנט באַגעגענען אָן אַ שיעור באַגייסטערטע פּנימ׳ער מיט בליצענדיגע אויגען פאַר צופרידענקייט. ווען כ׳האָב געענדיגט, איז צו די „יישר־כוח׳ס״ גאָר קיין סוף נישט געווען, אָבער מען האָט נישט אַפּלאָדירט, ווי עס איז מיר מיט יאָרען שפּעטער אויסגעקומען צו אָבסערווירען אין אַמעריקע. פּרעזידענט בעק האָט מיר דער ערשטער גראַטולירט אין נאָמען פון אַלע רעפּרעזענטאַנטען און פון דער גאַנצער געמיינדע.

די שוהל איז געווען אַ גאַנץ קליינע, קוים הונדערט מיט פופציג פּלעצער, און עס איז פּאַקטיש נישט געווען קיין מעגליכקייט צו אַנטוויקלען די שטימע אין איר גאַנצער טיף. אָבער איך האָב פון דער ערשטער מינוט אָן געשפּירט מיט אַלע מיינע חושים, אַז די אידען זיינען שוין אויף מיין זייט, נישט געקוקט וואָס איך בין נישט קיין עסטרייכישער בירגער.



חזן קוואַרטין מיט פרוי און קינדער אין ווין, 1903.

# איך ווער אויבער־קאַנטאָר פון דעם „קייזערין עליזאַבעט טעמפּעל״ אין ווין

אויף צומאָרגענס, שבועות, צו שחרית און צו מוסף, האָב איך מיין שטימע געלאָזט הערען אין איר גאַנצען גלאַנץ און פראַכט, נישט זשאַלעווענדיג און נישט קאַרגענדיג קיין שום אָנשטרענגונג אַרויסצוברענגען דאָס שענסטע און דאָס קרעפטיגסטע, וואָס איך בין געווען אומשטאַנד. אין שוהל זיינען געווען אַ סך מער אידען, ווי נעכטען צו מעריב, און די באַגייסטערונג האָט מיר אָנגעהויבען דערמאָנען די אויפנאַמע, וואָס איך האָב געקראָגען אויף פסח אין יאַראָסלאַוו.

דער פּרעזידענט, הער בעק, איז אַזוי אַרויס פון די כלים, אַז נאָכ׳ן דאַווענען האָט ער מיך, דעם „רוסישען״, וועלכען ער האָט נאָך דאָ נישט לאַנג באַגעגענט מיט אַזאַ פאַראַכטענדיגען בליק ביי זיך אין קאַבינעט, פאַרבעטען צו זיך אין הויז אַריין אויפ׳ן יום־טוב׳דיגען מיטאָג. נאָכמיטאָג רופט ער זיך אָפּ צו מיר, אַז אויפ׳ן אָוועגט (דאָס הייסט, אויף דער צווייטער נאַכט שבועות) האָט ער פאַרבעטען צו זיך אין הויז אַריין די גאַנצע רעפּרעזענטאַנץ פון זיין שוהל צוזאַמען מיט׳ן סעקרעטאַר און ער בעט מיך אויך צו קומען, און מען וועט שרייבען די באַדינגונגען, כדי איך זאָל איבערנעמען דעם אַמט פון שטענדיגען קאַנטאָר אין זייער שוהל.

איך האָב געדאַרפט דערמאָנען דעם הער „הויף־ליפעראַנט״, אַז היינט ביינאַכט איז שבועות, און עס איז נישט מיין טבע צו שליסען קאָנטראַקטען אום שבת אָדער יום־טוב. ער האָט זיך אַנטשולדיגט און דאָס איז אָפּגעלייגט געוואָרען אויף מוצאי יום־טוב. דעם צווייטען טאָג יום־טוב האָט זיך אין שוהל, וועלכע איז שוין געווען אָנגעפּראָפּט מיט אידען פון אַנדערע שוהלען, איבערגע׳חזר׳ט דער זעלבער ספּעקטאַקעל. איך האָב געוואונען אַלעמענס הערצער טאַקע מיט איין שאָס. מיין פּרעזידענט האָט אינגאַנצען געשטראַלט פאַר נחת, ווייל ער האָט באַטראַכט, אַז דאָס איז זיין פאַרדינסט, וואָס ער האָט מיך דעראָבערט פאַר דער שוהל. אין יענער מינוט האָט ער זיכער פאַרגעסען, ווי ער האָט מיט געציילטע וואָכען צוריק געצאַפּט מיין בלוט, נישט וועלענדיג מיך אַקצעפּטירען אַפילו אויף פּראָבע.

מוצאי יום־טוב איז אין פּרעזידענט׳ס הויז געווען פאַרזאַמעלט די גאַנצע פּני פון דער שוהל צוזאַמען מיט׳ן סעקרעטאַר און אַפילו מיט אַן אַדוואָקאַט,

וועלכער האָט געדאַרפט אויסאַרבייטען אַלע פונקטען פון קאָנטראַקט. גייענ־דיג צום פּרעזידענט, האָב איך מיר אַזוי אויפ'ן וועג געטראַכט: וויפיל בעט מען און וואָס פאַרלאַנגט מען? איך האָב געוואוסט, אַז די שכירות פון אַ קאַנטאָר אין ווין האָבען זיך אין יענער צייט געוואַקעלט צווישען זעכצען הונדערט און צוויי טויזענט פיר הונדערט קראָנען אַ יאָר. אָבער דאָס איז געווען גערעדט וועגען קאַנטאָרס, וואָס זיינען שוין געשטאַנען אויף זייערע שטעלעס איבער צען יאָר. ווי האָב איך, פּאַקטיש אַן אָנפאַנגער, געקענט בעטען דאָס זעלבע געלט?

אין דער אונטערשטער שורה האָבען מיר זיך געאייניגט אויף פופצען הונדערט קראָנען און אַ חוץ דעם, דריי הונדערט קראָנען אויף צו ברענגען מיין פאַמיליע, און די הונדערט קראָנען פאַר'ן שבועות קריג איך באַזונדער. איך בין אָבער געווען אויף אַזוי פיל ניכטער זיך אויסצורעדען אין וויכטיגען פונקט: מיט'ן מאָמענט, ווען מען וועט אויסבויען דעם נייעם, פיל גרעסערען טעמפּעל, ווען די צאָל מתפללים וועט זיך באַדייטענד פאַרגרעסערען, האָב איך אַ רעכט צו פאַרלאַנגען איבערצוקוקען דעם קאָנטראַקט. דער אַדוואָקאַט האָט זיך אַפילו שטאַרק געוועהרט געגען דעם פונקט, אָבער איך האָב זיך צו יענעם מאָמענט געפילט אַזוי פעסט, אַז וואָסערע באַדינגונגען איך זאָל נישט פאַרלאַנגען בין איך געווען זיכער, אַז זיי וועלען מיר נאָכגעבען.

גלייך אויף דער זעלבער זיצונג, ווען מען האָט אָפּגעשלאָסען מיט מיר דעם קאָנטראַקט, איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער נייער טעמפּעל מוז פאַרטיג ווערען צוויי וואָכען פאַר די ימים־נוראים, כדי מען זאָל קענען פייערען דעם געהעריגען חנוכת־הבית מיט גרויס פּאָמפּע און פּאַראַד. קיין געלט האָט די אידען נישט געפעלט, האָט מען זיך גענומען אונטעריאָגען די בוי־אַרבייטען. אין דער צווישען־צייט, ביז דער נייער טעמפּעל וועט שטיין, האָט מען אַנגאַ־זשירט פּראָפעסאָר זולצער, אַ זון פון דעם באַרימטען שעפער פון אַזוי פיל ליטורגישע תפילות און אויבער־קאַנטאָר שלמה זולצער, אַז ער זאָל איינ־שטודירען און דיריגירען מיט אַ ספּעציעלען כאָר לכבוד דעם חנוכת־הבית מיט מיר אַלס אויבער־קאַנטאָר.

פּראָפעסאָר זולצער איז געווען אַן אויסערגעוויינליכער טשעלאָ־ווירטואָז, דער ערשטער סאָליסט אין אָרקעסטער פון דער ווינער קייזערליכער אָפּערע, אַ חוץ דעם איז ער געווען אַ גרויסער קאָמפּאָניסט, און ער האָט שפּעטער באַאַרבייט די צוויי גרויסע מוזיקאַלישע ווערק פון זיין פאָטער „שירי ציון", געבענדיג זיי אַ גלענצענדיגע פאַרענדיגונג און אויסשלייפונג.

פּראָפעסאָר זולצער איז איינגעלאַדען געוואָרען ספּעציעל צוצוגרייטען די חנוכת הבית־פייערונג, אָבער מען האָט דאָך אויך געדאַרפט טראַכטען וועגען אַ כאָר מיט אַ דיריגענט אויף אַ גאַנץ יאָר. מען האָט געגעבען אַנאָנסען אין דעם ספּעציעלען חזנים־בלאַט און אויך אין די פאַרשידענע געמיינדע־וואָכענ־שריפטען; און פון אַלע זייטען האָבען זיך גענומען מעלדען זינגערס און זינגע־

רינס. צווישען די, וואָס האָבען זיך געמאָלדען, איז אויך געוועןן דער באַריטאָן איידעלמאַן, דער זעלבער, וועמען איך האָב געהאַט צו פאַרדאַנקען די שטעלע אין טעמפּעל אויף יאָזעפשטאַט. ווען ער צעקריגט זיך נישט דעמאָלט ערב־שבועות מיט זיין כאָר, וואָלט מען דאָך מיך נישט גערופען, און ווער ווייס וואָס פאַר אַן אַנדער ווענדונג מיין גאַנצע צוקונפטיגע קאַריערע וואָלט דעמאָלט אָנגענומען.

דער דאָזיגער איידעלמאַן האָט אויף מיר געמאַכט דעם בעסטען איינדרוק, און ער האָט איינגעשטימט איבערצונעמען דעם אַמט פון צווייטען קאַנטאָר און גלייכצייטיג פון דיריגענט פון כאָר. ער האָט געהאַט אַ גוטע באַריטאָן־שטימע, און אויך פּראָפעסאָר זולצער האָט זיך צו אים זעהר וואַרעם באַצויגען. דעם גרעסטען ווידערשטאַנד האָבען מיר אָבער אָנגעטראָפען מצד דעם פּרע־זידענט, הער בעק, וועלכער האָט אים נאָך אַלץ נישט געקענט מוחל זיין, וואָס ער האָט זיך דעמאָלט איינגעריסען מיט׳ן כאָר און האָט אים פאַרשאַפט צרות אום סאַמע ערב יום־טוב. אָבער איך האָב איינגע׳טענה׳ט מיט׳ן פּרע־זידענט: פאַרקערט, איר דאַרפט דאָך זיין דאַנקבאַר דעם חזן איידעלמאַן פאַר יענעם אינצידענט, ווען נישט וואָלט איר דאָך מיך נישט געהאַט...

סוף כל סוף האָט זיך דער הער בעק געלאָזט איבעררעדען און חזן איי־דעלמאַן האָט איבערגענומען די פונקציעס פון צווייטען קאַנטאָר אין גרויסען טעמפּעל, וואָס האָט אַ ליאַדע טאָג געדאַרפט פאַרטיג ווערען, און אויך האָט ער געדאַרפט צוזאַמענשטעלען אַ כאָר פון מענער און פרויען און מיט אים דיריגירען.

מען האָט זיך גענומען גרייטען צו דעם פייערליכען חנוכת־הבית פון נייעם טעמפּעל. אַזוי ווי דער הער בעק איז, ווי שוין אויבען דערמאָנט, געוועןן אַ הויף־ליפעראַנט פון קייזער און קעניג פראַנץ יאָזעף, האָט ער זיך באַמיט אין קייזערליכען הויף, אַז מען זאָל דאָרט באַווילליגען אָנצורופען דעם ניי־געבויטען טעמפּעל אויפ׳ן נאָמען פון דער קעניגין עליזאַבעט. איך געדענק, ווי דער פּרעזידענט האָט געשטראַלט פון פרייד, ווען ער איז אין אַ שיינעם טאָג געקומען און געזאָגט: מזל־טוב! דער הויף האָט ענדליך געגעבען זיין גנעדיגע באַוויליגונג, אַז דער אידישער טעמפּעל זאָל אָנגערופען ווערען אויף דעם נאָמען פון דער פאַרשטאָרבענער קעניגין. עס איז געוועןן אַן אמת׳ע שמחה צווישען די רעפּרעזענטאַנטען, ווי אַ גרויס גליק וואָלט דאָ געטראָפען דעם כלל ישראל.

פון דעם טאָג אָן האָט זיך דער טעמפּעל אויף יאָזעפשטאַט, וואו איך האָב געהאַט מיין ערשטע פאַרמעלע שטעלע אַלס אויבער־קאַנטאָר, גערופען „קעניגין עליזאַבעט טעמפּעל״. דער פּרעזידענט און די רעפּרעזענטאַנטען האָבען זיך פון דעם טאָג אָן נאָך מער אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט איינצואָרדענען די פייערונג פון חנוכת הבית וואָס מער אימפּאָזאַנט און מיט וואָס אַ גרעסערער פּאָמפּע. פון אויער צו אויער האָט מען זיך איבערגעגעבען, אַז פון הויף אַליין

וועט קומען אַ פאַרשטייער צו דער פייערונג, אַ חוץ דעם וועט קומען דער בירגערמייסטער פון ווין און נאָך אָנגעזעענע פערזענליכקייטען פון דער דיפּלאָמאַטישער און פינאַנץ־וועלט.

אַזוי ווי קיין געלט האָבען די ווינער באַנקירען און אינדוסטריעלער נישט געזשאַלעוועט, האָט פּראָפעסאָר זולצער באַשלאָסען צו אַנגאַזשירען צו דעם חנוכת הבית די בעסטע שטימען פון הערען און דאַמען כאָר פון דער ווינער אָפּערע. עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אַ וואונדערליכע האַרמאָניע, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ ריכטיגער אָרגעל. און עס האָבען זיך אָנגעהויבען די פּראָבען.

מיך איז אָסור געווען וואָס מקנא צו זיין, אַזוי פיל אַרבייט איז מיר מיטאַמאָל צוגעפאַלען. ערשט דאָ מיט עטליכע וואָכען צוריק בין איך אַרומגעגאַנגען ליידיג און געזוכט אַ וואָסערע נישט איז באַשעפטיגונג, און דאָ מיטאַמאָל האָט מיר דער טאָג נישט געקלעקט. די פּראָבען מיט׳ן פּראָפעסאָר זולצער און מיט זיין כאָר פאַר׳ן חנוכת הבית האָבען פאַרנומען ביי דריי שעה אַ טאָג, און אין די אָוונטען האָב איך זיך געמוזט אָפּגעבען מיט׳ן טעמפּעל־כאָר פאַר די ימים נוראים; און ביי דעם אַלעם האָב איך קיין איין מאָל נישט פאַרנאַכלעסיגט מיינע שטונדען ביים טייערען פּראָפעסאָר שטיינשניידער. זיינע לעקציעס האָבען מיט יעדען טאָג באַרייכערט מיין פּאַרטראָג, סיי געזאַנגליך און סיי טעקסטליך.

די דאָזיגע עטליכע חדשים, צווישען שבועות און די ימים נוראים, זיינען אָן איבערטרייבונג געווען די שווערסטע און פאַראַנטוואָרטליכסטע אין מיין לעבען. איך האָב געוואוסט, אַז פון זיי איז אָפּהענגיק מיין גאַנצע צוקונפט און קאַריערע אַלס קאַנטאָר. וועל איך אַדורכפאַלען ביים חנוכת הבית און ביים ימים נוראים׳דיגען דאַוונען, מעג איך זיך געזעגענען מיט ווין, אלא ניין, און איך וועל אויסנעמען, בין איך געווען זיכער, אַז דאַן וועל איך שטייגען ווייטער און ווייטער, ווי הויך עס קען נאָר שטייגען אַ חזן ביי אידען.

איך האָב געאַרבייט מיט אַן איבערגעוויינליכער ענערגיע, וואָס איך ווייס גאָרנישט פון וואַנעט זי האָט זיך צו מיר גענומען. איך האָב געטראַכט דערביי: דאָס מי איך מיך פאַר דעם גליק פון ווייב און קינדער, פאַר דעם נחת און שטאָלץ פון מיינע טייערע עלטערען, וועלכע האָבען נישט געקאַרגט קיין שום מי און האָבען דאָך מעגליך געמאַכט, אַז איך זאָל גיין צו מיין באַשטימונג, נישט געקוקט אויף אַלע שטרויכלונגען.

דאָס חנוכת הבית פּראָגראַם איז באַשטאַנען פון כמעט לויטער זולצערישע קאָמפּאָזיציעס: „מה טובו״, „מזמור שיר חנוכת״, „פּסחו לי שערי צדק״, „הללויה״, „אדון עולם״, דאַן צוויי געבעטען אויף דייטש און צום סאַמע סוף דער עסטרייכישער הימן: „גאָט ערהאַלטע, גאָט באַשיצע״... פּראָפעסאָר זולצער האָט מיר איבערגעגעבען אַלע רעטשיטאַטיוון פון די קאָמפּאָזיציעס צום חנוכת הבית פּראָגראַם. איך האָב זיך גענומען איינשטודירען די רעטשיטאַ־

טיוועָן טאָג און נאַכט. איך מוז דאָ צוגעבען, אַז מיין פּראָפעסאָר האָט מיר געהאָלפען אַרויסברענגען אַלע פיינקייטען און ניואַנסען, די אָטעם־פּאַרטיילונגען, די פּאַרטיס, קרעשענדאָס, דעקרעשענדאָס און פּיאַנאָס, און גאָר שטאַרק האָט ער מיר געהאָלפען אַרויסברענגען דעם פּארלאַנדאָ־פּאָרטראַג. איך האָב נישט נאָר געפאָלגט זיין יעדען ראַט, נאָר איך האָב געשלונגען זיין יעדעס וואָרט, ווי אַ געטרייער חסיד הערט זיך צו צו דער תורה, להבדיל, פון זיין רבי׳ן.

אין רעזולטאַט האָט קיין הונדערטסטעל פון אַ הונדערטסטעל פּראָצענט נישט געפעלט צו דער פולקאָמענקייט מיט וועלכער די רעטשיטאַטיווען זיינען אויסגעפירט געוואָרען. עס האָט געהערשט די פּרעציזעסטע האַרמאָניע צווי־שען מיר מיט דעם כאָר. פּראָפעסאָר זולצער, ווען ער האָט דאָס דערהערט, איז ער געווען טיף איבערראַשט, ווי אַזוי איך האָב אין אַזאַ שנעלער צייט, פּאַקטיש אָן סיסטעמאַטישער מוזיקאַלישער אויסבילדונג, דערגרייכט אַזעלכע פּערפעקטע רעזולטאַטען. איך געדענק נאָך זיינע ווערטער: „ווען מיין גאָט־זעליגער פאָטער וואָלט דאָס געווען דערלעבט... ער האָט זיכער נישט די זכיה געהאַט בעת זיין לעבען צו הערען זיינע אייגענע קאָמפּאָזיציעס אין אַזאַ מוסטערהאַפטער פולקאָמענער אויספירונג״. איך האָב זיך פאַרשעמט, ווען איך האָב דערהערט די ווערטער, אָבער אינערליך בין איך געווען פול מיט שטאָלץ און גליק, וואָס איך האָב דערלעבט דעם דאָזיגען טאָג.

# דער פייערליכער חנוכת הבית פון מיין נייעם טעמפּעל אין ווין

ענדליך איז געקומען דער גרויסער טאָג פון דעם חנוכת הבית פון דעם נייעם טעמפּעל, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון דער עסטרייכישער קעניגין. איך וועל דאָ נישט אַריינגיין אין שילדערען די אילומינאַציעס מיט די בלומען־גירלאַנדעס, מיט דעם גאַנצען איבעריגען אויסערליכען גלאַנץ, וואָס האָט אַרומגעהילט די אויסערליכע זייט פון דער פייערונג. דער מוזיקאַלישער טייל פון דער פייערונג איזווירקליך געווען אַ זעלטענע געשעעניש אַפילו אין ווין, וואָס האָט גע׳שמ׳ט מיט דעם רייכען מוזיקאַלישען און טעאַטער־לעבען.

אויף די טייערע פּערסישע טעפּיכער, וואָס האָבען געפירט צום אַריינגאַנג אין טעמפּעל, האָבען זיך אַרום מיטאָג־צייט געגומען פאַרזאַמלען דער פּרעזידענט מיט אַלע מיטגלידער פון פאָרשטאַנד, אַלע אין די פראַקען און גלאַנציגע צילינדערס. דער ראַבינער, ד״ר באַוער, און איך זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען אָנגעטאָן אין די בגדי קודש, נאָר פון אונטער דער נאָדעל אַרויס.

דער ערשטער פון די פייערליכע געסט איז אָנגעקומען דער בירגערמייסטער פון ווין, באַגלייט מיט זיין סוויטע אין אַ ריי אויטאָמאָבילען. די שוהל איז שוין געווען איבערפולט, אָבער מען האָט געוואַרט אויף פאָרשטייער פון קייזער און קעניגליכען הויף. ווען ער איז אָנגעקומען איז מיר געגעבען געוואָרען אַ צייכען און ביי אַ פּרעלודיום־געזאַנג פון אָרגעל, האָב איך פייערליך אַריינגעמאַרשירט מיט׳ן געזאַנג פון „מה טובו״. נאָכ׳ן אָפּזינגען דעם „הנותן תשועה״ לכבוד דעם קייסער פראַנץ יאָזעף, וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרען אויף דייטש דורכ׳ן ראַבינער דר. באַוער, האָב איך מיט׳ן כאָר געזונגען „פּתחו לי שערי צדק״, און אין דער זעלבער צייט האָט דער פּרעזידענט מיט אַלע איבעריגע מיטגלידער פון פאָרשטאַנד אַריינגעטראָגען די ספרי תורה׳ס אין טעמפּעל אַריין און זיי אַוועקגעשטעלט אין אָרון קודש אַריין.

איך האָב מיר דעמאָלט געטראַכט, אַז אידען זיינען סוף כל סוף דאָס זעלבע פאָלק אומעטום, וואוהין דער גורל זאָל זיי נישט באַשטימען צו לעבען. דאַכט זיך, אַז אַסימילירטער עולם פון באַנקירען, מלוכה־אָנגעשטעלטע און גרויסע געשעפטס־לייט, האָבען זיי זיך אַלע אַוועקגעריסען פון זייערע באַשעפּ־

טיגונגען אין אַ געוויינליכען מיטען־טאָג און געקומען אָפּגעבען כבוד גאָט׳ס הויז, וואָס איז אַזוי שיין און פייערליך אויסגעפּוצט געוואָרען לכבוד דעם טאָג פון זיין דערעפענונג. באַזונדערס רירענד איז געווען דער מאָמענט, ווען די גבאים, אָדער ווי זיי האָבען זיך גערופען אויפ׳ן ווינער לשון „פאָרשטאַנד־לייטע״, האָבען געטראָגען די אַלטע ספר־תורה׳ס איבער דער לענג פון טעמפּעל צום אָרון קודש. ביי אונז, אין קאַנאַדאַ, וואָלטען אידען זיך אַרויפגעוואָרפען אויף די ספר־תורה׳ס און געקושט זיי מיט׳ן ברעג פון טלית. דאָ, אין ווין, זיינען די אידען געשטאַנען רואיג, אָבער אין זייערע אויגען האָט מען געקאָנט באַמערקען אַ פייכטקייט פון אינערליכער גערירטקייט פון דער דאָזיגער דער־הויבענער סצענע.

נאָכ׳ן „מזמור שיר חנוכת״ איז געקומען די פּרעדיגט פון ראַבינער, דר. באַוער, דאַן האָב איך מיט׳ן כאָר געזונגען „הללויה״ און „אדון עולם״ פון זולצער אין עס־דור, און פאַרענדיגט מיט׳ן עסטרייכישען הימן. דאָס כאָר־געזאַנג פון איבער דרייסיג מענער און פרויען פון דער ווינער אָפּערע, באַגלייט פון אָרגעל און האַרפע, איזווירקליך געווען עפּעס אויסערגעוויינליכעס, אַ הימליש געזאַנג, וואָס האָט טיף פאַר׳כישוף׳ט אַלע אַנוועזענדע. אַ סך פון דעם כבוד פון דער דאָזיגער פייערליכקייט איז אויך מיר צוגעפאַלען און איך בין פון דעם טאָג אָן געוואָרען פּאָפּולער און באַקאַנט אין אַלע ווינער אידישע קרייזען, נישט געקוקט וואָס איך בין נאָך קיין גאַנצע דרייסיג יאָר נישט אַלט געווען.

צו די ימים נוראים, אַ צוויי וואָכען נאָך דער פייערליכער דערעפענונג פון טעמפּעל, איז דער געדראַנג פון מתפללים געווען אַזוי גרויס, אַז דער פּרעזידענט, הער בעק, האָט שוין אויסגעדריקט זיין באַדויערען פאַר מיר, וואָס מען האָט געבויט דעם טעמפּעל בלויז מיט טויזענט זיץ־פּלעצער, און נישט מיט פופצען הונדערט. עס איז געוואָרען אַ פאַרפלייצונג פון פרישע מיטגלידער אין טעמפּעל, און דער פאָרשטאַנד האָט פון ריין מאַטעריעלען שטאַנדפּונקט גענומען אַרייננעמען גרויסע סומעס, אַ חוץ דעם מאָראַלישען אַנזען, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבען גלייך פון ערשטען טאָג אָן. אינאיינעם דערמיט איז געוואָקסען מיין אַנזען; איך האָב מיך געפילט האָפערדיג און גליקליך, וואָס מיט מיין עקשנות און אויסדויער האָב איך זיך דערשלאָגען צו אַזאַ פּאָזיציע.

ווען נאָך די ימים נוראים האָט מען מיך גערופען צום פּרעזידענט, וועל־כער האָט מיר איבערגעגעבען די אָפּגערעדטע דריי הונדערט קראָנען אויף צו ברענגען מיין משפחה, האָב איך מיך דערלויבט אים אויפמערקזאַם צו מאַכען, אַז מיר האָבען איין פונקט אין אונזער אָפּמאַך, וועלכער וואַרט אויף זיין פאַרווירקליכונג. דאָס איז דער פונקט, אַז אין נייעם טעמפּעל, אויב מיין דאַוונען וועט אויסנעמען, האָב איך אַ רעכט צו בעטען וועגען איבערקוקען אונזערע באַדינגונגען. נו, וואָס איז שייך דעם דערפאַלג, דאַרף דאָס דער פּרעזידענט בעסער וויסען פאַר מיר. און וואָס איז שייך וועגען דעם, אַז איך מיט אַ פאַמיליע פון פיר קינדער זאָל קאָנען אויסקומען פאַר די פופצען הונדערט

קראַנען, וואָס מען האָט מיר לכתחילה באַשטימט, פּאַסט עס גאָר נישט פאַר אַזאַ גרויסען טעמפּעל מיט אַזאַ געוואַלדיגער צאָל מתפּללים, אַז זייער אויבער־קאַנטאָר זאָל זיך קווּעלען, זאָל נישט וואוינען ווי עס פּאַסט פאַר זיין שטעלונג און זאָל נישט האָבען אַלץ, וואָס ער באַדאַרף.

דער פּרעזידענט, ווי אַלע פּרעזידענטען, ווען מען קומט צו זיי מיט אַזעלכע פאָדערונגען, האָט געהאַט אַ גאַנץ זויערע מינע אויפ׳ן פּנים. דאָך האָט ער מיך גאַנץ איידעל געפרעגט, וואָס עס איז מיין איצטיגער פאַרלאַנג. איך האָב זיך גאָרנישט געשעמט און האָב געזאָגט, אַז כדי זייער אויבער־קאַנטאָר זאָל קאָנען פירען אַ בכבוד׳יגע עקזיסטענץ, ווי עס פּאַסט פאַר זיין שטעלונג, דאַרף ער באַקומען מינדעסטענס דריי טויזענט קראָן אַ יאָר.

ווען דער הער בעק האָט דערהערט די ציפער, איז ער שיער נישט אַראָפּ־געפאַלען פון שטול. אַזוי איז שוין די טבע פון אַלע לייט, וואָס קהל׳ן זיך: עס איז זיי זעהר שווער אַריינצודרינגען אין דער לאַגע פון די מענשען, וואָס טראָגען אַזוי פיל ביי צו דעם דערפאָלג פון זייערע אינסטיטוציעס. אַלע וואָלטען זיי וועלען אָפּקומען מיט אַ שהי־פהי, און דערנאָך באַרימען זיך, אַז זיי פירען אַ שפּאָרזאַמע ווירטשאַפט. איך האָב אָבער גלייך פון די ערשטע טריט פון מיין קאַריערע געפילט, אַז איך דאַרף שטיין אויף דער וואַך פון מיין כבוד און פון מיין פּראָפעסיע און נישט לאָזען זיך אויסנוצען פון פאַרשידענע גבאים און פּרעזידענטען.

עס זיינען אַריבער וואָכען און דער פּרעזידענט האָט מיר קיין ענטפער אויף מיין פאָדערונג נישט געגעבען. מאַכט זיך אַ מעשה, ווען איך ענדיג אַזוי איינמאָל דעם שבת׳דיגען מוסף אין טעמפּעל, קומט צו צו מיר אַ איד און דערלאַנגט מיר אַ ברייטען יישר־כוח. ער שטעלט זיך מיר פאָר: ער איז אַ גרויסער סוחר פון בוקאַרעסט, די הויפּט־שטאָט פון רומעניע, און ער איז געקומען געשעפטליך קיין ווין, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין טעמפּעל אַריין. און ער הויבט אָן דערציילען וועגען די גליקען, וואָס וואָלטען מיך דערוואַרט, ווען איך פועל ביי מיר און קום אַריבער קיין בוקאַרעסט. עס וואָלט פאַר זיי געווען ממש אַ גליק צו האָבען אַ קאַנטאָר אַזאַ ווי איך.

גראָד איז איצט דאָרט פריי דער קאַנטאָר־פּאָסטען און דער לוין וואָלט דאָרט געווען אויף עסטרייכיש געלט פיר טויזענט קראָנען אַ יאָר, און דערצו נאָך אַ קהל׳שע דירה פון זעקס צימערען. וועלכער סוחר וויל דאָס נישט באַ־קומען די גרעסטע סומע פאַר זיין סחורה? — איז מיר די מעשה פון דעם בוקאַרעסטער איד אַריין אין קאָפּ אַריין. אָבער איך האָב באַשלאָסען וואַרטען, ביז איך וועל הערען קלאָרע דיבורים פון מיין פּרעזידענט וועגען די פאָדערונ־גען, וואָס איך האָב אַרויסגעשטעלט.

איך האָב וועגען דער געשיכטע מיט׳ן בוקאַרעסטער אידען דערציילט מיין צווייטען קאַנטאָר, איידעלמאַן, ווייל ער איז געווען אַ נאָענטער פריינט. אָבער אינגאַנצען געגען מיין ווילען איז די מעשה דערגאַנגען צום פאָרשטאַנד. דער

בעסטער סימן איז, אַז גלייך אין עטליכע טעג אַרום האָט מען מיך גערופֿען און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ דינגעניש. דאָס ערשטע מאָל האָבען זיי מיר פֿאַרגעלייגט אַכצען הונדערט קראָנען אַ יאָר, אָבער ווען זיי האָבען געזען, אַז איך שטיי פֿעסט ביי מיינע פֿאָדערונגען, איז געקומען שוין גאָר אַן אַנדער פֿאָרשלאָג: זיי שליסען מיט מיר אַ קאָנטראַקט אויף פֿינף יאָר. דאָס ערשטע יאָר באַקום איך צוויי טויזענט קראָנען, און יעדען ווייטערדיגען יאָר ווערט דער לוין געהעכערט אויף צוויי הונדערט קראָנען, אַזוי, אַז צום סוף פֿון די פֿינף יאָר וועט מיין געהאַלט באַטרעפֿען צוויי טויזענט מיט אַכט הונדערט קראָנען.

דאָס איז שוין געווען אַ געוויסער שריט פֿאָראויס, אָבער יענער בוקאַרעס־טער איד, מיט די רומעניש גליקען, וואָס ער האָט מיר צוגעזאָגט, האָט מיך אינגאַנצען קאַליע געמאַכט, און איך האָב באַשלאָסען ווייטער צו האַלטען זיך פֿעסט ביי מיינע פֿאָדערונגען פֿון דריי טויזענט קראָנען, און טאַקע פֿון דעם היינטיגען יאָר אָן. אַגב האָב איך וועגען דעם ענין בוקאַרעסט אָנגעפֿרעגט דעם טאַטען, ווי עס איז געווען מיין שטייגער אין אַלע וויכטיגע באַשלוסען, וועלכע איך האָב געדאַרפֿט אָננעמען אין לעבען. האָט דער טאַטע געענטפֿערט, אַז ער איז דערפֿאַר איך זאָל בלייבען אין ווין פֿאַר אַ העלפֿט שכירות, איידער צו לאָזען זיך נאָך גליקען קיין רומעניע, קודם כל דערפֿאַר, ווייל רומעניע אין אַ לאַנד פֿון עמלקים און עס איז אַן עבירה וואָס אידען לעבען דאָרט.

אין דער צווישענצייט האָב איך דערפֿילט, אַז עס איז שוין די העכסטע צייט איך זאָל זיך צוריק פֿאַראייניגען מיט מיין פֿאַמיליע. איך האָב אומ־געהויער געבענקט נאָך מיינע קינדער און עס האָט מיר שוין געהאַט דערעסען דאָס איינזאַמע לעבען. איך האָב מיך אַלץ אָפּגעהאַלטען זיי צו ברענגען ביז איך וועל נישט ענדגילטיג פֿאַרפֿעסטיגען מיין פּאָזיציע און פֿאַרדינען גענוג אויף צו קאָנען געבען מיינע קינדער די געהעריגע דערציאונג, און טאַקע איינשאַפֿען זיך די פּאַסיגע וואוינונג. דאָס אַלץ האָב איך פֿאַר דעם ביז איצטיגען לוין נישט געקאָנט דערגרייכען.

ענדליך, אין אָנהויב פֿון יאָר 1904, בין איך ווידער גערופֿען געוואָרען צום פֿאָרשטאַנד, וועלכער האָט מיר פֿייערליך געמאָלדען, אַז אָפּשאַצענדיג מיינע גרויסע פֿאַרדינסטען פֿאַר דעם טעמפּעל, האָבען זיי באַשלאָסען מיר צו באַשטימען אַ געהאַלט פֿון צוויי טויזענט פֿינף הונדערט קראָנען דאָס ערשטע יאָר, מיט אַ הוספה פֿון הונדערט קראָנען יעדעס יאָר, און דאָס לעצטע פֿינפֿטע יאָר וועט עס באַטרעפֿען דריי טויזענט קראָנען, אַזוי ווי איך פֿאַר־לאַנג. עס האָט מיר דערעסען דאָס דינגען זיך און איך האָב אַזאַ קאָנטראַקט אויף פֿינף יאָר אונטערגעשריבען.

גלייך אויפֿ'ן צווייטען טאָג האָב איך טעלעגראַפֿיש אַרויסגעשיקט געלט צו מיין פֿרוי און קינדער און כ'בין אַרויסגעפֿאָרען צו דער עסטרייכיש־רוסי־שער גרענעץ זיי אָפּוואַרטען. מיינע פֿריינט, די חזנים סמאָטריצקי און

איידעלמאַן מיט זייערע פרויען, האָבען אַלץ געטאָן צו העלפען איינאָרדענען אַ היים פאַר מיין פאַמיליע מיט אַלעם נויטיגען. און ענדליך, נאָך אַ קנאַפּען יאָר צעשיידונג, האָב איך זיך ווידער געקאָנט פאַראייניגען מיט מיין הויז־געזינד. צו מיין פרייד און גליק איז גאָר קיין גרענעץ נישט געווען, בפרט ווען איך האָב מיך פאַר דעם ערשטען יאָר געקאָנט באַרימען מיט אַ‚אַ נישט דורכשניטליכען דערפאָלג: אַ בכבוד׳יגע שטעלע אין איינעם פון די שענסטע טעמפּלען אין ווין, מיט אַלע אויסזיכטען פאַר ווייטערדיגען וואוּקס און אַנטוויקלונג.

דער פאַרשטאַנד איז געווען אַזוי פריינטליך צו מיר, אַז זיי האָבען מיך באַפרייט אויף אַ שבת אַוועקצופאָרען קיין בוקאַרעסט און „איינצונעמען רו־מעניע”. פאַר׳ן שטעלען זיך צום עמוד האָט איינער פון די גבאים אין שיינעם בוקאַרעסטער טעמפּעל זיך אָפּגערופען צו מיר: „מיר זיינען טאַקע אַ מאָדער־נער טעמפּעל, נאָר אַלע האָבען מיר ליב מחיה נפשות אַ „אידיש שטיקעלע”, טאָ קאָרגט אונז טאַקע נישט וואָס מער פון די האַרציגע אידישע תפילות”.

דערהערענדיג אַזעלכע ווערטער, האָב איך זיך דערפילט אין דער היים און האָב זיי מכבד געווען פון די שענסטע אימפּראָוויזאַציעס. איך האָב „גע־זאָגט” פאַר זיי, אַז זיי זיינען זיך אַזש צעגאַנגען אין נחת און אין פרייד. מען האָט געפּרואווט אַ רייד טאָן מיט מיר וועגען איבערנעמען די קאַנטאָר־שטעלע אויף שטענדיג. זיי זיינען גרייט געווען מיר אָנצובאָטען צוויי מאָל און אפשר נאָך מיט אַ שמיצעל אַריבער מער, ווי איך האָב אָפּגעמאַכט אין ווין. דער יצר הרע איז טאַקע געווען גרויס, אָבער איך האָב פון דעם סאַמע אָנהויב פון מיין קאַריערע אָפּגעהיט מיין וואָרט, און באַקומענדיג ביי זיי צוויי הונדערט קראָנען פאַר דעם שבת׳דיגען דאַווענען, בין איך צוריק אַהיים געפאָרען קיין ווין, צו מיין ווייב און קינדערלעך.

# סוחר׳עריי לאָזט מיך ווייטער נישט רוען

אָט אַזוי האָט זיך איינגעשטעלט אַ נאָרמאַלער לעבענס־סדר פאַר מיר אין ווין.

איך האָב ליב געהאַט די שטאָט און ווען כ׳האָב געמאַכט אַ פּלאַן פון מיין פרייער צייט, בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז די פּרימאַרגענס זיינען ביי מיר אינגאַנצען ליידיגע און מען דאַרף זוכען מיט עפּעס וואָס זיי אויסצופילען. דער טעמפּעל האָט ביי מיר צוגענומען בלויז די צוויי טעג — פרייטאָג און שבת. די פּראָבעס מיט׳ן כאָר האָב איך געהאַט עטליכע מאָל אַ וואָך אין די אָוונט־שעה׳ן. ביי מיין פּראָפעסאָר בין איך געווען פאַרנומען עטליכע מאָל אין די נאָכמיטאָגס, אַזוי, אַז דער ערשטער האַלבער טאָג איז געווען אינגאַנצען פריי.

בין איך דאָך עפּעס אַ סוחר׳ס אַ זון, וואָס האָט שוין אַליין אויך געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון מסחרים, און געשעפט־מאַכעריי, קאָן מען זאָגען, איז מיר געלעגען אין בלוט. האָב איך אַ טראַכט געטאָן: פאַרוואָס זאָל איך נישט אויסנוצען אָט די פרייע פּרימאָרגענס אויף עפּעס אויפצוטאָן אויפ׳ן געביט פון מסחר. דאָס ערשטע, וואָס איז מיר איינגעפאַלען איז געווען, אָנצושרייבען צו מיינע צוויי שוואָגערס אין יעקאַטערינאָסלאַוו, וועלכע האָבען געפירט גרויסע מסחרים, איינער מיט מענער־קליידער און קאָנפעקציע, און דער צווייטער מיט לעדער, און זיי פרעגען, צי ווילען זיי נישט אַמאָל אויסנוצען מיין זיין אין דער עסטרייכישער הויפּט־שטאָט, כדי אָנצוקניפּען געוויסע האַנדעלס־באַציאונגען מיט אויסלאַנד.

דער שוואָגער פון דער קליידער־ און קאָנפעקציע־בראַנזשע האָט גע־ענטפערט, אַז ער האָט נישט קיין שום אינטערעס אין מיין אָנבאָט. דאַגעגען, דער צווייטער שוואָגער, ליאָווע אורין, פון דער לעדער־בראַנזשע, האָט גע־ענטפערט, אַז זיין פירמע פירט גרויסע מסחרים מיט בערלין, וואו זיי קויפען איין אַזאַ מין ווייסען כראָם־לעדער אויף זוילען, וואָס ווערט גענוצט פאַר לייוועטענע שיך און סאַנדאַלען. אָבער דער פּרייז איז זעהר אַ טייערער און מען קאָן דעריבער אין דעם בערלינער אַרטיקעל גאָרנישט פאַרדינען. אויב איך וועל זיין אַזאַ בריה און אויסגעפינען דעם זעלבען אַרטיקעל אין ווין פאַר אַ ביליגערען פּרייז, וועט מען דאַן קאָנען גוט פאַרדינען.

קיין פוילער בין איך נישט געווען און מיין פרייע צייט האָב איך נישט ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין די ווינער קאַפייען ביי קאָרטען־שפּילען אָדער

ביי צייטונגען און פלוידערען, ווי דאָס איז געווען די טבע פון מאַנכע אַנדערע חזנים, האָב איך מיך תיכף גענומען צו דער אַרבייט. קודם כל האָב איך געבעטען מיין שוואָגער, ער זאָל מיר אַריינשיקען אַ מוסטער פון די פאַרלאַנגטע כראָם־זוילען, איך זאָל אַליין וויסען וואָס פאַר אַן אַרטיקעל איך זוך. און ווען איך האָב אַזאַ מוסטער געקראָגען, האָב איך גענומען דעם ווינער טעלעפאָן־בוך אין האַנט און אָנגעהויבען זוכען איבער די פאַרשידענע לעדער־פאַבריקען.

אַלע האָבען געענטפערט בקול־אחד, אַז זיי וויסען אַפילו נישט ווי מען מאַכט אַזאַ אַרטיקעל. בלויז איין קליינע גאַרבערײַ האָט זיך אָפּגערופען, אַז דאָס בעסטע וועט זיין, ווען איך וועל אַליין אַריבערקומען צו זיי און זיי ווייזען וואָס איך פאַרלאַנג. איך בין אַוועק צו דעם קליינעם גאַרבער, ער האָט באַקוקט דעם מוסטער פון אַלע זייטען, געדרייט אים אַהין און אַהער און צום סוף געזאָגט, אַז ער קאָן דאָס נישט מאַכען. נאָר אויב איך וויל, קאָן ער מאַכען אַן עקספּערימענט אויף מיין חשבון. איך וועל דעקען די הוצאות פאַר דעם שטאָף. די אַרבייטס־צייט וועט ער נישט רעכענען.

בין איך נייגעריג געווען צו הערען וויפיל אַזאַ עקספּערימענט דאַרף קאָסטען. זאָגט ער צו מיר: „פון פערציג ביז פופציג קראָנען". נו, האָב איך געטראַכט, ווער עס ריזיקירט נישט, דער האָט גאָרנישט. און איך האָב איינגעשטימט צו דעקען די הוצאות פון דעם עקספּערימענט. ער האָט מיר צוגעזאָגט אין אַ וואָך אַרום צו ווייזען וואָס פון זיין עקספּערימענט איז אַרויסגעקומען.

ווען איך בין אַריבערגעקומען אין אַ וואָך אַרום, האָב איך געזען, אַז דער רעזולטאַט איז נישט ערשט־קלאַסיג, אָנשטאָט ווייס איז די פאַדעשוועלעדער אַרויסגעקומען וויס־גרין (טאַקע מער גרין ווי ווייס), נאָר וואָס דען, דער מייסטער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז מען דאַרף ווייטער אַרבייטען, און וואָס ווייטער וועלען די רעזולטאַטען זיין אַלץ בעסערע. און ווירקליך, מיט אַ וואָך שפּעטער האָט מיר דער מייסטער שוין געוויזען אַ מוסטער, וואָס איז שוין געווען ניינציג פּראָצענט ווייס פוןביידע זייטען, בלויז אינעווייניג איז נאָך די לעדער געווען אַביסעל גרינליך, אָבער דערפאַר איז די קוואַליטעט געווען אומפאַרגלייכליך בעסער, געדיכטער, ווי דער בערלינער מוסטער; ביים צוזאַמענבויגען די פעל האָבען זיך נישט אויסגעבילדעט קיין קנייטשען, ווי אין דעם בערלינער לעדער.

ווען איך האָב אַ רייד געטאָן וועגען פּרייז פאַר פּראָדוצירען דעם אַרטיקעל, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אַפילו ביי אַ קליינער קוואַנטיטעט באַטרעפט שוין דער אונטערשייד פון צוואַנציג ביז דרייסיג פּראָצענט ביליגער. און ביי אַ גרעסערער פּראָדוקציע וועט דער אונטערשייד דערגרייכען אַפילו פינף און דרייסיג פּראָצענט. איך האָב שנעל באַרעכענט, אַז אויב דער מוסטער וועט מיין שוואָגער געפעלען ווערען, וועלען מיר האָבען נישט קיין שלעכט געשעפט אין האַנט, און כ'האָב זיך געאיילט אַוועקצושיקען די מוסטערען פון דער נייער פּראָדוקציע מיט די פּרייזען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו.

איידער איך האָב זיך אומגעקוקט, איז געווען אַן ענטפער פון יעקאַטערי־נאָסלאַוו מיט דעם ערשטען אָרדער אויף פינף הונדערט קראַנען. דער שוואָגער האָט מיר געשריבען, אַז אויב זיי וועלען זיין צופרידען מיט דער ערשטער ליפערונג, וועלען נאָכקומען ווייטערע באַשטעלונגען אויף מערערע טויזענ־טער קראַנען. איך בין אַוועק צו מיין פאַבריקאַנט. דאָס איז געווען אַ גוי מיט אַ פלאַטשיגען קאָפּ, וואָס איז נישט געווען געוואוינט צו קיין גרעסערע גע־שעפטען, האָט ער נישט געוואָלט אָננעמען די באַשטעלונג, ביז איך וועל נישט פאַראויס איינצאָלען דאָס גאַנצע געלט.

אויך די שטערונג בין איך בייגעקומען און האָב אים אין דריי טעג אַרום איינגעצאָלט די גאַנצע סומע, אַבי מאַך. עס איז געווען מיט הצלחה און די באַשטעלונג איז נאָך אַרויסגעקומען בעסער ווי די מוסטערען, וועלכע ער האָט מיר געהאַט געוויזען. אויך אויף ווייטער האָט דער פאַבריקאַנט געבעטען געלט פאַראויס. איך האָב וועגען דעם געשריבען מיין שוואָגער, אַז קיין גביר בין איך נאָך נישט, און אויב ער וויל ווייטערע באַשטעלונגען, זאָל ער אַזוי גוט זיין און טאַקע שיקען מזומן. האָט ער גאָרנישט באַלאַמוטשעט און גלייך אַריינגעשיקט צוויי טויזענט קראַנען אויף דער צווייטער באַשטעלונג.

דער פאַבריקאַנט, דערזעענדיג אַזוי פיל מזומן אויפ׳ן טיש, האָט זיך מיט׳ן גאַנצען אימפּעט גענומען צו דער ווייטערדיגער פאַבריקאַציע אין נאָך אַ שנעלערען טעמפּאָ. מיין שוואָגער איז געווען אַנטציקט פון דער אויסגע־אַרבייטער לעדער, און ער האָט געשריבען, אַז ער וועט מיר אַרויסשיקען געלט וויפיל איך וועל נאָר באַדאַרפען, אַבי דער פאַבריקאַנט זאָל פאַבריצירען וואָס מער פון דעם אַרטיקעל, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַן אמת׳ען שמאַלץ־גרוב, פון וועלכען מען קאָן אָפּלעקען דאָס ריכטיגע ביינדעל. אָבער דערביי האָט מיין שוואָגער געבעטען, אַז איך זאָל אויסריידען מיט׳ן פאַבריקאַנט, אַז ער טאָר נישט פאַרקויפען די זעלבע סחורה צו קיין שום אַנדער סוחר אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע.

ליידער, האָט דער לעדער־פאַבריקאַנט נישט געהאַט אין זיין גאַרבעריי די נויטיגע מאַשינען, כדי צו פאַבריצירען אין גאָר אַ גרויסען מאַסשטאַב. זאָגט ער צו מיר איין מאָל, אַז אויב איך וועל אים אויסבאָרגען טויזענט קראָנען, וועט ער איינקויפען די נויטיגע מאַשינען און די פּראָדוקציע וועט קאָנען באַדייטענד פאַרגרעסערט ווערען. דאָס געלט וועט ער אָפּצאָלען פון יעדער רעכענונג אין פאַרלויף פון איין יאָר. איך בין אויף דעם אויך איינגעגאַנגען, און דאָ האָב איך שוין אַריינגעשריבען אין אָפּמאַך, אַז זיין גאַנצע פּראָדוקציע פון די נייע מאַשינען, וועלכע איך האָב אים געהאָלפען אַוועקשטעלען, געהערט צו מיר, און ער האָט נישט קיין רעכט קיינעם דאָס צו פאַרקויפען.

ווען איך האָב שוין געהאַט אַזאַ אָפּמאַך אין קעשענע, האָב איך נישט פאַרלוירען קיין צייט, און וויסענדיג, אַז איך האָב אַ גוט אַרטיקעל אין האַנט, האָב איך זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט לעדער־סוחרים אין כאַרקאָוו,

מאָסקווע און וואַרשע. איך האָב אויסגעפונען זייערע אַדרעסען, זיי אָוועקגעשיקט מוסטערען און צוגעגעבען, אַז איך קאָן פאַרקויפען דעם אַרטיקעל מיט פינף און צוואַנציג פראָצענט ביליגער ווי עס פאַרקויפען די בערלינער פאַבריקאַנטען. כ׳האָב זיך באַוואָרענט, אַז דער פאַרקויף קאָן זיין נאָר פאַר מזומן, דאָס מיינט — אויף נאָכנאָמע.

עס זיינען נישט אַריבער קיין צען טעג ווי עס האָבען זיך גענומען שיטען באַשטעלונגען פון דעם גרויסען רוסלאַנד, אַז איך בין שוין איינער אַליין נישט געוועזן אומשטאַנד דאָס אַלץ צו באַאַרבייטען. איך האָב שוין געטראַכט: עס לוינט שוין באַלד נישט צו זיין אַ קאַנטאָר, אַז דאָ האָב איך פלוצלונג אַנטדעקט אַזאַ גאָלד־גרוב. אָבער איך מוז דאָ צוגעבען, אַז איך האָב אָפּגעהיט מיינע קאָנטאָרשע פליכטען ווי דאָס אויג אין קאָפּ. דאָס איז געווען מיין יום־טוב, וואָס האָט באַשיינט מיין לעבען. דאָס זעלבע האָב איך מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט אָפּגעהיט מיינע לעקציעס ביים פּראָפעסאָר, נישט דורכלאָזענדיג קיין איין טאָג, און האָבענדיג אַ טיפע הנאה פון די וויטערדיגע דערפאָלגען, וואָס איך האָב ביי אים געמאַכט.

אַזוי האָט זיך דער לעדער־מסחר געצויגען איבער אַ יאָר צייט. מענשען זיינען געוואָריר געוואָרען, אַז איך מאַך אוצרות מיט געלט פון דעם מסחר, און געוויסע פאַבריקאַנטען האָבען זיך געוואָרפען נאָכצומאַכען דעם סאָרט לעדער און אים צו שיקען אויף דער אייגענער האַנט קיין רוסלאַנד. אמת, זייער לעדער איז געווען אַ סך ערגער אין דער קוואַליטעט, און ער האָט אויך נישט געהאַט דעם נויטיגען קאָליר, אָבער אַ קאָנקורענץ איז שוין געשאַפען געוואָרען און דער אַרטיקעל האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבען ווערען אויס אַרטיקעל. מען האָט שוין דערביי נישט געקאָנט מער אַזויפיל פאַרדינען.

ווען איך האָב נאָך אַ צייט פון אַנדערהאַלבען יאָר געמאַכט אַ חשבון, וואָס אָט דער מסחר מיט לעדער האָט מיר אַריינגעטראָגען, האָב איך געזען, אַז איך בין רייכער געוואָרען מיט נישט מער און נישט ווייניגער ווי צוואַנציג טויזענט קראָנען. דאָס הייסט, אַז איך האָב געדאַרפט אָפּזיין זיבען יאָר אויבער־קאָנטאָר אין טעמפּעל אויפ׳ן נאָמען פון דער קייזערין עליזאַבעט, כדי צו דערלאַבערען אַזאַ סומע געלט. וואָס זאָל איך דאָ לייקענען: איך האָב זיך געפילט גאַנץ אויפגערוימט. אָט אַזוי — מיר נישט, דיר נישט — געוואָרען אַ שטיקעל גביר, געפירט טאַקע די ברייטע שטוב, געגעבען די קינדער די פיינע דערציאונג און געדאַנקט דעם רבונו של עולם, וואָס ער פאַרלאָזט מיך נישט, און אין דער זעלבער צייט וואָס איך קאָן זיך אויסלעבען גייסטיג פאַר׳ן עמוד, מאַכט ער, אַז איך זאָל מאַטעריעל זיין אומאָפּהענגיג פון קהל, פון די פּרעזידענטען און פון די כל־ערליי גבאים. אַלע מיינע גוטע פריינט ווינש איך דעם טעם פון אַזאַ אומאָפּהענגיגקייט! עס איז ווירקליך מחיה נפשות און מאַכט דאָס לעבען זיס.

# נאָך איין גוט געשעפט קומט אַ צווייטס, וואו איך באַגראָב דאָס גאַנצע געלט

דער שותפות פון חזנות מיט געשעפט איז מיר שוין אַזוי געהאַט אַרייַנגעדרונגען אין די ביינער, אַז איך האָב דאָס שוין געהאַלטען פאַר אַ נאָרמאַלער זאַך, אָן וועלכער איך וועל גאָרנישט קענען לעבען. און ווען עס איז געקומען די צייט, ווען דער לעדער־מסחר האָט זיך געהאַט געענדיגט, האָב איך מיר פשוט קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. איך בין אַרומגעגאַנגען ליידיג און האָב געפילט ווי עס פעלט מיר עפּעס אַ וויכטיגע פונקציע אויף צו דערגענצען מיין נאָרמאַלען לעבענס־סדר.

איך האָב זיך גענומען פלייסיגער צו מיין שטודיום. איך האָב איינגעשטודירט ביי מיין פּראָפעסאָר אַ גרויסען רעפּערטואַר פון לידער און אַריעס, כדי איך זאָל קאָנען אַרויסטרעטען אויף אַן אייגענעם מאָדערנעם קאָנצערט. איך האָב מיר צוגענומען אַ לערער אויף אויסצולערנען זיך אַ גוטען דייטש, אָבער עס איז נאָך אַלץ געבליבען גענוג פרייע צייט, און איך האָב געפילט, אַז מען דאַרף נעמען זוכען עפּעס אַ פרייש געשעפט.

און נישט לאַנג וואַרטענדיג איז עס אַליין אונטערגעקומען, נאָר מיט אַ סך אַן ערגערען רעזולטאַט, ווי איך וועל דאָס דאָ דערציילען אויספירליך. צו מיין געהילף־דיריגענט ניעסוועזשסקי איז איינמאָל געקומען צו פאָרען פון וואַרשע זיין שוועגער מיט'ן נאָמען מעזשיבאָווסקי. דאָס איז געוועזן אַ איד אַ משכיל, אַ יודע ספר, וואָס האָט גלייכצייטיג געפירט גרויסע געשעפטען מיט האָלץ, און ער האָט געהאַט צאָלרייכע פאָרשטייערשאַפטן פון גרויסע פוילישע האָלץ־פירמעס.

איינמאָל זיצענדיג אַזוי ביי אַ גלעזעל טיי, מאַכט מיר דער וואַרשעווער סוחר אַ פאָרשלאַג, אַזוי ווי פאַר דער צייט פון זיין פאַרברענגען אין ווין האָט ער אויסגעפונען, אַז דאָ איז אַ גרויסער מאַנגעל אין דעמבענע פריזען, דאָס איז אַזאַ מין פאַרקעט־האָלץ, מיט וועלכע מען דעקט דעם דיל אין פיינע הייזער, און אַזוי ווי ער שטייט אין פאַרבינדונג מיט אַ פאַבריק אין אַלעקסאַנדראָוו, לעבען וואַרשע, וואָס אַרבייט אויס די דאָזיגע דעמבענע פריזען, לייגט ער מיר פאָר אויסצוגעפינען דאָ אין ווין אָפּנעמער פאַר דעם דאָזיגען אַרטיקעל.

נאָך מאַנופאַקטור און לעדער, איז איצט געקומען די ריי פאַר מיר צו ווערען

א האָלץ־סוחר. אָבער איך האָב פון שטענדיג אָן אַ טבע, אַז איך וואַרף קיינמאָל נישט אָפּ קיין פאַרשלאַג, ביז איך איבערצייג זיך נישט מיט מיינע אייגענע אויגען, אַז ער טויג צו גאָרנישט. איך האָב זיך גענומען שטודירען די צייטונגען פון דער האָלץ־בראַנזשע און האָב איינגיכען אויסגעפונען וועמען מען קאָן אָנבאָטען דעם נייעם אַרטיקעל. צוזאַמען מיט מעזשיבאָווסקי׳ן האָב איך באַזוכט די דאָזיגע סוחרים, געוואויר געוואָרען אַלע פרייזען און אַלע קוואַליטעטען פון דער נייער סחורה, מיט וועלכער איך האָב געדאַרפט אָנהויבען האַנדלען.

מיר האָבען אַרויסגעפאָדערט פון די טאַרטאַקען אין אַלעקסאַנדראָוו מוסטערען און האָבען זיי פאַרגליכען מיט די ווינער מוסטערען. מיר האָבען אויך פאַרגליכען די פרייזען און געזען, אַז עס איז אַן אונטערשיד אין אַ פינף און צוואַנציג פראָצענט. הייסט עס, אַז עס לוינט זיך צו אַרבייטען, מען וועט קאָנען דערביי גוט פאַרדינען. ווען מיר האָבען געבראַכט אַן אָנבאָט צו די ווינער סוחרים, האָבען צוויי פון זיי באַשטעלט יעדער צו איין וואַגאָן פריזען אויף פּראָבע. אין דריי וואָכען אַרום איז שוין די סחורה געווען אויפ׳ן אָרט. די סוחרים האָבען באַצאָלט מיט מזומנים און זיינען געווען גאָר צופרידען. אויך מיר האָבען געהאַט אַ גרונט צו זיין צופרידען: דער ריינער ריווח, נאָכ׳ן אָראָפּרעכענען אַלע הוצאות פון פראַכט, צאָל און שטייערען, האָט באַטראָפען זעקס הונדערט קראָנען. ווי פאַר אַן אָנהויב איז דאָס געווען גאָר נישט שלעכט.

אָבער דער אַפּעטיט איז געוואַקסען מיט׳ן עסען און עס האָט זיך געוואָלט גיין העכער און העכער. האָבען מיר אָנגענומען אַ באַשטעלונג ביי די זעלבע סוחרים אויף פופצען וואַגאָנען פריזען, לויט די זעלבע מוסטערען און קוואַליטעטען, וואָס די ערשטע באַשטעלונג. און כדי צו זיין זיכער, אַז די באַשטעלונג וועט ראַיעל אויסגעפירט ווערען און אַז די סחורה, וואָס מען וועט אָנלאָדען אין די וואַגאָנען וועט זיין פערפעקט, אָן פעלערען — האָבען מיר, די צוויי שותפים, באַשלאָסען, אַז מעזשיבאָווסקי וועט טאַקע גלייך אַוועקפאָרען קיין אַלעקסאַנדראָוו און אויפ׳ן אָרט אַכטונג געבען, אַז אַלץ זאָל זיין אין בעסטער אָרדענונג.

ווי נאָר מעזשיבאָווסקי איז אָנגעקומען אויפ׳ן אָרט, דערהאַלט איך פון אים אַ בריוו, אַז די אייגענטימער פון די טאַרטאַקען פאַרלאַנגען אַן אַדערויף צו צוויי הונדערט קראָנען פון יעדען וואַגאָן, צוזאַמען אַ קימא לן פון דריי טויזענט קראָנען. גלייך איז מיר די מעשה נישט געפעלען געוואָרען. גיי האָב צו טאָן מיט די פּוילישע, דערצו נאָך ווען זיי זיינען אין אַן אַנדער לאַנד, און טאָמער קומט צו עפּעס אַ קאָנפליקט, איז גיי לאָד זיי צום ונתנה תוקף.

אָבער עס איז נישט געווען קיין שום עצה, ווייל די באַשטעלונג האָט מען געמוזט ליפערען, אַנדערש וואָלט מען, לויט׳ן אָפּמאַך, געמוזט צאָלען שאָדענערזאַץ. האָב איך מיט אַ שווער האַרץ איבערגעוויזען דורך אַ באַנק צו מיין שותף מעזשיבאָווסקי די דריי טויזענט קראָנען, און איך האָב בשעת

מעשה געפּילט ווי איך וואָלט זיי געוואָרפען אין ים אַריין. איך האָב גלייכ־צייטיג געשריבען צו מיין שותף, אַז איידער ער צאָלט אויס דאָס געלט, זאָל ער מאַכען מיט די טאַרטאַקען־אייגענטימער אַן אָפּמאַך ביי אַ נאָטאַר, אַז די געליפערטע סחורה מוז זיין שטרענג לויט די מוסטערען, אַנדערש וועלען זיי זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלע אומאָנגענעמליכקייטען, וואָס קאָנען פון דעם געשעפט אַרויסקומען.

דערביי האָט מיר מיין שותף געשריבען, אַז עס איז געווען זעהר קלוג פון מיין זייט, וואָס איך האָב אים פּערזענליך אַהינגעשיקט, כדי ער זאָל אויפ׳ן אָרט אַכטונג געבען, אַז אַלץ זאָל אַדורכגיין אין אָרדענונג, אָן שום סרחה. מיט מזל זיינען די וואַגאָנען אַרויסגעגאַנגען און מיין שותף האָט מיר געשריבען, אַז ער בלייבט איבער אין אַלעקסאַנדראָוו, כדי צו הערען וועגען די גוטע רעזולטאַטען פון דער דאָזיגע טראַנזאַקציע און צו וואַרטען אויף ווייטערע באַשטעלונגען.

דאָס איז געווען אַזוי צוויי וואָכען פאַר פסח, ווען די פּופּצען וואַגאָנען מיט פריזען זיינען אָנגעקומען קיין ווין. עס איז געווען אַ מיאוס׳ער ווינטער־דיגער טאָג, מיט אַ שניי, וואָס איז געווען געמישט מיט רעגען און מיט אַ קעלט, וואָס האָט דורכגענומען די ביינער. איך האָב אָפּגעצאָלט פאַר פראַכט און דעם געהעריגען צאָל און האָב אַראָפּגעבראַכט מיינע קונים צו דער פראַכט־סטאַנציע, אַז זיי זאָלען אָנקוקען און איבערנעמען די אָנגעקומענע סחורה. ווי נאָר מען האָט געעפענט דעם ערשטען וואַגאָן, איז מיר פינסטער געוואָרען פאַר די אויגען. די סחורה איז גאָר נישט ענליך געווען אויף די מוסטערען, לויט וועלכע מען האָט געמאַכט די באַשטעלונג.

מען עפענט אַ צווייטען און אַ דריטען וואַגאָן, עס ווערט אַלץ ערגער און ערגער. די ווינער סוחרים האָבען זיך גאַנץ איינפאַך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די סחורה, ווייל דאָס איז נישט געווען דאָס וואָס זיי האָבען באַשטעלט. עס איז מיר געווען פינסטער און ביטער און איך בין געשטאַנען ווי אַן אָפּגע־שמיסענער. דערצו נאָך האָט דער פאַרוואַלטער פון דער פראַכט־סטאַנציע געלאָזט וויסען, אַז נאָך דריי טעג צייט מוז איך אַרויסנעמען די סחורה פון די וואַגאָנען, אַנדערש וועל איך מוזען צאָלען פינף קראָנען אַ טאָג לאַגער־געלט פאַר יעדען וואַגאָן, און נאָך צען טעג וועט ער אינגאַנצען אַרויסוואַרפען די סחורה פון די וואַגאָנען.

מיין פאַרצווייפלונג איז ווירקליך געווען אויסערגעוויינליך. איך האָב גענומען זוכען קלענערע האָלץ־סוחרים, אַז זיי זאָלען ביי מיר אַוועקנעמען די סחורה, האָבען זיי מיר אָנגעבאָטען אַ האַלבען פּרייז. בין איך געגאַנגען זוכען נאָך אַנדערע, האָבען זיי אָנגעבאָטען נאָך ווייניגער. אַזוי בין איך אַרומגעלאָפען פון איין סוחר צום אַנדערען, אין דעם שנייאיגען רעגען. אויף דער סטאַנציע האָט מען דערווייל די פריזען אַרויסגעוואָרפען פון די וואַגאָנען

און אין דער נעץ זיינען זיי גאָר צעשעדיגט געוואָרען און מען האָט שוין גאָר קיין פרייז פאַר זיי נישט אָנגעבאָטען.

איך אַליין בין געוועזן אַזוי פאַרהאַוועט און פאַרשמאַיעט מיט דעם דאַזיגען אומגליקליכען מסחר, אַז איך האָב שיער אינגאַנצען נישט פאַרגעסען וועגען מיין פאַראַנטוואָרטליכען באַרוף און וועגען דער גרויסער אחריות, וואָס ליגט אויף מיר אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם זיך דערנענטערענדיגען יום־טוב פסח. איך האָב זיך פאַרקילט און האָב שטאַרק געהוסט און האָב זיך געשראָקען איך זאָל אַמאָל אינגאַנצען נישט אָוועקפאַלען פאַר קלעמעניש.

ווען איך האָב געזען אַז די שפּיל איז פאַר׳ן טייוועל, האָב איך שנעל געלאָזט רופען די סוחרים, וואָס האָבען געהאַט אָנגעבאָטען אַ העלפט, און האָב זיי פאַרקויפט די פריזען, דערלייגענדיג פון דער אייגענער קעשענע עלף טויזענט קראָנען. איך האָב גענומען זוכען מיין שותף, דעם וואַרשעווער איד, וואָס איז געווען דער הויפּט־שולדיגער, ווייל ער האָט דאָך מיר פאַרזיכערט, אַז ער שטייט דערביי און גיט אַכטונג מיט זיינע אייגענע אויגען, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג, אָבער — גיי שריי חי וקים. דער איד איז פאַרשוואונדען, ווי אין וואַסער אַריין, און ער האָט זיך אין ווין נישט באַוויזען.

אָט אַזוי האָבען זיך אויסגעלאָזט מיינע מסחרים אין ווין: ביי איינעם פאַרדינט און ביים צווייטען דערלייגט. אָבער עס איז נישט געווען אַזוי דאָס געלט, ווי דאָס ערגערניש און האָוועניש און די געפאַר, אַז איך זאָל נישט פאַרלירען ביידע וועלטען: איך בין קוים געקומען צו די כחות, כדי צו דאַוונען פסח, ווי דאָס האָט געפאָדערט פון מיר מיין פאַראַנטוואָרטליכער אַמט.

אָבער גאָר אינגיכען האָט זיך געמאַכט, אַז איך האָב פאַרגעסען אין די צרות פון די פריזען, ווייל גאָר אַ פריש פּעקעל צרות האָט געוואַרט אויף מיר. דאָס איז געווען דאָס יאָר פון דעם רוסיש־יאַפּאַנישען קריג, און מיין ברודער באַריס האָט מען צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט. דער טאַטע האָט איינגע־לייגט וועלטען, אַז זיין זון זאָל נישט גיין אין דער מלחמה אַריין פאַר ניקאָלאַי דעם צווייטען, אָבער דער בחור האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז ער מוז דוקא יאָ גיין. נישט, חלילה, פון שטאַרקע פּאַטריאָטישע געפילען צו רוסלאַנד. פּונקט פאַרקערט: אַזוי ווי ער האָט שוין געהאַט אַ שמעק געטאָן צו דער חברה ציציליסטען, האָט מען אים דאָרטען אָנגעדרייט, אַז ער דאַרף גיין אין דער אַרמיי, כדי אויפצובונטעווען די רוסישע אַרמיי קעגען קייזער.

זיין פּאָלק איז געשטאַנען אין באַקו, און איידער זיי האָבען געדאַרפט אָפּגיין צום יאַפּאַנישען פראָנט, האָט מיין ברודערל אָנגעהויבען פירען אַ בונט צווישען די סאָלדאַטען און אָפיצירען. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אים אַרעסטירט און מען האָט אים געפירט צו שטעלען פאַר אַ קריגס־געריכט. דורך אַ נס איז אים געלונגען זיך אַרויסצו׳גנבענען פון קאַנוואָי און צו אַנטלויפען. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטען חדשים־לאַנג אויף אַ פרעמדען נאָמען, אָבער די

מיליטערישע מאַכט האָט אַרויסגעשיקט נאָך אים שטעק־בריוו מיט זיין בילד, און עס איז געווען אַ גרויס געפאַר, אַז ער זאָל בלייבען אין רוסלאַנד.

קוים מיט צרות איז געלונגען אים צו ברענגען צו דער עסטרייכישער גרענעץ און פון דאָרט האָב איך אים אַריבערגעבראַכט קיין ווין, כדי דאָ אויס־צושטיין פון אים פרישע געברענטע צרות. די עסטרייכישע געהיים־פּאָליציי האָט באַקומען אַן אַרויספאָדערונג פון דער רוסישער פּאָליציי, אַז זי זאָל אַרויס־געבען דעם „פאַרברעכער" באַריס קוואַרטין. און איך האָב קיין טאָג נישט געהאַט קיין מנוחה צוליב אים. די עסטרייכישע רעגירונג האָט איינגעשטימט, אַז זי וועט אים נישט צוריקשיקען קיין רוסלאַנד, אָבער דערפאַר מוז ער פאַר־לאָזען דאָס לאַנד.

מיר האָבען דעם חברה־מאַן ארויסגעשיקט אין דער שווייץ, וואו ער האָט אַלס שלאָסער־עלעקטריקער אַביסעל פאַרדינט. איך האָב אים אָבער געמוזט יעדען חודש צושיקען די רעשט אויף צו לעבען. דאָס זיינען אָבער נאָך נישט געווען אַלע צרות, וואָס האָבען מיך דערוואַרט אין יענעם קריטישען פעריאָד פון מיין לעבען.

# איך דאַווען אַ שבת אין דער גרויסער וואַרשעווער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע

גאַנץ שווער האָט מיך צו יענער צייט געטראָפּען די קראַנקהייט פון מיין פרוי און דער פאַקט, וואָס זי האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט קורירן. זי איז געווען אַזוי פרום דערצויגען, אַז זי האָט אינגאַנצען נישט געהאַט קיין גלויבען אין דער מאָדערנער מעדיצין און אין דעם וואָס די דאָקטוירים און פּראָפעסאָרען זאָגען דאָרט. איך האָב געהאַט אויסצושטיין מיט איר די ביטערסטע קאַמפען, ביז זי האָט צוגעלאָזט צו זיך אַ דאָקטאָר און דערנאָך, אַז זי זאָל נעמען די מעדיצין, וואָס דער דאָקטאָר האָט איר פאַרשריבען.

זי האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז דער רבונו של עולם איז דער איינציגער רופא חולים, און די מענשען, מעגען זיי זיין אַפילו די גרעסטע ווינער פּראָפעסאָרען, האָבען דאָ גאָרנישט וואָס צו זאָגען. זי איז געגאַנגען נאָך ווייטער און האָט אַפילו פון מיין טאַלאַנט נישט קיין סך געהאַלטען. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַלץ פון גאָט און איך האָב מיך נישט מיט וואָס איבערצונעמען. אַ גאַנצען טאָג האָט זי נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנט דעם סידור און דעם צאינה וראינה און מ'האָט בפירוש געזען, ווי זי פאַלט אַריין אין אַ מין רעליגיעזער מעלאַנכאָליע, פאַרנאַכלעסיגענדיג דאָס הויז און די קינדער.

איך האָב זעהר שווער איבערגעלעבט אָט דעם קראַנקהאַפטען צושטאַנד פון מיין פרוי. ער האָט מיר אַרויסגענאָגט דעם מאַרך פון די ביינער און ער האָט זיך שטאַרק אָפּגערופען אויף מיין אַרבעט, וואָס האָט געפאָדערט גייסטיגע רו און קאָנצענטרירטקייט. איך בין אַליין צוליב דעם געוואָרען אַפּאַטיש און אָפּגעלאָזען, און אויך די קינדער האָבען זעהר געליטען. אָבער איך האָב נישט געזען קיין שום עצה ווי אַזוי זי אַרויסצובאַקומען פון אָט דעם צושטאַנד. אונזערע פריינט, די חזנים סמאָטריצקי און איידעלמאַן מיט זייערע פרויען, האָבען אַלץ געטאָן צו ווירקען אויף מיין פרוי, אַז זי זאָל זיך ווענדען אָנטאָן ווי אַ מענש, אָדער זי זאָל ערגעץ אַרויסגיין, אָבער אַלע אָנשטרענגונגען זיינען געווען אומזיסט, און איך בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ גרויסען ווייטאָג אין האַרצען.

ווען מענשען פלעגען קומען צו מיר אין הויז אַריין און מיך גראַטולירען מיט מיין שיינעם דאַווענען, אָדער ווען איך פלעג באַקומען לויב־בריוו פון פאַרשידענע מענשען און איך האָב געזאָגט צו מיין פרוי: „זעסט, האָט יעדען גרונט צו זיין גליקליך און צו דערציען די קינדער בהרחבה”, האָט זי מיר אויף

דעם געגענטפערט: „דו טוסט אַלץ וואָס מען שרייבט פאָר פון אויבען". פון מיין אייגענער מי און אָנשטרענגונג האָט זי נישט פיל געהאַלטען. דאָס האָט מיך אינגאַנצען געליימט און אַריינגעטריבען אין אַ געוואַלדיגער נידערגע־שלאָגענקייט.

טאָמער איז דאָס אַלץ געווען ווייניג, איז אונטערגעקומען אַ פרישער אומ־גליק: אין איין שיינעם טאָג, ווען די גואווערנאַנטקע איז ארויסגעגאַנגען מיט די צוויי אינגערע קינדער שפּאַצירען, האָט זי באַגעגענט עפּעס אַ פריינט, האָט זיך פאַררעדט מיט אים, און אין דער צייט איז אַ פּאָסט־וואָגען איבערגעפאָרען מיין עלטערען אינגעלע, בערל, אָדער באָריס. מען האָט מיך טעלעפאָניש אַרויס־גערופען אין שפּיטאָל אַריין, וואו דאָס קינד איז געלעגען באַוואוסטלאָז. אַ ביין אין אויבערשטען שענקעל ביים דיקען פלייש איז אים אינגאַנצען צעשמעטערט געוואָרען און עס איז אַפילו געווען די געפאַר, אַז מען וועט אים מוזען אַמפּוטירען דעם רעכטען פוס.

עס איז אָבער נאָך לאַנגער מי געלונגען דעם פוס צו ראַטעווען און נאָכ'ן אָפּליגען דריי חדשים אין גיפּס אין שפּיטאָל, איז דאָס קינד אַהיימגעבראַכט געוואָרען, וואו מ'האָט ערשט געמוזט אַכטונג געבען, אַז ער זאָל נישט בלייבען קיין קאַליקע. זעקס חדשים נאָכאַנאַנד, בייטאָג און ביינאַכט, האָט מען זיך געמוזט אָפּגעבען מיט'ן קינד, מיט הענגען אים שווערע געוויכטען, מיט מאַסאַזשען און אַלע אַנדערע זאַכען, וואָס די דאָקטוירים האָבען פאַרשריבען. ווען מען נעמט אין אַכט די קראַנקהייט פון דער מוטער און די שווערע איבערלעבונג צוליב דעם קינד, איז נאָך אַ גרויס וואונדער, אַז איך בין ביי די אַלע צרות געווען אומשטאַנד זיך אַוועקצושטעלען שבת ביים עמוד און נאָך אַרויסצורופען באַ־גייסטערונג ביי די צוהערער.

טאָמער איז דאָס נאָך אַלץ געווען ווייניג, זיינען צוגעקומען פרישע צרות, דאָס מאָל ווידער פון רוסלאַנד. אידען זיינען געלאָפען פון דאָרטען צוליב דער פאַרשפּילטער מלחמה און צוליב דער אויסגעבראָכענער רעוואָלוציע און אויך צוליב פּאָגראָמען, וועלכע די רעוואָלוציע האָט מיט זיך געבראַכט. יעדע פּאָסט פון רוסלאַנד האָט מיר געבראַכט פרישע נייעס, אַז דאָ איז דער קוזין און דאָ איז יענער קוזין אַרויסגעפאָרען קיין עסטרייך, און אַזוי ווי איך בין דער איינ־ציגער נאָענטער אין דעם דאָזיגען לאַנד, דעריבער זאָל איך זיין אַזוי גוט און אָפּוואַרטען די משפחה ביי דער באַן, באַזאָרגען מיט אַ נאַכטלעגער, מיט פרנסה און מיט אַלע אַנדערע גוטע זאַכען.

עס איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואָס מיין שטוב איז נישט געווען קיין שטוב, נאָר אַ וואָקזאַל. קרובים זיינען געגאַנגען און קרובים זיינען געקומען, און מיט יעדערען האָט מען זיך געדאַרפט אָפּגעבען, און צוליב דער קראַנקהייט פון מיין פרוי איז דאָס מיר אַלץ געפאַלען אין קאָפּ אַריין. איך האָב מיטגעפילט מיט די אַלע אַנטלאָפענע און האָב זיך באַמיט זיי צו העלפען מיט וואָס נאָר איך

האָב געקאָנט, אָבער צו דער זעלבער צייט האָט דאָס מיר אַראָפּגענומען דעם קאָפּ און איך בין אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ דולהויז.

מיינע צוויי שווערע חולאים אין הויז האָבען פאַרשלונגען גרויסע הוצאות און גאָר אינגיכען האָב איך זיך אַרומגעקוקט, אַז נישט נאָר איז שוין גאָרנישט פאַרבליבען פון די אָפּשפּאָרונגען, נאָר איך גיי אַריין אין חובות און עס קלעקט מיר ווייט נישט דער לוין, וואָס איך באַקום פון מיין טעמפּעל. האָב איך נאָך צו דעם אַלעם געמוזט זיך אַרומקוקען ווי אַזוי פאַרגרעסערט מען דאָ מיין איינ־קונפט, כדי נאָכצוקומען די אַלע באַדערפעענישען.

איינמאָל, בלעטערנדיג אַזוי דעם זשורנאַל פאַר חזנים, וואָס איז דערשינען אין ווין, האָב איך מיך אָפּגעשטעלט אויף אַן אַנאָנס פון דער גרויסער וואַרשעווער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע, אַז דאָרטען איז וואַקאַנט דער פּאָסטען פון אויבער־קאַנטאָר און אַז זיי בעטען ווינער חזנים זאָלען זיך מעלדען. עפּעס האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצען: וואַרשע! דער גרעסטער אידישער צענטער! הונ־דערטער טויזענטער אידען, וואָס לעבען אַן אייגענאַרטיג טראַדיציאָנעל לעבען. עס האָט מיך אַ צי געטון אַהינצו. איך האָב קיין סך נישט געטראַכט און אַוועק־געשריבען, אַז אויב זיי זיינען גרייט צו באַצאָלען די סומע פון צוויי הונדערט קראָנען רייזע־הוצאות, וועל איך אַריבערקומען אויף אַ שבת. איך האָב אָבער נישט דערמאָנט דאָס וואָרט „פּראָבע״, ווייל איך האָב מיר געטראַכט, אַז אויב זיי וועלען צושטימען, וועל איך ערשט דעמאָלט בעטען ביי מיין פאַרשטאַנד אַן אורלויב, און ווען איך וועל שוין זיין אין וואַרשע, וועל איך מיך ערשט אויפ׳ן אָרט אַרומקוקען.

אַגב האָב איך אין זינען געהאַט, אַז זייענדיג אין וואַרשע, וועל איך שוין פאַר איין וועגס זיך אַראָפּכאַפּען אַהיים קיין כאָנאָראָד, ווייל איך האָב געהאַט נישט קיין גוטע ידיעות וועגען דעם געזונט־צושטאַנד פון מיין מוטער. עטליכע וואָכען צייט האָב איך נישט געהאַט קיין שום ענטפער פון וואַרשע, מסתמא האָבען זיי זיך פאַר דער צייט נאָכגעפרעגט וואָס פאַר אַ מין חזן איך בין. ענדליך איז אָנגעקומען אַן ענטפער, אַז זיי זיינען גרייט צו באַצאָלען הונדערט מיט פופציג קראָנען און אַז איך זאָל אָנגעבען די דאַטע פון דעם שבת, ווען איך בין גרייט צו קומען.

עס איז מיר אָנגעקומען גאַנץ שווער צו קריגען די באַפרייאונג פון מיינע פּרעזידענטען. איך האָב זיי געוויזען די בריוו פון מיין פאָטער וועגען דעם געזונט־צושטאַנד פון דער מוטער און איך האָב אויך נישט באַהאַלטען פון זיי, אַז איך פּלאַן זיך אָפּצושטעלען אין וואַרשע און דאַווענען אַ שבת, כדי זיך אויס־צושלאָגען די הוצאות. אָבער איך האָב דאָך די דערלויבעניש אַרויסבאַקומען און אין די ערשטע טעג פון יאַנואַר פון יאָר 1906 בין איך אָנגעקומען קיין וואַרשע. דער שמש פון דער גרויסער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע האָט מיך אָפּגעוואַרט אויפ׳ן וואָקזאַל און נאָך דעם זעלבען אָוונט האָט מען מיך פאַר־געשטעלט פאַר דעם אויבער־קאַנטאָר גריצהענדלער, וועלכער האָט צוליב זיין

טיפער עלטער פאַרלאָזען דעם פאָסטען, און אויך פאַר זיין דיריגענט, וועלכער איז, אויב איך מאַך קיין טעות נישט, געווען אַ פּאָליאַק מיט׳ן נאָמען סטער־לינג, אָדער שמערלינג.

מען האָט באַשטימט פּראָבע און דער דיריגענט האָט זיך אַרויסגעוויזען טאַקע פאַר אַן אמת׳ן פּאָליאַק, וואָס „פּיענינעדזי ניעמאַם, אַלע האָנאָר מאַם", מיט אַנדערע ווערטער: האָנאָר האָט ער געהאַט אָן אַ שיעור, אָבער וואָס ס׳איז שייך דיריגירען מיט׳ן כאָר, איז ער געווען גאַנץ שטומפּיג אויף דער עברי. ווען איך בין אַהיימגעקומען פון דער פּראָבע צו זיך אין האָטעל אַריין אַרום צען אין אָוונט, וואַרט מיך שוין אָפּ אַ יונגערמאַן מיט בלויע ברילען, וואָס שטעלט זיך מיר פאָר, אַז ער הייסט פּראָמאַן און איז אַ פאַרטרעטער פון דעם אידישען אַרבייטער־„בונד".

דער יונגערמאַן מאַכט מיר אויפמערקזאַם, אַז אַזוי ווי עס גייט אָן אַ שטרייט צווישען דעם סינאַגאָגע־כאָר, וועלכער איז אָנגעשלאָסען אין אַ פּראָפעסיאָנעלען פאַראיין וואָס געפינט זיך אונטער׳ן „בונד", און די דאָזאָרעס וואָס האָבען צו זאָגען איבער דער סינאַגאָגע, ראַט ער מיך, אַז איך זאָל נישט וואַגען צוצוגיין צום עמוד דאַווענען ביז דער סכסוך וועט נישט אויסגעגליכען ווערען לטובת דעם כאָר. איך האָב אים געפּרואווט געבען צו פאַרשטיין, אַז איך בין דאָ אַ פרעמדער מענש און עס איז נישט מיין זאַך זיך צו מישען אין די לאָקאַלע אָנגעלעגענהייטען פון דער וואַרשעווער קהילה; אָבער דער יונגערמאַן האָט מיך גאָרנישט געלאָזט קומען צום פּסוק, און ער האָט מיר גענומען דראָען, אַז אויב איך וועל וואַגען צו גיין דאַווענען אָן דער צושטימונג פון „בונד", וועל איך זיין אויסגעשטעלט צו די גרעסטע סקאַנדאַלען, מען וועט פּראָסט פּשוט אַראָפּרייסען דאָס דאַווענען. און אָן אַ זיי־געזונט איז דער יונגערמאַן אַוועק.

איך האָב מיר געטראַכט: מיט אַ שיינעם „ברוך הבא" באַגעגענט מען מיך דאָ אין וואַרשע. עס איז שוין געווען דאָנערשטאָג אינדערפרי, אַלזאָ צוויי טעג פאַר מיין געפּלאַנטען דאַווענען. איך האָב גלייך אָפּגערופען דעם דאָזאָר און האָב אים דערציילט די געשיכטע און אַז עס וועט זיין אוממעגליך פאַר מיר צו דאַווענען אונטער אַזעלכע אומשטענדען. ער האָט מיך באַרוהיגט און פאַר־זיכערט, אַז זיי האָפען דורכצוקומען מיט׳ן כאָר ביז שבת און אַז איך זאָל זיך גרייטען צום דאַווענען אָן שום שרעק.

אויף צומאָרגענס, פרייטאָג, האָט אויפגעריסען אַ באָמבע אויפ׳ן אידישען בית הקברות אין וואַרשע, בעת עס איז דאָרט פאָרגעקומען אַ גרויסע לויה. מען האָט איבערגעגעבען, אַז דאָס איז געווען אַ שטיקעל אַרבייט פון „בונד", כדי אַזוי אַרום צו ווירקען אויף דער קהילה, אַז זיי זאָלען ליקווידירען דעם סכסוך. די אויפרעגונג אין שטאָט איז געווען אַ געוואַלדיגע, אָבער דאָך, ווען איך בין פרייטאָג צו־נאַכטס געקומען אין דער סינאַגאָגע אַריין, איז אַלץ געווען שטיל און רואיג. רוסישע גאָראָדאָוואָיען אויף פערד האָבען געוואַכט פאַר׳ן אַריינגאַנג, די שמשים האָבען שטרענג קאָנטראָלירט די איינגאַנגס־קאַרטען,

אָבער אין שול איז געווען שטיל און פייערליך. מיין דאַוונען איז שטאַרק געפעלען געוואָרען, ווייל גלייך שבת צו־נאַכטס האָב מען מיך איינגעלאַדען צום דאָזאַר, וואו עס זיינען שוין געווען פאַרזאַמעלט נאָך בעלי בתים, און מען האָט גענומען מיט מיר פאַרהאַנדלען וועגען איבערנעמען די שטעלע.

דעם זעלבען אָוונט האָב איך דערהאַלטען אַ טעלעגראַמע פון מיין פרוי, אַז איך זאָל נישט פאָרען קיין כאַנאָראָד, נאָר גלייך קומען אַהיים, קיין ווין. אויך דער פאָטער האָט מיר טעלעגראַפירט, אַז איך זאָל צוריקפאָרען קיין ווין און נישט פירען קיין שום פאַרהאַנדלונגען מיט דער וואַרשעווער קהילה. איך האָב שטאַרק איבערגעקלערט, וואָס אַזוינס האָט דאָרט געקענט פאַסירען. פון מיינע רייד מיט די וואַרשעווער אידען האָב איך געקענט אַרויסדרינגען, אַז זיי זיינען גרייט צו אַקצעפּטירען אַלע באַדינגונגען, וואָס איך וועל אַרויסשטעלען, אָבער דער קאָפּ איז מיר געווען אַזוי פאַרדרייט, אַז איך האָב שוין געוואָלט וואָס שנעלער זיצען אין צוג אויפ'ן וועג צוריק אַהיים. איך האָב זיי העפליך דער־קלערט, אַז איך וועל זיי געבען אַן ענטפער נאָכדעם ווי איך וועל זיך דורכריידען מיט מיינע פאַרשטאַנד־מיטגלידער, און גלייך דעם צווייטען טאָג בין איך אַהיים געפאָרען, נישט האָבענדיג די געלעגענהייט זיך צו באַקענען ווי געהעריג מיט דער דאָזיגער גרויסער אידישער קהילה.

# אַ נייע פּרנסה יאָוועט זיך צו מיר — איך זינג אַריין אין גראַמאָפאָן

אַהיים קומענדיג פון וואַרשע, האָב איך מיין פרוי געטראָפען שווער קראַנק. זי איז געווען גליקליך, וואָס איך בין שוין דאָ צוריק און וואָס איך האָב אין וואַרשע קיין זאַך נישט אונטערגענומען. פון ווין אויס האָב איך מיטגעטיילט דער וואַרשעווער קהילה, אַז צוליב געוויסע אומשטענדען קען איך נישט ווייטער פאַרהאַנדלען וועגען איבערנעמען ביי זיי אַ שטענדיגען פּאָסטען.

ווידער בין איך אַריינגעפאַלען אין דעם קלעם פון שווערע זאָרגען. איך האָב געפילט, אַז איך דאַרף עפּעס אונטערנעמען אַ פרישע זאַך, ווייל דער לוין פון דעם קייזערין עליזאַבעט טעמפּעל קלעקט מיר נישט אויף די גרויסע הוצאות, וואָס איך האָב צוליב דער קראַנקהייט פון מיין פרוי און צוליב מיינע גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייטען לגבי אַנדערע מיטגלידער פון מיין משפחה.

איינמאָל, אַ נאָכמיטאָג, ווען איך בין אַזוי אַרויסגעגאַנגען פון מיין געזאַנג־שטונדע ביים פּראָפעסאָר, האָב איך מיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון דער אָפּערע, כדי אַ קוק צו טאָן וואָס מען שפּילט היינט אין אָוונט. ווען איך בין אַזוי פאַרבייגעגאַנגען די אַריסטאָקראַטישע קערטנער־שטראַסע, האָב איך געזען ווי אין אַ סאַלאָן זיצען מענשען און האַלטען טרייבלעך אויף די אויערען און הערען זיך עפּעס צו צו קלאַנגען, וואָס קומען פון אַן אַפּאַראַט.

איך בין אַריינגעגאַנגען אין דעם סאַלאָן און האָב אויך אַריינגעוואָרפען אַ מטבע אין דעם קאַסטען און האָב אָנגעטאָן די צוויי טרייבלעך אויף די אויערען. איך האָב דערהערט אַ וואונדערבאַרען זינגער, פאַר נאָך אַ מטבע האָב איך געהערט אַ פּרעכטיגע קאָלאָראַטור־זינגערין, און פאַר אַ דריטער מטבע האָב איך געהערט די פּרעכטיגסטע פידעל־שפּילער, טשעליסטען און פּיאַניסטען. איך בין אַזוי אָפּגעזעסען אַנדערהאַלבען שעה און האָב געהאַט גרויס פאַרגעניגען. איך האָב מקנא געווען די אַלע קינסטלער, וואָס די מאָדערנע טעכניק האָט מעגליך געמאַכט, אַז זיי זאָלען זיין צוטריטליך פאַר די ברייטע מאַסען ממש פאַר קליין־געלט.

איך האָב מיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט דעם פאַרוואַלטער פון סאַלאָן צי ער האָט אויך אידישע מוזיק אין זיין קאַטאַלאָג, אפשר עפּעס אַ חזן. ער האָט מיר געגעבען דעם גאַנצען קאַטאַלאָג אין האַנט אַריין, און אַזוי בלעטערענדיג האָב איך מיך אָנגעשטויסען אויף די נעמען פון צוויי חזנים, וועלכע

האָבען שוין באַוויזען די „קונץ״ פון אַרײנזינגען אין גראַמאָפאָן אַרײן, ווי דאָס האָט דעמאָלט געהייסען. די חזנים זײנען געווען: טשעריני פון ברעסלוי און גרשון סיראָטע פון ווילנע.

איך האָב דעמאָלט דערהערט צום ערשטען מאָל דעם נאָמען סיראָטע, אַ נאָמען וואָס האָט שפּעטער אַזוי פּראַכטפול אָפּגעקלונגען אין דער אידישער וועלט און וואָס האָט זיך אַזוי טיף אַרײנגעשריבען אין דער געשיכטע פון מאָ־דערנער אידישער חזנות. ווען איך האָב אָפּגעזוכט די צוויי נעמען פון אידישע רעקאָרדס, האָב איך געבעטען דעם פּאַרוואַלטער, אַז ער זאָל אָנשטעלען פאַר מיר אָט די צוויי פּלאַטען, אָבער ער האָט מיר געענטפערט, אַז אויב זײ געפינען זיך טאַקע אין קאַטאַלאָג, האָט ער זײ ביז איצט נישט באַשטעלט, ווייל עס איז דערוויל נישט געווען קיין נאָכפראַגע אויף אַזאַ מין מוזיק. ער האָט מיר אָבער צוגעזאָגט, אַז ער וועט עקסטרע אַרויספאָדערען די צוויי פּלאַטען פאַר מײנעטוועגען, און ווירקליך, אין צוויי וואָכען אַרום זײנען די פּלאַטען אָנגעקומען.

ווען איך האָב אָנגעשטעלט צום ערשטען מאָל סיראָטע׳ס פּלאַטע אויפ׳ן גראַמאָפאָן, האָט מיך זײן שטימע פשוט אַנטציקט מיט איר מעכטיגען פאַרנעם. אין טשעריני׳ס שטימע האָט זיך געפילט פײנע מוזיקאַלישע קולטור און גוטער מאָדערנער פאָרטראַג. ווען איך האָב געבעטען דעם פּאַרוואַלטער פון סאַלאָן, אַז ער זאָל מיר פאַרשאַפען די פּלאַטען, איך וויל זײ קויפען פאַר יעדען פּרייז, האָט ער מיר געענטפערט, אַז דאָס טאָר ער נישט טאָן, אָפּילו ווייזען מיר די פּלאַטע, כדי איך זאָל קענען זען דורך וועלכער פירמע זי איז געמאַכט געוואָרען, האָט ער אויך נישט געוואָלט.

פון דעם טאָג אָן, ווען כ׳האָב דערהערט די ערשטע צוויי חזנים אויף די פּלאַטען, האָט עס מיך נישט געלאָזט רוען. איך האָב געפילט, אַז איך וואָלט אויך געהאַט אַ באַרעכטיגונג, אַז מײן שטימע זאָל זיך פאַנאַנדערגיין איבער די כוואַליעס פון דער וועלט מיט דער הילף פון אָט דער נײעסטער דערפינדונג. איך האָב אָנגעהויבען נאָכפרעגען און נאָכזוכען. איך בין געגאַנגען פון איין מוזיקאַלישען געשעפט אין אַנדערען אַרײן און אומעטום זיך נאָכגעפרעגט צי זײ האָבען נישט אַמאָל די פּלאַטען פון סיראָטע און טשעריני. אָבער אומעטום האָט מען מיר געענטפערט, אַז מען האָט פון אַזעלכע זינגער נישט געהערט.

איך האָב אָבער די האָפענונג נישט אויפגעגעבען. גאָר אינגיכען האָט זיך די דאָזיגע נײע אינדוסטריע גענומען ברייטער אַנטוויקלען. עס האָבען זיך גענומען עפענען פאַבריקען פון גראַמאָפאָן־פּלאַטען איינע נאָך דער אַנדערער. נאָך דער ערשטער עדיסאָן־פאַבריק, וועלכע האָט פּראָדוצירט רונדע וואַלעק־לעך, נישט קיין פּלאַטען, איז געקומען די פראַנצויזישע פּאַטעי דיסק קאָמפּאַני, דאַן „אָדעאָן״ און די דייטשע „וויקטאָר קאָמפּאַני״. איך בין אַוועק צו די אַלע פיר קאָמפּאַניס און האָב זײ אָנגעבאָטען, אַז איך וויל מאַכען אַ פּראָבע מיט אַרײנזינגען פאַר׳ן גראַמאָפאָן. איך האָב פאַרגעלייגט אַרײנצוזינגען אינגאַנצען אומזיסט פיר זאַכען כדי צו מאַכען צוויי פּלאַטען. דריי קאָמפּאַניס האָבען דע־

מאָלט אינגאַנצען אָפּגעוואָרפען מיין פאָרשלאַג, בלויז די פאַטעי דיסק קאָמפּאַני האָט איינגעשטימט צו מאַכען מיט מיר אַזאַ פּראָבע.

די ערשטע פּראָבע מיט דער דערמאָנטער קאָמפּאַני האָב איך געמאַכט אָן שום פּיאַנאָ אָדער אָרגעל־באַגלייטונג. איך האָב אַריינגעזונגען „ושמרו״, עס איז אַרויסגעקומען נישט גאָר גוט, אָבער אויך נישט זעהר שלעכט, דאָס הייסט צו דערליידען. נאָך דער פּראָבע האָט מיר די זעלבע קאָמפּאַני אָנגעבאָטען הונדערט קראָנען פאַר אַריינזינגען פינף זאַכען מיט מיין פּיאַנע־באַגלייטער. די פּלאַטען האָבען געדאַרפט זיין דריי אינטשיגע.

אַזוי ווי איך בין נאָך געווען אַ גרינער אין די זאַכען און האָב נישט געהאַט קיין דערפאַרונג ווי אַזוי מען שטייט ביים מעגאַפאָן, און האָב אויך נישט געקענט אויסרעכענען פּינקטליך די דריי מינוט צייט, וואָס זיינען מיר געגעבען געוואָרען אויף אַריינצוזינגען, איז עס ביי מיר אַרויסגעקומען אָדער צו לאַנג, און עס האָט נישט געקענט אינגאַנצען אַרויפגיין אויף דער פּלאַטע, אָדער צו קורץ, אַז עס איז געבליבען אַ ליידיגער פּלאַץ אויף דער פּלאַטע. האָב איך פאַר די נעבעכדיגע הונדערט קראָנען געמוזט זינגען און זינגען צו עטליכע מאָל די זעלבע זאַך. דעם באַגלייטער האָב איך פאַר יעדען מאָל געמוזט צאָלען באַזונדער צו צען קראָנען. דאָס מאָל זיינען די פּלאַטען אַרויסגעקומען אַ סך לייטישער, אָבער איך האָב נאָך אַלץ געהאַט פון זיי וואַסער אויף קאַשע.

אין אַ וואָך אַרום זיינען שוין מיינע פּלאַטען געווען צו באַקומען אין אַלע מוזיק־געשעפטען. איך אַליין האָב פון דער קאָמפּאַני באַקומען צו צוויי פּלאַטען פון יעדען אַריינגעזונגענעם נומער. האָב איך זיך נישט געפוילט, גענומען מיין „פּראָדוקציע״ און אַוועק דערמיט צו די קאָנקורענץ־געזעלשאַפטען און נאָכאַמאָל זיי אָנגעבאָטען מיין דינסט. דאָס מאָל איז שוין די באַציאונג געווען אַן אַנדערע. אויב די קאָנקורענץ האָט דאָס געמאַכט, איז אַ סימן, אַז עפּעס מוז זיין אין דעם. אַלע האָבען מיר אָנגעבאָטען צו צוואַנציג קראָנען פאַר יעדען נומער, וואָס איך וועל אַריינזינגען.

מיר איז געגאַנגען אויסצוגעפינען וועלכע פון די אַלע פירמעס איז אַמבעסטען טעכניש אויסגעשטאַט און וואו די שטימע וועט אַמקלאָרסטען אַרויסקומען. האָב איך זיי אָנגעבאָטען אַריינצוזינגען אויף פּראָבע און דערנאָך וועט מען זען. פון די אַלע פּראָבען האָב איך מיך איבערצייגט, אַז אַמבעסטען איז די שטימע אַרויסגעקומען אין דער דייטשער גראַמאָפאָן־געזעלשאַפט „היס מאַסטערס וואָיס״, וועלכע האָט אין אַמעריקע געהאַט דעם נאָמען „וויקטאָר רעקאָרד״. נאָך דער פּראָבע האָט יעדער געזעלשאַפט אָנגעבאָטען צו פערציג קראָנען פאַר אַ נומער מיט אַ באַשטעלונג פון צען נומערען. בלויז די דייטשע געזעלשאַפט, טעכניש די בעסטע, האָט פאָרגעלייגט דרייסיג קראָנען פאַר אַ נומער און איך זאָל צאָלען פאַר דער באַגלייטונג.

נישט געקוקט אויף דעם קלענערען פּרייז, האָב איך דאָך אָפּגעשלאָסען מיט דער דייטשער געזעלשאַפט, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז זיי מאַכען

די בעסטע אויפנאַמע, וואָס וועט האָבען אַ זיכערען דערפאָלג. און איך האָב קיין טעות נישט געמאַכט. די דאָזיגע ערשטע צען פּלאַטען זיינען אַרויסגעקומען פּרעכטיג און האָבען געמאַכט אַ געוואַלדיגען רושם. זיי האָבען דאָס די ערשטע צעטראָגען מיין נאָמען איבער דער אידישער וועלט.

עס זיינען נישט אַריבער קיין צוויי חדשים ווי איך האָב באַקומען פון דעם פאַרוואַלטער פון דער ווינער אָפּטיילונג פון דער דערמאָנטער דייטשער פירמע, הער גרינפעלד, אַ בריוו, אַז איך זאָל זיך מעלדען צו זיי אין ביוראָ. ווען איך בין געקומען, האָט מען מיך פאָרגעשטעלט פאַר דעם הויפּט־דירעקטאָר, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון בערלין, אַ געוויסען הער מיכעליס. דאָס איז געווען אַ דורכ־געטריבענער געשעפטס־מאַן, מיט שאַרפע צוויי אויגען, וואָס האָט מיך אָפּגעמאָסטען מיט זיין בליק פון אויבען ביז אַראָפּ, ווי איינער זאָגט: ווי אַזוי קאָן מען דאָ דעם יאָלד אַריינגאַרען אין זאַק אַריין.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דער גענעראַל־דירעקטאָר רופט זיך אָפּ צו מיר: הערט אויס, הער קוואַרטין, אייערע פּלאַטען, וועלכע מיר האָבען פּראָ־דוצירט, האָבען געמאַכט אַ גוטען איינדרוק אויף'ן אידישען מאַרק. און כאָטש מיר האָבען שוין אין אונזער קאַטאַלאָג דעם גרעסטען אידישען קאַנטאָר, הער סיראָטע, און מיר זיינען מיט זיינע פּלאַטען זעהר צופרידען, דאָך אַזוי ווי איך געפין זיך צופעליג אין ווין אויף דער דורכרייזע קיין פּעטערבורג, וויל איך אויסנוצען די געלעגענהייט און איך אַנגאַזשירען אויסשליסליך פאַר אונזער געזעלשאַפט מיט אַ קאָנטראַקט אויף פינף יאָר, צו דריי טויזענט קראָנען אַ יאָר. איר וועט דאַרפען אַריינזינגען צוואַנציג נומערען יעדעס יאָר.

עס האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצען און דער קאָפּ האָט זיך מיר אַ ווייַלע פאַרדרייט. אַ קלייניגקייט, דריי טויזענט קראָנען! דאָס איז דאָך אַזוי פיל וויפיל מיין געמיינדע צאָלט מיר פאַר אַ גאַנץ יאָר דאַווענען, און דאָ וועל איך בלויז דאַרפען אַריינזינגען אין פאַרלויף פון זעקס שעה אין משך פון דעם גאַנצען יאָר. איך האָב געפילט, אַז דאָס איז אַ געוואַלדיגער אַנבאָט. אָבער אַזוי איז שוין די טבע פון דעם מענשען, אַז ווען ער דערגרייכט אַ סך, דאַכט זיך אים שטענדיג, אַז ער קען דערגרייכען נאָך מער. און ווי מיין שטייגער איז געווען אין אַזעלכע פאַלען, האָב איך גלייך אויף'ן אָרט נישט געוואָלט געבען קיין ענטפער און געזאָגט, אַז איך וועל דעם ענטפער געבען מאָרגען. און איך האָב זיך שוין געוואָלט געזעגענען.

ערשט דער הער מיכעליס קומט אַרויס צו מיר מיט אַזאַ לשון: „אײדער איר גייט אַוועק, הער אויבער־קאַנטאָר, וויל איך אייך אויפמערקזאַם מאַכען, אַז מיין אויפהאַלטען זיך דאָ אין ווין איז באַגרעניצט בלויז צום מאָרגענדיגען טאָג, און אויב איר וועט מיר ביז מאָרגען, איינס בייטאָג, נישט געבען קיין ענטפער, וועל איך טאַקע דעם זעלבען טאָג, (דאָס הייסט, מאָרגען), פאַרלענגערען דעם קאָנטראַקט מיט אויבער־קאַנטאָר סיראָטע".

אָט די לעצטע ווערטער האָבען מיר אויסגעזען, ווי אַ כיטרער טריק פון

אַ פּיפּיגען געשעפּטס־מאַן. וואָס מיינט, ער וועט פאַרלענגערען דעם קאָנטראַקט מיט חזן סיראָטע דאָ אין ווין, ווען אַלע ווייסען, אַז סיראָטע איז אין ווילנע, אָדער ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען, האָט ער שוין געהאַט איבערגענומען די שטעלע פון אויבער־קאַנטאָר אין דער טלאָמאַצקער סינאַגאָגע אין וואַרשע, אויפ׳ן אָרט פון אויבער־קאַנטאָר גריצהענדלער. עס האָט מיך זעהר פאַרדראָסען, וואָס דער דאָזיגער געניטער הענדלער וויל מיך נעמען אויף זיכער און אָנשרעקען מיך, אַז איך זאָל וואָס שנעלער אַקצעפּטירען זיינע באַדינגונגען.

אויפ׳ן וועג אַהיים האָב איך געענוי איבערגעטראַכט די גאַנצע געשיכטע: מיינט ער טאַקע ערענסט אָפּצושליסען מיט מיר אַ קאָנטראַקט, טאָ צו וואָס דאַרף ער מיר שטעלען אולטימאַטומס, און, צווייטענס, וואָס פאַר אַ שייכות האָט מיין קאָנטראַקט צום חזן סיראָטע? פאַרוואָס דאַרף דער קאָנטראַקט מיט מיר מיינען אַ שאָדען פאַר אָט דעם העכסט־טאַלאַנטפולען מענשען, וועלכען איך האָב נאָך נישט געקענט פערזענליך, אָבער צו וועלכען איך האָב שוין געפילט גרויס סימפּאַטיע פאַר זיין וואונדערליך שיינער שטימע?

עפּעס איז מיר דער גאַנצער דייטש נישט געפעלען געוואָרען; עפּעס איז ער צוגעגאַנגען צו מיר מיט צו כיטרע און נישט ריינע כוונות, און כ׳האָב זיך שוין געוואַקעלט, צי איך זאָל איינגאַנצען אָפּשליסען אַ געשעפט מיט אַזאַ טיפּ מענשען.

# מיין ערשטע באַגעגעניש מיט׳ן אויבער-קאַנטאָר גרשון סיראָטע

אָבער גאָר אינגיכען האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מען טאָר נישט צו שנעל אָפּ׳משפּט׳ן אַ מענשען. ווען איך בין אַהיימגעקומען אַ שטאַרק צעטראָגענער פון דעם געשפּרעך מיט׳ן דירעקטאָר, האָבען דאָס מיין פרוי און מיין ברודער, וועלכער האָט זיך דעמאָלט ביי מיר געפונען, באַמערקט אויף מיר און איך האָב זיי געמוזט דערציילען די גאַנצע געשיכטע, אַז מען האָט מיר געמאַכט אַזאַ טייערען אָנבאָט און איך האָב אָפּגעלייגט דעם ענטפער ביז מאָרגען. האָט מען מיך, ווי דער שטייגער איז, גענומען יאַדען: ס׳טייטש, ווי האָב איך געוואָגט זיך צו וואַקלען, און ווער ווייס, מאָרגען קאָן נאָך דער דירעקטאָר אַליין חרטה האָבען און פון דעם גאַנצען אָנבאָט וועט זיך גאָרנישט אויסלאָזען.

וויפיל איך זאָל זיך נישט האָבען באַמיט אויפצוקלערען מיין פרוי, אַז עס איז נישט מעשה סוחר גלייך איינצושטימען אויף דעם בעסטען אָנבאָט, וואָס מען זאָל דיר נישט מאַכען, האָט עס אַלץ נישט געהאָלפען, און מען האָט מיר גענומען די גאַל וויפיל עס איז נאָר אַריין אין מיר. דער אמת איז, אַז איך האָב מיר אַליין אויך נישט געקענט מוחל זיין, וואָס איך האָב גלייך נישט אַקצעפּטירט דעם אָנבאָט, אָבער איך האָב דאָס נישט געוואָלט מודה זיין.

ווי מיר זיצען אַזוי און ערגערען זיך, עפענט זיך די טיר און עס קומט אַריין דער באַס, וועלכער האָט געזונגען אין מיין כאָר, מיט׳ן נאָמען באַומאַן. ער איז אַ געוויסע צייט געווען טעטיג אין כאָר פון דער וואַרשעווער סינאַ־גאָגע, וואו עס האָט שוין געדאַווענט גרשון סיראָטע. איך בין געווען שטאַרק פאַרליבט אין זיין שטימע און איך האָב דעם מענשען זעהר מקרב געווען. ער האָט זיך געפילט זעהר היימיש אין מיין הויז און מיין פרוי מיט מיין ברודער האָבען אים, פאַרשטייט זיך, גלייך דערציילט די גאַנצע געשיכטע, האַלטענדיג אַ שאַרפע אָנקלאָג־רעדע קעגען מיר, ווי איך האָב מיט מיינע אייגענע הענט אַוועקגעשטופּט דאָס גליק, וואָס האָט געקלאַפּט צו מיר אין טיר.

איך באַומאַן האָט איינגעשטימט, אַז די געשיכטע פון דירעקטאָר וועגען סיראָטע׳ן אין ווין האָט ער בכיוון אויסגעטראַכט, כדי מיך אַריינצונאַרען און אויסצואיבען אַ דרוק אויף מיר, איך זאָל וואָס שנעלער נאָכגעבען זיינע באַ־דינגונגען, וועלכע מוזען דעריבער זיין נישט גינסטיג פאַר מיר, ווייל אַנדערש

וואָלט ער דאָך נישט געדאַרפט אָנווענדען אַזעלכע נישט שיינע מיטלען אויף צו דערגרייכען זיין ציל.

און הערט אַ שטוינענדע געשיכטע, וואָס ווען עמיצער אַנדערש דערציילט דאָס מיר, וואָלט איך עס באַטראַכט פאַר אַ פאַנטאַזיע. ווי מיר זיצען אַזוי און רעדען אַרום דעם ענין נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, קלינגט דאָס גלעקעל אין מיין טיר. מיין ברודער האָט געעפענט די טיר. דריי פערזאָן זיינען אַריינגעקומען. דער ערשטער האָט זיך פאָרגעשטעלט: אויבער־קאַנטאָר זאַנטאַג פון בוקאַרעסט, און גלייך האָט ער פאָרגעשטעלט די אַנדערע צוויי: קאַנטאָר גאָלדענבערג פון מאַריענבאַד, וועלכען איך האָב שוין געקענט פון פריער, און אויבער־קאַנטאָר סיראָטע פון וואַרשע.

און גלייך האָב איך דערזען ווי מיין באַס באַאומאַן האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט סיראָטע'ן, ווי צוויי אַלטע פריינט. הייסט עס, אַז דאָס איז טאַקע סיראָטע, וועגען וועלכען עס גייט שוין די רייד אַ גאַנצען טאָג, און אַז דער דירעקטאָר מיכעליס האָט נישט אויסגעטראַכט זיין נאָמען, ווי בלויז אַ טריק אויף מיר צו ווירקען, נאָר אַז סיראָטע געפינט זיך טאַקע אין ווין. דער קאָפּ האָט זיך מיר אינגאַנצען פאַרדרייט, נאָר ווי אַ רויטער פאָדים איז מיר דורכגעלאָפען דער געדאַנק: און וואָס וועט איצט זיין מיט מיין קאָנטראַקט?

נאָר דאָס האָט אָנגעהאַלטען בלויז אַ קורצע ווייל. איך האָב זיך ווירקליך דערפרייט מיט די דריי געהויבענע געסט, וואָס זיינען געקומען מיך באַזוכען, ספּעציעל האָב איך זיך געפרייט מיט סיראָטע'ן, וואָס איז געווען כמעט אין איין עלטער מיט מיר, עטוואָס אינגער, אַ הויכער, שיין־געבויטער מאַן, מיט אַ זעהר אָנגענעמען טעמבער אין דער שטימע. ווען מיין ווייב האָט דערלאַנגט כיבוד און מיר האָבען געמאַכט דעם ערשטען לחיים, זיינען מיר געוואָרען אַביסעל מער אויפגעלייגט און איך האָב געזאָגט מיין טאַלאַנטפולען קאָלעגע דעם גאַנצען אמת, אַז ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל געהערט זיין שטימע דורך די גראַמאָפאָן־טרייבלעך, בין איך פשוט איבערראַשט געוואָרען, און אַז עס וואָלט געווען פאַר מיר אַ געוואַלדיגער פאַרגעניגען צו הערען אים אין „אָריגינאַל". אָבער אַזוי ווי ער איז מיין גאַסט, האָב איך נישט דאָס רעכט אים צו באַלעסטיגען, נאָר אויב ער אַליין וועט געפינען פאַר נויטיג אונז עפּעס פאָרצוזינגען, וועלען מיר מיט גרויס פאַרגעניגען הערען דעם גרעסטען קאַנטאָר פון אונזער צייט.

סיראָטע האָט זיך געפילט זעהר געשמייכעלט פון מיינע ווערטער, איבער־הויפּט פון די לעצטע: „דער גרעסטער קאַנטאָר פון אונזער צייט", וועלכע איך האָב אַרויסגעבראַכט מיט דעם גאַנצען באַוואוסטזיין, אָבער ער האָט זעהר העפליך געענטפערט, אַז געוויינליך פירט זיך, אַז צוערשט איז דער בעל הבית מהנה זיינע געסט. דיביידע חזנים, זאַנטאַג און גאָלדענבערג, האָבען אים אין דעם אונטערגעהאַלטען. האָב איך זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטען און האָב געזונגען „ותערב" פון זולצער און דערנאָך „אהבת עולם". קאַנטאָר זאַנטאַג האָט מיך באַגלייט אויף דער פּיאַנאָ.

סיראָטע האָט דאָן געפרעגט וואָס מיר ווילען ער זאָל זינגען. אַזוי ווי דער באַס באָומאַן האָט געוואוסט אַלע „קאַניאַק׳ס" פון סיראָטע׳ן, האָט ער געבעטען, אַז סיראָטע זאָל זינגען לעוואַנדאָווסקי׳ס „מה גדלו" מיט דעם באַרימטען „צדיק כתמר" אין „דע מאַזשאָר". איך האָב פאַרשאַפט פאַר זאַנטאַג׳ן לעוואַנדאָווסקי׳ס ווערק און סיראָטע האָט אָנגעהויבען דעם „מה גדלו". ווען ער האָט געענדיגט דעם „צורי ולא עולתה בו" מיט דעם הויכען „רע", זיינען מיר אַלע פאַרציטערט געוואָרען. ער האָט נאָך געזונגען זיין „רצה", מיט וועלכען ער איז באַרימט געוואָרען איבער דער גאַנצער אידישער וועלט, און איך האָב זיך נאָכאַמאָל איבערצייגט, אַז מיר האָבען אין סיראָטע׳ן דעם גרעסטען שטימע־ריז אין אונזער צייט.

ווי גרויס עס איז נישט געווען מיין הנאה ביים הערען סיראָטע׳ן, איז מען דאָך אָבער נישט מער ווי אַ מענש, און די אייגענע הויט איז דאָך שטענדיג נעענטער, האָב איך אין זינען געהאַט, אַז איך האָב פאַר מיר אַזאַ ריז, מיט וועל־כען עס וועט מיר זעהר שווער זיין צו פירען אַ מלחמה, און איך האָב אין יענער מינוט באַשלאָסען, אַז איך וועל וואָס שנעלער לויפען און אונטערשרייבען דעם קאָנטראַקט מיט׳ן דייטש, אויב, פאַרשטייט זיך, דער דייטש האָט פאַר דער צייט קיין חרטה נישט געקראָגען. איך האָב נישט געגלויבט, אַז מיין אונטער־שרייבען דעם קאָנטראַקט קאָן, חלילה, אין אַ וועלכער נישט איז מאָס שעדיגען סיראָטע׳ן. און כדי צו זיין אינגאַנצען זיכער, האָב איך מיך באַמיט אַרויפצופירען דעם געשפרעך מיט סיראָטע׳ן אויף דער טעמע וועגען זיינע פלאַטען.

ער האָט מיר דערציילט, אַז ער באַקומט פאַר יעדער פלאַטע, אַריינצוזינגען אויף בײדע זייטען, הונדערט רובעל. די גראַמאָפאָן־געזעלשאַפט האָט אים איצט אָנגעבאָטען צוויי הונדערט רובעל, אָבער ער האָט באַשלאָסען, אַז ער וועט ווינציגער ווי פינף הונדערט רובעל פאַר אַ פלאַטע נישט נעמען. איך האָב מיך אַן איבעריגען מאָל איבערצייגט, אַז מיין קאָנטראַקט קאָן בשום אופן נישט זיין אַ קאָנקורענץ פאַר אים; אַז סיראָטע וועט זיך, ברוך השם, זיין שטעטעל אַליין באַשטיין און אַז איך קאָן מיט אַ רואיג געוויסען דאָס געשעפט אָפשליסען. מיר האָבען זיך פיין אָפגעזעגענט און באַשלאָסען מאָרגען זיך ווידער צו טרעפען.

גלייך נאָך זייער אָוועקגיין האָב איך גענומען אַ פיאַקער און בין אין אַ פערטעל שעה אַרום געווען אין ביוראָ פון מיין דירעקטאָר. איך האָב דערקלערט מיין גרייטקייט אונטערצושרייבען מיט זיי דעם קאָנטראַקט אויף פינף יאָר צייט צו דריי טויזענט קראָנען אַ יאָר, מיט דעם באַדינג, אַז דעם כאָר און פיאַנאָ־ אָדער אָרגעל־באַגלייטונג דאַרפען זיי דעקען. זיי האָבען איינגעשטימט און גאָר אינגיכען בין איך שוין געווען צוריק אין דער היים מיט׳ן קאָנטראַקט אין קעשענע. מיינע הויז־מענשען האָבען זיך אַביסעל באַרואיגט, אַז איך האָב נישט אָוועקגעשטויסען מיט די אייגענע הענט דאָס גליק, וואָס האָט געקלאַפט צו מיר אין טיר, ווי זיי האָבען תחילת געמיינט.

נאָך דעם זעלבען אָוונט האָב איך אָפגערופען עטליכע קאָנטאָרען אין

ווין און האָב זיי געזאָגט וועגן דעם גרויסען גאַסט, וואָס מיר האָבען אין דער פּערזאָן פון סיראָטע׳ן, און אַז עס איז נישט מער ווי גלייך, אַז מיר זאָלען אים געבען דעם געהעריגען קבלת פּנים, וועלכען ער פאַרדינט. די חזנים גוטמאַן, מאַטיאַש, דינעמאַן, באַסער און סמאָטריצקי האָבען זיך גלייך האַרציג אָפּגע־רופען און מיר האָבען באַשלאָסען אויף צומאָרגענס אָפּצושטאַטען אים אַן אָפּי־ציעלען וויזיט ביי אים אין האָטעל.

ווען מיר זיינען געקומען צו אים אין האָטעל „קאָנטינענטאַל״, האָבען זיך שוין געהאַט פאַרזאַמעלט כמעט אַלע קאַנטאָרען, וואָס האָבען צו יענער צייט געדאַוועגט אין די ווינער טעמפּלען, אין אַ צאָל פון אַכצען מאַן. אויף אַלעמענ׳ס הייסען וואונש האָט סיראָטע אין האָטעל אונז מהנה געווען מיט צוויי נומערען געזאַנג. דערנאָך זיינען מיר אַלע אַוועק אין דעם פיינסטען אידישען רעסטאָראַן, וואו מיר האָבען געהאַט מאַלצייט צוזאַמען און פאַרבראַכט אַ סך זעהר אַנגענעמע שעה׳ן.

ווען איך האָב זיך שפּעטער פאַנאַנדערגערעדט מיט סיראָטע׳ן, האָט ער מיר אויפגעקלערט די ריכטיגע סיבה פון זיין איצטיגען קומען קיין ווין. דאָס האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער גראַמאָפאָן־קאָמפּאַני, נאָר איז גאָר געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט׳ן אויבענדערמאַנטען סטרייק פון זיין כאָר אין וואַרשע, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון אַרבייטער־„בונד״ קעגען די וואַרשעווער דאַזאָרעס. דער „בונד״ האָט געוואָרענט סיראָטע׳ן, אַז ער זאָל זיך נישט וואַגען צו דערנענטערען צום עמוד ביז דער שטרייט מיט׳ן כאָר וועט נישט זיין געשליכטעט, און טאָמער וועט ער נישט פאָלגען, וועט ער האָבען אויסצושטיין געברענטע צרות.

די דאַזאָרעס אַליין האָבען דעריבער געראַטען סיראָטע׳ן, כדי אויסצומיידען אומאַנגענעמליכקייטען, אַז ער זאָל אויף אַ שטיקעל צייט אַוועקפאָרען קיין ווין, ביז די לאַגע וועט זיך נישט נאָרמאַליזירען. אַגב, וועט ער האָבען אַ געלעגענ־הייט צו פאַרפולקאָמענען זיינע מוזיקאַלישע קענטעניסען ביי די באַרימטע ווינער פּראָפעסאָרען. ער האָט גאָר קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז אין ווין געפינט זיך אַפילו אַן אָפּטיילונג פון דער גראַמאָפאָן־געזעלשאַפט, מיט וועלכער ער האָט געהאַט דעם קאָנטראַקט. עטליכע טעג פאַר זיין אָפּפאָרען פון וואַרשע האָט ער באַקומען אַן אָנפראַגע פון דער גראַמאָפאָן־געזעלשאַפט אין בערלין, צי ער איז וויליג אונטערצושרייבען אַ נייעם קאָנטראַקט אויף די ביז איצטיגע באַדינ־גונגען. סיראָטע האָט געענטפערט מיט אַ ניין. נאָכדעם ווי ער איז שוין געווען אונטערוועגס, איז ווידער געקומען אַ טעלעגראַמע, צי ער איז וויליג ווייטער צו פאַרהאַנדלען, און וואָס זיינען זיינע באַדינגונגען. אויף דעם האָט שוין זיין פאַמיליע געענטפערט, אַז סיראָטע איז אָפּגעפאָרען קיין ווין.

אָט די טעלעגראַמע האָט דאָס געגעבען דעם גענעראַל־דירעקטאָר מיכעליס דעם גרונט צו טענה׳ן צו מיר און צו דראָען מיך, אַז אויב איך וועל נישט אָנ־נעמען זיינע באַדינגונגען, וועט ער באַנייען דעם קאָנטראַקט מיט סיראָטע׳ן.

ער האָט נישט אויסגעטראַכט, אַז סיראָטע געפינט זיך אין ווין, אָבער ער האָט זיך באַנוצט מיט אַ בפירוש'ן פסיכאָלאָגישען האַנדעלס־טריק, מיך אַרײַנצונאַרען וואָס שנעלער אין זײַן װענדקע. ער האָט גוט געוואוסט, וואָס ער טוט און איך האָב שפּעטער נישט ווייניג באַדויערט, וואָס אַלץ צוזאַמען האָט זיך אַזוי צוזאַמענ־געלייגט, אַז איך בין געװען געצוואונגען אין אײַלעניש אָנצונעמען באַדינגונגען, וואָס האָבען מיך שפּעטער געפּענטעט און גורם געווען גרויסע פאַרלוסטען.

איך האָב עס נישט געקאָנט מוחל זײַן דעם דירעקטאָר, וואָס ער האָט מיך אַזוי ביטרע אָפּגענאַרט. איך האָב געהאַט אַ ביטערען טעם אין מויל און כ'האָב פעסט באַשלאָסען, אַז עס וועט קומען אַ טאָג ווען כ'וועל זיך מיט אים דערפאַר אָפּרעכענען ווי געהעריג.

## דער גראַמאָפאָן צעטראָגט מיין נאָמען איבער דעם ברייטען רוסלאַנד

גאָר אינגיכען, נאָכ׳ן אונטערשרייבען דעם קאָנטראַקט מיט דער בערלינער געזעלשאַפט, האָט מען מיך אויפגעפאָדערט אַריינצוזינגען די ערשטע צען נומערען. איך האָב אויסגעקליבען פאַר׳ן אָנהויב די פאָלגענדע תפילות: „קול ד׳ יהולל אילות״, „אהבת עולם״, „והאופנים״, „יקום פורקן״ מיט׳ן „מי שברך״, „על חטא״ — דאָס אַלץ מיט האַרמאָניע־באַגלייטונג; דאַן „נקדש״ פון ניעס־וויעזשסקי, „מה גדלו״ פון לעוואַנדאָווסקי, „בלילה זה״ פון זולצער, „ושמרו״ פון דונאַיעווסקי — די לעצטע נומערען מיט׳ן כאָר.

אין געציילטע טעג אַרום האָט מען מיך גערופען אויסצוהערען די פאַרטיגע פלאַטען. ווען איך האָב דערהערט זיך אַליין, בין איך נתפעל געוואָרען. נישט שוין־זשע בין איך דאָס טאַקע? האָב איך זיך אַליין געפרעגט. די שטימע האָט געקלונגען קלאָר און מעכטיג, איך האָב אַליין פון זיך הנאה געהאַט. דער ווינער פאַרטרעטער, הער גרינפעלד, האָט מיך וואַרעם באַגריסט, אויסדריקענדיג דעם גלויבען, אַז מיט דעם היינטיגען טאָג הויבט זיך פאַקטיש אָן מיין מוזיקאַלישע און חזנ׳ישע קאַריערע. איך מוז זאָגען, אַז ער האָט נישט געמאַכט קיין טעות.

די דאָזיגע ערשטע צען גראַמאָפאָן־פלאַטען מיט די אַלטע אידישע תפילות האָבען צעטראָגען מיין נאָמען ברייט און ווייט איבער דעם גרויסען רוסלאַנד, און האָבען גענומען אַריבערוואַנדערען אויך קיין אַמעריקע. די איבעריגע ווינער חזנים, ווען זיי האָבען דאָס ערשטע מאָל דערהערט די פלאַטען, האָבען זיי מיך האַרציג באַגריסט, אָבער צו דער זעלבער צייט האָבען זיי גענומען אָפּשלאָגען די שוועלען פון די גראַמאָפאָן־געזעלשאַפטען, אָנבאָטענדיג זייער דינסט. אָבער פאַר אַ גאַנץ לאַנגער צייט האָבען דעם מאַרק פולשטענדיג באַהערשט סיראָטע און איך.

עס האָט גאָר נישט לאַנג גענומען ווי איך האָב אָנגעהויבען צו באַקומען בריוו פון די אַנדערע גראַמאָפאָן־געזעלשאַפטען מיט אָנבאָטען צו צאָלען מיר אַ סך מער, ווי די דייטשע געזעלשאַפט האָט מיט מיר אָפּגעמאַכט. דאָס האַרץ האָט מיר גוט וויי געטאָן, וואָס איך האָב מיך געלאָזט פאַרהאַנדלען אַזוי ביליג, אָבער איך האָב פאַרביסען די ליפּען און געמאַכט אַ שווייג. פאַקטיש, זייענדיג אין ווין, האָב איך נישט געהאַט די מינדעסטע פאָרשטעלונג, ווי געוואַלדיג פאַרשפּרייט עס זיינען געוואָרען מיינע פלאַטען און וואָס פאַר אַ זעק מיט גאָלד

די גראַמאָפאָן־געזעלשאַפט האָט אויף מיר געמאַכט. איך בין דאָס געוואויר גע־וואָרען ערשט שפּעטער, אויף מיין ערשטען טורנע איבער רוסלאַנד.

אין איין שיינעם טאָג באַקום איך אַן עקספּרעס־בריוו פון מיין דירעקטאָר, גרינפעלד, איך זאָל גלייך אַריבערקומען אין ביוראָ. איך האָב געמיינט — מאַלע וואָס עס איז געשען. ערשט ער ווייזט מיר אַ בריוו פון דער הויפּט־ביוראָ אין בערלין, וואו מען שרייבט, אַז פון צענדליגער שטעט פון רוסלאַנד, רומעניע, פּוילען און גאַליציע פאָדערט מען פרישע פּלאַטען פון חזן קוואַרטין, און דוקא די אַלטע, עכט־אידישע, טראַדיציאָנעלע נוסחאות. איך מוז דעריבער גלייך אַריינזינגען ווייטערדיגע צען נומערען פון מיינע אייגענע אימפּראָוויזאַ־ציעס, באַגלייט פון אַן אָרגעל.

אין אימפּראָוויזאַציעס איז ביי מיר קיינמאָל קיין דוחק נישט געווען. איך האָב גלייך באַשטעלט דעם פּראָפעסאָר בראַסלאַווסקי, אַן אויסערגעווייגליך מוזיקאַלישער מענש, וואָס האָט גוט געשפּילט אויפ׳ן אָרגעל, און אין איין פאַרמיטאָג בין איך פאַרטיג געווען מיט די צען נומערען, באַקומענדיג גלייך אויפ׳ן אָרט דעם טשעק אויף פופצען הונדערט קראָנען. עס איז געווען אַ זעהר אָנגענעמער געפיל און עס האָט מיך אָנגעפילט מיט שטאָלץ, וואָס אין קנאַפּע זעקס שעה צייט האָב איך געקאָנט פאַרדינען אַזאַ געוואַלדיגע סומע געלט צו יענער צייט. איך בין אָבער געווען צו נאַאיוו צו פאַרשטיין, אַז מיט מיינע גרויסע גליקען מאַכט מיך די קאָמפּאַניע צו נאַר, ווייל אין דער זעלבער צייט פאַרדינט זי אויף מיר מיליאָנען.

די צוואַנציג נומערען, וואָס איך האָב געדאַרפט זינגען דעם ערשטען יאָר, האָב איך געהאַט שוין אָפּגעזונגען אין די ערשטע צוויי חדשים, און איך בין שוין, הייסט עס, געווען אַ פרייער מענש. עס האָבען זיך גענומען מעלדען צו מיר אימפּרעסאַריאָס און אַגענטען פון די פאַרשידענסטע שטעט אין רוסלאַנד, ליטע און פּוילען, אַז איך זאָל אַרויספאָרען אויף קאָנצערטען. איך האָב דאָס אַלץ אָבער געמוזט אָפּלייגען אויף נאָך שבועות, ווען איך פלעג באַקומען דעם יערליכען אורלויב פון מיין טעמפּעל.

אָנהויב יוני, 1906, האָב איך דעם אורלויב באַקומען און איך האָב גע־קענט זיך אַרויסלאָזען אויף דער גרויסער רייזע איבער די אידישע שטעט אין מיין אַלטער היים און טאַקע אויך באַזוכען די נעסט, וואו איך בין געבוירען געוואָרען און זיך פרייען מיט מיינע טייערע עלטערען. מיין ערשטען קאָנצערט האָב איך געהאַט אין יעליסאַוועטגראַד, וואו איך האָב געשטעלט מיינע ערשטע מוזיקאַלישע שריט און באַקומען די ערשטע אויסבילדונג. דאָן זיינען געקומען די שטעט: יעקאַטערינאָסלאַוו, קרעמענטשוג, טשערקאַסי, ביעלאָ־צערקאָוו און אחרון אחרון חביב — מיין כמעט היימאַט־שטאָט אומאַן, וואו עס האָבען מיך שוין אָפּגעוואַרט מיינע עלטערען, מיינע ברידער און שוועסטער, מיינע אַלע מומעס און פעטערס, און אַפילו די אַלטע באָבע איז אַרויסגעקומען פון כאָנאָראָד, כדי צו שעפּען נחת פון איר אייניקעל, וואָס קערט זיך אום פון דער גרויסער וועלט,

אָבער ווי אַנדערש האָט ער איצט אויסגעזען ווי דעמאָלט, ווען ער איז פון דאַנעט אַוועקגעפאָרען.

נאָכ׳ן אומאַנער קאָנצערט זיינען מיר אַלע, די גאַנצע משפחה בראש מיט דער באָבען, אַריינגעפאָרען אויף עטליכע טעג קיין כאַנאַראַד. עס איז אָן איבער־טרייבונג געווען פאַר מיר אַ טריאומפאַלער אַהיימקער, איך האָב זיך געפרייט מיט אַלע היימישע אידען, מיט דער אָרעמקייט און מיט די קליינשטעטעלשע בעלי חלומות, וועלכע האָבען נאָך אַלץ געטרוימט וועגען דער גרויסער וועלט, אַזוי ווי איך אַליין אין מיין צייט. די שמחה, וואָס זיי האָבען געהאַט מיט מיר, זייער בן עיר, בין איך גאָר נישט אומשטאַנד צו שילדערען. מען האָט מיך ממש געטראָגען אויף די הענט. די פלאַטען מיט מיינע תפילות האָבען אַרויסגעקלונגען כמעט פון יעדען פענסטער אין מיין שטעטעל, אַזוי, אַז מען האָט שוין געוואוסט, וואָס איך קען און מען האָט שוין אַפילו נישט געדאַרפט, אַז איך זאָל פאַר זיי זינגען. אָבער איך בין שוין געווען אַ גרויסשטאָטישער און די צייט האָט מיך געיאָגט און איך האָב, ליידער, נישט געקענט פאַרבלייבען צו לאַנג מיט מיינע נאָענטסטע און טייערסטע. גלייך פון דער היים בין איך אָפּגעפאָרען צוריק קיין ווין.

איך האָב נישט געקענט נאָכקומען אַלע וואונשען צו באַזוכען צענדליגער אַנדערע אידישע שטעט און האָב דאָס געמוזט אָפּלייגען אויפ׳ן ווינטער, ווען איך האָב געהאָפט אַרויסצובאַקומען אַ צווייטען אורלויב פון מיינע גבאים. איך האָב געטראָפען מיין פאַמיליע, דער עיקר די קינדער, געזונט און האָב געדאַ־ווענט די ימים נוראים ביי דער בעסטער שטימע, אַרויסרופענדיג די טיפסטע באַגייסטערונג ביי די מתפללים, און דער עיקר ביי דעם פאָרשטאַנד, וואָס עס האָט מיך נאָך מער פאַרשטאַרקט אין דעם גלויבען, אַז זיי וועלען מיך נאָכאַמאָל „אַרויסלאָזען״, ווייל ווען איך קום צוריק פון אַזאַ רייזע איבער דער אַלטער היים, בין איך נאָך מער אָנגעזאַפּט מיט דעם אַלטען אידישען נוסח און דאַווען נאָך בעסער.

און ווירקליך, אין יאַנואַר 1907, האָב איך באַקומען אַ צווייטען אורלויב אויף פיר וואָכען און האָב מיך אַרויסגעלאָזט מיט אַ סעריע פון אַכט קאָנצערטען איבער אַזעלכע שטעט, ווי ווילנע און ביאַליסטאָק, די סאַמע געדיכטעניש און סאַמע האַרציגקייט פון אידישען לעבען. אויף דער גרענעץ, אין פּאָדוואָלאָ־טשיסק, האָט מיך שוין אָפּגעוואַרט מיין אימפּרעסאַריאָ אַ לוסטיגער מיט דער גוטער בשורה, אַז אַלע בילעטען אויף די קאָנצערטען זיינען אויספאַרקויפט און אַז גלייך דאָ אויף דער גרענעץ איז ער גרייט אָפּצומאַכען מיט מיר אויף ווייטער־דיגע צען קאָנצערטען. אָבער איך האָב אים אַביסעל אָפּגעקילט, אַז איך בין נישט דער פולער בעל הבית איבער זיך און מען וועט רעדען וועגען דעם שפּעטער.

איך וועל אַ גאַנץ לעבען נישט פאַרגעסען מיין קאָנצערט אין ווילנע, וועלכער איז געגאַנגען לטובת דער געזעלשאַפט „מושב זקנים״, אָבער וועלכער האָט

צוגעצויגען טויזענטער אידען, וועלכע האָבען זיך גאַרנישט געקענט אָנזעטיגען מיט דעם קרעכץ פון דער אידישער תפילה, וועלכען איך האָב דאָ אין ווילנע אַרויסגעבראַכט מיט אַ באַזונדער שברת הלב און מיט אַן אַריינלעבען זיך אין דעם אידישען גורל. אומעטום וואו איך בין געגאַנגען און געשטאַנען האָט דער גראַמאָפאָן געטרומייטערט מיט סיראָטע׳ס און מיינע פלאַטען. עפּעס האָט זיך מיר דעמאָלט אויסגעוויזען, אַז אידען טוען גאָרנישט קיין שום אַנדער זאַך, ווי נאָר זיי ליובען זיך מיט זייערע חזנים. אַך, וואָס פאַר אַ גליקליכע צייטען זיינען עס דעמאָלט געווען!

אין ווילנער האָטעל זיינען געקומען צו מיר צוויי יונגעלייט און זיך פאָר־געשטעלט, אַז זיי זיינען ברידער און הייסען איסערלין. אויף מיין פראַגע, וואָס זיי פאַרלאַנגען, האָבען זיי געענטפערט, אַז זיי ווילען האָבען דעם כבוד איך זאָל זיין זייער גאַסט אין אָווענט אויף אַ ספּעציעלען באַנקעט, וואָס זיי אָרדענען איין פאַר מיר. „וואָס איז די גדולה״, האָב איך געפרעגט, „וואָס איר פאַרבעט מיך עפּעס צו זיך, בעת מיר זיינען גאָר אינגאַנצען נישט באַקאַנט?״

אויף דעם האָבען זיי מיר דערציילט די פאָלגענדע געשיכטע: זיי האָבען שוין זייט יאָרען אַ געשעפט פון גראַמאָפאָנען און פלאַטען און האָבען קוים געמאַכט אַ לעבען. אָבער פאַר די לעצטע עטליכע חדשים האָט זיך ממש אַן אוצר אַנטדעקט פאַר זיי, און דער אוצר דאָס זיינען די פלאַטען פון חזן קוואַרטין, וואָס זיינען אָנגעקומען פון בערלין. עס איז זיי געלונגען צו באַקומען דעם אויס־שליסליכען פאַרקויף פון די פלאַטען פאַר פוילען, ליטע און קורלאַנד, און פאַר די לעצטע פינף חדשים האָבען זיי באַוויזען צו פאַרקויפען ביז אַ האַלבען מיליאָן פלאַטען, דאָס איז אַ סך מער ווי זיי האָבען פאַרקויפט אינאיינעם אַלע פלאַטען פון אַלערליי קינסטלער פאַר די פינף יאָר, וואָס זיי האַלטען דאָס געשעפט.

און די ברידער איסערלין האָבען ווייטער דערציילט, אַז זיי האָבען גע־מאַכט אַ גרויס פאַרמעגען אויך אַ דאַנק דעם, וואָס זיי פאַרקויפען נישט קוואַרטינ׳ס פלאַטען, אויב מען נעמט נישט ביי זיי גלייכצייטיג דעם גראַמאָפאָן אויף וועלכען צו שפּילען די פלאַטען. דאָס איז אַ באַזונדער קוואַל פון הכנסה. זיי וואָלטען געקענט פאַרקויפען צוויי מאָל אַזוי פיל ווי איצט, נאָר די געזעל־שאַפט איז גאָר נישט אומשטאַנד צו ליפערען אַזוי פיל פלאַטען וויפיל דער מאַרק פאָדערט. איצט איז די געזעלשאַפט געפאַלען אויף אַ פלאַן צו עפענען אין וואַרשע, אָדער אין ווילנע, אַ פאַבריק, וואָס וועט רעפּראָדוצירען פלאַטען פון די מאַטריצען, וואָס וועלען אַהער אַריבערגעשיקט ווערען. אַזוי אַרום וועט די פּראָדוקציע שטאַרק צוגעאיילט ווערען און דער פאַרדינסט וועט נאָך גרעסער ווערען.

„איצט פאַרשטייט איר שוין, הער קוואַרטין״, האָבען די צוויי ברידער פאַר־געזעצט, „פאַרוואָס איר זענט אונז אַזוי טייער און פאַרוואָס מיר ווילען אייך פאַר דעם גליק, וואָס איר האָט אונז צוגעשאַרט, אָפּדאַנקען כאָטשבי מיט

אַ באַשיידענעם באַנקעט אין אונזער הויז״. איך האָב זייער איינלאַדונג אָנגענומען, ווייל זיי זיינען געווען גאַנץ אויפריכטיג, און טאַקע, ווער קען באַשולדיגען אָט די אידען, וואָס דער מן פון הימעל האָט זיך פאַר זיי אַ שאָט געטאָן? און וואָס וועל איך זיי דאָ גיין דערציילען, ווי די דייטשען האָבען מיך אויסגענוצט, כדי צו מאַכען פון מיר אַ פאַרמעגען?

אויפ׳ן וועג צוריק קיין ווין האָב איך געהאַט מער צייט נאָכצוטראַכטען וועגען דער גאַנצער זאַך. איצט האָב איך שוין מיט מיינע אייגענע אויגען געזען, וואָס עס באַדייטען מיינע פלאַטען אויף דער אידישער גאַס, און עס האָט מיך אַרומגענומען אַ ביטערער פאַרדרוס אויף דער אומגערעכטיגקייט וואָס ווערט לגבי מיר געטאָן. דער קאַפּיטאַל האָט איינגעשפּאַנט די קראַפט און דעם טאַלאַנט פון קינסטלער, כדי אויף זיין חשבון רייך צו ווערען. און ווען איך וועל פאַרלירען די פעהיגקייט ווייטער צו זינגען — וועט זיך קיינער אויף מיר נישט אומקוקען, און אין דער זעלבער צייט וועט די געזעלשאַפט ווייטער דרייען מיינע פלאַטען און אָנשיטען פרישע זעק מיט געלט.

איך האָב זיך געבונטעוועט מיט אַלע מיינע כחות, אָבער איך האָב נישט געוואוסט קאָנקרעט וואָס מען הויבט אָן צו טאָן. איך בין געווען געבונדען מיט אַ שטאַרקען קאָנטראַקט אויף אַלע זייטען און וואו וועל איך נעמען דעם כח צו ווערען זיך געגען מיינע אויסנוצער?

# אַ קאַמף מיט מײנע דײטשע עקספּלואַטאַטאָרס

אָפּגעטונקען אין די אַלטע הײמישע קוואַלען, בין איך אַ מונטערער און מיט פרישען גלויבען צוריקגעקומען קײן װין פון מײן צװײטער רײזע איבער רוסלאַנד. אין דער הײם האָב איך געטראָפען עטליכע בריװ פון גראַמאָפאָן־קאָמפּאַניס, אַז זײ װילען מיט מיר פאַרהאַנדלען װעגען אַרײנזינגען פאַר זײ. איך האָב געװאוסט, אַז דאָס זײנען דברים בטלים, װײל מיט הענט און פיס בין איך געבונדען דורך מײן געזעלשאַפט. אָבער דאָך איז דער יצר הרע געװען גרױס צו הערען, װאָס אַזױנס אָט די געזעלשאַפטען קענען מיר אָנבאָטען.

די פּאַטעי־געזעלשאַפט האָט מיר אָנגעבאָטען צען טױזענט קראָנען אַ יאָר מיט אַ קאָנטראַקט אױף דרײ יאָר, אַרײנצוזינגען צװאַנציג נומערען אַ יאָר, מיט די אױסשליסליכע רעכט פאַר זײער געזעלשאַפט. די אָדעאָן־געזעלשאַפט, װעלכע האָט שױן געװאוסט, אַז איך בין געבונדען מיט אַ קאָנטראַקט פון אױסשליסליכקײט מיט דער דײטשער געזעלשאַפט, האָט מיך געשטעלט פאַר נאָך אַ גרעסערען נסיון, אָנבאָטענדיג מיר פופצען טױזענט קראָנען אַ יאָר פאַר דרײסיג נומערען, אױך מיט אַ קאָנטראַקט אױף דרײ יאָר.

איך בין אַװעק פון דאָרט אינגאַנצען אַ פריטשמעליעטער. אָט װי אַזױ די חברה האָבען מיך, דעם פראָװינצער יאָלד, אַרײנגענאַרט אין זאַק אַרײן. איצט לײגט מען מיר פאָר פינף מאָל אַזױ פיל װי די סומע פאַר װעלכער איך, דער נאַר, האָב מיט די אײגענע הענט זיך פאַרקױפט, און דערצו נאָך אױף אַ צײט פון פינף יאָר. איך האָב מיר קײן רו נישט געקענט געפינען. די בעסטע פינף יאָר פון מײן לעבען דאַרף איך אַװעקגעבען כדי רײך צו מאַכען די דײטשע געזעל־שאַפט. איך האָב בפירוש געזען װי זײ לאַכען פון מיר אין די פױסטען.

אַהײמקומענדיג האָב איך נאָכאַמאָל אַרױסגענומען דעם קאָנטראַקט, װאָס איך האָב אונטערגעשריבען, אים גענומען לײענען גאַנץ פאָרזיכטיג, אפשר װעל איך דאָך געפינען עפּעס אַ „פּריטשעפּקע", װאָס זאָל מיר געבען אַ געלעגענהײט אַביסעל אױסצובעסערען מײנע באַדינגונגען. אָבער לײען אַהין און לײען אַהער, עס איז שװאַרץ אױף װײס גע׳חתמ׳עט, אַז איך בין אַ געבונדענער צו די גױים, און איך קען גאָרנישט מאַכען. דאָך האָב איך באַשלאָסען, איך װעל אַרײנגײן צו אַן אַדװאָקאַט און פרעגען, נישט שױן־זשע איז טאַקע נישטאָ קײן עצה געגען אַזאַ אומדערהערטער אױסנוצערײ?

דער אַדװאָקאַט האָט צוגענומען צװאַנציג קראָנען פאַר׳ן װיזיט, האָט צװײ

מאָל איבערגעלייענט דעם קאָנטראַקט, געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געזאָגט, אַז עס איז אַ שאָד יעדער גראָשען, וואָס איך וויל פּטר׳ן אויף דעם עסק, איך וועל גאָרנישט אויפטאָן, ווייל אין געריכט וועל איך פאַרשפּילען. ווי פאַרביטערט איך בין נישט געווען, האָב איך דאָך באַשלאָסען איך וועל פרעגען אַ צווייטען אַדוואָקאַט, אַ סך אַ גרעסערען ווי דעם ערשטען. איך האָב באַצאָלט דאָס מאָל פינף און צוואַנציג קראָנען פאַר׳ן וויזיט, האָב מיט׳ן גאַנצען האַרצען דערקלערט מיינע טענות, אַז אַן ערליך געריכט דאַרף איינזען, אַז מען האָט מיך דאָ אויף אַ געמיינעם אופן אויסגענוצט, און אַז איך האָב אַ רעכט צו פאַרלאַנגען פון מיין געזעלשאַפט דעם זעלבען פּרייז, וואָס די אַנדערע געזעלשאַפטען באַטען מיר אָן.

ער האָט מיך גאַנץ רואיג אויסגעהערט און צום סוף געזאָגט: הער אויבער־קאַנטאָר, איר זענט נאָך באמת אַ זעהר נאַאיווער יונגערמאַן, ווען איר נעמט זוכען יושר נאָכדעם ווי איר האָט שוין צוואַנציג נומערען אַריינגעזונגען און האָט שוין אָפּגענומען דאָס געלט דערפאַר. דער קאָנטראַקט איז געמאַכט גע־מאַכט געוואָרען מיט דער דייטשער פּינקטליכקייט און איז אַזוי פעסט און בינדענד געגען אייך, אַז איר קענט בשום אופן אין אים די קלענסטע פּגימה נישט געפינען. עס איז אַ שאָד אייער יעדער גראָשען, יונגערמאַן.

אָט אַזוי בין איך געוואָרען אַן אַדוואָקאַטען־גייער. יעדער פרישער אָפּזאָג אויפצוגעמען מיין ענין האָט מיך נאָך מער פאַרביטערט געמאַכט, אָבער גלייכ־צייטיג האָב איך מיך אָנגענומען מיט אַ פעסטער אינערליכער אַנטשלאָסענקייט, אַז איך וועל מיך בשום אופן נישט לאָזען מער אויסנוצען און אַז סוף־כל־סוף וועל איך זיך דערשלאָגען צו מיינע רעכט. ווען איך האָב אַזוי צום הונדערט־סטען מאָל איבערגעלייענט מיין אייגענעם קאָנטראַקט, האָב איך קודם כל אויסגעפונען, אַז איך בין נישט געבונדען מיט קיין באַשטימטער צייט אין יאָר, דאָס מיינט, אַז איך קען אַריינזינגען אין וועלכער צייט איך וועל דאָס געפינען פאַר פּאַסיג.

איך האָב דעריבער באַשלאָסען קודם כל זיך צו באַנוצען מיט דער דאָזיגער פּריווילעגיע מיינער און נישט זינגען דוקא דעמאָלט, ווען די געזעלשאַפט וועט דאָס דאַרפען האָבען פאַר אירע געשעפטען. ווייטער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט דער געדאַנק: דאָ איז דאָך אַ בפירושער מקח־טעות, און איך האָב דאָך אַמאָל אין מיין יוגענט געלערענט, אַז אַ מקח טעות קאָן מען מבטל מאַכען. נישט שוין זשע קאָן מען נישט קומען צום געריכט אין אַזאַ פרייען לאַנד, ווי עסטרייך האָט זיך דעמאָלט גערעכענט, און זיי אויפווייזען, אַז מען האָט מיך פאַרפירט און געמיין אָפּגענאַרט, אַז איך האָב געמאַכט אַ מקח טעות, און סיי לויט׳ן אידישען דין און סיי לויט אַלע מענטשליכע געזעצען דאַרף מען דעם אָפּמאַך מבטל מאַכען?

איך בין נאָך אַלץ אַרומגעגאַנגען צו די ווינער אַדוואָקאַטען, דאָס מאָל האָב איך זיי געבעטען נאָכצוזוכען אין דעם עסטרייכישען קאָדעקס, צי דאָרט איז נישטאָ אַן ענליכער פּונקט, ווי דער אידישער „מקח טעות", אויפ׳ן גרונט פון

וועלכען עס זאָל זיך לאָזען מיין קאָנטראַקט מבטל מאַכען. זיי האָבען ווידער גענומען ביי מיר געלט און צוגעזאָגט נאָכצוקוקען. מיין לעצטער אַדוואָקאַט איז געווען דאָקטאָר גרין, אַן איידעם פון דעם פּרעזידענט פון מיין טעמפּעל, הער בעק, טאַקע דער פּרעזידענט אַליין האָט אים מיר רעקאָמענדירט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַקענט מיט דער גאַנצער זאַך און האָט אויך איינגעפונען, אַז איך טאָר מיך בשום אופן נישט לאָזען מער אויסנוצען אויף אַזאַ גראָבען אופן.

דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן מיט אַ שאַרפען אידישען קאָפּ, און ער האָט דער ערשטער מיר צוגעגעבען מוט, באַטאָנענדיג, אַז עס איז טאַקע זעהר אַ שווערע „ספּראַווע", אָבער עס לוינט זיך אָפּצוגעבען מיט איר. ער האָט געבעטען עטליכע טעג צייט זיך בעסער צו באַקענען מיט דער געזעצגעבונג וועגען אַזעלכע ענינים. דערווייל האָב איך באַקומען אַ דרינגענדע אַרויספאָדערונג פון דעם דירעקטאָר גרינפעלד, אַז איך זאָל צו אים אַריבערקומען. ער האָט מיך אויפגענומען מיט אויסערגעוויינליכער פריינטליכקייט: „וואָס מאַכט איר עפּעס, הער אויבער־קאַנטאָר? און ווי איז אויסגעפאַלען אייער טורנע איבער רוסלאַנד, הער אויבער־קאַנטאָר?"

איך האָב מיר געטראַכט: הינטער דיינע זיסע ריידעלעך איז באַהאַלטען גנבה און גזילה. דו ווערסט זיך שוין ביי מיר אויסריכטען, אויב דו מיינסט אַז איך וועל זיך שטענדיג לאָזען מעלקען, כדי אָנצושטופען די קעשענעס פון מיינע דייטשע בעלי בתים. ער נעמט מיר דערציילען, אַז פון אַלע עקען וועלט קומען אַן טויזענטער דאַנק־בריוו פאַר מיינע פּלאַטען און אַז פון אומעטום בעט מען פרישע תפילות, און ער האָט באַקומען פון אויבער־דירעקטאָר, הער מיכעליס, דעם אויפטראַג צו אַנגאַזשירען, אַז איך זאָל אַריינזינגען צוואַנציג פרישע נומערען, און אויב איך וויל אַריינזינגען דרייסיג נומערען, איז אודאי גוט.

איך האָב דאָס אַלץ אויסגעהערט און האָב גאַנץ רואיג געענטפערט, אַז אַזוי ווי איך בין נישט לאַנג געקומען פון אַ ווייטען וועג, וועט די געזעלשאַפט מוזען האָבען אַביסעל געדולד, ביז איך וועל ווי געהעריג אויסרוען מיין שטימע און קאָנען ווייטער זינגען. ער איז נישט געווען צופרידען פון דעם ענטפער, ווייל איך שטעל אָפּ פּאַקטיש די טעטיגקייט פון זיין אידישען דעפּאַרטאַמענט, אָבער — איך האָב אים נישט געקאָנט העלפען און בין אַוועקגעגאַנגען גלייך צו מיין דאָקטאָר גרין געוואויר ווערען, אפשר האָט ער עפּעס אַ גוטע בשורה פאַר מיר.

ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער האָט יאָ אויסגעפונען אין דעם עסטרייכישען קאָדעקס אַ פּונקט, וואָס קאָן ענליך זיין צו דעם אידישען „מקח טעות", און הגם שטאַרק בויען אויף דעם קאָן מען נישט, וועט ער דאָך דעם פּראָצעס אָנגע־מען, אַן גאַראַנטיעס, פאַרשטייט זיך, אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט, אַז איך זועל אים געווינען. דער דערמאָנטער פּונקט אין עסטרייכישען קאָדעקס האָט געזאָגט, אַז ווען עס ווערט געמאַכט אַ געשעפט צווישען צוויי מענשען און דער פאַרקויפער געפינט אויס, אַז ער איז אָפּגענאַרט געוואָרען מער ווי אויף

אַ העלפּט פון דעם ווערט פון דער סחורה, דאַן קאָן דער פּאַרקויפער פּאַרלאַנגען דאָס געשעפט בטל צו מאַכען. דאָקטאָר גרין האָט מיך שטאַרק אונטערהאַלטען אין מיין באַשלוס דערוויל קיין ווייטערדיגע נומערען נישט אַריינצוזינגען, אָבער אויך נישט אָפּצושליסען קיין שום נייעם קאָנטראַקט מיט אַ וועלכער עס איז אַנדערער געזעלשאַפט.

עס איז נישט אַריבער קיין וואָך צייט און איך בין ווידער גערופען געוואָרען דורך דער געזעלשאַפט אַריינצוזינגען פרישע נומערען. איך האָב זיי געגעבען דעם זעלבען תירוץ, אַז די שטימע איז נישט ביי מיר ווי עס געהער צו זיין, און וואָס וועלען זיי האָבען דערפון, ווען איך וועל אַריינזינגען און די פּלאַטען וועלען צו גאָרנישט נישט טויגען. דעם הער גרינפעלד איז מיין ענטפער ווידער נישט געפעלען און ער האָט זיך געוואָרפען, אַז מיט מיין האַנדלונג ברענג איך שאַדען דער געזעלשאַפט.

איך האָב געקאָנט באַמערקען, אַז דער הער גרינפעלד גלויבט מיר נישט איינגאַנצען, אַז איך בין נישט ביי דער שטימע. און ער האָט טאַקע באַשלאָסען זיך אין דעם צו איבערצייגען. פרייטאָג צו־נאַכטס איז דער פּאַרשוין געקומען צו מיר אין טעמפּעל אַריין. ווען איך האָב געענדיגט, און ווי געוויינליך האָבען אידען מיר גערוקט „יישר כח'ס" אין האַנט אַריין, ערשט איך זע, דער הער גרינפעלד גראַטולירט מיר אויך מיט אַ ברייטען שמייכעל אויפ'ן פּנים, ווי איינער זאָגט: יונגערמאַן, איך האָב דיך געפּאַקט ביי דער האַנט און איצט וועסטו זיך שוין מער נישט אַרויסדרייען.

ווען ער האָט מיך גערופען דעם נאָענטסטען מאָנטאָג און דערקלערט, אַז ער האָט שוין אַלץ צוגעגרייט פאַר מיטוואָך, אַז איך זאָל אַריינזינגען, האָב איך געזען, אַז עס איז געקומען די צייט אַרויסצוגיין מיט אָפענעם לשון און איך האָב אים גאַנץ איינפאַך דערקלערט, אַז איך האָב באַשלאָסען מער פאַר דער דייטשער געזעלשאַפט נישט צו זינגען.

דער חברה־מאַן האָט געקראָגען אַלע קאָלירען אין פּנים: „וואָס הייסט איר וועט נישט זינגען — און דער קאָנטראַקט וועלכען איר האָט אונטערגע־שריבען?" האָט ער מיט שנאה אַרויסגעסיטשעט דורך די ציין. איך בין געווען גאַנץ רואיג און האָב געזאָגט, אַז „כל זמן איר וועט מיר נישט באַצאָלען פאַר מיין אַרבעט לויט איר ווערט, וועל איך מער פאַר אייך נישט זינגען". ער איז געוואָרען נאָך מער צאָרענדיג און האָט, ווי איך האָב געקאָנט דערוואַרטען, גענומען מיך דראָען מיט'ן געזעץ. „אונזער געזעלשאַפט וועט אייך לערנען ווי דאָס געזעץ צו רעספּעקטירען", האָט ער געדונערט אויף מיר.

איך האָב מיט דער גאַנצער קאַלטקייט געענטפערט, אַז „אויב געזעץ מיינט: עקספּלואַטירען דעם מאַרך און בלוט פון אַ קינסטלער, אויסנוצען די בעסטע יונגע יאָרען זיינע און אַליין רייך ווערען אויף זיין חשבון און אים פאַר יוצא וועגען צוואַרפען אַ ביין — אויב דאָס איז געזעץ און גערעכטיגקייט, דאַן האָט איר געוואונען. אָבער איך האָב אַן אַנדער פאַרשטעלונג פון געזעץ, און

איך גלויב, אַז אויך דאָס עסטרייכישע געריכט וועט אַנדערש אויפפּאַסען די גאַנצע זאַך. איך בין פעסט אַנטשלאָסען נישט צו לאָזען זיך מער אויסנוצען פון איך און איצט — אַ גוטען טאָג, איר זייט פריי צו האַנדלען אַזוי ווי איר פאַרשטייט".

איך בין געווען שטאַרק אויפגערעגט און האָב גערעדט נאָך אַ סך אַנדערע זאַכען אפשר אויך אַזעלכע, וואָס מען האָט נישט געדאַרפט רעדען. אָבער איך האָב געברענט מיט אַן אינערליכען פייער, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה, וואָס קוקט אין פנים אַריין דעם מערדער, וואָס גייט אויף איר אין יאַגד. עס איז מיר שוין געווען אַלץ איינס, מעג איך אַפילו דעם פּראָצעס פאַרשפּילען, אָבער איך וועל מיך נישט לאָזען ווייטער שפּייען אין פנים אַריין. און אַזוי האָב איך אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און בין אַוועק.

# אַ שיינע און גליקליכע צייט אין מיין לעבען

דעם זעלבען טאָג נאָכמיטאָג האָב איך באַקומען אַן אויפפאָדערונג פון דעם אַדוואָקאַט פון דער פירמע, אַז איך זאָל מיך צו אים מעלדען. איך האָב מיך נישט געאיילט, אָנשטאָט דעם בין איך גיכער אַוועק צו מיין דאָקטאָר גרין. אים איז שטאַרק געפעלען געוואָרען ווי אַזוי איך האָב גע׳טענה׳ט, און האָט פון מיר פאַרלאַנגט, אַז ווען עס וועט קומען צו אַ געריכט, וועל איך אַליין טענה׳ן און ער וועט נאָר פאַרטרעטען די לעגאַלע זייט. וואָס ס׳איז שייך צום אַדוואָקאַט פון דער פירמע, זאָל איך מיט אים קיין סך נישט אַרגומענטירען, נאָר פשוט דערקלערען, אַז איך בין נישט גענייגט מער צו זינגען פאַר דער דייטשער געזעלשאַפט.

איך האָב געפרעגט מיין דאָקטאָר גרין: „וואָס וועט זיין, טאָמער וועט די געזעלשאַפט דעם פראָצעס געווינען, דאַן וועלען זיי דאָך אַרויפלייגען אַן אַרעסט אויף מיין לוין אין טעמפעל, און עס קאָן נאָך קומען צו חרפות און בזיונות”. אויף דעם האָט ער מיך באַרואיגט, אַז ער איז זיכער אין דעם, אַז עס וועט צו דעם נישט קומען. דערוויל האָט דער הער גרינפעלד, זיך נישט קאָנענדיג אַליין אַן עצה געבען מיט דער געשאַפענער לאַגע, אַרויסגעפאָדערט דעם גענעראַל־דירעקטאָר, מיכעליס, אַז ער זאָל קומען קיין ווין.

דער געשפרעך מיט׳ן גענעראַל־דירעקטאָר איז געווען אַ בייזער און אַ חוצפה׳דיגער. ער האָט גערעדט מיט דעם טאָן פון אַ הערשער, וואָס האָט מיך אָפגעקויפט אויף לעולם ועד און איך בין שוין אינגאַנצען מער נישט קיין בעל הבית איבער זיך, נישט איבער מיין שטימע און נישט איבער דעם גורל פון מיין ווייב און קינדער. זיין אַדוואָקאַט איז געזעסען דערביי און אַן אַנגעלאָפענער מיט בלוט אין געזיכט האָט ער מיר געגעבען די לעצטע וואָרענונג, אַז אויב איך וועל גלייך נישט געבען קיין ענטפער, אַז איך וועל מאָרגען אַריינזינגען ווייטערדיגע צוואַנציג נומערען, וועט זיין אַדוואָקאַט איבערגעבען די זאַך אין געריכט.

אויף דער דאָזיגער חוצפה׳דיגער טאָן האָט מיך נישט אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט. אויף אַזאַ שפּראַך, האָב איך געזאָגט, האָב איך בלויז איין ענטפער: ניין! איך באַטראַכט זיך נאָר פאַר דעם בעל הבית איבער מיין שטימע, איבער מיין בלוט און שוויס און איבער די אַלע אומגעהויערע אָנשטרענגונגען, וואָס עס האָט מיך געקאָסט אָט די שטימע צו אַנטוויקלען צו איר איצטיגער מדרגה.

אויב ער וויל מיט מיר ריידען ריין סוחר׳יש, פּאַרנונפטיג, ווי איין מענש רעדט מיט דעם צווייטען, דאַן וואָלטען מיר אפשר געקאָנט קומען צו אַ פאַר־שטענדיגונג אָן דעם געריכט.

ער האָט זיך אַביסעל באַרוהיגט און געזאָגט: „נו, גוט, לאָמיר הערען, וואָס איר האָט צו זאָגען". האָב איך אים געזאָגט, אַז ער זאָל זיך אויף אַ מינוט אַריינטראַכטען אין מיין לאַגע. דאָס געפיל, אַז איך מיט מיין פּראַצע ווער אויסגע־נוצט פאַר גרויסע פּראָפיטען דורך זיין געזעלשאַפט, באַקומענדיג דערפאַר צוגעוואָרפען אָרעמע גראָשענס — אָט דאָס דאָזיגע געפיל גיט מיר קיין רו נישט און לאָזט מיר נישט זיך קאָנצענטרירען, כדי אין געהעריגער האַרמאָניע אויסצופירען מיינע פליכטען, וועלכע זיינען דאָך נישט קיין ריין מעכאַנישע, נאָר זיי פאָדערען אַ טיפען פּראָצעס פון אינערליכער צוגרייטונג.

איך האָב אים דאַן דערציילט, וואָס איך האָב אויסגעפונען אין רוסלאַנד וועגען דעם פאַרקויף פון מיינע פּלאַטען, וואָס די ברידער איסערלין פון ווילנע האָבען מיר דערציילט, ווי מען רייסט פשוט פון אונטער די הענט די פּלאַטען מיט מיינע תפילות. די געזעלשאַפט מאַכט אויף מיר מיליאָנען קראָנען, און דאָס אַלץ דערפאַר, וואָס איך בין געווען נאַאיוו און אָן דערפאַרונג.

ער האָט דאַן אַרויסגעלייגט זיינע טענות, אַז שיין וואָלט די געזעלשאַפט אויסגעזען, ווען זי וואָלט זיך געלאָזט דיקטירען באַדינגונגען פון יעדען קינסט־לער, נאָכדעם ווי ער האָט אונטערגעשריבען אַ קאָנטראַקט און האָט שוין באַקומען געלט לויט דעם קאָנטראַקט. „אָט האָט זיך איין קינסטלער פאַרגלוסט מיט אונז צו דרייען, וועט איר באַלד הערען מיט וואָס דאָס האָט זיך אויס־געלאָזט". און ער ווענדעט זיך צו זיין אַדוואָקאַט, אַז ער זאָל אים דערלאַנגען די פּאַפּירען פון אָפּערע־זינגער לעאָ שלעזאַק.

דער שלעזאַק איז צו יענער צייט געווען איינער פון די באַרימטסטע אָפּערע־זינגער אין דער ווינער אָפּערע. מען קאָן זאָגען, אַז ער איז געווען דער צווייטער נאָך קאַרוזאָ׳ן. אָבער ער איז פונקט ווי איך געווען אַ גרויסער בטלן אין געשעפט־זאַכען. די זעלבע געזעלשאַפט האָט אים אַריינגעכאַפּט אין אירע נעגעל פאַר אַ שיבוש און האָט געמאַכט אויף אים אַ גרויס פאַרמעגען. ער איז אין כעס געוואָרען און איז אַוועק צו דער אָדעאָן־געזעלשאַפט און האָט אַריינגעזונגען צען פון זיינע בעסטע אַריעס און האָט באַקומען באַצאָלט אַכט מאָל אַזוי פיל, וויפיל די דייטשע געזעלשאַפט האָט אים באַצאָלט.

די געזעלשאַפט האָט אים פאַרקלאָגט אין געריכט אויף אַ פערטעל מיליאָן קראָנען שאָדענערזאַץ. דאָס געריכט האָט צוגע׳משפט דער געזעלשאַפט טאַקע נישט קיין פערטעל מיליאָן, אָבער צוויי און ניינציג טויזענט קראָנען האָט ער יאָ געדאַרפט באַצאָלען. ער האָט אויך געמוזט אַנולירען דעם קאָנטראַקט מיט דער נייער געזעלשאַפט און אויך איר באַצאָלען שאָדענערזאַץ. אָט די פּאַפּירען האָט דאָס דער אַדוואָקאַט אַרויסגעשלעפּט, כדי מיך אָנצושרעקען. ווען ער האָט

געלייענט די פּאַפּירען, האָט עס אויסגעזען, ווי ער וואָלט שוין געלייענט דעם געריכט־אורטייל קעגען מיר...

איך האָב געלאָזט דעם דירעקטאָר זיך געננוג אויסשרייען און אויסבייזערען זיך און זיך מאַכען וויכטיג. דערנאָך האָב איך מיט דער גאַנצער קאַלטבלוטיג־קייט געענטפערט, אַז עס איז פאַראַן אַ קליינער אונטערשיד צווישען שלעזאַק'ן און מיר: איך האָב נאָך דערוויל ביי אַן אַנדער קאָמפּאַניע נישט אַריינגעזונגען און ער האָט נאָך דערוויל ביי מיר גאָרנישט צו פאָדערען. קיין צוויי און ניינציג טויזענט קראָנען קאָן ער ביי מיר נישט אַרויסקריגען ווי לאַנג ער וועט לעבען... אויב ער וועט גיין מיט מיר מיט בייזען, קאָן ער דערגרייכען בלויז איין זאַך: קיין געלט פון מיר וועט ער נישט קריגען, אָבער אויך קיין פּלאַטען, וואָס צו פאַרקויפען, וועט ער אויך נישט האָבען. דעריבער איז אַ סך גלייכער, אַז אַנשטאָט וועגען פּראָצעסען, זאָל ער ליבערשט רעדען מיט מיר תכלית...

מיינע אַלע רייד האָבען דערוויל קיין רעזולטאַט נישט געבראַכט. ווען איך האָב געפרעגט מיין אַדוואָקאַט, דעם דאָקטאָר גרין, ווי לאַנג אַזאַ פּראָצעס קאָן זיך ציען, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער קאָן אים ציען אַזוי לאַנג ווי איך אַליין וועל נאָר וועלען. די פראַגע פון צייט האָט דאָ געשפּילט די הויפּט־ראָלע, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז זיי מוזען האָבען מיין מאַרקע, וועלכע איז שטאַרק געפּאָדערט געוואָרען פון אַלע עקען וועלט, און לאַנג וועלען זיי נישט קאָנען פאַרציען און וועלען מוזען פּראָדוצירען נייע פּלאַטען פאַר יעדען פּרייז.

גאָר אינגיכען האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז איך בין געווען גערעכט. ווידער האָט מיך דער גענעראַל־דירעקטאָר גערופען און ער האָט גאָר גענומען אַפּעלירען צו מיר וועגען יושר: „ס'טייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען? מיר, וואָס האָבען אייך די ערשטע פּאָפּולער געמאַכט איבער דער וועלט, זאָלט איר אונז אָפּצאָלען מיט אַזאַ אומדאַנקבאַרקייט?" ער, הייסט עס, איז דאָס גאָר געווען דער קאָזאַק הנגזל! אָבער פון זיין אָרט רעדען איז שוין געווען קענטיג, אַז ער וויל גיין אויף פּשרות.

אוןווירקליך, ער האָט גלייך פאַרדרייט אין אַן אַנדער זייט: „פּרינציפּיעל", האָט ער געזאָגט, „האַלטען מיר זיך זעהר שטרענג ביי די פּונקטען פון אונזערע אָפּמאַכען, אָבער מיט אייך זיינען מיר גרייט צו מאַכען אַן אויסנאַם: אַנשטאָט דריי טויזענט קראָנען אַ יאָר, וועלען מיר אייך צאָלען פיר טויזענט פינף הונדערט קראָנען אַ יאָר". הייסט עס, דער שטיין האָט זיך גערירט פון אָרט. האָב איך טאַקע געענטפערט, אַז וויינציגער ווי פופצען טויזענט קראָנען אַ יאָר, אַזוי ווי עס באַטען מיר אָן די אַנדערע געזעלשאַפטען, וועל איך נישט נעמען. אויב קלענערע געזעלשאַפטען זיינען אומשטאַנד צו צאָלען אַזאַ סומע, וועט עס די מעכטיגע דייטשע געזעלשאַפט זיכער אויסהאַלטען.

ער האָט געענטפערט, אַז אַזוי ווי ער איילט זיך און מוז דרינגענד צוריק־פאָרען קיין בערלין, וועט ער מיר מאַכען דעם לעצטען אָנבאָט: זעקס טויזענט

קראַנקען. איך האָב מיך אַלץ געהאַלטען בײַ מײַנס, אַז דאָס מינדעסטע איז פּופּצען טויזענט. אָבער מען דאַרף דאָך מיט עפּעס אַנטקעגענקומען, האָב איך אײַנגעשטימט פֿאַר דעם ערשטען יאָר, פֿאַר װעלכען איך האָב שױן געהאַט געקראָגען באַצאָלט, צו נעמען בלויז צוועלף טויזענט.

ער האָט געזען, אַז איך שטײ פֿעסט און װעל פֿון מײַנס נישט אָפּטרעטען, האָט ער זיך נאָך אַלץ געפּרואװט דינגען, אָנבאַטענדיג בײן טויזענט, און צום סאַמע לעצט — צוועלף טויזענט קראַנקען אַ יאָר. איך בין געװען מיד און אויס־געמאַטערט פֿון די לאַנגע פֿאַרהאַנדלונגען און האָב אויף דער לעצטער סומע אײַנגעשטימט. מען האָט מיך שוין נישט אַװעקגעלאָזט און דער אַנװעזענדער אַדװאָקאַט האָט גלײַך גענומען שרײַבען דעם קאָנטראַקט. דאָס מאָל האָט ער צוגעגעבען אַ נײַעם פּונקט, אַז איך מוז זינגען צו יעדער צײַט, װען די געזעל־שאַפֿט װעט מיך דערצו אויפֿפֿאָדערען, און אויך, אַז אויב עס װעט נויטיג זײַן, בין איך מחויב צו זינגען ביז פֿערציג נומערען אַ יאָר, פֿאַרשטײט זיך, מיט אַן אַנטשפּרעכענדיגער העכערונג פֿון דעם באַצאָלט.

דאָס איז געװען הערבסט־צײַט פֿון יאָר 1906. װאָס מער איך האָב אַרײַנ־געזונגען, אַלץ פֿאַרשפּרײטער איז געװאָרען מײַן נאָמען איבער די אידישע ישובים אין רוסלאַנד און איבער דער גאַנצער װעלט. עס האָבען זיך ממש געשאָטען צו מיר אײַנלאַדונגען, אַז איך זאָל אַריבערקומען אויף קאָנצערטען. צענדליגער דאַנק־בריװ האָב איך באַקומען פֿון אַלע עקען װעלט. אײן אידישער רעסטאָראַטאָר פֿון בוקאַרעסט האָט מיר מיט טרערען געשריבען, אַז ער װעט מיך געדענקען אַ גאַנץ לעבען, װײַל זינט ער האָט אײַנגעשטעלט אַ גראַמאָפֿאָן מיט מײַנע חזנ׳ישע פּלאַטען בײַ זיך אין רעסטאָראַן אַרײַן, שיט ער זיך אָן זעק מיט געלט.

איך קאָן נישט לײַקענען, דאָס איז געװען אפשר די שענסטע און גליק־ליכסטע צײַט אין מײַן לעבען. איך בין געװען יונג, געזונט, ענערגיש און לעבענסלוסטיג. די אַרבײַט האָט אָנגעפֿילט מײַן לעבען מיט אַ טיפֿען אינהאַלט. פּרנסה האָב איך געהאַט דרײַ מאָל אַזוי פֿיל, װיפֿיל איך האָב געקאָנט פֿאַרלעבען. איך האָב זיך געבאָדען ממש אין כבוד און אין אָנזען. מײַנע קינדער האָבען זיך פֿײַן אַנטװיקעלט. אײן ברודער מײַנעם האָב איך געהאָלפֿען װערען קאַנטאָר און ער האָט באַקומען אַ פֿײַנע שטעלע אין דער שטאָט סטאַניסלאַװ, אין גאַלי־ציע. אויך מײַן צװײטער ברודער האָט סוף־כל־סוף דערגרײכט אַ מוזיקאַלישע קאַריערע, פֿאַרענדיגענדיג די װינער קאָנסערװאַטאָריע אַלס לערער פֿון מוזיק. איך האָב געקאָנט מיט אַ ברײטער האַנט אַרויסהעלפֿען מײַן גאַנצע משפּחה, װאָס עס האָט מיר פֿאַרשאַפֿט אָן אַ שיעור אינערליכען פֿאַרגעניגען.

צו דער גלײַכער צײַט האָב איך כמעט יעדען טאָג געװידמעט עטליכע שעה אויף צו פֿאַרטיפֿען מײַן מוזיקאַלישען װיסען, אויף צו באַקענען זיך מיט עלטערע אידישע נוסחאות און אויף קאָמפּאָנירען מײַנע אײגענע תפילות,

וואָס האָבען שפּעטער פאַרנומען זייער פּלאַץ. אין דער אידישער ליטורגישער מוזיק.

אָבער עס איז שוין אַזאַ געזעץ אין לעבען, אַז עס איז נישטאָ קיין זון עס זאָל נישט זיין קיין פלעק אויף איר, און עס איז נישטאָ קיין אייביג גליק. מיט יעדען טאָג וואָס מיין נאָמען איז געוואָרען באַרימטער און וואָס די מאַטעריעלע זאָרגען זיינען פון מיר כמעט אינגאַנצען אַוועקגעפאַלען — איז דער געזונט־צושטאַנד פון מיין פרוי געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער. זי איז אַלץ מער אַריינגעפאַלען אין אַ מרה שחורה, קיין זאַך האָט איר נישט אינטערעסירט, אַפילו נישט די קינדער, נישט מיינע מאָראַלישע און אויך נישט די מאַטעריעלע דערפאָלגען. זי האָט זיך נישט צוגעהערט צו קיין דאָקטאָר און נישט אַפילו צו דעם וואָס אירע נאָענטסטע האָבען איר געראַטען. אָט דאָס האָט פאַר׳סמ׳ט מיינע טעג, וואָס וואָלטען אָן דעם געווען די גליקליכסטע אין מיין לעבען.

# אַ גרויסער גאַסט ביי מיר אין הויז — באַראָן גינצבורג פון פעטערבורג

עס איז געווען יום־טוב שבועות, ווען אין מיין ווינער טעמפּעל איז געווען אָנגענומען דער מנהג צו פּראַווען די קאָנפירמאַציע, אָדער דאָס רייף ווערען פון די מיידלעך. אַזאַ יום־טוב איז געפּראַוועט געוואָרען מיט אַ געוואַלדיגען פּאַראַד: די מוטערס האָבען געבראַכט זייערע דערוואַקסענע מיידלעך אין טעמפּעל אַריין, אַלע אויסגעפּוצטע אין ווייסע קליידער מיט בלומען. דער ראַבינער האָט געהאַלטען פאַר זיי אַ פייערליכע רעדע וועגען זייער אָנגעהעריגקייט צום אידישען פאָלק. איך האָב געזונגען געהעריגע תפילות. עס איז געווען אַ דאָפּעלט יום־טוב׳דיגע שטימונג און אַזוי בין איך אַוועק צו זיך אין הויז.

ווען איך בין אַריינגעקומען, האָט מיר מיין פרוי מיטגעטיילט, אַז צוויי הערען זיצען אין סאַלאָן און וואַרטען אויף מיר. ווען זיי האָבען זיך פאָרגע־שטעלט פאַר מיר, בין איך אין דעם ערשטען מאָמענט אַביסעל איבערראַשט געוואָרען: באַראָן דוד גראַצעוויטש גינצבורג פון פעטערבורג און זיין באַגלייטער דר. פיינבערג. דער נאָמען פון באַראָן גינצבורג איז געווען אַ שם דבר איבער רוסלאַנד צו יענער צייט און האָט אויך געגרייכט אויסער די גרענעצען פון רוסלאַנד. עס איז געווען פאַר מיר אַן אויסערגעוויינליכער כבוד צו האָבען אַזאַ חשוב׳ען גאַסט ביי זיך אין הויז, און דערצו נאָך צו דער יום־טוב׳דיגער שבועות׳דיגער סעודה.

מיר האָבען געמאַכט אַ לחיים און באַראָן גינצבורג האָט גענומען דערציילען די סיבה פון זיין אומגעריכטען באַזוך ביי מיר. ער געפינט זיך אין ווין אויפ׳ן וועג קיין קאַרלסבאַד. אין פעטערבורג, וואו ער שטייט בראש פון דער דאָרטי־גער קהילה, איז איצט פריי דער פּאָסטען פון אויבער־קאַנטאָר אין דער דאָרטיגער סינאַגאָגע. זיי האָבען דאָרט געהערט פון מיין נאָמען, זיי האָבען אויך געהאַט אַ געלעגענהייט צו הערען מיינע תפילות פון די פּלאַטען, האָט דעריבער די פעטערבורגער געמיינדע געבעטען דעם באַראָן גינצבורג, אַז דורכפאָרנדיג ווין, זאָל ער זיך זען מיט מיר און האָבען אַ שמועס, צי איך וואָלט נישט איינגעשטימט איבערצונעמען די שטעלע פון אויבערקאַנטאָר אין פעטערבורג.

אָבער איידער באַראָן גינצבורג איז געגאַנגען מיך באַזוכען, האָט ער באַשלאָסען פריער שטילערהייט צו קומען אין דעם קייזערין עליזאַבעט טעמפּעל,

וואו איך דאַווען, און אַליין מיט די אייגענע אויערען הערען דעם יעניגען, וועלכען די רוסישע הויפּט־שטאָט וויל אויפנעמען ביי זיך. ער האָט אויסגעהערט די גאַנצע גאָטעס־דינסט און ער וויל מיר זאָגען, אַז זיי וויסען דאָרט וואָס זיי טוען, ווען זיי האָבען אים געבעטען זען זיך דורכריידען מיט מיר וועגען איבער־נעמען די שטעלע. עס וועט זיין אַ גרויסע פרייד פאַר זיי ווען איך וועל אויסדריקען מיין ווילינגקייט מיט זיי צו פאַרהאַנדלען. און גלייך אויפ׳ן אָרט בעט ער מיך איך זאָל אים זאָגען וואָס עס וועלען זיין מיינע באַדינגונגען. אויב עס איז מעגליך, וואָלטען זיי געוואָלט, אַז איך זאָל פריער אַראָפּקומען קיין פּעטערבורג דאַוונען אַ שבת.

וואָס האָב איך אים אויפ׳ן שטעל געקאָנט ענטפערען, אויסער אַן איבעריג מאָל צו באַדאַנקען, אַז עס איז אַ גרויסע ערע צו האָבען אַזאַ געהויבענעם גאַסט ביי זיך אין הויז, און אַז עס וועט פאַר מיר זיין גאָר אַ גרויסע פּריווילעגיע צו פאַרנעמען די קאַנטאָר־שטעלע אין דער הויפּט־שטאָט פון דער מלוכה, וואו עס לעבען, אַן עין הרע, די גרעסטע צאָל אידען אין דער וועלט. וועגען באַדינ־גונגען וועלען מיר איצט, יום־טוב, נישט ריידען און מיר וועלען דאָס מוזען אָפּלייגען אויף אַן אַנדערש מאָל.

ווען מיר האָבען זיך דאָס צווייטע מאָל געטראָפען, האָט ער מיר געזאָגט, אַז די פּעטערבורגער קהילה איז גרייט מיר צו צאָלען זעקס טויזענט רובעל אַ יאָר. דאָס איז צוויי מיט אַ האַלבען מאָל אַזוי פיל, וויפיל איך באַקום אין ווין, אויסער די רייכע זייטיגע הכנסות, אויף וועלכע איך קאָן רעכענען. ווען ער האָט געזען, אַז איך בין אַלץ נישט באַגייסטערט און וואַקעל זיך צו זאָגען גלייך יאָ, האָט ער מיך געבעטען איך זאָל אים אויפריכטיג דערקלערען וואָס איך טראַכט וועגען זיין פאַרשלאַג.

האָב איך אים גאַנץ אָפען געזאָגט, אַז איך האָב ליב ווין, די שטאָט, וואו מען ערט מיך און מען ווייזט מיר ארויס אַזוי פיל ליבשאַפט. אין דער שטאָט בין איך באַרימט געוואָרען איבער דער וועלט דורך די פּלאַטען, אין וועלכע איך האָב אַריינגעזונגען. אין דער שטאָט האָב איך די געלעגענהייט פאַרצוזעצען מיין געזאַנג־שטודיום און שטים־בילדונג, און — עס ציט מיך צו אָט דער שטאָט ווי מיט אייזערנע צוואַנגען. עס איז אַ ציוויליזירטע מדינה, וואו איך קאָן דערציען מיינע קינדער לויט מיין געשמאַק, מען וועט זיי אין ערגעץ נישט פאַרפאָלגען און נישט איינפירען קיין פּראָצענט־נאָרמע פאַר זיי, און אין ערגעץ וועל איך נישט הערען דאָס וואָרט „זשיד״.

„אָט דאָס זיינען די סיבות, הער באַראָן, וואָס צווינגען מיך ערענסט זיך צו פאַרטראַכטען איבער דעם אָנבאָט פון אייער חשוב׳ער קהילה. אין קיין איבעריגע געלט נויטיג איך זיך נישט, ווייל איך פאַרלעב נישט דאָס וואָס איך פאַרדין, אָבער דאָ אין ווין געניס איך פון אַזאַ פרייער אַטמאָספערע, וואָס איך צווייפעל שטאַרק, צי איך וועל דאָס האָבען אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט. איבעריגענס, איך וועל די זאַך נאָכאַמאָל איבערטראַכטען אינאיינעם מיט מיין

פאַמיליע און וועל אייך געבען אַ שריפטליכען ענטפער. וואָס ס׳איז שייך אַ שבת דאַוונען אין דער פעטערבורגער סינאַגאָגע, קאָן מען דאָס איינאָרדענען אין דער פאָרם פון אַ קאָנצערט. די צייט וועל איך ערשט קאָנען באַשטימען דעמאָלט, ווען איך וועל באַקומען אורלויב פון מיין טעמפעל״.

די אידייע פון אַ קאָנצערט איז דעם באַראָן געפעלען געוואָרען, האָפענדיג, אַז איך וועל זיין אויפ׳ן אָרט, וועט גרינגער זיין צו קומען צו אַ פאַרשטענדי־גונג. ער האָט זיך פאַרנאָטירט דעם פרייז: צוועלף הונדערט רובעל, וואָס אַזאַ קאָנצערט וועט זיי דאַרפען קאָסטען, און מיר האָבען זיך פריינטליך אָפּגעזעגענט.

איך האָב גלייך אָנגעשריבען צו מיין פאָטער און אויך צו מיין שוואָגער דובניקאָוו וועגען דעם פעטערבורגער אָנבאָט, און, מערקווירדיג, ווי זיי וואָלטען זיך ביידע אָפּגערעדט, האָבען זיי מיר געענטפערט מיט בריוו, אַז דאָס איז אַ זעלטענע געלעגענהייט אין מיין לעבען: וואָס הייסט עפּעס, זיין אויבער־קאַנטאָר אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט. עס קאָן גאָר נישט געבען קיין גרעסער גליק אין לעבען, און אַז איך זאָל נישט וואַגען דעם דאָזיגען פאָרשלאָג אָפּצוואַרפען.

איך בין אָבער געבליבען ווייטער קאַלט צו דער גאַנצער זאַך. דאָס מאָל בין איך זיך צונויפגעקומען אין דער מיינונג מיט מיין פרוי, וועלכע איז אויך געווען קעגען איבערנעמען דעם פעטערבורגער פאָסטען. איך האָב עפּעס געפילט, אַז איך וועל נישט קענען זיין גליקליך אין יענער קאַלטער צפונ׳דיגער שטאָט, און אַז עס וועט מיר זיין גאַנץ שווער זיך צו שיידען מיט אָט דער געמיטליכער שטאָט ווין.

דערווייל האָבען זיך פון דער גאַנצער זאַך דערוואוסט אויך מיין שווער און שוויגער און אַלע מיינע פעטערס, און אַלע האָבען זיי אין איין קול גערעדט, אַז איך זאָל, חלילה, נישט פאַרשפּעטיגען די געלעגענהייט מיט פעטערבורג, און אַז איך זאָל זיי אָנטאָן דעם גרויסען כבוד און ווערען חזן אין דער רוסישער רעזידענץ. זיי זיינען געווען זיכער, אַז אַ שטיקעל פון מיין כבוד וועט זיי אויך צופאַלען, אַבי איך זאָל זיין אין רוסלאַנד און נישט ערגעץ וואו אין קייזער פראַנץ יאָזעפ׳ס מלוכה.

פעטערבורג אַליין האָט זיך דערווייל אָפּגערופען, אַז זיי זיינען גרייט צו באַצאָלען טויזענט רובעל, איך זאָל אַריבערקומען צו זיי אויף אַ קאָנצערט. איך האָב שוין געוואָלט פאַרבינדען מיין באַזוך אין פעטערבורג מיט אַ רייזע איבער עטליכע אידישע שטעט, וועלכע האָבען שוין לאַנג געבעטען איך זאָל קומען צו זיי. האָט זיך געפונען אַן אימפּרעסאַריאָ, וועלכער האָט אָרגאַניזירט פינף קאָנצערטען אין די שטעט ווילנע, גראָדנע, ריגע, דווינסק און ליבאַווע, און אַ חוץ דעם אַ שבת אין ביאַליסטאָק. איצט איז געבליבען נאָר אַרויסצובאַ־קומען דעם אורלויב פון מיין פרעזידענט, הער בעק.

אויך דאָ האָב איך קיין איבעריגע שוועריגקייטען נישט באַגעגענט און איך האָב זיך גענומען גרייטען צו אַ פרישער רייזע קיין רוסלאַנד. דאָס מאָל

האָב איך איינשטודירט אַ ספּעציעלען מאָדערנעם רעפּערטואַר פון רוסישע און איטאַליענישע לידער. איך האָב אַפילו צוגענומען אַ ספּעציעלען רוסישען כאָר־רעפּעטיטאָר, וואָס זאָל אַכטונג געבען אויף מיין רוסישער אויסשפּראַך, אַז זי זאָל געפעלען ווערען די פּעטערבורגער רוסיש־אידישע גדולים.

די פּעטערבורגער געמיינדע האָט געמוזט אויסאַרבייטען אין אינערען־מיניסטעריום אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פאַר מיר צו קומען קיין פּעטערבורג. ווען איך האָב באַקומען די דערלויבעניש און האָב איבערגעלייענט: „ראזרע־שאַיעטסיאַ אָבערקאַנטאָרו, יעוורעיו זאַוועליו שולימאָוויטשו קוואַרטינו, פּראָזשי־וואַט וואָסעם דניעי וו׳פּעטערבורגע”, וואָס דאָס מיינט אויף אידיש: עס ווערט דערלויבט דעם אויבער־קאַנטאָר, דעם אידען זאַוועל בן שלום קוואַרטין, צו וואוינען אַכט טאָג אין פּעטערבורג, איז מיר נישט גוט געוואָרען אין די אויגען. דאָס גאַנצע פינסטערע בילד פון דעם אידישען לעבען אין רוסלאַנד איז אויף־געשטאַנען ווי לעבעדיג פאַר מיר.

פאַר די יאָרען וואָס איך בין געווען אַוועק פון אָט דעם לאַנד האָב איך געהאַט פאַרגעסען די פינסטערע דאָליע פון מיינע ברידער דאָרטען. איבעריגענס, בין איך קיינמאָל, זייענדיג אין רוסלאַנד, נישט אַרויסגעפאָרען פון אַזוי גערו־פענעם תחום המושב און עס איז מיר נישט אויסגעקומען איבערצולעבען די אַלע דערנידערונגען אויף דער אייגענער הויט. אָט דאָס פּאַפּירעל, וואָס די פּעטערבורגער פּני האָבען אויסגע׳פּועל׳ט פאַר דעם „אידען” זאַוועל קוואַרטין, האָט מיך געשטאָכען ווי מיט שפּילקעס. איך האָב זיך מיטאַמאָל דערמאָנט דעם פּאָגראָם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט ביי אונז אין שטעטעל, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד; די פיינפולע שרעק פון די אידען, די פורען מיט די אידישע בעבעכעס, מיט דעם אידישען האָב און גוטס, וואָס זיינען געלאָפען איבער דער בריק פון דעם שכנות׳דיגען שטעטעל. און איך האָב מיר געטראַכט: איצט זאָל איך נעמען מיט די אייגענע הענט און זיך פאָרען ווידער באַזעצען אין דעם דאָזיגען לאַנד פון אידישער אונטערדריקונג און פאַרפאָלגונג, נאָכדעם ווי איך האָב שוין פאַרזוכט דעם טעם פון אַ פריי לעבען?

איך האָב זיך אינערליך געבונטעוועט און עס איז מיר געוואָרען אַלץ מער קלאָר, אַז איך וועל אויף שטענדיג אין רוסלאַנד נישט בלייבען. אָבער אויף דעם טורנע האָט מען געדאַרפט פאָרען, און איך האָב טעלעגראַפירט דעם טאַטען און מיין שוואָגער דובניקאָוו, אַז איך וועל זיך טרעפען מיט זיי אין ווילנע, אויפ׳ן וועג קיין פּעטערבורג. מיין פּרעזידענט, הער בעק, האָט געוואוסט בלויז, אַז איך פאָר אויף אַ סעריע קאָנצערטען איבער רוסישע שטעט. ער האָט אָבער נישט געוואוסט וועגען די געשפּרעכען פון באַראָן גינצבורג מיט מיר, און אויך נישט וועגען דעם אָנבאָט פון דער פּעטערבורגער קהילה. איך האָב אים נישט געוואָלט פאַרשאַפען קיין עגמת נפש פאַר דער צייט, בפרט ווען דער גאַנצער ענין פּעטערבורג איז נאָך פאַר מיר אַליין געווען נישט קלאָר.

# אַ קאָנצערט אין פּעטערבורג

אין מיטען יאַנואַר פון יאָר 1908 בין איך אָנגעקומען קיין ווילנע, וואו עס איז געווען מיין ערשטער אָפּשטעל און מיין ערשטער קאָנצערט. איך האָב דאָרט דאָס מאָל געטראָפען אַ גוט־איינשטודירטען כאָר אונטער דער לייטונג פון דיריגענט גאָטבעטער. די דריי הויפּט־קאָמפּאָזיציעס פאַר דעם דאָרטיגען קאָנצערט זיינען געווען: „מזמור שיר חנוכת", „קדושה" פון גאָטגעבער, און דער גרויסער „אדון עולם" אין עס־דור פון זולצער. דאַן זיינען געקומען מיינע אייגענע אימפּראָוויזאַציעס פון תפילות, און אויך אַריעס און לידער.

מיין פאָטער און שוואָגער האָבען באַוויזען צו קומען צו דער צייט, כדי ביי־צוּוואוינען דעם קאָנצערט, און זיי, ווי איך אַליין, האָבען זיך געפילט אין זיבעטען הימעל פאַר גליק. איך האָב געהאַט אַ טיפען פאַרגעניגען, וואָס כ'האָב געקאָנט באַווייזען דעם טאַטען, וואָס איך האָב דערגרייכט פאַר די יאָרען אין ווין, און דער טאַטע איז ממש צעשמאָלצען געוואָרען פאַר נחת, וואָס ער האָט דערלעבט אַזאַ פרייד, אַז טויזענטער אידען טראָגען מיך ממש אויף די הענט.

אָבער ווען מ'האָט אָנגעהויבען רעדען וועגען איבערנעמען די פּעטערבורגער שטעלע, דאָ זיינען זיך אונזערע מיינונגען שטאַרק פאַנאַנדערגעגאַנגען. דער טאַטע איז צוגעשטאַנען צו מיר מיט אַ געוואַלדיגער עקשנות, אַז איך זאָל נישט דערוועגען גאָר טראַכטען וועגען אָפּזאָגען זיך פון אַזאַ גליק, און איך האָב גע'טענה'ט, אַז איך וואָלט באַגאַנגען דעם גרעסטען פאַרברעכען קעגען זיך אַליין און קעגען מיינע קינדער, ווען איך זאָל אויסטוישען דעם געמיטליכען, פרייהייטליכען, קולטורעלען ווין אויף דעם צאַרישען, אידען־פאַרפאָלגערישען פּעטערבורג.

נאָר אַזוי ווי די צייט האָט געיאָגט און כ'האָב געמוזט זיין צו דער צייט אין פּעטערבורג צום דאָרטיגען קאָנצערט, האָבען מיר דעם ענדגילטיגען באַ־שלוס אָפּגעלייגט ביז נאָך מיין קאָנצערט. איך וועל זען אויפ'ן אָרט מיט וואָס פּעטערבורג שמעקט און איך וועל דאַן אָננעמען דעם ענדגילטיגען באַשלוס, פאַרשטענדיגענדיג זיך פריער מיט'ן טאַטען.

אין אַ פראָסטיגען, ווינטערדיגען טאָג בין איך אָנגעקומען קיין פּעטערבורג. עס האָבען מיך אָפּגעוואַרט דער גבאי פון דער דאָרטיגער הויפּט־סינאַגאָגע, סאַפּאָטניצקי, דער חזן רעסעל מיט'ן דיריגענט גורעוויטש, און אויך אַ סעקרע־טאַר פון באַראָן גינצבורג. איך בין געוואויר געוואָרען, אַז מיין קאָנצערט קומט

פאַר אין דעם פּראַכטפולען זאַל פון דער „דוואָריאַנסקע סאָבראַניע״, און אַז די גרויסע פּעטערבורגער צייטונגען מאַכען שוין עטליכע טעג רעקלאַמע פאַר מיין קאָנצערט, אַז דאָס וועט זיין עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס, וואָס פּעטערבורג האָט נאָך ביז איצט נישט געהערט.

האָב איך שוין אַליין געקראָגען אימתא דציבורא, — געפין איך זיך דאָך אין דער סאַמע רעזידענץ פון ניקאָלאַי דעם צווייטען, מיט אַלע זיינע משרתים. עפּעס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, ווי גאַנץ רוסלאַנד, ווי אַלע זעקס מיליאָן אידען, וואָס לעבען דאָ, קוקען אַרויס צו מיר, אַז איך זאָל זיי, חלילה, נישט פאַרשעמען, אַז איך זאָל נישט פאַרשוואַרצען דעם אידישען נאָמען, נאָר, פאַרקערט, אַרויסהויבען אים און פאַרשאַפען אים כבוד.

איך האָב נאָך געהאַט צייט פאַרצובּרייטען מיט גורעוויטש׳עס כאָר פיר הויפּט־קאָמפּאָזיציעס: „מה גדלו״ פון לעוואַנדאָווסקי׳ן, מיט דער גרויסער סאָלאָ „צדיק כתמר״, „ושמרו״ פון גורעוויטש, „בראש השנה״ און „אדון עולם״ פון זולצער. דער כאָר איז באַשטאַנען פון פינף און צוואַנציג גוט־איינשטודירטע מענער און אינגלעך, מיט זעהר גוטע שטימען.

עס איז געקומען דער טאָג פון קאָנצערט. פּעטערבורג האָט פאַרמאָגט צו יענער צייט אַ שטאַרקע אידישע אינטעליגענץ, האַלב אָדער גאַנץ אַסימילירט, און איר האָט זיי אַלעמען געקאָנט טרעפען יענעם אָוונט אין דער „דוואָריאַנסקער סאָבראַניע״. עס זיינען געקומען דעפּוטאַטען פון דער גאָסודאַרסטווענער דומע און די באַרימטעסטע אַדוואָקאַטען, ווי גרוזענבערג, ווינאַווער, קאַראַבטשעווסקי און צענדליגער אַנדערע; עס זיינען געקומען פּראָפעסאָרען און מוזיקער, און עס האָבען אויך נישט געפעלט קיין עכטע רוסען: גענערעלער, הויכע רעגירונגס־־באַאַמטע, און אַפילו אַ וויצע־מיניסטער, האָט מען מיר געזאָגט, געפינט זיך אויך אין זאַל. און טאָמער איז דאָס געווען וויכיג, האָט מען מיר אָנגעוויזען אויף אַ גאַנצער ריי פּאָפּען, וואָס זיינען געקומען הערען אידישע תפילות.

אַ פייערליכע שטימונג האָט געהערשט אין דעם בלאַנקענדיגען זאַל מיט די טיפע קרישטאָלענע קאַנדעלאַבּרעס, וואָס האָבען זיך אַזוי מאַיעסטעטיש אַראָפּגעלאָזט פון סופיט. איך האָב מיר אָפּגעגעבען אַ חשבון „לפני מי אני עומד״, און אַ קליינער ציטער האָט מיך אַרומגענומען, ווען איך בין אַרויף אויף דער עסטראַדע. אָבער איך האָב געפילט נאָך פריער, אַז איך מוז מיך צו דעם קאָנצערט ספּעציעל צוגרייטען, און — עס איז אַרויסגעקומען „נישט צו פאַרזינדיגען״. דאָס איז געווען אָן איבערטרייבונג און אָן באַרימעריי איינער פון די פיר שענסטע און פולקאָמסטע קאָנצערטען, וואָס איך האָב ווען עס איז געגעבען אין מיין לעבען, אין מיין גאַנצער חזנ׳ישער קאַריערע. ווענען די איבעריגע דריי וועט מיר אויסקומען צו דערמאָנען שפּעטער.

מיינע אייגענע רעטשיטאַטיוון: „אהבת עולם״, „השכיבנו״ און „צור ישראל״ האָבען קיינמאָל ביי מיר נישט געקלונגען אַזוי מעכטיג און אַזוי מאַיעסטעטיש

ווי יענעם אָוונט. איך האָב אויך געהאַט אַן אָפּטיילונג פון לידער און אַריעס אויף רוסיש און איטאַליעניש און האָב פאַרענדיגט מיט אימפּראָוויזאַציעס פון די ימים נוראים׳דיגע תפילות, וואָס האָבען ממש צענומען אויף שטיקלעך אָט די פאַרפרעמדטע אידען. אין זייער טאָג טעגליכען לעבען האָבען זיי שוין אפשר גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט אידישקייט, אָבער עס איז גענוג געווען דער קלאַנג פון אַן אור־אַלטער אידישער תפילה, אַז זיי זאָלען אויפגעוועקט ווערען און אַריינפאַלען אין אַ ווילדער באַגייסטערונג.

דער אַפּלאָוז איז געווען אומענדליך. פינף מאָל נאָכאַנאַנד האָב איך געמוזט אַרויסקומען אויף דער עסטראַדע און זינגען אויף ביס. דער באַראָן גינצבורג און אַן אַ שיעור אַנדערע פּני זיינען געקומען צו מיר הינטער דער עסטראַדע און מיך האַרציג באַגריסט מיט דעם דערפאָלג און געדאַנקט פאַר דעם גייסטיגען נחת רוח, וואָס איך האָב זיי פאַרשאַפט דעם אָוונט. הונדערטער אידישע סטודענטען און סטודענטקעס האָבען מיך אַרומגערינגעלט ביים אַרויסגיין און געבעטען מיין אונטערשריפט אויף׳ן פּראָגראַם. עס איז געווען אַ יום־טוב׳דיגע געשעעניש אין מיין לעבען, די העכסטע שטופע, וואָס אַ קינסטלער קאָן דערגרייכען.

עס איז געווען אַרום האַלבע נאַכט, ווען אַ געקליבענער עולם האָט זיך געצומען פאַרזאַמלען אין פּאַלאַץ פון באַראָן דוד גינצבורג, טאַקע גלייך נאָכ׳ן קאָנצערט. דאָ האָט איר געטראָפען טאַקע די סמעטענע פון דער אידישער אַריסטאָקראַטיע אין פּעטערבורג צו יענער צייט. עס האָבען מיך אַרומגערינגעלט אַזעלכע פּערזענליכקייטען, ווי שלאָסבערג, גרוזענבערג, ווינאַווער, דער ביבּ־ליאָטעקאַר פון דער קייזערליכער ביבּליאָטעק פּראָפעסאָר האַרקאַווי און נאָך צענדליגער אַנדערע, וואָס זייערע נעמען האָבען געקלונגען איבער רוסלאַנד. זיי האָבען זיך שטאַרק אינטערעסירט פון וואַנען איך שטאַם, וואָס פאַר אַ דערציאונג איך האָב געקראָגען און וואו האָב איך געשעפּט די כחות אַרויסצוברענגען אַזאַ מעכטיגען אידישען נוסח, וואָס האָט גערירט אַפילו זייערע פאַרגליווערטע אידישע הערצער.

עס איז געווען ביי דער סעודה אויף אַ רוסישער וויצע־מיניסטער, וואָס זיין נאָמען איז מיר אַרויס פון זכרון. אָט דער היגער רוסישער באַאַמטער האָט מיר געגעבען אַ געלעגענהייט אַביסעל זיך אָראָפּצורעדען פון האַרצען און צו געבען אַן אויסדרוק מיינע געפילען וועגען רוסלאַנד און וועגען דער לאַגע פון מיינע ברידער אידען. ער זאָגט צו מיר: „עס דערוואַרט איך אַ גרויסע צוקונפט דאָ, אין דער פּעטערבורגער אידישער געמיינדע”. איך האָב מיך אָנגענומען מיט מוט און געענטפערט: „אויב די צוקונפט דערוואַרט נאָר מיך פּערזענליך, און בלויז צווישען דער אידישער געמיינדע, קאָן דאָס שוין קיין גרויסע צוקונפט נישט זיין. פאַרגעסט נישט, הער מיניסטער, אַז איך האָב קינדער, וועלכע איך דאַרף דערציען”.

איך מיין, אַז ער האָט פאַרשטאַנען מיין אָנדייטונג, אַז אין רוסלאַנד קאָנען

נישט קיין אידישע קינדער באַקומען אַ פרייע דערציאונג; פאַר זיי איז באַשטימט אַ פּראָצענט־נאָרמע און אַלערליי אַנדערע באַגרענעצונגען, און סוף־כל־סוף מוזען זיי אַוועקפאָרען קיין אויסלאַנד שטודירען. איז וואָס פאַר אַ צוועק האָט עס, אַז איך זאָל ברענגען מיינע קינדער אַהער? נאָך אַ ווײלע טראַכטען, זאָגט ער: „איך גלויב, אַז אייערע קינדער וועט דערלויבט זיין אַריינצוטרעטען אין אונזערע גימנאַזיעס און איניווערסיטעטען".

ווידער האָט עס מיך אַ שטאָך געטאָן אין האַרצען: „מיינע קינדער וועט דערלויבט זיין", דאָס מיינט, אַז אפשר וועט מען מאַכען אַן אויסנאַם פאַר מיר, דעם קאַנטאָר פון דער רייכסטער געמיינדע אין דער וועלט, און אַלע איבעריגע אידישע בשר ודם'ס וועלען אויסשטיין די זעלבע דערנידעריגונגען וואָס ביז איצט. איך האָב געזען, אַז דער געשפּרעך וועט צו גאָרנישט פירען, האָב איך אים אָפּגעהאַקט און אַוועק צו אַן אַנדער גרופּע, וואו מען האָט הייס אַרומגערעדט די לעצטע גזירות פון סטאָליפּינ'ען אויף אידען און וואָס פאַר אַ שריט מען קאָן אַנגעמען קעגען זיי.

דער עולם האָט זיך ביסלעכווייז געגומען פאַנאַנדערגיין, און געבליבען זיינען בלויז געציילטע מענשען: דער רייכער פּאָרט אַרטור'ער גינצבורג, דער בעל הבית, דוד גינצבורג, אַדוואָקאַט ווינאַווער און דעם באַראָנ'ס סעקרעטאַר. און אַט דער קליינער קרייז האָט מיך פאַר'ן אַוועקגיין געפרעגט, וואָס איך האָב באַשלאָסען וועגען איבערנעמען די שטעלע פון אויבער־קאַנטאָר אין דער גרויסער פּעטערבורגער סינאַגאָגע. איך האָב געענטפערט, אַז איידער איך קאָן אָננעמען אַזאַ וויכטיגען באַשלוס אין מיין לעבען, מוז איך וויסען וואָס עס וועט זיין דער תכלית פון מיינע קינדער דאָ אין לאַנד, וואו די אידישע יוגענט ווערט פאַר־פאָלגט.

באַראָן דוד גינצבורג האָט זיך אָפּגערופען, אַז וועגען דעם זאָל איך זיך גאָרנישט זאָרגען, זיי האָבען שוין געזאָרגט וועגען דעם נאָך איידער איך בין געקומען. זיי וועלען קאָנען פריי אַריינטרעטען אין די גימנאַזיעס און שפּעטער אין די אוניווערסיטעטען. וואָס ס'איז שייך מיינע באַדינגונגען, לייגען זיי מיר פאַר זעקס טויזענט רובעל אַ יאָר, אַ חוץ זייטיגער איינקונפט, אַכט הונדערט רובעל אַ יאָר עקסטראַ פאַר אַ וואוינונג, און אַ חוץ דעם וועלען זיי זיך באַטייליגען אין אויסשטאַטען די וואוינונג; זיי וועלען אויך דעקען אַלע הוצאות פאַר ברענגען מיין פאַמיליע פון ווין קיין פּעטערבורג.

איך האָב געזען, אַז איך געפין זיך אין אַ קלעם און איך קאָן נישט דאָ גלייך אויפ'ן אָרט זאָגען ניין, האָב איך געפּרואווט אַביסעל שווערער מאַכען מיינע באַדינגונגען פאַר זיי און איך האָב געזאָגט, אַז אויב איך וועל מיך אַנטשליסען אָנצונעמען דעם פּאָסטען, וואָלט איך פאַרלאַנגט אַ קאָנטראַקט אויף צען יאָר פון זייער זייט, און אין פאַל פון קינדיגען מיך פריער, דאַרפען זיי באַצאָלען פאַר דריי יאָר; דאַגעגען, איך האָב אַ רעכט אַוועקצוגיין ווען איך וויל, איך מוז זיי בלויז מעלדען מיט אַ יאָר פריער.

אויך דאָס האָט נישט געהאָלפען. גלייך אויפ׳ן אָרט האָבען זיי מסכים געווען אויך צו די באַדינגונגען, און מיר איז נישט געבליבען קיין אַנדער זאַך ווי צו זאָגען זיי, אַז דעם ענדגילטיגען ענטפער וועלען זיי באַקומען פון מיר פון ווין, נאָכדעם ווי איך וועל זיך פאַרשטענדיגען מיט מיינע דאָרטיגע בעלי בתים. אַזוי האָב איך זיך אָפּגעזעגענט מיט פּעטערבורג.

# איך ווער איבער־קאַנטאָר אין פּעטערבורג

פאַר׳ן אָפּפאָרען פון פּעטערבורג האָב איך נאָך געהאַט אַ געלעגענהייט צו זען, וואָס די גרויסע רוסישע בלעטער האָבען געשריבען וועגען מיין קאָנצערט. מען האָט געלויבט מיין שטימע און מיין פאָרטראָג, פאַרגלייכענדיג אים צו די בעסטע, וואָס זיינען געווען אין יענער צייט. איבערהויפּט האָט מען זיך אָפּגע־שטעלט אויף דער טראַגבאַרקייט פון מיין שטימע, אויף דער אויסגעצייכענטער אָטעם־טעכניק, אויף דעם אומפאַנג און אויסגעגליכענקייט פון דעם גאַנצען רעגיסטער פון דער שטימע. אַפילו די אַנטיסעמיטישע „נאָוואָיע ווריעמיאַ״ האָט געהאַט צו זאָגען אַ גוט וואָרט וועגען מיר. די אָפּרופען זיינען אין אַלגעמיין געשטאַנען אויף אַ הויכען פּראָפעסיאָנעלען ניוואָ, וואָס עס האָט מיר פאַרשאַפט אַ באַזונדערען פאַרגעניגען.

נאָך די קאָנצערטען אין ריגע, דווינסק, ליבאַווע און גראָדנע, בין איך אָפּגעפאָרען דאַוונען אַ שבת קיין ביאַליסטאָק. עס האָט זיך מיר שטאַרק געגלוסט צו זען נאָכאַמאָל דעם טאַטען איידער איך פאַרלאָז רוסלאַנד, האָב איך אים טעלעגראַפירט און געבעטען, אַז ער זאָל אַרויסקומען קיין ביאַליסטאָק. ווען איך בין אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק אויפ׳ן וואָקזאַל, האָב איך צו מיין גרויסער פרייד דערזען דעם טאַטען, וועלכער האָט מיך אָפּגעוואַרט אינאיינעם מיט אַ קאָמיטעט פון דאָרטיגע בעלי בתים. צו מיין גרויסער איבעררעשונג האָט שוין דער טאַטע געהאַט אַ פולען באַריכט פון מיין קאָנצערט אין פּעטערבורג. ער איז געווען אַ פאַרברענטער לייענער פון די „בירזשעוויע וויעדאָמאָסטי״ און דאָרט איז געווען דער גענויעסטער באַריכט און דער גלענצענדסטער אָפּרוף וועגען דעם קאָנצערט.

דער טאַטע איז ווידער צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל למען השם נישט אָפּלייגען און גלייך צושטימען צום אָנבאָט פון דער פּעטערבורגער קהילה און איבערנעמען דעם פּאָסטען, וואָס וועט זיין אַ כבוד פאַר דער גאַנצער משפחה. איך האָב זיך קוים אָפּגעבעטען ביי אים, אַז ער זאָל מיר דערלויבען איבערצוטראַכטען די זאַך און געבען דעם ענדגילטיגען ענטפער פון ווין. אַזוי האָבען מיר זיך געזעגענט און איך בין צוריקגעפאָרען צו ווייב און קינדער.

איך האָב, לײדער, געטראָפען מיין פרוי אין אַ קראַנקען, מעלאַנכאָלישען צושטאַנד, וואָס האָט שטאַרק געווירקט אויף מיין געמיט. מיין איינציגע טרייסט זיינען געווען די קינדערלעך, וועלכע זיינען געוואַקסען געזונט און האָבען מיר

צוגעגעבען פרישען מוט אָנצוגיין מיט מיין אַרבייט. איך האָב געדאַרפט אָננעמען אַ באַשלוס וועגען פעטערבורג און איך האָב אַפילו נישט געהאַט מיט וועמען זיך אָן עצה צו האַלטען. ווען כ'האָב געפּרואווט ריידען וועגען דעם מיט מיין פרוי, האָט זי מיר געענטפערט, אַז זי קאָן מיר קיין ראַט נישט געבען, און אַלץ וועט זיין אַזוי ווי גאָט וועט וועלען.

ווען איך בין פרייטאָג צונאַכטס געקומען צו מיר אין טעמפּעל אַריין, האָט מיך דער פּרעזידענט, הער בעק, באַגעגענט מיט עפּעס אַ מאָדנעם שמייכעל און גלייך האָט ער אַ פרעג געטאָן: „נו, הער אויבער־קאַנטאָר, וואָס הערט זיך עפּעס אין פעטערבורג? מיר האָבען דאָ אין ווין געלעזען וועגען אייער גרויסען דערפאָלג דאָרטען!" איך האָב מיך גלייך געכאַפּט, אַז עס האָט נישט קיין צוועק לענגער צו שפּילען אין באַהעלטעניש, האָב איך אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון באַראָן גינצבורג'ס באַזוך ביי מיר, וועגען מיין קאָנצערט און וועגען דעם אָנבאָט, וואָס זיי האָבען מיר געמאַכט, וואָס באַטרעפט כמעט דריי מאָל אַזוי פיל וויפיל איך באַקום אין ווין, און אַז איך וויים נישט, צי איך האָב אַ רעכט צוליב דער צוקונפט פון מיין פאַמיליע און צוליב פאַרזאָרגען זיך אויף די עלטערע יאָרען אָפּצוזאָגען זיך פון אַזעלכע באַדינגונגען.

דערווייל בין איך צו צום עמוד. איך האָב גלייך פאַרגעסען אין די אַלע חשבונות און האָב מיט אייפער און מיט יוגענטליכער באַגייסטערונג מקבל שבת געווען, ווי דאָס איז שטענדיג געווען מיין טבע, ווען איך בין געשטאַנען מיט'ן פּנים צו דער מזרח־וואַנט אין אַ מקום קדוש. דער עולם האָט מיך וואַרעם אויפגענומען נאָך אַן איבעררייס פון עטליכע וואָכען.

גלייך אין אָנהויב פון דער קומענדער וואָך האָט מען מיך גערופען צו אַ זיצונג פון דעם פאַרשטאַנד פון מיין טעמפּעל. מען האָט מיר פאַרגעוואָרפען, אַז מיט מיין פאָרען קיין פעטערבורג אויף פּראָבע, ווי זיי האָבען דאָס אויס־געטייטשט, האָב איך געהאַנדעלט הינטער זייער רוקען, און איצט ווילען זיי וויסען, וואו זיי האַלטען מיט מיר אין דער וועלט, וואָס עס זיינען מיינע פּלענער אויף דער צוקונפט, צי איך קלויב אויס פעטערבורג אָדער איך בלייב ביי זיי אין ווין.

איך האָב זיי דערקלערט גאַנץ אָפען, אַז דוקא איצט, ווען איך בין נאָך יונג און בין ביי מיינע בעסטע קרעפטען און אין דער פולער פּראַכט פון מיין שטימע, איז עס מיין פליכט צו זאָרגען וועגען מיין צוקונפט און וועגען דער צוקונפט פון מיינע קינדער. ווען דער קייזערין עליזאַבעט טעמפּעל וואָלט געווען איינגעגלידערט אין דער נעץ פון טעמפּלען פון דער ווינער קולטוס־געמיינדע, וואָלט איך געהאַט אַ שאַנס צו פאַרנעמען ווען עס איז אַן אייביגע שטעלע ביי דער קולטוס־געמיינדע, ווען דאָרט וואָלט עפּעס פריי געוואָרען. אָבער אַזוי ווי די לאַגע איז איצט, ווען איך בין נישט באַוואָרענט מיט קיין פּענסיע אויף דער עלטער און האָב אויך נישט קיין שום אַנדער פאַרזיכערונג אין פאַל פון אַ פאַמיליען־אומגליק, און עס דראָט מיר אויף די עלטערע יאָרען

צו בלייבען אויפ׳ן גנאַד פון קהל, וואָלט עס פשוט געווען אַ פאַרברעכען פון מיין זייט ווען איך זאָל נישט זוכען אויסצובעסערען מיינע לעבענס־באַדינגונגען ביי היינטיגען טאָג.

מיין פאָרשלאַג צו דעם פאַרשטאַנד איז געווען, אַז זיי זאָלען זען דורכזעצען, אַז איך זאָל אָנערקענט ווערען אַלס אָפיציעלער באַאַמטער פון דער ווינער קולטוס־געמיינדע, מיט אַלע פליכטען וואָס דרינגען דערפון אַרויס. אויב זיי וועלען מיר די דאָזיגע פאַרזיכערונג געבען, וועל איך אויפגעבען אַלע פּלענער וועגען טוישען דעם פּלאַץ, מעג אַפילו נעמען עטליכע יאָר, ביז זיי וועלען דאָס קאָנען דורכפירען אין לעבען. עס איז באַשטימט געוואָרען, אַז דער פאַרשטאַנד וועט צוזאַמען מיט מיר באַזוכען דעם פּרעזידענט פון דער ווינער קולטוס־געמיינדע און זען, וואָס מען קאָן טאָן אין דער ריכטונג פון מיינע פאָדערונגען.

די באַגעגעניש איז געווען מיט׳ן וויצע־פּרעזידענט, דר. גוסטאַוו קאָהן. ער האָט געגעבען אַ נעגאַטיווען ענטפער אויף מיין פאָדערונג צו זיכערען מיר, אַז ווי נאָר עס וועט פריי ווערען אַ קאַנטאָרען־שטעלע אין דער געמיינדע, וועל איך די שטעלע איבערנעמען מיט אַ לעבענסלענגליכער פאַרזיכערונג. ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז דאָס איז קעגען די סטאַטוטען פון דער געמיינדע, וועלכע שרייבען פאָר, אַז די פריי־געוואָרענע שטעלע קאָן פאַרנומען ווערען נאָר דורך דעם קאָנטאָר, וואָס וואַרט שוין יאָרען־לאַנג אין דער ריי. זיי קאָנען לגבי מיר קיין אויסנאַם נישט מאַכען. דאַגעגען עצה׳ט ער מיך פריוואַט, אַז איך זאָל ווין נישט פאַרלאָזען, ווייל מען קאָן קיינמאָל נישט וויסען, „עס קאָן זיך עפּעס מאַכען״.

דאָס האָט געמיינט פאַר מיר זיך צו פאַרלאָזען אויף ניסים, און אין אָנבליק פון אַזאַ טייערען אָנבאָט פון פּעטערבורג, בין איך צו דעם נישט געווען געניגט. זעענדיג דעם נעגאַטיווען רעזולטאַט פון די פאַרהאַנדלונגען מיט דער קולטוס־געמיינדע, האָט דער פאַרשטאַנד פון מיין טעמפּעל באַשלאָסען אַרויסצונעמען מיר אַ לעבענס־פאַרזיכערונג פּאָליסי אויף דער סומע פון דרייסיג טויזענט קראָנען, אויב איך וועל צושטימען צו פאַרבלייבען אַלס זייער אויבער־קאַנטאָר. ווי געוויינליך אין אַזעלכע פאַלען, האָב איך געבעטען צייט אויף זיך צו באַטראַכטען.

דערווייל האָט מיין משפחה אין רוסלאַנד נישט אויפגעהערט מיך צו באָמבאַרדירען מיט בריוו, אַז איך זאָל למען השם נישט פאַרזאַמען דעם פּעטערבורגער פּאָסטען, ווייל דאָס איז נישט קיין געוויינליכער פּאָסטען, נאָר „אַן אמת׳ער שמאַלץ־גרוב״. און דאָ האָב איך נישט געהאַט אַפילו מיט וועמען איבערצורייידען די זאַך. פון מיין פרוי האָב איך קיין אַנדער מיינונג נישט געקאָנט אַרויסקריגען, ווי נאָר: „וואו גאָט וועט דיך פירען, אַהין וועסטו גיין״. עס האָט מיך שרעקליך געפייניגט די אומבאַשטימטקייט פון מיין לאַגע און כ׳האָב מיר נישט געקאָנט קיין עצה געבען.

עס איז דאָ אַ ווערטעל: ווען אַ מענטש קאָן זיך קיין עצה נישט געבען אין אַ געוויסער פראַגע, זאָל ער פרעגען ביי אַ קינד, און ווי דאָס קינד וועט זאָגען, אַזוי זאָל זיין. האָב איך צוגערופען מיין עלטערע מיידעלע, אַנעלע, אַ קינד פון אַכט יאָר, און איך פרעג איר: „זאָג מיר, אַנעלע, ווילסטו מיר זאָלען אַלע מיט דער מאַמען און מיט דיינע ברידערלעך אַריבערפאָרען קיין פעטערבורג, אָדער ווילסטו מיר זאָלען פאַרבלייבען אין ווין?״

זי האָט זיך קיין מינוט נישט פאַרטראַכט און גלייך געענטפערט: „יאָ, פאַפאַ, איך וויל קיין פעטערבורג״. אויף מיין פראַגע, ווי קומט עס וואָס זי האָט אַזוי שנעל געענטפערט, נישט פאַרטראַכטענדיג זיך? האָט זי מיר דער־קלערט, אַז „אין רוסלאַנד געפינען זיך צוויי זיידעס און צוויי באָבעס, און אויך אַ סך פעטערס מיט מומעס, וועט דאָרט זיין פריילעכער, בעת דאָ אין ווין האָבען מיר נישט קיין שום אייגענע, און אויך די מאַמע וועט זיך אפשר פילען בעסער אין רוסלאַנד צווישען אַזוי פיל אייגענע״.

אָט דער ענטפער פון דעם קינד האָט אַנטשידען די גאַנצע פראַגע. איך האָב געפילט ווי דורך דעם קינד רעדט אַרויס אַ טיפער אינסטינקט און אַ זאָרג פאַר דעם געזונט פון דער מוטער, און אַז איך האָב קיין רעכט נישט אַנדערש צו באַשליסען. אין יענעם מאָמענט איז מיר געוואָרען קלאָר, אַז איך פאָר קיין פעטערבורג, הגם טיף אין האַרצען האָב איך נאָך אַלץ געהאַט די זעלבע באַ־וואָרענישען קעגען פאַרלאָזען די שיינע עסטרייכישע הויפט־שטאָט.

איך האָב גלייך נאָך דעם אָנגעשריבען קיין פעטערבורג, אַז איך נעם אָן דעם פאָסטען פון אויבער־קאַנטאָר מיט׳ן באַדינג, אַז די נאָענטסטע ימים־נוראים דאַרף איך נאָך דאַוונען אין ווין, ווייל מיין טעמפעל האָט עס ביי מיר נישט פאַרדינט, אַז איך זאָל זיי לאָזען שטיין אָן אַ קאַנטאָר אויף די ימים טובים. אין עטליכע טעג אַרום האָב איך דערהאַלטען אַ גראַטולאַציע־טעלעגראַמע פון באַראָן גינצבורג. אַ בריוו מיט׳ן קאָנטראַקט זיינען אונטערגעקומען שפּעטער. דער קאָנטראַקט איז געווען געענוי אַזוי פּינקטליך ווי מיר האָבען אָפּגערעדט. אומפאַרזאַמט האָב איך מיטגעטיילט דעם דירעקטאָר בעק, אַז איך האָב באַ־שלאָסען אָנצונעמען די שטעלע אין פעטערבורג.

ווי אַזוי ער האָט די ידיעה אויפגענומען איז מיר שווער צו שילדערען. ער האָט אויסגעזען ווי מען וואָלט אים דערלאַנגט מיט אַ שווערער זאַך איבער׳ן קאָפּ. גאַנץ שטיל האָט ער מיך געפרעגט, אפשר איז נאָך מעגליך, אַז איך זאָל ענדערען מיין באַשלוס; זיי וועלען אָננעמען אַלע מעגליכע מיטלען צו פאַרזי־כערען מיך מיט מיין פאַמיליע ווי איך וועל זיך דאָס אַליין ווינשען. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט צו מאַכען וועלכע עס איז ענדערונגען. איך האָב אים אויך מיטגעטיילט, אַז פון דאַנקבאַרקייט צו מיין טעמפעל און צו מיין פאַר־שטאַנד פאַר דער פיינער באַהאַנדלונג, וואָס כ׳האָב פון זיי געקראָגען, האָב איך באַשלאָסען צו בלייבען איבער די ימים נוראים און צו געבען זיי גענוג

צייט צו געפינען אַ פּאַסיגען אויבער־קאַנטאָר. אַט די לעצטע מיטטיילונג האָט אים אַביסעל באַרואיגט.

אויך דער טאַטע איז געווען מלא שמחה, דערהערענדיג, אַז ענדליך האָב איך אים געפאָלגט און קער זיך אום קיין רוסלאַנד אַלס אויבער־קאַנטאָר אין איר הויפּט־שטאָט. איך האָב געהאָפט, אַז אויך מיין פרוי וועט גערן אויפ־נעמען די דאָזיגע ידיעה און וועט זיך פאַרבעסערען אין געזונט. איך האָב זי אויפ'ן זומער באַזעצט אין בעסטען קוראָרט צוזאַמען מיט די קינדער, גלוי־בענדיג, אַז ביז צו דער צייט פון אונזער אָפּפאָרען וועט זי זיין פולשטענדיג געזונט. ליידער איז עס נישט געשען אַזוי ווי איך האָב געהאָפט. איך האָב גענומען מאַכען די נויטיגע פאָרבאַרייטונגען אויף צו פאַרלאָזען וויען.

# איך זינג פאַר דעם גרויסען רבנים-צוזאַמענפאָר אין פּעטערבורג

אַ גרויסען מאָמענט איז מיר באַשערט געווען איבערצולעבען בעת מיין קורצען פאַרברענגען אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט. צו יענער צייט האָט די צאַרישע רעגירונג צונויפגערופען קיין פּעטערבורג אַ קאָנפערענץ פון די גרעסטע רבנ׳ישע אויטאָריטעטען אין רוסלאַנד און אין פּוילען. צוזאַמען האָבען זיך אין דער קאָנפערענץ באַטייליגט 32 רבנים און רביים פון די שטעט, וואָס האָבען זיך געפונען אין די גרעניצען פון דער „טשרטאַ אָסיעדלאָסטי״ (תחום המושב), פינף פון די באַרימטסטע רבנים און רביים אין פּוילען, צוויי פאָרשטייער פון דער מאָסקווער אידישער קהילה, צוויי פון דער פּעטערבורגער קהילה, און איינער אַן „אוטשאָני יעוורעי״ פון דעפּאַרטאַמענט פאַר רעליגיעס ביים בילדונגס־מיניסטעריום, אַ געוויסער מ. קרעפּס.

די דאָזיגע היסטאָרישע קאָנפערענץ, וועלכע האָט אָנגעהאַלטען איבער אַ חודש צייט און איז פאָרגעקומען אונטער׳ן פאָרזיץ פון באַראָן דוד גינצבורג — איז דעמאָלט געווען די גרעסטע געשעהעניש צווישען רוסישען אידענטום און חדשים־לאַנג האָט מען נישט אויפגעהערט צו ריידען און אַריינצוטייטשען, וואָס אַזוינס האָט די צאַרישע רעגירונג באַצוועקט מיט׳ן צוזאַמענרופען אַזאַ זעלטענע קאָנפערענץ. די אַלגעמיינע מיינונג ביים פאָלק איז געווען, אַז די רעגירונג, וועלכע האָט געפירט אַן אומ׳ברחמנות׳דיגען קאַמף מיט די אידישע רעוואָלוציאָנערען, האָט גערופען די קאָנפערענץ כדי אַרויסצוהויבען דעם ביר־גערליכען און מעסיגען אידישען עלעמענט און צוצוגעבען מער אויטאָריטעט די רבנים און כלי קודש און אַזוי אַרום פאַרשטאַרקען זייערע פּאָזיציעס אין די אידישע שטעט און שטעטלעך.

פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט דער מערקווירדיגער צוזאַמענשטעל פון דער קאָנפערענץ, אין וועלכער עס האָבען זיך באַטייליגט רביים און פרומע רבנים פון איין זייט, און מאָדערנע ראַבינערס און פאָרגעשריטענע געזעלשאַפט־ליכע טוערס פון דער אַנדערער זייט, געגעבען אַ גרונט צו דענקען, אַז די צאַרישע רעגירונג וויל דאָ באַאיינפלוסען דעם „אָפּגעשטאַנענעם״ עלעמענט אידען אין פּוילען און אַנדערע ערטער דורך די אויפגעקלערטע ראַבינערס פון די גרויסע רוסישע שטעט.

וואָרום טאַקע, וואָס פאַר אַ געמיינזאַמע שפּראַך האָט דעמאָלט געקאָנט

זיין צווישען דעם קישענעווער רב, דעם פאַרברענטען פאַנאַטיקער, צירעלסאָן, אָדער דעם טריסקער רבי'ן פון איין זייט, און דעם מאָסקווער ראַבינער מאַזע, אָדער דעם ראַבינער טיאָמקין פון דער אַנדערער זייט? אַ פאַקט איז אָבער, אַז דער איידעלער באַראָן גינצבורג, אַלס פאָרזיצער פון אָט דער קאָנפערענץ, האָט זיך באַמיט מיט אַלע כחות אָנצוהאַלטען אַ גלייכגעוויכט צווישען די געגענגעזעצטע ריכטונגען און מיינונגען, און נאָכקומענדיג אַלע וואונשען פון דער רעגירונג, וועלכע זיינען אויסגעדריקט געוואָרען אויף דער קאָנפערענץ דורך דעם „אוטשאָני יעוורעי", האָט ער גלייכצייטיג געשטרעבט צו ברענגען צו אַ „טאָלק" די פאַרשידענע פאַרפלאָנטערטע פראָבלעמען, וואָס האָבען דע־מאָלט געמאַטערט די אידישע געמיינדעס אין דער גרויסער רוסישער מדינה.

דאָס שווערסטע פראָבלעם איז געווען, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט פאַרלאַנגט פון די רבנים אין די פוילישע שטעט און שטעטלעך, אַז זיי זאָלען קענען רוסיש, ווי אַ וואַסער. די קאָנפערענץ האָט דורכגעפירט אַ באַשלוס, אַז די רבנים זאָלען האָבען אַ רעכט אָנצושטעלען מורה הוראות, וועלכע זיינען נישט מחוייב צו קענען רוסיש. ווייטער איז געשטאַנען די פראַגע פון די מעל־דונגס־ביכער, וואָס די רבנים האָבען געפירט, פון די „קאָראָבקע" און ליכט־שטייערען, וואָס זיינען געהאָנגען ווי אַ שווערע לאַסט איבער די איינוואוינער פון די קליינע שטעטלעך, און נאָך אַנדערע צענדליגער פראָבלעמען.

אין איין ווינטערדיגען פאַרמיטאָג מעלדעט מען מיר פון דער קהילה, אַז באַראָן גינצבורג וויל מיך זען. און ער דערציילט מיר וועגען דער קאָנפערענץ, וואָס דאַרף אין גיכען פאַרקומען, און אַז ער וויל לכבוד דער דערעפענונג פון אַזאַ חשוב'ען צוזאַמענקונפט איינאָרדענען אַ פייערליכע גאָטעס־דינסט, אויף וועלכער עס וועלען אָנוועזענד זיין הויכגעשטעלטע פאָרשטייער פון דער רעגירונג און פון די שענסטע קרייזען פון דעם אידישען און נישט־אידישען פעטערבורג. שפּעטער איז דער פּלאַן פון אַ מאָדערנער גאָטעס־דינסט, צוליב דער אָנוועזענהייט פון אַזוי פיל רביים און אָרטאָדאָקסישע רבנים, פאַרביטען געוואָרען אויף אַ מנחה־דאַווענען אין דער גרויסער פעטערבורגער סינאַגאָגע.

און אָט איז געקומען דער טאָג פון דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ. די שוהל האָט זיך געטונקען אין ליכט, און פון די הונדערטער יום־טוב'דיגע געזיכטער האָבען אַרויסגעשיינט די הדרת פנים'ער פון די פוילישע רביים אין די שטריימלעך מיט די אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, און מיט די בלאַנקענדיג־ווייסע קעלנער. צוליב די פאָרשטייער פון דער רעגירונג האָט זיך געפאָדערט קודם כל צו מאַכען אַ מי שברך דעם קייסער און צו זינגען דעם הימן „באָזשע צאַריאַ כראַני".

ווען עס איז געקומען צו דער הויכער שמונה עשרה האָב איך געפונען פאַר פּאַסיג אַרויסצוהייבען צוויי שטעלען, וואָס זאָלען אַנטשפּרעכען די צוויי צדדים, וואָס האָבען אָנטיילגענומען אין דער קאָנפערענץ: סיי די רביים און פרומע רבנים, און סיי די מאָדערנע ראַבינערס, וואָס מאַנכע פון זיי, ווי ראַבינער

טיאָמקין און דר. אייזענשטאַט פון פעטערבורג, און אויך ראַבינער מאַזע פון מאָסקווע, זיינען געווען אַקטיווע ציוניסטען און האָבען געשטרעבט צו דער אויפבויאונג פון אַ אידיש לעבען אין אונזער הייליג לאַנד.

פאַר די ערשטע האָב איך געזאָגט מיט אַ באַזונדערען פייער דעם „על הצדיקים ועל החסידים ועל זקני עמך בית ישראל״, און ווען עס איז געקומען צום „ולירושלים עירך ברחמים תשוב״, האָב איך אַריינגעלייגט אין די ווער־טער דעם גאַנצען אידישען ווייטאָג צו יענער צייט אין רוסלאַנד. און אין זינען האָב איך געהאַט, אַז עס זאָל זיך ענדיגען די צייט פון בעטען „פּראָוועס״ ביים רוסישען קייסער; אַז עס זאָל אויפהערען דאָס געיעג אויף אידישע קינדער, וואָס שטרעבען צו בילדונג, און בכלל זאָלען מיר אויסגעלייזט ווערען פון דעם נעבעכדיגען לעבען און ווערען בעלי בתים איבער זיך אַליין אין אונזער אייגען לאַנד.

ווען איך האָב געענדיגט די מנחה, האָב איך זיך געקאָנט איבערצייגען, אַז איך האָב טאַקע דערגרייכט דעם דאָפּעלטען ציל, וועלכען איך האָב זיך געשטעלט. דער ערשטער איז צו מיר צוגעקומען דער טריסקער רבי, האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף מיין קאָפּ און האָט מיך געבענטשט. ער האָט נישט געגלויבט, אַז אין דעם „גוי׳אישען״ פּעטערבורג זאָל אַ חזן קאָנען אַרויס־רופען ביי אידען אַזאַ התעוררות און אַז אין אַ פּעטערבורגער „סינאַגאָגע״ זאָל ביי אַ געוויינליכער מנחה קאָנען הערשען אַזאַ טיף־רעליגיעזע שטימונג, ווי מען האָט דאָס געקאָנט באַמערקען בלויז אין די אַלטע בתי מדרשים אין אונזערע היימישע שטעט און שטעטלעך. דער רבי האָט מיך טיף גערירט מיט זיינע ווערטער.

און פון דער אַנדערער זייט זיינען צו מיר אַריינגעקומען אין מיין חזנ׳ישען צימער ראַבינער מאַזע פון מאָסקווע און דר. אייזענשטאַט פון פּעטערבורג און האָבען מיר האַרציג געדאַנקט פאַר דעם נחת רוח, וואָס איך האָב זיי פאַרשאַפט. אַזוי אַרום זיינען ביידע צדדים געווען צופרידען, און דער אַממיינ־סטען צופרידענער איז געווען באַראָן גינצבורג אַליין, שוין דעמאָלט אַ קראַנקער מאַן, וועלכער האָט ממש געשטראַלט פון גליק, וואָס אין „זיין״ פּעטערבורגער סינאַגאָגע האָט ער געקאָנט געבען די רבנים, רביים און ראַבינערס אַזאַ טראַדיציאָנעל־אידישע אויפנאַמע.

ווי ווייט איך בין גערעכט געווען מיט מיין ווידערווילען צו די פּעטערבורגער „פּאַראַנדקעס״ און צו דעם בעטלען פּראָוועס ביים קייסער און זיינע יוצר־משרתים, האָט גאָר שנעל באַוויזען אַ געשעעניש, וואָס האָט דעמאָלט אויפ־געטרייסעלט דאָס גאַנצע רוסישע אידענטום. טאַקע אין דער זעלבער צייט, ווען די רעגירונג האָט גערופען מיט גרויס פּאָמפּע אַ קאָנפערענץ פון די גרעסטע רעליגיעזע אויטאָריטעטען אין לאַנד און געוואָלט ווייזען דער אידישער באַפעלקערונג, אַז זי זאָרגט פאַר זייערע אינטערעסען, אין דער זעלבער צייט

איז דערשינען איינע פון די ביטעסטע גזירות קעגען דער אידישער באַ־פעלקערונג.

די אַנגעוויטאַגטסטע פּראָבלעמען פון די אידען אין רוסלאַנד זיינען, אַ חוץ אַנדערע צרות, געווען די „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי״, דאָס הייסט, אַז אידען האָבען געמעגט וואוינען נאָר אין באַשטימטע געביטען, און די פּראָצענט־נאָרמע פאַר דער אידישער יוגענט, פון וועלכער בלויז אַ גאַנץ קליינער טייל האָט זיך געקאָנט דערשלאָגען צו העכערער בילדונג. ספּעציעל דאָס צווייטע פּראָבלעם האָט שווער געטראָפען די אידישע באַפעלקערונג. ווייל די אידישע יוגענט איז געווען אינטעליגענט און פעהיג און האָט זיך מיט אַלע כחות געריסען צו אַ העכערען לעבענס־סטאַנדאַרד, וועלכער קאָן דערגרייכט ווערען בלויז דורך העכערער בילדונג.

און דאָ איז געהאַנגען אַ שלאָס כמעט אויף אַלע הויכשולען. די צען פּראָ־צענט נאָרמע פאַר אידען, וועלכע איז נאָך דערצו נישט אָפּגעהיט געוואָרען אומעטום אויף אַן ערליכען אופן, האָט געבראַכט די אידישע יוגענט צו דער העכסטער פאַרצווייפלונג. נישט אַלע האָבען זיך געקאָנט דערלויבען דעם טייערען ביסען פון פאָרען קיין אויסלאַנד שטודירען. עס איז געווען גענוג פלאָגעניש פאַר אידישע עלטערען, וועלכע האָבען זיך געבראָכען דעם קאָפּ וועגען אַ תכלית פאַר זייערע קינדער.

אָבער דאָס איז נישט געווען גענוג פאַר די צאַרישע סאַטראַפּען, וועלכע האָבען געזוכט וואָס מער צו פאַרביטערען דאָס לעבען פון אידען. דוקא אין דער צייט, ווען עס האָט זיך געגרייט דער גרויסער רבנים־צוזאַמענפאָר, איז דערשינען אַ פרישע גזירה, וואָס האָט דעם פּראָצענט פון אידישע קינדער, וועלכע מעגען באַקומען הויכע בילדונג, פאַרקלענערט פון צען פּראָצענט אויף דריי פּראָצענט. דאָס איז געווען דער גרעסטער שפּיי אין פנים דער זעקס־מיליאָניגער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע מען האָט אַזוי אַרום געוואָלט אַראָפּנידערען צו די נידעריגסטע שטופען פון סאָציאַלען לעבען.

און די איראָניע האָט געוואָלט, אַז אין דעם זעלבען פייערליכען אָוועט, ווען די רבנים־קאָנפערענץ איז זיך צונויפגעקומען מיט דער גנעדיגער דערלוי־בעניש פון קייסער, רופט מיך אָפּ דער סעקרעטאַר פון דער קהילה, הער יונה גינצבורג, און פרעגט מיך מיט אַ ציטערדיגער שטים, צי איך האָב געהערט די טרויעריגע נייעס. איך האָב אָנגעשטעלט מויל און אויערען, וואָס אַזוינס איז עס געשען. דאַן האָט ער מיר דערציילט, אַז אין רעזולטאַט פון דער נייער גזירה פון דער רוסישער רעגירונג קעגען אידען, זיינען 136 אידישע קינדער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. זיי האָבען גיכער אויסגעקליבען אַ סוף צו מאַכען צו זייערע יונגע לעבענס, איידער אויסצושטיין די פרישע שאַנד פון קלאַפּען אין די טירען פון די הויכשולען און אָוועקגעשיקט ווערען צוריק מיט גאָרנישט.

דאָס איז ווירקליך געווען אַ שרעקליכער קלאַפּ פאַר די פאָרשטייער פון

רוסישען אידענטום, וואָס האָבען זיך געפּאָרעט אָרום דעם רבנים־צוזאַמענפאָר און געוואָלט מאַכען דעם איינדרוק, אַז די רעגירונג טוט עפּעס כדי די אידען צו העלפען. די שאַנד און דער טיפער טרויער איז געווען געוואַלדיג גרויס. מיר פּערזענליך איז אויסגעקומען בייצוואוואוינען די טראַגעדיע פון צוויי פון די 136 טייערע אידישע יונגע לעבענס. אין דעם הויז, וואו איך האָב געוואוינט, איז געשען דאָס אומגליק מיט צוויי יונגע אידישע מיידלעך. איינע פון זיי איז געווען פון די פינסקער לוריעס און די צווייטע — אירע אַ חבר׳טע, אַ טאָכטער פון אירען אַ לערער.

די מיידלעך האָבען שטודירט מוזיק און האָבען געדאַרפט אָנקומען אין דער פּעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע. די נייע גזירה האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע זייערע טרוימען. האָבען זיי זיך אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער, אויפגע־שפּילט אויף דער פּיאַנאָ שאָפּענ׳ס טרויער־מאַרש, ווייל די דאָזיגע נאָטען האָבען נאָך געשטעקט אויף דער פּיאַנאָ, געעפּענט די גאַז־־רערען און אַזוי זייערע פאַרלאָשען געוואָרען צוויי יונגע לעבענס.

עס איז אַנטשטאַנען די פראַגע פון די לויות פון אָט די מערקווירדיגע קרבנות פון דער אידישער רעכטלאָזיגקייט אין רוסלאַנד. על פי דין האָט מען זיי, ווי זעלבסטמערדער (אַ מאבד את עצמו לדעת), געדאַרפט באַגראָבען ביים פּאַרקאַן און מען האָט נישט געטאָרט מאַכען איבער זיי קיין הספדים. אָבער צוליב דעם מורא׳דיגען פּראָטעסט־געשריי, וואָס האָט זיך געלאָזט הערען אין זייער טויט אויף דער אידישער דערנידעריגונג, האָט דער פּעטערבורגער ראַבינאַט באַשלאָסען צו געבען זיי די ווירדיגסטע לויה, וואָס איז נאָר מעגליך געווען אין די צאַרישע באַדינגונגען. איך בין איינגעלאַדען געוואָרען אָפּצו־ריכטען דעם אל מלא רחמים און צו זאָגען עטליכע קאַפּיטלעך תהילים אויף זייערע קברים.

שווער איז געווען מיין געמיט נאָך אַזעלכע איבערלעבענישען און גע־שטאַרקט איז געוואָרען אין מיר דער אומווילען צו פאַרבלייבען אַ פּעטערבורגער אויף אייביג.

# פעטערבורג וואַרעמט מיך נישט און איך פאַרלאָז די רוסישע הויפּט-שטאָט

סוף 1909 האָב איך פאַרלאָזען די שיינע שטאָט ווין, וואָס האָט אַריינגעטראָגען אַזוי פיל ליכט און פרייד אין מיין לעבען. אין מיין קאָנטראַקט מיט דער פעטערבורגער קהילה האָט זיך געפונען אַ פונקט, אַז אין משך פון אַ יאָר צייט מוז איך אַריבערברענגען קיין פעטערבורג מיין פאַמיליע, אַנדערש ווערט דער קאָנטראַקט בטל פון זיך אַליין. מיינע פעטערבורגער גבאים זיינען דעריבער געווען איבערראַשט, ווען זיי האָבען אויפ׳ן וואָקזאַל באַגעגענט מיך איינעם אַליין, בעת מיין פאַמיליע איז געבליבען אין ווין. איך האָב זיי באַרוהיגט, אַז צוליב׳ן שלעכטען געזונט־צושטאַנד פון מיין פרוי האָבען איר די דאָקטוירים פאַרבאָטען אונטערצונעמען אַזאַ ווייטע רייזע אום ווינטער.

איך האָב נישט לאַנג גערוט פון וועג און גלייך זיך געשטעלט מאַכען פּראָבעס מיט׳ן דיריגענט גורעוויטש. מיר האָבען גענומען צוגרייטען אַ פּראָגראַם פאַר׳ן ערשטען שבת און אויך פאַר חנוכה, וואָס איז אויסגעפאַלען אין געציילטע וואָכען אַרום. וועגען דעם ערשטען שבת דאַוונען זיינען געווען גרויסע מעלדונגען אין אַלע רוסישע צייטונגען, און די שוהל איז געווען איבערגעפּאַקט מיט אַ מאָדנעם עלעמענט מענשען, אידען און קריסטען, און עס האָבען אַפילו אויך נישט געפעלט קיין משומדים. מען האָט אויך געזען הויכע מיליטערלייט און גלחים, און איך האָב מיר געטראַכט: רבונו של עולם, פאַר וועמען וועל איך דאָ אויסגיסען מיינע האַרציגע אידישע תפילות, מיינע מיט אור־אַלטע אידישע טרערען דורכגעוועבטע אימפּראָוויזאַציעס?

עס זיינען אויך געקומען אין שול אַריין די צוויי באַרימטע אָפּערע־זינגער דאַווידאָוו און סיביריאַקאָוו. דער לעצטער האָט גאָר געקליבען נחת פון מיר, האָבענדיג אַ באַזונדערע הנאה, וואָס איך האָב געפאָלגט זיין עצה, וועלכע ער האָט מיר געגעבען מיט אַזוי פיל יאָרען צוריק, און בין נישט אַוועק צו די אָפּערע־ברעטער.

אַזוי איז עס געגאַנגען פון שבת צו שבת. מיין דערפאָלג האָב איך ממש געקאָנט אָנטאַפּען מיט די פינגער, אָבער צו דער זעלבער צייט בין איך אינערליך געבליבען קאַלט צו אָט דעם דערפאָלג. איך האָב זיך דעם ערשטען ווינטער געפילט גאַנץ פרעמדליך אין אָט דער שטאָט ביי דער נעוואַ. יעדעס מאָל, ווען דער באַראָן גינצבורג האָט מיך געזען, האָט ער נישט פאַרפעלט מיך צו

פרעגעז, ווען איך קלער צו ברענגען מיין פרוי מיט די קינדער. עפּעס האָט ער זיך נישט געפילט זיכער מיט מיר איינעם אַליין, אָן דער פאַמיליע.

איך האָב שטאַרק געוואָלט מהנה זיין דעם טאַטען: זאָל ער זען מיט די אייגענע אויגען ווי איך דאַווען פאַר די פּעטערבורגער גדולים. איז דאָך דאָס געווען זיין חלום און זיין אינטימסטער באַגער, אַז איך זאָל איבערנעמען די שטעלע. האָב איך אים אָנגעשריבען און געבעטען, אַז ער זאָל קומען צו מיר צוגאַסט אויף אַ צוויי וואָכען. דער טאַטע האָט קיין סך נישט געקלערט און איז געקומען צופאָרען.

ווי נאָר דער טאַטע האָט איבערגענעכטיגט די ערשטע נאַכט ביי מיר, האָט זיך גלייך אינדערפרי באַוויזען אַ גאַסט אין הויז. דאָס איז געווען דער שווייצאַר. ער האָט פאַרלאַנגט דעם טאַטענ׳ס דאָקומענטען, כדי זיי איינצומעל־דען אין דער פּאָליציי. עס איז מיר געוואָרען קאַלט און וואַרעם. ער האָט גענומען דעם פּאַספּאָרט אין האַנט אַריין און ווי אַ גאַנצער קענער אַ פרעג געטאָן: „און וואו איז אייער דערלויבעניש צו וואוינען אין פּעטערבורג?״ דער בעל הבית, ביי וועמען איך האָב געוואוינט, האָט שוין געוואוסט וואָס דאָס מיינט. האָט ער אַוועקגערופען דעם ערל אָן אַ זייט, האָט אים אַריינגערוקט אַ גרינעם דריי־רובעלדיגען אין האַנט אַריין און אים געזאָגט, אַז ער זאָל דערווייל האַלטען דעם פּאַספּאָרט ביי זיך און נישט מעלדען דער פּאָליציי.

דער גוי איז אַוועק, אָבער אויף צומאָרגענס אינדערפרי איז געקומען צו גיין דער אָקאָלאָדאָטשניק און האָט אַ פרעג געטאָן דעם טאַטען: „מיט וואָס פאַר אַ רעכט זייט איר אַהערגעקומען?״ ווידער איז אויסגעקומען אָנצוקומען צו דער פאַרמיטלונג פון מיין בעל הבית, וועלכער האָט דעם אָדון אַריינגערופען אין אַ צווייטען צימער, און דאָס מאָל האָט עס שוין געקאָסט צוויי דרייערלעך. אין פיר טעג אַרום איז געקומען נאָך אַ העכערער באַאַמטער, און דאָס מאָל האָט עס שוין געקאָסט אַ גאַנצען צענער׳ל.

אָט די דריי וויזיטען פון דער שייקע, וואָס האָט געאַרבייט בשותפות מיט׳ן שווייצאַר אויף אויסצופּרעסען וואָס מער געלט ביי די אידען, וואָס האָבען געהאַט די באַדערפעניש אויף אַ קורצער צייט אַריינצוקומען אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט, האָבען שטאַרק דערדריקענד געווירקט אויפ׳ן טאַטען. עס איז אים נישט באַקומען דער נחת, וואָס ער האָט געקליבען פון מיין דאַווענען. ער האָט זיך געפילט געיאָגט און פאַרפאָלגט, און האָט שוין וואָס שנעלער געוואָלט פאַרלאָזען די טייערע רעזידענץ.

באַזונדערס געקרענקט איז ער געווען, ווען אין אַ שיינעם טאָג איז געקומען צו אונז מיט אַ „וויזיט״ דער געהילף פון פּריסטאַוו אַליין. גראָד איז געווען אין הויז די בעל־הבית׳טע, האָט זי זיך שנעל געכאַפּט און האָט געשיקט איר מיידעלע זאָגען דעם טאַטען, אַז ער זאָל אַרויסגיין פון הויז דורך אַ הינטער־טיר. דאָ האָט ער שוין געפילט, אַז עס ברענען אים די טריט, און נישט אַרויסרעדענדיג דאָס, האָט ער שוין טיף אין האַרצען חרטה געהאַט, וואָס ער

האָט זיין זון צוגערעדט צו באַזעצען זיך אין אַזאַ שטאָט, וואו מען אָרדענט אייך ממש אַ געיעג אויף אַ פרעמדען איד.

אין איין נאָכמיטאָג האָט דער באַראָן גינצבורג געשיקט אַ מענשען בעטען, אַז איך מיט׳ן טאַטען זאָלען צו אים אַריבערקומען. ער האָט זיך אונטערגעהאַלטען מיט׳ן טאַטען גאַנץ לאַנג וועגען דעם לעבען אין קליינעם שטעטעל, ער האָט הנאה געהאַט פון דעם טאַטענ׳ס ענטפערס, האָט געריימט זיין לעבענס־קלוג־שאַפט. ווען איך האָב פאַר׳ן אַוועקגיין זיך באַקלאָגט אויף די „וויזיטען״, וואָס די רוסישע פּאָליציי האָט אונז געמאַכט געמאַכט געמאַכט, האָט ער אונז באַרואיגט, אַז מער ווי צו געלט וועט דאָס נישט אויסגיין, און אַז די געמיינדע וועט דעקען אַלע הוצאות, וואָס מיר וועלען צוליב דעם האָבען.

ווי נאָר מיר זיינען אין אָווענט אַהיימגעקומען — דער נאַדזיראַטעל איז ווידער דאָ. דאָס מאָל האָט ער זיך שוין נישט באַגנוגענט מיט אַ צענער׳ל, נאָר ער האָט דוקא געוואָלט מיט די אייגענע אויגען אָנקוקען דעם קרבן, כדי אַליין אָפּצושאַצען וויפיל ער איז ווערט. דער טאַטע איז נעבעך בלאַס געוואָרען ווי די וואַנט, און אויף די אַלע רייד פון דעם מלכות, הלמאי ער האָט עובר געווען אויפ׳ן געזעץ און געקומען אין דעם הייליגען פּעטערבורג אָן „פּראַוואָ־זשיטעלסטוואָ״, האָט ער נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. ערשט דער בעל הבית האָט ווידער אַוועקגעפירט דעם „אָדון״ אין אַ צווייטען צימער אַריין און איז מיט אים דאָרטען דורכגעקומען. מיין בעל הבית, קלעבאַנאָוו, איז בכלל געווען אַ גאַנצער שמעלקע מיט דער פּעטערבורגער פּאָליציי. אַליין האָט ער געהאַט אַ גרויסע דירה פון ניין צימערען און געלעבט האָט ער פון אַריינגעמען אויף איבערנעכטיגען „טריפענע״ אידען. די פּאָליציי האָט ביי אים אָפּגעלעקט אַ פעטען ביין, דערפאַר האָט מען געקענט זיין רואיג, אַז קיין שום בייז וועט דעם טאַטען נישט געשען.

אָבער זיין פאַרברענגען מיט מיר אין פּעטערבורג איז שוין געווען פאַר־שטערט, און נאָכ׳ן אָפּזיין ביי מיר צען טעג, האָט מיר דער טאַטע געזאָגט שטילערהייט: „קינד מיינס, איצט ערשט הייב איך דיך אָן צו פאַרשטיין, וואָס דיר האָט אַזוי נישט געצויגען צו דער פּעטערבורגער שטעלע, נאָכדעם ווי דו האָסט שוין פאַרזוכט דעם טעם פון אַ פרייען לעבען אין ווין. עס איז טאַקע אַ געמיינער געפיל פאַר אַ שטאָלצען אידען צו לעבען אין אַזעלכע באַדינגונגען. איך ווינש דיר גרויס הצלחה אין דיין לעבען, און איך פאַרזיכער דיר, אַז מער וועל איך זיך נישט אַריינמישען אין דיינע ענינים. איך זע, אַז איך קען מיך, ברוך השם, אויף דיר אַליין פאַרלאָזען...״

אַזוי האָב איך דעם טאַטען באַגלייט צום באַן אויפ׳ן וועג צוריק אַהיים. עס איז מיר געווען אומעטיג אויפ׳ן האַרצען און קאַלאַמוטנע אויף דער נשמה. און טאָמער איז דאָס געווען ווייניג, האָב איך אויפ׳ן גאַס דערזען אַזאַ סצענע: אַ פּאָליציאַנט האָט מיט כח געשלעפּט אַן אָרעמען, אָפּגעשליסענעם אַרבייטער אין אוטשאַסטאָק אַריין, שלאָגענדיג אים דערביי מכת רצח. דער אַרבייטער

האָט זיך געווערט און האָט געוואָלט וויסען פאַרוואָס מען שלעפּט אים און פאַרוואָס מען שלאָגט אים, האָט ער אַלס ענטפער באַקומען אַ זעץ מיט דער פּאָליצייסקער שאַבלע איבער'ן קאָפּ, אַז ער האָט זיך אינגאַנצען אָפּגעגאָסען מיט בלוט. דאַן האָט אים נאָך דער גאָראָדאָוואָי צוגעקאָפּעט מיט'ן שטיוועל, האָט צוגערופען אַן איזוואָשטשיק און האָט אים אַריינגעלייגט אין דער ברייט. דער קאָפּ איז אַראָפּגעהאָנגען פון איין זייט און די פיס פון דער אַנדערער זייט, און פון ביידע זייטען איז גערונען בלוט.

אָט דאָס איז רוסלאַנד, האָב איך מיר געטראַכט, דעם קייזער פראַנץ יאָזעפ'ס ווין איז דאָך אין פאַרגלייך מיט דעם ווירקליך געווען אַ גן־עדן. דער מענש האָט דאָרט געהאַט מער ווירדע, און מיט קלעמעניש פאַר דעם .טויש וואָס איך האָב געמאַכט, בין איך אַוועק אַהיים. דאָ האָט מיך ווידער דערוואַרט אַן אַנדער „קאַרטינע": מיין בעל הבית, אַליין אַ זון פון אַ ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַט, וואָס האָט אים געגעבען דאָס רעכט צו וואוינען אומגעשטערט אין פּעטערבורג, איז געלעגען אויף דער ערד אַ טויט שיכור'ער און האָט מכבד געווען זיין בני בית מיט... רוסישע מי שברכ'ס. זיין פרוי מיט זיין טעכטערעל האָבען זיך געבעטען ביי אים מיט ביטערע טרערען, אַז ער זאָל זיך באַרואיגען און גיין שלאָפען, און ער האָט אַלץ און אַלעמען געשאָלטען מיט טויטע קללות. ענדליך איז מיר געלונגען אים אַוועקצולייגען שלאָפען.

אָט די צוויי בילדער, וואָס איך האָב געזען, האָבען נאָך מער פאַרשטאַרקט אין מיר דעם אומווילען צו פּעטערבורג, צו בלייבען וואוינען אין רוסלאַנד. אויב איך האָב געטראַכט וועגען עפּעס, איז דאָס געווען וועגען דעם, ווי אַזוי קריגט מען זיך אַרויס פונדאַנעט? עס האָט מיך נישט געשראָקען דער געדאַנק, אַז איך קען נאָך אַמאָל בלייבען אָן אַ פּאָסטען. איך האָב געוואוסט, אַז די ווינער שטעלע שטייט גרייט פאַר מיר צו יעדער מינוט. עס איז מיר בלויז שווער געווען צו פּועל'ן ביי זיך צו פאַרשאַפען אומאָנגענעמליכקייטען דעם באַראָן גינצבורג און די אַנדערע מיטגלידער פון דער פּעטערבורגער קהילה, וועלכע האָבען אַרויסגעוויזען צו מיר אַזוי פיל איידעלקייט און פיינקייט.

אַזוי איז אַריבער דער פסח. מיט מיין דאַוונען האָב איך נאָך מער געוואונען זייערע הערצער, און גלייך אַ וואָך נאָך פסח האָט מען מיך גערופען צו אַ זיצונג פון דער קהילה, וואו מען האָט מיר דערמאָנט אין דעם פּונקט פון אונזער קאָנטראַקט, אַז איך דאַרף ברענגען קיין פּעטערבורג מיין ווייב און קינדער. איצט איז שוין פרילינג, האָבען זיי גע'טענה'ט, און עס איז שוין נישטאָ מער קיין געפאַר פאַר זייער רייזע. איך האָב אויסגענוצט די געלעגענהייט אויף צו געפינען אַ מעגליכקייט אַוועקצופאָרען פון לאַנד. אַזוי ווי נאָך שבועות, האָב איך זיי געזאָגט, הויבט זיך אָן מיין אורלויב, וועל איך אַוועקפאָרען קיין ווין און דאַן צוריקקומען אינאיינעם מיט מיין פאַמיליע. דאָס זאָגענדיג האָב איך שטאַרק געצווייפעלט צי איך וועל נאָך צוריקקומען, אָבער איך האָב דאָס געהאַלטען פאַר דעם בעסטען אויסוועג, כדי זיי נישט צו פאַרשאַפען קיין ערגערניש. זיי האָבען עס ביי מיר זיכער נישט פאַרדינט.

# בודאַפּעסט — אַ נייער קאַפּיטעל אין מיין לעבען

אַ שיינע מעשה האָב איך געהאַט אין פּעטערבורג. ווען איך בין שוין געגאַנגען אָוועקפאָרען, איך האָב דערלאַנגט אַ ביטע אין אַמט פון גובערנאַטאָר וועגען אַ פּאַס אַרויסצופאָרען און האָב בייגעלייגט פינף און צוואַנציג רובעל. איך האָב באַקומען אַ נומער און מען האָט מיך געהייסען קומען אין דריי טעג אַרום. ווען איך בין געקומען צו דער ריכטיגער צייט און האָב זיך געמאָלדען צום אַמטירענדען באַאַמטען, האָט ער מיך געהייסען וואַרטען אויף מיין ריי. איך וואַרט און וואַרט אַזוי שעה'ן לאַנג, און ווען עס איז מיר ענדליך מיאוס געוואָרען און איך האָב געפרעגט דעם באַאַמטען, וואָס איז די מעשה, וואָס איך וואַרט אַזוי לאַנג, האָט ער געהאַט פאַר מיר נאָר איין ענטפער: „נוזשנאָ זשדאַט" (דאָס מיינט, מען דאַרף וואַרטען).

עס איז שוין באַלד געוואָרען פאַרנאַכט און מען רופט מיך אַלץ נישט. גיי איך ווידער צו צו דעם גוי און בעט שוין יושר, וויפיל איז דער שיעור, אַז מען זאָל מיך לאָזען אַזוי זיצען. ענטפערט ער ווייטער: מען דאַרף וואַרטען, נאָר אויב דו ווילסט קענסטו קומען מאָרגען, און איך וועל זיך שוין באַמיען פאַר דיר. איך בין אָוועק אַהיים אַ זעהר פאַרביטערטער און האָב גלייך אָפּגערופען דעם סעקרעטאַר פון דער קהילה און אים דערציילט די געשיכטע און געבעטען אפשר קען ער מיר מיט עפּעס העלפען, אַז איך זאָל אַרויסקריגען מיין פּאַס.

דער סעקרעטאַר האָט מיך גוט אויסגעלאַכט און געזאָגט, אַז איך קען זיך נאָך זעהר ווייניג אויף די רוסישע מנהגים. ווען דער באַאַמטער האָט מיר געזאָגט: „נוזשנאָ זשדאַט", איז דאָס געווען דער טייטש „נוזשנאָ דאַט" (מען דאַרף געבען אין יד אַריין), אַנדערש קען איך אַזוי גיין וואָכען און חדשים און איך וועל מיין פּאַס נישט אַרויסקריגען. אַליין האָב איך קיין מוט נישט געהאַט צו שטופּען אַ באַאַמטען אונטערקויף־געלט אין האַנט אַריין, האָב איך אויף צומאָרגענס מיטגענומען מיט זיך מיין בעל הבית, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מומחה אין די זאַכען. ער האָט אים טאַקע אַריינגערוקט אַ פינפער'ל אין האַנט אַריין, און אין עטליכע מינוט אַרום האָב איך געהאַט מיין פּאַס אין האַנט.

אין יוני חודש, נאָך אָפּזיין אין פּעטערבורג קנאַפּע אַכט חדשים, האָב איך פאַרלאָזען די שטאָט אויפ'ן וועג קיין ווין. איך בין געווען גליקליך ווידער זיך צו געפינען אין קרייז פון מיין פאַמיליע. איך האָב נאָך נישט באַוויזען זיך

אָנצופֿרײען מיט זײ װי עס דאַרף צו זײן, ערשט איך דערהאַלט אַן עקספּרעס־בריװ פֿון בודאַפּעסט, פֿון דער דאָרטיגער אידישער געמײנדע, אַז עס איז װאַקאַנט דער פּאָסטען פֿון אױבער־קאַנטאָר אין באַרימטען טאַבאַק־טעמפּעל, און אויב איך האָב אַן אינטערעס אין דער שטעלע זאָל איך גלײך דעם צװײטען טאָג אַריבערקומען פֿאַרהאַנדלען.

מיך האָט אינטערעסירט אַן אַנדער זאַך: װי אַזוי האָבען זײ דאָרט אין בודאַפּעסט גלײך אױסגעפֿונען, אַז איך בין שױן דאָ צוריק אין װין, בעת אַלע האָבען געװאוסט, אַז איך געפֿין זיך װײט אין רוסלאַנד. װין מיט בודאַפּעסט זײנען טאַקע צו יענער צײט געװען צװײ שװעסטער־שטעט, װאָס האָבען געהערט צו אײן מלוכה: עסטרײך־אונגאַרן, אָבער איך האָב נאָך נישט באַװיזען אין װין אַ טיר אױפֿצומאַכען און שױן װײסען זײ, אַז איך בין דאָ און גלײך מיט אַן אָנבאָט, װאָס דעם אמת זאָגענדיג האָט ער מיך זעהר געלאָקט.

װײל די מעשה בודאַפּעסט האָט אַ שטיקעל פֿאָר־געשיכטע. נאָך אין יאָר 1906, װען איך בין געװען אין קײזערין עליזאַבעט טעמפּעל, האָב איך באַקומען אַן אײנלאַדונג צו קומען קײן בודאַפּעסט איבערצונעמען די שטעלע אין דער ראַמבאַך־שוהל אױפֿ׳ן אָרט פֿון דעם גרױסען און טאַלאַנטירטען אױבער־קאַנטאָר יעקב באַכמאַן. איך האָב דאָרט געדאַװענט אַ שבת און מען האָט מיך געװאָלט פֿאַרהאַלטען אױף דער שטעלע, אָבער איך האָב דעמאָלט דעם פֿאָר־שלאָג אָפּגעװאָרפֿען צוליב צװײ אורזאַכען:

ערשטענס, איז דעמאָלט אָנגעקומען קײן בודאַפּעסט אַ זעהר גוטער חזן פֿון קישיניעװ מיט׳ן נאָמען טקאַטש, װעלכער איז מיט זײן פֿאַמיליע געהאַט אַנטלאָפֿען פֿון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. ער האָט זיך באַמיט װעגען דער שטעלע און עס איז געװען בלױז יושר׳דיג, אַז איך, דער באַזאָרגטער, זאָל אים נישט שטײן אין װעג. צװײטענס, װען אַפֿילו דער חזן טקאַטש זאָל דאָרט נישט געװען זײן, װאָלט איך אױך די שטעלע נישט אָנגענומען.

איך בין שױן אין װין צוגעװאױנט געװאָרען צו דער מאָדערנער גאָטעס־דינסט, װאָס האָט געפֿאָדערט צו דאַװנען מיט׳ן פּנים צום עולם, צו באַנוצען זיך מיט אַ געמישטען כאָר און מיט אַן אָרגעל. דאָ, אין דער ראַמבאַך־שוהל, װעלכע איז געװען אַ פֿרומע שוהל, װאָלט איך אײנגאַנצען געמוזט ענדערען מײן שטײגער. איך װאָלט געמוזט אָנטאָן דעם לאַנגען, שװערען װאָלענעם טלית מיט דער שװערער זילבערנער עטרה איבער׳ן קאָפּ. „לכו נרננה״ האָט מען דאָרט געזאָגט אין מיטען שוהל, אױפֿ׳ן בעלעמער, און דערנאָך האָט מען גע־דאַרפֿט צוריקלױפֿען צום עמוד. און בכלל װאָלט מיר שװער געװען נאָכצוקו־מען די אַלע אָרטאָדאָקסישע מנהגים, װאו מען טאָר נישט אַדורכלאָזען קײן אײנע, חלילה, פֿון די אַלע יוצרות.

איך האָב דעמאָלט דערקלערט דעם פּרעזידענט, ה׳ אַדלער, אַז כאָטש זײ באָטען מיר אָן אַ סך בעסערע באַדינגונגען װי אין מײן װינער טעמפּעל, בין איך אָבער נישט גענײגט די שטעלע אָנצונעמען. װען עס װאָלט זיך, דאַגעגען,

געהאַנדעלט וועגען טאַבאַק־טעמפּעל און נישט וועגען דער ראַמבאַך־שוהל, וואָלט איך זיך קיין מינוט נישט פאַרטראַכט און וואָלט געבליבען אַ בודאַפּעסטער. דער הער אַדלער האָט דעמאָלט מיט שפּאַס באַמערקט, אַז זיי וועלען האַלטען אַן אויג אויף מיר און ווי נאָר די שטעלע אין טאַבאַק־טעמפּעל וועט פריי ווערען, וועלען זיי זיך גלייך שטעלען מיט מיר אין פאַרבינדונג.

איצט, ווייזט אויס, איז אָט דער מאָמענט געקומען. אַזוי ווי מיין האַרץ איז מער נישט געווען געצויגט צוריקצופאָרען קיין פּעטערבורג, האָב איך קיין לאַנגע שהיות נישט געמאַכט און בין איבערנאַכט שוין געווען אין בודאַפּעסט. עס האָבען מיך אָפּגעוואַרט דער פאָרשטייער פון דער געמיינדע, אייזלער, צוזאַמען מיט'ן סעקרעטאַר בערגער, און גלייך פון וואָקזאַל זיינען מיר צוגעפאָרען צום געמיינדע־הויז אויף „דאָהאַני אוטקאַ", וואו עס האָט מיך שוין אָפּגעוואַרט דער פּרעזידענט הער אַדלער, צוזאַמען מיט נאָך עטליכע פאָרשטייער.

דער הער אַדלער איז געווען אַ מענש מיט אַ חוש פאַר אַ וויץ, זאָגט ער צו מיר: „הער אויבער־קאַנטאָר, עס איז פריי פאַר אייך דער פּאָסטען, וועלכען איר האָט זיך געוואונשען מיט פינף יאָר צוריק, אָבער אויך מיר האָפען צו באַקומען דעם אויבער־קאַנטאָר, וועלכען מיר ווינשען זיך שוין אַ גאַנץ לאַנגע צייט". ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אַלע יאָרען וואָס איך בין געווען אין ווין און דאָס לעצטע יאָר אין פּעטערבורג, האָבען זיי פון מיר דאָס אויג נישט אַראָפּגעלאָזט און האָבען געוואַרט אויף דער געלעגענהייט, אַז איך זאָל ענדליך אַריבערקומען און באַזעצען זיך צווישען זיי.

ווי מיר זיצען אַזוי און ריידען, דערלאַנגט מען מיר אַ טעלעגראַמע פון מיין פרוי, וואו זי טיילט מיר מיט, אַז דער פּרעזידענט פון דער ווינער געמיינדע האָט אָפּגערופען, אַז ער וויל מיך דרינגענד זען. זאָל איך דעריבער נישט אָפּשליסען קיין זאַך מיט בודאַפּעסט, ביז איך וועל מיך מיט אים נישט זען. איך האָב מיך געקענט אָנשטויסען, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען אַ פריי געוואָרענעם פּאָסטען אין דער ווינער קולטוס־געמיינדע.

ווען די בודאַפּעסטער קהל־לייט האָבען גענומען ריידען מיט מיר וועגען באַדינגונגען, האָב איך זיך געפונען אין דער בעסטער לאַגע, אין וועלכער אַ חזן האָט זיך ווען עס איז געפונען אין זיין לעבען. אַ טייערע שטעלע האָט אויף מיר געוואַרט אין פּעטערבורג, און עס איז גענוג געווען בלויז איין פּיפּס פון מיר, אַז מען זאָל מיר דערלאַנגען דאָרט פון פויגעל־מילך. דאָ הער איך, אַז די ווינער קולטוס־געמיינדע רופט מיך, וואָס דאָס מיינט אויך אַ לעבענסלענגליכער פּאָסטען מיט כל־טוב, וואָס איך וועל זיך נאָר אַליין אויסבעטען. טאָ פאַרוואָס זאָל איך זיך נישט האַלטען אין גרויסען און טאַקע אַ זאָג טאָן אַ פרייז, וואָס עס זאָל מיר לוינען צו מאַכען אַ פרישען טויש?

האָב איך זיך טאַקע נישט געשעמט און אַ באָט געטאָן פופצען טויזענט קראָנען אַ יאָר. ווען די אידען האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי זיך שטאַרק פאַרקרימט. „דאָס איז אוממעגליך", האָט געזאָגט הער אַדלער; „דאָס איז קעגען

די סטאַטוטען פון דער געמיינדע, וואָס פאַרבאָטען, אַז נאָך איין באַאַמטער זאָל באַקומען אַזאַ געהאַלט, ווי עס באַקומט דער אויבער־ראַבינער, דר. קאָהן, דער העכסטער און ווירדיגסטער באַאַמטער פון דער געמיינדע״.

ווען איך האָב שוין געוואוסט, אַז דער הער אַדלער איז אַ וויצלינג, האָב איך זיך אויך דערלויבט אויף אַ וויץ. מיך אַרט נישט, האָב איך געזאָגט, ווען איר וועט דעם הער אויבער־ראַבינער מוסיף זיין און צאָלען אים דרייסיג טויזענט קראָנען, דאַן וועלען שוין מיינע פופצען טויזענט נישט זיין קיין סך. זיי האָבען מיר אויף דער שטעל אָנגעבאָטען צוועלף טויזענט קראָנען, מיט׳ן אויסרייד, אַז זיי קענען מער נישט געבען, ווייל אַז נישט, וואָלטען זיי געמוזט מאַכען אויך אַנדערע העכערונגען צו די קאַנטאָרען און ראַבינערס אין די פופצען בודאַפּעסטער טעמפּלען און דאָס וואָלט זיי אַריינגעטריבען אין צו גרויסע הוצאות.

אַזוי האָבען מיר זיך נישט געקענט פאַרשטענדיגען און איך בין אָפּגעפאָרען צוריק קיין ווין. איך האָב נאָך נישט באַוויזען איבערצוטרעטען די שוועל פון מיין הויז, ווען איך האָב שוין געהאַט אַן עקספּרעס־בריוו פון בודאַפּעסט, טאַקע פון דעם הער אַדלער, וועלכער האָט מיר געשריבען, אַז נאָך מיין אַוועק־גייען האָבען זיי נאָכאַמאָל באַטראַכט מיינע פאָדערונגען, און זיי האָבען געפונען די ריכטיגע פאָרם פאַר אַן אויסוועג, וואָס זאָל צופרידענשטעלעןביידע צדדים. זיי בעטען מיך דעריבער אַריבערקומען דאָונען אַ שבת, נישט חלילה אויף פּראָבע, נאָר פשוט, כדי צו געבען די מיטגלידער פון דער געמיינדע אַ געלעגענ־הייט צו באַקענען זיך מיט זייער צוקונפטיגען אויבער־קאַנטאָר. ער האָפט, אַז גלייך שבת צונאַכטס וועט מען קענען שרייבען דעם קאָנטראַקט.

איך האָב דערווייל געלאָזט שטיין בודאַפּעסט, כדי אויסצוגעפינען וואָס אַזעלכעס עס האָט פּאַסירט אין דער ווינער קולטוס־געמיינדע. און אַזוי קלייַ־בענדיג זיך צו באַזוכען דעם וויצע־פּרעזידענט, דר. גוסטאַוו קאָהן, רופט מיך אָפּ טעלעפאָניש דער פּרעזידענט פון מיין געוועזענעם קייזערין עליזאַבעט טעמפּעל, הער בעק, אַז ער וויל מיך באַזוכען ביי מיר אין הויז. זיין באַזוך איז געווען פאַר מיר אַן אָנגענעמע איבערראַשונג נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, וואָס מיר האָבען זיך נישט געזען.

דער הער בעק האָט מיט מיר גלייך אָנגעהויבען ריידען ביזנעס, דאָס הייסט, אפשר איז נאָך פאַראַן אַ מעגליכקייט, אַז איך זאָל זיך צוריקקערען צו זיי אין טעמפּעל. זיי וועלען מיר העכערען דעם געהאַלט און זיי וועלען פאַרגרעסערען מיין פאַרזיכערונגס־פּאָליסי, זיי וועלען מיר געבען אָפּטע אור־לויבען, כדי איך זאָל קענען אויסנוצען מיין צייט אויך אַנדערשוואו, בכלל וועלען זיי טאָן אַלץ פאַר מיר, וואָס זיי וועלען נאָר זיין אומשטאַנד און וואָס עס וועט נאָר זיין אין זייערע מעגליכקייטען.

איך מוז זאָגען, אַז דאָס קומען פון הער בעק צו מיר אין הויז אַריין האָט מיך דערמאָנט, אַז מיט יאָרען צוריק האָט ער אַפילו נישט געוואָלט ריידען

צו מיר, ווייל איך בין אַ רוסישער... און זיינע האַרציגע רייד האָבען מיך טיף גערירט. פאַר מיינע אויגען זיינען דורכגעגאַנגען די זעקס יאָר, וואָס כ׳האָב געדאַווענט אין זייער טעמפּעל; די זעקס וויכטיגסטע און דעצידירענדסטע יאָרען אין מיין לעבען, ווען מיין נאָמען איז באַרימט געוואָרען, ווען פון אַן אומבאַקאַנטען יונגערמאַנטשיק פון רוסלאַנד בין איך געוואָרען אַ באַרימטער און באַליבטער מאַן, איבער וועלכען קהילות אין פאַרשידענע טיילען פון דער וועלט האָבען זיך געריסען און געוואָלט מיך האָבען ביי זיך.

אַ סך פון מיין כבוד און פון מיין אָנזען האָב איך געהאַט זיי צו פאַרדאַנקען, אַט דעם טעמפּעל, וואָס האָט אָנגענומען דעם נאָמען פון דער עסטרייכישער קייזערין. טאָ ווי האָבען מיך נישט געקענט רירען די האַרציגע רייד פון זייער פּרעזידענט? פון דער אַנדערער זייט, ווידער, בין איך געשטאַנען פאַר גרויסע נסיונות: פּעטערבורג וואַרט נאָך אויף מיין צוריקקומען, איך האָב נאָך ענדגילטיג מיט זיי נישט איבערגעריסען; בודאַפּעסט מאַכט אַ זעהר שיינעם אָנבאָט, און מען דאַרף זיין שטאַרקער פון אייזען אים נישט אָנצונעמען; און דאָ רופט מיך די ווינער קולטוס־געמיינדע, מסתמא האָט זי אויך עפּעס אָנצובאָטען, וואָס וועט זיין נישט צו פאַרזינדיגען. טאָ וואָס פאַר אַ ענטפער קען איך דאָ אויפ׳ן פלאַץ געבען דעם זעהר ליבענסווירדיגען פּרעזידענט?

## בודאַפּעסטער ראַבינערס הויבען אָן אַ קאַמף מיט מיר

דער הער בעק איז אַוועק פון מיר מיט געמישטע געפילען. ערגעץ האָט נאָך געטליעט ביי אים אַ פונק פון האָפענונג, אַז איך וועל זיך פאַרטראַכטען און דאָך נישט פאַרשעמען דעם טעמפּעל, וואָס האָט מיר אַזוי פיל געגעבען, ווען איך האָב געשטעלט מיינע ערשטע חזנ׳ישע טריט אין ווין. דערווייל האָב איך געדאַרפט גיין זען דעם וויצע־פּרעזידענט פון דער ווינער קולטוס־גע־מיינדע, דר. גוסטאַוו קאָהן, און הערען דעם צוועק צוליב וועלכען ער האָט מיך גערופען.

גייענדיג אַזוי צו אים האָב איך זיך אויפ׳ן וועג דערמאָנט מיין לעצטען וויזיט ביי אָט דעם ביוראָקראַט, איידער איך בין אַוועקגעפאָרען קיין פּעטער־בורג. איך האָב זיך דעמאָלט געבעטען ביי אים, אַז אויב ער וועט מיר בלויז געבען דעם צוזאָג, אַז ווען עס וועט פריי ווערען אַ פּלאַץ אין די טעמפּלען פון דער קולטוס־געמיינדע, זאָל איך זיין דער ערשטער קאַנדידאַט. ער האָט דאָס דאַן מיר קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, מיט׳ן מאָטיוו, אַז דאָס איז געגען די סטאַטוטען פון דער געמיינדע. איך האָב אים דאַן מיט ביטערקייט באַמערקט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען ער וועט מיך נאָך זוכען און דאַן וועלען מיר פירען גאָר אַן אַנדער געשפּרעך.

מאָדנע פּאַראַנדקעס האָבען צו יענער צייט געהערשט אין דער מעכטיגער קולטוס־געמיינדע פון דער שטאָט ווין. פּאַראַנדקעס וואָס זיינען געווען גאַנץ ווייט פון גערעכטיגקייט. ווער עס האָט געהאַט די ריכטיגע פּראָטעקציע, דאָס מיינט שטאַרקערע פּלייצעס צווישען די מיטגלידער פון פאַרשטאַנד, דער האָט געוואונען. צוליב אָט דער פּראָטעקציע־סיסטעם האָט ווין אין אירע צוואַנציג טעמפּלען פון דער קולטוס־געמיינדע אין פאַרלויף פון צענדליגער יאָרען נאָכאַנאַנד נישט געהאַט קיין איינציגען רעכטען אויבער־קאַנטאָר, אויב נישט רעכענען דעם טאַלענטירטען ב. גוטמאַן. די בעסטע קאַנטאָרען זיינען געשטאַנען אין די פּריוואַטע פאַראיינס־טעמפּלען, וואו די באַציהונגען זיינען געווען אַ סך אַנשטענדיגער. און דאָרטען, אויף די לעבענס־לענגליכע פּאָסטענס פון דער קולטוס־־געמיינדע, האָבען זיך אַריינגעכאַפּט נישט די פעהיגסטע און טאַלאַנ־טירטסטע, נאָר די פּיפּיגסטע מיט די מעכטיגע עלענבויגענס.

איך האָב דאָס אַלץ גאַנץ גוט געוואוסט, און דאָך בין איך אין דעם מאָמענט, ווען איך בין געגאַנגען זען דעם וויצע־פּרעזידענט, געווען פריי פון אַ וועלכען

עס איז נקמה־געפיל, און האָב אויפריכטיג געוואָלט הערען, וואָס ער האָט מיר אָנצובאָטען. דער הער גוסטאַוו קאָהן האָט מיך זעהר העפליך אויפגענומען, ווי עס איז דער שטייגער געווען אין ווין. ער האָט מיך געפרעגט צי איך בין איצט פריי אויפצונעמען אַ פּאָסטען, און צי איך בין נישט געבונדען מיט אַן אָפּמאַך מיט פּעטערבורג. איך האָב אים דערויף געענטפערט, אַז איך באַטראַכט זיך שטענדיג אַלס דעם בעל הבית איבער זיך אַליין און איבער מיין גורל, און אַז מיין צוקונפט איז געווענדעט אין מיין אייגענעם באַשלוס.

„אויב אַזוי, הער אויבער־קאַנטאָר", האָט ער געזאָגט, „קענט איר איצט האָבען אַ געלעגענהייט צו ווערען אויבער־קאַנטאָר פון דער ווינער קולטוס־געמיינדע". אַזוי ווי איך בין געשטאַנען אין רייכע שידוכים, צווישען פּעטער־בורג, בודאַפּעסט און מיין אַלטען פּאָסטען אין ווין, האָב איך גלייך אויף דער שטעל באַשלאָסען, אַז איך וועל דעם נייעם אָנבאָט נישט אָננעמען, אָבער אַביסעל אַרויספירען פון געדולד אָט דעם ביוראָקראַט האָב איך יאָ געוואָלט, און אַזוי אויף טשיקאַווע וועגען האָב איך אים געפרעגט: „וואָס פאַר אַ באַ־דינגונגען וואָלט איר מיר געקענט אָנבאָטען, הער פּרעזידענט?"

„אַכט טויזענט קראָנען אַ יאָר, הער אויבער־קאַנטאָר, מיט אַ שטייגערונג פון טויזענט קראָנען יעדע פינף יאָר, אַ חוץ די געוויינליכע זייטיגע הכנסות". איך האָב באַשלאָסען ווייטער צו שפּילען און האָב געזאָגט, אַז ווינציגער פון צוועלף טויזענט קראָנען קען איך נישט אַקצעפּטירען, אַ חוץ דעם פאַר־לאַנג איך, מען זאָל מיר אַריינרעכענען די זעקס יאָר, וואָס איך בין געווען חזן אין דעם קייזערין עליזאַבעט טעמפּעל, אַז זיי זאָלען מיר צוגערעכענט ווערען צו מיין פּענסיע.

דער דאָקטאָר האָט אויף מיר אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגען, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט אויפעסען. און דאַן האָט ער געזאָגט מיט חוצפּה: „איר שעצט אַביסעל צו הויך אייער ווערט, הער אויבער־קאַנטאָר". דאַן האָב איך באַשלאָסען אים צו זאָגען דעם גאַנצען אמת אין די אויגען אַריין, אַז איך האָב אָנבאָטען, וואָס זיינען מער ווי צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי זיינער, און אַז ער האָט אַדורכ־געלאָזט דעם מאָמענט, ווען זיין געמיינדע האָט מיך געקענט קריגען אַלס אויבער־קאַנטאָר, איצט וועט ער אַביסעל צוואַרטען. עס איז אַ טיפע אינער־ליכע פרייד פאַר מיר אים צו זאָגען, אַז איך קען אויף זיין אָנבאָט פאַרציכטען, און בכלל איז פאַר מיר נישט קיין פּלאַץ אין אַ געמיינדע, וואו פּראָטעקציע שטייט העכער פאַר די ווירקליכע אינטערעסען און — צום ווידערזען, הער פּרעזידענט!

איך בין אַראָפּ אויפ'ן גאַס מיט אַ גוט געפיל, וואָס עס זיינען מיר גע־שענקט געוואָרען די כחות אַזוי צו ריידען מיט מענשען, וואָס האָבען אויף אַזאַ שפּראַך פאַרדינט. אין אַלע צייטען און אין אַלע טיילען פון דער וועלט זיינען פאַראַן אַזעלכע טיפּען, וואָס מיינען, אַז אַ דאַנק זייער רייכטום אָדער סאָציאַלער

שטעלונג קענען זיי זיך ווארפען מיט אַ קינסטלער, וואָס פאַרמאָגט ווייניגער פון זיי, אָדער וואָס פאַרמאָגט גאָרנישט אַ חוץ דעם טאַלאַנט, געשאָנקען פון גאָט, צו דערפרייען מענשליכע הערצער. איך האָב געפילט אַן אמת׳ן שטאָלץ, וואָס איך בין אומאָפּהענגיק און קען פאַרטיידיגען מיין כבוד.

איך האָב גלייך מיטגעטיילט קיין בודאַפּעסט, אַז איך וועל נאָכקומען זייער וואונש און אַריבערקומען דאַוונען אַ שבת, כדי מיינע מתפללים זאָלען האָבען אַ מעגליכקייט זיך צו באַקענען מיט זייער שליח ציבור. עס איז געווען פאַר מיר אַ גרויס פאַרגעניגען ווידער צו דאַוונען אונטער אָרגעל־באַגלייטונג, ווי איך בין דאָס געווען געוואוינט אין ווין. עפּעס האָט מיך די באַגלייטונג באַזונדערס אינספּירירט און איך בין געווען אין אַן אויסערגעוויינלכער שטימונג, וואָס עס האָט זיך זעלבסטפאַרשטענדליך אָפּגערופען אויף מיין דאַוונען.

אויך דער עולם האָט מיר צוריקגעצאָלט מיט אַזאַ וואַרעמקייט, אַז איך האָב ממש דערפילט, אַז בודאַפּעסט איז ווי אָנגעמאָסטען פאַר מיר. עס איז קיין שפּור נישט געווען פון דער קאַלטקייט פון דעם ווייטען, צפון׳דיגען פּעטערבורג. עס האָט זיך גלייך געשאַפען אַ האַרציגע אַטמאָספערע צווישען מיר מיט די דאַוונער און כ׳האָב ביי מיר פעסט באַשלאָסען: אָט דאָס איז מיין פּלאַץ און דאָ וועל איך בלייבען. איך וועל אַפילו נישט איבערציען דאָס שטריקעל בעת די פאַרהאַנדלונגען. בודאַפּעסט איז מיר געפעלען געוואָרען.

און ווען מען האָט מיר שבת צונאַכטס אין הויז פון פּרעזידענט אַדלער פאַרגעלייגט די באַדינגונגען: געהאַלט טאַקע בלויז צוועלף טויזענט קראָנען, אָבער אַ חוץ דעם פּופצען הונדערט קראָנען יערליך אויף אַ וואוינונג, אַכט הונדערט קראָנען אויף צו דערציען די קינדער און זיבען הונדערט קראָנען יעדעס יאָר אויף אַרויסצופאָרען זומער־צייט, האָב איך מיר געטראַכט: דאָס איז דאָך די זעלבע סומע, וואָס איך האָב געפאָדערט, נאָר פון אַן אַנדער קעשענע, און אויב אייך איז ליב, איז מיר ניחא! און איך האָב צוגעקלאַפּט, אַז עס זאָל זיין אין אַ מזל׳דיגער שעה. איך האָב אָבער באַוויזען צו באַמערקען בעת מיין זיין אין בודאַפּעסט, אַז סיי דער אויבער־ראַבינער און סיי די איבעריגע דריי רבנים פון בודאַפּעסטער ראַבינאַט, זיינען נישט געווען צופיל באַגייסטערט פון דעם דערפאָלג, וואָס איך האָב געהאַט דעם דערמאָנטען שבת.

זיי האָבען פאַרלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל גלייך איבערנעמען דעם פּאָסטען, אָבער איך האָב זיי אויפגעקלערט, אַז איך האָב נאָך געוויסע פליכטען לגבי מיין פריערדיגער שטאָט פּעטערבורג. איך בין אַוועק פון דאָרט אַן דעם ריכטיגען „זיי געזונט״, און אַזוי ווי עס גייט צו ימים נוראים, איז עס נישט מער ווי רעכט, אַז איך זאָל זיי נישט לאָזען שטיין אָן אַ קאַנטאָר, ווייל איך האָב זיי נישט געוואָרענט אין צייט, אַז איך בין נישט געניגט ביי זיי צו בלייבען.

זיי האָבען מיין שטאַנדפּונקט פאַרשטאַנען און מיר האָבען אָפּגערעדט, אַז איך וועל פאַרנעמען די נייע שטעלע אַזוי שנעל ווי עס וועט נאָר מעגליך

פאַר מיר. אַזוי ווי איך האָב זיך געגרייט אָפּצופאָרען קיין פּעטערבורג, כדי דאָרט צו פאַרענדיקען מיינע ענינים, האָב איך מיט מיינע נייע בעלי בתים אָפּגערעדט, אַז דעם קאָנטראַקט וועלען זיי מיר צושיקען קיין פּעטערבורג „פּאָסט רעסטאַנט".

אין אַלע צייטען זיינען געווען ביי אידען פאַרברענטע ליבהאָבער פון אידישער נגינה און פון חזנים. אין יעדער שטאָט, וואו מיר איז אויסגעקומען צו פאַרברענגען, האָב איך געטראָפען אַזעלכע פאַרברענטע חסידים, וואָס זיינען גרייט געווען צו גיין פאַר מיר אין פייער אַריין. אויך בעת מיין קורצען פאַר־ברענגען אין בודאַפּעסט האָט זיך געמאָלדען צו מיר אַזאַ פריינט, מיט׳ן נאָמען נאַטאַן בעהם, וועלכער האָט דערקלערט, אַז „ער איז פאַרליבט אין מיר פון ערשטען אויגענבליק", און אַז ער איז גרייט מיר צו דינען, מיט וואָס ער וועט נאָר קאָנען, און אַז איך קאָן אים אָנטרויען אַלע מיינע פאַרלאַנגען מיט דער גאַנצער זיכערקייט. ער וועט זיין מיין „אַמבאַסאַדאָר" אין בודאַפּעסט פאַר דער צייט ביז איך וועל איבערנעמען מיין פּאָסטען.

דאָס איז געווען אַן עלטערער מענש, אַן קינדער, מיט גענוג מיטלען אום נישט צו זאָרגען וועגען פּרנסה. ער האָט זיך ווירקליך איבערגעגעבען צו מיר מיט לייב און לעבען, און איך האָב נישט געהאַט קיין גרונט חושד צו זיין, אַז ער האָט דערביי עפּעס אַ זייטיגען אינטערעס. זיינען מיר געוואָרען שטאַרק באַפריינדעט. ער האָט אַפילו גענומען אויף זיך אַריינצופאָרען פון צייט צו צייט קיין ווין אַכטונג געבען אויף מיין פאַמיליע, ביז איך וועל צוריקקומען פון פּעטערבורג. ער האָט זיך אויך אונטערגענומען צו אינפאָרמירען מיר קיין פּעטערבורג וועגען אַלע פּאַסירונגען אין דער שטאָט, וועלכע איך האָב אָפּגע־קליבען ווי מיין צוקונפטיגען וואוינונגס־פּלאַץ.

איך האָב נאָך אַ וואָך פאַרבראַכט מיט מיין פאַמיליע אין ווין און בין אָפּגעפאָרען קיין פּעטערבורג. גלייך האָב איך אויף דער פּאָסט געטראָפען צוויי בריוו פון בודאַפּעסט. איינער האָט אַנטהאַלטען דעם קאָנטראַקט פון דער בודאַפּעסטער קהילה, וועלכען איך האָב געדאַרפט אונטערשרייבען, און דער צווייטער איז געווען פון מיין ניי־דערוואָרבענעם פריינט, נאַטאַן בעהם. ווען איך האָב אַזוי גענומען לייענען דעם קאָנטראַקט, האָב איך געזען, אַז אַלע פּונק־טען שטימען אַזוי ווי מיר האָבען אָפּגערעדט. נאָר צום סאַמע סוף איז געווען צוגעגעבען אַ פּונקט, וואָס איז געווען פאַר מיר אַ נייעס און וועלכער האָט נישט דערוועקט ביי מיר קיין שום סימפּאַטיע.

דאָרט האָט זיך, נעמליך, גערעדט, אַז דער דאָזיגער קאָנטראַקט וועט באַקו־מען זיין פולע קראַפט ערשט דעמאָלט, ווען איך וועל צושיקען אַלע צייגענישען און באַשטעטיגונגען, וואָס געפינען זיך אין מיין רשות פון פאַרשידענע געמיינ־דעס און רבנים. אויך דאַרף איך צושטעלען אַ צייגעניש פון מיין געבורט־שטאָט, אַז איך בין אַן אָרענטליכער מענש, שטאַם פון אַ פיינער פאַמיליע

א. אַ. וו. אויף רוסיש האָט עס געהייסען אַ „טשעסטנע פּאָוועדעניע". די אַלע דאָקומענטען װעלען איבערגעגעבען װערען דעם בודאַפּעסטער ראַבינאַט, זײ װעלען זײ אױספאָרשען, און ערשט װען זײ װעלען געפינען, אַז איך בין כשר, ערשט דעמאָלט װעל איך זיך קאָנען רעכענען פאַר'ן בודאַפּעסטער אױבער־קאַנטאָר.

דער פּונקט האָט געהאַט פאַר מיר אַ שטאַרקען בייגעשמאַק, הגם איך האָב געװאוסט, אַז די דערמאָנטע פאָדערונגען זײנען געװען אין פולען הסכם מיט די אַלטע סטאַטוטען פון דער געמײנדע, װעלכע האָבען פאָרגעשריבען, אַז קיין שום קהל'ישער אָנגעשטעלטער קאָן נישט אױפגענומען װערען אָן דעם הסכם פון ראַבינאַט, האָט עס אָבער פאַר מיר צופיל געשמעקט מיט מיטעלאַלטער, און עס האָט אַ בונטעװע געטאָן אין מיר, אַז איך װעל אַזאַ פּונקט נישט אָננעמען.

דער בריװ, װידער, פון מײן פרײנט בעהם האָט מיר אױפגעקלערט, װאָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין בודאַפּעסט נאָך מײן אַװעקפאָרען. אַלע הױכע באַ־אַמטע פון דער קהילה, מיט'ן אױבער־ראַבינער און די איבעריגע קאַנטאָרען בראש, האָבען געהאַלטען, אַז מען האָט מיר געגעבען צופיל פּריװילעגירטע באַדינגונגען און זײ האָבען אױפגעהױבען אַ שטורעם קעגען מיר. אַלע האָבען געפאָדערט, אַז מען זאָל זײ העכערען די לױנען און אױסגלײכען מיט מיר. די געמײנדע איז דעריבער געװען געצװאונגען צו בעטען בײ דער רעגירונג אַ סובסידיע פון הונדערט טױזענט קראָנען, כדי זי זאָל קאָנען נאָכקומען די אַלע פאָדערונגען.

נאָך די אַלע ידיעות בין איך שױן געװען זיכער, אַז איך װעל נישט דערלאָזען איבער מיר אַ דיקטאַטור פון רבנים, און איך האָב קורץ און שאַרף געענטפערט דעם פּרעזידענט אַדלער, אַז אױב זײ װעלען נישט אױסשטרײכען דעם לעצטען פּונקט, קאָן איך דעם קאָנטראַקט מיט זײ נישט אונטער־שרײבען.

## מיין ענדגילטיגער געזעגענען זיך מיט פעטערבורג

ערשט אויפ׳ן פינפטען טאָג נאָך מיין אָנקומען קיין פעטערבורג האָב איך מיך געמאָלדען אין דער קהילה. די מעשה מיט די בודאַפּעסטער רבנים, וואָס האָבען געוואָלט אַרויפלייגען אַ האַנט אויף מיר, האָט מיך שטאַרק צערודערט, און ביז איך האָב נישט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז איך וועל אויף די אַלע דריידלעך פון זייערע רעגולאַמינען נישט איינגיין, האָב איך גאָרנישט געקאָנט זיך באַווייזען פאַר די פעטערבורגער בעלי בתים.

איך האָב גלייך באַשטעלט צו זיך דעם דיריגענט גורעוויטש און מיר האָבען גענומען צוגרייטען אַ פּראָגראַם פאַר די ימים נוראים. פון אַלע זייטען האָט מען מיר אָנגעהויבען שטעלען די פראַגע: וואו האָב איך געלאָזען מיין פאַמיליע? אָבער איך האָב מיך דערווייל אויסגעדרייט פון צו געבען אַ קלאָרען ענטפער. עטליכע וואָכען פאַר ימים נוראים, ווען דער באַראָן גינצבורג איז צוריקגעקומען פון זומער־וואוינונג, האָט ער מיך איינגעלאַדען איך זאָל אים באַזוכען. זיין ערשטע פראַגע איז ווידער געווען: פאַרוואָס האָב איך נישט מיט־געבראַכט מיין פאַמיליע. איך האָב געגעבען אַן אויסרייד, אַז דער קלימאַט אין רוסלאַנד איז נישט געזונט פאַר מיין פרוי, אָבער ער האָט זיך אָנגעשטויסען, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַטיג. האָט ער מיר אָנגעוויזען אויפ׳ן פּונקט אין קאָנטראַקט, וואָס פאַרפליכטעט מיך צו ברענגען די פאַמיליע, אַנדערש קאָן דער קאָנטראַקט בטל ווערען.

אַזוי ווי איך האָב געזוכט אַ וועג פּטור צו ווערען פון פעטערבורג אויף אַ בכבוד׳יגען אופן, האָב איך מיך נישט וויסענדיג געמאַכט, און האָב מיר דערביי געטראַכט: דאָס וואָלט דאָך זיכער געווען דער בעסטער אויסוועג, ווען זיי מאַכען בטל דעם קאָנטראַקט. עס האָט נישט גענומען קיין צוויי טעג ווי מען האָט מיך גערופען צו אַ זיצונג פון דעם פּרעזידיום פון דער פּעטער־בורגער קהילה. צווישען די אָנוועזענדע איז אויך געווען דער פאָרט אַרטור׳ער גינצבורג, אַ שטאַרקער גביר, וועמענס פאַרמעגען מען האָט געשאַצט אויף פערציג מיליאָן רובעל, און וועלכער האָט זיך געלאָזט קאָסטען אַ סך געלט פאַר די באַדערפעניששען פון דער קהילה.

אויף דער זיצונג האָט געהערשט אַ בפירוש׳ע שטימונג קעגען מיר. די הויפּט־שרייערס זיינען געווען דער גבאי סאַפּאָטניצקי און טאָקע דער מיל־יאָנשטשיק, באַראָן גינצבורג פון פאָרט אַרטור. עס איז געשטעלט געוואָרען

אַ פֿאָרשלאַג, אַז אַזוי ווי איך האַלט מיך נישט ביים אָפּמאַך מיט ברענגען די פֿאַמיליע, זאָל דעריבער דער קאָנטראַקט מיט מיר דערקלערט ווערען פֿאַר נישט גילטיג. איך בין געזעסען ווי אויף שפּילקעס: הלואי זאָלען זיי שוין דאָס באַשליסען, וועט מיר אַראָפּפאַלען אַ שטיין פון האַרצען.

דער פּעטערבורגער באַראָן גינצבורג, וועלכער איז געווען זיכער, אַז דאָס בטל מאַכען דעם קאָנטראַקט פאַרשאַפט מיר קרענקונג, האָט געוואָלט מילדער מאַכען די זאַך און האָט פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל צוואַרטען ביז איבער די ימים נוראים, אפשר וועל איך איבערטראַכטען און דאָך ברענגען די פֿאַמיליע. צו אַלעמענ׳ס איבערראַשונג האָב איך נישט דערלאָזט דעם פאָרשלאַג און האָב געזאָגט, אַז אייגענטליך באַטראַכט איך זיך שוין באַפרייט פונ׳ם אָפּמאַך און איך שטיץ אונטער די רייד פון גבאי סאָפּאָטניצקי און פון פאָרט אַרטור׳ער גינצבורג, אַז מיר זיינען נישט מער פאַרבונדען. נאָר כדי צו באַווייזען, אַז מיינע כוונות זיינען די בעסטע און איך טראָג נישט קיין בייז האַרץ אויף זיי, האָב איך זיי געמאָלדען, אַז איך האָב באַשלאָסען צו בלייבען ביי זיי איבער די ימים טובים, כדי זיי נישט צו פאַרשאַפען קיין אומאָנגענעמליכקייטען און לאָזען זיי אָן אַ חזן.

איך האָב געקאָנט באַמערקען אַ געוויסע באַוועגונג צווישען די אַנוועזענדע; זיי האָבען זיך נישט גערעכט, אַז איך וועל אַזוי בליץ שנעל מסכים זיין בטל צו מאַכען אונזער קאָנטראַקט. פון דער אַנדערער זייט זיינען זיי געווען אָנגענעם איבערראַשט פון מיין אָנבאָט צו בלייבען ביי זיי איבער די ימים נוראים. יעדער איינער פריוואַט האָט געזוכט מיך צו באַרואיגען און איינריידען, אַז אַלץ וועט נאָך ווידער גוט ווערען און איך וועל דאָך בלייבען זייער קאַנטאָר. אָבער איך האָב געזוכט צו באַשטעטיגען אויפ׳ן שריפטליכען וועג דאָס, וואָס מיר האָבען דאָ מינדליך אָפּגערעדט. איך האָב נישט געהאַט קיין שום אינטערעס צו פאַרדרייען זיי און אויך זיך אַליין דעם קאָפּ.

דערווייל האָב איך צוגעגרייט אַן אויסערגעוויינליך גוטען פראָגראַם אויף די ימים נוראים. איך האָב איינשטודירט מיט׳ן כאָר וואונדערליכע קאָמפּאָזי־ציעס, וואָס האָבען שוין ביי די פּראָבעס געקלונגען אַזוי מעכטיג, אַז איך האָב אַליין געקליבען פאַרגעניגען. דעם ערשטען טאָג ראש השנה אזי די סינאַגאָגע געווען איבערגעפּאַקט, ווי געוויינליך, מיט אַ געמישטען פּובליקום פון אידען און ליבעראַלע רוסען, וואָס זיינען געקומען הערען די גאָטעס־דינסט, ווי מען הערט אַ גוטע אָפּערע. עס איז מיר געלונגען אַרויסצוברענגען דאָס שענסטע פון מיין פאַרמעג, און נאָכ׳ן דאַווענען האָט מען מיך האַרציג גראַטולירט פון אַלע זייטען.

ווען דער באַראָן דוד גינצבורג האָט מיר אָנגעוואונשען אַ גוט יאָר, האָט ער נישט פאַרגעסען צוצוגעבען, אַז ער ווינשט זיך און דער גאַנצער פּעטער־בורגער אידישער געמיינדע, אַז איך זאָל אויף לאַנגע יאָרען פאַרבלייבען מיט זיי אינאיינעם. אָבער ליידער איז דאָס געווען אַן אוממעגליכער וואונש פאַר־

ווירקליכט צו ווערן. איך האָב די גאַנצע ימים טובים אָנגעהאַלטען די גאָטעס־דינסט אויף דער העכסטער הויך פון שיינקייט און פולקאָמענקייט, ווי איך וואָלט אונטערבאַוואוסטזיניג געוואָלט לאָזען אַ גוטען אָנדענק נאָך מיין קורצען פאַרווײלען אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט.

די רוסישע אידען האָבען געוואוסט ווי דאָס אָפּצושאַצען. זיי האָבען מיר פאַר דעם חודש אַריינגעשיקט אַ דאָפּעלטען געהאַלט, הגם אונזערע באַציאונגען זיינען געווען אָנגעשטרענגט צוליב דעם אויפבינדען דעם קאָנטראַקט קעגען זייער ווילען. באַראָן דוד גינצבורג האָט נאָכאַמאָל געפּרואווט ווירקען אויף מיר, רופענדיג מיך צו זיך און פאַרזיכערענדיג מיר, אַז ער נעמט אויף זיך אויסצופּועל׳ן, אַז אַלץ זאָל ווידער גוט ווערען, אַפילו ווען איך וועל נישט איינשטימען צו ברענגען די פאַמיליע. דעמאָלט האָב איך דערקלערט, אַז ליידער האָב איך שוין אין דער צווישען צייט אָפּגעשלאָסען מיט דער בודאַפּעסטער קולטוס־געמיינדע. ער איז געווען אויסער זיך דאָס צו הערען. ער, וואָס האָט אָנדערהאַלבען יאָר נאָכאַנאַנד נישט געקאַרגט קיין שום מי צו געווינען מיך פאַר דער פּעטערבורגער קהילה.

צו מיין סוכות׳דיגען דאַוונען איז שוין באַראָן גינצבורג מער נישט געקומען אין שוהל אַריין. עס האָט געהייסען, אַז ער איז קראַנק. עס האָט מיר זעהר ווײ געטאָן, וואָס איך האָב פאַרשאַפט עגמת נפש אָט דעם איידעלען און ליטערען מענשען, וואָס איז געווען אַ כבוד פאַר זיין קהילה, ווי פאַר דעם גאַנצען אידענטום. איך האָב אַפילו נישט געהאַט די מעגליכקייט צו זאָגען אים אַ „זייגעזונט", ווייל מען האָט קיינעם נישט צוגעלאָזט צו אים. און אַזוי האָב איך זיך אָפּגעזעגענט מיט פּעטערבורג.

אין דער צווישען־צייט האָב איך אָפּגעהאַלטען אַ נצחון אין בודאַפּעסט. פּרעזידענט אַדלער האָט מיר געענטפערט, אַז נאָך לאַנגע אינערליכע קאַמפען איז מיין פאָדערונג וועגען שטרייכען דעם פּונקט בנוגע דעם קאָנטראָל פון די בודאַפּעסטער רבנים איבער מיר — נאָכגעגעבען געוואָרען, און מיר איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אַ נייער קאָנטראַקט, וועלכער האָט מער יענעם באַליידיגענדיגען פּונקט נישט אַנטהאַלטען. מיין האַרציגער פריינט, נאַטאַן בעהם, האָב מיר געשריבען אַביסעל מער אויספירליכער וועגען דעם.

נאָכ׳ן דערהאַלטען מיין בריוו מיט׳ן אָפּזאָג פון קאָנטראַקט, האָט זיך דאָרט געטאָן אויף טיש און אויף בענק. די געמיינדע האָט שוין געהאַט באַקומען פון דער עסטרייכיש־אונגאַרישער רעגירונג אַ סובסידיע פון הונדערט טויזענט קראָנען, כדי צו דעקען די גרעסערע אויסגאַבען, וואָס זיינען געווען פאַרבונדען מיט׳ן איינלאַדען מיך אַלס חזן. איצט, נאָך מיין אָפּזאָג צוליב׳ן פּונקט וועגען די רבנים, איז געשטאַנען די פראַגע: אָדער אָנהויבען אַ קאַמף מיט די רבנים, וועלכע זיינען באַשטאַנען אויף זייערע רעכט לויט די סטאַטוטען, אַז אַן אויבער־קאַנטאָר קאָן צוגענומען ווערען אויסשליסליך מיט זייער צושטימונג,

אָדער אָפּזאָגען זיך פון דער רעגירונגס־סובסידיע, וואָס וואָלט געווען אַ באַ־לײדיגונג און שפּיי אין פּנים דער רעגירונג.

סוף כל סוף האָבען זײ זיך אײנגעריסען מיט די רבנים און האָבען אײנ־געשטימט מיט מיר, אַז איך זאָל נישט אַרונטערפאַלען אונטער זײער קאָנטראָל. איך האָב געהאַט אַ גרונט צו זײן שטאָלץ מיט מײן נצחון. איך האָב פאַרטײדיגט נישט בלויז זיך, נאָר דעם שטאַנד פון אַ חזן בכלל, אַז ער איז אַ באַרעכטיגטער יש פאַר זיך אַלײן, אַ פאַרדינסטפולער דינער פון זײן געמײנדע און ער בײ־טיגט זיך נישט אין דער אַפּטרופּסות פון דעם ראַבינער, רב אָדער שפּעטער דאָ אין אַמעריקע — פון דעם ראַבאַי.

נאָכ׳ן אָפּגעזעגענען זיך מיט פּעטערבורג, האָב איך נאָך אויסגענוצט מײן זײן אין רוסלאַנד אויף צו געבען עטליכע קאָנצערטען אין די געדיכטע אידישע שטעט. איך האָב װידער באַזוכט װילנע, ריגע, ליבאַװע, דװינסק און ביאַליסטאָק און נאָך אײן מאָל האָב איך זיך באַגעגענט מיט דער פרײדיגער אידישער מאַסע, וואָס האָט ממש פאַרגעטערט דעם אידישען ניגון און די אידישע תפילה. אַזעלכע װיזיטען האָבען מיך אָנגעטרונקען מיט באַגײסטערונג אויף לאַנגע יאָרען, װעלכע איך האָב דערנאָך געדאַרפט פאַרברענגען אין די פאַרדײטשישטע שטעט. שטענדיג, װען איך בין געשטאַנען פאַר׳ן עמוד אין אַ װין, פּעטערבורג צי בודאַפּעסט, האָב איך געהאַט פאַר די אויגען די אידען פון װילנע און ביאַליסטאָק, זײערע אָנגעצונדענע בליקען און פלאַטערענדע הערצער האָבען מיך געקרעפטיגט און געגעבען כח אַרויסצו׳כישופ׳ן אַלע שײנקײטען און אַלע טיפקײטען פון דעם אידישען נוסח התפילה.

און אַז איך בין שוין אין רוסלאַנד — װי פאַרט מען דאָס נישט אַריבער זען דעם טאַטען מיט דער מאַמען מיט די אַלע טײערע הײמישע אידען פון מײן געבורטס־שטעטעל? האָב איך לאַנג נישט געטראַכט און טעלעגראַפירט דעם טאַטען, אַז ער זאָל מיך אָפּװאַרטען אין טאַלנע, די לעצטע באַן־סטאַנציע, װאוהין איך קאָן צופאָרען. װי נאָר איך בין אַרויס פון װאַגאָן אויפ׳ן טאַלנער װאָקזאַל, האָט מיך באַגעגענט אַן עדה אידען, װאָס איך האָב נישט אָנגעהויבען צו פאַרשטײן װי אַזוי זײ זײנען געװאויר געװאָרען װעגען מײן קומען. און גלײך האָט מען מיר געגומען רײדען שידוכים װעגען דאַװנען אַ מעריב און װעגען געבען אַ קאָנצערט און װעגען אַ סך אַנדערע פּלענער. איך האָב זיך קוים בײ זײ אָפּגעבעטען, אַז זײ זאָלען מיך לאָזען זיך אָנפרײען מיט מײן פאָטער, צוליב װעמען איך בין אַהער געקומען.

װען מיר זײנען שפּעטער געזעסען אין הויז פון אונזערס אַ קרוב, האָבען מיר באַמערקט, װי אַרום שטוב איז שװאַרץ פון אידען. באַלד איז אַרײנגעקומען אַ דעלעגאַציע בראש מיט׳ן שטאָט־חזן, אַברהם שוחט, און מיט נאָך אַנדערע בעלי בתים, װעלכע האָבען האַרציג געבעטען, אַז איך זאָל זײ כאָטשבי מהנה זײן מיט אַ מנחה־מעריב דאַװנען. עס האָבען נישט געהאָלפען מײנע טענות, אַז

איך איל זיך אַהיים, קיין כּאָנאָראַד, וואו די מוטער מיינע איז נישט מיט אַלעמען. זיי זיינען באַשטאַנען אויף זייערס. איך האָב זיי געמוזט געבען אַ פייערליכען צוזאָג, אַז אויף צוריקוועגס וועל איך זיך עקסטרע אָפּשטעלען אין טאַלנע, וואו איך וועל זיי געבען אַ מעריב דאַוונען אָדער אַ קאָנצערט.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסען ווי איין טאַלנער איד האָט אויסגעשריען: „שעלט אונז באַדיי, אַבי לאָמיר הערען אייער שטים!" איך האָב זיי געענטפערט, אַז איך בין אַ כהן און מיין אויפגאַבע איז צו בענשען אידען, און נישט זיי צו שעלטען, און אַז ווען איך וועל זיין ביי זיי דאָס צווייטע מאָל, וועל איך זאָגען די ברכה פון „ברכת כהנים".

אין עטליכע שעה אַרום בין איך שוין געווען אין די טייערע אָרעמס פון דער מאַמען, וועלכע האָט קוים געקאָנט באַהערשען דעם שטראָם פון פריידיגע טרערען, וואָס זי האָט דערלעבט אַזאַ נחת פון איר קינד און וואָס זי איז באַלוינט געוואָרען פון גאָט פאַר די יסורים און ליידען, וואָס זי האָט זיך אָנגעליטען פון מיר אין מיינע קינדערשע יאָרען.

# בודאַפּעסטער ראַבינערס זיינען אש להבה אויף מיר, וואָס איך פאַרוואַנדעל זייער טעמפּעל אין אַ... חסיד׳ישער קלויז

איך בין פאַרבליבען אַ שבת אין דער היים און, פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געמוזט דאַווענען פאַר׳ן עמוד, צו דער גרויסער פרייד פון מיין משפחה און פון די שטעטעלשע אידען. נאָך איין מאָל האָב איך מיך אָפּגע׳טובל׳ט אין דעם ים פון ליבשאַפט און האַרציגקייט, וואָס נאָר די מאַמע׳ס שטוב קאָן דאָס געבען און נאָך וועלכען דו בענקסט דאָס גאַנצע לעבען.

איך האָב געהאַלטען וואָרט לגבי טאַלנע און אויף צוריקוועגס געגעבען זיי אַ קאָנצערט מיט׳ן באַדינג, אַז די גאַנצע איינקונפט זאָל גיין אויף צדקה־צוועקען. דער חזן שוחט מיט זיין כאָר האָבען מיך אונטערגעהאַלטען און איך האָב אים פאַרשאַפט פאַרגעניגען, זינגענדיג זיינע צוויי קאָמפּאָזיציעס. אויפ׳ן וועג צו דער גרענעץ אין פּאָדוואָלאָטשיסק בין איך נאָך שטיין געבליבען אויף אַ קאָנצערט אין פּראָסקוראָוו, וואו עס האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט דער קאַפּיטעל פון אומענדליכער באַגייסטערונג, און באַלד בין איך שוין צוריק געווען אין ווין אינאיינעם מיט מיין פאַמיליע.

דאָס איז געווען אין אָנהויב דעצעמבער פון יאָר 1910, און איך האָב גלייך געמאָלדען קיין בודאַפּעסט, אַז איך בין גרייט איבערצונעמען מיין פּאָסטען פון ערשטען יאַנואַר, 1911, אָבער זיי זיינען באַשטאַנען דערויף, אַז איך זאָל זיך צואיילען און קומען שוין דעם 15טען דעצעמבער. האָב איך געפּאַקט די זאַכען און בין אַריבערגעפאָרען אין דער שיינער הויפּט־שטאָט פון אונגאַרן.

אין פאַרלויף פון דער ערשטער וואָך האָב איך געהאַט גענוג צייט איינ־צושטודירען מיט׳ן כאָר, און איך האָב צוגעגרייט עטליכע קאָמפּאָזיציעס, וועלכע האָבען אָמבעסטען געפּאַסט צו מיין שטימע און זיינען מיר געווען אָמנאָענטסטען לויט׳ן געשמאַק. ווי דער שטייגער איז ביי מענשען, האָט זיך מיר געגלוסט שטאַרק אויסצונעמען אויף דעם נייעם פּלאַץ. איך האָב מיר געלאָזט אויפנייען אַ וואונדערליכען אָרנאַט פון פראַנצויזישען בראָקאַט, האָב מיך אויסגעפּוצט אין די אַלע איבעריגע קלאַפּערגעצייג, וואָס עס פאָדערט זיך פאַר אַ מאָדערנעם קאַנטאָר, און אַזוי אָנגעטאָן אין עסיג און אין האָניג, בין איך פרייטאָג פאַרנאַכט אַריינגעקומען אין מיין נייעם טעמפּעל.

דער טאַבאַק־טעמפּעל אין בודאַפּעסט איז געווען איינער פון די גרעסטע

אין דער וועלט און ער האָט געקאָנט אַריינבעמען ביז פיר טויזענט מענשען. ווען איך האָב מיך גענומען אַרומקוקען איבער דעם ריזיגען טעמפעל, האָב איך עפּעס קיין אידען נישט געזען. קוים, קוים וואָס איך האָב באַמערקט אַ זעקס מנינים אידען, וואָס זיינען, דער עיקר, געקומען זאָגען קדיש. עס איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען. אָט דאָס זאָל זיין מיין ערשטער אָפּי־ציעלער אויפטריט אַלס אויבער־קאַנטאָר אין בודאַפּעסט? נאָך ווין און פּעטער־בורג בין איך געווען געוואוינט, אַז די שוהל וואו איך דאַווען איז געפּאַקט. און דאָ זאָל איך זיך אַוועקשטעלען צום עמוד פאַר כמעט ליידיגע ווענט?

דאָס בלוט איז מיר געקומען אין פּנים אַריין פאַר שאַנד. דער צווייטער קאַנטאָר האָט זיך דערווייל געשטעלט דאַווענען מנחה, און באַלד דערנאָך האָב איך געדאַרפט צוגיין זאָגען „לכו נרננה״. איך האָב געפילט, אַז איך וועל נישט אויסהאַלטען דעם בזיון. האָב איך אויף שנעל געבעטען דעם שמש, אַז ער זאָל מיטטיילען דעם פּרעזידענט אַדלער, וועלכער האָט זיך שוין אינאיינעם מיט׳ן גאַנצען פאָרשטאַנד געפינען אין טעמפּעל, אַז איך וויל מיט אים עפּעס ריידען און איך בעט אים אויף אַ מינוט אין גאַרדעראָב אַריין, וואו די ראַבינערס מיט די קאַנטאָרען האָבען זיך איבערגעטאָן.

איך האָב דערקלערט דעם הער אַדלער אין אַ גאַנץ קאַטעגאָרישער פאָרם, אַז איך וועל היינט נישט דאַווענען. און ווען ער האָט אויסגעדריקט זיין פאַרוואונדערונג, האָב איך נאָך געהאַט צו אים אַ טענה: „וואָס פאַר אַ צוועק האָט עס געהאַט צו אַנגאַזשירען מיך אַלס אייער אויבער־קאַנטאָר, כדי צו דאַווענען פאַר ליידיגע ווענט? איך בין געוואוינט צו דאַווענען פאַר פול גע־פּראָפּטע זאַלען, און ווען איך פיל, אַז דער זאַל איז ליידיג, קומט גאָר די תפילה ביי מיר נישט אַרויס. וואו זיינען אייערע אידען?״ פרעג איך, „צו וואָס האָט איר מיך בכלל אַהער געבראַכט?״

דער הער אַדלער האָט זיך נישט פאַרלוירען פון מיינע אויפגערעגטע רייד און האָט גאַנץ רואיג געענטפערט: „מיר האָבען אייך געבראַכט אַהער טאַקע צוליב דעם צוועק, כדי איר זאָלט ברענגען די אידען אין טעמפּעל אַריין!״ האָב איך אים דאַן געפרעגט: „האָט איר כאָטש אַנאָנסירט אין די צייטונגען, אַז דעם שבת וועט ביי אייך דאַווענען אַ נייער אויבער־קאַנטאָר, וואָס הייסט זאַוועל קוואַרטין?״ ניין, דאָס האָבען זיי אויך נישט געטאָן. „טאָ ווי אַזוי ווילט איר, אַז אידען זאָלען וויסען און קומען אין טעמפּעל אַריין?״

און אַזוי איז עס טאַקע געבליבען: איך האָב דעם ערשטען שבת נישט גע־דאַווענט. אָנשטאָט מיר איז צוגעגאַנגען צום עמוד דער אויבער־קאַנטאָר לאַזאַרוס. אין פאַרלויף פון דער וואָך זיינען שוין דערשינען באַקאַנטמאַכונגען אין די צייטונגען, אַז דעם נאָענטסטען שבת וועט דאַווענען דער באַרימטער און אַזוי ווייטער נייער אויבער־קאַנטאָר. איך בין געווען זיכער, אַז דעם צווייטען שבת וועלען שוין קומען פון טויזענט ביז פופצען הונדערט אידען. אָבער עס

הויבט זיך נישט אָן. אונזערע אידען קאָן מען נישט אַריינקריגען מיט אַנאָנסען, זיי מוזען זיך אַליין איבערצייגען און ליב קריגען דעם חזן, דאַן ווערען זיי זיינע פאַרברענטע חסידים.

פרייטאָג צונאַכטס, ווען איך בין אַריינגעקומען אין דעם ריזיגען טעמפעל, האָב איך מיטן אויג אָפּגעשאַצט, אַז אין שוהל געפינען זיך פון צוויי הונדערט ביז דריי הונדערט מתפללים. הייסט עס, אַז די רעקלאַמעס האָבען אויך נישט געהאָלפען. אידען געטרויען נישט, ביז זיי וועלען אַליין נישט דערשפירען וואָס פאַר אַ סחורה מען פאַרקויפט זיי. איך האָב זיך געשטעלט דאַוונען און האָב אין האַרצען געבעטען ביי דעם באַשעפער, אַז ער זאָל מיר געבען כח און קראַפט צו דערפילען די נייע מיסיע, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען, און אַז עס זאָל מיר געלונגען צו ברענגען אידען אין טעמפעל אַריין, צו דער צופרידענ־קייט פון מיינע נייע גבאים.

פאַר׳ן שטעלען זיך דאַוונען האָב איך געוואָרענט דעם פרעזידענט, אַז מיין גאָטעס־דינסט וועט געדויערען לענגער ווי געוויינליך, ווייל דאָס פראָגראַם פון די קאָמפּאָזיציעס איז אַ פיל גרעסערער. ער איז געווען גענוג טאַקטיש מיר צו ענטפערען, אַז איבער׳ן עמוד בין איך דער בעל הבית און קיינער האָט נישט בדעה מיר צו זאָגען דעות. דאָס איז געווען זעהר פיין פון זיין זייט, אָבער גלייך נאָכ׳ן דאַוונען האָב איך געהאַט דעם ערשטען צוזאַמענשטויס מיט יענע לייט, וואָס האָבען נישט געהאַלטען, אַז איך בין דער בעל הבית איבער׳ן עמוד און וואָס האָבען דוקא געוואָלט האָבען איבער מיר די דעה.

דאָס פראָגראַם פון די קאָמפּאָזיציעס, וועלכע איך האָב געזונגען מיט׳ן כאָר דעם ערשטען פרייטאָג צונאַכטס, איז געווען אינגאַנצען אַ נייעס פאַר דעם טעמפעל; מען האָט זיי קיינמאָל פריער דאָ נישט געזונגען. איך בין געווען גלענצענד ביי דער שטימע, און דערצו נאָך די וואונדערליכע אַקוסטיק אין דעם טעמפעל — דאָס אַלץ האָט געשאַפען אַן אויסערגעוויינליכע אַטמאָספערע, וואָס האָט געהאַלטען אין שפּאַנונג די מתפללים. מען האָט מיך וואַרעם באַ־גריסט און נישט געקאַרגט קיין „יישר כח׳ס". די איינציגע, וואָס האָבען מיט קיין וואָרט זיך נישט אָפּגערופען, זיינען געווען די ראַבינערס און, זעלבסטפאַר־שטענדליך, די איבעריגע קאַנטאָרען.

ווען איך בין נאָכ׳ן דאַוונען אַריינגעקומען אין גאַרדעראָב זיך איבערטאָן, זיינען שוין די ראַבינערס און די איבעריגע קאַנטאָרען געווען גרייט אַוועקצו־גיין. איך האָב זיי באַגריסט מיט אַ שיינעם „גוט שבת", אָבער אָנשטאָט צו ענטפערען איז דער אויבער־ראַבינער, הער דר. קאַהן, אַרויס צו מיר מיט אַזאַ לשון:

„הער אויבער־קאַנטאָר, איך וויל אייך אויפמערקזאַם מאַכען, אַז די פּראַג־מאַטיק (דער סדר) פון דער גאָטעס־דינסט אין אונזער טעמפעל איז פעסטגע־שטעלט געוואָרען נאָך מיט פערציג יאָר צוריק, בעת עס איז פאָרגעקומען דער חנוכת הבית פון דעם טעמפעל, דורכ׳ן ראַבינאַט און דורכ׳ן פאַרשטאַרבענעם

אויבער־קאַנטאָר, פּראָפעסאָר פרידמאַן. יעטווידע ענדערונג פון דער דאָזיגער פּראַגמאַטיק, אָן דער צושטימונג פון ראַבינאַט, מיינט אַ פאַרלעצונג פון דער גאָטעס־דינסט און אויך אַ פאַרלעצונג פון די סטאַטוטען פון דער געמיינדע. דאָס וועט דער ראַבינאַט אונטער קיין שום אומשטענדען נישט דערלויבען. ביי אונז איז איינגעפירט, אַז דער קאַנטאָר הויבט אָן אַ קאַפּיטעל פון אַ תפילה און ענדיגט אים מיט׳ן לעצטען פסוק. איר קענט זיך נישט דערלויבען״, האָט דער אויבער־ראַבינער ווייטער געדונערט קעגען מיר, „ביי אונז אין טעמפּעל צו זינגען אָדער צו אימפּראָוויזירען דעם גאַנצען „אהבת עולם״, אָדער דעם גאַנצען „השכיבנו״ פון אָנהויב ביז׳ן סוף. דאָס פּאַסט זיך פאַר אַ בית־מדרש, אָדער פאַר אַ חסיד׳ישער קלויז, אָבער נישט פאַר אונזער אַריסטאָקראַטישען טעמפּעל. וועלכען מיר ווילען בשום אופן נישט דערלויבען צו פאַרוואַנדלען אין אַ קלויז״.

נאָדיר גאָר אַ פרישע צרה אויף מיין קאָפּ, האָב איך מיר געטראַכט. זע נאָר דעם חסרון: „די כלה איז צו שיין״, איך זינג צופיל. אויף אַזעלכעס האָב איך זיך גאָרנישט געריכט. איך האָב אויסגעהערט די דרשה פון דעם אויבער־ראַבינער מיט דער גרעסטער רואיגקייט און האָב זיך נישט אָפּגערופען מיט קיין וואָרט. די גאַנצע מעשה האָט מיך שטאַרק פאַרוויילט. אויף צומאָרגענס, שבת, כאָטש די אידישע געשעפטען זיינען אַלע געווען אָפען אין בודאַפּעסט, זיינען דאָך אין טעמפּעל געווען מער אידען ווי פרייטאָג צונאַכטס. איך האָב ווידער דערלאַנגט פון דעם בעסטען און שענסטען, וואָס איז נאָר געווען אין מיין פאַרמעגען. דאָס איז גראָד געווען אַ „שבת מברכים״, האָב איך געזאָגט דעם גאַנצען „יהי רצון״, „מי שעשה נסים״, „וחדשהו״. דאָס אַלץ האָב איך אין אָט דעם האַלב רעפאָרמירטען טאַבאַק־טעמפּעל געגעבען אין דעם עכט־אידישען, אַלט־טראַדיציאָנעלען סטיל און נוסח, וואָס האָט געבראָכען הערצער און געצופּט ביי דער נשמה.

פון דערווייטענס האָב איך געכאַפּט אַ בליק אויף מיינע ראַבינערס און האָב געזען, אַז עס האָט זיי געוואָרפען ווי אין אַ קדחת. ביי יעדער אידישער תנועה, וואָס איך האָב געמאַכט, ביי יעדער שטאַרקערער קאָלאָראַטור, וואָס איך האָב גענומען, האָט עס זיי געהויבען פון די ערטער; זיי האָבען זיך גענומען איבער־שושקען איינער מיט׳ן אַנדערען און געמאַכט נערוועזע זשעסטען. אויך דער אויבער־קאַנטאָר, לאַזאַרוס, מיט׳ן קאַנטאָר ליכט האָבען געהאַט אַ מינע אויפ׳ן פּנים, ווי איינער זאָגט: זע נאָר דעם „יאָלד״, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון רוסלאַנד און וויל אונז דאָ לערנען ווי אַזוי מען דאַווענט שבת אין אַ מאָדערנעם טעמפּעל!

איך האָב מיך אַלץ געמאַכט נישט וויסענדיג און האָב מיר פאַרענדיגט דעם מוסף לוסטיג און אויפגערוימט, נישט קאַרגענדיג קיין „זאָגעכץ״ און אַרויסרופענדיג אַ האַרציגע צופרידענקייט ביי די מתפללים. מען האָט מיך

גראַטולירט פון אַלע זײַטען. אויך דער פּרעזידענט, אַדלער, צוזאַמען מיט די איבעריגע מיטגלידער פון פאַרשטאַנד, האָבען געהאַט פאַר מיר די בעסטע ווערטער פון ליוב און אַנערקענונג.

ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין גאַרדעראָב זיך איבערטאָן, איז שוין דער אויבער־ראַבינער נישט געווען. דאַגעגען זײַנען געווען די ראַבינערס דר. פישער, העוועשי און גראָסמאַן. איך האָב זיי באַגריסט מיט אַ „גוט שבת". אַלס ענטפער איז דער ראַבינער דר. פישער אַרויס מיט אַ גאַנצען ויצעקו: „הער קוואַרטין, האָט איר דען נישט פאַרשטאַנען וואָס דער הער אויבער־ראַבינער האָט אײַך נעכטען אָווענט געזאָגט, אַז אײַער דאַוונען איז נישט אין אײַנקלאַנג מיט אונזער פּראַגמאַטיק און מיט אונזער פעסטגעשטעלטער גאָטעס־דינסט? דער ראַבינאַט וועט אונטער קיין שום אומשטענדען נישט דולדען אַזאַ גאָטעס־דינסט ווי אײַערע. דעריבער מאַך איך אײַך נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם, הער קוואַרטין, אַז איר זאָלט זיך פאַרשטענדיגען מיט'ן אויבער־קאַנטאָר לאַזאַרוס און ער וועט מיט אײַך אײַנשטודירען אונזער פּראַגמאַטיק, פון וועלכער איר וועט אויף קיין האָר נישט טאָרען אָפּטרעטען".

ער האָט נאָך ווײַטער גערעדט פאַר פײַער און פאַר וואַסער, אָבער איך האָב שוין מער נישט געהערט. אַזוי גאָר, די ראַבינערס ווילען, אַז איך זאָל דאָ אין בודאַפּעסט גיין אויף דער לערע צום קאַנטאָר לאַזאַרוס און ער וועט שוין מאַכען פון מיר דעם ריכטיגען לייט. איך האָב ווידער געהאַלטען, אַז דאָס קלוגסטע פאַר מיר אין דעם מאָמענט וועט זײַן: גאָרנישט צו ענטפערען. איך האָב אָבער געפילט, אַז גאָר אינגיכען וועט קומען דער טאָג, ווען איך וועל אָנהויבען צו ענטפערען אָט די נישט געבעטענע בעלי טובות מײַנע.

# בודאַפּעסטער ראַבינערס, וואָס שימפּען אונזער אַלטען בית המדרש

אָט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען מיין לעבען אין דער אונגאַרישער הויפּט־שטאָט: אַ קרייז פון שונאים האָט מיך גענומען אַרומרינגלען פון דעם ערשטען טאָג אָן. דאָס זיינען נישט אַזוי ווייט געווען שונאים, ווי נישט פאַרגינערס. די ראַבינערס האָבען דאָס באַטראַכט פאַר אַ באַליידיגונג פאַר זיך, וואָס אַ ניי־אַנגאַזשירטער אויבער־קאַנטאָר, אַ יונגערמאַן, אין די מיטעלע דרייסיגער, און דערצו נאָך פון רוסלאַנד, וואָס איז אַלעמאָל געווען פאַרהאַסט אין די אייראָפּעאישע לענדער, זאָל אויסגעגליכען ווערען אין לוין מיט זיי, וואָס דינען שוין צענדליגער יאָרען, וואָס האָבען דיפּלאָמעס פון אוניווערסיטעטען און וואָס באַטראַכטען זיך בכלל פאַר דאָס אויבערשטע פון שטויסעל. וועגען די קלענערע חזנים, מיט די שוואַכערע שטימען, איז דאָך שוין אָפּגערעדט: די קנאה האָט זיי ממש אויפגעגעסען, וואָס דעם ניי־געקומענעם ווערט צוגע־טיילט אַזוי פיל כבוד און אַזוי פיל געלט.

אָנשפּאַרען האָב איך מיך געקאָנט בלויז אויף דעם פּשוט'ן אידען, דעם מיטגליד פון טעמפּעל, וואָס קוים האָט ער מיך איין מאָל געהערט, איז ער געוואָרען אַן איבערגעגעבענער אָנהענגער מיינער מיט לייב און לעבען. אים האָבען טאַקע געהאַט דערעסען די טרוקענע „פּראַגמאַטישע", ווי זיי האָבען דאָס גערופען, גאָטעס־דינסטען, וואָס זיינען גיכער געווען ענליך אויף אַ קירכען־תפילה, ווי אויף אַן אמת'ן, הארציגען אידישען דאַוונען. ער האָט זיך ממש מחיה געווען, דערהערענדיג ביי מיר דעם אידישען קרעכץ און דעם אידישען קנייטש, וואָס האָבען אויסגעדריקט אונזער וויי און אונזער האָפענונג, וואָס האָבען אונז באַגלייט פאַר דעם גאַנצען לאַנגען גלות־לעבען.

דער פּרעזידענט פון טאַבאַק־טעמפּעל, ווי אויך די איבעריקע מיטגלידער פון פאַרשטאַנד האָבען געהאַט אַ גוטע „נאָז" און זיי האָבען גלייך דערשפּירט וואָס דער עולם טראַכט וועגען דעם נייעם שטייגער דאַוונען, וועלכען איך האָב זיי געבראַכט. דערפאַר זיינען זיי פעסט געשטאַנען אויף מיין זייט אין דעם קאַמף, וואָס האָט זיך ביסלעכווייז גענומען פאַנאַנדערפלאַקערען צווישען מיר מיט מיינע קעגנער, די ראַבינערס און די איבעריגע קאַנטאָרען.

גלייך אין די ערשטע וואָכען, ווען אין שטאָט איז שוין באַקאַנט געוואָרען

וועגן די שאַרפע ווערטליכע צוזאַמענשטויסען, וואָס איך האָב געהאַט מיט די ראַבינערס, האָט מיך דער פּרעזידענט, הער אַדלער, פאַרבעטען צו זיך אין הויז אַריין אויף מיטאָג און האָט מיר דערקלערט, אַז איך זאָל פאַרזעצען מיין שטייגער דאַוונען, אַזוי ווי עס איז מיר ליב, און אַז איך זאָל זיך ווייניג קימערען וועגען די בייזע באַמערקונגען, וואָס ווערען מיר געמאַכט מצד די ראַבינאַט־מיטגלידער.

אין אָנהויב האָט זיך געפירט, אַז איין שבת האָב איך געדאַוונט און דעם צווייטען שבת האָט געדאַוונט דער אויבער־קאַנטאָר לאַזאַרוס. אויף מיין בייז מזל איז אין די שבתים, ווען ער האָט געדאַוונט, דער טעמפּעל געווען כמעט ליידיג, און אין מיינע שבתים איז די צאָל מתפּללים כסדר געוואַקסען אַזוי, אַז אויף דער דריטער אָדער פערטער וואָך האָט זי שוין געגרייכט די צאָל פון אַכט הונדערט אין אַ געוויינליכען שבת, וואָס דאַרף אין די אָרטיגע פאַרהעלטענישען, ווען אַלע אידישע געשעפטען זיינען געווען אָפען, באַטראַכט ווערען פאַר אַ געוווינג גרויסע. דאָס האָט מיר צוגעגעבען נאָך מער אינערליכע זיכערקייט און מער טראַציגקייט צו ענטפערען מיינע קעגנער, ווען זיי האָבען ווידער געפּרואווט מיך אָנגרייפען.

איך האָב אין מיינע גאָטעס־דינסטען געבומען איינשליסען אויך קלאַסישע ליטורגישע קאָמפּאָזיציעס, כדי אָפּצושלאָגען ביי מיינע קעגנער זייער הויפּט־טענה, אַז איך בין נישט מער ווי אַ בעל־תּפילה, און דעם מאָדערנעם קאַנטאָרען־פאַך פאַרשטיי איך אינגאַנצען נישט. אָבער דאָס האָט ווייניג געהאָלפען. חזן עמיץ וויל גראָבען הינטער דיר, וועט ער שוין געפינען אַן אויסרייד. דעם נאָענטסטען שבת האָב איך ווידער באַקומען אין גאַרדעראָב אַ ברוך־הבא פון דעם אויבער־ראַבינער. ס'טייטש, און וואָס הייסט, איך האַלט אַזוי לאַנג דאָס פּובליקום אין טעמפּעל מיט מיין דאַוונען, און אַז דאָס פּובליקום איז גאָרנישט געוואוינט צו די אַלע דריידלעך פון די אָרטאָדאָקסישע חזנים.

איך האָב אָבער גוט געוואוסט, אַז דער גרעסטער טייל פון די דאַוונערס זיינען גראָד געווען אידען, וואָס האָבען פאַרשטאַנען פּירוש המילות און האָבען דוקא יאָ ליב געהאַט דעם אַלטען נוסח, און דוקא מיט'ן „דריידעל", ווי זיי האָבען דאָס גערופען. האָב איך מיך אַלץ נישט וויסענדיג געמאַכט, הגם איך האָב געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך דער טאָג, ווען איך וועל אָנהויבען צו ענטפערען.

דאָס איז געווען אויפ'ן זעקסטען שבת פון מיין דאַוונען. איך בין גראָד אָנגעקומען צום טעמפּעל־הויף אַ שטיק צייט פאַר קבלת־שבת און איך האָב באַמערקט לאַנגע רייען פון הונדערטער מענשען, וועלכע וואַרטען, אַז מען זאָל עפענען די טירען פון טעמפּעל, כדי זיי זאָלען קאָנען פאַרנעמען אַ בעסערען פּלאַץ. ווען איך האָב מיך איבערגעטאָן און בין אַריין אין טעמפּעל, בין איך דערשטוינט געוואָרען: דער גאַנצער טעמפּעל מיט אַלע זיינע דריי גאַלערייען זיינען געווען איבערגעפּאַקט מיט מענער און פרויען, פּאַלקס־מענשען און אַריס־

טאָקראַטיע. פון וואַנען האָבען זיך מיטאַמאָל גענומען אַזוי פיל אידען אין מיין טעמפּעל?

ווען די פרומע אונגאַרישע אידען פלעגען פאַרבייגיין דעם טאַבאַק־טעמפּעל, פלעגען זיי אויסשפייען און זאָגען דעם פסוק „שקץ תשקצנו ותועב תעבנו כי חרם הוא״, אַזוי ווי ביי אונז אין דער אַלטער היים, ווען פרומע אינגלעך פלעגען פאַרבייגיין די צערקווע, להבדיל. דער טאַבאַק־טעמפּעל איז געווען טריף אין די אויגען פון פרומע אידען. אָבער זינט עס איז באַקאַנט געוואָרען אין שטאָט, אַז אַ נייער חזן איז אַראָפּגעקומען פון רוסלאַנד, וואָס דאַוונט לויט׳ן אַלטען אידישען שטייגער, האָט עס אַ סך פון די פרומע אידען געקיצעלט זיך אַריינצוכאַפּען און הערען דעם נייעם חזן. בייטאָג האָבען זיי זיך געשעמט דאָס צו טאָן, אַז אימיצער זאָל, חלילה, נישט באַמערקען, אָבער פרייטאָג צונאַכטס, ווען עס איז געוואָרען אַביסעל פינסטערער, האָבען זיי זיך גענומען אַריינשאַרען מאָסענווייז אין טעמפּעל אַריין. דערביי האָבען אַ סך פון זיי פאַררוקט די לאַנגע פאות הינטער די פלושענע קאַפּעלושען.

אָט די מאַסע טראַדיציאָנעלע אידען אין מיין טעמפּעל האָט מיך גאָר צעוואָרעמט און אין אַ געהויבענער שטימונג האָב איך זיך געגרייט צוצוגיין צום עמוד. דערצו האָט מיר נאָך דער פּרעזידענט, הער אַדלער, אָנגעזאָגט, אַז מיר האָבען דעם היינטיגען פרייטאָג צונאַכטס געהויבענע געסט אין טעמפּעל. עס איז געקומען איינער פון די העכסטע גענעראַלען אין עסטרייכישען שטאַב, דער איד שווייצער, דאַן דער שטאַטס־סעקרעטאַר באַסניאַק מיט זיין פרוי, וועלכע איז אַ פּרימאַדאָנע אין דער בודאַפּעסטער אָפּערע, דער יוסטיץ־מיניסטער דר. וואָזשאַני און נאָך אַנדערע פּערזענליכקייטען.

איך האָב געגעבען פון זיך יענעם פרייטאָג צונאַכטס דאָס בעסטע פון מיין נשמה און דאָס גאַנצע האַרץ מיינס האָב איך אַריינגעלייגט אין דעם דאַוונען. עס איז געווען אַ גאָטעס־דינסט פאַר יעדען קלאַס מענשען, יעדערער האָט דאָרט געפינען זיינס. מען האָט מיך גראַטולירט און געדריקט די האַנט פון אַלע זייטען. דער פּרעזידענט איז געווען שטאָלץ פון די גוטע ווערטער, וואָס די אַלע הויכע לייט האָבען נישט געזשאַלעוועט אויף מיין חשבון.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער גאַרדעראָבע נאָכ׳ן דאַוונען, האָב איך ווידער באַמערקט ווי מיינע „גוטע פריינט״ שטייען ווי די וועלף, גרייט מיך צו פאַרצוקען. גלייך האָט דער אויבער־ראַבינער אָנגעהויבען זיין באַקאַנטע דרשה צו מיר, און די איבעריגע ראַבינערס האָבען אים, ווי די משוררים, אונטערגעהאַלטען. איך האָב באַשלאָסען, אַז היינטיגס מאָל וועל איך מער נישט פאַרשווייגען.

גאַנץ רוהיג און געלאַסען האָב איך געפרעגט דעם הער אויבער־ראַבינער, דר. קאָהן, וואָס איז די מעשה, וואָס ער האָלט אַזוי זעלטען זיינע פּריידיגטען אין טעמפּעל. איך בין שוין דאָ אַ לאַנגע צייט און האָב נאָך נישט געהאַט די געלעגענהייט אַפילו איין מאָל צו הערען זיינס אַ פּריידיגט. ווען ער האָט

אַנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגען, וואָס אינטערעסירען מיך פלוצלונג זיינע פריידיגטען, האָב איך אים ווייטער דערקלערט, אַז אַנשטאָט צו זאָרגען, אַז ער זאָל מיט זיינע מאָראַל-פריידיגטען צופרידענשטעלען דעם ברייטען עולם פון טעמפּעל, האָט ער זיך גאָר גענומען צו מישען אין די ענינים פון אויבער־קאַנטאָר, וואָס עס געהערט גאָרנישט צו אים, ווייל מיך האָבען אַנגאַזשירט נישט די ראַבינערס, נאָר דער פּרעזידענט מיט'ן פאָרשטאַנד.

„אַנשטאָט צו זיין דאַנקבאַר מיר, וואָס איך האָב מיט מיין דאַוונען גע־בראַכט אין טעמפּעל טויזענטער אידען", האָב איך ווייטער גערעדט צום הער אויבער־ראַבינער, „בעת ביז מיין קומען האָט מען דאָ געקאָנט אַנציילען בלויז עטליכע מנינים אידען, פאַלט איר גאָר אָן אויף מיר מיט ביטערע, אומבאַרעכטיג־טע פאָרוואורפען און מיט באַליידיגונגען. איך וויל מער אַזעלכע באַליידיגונגען נישט ליידען. איך וויל, אַז דאָ אין טעמפּעל זאָל הערשען פרידען צווישען אַלע, וועלכע לייגען צו אַ האַנט צו דעם אויפבלי פון טעמפּעל. אָן אַזאַ פרידען האָט עס נישט פּאָר מיר קיין שום צוועק זיך דאָ צו געפינען. אָבער איך וועל נישט דערלויבען, אַז אימיצער זאָל מיר דאָ דיקטירען ווי אַזוי איך דאַרף דאַוונען, און איך וועל מער נישט דערלויבען מיך צו באַליידיגען!"

אַ שטורעם האָט אויסגעבראָכען ווען איך האָב אַרויסגעזאָגט אָט די ווער־טער. ס'טייטש, אַזאַ חוצפּה פון „איינעם רוסע" צו באַליידיגען דעם הויכגעשטעל־טען בודאַפּעסטער ראַבינערטום, אַנצורירען די הייליגע סטאַטוטען פון דער געמיינדע און די אָרדענונג, וואָס איז שוין איינגעשטעלט איבער פערציג יאָר, און נאָך און נאָך. איך האָב נישט געהאַט בדעה ווייטער צו דעבאַטירען, האָב געזאָגט „אַ גוטען שבת" און בין אַוועקגעגאַנגען.

זונטאָג אינדערפרי איז צו מיר געקומען אַ קאָמיטעט פון פאָרשטאַנד אין באַשטאַנד פון דריי פּערזאָן, וועלכע האָבען מיר געמאָלדען, אַז גלייך נעכטען, שבת צונאַכטס, האָט דער ראַבינאַט מיך פאַרקלאָגט פאַר קהל, אַז איך האָב זיי עפענטליך באַליידיגט. זיי האָבען פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל זיך אַנטשולדיגען פאַר די ראַבינערס. איך האָב מיך נישט געהאַט וואָס צו אַנטשולדיגען, ווייל איך האָב קיינעם נישט באַליידיגט, איך האָב בלויז געשיצט מיין פּאָזיציע אַלס חזן, אַז קיינער זאָל מיר קיין דעות נישט זאָגען. דאָך, האָב איך דערקלערט, בין איך גרייט צו קומען פאַר אַן אַלגעמיינער רעפּרעזענטאַנטען־פאַרזאַמלונג און דאָרט אויפצוקלערען דעם גאַנצען ענין.

אַזאַ רעפּרעזענטאַנטען־פאַרזאַמלונג איז טאַקע גערופען געוואָרען אויף דער נאָענטסטער וואָך מיט'ן אַנטייל פון אַלע ראַבינערס. ווען איך בין אַריינגעקומען, האָבען זיך די מיטגלידער פון ראַט אויפגעהויבען פון זייערע ערטער, אַ חוץ, פאַרשטייט זיך, די ראַבינערס און די קאַנטאָרען. עס האָט אויסגעזען אויף דער זיצונג, ווי אויף אַ פאָרמעלען געריכט. דער פּרעזידענט, הער אַדלער, האָט זיך געווענדעט צו מיר, אַז עס איז אַריינגעטראָגען געוואָרען קעגען מיר אַן אָנקלאַגע

מצד די ראַבינערס וועגען באַליידיגונג, און ער פרעגט מיך, וואָס איך האָב צו זאָגען וועגען דעם.

וואָס האָב איך געקאָנט זאָגען, אויסער דאָס, אַז איך ווייס נישט פון וואָס צו זאָגען. אַדרבא, זאָלען די הערען ראַבינערס, און טאַקע יעדערער פון זיי באַזונדער, פאָרמולירען זייער אָנקלאַגע קעגען מיר. איז אויפגעשטאַנען דער הער אויבער־ראַבינער, דר. קאָהן, און האָט אָנגעהויבען שיטען פעך און שוועבעל אויף מיר. ער האָט איבערגע׳חזר׳ט די גאַנצע תורה, וועלכע איך האָב שוין אַזוי פיל מאָל געהערט פון אים אין דער גאַרדעראָבע פון טעמפּעל. דער טעמפּעל שטייט שוין קנאַפּע פופציג יאָר, פאַר דער גאַנצער צייט פירט זיך איין מנהג פון דאַוונען, אַזאַ מין „פּראַגמאַטיק", וועלכע איך, דער „רוסע", בין געקומען אַהער ברעכען. זייער שטייגער פון דאַוונען האָט דערהויבען דאָס אונגאַרישע אידענטום צו אַ העכערער מדרגה פון קולטור און מאָראַל, און איצט בין איך געקומען און וויל צוריק אַראָפּזינקען זייער קולטור צו דער מדרגה פון די „אָסט־יודען", וואָס האָבען, לויט זיין מיינונג, בכלל קיין קוטור נישט.

ער האָט געדונערט קעגען מיין טראַדיציאָנעלען נוסח התפילה, אַז דאָס זיינען בלויז חזנ׳ישע „דריידלעך", אין וועלכע דאָס בודאַפּעסטער אידענטום נויטיגט זיך נישט, און אַז ער מיט די איבעריגע ראַבינערס וועלען נישט דערלאָזען צו פאַרוואַנדלען אַזאַ באַרימטען, פּראַכטפולען טעמפּעל אין אַ קליינ־שטעטעלדיגען בית המדרש, אָדער אין אַ חסיד׳ישער קלויז.

אין דער אונטערשטער שורה האָט ער געפאָדערט, אַז וואָס ס׳איז שייך ליטורגיע, דער פּראַגמאַטיק פון גאָטעס־דינסט, זאָל איך פולשטענדיג זיין אונטערגעוואָרפען דער ענדגילטיגער אַנטשיידונג פון די ראַבינערס. אַזוי ווי זיי וועלען פּסק׳ענען, אַזוי וועל איך מוזען דאַוונען.

איך האָב מיך אַזוי צוגעהערט צו די רייד וועגען דער קולטור און הויכער אידישער מאָראַל, וועלכע די ראַבינערס האָבען דאָ איינגעפלאַנצט, לויט הער דר. קאָהן, אין פאַרלויף פון די לעצטע פופציג יאָר, און איך האָב מיר אַ טראַכט געטאָן וועגען די הונדערטער אידען, וואָס זיינען יאָר־איין און יאָר־אויס גע־שטאַנען אין די קאָרידאָרען פון ראַבינאַט, כדי... זיך אויסצושרייבען פון אידענטום. איך האָב געטראַכט וועגען די צענדליגער געמישטע חתונות, וואָס זיינען געווען אַ טעגליכע דערשיינונג אין בודאַפּעסט. עס איז געווען אַ ווייטאָג צוצוקוקען ווי אַזוי אַ אידישע קהילה ווערט דעגענערירט, און דאָ שטייט אַ ראַבינער און שימפּט מיט די געמיינסטע ווערטער אונזער אַלטען, אויסגע־פּרוווטען בית המדרש, וואָס איז אין משך פון גאַנצע דורות געווען אַ פאַנצער־שויץ קעגען אַסימילאַציע און קעגען צערונען ווערען צווישען די גויים.

איך האָב דאָס אַלץ קוים געקאָנט אויסהערען רואיג און נישט איבעררייסען אינמיטען, אָבער איך האָב מיר געטראַכט: מ׳דאַרף דאָס שלעכטס אויסרייסען מיט׳ן וואָרצעל; איך וועל זיי דעמאַסקירען ביז צום סוף. דערפאַר דאַרף מען זיך באַוואָפענען מיט מער געדולד!

# מיינע מזרח-אייראָפּעאישע טראַדיציעס האַלטען אָפּ אַ זיג אין בודאַפּעסט

די דין תורה צווישען מיר מיט די בודאַפּעסטער ראַבינערס איז ווייטער אָנגעגאַנגען, און ווען נאָך דער פייערדיגער זידעל־רעדע פון דר. קאָהן, האָט זיך דער פּרעזידענט, הער אַדלער, געווענדעט צו מיר, וואָס איך האָב צו זאָגען אין מיין פאַרטיידיגונג, האָב איך געענטפערט, אַז „ביז איצט האָב איך בלויז געהערט ווי מען זידעלט אונזער אַלטען בית המדרש און די חסיד׳ישע קלויז; איך האָב אָבער נישט געהערט אין וואָס עס איז באַשטאַנען מיין פּערזענליכע באַליידיגונג פון די ראַבינערס”.

אויף דעם איז אויפגעשטאַנען איינער פון די איבעריגע דריי ראַבינערס און האָט איבערגע׳חזר׳ט נאָכאַמאָל די גאַנצע תורה פון דעם אויבער־ראַבינער, אַז איך האָב מיט מיין שטייגער דאַוונען מחלל געווען, רחמנא לצלן, די הייליגקייט פון דעם טעמפּעל און פון דער גאָטעס־דינסט, וואָס איז שוין איינגעשטעלט קנאַפּע פופציג יאָר. וועגען אַ וועלכער עס איז פּערזענליכער באַליידיגונג פון מיין זייט האָט מען ווידער נישט געהערט קיין וואָרט.

ווען די ראַבינערס האָבען געענדיגט זייערע באַשולדיגונגען אויף מיין שטייגער דאַוונען, בין איך אויפגעשטאַנען און גענומען דאָס וואָרט:

„געדענקט איר, הער פּרעזידענט, און איר, הערן רעפּרעזענטאַנטען”, האָב איך געזאָגט, „אַז ווען איך בין געקומען קיין בודאַפּעסט און האָב געדאַרפט דאַוונען דעם ערשטען שבת, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט צוצוגיין צום עמוד, ווייל דער טעמפּעל איז געווען פּוסט, און איך בין נישט געוואוינט געווען צו דאַוונען פאַר ליידיגע ווענט. איך האָב דאַן געהאַט צו אייך אַ טענה, הלמאי האָט איר מיך אַהער געבראַכט. האָט איר מיר געענטפערט, אַז איר האָט מיך טאַקע געבראַכט צוליב דעם צוועק, כדי אָנצופילען דעם טעמפּעל מיט מתפּללים.

„אָט די אויפגאַבע, מיינע הערען, פון ברענגען די אידען אין שול אַריין, האָב איך דערפילט אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט. פאַר די אַכט שבתים, וואָס איך האָב דאָ געדאַווענט האָבען אָנגעהויבען קומען אין טעמפּעל אַריין נישט בלויז אָרטאָדאָקסישע אידען, וועלכע גנב׳ענען זיך אַריין, אַז קיינער זאָל זיי נישט באַמערקען, נאָר אויך מענשען פון דער העכסטער אינטעליגענץ, וועלכע פלעגען געוויינליך די שוועל פון טעמפּעל נישט איבערטרעטען. אויב

דער דאָזיגער אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט איז פאַר אייך נישט גענוגענד, און אַנשטאָט צו זאָגען מיר אַ דאַנק שימפט מען מיך נאָך, אין אַזאַ פאַל האָב איך ביי אייך נישט מער וואָס צו טאָן און איך טראָג אַריין מיין פאַרמעלע רעזיגנאַציע פון דעם פאָסטען אַלס אויבער־קאַנטאָר אין אייער טעמפעל. איך האָב קיינמאָל נישט דערלויבט, אַז אימיצער זאָל מיר דיקטירען אין מיין חזנ׳ישען באַרוף, און וועל דאָס אויך אין דער צוקונפט נישט דערלויבען״.

איך האָב געמיינט גאַנץ ערענסט מיט מיינע ווערטער, ווייל די ראַבינערס האָבען מיר שוין געשטעקט אין האַלז, און איך האָב נישט געהאַט בדעה אָנצוהאַלטען מיט זיי אַן אייביגען שטרייט. אָבער גאַנץ מערקווירדיג האָבען די פאַרזאַמעלטע רעאַגירט אויף מיינע ווערטער. אַ שטורעם פון פּראָטעסטען האָט זיך אויפגעהויבען נאָך מיינע ווערטער:

„ניין און ניין, מיר וועלען בשום אופן נישט דערלאָזען, אַז אויבער־קאַנטאָר קוואַרטין זאָל פון אונז אַוועקגיין!״

דער פּרעזידענט, הער אַדלער, האָט שנעל אויפגעכאַפּט די שטימונג פון די פאַרזאַמעלטע און ער האָט געזאָגט אַ פּאָר ווערטער אויפ׳ן אַדרעס פון די ראַבינערס. ער האָט געזאָגט, אַז פאַר דער קורצער צייט, וואָס איך בין מיט זייער טעמפּעל, האָב איך פאַרשאַפט כבוד דער בודאַפּעסטער געמיינדע און אַן אַ שיעור פרייד און פאַרגעניגען צו די מתפללים. מיינע תפילות, האָט ער ווייטער געזאָגט, ווערען אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם דורך אַלערליי אידען, און אַז איך האָב פיל בייגעטראָגען צו הויבען דעם עקאָנאָמישען מצב און דעם מאָראַלישען פּרעסטיזש פון דער געמיינדע.

צום סוף האָט ער אויפגעפאָדערט די ראַבינערס, אַז זיי זאָלען שלום מאַכען מיט דעם געדאַנק פון מיין שטייגער דאַוונען צום וואויל פון זיי אַליין און פון דער גאַנצער געמיינדע. ער האָט צוגעפירט צו מיר דעם אויבער־ראַבינער און איז צוגעשטאַנען צו אים, אַז ער זאָל אויסשטרעקען צו מיר די האַנט אַלס סימן פון פרידען. מיר האָבען זיך דערלאַנגט די הענט און אַזוי אַרום איז אָט דער פיינליכער אינצידענט דערליידיגט געוואָרען. אָבער הער אַדלער האָט נאָך געפונען פאַר נויטיג עפענטליך פאַר אַלע רעפּרעזענטאַנטען און פאַר די ראַ־בינערס און איבעריגע קאַנטאָרען אויסצודריקען מיר, אין זיין פּערזענליכען נאָמען און אין נאָמען פון דער טעמפּעל־פאַרוואַלטונג, דעם האַרציגסטען דאַנק און אָנערקענונג און דעם וואונש, אַז גאָט זאָל מיר געבען כחות לאַנג נאָך צו דינען זייער געמיינדע.

איך האָב פאַרלאָזען די רעפּרעזענטאַנטען־זיצונג מיט אַ געפיל פון באַ־רעכטיגטען שטאָלץ, וואָס איך האָב געוואונען אַ שלאַכט מיט אַזאַ מעכטיגען כח, ווי עס איז געווען דער בודאַפּעסטער ראַבינערטום צו יענער צייט. און דאָס איז געווען אַ שלאַכט נישט פאַר מיין אייגענעם נוצען אָדער כבוד, נאָר פאַר דעם כבוד פון דער אידישער טראַדיציע, פאַר יענע אַלע אוצרות, וועלכע

איך האָב באַקומען בירושה אין מײַן בלוט פון מײַן פּאָטער׳ס הויז און װעלכע איך האָב װירדיג געטראָגען איבער דער װעלט דורך אַלע מײַנע יאָרען.

װען איך בין דעם נאָענטסטען פרײטאָג פאַרנאַכט אַרײנגעקומען אין גאַרדעראָב בײַם טעמפּעל, האָב איך נאָכאַמאָל איבערגעלעבט אַ געפיל פון טיפען פאַרגעניגען. דער אויבער־ראַבינער, דר. קאָהן, האָט מיט מיר דאָס מאָל גערעדט גאָר אַנדערע װערטער. ער האָט געזאָגט צו מיר:

„הער אויבער־קאַנטאָר, איך באַגריס אײַך און שעץ אײַך אַלס טאַקטפולען מענשען. איך רעספּעקטיר אײַער שטאַרקען כאַראַקטער און באַװאונדער אײַער אויסדויער און ענערגיע. לאָמיר האָפען, אַז אין דער צוקונפט װעלען מער נישט זײַן צװישען אונז קײן שום מיספאַרשטענדענישען און אין טעמפּעל װעט הער־שען דער פרידען, װעלכען מיר אַלע װינשען זיך".

און עס האָט זיך װירקליך אײַנגעשטעלט אַ פרידען, װאָס איז מיט דעם װאוקס פון מײַן דערפאָלג אין שטאָט נאָך מער פאַרפעסטיגט געװאָרען. הגם די נאַטירליכע קנאה בײַ מענשען לגבי אַן אינגערען און מער דערפאָלגרײַכען קאָלעגע איז נישט אינגאַנצען אויסגעראָטען געװאָרען, נישט בײַ די ראַבינערס און נישט בײַ מײַנע קאָלעגען קאַנטאָרען, און פון צײַט צו צײַט האָב איך זי באַקומען צו פילען.

אַזוי זײַנען געלאָפען מײַנע פרידליכע יאָרען אין בודאַפּעסט. איך האָב דערװאָרבען אין שטאָט צאָלרײַכע פרײַנט צװישען אַלע קלאַסען אידען: פאָלקס־מענשען, סוחרים, באַנקירען, אַקאַדעמיקער, מוזיקער, שרײַבער און רעדאַק־טאָרען. און װען עס איז שוין די רײד פון רעדאַקטאָרען, מוז איך דערמאָנען דעם רעדאַקטאָר פון דער אונגאַריש־אידישער צײַטונג „עדיענלאשיג", הער סאָבאָלטשי, װעלכער איז געװאָרען אײנער פון מײַנע נאָענטסטע פרײַנט. אַ ישיבה־בחור אין זײַן קינדהײט, האָט ער זיך דערשלאָגען צו הויכער מאָדערנער בילדונג און ער האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אינ׳ם לעבען פון די אונגאַרישע אידען.

ער האָט געפירט אַ פײַן אידיש הויז און עס איז נישט געװען אַ פײער־ליכקײט אָדער סתם פאַרזאַמלונג בײַ אים אין שטוב, אַז ער זאָל נישט צושטײן צו מיר, אַז איך מוז אָנװעזענד זײַן. און שטענדיג האָט מען בײַ אים געקאָנט טרעפען די פּירענדע פּערזענליכקײטען פון אונגאַרישען אידענטום. װען עס האָט זיך דערנענטערט דער ערשטער פּסח פון מײַן זײַן אין בודאַפּעסט, האָט ער פאַרלאַנגט דורכאויס, אַז איך זאָל זײַן זײַן גאַסט צום ערשטען סדר. איך האָב גע׳טענה׳ט, אַז איך קאָן דאָס נישט טאָן צוליב מײַן פאַמיליע, האָט ער דוקא געװאָלט, אַז איך זאָל אָנװעזענד זײַן צוזאַמען מיט מײַן גאַנצער פאַמיליע, און אויך מיט מײַן ברודער, װעלכער האָט דעמאָלט געװאוינט בײַ אונז אין הויז.

אַזוי װי צוליב דעם געזונט־צושטאַנד פון מײַן פרוי איז דאָס נישט געװען מעגליך, האָט ער אַלײן געבעטען מײַן פרוי, אַז זי זאָל דערלויבען איר מאַן

צו פּראַווען ביי אים אין הויז דעם סדר, נעמענדיג אין אַכט די געהויבענע רעגירונגס־געסט, וואָס וועלען דאָרט אָנוועזענד זיין. סיי מיין פרוי און סיי מיין ברודער האָבען מיך צוגערעדט, אַז עס פּאַסט נישט אָפּצוזאָגען און איך האָב די איינלאַדונג אָנגענומען.

דאָס איז געווען אַ זעלטענער סדר אין מיין לעבען. די הויפּט־געסט זיינען געווען: דער אידישער גענעראַל פון עסטרייכישען גענעראַל־שטאַב, שווייצער, דער בירגערמייסטער פון בודאַפּעסט, העלטאַי; דער יוסטיץ־מיניסטער, דר. וואַזשאַני, און נאָך אַנדערע הויכע מלוכה־באַאַמטע, אַלץ לויטער אידען. פאַר מיר, דעם אידען פון רוסלאַנד, איז דאָס געווען אַ זעלטענער ספּעקטאַקל אָנצו־קוקען אַזעלכע אידען, וואָס פאַרנעמען אין זייער לאַנד די העכסטע מלוכה־אַמטען. און אַלע האָבען זיי געהאַט דעם גרעסטען אָפּשיי און אינטערעס פאַר דעם פייערליכען צערעמאָניאַל, מיט וועלכען איך האָב דעם סדר אָפּגעריכט. דער בעל הבית אַליין, הער סאַבאָלטשי, וועלכער האָט נישט געהאַט פאַרגעסען זיין פרומען אָפּשטאַם, האָט אַכטונג געגעבען, אַז דער סדר זאָל אָפּגעריכט ווערען מיט אַלע פּיטשעווקעס, אַזוי ווי עס האָט זיך געפירט זינט דורות אין די אלטע, פרומע הייזער אין אונגאַרן.

שיינע יאָרען זיינען דאָס געווען פאַר מיר אין אונגאַרן, ווען נישט די קראַנקהייט פון מיין פרוי, וואָס האָט מיר פאַר׳סמ׳ט די זיסקייט פון לעבען. מען קאָן דרייסט זאָגען, אַז דער פּאָסטען, וועלכען איך האָב פאַרנומען, איז געווען איינער פון די בעסטע, אויב נישט דער סאַמע בעסטער קאַנטאָר־פּאָסטען אין אייראָפּע צו יענער צייט. מען האָט מיך געערט און געשעצט, און געוויסע קרייזען אידען האָבען מיך ממש פאַרגעטערט. איך האָב מיך גע־באָדען אין געלט, פאַרדינענדיג דריי מאָל אַזוי פיל וויפיל איך האָב געקאָנט פאַרלעבען.

אָט די זייטיגע פאַרדינסטען, וועלכע האָבען זיך געשאָטען צו מיר, האָבען אַרויסגערופען נישט ווייניג קנאה און שנאה מצד די איבעריגע קאַנטאָרען. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז איך האָב געמוזט בעטען דעם פאָרשטאַנד פון טעמפּעל, אַז מען זאָל נישט דערלויבען די פּריוואַטע מענשען, וועלכע האָבען געדאַרפט האָבען אַ קאַנטאָר פאַר זייערע שמחות, אָדער, חלילה, אין אַ טרויער־פאַל, אַז זיי זאָלען האָבען אַ רעכט אויסצוקלויבען זיך דעם קאַנטאָר, וועלכען זיי ווילען, ווייל אין די מערהייט פאַלען האָבען זיי זיך גאָרנישט פאַרטראַכט אוז האָבען אויסגעקליבען מיך... איך האָב פאַרלאַנגט, אַז די פאַרוואַלטונג אַליין זאָל אָנווייזען די פאַראינטערעסירטע, וועלכען קאַנטאָר זיי דאַרפען נעמען אַזוי, אַז די פונקציעס זאָלען גערעכט פאַרטיילט ווערען צווישען אַלע קאַנטאָרען.

גאָר אינגיכען האָט זיך דער פאָרשטאַנד פון טאַבאַק־טעמפּעל אָן איבעריגען מאָל איבערצייגט, וואָס עס האָט באַדייט פאַר זיי דאָס אָנגאַזשירען מיך אַלס אויבער־קאַנטאָר. ווען עס האָבען זיך דערנענטערט די ערשטע ימים נוראים,

איז די נאָכפּראַגע אויף פּלעצער געווען אַזוי גרויס, אַז דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דעם אידישען לעבען אין אונגאַרן האָט זיך די געמיינדע געזען געצוואונגען צו דינגען אויף די ימים־נוראים די אַלטע פּאַרלאַמענט־געביידע, וואָס האָט פאַרמאָגט ביז פופצען הונדערט פּלעצער. מיר האָבען זיך געטוישט מיט׳ן אויבער־קאַנטאָר לאַזאַרוס: איין טאָג האָט ער געדאַווענט אין דער פּאַרלאַמענט־געביידע און דעם צווייטען טאָג אין טאַבאַק־טעמפּעל, און דאָס זעלבע איך: איין טאָג דאָ און דעם צווייטען טאָג דאָרטען.

די געמיינדע האָט מיט דעם דערגרייכט צוויי צוועקען: ערשטענס האָט זי אירע מיטגלידער געגעבען די געלעגענהייט צו הערען אין די ימים נוראיםביידע אויבער־קאַנטאָרען. פון דער אַנדערער זייט, האָט זי איבער די ימים טובים אַריינגעקראָגען צענדליגער טויזענטער קראָנען פון די נייע מתפּללים.

די בודאַפּעסטער אידישע געמיינדע האָט ממש אויפגעלעבט. זי איז עפּעס פאַראינגערט געוואָרען. דער שידוך מיט׳ן אַלטען אידישען נוסח פון מזרח־אייראָפּע, וועלכען זי האָט דורך מיר געשלאָסען, האָט פאַראינגערט און פאַר־שענערט און צוגעגעבען חן איר האַלב־אַסימילירטען פּנים. אַלטע אידישע שיינקייטען האָבען זיך אין איר אַנטפּלעקט. איך האָב געקאָנט שטאָלצירען, אַז דאָס האָב איך צוגעלייגט אַ האַנט צו דעם, און דאָס האָט מיך אָנגעפילט מיט אַן אַ שיעור פרייד.

# דער טאַטע קומט צו מיר צוגאַסט קיין בודאַפּעסט און דער פּלוצלונגער טויט פון דער מאַמען

און בודאַפּעסט האָט מיר צוריקגעצאָלט מיט דעם אַלעם, מיט וואָס מענשען קאָנען נאָר באַלוינען אויף דער דאָזיגער זינדיגער ערד. כבוד און אָנזען האָב איך געהאַט הויפּענוויז, אָבער די ערדישע מיטלען, וואָס דריקען זיך אויס אין געלט, האָט מען מיר אויך נישט געזשאַלעוועט. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אין איין שיינעם טאָג האָב איך זיך אַרומגעקוקט, אַז צופיל באַרעס געלט וואַלגערט זיך ביי מיר אָן שום נוצען, און גוטע פריינט זיינען אונטערגעקומען מיט אַן עצה, אַז עס וואָלט גלייך געווען צו קויפען זיך אַ הויז.

בין איך טאַקע געוואָרען אַ הויז־אייגענטימער אין דער שיינער שטאָט בודאַפּעסט. און נישט עפּעס אַ הייזעל דאָרט, נאָר טאַקע אַ הויז פון זעקס שטאָק מיט 42 וואוינונגען פאַר דעם פּרייז פון 280 טויזענט קראָנען. אַכציג טויזענט קראָנען האָב איך איינגעצאָלט אין קעש, דאָס איבעריגע איז געבליבען שטיין אויף דער היפּאָטעק, אָדער אויף מאָרגעדזש, ווי עס הייסט אין אַמעריקע. נאָכ׳ן אַראָפּרעכענען אַלע הוצאות איז מיר פון דעם הויז נאָך אַריינגעפאַלען פיר טויזענט קראָנען הכנסה אַ יאָר, אַ חוץ מיין אייגענע שיינע וואוינונג פון פינף צימערען.

און עס וואָלט ווייטער אַזוי געגאַנגען לעילה ולעילה און איך וואָלט אפשר געוואָרען דער רייכסטער קאַנטאָר, וואָס איז ווען עס איז געווען ביי אידען, ווען עס ברעכט נישט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה.

דערווייל איז צו מיר קיין בודאַפּעסט אָנגעקומען אַ ידיעה פון טאַטען, אַז ער קלייבט זיך מיט אַ באַזוך צו מיר, און פאַר איין וועגס וועט ער שוין באַזוכען אויך די איבעריגע צוויי ברידער מיינע, וועלכע זיינען געווען אויף שטעלעס, איינער אַלס מוזיק־פּראָפעסאָר אין ווין, און דער צווייטער אַלס חזן אין דער שטאָט סטאַניסלאַוו. מיין פרייד, וואָס דער טאַטע וועט קומען און מיך מיט די אייגענע אויגען זען אַרומגערינגעלט מיט עשירות און מיט כבוד — האָט גאָר קיין גרענעצען נישט געהאַט. אויך פאַר אים איז דאָס, ווייזט אויס, געווען אַ געוואַלדיגע איבערלעבונג אויף זיינע עלטערע יאָרען אַרויסצופאָרען נאָכאַמאָל אין דער וועלט אַריין, כדי צו זען ווי זיינע פייגעלעך זיינען זיך צעפלויגען און ווי יעדערער האָט זיך זיין נעסט געבויט לויט זיינע בעסטע

מעגליכקייטען, און ווי אַלע צוזאַמען פאַרשאַפען זיי כבוד און פרייד דער משפחה.

דאָס קומען פון טאַטען האָט מיר געגעבען די געלעגענהייט נאָכאַמאָל זיך צו איבערצייגען, ווי איידעל און גרויסמוטיג די בודאַפּעסטער געמיינדע האָט זיך צו מיר באַצויגען. צופעליג האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט פאַר'ן געמיינדע־סעקרעטאַר, אַז דער טאַטע מיינער קומט צו פאָרען מיט אַ שיף איבער'ן דונאַי פון ווין קיין בודאַפּעסט, און אַז קומען וועט ער אַ דינסטאַג, אַרום עלף אינדערפרי. דעם זעלבען טאָג באַלד אינדערפרי קלינגט ביי מיר אין דער טיר. איך עפען אויף און דערזע פאַר זיך דעם סעקרעטאַר פון דער געמיינדע. איך האָב זיך דערשראָקען, — וואָס האָט דאָ פּאַסירט, אפשר רופט מען מיך ערגעץ, און דאָ דאַרף איך גיין באַגעגענען דעם טאַטען ביי דער שיף. ערשט דער סעקרעטאַר באַרואיגט מיך און בעט מיך, אַז איך זאָל מיך צואיילען, ווייל צוויי מיטגלידער פון פאַרשטאַנד וואַרטען אונטען אין אויטאָמאָביל און זיי וועלען באַגעגענען דעם טאַטען אין נאָמען פון דער געמיינדע.

איך בין געווען גערירט ביז טרערען פון דעם דאָזיגען אומגעריכטען כבוד, וואָס די געמיינדע האָט באַשלאָסען צוצוטיילען מיין פאָטער. אין פּאָרט האָבען מיר גענומען אַ מאָטאָר־שיפעל און זיינען אַרויסגעפאָרען אויפ'ן דונאַי אַנטקעגען דער שיף, וואָס איז אָנגעקומען פון ווין. האַרציג איז געווען די באַגעגעניש מיט'ן טאַטען. אַ שטאַרקען איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט דער פאַקט, וואָס די אידישע געמיינדע פון אַזאַ גרויסער, פאַרגעשריטענער שטאָט ווי בודאַפּעסט, האָט געפונען פאַר נויטיג צו שיקען ספּעציעלע שליחים, כדי אים צו באַגעגענען. די פאַרשטייער האָבען אים גענומען אונטער'ן אָרעם און אַראָפּגעפירט פון שיף. דער טאַטע האָט זיך אַזש צעוויינט פאַר פרייד, וואָס עס איז אינגאַנצען נישט געווען זיין טבע.

ביי דער געלעגענהייט האָט זיך דער טאַטע דערמאָנט אין דעם קבלת־פּנים, וואָס ער האָט געקראָגען בעת ער איז געקומען מיך באַזוכען קיין פּעטערבורג; די אַלע דוואָרניקעס, מיט די פריסטאַווס און נאַדזיראַטעלס, וואָס האָבען זיך געיאָגט נאָך אים, ווי די יאַגד־־הינט, און וועלכע מ'האָט געמוזט „שמירען", אַז זיי זאָלען לאָזען אָטעמען מיט דער „הייליגער" פּעטערבורגער לופט. דאָ, אין בודאַפּעסט, האָט ער זיך געפילט פריי, ווי קיינמאָל נישט פריער אין רוסלאַנד, און ער האָט אַן איבעריג מאָל געלויבט מיין פאַרזעעוודיגקייט, וואָס איך האָב נישט געוואָלט בלייבען אין דער קאַלטער רוסישער הויפּט־שטאָט.

גאָר געוואָלדיג איז געווען די אויפנאַמע, וואָס דער טאַטע האָט געקראָגען, ווען ער איז די ערשטע נאָכט שבועות געקומען מיט מיר אין טאַבאַק־טעמפּעל. דער גאַנצער פאַרשטאַנד איז געווען פאַרזאַמעלט פאַר'ן אַריינגאַנג און דער הויפּט־ראַבינער אַליין, אָט דער וואָס האָט תחילת געפירט קעגען מיר אַזאַ פאַרביסענעם קאַמף, האָט אים באַגריסט מיט אַ „ברוך בואך לשלום". דער

פּרעזידענט פון איין זייט און דער וויצע־פּרעזידענט פון דער אַנדערער זייט האָבען גענומען דעם טאַטען אונטער׳ן אָרעם, אים אַרויפגעפירט אויף דער בימה און אים אַוועקגעזעצט לעבען סאַמע פּרעזידענט. מיין האַרץ האָט געקוואָלען, ווען איך האָב דאָס צוגעזען. ענדליך קאָן איך צוריקצאָלען מיין טייערען פאָטער פאַר זיינע אַלע ליידען, וואָס ער איז זיך אין דער יוגענט אויסגעשטאַנען צוליב מיר, און פאַר די אַלע קלוגע עצות וואָס ער האָט מיר געגעבען און וועלכע האָבען געפירט דערצו, אַז איך זאָל נישט פאַרזונקען ווערען אין דעם קליינעם שטעטעל, נאָר איך זאָל אַנטוויקלען אַלע מיינע כחות און פעהיגקייטען, מיט וועלכע די השגחה האָט מיך באַשאָנקען.

אויף צומאָרגענס, דעם ערשטען טאָג שבועות האָט מען דעם טאַטען אויפגערופען צו „כהן" און ער האָט מנדב געווען הונדערט קראָנען פאַר אָרעמע־לייט. נאָכ׳ן דאַוונען איז דער גאַנצער פאַרשטאַנד געווען פאַרזאַמעלט ביי מיר אין הויז אויף קידוש. דער פּרעזידענט, הער אַדלער, האָט געמאַכט דעם טאַטען עטליכע קאָמפּלימענטען צוליב דעם גערעטענעם זון זיינעם, אָבער דער טאַטע האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די קאָמפּלימענטען, ווייל... ער האָט מיך נאָך נישט געהערט דאַוונען אין בודאַפּעסט. דעם ערשטען טאָג שבועות האָט געדאַוונט אין טעמפּעל דער אויבער־קאַנטאָר לאַזאַרוס.

דאָס גליק און די פרייד פון דעם טאַטען קאָן מען זיך גאַרנישט פאָרשטעלען, אָבער יעדעס מאָל וואָס ער האָט מיך אַרומגענומען און געדריקט צו זיין האַרצען, האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסען אַ טיפער זיפץ פון דער ברוסט: „מיין טייערער זון", האָט ער געזאָגט, „ווי גרעסער וואָלט געווען מיין פרייד, ווען אויך דיין ליבע מוטער וואָלט געהאַט די מעגליכקייט צו זען מיט די אייגענע אויגען דעם גרויסען נחת, וואָס איז באַשערט איר קינד".

אַן אויסערגעוויינליכע בענקשאַפט איז באַפאַלען דעם טאַטען נאָך דער מאַמען און ער האָט זיך נישט געקאָנט שענקען, וואָס ער איז נישט צוגעשטאַנען צו איר מיט׳ן האַרבען וואָרט, אַז זי זאָל מיטפאָרען מיט אים אויף אַ באַזוך צו די קינדער. ער האָט זיך אַליין געמאַכט אַן אַ שיעור פאָרוואורפען, פאַרוואָס ער איז באַגאַנגען אַזאַ פעלער. ווייל אַזאַ פאַרגעניגען קאָנען עלטערען האָבען פון זייערע קינדער נאָר איין מאָל אין לעבען. האָבען דעריבער ביידע צוזאַמען געדאַרפט דאָס זען און מיטלעבען. דער טאַטע האָט מיר אויפגעקלערט, אַז די מאַמע האָט בשום אופן נישט געוואָלט איינשטימען צו פאַרמאַכען די קראָם און די שטוב אויף עטליכע וואָכען און לאָזען זיך אין אַזאַ וויטען וועג אַריין. זי האָט פאַרזיכערט, אַז ווי נאָר דער טאַטע וועט צוריקקומען, וועט זי דאַן פאָרען אויף עטליכע וואָכען זיך פרייען מיט די קינדער און אייניקלעך.

אָבער ליידער, ליידער איז איר דאָס גליק מער נישט באַשערט געווען. דעם צווייטען טאָג שבועות האָב איך שוין געדאַוונט, און ווייסענדיג וואָס פאַר אַ שטרענגען צוהערער איך האָב אין טעמפּעל אין דער פּערזאָן פון טאַטען,

האָב איך גוט געדאַוונט, מיט האַרץ און נשמה, אַזוי ווי אונזערע אַלטע בעלי תפילות פלעגן דאָס טאָן אין דער אַלטער היים. דער טאַטע האָט געשטראַלט, צוזעענדיג, ווי נאָכ׳ן דאַוונען גייען צו מיר די מתפללים אין אַ לאַנגער ריי, ווי צו אַ גוטען אידען, כדי מיר צו דאַנקען פאַר דער הנאה, וואָס איך האָב זיי פאַרשאַפט. ווען דער פרעזידענט האָט געוואונשען דעם טאַטען „גוט יום־טוב״, האָט דער טאַטע אין שפּאַס באַמערקט, אַז איצט נעמט ער שוין אָן די קאָמפּלימענטען, וואָס ער האָט אים נעכטען געמאַכט. ער האָט זיך אַליין איבערצייגט, אַז די קאָמפּלימענטען האָבען „דעקונג״.

מיר זיינען אַהיים געקומען, קידוש געמאַכט און זיך געזעצט עסען, אָבער אין מיטען עסען האָב איך באַמערקט ווי די גאַנצע פריילעכקייט און יום־טוב׳־דיגקייט איז פאַרשוואונדען פון טאַטענ׳ס פּנים. ער האָט זיך פאַרזונקען אין זיך און איז נישט געווען דער אויפגערוימטער און גליקליכער פאָטער, וועלכער האָט היינט געקליבען אַזוי פיל נחת אין טעמפּעל. ווען איך האָב נאָכ׳ן עסען געפרעגט דעם טאַטען, צי ער פילט זיך, חלילה, עפּעס נישט גוט, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער אַליין איז אין בעסטען מצב הבריות, נאָר עס מאַטערט אים אַ שלעכט געפיל, וואָס ער קאָן דאָס בשום אופן נישט אויסדריקען מיט ווערטער.

ער האָט מורא, האָט דער טאַטע מיר ווייטער דערקלערט, אַז דאָס אויסער־געוויינליכע גליק און פאַרגעניגען, וואָס ער לעבט איבער, זייענדיג ביי מיר, זאָל נישט האָבען אַרויסגערופען אַן עין הרע און זאָל נישט ברענגען, די שעה זאָל נישט זיין, עפּעס אַן אומגליק אויף אונז. עס קלאַפּט אים דאָס האַרץ און אַן אינעווייניגסטע אומרואיגקייט איז אים באַפאַלען, וועלכע ער איז גאַרנישט אומשטאַנד צו באַהערשען.

עס ציט אים ווי מיט אייזערנע צוואַנגען, האָט דער טאַטע ווייטער גערעדט, צו דער מאַמען. און ער בעט מיך ממש מיט טרערען אין די אויגען, אַז איך זאָל למען השם נישט פאַרגעסען גלייך מוצאי יום־טוב נאָך הבדלה צו נעמען ביי אים די הונדערט קראַנען, וועלכע ער האָט מנדב געווען אין טעמפּעל פאַר אָרעמעלייט, און זיי אַוועקשיקען אין דער געמיינדע, ווייל מיט אַ נדר טאָר מען זיך נישט שפּילען און מען טאָר נישט פאַרזאַמען אים צו באַצאָלען. איך האָב אים געמוזט פייערליך צוזאָגען, אַז איך וועל גלייך נאָך הבדלה דערפילען זיין וואונש. איך האָב קוים גע׳פּועל׳ט ביי אים, אַז ער זאָל זיך צולייגען אויף אַ ווײַלע אַביסעל אָפּרוען.

מיט אַ פערטעל שעה שפּעטער, ווי דער טאַטע האָט זיך צוגעלייגט, איז צו מיר געקומען מיין פריינט בעהם און האָט מיך געבעטען איך זאָל מיט אים אַריינגיין אין אַ באַזונדער צימער, ער האָט עפּעס מיט מיר צו ריידען הינטער פיר אויגען. ווען מיר זיינען געבליבען אַליין, האָט ער צו מיר געזאָגט: „איך ווייס מיין פריינט, אַז דו ביסט אַן אינטעליגענטער און קלוגער מענש און האָסט

געהאַט געגוג דערפאַרונגען אין דיין לעבען, גענוג צרות און לייד מיטגעמאַכט, און ביזט געווען גענוג שטאַרק דאָס אַריבערצוטראָגען. דעריבער הער מיך אויס, מיין פריינט, וואָס איך האָב דיר צו זאָגען".

אָט די לאַנגע פאָררעדע, וואָס ער האָט צו מיר געהאַלטען, איז מיר גלייך עפּעס נישט געפעלען געוואָרען, און מיין האַרץ האָט גענומען שטאַרקער קלאַפּען. איך האָב אומגעדולדיג גענומען פאָדערען ער זאָל מיר זאָגען וואָס עס איז געשען. ער האָט מיך ארומגענומען און צוגעדריקט צו זיך און גלייכצייטיג אַרויסגענומען אַ טעלעגראַמע פון קעשענע, וועלכע מיין ברודער פון ווין האָט אים איבערגעשיקט. אין דער טעלעגראַמע איז געשטאַנען: „גרייט צו פאַרזיכטיג מיין ברודער צו דער טרויעריגער נאַכריכט, אַז אונזער טייערע מוטער איז געשטאָרבען".

ווי שטאַרק איך בין געטראָפען געוואָרען פון אָט דער צעשמעטערענדער ידיעה, איז דאָך מיין ערשטער געדאַנק געווען: דער טאַטע! זיין מערקווירדיגער פאָרגעפיל, אַז אַ גרויסער אומגליק רוקט זיך אָן אויף אונז, און זיין מאָדנע בענקעניש צו זען די מאַמען נאָך איין מאָל, ווי ער וואָלט טיף געפילט, אַז דאָס וועט שוין נישט מער מעגליך זיין, און ווי ער וואָלט זיך געזעגענט מיט איר דורך דעם ווייטען שטח, וואָס האָט זיי פאַנאַנדערגעטיילט אין די לעצטע מינוטען פון איר פיינפולען לעבען!

איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי מען וואָלט אונטערגעהאַקט די פיס אונטער מיר. דאָס באַוואוסטזיין, אַז דער טאַטע איז מיט מיר, האָט מיך אַביסעל געשטאַרקט און איך האָב נישט אויפגעהערט צו טראַכטען: ווי אַזוי נעמט מען זיך אים אָנצוזאָגען אַזאַ שרעקליכע בשורה?

## נאָכ׳ן טויט פון דער מאַמען שטאַרבט מיר אַוועק מיין פרוי

בעת איך בין אַזוי געשטאַנען אַ דערשלאָגענער און נישט געוואוסט וואָס מען הויבט אָן פריער צו טאָן, האָט מען אַריינגעבראַכט אַ צווייטע טעלעגראַמע, וועלכע האָט געהאַט דעם פאָלגענדען אינהאַלט: „דער פּראָצעס מיט זאַגאָרסקי׳ן איז געוואונען געוואָרען. מען האָט צוגעמשפּט פאַר אייער טובה וועגען אַכצען הונדערט רובעל. קומט גלייך צופאָרען״.

מען האָט זיך געקענט אָנשטויסען, אַז די דאָזיגע טעלעגראַמע איז ספּעציעל אַרויסגעשיקט געוואָרען צוליב׳ן טאַטען, כדי אים צו באַוועגען גלייך אַהיימ־צוקומען, נישט וועלענדיג אים אָנזאָגען די טרויעריגע נאַכריכט פאַר דער צייט. דער טאַטע איז דערוויל אויפגעשטאַנען פון שלאָף. איך האָב זיך שוין געהאַט אָפּגעוואַשען דאָס פּנים, אַז מען זאָל נישט דערקענען אויף מיר די טרערען. איך האָב געזוכט זיך צו באַהערשען ווי ווייט איך האָב נאָר געקאָנט, און האָב אים דערלאַנגט די טעלעגראַמע וועגען דעם געוואונענעם פּראָצעס.

נאַרמאַל וואָלט זיך דער טאַטע געדאַרפט פרייען, וואָס ער האָט געוואונען אַזאַ סומע געלט אין אַ קאָנפליקט מיט אַ צווייטען סוחר; אָבער ניין, דער טאַטע איז גאַנץ ווייט ·געווען פון פרייד. ער האָט געהאַלטען אין איין טענה׳ן, אַז די טעלעגראַמע געפעלט אים נישט, און אַז דאָס האַרץ זאָגט אים כסדר פאַר, אַז עפּעס שלעכטס האָט פּאַסירט. ער האָט גלייך אויפ׳ן אָרט באַשלאָסען, אַז אם ירצה השם מאָרגען גלייך אינדערפרי פאָרט ער אַהיים.

אויף דער נאַכט, גלייך נאָך הבדלה, האָט ער מיך גענומען מאַטערען, איך זאָל גלייך אָפּשיקען די הונדערט קראָנען, וואָס ער האָט מנדר געווען, און אויף צומאָרגענס אינדערפרי איז ער מיט אַ שווער האַרץ אָפּגעפאָרען. נישט וויסענדיג, אַז אין כאָנאָראָד וואַרט מען אויף אים מיט דער לויה פון זיין פרוי, איז ער נאָך אויפ׳ן וועג אַהיים אָפּגעטראָטען אין ווין, כדי זיך צו געזעגע־נען מיט מיין ברודער באָריס, און אין סטאַניסלאַוו, כדי זיך צו געזעגענען מיט דעם צווייטען ברודער גדליה.

איך בין אָפּגעזעסען שבעה און באַלד דערנאָך האָב איך דערהאַלטען דעם קלאָג־בריוו פון טאַטען מיט די אַלע איינצעלהייטען וועגען דער מאַמע׳ס טויט. ער האָט געזוכט מיך צו טרייסטען בעת ער אַליין האָט אַזוי נויטיג געהאַט אַ טרייסט, און קיינער איז נישט אומשטאַנד געווען זי אים צו געבען.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען פאַר מיר אַ טרויעריג יאָר, דאָס יאָר 1913.

מיט דעם טויט פון מיין טייערער און האַרציגער מוטער האָט זיך די קייט פון אומגליקען פאַר מיר ערשט אָנגעהויבען. מיין פרוי איז גלייך נאָכדעם שווער קראַנק געוואָרען און מען האָט זי געמוזט אַריינגעבען אין אַ סאַנאַטאָריע. איך בין געבליבען אַליין מיט די קינדער, האָבענדיג צו זאָרגען פאַר זייער אויפּפאַ־סונג און דערציהונג און פאַר פירען די שטוב, אַ חוץ די גרויסע און פאַראַנט־וואָרטליכע פליכטען, וואָס זיינען געווען פאַרבונדען מיט מיין באַרוף.

נאָכ׳ן אָפּזיין אין דער סאַנאַטאָריע עטליכע חדשים, האָט זיך איר לאַגע אָנשטאָט צו פאַרבעסערען זיך נאָך פאַרערגערט. די פּראָפעסאָרען האָבען געראָטען, אַז זי מוז אַרויספאָרען פון אונגאַרן, פאַרגעסען אינגאַנצען וועגען איר הויז־געזינד און וועגען אַלע אירע פליכטען אַלס פרוי און מוטער, אפשר דאַן וועלען זיך אירע נערווען איינשטילען און זי וועט קומען צו זיך. איך האָב גלייך געשריבען וועגען דעם דאָזיגען באַשלוס פון די דאָקטוירים צו מיין שווער און שוויגער און צו מיין שוואָגער דובניקאָוו, אַז אפשר וואָלט גלייך געווען זי זאָל אַוועקפאָרען אויף אַ שטיקעל צייט קיין רוסלאַנד, וואו זי זאָל זיך געפינען אונטער דער אויפּפאַסונג פון אַ ספּעציעלען מענשען.

מיין שוואָגער איז גלייך געקומען צופאָרען און האָט מיטגענומען מיין פרוי קיין טשערקאַס, וואו מיינע שוויגער־עלטערען האָבען דעמאָלט געוואוינט. עס זיינען געגאַנגען די חדשים, איך האָב מיך שטאַרק געפּלאָגט מיט די זאָרגען איבער די קינדער, אָבער איך האָב אַלץ געהאָפט, אַז מיין פרוי וועט זיך דאָרט אויסרוען און קומען צו זיך און וועט זיך צוריקקערען אַ געזונטע מאַמע פאַר אירע קינדער. אָבער דער גורל איז אַנדערש געווען געצייכענט. מיט אַ האַלב יאָר נאָך איר אַוועקפאָרען האָב איך דערהאַלטען די טרויעריגע נאַכריכט, אַז מיין פרוי איז געשטאָרבען, אַרומגערינגעלט פון אירע עלטערען, אָבער ווייט פון איר מאַן און געליבטע קינדער.

מען האָט געקאָנט צעשמעטערט ווערען פון אַזעלכע צוויי אומגליקען, איינער נאָכ׳ן אַנדערען. דער צער פון די יונגע קינדער האָט אינגאַנצען אונטערגעגראָבען מיין גלייכגעוויכט. איך בין שוין געווען אי דער טאַטע, אי די מאַמע, אי די קעכין, אי די גואוורנאַנטין, אי דער דערציער. קיין פרוי אין הויז, קיין מוטער פאַר די קינדער. איך האָב געפילט, אַז איך נעם מיך איינברעכען אונטער די אומגליקען און לאַסטען, וואָס זיינען אויף מיר געפאַלען.

ענדליך האָב איך באַוויזען איינצואָרדענען מיינע צוויי עלטערע מיידלעך, אַנאַ און קלאַראַ, אין אַ פּענסיאָן פאַר דערציאונג אין דייטשלאַנד. זיי האָבען דאָרט געקראָגען אַ פיינע בילדונג און האָבען אויך שטודירט מוזיק. אָבער די ערשטע וועלט־מלחמה, וואָס איז גלייך אויסגעבראָכען, האָט צעשטערט אַלע פּלענער פאַר זייער לענגערער אויפהאַלטונג אין דעם פּענסיאָן, און איך האָב זיי אינגיכען געמוזט אַהיימנעמען.

ווי ווייט דאָס דאָזיגע יאָר 1913 איז געווען אומגליקליך פאַר מיר! נאָך פאַר׳ן טויט פון דער ליבער מוטער דערהאַלט איך איינמאָל אַ טעלעגראַמע

פון טאַטען, אַז מיין אינגסטער ברודער, מרדכי, וועלכער איז דאַן געווען אַכצען יאָר, איז שווער קראַנק געוואָרען אויף די לונגען, און די דאָקטוירים הייסען אים דרינגענד אַרויסנעמען אין אַ סאַנאַטאָריע לעבען באַדען. עס איז געלונגען אָפּצוראַטעווען זיין געזונט. אָבער ער האָט פאַרשלונגען אַ סך פון מיינע כחות, נערווען און מיטלען, און איך בין געווען צופרידען, וואָס איך האָב געקאָנט אויסציען אַ האַנט פון הילף צו מיין נאָענטסטער משפּחה.

צו יענער צייט, דאָס איז געווען אין די ערשטע חדשים פון דעם היס־טאָרישען יאָר 1914, נאָכדעם ווי אַזוי פיל אומגליקען זיינען אַריבער איבער מיין קאָפּ, האָט פּלוצלונג אַ נייער באַגריף אויפגעטויכט אין מיין באַוואוסטזיין, אַ באַגריף, וואָס האָט שפּעטער געדאַרפט מאַכען אַ גרינטליכע ענדערונג אין מיין לעבען. דער נייער געדאַנק, וואָס האָט מיך פאַרכאַפּט און געהאַלטען געפאַנגען עטליכע יאָר, ביז ער האָט געקאָנט פאַרווירקליכט ווערען, איז געווען דאָס איינציגע פאַר׳כישוף׳טע וואָרט: אַמעריקע!

איך האָב גוט געוואוסט, אַז אין דעם דאָזיגען לאַנד, וואוהין עס האָבען אויסגעוואַנדערט הונדערטער טויזענטער אידען פון רוסלאַנד, פּוילען און ליטע, גייט אויף אַ ניי אידיש לעבען. נאָך אין יאָר 1908, ווען איך האָב אָנגעהויבען אַריינזינגען די ערשטע גראַמאָפאָן־פּלאַטען, האָב איך געהערט, אַז די פירמע אונטערנעמער, וועלכע האָבען געמאַכט אויף מיר אַ גרויס פאַרמעגען, האָבען נישט פאַרזאַמט אַריבערצוואַרפען דעם נייעם אַרטיקעל איבער׳ן ים און האָבען דאָרט דערגרייכט די אַריבערגעוואַנדערטע אידען, וועלכע זיינען געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ שטיקעלע אידישער נגינה, וואָס זאָל זיי דערמאָנען אין דער אַלטער, געליבטער היים.

איך האָב געוואוסט, אַז אין כמעט יעדער אידישער שטוב אין אַמעריקע טרומייטערט דער גראַמאָפאָן בייטאָג און ביינאַכט, און אַז אידען באַלעקען זיך מיט אַ שטיקעלע סיראָטע אָדער מיט אַ שטיקעלע קוואַרטין. אָבער וועגען פאָרען קיין אַמעריקע — וועגען אַזאַ זאַך האָב איך קיינמאָל נישט געטראַכט. איך האָב דאָך באמת געדאַרפט זיין משוגע צו ווען אַוועקוואַרפען אַזאַ שמאַלץ־גרוב, ווי עס איז געווען פאַר מיר בודאַפּעסט, וואו איך בין געגאַנגען ממש אין גאָלד, און אויסטוישען דאָס אויף דעם נייעם לאַנד, וואָס איז פול מיט פריש־איינגעוואַנדערטע מענשען, וועלכע מאַטערען זיך גוט אין די סוועט־שעפּער, כדי צו מאַכען אַ לעבען און צו קאָנען נאָך אָפּשפּאָרען עטליכע דאָלאַר אויף צו העלפען זייערע פאַראָרעמטע פאַמיליעס, וואָס זיינען געבליבען אין רוסלאַנד.

אָבער דאָס מאָל האָט אַמעריקע אויפגעשיינט פאַר מיר גאָר אין אַן אַנדער ליכט, און איך האָב געגומען ברענען ממש מיט אַ פיבערהאַפטען פאַרלאַנג צו באַזוכען דאָס נייע לאַנד. און געשען איז עס צוליב אַ ריינעם צופאַל, וועלכען איך מוז דאָ אַביסעל געגויער שילדערען.

אין מיין געבורטס־שטעטעל, כּאַנאַראַד, האָב איך געהאַט אַ קוזין, אברהמ׳ל קוואַרטין, דער זון פון פעטער חיים, דעם טאַטענ׳ס אַ ברודער. איך האָב אים גע־דענקט ווי אַ קינד, און געבליבען איז ער מיר אין זכרון צוליב אַ פעלער, וואָס ער האָט געהאַט אויף אַ פוס און צוליב וועלכען ער האָט אונטערגעהונקען גייענדיג. צוזאַמען מיט׳ן טאַטען זיינעם, האָט ער גאַנץ יונג, איינער פון די ערשטע עמיגראַנטען פון אונזער שטעטעל, פאַרלאָזען די אַלטע היים און אַוועק קיין אַמעריקע.

עס רעדט זיך אַזוי לייכט אַרויס: אַוועק קיין אַמעריקע. אין יענע יאָרען איז אַזאַ נסיעה מעבר לים געווען די געוואַלדיגסטע אונטערנעמונג, וואָס אַ מענש האָט זיך נאָר געקאָנט פאַרשטעלען. עס האָט געהייסען: מען פאָרט אין עק וועלט, און איין גאָט ווייסט, וואָס עס קאָן נאָך אויפ׳ן וועג פּאַסירען. און מיט זיי האָט טאַקע פּאַסירט, אַז זייער רייזע קיין אַמעריקע האָט געדויערט נישט מער און נישט ווייניגער ווי... אַנדערטהאַלבען יאָר.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען מיט דער באַן קיין אָדעס, זיינען זיי אַריינגעפאַלען אין די הענט פון אַ באַנדע שיפס־אַגענטען שווינדלערס, וואָס האָבען ביי זיי צוגענומען די אָפּגעשפּאָרטע פּאָר רובעל, אַרויפלאָדענדיג זיי אויף נישט קיין גרויסער פראַכט־באַרזשע און — פאָרט, אידעלעך, דער אויבערשטער זאָל אייך העלפען. און די רייזע איז געווען אַ ביטערע, זי האָט געפירט דורך פאַרשידענע פּאָרטען, און אומעטום האָט מען זיך געדאַרפט וואַלגערען אין שמוץ און אין נויט לאַנגע חדשים, ביז ענדליך, נאָך אַכצען חדשים, נאָכ׳ן אויסשטיין זיך אַלע שבעה מדורי גיהנום, האָבען זיי זיך דערשלאָגען צו די ברעגען פון דעם גאָלדענעם לאַנד.

דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אַ פרישע סעריע מאַטערנישען, ביז זיי האָבען זיך צו עפּעס דערשלאָגען. אברהמ׳ל אָבער האָט געהאַט אַ גוטען קאָפּ, ער איז געווען אַ פעהיגער אינגעל און האָט געהאַט גרויסע אַמביציעס. די גרעסטע פון אַלע אַמביציעס איז אָבער געווען, וואָס שנעלער רייך צו ווערען. נאָר ווי אַזוי מען קומט צום רייכטום האָט ער נישט געוואוסט. קיין גרויסע למדנ׳עשאַפט, פאַרשטייט זיך, האָט ער פון די כּאַנאַראָדער אוניווערסיטעטען נישט מיטגעבראַכט, האָט ער געמוזט אָנהויבען פון אַ געוויינליכען אַרבייטער. זיין ערשטע אַרבייט איז געווען אין אַ פאַבריק פון פּאַפּירענע שאַכטלעך. ער האָט זיך שנעל אויסגעלערענט דעם פאַך און זיינע פאַרדינסטען האָבען גענומען שטייגען.

גאָר גיך האָט ער אָבער געקראָגען די אַמביציע אַליין צו ווערען אַ פּראָדוצי־רער פון אַזעלכע פּאַפּירענע שאַכטלען. צו וואָס זאָל ער אַרבייטען ביי יענעם און ווערען אויסגענוצט, ליבערשט וועט ער אַליין פּרוּאווען זיין מזל מיט פּראָ־דוקציע. און מען מוז זאָגען, אַז עס האָט אים אָפּגעגליקט. פון אַ גאַנץ קליין פאַבריקעל איז אינגיכען אויסגעוואָקסען אַ גרעסערע פאַבריק. די באַשטעלונגען האָבען געהאַלטען אין איין וואַקסען און ער האָט שוין געמוזט צונעמען אַ שותף,

כדי די פאַבריק צו פאַרגרעסערען און נאָכצוקומען אַלע אָרדערס, וואָס האָבען געהאַלטען אין איין פליסען.

דער זעלבער אַברהמ׳על האָט נאָך פון אונזער געבורט־שטאָט מיטגעבראַכט אַ גרויסע ליבשאַפט פאַר מוזיק, דער עיקר פאַר חזנות. ער האָט אויך אַליין פאַרמאָגט אַ גאַנץ קליינע טענאָר־שטימעלע. דאָס האָט אים נאָך מער פאַר־בונדען אויף אַ גאַנץ לעבען מיט דער וועלט פון קלאַנגען.

אין קורצע ווערטער: אָט דער דאָזיגער קוזין מיינער, אַברהם קוואַרטין, האָט זיך דאָס פאַרלייגט, אַז ער מוז זיין באַרימטען קוזין, דעם גרויסען חזן פון אייראָפּע, אַריבערברענגען קיין אַמעריקע.

# איך ווער אַנגאַזשירט קיין אַמעריקע אויף דרייסיג קאָנצערטען

לאַנגע יאָרען האָט דער קוזין מיינער אין אַמעריקע אינגאַנצען נישט געהערט פון מיר, ווי פון דער גאַנצער משפחה. ערשט די גראַמאָפאָן־פּלאַטען, וואָס האָבען אַריבערגעטראָגען מיין נאָמען איבער'ן אַטלאַנטישען אָקעאַן, האָבען געבראַכט צו אים דעם נאָמען זאַוועל קוואַרטין, און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט: „האָ? דאָס איז דאָך מיין קוזין, זאַוועל, פון כאַנאָראָד! ער זינגט דאָס אַזוי שיין, אַז עס צענעמט דאָס האַרץ? ער מאַכט דאָס אונזער פאַמיליען־נאָמען אַזוי באַרימט איבער דער וועלט?" און דעמאָלט האָט זיך דאָס דער דאָזיגער אברהמ'ל, אָדער ווי ער האָט שוין געהייסען אין אַמעריקע, אייבי, אַריינגע־שלאָגען אין קאָפּ אַריין, אַז פאַר יעדען פּרייז מוז ער מיך ברענגען קיין אַמעריקע אויף אַ טורנע פון קאָנצערטען און צו דאַוונען שבתים.

ער האָט ערגעץ אויסגעפונען מיין אַדרעס און אין יאַנואַר פון יאָר 1914 באַקום איך פון אים אַ בריוו, געשריבען אין אַ גאַנץ שלעכטען אידיש, וואו ער מאַכט מיר דעם אָנבאָט צו קומען קיין אַמעריקע. צוליב דער כאַראַקטע־ריסטישקייט פון דעם בריוו, ברענג איך דאָ מאַנכע שטעלען פון אים:

„ליבער קוזין זביל! דעם דאָזיגען בריוו שרייבט דיר דיין שוועסטער־קינד אברהם, דעם פעטער חיימ'ס אַ זון. איך ווייס נישט צי דו געדענקסט מיך, אָבער איך געדענק דיך גאַנץ גוט פון אונזער שטעטעל, איך געדענק אַפילו די קלעפּ, וואָס איך האָב פון דיר אַריינגעכאַפּט, בעת מיר פלעגען זיך גאַנץ אָפט צע'הרג'ענען אין בית המדרש. איך בין שוין דאָ איבער צען יאָר אין אַמעריקע און האָב דורכגעמאַכט קאַלטס און וואַרעמס. איך בין דורכגעגאַנגען דורך פייער און דורך וואַסער, האָב זיך אָנגעליטען אָן אַ שיעור צרות, ביז איך האָב זיך מיט שווערער פּראַצע דערשלאָגען צו אַן אייגענער קליינער פעקטאָרי פון פּאַפּיר־באָקסעס און מאַך אַ שיין לעבען. איך האָב אויך וואוילע דריי קינדער און וואָלט, דאַכט זיך, געדאַרפט זיין צופרידען מיט מיין לעבען.

„איז אָבער אַ מאָדנער שמע קולנו מיר אַריין אין קאָפּ אַריין, וואָס גיט מיר קיין רו נישט און לאָזט מיך נישט לעבען. שוין עטליכע יאָר ווי דאָ אין אַמעריקע פאַרקויפט מען אויף טריט און שריט דיינע רעקאָרדס, וואָס דו האָסט אַריינגעזונגען אַזעלכע טייערע, האַרציגע אידישע תפילות, וואָס צענעמען דאָס האַרץ. פאַר מאַנכע געשעפטען האָב איך געזען ווי אידען שטייען אין

דער „לייץ״ צו קריגען דיינעם אַ רעקאָרד. מען פאַרלאַנגט נאָר דיינע. און האָסט פאַרטריבען אַלע אַנדערע חזנים פון מאַרק.

„נו, איז מיר געקומען דער געדאַנק אין קאָפּ אַריין, אַז אויב דו וואָלסט געקאָנט אַריבערקומען קיין אַמעריקע אויף אַ טורנע פון קאָנצערטען און אויף אַ רייע פון שבתים און ימים־טובים, וואָלסטו דאָ געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגען, דו וואָלסט ממש גליקליך געוואָרען. און איך וואָלט געהאַט די גרויסע פרייד, וואָס מיין וועלט־באַרימטער קוזין נעמט איין די אידישע אַמעריקע. וואו מען גייט און וואו מען שטייט הערט מען נאָר קוואַרטין און קוואַרטין, און אַ טייל כבוד וואָלט פון דעם אויך מיר צוגעפאַלען.

„אַלזאָ, ליבער קוזין, שרייב מיר גלייך דיין מיינונג וועגען אָט דעם געדאַנק. אויב דו ביזט וויליג אונטערצונעמען אַזאַ זאַך, און אויך וויפיל דו פאַרלאַנגסט פאַר אַ קאָנצערט, פאַר אַ שבת און פאַר אַ וואָכעדיגער מנחה־מעריב, און וויפיל קאָנצערטען דו וואָלסט געקאָנט געבען אין פאַרלויף פון דריי חדשים צייט״.

דער דאָזיגער בריוו איז געווען פאַר מיר אַ גרויסע איבעררעשונג. ערשטענס, אַז עס האָט זיך אָפּגעזוכט אַ קרוב, וואָס איז אַזאַ גרויסער פאַטריאָט פון מיין טאַלאַנט, און דער עיקר — ער האָט אַנגעצונדען אין מיר דעם פאַרלאַנג טאַקע אַריבערצופאָרען אין דער נייער מדינה, וואָס איז געוואָרען די היים פון אַזוי פיל, אָן עין הרע, אידען. און דריטענס, עפּעס רעדט ער דאָרט וועגען גרויסע גליקען, וואָס מען קאָן דאָרט מאַכען; איז פאַרוואָס טאַקע זאָל איך דאָס אַוועקמאַכען מיט דער האַנט?

די ערשטע פראַגע, וואָס איז אויפגעקומען מיט דעם פלאַן צו פאָרען קיין אַמעריקע, איז געווען: צי וועט מיך מיין טעמפּעל אָפּלאָזען אויף אַזאַ לאַנגער צייט, ווי דריי חדשים? די צווייטע פראַגע איז געווען: צי קאָן מען זיך פאַרלאָזען אויף מיין קוזין, דעם שאַכטעלמאַכער; צי איז ער גענוג פאַראַנטוואָרטליך צו אָרגאַניזירען און דורכצופירען אַזאַ גרויסע אונטערנעמונג, וואָס איז פאַרבונדען מיט געוואַלדיגע הוצאות, און מיט אַ גרויסען אָרגאַניזאַציאָנעלען אַפּאַראַט?

ווען איך האָב אים אָנגעפרעגט אין אַ בריוו וועגען דער לעצטער פראַגע, האָט ער מיר גלייך געענטפערט, אַז אַזוי ווי זיין שותף אין געשעפט איז זעהר אַן אינטעליגענטער און אויך אַ רייכער מאַן, האָט ער אים אָנפאַרטרויט די גאַנצע זאַך וועגען זיין פלאַן אַריבערצוברענגען דעם אויבער־קאַנטאָר פון בודאַפּעסט קיין אַמעריקע, און ער האָט אים ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר אויפגעוויזען, אַז עס שטייט זיי ביידע פאַר, אַלס די אָרגאַניזאַטאָרען און מענעדזשערס, צו פאַרדינען אין מיין קומען אַ סך געלט, און דער שותף האָט גלייך איינגעשטימט צו ווערען אַ שותף אויך אין דער דאָזיגער אונטערנעמונג, וואָס הייסט „זאָוועל קוואַרטין״. אַלע אָפּמאַכען, וואָס זיי וועלען מיט מיר שליסען, וועלען פּינקטליך געהאַלטען ווערען, מיט די געהעריגע באַנק־גאַראַנטיעס.

איז, הייסט עס, איין פראַגע געווען באַזייטיגט. איצט איז געבליבען די צווייטע פראַגע: ווי אַזוי מאַכט מען, אַז מיין געמיינדע זאָל מיר דערלויבען

אונטערנעמען די רייזע. עפּעס האָב איך געהאַט אַ פאַרגעפיל, אַז זיי וועלען מיר מאַכען שוועריגקייטען. אָבער איידער איך בין געגאַנגען ריידען וועגען דעם מיט מיין פּרעזידענט, האָב איך געוואָלט פאַר זיך אַליין קלאָר מאַכען, וואָס בין איך אויסען מיט מיין רייזע קיין אַמעריקע, וואָס פאַר אַ באַדינגונגען דאַרף מען אַרויסשטעלען צו מיין קוזין מיט זיין שותף, אַלס די מענעדזשערס פון דער גאַנצער אונטערנעמונג, און אפשר וועלען מיינע באַדינגונגען גאָר זיין צו שווערע פאַר זיי און זיי וועלען נישט זיין אומשטאַנד זיי נאָכצוקומען.

איך האָב צוזאַמענגעשטעלט אַ צעטעל מיט די פאָלגענדע פאָדערונגען צו מיין קוזין אברהם קוואַרטין. איך האָב דערביי געהאַט די כוונה אויסצופּרואווען, אויף וויפיל ערענסט און סאָליד עס זיינען זיינע פאַרפליכטונגען און פאַראַנט־וואָרטליכקייטען:

1) מיין טורנע אין אַמעריקע דאַרף אַרומנעמען אַ ציקל פון דרייסיג קאָנ־צערטען, שוין אינאיינעם מיט די שבתים, וועלכע עס וועט מיר עווענטועל אויס־קומען צו דאַוונען;

2) פאַר יעדען קאָנצערט אָדער שבת'דיגען דאַוונען פאַרלאַנג איך טויזענט דאָלער;

3) די דרייסיג קאָנצערטען דאַרפען דורכגעפירט ווערען אין דער צייט פון דריי חדשים;

4) מיינע מענעדזשערס דאַרפען מיר צושיקען צוויי שיפס־קאַרטען, ערשטע קלאַס, פאַר מיר און פאַר מיין טאָכטער, אַנאַ, אַ סאָפּראַנאָ, וועלכע וועט זיך באַ־טייליגען אין די דערמאָנטע קאָנצערטען;

5) מיינע מענעדזשערס דאַרפען אַריינשיקען אַ דעפּאָזיט פון צוויי טויזענט דאָלער, וועלכע דאַרפען אַראָפּגערעכענט ווערען ערשט פון די קאָנצערטען אין אַמעריקע;

6) עס וואָלט גלייך געווען צו האָבען אַ גאַראַנטיע פון אַ באַנק, אַז אַלץ וועט פּינקטליך אויסגעפירט ווערען לויט'ן אָפּמאַך;

7) איך וועל קאָנען אַרויספאָרען קיין אַמעריקע ערשט נאָך די ימים נוראים, סוף אָקטאָבער אָדער אָנהויב נאָוועמבער, אויב, פאַרשטייט זיך, איך וועל באַקומען די נויטיגע דערלויבעניש פון דער געמיינדע;

8) די קאָנצערטען זאָלען פאָרקומען נישט מער ווי צוויי אַ וואָך, נישט אַריינרעכענענדיג דעם שבת.

אין אָנהויב פון חודש מערץ האָט איך געהאַט אַן ענטפער, אַז אַלע מיינע באַדינגונגען זיינען אין פּרינציפּ אָנגענומען געוואָרען דורך די ביידע שותפים, נאָר זיי ווילען זיך נאָך פריער דורכריידען מיט פּראָפעסיאָנאַלען וועגען דינגען די געהעריגע זאַלען און טעאַטערס, און אַז אינגיכען וועט ער מיר מיטטיילען דעם ענדגילטיגען ענטפער — יאָ, צי ניין.

סוף מאַי, 1914, איז געקומען דער ענדגילטיגער ענטפער, אַז אין פאַרלויף פון צוויי וואָכען וועל איך באַקומען דעם קאָנטראַקט, צוויי שיפס־קאַרטען און טויזענט דאָלאַר אַ דעפּאָזיט. ערשט נאָכ'ן דערהאַלטען אָט די ענדגילטיגע באַשטעטיגונג האָב איך באַשלאָסען אָנצוהויבען די געשפּרעכען מיט מיין פּרעזידענט וועגען געבען מיר די דערלויבעניש אָפּצופאָרען פון בודאַפּעסט אויף דריי חדשים.

הער אַדלער האָט מיר געענטפערט, אַז הגם ער איז מיינער אַ שטאַרקער פריינט און ער האָט פּערזענליך גאָרנישט קעגען מיינע פּלענער, דאָך גלויבט ער, אַז דאָס וועט זיין זעהר אַ שווערע זאַך דורכצופירען ביים פאַרשטאַנד. ער וועט עס פאַרברענגען און וועט מיר מיטטיילען דעם רעזולטאַט.

איך האָב נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטען אויף אָט דעם רעזולטאַט, וועלכער איז געווען אַ נעגאַטיווער: דער פאַרשטאַנד האָט מיין ביטע מיט אַ גרויסער מערהייט אָפּגעוואָרפען. עס איז מיר געוואָרען גאַנץ קאַלאַמוטנע אויפ'ן האַרצען. פון איין זייט האָב איך זיך נישט געוואָלט צעקריגען מיט מיין געמיינדע, וועל־כער איך האָב גאָרנישט געהאַט וואָס פאַרצוואוואַרפען. זי איז שטענדיג געווען צו מיר האַרציג און פיין און האָט מיך באַהאַנדעלט אויף דעם נאָבעלסטען שטייגער. און דאָס איז דאָך פאַרט געווען אַ לעבענסלענגליכער פּאָסטען ביי איינער פון די רייכסטע געמיינדעס אין אייראָפּע.

פון דער אַנדערער זייט איז מיר שוין אַמעריקע אַזוי געהאַט אַריין אין דער נאָז אַריין, אַז איך האָב מיר שוין נישט געקאָנט פאַרשטעלען: וואָס הייסט מען וועט מיר נישט לאָזען פאָרען. און טאַקע, דרייסיג טויזענט אַמעריקאַנער דאָלאַרען זיינען דאָך צו יענער צייט געווען אַ געוואַלדיגער פאַרמעגען, טאָ ווי האָט מען דאָס אַ האַרץ זיך אָפּצוזאָגען פון אַזאַ אפּותיקי? איך האָב מיר שוין געמאַכט פּלענער: איך וועל מיר אָפּצאָלען די היפּאָטעקע, וואָס איך בין שולדיג אויף מיין הויז און וועל מיר זיין אַ בעל הבית פאַר זיך און קאָנען טראַכטען וועגען גוטע שידוכים פאַר מיינע קינדער און באַזאָרגען זייער צו־קונפט. מאַלע וואָס אַ טאַטע פון פיר קינדער טראַכט אַלץ נישט, אַז ער וועט קאָנען אויפטאָן, ווען אַ פרייער און בהרחבה'דיגער גראָשען וועט אים אַריינפאַלען אין האַנט אַריין!

ווען כ'האָב סוף יוני ווידער געקראָגען אַ בריוו פון מיין אברהמל'ען, אַז דער קאָנטראַקט מיט די שיפס־קאַרטען און אויך דער דעפּאָזיט פון טויזענט דאָלער ווערען צוגעגרייט און וועלען גאַר אינגיכען אַרויסגעשיקט ווערען און איך זאָל דערוויל צוגרייטען די פּאַספּאָרטען פאַר מיר מיט דער טאָכטער, האָב איך שוין אינגאַנצען נישט געקאָנט איינרוען. איך האָב געפילט, אַז איך מוז אָננעמען אַלע מיטלען כדי צו דערשלאָגען זיך, אַז אַזאַ גאָלדענע געלעגענ־הייט זאָל פאַר מיר נישט פאַרלוירען גיין.

איך בין ווידער אַוועק צו מיין פּרעזידענט, הער אַדלער, און האָב געבעטען

צו רופֿען נאָכאַמאָל אַ זיצונג פֿון פאָרשטאַנד וועגען מיין ביטע מכח דער רייזע קיין אַמעריקע, און אַז איך בעט מען זאָל מיך אויך איינלאַדען צו דער זיצונג. מיין קוזין האָב איך דערוויייל געשריבען, אַז איך פיר פאַרהאַנדלונגען מיט מיין געמיינדע און איך בעט ער זאָל דערוויייל קיין איבעריגע הוצאות נישט מאַכען, ביז איך וועל אים נישט טעלעגראַפירען, אַז איך האָב די דערלויבעניש פֿון מיין געמיינע באַקומען.

אָנהויב יולי, 1914, בין איך גערופֿען געוואָרען צו דער זיצונג פֿון דעם טעמפעל־פאָרשטאַנד. איך האָב אַוועקגעלייגט פאַר זיי אַ רעדע, וואָס האָט אַ שטיין געקאָנט רירען. ערשטענס, האָב איך געזאָגט, איז דאָס די נאַטירליכע אַמביציע פֿון יעדען קינסטלער באַרימט צו ווערען אין וואָס ברייטערע קרייזען. אַמעריקע איז דאָס אויפגעהענדיגע לאַנד; אידען האָבען מיך דאָרטען געהערט בלויז אין גראַמאָפאָנען, און ווען זיי לאָדען מיך איצט איין פאַר פערזענליכע אויפטריטען, האָב איך קיין רעכט נישט זיי אין דעם אָפּצוזאָגען, און צווייטענס, טאַקע די דרייסיג טויזענט דאָלער. ווער קאָן זיך דאָס נעמען דאָס רעכט צו פסק׳ענען, אַז איך זאָל זיך אָפּזאָגען פֿון אַזאַ סומע, וואָס קאָן פאַרזיכערען די צוקונפט פֿון מיר און פֿון מיינע קינדער?

און נאָך אַן אַרגומענט האָב איך געהאַט: דער אויבער־קאַנטאָר פֿון דער וואַרשעווער סינאַגאָגע, גרשון סיראָטע, האָט באַקומען אַזאַ אורלויב פֿון זיין געמיינדע אויף צו מאַכען אַ דערפאָלגרייכען טור איבער אַמעריקע, און זיין געמיינדע האָט בלויז געקליבען נחת פֿון זיינע דערפאָלגען דאָרט. איז פאַרוואָס זאָל בודאַפעסט זיין ערגער פֿון וואַרשע? און צום סאַמע לעצט האָב איך געמאַכט אַ זשעסט: כדי גרינגער צו מאַכען די הערצער פֿון די געמיינדע־מיטגלידער, בין איך גרייט זיך אָפּצוזאָגען פֿון מיין געהאַלט פאַר דער צייט, וואָס איך וועל זיין אונטערוועגס.

אויף צומאָרגענס האָט מיר דער פרעזידענט מיטגעטיילט דורכ׳ן טעלעפאָן די פריילעכע ידיעה, אַז מיין דריי־חדשימ׳דיגער אורלויב איז באַוויליגט געוואָרען.

# די ערשטע וועלט־מלחמה צעשטערט מיינע פּלענער וועגן פאָרען קיין אַמעריקע

איך בין געווען מלא שמחה, וואָס מיין טרוים וועגן אַ רייזע קיין אַמעריקע איז אַזוי נאָענט פאַרווירקליכט צו ווערען. איך האָב שנעל אויפגעזוכט מיין נאָענטסטען פריינט, בעהם, כדי מיטצוטיילען אים די גוטע בשורה און צוזאַמען באַטראַכטען די פּלענער, וואָס ווייטער צו טאָן. איך בין אַריין מיט אים אין איינער פון די שיינע בודאַפּעסטער קאַפייען, וואָס האָבען געהאַט אַזאַ רייץ און צויבער אין יענע פרידליכע פאַר־מלחמה יאָרען. צו אונז האָט זיך איינגיכען צוגעזעצט הער בעהמ׳ס אַ פריינט, אַ הויכער באַאַמטער פון אויסערן־מיניסטער־יום, און באַלד איז דער געשפּרעך אַוועק וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין אייראָפּע.

דער באַאַמטער האָט געהאַלטען, אַז דער פּאָליטישער הימעל אין אייראָפּע הויבט זיך אָן צו פאַרוואָלקענען און אין דער לופט טראָגען זיך עפּעס אומבאַשטימטע ווינטלעך, וואָס וועקען אומרו און אויפרעגונג. מיר האָבען זיך צוגעהערט צו די דאָזיגע מאָדנע רייד, וואָס האָבען געקלונגען אַזוי פרעמד און ווייטליך אין יענעם פרעכטיגען פאַרנאַכט ביים דונאַי, ווען די יונגע פלאַטערענדיגע פּאָרלעך האָבען געאיילט צו די שיפלעך און האָבען זיך געשושקעט אַזעלכע זיסע רייד אין די אויערען אַריין. עפּעס האָבען מיר גאָר קיין אַכט נישט געלייגט אויף דעם, וואָס דער באַאַמטער האָט גערעדט. יעדערער איז אויפגעשטאַנען און איז אַוועק מיט זיין וועג צו דערליידיגען זיינע געשעפטען, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

איך האָב גענומען מאַכען פאָרבאַרייטונגען צו דער רייזע פאַר מיר און פאַר מיין טאָכטער. איך האָב געטראַכט וועגן אַ פּאַספּאָרט און וועגן די איבעריגע צוגרייטונגען צו דער רייזע. מיטאַמאָל איז אין די לעצטע טעג פון יולי פון יאָר 1914 אַריינגעלאָפען צו מיר מיין פריינט בעהם אַן אויפגערעגטער: „האָט איר געהערט די נייעס? דעם עסטרייכישען קרוינפּרינץ, פראַנץ פערדינאַנד, האָט מען דאָך דערמאָרדעט אין סאַראַיעוואָ, אין באָסניע, און דאָס מיינט — אַ קריג מיט סערביע. אין אַלע קאַפע־הייזער שמועסט מען, אַז דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע פון רוסלאַנד, און וואַרשיינליך וועט רוסלאַנד אויך אַריין אין קריג. ווער ווייס וואָס פאַר אַן אומגליקען עס וועלען אַלץ אַרויסקומען פון אָט דעם מאָרד!"

מיר זיינען אַרויס אין גאַס, וואו עס האָט געווימעלט מיט מענשען. באַלד האָבען זיך אַ לאָז געטאָן איבער די גאַסען די קליינע חברה־לייט מיט די עקסטראַ אויסגאַבען פון די צייטונגען, מיט אַ געגויער באַשרייבונג פון מאָרד און וועגען דער אומרואיגקייט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ אייראָפּע. מיר זיינען געשטאַנען צעשמעטערטע. די ווייטערדיגע געשעענישען האָבען נישט געלאָזט לאַנג אויף זיך וואַרטען. מיט דריי טעג שפּעטער האָבען שוין עסטרייך־אונגאַרן און דייטשלאַנד דערקלערט קריג צו סערביע און רוסלאַנד. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך אַנגעהויבען.

די אַזוי אויסגעבענקטע רייזע קיין אַמעריקע האָט אויסגעזען ווי אַ ווייטער חלום, וועלכען עס איז נישט באַשערט געווען פאַרווירקליכט צו ווערען. עס איז געשטאַנען גאָר אַן אַנדער פראַגע: צי וועט מען מיך כאַטש נישט אַרעסטירען אַלס פיינטליכען, רוסישען בירגער. אויף דער דאַטשע, וואו איך האָב דעמאָלט געוואוינט אַ שעה רייזע הינטער בודאַפּעסט, האָבען זיך גראָד ביי מיר אין הויז געפונען מיין ברודער באָריס, מיין שוואָגער דובניקאָוו און מיין ברודער'ס שוועער פון ריגע, גייער, — אַלע רוסישע בירגער, און אויף אַלעמען פון אונז האָט געציטערט די הויט: וואָס וועט זיין אונזער ווייטערדיגער גורל?

די גלייכסטע זאַך וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען גלייך צו פאַרלאָזען אונגאַרן, אָבער איידער מיר האָבען זיך אומגעקוקט איז שוין געווען אין די צייטונגען, אַז אַלע פיינטליכע אויסלענדער מוזען זיך גלייך רעגיסטרירען, אַז נישט וועלען זיי אינטערנירט ווערען. מיר האָבען שנעל גענומען צוויי אויטאָ־מאָבילען און געלאָזט זיך אין דער ריכטונג פון בודאַפּעסט. אָבער אַזוי ווי די דעטעקטיווס האָבען גלייך אַנגעהויבען נאָכשפּיאָנירען, האָבען זיי באַמערקט ווי צוויי אויטאָמאָבילען פאַרלאָזען אין איילעניש דאָס דאַטשע־אָרט. זיי זיינען אונז אַזוי נאָכגעפאָרען ביז בודאַפּעסט, און ווען איך בין שוין געווען ביי מיר אין וואוינונג, זיינען זיי אַרויפגעקומען און זיך נאָכגעפרעגט, ווער עס זיינען געווען די פרעמדע מענשען, וואָס זיינען מיט מיר געקומען פון דער דאַטשע, און צום סוף האָבען זיי פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל זיך אויף צומאָרגענס מעלדען אין דער הויפּט־פּאָליציי.

ווען איך האָב זיך אויסלעגיטימירט אין דער הויפּט־פּאָליציי, ווער איך בין און וועלכע שטעלע איך פאַרנעם, האָט מען מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז עס איז קריגס־צייט און איך זאָל זיין פאָרזיכטיג מיט פרעמדע מענשען, און אויב איך וועל זיך פירען „כשר", דאָס מיינט, איך וועל זיך נישט פאַרנעמען מיט פּאָליטיק, וועט מיר קיין שום שלעכטס נישט געשען.

דער פּלוצלונג אויסגעבראָכענער קריג האָט געטראָפען אין די קור־ערטער פון עסטרייך און דייטשלאַנד טויזענטער אידען פון רוסלאַנד, וועלכע זיינען פּלוצלונג געוואָרען אָפּגעריסען פון זייערע פאַמיליעס, אָן מיטלען און אָן שום פאַרבינדונג מיט זייער היים. די מענשען האָבען זיך הילפלאָז געוואָרפען אין

אַלע זייטען, כדי צו געפינען צווישען די אונגאַרישע אידען אַ וועלכען עס איז אָנהאַלט איבערצוהאַלטען אָדער זיך אַרויסצוקריגען פון לאַנד.

איך געדענק, ווי איך בין איין מאָל אַזוי געשטאַנען ביים טראַמוואַי אַריינצופאָרען קיין בודאַפּעסט און עס איז צו מיר צוגעקומען אַ פרוי, זעהר עלעגאַנט געקליידעט, אָבער מיט אַן אויסדרוק פון גרויסער פאַרצווייפלונג אויפ'ן פנים. זי האָט אויסגעשריען: „הער קוואַרטין, איר דערקענט מיך נישט? ראַטעוועט מיך!״ ווען זי האָט זיך אַביסעל באַרוהיגט, האָט זי מיר דערציילט, אַז זי איז פרוי אַבראַניצקי פון ווילנע, אַ געזעלשאַפטליכע טוערין, וועלכע האָט מיך אַליין צוויי מאָל אַראָפּגעבראַכט קיין ווילנע אויף וואוילטעטיגע קאָנצערטען פאַר פאַרשידענע געזעלשאַפטען. זי איז געווען אין קאַרלסבאַד ווען דער קריג איז אויסגעבראָכען. איצט איז זי געבליבען אָן שום מיטלען און אָן אַ מעגליכקייט צו פאָרען אַהיים. האָט זי זיך דערמאָנט, אַז איך בין אויבער־קאַנטאָר אין בודאַפּעסט, איז זי פאַר די לעצטע גראָשענס, מיט'ן פערטען קלאַס, געקומען צו פאָרען, איז געוואויר געוואָרען מיין אַדרעס און בעט ביי מיר הילף.

איך האָב זי אויפגענומען אין מיין הויז, אָבער דער עיקר הילף, וואָס זי האָט געבעטען, איז געווען: צו פועל'ן ביי דער בודאַפּעסטער אידישער געמיינדע, אַז מען זאָל איר מעגליך מאַכען דורך אַ נייטראַל לאַנד צוריקצופאָרען קיין רוסלאַנד. איך האָב ענדליך גע'פועל'ט, אַז די געמיינדע זאָל בעטען פאַר איר אַ וויזע קיין רומעניע, וואָס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אין קריג, און ענדליך האָט זי טאַקע אַזאַ וויזע געקראָגען, און איז בשלום אַהיימגעפאָרען. מיט צוועלף יאָרען שפּעטער, זיצענדיג אין אַ קאַפע־הויז אין תל־אָביב, איז די זעלבע פרוי אַבראַניצקי צוגעקומען צו מיין טישעל און האָט מיר מיט טרערען אין די אויגען געדאַנקט, וואָס איך האָב איר אין אַזאַ קריטישען מאָמענט אין איר לעבען נישט אָפּגעזאָגט מיין הילף און ממש געראַטעוועט איר דאָס לעבען.

ווען דער קריג האָט שוין געפלאַקערט אין זיין גאַנצען פאַרנעם און יעדער טאָג האָט געבראַכט פרישע ידיעות וועגען פרישע אומגליקען און מענשליכע ליידען, האָב איך אין שיינעם טאָג דערהאַלטען אַ טעלעגראַפישע אָנווייזונג פון פינף הונדערט דאָלער פון מיין קוזין אייבי אין אַמעריקע און גלייכצייטיג צוויי שיפס־קאַרטען; די איבעריגע פינף הונדערט דאָלאַר וועט ער מיר אַרויס־שיקען דעם צווייטען חודש. בין איך שוין גאַר צעטומעלט געוואָרען: ווי נעמט מען דאָס אונטער אַזאַ ווייטע רייזע קריגס־צייט? און פון דער אַנדערער זייט איז מיר געווען אַ רחמנות אויף מיין קוזין, וואָס מאַכט הוצאות, פאַרדרייט זיך דעם קאָפּ מיט אַזעלכע גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייטען, און — צי ווייס ער נישט, אַז עס איז מלחמה אין איירָאָפּע?

איך האָב אים דעריבער גלייך טעלעגראַפירט, אַז ער זאָל אָפּשטעלען צו

מאַכען וועלכע עס איז הוצאות, ביז די לאַגע מיט דער מלחמה וועט נישט אויפגעקלערט ווערען און מען וועט וויסען צי מען קאָן אונטערנעמען אַזאַ רייזע, בעת די וועלט ברענט. אָבער מיר אַליין האָט דערווייל געביסען די הויט: ווי לאָזט מען דאָס אַדורך אַזאַ אויסערגעוויינליכע געלעגענהייט? אורלויב האָב איך באַקומען, שיפס־קאַרטען אויף דער רייזע זיינען שוין דאָ און אַן אַדערויף ליגט שוין אויך אין באַנק — טאָ פאַרוואָס זאָל איך טאַקע נישט פאָרען?

דער געדאַנק וועגען דער רייזע האָט מיר קיין רו נישט געגעבען. ער האָט אָנגעצונדען מיין פאַנטאַזיע און האָט מיך ממש פאַרפאָלגט בייטאָג און ביינאַכט. ווי עס פירט זיך ביי מענשען, האָט דאָ געהאַט אַ גרויסע ווירקונג דער פאַקט, וואָס אויבער־קאַנטאָר סיראָטע איז שוין געווען אין אַמעריקע, און ווי איך האָב געהערט, האָט ער געהאַט גרויס דערפאָלג. די קנאה האָט זיך אויפגעוועקט אין מיר: פאַרוואָס זאָל איך אויך נישט פרואווען מיין מזל? מיט וואָס בין איך ערגער פון אים? פאַרוואָס קומט מיר נישט אויפצוטרעטען פאַר די אַמעריקאַנער אידען?

און איך האָב פעסט ביי זיך באַשלאָסען, אַז נישט געקוקט אויף דעם קריג און דער אומרואיגער לאַגע אין דער וועלט, זאָל איך דאָך טאָן אַלץ, וואָס איך בין נאָר אומשטאַנד, כדי מעגליך צו מאַכען מיין אַרויספאָר קיין אַמעריקע. אַזוי ווי עסטרייך־אונגאַרן איז פאַקטיש געווען אונטער'ן קנעכעל פון דייטשלאַנד, האָט מען געמוזט קריגען אַ דערלויבעניש פון דייטשען שטאַב צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד. נאָך לאַנגע באַמיאונגען און נאָכ'ן אָנווענדען אַן אַ שיעור פראָטעקציע, האָב איך ענדליך אַלס רוסישער בירגער באַקומען אַ דערלויבעניש צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד.

אָבער דאָ האָט זיך אויפגעהויבען אַ ויצעקו פון מיין משפּחה און אויך מצד דער געמיינדע: ס'טייטש, ווי נעמט דאָס אַ מענש און שטעלט איין דאָס לעבען צו פאָרען מעבר לים אין מלחמה־צייט? אַלע האָבען גערעדט, אַז די מלחמה וועט העכסטענס דויערען אַ האַלב יאָר, לוינט נישט צו ריזיקירען און עס איז בעסער צוצוואַרטען דעם האַלבען יאָר און דערנאָך פאָרען. האָב איך שוין גאָרנישט געוואוסט וואָס צו טאָן און בין אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ הינערפלעט.

דערווייל איז זיך די מלחמה געגאַנגען און האָט זיך גענומען פאַרציען שוין נישט אויף חדשים, נאָר אויף יאָרען. דאָס לעבען איז געוואָרען שווערער פון טאָג צו טאָג. די באַגרענעצונגען האָבען זיך געמערט און אַפילו אין דעם מיט ברויט רייכען אונגאַרן, האָט מען צוגעטיילט יעדען איינעם דאָס שטיקעל ברויט אויף קאַרטלעך. פאַר די גרויסע פרעסערס אין אונגאַרן איז דאָס געווען נישט קיין קליינער אומגליק.

אויך איך אין מיין ראָלע אַלס הויז־אייגענטימער האָב געקראָגען צו פילען דעם טעם פון קריג. די רעגירונג האָט פראָקלאַמירט אַ מאָראַטאָריום אויף

דירה־געלט, דאָס מיינט, אַז דעם חוב פאַר׳ן מאַרגעדזש צו די בענק מיט׳ן פּראָצענט האָט מען יאָ געמוזט צאָלען, נאָר די פאַמיליעס, וואָס זייערע מענער אָדער פאָטערס זיינען געווען אויף דער מלחמה, האָבען נישט געדאַרפט צאָלען קיין דירה־געלט. פון מיינע צוויי און פערציג לאָקאַטאָרען, וואָס איך האָב געהאַט אין הויז, זיינען אַכצען באַפרייט געוואָרען צו צאָלען דירה־געלט.

מיין גאַנצע גביר׳ישקייט האָט גענומען פּלאַצען ווי אַ זייפען־בלאָז. וואָס איך האָב פאַרדינט אויף מיין שטעלע האָב איך געמוזט צוטראָגען צום הויז. און אויך די הכנסה פון טעמפּעל איז שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרען. ווער האָט דאָס דעמאָלט דעם קאָפּ געהאַט צו פּראָווען חתונות? אַלע זיינען געווען פאַרנומען מיט איין געדאַנק: וואו קריגט מען אַביסעל פּראָדוקטען? די שטאָטישע מענשען האָבען גענומען לויפען אויפ׳ן דאָרף און געפירט מיט זיך פאַרשידענע שטאָטישע אַרטיקלען, כדי זיי אויסצוטוישען ביי די פויערים אויף עסענוואַרג.

דער קאָפּ איז מיר געווען אַזוי פאַרדרייט, אַז איך האָב ביסלעכווייז גענומען פאַרגעסען אין אַמעריקע, וואָס האָט נאָך דאָ נישט לאַנג אַזוי שטאַרק פאַר־כאַפּט מיין מוח.

# איך ווער אַרעסטירט אין אַן אונגאַרישען קוראָרט

אַזוי זיינען געפלאָסען די וואָכען און חדשים פון דעם ערשטען וועלט־קריג. איך האָב שוין נישט קיין חרטה געהאַט, וואָס איך האָב נישט אונטער־גענומען די ריזיקאַלישע רייזע קיין אַמעריקע, ווייל גאָר אין גיכען איז באַקאַנט געוואָרען, אַז די דייטשען האָבען דערפונדען אַזעלכע אונטערוואַסער־שיפען, וואָס פון אויבען זעט איר זיי נישט, אָבער וועלכע קאָנען אייך אין איין מינוט אַריבערטראַנספּאָרטירען אויף יענער וועלט. די דאָזיגע נייע דערפינדונג פון די דייטשען האָט דעמאָלט אָנגעוואָרפען אַ פחד אויף די מענשען. אַמעריקע איז נאָך נישט געווען אין קריג מיט דייטשלאַנד און עס איז נאָך אַפילו אָנגע־גאַנגען אַ פּאָסט־פאַרקער צווישען די ביידע לענדער, אָבער פאָרען אויפ'ן ים האָבען שוין מענשען מורא געהאַט, און אויך איך האָב אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: אַמעריקע וועט מיר נישט אַנטלויפען. עס לוינט נישט צו ריזיקירען, אַז עס וועט מיך נישט טרעפען דער זעלבער גורל וואָס יונה הנביא...

אין איינעם אַ זומער בין איך אוועקגעפאָרען אין אַ קוראָרט אין די קאַרפּאַטען, וואָס איז נישט געווען ווייט פון דער רוסישער גרענעץ. עס איז געווען די צייט, ווען די רוסען זיינען געגאַנגען פאַראויס און האָבען זיך שוין געפונען נאָענט פון די קאַרפּאַטען־בערג. איך האָב גענומען דאָרט קוילען־זויער בעדער און האָב פאַרגעסען, וואָס עס טוט זיך אין דער גרויסער וועלט. אין דעם זעלבען פלאַץ האָב איך אויך געטראָפען מיינעם אַ פריינט פון בודאַ־פּעסט, פּראָפעסאָר פערענצי, און מיר האָבען צוזאַמען פאַרבראַכט די פרייע צייט אין דעם דאָזיגען פאַרוואָרפענעם אָרט.

אין איין שיינעם פרימאָרגען זיינען צו מיר אין האָטעל־צימער אַריינגע־קומען צוויי זשאַנדאַרמען און האָבען מיר געמאָלדען, אַז איך בין אַרעסטירט. עס האָבען נישט געהאָלפען קיין טענות און מענות און מען האָט מיך אַוועקגע־פירט אויף דער פּאָליציי־סטאַנציע. דאָרט האָט מען אַוועקגעשטעלט לעבען מיר אַ שומר און געהייסען וואַרטען. אַזוי האָב איך אָפּגעוואַרט אַ שעה, און צוויי, און דריי און קיינער האָט אויף מיר קיין אַכט נישט געלייגט.

מיטאַמאָל האָט זיך געעפענט די טיר און עס איז אַריינגעקומען מיין באַקאַנטער פּראָפעסאָר פערענצי, באַגלייט פון אַן עסטרייכישען אָפיצער. ער האָט גענומען פרעגען דעם אָפיצער פאַרוואָס מען האַלט מיך, וואָס איז מיין שולד? אויף דעם האָט דער אָפיצער געענטפערט, אַז דאָס איז אַ „שטאַטס־

געהיימניש״. דער פּראָפעסאָר האָט מיך דאַן געבעטען, אַז איך זאָל אים זאָגען אויף מיין ערען־וואָרט, צו איך פיל זיך אין עפּעס שולדיג, צי פיל איך זיך פאַר־זינדיגט מיט עפּעס. איך האָב געגעבען מיין ערען־וואָרט, אַז איך פיל זיך אומשולדיג ווי אַ ניי־געבוירען קינד. אָבער דאָס האָט ווייניג וואָס געהאָלפען. דער פּראָפעסאָר האָט אָנגעבאָטען יעטוועדע גאַראַנטיע, אַז איך וועל נישט אַנטלויפען, אַבי מען זאָל מיך באַפרייען. ער האָט טעלעפאָנירט קיין בודאַפּעסט צו פאַרשידענע מאַכט־אָרגאַנען און אויך צו מיין געמיינדע. זיי האָבען דאָרט איינגעלייגט וועלטען, אַז מען זאָל מיך אַרויסלאָזען. ענדליך, אַרום צען ביינאַכט, האָט מען מיר געלאָזט וויסען, אַז מען וועט מיך אַרויסלאָזען אונטער דעם באַדינג, אַז איך וועל מאָרגען פרי פאַרלאָזען דעם קוראָרט און קומענדיג קיין בודאַפּעסט וועל איך זיך גלייך מעלדען אין דער דאָרטיגער פּאָליציי.

מען האָט מיר נישט געטרויט אויף׳ן וואָרט, נאָר גלייך אינדערפרי איז געקומען צו מיר אין צימער אַ זשאַנדאַרם און האָט אַכטונג געגעבען, אַז איך זאָל גלייך פּאַקען די זאַכען. אָנקומענדיג קיין בודאַפּעסט, בין איך גלייך אַוועק אויף דער הויפּט־פּאָליציי, וואו דער שעף, וועלכער האָט מיך גוט געקענט, האָט מיר אין גוטען מוט געמאָלדען, אַז עס איז געווען אַ מסירה אויף מיר פון אַ „גוטען פריינט״, און איך האָב זיך נישט וואָס צו שרעקען. די געמיינדע האָט גענומען אויף זיך יעדע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר מיר.

איך האָב זיך נישט געדאַרפט לאַנג אָנשטרענגען כדי אויסצוגעפינען ווער עס איז געווען דער „גוטער פריינט״, וואָס האָט אויף מיר צוגעטראָגען וואו מען דאַרף, אַז איך בין נישט קיין כשר׳ער בירגער. דאָס איז געווען אַ זינגער אין דער בודאַפּעסטער אָפּערע מיט׳ן נאָמען ראָזשאַ, וועלכער פלעגט אויף די ימים נוראים אָנגאַזשירט ווערען דורך דער פאַרוואַלטונג פון דעם טאַבאַק־טעמפּעל, כדי צו זינגען עטליכע סאָלאָס. ווען איך האָב איבערגענומען דעם אַמט, האָב איך די סאָלאָס פון פרעמדע זינגער אָפּגעשאַפט, און פון דעמאָלט אָן האָט ער געטראָגען אַ כעס אויף מיר, און אין דער מלחמה־צייט האָט ער געהאַלטען, אַז איצט איז געקומען די ריכטיגע צייט אין מיר נקמה צו נעמען, ווייל איך בין דאָך עפּעס אַ פיינטליכער, רוסישער בירגער.

מיט יאָרען שפּעטער איז מיר דער דאָזיגער ראָזשאַ ווידער קאַפּויר געקומען. דאָס איז געווען אין ניו־יאָרק. ער האָט פאַרלוירען זיין אָפּערע־שטעלע אין בודאַפּעסט, נאָכדעם ווי בעלאַ קוהן איז פאַרטריבען געוואָרען און אונטער האָרטי׳ס רעזשים האָט מען גענומען פאַרפאָלגען אידען אין אונגאַרן, איבער־הויפּט די, וואָס האָבען פאַרנומען הויכע שטעלעס אין עפענטליכען און קינסט־לערישען לעבען. דער ראָזשאַ איז געקומען קיין אַמעריקע, וואו זיינע אונגאַרישע לאַנדסלייט האָבען איינגעאָרדענט פאַר אים אַ קאָנצערט, כדי ער זאָל האָבען מיט וואָס זיך דורכצושלאָגען די ערשטע צייט. האָט ער זיך דעמאָלט נישט געשעמט צו קומען צו מיר אינאיינעם מיט אַ קאָמיטעט און בעטען מיך, אַז איך זאָל זיך באַטייליגען אין זיין קאָנצערט, כדי צו פאַרזיכערען אַ דערפאָלג.

הגם איך האָב גוט געדענקט זיין מסירה׳לע, האָב איך זיך נישט געמאַכט וויסענדיג און האָב צוגעזאָגט אַרויסצוטרעטען. נאָכ׳ן קאָנצערט האָב איך געהאַט אַ גרויסע סאַטיספאַקציע. ראָזשאַ איז צו מיר צוגעקומען און האָט זיך אין אַלץ מודה געווען: „איך האָב קעגען אייך געזינדיגט״, האָט ער געזאָגט, „און נישט גאָר פיין געהאַנדעלט. ביטע, פאַרגיט מיר! איר זייט אַן ערענהאַפטער מענש מיט אַן איידעלען כאַראַקטער. איך בעט אייך נאָכאַמאָל, זייט מיר מוחל!״

ער האָט דאָ אין אַמעריקע קיין סך נישט אויפגעטאָן און איז אין גיכען געשטאָרבען אַן עלענדער און פאַרלאָזענער.

איין גוטע זאַך האָב איך אויפגעטאָן אין פאַרלויף פון די ביטערע קריגס־יאָרען: איך האָב נישט פאַרנאַכלעסיגט די בילדונג פון מיינע צוויי דערוואַקסענע טעכטער, און איך האָב אַפילו מעגליך געמאַכט, אַז זיי זאָלען ווערען פאָלגע זינגערינס. ביז צום אויסברוך פון קריג, נאָכדעם ווי זיי זיינען פאַרבליבען יתומות, האָבען זיי זיך געפונען אין אַ פּרעכטיגען דייטשען פענסיאָן, וואו זיי האָבען געלערענט אַלגעמיינע בילדונג און שפּראַכען, מוזיק, נייען און אַפילו הויז־ווירטשאַפט. אַלץ איז דאָרט געלערענט געוואָרען מיט דער עכטער דייטשער גרינטליכקייט און פּינקטליכקייט. מיט׳ן אויסברוך פון קריג האָב איך זיי געמוזט ברענגען אַהיים.

אָבער אינגיכען איז מיין ברודער, באַריס, דער געזאַנג־פּראָפעסאָר אַרי־בערגעפאָרען פון ווין קיין בודאַפּעסט, וואו ער צוזאַמען מיט זיין מוזיקאַלישער פרוי האָבען געעפענט אַ געזאַנג־שולע, וואָס האָט גלייך פון אָנהויב אַן געהאַט גרויס דערפאָלג. אויך מיינע צוויי טעכטער זיינען אַריינגעטראָטען אין דער שולע, וואו זיי האָבען געלערענט שטים־בילדונג און געזאַנג און אויך קלאַוויר־שפּילען. די שטימען האָבען זיך ביי זיי ביידען זעהר גוט אַנטוויקעלט. זיי האָבען געענומען איינשטודירען פאַרשידענע לידער, אַריעס און באַלאַדען און האָבען אויך חשק געקראָגען צו אַן אָפּערע־רעפּערטואַר.

אין צייט פון קריג האָבען זיך אין דער אונגאַרישער פּראָווינץ געענומען אַנטוויקלען קליינע אָפּערע־קאָמפּאַניעס, וואָס האָבען געוואַנדערט איבער די שטעט. מיין עלטערע טאָכטער, אַנאַ, האָט באַקומען אַן אַנגאַזשמענט קיין טעמעשוואַר, אין דער דאָרטיגער אָפּערע. אַזוי ווי מיין טאַטע האָט אין זיין צייט אַריינגעהאַקט מיר אין קאָפּ אַריין, אַז אָפּערע איז נישט קיין עסק פאַר אידען, אַזוי האָב איך דאָס איבערגענומען, און ווען עס איז געקומען צו מיינס אַ קינד, האָב איך נישט געהאַט קיין גרויסען חשק איינצושטימען אויף דעם. אָבער דאַך זיינען דאָס שוין געווען אַנדערע צייטען, און די גרויסע שטאָט בודאַפּעסט איז דאַך נישט געווען מער דאָס פּיצעלע כאַנאַראַד, האָב איך נישט געפונען פאַר מעגליך צו שטערען איר קאַריערע. פאַקטיש זיינען די פּראָווינצער אָפּערעס געשטאַנען אויף אַ גענוג הויכען ניוואָ, און די קינסטלער, וואָס זיינען אין זיי אויפגעטראָטען האָבען דאָס באַטראַכט ווי אַ בריק צו זייערע שפּעטער־דיגע דערפאָלגען אין די אָפּערעס פון די הויפּט־שטעט.

דערװײל האָבען געקומען דערגרייכען צו אונז קיין אונגאַרן ידיעות װעגען דעם שרעקליכען חורבן פון אידישען לעבען אין רוסלאַנד, דער עיקר אין ליטע און פוילען, פון װאַנען די צאַרישע גענעראַלען האָבען אין איין נאַכט געהייסען אַרויסטרייבען די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג. פון דורות איינגעזעסענע אידען האָבען געמוזט נעמען די פעקלעך אויף די פּלייצעס און װערען נע ונד, װאַלגערען זיך מיט קליינע קינדער איבער װעגען און שטעגען, זוכענדיג אַן אָרט װאו דעם קאָפּ אָװעקצולייגען. פאַרשטייט זיך, אין פאַרגלייך מיט דעם מערדערישען אומברענגען פון מיליאָנען פון אונזערע ברידער דורך די דייטשען אין דער צװייטער װעלט־מלחמה, זיינען די ליידען פון די רוסישע אידען אין ערשטען װעלט־קריג געװען נישט מער װי אַ קינדער־שפּיל. אָבער צו יענער צייט, װען די טײװלאָנישע קאַלך־אויװענס זיינען נאָך נישט געװען דערפונדען, האָבען זיך די ידיעות װעגען די ליידען פון די רוסישע אידען צוליב דער מלחמה שנעל פאַרשפּרייט איבער דער װעלט און אַרויסגערופען גרויס טרויער און מיטגעפיל פאַר די ליידענדע.

די עסטרייכיש־אונגאַרישע אידישע געמיינדעס, אויף װיפיל זיי האָבען געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען אַרויסצוהעלפען זייער רעגירונג אין פירען דעם קריג, האָבען זיי אָבער אויך נישט פאַרנאַכלעסיגט צו טראָגען הילף צו די אידען אין יענע ערטער, װאָס זיינען באַפרייט געװאָרען דורך די דייטשע און עסטרייכישע אַרמייען. און די דאָזיגע הילף איז גערען אָנגענומען געװאָרען פון די אידען, װייל דער האַס צו רוסלאַנד איז געװען טיף איינגעבאַקען אין אַלע אידישע הערצער, און די דייטשען זיינען — װי מאָדנע דאָס זאָל היינט נישט קלינגען אין אונזערע אויערען — אומעטום אויפגענומען געװאָרען דורך די אידען, װי אמת׳ע באַפרייער.

אין גיכען איז אויך מיר באַשערט געװען צוצולייגען אַ האַנט צו לינדערען מיט מיינע אָרעמע כחות, די שמערצען פון די אידען, װאָס זיינען באַפרייט געװאָרען פון דעם רוסישען יאָך און האָבען זיך געפונען אין דעם געביט, װאָס איז געװען אונטער דייטשער מיליטערישער פאַרװאַלטונג. איך האָב זיי נישט געבראַכט קיין ברויט און אַנדערע שפּייזען, אין װעלכע זיי האָבען זיך אַזוי דרינגענד גענויטיגט, װייל איך האָב דאָס אַליין נישט פאַרמאָגט. דערפאַר האָב איך זיי געבראַכט די אור־אַלטע אידישע תפילה, דאָס געזאַנג פון מיין האַרצען, װאָס האָט זיי געשטאַרקט גייסטיג און צוגעגעבען מוט און כח איבער־צוטראָגען די ליידען, װאָס זיינען זיי נאָך פאַרגעשטאַנען.

# דער דייטשער גענעראַל־שטאַב לאַדט מיך איין אויף אַ קאָנצערט־טורנע פאַר די אידען אין די באַזעצטע געביטען

דאָס איז געווען אין אָנהויב יאַנואַר פון יאָר 1917, ווען דער קריג האָט געפלאַקערט אין זיין גאַנצען פאַרנעם. איינמאָל קריג איך אַ בריוו פון דער קאַנצעלאַריע פון דייטשען גענעראַל־שטאַב אין בודאַפּעסט, אין וועלכען איך ווער געבעטען זיך צו מעלדען אין אַ באַשטימטער שעה. ווען ווען וואָס עס האַנ־דעלט זיך, האָט מען נישט געשריבען. קאָן מען זיך שוין אָנשטויסען, ווי הענט און פיס האָבען מיר געמען ציטערען. ווער וויס, האָב איך מיר געטראַכט, וואָס פאַר אַ פרישען חטא איך בין שוין ווידער באַגאַנגען און וואָס פאַר אַ פרישע צרות עס דערוואַרטען מיך.

איך האָב מיך געשטאַרקט, צוזאַמענגענומען אַלע מיינע כחות און בין אַוועק אין דער דייטשער קאַנצעלאַריע. נאָר אויפ׳ן וועג האָב איך געהאַלטען פאַר נויטיג אָפּצוטרעטען ביי מיין פריינט בעהם און בעטען אים, אַז ער זאָל מיטגיין מיט מיר. מאַלע וואָס עס קאָן געשען מיט מיר, זאָלען כאָטש אידען וויסען וואו איך בין אַהינגעקומען. מיר האָבען אָפּגערעדט, אַז ער וועט וואַרטען אינדרויסען פאַר דער קאַנצעלאַריע, און אויב איך וועל נאָך אַ באַשטימטער צייט נישט אַרויסקומען, וועט ער דאַן אַריין אינעווייניג און אויסגעפינען וואָס מיט מיר איז געוואָרען.

אינעווייניג, אין דער דייטשער מיליטערישער פאַרוואַלטונג, האָט מען מיך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטען און עס האָט מיך אויפגענומען אַ הויכער אָפיצער. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען, צו הייסען מיר זיך אַנידערזעצען. דאָס האָט מיך אַביסעל באַרואיגט, ווייל וואָלטען זיי מיך גערופען ווי אַ פאַרברעכער, וואָלטען זיי נישט געווען צו מיר אַזוי העפליך. דאַן האָט זיך אָנגעהויבען אַ לאַנגע סעריע מיט פראַגעס. דאָס ערשטע: וואָס פאַר אַ בירגער איך בין, ווי לאַנג איך וואוין שוין אין בודאַפּעסט, ווי אַזוי באַצי איך זיך אַלס רוסישער בירגער צו דער עסטרייך־אונגאַרישער רעגירונג.

דער לענגסטער געשפּרעך איז געפירט געוואָרען אַרום דער פראַגע, ווי אַזוי איך באַצי זיך אַלס רוסישער איד צו מיין רוסישער רעגירונג, צי בין איך אַ רוסישער פאַטריאָט און ווי אַזוי קוק איך אויף דעם פאַקט, וואָס דייטשלאַנד באַפרייט דאָרט מיינע ברידער, וועלכע האָבען געליטען אונטער דעם רוסישען יאָך. דאָ האָט זיך שוין געפאָדערט אַ געוויסע דאָזע פון דיפּלאָמאַטיע

צו פאַרמולירען די ריכטיגע ענטפערס, ווייל איך האָב נאָך אַלץ נישט געוואוסט צו וואָס אָט דער דייטש צילט.

ענדליך האָט ער זיך אָנגעהויבען צו באַרימען פאַר מיר, ווי די דייטשע מיליטערישע מאַכט אין די פאַרנומענע געוועזענע רוסישע געביטען באַהאַנדעלט די אידען, אַז זי באַטראַכט זיי נישט פאַר קיין רוסען, נאָר גיכער פאַר קרבנות פון דער רוסישער אונטערדריקונג; אַז זי העלפט אַרויס די אידישע באַפעלקערונג מיט וואָס נאָר זי קאָן: קיין סך ברויט האָט דייטשלאַנד אַליין נישט צו געבען, אָבער דערפאַר קולטור — וויפיל דאָס האַרץ גלוסט.

און אָט צוליב דער קולטור האָט ער מיך דאָס טאַקע געלאָזט רופען. און ער דערציילט מיר, אַז די דייטשע מיליטערישע אויבער־קאָמאַנדע האָט דערהאַלטען אַן אַ שיעור ביטעס פון אידען אין מינסק און אין האָמעל, אין ווילנע און אין שאַוולע און פון צענדליגער אַנדערע שטעט, אַז אַזוי ווי עס דערנענטערט זיך דער יום־טוב פסח און די נויט צווישען דעם גרעסטען טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג איז זעהר גרויס, מען דאַרף באַזאָרגען אידען מיט מצות אויף פסח און די קהל'שע קאַסע איז פוסט, בעטען די דערמאָנטע קהילות, אַז די דייטשע מאַכט זאָל זיי דערלויבען אַראָפצובריינגען דעם באַרימטען אויבער־קאַנטאָר זאַוועל קוואַרטין אויף אַ צאָל קאָנצערטען און שבתים, כדי פון דער הכנסה, וואָס די קאָנצערטען וועלען געבען, זאָל מען קאָנען באַשפייזען די אָרעמעלייט.

דערהערט אַזעלכע דבורים, איז מיר אַ שטיין אַראָפּ פון האַרצען. ערשטענס, נעם איך אָפּ אַ גרוס פון מיינע אַלטע, טייערע אידישע שטעט. איך הער, אַז זיי לעבען, ברוך השם, נאָר זיי מאַטערען זיך, און זיי גלויבען נאָך אַלץ, אַז אַ חזן, וואָס וועט אַראָפּקומען צו זיי מיט אַ זעקעל אידישע תפילות, וועט באַווייזען דעם נס און אָנפילען די קהל'שע קאַסע, אַז קיין שום איד זאָל, חלילה, נישט בלייבען אָן מצה אויף פסח. צווייטענס, האָט עס מיר שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס זיי בעטען דווקא מיך, הייסט עס, אַז איך בין זיי דאָך געבליבען אין זכרון און אַז די גרוילען פון קריג האָבען נישט געהאַט קיין ווירקונג, אַז זיי זאָלען מיך פאַרגעסען.

איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט און האָב דערקלערט, אַז איך וועל נישט צעגערען קיין איין מינוט, כדי נאָכצוקומען דעם פאַרלאַנג פון מיינע ליידענדע ברידער און פון דער דייטשער מיליטערישער מאַכט, וואָס איז אַזוי פריינטליך צו וועלען באַזאָרגען די אידען אין די אָקופּירטע געביטען אַפילו מיט אַן אויבער־קאַנטאָר אַזש פון דעם ווייטען בודאַפּעסט. נאָר פריער, פאַרשטייט זיך, דאַרף איך באַקומען אַ דערלויבעניש פון מיין געמיינדע אונטערצונעמען די רייזע.

„דאָס", האָט ער מיך באַרואיגט, „וועט שוין באַזאָרגען די דייטשע מאַכט". די זעלבע מאַכט וועט מיר אויך צושטעלען אַ מיליטערישען „פאַסיר־שיין", וואָס וועט מיר מעגליך מאַכען פריי זיך צו באַוועגען אין די מיליטערישע

געביטעז און צו געניסען פון יעטווידען שוץ, אין וועלכען איך וועל זיך נאָר נויטיגען.

עס איז מיר געווען זעהר אָנגענעם דאָס אַלץ אויסצוהערען, און איך בין אַוועק צו מיין פּרעזידענט אים מיטצוטיילען וועגען דער ווענדונג פון דער דייטשער מיליטערישער מאַכט. ווען איך בין צו אים אַריינגעקומען, האָט ער שוין געוואוסט פון דער גאַנצער געשיכטע, ווייל דער זעלבער הויכער אָפיציר האָט אים גלייך אָפּגערופען טעלעפאָניש און, פאַרשטייט זיך, אַז עס האָט קיין שום רייד נישט געקאָנט זיין, אַז די געמיינדע זאָל נישט דערפילען די ביטע פון דער דייטשער מאַכט. זיי האָבען זיך געקאָנט אָמפּערען מיט מיר וועגען מיין געפּלאַנטער רייזע קיין אַמעריקע, אָבער נישט ווען דאָס דייטשע „מלכות" אַליין האָט וועגען דעם געבעטען.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די גאַנצע אידייע, אַז מען זאָל מיך איינלאַדען אין קריגס־צייט אין די אַלע אידישע שטעט אויף קאָנצערטען, איז געקומען פון מיין פריינט, דעם באַרימטען דיריגענט, לעאָ ליאָוו. ער האָט אין די מלחמה־יאָרען, צוזאַמען מיט די חזנים סיראָטע און הערשמאַן, געוואוינט אין דייטשען באַזעצטען געביט, און ער איז אַ לאַנגע צייט אַרומגעפאָרען מיט זיי אויף קאָנצערטען. ווען זייער טורנע האָט זיך געענדיגט, האָט ער פאָרגעלייגט די אידען אין די אַלע דערמאָנטע שטעט, אַז עס וואָלט גוט געווען אַראָפּצוברענגען דעם חזן קוואַרטין, וועלכער איז שוין עטליכע יאָר נישט געווען אין די שטעט, און אַז זיין קומען וועט זיכער אַריינברענגען געוואַלדיגע הכנסה אויף צו באַפרידיגען די גרויסע נויט־באַדערפעניש פון די אידישע שטעט.

פאַר'ן אַרויספאָרען האָב איך זיך נאָך אויסגערעדט מיט דער דייטשער מאַכט צוויי פּונקטען: אַז די דערלויבעניש זאָל געגעבען ווערען פאַר מיר מיט מיין טאָכטער, וועלכע וועט זיך אויך באַטייליגען אין די דערמאָנטע קאָנ־צערטען; און צווייטענס, אַז איך מוז פאַרטיג ווערען מיט מיין טורנע צוויי וואָכען פאַר פּסח, כדי איך זאָל באַוויזען צוריקצוקומען צו מיין געמיינדע אויף יום־טוב. זיי האָבען מיך באַזאָרגט מיט אַלעם נויטיגען און איך בין מיט מזל אָפּגעפאָרען אין מיינע אַלטע, גוט־באַקאַנטע מקומות, איבער וועלכע עס איז געהאַט אַריבער דער שטורעם פון דער מלחמה.

פריער נאָך, פאַר'ן אַרויספאָרען, האָב איך אָנגעשריבען צום דיריגענט ליאָוו, צי ער וועט מסכים זיין מיט מיר אַרומצופאָרען, אַזוי ווי ער האָט דאָס געטאָן מיט די חזנים סיראָטע און הערשמאַן; איך האָב אים אויך געבעטען, אַז ער זאָל צוזאַמענשטעלען אַ כאָר, אויף וויפיל דאָס איז מעגליך אין די געגעבענע באַדינגונגען, און אַז ער וועט דאַרפען אויך באַגלייטען מיין טאָכטער אויף דער פּיאַנאָ.

צום ערשטען קאָנצערט האָב איך זיך מיט ליאָוו'ן געטראָפען אין ביאַלי־סטאָק, וואָס איז שטענדיג געווען אַ לעבעדיגע אידישע שטאָט מיט אַ גרויסער אידישער אינטעליגענץ. באַלד דערנאָך זיינען מיר אַוועקגעפאָרען קיין מינסק,

וואו מיר האָבען געהאַט צוויי קאָנצערטען אין גרויסען טעאַטער און אַ שבת אין דער גרויסער שוהל, וואו קאַנטאָר לעווינסאָן איז געשטאַנען. סיי דער מאַראַלישער און סיי דער מאַטעריעלער דערפאָלג פון די דאָזיגע קאָנצערטען איז געווען זעהר גרויס. דער טעאַטער־זאַל איז אַ חוץ פון אידען געווען פול אויך מיט הויכע דייטשע מיליטער־לייט.

איך מוז דאָ דערציילען אַ מעשה, ווי אַזוי אַ גבאי פון אַ שוהל פון אַ שטעטעל לעבען מינסק האָט מיך דווקא געוואָלט אַריינכאַפּען מיט אַ פּאָר הונדערט רובעל אין מלחמה־צייט, און איך האָב באַשלאָסען פאַר יעדען פּרייז זיך נישט צו לאָזען. אין איין שיינעם טאָג האָט זיך צו מיר קיין מינסק געמאָלדען אַ קאָמיטעט פון אַ מינסקער פאָרשטאָט, אַז איך זאָל דאַוונען ביי זיי אַ מעריב און אויך געבען אַ קאָנצערט מיט'ן אָנטייל פון מיין טאָכטער. מיר האָבען אָפּגערעדט דעם פּרייז אויף פופצען הונדערט רובעל, אָדער דייטשע מאַרקען, וואָס זיינען דעמאָלט געשטאַנען אין איין פּרייז. זיי האָבען מיר געגעבען 500 רובעל האַנט־געלט און די רעשט האָבען זיי געדאַרפט צוצאָלען עטליכע טעג פאַר'ן קאָנצערט.

איך בין דערווייל אַוועקגעפאָרען קיין האָמעל, וואו אידען האָבען פּשוט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט מיר פאַר גדולה. מען האָט מיך ממש אויף די הענט אַרויסגעטראָגען פון זאַל. פון דאָרטען קיין באָברויסק און דאַן קיין באָריסאָוו. און אומעטום די זעלבע סצענעס: באַגייסטערטע אידען, וואָס האָבען נישט מיט וואָס אַ טאָג איבערצולעבען, אָבער ווען עס קומט צו אידישער נגינה, צו אַ שטיקעלע חזנות, צו יענע אַלטע תפילות, וואָס רירען דאָס האַרץ און טראָגען אַריבער אין אַנדערע וועלטען — דעמאָלט איז מען גרייט זיך אָפּצוזאָגען פון דעם לעצטען און קויפען דעם בילעט, אַבי נישט פאַרשעמט צו בלייבען און צו הערען דעם חזן, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון אַזעלכע ווייטע מדינות.

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען קיין מינסק, האָב איך גענומען וואַרטען אויף די אידען פון דער פאָרשטאָט, וועלכע האָבען מיר געדאַרפט צוטראָגען די טויזענט קערבלעך, כדי איך זאָל ביי זיי אַרויסטרעטען מיט אַ שבת'דיגען דאַוונען און מיט אַ זונטאָגדיגען קאָנצערט. צוויי טעג האָט מען קיינעם נישט געזען. איך האָב זיך דערווייל מיט ליאָוו'ן און מיט דעם דילעטאַנטען־כאָר, וואָס מיר האָבען געהאַט אין אונזער רשות, צוגעגרייט צו דאַוונען דעם שבת. די שוהל איז געווען איבערגעפּאַקט. טויזענטער אידען האָבען זיך געשטופּט און מען האָט געמוזט אַרויסרופען פּאָליציי צו האַלטען אָרדענונג.

זונטאָג אינדערפרי האָט זיך געיאָוועט דער גבאי און האָט געבראַכט נאָר 400 מאַרק. דאָס איבעריגע, האָט ער געזאָגט, וועט ער צוברענגען אין אָווענט פאַר'ן קאָנצערט. איך האָב גלייך געזאָגט צו ליאָוו'ן און צו מיין טאָכטער, אַז דער איד געפעלט מיר עפּעס נישט, ער זוכט מיך דאָ אַריינצוקריגען מיט די עטליכע הונדערט רובעל, אָבער איך האָב באַשלאָסען מיך נישט צו לאָזען.

װען מיר זײַנען געקומען צו דער שוהל, װאו דער קאָנצערט איז פֿאָרגעקומען, האָבען מיר זיך נישט געקאָנט דורכשטופּען, אַזאַ געדראַנג פֿון מענשען איז געװען. דער גבאי קומט צולױפֿען אַ פֿאַרסאַפּעטער און בעט מיך ממש מיט טרערען: „הער קװאַרטין, דאָס פּובליקום איז שױן אומגעדולדיג, גײט דערװײל אַרױס זינגען. װי נאָר איך װעל פֿאַרטיג װערען מיט דער אָפּרעכענונג פֿון דער קאַסע, אַזױ קום איך אַרונטער צו אײַך בײַם ערשטען אַנטראַקט און דערלאַנג די רעשט געלט, זעקס הונדערט רובעל״.

עפּעס האָב איך דערקענט, אַז דאָס זײַנען גנב׳ישע רײדעלעך, און איך האָב דערקלערט דעם אידען, אַז איך װעל נישט אַרױסגײן זינגען, ביז מען װעט מיר גלײך נישט אַרײנטראָגען די זעקס הונדערט רובעל. דערװײל האָט מען אין שוהל גענומען קלאַפּען און שטורמען, אַז דער קאָנצערט זאָל זיך שױן ענדליך אָנהױבען. און ביז װאָס װען איז דער גבאי אײנגאַנצען פֿאַרשװאונדען געװאָרען. דער טומעל איז געװאָרען נאָך גרעסער, דער עולם איז דערװײל געװאױר געװאָרען װעגען װאָס דאָ האַנדעלט זיך. מען האָט געשיקט צו מיר דעלעגאַציעס, אַז זײ זײַנען גאָרנישט שולדיג, זײ האָבען באַצאָלט פֿאַר די בילעטען, און אױב איך װיל נישט זינגען, זאָל איך זײ צוריקצאָלען דאָס געלט.

ענדליך איז מען דורכגעקומען, אַז איך װעל אַרױסטרעטען בלױז אין ערשטען טײל, דאָס הײסט, איך װעל דאַװענען מעריב, און פֿאַר דער צײט װעט מען דערװײל פּרואװען אױפֿזוכען דעם גבאי, װאָס האָט זיך באַהאַלטען מיט די צוגענומענע פֿאַר רובעל. װען איך האָב אָפּגעדאַװענט און דער עולם איז געװען װילד פֿון ענטוזיאַזם, איז דער גבאי נאָך אַלץ נישט געװען. איך האָב דאַן קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז אין צװײטען טײל װעל איך נישט זינגען, ביז מען װעט מיר נישט באַצאָלען װאָס מיר קומט.

די געװאָלדען און געשרײען זײַנען דערגאַנצען ביז׳ן הימעל, אָבער איך האָב מיך געהאַלטען בײַ מײַנס. דאַן האָבען זיך געפֿונען פֿאַרשױנען, װאָס האָבען אַראָפּגעבראַכט דעם רוסישען פּריסטאַװ, װעלכער האָט אונטער דער השגחה פֿון די דײטשען געהאַלטען „אָרדענונג״ אין שטאָט, אַז ער זאָל מיך צװינגען צו זינגען. און דער פּריסטאַװ האָט טאַקע געדונערט: „יאַ װאַם פּריקאַזיװאַיו פּיעטי!״ (איך באַפֿעל אײַך צו זינגען!).

דאָ בין איך שױן גוט אין כעס געװאָרען, האָב זיך דערמאָנט אין דעם פּאַפּירעל פֿון דער דײטשער מאַכט, װאָס איך האָב געהאַט אין קעשענע און אין װעלכען עס איז געשטאַנען, אַז מען זאָל מיר אױף מײַן רײזע געבען יעטװידען שוץ, און האָב דעם פּריסטאַװ געגעבען צו פֿאַרשטײן, אַז אױב ער װעט זיך נישט באַרואיגען, װעל איך אים איבערענטפֿערען צו די דײטשען און ער װעט זיך אױסשטײן אַ שװאַרץ יאָר. אַנשטאָט מיר צו געבען באַפֿעלען און דראָען מיט אַרעסט, זאָל ער בעסער אַרױסשיקען עטליכע פּאָליציאַנטען

און ברענגען דעם פֿאַרשוואונדענעם גבאי, וואָס האָט פֿאַרכאַפּט פּרעמד געלט און דערמיט פֿאַרשוואונדען.

ווייזט אויס, אַז דער פּריסטאַוו איז טאַקע נישט געווען קיין נאַר. ער האָט מיך געפֿאָלגט, האָט אָװעקגעשיקט עטליכע פּאָליציאַנטען, און אין צוואַנציג מינוט אַרום האָט מען געבראַכט צו שלעפּען דעם גבאי פֿאַר די אויערען. ער האָט נעבעך בחרפּותינו געמוזט אויסליידיגען דעם בייטעל, באַצאָלט ביז אַ גראָשען, און איך האָב בשלום, צו דער אַלגעמיינער צופֿרידענקייט, פֿאַר־ענדיגט דעם קאָנצערט.

נאָכ׳ן קאָנצערט זאָגט צו מיר דער דיריגענט ליאָוו, אַז ער באַוואונדערט מיין קוראַזש אין מלחמה־צייט צו האַנדלען מיט אַזאַ אַנטשלאָסענקייט און נישט לאָזען זיך שפּייען אין דער קאַשע. אַן ענליכער פֿאַל, דערציילט ער, איז זיך פֿאַרלאָפֿען בעת ער איז אַרומגעפֿאָרען מיט סיראָטע׳ן. דעמאָלט איז נישט געקומען קיין פּריסטאַוו, נאָר אַ פּשוט׳ער פּאָליצייסקער. האָט זיך סיראָטע אַזוי דערשראָקען, אַז ער האָט נישט דערנומען קיין פֿינף הונדערט רובעל, האָט שנעל אָפּגעזונגען און איז אַנטלאָפֿען פֿון שטאָט. אויפֿ׳ן וועג האָט סיראָטע געזאָגט צו ליאָוו׳ן: „אז זיי האָבען גאָר קיין שכל נישט, די אידען: און ווען זיי בעטען ביי מיר, אַז איך זאָל זיי נאָך צוצאָלען פֿינף הונדערט רובעל, אַבי נישט אָנצוקוקען קיין פּאָליצייסקען, וואָלט איך זיי דען נישט צוגעצאָלט?״....

# מיין קאָנצערט צווישען חורבות אין דער ליטווישער שטאָט שאַוולע

די ליטווישע שטעט האָבען זיך קיינמאָל נישט אויסגעצייכענט מיט קיין עשירות. מען האָט „אַדורכגעשטופּט" דעם טאָג מיט וואָס גאָט האָט געגעבען, דערפאַר האָט מען אָבער געלערענט תורה געשמאַק, אויפ׳ן קול און פון גאַנצען האַרצען. אין אַזעלכע שטעט ווי ווילנע און קאָוונע האָט דער דלות געפּייפט אין אַלע ווינקעלעך שטענדיג, אין אַלע צייטען, נאָר דאָס איז געווען אַ ליכטיגער דלות, אַ דלות וואָס האָט די מענשען נישט געבראָכען, נאָר זיי איידעלער געמאַכט, לויטערער, ווארום אַ ברירה האָט מען געהאַט? צו וועמען קאָן מען האָבען טענות, אַז די פרנסה איז קאַרג און די קינדערלעך, וואָס פּילען אָן עין הרע אָן די שטוב, קאָן מען נישט געבען אַלץ וואָס זיי בעטען?

האָט מען זיך נישט וויסענדיג געמאַכט, וואָס מען האָט אַביסעלע אונטער־געהונגערט און מען האָט זיך מער אָפּגעגעבען דעם גייסטיגען לעבען. די קלויזען זיינען געווען פול נישט נאָר מיט אַלטע אידען, נאָר אויך מיט דעם מיטעלען קלאַס, מיט די קרעמערס און בעלי מלאכות, וואָס האָבען געגאַרט אַ פּרק „עין יעקב", אַ דרשה פון אַ דורכפאָרענדיגען מגיד, וואו ער האָט מיט פלאַמיגע ווערטער געשילדערט, אַז דאָס גאַנצע מאַטערען זיך אויף דער זינדיגער וועלט איז קיין קאָפּיקע נישט ווערט, און אַז דער עיקר איז זיך אָנצוגורטען מיט אַ סך מצוות און מעשים טובים און נאָך הונדערט און צוואַנציג יאָר אַריינצו־מאַרשירען אין גן עדן, ווי אַ פּרינץ!

ווער רעדט נאָך ווען עס איז אַראָפּגעקומען אין שטאָט אַריין אַ חזן מיט אַ גאָט־געבענטשטער שטימע, וועלכער איז געווען אומשטאַנד מיט זיינע האַרציגע תפילות אַריינצודרינגען אין די פאַרבאָרגענסטע ווינקעלעך פון זייערע הערצער און אַרויסרופען אַ טרער פון אַנטציקונג, — דעמאָלט האָט מען שוין אינגאַנצען פאַרגעסען אין די זינדיגע באַדערפענישען פון דעם טאָג־טעגליכען לעבען, מען האָט אָפּגעשפּאָרט דעם לעצטען גראָשען, אָפּטמאָל דעם ביסען ברויט פון מויל זיך אָפּגענומען און געלאָפען הערען די פאַר׳כישופ׳טע קלאַנגען, וואָס האָבען דערמאָנט אין דעם בית המקדש.

איין אויפטריט מיינעם אין אַזאַ ליטווישער שטאָט וועל איך, דאַכט זיך, נישט פאַרגעסען ביז די לעצטע טעג פון מיין לעבען. דאָס איז געווען ווען אויף

דעם קאָנצערט־טורנע איבער די געוועזענע רוסישע געביטען, וואָס די דייטשע מיליטער־מאַכט האָט פאַר מיר איינגעאָרדענט, האָב איך פאַרבלאָנדזשעט אין דער שטאָט שאַוולע. אָנקומענדיג אין דער שטאָט אַריין, האָבען מיר פאַר זיך דערזען אַ שרעקליך בילד פון צעשטערונג און פאַרוויסטונג. שאַוולע האָט זיך גראָד פאַר דער מלחמה געכעכענט פאַר אַ נגיד'ישער שטאָט צוליב די גרויסע לעדער־פאַבריקען, וואָס זיינען דאָרט געווען.

אָבער ווען מיר זיינען אָהין אָנגעקומען פרילינג־צייט פון יאָר 1917, האָבען מיר קיין איין גאַנץ הויז נישט געטראָפען. מענשען האָבען געלעבט אין די חורבות און אין די קעלערס פון די אַמאָליגע הייזער. די איינגעפאַלענע ווענט מיט די פאַרברענטע קוימענס, וואָס האָבען פון זיי אַרויסגעסטאַרטשעט, האָבען אויף אונז אָנגעוואָרפען אַן אימה. איך האָב אַזוי אַ קוק געטאָן אויפ'ן דיריגענט ליאָוו, וועלכער איז מיטגעקומען מיט מיר, און ער האָט געקוקט אויף מיר, און מיין טאָכטער האָט אונז ביידען אָנגעקוקט, און אַלע האָבען מיר געטראַכט איין געדאַנק: רבונו של עולם, וואוהין האָבען מיר דאָ פאַרבלאָנדזשעט? דאָס איז דאָס דער אמת'ער עולם התוהו! נישט שוין־זשע געפינען זיך דאָ לעבעדיגע מענשען, און נישט שוין־זשע איז דאָ פאַראַן פאַר ווען קאָנצערטען איינצו־אָרדענען און תפילות אָפצוריכטען?

אָבער עס האָט נישט לאַנג גענומען און די שאָטענס האָבען זיך אָנגעהויבען באַווייזען פון די לעכער. איינגעדאַרטע און אויסגעמאָגערטע זיינען זיי טאַקע געווען פון די אַלע מלחמה־איבערלעבענישען, פון דעם נישט דערעסען צו דער זאַט, אָבער דער ברען פון די אויגען איז ביי זיי נישט געווען אויסגעלאָשען, און עס איז גענוג געווען דער קלאַנג, וואָס האָט זיך שנעל פאַרשפרייט צווישען די חורבות, אַז אַ וועלט־חזן איז אַראָפּגעקומען צו זיי פון אויסלאַנד, אַז די „פאַרטריקענטע ביינער" זאָלען ווידער לעבעדיג ווערען.

אָבער וואו גייט מען דאָ זינגען אין אַזאַ חרוב'ער שטאָט, אַז קיין איין גאַנץ הויז איז נישטאָ? ענדליך האָט מען אונז צוגעפירט צו אַן איינגעפאַלען הויז, פון וועלכען קוים צוויי אונטערשטע צימערען זיינען געבליבען גאַנץ. די דאָזיגע צוויי צימערען זיינען געווען דער יחוס פון דער שטאָט. דאָ האָט זיך קהל פאַרזאַמעלט. דאָ האָט מען געדאַווענט מיט אַ מנין אום שבתים און ימים־טובים, און דאָ האָב איך דאָס געדאַרפט מזכה זיין די שטאָטישע אידען מיט מיין נגינה. איך האָב מיך אָפּגערופען צו ליאָוו'ן: „עס טוט מיר שוין באַנג די גאַנצע מעשה מיט'ן קומען אַהער. עס איז דאָך אַ ביטערער רחמנות אויף די אונטערנעמער, וועלכע האָבען אַריינגעלייגט אַזוי פיל געלט אונז אַראָפּצוברענגען, און איצט דראָט זיי, חלילה, צו ברעכען דעם קאָפּ. ווייל ווי איז דאָס מעגליך, אַז די דאָזיגע צוויי שטיבלעך, אַפילו ווען זיי זאָלען זיין איבערפולט, זאָלען דעקען די הוצאות און נאָך אַפילו געבען אַ שטיקעל ריוח אויף צו באַפרידיגען די שטאָטישע הצטרכות'ן?"

אַרויסגעוויזען האָט זיך גאָר אַנדערש. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו

דעם אַמאָליגען „קופּעטשעסקי קלוב", פון וועלכען עס זיינען לעבען געבליבען די צוויי צימערען, איז דער געדראַנג פון מענשען געווען אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבען געמוזט אָנווענדען איבערמענשליכע כחות זיך אַדורכצושלאָגען. וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין די צוויי צימערען, איז גאָר שווער צו שילדערען. מען איז געשטאַנען אויף די קעפּ, און אַ חוץ דעם האָט מען געעפענט די פענסטער און טויזענטער אידען זיינען געווען אויסגעשטעלט אויף די בערגלעך מיט ציגעל אַרום אונזער „קאָנצערט־הויז".

וואו האָבען זיך גענומען אַזוי פיל אידען, אָן עין הרע, האָב איך געטראַכט. בעת מיר זיינען אָנגעקומען אַהער, זיינען מיר געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ שטאָט אַ חורבה און קיין לעבעדיגען מענשען וועלען מיר דאָ נישט געפינען. און דאָ מיטאַמאָל — אַלע קעלערס און אַלע רואינעס האָבען זיך אויפגעעפענט און עס האָבען גענומען שטראָמען טייערע, האַרציגע ליטווישע אידען אין די טויזענטער, וואָס האָבען געטראָגען זייערע גראַשענס פאַר אַ שטיקעלע נגינה, פאַר הערען אַן אַלטע אידישע תפילה, וואָס דערקוויקט דאָס האַרץ און גיט כח אויסצוהאַלטען די ביטערע צייט.

טרערען האָבען מיך געשטיקט אין האַלז, ווען איך בין געשטאַנען אויף די עטליכע ברעטער, וואָס האָבען געדאַרפט דינען אַלס „סצענע". אָבער ווען איך האָב געעפענט דאָס מויל און די ערשטע קלאַנגען האָבען זיך אַ טראָג געטאָן איבער די ענגע שטיבלעך און ווייט אַרויס דורך די אָפענע פענסטער צו די חורבות צו, וואָס זיינען געווען באַהאַנגען מיט מענשען — דעמאָלט האָב איך געקענט באַמערקען ווי די מענשען זיינען בפירוש אַריבערגעטראָגען געוואָרען אין אַנדערע, העכערע וועלטען. וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאַן געהאַט פאַר זיי דאָס ביטערע לעבען אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, דאָס טאָג־טעגליכע פלאָגען זיך פאַר אַ שטיקעל ליימיג ברויט מיט אַביסעל מאַרמאַלאַד אָדער מאַרגאַרין, אַז דאָ איז מען מיטאַמאָל אַוועקגעפלויגען אין אַזעלכע הויכע־נישען, וואו דער קאָפּ האָט פאַרשווינדעלט און מען האָט לחלוטין פאַרגעסען אין דער גרויער ווירקליכקייט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט בין איך אַזוי געשטאַנען און געזונגען פאַר זיי און איך בין גרייט געווען אַזוי צו זינגען ביז אינדערפרי, אויסצוזינגען דאָס גאַנצע האַרץ מיינס, ווייל די מענשען האָבען מיך געפּאַנגען ביז מיינע טיפסטע טיפענישען. איך האָב נישט געוואוסט מיט וואָס זיי אָפּצוצאָלען פאַר זייער ליבשאַפט צו שיינע קלאַנגען, פאַר זייער שטרעבען צו גייסטיגקייט, בעת דאָס רעאַלע לעבען אַרום איז אַזוי שפּל׳דיג, פאַר דער פעהיגקייט זיך אַריבער־צוטראָגען אין אַנדערע, העכערע וועלטען, בעת אין שטוב וואַרטען הונגער, קעלט און נויט, און נישט איין קליין קינד דאַרף זיך לייגען שלאָפען, נישט האָבענדיג דאָס ביסעלע מילך אויף צו שטילען דעם הונגער.

נאָך דעם קאָנצערט האָבען נאָך די שאַוולער אידען געהאַט אין זינען נישט אָפּצולאָזען די הויכע געסט, וואָס האָבען צו זיי פאַרבלאָנדזשעט, עפּעס

סתם אַזוי, נאָר טאַקע מיט אַ פּיינעם באַנקעט, אַזוי ווי זיי האָבען דאָס פאַר־דינט. אמת, מען קאָן בשום אופן נישט פאַרגלייכען יענעם באַנקעט אין שאַוולע אין מלחמה־צייט מיט די באַנקעטען וואָס ווערען היינט געפּראַוועט אין אַמעריקע. אַ פאַרדאַרטער הערינג האָט געוואַנדערט איבער׳ן טיש, אַ פלעשעל בראַנפען האָבען אידען פון ערגעץ געקראָגען, אָבער דערפאַר רעדעס האָט מען געהאַלטען די פייערדיגסטע; קיין שום ווערטער זיינען נישט געווען אומשטאַנד אויסצודריקען וואָס די אידען האָבען געפילט, ווי דאַנקבאַר זיי זיינען געווען, ווען מ׳איז געקומען צו זיי און מ׳האָט זיי פאַרשאַפט אַזוי פיל גייסטיגען נחת רוח.

מיין טאָכטער און איך האָבען זיי נישט געקאַרגט קיין געזאַנג אויך ביי דעם אָרימען מאָלצייט, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַזוי פיל האַרציגקייט, וועלכע איך האָב אפשר שפּעטער אין מיין גאַנץ לעבען מער נישט געטראָפען עפּעס ענליכעס. מיר האָבען געטאַנצט, געשפּילט און געזונגען ביז אין גרויען טאָג אַריין, און מיט די גליקליכסטע געפילען האָבען מיר פאַרלאָזען שאַוולע, וועלכע איז געווען פאַר מיר די פאַרקערפּערונג פון דעם גאַנצען וואונדערליכען ליטווישען אידענטום, ווען עס איז צוגעפאַלען דער טרויעריגער גורל אַזוי אום׳ברחמנות׳דיג פאַרשניטען צו ווערען אין פאַרלויף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ווען איך בין צוריק אַהיימגעקומען אויף פּסח קיין בודאַפּעסט פון דער רייזע איבער דער אַלטער היים, האָב איך געהאַט דאָס זיכערע געפיל, אַז דאָס אידישע לעבען איז טאַקע דאָרט צעשטערט געוואָרען צוליב די געשעענישען פון דער מלחמה, אָבער דער אידישער גייסט איז נישט געבראָכען געוואָרען, און ווי נאָר דער שטורעם וועט אַריבער, וועלען אם ירצה השם אידען צוריק אויפבויען זייער לעבען. ווי אַנדערש האָט עס אָבער אויסגעזען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין וועלכער דער זעלבער דייטש, וועלכער האָט נאָך אין דער ער־שטער וועלט־מלחמה געזאָרגט וועגען גייסטיגער אונטערהאַלטונג פאַר די אידען, האָט זיך דאָס מאָל פאַרלייגט אויף אונזער פאָלק עס צו פאַרניכטען און איינגאַנצען אָפּצומעקען פון דער וועלט.

אין בודאַפּעסט אין 1917 האָט מען שוין געקאָנט באַמערקען, אַז דער דייטש מיט זיין אומגליקליכען שותף, דעם עסטרייכער, גייען צו אַן אומפאַר־מיידליכער מפלה. די טראַנספּאָרטען מיט די פאַרוואונדעטע סאָלדאַטען, וועלכע מיר האָבען געזען פירען אין די טויזענטער איבער די בודאַפּעסטער גאַסען אין די שפּיטאָלען אַריין, האָבען עדות געזאָגט, אַז זיי לעקען דאָרט נישט קיין האָניג אויף די פראָנטען, און אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף. דאָס אַריינקומען פון אַמעריקע אין קריג אַריין אויף דער זייט פון ענגלאַנד און פראַנקרייך האָט אַריינגעגאָסען אַ שטראָם פון גלויבען, אַז די אַלע אומגליקען וועלען זיך איינגיכען ענדיגען און דייטשלאַנד וועט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָנגעלערענט ווערען, אַז זי זאָל נישט זוכען אונטערצוצינדען די וועלט.

# דער מאָראַלישער חורבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

ענדליך האָבען מיר דערלעבט דעם טאָג, ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיגט מיט דער מפּלה פון דייטשלאַנד און אירע פאַרבינדעטע. די לעבעדיג־געבליבענע סאָלדאַטען האָבען אָנגעהויבען אַהיימצוקומען און דאָ האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזען דער גאַנצער מאָראַלישער חורבן, וואָס די פיר יאָר קריג האָבען געמאַכט אין די מענשליכע מוחות און הערצער. עס זיינען נישט געווען מער די זעלבע מענשען; ווילדע, צעיושעטע חיות זיינען אַראָפּגעקומען, וואָס האָבען נישט געוואוסט אויף ווען פריער דעם כעס אויסצולאָזען פאַר זייער צעבראָכען לעבען, פאַר דער צעשטערטער יוגענט, פאַר די צערונענע חלומות, פאַר די חרוב געמאַכטע קאַריערעס, וועלכע זיי זיינען מער נישט אומשטאַנד געווען צו פאַרריכטען.

אַ סך איז מיר אויסגעקומען צו ליידען צוליב מיין צווייטער טאָכטער, קלאַראַ, וועלכע איז אויך אַריינגעטראָטען אין אַ וואַנדערענדער אונגאַרישער אָפּערע און איז סוף כל סוף געבליבען אָפּגעשניטען אין יענעם טייל פון אונגאַרן, וואָס איז פאַרנומען געוואָרען פון די רומענער. אַ לאַנגע צייט האָט איך נישט געוואוסט וואו זי איז אַהינגעקומען. יעדע פאַרבינדונג מיט איר איז געווען איבערגעריסען און מיין פאַרצווייפלונג איז געווען אין לשער. וואָס פאַר אַ פּראָטעקציע איך האָב נישט אָנגעווענדעט, האָב איך קיין זאַך נישט געקענט אויפטאָן. עס האָט גענומען לאַנגע חדשים, ביז איך בין געוואויר געוואָרען, אַז מיין טאָכטער איז ענדליך פריי פון דער רומענישער געפאַנגענשאַפט. זי האָט די גאַנצע צייט געליטען פון עלענדקייט און פון נויט, ווייל די רומענער האָבען די אונגאַרישע אָפּערע צעטריבען און זי האָט נישט געקאָנט פאַרדינען אויף איר אויסהאַלטונג. אָבער איך בין געווען גליקליך, וואָס זי לעבט און האָב געהאָפט, אַז אינגיכען וועט זי ווידער זיין פאַראייניגט מיט מיר.

אונגאַרן האָט דערוויייל געברויזט ווי אַ קאָכעדיגער קעסעל. עפּעס האָט מען געפילט, אַז די לופט איז אָנגעלאָדען מיט שטורעם. מען האָט נאָר נישט געוואוסט, ווען דער שטורעם וועט אויסברעכען און וואָס פאַר אַ פאָרמען ער וועט אָננעמען. דער חורבן, וועלכען די רומענער האָבען אָנגעמאַכט אין יענע טיילען פון לאַנד, וועלכע זיי האָבען פאַרנומען, איז געווען אויסערגעוויינליך. די פאַבריקען זיינען געווען צעשטערט און די מאַשינען אַרויסגעפירט. די תבואות פון די פעלדער זיינען צוגערויבט געוואָרען, די געשעפטען זיינען אויס־

געלײדיגט געװאָרן. דאָס האָט אָנגעפילט די הערצער פון די צוריקקערענדע סאָלדאַטען מיט אַ געװאַלדיקער ביטערקײט, װעלכע האָט געמוזט געפינען אַן אויסלאָדונג.

די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבען שימפען קעגען די מיליטער־לײט, קעגען דער רעגירונג, קעגען די שפעקולאַנטען, װאָס האָבען אָנגערויבט פאַרמעגענס בעת׳ן קריג. די אַרבײטסלאָזיגקײט איז געװאַקסען, און אַנשטאָט צו אַרבײטען, איז מען געגאַנגען אויף מיטינגען, װאו עס האָט זיך װאָס אַמאָל העכער געהערט דער רוף אַראָפצװאַרפען די אַלטע, פאַרפוילטע אָרדענונג, װאָס פירט צו מלחמות. עס איז אַלץ אָפטער געקומען צו צוזאַמענשטויסען צװישען די מאַסען הונגעריגע מיט דער פּאָליצײ. דאָס לעבען איז געװאָרען אומזיכער און עס איז טאַקע נישט געװען װאָס צו עסען אויך, אַ זאַך װאָס מען האָט אין אונגאַרן פריער נישט געפילט.

אַט דאָס איז געװען דער באָדען, אויף װעלכען עס האָט געדאַרפט צושטאַנד־קומען די קאָמוניסטישע איבערקערעניש אין אונגאַרן. אין אַ שײנעם טאָג פון חודש אַפּריל פון יאָר 1919 איז דאָס פאַרגעקומען. עס איז אויפגעשטאַנען אַן אונגאַרישער טראָצקי, מיט׳ן נאָמען בעלאַ קוהן, אויך פון אחינו בני ישראל, װאָס האָט אַראָפּגעװאָרפען די אַלטע אָרדענונג און האָט צוגעזאָגט די מענשען אַ גן עדן אויף דער ערד. קודם כל האָט מען צוגענומען די הײזער, מיט די פאַבריקען, מיט די געשעפטען, און עס איז געװאָרען הפקר אַ װעלט.

אַזוי װי איך האָב אויך געהאַט דאָס אומגליק צו זײן אַ הויז־באַזיצער, האָט מען מיך אין אײנעם טאָג געמאַכט פאַר אויס קאַפּעלוש־מאַכער, און עס איז מיר געבליבען בלויז צו מאַכען אַ שװייג. דער גאַנצער נס איז געװען, װאָס בעלאַ קוהן האָט געקעניגט אין אונגאַרן אַ גאַנץ קורצע צײט, האָט ער געהאַט װײניג געלעגענהײט צו מאַכען, אַז דער חורבן זאָל זײן אַ פולשטענדיגער. דאָך די צרות, װאָס די מענשען זײנען זיך אויסגעשטאַנען, דער הונגער און די נויט און דער אומזיכערער מאָרגען האָבען פאַר׳סמ׳ט דאָס לעבען.

נאָך אַ קורצען קעניגען פון דרײ חדשים צײט האָט בעלאַ קוהן געמוזט עוקר זײן פון לאַנד און זײן אָרט האָט פאַרנומען די פינסטערע רעאַקציע, װעלכע איז געװען פאַרקערפּערט אין דעם אונגאַרישען אַדמיראַל האָרטי. מען האָט אָנגעהויבען דורכפירען אַרעסטען אויף רעכטס און לינקס, און דעם גאַנצען כעס האָט מען, װי עס פירט זיך, אויסגעלאָזט צו דעם ביסעל אידען. זײ האָבען געמוזט באַצאָלען דעם בלוטיגען חשבון, װעלכען עס האָט אויסגעשטעלט בעלאַ קוהן. אַ כװאַליע פון פּאָגראָמען האָט זיך צעפלאַקערט איבער גאַנץ אונגאַרן. קײן שום איד איז נישט געװען זיכער מיט זײן לעבען. אַלע האָבען געמוזט זײן פאַראַנטװאָרטליך פאַר די פּאָר אידען, װאָס זײנען געזעסען אין בעלאַ קוהנ׳ס קאַבינעט.

אין „אַנטײלנעמער" אין דער קאָמוניסטישער איבערקערעניש, װאָס האָט באַלאַנגט צו מײן משפּחה, מוז איך דאָ באַשרײבען. דאָס איז געװען מײנע

א ווייטע קרובה, וועלכע דער טאַטע פון כאַנאַראַד האָט מיר נאָך מיט יאָרען צוריק איבערגעשיקט, אַז זי זאָל אַרויסהעלפען מיין פאַרשטאָרבענער פרוי אין דערווירטשאַפט. זי איז געווען כמעט נאָך אַ קינד, ווען איך בין געגאַנגען צו דער באַן זי באַגעגענען. אַן אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, האָב איך זי אַריינגענומען צו אונז אין הויז אַריין, וואו מיט׳ן גאַנג פון די יאָרען איז זי געוואָרען אַ גאַנצער מענש, האָט אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר גראָשען אין באַנק און האָט זיך שוין אַפילו באַקענט מיט אונגאַרישע בחורים, מיט וועלכע זי פלעגט פון צייט צו צייט אַרויסגיין.

ווען נאָכ׳ן דורכפאַל פון דער מלחמה האָט זיך די לופט אנגעפילט מיט פולווער און אַלע אָנגעשטעלטע און דינסטען האָבען אויפגעהויבען די קעפּ, גרייטענדיג זיך איבערצונעמען די הייזער און געשעפטען פון זייערע געוועזענע בעלי־בתים, האָט זיך אויך מיין קרובה אָנגעשטעקט מיט דער זעלבער קרענק און אונטער׳ן איינפלוס פון אירע באַקאַנטע יונגעליייט האָט זי גענומען טענה׳ן צו מיר, ווי צו אַן עקספּלואַטאַטאָר, אַן אויסנוצער, מיט וועמען מען דאַרף „קעמפען״, פאַרגעסענדיג אינגאַנצען, אַז דאָס האָט זי מיר צו פאַרדאַנקען, וואָס איך האָב זי אַרויסגענומען פון דעם וויסטען עק כאַנאַראַד און געבראַכט זי אין דער גרויסער וועלט אַריין.

דער סוף איז געווען, אַז זי איז צוגעשטאַנען צו דער „באַוועגונג״. פאַר־לאָזענדיג מיין הויז. אַ לאַנגע צייט האָב איך נישט געוואוסט וואו זי איז אַהינגע־קומען. ווען בעלאַ קוהן איז אַראָפּגעוואָרפען געוואָרען און עס זיינען געקומען די יאָרען פון רעאַקציע, האָט זי זיך אַ לאַנגע צייט אויסבאַהאַלטען. ענדליך האָט זי זיך דערמאָנט אין מיר, דער ווייטער משפּחה, וועמען זי האָט מיט חרפּות און בזיונות פאַרלאָזען אין אַ קריטישען מאָמענט, און זי האָט אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר. זי האָט צוזאַמען מיט איר „חתן״, אַן אַקטיווען קאָמוניסטישען טוער, געזוכט שוץ אין מיין הויז.

איך האָב דאָס פאַרעל ביי זיך אויסבאַהאַלטען אַ לאַנגע צייט, און ווען דאָס געיעג נאָך געוועזענע קאָמוניסטען האָט זיך אַביסעל איינגעשטילט, האָב איך זיי טאַקע ביי מיר אין הויז חתונה געמאַכט. שפּעטער מיט יאָרען האָט זיי מיין עלטערע טאָכטער אַריבערגענומען קיין אַמעריקע, וואו זיי לעבען אין נחת און אין פריידע, און האָבען שוין אַפילו צוויי זין אין דער אַרמיי.

ביטערע צייטען זיינען דאָס געווען אין אונגאַרן נאָך דער מלחמה, סיי ווען דער קאָמוניסטישער טעראָר האָט געבושעוועט, און סיי שפּעטער, ווען דער ווייסער טעראָר האָט נקמה גענומען פאַר דעם רויטען טעראָר. שוין נישט רעדענדיג וועגען דער מאַטעריעלער פאַראָרעמונג, ווען איך האָב געהאַט פאַר־לוירען דאָס גאַנצע פאַרמעגען, וואָס כ׳האָב געהאַט אָנגעקליבען פאַר די פולע גוטע יאָרען, נאָר די גייסטיגע אַטמאָספערע איז געווען אַזאַ, אַז דאָס לעבען איז נמאס געוואָרען. אויך מיין געמיינדע פון דעם אַמאָל רייכסטען טאַבאַק־טעמפּעל איז געווען שטאַרק פאַראָרעמט און איז געווען אַן אמת׳ער יורד. די

ווירטשאַפטליכע רואינע פון די טעמפּעל־מיטגלידער האָט זיך אָפּגעשפּיגעלט אויף דעם טעמפּעל אַליין.

עס איז געווען דער פאַרצווייפעלטסטער פּעריאָד פון מיין לעבען און איך האָב נישט געוואוסט פון וואַנען די ישועה וועט קומען. נאָר אָט, אינגאַנצען אומגעריכט, איז זי געקומען אין דער געשטאַלט פון אַ בריוו פון אַמעריקע. דער פאַרקער האָט אָנגעהויבען ווערען צוריק נאָרמאַל צווישען די פאַרשידענע וועלט־טיילען, און צום סוף פון יאָר 1919 האָט זיך אָפּגערופען מיין אַמעריקאַנער קוזין, אַברהם קוואַרטין. ער האָט מיר דערמאָנט אונזער אַלטען אָפּמאַך פון פאַר דער מלחמה וועגען אַ טורנע פון דרייסיג קאָנצערטען און שבתים אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע פאַר אַ פּרייז פון דרייסיג טויזענט דאָלער, וואָס איז נישט צושטאַנדגעקומען בלויז דערפאַר, ווייל די מלחמה איז אויסגעבראָכען.

כמעט אין דער זעלבער צייט האָב איך דערהאַלטען נאָך אַ בריוו פון הער טאָוב, וועלכער איז געווען צווייטער קאַנטאָר ביי יאָסעלע ראָזענבלאַט. ער האָט מיך אויך געוואָלט האָבען אויף אַ טורנע פון פופצען ביז צוואַנציג קאָנצערטען, און ער האָט מיך אָנגעפרעגט וואָס עס וועלען זיין מיינע באַדינגונגען. אָט די צוויי בריוו זיינען געווען פאַר מיר ווי אַ ליכטיגער שטראַל אין אַ געדיכטער פינסטערניש. הייסט עס, אַז די וועלט איז ווידער וועלט און אַז מענשען געדענקען מיך נאָך און מען דאַרף נישט אַראָפּפאַלען ביי זיך.

די ערשטע פאַרפליכטונגען האָב איך געהאַט לגבי מיין קוזין, וועלכער האָט נאָך פאַר דער מלחמה געמאַכט הוצאות אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין קומען. איך האָב גלייך אָנגעהויבען מאַכען באַמיאונגען ביי מיין געמיינדע צו באַנייען דעם אורלויב אויף דריי חדשים, וואָס זיי האָבען מיר געהאַט געגעבען פאַר דער מלחמה און וועלכען איך האָב נישט געהאַט קיין מעגליכקייט אויסצונוצען. זיי האָבען מיר קיין שום שוועריגקייטען נישט געמאַכט און האָבען באַוויליגט מיין רייזע.

מיין קוזין האָט מיר איבערגעוויזען טעלעגראַפיש טויזענט דאָלער און אויך געשיקט צוויי שיפסקאַרטען ערשטע קלאַס אויף דער באַרימטער שיף „איל דע פראַנס", וועלכע האָט געדאַרפט אָפּגיין פון שערבורגער האַפען. איך דאַרף דאָ נישט דערציילען וואָס פאַר אַ טיפע איבערלעבעניש דאָס איז געווען פאַר מיר אָט די ערשטע רייזע מיינע קיין אַמעריקע. נאָך דעם חורבן פון רוסישען אידענטום, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך דער באַלשעוויסטישער רעוואָלוציע, האָב איך געפילט, אַז דער צענטער פון אידען אין דער וועלט געפינט זיך איצט אין אַמעריקע. און מיט אַלע מיינע חושים האָט עס מיך געצויגען צו אָט דעם צענטער, וואו עס זיינען מיר פאַרגעשטאַנען אַזוי פיל גייסטיגע דערהויבונגען און אויך נישט ווייניג אַנטוישונגען און דורכפאַלען.

נאָר ווי עס געשעט געוויינליך אין אַזעלכע פאַלען, בין איך פאַר גרויס אויפרעגונג, וואָס איך שטיי פאַר דער פאַרווירקליכונג פון מיין אינטימסטען

טרוים, שווער קראַנק געוואָרען פונקט צו דער צייט, ווען כ׳האָב שוין גע־דאַרפט נעמען די פעקלעך און זיך ריכטען אין וועג אַריין. איך בין אָפּגעלעגען צוויי וואָכען אין אידישען שפּיטאָל פון בודאַפּעסט, און ווען איך בין שוין ענדליך געזונט געוואָרען, האָט מיר דאָס געוויסען אָנגעהויבען צו פּלאָגען: ווי פאָרט מען דאָס אַוועק פון דעם לאַנד און נישט אָנקוקען פריער מיין טאָכטער קלאַראַ, וועלכע איז טאַקע שוין געווען פריי פון דער געפאַנגענשאַפט ביי די רומענער, אָבער כ׳האָב נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין געלעגענהייט צו זען זי נאָך די אַלע שוידערליכע איבערלעבונגען, וועלכע זי האָט דורכגעמאַכט?

איך האָב, וואָס אַן אמת, אָפּגענומען גרוסען פון מענשען, וואָס האָבען זי געזען און וועלכע האָבען מיר איבערגעגעבען, אַז זי געפינט זיך אין אַ פיין אידיש הויז. אָבער איך האָב דאָך שטאַרק געוואָלט זי זען איידער איך לאָז מיך אַוועק אין אַזאַ ווייטען וועג אַריין. אין מיטען פון חודש מערץ פון יאָר 1920, בין איך, צוזאַמען מיט מיין עלטערער טאָכטער, אָפּגעפאָרען קיין פּאַריז און אויפ׳ן וועג האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט אין ווין.

דאָ האָב איך זיך געזעגענט מיט מיין זון, דאָ האָב איך זיך אויך געזעגענט מיט מיין ברודער און זיין פאַמיליע און אַלע איבעריגע קרובים, און איך בין ווייטער געפאָרען קיין פּאַריז, וואו איך האָב אין דעם קאַנטאָר פון דער שיפס־געזעלשאַפט געדאַרפט אָפּנעמען מיינע שיפס־קאַרטען, און דאַן ווייטער פאָרען קיין שערבורג, וואו איך האָב געדאַרפט באַטרעטען די שיף.

אָבער שווער איז מיר צוגעגאַנגען מיין ערשטע נסיעה קיין אַמעריקע. וואו איך האָב געשטעלט אַ טריט, האָב איך מיך אָנגעשטויסען אויף שטרויכלונגען, וואָס האָבען מיר געגעבען דעם פאַרגעפיל, אַז עפּעס איז עס נישט גלאַטיג מיט מיין דאַזיגער רייזע. איך בין אַרויסגעפאָרען פון ווין גאַנץ באַצייטענס, אַז איך זאָל אָנקומען קיין פּאַריז אין צייט, באַוויייזען אַלץ צו דערליידיגען און אָנקומען צום אָפּגאַנג פון דער שיף. אָבער צו מיין שלימ׳מזל האָט זיך דער צוג פאַרשפּעטיגט אויף צען שעה, און אויך אין פּאַריז, וואו איך בין געווען דאָס ערשטע מאָל, האָב איך פאַרלוירען איבעריגע צייט, ביז איך האָב אויסגעפונען די ביוראָ פון דער שיפס־געזעלשאַפט. די אונטערשטע שורה איז געווען, אַז ווען איך בין אָנגעקומען קיין שערבורג, איז שוין די שיף „איל דע פראַנס״ געהאַט אָפּגע־גאַנגען און איך בין געבליבען שטיין ווי אַ נאַר אין פאָרט.

איך האָב געוואוסט, אַז אין ניו־יאָרק זיינען שוין דורך מיינע מענעדזשערס געמאַכט געוואָרען אַלע צוגרייטונגען צו מיין קומען, און דאָ האָב איך געמוזט אָדער וואַרטען אויף אַ צווייטער שיף פון דער זעלבער קאָמפּאַניע, וואָס האָט גע־האַט אַן ערשטע קלאַס און האָט געדאַרפט אָפּגיין אין צען טעג אַרום, אָדער אָפּפאָרען מיט דער צווייטראַנגיגער שיף „אַדריאַטיק״, אויף וועלכער מען האָט נאָך געקאָנט קריגען אַ פּלאַץ אין דריטען קלאַס און האָט זיך געדאַרפט שלעפּען קיין ניו־יאָרק גאַנצע עלף טעג.

נישט האָבענדיג קײן ברירה, האָב איך מיך אָנטשלאָסען אויף דעם לעצטען און האָב טעלעגראַפירט מײַן קוזין, אַז איך קום מיט דער „אַדריאַטיק״. אָבער דער שלימ׳מזל, וואָס האָט מיך פאַרפאָלגט, האָט מיך באַזונדערס געפּאַקט אויף אָט דער שיף, און האָט מיר שווער געמאַכט דאָס האַרץ ערב מײַן אָרײַנקומען אין דער נײַער וועלט. ווען איך האָב אָנגעקוקט די קאַבינע, וואו איך האָב געדאַרפט פאַרברענגען גאַנצע עלף טעג פון דער רײַזע, איז מיר נישט גוט געוואָרען. זי איז געלעגען אָנגעשפּאַרט אין דעם קוימען פון דער שיף און דאָרט איז געווען אַזאַ היץ, אַז אין גהינום איז זיכער געווען מעגליכער אויסצוהאַלטען.

דערצו בין איך גלײַך אויפ׳ן צווייטען טאָג פון דער רײַזע קראַנק געוואָרען מיט דער ים־קראַנקהייט אין אַזאַ שווערער פאָרם, אַז בלויז אופ׳ן צענטען טאָג, שוין פאַר די סאַמע ברעגען פון אַמעריקע, בין איך קוים געקומען צו זיך. אַ מידער און פולשטענדיג ערשעפּטער, האָב איך ענדליך דערזען די פרײַהייט־סטאַטוע, אָט דעם ליכטיגען צײַכען פון דער פרײַער וועלט, וואָס איז געווען ווי אַ מאַמע פאַר הונדערטער טויזענטער וואַנדערער, וועלכע האָבען געמוזט פאַרלאָזען זײערע היימען פון נויט און פאַרפאָלגונג און זײַנען געקומען אַהער בויען אַ נײַ לעבען.

# איך קום אָן קיין אַמעריקע

אָט אַזוי בין איך דאָס ערשטע מאָל אָנגעקומען קיין אַמעריקע אַלס פּאַסאַזשיר פון דריטען קלאַס, וואָס האָט זיך אָפּגעוואָלגערט אין שמוץ און אין אַן אומבאַשרייבליכער היץ אין פאַרלויף פון עלף טעג. איך האָב מיך קוים געהאַלטען אויף די פיס פון דער דורכגעמאַכטער ים־קראַנקהייט און פון די אַלע ערגערנישען, וועלכע מיר איז אויסגעקומען דורכצוגיין. אַזוי ווי איך האָב מיין קוזין אַברהם קוואַרטין טעלעגראַפירט, אַז איך קום מיט דער „אַדריאַטיק", איז אים אַנדערש נישט איינגעפאַלען, אַז איך קום מיט דעם ערשטען קלאַס. האָט ער דאָך מיר אַרויסגעשיקט בילעטען פון ערשטען קלאַס.

פרייטאָג, דעם 11טען אַפּריל פון יאָר 1920, זיינען מיר ענדליך אָנגעקומען אין ניו־יאָרקער האַפען. ווי עס פירט זיך געוויינליך, האָט מען די ערשטע אַראָפּגעלאָזט די פּאַסאַזשירען פון ערשטען קלאַס, און צום סאַמע סוף ערשט אונז, די דריטע קלאַסניקעס. מיין קוזין האָט אָנגעשטעלט זיינע אויגען און געזוכט מיך צווישען די ערשטע. עס איז אים אַפילו אין קאָפּ נישט געקומען, אַז איך קאָן מיך געפינען צווישען די דריטע קלאַס פּאַסאַזשירען. ער איז געווען אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג, זעענדיג, אַז איך בין נישט געקומען, און אָפּשטייענדיג אַזוי עטליכע שעה צייט, איז ער אַוועק פון פּיר.

און געקומען מיך באַגעגענען איז ער נישט אַליין, נאָר, ווי עס פירט זיך אין אַמעריקע, מיט אַ גאַנצען קאַראַהאַד פון דעלעגאַציעס, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען: רבנים, אַרטיסטען, חזנים, שוהל־פּרעזידענטען, סאָסייעטיס און אַן אַ שיעור אַנדערע. ער האָט דאָס אַלץ געדאַרפט האָבען צוליב דער גרויסער רעקלאַמע, וואָס ער האָט געמאַכט אַרום מיין קומען און וועלכע ער האָט געדאַרפט נויטיג, ווי דאָס לעבען, כדי מיינע קאָנצערטען זאָלען זיין אַ דערפאָלג.

ענדליך, אַרום פיר פאַרנאַכט האָט מען אָנגעהויבען אַרונטערלאָזען די פּאַסאַזשירען פון דריטען קלאַס. יעדען איינעם האָט מען אָפּגעוואַרט אַ קרוב אָדער אַ גואל. מען האָט זיך געהאַלזט און געקושט, און איך מיט מיין טאָכטער זיינען מיר געשטאַנען אין דעם פּאָרט פון דער גרעסטער שטאָט אין דער וועלט און האָבען זיך די אויגען אויסגעקוקט, אַז עמיצער זאָל אונז אָפּגעבען אַ שלום־עליכם. איך האָב גענומען אויסרופען: „קוואַרטין!", „אברהם, אברהם!"

און האָב אויך אויסגערופען מיין פעטער חיים׳ס נאָמען, אָבער ליידער האָט זיך קיינער נישט אָנגערופען.

ווען איך האָב געזען, אַז די לעצטע פּאַסאַזשירען פאַרלאָזען שוין דעם פּיר, האָב איך זיי געבעטען, אַז זיי זאָלען ביים אַרויסגאַנג אויסרופען דעם נאָמען „קוואַרטין", אפשר וואַרט דאָרט עמיצער אויף מיר. און אַזוי איז טאַקע געווען. מיין קוזין מיט זיין שותף און די אַלע איבעריגע, וואָס האָבען מיך אָפּגעוואַרט, זיינען געשטאַנען פאַרצווייפעלטע, אָבער אַוועקגעגאַנגען זיינען זיי דאָך נישט. ענדליך האָב איך געהערט ווי מען רופט אויס מיין נאָמען, און גלייך האָב איך דערקענט מיין קוזין מיט דעם לאַמען פוס, וועלכען איך האָב שוין נישט געהאַט געזען אַ קימא לן פון פיר און צוואַנציג יאָר.

פיל פון די אָפּוואַרטענדע זיינען זיך שוין געהאַט צעגאַנגען, אָבער דאָך זיינען נאָך עטליכע הונדערט מענשען געשטאַנען ביים באַריער און זיי האָבען מיך באַגריסט מיט אַ האַרציגען „ברוך הבאו!" באַזונדערס אָנגענעם איז מיר געווען צו באַגריסען דעם באַרימטען מטיף מאַסליאַנסקי, דעם גרויסען אידישען קינסטלער יעקב אַדלער, און ואחרון אחרון חביב, דעם חזן יאָסעלע ראָזענבלאַט, וועלכער איז געקומען אויסשטרעקען די האַנט צו אַ קאָלעגע, וועלכען ער האָט געהאַט באַזוכט מיט יאָרען צוריק אין ווין און ווע‏מען ער האָט דאַן געבעטען אויסצוהערען זיין שטימע און זאָגען מבינות, צי ער וואַקסט אַ חזן בישראל...

מען האָט אויפגעלאָדען מיינע זאַכען אויף אַן אויטאָמאָביל, וואָס איז געפירט געוואָרען פון אַ רוסישען שאָפער, עפּעס אַ גרויסען יחסן פון דער אַמאָליגער רוסישער אַריסטאָקראַטיע פון פאַר דער רעוואָלוציע, און אַזוי האָט מען מיך אַוועקגעפירט צום האָטעל ניקעבאָקער, וואו עס זיינען געווען באַשטעלט דריי צימערען פאַר מיר מיט מיין טאָכטער. איך געדענק ווי היינט די דאָזיגע נסיעה דורך די ניו־יאָרקער גאַסען, דורך דעם סאַמע צענטער פון די פערציגער גאַסען פאַרנאַכט־צו, ווען עס איז די שטאָרקסטע באַוועגונג. איך בין צעטור־מעלט געוואָרען פון דעם געררויש פון די הונדערטער אויטאָמאָבילען, פון דער געדיכטער מענשען־מאַסע, פון דער געקלאַפּעריי און פייפעריי פון אַלע זייטען.

דאָס איז נאָך געווען אַ צוגאָב צו מיין מידקייט און אָנגעשטרענגטע נער־ווען פון דער שלים׳מזלדיגער רייזע. איך האָב גע׳חלש׳ט זיך אַריינצוואַרפען אין בעט אַריין און אויסרוען זיך אַביסעל, אָבער וואו — די סעריע מאַטער־נישען האָט זיך ערשט אָנגעהויבען. ווי נאָר איך האָב געשטעלט מיין ערשטען טריט אויפ׳ן אַמעריקאַנער באָדען, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז איך בין נישט מער דער בעל הבית איבער זיך אַליין. מיינע צוויי מענעדזשערס, מיין קוזין מיט זיין שותף פון געשעפט, האָבען געהאַט איבער זיך אַן אויבער מענעדזשער, וואָס האָט געהייסען רעלקין. ער איז דאָס געווען דער פאַכמאַן אין דער פראַגע פון דינגען טעאַטערס און האָלס און צו באַזאָרגען די גאַנצע ריזיגע רעקלאַמע, מיט וועלכער מיין קאָנצערט־טורנע האָט געדאַרפט באַגלייט ווערען.

איז ווי נאָר איך האָב אַריבערגעטראָטען די שוועל פון האָטעל־צימער און

האָב זיך דערפרייט, וואָס איך וועל האָבען אַ פרייע מינוט מיט זיך אַליין און וועל קאָנען קומען צו די כחות, האָט מיך אַרומגערינגעלט אַ גרופּע ציימונגס־לייט, פון דער ענגלישער און פון דער אידישער פּרעסע. אַזוי ווי איך קום פון אונגאַרן און דאָרט איז דאָך עפּעס פאָרגעקומען אַ קאָמוניסטישע רעוואָלוציע און דערנאָך האָט מען די קאָמוניסטען אַראָפּגעוואָרפען — נו, האָט מען מיך אָנגעהויבען שטעלען פראַגעס, וואָס איך ווייס וועגען די אַלע געשעענישען.

נאָר דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב נאָך געלאָזען צוויי קינדער אין אונגאַרן און אַז איך פּלאַן זיך נאָך אומצוקערען צו מיין בודאַפּעסטער טעמפּעל און דעריבער מוז איך זיין פאָרזיכטיג מיט מיין באַלייכטען די פּאָלי־טישע לאַגע אונטער האָרטי׳ן. אָבער די זשורנאַליסטען האָבען מיך צורו נישט געלאָזט, און ווען זיי זיינען ענדליך אַוועקגעגאַנגען, האָב איך געמיינט, אַז איך פאַל פון די כחות. נאָר מיט דעם האָט זיך נאָך דער טאָג אַרבייט פאַר מיר נישט געענדיגט.

עס איז געקומען די צייט פון עסען אָוועטנברויט און מיינע מענעדזשערס האָבען מיך אַריינגעפירט אין דעם רעסטאָראַן וואָס ביים האָטעל. פון דער שפּייז־קאַרטע, וואָס מען האָט דערלאַנגט, האָב איך נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט, ווייל איך בין נאָך דעמאָלט געווען גאַנץ שטומפּיג אויף דער ענגלישער עברי. מען האָט דערלאַנגט צו האַלבע גרייפּפרוכטס — אַ מאכל וואָס מיר האָבען קיינ־מאָל אין אייראָפּע פאַר די אויגען נישט אָנגעזען. האָב איך דאָס גענומען עסען מיט ברויט.. ערשט מיין קוזין האָט מיר איינגערוימט אין אויער, אַז דאָס איז אַזאַ מין פאַרשפּייז אויף צו קריגען אַפּעטיט און אַז דאָס עסט מען נישט מיט ברויט. אָבער זויער און ביטער איז דאָס געווען, האָב איך מיר געטראַכט: נישט שוין־זשע האָט אַמעריקע אַזאַ ביטערען און זויערען טעם?

נאָך דער וועטשערע האָב איך געגלויבט, אַז ענדליך וועט מען מיך לאָזען זיך אַביסעל אויסרוען פון דער שווערער רייזע. אָבער עס הויבט זיך נישט אָן. אין אַמעריקע, האָט מען מיר געזאָגט, איז ביזנעס פאַר פּלעזשור, און צו רעדען ביזנעס האָבען מיר נאָך געהאַט גאָר אַ סך. זיינען מיר אַרויפגעקומען אין די צימערען, וואו עס האָט שוין געוואַרט דער הער רעלקין און עס האָט זיך אָנגע־הויבען אַ געשפּרעך, וואָס האָט זיך פאַרצויגען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

איך האָב אַ פרעג געטאָן מיין קוזין, אין וועלכער שוהל איך וועל דאַוונען דעם ערשטען שבת, ווייל אַזוי האָב איך אים געשריבען אין אַלע מיינע בריוו, אַז מיין ערשטער אויפטריט אין אַמעריקע וויל איך זאָל זיין אַ שבת׳דיגער דאַוונען אין אַ שוהל, מיט דעם ריכטיגען כאָר, ווייל אין אַ שוהל פיל איך, אַז עס איז מיין ריכטיגער פּלאַץ, מיט דער פּאַסיגער אַטמאָספערע, וואו איך בין זיכער, אַז איך בין ביי זיך אין דער היים און האָב נישט מורא, אַז איך וועל נישט האָבען קיין דערפאָלג.

מיין קוזין אָבער האָט מיר מיט אַן אויסערגעוויינליכען שטאָלץ געענטפערט, אַז פאַר מיין ערשטען קאָנצערט האָבען זיי נישט גענומען קיין שוהל, נאָר

דוקא דעם גרעסטען האָל, וואָס געפינט זיך נאָר אין ניו־יאָרק, דאָס איז: די מעטראָפּאָליטען אָפּערע הויז, דאָרט וואו דער גרעסטער זינגער פון דער וועלט קאַרוזאָ טרעט אויף.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך געפילט ווי מען וואָלט מיר געגע־בען מיט אַ האַמער איבער׳ן קאָפּ. עפּעס איז מיר געוואָרען קלאָר, אַז נישט קיין גוטע זאַך האָבען דאָ מיינע מענעדזשערס אָפּגעטאָן אויף מיין חשבון. וואָס גייט מיך אָן קאַרוזאָ, אַז מיין פּלאַץ איז ביים עמוד. דאָ וויים איך פאַר וועמען איך שטיי (לפני מי אתה עומד) און וואָס עס פאָדערט זיך פון מיר; דאָ קען איך די אַלע פאַר׳כישוף׳טע סטרונעס, אויף וועלכע איך דאַרף שפּילען. דאָ בין איך מיט׳ן עולם אויף „דו״, און עס איז אוממעגליך, אַז דער עולם זאָל מיך נישט פאַרשטיין גלייך פון דעם ערשטען קלאַנג. איך האָב זיך געשראָקען פאַר דער אָפּערע־הויז, און וואָס גרעסער זי איז געווען, אַלץ גרעסער איז געווען מיין שרעק.

איך האָב גענומען איינ׳טענה׳ן מיט מיינע בעלי בתים: ס׳טייטש, ווי האָט איר דאָס אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך, בעת איך האָב אייך דאָך בפירוש געבעטען, אַז איך וויל האָבען מיין ערשטען אויפטריט אין אַמעריקע דוקא אין אַ שוהל, און דאָס וואָלט געווען פאַר מיר דער בעסטער אָנהויב אין אָט דעם שיינעם לאַנד. אָבער גיי שריי חי וקים, אַז עס איז שוין געווען אַן אָפּגעטאָענע זאַך. אַלע איינטריטס־קאַרטען אין דער אָפּערע זיינען שוין געווען אויספאַרקויפט. דאָס זעלבע זיינען שוין כמעט געווען אויספאַרקויפט אַלע בילעטען אויף מיינע וויטערדיגע קאָנצערטען אין היפּאָדראָם, אין קאַרנעגי האָל, אין שיקאַגאָ, באָסטאָן, פילאַדעלפיע, קליוולאַנד און אין פיל אַנדערע שטעט. צוריקכאַפּען האָט מען שוין נישט געקאָנט.

פון די אַלע גוטע נייעס בין איך געווען זעהר נידערגעשלאָגען. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין חזנ׳ישער קאַריערע, ווען איך האָב זיך דער־שראָקען פאַר מיינע אייגענע דערפאָלגען. איך האָב געפילט מיט אַלע מיינע חושים, אַז דאָס מאָל וועט עס זיין אַנדערש, ווייל פון סאַמע אָנהויב אָן איז דאָס געווען אַ שלימ׳מזל׳דיגע רייזע; פון סאַמע אָנהויב אָן איז עס נישט געגאַנגען אַזוי ווי איך האָב געוואָלט.

נאָכדעם האָבען זיך אָנגעהויבען געשפּרעכען וועגען פּראָגראַם, וועגען כאָר און וועגען צענדליגער אַנדערע זאַכען, און ווען איך בין אַרום צוויי אַזייגער ביינאַכט ענדליך געבליבען איינער אַליין מיט זיך אין צימער, האָב איך ערשט דערשפּירט וואָס פאַר אַ מין שברי כלי איך בין; ווי אַלע מיינע נערוועז זיינען צעשרויפט און אַז איך האַלט מיך קוים אויף די פיס. אָבער שלאָפען די ערשטע נאַכט אין ניו־יאָרק האָב איך סיי ווי נישט געקאָנט. ערשט פאַרטאָג בין איך אַוועקגעפאַלען און זיך אויפגעכאַפּט ערשט אַרום צוויי נאָך האַלבען טאָג.

דאָס איז געווען מיין ערשטער שבת אין דער נייער אידישער וועלט.

איך בין אַוועק איבער די גאַסען, איך האָב געוואָלט זיין צווישען אידען, איך האָב מיך געוואָלט אָנוואַרעמען ביי זיי, דערשפּירען דעם אָטעם פון דער אַלטער היים, וועלכען איך האָב שוין אין די לעצטע יאָרען אין ווין און אין בודאַפּעסט ווייניג וואָס געקראָגען צו פילען. איך בין געוואָרען אַביסעל אויפגערוימטער און האָב געהאָפט: אפשר וועט געשען אַ נס און אַלץ וועט אַדורך בשלום. אָבער ליידער איז דער דאָזיגער נס נישט געשען.

# מיין נישט געלונגענער קאָנצערט אין דער מעטראָפּאָליטען אָפּערע הויז

מיט עטליכע חדשים פאַר מיין קומען קיין אַמעריקע איז דאָ געווען צוגאַסט דער באַרימטער חזן הערשמאַן, וועלכער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך דעם דיריגענט לעאָ ליאָוו, מיט וועלכען איך האָב געהאַט דעם פאַרגעניגען אויפצו־טרעטען איבער פיל שטעט אין דער ליטע אין מלחמה־צייט. איך האָב זעהר געבעטען מיינע מענעדזשערס, אַז זיי זאָלען זיך באַמיען אים צו געווינען פאַר מיר פאַר דער צייט פון מיינע אויפטריטען אין אַמעריקע.

אָבער לײדער איז דאָס געווען אַן אוממעגליכע זאַך, ווייל ליאָוו איז שוין געווען פאַרבונדען מיט אַ קאָנטראַקט מיט טאָמאַשעווסקי׳ן, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער מענעדזשער פון חזן הערשמאַן. עס איז דעריבער באַשלאָסען געוואָרען צו נעמען דעם דיריגענט הערמאַן וואָל. עס איז אויך אַנגאַזשירט געוואָרען דער אָרקעסטער פון דער מעטראָפּאָליטען אָפּערע מיט׳ן דיריגענט באַדאַנסקי, וועלכער האָט געדאַרפט באַגלייטען מיין טאָכטער אַנאַ אין איר אויספירונג פון עטליכע אָפּערע־אַריעס און לידער.

דעם צווייטען אָוונט איז צו מיר געקומען דער דיריגענט וואָל און מיר האָבען צוזאַמענגעשטעלט דאָס פּראָגראַם פאַר׳ן ערשטען קאָנצערט, וואָס איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדע קאָמפּאָזיציעס: „ושמרו״ פון גוראָוויטש, „קדושה״ פון וואָל, „מה גדלו״ פון לעוואַנדאָווסקי, „בראש השנה״ פון זולצער און דעם גרויסען „אדון עולם״ פון זולצער. אין צווישען האָב איך געדאַרפט זינגען עטליכע פון מיינע אייגענע אימפּראָוויזאַציעס.

נאָכן צוזאַמענשטעלען דאָס פּראָגראַם און נאָכ׳ן דורכפּירען עטליכע פּראָ־בעס, האָב איך געגלויבט, אַז איצט וועל איך מיר נעמען צייט זיך גוט אויס־צורוען צום קאָנצערט. אָבער אַזוי ווי די צייטונגען זיינען פול געווען מיט אומאויפהערליכער רעקלאַמע וועגען מיין קאָנצערט און די רעקלאַמע איז באַגלייט געוואָרען מיט מיינע בילדער, האָבען זיך גענומען יאָוועז צו מיר אַן אַ שיעור מומעס און פעטערס, קוזינען און קוזינעס און סתם פריינט און חברים, וואָס האָבען מיך געדענקט פון מיינע קינדער־יאָרען, און אַלע האָבען גענומען זיך אויספרעגען און אויס׳טענה׳ן זיך. איך האָב אַפילו אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל מיך לאָזען אַליין, אָבער דאָס האָט ווייניג וואָס געהאָלפען. זיי האָבען זיך



חזן קוואַרטין אין דער ניו יאָרקער מעטראָפּאָליטען אָפּערא הויז, 1920.

אַריינגעריסען צו מיר אין צימער מיט פאַרשידענע קונצען, און וועגען אַ מינוט רו האָט ווידער קיין רייד נישט געקאָנט זיין.

פאַרשידענע נודניקעס האָבען מיך געפּלאָגט און געמוטשעט פון אינדערפרי ביז שפּעט אין דער נאַכט, און אַזוי ווי איך בין דאָך פאַרט געווען אַ ווינער מיט דער געהעריגער העפליכקייט, האָב איך נישט געקאָנט טרייבען קיין מענשען פון מיין שטוב. אָבער איך האָב געפילט, אַז זיי שיטען זאַלץ אויף מיינע וואונדען, אַז קיין גוטס וועט דערפון נישט אַרויסקומען.

אין איינעם אַ טאָג, בעת דער פּראָבע מיט וואָל'ס כאָר, האָב איך זיך שטאַרק אויפגערעגט וועגען עטליכע זאַכען, און ווען איך בין צוריקגעקומען צו זיך אין האָטעל, האָב איך זיך דערפילט שלעכט און האָב צוזאַמענגעבראָכען. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ נערוועז־שאָק: פאַרשידענע ערגערנישען האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען און האָבען אונטערגעגראָבען מיין געזונט. עס פאָדערט זיך אַ לאַנגע רו.

דאָס איז געווען זעקס טעג פאַר מיין ערשטען קאָנצערט אין דעם מעטראָ־פּאָליטען אָפּערע הויז. מילא, איך בין געווען שווער קראַנק און האָב מיר אָפּגעגעבען אַ שוואַכען חשבון פון דעם, וואָס מיין קראַנקהייט באַדייט. אָבער דערפאַר מיינע מענעדזשערס און אויך מיין טאָכטער זיינען געווען אויסער זיך פאַר האַרץ־קלעמעניש. די מענעדזשערס האָבען שוין געמאַכט דעם חשבון וויפיל זיי וועלען דאַרפען פאַרלירען, אויב איך זאָל חלילה נישט געזונט ווערען צו דער צייט און מען וועט דאַרפען דעם ערשטען קאָנצערט אָפּרופען.

ווען איך בין אַביסעל געקומען צו זיך, האָב איך געבעטען די מענעדזשערס, אַז מען זאָל אָפּלייגען דעם קאָנצערט אויף אַ שפּעטערדיגען דאַטום. איך האָב זיי אָפּען געזאָגט, אַז אַרויסצוטרעטען פאַר מיר אין אָט דעם צושטאַנד מיינט אַ זיכערער דורכפאַל. אָבער זיי זיינען באַשטאַנען דורכאויס, אַז אָפּלייגען איז אַן אוממעגליכע זאַך. ערשטענס, האָבען זיי גע'טענה'ט, זיינען שוין פאַרקויפט געוואָרען אַלע בילעטען. נאָך מער: די פּראָפּעסיאָנעלע איבערקויפערס האָבען אָפּגעקויפט אַ דריטעל פון אַלע קאַרטען און זיי ווידערפאַרקויפט פאַר אַ דאָ־פּעלטען און דרייפאַכען פּרייז. אַז מען זאָל איצט גיין צוריקצאָלען פאַר די בילעטען, וועלען מענשען פאָדערען אַ סך מער ווי עס איז דער נאָמינאַלער פּרייז, ווייל זיי האָבען געצאָלט מער, און דאָס וועט ברענגען צו אַ גרויסער רואינע.

צווייטענס, וועט דאָס אָפּרופען דער ערשטען פייערליכען קאָנצערט אין ניו־יאָרק באַדייטען אַ טויט־קלאַפּ פאַר אַלע ווייטערדיגע קאָנצערטען. דריטענס, זיינען שוין געמאַכט געוואָרען אַ סך טויזענטער דאָלאַרען הוצאות. און דאָס לעצטע וואָרט פון די אונטערנעמערס איז געווען: אויב איך בין גרייט צו דעקען דעם היזק, וואָס דאַרף באַטרעפען אַ ביין טויזענט דאָלאַר, זיינען זיי גרייט דעם קאָנצערט אָפּצורופען.

עס איז מיר געווען פינסטער און ביטער פוןביידע זייטען. נישט איך האָב

מיך געפילט גענוג קרעפטיג צו מאַכען מײַן ערשטען אַרויסטריט אין אַמעריקע בײַ אַזאַ שוואַכען געזונט־צושטאַנד, און נישט איך בין געווען אומשטאַנד צו נעמען אויף זיך אַזאַ גרויסען היזק און ריזיקירען מיט אַלע מײַנע ווײַטערע אַרויסטרעטונגען. איך האָב מיך אויפגעגעסען פאַר קלעמעניש. סוף כל סוף האָב איך באַשלאָסען איבערצוענטפערען מײַן גורל אין די הענט פון רבונו של עולם, אַז ער וועט מיר אַרויסהעלפען אין מײַן גרויסער נויט.

איך בין אָפּגעלעגען אין בעט ביז צום סאַמע אָוונט פון מײַן קאָנצערט. דעם זעלבען טאָג האָט מיר מײַן קוזין געבראַכט אין האָטעל אַרײַן אַ פּאָר נײַע לאַקירטע שיך, אַ פראַק־העמד מיט אַ ווײַס שלײַפעל פון דער סאַמע לעצטער מאָדע און האָט מיר געהייסען אויפשטיין פון בעט. ווען איך האָב מיך ראַזירט, געדענק איך דאָס ווי הײַנט, אַז איך האָב מיך קוים געהאַלטען אויף די פיס. איך האָב אַלץ געטאָן מעכאַניש, ווי אַ היפּנאָטיזירטער. איך האָב אויסגעטרונקען אַ גלאָז טיי מיט ציטרין און האָב געוואָלט אויספּרובירען מײַן שטימע, אָבער איך האָב זיך עפּעס געשראָקען דאָס מויל אויפצומאַכען. איך האָב פאַרגעפילט עפּעס נישט גוטעס.

צוואַנציג מינוט פאַר'ן אָנהויב פון קאָנצערט בין איך געקומען אין דער אָפּערע. דער דיריגענט וואָל מיט'ן כאָר זײַנען שוין געווען הינטער די קוליסען. ער איז געווען אומרואיג, ווײַל ער האָט געהאַלטען, אַז איך האָב געהאַט צו ווייניג פּראָבעס מיט'ן כאָר צוליב מײַן קראַנקהייט. איך האָב אים באַרואיגט: „לאָמיך נאָר זײַן בײַ דער שטימע, וועט שוין אַלץ זײַן רעכט".

דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען. דער כאָר איז געשטאַנען יעדערער אויף זײַן פּלאַץ. ווען איך בין אַרויף אויף דער עסטראַדע, האָט מיר אַ שווינדעל געטאָן פאַר די אויגען פון דעם ים מיט מענשען, וואָס איך האָב פאַר זיך דערזען. די אַפּלאָדיסמענטען האָבען אָנגעהאַלטען גאַנץ לאַנג. אָבער איך האָב געפילט, אַז הענט און פיס ציטערען מיר פאַר שוואַכקייט און נערוועזיטעט. די אַפּלאָדיסמענטען האָבען זיך גענומען אײַנשטילען און איך האָב געהערט דאָס קלאַפּען פון מײַן אייגען האַרץ.

דער כאָר האָט אָנגעהויבען דעם „ושמרו" און איך האָב געזונגען מײַן סאָלאָ אין באַגלייטונג פון כאָר. מאָמענטאַל האָב איך דערפילט, אַז דאָס מאָל בין איך נישט קוואַרטין, איך האָב אינגאַנצען נישט באַהערשט מײַן שטימע. דער אַפּלאָוז נאָך „ושמרו" איז געווען זעהר אַ שוואַכער. דאָס האָט מיך אַרײַנגעפירט אין נאָך אַ גרעסערער נערוועזיטעט און צערודערטקייט. ווען איך האָב דאַן געזונגען מײַן „אהבת עולם", האָב איך שוין קלאָר געפילט, אַז מײַן שטימע איז עפּעס פאַרשלײַערט, קלאַנגלאָז און נישט טראָגבאַר. דער אַפּלאָוז נאָך דעם נומער איז געווען נאָך שוואַכער. איך בין אָנגעפילט געוואָרען מיט אַן אומבאַשרײַבליכער שרעק.

דער דריטער נומער איז געווען וואָל'ס „קדושה", אַ וואונדער־שיינע קאָמפּאָזיציע מיט סאָלאָס פאַר אַ קאַנטאָר. דאָ איז שוין דער אַפּלאָוז געווען

אַביסעל אַ שטאַרקערער. איך האָב אָבער געהאַלטען, אַז דער אַפּלאָדז געהערט גיכער דעם פאַרפאַסער פון דער קאָמפּאָזיציע, הער וואָל, איידער מיר. דעם פּערטען נומער, דעם לעצטען פון דער ערשטער אָפּטיילונג, האָב איך געזונגען „אָדם יסודו מעפר". עס איז אַלץ געווען נישט דאָס, וואָס דער עולם האָט דער־וואַ־ט פון דעם אַזוי שטאַרק רעקלאַמירטען אויבער־קאַנטאָר זאַוועל קוואַרטין, וועלכען זיי האָבען אַזוי גוט געקענט און ליב געהאַט פון די גראַמאָפאָן־פּלאַטען.

נאָך דעם ערשטען טייל בין איך אַרונטערגעקומען הינטער די קוליסען אַ צעבראָכענער מענש. דער דורכפאַל איז געווען אַ פולשטענדיגער, און ווי מען זאָגט עס — מיט אַ קנאַק. די פראַגע איז געשטאַנען: וואָס טוט מען מיט די ווייטערדיגע טיילען פון קאָנצערט? איך האָב באַשלאָסען צו פאַרלאַנגען פון מיינע מענעדזשערס, אַז איידער איך וועל ווידער אַרויסגיין אויף דער בינע, זאָל עמיצער פון זיי מעלדען דעם פּובליקום, אַז איך בין קראַנק, אַז קעגען מיין ווילען האָט מען מיך גלייך פון קראַנקען בעט געבראַכט אויף דער עסטראַדע. און טאַקע אויך דערציילען דעם גאַנצען אמת, אַז מען האָט מיר נישט געגעבען קיין געלעגענהייט זיך אויסצורוען פון דער זעהר שווערער רייזע, און אַז איך בעט אַנטשולדיגונג ביים פּובליקום.

ווען מיינע מענעדזשערס האָבען דערהערט מיין פאָדערונג, זיינען זיי שיעור פון זינען נישט אַראָפּ. ס'טייטש, ווי קאָן איך פאַרלאַנגען אַזאַ זאַך, וואָס מיינט אַרויסרופען אין זאָל אַן אמת'ע איבערקערעניש. ווי נאָר מען וועט אַרויסלאָזען אַ וואָרט, אַז איך בין קראַנק, וועלען דאָך מענשען נעמען שרייען, אַז דאָס איז אַן אָפּערע, מען האָט זיי אָפּגענאַרט, און זיי וועלען פאָדערען צוריק דאָס געלט. און אויך זיי, די מענעדזשערס אַליין, וועלען נישט זיכער זיין מיט'ן לעבען. און אַ חוץ דעם, ווער וועט שוין דאַן קומען צו די נאָענטסטע צוויי קאָנצערטען, וואָס זיינען שוין אַנאָנסירט — אין היפּאָדראָם און אין קארנעגי האָל?

אויך דער דיריגענט, הער וואָל, האָט מיך גענומען באַרואיגען, אַז עס טרעפען אַזעלכע זאַכען מיט די גרעסטע קינסטלער, און אַז איך זאָל זיך נישט עסען דאָס האַרץ. דער צווייטער און דריטער טייל פון קאָנצערט וועלען זיכער גיין בעסער, דאַרף מען דעריבער נישט אַרויסרופען קיין אומזיסטע סומאַטאָכע און לאָזען אַלץ גיין מיט'ן נאַרמאַלען גאַנג.

אין דער צווייטער אָפּטיילונג האָט דער עיקר געזונגען מיין טאָכטער אין באַגלייטונג פון אָרקעסטער. איך האָב בלויז פאָרגעטראָגען איינע פון מיינע אימפּראָוויזאַציעס. עס איז אַ פאַקט, אַז איר דערפאָלג אין דעם אָוונט איז געווען אַ סך גרעסער ווי מיינער. דאָס האַרץ פון אַ טאַטען האָט אַנגעקוואָלען, וואָס ער זעט אַזאַ נחת ביי זיינס אַ קינד.

בעת'ן אַנטראַקט האָט מען זיך שוין אין די ריזיגע פאָיעס פון מעטראָפּאָליטען און אויף דער גאַלעריע געשושקעט, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג מיט דעם קאָנצערט, עס מוז אַוודאי זיין אַ שווינדעל. מען האָט אַראָפּגעבראַכט נישט דעם אמת'ן קוואַרטינ'ען, נאָר אַ פאַרשטעלטען, כדי אויסצונאַרען די

פֿאַר דאָלער בײַ די מענטשען. די ערשטע צו פֿאַרשפּרייטען דעם דאָזיגען קלאַנג זײַנען געװען מײַנע חשוב׳ע קאָלעגען, די חזנים. װי מען האָט מיר שפּעטער דערציילט און װי עס האָט אַליין באַשטעטיגט דער פֿאַרשטאָרבענער גרויסער חזן בײַ אידען, יאָסעלע ראָזענבלאַט, האָבען אים אין פֿאַיע אַרומגערינגעלט אַ גרופּע חזנים, װעלכע האָבען מיט גאַל און שפּאָט געטײַטעלט אויף אים מיט די פֿינגער: „האַ, װאָס זאָגט איר עפּעס צו דעם שװינדעל?״ דערויף האָט זיי יאָסעלע ע״ה געענטפֿערט: „שװײַגט, עזות פּנים׳ער, איר רעדט רכילות אויף דעם גאון פֿון דער אידישער תּפֿילה!״ דאָס האָט מיר מיט אַ צײַט שפּעטער איבערגעגעבען יאָסעלע ראָזענבלאַט אַליין מיט זײַנע װערטער.

די דריטע און לעצטע אָפּטיילונג פֿון דעם דאָזיגען טרויעריגסטען קאָנצערט אין מײַן לעבען איז געװען עטװאָס דערפֿרייענדיגער פֿאַר מיר, אָבער זי האָט שוין בשום אופֿן נישט געקאָנט ראַטעװען מײַן רעפּוטאַציע, װאָס איז צעשעדיגט געװאָרען מיט מײַנע ערשטע דורכגעפֿאַלענע נומערען. עס איז קיין שפּור נישט געװען פֿון דעם, װאָס האָט געדאַרפֿט און געקאָנט זײַן, און װאָס דאָס פּובליקום האָט דערװאַרט פֿון דעם נאָמען זאַװעל קװאַרטין. מען האָט מיך אַפּלאָדירט און בײַם אַרויסגיין פֿון דער אָפּערע אַפֿילו באַגריסט, אָבער איך האָב געהערט אין די אַפּלאָדיסמענטען מער אַן אויסדרוק פֿון מיטגעפֿיל און רחמנות, װי אָנערקענונג. איך האָב מיר אָפּגעגעבען אַ קלאָרען חשבון, אַז מײַן ערשטער אַרויסטריט אין דער װעלט־שטאָט ניו־יאָרק איז געװען אַ פֿול־שטענדיגער דורכפֿאַל.

# מײַן צװײטער קאָנצערט אין ניו־יאָרק װאַשט אָפּ פֿון מיר דעם פֿלעק צוליב מײַן ערשטען דורכפֿאַל

קוים אַ לעבעדיגער פֿון דער גרעסטער טראַגעדיע, װאָס האָט מיך געטראָפֿען אין מײַן גאַנצער לאַנגער קאַריערע אַלס חזן, האָב איך זיך דערשלעפּט צו מײַן האָטעל־צימער. מײַנע נאָענטסטע, דאָס הײסט, מײַן טאָכטער און הער שולמאַן, װעלכער איז שפּעטער געװאָרען מײַן אײדעם, האָבען טאַקע נישט אַראָפּגעלאָזט פֿון מיר קײן אויג און האָבען געהיט מײַן יעדע באַװעגונג. זײ האָבען מסתּמא געלײענט מײַנע געדאַנקען, װי נאָענט איך בין דעמאָלט געװען פֿון דעם פֿאַרצװײפֿעלטען געדאַנק פֿון װעלען אָנטאָן זיך אַ מעשׂה פֿאַר טיפֿער פֿאַרלױ־רענקײט און צעבראָכענקײט.

װען איך בין געבליבען אַלײן מיט זיך און האָב געקענט רוהיג נאָכטראַכ־טען, װאָס אַזוינס עס איז זיך פֿאַרלאָפֿען מיט מיר, — האָבען גענומען דורכגײן פֿאַר מיר מײַנע לעצטע זעכצען יאָר פֿון עפֿענטליכען דינסט אין אידישען לעבען. יאַראָסלאַװ און װין, פּעטערבורג און בודאַפּעסט, אַ לאַנגע קײט פֿון כּסדר׳דיגע ערפֿאָלגען, אַן אומאויפֿהערליכער מאַרש באַרג־אַרויף, למעלה ולמעלה, פֿון טאָג צו טאָג און פֿון יאָר צו יאָר איז מײַן אָנזען געװאָקסען. אידען האָבען מיך ליב געקראָגען, געשעצט און געאַכטעט און אָפּטמאָל אַפֿילו פֿאַרגעטערט, װי דעם טיפֿסטען אויסדריקער פֿון אַלע זײערע בענקשאַפֿטען און חלומות. אַ ליכטיגע און שטראַלענדיגע זון האָט נישט אויפֿגעהערט צו לײכטען אויף מײַן הימעל און האָט באַגלײט מײַן יעדען טראָט.

און דאָ מיטאַמאָל — אַזאַ פֿאַל, אַזאַ זינק אַראָפּ! פֿון אַזױ הויך אַזױ נידעריג זיך אַראָפּקײקלען אַזש ביז צו דער שאול תּחתּיה! אַזאַ מאָראַלישער קלאַפּ, אַז עס טרײַבט מיך אַרויסצובליקען צו דעם באַלקאָן פֿון מײַן האָטעל־צימער אויפֿ׳ן צװעלפֿטען שטאָק און טראַכטען: אָט, נאָר אײן שפּרונג פֿון דעם פֿענסטער און איך װעל אויסגעלײזט װערען פֿון אַלע פּײַנען, װאָס האָבען אַזױ טיף גענאָגט מײַן נשמה! — דאָס האַרץ האָט אַזױ װײ געטאָן, אַז איך האָב קוים געגלויבט, אַז איך װעל נאָך װען עס איז קומען צו זיך פֿון דעם דאָזיגער צעשמעטערענ־דיגען קלאַפּ, װעלכען איך האָב געקראָגען פֿון גורל.

מײַן טאָכטער האָט מיך געטרײסט מיט די האַרציגסטע װערטער. זי האָט געפּרואװט אָװעקציען מײַנע געדאַנקען אין אַן אַנדער ריכטונג, זי האָט באַשטעלט עפּעס צו עסען פֿון האָטעל, זי האָט מיר געגעבען צו פֿאַרשטײן, אַז די

וועלט ענדיגט זיך נאָך נישט, מאַלע וואָס עס טרעפט אַמאָל מיט אַ מענשען, עס וועט נאָך אַלץ ווידער זיין גוט. אָבער פאַר מיר איז דאָס געווען אַ טייוולאָנישע נאַכט מיט אומאויפהערליכע געדאַנקען וועגען מאַכען אַ סוף צו זיך. ווען איך האָב מיך אַרום פיר פאַרטאָג ענדליך אַריינגעוואָרפען אין בעט אַריין — האָט קיין שום רייד נישט געקענט זיין, אַז איך זאָל אַנטשלאָפען ווערען. די טראַגישע פּאַסירונג האָט געוואַכט איבער מיר!

אַרום זיבען אינדערפרי האָב איך זיך אָנגעטאָן און בין אַראָפּגעגאַנגען אין דעם קליינעם גערטענדעל, וואָס געפינט זיך ביי דער עפענטליכער ביבליאָ־טעק. דער קילער פרימאָרגען האָט מיך געקרעפטיגט, די נערווען האָבען זיך אַביסעל איינגעשטילט, די געדאַנקען זיינען געוואָרען קלאָרער און איך האָב אָנגעהויבען צוריק געווינען דעם גלויבען אין זיך, אַז די וועלט בלייבט וועלט און מען וועט נאָך זען, צי זאָוועל קוואַרטין איז שוין טאַקע אַזאַ קאַליקע, ווי עס האָט זיך נעכטען געקענט אַרויסווייזען.

אַרום ניין אינדערפרי, ווען איך האָב געגעסען פרישטיק מיט מיין טאָכטער, זיינען געקומען צו גיין דער הער שולמאַן און אויך מיין קוזין, דער אונטערנעמער פון דער גאַנצער אימפּרעזע. זיי האָבען געבראַכט מיט זיך די אידישע און ענגלישע צייטונגען, וועלכע האָבען שוין באַוויזען צו ברענגען באַריכטען פון דעם נעכטיגען אומגעלומפּערטען קאָנצערט. מען האָט געריסען פון מיר דאָרט לעבעדיגע שטיקער. די ערגסטע קריטיקען זיינען געווען אין „פאָרווערטס" און אין „טאָג". אין „פאָרווערטס" האָט אַב קאַהאַן אַליין געשריבען און ער האָט קיין גאַנצען פאָדים אויף מיר נישט געלאָזען. דאַגעגען זיינען די אָפּרופען וועגען מיין טאָכטער'ס אויפטריט געווען זעהר גינסטיגע. דאָס איז געווען גענוג, אַז איך זאָל ווידער אַריינפאַלען אין אַ מעלאַנכאָלישער שטימונג. אָבער מיין קוזין, אברהמ'על, האָט זיך געריבען די הענט פאַר פרייד: ער האָט דערציילט וועגען דעם גרויסען מאַטעריעלען דערפאָלג, וואָס דער נעכטיגער קאָנצערט האָט געהאַט.

די דרייסטקייט פון מיין קוזין איז געווען אַזוי גרויס, אַז אויף מיינע פרישע וואונדען האָט ער גלייך אָנגעהויבען ריידען וועגען דעם נאָענטסטען קאָנצערט, וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען אין פיר טעג אַרום אין קאַרנעגי האָל. איך האָב אים קלאָר געמאַכט, אַז איך וועל נישט קענען אָנגיין מיט מיינע וויטערדיגע קאָנצערטען, אויב מען וועט נישט אָננעמען מיינע פאָלגענדע באַדינגונגען: קודם כל מוז דער קאָנצערט אין קארנעגי האָל גלייך אָפּגערופען ווערען; צווייטענס, מוז מען מיך וואָס שנעלער אַרויסנעמען פון דעם האָטעל און אַריבערפירען אין אַ פּריוואַטער בעל הבית'ישער היים, וואו איך זאָל קענען זיין אויף היימישע קעסט און נישט קאָרמען זיך אין דעם רעסטאָראַן, וואו די גאַל איז מיר קאַפּויער געגאַנגען פון די אַלע פרעמדע מאכלים, צו וועלכע איך בין נישט געווען געוואוינט.

ווען מיין קוזין האָט דערהערט, אַז מען דאַרף אָפּרופען דעם קאָנצערט

אין קאַרנעגי האָל, האָט ער גענומען מאַכען קולות, אַז דאָס מיינט אַ גרויסער מאַטעריעלער פאַרלוסט. איך האָב גענומען אויף זיך אַ טייל פון דעם שאָדען און סוף כל סוף איז דער קאָנצערט אָפּגערופען געוואָרען. וואָס ס'איז שייך דעם צווייטען פונקט, וועגען פאַרלאָזען דעם האָטעל — האָט מען לייכטער געקענט אַדורכקומען. מיין קוזין האָט גראָד מיט אַ צייט צוריק געהאָט געקויפט אַ הויז אין ברוקלין מיט אַכט צימערען, האָבען מיר זיך נאָך דעם זעלבען טאָג אַהין אַריבערגעקליבען.

אין אָוועגט, ווען מיין קוזינס פרוי האָט אָפּגעקאָכט דעם ערשטען מאָלצייט פאַר אונז אויפ'ן היימישען אופן, אַזוי ווי מיר זיינען דאָס געווען געוואוינט אין אַמאָליגען רוסלאַנד — האָב איך זיך גלייך דערפילט אַן אַנדערער מענש. איך זאָלט נישט לאַכען פון דעם מאָגען, נישט איינמאָל איז ער די סיבה פון אייערע צעשרויפטע נערווען, פון אַ געפאַלענעם געמיט־צושטאַנד. עפּעס בין איז געוואָרען אויפגעהייטערטער און אויפגערוימטער, די וועלט האָט געקראָגען אַן אַנדער אויסזען אין מיינע אויגען.

איך האָב אָנגעזאָגט שמור והזהר נישט צוצולאָזען צו מיר קיין פרעמדע מענשען, האָב געגאָסען פון פולער רו, און וואָס אַ טאָג האָט מיך גענומען ווייניגער אַרען מיין דורכפאַל אין דער מעטראָפּאָליטען. איך האָב גענומען גלויבען, אַז איך וועל אָפּצאָלען מיט פּראָצענט, און אַז זאַוועל קוואַרטין וועט נאָך אויך דאָ אין אַמעריקע זיין דער זעלבער, וואָס ער איז אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרען געווען פאַר די אידען אויף יענער זייט ים.

מיט'ן פאַרבעסערען זיך פון מיין שטימונג און פון מיין אויסערליכען אויסזען, האָט גענומען זיך אויסקלערען מיין שטימע, זי איז געוואָרען ליכטיגער און טראָגבאַרער, איך האָב זיך שוין מער נישט געשראָקען צו עפענען דאָס מויל ביי זיך אין צימער. איך האָב פולשטענדיג צוריקגעוואונען מיין אינערליכע גלייכגעוויכט און האָב זיך גענומען פילען זיכערער פון טאָג צו טאָג.

ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער טערמין פון דעם קאָנצערט אין היפּאָדראָם, וואָס האָט, לויט'ן פּראָגראַם, געדאַרפט זיין דער דריטער און איז פאַקטיש געווען דער צווייטער, ווייל דער מיטעלסטער קאָנצערט, אין קאַרנעגי האָל, איז דערווייל אַרויסגעפאַלען, האָב איך געזאָגט צו מיינע מענעדזשערס: קינדערלעך, מען קען פאָרען! דער וואָגען איז גוט געשמירט, און איך פאַרהאָף, אַז מער קיין שטרויכלונגען וועלען נישט זיין.

און דאָס מזל איז מיר דאָס מאָל ווירקליך בייגעשטאַנען. מיט זיכערע טריט האָב איך אַרויפגעשפּרייזט אויף דער ריזיגער עסטראַדע. איך בין נישט געגאַנגען, נאָר איך בין געפלויגען. עס האָט מיך געטראָגען אַ מעכטיגער אינערליכער כח פון גלויבען און זיכערקייט. דער כאָר האָט אָנגעשלאָגען די ערשטע אַקאָרדען און איך האָב מיך אַ ריס געטאָן מיט מיין שטימע, ווי איך וואָלט געוואָלט צומאַכען די מיילער פון די אַלע בייזע און נישט פאַרגינענדע מענשען, וואָס האָבען שוין באַצייטענס געריבען די הענט פאַר נחת, וואָס איך

האָב מיך איין מאָל אויסגעגליטשט און האָבען מיך שוין לעבעדיגערהייט באַ־גראָבען. זיי האָבען נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז מען איז נישט מער ווי אַ מענש, אַן איידעלער געוועב פון אומזעבאַרע מאַטעריעס, וואָס נישט שטענדיג ווירקען זיי אין האַרמאָניע, ווי מיר וואָלטען דאָס וועלען און באַגערען.

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דעם היפּאָדראָם, וואָס איז נישט געקוקט אויף מיין ערשטען דורכפאַל אין דער אָפּערע, דאָך געווען איבערפולט מיט אידען — איז מיר שווער צו שילדערען. דער ענטוזיאַזם פון דעם עולם איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט מיך ממש אויף די הענט אַראָפּגעטראָגען פון דער עסטראַדע אין אויטאָמאָביל אַריין. די גאַס איז געווען שוואַרץ, איך בין געווען באַטויבט פון די פריידיגע אויסרופען. איך האָב גוט באַמערקט די צאָל־רייכע אונגאַרישע אידען מיט זייער הייסען טעמפּעראַמענט, וואָס זיינען געקו־מען באַגריסען דעם בודאַפּעסטער חזן, וואָס האָט פאַרשאַפט נישט ווייניג כבוד זייער געמיינדע.

ווי מיט אַ צויבער־שטעקעלע איז אַראָפּגענומען געוואָרען פון מיר די חרפּה פון דעם ערשטען דורכפאַל אין דער מעטראָפּאָליטען אָפּערע. אויך די אידישע צייטונגען האָבען זיך דאָס מאָל צעזונגען מיט אָן אַ שיעור שבחים איבער קוואַרטינ׳ען, אַז דאָס מאָל איז דאָס שוין דער ריכטיגער קוואַרטין, נישט קיין געפּעלשטער, אַזוי ווי טויזענטער אידען האָבען אים געקענט פון זיינע תפילות אין די גראַמאָפאָן פּלאַטען, וועלכע זיינען נישט אַרויסגעגאַנגען פון קיין שום אידישער שטוב.

די בעסטע אָפּרופען אין די צייטונגען און אויך דער רום, וואָס האָט זיך גלייך צעשפּרייט איבער מיין אויסערגעוויינליכען ערפאָלג אין היפּאָדראָם, האָבען גלייך געבראַכט אַ שפע פון מענעדזשערס און גבאים פון שוהלען, וואָס זיינען אַראָפּגעקומען „דינגען" קוואַרטינ׳ען אויף אַ שבת אָדער אויף אַ קאָנצערט. און געיאָוועט האָבען זיי זיך פון אַלע עקען אַמעריקע. די ערשטע פינף שבתים האָט אָפּגעקויפט דער דיריגענט ראובן קאַזימירסקי צום פּרייז פון זיבעצען הונדערט דאָלער אַ שבת. די ערשטע טעג פסח האָט „אויסגעכאַפּט" אַ סאָסייעטי און האָט באַצאָלט צוויי טויזענט מיט פינף הונדערט דאָלער. און אַזוי האָט עס זיך געשאָטען ווי פון אַ לעכערדיגען זאַק.

נאָך ניו־יאָרק איז געקומען די ריי אויף די גרויסע שטעט: פילאַדעלפיע, פּיטסבורג, קליוולאַנד, שיקאַגאָ, מאָנטרעאָל, טאָראָנטאָ און וויניפּעג. דאָ האָבען שוין די אָרטיגע מענעדזשערס איינגעהאַנדעלט „האָלסעיל", צו דריי און פיר קאָנצערטען פאַר די קלענערע שטעט. מען האָט געצאָלט פאַנטאַסטישע פּרייזען, דעם רעקאָרד האָט געשלאָגען מיין שבועות׳דיגער דאַוונען אין שיקאַגאָ. די קאָנגרעגיישאָן „אַנשי שלום", וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אויף עשלאַנד בולוואַרד, מיט ראַבאַי שאול סילווער אין דער שפּיץ, האָט מיר באַצאָלט פאַר די צוויי טעג שבועות פיר טויזענט מיט פינף הונדערט דאָלאַר, און דערביי האָבען זיי געדאַרפט צושטעלען און באַצאָלען דעם כאָר.

אויב עס וועט אַמאָל געשריבען ווערען די געשיכטע פון חזנות ביי אידען — וועט דער געשיכטע־שרייבער נישט קענען אויסלאָזען, אַז יענע טריאומף־רייזע מיינע איבער אַמעריקע, נאָכדעם ווי איך האָב געליטען אַזאַ בראָך גלייך ביי מיין אָנהויב אין ניו־יאָרק, איז געווען עפּעס אַזעלכעס, וואָס מען האָט עס פריער בשום אופן נישט געקענט געפינען ביי קיין שום אידישען חזן אין דער וועלט. אין שיקאַגאָ האָבען אידען געריסען די בילעטען און געצאָלט ביז פופצען דאָלאַר פאַר דער מעגליכקייט צו הערען מיך דאַוונען שחרית און מוסף. דאָס איז געווען אַ סומע מיט געלט צו יענער צייט.

איך מיין נישט חלילה דערמיט צו זאָגען, אַז איך דאַרף פאַרשריבען ווערען אַלס דער בעסטער חזן, וועלכען אידען האָבען ווען עס איז געהאַט. איך ווייס גאַנץ גוט און גיב מיר אָפּ אַ חשבון, אַז עס זיינען געווען גרעסערע און בעסערע חזנים פאַר מיר. אָבער איך מוז מיר אַליין געבען קרעדיט, אַז איך האָב געוויסענהאַפט, ערליך און אויפ׳ן געטרייסטען אופן שטענדיג ערפילט מיינע פליכטען. מיין טיפער פאַרגעפיל בנוגע מיין דורכפאַל אין דער ניו־יאָרקער מעטראָפּאָליטען אָפּערע הויז און מיין אומווילען דעמאָלט ארויס־צוטרעטען, וואָס מען האָט ממש ארויפגעצוואונגען אויף מיר, איז דער בעסטער באַווייז, אַז איך בין נישט שטענדיג געגאַנגען אויף אַ זיכערער בריק, אַז איך האָט געהאַט דעם טיפסטען דרך־ארץ פאַר מיינע צוהערער און האָב געוואָלט ערשיינען פאַר זיי נאָר דעמאָלט, ווען איך בין געווען אויף אַלע הונדערט פּראָ־צענט זיכער, אַז איך וועל זיין אומשטאַנד זיי צו געבען דאָס, וואָס זיי ערוואַרטען פון מיר. ליידער האָט מען דאָס נישט געקאָנט זאָגען וועגען אַ סך אַנדערע קינסטלער צו יענער צייט, וועלכע האָבען גענומען דעם עולם אויפ׳ן זיכער און זיינען געווען פאַרגלויבט אין זיך מער ווי זיי זיינען געווען דערצו באַרעכטיגט.

# אַמעריקע ווערט מיין נייע היים

מיין מערקווירדיגער ערשטער באַזוך אין אַמעריקע, וואו מען האָט מיך אין אָנהויב שיעור נישט באַגראָבען ניין איילען אין דער ערד, און דערנאָך האָט מען מיך פּלוצלונג געגומען הויבען אין די הימלען אַריין, — די דאָזיגע געוואַלדיגע איבערלעבונג האָט מיר געגעבען די געלעגענהייט אַ סך נאָכצוטראַכטען איבער דעם פענאָמען, וואָס הייסט: ערפאָלג אין לעבען. איך בין קיינמאָל נישט געווען בלינדערהייט פאַרגלויבט אין זיך, דערפאַר האָב איך מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט געהיט, אַז די עבודת־הקודש, וואָס איך טו, זאָל אויסגעפירט ווערען ריין און ציכטיג, מיט דער גאַנצער קדושה, וואָס עס פאָדערט זיך פון אַן עכטען שליח ציבור.

איך בין קיינמאָל נישט צוגעגאַנגען צום עמוד, נישט אַדורכגייענדיג פריער פאַר זיך אַליין מיינע אייגענע אימפּראָוויזאַציעס, אָדער מיט'ן כאָר די קאָמפּאָזיציעס, וועלכע איך האָב געדאַרפט זינגען. אין מיין פופציג יעריגער חזנ'ישער קאַריערער האָב איך אויף קיין זעכציג סעקונדען קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיגט צו קומען אין צייט צו מיינע פונקציעס און גאָטעס־דינסטען. איך האָב מיר שטענדיג געגעבען די גרעסטע מי צו פאַרשטיין דעם כאַראַקטער און די פּסיכיק פון מיינע צוהערער און האָב זיך לויט מיינע בעסטע כחות באַמיט צו באַפרידיגען זייערע באַדערפעגישען.

איך האָב קיינמאָל נישט געזוכט קיין חסרונות אויף מיין געמיינדע אָדער פּרעזידענט, איך האָב נישט געזוכט זיי ווי צו טאָן. האָב איך עפּעס אַמאָל פאַר־לאַנגט פון זיי — האָב איך געזוכט דאָס צו דערגרייכען מיט טאַקט און ווירדע, און נישט מיט חוצפה. און עס איז אַ פאַקט, אַז אויף דעם וועג האָב איך שטענ־דיג דערגרייכט אַלץ, וואָס איך האָב פאַרלאַנגט. און גאַנץ אָפט האָב איך פאַר־לאַנגט גאָר נישט קיין לייכטע זאַכען, וואָס עס איז גאַנץ שווער געווען פאַר זיי נאָכצוגעבען.

איך האָב געשעצט און געאַכטעט מיין געמיינדע, און האָב שטענדיג גענאָסען פון דער זעלבער אַכטונג אויך פון זייער זייט. ווען איך בין געשטאַנען פאַר'ן עמוד — האָב איך פאַרגעסען אין די אַלע קליינליכע, ערדישע זאָרגען און פאַרלאַנגען צו דערגרייכען וואָס מער, צו פאַרזיכערען זיך די צוקונפט אויף אַ וואָס בעסערען אופן, ווי עס איז דער שטייגער מיט מענשען. איך האָב מיך איבערגעגעבען אויף אַלע הונדערט פּראָצענט צו דעם „לפני מי אתה עומד"

און האָב געזוכט צו געבען פון זיך דאָס שטאַרקסטע און דאָס פולסטע, וואָס איך בין געווען אומשטאַנד.

די ניו־יאָרקער לעקציע איז געווען פאַר מיר אַן איבעריגער באַוויז, אַז מען זאָל קיינמאָל נישט גיין איבער די אייגענע כחות, אַז אַ קינסטלער איידער ער טרעט אויף עפענטליך דאַרף זיך גוט איינהערען צו דער שטים פון זיין אייגע־נעם האַרצען און נישט צו די באַרימערייען פון די מענעדזשערס, אַז די קאַסע איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט און אַז די צייטונגען פויקען מיט דעם קינסטלער׳ס נאָמען. אויב די אינערליכע שטים פון׳ם האַרצען זאָגט אונטער: נישט אויפטרעטען — דאַרף מען די דאָזיגע שטים פאָלגען. און ווען איך האָב איין מאָל נישט געפאָלגט, האָב איך זיך שווער אויסגעגליטשט און האָב טייער דערפאַר באַצאָלט.

מיין דריי חדשים׳דיגער אורלויב אין אַמעריקע, וועלכען איך האָב געקראָגען צוגעטיילט פון מיין בודאַפּעסטער געמיינדע, האָט זיך גענומען דערנענטערען צום סוף. איינעם פון די לעצטע שבתים האָב איך באַשלאָסען צו ווידמען מיינע אונגאַרישע לאַנדסלייט אין זייער שוהל, וואו יאָסעלע ראָזענבלאַט ע״ה איז געשטאַנען אַלס קאַנטאָר. איך האָב געקראָגען די ערלויבעניש פון דעם גרויסען חזן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ איין שבת, און די גאַנצע הכנסה פון דעם דאַווענען, ביי צוועלף הונדערט דאָלער, האָב איך באַשטימט פאַר די באַאַמטע פון מיין בודאַפּעסטער געמיינדע. איך האָב געוואוסט, אַז די דאָזיגע געמיינדע איז שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרען נאָך דעם ערשטען וועלט־קריג און אַז די באַאַמטע האָבען געליטען נויט. דער בעסטער באַוויז איז געווען דער האַרציגער דאַנק־בריוו, וועלכען איך האָב פון זיי באַקומען, פאַר דער צוגעשיקטער הילף.

שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרען, ווי הויך מיין דאָזיגער באַשיידענער זשעסט איז אָפּגעשאַצט געוואָרען אין בודאַפּעסט דורך דעם פּרעזידענט און אַלע פאָרשטייער פון דער געמיינדע. עס איז געווען אַ זשעסט פון אַ מזרח־אייראָפּעאישען אידען, וואָס איז גאָר געווען אומבאַגרייפליך פאַר די „יעקעס" און „מאַדיאַרען" פון מיין טעמפּעל. איך בין געווען צופרידען, וואָס אפשר האָט איך מיט דעם מיטגעווירקט צו ענדערען זייער מיינונג וועגען די רוסישע אידען, וואָס איז ביי זיי קיינמאָל נישט געווען צו הויך.

ווען איך בין געשטאַנען דריי וואָכען פאַר׳ן אָפּלויפען פון מיין דריי חדשים׳דיגען אורלויב, האָב איך לויט׳ן קאָנטראַקט געדאַרפט האָבען נאָך צען קאָנצערטען. איך האָב געצווייפעלט צי איך וועל קענען זיין אין צייט צוריק ביי מיין געמיינדע, און דאָס געוויסען האָט מיך גענומען פּלאָגען, וואָס איך וועל דאַרפען בלייבען נישט קיין וואָרטסמאַן לגבי זיי. און ווי אויף צו להכעיס האָבען זיך אַ שאָט געטאָן פון אַלע זייטען קאָנגרעגיישאָנס און טעמפּלען, וועלכע האָבען מיך געוואָלט האָבען אויף ימים נוראים און אויף יערליכע שטעלעס. די סומען געלט, וואָס מען האָט אָנגעבאָטען פון אַלע זייטען, זיינען געווען ריזיגע.

מיינע מענעדזשערס און אויך מיינע קרובים האָבען גענומען איינ׳טענה׳ן מיט מיר, אַז עס וואָלט געווען די גרעסטע נאַרישקייט פון מיר איצט אַוועקצו־פאָרען פאַר די ימים נוראים, ווען דאָ שיטען זיך אַזעלכע טייערע אָנבאָטען. איך האָב דאַן אַוועקגעשריבען צו מיין געמיינדע אין בודאַפּעסט, אַז זיי זאָלען מיר באַוויליגען אַ וויטערדיגען אורלויב פון דריי חדשים, ווייל מען לאָזט מיך פונדאַנעט נישט אַוועק, און איך וויל טאַקע אויסנוצען מיין זיין אין אַמעריקע אויף אַרומצופאָרען איבער׳ן לאַנד און זיך בעסער באַקענען מיט דעם היגען אידישען לעבען. ביי זיך האָב איך פעסט געהאַט באַשלאָסען, אַז טאָמער וועט מיר מיין געמיינדע דעם וויטערדיגען אורלויב נישט געבען — וועל איך טאַקע נישט מאַכען קיין שהיות, פּאַקען די זאַכען און אַהיימפאָרען.

האָט גאָט געהאָלפען און די געמיינדע אין בודאַפּעסט האָט מיר דערלויבט צו בלייבען מחוץ דער היים אויף וויטערדיגע דריי חדשים. זיי האָבען אין יענעם מאָמענט נישט געוואוסט, אַז מיט דעם דאָזיגען איידעלען באַשלוס פון זייער זייט, האָבען זיי זיך אַליין געטאָן אַ רעה, ווייל — זיי האָבען מיך פאַרלוירען אַלס אויבער־קאַנטאָר שוין אויף שטענדיג. די פּאַסירונגען זיינען אַזוי אַוועק, אַז מיינע וועגען האָבען מער נישט געפירט קיין בודאַפּעסט.

קודם־כל האָב איך דערהאַלטען אַ בריוו פון בודאַפּעסט, פון מיין זון שלמה, אַז די באַדינגונגען אין אונגאַרן, נאָך מיין אַוועקפאָרען, האָבען זיך שטאַרק פאַרערגערט. דער טעראָר פון דעם האָרטי־רעזשים בושעוועט איבער דעם גאַנצען לאַנד און ווענדט זיך אין דער ערשטער רייע קעגען אידען. אידישע מלוכה־אָנגעשטעלטע, ווי: ריכטער, פּראָפעסאָרען, לערער, ווערען באַזייטיגט. אויף די אוניווערסיטעטען איז איינגעפירט געוואָרען אַ פּראָצענט־נאָרמע פאַר אידען, ווי אין די ערגסטע צאַרישע צייטען אין רוסלאַנד. אַ חוץ דעם הערשט אַ פולשטענדיגער עקאָנאָמישער קריזיס. דאָס לאַנד איז רואינירט און פאַר־אָרעמט צוליב די מלחמה־ און רעוואָלוציע־געשעענישען. ספּעציעל זיינען געטראָפען געוואָרען די אידישע סוחרים און בכלל דער אידישער מיטעל־קלאַס. דאָס האָט זיך שטאַרק אָפּגערופען אויף דעם טאַבאַק־טעמפּעל און אויף אַלע זיינע אָנגעשטעלטע. די הכנסה האָט זיך פאַרקלענערט און די אָנגעשטעלטע ליידען נויט.

מיין פאַרשטאָרבענער עלטערער זון, וועלכער האָט געלעבט אין ווין, האָט מיר געשילדערט אַן ענליך בילד פון דעם לעבען אין דער עסטרייכישער הויפּט־שטאָט. און ביידע האָבען זיי געהאַלטען אין איין איינ׳טענה׳ן מיט מיר, אַז איך זאָל נישט דערוועגען צו טראַכטען גאָר וועגען אומקערען זיך אין דער חרוב׳ער אייראָפּע דאַן, ווען איך געפין זיך שוין אין אַמעריקע און — ווי זיי הערען — האָב איך דאָ גרויס דערפאָלג. און זיי האָבען טאַקע נישט פאַרגעסען צוצוגעבען, אַז איך זאָל גאָרנישט באַלאַמוטשען און זען, אַז אויך זיי זאָלען קאָנען אַריבער־קומען אַהער, ווייל זיי זעען נישט פאַר זיך קיין שום צוקונפט אין אייראָפּע.

אויך מיין פאַרשוואונדענע טאָכטער, קלאַראַ, וועלכע איז געווען אין

געפּאַנגענשאַפט ביי די רומענער אין דער צייט פון מלחמה, איז צוריקגעקומען קיין ווין און, געוואויר ווערענדיג, אַז איך בין אין אַמעריקע צוזאַמען מיט איר עלטערער שוועסטער, — האָט זי מיך געגומען באַמבאַרדירען מיט בריוו, אַז למען השם, איך זאָל נישט דערוועגען צוריקצוקומען קיין אייראָפּע, נאָר איך זאָל בעסער זען זי אויך אַריבערצונעמען אַהער, אין דער נייער וועלט.

טאָמער איז דאָס נאָך אַלץ געווען ווייניג — איז נאָך צוגעקומען איין זעהר וויכטיגער פאַקטאָר, וואָס האָט שוין אינגאַנצען איבערגעקערט די וואָג־שאָל אויף דער זייט פון אַמעריקע קעגען אייראָפּע. מיין עלטסטע טאָכטער, אַנאַ, וועלכע איז מיטגעקומען מיט מיר קיין אַמעריקע אויף מיין טורנע פון קאָנ־צערטען און שבתים, האָט דאָ געפונען איר באַשערטען.

ווען מיין אַמעריקאַנער קוזין, אייבי קוואַרטין, האָט מיר געמאַכט דעם ערשטען אָנבאָט צו קומען קיין אַמעריקע און ער האָט מיר געשילדערט זיין פאַבריקאַציע פון פאַפּירענע שאַכטלען, ווי ער האָט פאַרלייגט אַן אייגענע פאַבריק, האָט ער דעמאָלט צוגעגעבען, אַז ער איז געווען געצוואונגען צוצונעמען אַ שותף, אַ יונגען אַדוואָקאַט, וואָס קען זיך אין די קליינע פּינטעלעך מער, ווי ער, אַברהמ׳על פון כאַנאַראַד. ער האָט מיר געשילדערט דעמאָלט, אַז דאָס איז אַ פיינער יונגערמאַן, וועלכער זאָרגט פאַר די אַלע אויסערליכע פאַרביג־דונגען, וואָס אַ פעקטאָרי אין אַמעריקע דאַרף האָבען, בעת ער, אַברהמ׳על, פאַרנעמט זיך מיט דער שוואַרצער אַרבייט, און ביידע צוזאַמען מאַכען זיי גאָרנישט שלעכט.

אברהמ׳על האָט מיר אויך געשריבען, אַז דער זעלבער שותף זיינער פון געשעפט האָט אויסגעדריקט זיין גרייטקייט צו ווערען אַ שותף אויך צו דער גרויסער אונטערנעמונג פון אַריבערברענגען מיך קיין אַמעריקע. ער לייגט אַריין געלט און העלפט אויסאַרבייטען די אַלע נויטיגע פּאַפּירען און טוט וואָס ער קאָן, אַז מיין קומען זאָל זיין אַ דערפאָלג. ווען מיר זיינען מידע און צעבראָכענע ענדליך אָנגעקומען אין ניו־יאָרקער פּאָרט אויף דער שיף „אַד־ריאַטיק״ און האָבען זיך קוים דערוואָרט צו זען אונזער קוזין, האָט ער אונז פאָרגעשטעלט זיין שותף, וועלכער האָט אָנגערופען זיין נאָמען: מיסטער שולמאַן.

אָט דער מיסטער שולמאַן איז שפּעטער געוואָרען מיין איידעם.

דער דאָזיגער שריט האָט מיך שוין ענדגילטיג פאַרקנופּט און פאַר־בונדען מיט אַמעריקע. כ׳האָב געפילט וואָס אַמאָל מער, אַז מיין צוקונפט איז פאַרבונדען מיט דעם דאָזיגען לאַנד און כ׳האָב אָנגעהויבען מאַכען צוגרייטונגען אַריבערצוברענגען מיינע איבעריגע קינדער, וועלכע האָבען זיך נאָך געוואַל־גערט אין דער חרוב׳ער אייראָפּע, נישט קאָנענדיג אָנקומען אין אַ הויכשול צוליב באַגרעניצונגען פאַר אידען.

אַ דריטער מאָמענט, וואָס האָט גערעדט פאַר מיין פאַרבינדען דעם ווייַ־טערדיגען גורל מיט אָט דעם מערקווירדיגען לאַנד וואָס הייסט אַמעריקע, איז

געווען — דאָס געוואַלדיגע געפיל פון פרייהייט, וואָס כ׳האָב דערשפּירט ווי נאָר כ׳האָב באַטראָטען דעם היגען באָדען. איך בין אַרומגעפאָרען חדשים־לאַנג איבער׳ן לאַנד און עמיצער זאָל דאָס מיך פרעגען וועגען אַ פּאַספּאָרט, ווער איך בין, פונוואַנען איך קום. דאָס לאַנד איז מיר אויך געפעלען, ווייל יעדער, וואָס פוילט זיך נישט צו אַרבעטען, געפינט דאָ אַ געלעגענהייט אַרויסצוהייבען זיך, צו אַנטוויקלען אַלע זיינע פעהיגקייטען.

אָבער ווען עס האָט זיך גענומען דערנענטערען דער טערמין פון די צווייטע דריי חדשים אורלויב, וואָס איך האָב באַקומען פון מיין געמיינדע אין בודאַפּעסט, האָב איך געשפּירט ווי עס נעמט בורטשען אין מיר אינעווייניג; עפּעס האָב איך געהאַט אַן אומריין געוויסען צוליב דער עוולה, וואָס איך קלייב מיך צו באַגיין לגבי מיינע טייערע בודאַפּעסטער אידען. זיי האָבען לגבי מיר געהאַנדעלט אַזוי פיין, וואָס פיינער קאָן שוין גאָרנישט זיין. זיי האָבען אויסגעצאָלט צו מיינע קינדער דעם פולען געהאַלט מיינעם אין דער צייט, וואָס איך בין געווען אין אַמעריקע, וויסענדיג גאַנץ גוט, אַז אין דער זעלבער צייט האָב איך דאָ געמאַכט שטיקער מיט געלט. און געטאָן האָבען זיי דאָס אין דער צייט, ווען פאַר מיין אַוועקפאָרען האָב איך זיי בפירוש געזאָגט, אַז איך באַפריי זיי פון די שכירות פאַר מיין אורלויב.

איך מוז דאָ דערקלערען בפני כל עם ועדה, אַז די בודאַפּעסטער קולטוס־געמיינדע איז געווען איינע פון די שענסטע אידישע געמיינדעס אין דער וועלט. נישט געקוקט אויף די האַלב־רעפאָרמירטע ראַבינערס, וואָס האָבען זיך באַמיט צו ענדערען איר אמת־אידיש פּנים, איז זי דאָך פאַרבליבען אַ אידישע קהילה מיט די שענסטע אידישע טראַדיציעס, מיט שטאַרקע עטישע פּרינציפּען, מיט אַ סיסטעם פון „צדקה בסתר״, וואָס וואָלט געווען אַ כבוד אַפילו פאַר אַזאַ קהילה ווי ניו־יאָרק. הונדערטער געפאַלענע פאַמיליעס, וואָס זיינען אַמאָל געווען רייך, זיינען אַרויסגעהאָלפען געוואָרען דורך אָט דער קהילה אויף אַ שטילען און איידעלען אופן, אַז קיינער האָט זיך גאָרנישט אָנגעשטויסען, פונוואַנען אָט די פאַמיליעס לעבען. איך האָב באַהאַלטען אין מיין האַרצען די שענסטע געפילען פאַר זיי און זייער אַרבייט.

עס זיינען געווען דאָרט אידען, וואָס האָבען זייער אונגאַרישען פּאַטריאָטיזם געשטעלט העכער פאַר זייער אידישקייט, וואָס האָבען טיילמאָל זיך אַפילו געשעמט מיט זייער אידישער אָפּשטאַמונג און האָבען אונזערען אַ אידען, פון רוסלאַנד, פוילען אָדער ליטע, געהאַסט מיט אַ טיפער שנאה. אָבער איך מוז דאָך זאָגען, אַז זיי זיינען בטל בששים געוואָרען אין דעם ים פון טייערע, האַרציגע און ווירדיגע אידען, וואָס האָבען הויך געטראָגען די פאָן פון אידישע טראַדיציעס און האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט די איידעלסטע אידישע מידות.

דאָס געוויסען האָט מיך געמאַטערט, וואָס איך דאַרף זיי איצט אַזוי אָפּצאָלען פאַר זייער נאָבעלער האַנדלונג לגבי מיר, וואָס איך וועל אַפילו נישט קומען צו זיי אויף די ימים נוראים. מיין אַלטער פריינט, בעהם, האָט מיר געשריבען

פון בודאַפּעסט, אַז די לאַגע פון דער געמיינדע איז זעהר אַ שווערע און אַז זיין עצה איז, איך זאָל זיך פאַרהאַלטען אין אַמעריקע אַזוי לאַנג ווי איך קאָן. אָבער דוקא דערפאַר, וואָס איך האָב געהערט, אַז זייער לאַגע איז אַ שווערע, האָט זיך מיר געוואָלט זיין מיט זיי, און אפשר וואָלט מיין אָנוועזענהייט ביי זיי אויף די ימים נוראים מיט עפּעס וואָס פאַרבעסערט זייער לאַגע.

אָבער דאָס לעבען איז געווען שטאַרקער ווי אַלע מיינע פאַרבאָרגענע וואונשען. זעענדיג, אַז איך וועל שוין נישט קאָנען באַוויייזען צו קומען אַהיים צו מיין געמיינדע אויף די ימים טובים, האָב איך זיי אָנגעשריבען און דער־קלערט דעם גאַנצען אמת, אַז מען לאָזט מיך פונדאַנעט בשום אופן נישט אַוועקפאָרען פאַר די ימים נוראים און אַז איך האָף מיט דער צייט זיי צו פאַרגיטיגען פאַר די אומאַנגענעמליכקייטען, וואָס איך פאַרשאַף זיי מיט מיין נישט קומען צו דער צייט.

זייער ענטפער איז געווען, אַז מיט טיפען באַדויערען נעמען זיי אויף די ידיעה, אַז איך וועל נישט זיין מיט זיי די ימים טובים, נאָר אַזוי ווי איך שטעל זיי פאַר אַ געשעענעם פאַקט, וועלכען זיי זיינען נישט אומשטאַנד צו ענדערען, ווינטשען זיי מיר אַ סך גליק און זיי האָפען, אַז גלייך נאָך די ימים טובים וועל איך זיך געוויס צו זיי אומקערען. אויך אין דעם ענטפער איז געווען פיינקייט און איידעלקייט אָן אַ שיעור, וועלכע איך האָב געמוזט אָפּשאַצען. ליידער בין איך געווען הילפלאָז זיי פּראַקטיש צו העלפען. אַלע געשעענישען זיינען געווען קעגען דעם, אַז איך זאָל זיך נאָך ווען עס איז אומקערען צו די דאָזיגע איידעלע מענשען און פיינע אידען.

מיינע מענעדזשערס האָבען דערוויל נישט גערוט. זיי האָבען געזען, אַז עס איז מיר אָנגעקומען גאַנץ שווער זיך צו אַנטשליסען נישט צוריקצופאָרען קיין אייראָפּע, האָבען זיי מיך געוואָלט איבעררואַשען מיט די גרויסע סומעס געלט, וואָס עס שטייט מיר פאַר צו פאַרדינען מיט מיין דאַוונען די ימים נוראים אין אַמעריקע. זיי האָבען דערקלערט, אַז זיי פּלאַנען צו נעמען דעם ריזיגען מאַסאָניק־טעמפּעל אין ברוקלין פאַר דעם דאָזיגען צוועק. איך האָב זיך ביז צו דער לעצטער רגע געשלאָגען מיט דער דעה, ווייל איך האָב ביי זיך אין האַרצען באַטראַכט מיין האַנדלונג לגבי דער בודאַפּעסטער געמיינדע ווי אַ בפירוש'ן פאַרראַט.

עס האָט זיך נישט געהאַנדעלט וועגען די בלויזע ימים נוראים. איך האָב בפירוש געפילט, אַז דאָ שטייט אין קאָן מיין גאַנצע צוקונפט: בלייב איך שוין אין אַמעריקע, אָדער איך קער זיך אום קיין אייראָפּע. די קינדער האָבען גע־האַלטען אין איין באַמבאַרדירען, אַז איך זאָל זיי וואָס שנעלער אַריבערנעמען, און אויך די מאַטעריעלע לאַגע מיינע אין אַמעריקע האָט צוגעזאָגט צו זיין אַ סך זיכערער ווי אין דער אַלטער היים. איז געבליבען בלויז דער סענטימענט מיינער פאַר דעם בודאַפּעסטער טעמפּעל, פאַר זייער פיינער און נאָבעלער באַנעמונג לגבי מיר. דאָס לעבען האָט באַוויזען, אַז דער דאָזיגער בלויזער

סענטימענט איז נישט געווען געגנוג צו ענדערען דעם ווייטערדיגען וועג פון מיין לעבען.

איך האָב אָפּגעדאַווענט די ימים־נוראים אין דעם דערמאָנטען מאַסאַניק־טעמפּעל און כ׳האָב, ווייזט אויס, געמוזט גאָר שטאַרק אויסנעמען ביי די ברוקלי־נער אידען, ווייל גלייך צווישען ראש השנה און יום־כיפור האָט זיך צו מיר געמאָלדען אַ קאָמיטע פון דעם טעמפּעל עמנואל אין באָראָ־פּאַרק, מיט זייער פּרעזידענט פראַנק בראַש, און האָט מיר אָנגעבאָטען איבערצונעמען ביי זיי די יערליכע שטעלע אַלס אויבער־קאַנטאָר. אויף מיין פראַגע: ווער עס איז ביי זיי איצט קאַנטאָר, האָבען זיי געענטפערט: יאָ, זיי האָבען געהאַט אַ חזן אין פאַרלויף פון דרייצען יאָר, נאָר איצט האָבען זיי באַשלאָסען אים אָפּצוזאָגען.

איך בין געוואָרען אַזוי אין כעס פון דעם ענטפער, אַז איך האָב זיי גלייך אויפ׳ן אָרט דערקלערט, אַז אַ קאָנגרעגיישאָן, וואָס קאָן אָפּזאָגען איר חזן נאָך דרייצען יאָר, קאָן מיט מיר נישט פאַרהאַנדלען וועגען אָננעמען ביי זיי אַ פּאָסטען. זיי זיינען אַוועק פון מיר ווי אָפּגעשמיסענע. אין דער זעלבער צייט האָט זיך געמאָלדען אַ מענעדזשער, וואָס האָט מיך ווידער געוואָלט „אָפּקויפען" אויף צוואַנציג ביז פינף און צוואַנציג קאָנצערטען, אָבער איך האָב דאָס אַלץ אָפּגע־לייגט ביז נאָך די ימים טובים, ווען איך וועל ענדגילטיג באַשליסען, צי איך בלייב אַ היגער אָדער אַ „דאָרטיגער".

מיין קוזין, אברהם קוואַרטין, איז אויך נישט געשלאָפען. אין איין שיינעם טאָג האָט ער מיר געמאָלדען, אַז ער פירט פאַרהאַנדלונגען מיט דער בראַנזוויק גראַמאָפאָן קאָמפּאַני וועגען אַריינזינגען אין רעקאָרד׳ס, און אַז ער האָפט די זאַך דורכצופירען מיט דערפאָלג, און אַז דאָ האַנדעלט זיך נישט וועגען קיין קלייניגקייט: ס׳גייט אין אַ סומע פון צענדליגער טויזענטער דאָלאַרען. מיט איין וואָרט: אַמעריקע האָט געשמייכעלט צו מיר מיט אַלע אירע טויזענטער פאַרבען, זי האָט געלאַקט און גע׳כישופ׳ט מיט איר גרעסטען צויבער: וואוילשטאַנד און דערפאָלג אין לעבען.

נאָך דעם אויסערגעוויינליכען דערפאָלג, וואָס עס האָט געהאַט מיין ימים־נוראים׳דיגער דאַווענען אין מאַסאַניק־טעמפּעל, איז שוין נישט געווען מער קיין שום צווייפעל, אַז איך בלייב אַ היגער. ס׳איז מיר געבליבען נאָר פאָרמעל צו מעלדען מיין געמיינדע אין בודאַפּעסט, אַז צוליב מיינע קינדער, פון וועלכע איינע האָט איינגיכען חתונה אין אַמעריקע און די איבעריגע רייסען זיך אַהער, ווייל זיי קאָנען נישט פאַרזעצען זייער בילדונג אין איראָפּע, — צוליב דעם אַלעם בין איך מיט אַ שווער האַרץ געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגען אויף שטענדיג פון מיין פּאָסטען אַלס אויבער־קאַנטאָר פון טאַבאַק־טעמפּעל.

עס איז נישט אַריבער קיין עטליכע וואָכען, ווי אַ קאָמיטע פון דעם טעמ־פּעל עמנואל אין באָראָ־פּאַרק, דאָס מאָל מיט זייער נייעם פּרעזידענט, הער היפ, איז ווידער געקומען צו מיר, אַז איך זאָל איבערנעמען ביי זיי די שטעלע פון אויבער־קאַנטאָר. זיי האָבען זיך געמאַכט נישט וויסענדיג, וואָס כ׳האָב שוין

זיי איינמאָל אַוועקגעשיקט, ווייל זיי האָבען געהאַט די חוצפה אָפּצוזאָגען אַ פּרי־ערדיגען חזן, וואָס איז ביי זיי געשטאַנען גאַנצע דרייצען יאָר. נאָר אַזוי ווי עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען „ביזנעס״, — האָבען זיי גערעכענט, אַז סוף כל סוף וועל איך מער נישט באַרירען אָט די „נאַרישקייט״.

דאָס איז געווען אַ טעמפּעל פון רייכע אידען, אָבער ער האָט געקאָנט אַריינגעמען בלויז אַכט הונדערט מענשען. האָבען זיי באַשלאָסען דעם טעמפּעל צו פאַרגרעסערען ביז זעכצען הונדערט זיץ־פּלעצער, וואָס עס האָט זיי אַריינגע־טריבען אין אַ גרויסער הוצאה פון הונדערט און צוואַנציג טויזענט דאָלאַר. נו, האָבען זיי דאָס איצט געזוכט אַ „קראַפט״, וואָס זאָל זיי העלפען צוריק אַריינצוקריגען דאָס געלט, וואָס זיי האָבען גע׳פּטר׳ט אויפ׳ן בנין, און אַרויס־צוקריכען פון די חובות.

אַזוי ווי דער הער היפּ איז געווען אַ גוטער ביזנעסמאַן, איז ער גלייך צוגעטרעטען צו ריידען תכלית. מה יקר? — האָט ער מיך געפרעגט. — וויפיל שכירות פאַרלאַנגט איר פון אונז אַ יאָר? מיין ענטפער איז געווען אַ קלאָרער: כל זמן זיי וועלען מיר נישט גאַראַנטירען, אַז דער חזן, וואָס איז געווען ביי זיי אין פאַרלויף פון דרייצען יאָר, וועט ביי זיי ווייטער פאַרבלייבען צווייטער קאַנטאָר און וועט זיין באַזאָרגט מיט פּרנסה — וויל איך מיט זיי גאָרנישט ריידען און זיי וועלען מיינע באַדינגונגען קיינמאָל נישט הערען. דער אמת איז געווען, אַז איך האָב דעם דאָזיגען קאַנטאָר קיינמאָל פאַר די אויגען נישט געזען. עס איז מיר געגאַנגען אין פּרינציפּ קיינעם נישט משיג גבול צו זיין, אַזוי ווי מיר זיינען דאָס געוואוינט געווען אין אונזער אַלטער אייראָפּע.

מיינע גבאים האָבען אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגען: זיי זיינען נישט געוואוינט געווען צו אַזעלכע דיבורים, און זיי האָבען שיעור מיך נישט גע־פרעגט: „וואָס איז דאָס אייערע ביזנעס?״, אָבער איך האָב פעסט באַשלאָסען פון מיינס נישט אָפּצוטרעטען.

# מיין חזנות־שטעלע אין ברוקלין

איך האָב אויפגעקלערט מיינע קומענדיגע בעלי־בתים פון טעמפעל עמנואל, אַז אין אַלע אידישע קהילות אין אייראָפּע איז געווען אָנגענומען ווי אַ מנהג, אַז ווי באַלד אַ קאַנטאָר ווערט אויפגענומען אויף אַ יאָר צייט און מען איז מיט אים צופרידען דאָס ערשטע יאָר — בלייבט ער שוין אויף דער שטעלע ס׳גאַנצע לעבען. איך קאָן מיר דעריבער נישט דערלויבען אָוועקצונעמען ביי זייער חזן די שטעלע און ער זאָל בלייבען אָן פּרנסה.

איך האָב זיי דאַן געפרעגט וויפיל עס באַקומט ביי זיי דער ביז איצטיגער קאַנטאָר, — האָבען זיי געענטפערט, אַז פופצען הונדערט דאָלאַר אַ יאָר. אויף מיין צווייטער פראַגע, אויף ווי לאַנג זיי ווילען מיך אַנגאַזשירען, איז געווען דער ענטפער, אַז אויף פינף יאָר. האָב איך זיי דאַן געזאָגט: מיין ערשטער באַדינג איז, אַז זיי זאָלען דעם פריערדיגען קאַנטאָר צאָלען נישט פופצען הונדערט, נאָר אַכצען הונדערט דאָלאַר אַ יאָר, און אים אויך געבען אַ קאָנטראַקט אויף פינף יאָר, און ער וועט בלייבען אין טעמפעל אַלס צווייטער קאַנטאָר, און מעגליך קריגען נאָך אַן אַנדער באַשעפטיגונג, וואָס זיי וועלען געפינען פאַר נויטיג אים צו געבען. אויב זיי נעמען אָן דעם דאָזיגען באַדינג, וועט מען ערשט דעמאָלט קאָנען צוטרעטען צו באַטראַכטען מיינע ווייטערדיגע פאָדע־רונגען.

די אידען האָבען זיך איבערגעקוקט איינער מיט דעם אַנדערען און האָבען זיך געטראַכט: וואָס פאַר אַ מין „טשודאַק" איז דאָס דער קוואַרטין, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון אייראָפּע לערנען אַמעריקאַנער גבירים ווי אַזוי צו באַגיין זיך מיט זייערע קהל׳שע אָנגעשטעלטע? וואָס הייסט עס עפּעס, אַז אַן אַמעריקאַ־נער פּרעזידענט מיט זיינע „טראַסטיס" און מיט אַלע זיינע „מעמבערס" זאָלען נישט קאָנען אַרויסוואַרפען אַן איינפאַכען חזן, ווען זיי וועלען דאָס געפינען פאַר נויטיג?

איך האָב זיי געגעבען אַ משל, ווי איינער וואָלט גענומען אַ יונג שיין ווייבעל, אויסגענוצט איר שיינקייט און יוגענט, און דערנאָך, זעענדיג אַ פריש ווייבעל, וואָס לאַקט מיט איר יוגענטליכקייט, וואָלט ער באַשלאָסען די ערשטע אָוועקצוואַרפען און חתונה האָבען מיט דער צווייטער. ווי וואָלט די געזעל־שאַפט געקוקט אויף אַזאַ פאַרשוין? וואָלט זי אים נישט פאַרדאַמט מיט די שאַרפסטע ווערטער? — איז אויב אַ יחיד איז דאָס פאַרבאָטען צו טאָן דורך

אומגעשריבענע מאָראַלישע געזעצען, פאַרוואָס זאָל אַזוי מעגען האַנדלען אַ אידישע קהילה, וואָס דאַרף דאָך זיין אַ מוסטער פאַר דעם יחיד?

די אידען זיינען געזעסען, עפּעס האָט אין זיי געבורטשעט אויסצוהערען פון מיר אַזעלכע מוסר־רייד, אָבער זיי האָבען נישט געהאַט וואָס מיר צו ענטפערען. סוף כל סוף זיינען זיי אַריין אין אַ באַזונדערען צימער און האָבען זיך דאָרט עטליכע מינוט באַראַטען. אַרויסקומענדיג, האָבען זיי פאַרשעמטערהייט געמאָלדען, אַז זיי נעמען אָן מיין ערשטען באַדינג, אָבער זיי חלש'ן שוין צו הערען וואָס עס זיינען מיינע אייגענטליכע באַדינגונגען, דאָס מיינט: מה יקר?

איך האָב זיי דערקלערט, איז איך פאַרלאַנג פופצען טויזענט דאָלאַר אַ יאָר שכירות פאַר דאַוונען דריי מאָל אין חודש; זיי דאַרפען צושטעלען אַן ערשט־קלאַסיגען כאָר און דאַרפען מיר אויך געבען אורלויב (אויף דעם היגען לשון: וואַקעישאַן), וואָס זאָל זיך אָנהויבען באַלד נאָך שבועות ביז די ערשטע סליחות.

זעט אויס, אַז דאָס זיינען נישט געווען אַזעלכע שווערע באַדינגונגען פאַר זיי, ווייל גלייך אויף דער שטעל האָבען זיי מיר אָנגעבאָטען צוועלף טויזענט דאָלער אַ יאָר. מיר זיינען זיך צעגאַנגען דערמיט, אַז זיי וועלען רופען אַ פאַר־זאַמלונג פון די מתפללים און זען, וואָס זיי קאָנען טאָן אויף נאָכצוגעבען מיינע פאָדערונגען. מיר אין דער משפחה האָבען דערווייל באַשלאָסען, אַז עס וועט זיין אַ סך געזונטער פאַר מיר איבערצונעמען אַ שטענדיגע שטעלע, איידער כסדר אַרומצופאָרען, און אַז עס איז שוין צייט צו פאַרפירען אַ שטוב און אַראָפּצוברענגען די קינדער און ווידער זיין אַלע צוזאַמען.

אין אַ וואָך אַרום איז דער הער היפּ מיט זיינע טראַסטיס ווידער געקומען, און זיי האָבען מיר געמאָלדען, אַז דער גרונט־לוין מיינער קאָן נישט זיין העכער ווי צוועלף טויזענט דאָלאַר אַ יאָר, נאָר זיי נעמען זיך אונטער איינצואָרדענען מיר יעדעס יאָר אַ חנוכה־קאָנצערט און פאַרפליכטען זיך צו פאַרקויפען אַלע קאַרטען. איך האָב די באַדינגונגען אָנגענומען. איין זאַך האָב איך נאָך געפאָדערט: אַריינצושרייבען אין קאָנטראַקט, אַז נעילה זאָל דאַוונען דער צווייטער קאַנטאָר, כדי נישט צו פאַרלעצען זיינע געפילען און צו געבען אים אַ מאָראַלישע באַ־פרידיגונג. אויך דעם באַדינג האָבען זיי אָנגענומען.

בין איך, הייסט עס, שוין געווען אַ ברוקלינער חזן מיט אַ פעסטען לוין, אָבער דאָס האָט מיר נישט געשטערט אָפּצושליסען אַ קאָנטראַקט מיט אַ מע־נעדזשער פון סענט לואיס וועגען אַ סעריע פון צוואַנציג קאָנצערטען צו זעקס הונדערט מיט פופציג דאָלער פאַר אַ קאָנצערט, און די גאַנצע סעריע האָב איך גדאַרפט אָפּ'פטר'ן אין פאַרלויף פון איין חודש צייט. בריה'שע יאָרען זיינען דאָס געווען, און נישט מיט קיין קליין געפיל פון קנאה קוק איך היינט אַריבער צו זיי.

דעם ערשטען יאַנואַר פון יאָר 1921 האָב איך אָנגעהויבען דאַוונען אין טעמפּעל עמנואל, אין באָראָ־פּאַרק. איך האָב געהאַט צו הילף אַ וואונדערבאַרען כאָר אונטער דער לייטונג פון באַרימטען דיריגענט, זאַוול זילבערט, וועלכער

האָט באַװיזען אײנצושטעלען צװישען אונז אַ גלענצענדע האַרמאָניע. דער דערפאָלג איז געװען אַן אויסערגעװײנליכער, און מיר דאַכט, אַז די ברוקלינער אידען האָבען געהאַט יעדען גרונט צו זײן צופרידען פון דעם „שידוך״, װאָס זײ האָבען מיט מיר געשלאָסען.

ערװאַרטענדיג מײנע קינדער פון אײראָפּע, האָב איך צוגעגרײט אַ גרויסע װאוינונג פון זיבען צימערען אין ברוקלין. און אין דער זעלבער װאוינונג איז מיר אײנגיכען אויסגעקומען צו פירען צו דער חופּה מײן ערשט קינד, אַנאַ. גלײך נאָך דער חתונה האָב איך אונטערגענומען מײן קאָנצערט־טורנע, װאָס איך האָב געהאַט אָפּגעשלאָסען מיט׳ן סעינט לואיס׳ער מענעדזשער. אָבער איך מוז זיך מודה זײן, אַז מיט דעם דאָזיגען טורנע האָב איך אָפּגעטאָן אַן אומבאַרעכענטע זאַך, װאָס איך האָב שפּעטער שטאַרק באַדויערט. אין פאַר־לויף פון אַ קאַרגען חודש אויפצוטרעטען און צו זינגען זעקס און צװאַנציג מאָל — דאָס איז שוין געװען איבער די כחות אַפילו פון אַזאַ קרעפטיגען און זיך גוט פילענדען מענשען װי איך בין דעמאָלט געװען. װי אַ בײשפּיל דערמאָן איך דאָ, אַז איך האָב געדאַרפט זינגען: פרײטאָג צונאַכטס צו קבלת שבת, אײנדערפרי שחרית און מוסף, שבת בײנאַכט — אַ קאָנצערט, און זונטאָג — צװײ קאָנצערטען אין צװײ באַזונדערע שטעט. נאָר דאַנקען גאָט, אַז מען איז געװען געזונט און מען האָט דאָס געקענט באַװײזען. איך בין צוריקגעקומען פון דעם טורנע אַ צעבראָכענער מענש, און האָב מיר געגעבען דאָס װאָרט, אַז איך װעל שוין פאַרזאָגען אַ צענטען...

מײנע זין זײנען דערװײל געקומען פון אײראָפּע, און האָבען זיך גענומען לערנען ענגליש, כדי צו קענען אָנקומען אין די אַמעריקאַנער אוניװערסי־טעטען. דאַגעגען מײן אינגערע טאָכטער, קלאַראַ, איז געבליבען אין װין, װאו זי איז אויפגענומען געװאָרען אין דער דאָרטיגער פאָלקס־אָפּערע. איך האָב זיך מיט לײב און לעבען איבערגעגעבען מײן טעמפּעל־דינסט. איך האָב געדאַװענט דעם ערשטען פּסח צו דער גרויסער הנאה פון די טויזענטער מתפּללים. אַ גרויסער טײל פון דעם געװאַלדיגען דערפאָלג איז געקומען דעם דיריגענט זילבערט מיט זײן פּרעכטיג אײנשטודירטען כאָר. עס איז געװען אַ נחת און אַ פאַרגעניגען צו זינגען אונטער דעם כאָר מיט זײן דיריגענט, אָבער לײדער האָט דאָס פאַרגעניגען לאַנג נישט אָנגעהאַלטען. װאָס פאַר אַ גוטער דיריגענט און מוזיקער זילבערט איז געװען, איז ער צו דער זעלבער צײט געװען אַ נערװעזער, אומגעדולדיגער און אײפערזיכטיגער מענש.

ער האָט אין טעמפּעל עמנואל פאַרנומען דעם שענסטען פּאָסטען, װאָס אַ אידישער דיריגענט האָט צו יענער צײט פאַרנומען אין אַמעריקע. זײן געהאַלט איז געװען דרײ טויזענט דאָלער אַ יאָר אַ חוץ גרויסע זײטיגע הכנסות. ער האָט געהאַט אין זײן רשות אַ כאָר מיט די בעסטע שטימען, אָבער ער איז שטענדיג אַרומגעגאַנגען אַן אומרואיגער און האָט כסדר געהאַט טענות צו די גבאים פון טעמפּעל, הלמאי קװאַרטין נעמט מער פאַר אים. דאָס האָט

אים אויפגעגעסען. ער האָט אויך געהאַט טענות צו מיר, פאַרוואָס איך שטעל זיך נישט איין פאַר אים ביי די גבאים, ביים פּרעזידענט און די טראָסטיס, אַז מען זאָל אים געבען כאָטש פינף טויזענט דאָלער אַ יאָר. איך האָב אים מיט דער גאַנצער אויפריכטיגקייט פאַרזיכערט, אַז איך וואָלט גאָרנישט געהאַט געגען דעם, אַז מען זאָל אים צאָלען די זעלבע סומע וואָס מיר. איך האָב גערעדט פאַר אים אַ סך מאָל, אָבער איך האָב גאָרנישט געקענט אויספּירען.

דער סוף איז געווען, אַז זילבערט האָט געשטעלט אַן אולטימאַטום צום טעמפּעל, און ווען מען האָט זיינע פאָדערונגען נישט נאָכגעגעבען, איז ער אויפגעשטאַנען און אַוועקגעגאַנגען. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ גרויסער פאַר־לוסט און עס האָט מיר זייער לייד געטאָן. אויף זיין אָרט איז אַנגאַזשירט געוואָרען אַלס דיריגענט דער פּראָפעסאָר בראַסלאַווסקי, אַן ערשטקלאַסיגער מוזיקער און גוטער דיריגענט און מיט דער צייט האָבען מיר זיך צוזאַמענ־געלעבט און געאַרבעט אין פולער האַרמאָניע.

נאָר ווייזט אויס, אַז אַזוי איז שוין די מענשליכע טבע: מקנא צו זיין דעם, וואָס דערגרייכט אַ בעסערע פּאָזיציע אין לעבען. און גאַנץ אָפט איז דאָס דאָזיגע קנאה־געפיל גאָרנישט קיין פריידליך געפיל; עס באַגנוגענט זיך נישט מיט פעסטשטעלען, אַז דעם און דעם גייט עס בעסער אויף דער וועלט צוליב באַשטימטע סיבות, וועלכע זיינען געשאַפען געוואָרען דורכ׳ן גורל. אָ, ניין, דאָס געפיל פון קנאה נעמט גאַנץ אָפט אַן שאַרפע פאָרמען פון נישט פאַרגינען, פון פיינט קריגען דעם, וואָס האָט דערגרייכט אַ העכערען שטאַפּעל אויף דעם סאָציאַלען לייטער פון לעבען, און פון דאַנעט איז שוין אַ קורצער שפּאַן צו נעמען זיך גראָבען אונטער דעם, וועמען מען פאַרגינט נישט, צו זוכען אים צו שעדיגען און אויב מעגליך — אים אינגאַנצען צו פאַרניכטען און אַזוי אַרום פּטור צו ווערען פון דעם געשפּענסט, וואָס שטייט כסדר פאַר די אויגען און לאָזט נישט באַקומען דאָס אייגענע לעבען.

אין מיין לאַנגער קהל׳ישער און געזעלשאַפטליכער קאַריערע האָב איך זיך צענדליגער מאָל אָנגעטראָפען אויף דער דאָזיגער קראַנקהאַפטער דער־שיינונג. וואָס האָב איך געזאָלט טאָן, אַז דער גורל האָט געשמייכעלט צו מיר און האָט מיך שטענדיג אַרויסגעהויבען איבער די דורכשניטליכקייטען, וואָס האָבען מיך אַרומגערינגעלט. דאָס איז דאָך געווען די מתנה פון גאָט, וואָס האָט געשיינט ווי אַ ברילִיאַנט, האָט גע׳כישופ׳ט אייגענע און פרעמדע, האָט מיך געמאַכט פאַר דעם הערשער דאָרטען, וואו אַנדערע זיינען אַרומגעגאַנגען אונ־טערטעניג, מיט שטילע טריט, און האָבען אָפטמאָל מורא געהאַט דאָס מויל אויפצומאַכען.

אָט אַזאַ פיינליכען פאַל פון אייפערזוכט און טיפער קנאה איז מיר טאַקע אויסגעקומען דורכצומאַכען אין יענער צייט, ווען איך בין געשטאַנען אַלס אויבער־קאַנטאָר אין טעמפּעל עמנואל אין באָראָ־פּאַרק. דאַכט זיך, אַז צווישען אידישע כלי קודש וואָלטען נישט־פאַרגינעריי און אייפערזוכט נישט געדאַרפט

האָבען קיין אָרט, האָט זיך אָבער דער דאָזיגער יצר הרע דוקא פעסט באַקרעפ־טיגט אין די דאָזיגע קרייזען, און דאָס האָט נישט וויייניג שאָדען געבראַכט דעם אידישען קהל׳שען לעבען.

דאָס מאָל איז עס שוין נישט געווען קיין צווייטער חזן אָדער דיריגענט, וואָס האָט שווער איבערגעלעבט דעם פאַקט, וואָס מיין לוין איז גרעסער פאַר זיינעם. ניין, עס איז געווען אַ ראַבאַי, דער אָפיציעלער רב פון טעמפעל, וואָס האָט אייגענטליך געדאַרפט זיין דער גייסטיגער מנהיג פון זיין קהלה, אָבער פאַקטיש איז ער אין זיין קנאה־שנאה דערגאַנגען ביז... אַרויסוואַרפען אַלטע תפילות פון מחזור, כדי איך זאָל זיי נישט זינגען. אַזוי פאַרבלענדט איז ער געווען געגען מיר.

# אַ ראַבאַי, וואָס וויל מל זיין דעם אַלטען אידישען סידור און מחזור

דעם ראַבאַי וועל איך נישט אָנרופען ביים נאָמען, ווייל טאָמער לעבט ער און איז טעטיג ערגעץ וואו אין אַמעריקע, זאָל ער זיך נישט דאַרפען שעמען, ווען אים וועט אויסקומען צו לייענען די דאָזיגע שורות. מען קען זאָגען, אַז פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס איך האָב איבערגעטראָטען די שוועל פון טעמפּעל עמנואל, האָט ער זיך פאַרלייגט אויף מיר און האָט מיר נישט פאַר־גונען די מאָראַלישע און מאַטעריעלע פּאָזיציע, וואָס איך האָב אין אָט דעם טעמפּעל פאַרנומען.

עס איז געווען איינגעשטעלט ווי אַ פּרינציפּ אין אַמעריקע, אַז דער ראַבאַי שטייט העכער פאַר דעם קאַנטאָר. צי דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל דער קאַנטאָר איז נישט געווען קיין אויסגעשפּראָכענע פּערזענליכקייט, וואָס האָט געצוואונגען אים צו שענקען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט, צי ווייל דער ראַבאַי איז באמת געווען דער ריכטיגער גייסטיגער מנהיג פון זיין געמיינדע און דערמיט האָט ער זיך אַרויסגעשטעלט אויפ׳ן ערשטען פּלאַץ, — אַ פאַקט איז, אַז אַזוי האָט זיך לאַנגע יאָרען געפירט אין אַמעריקע. ווען איך בין געקו־מען אין טעמפּעל אַריין, וואו מ׳האָט מיר נאָכגעגעבען אַלע מיינע פאָדערונגען און איך האָב גלייך פאַרנומען אַ פירענדע שטעלונג, מ׳האָט זיך צוגעהערט צו מיין יעדען וואָרט און וואונק, איז דאָס אָט דעם ראַבאַי נישט געפעלען געוואָרען און ער האָט זיך אָנגעהויבען צו ווערען קעגען דעם.

ער האָט אָנגעהויבען צו פירען אינטריגעס געגען מיר און זעענדיג, אַז ער קען גאָרנישט אויספירען, האָט ער די גבאים פון טעמפּעל געשטעלט אַן אולטימאַטום: אָדער ער, אָדער איך. האָט די קאָנגרעגיישאָן נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און האָט געענטפערט: איך... דאָס הייסט, אַז אויב דעם ראַבאַי געפעלט נישט, ווי אַזוי די קאָנגרעגיישאָן באַציט זיך צו מיר — קען ער גיין. און ער איז טאַקע אַוועקגעגאַנגען.

האָבען זיך אָנגעהויבען מעלדען פרישע ראַבאַיס: מיט בערד און אָן בערד, מיט אַ דאָקטאָר־טיטול און אָן אַ דאָקטאָר־טיטול, למדנים און עם־הארצים, אָנשטענדיגע און אויך גאָר פיינע בלאָפערס, איידעלע און באַשיידענע און אויך גאָר גרויסע חוצפּה׳ניקעס. ביז עס איז געקומען אַ יונגערמאַנטשיק פון אַ יאָר עטליכע און דרייסיג, וועלכער האָט געהאַט איינגעשטודירט אַ האַלב

טוץ „ספּיטשעס״, מיט װעלכע צו נעמען דעם פּראָסטען עולם. קײן גרױסער למדן איז ער, חלילה, נישט געװען, נאָר די רעדע, װאָס ער האָט געהאַלטען, איז געװען גוט „אױסגעפּיקסט״ און מיט איר איז ער געגאַנגען אױף אַ זיכערער בריק. האָט ער טאַקע אַ פרײטאָג־צונאַכטס גערעדט אין מײן טעמפּעל און האָט מיט אײן שאָס גענומען די שוהל אידען, מען האָט אים באַגריסט פון אַלע זײטען און ער איז גלײך אָנגעשטעלט געװאָרען אַלס ראַבאַי פון טעמפּעל.

איך מוז זיך מודה זײן, אַז איך אַלײן בין אױך אַרונטערגעפאַלען אונטערן אײנדרוק פון זײן פלאַמיגער רעדע אין שוהל און הגם קײן סך ענגליש האָב איך נאָך צו יענער צײט נישט פאַרשטאַנען, בין איך דורכגענומען געװאָרען מיט דער אַלגעמײנער באַגײסטערונג און װען ער איז ענדליך אָנגעשטעלט געװאָרען אַלס ראַבאַי פון טעמפּעל, האָב איך אים האַרציג באַגריסט צו זײן באַשטימונג.

יעדען שבת האָט דער נײער ראַבינער גערעדט אין שוהל און אַלץ מער איז געװאַקסען זײן פּאָפּולאַריטעט, װײל ער האָט אױך נישט געזשאַלעװעט אַרײנצושטעלען אין דער רעדע אַ װיץ, אָדער אַ „דזשאָוק״, װי עס הײסט דאָ, און דער פּראָסטערער עולם האָט זיך מיט אַזאַ װיץ מער באַלעקט װי מיט דער תורה, פון װעלכער ער האָט קנאַפּ פאַרשטאַנען.

מיר זײנען געװאָרען זעהר באַפרײנדעט און ער האָט מיר נישט געקאַרגט קײן קאָמפּלימענטען, אַז עס איז פאַר אים אַ גרױסער כבוד צו געפינען זיך אין אײן טעמפּעל מיט'ן באַרימטען און אַזױ װײטער קאַנטאָר קװאַרטין, און װאָס מער קאָמפּלימענטען ער האָט מיר געמאַכט, אַלץ אָן ערגערער ריח האָט זיך גענומען טראָגען פון אָט די זיסע רײד. איך האָב אים אײנמאָל געזאָגט, אַז אָנשטאָט קאָמפּלימענטען מאַכען זאָל ער מיר ליבערשט אױפמערקזאַם מאַכען אױף די פעלערען, װאָס איך מאַך, כדי איך זאָל עפּעס קענען לערנען פון אים, װײל מיט קאָמפּלימענטען בין איך אָן עין הרע זאַט איבער די אױערען.

ער האָט זיך גאָר גיך איבערצײגט, אַז מיט קאָמפּלימענטען קען מען מיך נישט קױפען, אַז איך בין נישט דער ריכטיגער פאַרשױן פאַר אַזעלכע געגג, האָט ער זיך אָפּגעקערט פון מיר און האָט באַשלאָסען צו פּראָװוען אױס־בױען זײן צוקונפטיגע קאַריערע אױף מײן חשבון. ער האָט גענומען גײן פון הױז צו הױז, פון בעל הבית צו בעל הבית, אומעטום גע'חנפ'עט זיך, כדי אַזױ אַרום צו מאַכען זיך פרײנט. ער האָט אױסגערעכענט, אַז דאָס װעט אים אין דער צוקונפט צונוץ קומען. װען ער פלעגט אַרײנקומען אין אַ הױז האָט ער גענומען דערצײלען װיצען דער בעל הבית'טע, געגלעט די קינדער איבער די קעפּלעך; די יונגע בחורים און מײדלעך האָט ער אײנגערעדט, אַז זײנס אַ ברכה איז ממש װי מן השמים, און אַזױ אַרום האָט ער געװאונען נאַאיװע מענשען.

נאָך עטליכע חדשים, װען אים האָט זיך גערדאַכט, אַז ער זיצט שױן פעסט אין זאָטעל, האָט ער זיך געטראַכט, אַז עס איז שױן געקומען די ריכטיגע צײט אָנצוהױבען עפּעס צו טאָן, כדי אונטערצוגראָבען די פּאָזיציע, װאָס איך

האָב פאַרנומען אין דער קאָנגרעגיישאָן. צוערשט האָט ער אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צווישען די טראָסטיס און בכלל צווישען די מתפללים, אַז מען מוז אַביסעל רעפאָרמירען די גאָטעס־דינסט, און אַז מאַנכע תפילות, אַנשטאָט צו זינגען זיי אויף העברעאיש, איז בעסער צו „זאָגען״ זיי אויף ענגליש.

ביי איינער פון די זיצונגען פון די טראָסטיס פון טעמפעל האָט ער געזאָגט, אַז ביי אַן אינטעליגענטער קאָנגרעגיישאָן, ווי עס איז דער טעמפעל עמנואל, פּאַסט נישט, אַז ביים אַרויסנעמען די תורה פון אָרון קודש, זאָל דער חזן גיין פאָראויס און דער ראַבאַי הינטער אים; עס דאַרף זיין פאַרקערט: פאָראויס דער ראַבאַי און נאָך אים זאָל זיך נאָכשלעפּען דער חזן, וועלכער טראָגט אויפ׳ן האַנט די ספר תורה. און נאָך אַ סך אַזעלכע „רעפאָרמען״ האָט דער דאָזיגער ראַבאַי צוגעטראַכט.

דאָס רוב פון די „מעמבערס״, פּראָסטע אידען, וואָס האָבען זיך גאַנץ שוואַך פאַנאַנדערגעקליבען אין די קליינע פּינטעלעך, האָבען צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף אַלץ, וואָס דער ראַבאַי מיט׳ן געשליפענעם צינגעל האָט פאָרגעשלאָגען. עס האָבען זיך אָבער אויך געפונען אידען פון דעם אַלטען שניט, צוגעבונדען צו דער טראַדיציע פון דער אַלטער היים, וועלכע האָבען שאַרף אויפגעהויבען זייער קול געגען וועלכע עס איז רעפאָרמען.

ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען ענדערונגען, וואָס האָבען מיך נישט באַריהרט, האָב איך זיך נישט געמאַכט וויסענדיג און האָב מיר געטראַכט: זאָל אים וואויל באַקומען זיין רעפאָרמאַטאָרישקייט און זיין ווערען אָנגיין אַלס אַ גרויסער למדן. אָבער ווען ער האָט זיך גענומען פאַרמעסטען אויף מיר און אויף מיין נוסח התפילה, דאָ האָב איך שוין נישט געקענט שווייגען. איך האָב מיר קיינמאָל נישט דערלויבט צו לאָזען שפּייען אין דער קאָשע מצד פאַרשידענע ראַבינערס און אַנדערע קאָכלעפעל, און בין אויך דאָס מאָל שאַרף אַרויסגעטרעטען אין דער פאַרטיידיגונג פון יענע טראַדיציעס, וואָס זיינען מיר געווען הייליג און טייער.

דער דאָזיגער ראַבאַי האָט זיך פאַרמאָסטען נישט מער און נישט ווייניגער, נאָר אַוועקצונעמען פון מיר אַזעלכע תפילות, ווי: „השכיבנו״, „אהבת עולם״ און נאָך אַנדערע און אַנשטאָט איך זאָל זיי זינגען אין אָריגינאַל, ווי עס פירט זיך ביי אידען פון דורות אָן, האָט ער זיי געוואָלט פּראָסט אָפּמורמלען אויף ענגליש. איך האָב אויך נישט געקענט באַשטיין אויף אַזאַ אומ׳כבוד פאַר אונזער אַלטער הייליגער תורה, אַז זי זאָל זיך נאָכשלעפען פון הינטען הינטער דעם ראַבאַי, וועלכער האָט דוקא געוואָלט פאַראַדירען דער ערשטער צווישען די מתפללים פון טעמפעל.

איינמאָל אין אַ וואָכענטאָג, ווען איך האָב געהאַט יאָרצייט און בין געקומען אין טעמפעל אַריין צו מנחה, בעט מיך דער ראַבאַי, אַז איך זאָל אַריינקומען צו אים אין אָפיס ביים טעמפעל, ער דאַרף זיך מיט מיר וועגען עפּעס אַדורכ־ריידען. אַריינקומענדיג האָט ער מיר גענומען געבען צו פאַרשטיין, ווי נויטיג

עס איז צו דעמאָקראַטיזירען די קאָנגרעגיישאָן און צו רעפאָרמירען די גאָטעס־דינסט. איך האָב אים גאַנץ שאַרף געענטפערט, אַז וואָס עס איז שייך מיך און מיין גאָטעס־דינסט, זאָל ער דאָס בעסער לאָזען צורו, ער זאָל נישט זוכען קיין רעפאָרמען און זאָל בעסער זען אויסצובויען די קאָנגרעגיישאָן אַזוי ווי זי איז, אין דעם אַלטען אידיש־טראַדיציאָנעלען גייסט. דער ראַבאַי האָט גאָרנישט געענטפערט, אָבער איך האָב געקענט באַמערקען, אַז ער גיט נישט אויף זיינע בייזע כוונות און אַז ער האָט באַשלאָסען ווייטער צו גראָבען היגטער מיר.

נאָך שבועות, ווען איך בין לויט׳ן אָפּמאַך אַוועקגעפאָרען אויפ׳ן גאַנצען זומער אויף אָפּרו, האָט מיך פאַרטראָטען דער צווייטער חזן, הער נתן קאַנטאָר. דער דאָזיגער חזן האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסען, וואָס איך האָב פאַר אים געטאָן, אַז איך האָב אַפילו נישט געוואָלט הערען וועגען אָננעמען די שטעלע, ביז זיין צוקונפט וועט נישט זיין באַוואָרענט מיט אַ קאָנטראַקט אויף פינף יאָר און מיט אַ העכערונג פון זיין לוין. ער האָט אָפּגעשאַצט מיין מענשליכע האַנדלונג לגבי אים און איז מיר געווען איבערגעגעבען מיט לייב און נשמה, ער איז מיר געווען געטריי ווי אַ ברודער און האָט אויף מיר קיין שלעכט וואָרט נישט געלאָזט פאַלען. ער האָט מיך גערופען „פאָטער קוואָרטין", כאָטש ער איז געווען אַ סך עלטער פון מיר.

איך, פון מיין זייט, האָב אַלץ געטאָן, אַז די לאַגע פון דעם צווייטען חזן זאָל זיך נאָך מער פאַרבעסערען. איך האָב אים איבערגעגעבען די אַלע הכנסות פון חתונות און בר־מצוה׳ס, נאָך וועלכע איך בין נישט געווען להוט, ווייל וואָלט איך נאָר אַזוי פיל צייט און געזונט געהאַט, וויפיל מעגליכקייטען איך האָב געהאַט צו פאַרדינען ביי זייטיגע קאָנצערטען און אַרויסטרעטונגען. אים זיינען אויך צוגעפאַלען אַלע שפענדונגען ביים אויפרופען צו דער תורה. ער האָט אָנגעקליבען אַ פּאָר דאָלער, וואָס איך האָב אים פאַרגונט מיט׳ן גאַנצען האַרצען.

זיצענדיג אַזוי אין מיין קאָטעדזש אין לעיק־שעלדרעיק זומער־צייט, וואו איך האָב זיך פאַרגעברייט פּאַר מיינע ערשטע ימים נוראים אין טעמפּעל, און וואו איך האָב אויך אָנגעהויבען שרייבען מיין ערשט ליטורגיש ווערק „זמירות זבולון" און איך האָב געוואָלט ברענגען אין אָרדענונג מיינע אייגענע אימפּראָווי־זאַציעס — דערהאַלט איך איינמאָל אַ בריוו פון דעם צווייטען חזן, אַז עס וואָלט געווען פאַר מיר ראַטזאַם אַריינצוקומען אויף אַ טאָג קיין ברוקלין, ווייל דער ראַבאַי אַרבייט מעשים, ער לייגט איין וועלטען דורכצוזעצען זיינע רעפאָר־מען. דערביי האָט דער צווייטער חזן געשריבען אין שפּאַס, אַז דער ראַבאַי איז אויך געוואָרען אַ „מוהל"... ער וויל דוקא מל זיין נישט נאָר מיך און אים, נאָר ער פאַרמעסט זיך אויך מל זיין דעם אַלטען אידישען סידור און מחזור.

דער דערמאָנטער ראַבאַי האָט אויסגענוצט מיין אָפּוועזענהייט אויף דורכ־צופירען מיט געוואַלד זיינע בייזע פּלענער געגען מיר פערזענליך, און זיינע פרעך־פאַרמאָסטענע רעפאָרם־געדאַנקען געגען די אוראַלטע תפילות, וועלכע

ער האָט געוואָלט דוקא „אויסשניידען״ פון סידור און מחזור און אַריבער־פּעקלען זיי אויף ענגליש. צו דעם צוועק האָט ער צונויפגערופען אַ מיטינג פון דער ריטואַל־קאָמיטע ביים טעמפּעל, וואו ער האָט לאַנג איינגעַ׳טענה׳ט מיט די דאָרט אָנוועזענדע איינפאַכע אידען, אַז מען מוז אומבאַדינגט „ראַטעווען״ די יוגענט פון טעמפּעל, און דער וועג צו דער רעטונג איז: געבען וואָס וויינינגער תפילות אויף לשון קודש און וואָס מער אויף ענגליש. פאַר דער יוגענט, האָט ער געוואָלט איבערצייגען די „מעמבערס״, וועט דאָס זיין ממש אַ רעטונג, זיי וועלען גלייך ווערען טייערע און פרומע אידען און וועלן אויף אייביג זיין צוגעבונדען צום אידישען פאָלק.

ווען איך בין אַביסעל לענגער געווען אין אַמעריקע, האָב איך שפּעטער געזען, ווי לייכט עס איז אָנגעקומען אונזערע אומגליקליכע „רעפאָרמערס״ צו פאַרוואַנדלען די פאַרגרעבטע אידען פון זייערע געמיינדעס אין מישטיינס גענאָגט „רעפאָרמירטע״ אידען. עס איז געווען גענוג, ווען אַזאַ פלאַך געבילדעטער ראַבאַיטשיקעל האָט געגלעט איבער׳ן גוידער זיין סטאַדע און ער האָט זיי דערציילט, אַז זיי זיינען דאָס אויבערשטע פון שטויסעל, אַז זיי זיינען דער פונדאַמענט נישט בלויז פון דער קאָנגרעגיישאָן, נאָר פון גאַנצען אידענטום — און ער האָט זיי לייכט אַריבערגעוואויגען אויף זיין זייט מיט די דאָזיגע חניפה׳דיגע, לאַקריץ־זיסע רייד. ער האָט זיי פאַרבלאָפט מיט דעם פאַלשען גלאַנץ פון אַ פרעמדער, קריסטליכער וועלט, וועלענדיג זיי איינריידען, אַז וואָס מער זיי וועלען נאָכמאַכען די גויים אַלץ מער רעספּעקט וועט מען פאַר זיי האָבען. אין דער אמת׳ן איז דאָס געווען דער וועג צו דער פאַרלייקענונג פון אידישען שטאַם, צו דער פאַרפרעמדונג פון אונזערע קינדער, אַנשטאָט זיי נעענטער צו ברענגען צום אַלטען אידישען קוואַל.

# דער ראַבאַי, וואָס וויל מאַכען „רעפאָרמעס" אין מיין טעמפעל, קריגט אַ פאַרדינטע שטראָף

ווען איך האָב דערהאַלטען דעם בריוו פון צווייטען חזן, אַז איך מוז דרינגענד קומען אין שטאָט אַריין, ווייל דער ראַבאַי רוט נישט און פירט אינטריגעס קעגען מיר — האָב איך מיין קאַלעגע באַרואיגט. דער אַלטער סידור — האָב איך אים געשריבען — וועט זיין שטעטעל באַשטיין אַנטקעגען די נייע רע־פאָרמער, וואָס גייען אויף זיין לעבען, און אַז כל זמן איך וועל שטיין אין דעם טעמפעל, האָף איך, אַז איך וועל האָבען גענוג קראַפט צו באַשיצען דעם כבוד פון אונזערע אַלטע מנהגים, טראַדיציעס און הייליגקייטען.

אָבער מיט עטליכע וואָכען שפּעטער באַקום איך ווידער אַ בריוו פון צווייטען חזן מיט אַן אַלאַרם, אַז דעם ראַבאַי פון אונזער טעמפעל איז געלונגען דורכצוזעצען זיין פאַרלאַנג ביי דער ריטואַל־קאָמיטע. זיי האָבען אָנגענומען זיין נייעם, גע'מל'עטען סידור און די „רעפאָרמירטע" מחזורים, און ער האָט זיך גענומען די חוצפּה אָנצואווייזען מיר און דעם צווייטען חזן, וועלכע תפילות מיר מעגען זינגען, און וועלכע מיר טאָרען נישט, און אַז די שענסטע תפילות האָט ער אויסגעשניטען, כדי ער זאָל זיי אָפּפּרעפּלען אויף ענגליש. אַפילו די תפילות צו נעילה, וועלכע איך האָב אין קאָנטראַקט מיט מיר בפירוש באַטאָנט, אַז זיי דאַרף זינגען דער צווייטער חזן, האָט ער אויסגעשניטען, ווייל אַזוי איז אים געפעלען.

דער צווייטער חזן האָט מיך ווייטער געוואָרענט, אַז עס האַלט שוין גאָר נאָענט מען זאָל די נייע סידורים און מחזורים מיט די „גע'מל'עטע" שטעלען אָוועקגעבען צום דרוק, אָנשטאָט די תפילות אויף לשון קודש וועט אַריינקומען אַן ענגלישער טעקסט. ער בעט מיך דעריבער איך זאָל נישט פאַרזאַמען אַריינ־צוקומען אין שטאָט אַריין און זען, וואָס איך האָב צו טאָן.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָב איך דערהאַלטען אַ בריוו פון דעם ראַבאַי, אַז ער וואָלט מיך געוואָלט זען, ווייל ער האָט מיט מיר אַרומצורעדען מאַנכע וויכטיגע זאַכען, און ער בעט מיך, אַז ווען איך וועל אַריינקומען אין שטאָט אַריין זאָל איך אים באַזוכען. איך בין אין קורצען געקומען קיין ברוקלין און האָב אָפּגערופען דעם ראַבאַי, זאָגענדיג אים, אַז אויב ער האָט עפּעס צו ריידען מיט מיר, זאָל ער אַזוי גוט זיין און צו מיר אַריבערקומען. ער האָט זיך אַפילו געקווענקעלט, צי עס שטייט אַן פאַר זיין ראַבאַי'שען כבוד צו גיין באַזוכען

אַ קאַנטאָר, אָבער נישט האָבענדיג קיין אַנדער ברירה איז ער דאָך אַריבער־געקומען.

ער איז געקומען אָנגעלאָדען מיט אַ פולען פּאַק פּאַפּירען אונטער'ן אָרעם און אַרויסלייגענדיג זיי אויפ'ן טיש, האָט ער מיר געוויזען פאַרשידענע שטעלען פון ימים נוראים'דיגען דאַוונען, וועלכע זיינען געווען אונטערגע־שטראָכען מיט אַ רויטען בלייפעדער. דאָס האָט געמיינט, אַז די אונטערגעצייכנטע שטעלען זיינען דורך אונזער רעפאָרמער גע'פסל'ט געוואָרען און איך וועל זיי מוזען אויסשטרייכען פון מיין זינג־רעפּערטואַר. ער האָט אַזוי איבערגע־מישט פאַר מיר דעם גאַנצען מחזור און איך האָב זיך אַזוי צוגעקוקט און געשוויגען.

ווען ער איז געקומען צום יום כיפור'דיגען מחזור, האָט איך געזען, אַז ער האָט אַ דריטעל פון די תפילות, מיינע שענסטע קאָמפּאָזיציעס, אַרויסגעשניטען און געגנומען דאָס פאַר זיך צום „זאָגען" אויף ענגליש. אויך פון די איבעריגע צוויי דריטעל האָט ער די הויפּט־תפילות באַזייטיגט, לאָזענדיג מיר עפּעס אַזוינס, וואָס נישט איך און נישט דער עולם וואָלטען דערפון געהאַט אַ וועלכע עס איז הנאה. דערביי האָט ער מיר דערקלערט, אַז דאָס אַלץ איז שוין באַ־שטעטיגט דורך דער ריטואַל־קאָמיטע און אַז ער מעלדעט מיר וועגען דעם בלויז פאָרמעל, כדי צו קריגען מיין הסכמה אויף דעם דאָזיגען אמת'ן פּאָגראָם איבער די אור־אַלטע אידישע געבעט־ביכער.

איך האָב אַלץ געשוויגען, נאָר איך האָב אַרויסגענומען דעם בלייפעדער פון זיין האַנט און האָב מיט דער בלויער זייט איבערגעשטראָכען אַלץ, וואָס ער האָט אונטערגעצייכענט אויף רויט. ווען ער האָט אַן איבערראַשטער מיך געוואָלט פרעגען, וואָס איך טו — האָב איך אַ מאַך געטאָן מיט די ליפען: ש־ש־ש! ווי איינער זאָגט, עס וועט בעסער זיין, אַז דו, רבי'לע, וועסט האַלטען דאָס מויל.

ווען איך האָב פאַרענדיגט די אַרבייט מיט'ן בלייפעדער, האָב איך אים געזאָגט: „הער זיך איין, מיין פריינט, איך בין נאָך אַן אָנהענגער פון דעם אַלטען אידישען גאָט, איך בין נאָך אַ גרויסער פאַרערער און אָנהענגער פון אַ ל ע זיינע תפילות, אַזוי ווי זיי זיינען געקומען צו אונז דורך דער בריק פון דורות אידען, וואָס האָבען געלעבט פאַר אונז. איך וועל קיינעם נישט ערלויבען די דאָזיגע פאַרהייליגטע תפילות אָנצורירען און ביי מיר זיי אַוועקצונעמען. עס איז אַן עבירה אייער מי, הער ראַבאַי, אַלץ וועט בלייבען ביים אַלטען, אַזוי לאַנג ווי איך שטיי ביים עמוד אין דעם דאָזיגען טעמפּעל. אויב איר ווילט לעבען מיט מיר אין פרידען — אַזוי איז מיין ראַט צו אייך, אַז איר זאָלט אָפּלאָזען דאָס געפערליכע שפּיל, וואָס איר האָט אָנגעהויבען, און איר זאָלט בעסער היטען אייער כבוד און אייער פרנסה. און אויב איר וועט ווייטער גראָבען הינטער מיר, קען איך אייך פאַרזיכערען, אַז איר וועט גראָבען בלויז קעגען זיך אַליין".

איך האָב אים נאָך געזאָגט אין שפּאַס: „הער ראַבאַי, ווערט נישט קיין „מוהל״, ווייל מיט דעם נעמט איר צו די פּרנסה ביי אונזער צווייטען חזן, וועלכער איז אַ בעסערער פאַכמאַן פאַר אייך, און דערביי מאַכט ער אַ ברכה „על המילה״. אָבער ווען איר ווערט פּרואווען מל זיין די מחזורים, וועט דאָס זיין אַ ברכה לבטלה און קיין גוטס וועט איך דערפון נישט אַרויסקומען״. און כ׳האָב פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל מיר געבען זיין וואָרט, אַז ער וועט דאָס געמיינע שפּיל אָוועקוואַרפען און ער וועט זאָרגען דערפאַר, אַז עס זאָל הערשען פרידען צווישען די דינער פון טעמפּעל.

ער האָט זיך אַביסעל פאַרשעמט פון מיינע האַרבע ווערטער און ער האָט אַפילו נישט געמאַכט מער קיין באַמיאונגען מיך צו איבערצייגען, אַז ער איז גערעכט. עס האָט אויסגעזען, ווי איך וואָלט אים איבערציוגט, ווייל ער האָט אויסגעצויגען די האַנט אין צייכען פון שלום און פריינטשאַפט, און אַזוי זיינען מיר זיך צעגאַנגען. איך בין נאָך דעם זעלבען טאָג צוריק אָוועקגעפאָרען אין מיין זומער־היים און האָב אין דער גאַנצער מעשה פאַרגעסען.

עטליכע טעג פאַר די ערשטע סליחות האָב איך דערהאַלטען אַ בריוו פון מיין פּרעזידענט, הער היפּ, וועלכער האָט מיך געבעטען, אַז איך זאָל אַריינקומען אין שטאָט אַריין אַביסעל פריער, ווייל ער האָט מיט מיר אַרומצוריידען זעהר אַ וויכטיגע זאַך. ער איז געקומען צו מיר גלייך, ווען איך בין צוריק געווען אין מיין וואוינונג, און דאָ האָט ער מיר דערציילט, אַז דער ראַבאַי האָט דורכגעפירט ביי דער ריטואַל־קאָמיטע אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט, און אַז ער איז קעגען דעם, נאָר ער קען גאָרנישט מאַכען קעגען דעם באַשלוס פון דער קאָמיטע. איצט, גלויבט ער, אַז איך בין דער איינציגער מענש, וואָס קען צעשטערען דעם ראַבאַי׳ס בייזע פּלענער. אַזוי ווי אין די נאָענטסטע טעג וועט פאָרקומען אַ זיצונג פון אַלע טראָסטיס וועגען פעסטשטעלען די אָרדענונג פון דער גאָטעס־דינסט פאַר די ימים־נוראים און מען וועט דאָרט געוויס באַהאַנדלען דעם טריפה׳נעם פּלאַן פון דעם ראַבאַי, אַזוי בעט ער מיך, אַז איך זאָל קומען צו דער זיצונג און אים העלפען באַגראָבען דעם פּלאַן.

איך האָב דערציילט דעם פּרעזידענט וועגען מיין לעצטען געשפּרעך מיט דעם ראַבאַי, און אַז איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך האָב געווירקט אויף אים אָוועקצואוואַרפען די נאַרישע געדאַנקען וועגען רעפאָרמירען דעם רבונו של עולם, און דעריבער פאַרשטיי איך נישט, וואָס דאָ איז אינמיטען געשען. נישט שוין זשע זאָל מיך דער ראַבאַי האָבען אָפּגענאַרט?

איך בין געקומען צום מיטינג פון די טראָסטיס, ביי וועלכען עס איז אויך געווען פאַרטראָטען די ריטואַל־קאָמיטע, וואָס האָט דורכגעפירט דעם טרויעריגען באַשלוס. איך האָב אָבער באַמערקט ווי דער ראַבאַי שפּרינגט אַרום אַ נערוועזער, ווי ער וואָלט עפּעס געהאַט אַ טריפה׳נע זאַך אויפ׳ן געוויסען. באַלד איז אויפגעשטאַנען דער טשערמאַן פון דער ריטואַל־קאָמיטע און האָט רעפערירט, אַז אויפ׳ן פאָרשלאַג פון דעם ראַבאַי האָט די קאָמיטע באַשלאָסען צו באַזייטיגען

געוויסע תפילות פון דעם ראש השנה׳דיגען און יום כיפור׳דיגען מחזור, און אַז די דאָזיגע תפילות וועט דער ראַבאַי זאָגען אויף ענגליש, און גלייכצייטיג וויזט ער מיר אָן וועלכע תפילות דער ראַבאַי האָט פאַר מיר באַשטימט. ער האָט אויך באַשטעטיגט, אַז דער ראַבאַי האָט צוגענומען פאַר זיך די נעילה־תפילה, וועלכע איז באַשטימט געוואָרען פאַר דעם צווייטען קאַנטאָר.

אין מיר האָט גענומען ברויזען, ווי אין אַ קעסעל. איך האָב זיך אָנגערופען צום ראַבאַי: איך בעט אייך, קוקט מיר גלייך אין די אויגען אַריין! צי געדענקט איר שוין גאָרנישט, וואָס מיר האָבען אָפּגערעדט ביי מיר אין הויז מיט עטליכע וואָכען צוריק? ווי איר האָט מיר אייער האַנט געגעבען, אַז איר וועט צורו לאָזען דעם רבונו של עולם מיט זיינע תפילות און וועט זיך בעסער נעמען צו מער פּראָדוקטיווע זאַכען?

ער האָט זיך גענומען פאַרענטפערען מיט דריידלעך, אַז דאָס איז דאָך אַ באַשלוס פון אַ קאָמיטע, אָבער אַ בלינדער האָט דאָך אויך געקאָנט זען, אַז דאָס האָט ער אָנגעדרייט די גאַנצע זאַך, פאַרטומלענדיג די מוחות פון די פּראָסטע אידען, וואָס זיצען אין דער קאָמיטע און וועלענדיג זיי איינריידען, אַז מיט׳ן אַרומשניידען דעם מחזור וועט ער זיי מאַכען פאַר מאָדערנע און אויסגעמענשעלטע אידען.

איך האָב אויסגעזידעלט די אידען פון דער ריטואַל־קאָמיטע מיט די שאַרפסטע ווערטער, פאַרוואָס זיי האָבען מיך נישט גערופען גלייך, ווי דער ראַבאַי האָט זיי פאַרגעבראַכט דעם דאָזיגען טריפה׳נעם פּראָיעקט. צום סוף האָב איך זיי געזאָגט, אַז אויב זיי גלויבען, אַז דעם ראַבאַי׳ס פּראָגראַם פון אַ גאָטעס־דינסט איז פאַר זיי מער צוגעפּאַסט ווי מיינער, דאַן זאָלען זיי אַזוי גוט זיין און אַוועקשטעלען דעם ראַבאַי דאַוונען ראש השנה און יום כיפור, און מיך זאָלען זיי לאָזען צורו.

עס איז געוואָרען אַ געוואַלדיגער טומעל. דער ערשטער איז אויפגעשפּרונגען דער פּרעזידענט, הער היפּ, וועלכער האָט געוואָרענט דעם ראַבאַי, אַז אַזעלכע אינטריגעס קעגען דעם אויבער־קאַנטאָר, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק געהאָל־פען הויבען דעם פּרעסטיזש פון דער קאָנגרעגיישאָן, קענען בלויז אונטערגראָבען די עקזיסטענץ פון טעמפּעל, און אין דער צוקונפט, אויב ער וויל מאַכען פּלענער אָדער איינפירען ענדערונגען אין דעם גאַנג פון גאָטעס־דינסט, מוז ער פריער קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט׳ן אויבער־קאַנטאָר קוואַרטין. און ער האָט געפאָדערט צו ענדערען דעם באַשלוס פון דער ריטואַל־קאָמיטע און אַז אַלץ זאָל בלייבעןביים אַלטען, ווייל דאָס אַלטע איז גאָרנישט שלעכט געווען. אויך די נעילה־תפילה איז געבליבען ביים צווייטען חזן, אַזוי ווי איך האָב דאָס אויסגע׳פּועל׳ט פאַר אים אין אָנהויב.

דאָס איז געווען מיין ערשטער צוזאַמענשטויס אין אַמעריקע מיט די „רע־פאָרמערס״, מישטיינס געזאָגט, וואָס האָבען פון אונזערע היימישע אידען דווקא געוואָלט מאַכען אומגעלומפּערטע קאַליקעס, נישט צו גאָט און נישט צו לייט.

איך האָב מיט דער פרישער ענערגיע, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פון איראָפּע, דעם דערמאָנטען ראַבאַי׳טשיקעל געוואָלט אָנלערנען, אַז ער זאָל צורו לאָזען אונזערע הייליגקייטען, ער זאָל נישט זוכען זיי אויסצובעסערען און זאָל נישט פּאַרדרייען דעם קאָפּ די אידען, וואָס שטאַמען דאָך סוף כל סוף פון די זעלבע שטעטלעך, פונוואַנעט מיר זיינען געקומען, און האָבען איינגעזאַפּט אין זיך די זעלבע טראַדיציעס און די זעלבע צוגעבונדענקייט צו אונזער איינגעפונדעוועטען לעבענס־שטייגער.

עס איז געקומען דער ימים נוראים, מיין ערשטער ימים נוראים אין אַמעריקע. איך בין געווען ביי דער פולער קראַפט פון מיין שטימע און די עדה אידען, וואָס האָט מיך געהערט, האָט געוואוסט ווי דאָס אָפּצושאַצען. הונדערטער מענשען זיינען צוריקגעגאַנגען, ווייל עס זיינען נישט געווען מער קיין בילעטען זיי צו פאַרקויפען. אויף דער שפּראַך פון ציפערען האָט מיין דאַוונען אַריינגעבראַכט דער קאָנגרעגיישאָן פאַר די ימים טובים אַ סומע פון פינף און דרייסיג טויזענט דאָלער. מען דאַרף זיך דערמאָנען, אַז דאָס איז געווען מיט קאַרגע דרייסיג יאָר צוריק, כדי אָפּצושאַצען, וואָס פאַר אַ באַדייטענדע סומע געלט דאָס איז געווען.

איך בין נאָך מער אויסגעוואַקסען אין די אויגען פון דעם פּרעזידענט, די אַלע טראַסטיס און די אַלע אַנדערע קאָכלעפעל. זיי האָבען זיך איבערצייגט, אַז זיי האָבען מיט מיר קיין שלעכט געשעפט נישט געמאַכט. איך האָב זיי פאַרגונען דאָס גליק פון גאַנצען האַרצען, און איך אַליין בין געווען צופרידען, וואָס אין דער לעצטער שורה האָט זיך אַמעריקע נישט אַנטוישט אין מיר, הגם מיין ערשטער אַרויספאָר אין דעם דאָזיגען לאַנד איז נישט געווען אַזוי פויגעלדיג.

ווען איך רעד וועגען דער צייט, ווען איך בין געשטאַנען אַלס חזן אין טעמפּעל עמנואל אין ברוקלין, מוז איך באַזונדערס דערמאָנען דעם דיריגענט און מיין ליבען פריינט, הערמאַן זאַליס. אונז איז אויסגעקומען צו אַרבייטען צוזאַמען דריי יאָר צייט, אָבער די פריינטשאַפט, וואָס האָט זיך פאַרבונדען צווישען אונז אין יענער צייט, האַלט אָן ביז די היינטיגע טעג.

הערמאַן זאַליס, וועלכער איז שוין באַלד דרייסיג יאָר דיריגענט אין דעם זעלבען טעמפּעל עמנואל, איז אַ מענש מיט אַן איינגעבוירענער אינטעליגענץ, אַן אויסגעצייכענטער מוזיקער און אַ מייסטער אין באַהערשען און אָנפירען מיט׳ן כאָר. צו דער זעלבער צייט איז ער אַ בנעימות׳דיגער, באַשיידענער און ליבער מענש.

מיר פערזענליך האָט דיריגענט הערמאַן זאַליס פיל אַרויסגעהאָלפען מסדר צו זיין מיינע דריי מוזיקאַלישע ווערק, די זמירות און תפילות זבולון, און מאַכען זיי גרייט צום דרוק. ער איז אויך געווען מיין באַגלייטער ביים אַריינזינגען אין די רעקאָרדס און אויף צאָלרייכע קאָנצערטען.

# איך פאָר צוריק קיין איראָפּע

אַט אַזוי האָב איך זיך אַרומגעדרייט איינער אַליין איבער מיינע זיבען צימערען אין ברוקלין. מיין עלטערע טאָכטער, אַנאַ, האָט שוין געהאַט חתונה־געהאַט און זי האָט זיך געפונען אויף איר האָכצייט־רייזע אין איטאַליע. מיין אינגערע טאָכטער איז געווען אַנגאַזשירט אַלס זינגערין אין דער ווינער פאָלקס־אָפּערע. מיינע צוויי זין האָבען גאַנצע טעג שטודירט און איך האָב זיי ווייניג געזען. איז ווי געוויינליך אין אַזעלכע פאַלען האָבען זיך געפונען גוטע פריינט, וואָס האָבען גענומען געבען עצות, אַז עס איז נישט גוט פאַר אַ אידען צו זיצען אַליין, און אַז עס וואָלט גלייך געווען צוריק אויפצובויען אַ הויז מיט אַ פאַמיליע.

ווען מיינע זין האָבען איין מאָל אויפגעכאַפּט, וואָס די פאַרשידענע פריינט רעדען אַריין אין מיר, זיינען זיי געווען די ערשטע מיך צוצורעדען, אַז איך זאָל אַ צווייטען מאָל חתונה האָבען. זיי האָבען גענומען איינ׳טענה׳ן מיט מיר, אַז איך נויטיג זיך אין אַ פריינט, וואָס זאָל אַכטונג געבען אויף מיר און מיך אָפּהיטען, אַז איך האָב אין מיין לעבען פיל און שווער געאַרבייט און אַרבייט נאָך איצט גאַנץ שווער, און איך דאַרף נויטיג, אַז עמיצער זאָל מיר קומען צוהילף אין הויז. זיי האָבען אויך גע׳טענה׳ט, אַז זיי אַליין פילען די נויטיגקייט פון אַ מוטער, הגם זיי זיינען שוין דערוואַקסענע. עס וועט זיין היימליכער און פריילעכער אין שטוב, ווען אַ פרוי וועט מיט איר אויג און גוט האַרץ אויף אַלץ אַכטונג געבען און לאָזען פאַלען אַ גוט וואָרט.

איבעריגענס, האָבען זיי גע׳טענה׳ט, פּלאַנען זיי אינגיכען צוריק אָפּצוּ־פאָרען קיין איראָפּע, כדי דאָרט פאָרצוזעצען זייערע שטודיען, ווייל זיי זיינען עפּעס נישט געווען גאָר צופרידען פון זייער לערנען אין אַמעריקע. טאָ וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס איינגאַנצען צו בלייבען איינער אַליין? אויך די איבעריגע משפחה מיינע אין אַמעריקע האָט מיך לעבען נישט געלאָזט, אַריינריידענדיג אין מיר אָן אויפהער, אַז אַ פאַרדינער בין איך, אָן עין הרע, גאָר נישט קיין שלעכטער, איך וואָלט געקענט פון מיינע פאַרדינסטען מפרנס זיין נישט איינע; נאָר גאַנצע דריי משפחות, טאָ פאַרוואָס זיצען און כסדר אָנקוקען די פוסטע ווענט?

עס האָבען זיך גענומען מעלדען צו מיר שדכנים, וועלכע זיינען זיכער אונטערגעשיקט געוואָרען דורך דער דערמאָנטער משפחה, אָבער איך האָב קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט נישט געשאָנקען צו זייערע רייד. מיין

געמיט איז געווען אזוי פארביטערט צוליב דער לאנגער און שווערער קראנק־הייט פון מיין פארשטארבענער פרוי, אז דער געדאנק וועגן חתונה האבען א צווייטען מאל איז געווען גאנץ ווייט פון מיר.

אין מיטען האב איך באשלאסען צו מאכען א רייזע קיין אייראפע. מיין טאכטער, קלארא, איז נישט געווען צופרידען מיט אירע אויפטריטען אין דער ווינער אפערע און זי האט געוואלט אוועקפארען קיין איטאליע, כדי זיך מער צו פארפולקאמען אין דער געזאנג־קונסט. און מיין אינגערער זון ווידער האט פעסט באשלאסען צוריקצופארען קיין ווין שטודירען, ווייל ער האט געהאלטען, אז ער איז מינדעסטענס מיט דריי אדער פיר סעמעסטערס פאראויס, ווי עס ווערט געלערענט אין די אמעריקאנער אוניווערסיטעטען. בין איך אוועקגע־פארען קיין אייראפע צו „סעטלען" די אלע פראגען.

ביי מיין טעמפעל אין בארא־פארק האב איך באקומען אן אורלויב אויף זעקס וואכען און איך בין אפגעפארען צוזאמען מיט מיין זון שלמה. איך האב מיך אפגעשטעלט אויף עטליכע טעג אין בערלין, וואו איך האב באזוכט א פראפעסאר. זינט עטליכע יאר האב איך געליטען פון אן אפענער וואונד אויפ'ן האלז, וואס איז מיר געבליבען נאך אן אפעראציע, און וויפיל דאקטוירים איך האב נישט באזוכט אין אמעריקע, האט מיר קיינער פון זיי נישט געקענט העלפען, הגם געלטער האבען זיי זיך געהייסען באצאלען אין א גאנץ בכבוד'יגער הויך. צו מיין גרויסער פרייד האט מיר דער פראפעסאר אויסגעהיילט די וואונד מיט אולטרא־וויאלעט שטראלען אין פארלויף פון איינע פיר טעג, און כ'האב מיר געטראכט: שוין צוליב דעם אליין איז כדאי געווען מיין רייזע קיין אייראפע.

ווען איך בין אנגעקומען קיין ווין, בין איך דאס ערשטע, ווי א טאטע, געגאנגען הערען מיין טאכטער אין דער פאלקס־אפערע. זי האט געהאט א גאנץ קליינע ראלע אין דער אפערע „קארמען", אבער דאס וואס זי האט געזונגען איז געווען ריין, שיין און פיין און איך האב געקענט באמערקען, אז זי מאכט א גוטען איינדרוק אויף דעם פובליקום.

ווי עס פירט זיך הינטער די קוליסען פון אלע טעאטערען און אפערעס — אינטריגעווען מען דארט איינער קעגען אנדערען. מיין טאכטער האט שוין געהאט א שיינעם רעפערטואר פון עטליכע אפערעס, אבער די גרעסערע און שטארקערע פון איר האבען זי בשום אופן נישט צוגעלאזט צו גרעסערע ראלען, און דאס האט איר פארשאפט א סך ערגערניש. איך האב באשלאסען אויסצונוצען מיין זיין אין ווין און האבען א שמועס מיט'ן אפערע־דירעקטאר. ער האט מיר ערקלערט ווי די זאך איז: עס זיינען פאראן עלטערע און מער ערפארענע זינגערינס ווי מיין טאכטער, און ער וואלט באגאנגען אן אומרעכט קעגען זיי, ווען ער זאל ביי זיי אוועקנעמען די ראלען און זיי געבען צו מיין טאכטער, וועלכע איז ערשט בלויז א קורצע צייט אין דער אפערע.

זיין דערקלערונג איז געווען גאנץ לאגיש, אבער דעם פאראינטערעסירטען,

וואָס איז אומגעדולדיג און וויל כסדר וואַקסען, קען דאָס נישט באַפרידיגען. זעענדיג, אַז קיין גרויסע צוקונפט קאָן דאָ מיין טאָכטער נישט דערלעבען, האָבען מיר באַשלאָסען צו בעטען די דירעקציע צו באַפרייען מיין טאָכטער פון קאָנטראַקט פאַר דער צייט. עס איז נישט לייכט אָנגעקומען דאָס צו פועל׳ן.

קומענדיג קיין ווין האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט די ניו־יאָרקער געשיכטע: טאַטע, האָב חתונה! דאָ איז אויך צום כאָר פון פריינט און באַקאַנטע צוגעשטאַנען מיין טאָכטער, קלאַראַ. זיי האָבען גע׳טענה׳ט, אַז אַזוי ווי אין עטליכע וואָכען אַרום דאַרף איך צוריקפאָרען קיין אַמעריקע, און איך וועל דאָרטען זיין איינער אַליין, אַלע קינדער וועלען זיין אין אייראָפּע, האָט עס קיין צוועק נישט זיך אַרומצודרייען איבער די ליידיגע צימערען, נישט האָבענדיג פאַר וועמען אַ וואָרט אויסצורעדען.

אין ווין בין איך געוועזען אַ היימישער זינט אַ סך יאָרען, האָבען זיך דאָרט געפינען אַ סך פריינט, וואָס האָבען געהאַלטען פאַר זייער פליכט מיר צו שדכנ׳ען דעם „פיינסטען" און „לייטישסטען" שידוך, וואָס איז נאָר דאָ אין דער וועלט. מען האָט מיך אָנגעהויבען באַקענען מיט יונגע ווייבלעך, אַלמנות אָדער גרושות, און אויך מיט עלטערע מיידלעך, וואָס זיינען אַביסעל פאַרזעסען געוואָרען צוליב די יאָרען פון קריג און אַלגעמיינע אומגליקען.

אָבער איך האָב געפילט אַ מאָדנע שרעק פאַר דער צווייטער פרוי, איך האָב נישט געגלויבט, אַז זי קען מיר ברענגען גליק, איבערהויפּט האָב איך מורא געהאַט, צי זי וועט קענען זיין אַ מוטער פאַר מיינע עלטערע קינדער, וועלכע האָבען זיך גענויטיגט אין דער וואַרעמקייט, וואָס אַ מאַמע ברענגט אין הויז אַריין, אָבער צי קען אַ שטיפמוטער ברענגען אַזאַ וואַרעמקייט?

איין מאָל איז געקומען צו מיר מיין געוועזענער צווייטער קאַנטאָר, יוסף גראָב, אַן איבערגעגעבענער פריינט מיינער און פאַרגעטערער פון מיין נגינה, און זאָגט צו מיר, אַז ער האָט אַ באַקאַנטע, זעהר פיינע פאַמיליע פון גאַליציע, אַ פרוי מיט אַן עלטער מיידעל. דער פאָטער, וועלכער לעבט שוין נישט, איז געוועזען איינער פון די שענסטע אידען אין גאַליציע, און בעת׳ן קריג האָבען זיי אויסגעוואַנדערט קיין ווין. ער וויל מיך באַקענען מיט דער דאָזיגער פאַמיליע, באַזונדערס מיט דעם מיידעל, וועלכע איז אויסערגעוויינליך אינטעליגענט און איידעל, און אים דאַכט זיך, אַז זי וועט זיין דער ריכטיגער זיווג פאַר מיר.

ווען איך בין אין אַ וואָך אַרום געקומען צום חזן גראָב אין שטוב און ער האָט פאַרגעשטעלט פאַר מיר דאָס מיידעל מיט די טיפע בלויע אויגען — האָב איך עפּעס אינגאַנצען אַ ציטער געטאָן. דאָס לשון איז ביי מיר אָפּגענו־מען געוואָרען און כ׳האָב מיך געפילט, ווי אַ נאַרישער יונגער בחור, וואָס קען דאָס מויל נישט אויפמאַכען. איך האָב באַמערקט, אַז זי איז שלאַנק, מיט אַן איידעל געזיכט, זי דאַרף זיין אינטעליגענט און פאַרשטענדליך און פון אַ גוטען כאַראַקטער.

באַלד האָב איך באַמערקט ווי אַלע זיינען אַרויסגעגאַנגען פון צימער און מיר זיינען געבליבען אַליין. פון דעם געשפּרעך האָב איך זיך נאָך מער איבערצייגט, אַז איך האָב פאַר מיר זעהר אַ באַלעזענע און אינטעליגענטע פּערזאָן. מיר האָבען זיך דעם צווייטען טאָג געטראָפען אין אַ קאַפע, וואו עס איז אויך געווען מיין טאָכטער, און מערקווירדיג, אַז זי האָט אויך אויף מיין טאָכטער געמאַכט דעם בעסטען איינדרוק. דאָס מיידעל האָט וואָס אַמאָל מער גענומען געווינען מיין האַרץ. איך האָב אָנגעהויבען וואַרטען מיט אומגעדולד אויף דעם נאָענטסטען טאָג זי ווידער צו זען.

מיר זיינען אָפט געגאַנגען אין טעאַטער און מיין נייע באַקאַנטע האָט אַרויסגעוויזען אַ גרויסע פאַרשטענדעניש פאַר דעם שוישפּיל, אירע אַרויסגע־זאָגטע מיינונגען זיינען געווען טרעפליך און מיט אַ הויכען גראַד אינטעליגענץ. מיט איר ערלויבעניש האָב איך זי איין טאָג פאַרמיטאָג באַזוכט אין איר מוטער׳ס וואוינונג. דאָס איז געווען אַן אַלט הויז אין דער שיפס־גאַסע, די וואוינונג איז געווען אָרעמליך, און איך האָב געזען, אַז דאָס דריקט שטאַרק אויף דעם געמיט פון מיין פריינדין.

זי האָט מיר דערציילט, אַז ווען זיי זיינען צוליב די קריגס־געשעענישען אַנטלאָפען פון גאַליציע קיין ווין, איז דער פאָטער אין אַ יאָר אַרום געשטאָרבען און זיי זיינען געבליבען אין דער פרעמדער שטאָט, ווי אויף׳ן וואַסער. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האָט זי זיך אויסגעלערענט די מלאכה פון קאָרסעטען־מאַכעריי, און דערפון איז זי מפרנס די משפחה, וואָס באַשטייט נאָך פון אַ צוועלף יעריג מיידעלע. די ציכטיגע אָרימקייט, וועלכע איך האָב דערזען, האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרצען.

מיר האָבען זיך ווידער געטראָפען און איך האָב געשטעלט מיין נייער באַקאַנטער צוויי פראַגען: צי זי וואָלט געוואָלט וואוינען אין אַמעריקע, און צי זי פילט, אַז זי וואָלט געקענט זיין אַ מוטער און אַ פריינדין צו עלטערע קינדער. אויף דער ערשטער פראַגע האָט זי גלייך געענטפערט: יאָ. ווען עס איז געקומען צו דער צווייטער פראַגע האָט זי געזאָגט, אַז אין דעם איצטיגען מאָמענט קען זי מיר דאָס נישט גאַראַנטירען. איך בין געבליבען אַ צעטומעלטער. איך האָב גלייך אַ טראַכט געטאָן, אַז טאָמער זאָל חלילה מיין צווייטע הייראַט דאַרפען ברענגען צו אַ ריס צווישען מיר מיט מיינע טייערע קינדער — וואָלט איך פאַר קיין שום פּרייז נישט געוואָלט אַזאַ גליק.

הגם דאָס מיידעל איז מיר שטאַרק געפעלען און כ׳האָב געקענט באַמערקען, ווי עס נעמען זיך אויסוועבען אין מיר איידעלע געפילען לגבי איר, האָט מיר איר ענטפער אַזוי צוריקגעזעצט, אַז איך האָב זיך איינגאַנצען פאַרלוירען. איך האָב געפילט, אַז איך וועל לאַנג די דאָזיגע באַקאַנטשאַפט נישט קענען איינהאַלטען. מיר האָבען אָפּגערעדט מאָרגען ווידער זיך צו טרעפען, אָבער נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט האָב איך באַשלאָסען איר אָנצושרייבען, אַז צוליב געוויסע סיבות קען איך זי מער נישט זען און איך ווינש איר פיל גליק.

איך מוז דאָס מודה זיין, איז איך בין געבליבען מיט אַ וואונד אין האַרצען, איך האָב מיר פשוט קיין אָרט נישט געקענט געפינען נאָכדעם ווי איך האָב מיט מיינע אייגענע הענט געפּרואווט צו דערשטיקען אין מיר די געפילען צו דעם דאָזיגען מיידעל, וועלכע איך האָב געהאַט געזען בלויז עטליכע מאָל. אָבער איך האָב געפילט וואָס אַמאָל שטאַרקער, אַז איך מוז שטעלען דעם שכל העכער פאַר אַלצדינג, אַז זי וועט נישט זיין די ריכטיגע מוטער פאַר מיינע קינדער, און דאָס מוז זיין אַנטשיידענדיג איבער אַלע אַנדערע זאַכען.

אָט אַזוי האָט ווין צעבראָכען מיין האַרץ, ווען איך בין ווידער אַהערגעקומען נאָך אַזוי פיל יאָרען פון אָפּוועזענקייט. אָבער איינגיכען האָב איך געדאַרפט טרעפען מיין ריכטיגע באַשערטע, טאַקע דעם ריכטיגען פריינט און די צאַרטע מוטער פאַר מיינע קינדער און אַלע פריערדיגע איבערלעבונגען זיינען פאַר־בלייכט און פאַרגעסען געוואָרען, אַזוי ווי עס טרעפט געוויינליך אין לעבען.

# איך געפין מיין ריכטיגען זיווג אין ווין און מיין חתונה אין קייזערין עליזאַבעט טעמפּעל

איך האָב געטראָפען אין ווין מיינעם אַ שול־קאָלעגע מיט'ן נאָמען שאַפּיראָ, וועלכער איז אויך געווען מיינער אַ שטיקעל מחותן, ווייל ער איז געווען דער שוואָגער פון מיין ברודער. אויסער דעם איז ער טאַקע געווען אַן איבערגעגע־בענער ידיד מיינער בלב ונפש, און איך האָב נישט געהאַט פאַר אים קיין סודות. האָב איך געעפענט פאַר אים מיין האַרץ און אים אויסדערציילט אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלעבט צוליב דער באַגעגעניש מיט אַ פיינער מיידעל פון גאַליציע, וועלכע האָט מיר צעבראָכען דאָס האַרץ, ווייל געגען מיין ווילען האָב איך זיך געמוזט מיט איר שיידען.

אָט דער חבר מיינער האָט מיך ביטער אויסגעלאַכט, וואָס אַ מענש קען זיך אַלץ נעמען צום האַרצען. „זיי נישט קיין יאָלד, האָט ער צו מיר געז׳טענה׳ט, אַזאַ יונגער מענש ווי דו, טאַלענטירט, מיט אַ גאָלדענער שטעלע אין אַמעריקע, אַ פאַרדינער איינער אין דער וועלט — דו זאָלסט דיר נעמען צום האַרצען אַ באַגעגעניש דאָרט מיט אַ מיידעל פון גאַליציע? — איך וועל דיר פאַרשאַפען אַ צענדליג אַנדערע באַגעגענישען, וואָס וועלען מער זיין פאַסיג פאַר דיר און דו וועסט ענדליך געפינען דיין באַשערטע".

און אַזוי ריידענדיג דערציילט ער מיר, אַז ער קען אַ יונגע פרוי, אַן אלמנה, פון אַ העכסט פיינער פאַמיליע, ער דאַרף בלויז אויסגעפינען, וואו זי וואוינט, און צי זי האָט נישט אַמאָל חתונה געהאַט פאַר דער צייט, וואָס ער האָט זי נישט געזען... אָבער ער האָט זיך גלייך באַוואָרענט, אַז די פרוי האָט אַ קליין מיידעלע פון ערשטען מאַן און צי איך וועל זיך אַנטשליסען חתונה צו האָבען פאַר אַ פרוי מיט אַ קינד.

דעם אמת געזאָגט בין איך שוין געווען מיד פון די אַלע „זעענישען" און „באַגעגענישען", וועלכע גוטע פריינט האָבען פאַר מיר איינגעאָרדענט. איך האָב שוין געטראַכט וואָס גיכער אָפּצופאָרען צוריק אַהיים קיין ניו־יאָרק, ווייל מיין אורלויב פון טעמפּעל האָט זיך געענומען דערנענטערען צום סוף. אָבער מסתמא איז דאָס געווען באַשערט פון גורל, אַז איך זאָל נאָך אָט די באַקאַנטשאַפט שליסען, אַ באַקאַנטשאַפט, וואָס האָט באַדייט אַ נייעם קאַפּיטעל אין מיין לעבען, אַ באַקאַנט־שאַפט, וואָס האָט מיר געגעבען דיווירקליכע געטרייע לעבענס־באַגלייטערין, אַ פריינט און אַ מוטער פאַר מיינע קינדער.

ממש מיט געוואַלד האָט מיין חבר שאַפּיראָ ארויפגעצוואונגען אויף מיר די דאָזיגע באַגעגעניש, וועלכע האָט שפּעטער אַזוי פיל באַדייט אין מיין לעבען. דאָס איז געווען אין אַ קאַפע־הויז אויפ׳ן ווינער „רינג״. איך בין געקומען מיט מיין טאָכטער, קלאַראַ, און מיט מיין פריינט שאַפּיראָ. די יונגע אלמנה איז געקומען אין באַגלייטונג פון אירער אַ באַקאַנטער פרוי. איך האָב דערזען פאַר זיך אַ געזונטע, קרעפטיגע יונגע פרוי, מיט נאַטירליכע פאַרבען אין געזיכט, וואָס האָט אויסגעזען ווי די טאָכטער פון אַ גוט־באַזיצער. אַ געזונטע נאַטירליכקייט האָט געשלאָגען פון איר גאַנץ וועזען.

דער ערשטער איינדרוק איז געווען אַ געמישטער און אומבאַשטימטער, זי האָט אָנגערופען איר נאָמען, אָבער איך האָב אים נישט באַהאַלטען אין זכרון. מיר זיינען אינגיכען געבליבען אַליין, און דער געשפּרעך האָט אָנגענומען גאָר אַן אַנדער ווענדונג. ווען מיר האָבען גענומען ריידען וועגען אונזערע אייגענע לעבענס, וועגען אונזערע קינדער — האָבען זיך געזונטע פאַרבען צע־שפּילט אויף איר געזיכט, איך האָב דערשפּירט, אַז איך האָב פאַר זיך אַן אינטעליגענטע ערליכער מוטער, און דאָס האָט גערעדט צו מיר אין יענעם מאָמענט שטאַרקער, ווי אַלע אַנדערע אַרגומענטען.

עס האָט קיין סך נישט גענומען און מיר זיינען געוואָרען אויפגעטראָגענער, האַרציגער, מיר האָבען זיך אויסדערציילט אונזערע לעבענס און מיר האָבען אָנגעהויבען פילען, ווי עס נעמט זיך וועבען אַ בריק צו אַ געמיינזאַמער צו־קונפט. זי האָט מיר אויפריכטיג געזאָגט, אַז אַ סך יונגע און אַפילו רייכע מענשען באַמיען זיך וועגען איר האַנט, נאָר צוליב איר קינד איז זי פאַרזיכטיג אין אויסקלייב, ווייל זי וויל געפינען אויך אַ פאָטער פאַר איר פרי פאַר׳יתומ׳ט קינד, און נישט יעדער מאַן קען זיין אַ פאָטער נישט צו זיין אייגען קינד.

מיר זיינען געגאַנגען אין דער פאָלקס־אָפּערע, וואו מיין טאָכטער איז ווידער אויפגעטראָטען אַלס מיקאַלע אין „קאַרמען״. זי האָט דעם אָוונט באַזונדערס שיין געזונגען. מיין פריינדין איז געווען באַגייסטערט פון איר, און ווען זי איז נאָך דער פאָרשטעלונג אַרויסגעקומען צו אונז, האָט זי אונזער נייע באַקאַנטע האַרציג אַרומגענומען און צערטליך געקושט. איך בין געווען גערירט פון דער דאָזיגער סצענע און האָב אינסטינקטיוו דערפילט, אַז — דאָס וועט זיין אַ צווייטע מוטער פאַר מיינע פאַר׳יתומ׳טע קינדער.

די נאָענטסטע באַגעגעניש אונזערע איז געווען אין הויז פון אירען אַ קוזין, וואוהין זי איז געקומען מיט איר שיין, זיס מיידעלע פון אַ יאָר פיר. איך האָב דאָס קינד גענומען אויפ׳ן שויס און מאָדנע האָט עס זיך גלייך צוגעקלעפּט צו מיר, ווי איך וואָלט געווען איר׳ס אַ היימישער פון יאָרען לאַנג. אירע גרויסע, בלויע אויגעלעך האָבען אויפגעלויכטען פון פרייד, און ווי לאַנג איך האָב נישט פאַרבראַכט אין דעם הויז איז דאָס קינד פון מיר נישט אָפּגעטראָטען. איך האָב געפילט אַן אומבאַשרייבליכען פאַרגעניגען פון דעם צוטרוי און צוגעבונדענקייט, וואָס דאָס קינד האָט צו מיר אַרויסגעוויזען.

מיין באַקאַנטע האָט מיך דאַן אַריינגערופֿען אין אַ באַזונדער צימער, וואו זי האָט מיר פֿאַרזיכערט, אַז דאָס איז עפּעס אַ באַזונדערס גוטער צייכען פֿאַר איר, וואָס דאָס קינד האָט מיך גלייך ליב געקראָגען, ווייל געוויינליך ווערט זי נישט גלייך אויפגעטראָגען מיט אַ פֿרעמדען מענשען און אַז זי איז פֿול מיט פֿרייד, וואָס עס איז אַזוי געשען.

אונזער נאָענטסטע באַגעגעניש איז שוין געווען די אַנטיידענדע: איך האָב זי געפֿרעגט, צי זי איז וויליג צו ווערען מיין פֿרוי. איר ענטפֿער איז געווען, אַז די סצענע ווי אַזוי איר קינד האָט זיך צו מיר באַצויגען, האָט אַנטשיידעט איר שיקזאַל צו ווערען מיין פֿרוי. מיר האָבען די דאָזיגע געשעעניש געפֿייערט באַשיידען אין אַ אידישען רעסטאָראַן, וואו מיר האָבען גענומען אַ לחיים פֿאַר אונזער צוקונפֿט און פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון אונזערע קינדער. איך האָב גלייך מיטגעטיילט וועגען דעם מיינע קינדער אין ווין און אויך צו מיין טאָכטער און איידעם אין איטאַליע, און זיי האָבען פֿון דער ווייטענס אַנטיילגענומען אין אונזער גליק.

אין פֿאַרלויף פֿון דריי טעג האָב איך אין אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אויפ׳ן גרונט פֿון מיינע ערשטע פּאַפּירען און פֿון דעם קאָנטראַקט פֿון מיין טעמפּעל אַרויסבאַקומען אַ צוזאָג, אַז איך וועל באַקומען די וויזע פֿאַר מיין צוקונפֿטיגער פֿרוי און איר טאָכטער, ווי נאָר איך וועל צושטעלען דעם חתונה־שיין און אַלע איבעריגע נויטיגע פּאַפּירען.

צוליב דער קורצער צייט, וואָס איז פֿאַרבליבען ביז מיין צוריקפֿאָרען, האָבען מיר באַשלאָסען צו פּראַווען אונזער חתונה אין אַ וואָך אַרום. אַלס דעם פּלאַץ פֿון אונזער חתונה האָבען מיר אויסגעקליבען דעם „קייזערין עליזאַבעט טעמפּעל״, וואו איך האָב געשטעלט מיינע ערשטע טריט אַלס אויבער־קאַנטאָר און וואו איך האָב דורכגעלעבט אַזעלכע פּרעכטיגע יאָרען פֿון גלאָריע און אויפֿשטייג. מיינע קאָלעגען קאַנטאָרען האָבען נישט געקאַרגט זייער טאַלאַנט צו מאַכען די צערעמאָניע וואָס פֿייערליכער און איינדרוקספֿולער.

באַוואָפֿענט מיט אַ חתונה־שיין, מיט אַ כתובה און מיט אַ צענדליג אַנדערע פּאַפּירען זיינען מיר אַוועק צום קאָנסול נעמען די וויזע. אָבער ווי גרויס איז געווען אונזער איבעראַשונג, ווען דער קאָנסול האָט פּלוצלונג דערקלערט, אַז עס איז אָנגעקומען פֿאַר דער וואָך אַ פֿרישע פֿאַראָרדענונג פֿון וואַשינגטאָן אָפּצושטעלען דאָס אַרויסגעבען וויזעס. איך האָב מיינע אויערען נישט געוואָלט גלויבען און צו מיין פֿאַרצווייפֿלונג איז גאָר קיין גרעניץ נישט געווען. איך האָב געהאַט אין מיין רשות געציילטע טעג און האָב געמוזט זיין צום טערמין צוריק אויף מיין פּאָסטען, און אין מיטען דערינען אַזעלכע אומדערוואַרטעטע שוועריגקייטען.

איך האָב אַרויסגערופֿען טעלעגראַפֿיש פֿון איטאַליע מיין איידעם, וועלכער איז געווען אַן אַמעריקאַנער לאָיער, און איך האָב גערעכענט, אַז אפשר וועט ער עפּעס קענען אויפֿטאָן. ער האָט אָנגעבאָטען אַלע מעגליכע גאַראַנטיעס

אין דער וועלט, אָבער עס איז געווען, ווי מען וואָלט גערעדט צו דער וואַנט. מיין פאַרביטערטקייט האָט קיין גרעניצען נישט געהאַט. צוריקפאָרען האָב איך געמוזט, און פאָרען אַליין האָב איך זיך געשראָקען, אַז מען זאָל עס אַמאָל נישט אויסטייטשען, ווי די באַקאַנטע „טיפען״, וואָס האָבען זיך געיאָוועט פון אַמעריקע, געטאָן אַ שידוך און דערנאָך פאַרשוואונדען געוואָרען, און מ׳האָט זיי געדאַרפט אַריינשטעלען אין דער „גאַלעריע פון פאַרשוואונדענע מענער״...

אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין ברירה און מיין קלוגע פרוי האָט עס פאַרשטאַנען. מיט אַ שווער האַרץ האָב איך איבערגעלאָזט מיין יונגע פרוי מיט איר טייער קינד און בין צום טערמין אָנגעקומען אויף מיין פּאָסטען. איך האָב פון ערשטען טאָג אָן נישט גערוט אום אַרויסצובאַקומען פאַר זיי די איינרייזע־וויזע און לייכט איז עס מיר נישט אָנגעקומען. איך האָב געהאַט די ברייטסטע אונטערשטיצונג פון דעם וויים־פּרעזידענט פון מיין טעמפּעל, דעם לאָיער מאַרקס, וועלכער האָט מיך צונויפגעפירט מיט פאַרשידענע קאָנגרעס־לייט, אָבער עס האָט ווייניג וואָס געהאָלפען, ענדליך איז ער צוזאַמען מיט נאָך דריי טראָסטיס פון מיין טעמפּעל אָוועקגעפאָרען קיין וואַשינגטאָן, וואו דער סענאַטאָר קאָפּלאַנד האָט זיך ערענסט גענומען צו דער זאַך. נאָך דריי חדשים פון אָנגעשטרענגטער מי, איז מיר ענדליך געלונגען אַראָפּצוברענגען מיין פרוי מיט איר קינד.

איך האָב דערפילט, אַז איך האָב צוגעקראָגען אַ טייערען פריינט, אַן איידעלע פרוי און אַ גוטע מוטער צו מיינע קינדער. מיין הויז האָט אויפגעלעבט, עס איז וואַרעם און ליכטיג געוואָרען אין די אַלע צימערען, וועלכע איך האָב ביז איצט באַטראַכטען אַן איינזאַמער און פאַר׳דאגה׳טער.

פאַר דער צייט פון מיין אָפּוועזענקייט האָט דער ראַבאַי געהאַט אַ גוטע געלעגענהייט ווייטער צו רודערען און צו פּרוּווען „מאָדערניזירען״ זיין עדה אידען. דאָס מאָל האָט ער נישט געהאַט ווער עס זאָל אים אָננעמען ביי דער האַנט און אָפּשטעלען. ער האָט זיך באַנוצט מיט אַלע מעגליכע מיטלען צו פאַרקלענערען מיין אויטאָריטעט צווישען די מתפּללים, וואָס איז אים געווען ווי אַ דאָרן אין אויג.

אָט איז אַ קליינער כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד, וואָס ווייזט מיט וואָס עס האָט געלעבט און געאָטעמט אָט דער גייסטיגער פירער, וועגען וואָס פאַר אַ קליינליכע זאַכען ער האָט געטראַכט, אַנשטאָט צו ווידמען זיך דער גייסטיגער דערהויבונג פון זיין געמיינדע. אין טעמפּעל איז געווען אָנגענומען, אַז ווען איך האָב געענדיגט דאַוונען איז דער פּרעזידענט מיט אַלע איבעריגע גבאים אַרויפגעקומען אויף דער בימה און האָבען געביטען „גוט שבת״ און געזאָגט אַ יישר כח דעם חזן. גלייכצייטיג האָבען זיי געזאָגט „גוט שבת״ דעם ראַבאַי. אָבער אַזוי איז שוין געווען, אַז מיט מיר האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט לענגער

און דער דאַנק איז געװוען אַ האַרציגער. האָב איך זײ דאָך װירקליך פאַרשאַפט הנאה מיט מײן דאַװנען.

אָט דאָס ראַבאַי׳טשיקעל האָט נישט געקענט איבערטראָגען, װאָס די אָנפירער פון טעמפּעל װײזן מיר אַרויס מער אויפמערקזאַמקײט װי אים. האָט ער צוגעטראַכט אַזאַ געשיכטע: װי נאָר איך האָב געענדיגט דאַװנען, איז ער אויפגעשטאַנען פון זײן פּלאַץ און איז דער ערשטער אַראָפּגעגאַנגען צום פּרעזידענט און די גבאים און זײ אָנטקעגען געטראָגען דעם „גוט שבת״, און אַזוי אַרום זײ פאַרהאַלטען, אַז זײ זאָלען נישט אַרויפקומען צו מיר. עס איז געװוען אין דעם אַ בפירוש׳ע דערנידערונג פאַר דעם שטאַנד פון אַ גײסטליכען, אָבער ער איז געװוען אַזוי פאַרבלענדט אין זײן קנאה צו מיר, אַז אים איז רעכט געװוען צו באַגראָבען זײן אײגענעם אָנזען אַבי נישט צו דערלאָזען, אַז דער עולם זאָל מיר אַרויסװײזען זײן פאַרערונג. אָבער גאָר אײנגיכען איז געקומען זײן סוף, ער האָט עס אַלײן געבראַכט דערצו, אַז מען זאָל אים מיט בושה פאַרטרײבען פון טעמפּעל.

# מיינע זיבען גליקליכע יאָרען אין אַמעריקע

אַט איז די געשיכטע, ווי אַזוי מען האָט דעם פּאַרנאַרישטען ראַבאַי ענדליך משלח געווען פון מיין טעמפּעל: איינמאָל אַ פרייטאָג צונאַכטס, ווען עס איז גראָד געווען אַ יומא דפגרא און מען האָט געדאַרפט זינגען אַ גרעסערע צאָל תפילות, זאָגט צו מיר דער ראַבאַי פאַר׳ן דאַווענען מיט כמעט אַ באַפעלערישען טאָן: היינט, הער אויבער־קאָנטאָר, זאָלט איר די גאָטעס־דינסט מאַכען זעהר קורץ, ווייל איך האָב צו מאַכען אַ גרויסען „ספּיטש״ און מען קען דעם עולם נישט האַלטען צו לאַנג.

עס האָט מיך פאַרדראָסען דער טאָן פון זיין ריידען, אָבער איך האָב גאָר־נישט געענטפערט און איך האָב מיר געטראַכט: וואַרט, וואַרט, וועסט זיך שוין היינט ביי מיר אויסריכטען. די שוהל איז געווען געפּאַקט און עס זיינען געווען אָנוועזענד אַ סך פרעמדע, איינגעלאַדענע געסט. אויף דער בקשה פון פּרעזידענט האָב איך גראָד אויף דעם פרייטאָג צונאַכטס אויסגעקליבען די שענסטע פון מיינע קאָמפּאָזיציעס, און אויך די שענסטע געזאַנג־נומערען פאַר דעם כאָר. איך האָב זיך געשטעלט דאַווענען אַ פערטעל נאָך אַכט און האָב געוויינליך געדאַרפט ענדיגען האַלב נאָך ניין, אָבער צוליב דער גרויסער צאָל תפילות האָט זיך די גאָטעס־דינסט פאַרצויגען ביז אַ פערטעל נאָך צען. איך האָב געגעבען פון זיך טאַקע דאָס שענסטע און האַרציגסטע, וואָס איך בין נאָר געווען אומשטאַנד, און דער עולם איז געזעסען, ווי אַ פאַר׳כישופ׳טער, אָן באַוועגונג.

די באַגייסטערונג אין טעמפּעל איז געווען אויסערגעוויינליך, אָבער איך האָב געקענט באַמערקען, ווי דער ראַבאַי קריצט מיט די ציין, ער פּלאַצט שיעור נישט פאַר אומגעדולד, אַז איך זאָל שוין ענדליך פאַרענדיגען און אים צולאָזען צום פּסוק. ווען איך בין פאַרטיג געוואָרען און ביז צום קידוש־מאַכען האָט געדאַרפט נעמען דאָס וואָרט דער ראַבאַי, האָט זיך אָנגעהויבען אַ באַוועגונג אין טעמפּעל: דער עולם האָט זיך גענומען אַרויסשאַרען. לאַנג האָט אַזוי אָנגעהאַלטען די באַוועגונג און אין טעמפּעל זיינען פאַרבליבען אַ הונדערט מענשען בראש מיט׳ן פּרעזידענט, אַלע טראַסטיס און אַלע אַנדערע אָפיציאַלען.

דער ראַבאַי איז אַרויף אויף דער טריבונע און האָט אינגאַנצען געברענט פון צאָרן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער׳ן שיטערען טעמפּעל און האָט אַרויסגעבורטשעט אויף ענגליש, אַז „עס איז נידעריגער פון זיין כבוד צו

ריידען פאַר אַזאַ קליינעם עולם". נו, נו, פרעגט שוין נישט, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן. עס איז געווען אַ פּאַטש אין פּנים דעם פּרעזידענט מיט אַלע גבאים, וואָס זיינען נישט געקוקט אויף דער שפּעטער שעה דאָך געבליבען אין שוהל. דער סוף איז געווען, אַז אויף מאָרגען, שבת, האָט מען שוין דעם ראַבאַי נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. און זונטאָג האָט מען גערופען אַ ספּעציעלע זיצונג פון דער אָנפירונג פון דער קאָנגרעגיישאָן; דער ראַבאַי איז אויך געווען און מען האָט אים דאָרט איינשטימיג דערקלערט, אַז איין וועג איז געבליבען פאַר אים: גלייך צו דערלאַנגען זיין רעזיגנאַציע פון אַמט.

עס האָט אים נישט געהאָלפען קיין אַנטשולדיגען זיך, קיין ריידען און בעטען, ער האָט באַקומען אויסגעצאָלט זיין אַנטשעדיגונג און איז אַוועק. און אַזוי בין איך פּטור געוואָרען פון אַ שלאַק, אַ ראַבאַי, וואָס אַזאַ באַשעפעניש איז גאָר אַ חרפּה, אַז ער זאָל זיך רופען דער „גייסטיגער פירער" פון אַמעריקאַנער אידען. בלויז די פאַרווירונג און צעטומלונג פון די ערשטע אידישע עמיגראַנטען אין דעם דאָזיגען גרויסען און מעכטיגען לאַנד האָט מעגליך געמאַכט, אַז אַזעלכע באַשעפענישען זאָגען זיך בכלל קענען באַווייזען און פאַרנעמען אַן אָרט אין אידישען לעבען.

נאָך אים האָט שוין מיין טעמפּעל אינגאַנצען נישט געוואָלט אָנשטעלען קיין ראַבאַי אין פאַרלויף פון אַ לאַנגער צייט. דאַגעגען זיינען איינגעלאַדען געוואָרען אַלס גאַסט־רעדנער אַזעלכע באמת גרויסע און פאַרדינסטפולע אידישע פירער, ווי: ראַבאַי סטיפען וויז, ראַבאַי זילבערמאַן פון טעמפּעל עמנואל אין ניו־יאָרק און אַנדערע. זייערע רעדעס האָבען ווירקליך אויפגעמונטערט די אידען, פאַרבונדען זיי מיט דער גרויסער פאַרגאַנגענהייט פון אונזער פאָלק און מיט זיינע האָפענונגען אויף דער צוקונפט.

***

מיין הויז אונטער דער פירערשאַפט פון מיין פרוי האָט ממש אויפגעלעבט. איך האָב דערפילט עפּעס אַזעלכעס, וואָס כ'האָב אין מיין גאַנצען פריערדיגען לעבען, ליידער, נישט באַקומען צו פילען. דאָס איז געווען די וואַרעמקייט פון אַ פריינט און פון אַ קלוגען, אויפגעקלערטען מענשען, וועלכער פאַרשטייט דעם גייסט פון דער צייט און ווי אַזוי זיך צו אים צוצופּאַסען. עס איז געווען ליכטיג אין אַלע ווינקעלעך; מענשען, וואָס האָבען אָנגעפילט מיין הויז, האָבען זיך ממש געשפּיגעלט אין דער זויבערקייט און האַרציגקייט, וואָס האָט ביי אונז געהערשט.

גאָר אינגיכען האָט מיך דערוואַרט אַ גרויס און פריידיג געשעעניש אין מיין לעבען, וואָס יעדער זיידע ווייס דעם זיסען טעם דערפון: מיין עלטערע טאָכטער, אַנאַ, איז געלעגען געוואָרען מיט דעם ערשטען קינד, אַ אינגעלע, און איך בין געוואָרען אַ זיידע. עס איז געווען זומער, און מיר האָבען אַלע געוואוינט

אין די בערג. מיין פרוי איז געווען ווי אַ געטרייע מאַמע צו מיין טאָכטער און צו איר ביי געבוירען קינד, זי איז אַזוי געווען פאַרליבט אין דעם אייניקעל, אַז זי האָט אָפטמאָל פאַרנאַכלעסיגט איר אייגען קינד און מיך אַליין. דאָס האָט מיך אָנגעפילט מיט אָן אַ שיעור פרייד, וואָס מיין אינטואיציע האָט מיך נישט גע־נאַרט און איך האָב געפונען דעם ריכטיגען פריינט אין לעבען, אַ זאַך, וואָס טרעפט, ליידער, אַזוי זעלטען.

מיט אַ רוהיגען געוויסען קען איך זאָגען, אַז די יאָרען אין ניו־יאָרק, פון 1922, דעם יאָר פון מיין צווייטער חתונה, ביז דעם יאָר 1928, ווען איך האָב געלעבט אין ארץ־ישראל, זיינען געווען די גליקליכסטע יאָרען אין מיין לעבען. מיין אָנזען איז געוואַקסען פון יאָר צו יאָר. מיין טאַלאַנט האָט זיך דאַן אַנט־וויקעלט צו זיין פולסטער קראַפט און שיינקייט. מענשען האָבען מיך ליב געהאַט, אויף די הענט געטראָגען, פאַרגעטערט. מיין פערזענליכע בענקשאַפט נאָך גליק איז באַפרידיגט געוואָרען מיט׳ן אריינקומען פון מיין פרוי אין הויז אַריין. איך האָב מיר נישט פאָרגעשטעלט, אַז עס קען זיין אַ מער גליקלי־כער מענש אויף דער וועלט, ווי איך בין דעמאָלט געווען.

אין יענע יאָרען האָב איך געהאָלפען מיין ברודער גדליה אָנצונעמען די שטעלע פון אַ חזן אין פילאַדעלפיע און שפּעטער אין דענווער, קאָלאָראַדאָ. מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז מיין דריטער ברודער, בערנאַרד, אַראָפּגע־קומען פון ריגע און האָט פאַרנומען אַ גאַר אָנגעזעענע שטעלע אין ווינפילד, פּילא. מיין צווייטע טאָכטער, קלאַראַ, האָט נאָכ׳ן פאַרענדיגען אירע געזאַנג־שטודיען אין איטאַליען, באַקומען אַ קאָנטראַקט פון דער דייטשער אָפּערע אין פּראָג. מיין עלטערער זון, וועלכער איז צו מיין גרויסען אומגליק שפּעטער געשטאָרבען, האָט פאַרענדיגט אַלס דאָקטאָר־מעדיצין מיט אויסצייכענונגען. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אַלס פאַטאַלאָג און איז שפּעטער אַנגאַזשירט געוואָ־רען אַלס אַסיסטענט־פּראָפעסאָר אין פאָסט גרעדזשועיט האָספּיטאַל אין ניו־יאָרק.

אין יענער צייט האָב איך אָפּגעשלאָסען אַ קאָנטראַקט מיט דער בראָנזוויק גראַמאָפאָן קאָמפּאַניע אויף דריי יאָר צייט אַריינצוזינגען אין די רעקאָרדס, וואָס עס האָט מיר אַריינגעטראָגען איבער דרייסיק טויזענט דאָלער ריוח. איך האָב מיך אַלזאָ נישט געהאַט וואָס צו באַקלאָגען.

נאָך אַביסעל פאָטערליכען נחת איז מיר געווען באַשערט. מיין טאָכטער, קלאַראַ, וועלכע האָט שוין דעמאָלט געזונגען אין דער בערלינער אָפּערע, איז קומענדיג צו מיר צוגאַסט געוואָרען אַ כלה פאַר דר. פרידמאַן, אַ זון פון אַ פיינער און אינטעליגענטער משפחה, און גאַר אינגיכען האָבען מיר געפראַוועט איר חתונה.

און דאָ קום איך צו דערציילען וועגען אַ באַדייטענדער פאַסירונג אין מיין לעבען, וואָס איז זיך פאַרלאָפען אין יענעם אומפאַרגעסליכען יאָר פון 1926. איך מיין דאָ — מיין ערשטע און אויסגעבענקטע רייזע קיין ארץ ישראל. דאָ זיינען פאַר־

ווירקליכט געוואָרען מיינע אינטימסטע שטרעבונגען, וואָס האָבען נאָך גע־נעסטעט אין מיר פון מיין פריעסטער קינדהייט. אָט דער דאָזיגער באַזוך מיינער אין דעם לאַנד פון אונזערע אָבות און פון אונזערע קינפטיגע דורות איז געווען די קרוין פון אַלע מיינע דערגרייכונגען ביז צו יענעם מאָמענט. דער־פאַר האָב איך געזאָגט, אַז די דאָזיגע יאָרען זיינען געווען די גליקליכסטע פון מיין לעבען. אָן דעם באַזוך אין ארץ ישראל וואָלט איך באמת נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז אַזוינס גליק אויף דער וועלט. איך האָב מיך אָנגע־טרונקען מיט וואַרעמקייט, וואָס האָט מיר געקלעקט אויף די ווייטערדיגע יאָרען און געגעבען קראַפט צו לעבען, צו שאַפען, צו טראָגען דאָס אייביגע אידישע געזאַנג צווישען די ברייטסטע מאַסען פון אונזער פאָלק.

# אַן ערפינדונג פון אַ אידישען יונגערמאַן, וואָס ברענגט אַריין מיליאָנען

איך מוז זיך אומקערען אויף אַ ווײלע צו דער צייט האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין בודאַפּעסט. דאָס איז געווען ענדע יולי פון דעם יאָר 1914, ווען איין מאָל איז צו מיר געקומען צוגיין אַ יונגערמאַן מיט׳ן נאָמען יוזעפאָוויטש, וועלכער איז געווען דער פּלימעניק פון מיינעם אַן אינטימען פריינט, ווישניאַק. ביידע האָבען זיי געשטאַמט פון רוסלאַנד. אין דער לופט האָט זיך שוין געשפּירט, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט אויסברעכען דער קריג צווישען רוסלאַנד און עסטרייך־אונגאַרן, און אַלס רוסישער בירגער האָט ער זיך געשראָקען, אַז ער וועט אינטערנירט ווערען און ער האָט געוואָלט באַצייטענס זיך אַרויסקריגען פון לאַנד, אויפ׳ן וועג אַהיים.

דער דאָזיגער יונגערמאַן האָט מיר אָנפאַרטרויט אַ סוד, אַז ער אַרבייט שוין אַ לענגערע צייט איבער אַ געוויסער ערפינדונג, וואָס וועט מאַכען אַן איבערקערעניש אויפ׳ן געביט פון פאָטאָגראַפיע. דאָס איז אַזאַ מין פאָטאָ־גראַפישע קאַמערע, אין וועלכער מען וועט אַריינוואַרפען אַ מטבע און אין געציילטע מינוטען אַרום וועלען פון דעם אַפּאַראַט אַרויסשפּרינגען צען פאַרטיגע פאָטאָגראַפישע בילדער.

אַזוי ווי ער איז אַ רוסישער בירגער און די לופט שמעקט מיט מלחמה און ער האָט מורא, אַז אַלס פיינטליכען בירגער זאָל מען אים נישט אינ־טערנירען אין אַ לאַגער, האָט ער דעריבער באַשלאָסען באַצייטענס אַוועקצו־פאָרען. ער האָט אָבער נישט קיין געלט אויף הוצאות, ער האָט אויך נישט קיין שום אייגענע, וואָס זאָלען אים אַרויסהעלפען, איז ער דעריבער געקומען צו מיר, ווי צו אַ נאָענטען פריינט פון זיין פעטער, אַז איך זאָל אים געבען מיין הילף. ער בעט מיך, אַז איך זאָל איבערנעמען זיין ערפינדונג און זי לאָזען פאַטענטירען אין פיר מלוכות: דייטשלאַנד, עסטרייך, איטאַליע און אונגאַרן, און ער איז גרייט מיר צו געבען אַ געוויסען פראָצענט פון זיין ערפינדונג ווען ער וועט זי פולשטענדיג אַנטוויקלען נאָך דער מלחמה. און אַז די מלחמה וועט זיין אַ קורצע און וועט אָנהאַלטען קוים עטליכע חדשים — אין דעם האָט דעמאָלט קיינער נישט געצווייפעלט.

איך האָב אויסגעהערט די געשיכטע און האָב ערקלערט דעם יונגערמאַן, אַז אַליין פאַרשטיי איך זיך גאָר קנאַפּ אויף די זאַכען, נאָר איך האָב אַ פריינט,

אַן אינזשינער און גלייכצייטיג איז ער אַ לאַיער און קען זיך אויס אויף פּאַטענטען פון נייע ערפינדונגען, וועל איך מאָרגען צוגיין צו אים טאַקע מיט דעם יונגען־מאַן און מיר וועלען הערען, וואָס ער וועט זאָגען וועגען דער גאַנצער זאַך. אויב זיין מיינונג וועט זיין אַ גינסטיגע, וועל איך דעם יונגענמאַן זיכער אַרויסהעלפען מיט וואָס נאָר איך וועל קענען, און וואָס ס'איז שייך מיין אַנטייל אין די פאַרדינסטען, וועט מען שוין ריידען שפּעטער, לאָמיר אָקאָרשט פריער זיך איבערצייגען, צי דאָ זעט זיך בכלל עפּעס אַ שכל און אַן אויפטו.

אויף צומאָרגענס זיינען מיר צוגעגאַנגען צו מיין פריינט, אינזשינער נויפעלד; ער האָט גענומען באַטראַכטען די אַלע צייכענונגען און פּלענער, וואָס דער יונגערמאַן האָט פאַר אים פאַנאַנדערגעלייגט. זיין מיינונג איז געווען, אַז די אידייע גופא איז אַ גאַנץ גוטע, נאָר אַזוי ווי די צייכענונגען זיינען איצט, וועט זיי קיין שום פּאַטענט־אַמט פון אַ וועלכער עס איז רעגירונג נישט אויפנעמען צו פּאַטענטירען. זיי מוזען פריער פאַכמעניש באַאַרבעט ווערען דורך אַ געהעריגען אינזשינער, געבראַכט ווערען אין אָרדענונג, און דאַן וועט מען ערשט קענען גיין ריידען וועגען פּאַטענטירען זיי.

דערביי האָט זיך דער אינזשינער נויפעלד אַליין אונטערגענומען די דאָזיגע אַרבייט צו מאַכען און מיר זיינען דורכגעקומען, אַז ער וועט נעמען דערפאַר 500 קראָנען. אַ חוץ דעם האָט מען געדאַרפט באַצאָלען די פּאַטענט־אַמטען פאַר דער רעגיסטרירונג פון דער ערפינדונג. קיין געלט האָט דער יונגערמאַן, ווי געזאָגט, נישט געהאַט, איז אויסגעקומען, אַז איך האָב דאָס געדאַרפט אויסלייגען. צוזאַמען האָבען מיינע הוצאות געדאַרפט באַטרעפען אַ סומע פון צוויי טויזענט קראָנען. דער יונגער יוזעפאָוויטש האָט מיר אַפילו צוגעזאָגט, אַז ער פאַרזיכערט מיר צען פּראָצענט פון דער סומע, וואָס ער וועט אַרויס־באַקומען פון דער ערפינדונג דערפאַר, וואָס איך לייג אויס דאָס געלט און וועל זיך דאַרפען פאָרען ביי די פאַרשידענע רעגירונגען מיט'ן אַרויסבאַקומען די רעגיסטרירונגס־שיינען. אָבער איך האָב דעמאָלט וועגען דעם נישט געטראַכט. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס איז דער פּלימעניק פון מיינעם אַ פריינט, אַז ער איז אין אַ נויט און מען דאַרף אים העלפען.

אין עטליכע טעג אַרום איז דער יונגערמאַן געקומען צולויפען צו מיר אַ פאַרסאַפּעטער: הער קוואַרטין, איך מוז פאַרלאָזען בודאַפּעסט, און עס איז אַ פראַגע נישט פון טעג, נאָר פון געציילטע שעה'ן, אַז נישט בין איך פאַר־לוירען. אַזוי ווי דער איינציגער וועג קיין רוסלאַנד איז דורך רומעניע, ווייל זי געפינט זיך נאָך נישט אין קריג, בעט איך אייך צו פאַרשאַפען מיר דורך דער קולטוס־געמיינדע אַ וויזע קיין רומעניע, און פון דאָרט וועל איך זיך שוין דערשלאָגען אַהיים.

איך בין מיט אים גלייך אַוועק אין דער געמיינדע און אין פאַרלויף פון עטליכע מינוט האָט ער אַרויסבאַקומען דעם נויטיגען עמפּפעלונגס־בריוו צום רומענישען קאָנסול. ער האָט גלייך באַקומען די וויזע און איז אַוועקגעפאָרען.

אין עטליכע וואָכען אַרום האָט מיר דער אינזשינער נויפעלד מיטגעטיילט, אַז יוזעפּאָוויטש׳עס ערפינדונג איז אָנגענומען געוואָרען צו רעגיסטרירונג אין אַלע פיר מלוכות, און אַז די הוצאות באַטרעפען 200 קראָנען, און אַז ביי אַלע רעגירונגען איז אָנגעגעבען געוואָרען מיין אַדרעס אַלס פון דעם, צו וועמען מען דאַרף זיך ווענדען אין אַלע אָנגעלעגנהייטען פון דער ערפינדונג.

איך האָב באַצאָלט די דערמאָנטע סומע, האָב באַקומען צוגעשיקט קאָפּיעס פון די פּאַטענטען און אַזוי ווי די מלחמה איז זיך דערוויל אָוועק מיט איר גרויזאַמען גאַנג — האָב איך גאָר אינגיכען פאַרגעסען אין דער גאַנצער געשיכטע. בלויז איינמאָל אין יאָר האָבען מיר די פּאַטענט־אַמטען פון יעדער פון די פיר רעגירונגען באַזונדער דערמאָנט מיט אַ בריוו, אַז איך דאַרף צושיקען דעם געהעריגען יערליכען שטייער פאַר דעם פּאַטענט. אַלע פיר שטייערען צוזאַמען האָבען אויסגעמאַכט אַרום ניינציג קראָנען, האָב איך באַצאָלט און האָב ווידער פאַרגעסען אין דער גאַנצער מעשה.

די אַלע יאָרען פון דער מלחמה האָב איך נישט געהערט נישט פון דעם יונגענמאַן און אויך נישט פון זיין פעטער, ווישניאַק. איך האָב מיר געטראַכט: ווער ווייס וואָס מיט זיי איז דאָרט געשען אין דער גרויסער זאַווערוכע, וואָס איז אַריבער איבער רוסלאַנד. דריי יאָר נאָכאַנאַנד האָב איך רעגולער געצאָלט די שטייערען פאַר דעם יונגענמאַנ׳ס ערפינדונג, אָבער ווען כ׳האָב געזען, אַז די מלחמה ענדיגט זיך שוין באַלד און פון אים הערט מען גאָרנישט, האָט מיר די זאַך דערעסען און איך האָב אויפגעהערט צו צאָלען דעם שטייער.

ווען איך בין אין יאָר 1920 געקומען קיין אַמעריקע אויף מיין קאָנצערט־טורנע, האָבען מיינע מענעדזשערס געמאַכט די געהעריגע רעקלאַמע, און נאָטיצען וועגען מיר ווי אויך מיין בילד און אַפילו מיין אַדרעס, וואו איך האַלט מיך אויף, זיינען דערשינען אין דער „ניו יאָרק טיימז״. די דאָזיגע צייטונג, ווי באַקאַנט, צעגייט זיך איבער דער גאַנצער וועלט און זי האָט אויך פאַרבלאָנדזשעט קיין שאַנכאַי, אין כינע.

אין איין שיינעם טאָג, דאָס איז געווען אין יאָר 1921, באַקום איך אַ דיקען רעגיסטרירטען בריוו אפשר פון צוואַנציג זייטען, געשריבען אויף רוסיש מיט אַ גערדיכטען כתב, אַז איך האָב קוים געקענט אַדורכקריכען איבער דער דאָזיגער מגילה. לייענענדיג האָב איך זיך אַלץ נישט געכאַפּט, וועגען וואָס דעם שרייבער גייט, ביז איך בין ענדליך געקומען צו דער אונטערשריפט: יוזעפּאָוויטש. האָ, דאָס איז דאָך מיין אַלטער באַקאַנטער ערפינדער פון אַ יאָר זיבען צוריק אין בודאַפּעסט. איך האָב מיך שטאַרק דערפרייט פון אים צו הערען און האָב שוין גענומען לייענען דעם בריוו מער אויפמערקזאַם.

דאָס איז געווען אַ שפּאַנענדע געשיכטע, וואָס דער יונגערמאַן איז אַלץ דורכגעגאַנגען זינט ער האָט פאַרלאָזען אונגאַרן אויפ׳ן וועג קיין רומעניע און רוסלאַנד. ווי אַזוי ער האָט זיך פון רומעניע דערשלאָגען קיין אָדעס און דערנאָך האָט ער געוואַנדערט איבער גאַנץ רוסלאַנד, ביז ער איז אָנגעקומען

קיין טשיטאַ, אין סיביר, וואו עס האָט זיך דעמאָלט געפונען זיין פעטער, ווישניאַק. דאָרט האָט אים פּאַניע דוקא געוואָלט מאַכען פאַר אַ סאָלדאַט, אָבער קיין איבעריגע פּאַטריאָטישע געפילען צו רוסלאַנד האָט ער נישט געפילט, האָט ער זיך אויסבאַהאַלטען, האָט זיך דערשלאָגען צו דער גרענעץ מיט כינע, און איז ענדליך אָנגעקומען אין דער כינעזישער האַפען־שטאָט, שאַנכאַי.

אויך דאָרט האָט ער קיין האָניג נישט געלעקט, ביז ער האָט ענדליך אָנגעהויבען צו אַרבייטען אין אַ פאָטאָגראַפישען געשעפט און מיט דער צייט האָט ער זיך דערשלאָגען צו אַ קליינער אייגענער סטודיאָ, וואו מען האָט אויף שנעל געמאַכט פאָטאָגראַפישע אויפנאַמען. גלייכצייטיג האָט ער טאָג און נאַכט געאַרבייט אויף צו פאַרפולקאָמען און אויסצופאַרטיגען די מאַשינעריע פאַר זיין ערפינדונג.

ער שרייבט מיר דעריבער, אַז אין שאַנכאַי קען ער נישט קריגען די נויטיגע מאַטעריאַלען און ווערקצייג אויף אָנצוגיין מיט זיין אַרבייט. אַ טייל מאַשינען האָט ער אָנשטאָט פון שטאָל געמוזט מאַכען פון האָלץ. ווען ער וואָלט זיך געקענט איינשאַפען דעם ריכטיגען וואַרשטאַט מיט די נויטיגע מאַשינען און מאַטעריאַלען, איז ער זיכער, אַז אין פאַרלויף פון אַ האַלב יאָר וואָלט ער פאַרטיג געוואָרען מיט זיין ערפינדונג, איבער וועלכער ער אַרבייט שוין אַ קיימא לן פון צען יאָר.

די אונטערשטע שורה פון זיין לאַנגען שרייבען איז געווען, אַז עס האָט נישט קיין צוועק פאַר אים צו זיצען אין דעם פאַרוואָרפענעם שאַנכאַי און מאַטערען זיך פאַר יעדער קלייניגקייט, וואָס ער האָט נויטיג צו דער אַרבייט. ווען ער קען קומען קיין אַמעריקע, וואָלט ער ממש אויפגעלעבט און ער וואָלט אַ סך שנעלער אויסגעפערטיגט זיינע אַפּאַראַטען און זיי פּאַטענטירט און צוגעטראָטען זיי צו עקספּלואַטירען און — געוואָרען אַ גביר. ער באַטאָנט אויך, אַז צו פאַרענדיגען זיין ערפינדונג וועט נאָך נויטיג זיין עטליכע טויזענט דאָלער און ער פרעגט מיך אָן, צי איך וועל וויליג זיין אים צו פינאַנסירען ביז'ן סוף. וועגען זיין פעטער ווישניאַק באַטאָנט ער, אַז ער לעבט און געפינט זיך אין טשיטאַ, סיביר. נאָר אויב אים, יוזעפאָוויטש'ען, וועט געלונגען צו קומען קיין אַמעריקע, וועט דער פעטער זיך אויך אַרויסשמוגלען פון רוסלאַנד קיין כינע און וועט אינאיינעם מיט אים קומען קיין אַמעריקע.

איך האָב זיך געפרייט צו הערען, אַז מיין פריינט ווישניאַק לעבט און האָב גלייך געענטפערט, אַז איך בין גרייט אים צו געבען די עטליכע טויזענט דאָלער, וואָס ער האָט נויטיג און איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איז געווענדעט אין מיר, אַז זיי זאָלען אַלע קענען קומען קיין אַמעריקע. קיין לופט־פּאָסט איז נאָך דעמאָלט נישט געווען, האָט עס גענומען אַ האַלב יאָר, ביז איך האָב באַקומען אַן ענטפער אויף מיין בריוו. דאָס מאָל האָט שוין ווישניאַק אויך געשריבען, אַז זיי קלייבען זיך אַלע אין וועג אַריין. און ווירקליך, אין עטליכע חדשים

אַרום איז דער ערשטער געקומען יוזעפאָוויטש און באַלד דערנאָך אויך זיין פעטער.

מיר האָבען זיך אָפּגעפרייט מיטאַנאַנדער און באַלד דערנאָך האָבען מיר גע־שלאָסען צווישען זיך דעם פאָלגענדען קאָנטראַקט: יוזעפאָוויטש פאַרפליכטעט זיך אין פאַרלויף פון זעקס חדשים צייט פאַרטיג צו מאַכען זיין אַפּאַראַט און אים צו פּאַטענטירען. און איך פון מיין זייט פאַרפליכטע מיך אין פאַרלויף פון די זעקס חדשים אויסצוצאָלען אים יעדען חודש טויזענט דאָלאַר. צוזאַמען האָב איך געדאַרפט אַריינלייגען אין געשעפט זעקס טויזענט דאָלאַר, אַ חוץ די אַלע קראָנען, וואָס איך האָב בשעתו אַריינגעלייגט אין דעם געשעפט נאָך זייענדיג אין בודאַפּעסט. פאַר מיין דאָזיגען אינוועסטמענט באַקום איך צען פּראָצענט פון דעם גאַנצען פאַרדינסט, וואָס דער אַפּאַראַט וועט אַריינברענגען.

אַזוי ווי דעם קאָנטראַקט האָט אויסגעאַרבעט מיין איידעם, דער לאָיער שולמאַן, און ער האָט געדאַרפט אַכטונג געבען אויף דער גאַנצער זאַך, האָב איך געהייסען אַריינשרייבען אין קאָנטראַקט, אַז ער איז אַ פולער שותף צום געשעפט און צו די פאַרדינסטען, וואָס ער וועט ברענגען. ווער זאָל זיך דאָס דעמאָלט ריכטען, אַז דאָס איז נישט געווען קיין קאַטאָוועס, נאָר גאָר אַ גרויס געשעפט מיט מיליאָנען דאָלאַרען איינקונפט.

# אַן אונטערנעמונג, וואָס באַשיט מיט גאָלד די אונטערנעמער

אַמעריקע איז טאַקע דאָס געבענטשטע לאַנד אויף דער וועלט. די געשיכטע מיט דער ערפינדונג פון דעם אידישען יונגענמאַן יוזעפאָוויטש האָט מיך אַן איבעריגען מאָל איבערצייגט אין דעם. אין קיין שום לאַנד אין דער וועלט וואָלט ער נישט געקענט דערגרייכען דאָס, וואָס ער האָט דערגרייכט אין דעם דאָזיגען לאַנד פון אומבאַגרעניצטע מעגליכקייטען. דאָ האָט מען ליב, ווען עמיצער טוט עפּעס אויף מיט'ן אייגענעם מח און מיט די אייגענע הענט און פאַרלאָזט זיך נישט בלויז אויף דעם, וואָס אַנדערע האָבען שוין אויפגעטאָן פאַר אים. דאָ שאַצט מען אָפּ די דרייסטע און מוטיגע, וואָס האָבען דעם נויטיגען געדולד און אויסדויער צו דערפירען זייער זאַך ביז'ן סוף.

יוזעפאָוויטש איז טאַקע רייך באַלוינט געוואָרען פאַר זיין מי און מאַטערניש, ביז ער האָט דערלעבט דעם טאָג, ווען זיין ערפינדונג איז אָנגענומען און ווי געהעריג אָפּגעשאַצט געוואָרען. נאָר לאָמיר דאָ שילדערען כסדר, ווי אַזוי דאָס איז צוגעגאַנגען. נאָכדעם ווי מיר האָבען אָפּגעשלאָסען דעם קאָנטראַקט צווישען זיך און ער האָט שוין געהאַט פאַרזיכערטע טויזענט דאָלאַר אַ חודש אויף צו דעקען אַלע הוצאות, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דער וויטערדיגער אַנטוויקלונג פון זיין ערפינדונג — איז ער גלייך צוגעטראָטען צו אַן אינטענסיווער אַרבייט.

ער האָט זיך איינגעריכטעט אין ניו־יאָרק אַ גרויסען וואַרשטאַט, מיט אַן אַ שיעור אַפּאַראַטען און מאַשינען. עס איז אַוועק איין חודש נאָכ'ן אַנדערען, איך האָב אים געצאָלט די טויזענטערס, אָבער קיין קאָנקרעטע רעזולטאַטען האָט מען נאָך אַלץ נישט געזען. דער אמת איז געווען, אַז דער ערפינדער יוזעפאָוויטש האָט טאַקע געוואוסט, וואָס ער וויל דערגרייכען, נאָר אַזוי ווי קיין אינזשינער איז ער אַליין קיינמאָל נישט געווען, איז אים אָנגעקומען גאַנץ שווער אַרויסצובררענגען מכח אל הפועל זיינע פאַרטראַכטע פּלענער. האָט ער זיך אַרומגעטראָגען מיט זיינע אַן אַ שיעור פּאַפּירלעך, סקעטשעס און צייכענונגען, און האָט זיך געמאַטערט, ווי אַזוי מען ברענגט דאָס צום לעבען.

אָנטרויען ווידער זיינע פּלענער צו אַן ערפאַרענעם אינזשינער און טעכניקער האָט ער מורא געהאַט, אַז יענער זאָל ביי אים נישט אויסנאַרען די בכורה און ער זאָל בלייבען ווי אַ נאַר. אָבער די געוואַלדיגע עקשנות פון

דעם יונגענמאַן האָט אים געראַטעוועט. ער האָט זיך געמוטשעט טעג און נעכט, אָבער ער האָט קיינעם קיין שום זאַך נישט אָנגעטרויט. ער האָט געאַרבייט צוואַנציג שעה אין מעת־לעת, האָט נישט געגעסען און נישט געטרונקען, האָט די ליכטיקע שיין נישט אָנגעקוקט, אָבער ער האָט די האָפענונג, אַז ער וועט זיך צו זיינס דערשלאָגען, נישט אויפגעגעבען.

די חדשים זיינען דערווייל געגאַנגען, איך האָב געצאָלט די טויזענטער, און קיין ערפינדונג האָט מען אַלץ פאַר די אויגען נישט געזען. יוזעפאָוויטש האָט נאָך אַלץ געהאַלטען ביים אָנהויב. דער פעטער זיינער, ווישניאַק, האָט זיך זייער געערגערט, עס איז אים נישט געווען אָנגענעם צוליב מיר, ווייל ער האָט דאָך אויף זיך גענומען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם געלט, וואָס איך האָב אינוועסטירט. בפרט, אַז יוזעפאָוויטש האָט פאַרשפּראָכען, אַז ער וועט די אַרבייט פאַרטיג מאַכען אַ סך פריער פאַר'ן אָפּלויף פון די זעקס חדשים. אויך דער יונגערמאַן אַליין איז געווען שוואַרץ ווי די ערד פאַר פאַרדרוס און ערגערניש.

איך האָב מיך שוין אָנגעהויבען מיאש צו זיין אויף מיינע פאַר גראָשען. איך האָב מיר געזאָגט: „ד' נתן ויוזעפאָוויטש לקח...” זאָל איך מיט דעם האָבען אויסגעקויפט אַלע מיינע זינד. איך האָב שוין שיעור נישט געהאַט אויפגעגעבען די האָפענונג, אַז איך וועל נאָך ווען עס איז אָנזען צוריק מיין געלט. אָבער יוזעפאָוויטש אַליין האָט אויף קיין איין מינוט נישט אויפגעגעבען דעם מינדעסטען טייל פון זיינע האָפענונגען. און ער איז געווען גערעכט.

דאָס איז געווען אויפ'ן אַכטען חודש, נאָכדעם ווי מיר האָבען געהאַט אָפּגעשלאָסען אונזער קאָנטראַקט. דאָס גאַנצע אָפּגערעדטע געלט האָב איך אים שוין געהאַט אויסגעצאָלט. אין אַ נאָכמיטאָג רופט ער מיך אָפּ דורכ'ן טעלעפאָן, אַז איך זאָל גלייך אַריבערקומען צו אים אין וואַרשטאַט. צוזאַמען מיט מיין איידעם, דעם שותף, זיינען מיר גלייך אַהין אַוועקגעגאַנגען. ווי באַר מיר זיינען אַריבערגעטראָטען די שוועל, איז מיר דער יונגערמאַן אַרויפגעפאַלען אויפ'ן האַלז און גענומען קושען און האַלזען. מיט טרערען אין די אויגען האָט ער אויסגערופען: „נו, הער קוואַרטין, דאָס וואונדער איז דאָ! מיר האָבען דאָס דערלעבט!”

ער האָט מיך צוגעפירט צו אַן אַפּאַראַט, געהייסען זיך אַוועקזעצען אויף אַ בענקעל, וואָס איז פאַר אים געשטאַנען, ווייטער האָט ער מיר געהייסען אַריינוואַרפען אַ קוואָדער אין דעם שפּאַלט, וואָס איז געווען אין דעם אַפּאַראַט, אַריינקוקען אין דעם שפּיגעל וואָס אַנטקעגען מיר, און מאַכען פאַרשידענע גרימאַסען מיט'ן פּנים. איך האָב אים אַלץ געפאָלגט, ווי ער האָט מיר געהייסען, און ווי ערשטוינט בין איך געוואָרען, ווען אין עטליכע מינוט אַרום איז פון אַ זייט פון אַפּאַראַט אַרויסגעשפּרונגען פון אַ קעסטעל מיט וואַסער אַ לענטע

מיט אַכט בילדער, די זעלבע גרימאַסען, וואָס איך האָב נאָר וואָס געמאַכט פאַר׳ן שפּיגעל.

איך אַליין האָב מיך קנאַפּ וואָס פאַרשטאַנען אויף דער געוואַלדיגער אַנט־דעקונג, וואָס איז דאָ געמאַכט געוואָרען. אָבער איך האָב געזען, אַז מיין יונגערמאַן שטראַלט ממש פון פרייד, עס איז נישטאָ נאָך אַזאַ גליקליכער, וואָס זאָל זיך קענען צו אים גלייכען. דאָס לעבען האָט באַוויזען, אַז ער איז געווען גערעכט. זיין גרויסע פרייד האָט זיך אַלעמען איינגעטיילט און מיר האָבען זיך אַלע געגענזייטיג גראַטולירט. איצט איז געשטאַנען די פראַגע, וואָס מיר האָבען ווייטער צו טאָן.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס ערשטע דאַרף מען די ערפינדונג אָוועקשיקען קיין וואַשינגטאָן צום פּאַטענטירען, אַז קיין אַנדערער זאָל עס נישט אַמאָל אויס־כאַפּען, און אָן דעם קען מען בכלל נישט אָנגיין ווייטער מיט דער אַרבייט. און מען דאַרף עס אויך לאָזען פּאַטענטירען אין אַלע איבעריגע לענדער. דאָן האָבען מיר אָפּגעהאַלטען אַ זיצונג פון אַלע ביז איצטיגע „אַקציאָנערען" און מיר זיינען געקומען צום באַשלוס, אַז אום צו קענען פּראָדוצירען די דאָזיגע פּאָטאָמאַטאָן־מאַשין, ווי דער ערפינדער האָט זי אָנגערופען, דאַרף מען אויס־בויען זאָל זיין כאָטש אַ קליינע פאַבריק, אָנשטעלען מינדעסטענס צוויי טיכטיגע אינזשינערען און געניטע אַרבייטער און צוטרעטען צו דער מלאכה.

אָבער מיר האָבען אויסגערעכענט, אַז אום דאָס צו פאַרווירקליכען, דאַרף מען אין דעם געשעפט אַריינלייגען מינדעסטענס אַ סומע פון פיר הונדערט טויזענט דאָלער. ערשט מיט אַזאַ סומע וועט מען קענען אויסבויען דאָס פאַב־ריקעל און פּראָדוצירען כאָטש אַ צוויי טוץ מאַשינען, וואָס זאָלען קאָנען געוויזען ווערען, ווי מוסטערען פון דער נייער ערפינדונג, און ווען זיי וועלען אָנגענומען ווערען אויפ׳ן מאַרק — וועט מען ערשט דעמאָלט קענען ריידען וועגען אַ גרעסערער פּראָדוקציע.

נו, אַזעלכע גרויסע גבירים איז קיינער פון אונז נישט געווען. און די „אַקציאָנערען" האָבען איינשטימיג באַשלאָסען, אַז אום דאָס געשעפט צו אַנטוויקלען און קומען צו אַ טאָלק מוז מען צוציען טאַקע אמת׳ע קאַפּיטאַליסטען, מיט גרויסע געלטער. צו יוזעפּאָוויטש׳ען האָבען זיך דערווייל געמאָלדען זיינע צוויי קוזינס, ביי ועמען ער האָט אויך גענומען געלט אויף דער ערפינדונג און וועמען ער האָט אויך צוגעזאָגט אַ געוויסען פּראָצענט פון ריוח. די „אַקציע־געזעלשאַפט" האָט זיך אַזוי אַרום פאַרגרעסערט, אָבער קיין אייגען געלט האָבען מיר אַליץ נישט געהאַט, און יעדער איינער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס זוכען די אמת׳ע קאַפּיטאַליסטען.

עס האָט גענומען נישט ווייניג צייט און אָנשטרענגונג ביז מיר האָבען געקענט פאַראינטערעסירען מענשען מיט געלט אין אַן אונטערנעמונג, וואָס איז נאָך דערווייל „נישט געשטויגען און נישט געפלויגען", אַ קו אויפ׳ן דאַך. אָבער, ווי מיר האָבען אויבען געזאָגט, אַמעריקע איז אַ גאָלדען לאַנד מיט

אַ סך ריזיקאַנטען. האָבען זיך טאַקע אָפּגעזוכט צוויי מענשען, וואָס זיינען געווען גרייט אַריינצובראָקען אין דעם געשעפט די סומע פון צוויי הונדערט און פופציג טויזענט דאָלער, און טאַקע אין באַרעס געלט.

עס איז געגרינדעט געוואָרען די גרויסע אַקציען־געזעלשאַפט מיט אַקציעס אויף אַ סומע פון צוויי מיליאָן מיט פיר הונדערט טויזענט דאָלער, יעדע אַקציע האָט געקאָסט איין דאָלער. מען איז גלייך צוגעטראָטען צו דער אַרבייט אויף אַ גרויסען פאַרנעם. מען האָט אויסגעבויט אַ וואַרשטאַט — שיעור נישט אַ פאַבריק, מען האָט אַנגאַזשירט די פּאַסיגע מענשען און מען איז צוגעטראָטען צו דער אויסאַרבייטונג פון די ערשטע מאַשינען, וואָס האָבען נאָך אַלץ געדאַרפט זיין מוסטערען אויף צו פאַראינטערעסירען די גרויסע אַמעריקע אין דער נייער ערפינדונג.

אָבער מיר האָבען זיך גענומען די אויגען אויסקוקען, ביז מיר האָבען דערלעבט צו זען די ערשטע „פּראָדוקציע" פון אונזער פאַבריק. די נייע אוי־טאָמאַטען, וועלכע מיר האָבען געדאַרפט פּראָדוצירען, זיינען געווען פון אַ געוויס קאָמפּליצירטען כאַראַקטער. נישט איינמאָל האָט מען זיי פאַרטיגערהייט געמוזט ווידער צענעמען און אָנהויבען ווידער אַלץ פון דאָס ניי. אַנשטאָט דריי־פיר חדשים, ווי עס איז געווען געפּלאַנט, האָט עס גענומען אַנדערטהאַלבען יאָר, ביז מען האָט דערלעבט אָנצוקוקען אַ שטיקעל מאַשין.

אַ סך פון די באַזיצער פון די אַקציעס פון דער נייער אונטערנעמונג האָבען פאַרלוירען דאָס געדולד און דעם גלויבען, אַז פון דעם וועט נאָך אַמאָל עפּעס אַרויסקומען. זיי האָבען געזוכט פּטור צו ווערען פון די איינגעהאַנדעלטע אַקציעס. אַנשטאָט דעם דאָלער, וואָס זיי האָבען באַצאָלט פאַר אַ שער, זיינען זיי איצט גרייט געווען עס צו פאַרקויפען באַדאי פאַר צוואַנציג סענט. אָבער אויך פאַר אָט דעם ביליגען פּרייז האָבען זיך די קונים נישט געקוואָפּעט צו כאַפּען די מציאה.

אויך איך אַליין בין געווען איינער פון די אַנטוישטע. איך האָב זיך גראָד געגויטיגט אין מזומן געלט, האָב איך דעריבער באַשלאָסען צו פאַרקויפען אַ העלפט פון מיינע אַקציעס. אָבער עס זיינען נישט געווען קיין בעלנים, כאָטש נעם און גיב זיי אַוועק בחינם. די אַנדערטהאַלבען יאָר פון מאַטערניש און פּלאָגעניש האָבען דערווייל אויפגעגעסען דעם גאַנצען קאַפּיטאַל פון 250,000 דאָלער, וואָס זיינען אַריינגעלייגט געוואָרען אין געשעפט.

די פאַרצווייפלונג איז געווען גרויס. נישט קיין געלט און נישט קיין סחורה. ביזנעסלייט וועלען פאַרשטיין, וואָס מיר האָבען דעמאָלט איבערגעלעבט. אָבער גאָר אינגיכען איז געוואָרען ליכטיג אין אונזער אונטערנעמונג. ענדליך, נאָך לאַנגע מאַטערנישען איז אַנשטאָט די געפּלאַנטע צוויי טוץ אַפּאַראַטען געלונגען צו פּראָדוצירען קוים פינף שטיק. זאָל זיין פינף, אַבי מיר זאָלען האָבען מיט וואָס צו קומען אין מאַרק אַריין. איינמאָל פאַר אַלעמאָל דאַרף מען דאָך זיך איבערצייגען מיט וואָס מיר האַנדלען. צי איז דאָס טאַקע אַן אַר־

טיקעל, אָדער דאָס איז סתם ווינט, און עס איז אַ שאָד אונזער געלט און אונזערע נערוועז.

אַז די מאַשינען זײַנען שוין ענדליך פאַרטיג געוואָרען, האָט מען זײ דאָך געדאַרפט ערגיץ באַווײַזען. האָט מען געדונגען אַ סטאָר אין סאַמע געדיכט־סטען און רוישיגסטען טייל פון בראָדוועי און מען האָט דאָרט אַרײַנגעשטעלט דרײַ פון די אויטאָמאַטען. אײן מאַשין האָט מען אַוועקגעשטעלט אין קאָני איילענד און די פינפטע מאַשין איז געגאַנגען קיין שיקאַגאָ, וואו מען האָט זי אַוועקגעשטעלט אין אַ פּונקט אין סאַמע צענטער פון שטאָט.

די אַמעריקאַנער זײַנען דאָך באַקאַנט, אַז זײ האָבען ליב אַלעמאָל עפּעס נײַעס. נו, נו, איז פרעגט שוין גאָרנישט, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אויף בראָדוועי און אין קאָני איילענד גלײַך דעם ערשטען טאָג, ווען מען האָט די מאַשינען אַוועקגעשטעלט. עס איז געוואָרען אַ ווילדע בהלה און אַ געדראַנג צו דער סטאָר, מענשען זײַנען געשטאַנען אין לאַנגע רײען מיט די קוואָדערס אין די הענט, אַז זײ זאָלען זיך ענדליך קענען פאָטאָגראַפירען אין דעם „קאַסטען" אָן שום הילף פון מענטשלעכע הענט. די גרעסטע אַטראַקציע, פאַרשטייט זיך, איז דאָס געווען פאַר דער יוגענט, וואָס איז שעה'ן לאַנג אָפּגעשטאַנען אין דער לאַנגער רײע, ביז זײ האָבען זיך ענדליך דערשלאָגען צום אַפּאַראַט.

אין די ערשטע עטליכע טעג, וואָס מען האָט אַוועקגעשטעלט די אַפּאַראַטען אויף בראָדוועי, האָט יעדע מאַשין באַזונדער אַרײַנגעבראַכט פון נײַן ביז עלף הונדערט דאָלער אַ טאָג. זײ האָבען געאַרבייט פון אַכט אַזייגער אינדערפרי ביז דרײַ אַזייגער פאַרטאָג. אַ בלינדער האָט געקענט זען, אַז דאָס איז אַן אמת'ער שמאַלץ־גרוב, סײ פאַר דעם ערפינדער און סײ פאַר די „קאַפּי־טאַליסטען".

## הענרי מאָרגענטוי שטעהט צו צו דער אונטערנעמונג

עס איז אונז געוואָרען ליכטיג אין די אויגען ענדליך צו דערלעבען אַ שטיקעל נחת פאַר די אַלע לאַנגע יאָרען פון פאַרצווייפלונג און אַנטוישונג. די זעלבע רעזולטאַטען, וואָס אויף בראָדווייי, האָט מען אויך געמאָלדען פון קאָני איילענד און אויך פון שיקאַגאָ. עס האָבען זיך גענומען מעלדען בעלנים אויף די אַפּאַראַטען פון אַלע זייטען. פון די ווייטסטע געגענטען פון אַמעריקע זיינען געקומען מענשען, וואָס זיינען געוואויר געוואָרען וועגען דער נייער ערפינדונג פון די צייטונגען, און האָבען געשטופּט טויזענטער דאָלאַרען אין האַנט אַריין, אַבי גיב זיי די נייע „כישוף־קעסטעלעך", פון וועלכע מען קען גיך רייך ווערען.

אַנדערע האָבען געוואָלט דינגען די מאַשינען, אַנדערע, ווידער, האָבען געוואָלט אָפּקויפען די קאָנצעסיע, כדי צו האָבען דעם מאָנאָפּאָל אויף זייער עקספּלואַטירונג אין באַשטימטע סטעיטס. אָבער גיי פאַרקויף, אַז מיר האָבען נישט וואָס צו פאַרקויפען. די מאַשינען האָט מען דאָך ערשט געדאַרפט נעמען פּראָדוצירען אויף אַ ברייטען פאַרנעם, און דאָ איז אונזער אַקציען־געזעלשאַפט געוועזען אָן אַ פּרוטה געלט, פּונקט אַזוי ווי פריער. די אַקציעס פון דער געזעלשאַפט האָט מען נאָך אַלץ נישט געקענט פאַרקויפען אויפ'ן מאַרק, אַפילו בחצי חינם, ווייל זיי האָבען נאָך אויף דער בערזע נישט געהאַט קיין שום פּרייז.

זעענדיג, אַז מיר זיינען ווידער פאַרקראַכען אין אַ טעמפּען ווינקעל, האָט אונזער אַקציען־געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך שוין פאַר דער צייט פאַרוואַנדעלט אין אַ קאָרפּאָריישאָן מיט אַ באָאַרד אָוו דירעקטאָרס און מיט דעם גלאַוונעם דערפינדער, יוזעפּאָוויטש, אַלס פּרעזידענט, אָפּגעהאַלטען אַ דרינגענדען מיטינג, צו וועלכען מיר האָבען אויך צוגעצויגען פאַכמענער־אינזשינערען. נאָך אַ לאַנגער באַראַטונג זיינען מיר געקומען צום באַשלוס, אַז אום צו קענען פּראָדוצירען טויזענט אַפּאַראַטען, וואָס זיינען נויטיג בלויז פאַר דעם אַמערי־קאַנער מאַרק אַליין, דאַרף מען האָבען אַ קאַפּיטאַל פון פינף ביז זעקס מיליאָן דאָלער. מען מוז אויפבויען גאָר אַ גרויסע פאַבריק מיט די אַלע נייעסטע איינריכטונגען, אויפ'ן אַמעריקאַנער שטייגער.

וואו נעמט מען אַזעלכע געלטער? און וואו נעמט מען דעם בעלן, וואָס אַפילו ווען ער פאַרמאָגט שוין אַזעלכע סומען, זאָל ער זיין וויליג צו וועלען אינוועסטירען זיינע מיליאָנען אין אונזערע קעסטלעך? מיר זיינען געקומען

צום באַשלוס, אַז אַליין קענען מיר בשום אופן ווייטער נישט אָנגיין מיט דער אַרבייט, און אַז מיר מוזען זוכען אַ קאַפּיטאַליסט, וואָס זאָל אָפּקויפען דאָס גאַנצע געשעפט מיט די פּאַטענטען, סיי פאַר אַמעריקע און סיי פאַר די איבעריגע לענדער, וואו מען קען אַזאַ דערפינדונג פאַר די מאַסען עקספּלואַטירען.

און יעדער פון אונז האָט זיך ווידעראַמאָל אַרויסגעלאָזט איבער דער מדינה זוכען דעם ריכטיגען פינאַנסיסט. איז שטעלט זיך פאָר, אַז נאָך לאַנגע באַמיאונגען איז געלונגען צו פאַראינטערעסירען מיט דער גאַנצער זאַך נישט קיין קלענערען, ווי העברי מאַרגענטוי סיניאָר, דעם געוועזענעם אַמבאַסאַדאָר פון אַמעריקע אין טערקיי און דעם פאָטער פון אונזער היינטיגען פּרעזידענט פון „יונייטעד דזשואיש אַפּיל".

העברי מאַרגענטוי איז געווען אַ גרויסער ביזנעסמאַן, ספּעציעל אין ריעל־עסטייט, אָבער ער האָט אויך נישט אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט אַנדערע געשעפטען, וואָס האָבען זיך אים אונטערגערוקט. ווען מען האָט אים פאַרגעשלאָגען דאָס געשעפט מיט די פאָטאָ־אויטאָמאַטען, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט געבען אַן ענטפער אין אַ וואָך אַרום. אין פאַרלויף פון דער וואָך האָט ער אַליין, בלא יודעים, אַז קיינער זאָל אים נישט דערקענען, באַזוכט די סטאָר אויף בראָדוויי, וואו די אַפּאַראַטען האָבען געהאַט וואָס אַמאָל אַ גרעסערען דערפאָלג. ער האָט געזען די לאַנגע רייען מיט הונדערטער מענשען, וואָס וואַרטען מיט די קוואָדערס אין די הענט אויף זייער „בעקסט".

מיט זיין געניט אויג פון אַ גרויסען ביזנעסמאַן פון ברייטען פאַרנעם האָט ער גלייך אויפגעכאַפּט, וואָס פאַר אַ געוואַלדיג געשעפט דאָס איז. ער האָט נאָך אַ וואָך געלאָזט רופען צו זיך דעם פּרעזידענט יוזעפּאָוויטש, צוזאַמען מיט נאָך צוויי דירעקטאָרען, צווישען זיי אויך מיין אײדעם, שולמאַן, און מען האָט געגומען ריידען ביזנעס. פאַרשטייט זיך, אַז מאַרגענטוי איז געווען גאַנץ פאַרזיכטיג אין זיינע רייד נישט אויסצוגעבען, אַז ער האָט געכאַפּט דעם פאַרנעם פון דער דערפינדונג, כדי מען זאָל נישט פאַרלאַנגען פון אים מי יודע וויפיל.

נאָך פאַרצויגענע אונטערהאַנדלונגען האָט מען זיך געאייניגט אויף דעם, אַז מאַרגענטוי קויפט אָפּ דעם פּאַטענט פון דער דערפינדונג פאַר אַמעריקע און אויך פאַר אַלע איבעריגע לענדער פון דער וועלט. גלייכצייטיג קויפט ער אויך אָפּ דעם גאַנצען אינווענטאַר, דאָס מיינט, די פאַבריק, וואָס איז געהאַט אויסגעבויט געוואָרען אויף צו פּראָדוצירען די מוסטער־אַפּאַראַטען. פאַר דעם אַלעם צאָלט ער איין די סומע פון אַנדערהאַלבען מיליאָן דאָלער. ער האָט זיך אָבער אויסגערעדט איין באַדינג, אַז דער דערפינדער, יוזעפּאָוויטש, זאָל אים צושרשט געבען אַן אָפּציע אויף דריי חדשים צייט.

פאַקטיש האָט דאָס געמיינט, אַז מאַרגענטוי וויל פאַר זיך נאָך דריי חדשים צייט, ביז ער וועט ענדגילטיג אָפּשליסען דאָס געשעפט. אָבער די אַקציאָנערען האָבען באַשלאָסען אויף דעם איינצוגיין, און יוזעפּאָוויטש האָט פאַרלאַנגט

פאַר דער אָפּציע די סומע פון זעכציג טויזענט דאָלער. מאַרגענטוי האָט זיך דערקלערט גרייט די זעכציג טויזענט דאָלער גלייך איינצוצאָלען, ער האָט אָבער פאַרלאַנגט פון יוזעפאָוויטש׳ן, אַז אין פאַרלויף פון די דריי חדשים, ביז דאָס געשעפט וועט ענדגילטיג אָפּגעשלאָסען ווערען, זאָל זיך יוזעפאָוויטש פאַר־פליכטען אָפּצוקויפען פאַר מאַרגענטוי׳ען פון די פאַרשידענע באַזיצער פון די אַקציעס מינדעסטענס אַ האַלבען מיליאָן אַקציעס.

איצט קענט איר זען, ווי אַזוי מען קומט צו געלט אין אַמעריקע. מאַר־גענטוי האָט דאָ אָפּגעטאָן אַ כיטרע שטיקעל אַרבייט. ער האָט געוואוסט, אַז קוים וועט ער האָבען דאָס געשעפט ענדגילטיג געשלאָסען, וועט ער שוין די אַקציעס אַזוי ביליג נישט אַריינבאַקומען אין זיינע הענט. אָבער ווען דער אָרעמער און דערשלאָגענער יוזעפאָוויטש וועט זיך אַרויסלאָזען אין גאַס אַריין איינקויפען די אַקציעס, וועט ער זיי טאַקע קריגען בחצי חינם. און אַזוי איז טאַקע געווען.

אַזוי ווי יוזעפאָוויטש איז דאָך סוף כל סוף געווען אַ דערפינדער, און נישט קיין ביזנעסמאַן, און אויך די איבעריגע אַקציאָנערען, וואָס האָבען געהאַט אַריינגעבראַקט זייער ביסעל געלט, האָבען וואָס גיכער געוואָלט אָנזען צוריק אַ גראָשען, זיינען זיי איינגעגאַנגען אויף מאַרגענטוי׳ס באַדינגונגען.

אין איין שיינעם טאָג קומט צו מיר צוגיין יוזעפאָוויטש און זאָגט מיר מיט אַ פריינטליכער מינע: אַזוי ווי, הער קוואַרטין, מיט אַ צייט צוריק האָט איר געוואָלט פאַרקויפען צען טויזענט פון אייערע אַקציעס צו צוואַנציג סענט אַ שטיק, ווייל איר האָט זיך גענויטיגט אין געלט, האָב איך איצט אַ גוטען קונה פאַר אייך, וואָס וויל אָפּקויפען פינף און צוואַנציג טויזענט אַקציעס און ער וועט אייך באַצאָלען צו פערציג סענט אַ שטיק.

עס איז טאַקע געווען אמת, אַז איך בין געווען געענגט אין געלט, אָבער דאָך איז מיר דער אָנבאָט פון יוזעפאָוויטש׳ען עפּעס נישט געפעלען געוואָרען. עפּעס האָב איך געזען אין דעם נישט קיין גלאַטען עסק און איך האָב נישט געהאַט קיין שום חשק צו פאַרקויפען. אָבער מיין פאַמיליע האָט זיך דאָ אַריינ־געמישט. זיי האָבען מיר גענומען מאַכען דעם שניידערשען חשבון, אַז קודם כל קריג איך אַרויס מיט מיינע אייגענע אַריינגעבראַקטע זעקס טויזענט דאָלאַר, אַ חוץ דעם בלייבט מיר נאָך אַ ריינער ריוח פון פיר טויזענט דאָלאַר, שוין נישט רעכענענדיג דעם פאַרטפעל מיט אַקציעס, וואָס בלייבט אין מיין באַזיץ אויף יעדען פאַל אין דער צוקונפט. הייסט דאָך עס אַ ברויט מיט אַ מעסער און עס וואָלט געווען די גרעסטע עבירה, אַז איך זאָל דאָס דורכלאָזען.

אַזוי האָט איינגע׳טענה׳ט מיט מיר סיי מיין פרוי און סיי מיין איידעם, און מיט דעם גרעסטען אומווילען האָב איך איינגעשטימט צו פאַרקויפען די 25 טויזענט אַקציעס. איך האָב געפילט, אַז איך וואַרף אַרויס געלט אין גאַס אַריין, און אין גיכען האָט זיך דאָס טאַקע באַשטעטיגט.

ס׳האָט גענומען אַ פּאָר טעג, ווי אין „ניו־יאָרק טיימז” האָט זיך באַוויזען

אויף אַ גאַנצער זײַט אַ בילד, וואו העגרי מאָרגענטוי סיניאָר איז געשטאַנען אין דער מיט און פון זײַנע בײדע זײַטן זײַנען געשטאַנען דער דעמאָלטיגער ניו־יאָרקער מעיאָר, דזשימי וואָקער, און דער גאָווערנאָר פון ניו־יאָרק סטייט, אַלפרעד סמיט, און אַלע דרײַ זײַנען זײ געווען פאָטאָגראַפירט אויפ׳ן פאַן פון דעם נײַ־ערפונדענעם פאָטאָ־אַפּאַראַט.

מען האָט געדאַרפט זײַן אַ בלינדער נישט צו פאַרשטײן, וואָס אַט דאָס בילד אין דער אײנפלוסרײַכסטער צײַטונג אין אַמעריקע האָט באַדײַט. עס איז געווען די גרעסטע רעקלאַמע פאַר דער נײַער ערפינדונג, וואָס איז נאָר מעגליך געווען, עס איז געווען אַ גאַראַנטיע פאַר אַלע קאַפּיטאַליסטען, אַז זײ מעגען מיט אַ רואיגען געוויסען אינוועסטירען זײערע קאַפּיטאַלען אין דער דאָזיגער אונטערנעמונג, וואָס האָט די ברכה פון מעיאָר און פון גאָווערנאָר און פון אַזאַ געניטען געשעפטס־־מאַן, ווי העגרי מאָרגענטוי.

ווען איך האָב דערזען דאָס בילד אין דער צײַטונג, האָב איך מיך דאָס ערשטע געכאַפּט, וואָס פאַר אַ בטלן איך בין געווען, וואָס איך האָב גענומען און פאַרקויפט 25 טויזענט אַקציעס פאַר אַ טאָפּ לינזען. ערשט איצט, נאָך דער רעקלאַמע אין דער „טײמז״, וועלען די אַקציעס נעמען ריכטיג שטײַגען אין פרײַז, אָבער מען האָט שוין נישט געקענט צוריקכאַפּען.

דערפאַר אָבער, ווען אויף צומאָרגענס האָט זיך ווידער באַוויזען בײַ מיר יוזעפאָוויטש און מיט אַן אומשולדיגער מינע האָט ער מיר גענומען דער־צײלען, וואָס פאַר אַן אײַנדרוק עס האָט געמאַכט אין שטאָט די נעכטיגע רעקלאַמע אין דער „טײמז״ און אַז ער האָט שוין נאָך אַ קונה אויף אַקציעס, וואָס וויל שוין באַצאָלען צו דאָלאַר אַ שטיק, — דאָס מאָל האָב איך שוין מער נישט געוואָלט זײַן קײן יאָלד. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך פאַרקויף דערווײַל מער נישט קײן אַקציעס, מען דאַרף אָפּוואַרטען און זען, ווי די זאַך וועט זיך ווײַטער אַנטוויקלען.

און מען האָט גאָרנישט געדאַרפט וואַרטען לאַנג, כדי צו זען די רעזולטאַטען. נאָך דער רעקלאַמע מיט׳ן בילד אין דער „טײמז״ און נאָך דער באַשרײַבונג, וואָס פאַר אַ וואונדערליכע דערפינדונג עס איז דער נײַער אַפּאַראַט, האָבען זיך אַ שאָט געטאָן בעלנים פון גאַנץ אַמעריקע, וועלכע האָבען געזוכט צו קויפען די אַקציעס פון דער נײַער אונטערנעמונג. מען האָט אויך מיר קײן רו נישט געגעבען, נאָר איך זאָל פאַרקויפען די אַקציעס. זײ האָבען אָנגעהויבען צו שטײַגען אין פרײַז פון שעה צו שעה.

מען האָט שוין אָנגעבאָטען צו צווײ און צו דרײַ און צו פיר דאָלער אַן אַקציע. דער יצר הרע איז געווען גרויס. אָבער אפשר וועלען זײ נאָך מער שטײַגען? און אפשר גאָר וועלען זײ קריגען אַ זעץ איבער׳ן קאָפּ, און מען וועט דאַרפען באַדויערען, וואָס מען האָט זײ פריער נישט פאַרקויפט — עס איז געווען שווער זיך צו אַנטשײדען. אָבער אַזוי ווי קײן בירזשע־שפּילער

בין איך נישט געווען, איז ווען מען האָט אָנגעבאָטען צו פיר דאָלער מיט 12 סענט אַן אַקציע, האָב איך באַשלאָסען דעם גאַנצען פּאַק מיט אַקציעס צו פאַרקויפען.

דאָס געשעפט האָט מיר אַריינגעטראָגען אַ באַדייטענדע סומע. אין משך פון עטליכע וואָכען זיינען די אַקציעס געשטיגען ביז אַכט דאָלער אַ שטיק, אַזוי אַז איך האָב ווידער אַרויסגעוואָרפען געלט. אָבער עס איז געווען אַן אומזין ווייטער צו ריזיקירען. אַמעריקע האָט אַ טבע, אַז זי צינדט זיך לייכט אָן פאַר אַ געוויסער זאַך, אָבער זי קען זיך אויך גאָר גיך אויסלעשען. דעריבער איז עס געווען שכל׳דיג צו באַפרידיגען זיך מיט דעם, וואָס מיר האָבען דערגרייכט.

דאָס איז געווען אַ באַלוינונג פאַר גלויבען אין מענשליכער פעהיגקייט, פאַר אונטערשטיצען און אויפמונטערען אַ יונגען אידישען טאַלאַנט אין די שווערסטע שעה׳ן פון זיין לעבען, ווען פון ערגיץ האָט ער נישט געקענט דערוואַרטען קיין שום הילף און אַפילו נישט די מינדעסטע אויפמערקזאַמקייט. שפּעטער האָט מען איבערגעגעבען, אַז מאָרגענטוי האָט ווייטער פאַרקויפט דעם פּאַטענט פון דער ערפינדונג צו אַ גרויסער ענגלישער קאָרפּאָריישאַן פאַר דעם פרייז פון פיר מיליאָן דאָלער. אויסער דעם האָט ער אויך געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגען פון די אַקציעס, וואָס יוזעפּאָוויטש האָט פאַר אים איינגע־קויפט בחצי חינם. אָט האָט איר פאַר זיך אַ בילד, ווי אַזוי מען קומט צו געלט אין אַמעריקע!

# מיין ערשטע נסיעה קיין ארץ־ישראל

די גרעסטע געשעעניש פון יענער עפּאָכע אין מיין לעבען איז אָבער זיכער געווען, וואָס איך האָב ענדליך זוכה געווען צו פאַרווירקליכען דעם טרוים פון אַלע מיינע יאָרען, אַנהויבענדיג פון דער פריעסטער יוגענט, און צו פאָרען אָנקוקען מיט די אייגענע אויגען דאָס הייליגע לאַנד ארץ־ישראל.

איך דערמאָן מיך, אַז ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער אינגעל, צווישען עלף און צוועלף יאָר, דאָס הייסט אַ קיימא לן פון עטליכע זעכציג יאָר צוריק, איז שוין דאָס וואָרט „ציוניזם" נישט געווען פרעמד אין מיין היים־שטעטעל, כאָנאָראָד. צו יענער צייט זיינען פון מיין היים־־שטאָט אָפּגעפאָרען קיין ארץ־ישראל צוויי יונגעלייט אין עלטער פון זיבעצען יאָר אַלס חלוצים קיין ארץ־ישראל. איינער האָט געהייסען לייבעלע חיים פייגעס, און ער איז געווען פון פאַך אַ סטאָליער, דער צווייטער האָט געהייסען נחום דער „אָדעסקעס", דאָס מיינט, אַז זיין מאַמע האָט געשטאַמט פון אָדעס. ער האָט נישט געהאַט קיין פאַך אין האַנט, נאָר אים האָט מיטגעריסען די אידייע, וואָס האָט זיך דעמאָלט גענומען פאַרשפּרייטען איבער די רוסישע שטעטלעך.

איך דערמאָן זיך וואָס עס האָט זיך דעמאָלט ביי אונז אָפּגעטאָן צוליב'ן אַוועקפאָרען פון אָט די צוויי יונגעלייט. דאָס גאַנצע שטעטעל האָט זיי אַרויס־באַגלייט מיט טרערען אין די אויגען, ווי מען באַגלייט אַרויס אייגענע קינדער אין אַ ווייטען, אומבאַקאַנטען וועג אַריין. פון איין זייט האָט מען אויף זיי רחמנות געהאַט, וואָס זיי פאָרען אין דעם לאַנד פון די „רויטע אידעלעך", און איין גאָט ווייסט, וואָס עס וועט זיי אויסקומען דורכצומאַכען אין דעם לאַנגען וועג. און פון דער אַנדערער זייט האָט יעדעס אינגעל זיי באַגלייט מיט אַ געפיל פון קנאה, וואָס זיי פאָרען אין דעם לאַנד אַריין, וועגען וועלכען מען לערענט אין חומש.

לאַנג נאָך זייער אַוועקפאָרען האָבען נאָך אידען געהאַלטען אין איין ריידען וועגען דער געשעעניש, צי זיי זיינען שוין אָנגעקומען אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד, צי האָבען זיי שוין טאַקע געהאַט אַ געלעגענהייט צו זיין ביי דער כותל מערבי און ביי דער מאַמע רחל'ס קבר און אין די אַלע אַנדערע טייערע ערטער, וועגען וועלכע דער רבי האָט אונז אַזוי פיל אָנדערציילט אין חדר. באַזונדערס האָט געפלאַקערט די פאַנטאַזיע ביי אונז קינדער און יעדער פון אונז האָט זיך אַ נדר געגעבען, אַז ווי נאָר ער וועט גרויס ווערען, וועט ער זיכער גיין אין די וועגען פון יענע צוויי אידעאַליסטישע יונגעלייט.

די יאָרען זיינען געגאַנגען און האָבען געטאָן זייערס: האָבען אַריינגעשלעפּט דעם מענשען אין וואָס אַמאָל אַנדערע דאגות. גרויס איז דעריבער געווען מיין פרייד, ווען ענדליך איז מיר געגעבען געוואָרען אַ געלעגענהייט צו פאַרוויר־קליכען דעם נדר פון מיינע קינדער־יאָרען. דאָס יאָר 1926, ווען איך האָב אונטערגענומען מיין ערשטע נסיעה קיין ארץ־ישראל, האָט זיך באַדייטענד אונטערגעשיידעט פון דעם יאָר 1886, ווען די יונגעלייט פון מיין שטעטעל זיינען אַוועק אַהינצו. פאַר די פערציג יאָר איז אויסגעוואַקסען אַ מאָדערנער ישוב, ענגלאַנד האָט שוין געהאַלטען דעם מאַנדאַט איבער׳ן לאַנד, וועלכען זי האָט צוגעזאָגט צו פאַרוואַנדלען אין דער אידישער נאַציאָנאַלער היים, און וועלכען צוזאָג זי האָט נישט געהאַלטען.

עס איז אויסגעוואַקסען די ערשטע אידישע שטאָט תל־אָביב, וועגען וועל־כער מען האָט זיך אָנדערציילט וואונדער, אַז דאָס איז אַ קליינע פּאַריז. עס איז שוין געווען אָפען דער ערשטער העברייאישער אוניווערסיטעט אין ירושלים, אַ זאַך וועגען וועלכער מען האָט אַפילו נישט געקענט חלומ׳ען אין די צייטען פון מיין קינדהייט.

איך מוז דאָס זאָגען, אַז אין די אַלע יאָרען, וואָס איך האָב געוואַנדערט איבער פאַרשידענע הויפּט־שטעט פון אייראָפּע, ווען איך בין אויסגעוואַקסען און האָב דערגרייכט כבוד און רום — קיינמאָל האָב איך נישט אַרויסגעלאָזט פון אויג אונזער אוראַלטע היימלאַנד, פאַר וועלכער איך האָב אויסגעזונגען די שענסטע תפילות, פאַר וועלכער איך האָב געוועקט בענקשאַפט און ליבשאַפט ביי די טויזענטער און טויזענטער אידען, וואָס זיינען געקומען אין שוהל אַריין, אָדער אין טעמפּעל אַריין מיך הערען. דער „ותחזינה עינינו״ איז שטענדיג געווען אַ שטיק פון מיין לעבען. איך האָב אים שטענדיג אויסגעזונגען מיט דעם בליק פון מיין האַרצען געווענדעט צו יענע חורבות, וואָס וועלען זיך נאָך פאַר מיין לעבען באַדעקען מיט יוגענטליכען אויפּבלי.

באַזונדערס האָבען אידען גענומען צאַפּלען מיט בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל אין די יאָרען גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־־מלחמה. איך בין דעמאָלט, ווי באַקאַנט, געשטאַנען אַלס אויבער־קאַנטאָר אין בודאַפּעסט, אָבער עס זיינען דערגאַנגען אַהין די ידיעות וועגען די שרעקליכע פּאָגראָמען אויף אידען אין אוקראַינע און וועגען דעם חורבן פון דעם אַמאָל אַזוי פּרעכטיג פאַנאַנדערגעבליטען רוסישען אידענטום נאָך דער מלחמה און רעוואָלוציע. טאָמער איז דאָס געווען ווייניג, איז אונז אינגיכען אליין אויסגעקומען איבער־צולעבען דעם גאַנצען גרויל פון אַזאַ רעוואָלוציע ביי אונז אין לאַנד. נאָך דעם דורכפאַל פון בעלאַ קוהנ׳ס רעוואָלוציע האָט מען אין אונגאַרן גענומען פּאַ־גראָמירען אידען נישט ערגער ווי אין רוסלאַנד. אידען זיינען וואָס אַמאָל מער געקומען צום באַשלוס, אַז עס וואָלט שוין געווען גענוג געוועןזיך נאָכצושלעפּען נאָך די רעוואָלוציעס פון די פאַרשידענע פעלקער און אומעטום צו פאַרגיסען

דאָס אייגענע בלוט, און אַז עס איז שוין די העכסטע צייט צו טראַכטען וועגען אַן אייגענעם ווינקעל אונטער דער זון.

אָבער ליידער איז אין אונגאַרן צו יענער צייט דער ציוניזם געווען גאַנץ שוואַך אַנטוויקעלט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די אידען האָבען שטאַרק געליטען. דערפאַר איז געווען גרויס מיין איבערראַשונג, ווען איין מאָל אַ פרייטאָג צונאַכטס, נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעדאַווענט אין טעמפּעל, קומט צו מיר צו אַ איד און גיט מיר אַ וואַרעמען יישר כח פאַר'ן שיינעם דאַווענען.

עפּעס האָט מיר דער איד אויסגעזען נישט קיין אָרטיגער און גלייך האָט ער זיך פאָרגעשטעלט: אַמדורסקי, אַ איד טאַקע פון ארץ־ישראל, און פון סאַמע ירושלים, וואו ער איז דער אייגענטימער פון אַ האָטעל. ער דערציילט מיר, אַז אויך קיין ארץ־ישראל זיינען דערגאַנגען די רעקאָרדס פון מיינע תפילות, און אַז דאָרטיגע אידען ווייסען פון מיר און אַז עס איז אים פאַר אַ גרויסער פאַרגעניגען מיך צו באַקענען פערזענליך. ער קען זיך גאָרנישט אָפּלויבען פון דעם נחת, וואָס ער האָט געקליבען פון מיין מקבל שבת זיין.

דערהערט, אַז איך האָב פאַר מיר אַ אידען פון ארץ־ישראל, איז מיר אַליין אויך עפּעס וואַרעמער געוואָרען, ווי איך וואָלט באַגעגענט עפּעס אַ נאָ־ענטען קרוב פון דער אַלטער היים. איך האָב אים פאַרבעטען צו מיר אין מיין דינסט־צימער ביים טעמפּעל און מיר האָבען לאַנג פאַרבראַכט. איך האָב ממש געשלונגען זיינע שילדערונגען פון לאַנד, וואָס האָבען אויפגעפרישט אין מיר די איינגעדרימעלטע בענקשאַפטען אָנצוקוקען דאָס אַלץ אַמאָל מיט די אייגענע אויגען.

די געלעגענהייט דערצו איז געקומען ערשט, ווען איך בין עטליכע יאָר אָפּגעווען אין אַמעריקע. ווען די קאָנגרעגיישאָן פון טעמפּעל עמנואל אין באָראָ־פּאַרק האָט מיר סוף 1925 פאַרגעלייגט צו באַנייען מיט זיי דעם קאָנ־טראַקט אויף ווייטערדיגע פינף יאָר, האָב איך אין פּרינציפּ גאָרנישט געהאַט אויסצוזעצען קעגען דעם. איך האָב מיך איינגעלעבט מיט די מענשען און האָב אַפילו מאַנכע פון זיי ליב באַקומען. אָבער איך האָב זיי געשטעלט אַ באַדינג, אַז איך וועל בלייבען ביי זיי לענגער אויב זיי וועלען מיר געבען אַ וואַקיישאָן פון דריי חדשים, כדי איך זאָל קענען מאַכען אַ באַזוך אין ארץ־ישראל.

נישט געקוקט וואָס דער פּרעזידענט אַליין און אויך אַלע טראַסטיס זיינען געווען ווילִיג נאָכצוגעבען מיין פאַרלאַנג, האָט זיך אָבער אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די טעמפּעל־מיטגלידער אַרויסגעוויזען אַ ווידערשטאַנד קעגען מיין פאָדערונג, הויפּטזעכליך קעגען דער צייט, ווען איך וויל נעמען מיין וואַקיישאָן. זיי האָבען גע'טענה'ט, אַז זיי קענען מיך אָפּלאָזען פאַר דער צייט פון נאָך שבועות ביז די ימים טובים, אָבער בשום אופן נישט אין די ווינטער־חדשים.

פאַר מיר איז אָבער געווען מער אינטערעסאַנט צו באַזוכען ארץ־ישראל

דוקא אין די ווינטער־חדשים, ווען דער קלימאַט איז דאָרט מילד און ווען אידען פון דער גאַנצער וועלט פאָרען זיך דאָרט צוזאַמען, און נישט אין דעם הייסען זומער, ווען עס איז דאָרט שווער איבערצוהאַלטען. אַזוי אַרום האָבען מיר נישט געקענט קומען צו קיין אויסגלייך און איך האָב רעזיגנירט פון מיין שטעלע אין טעמפעל עמנואל.

קיין גרויסען פאַרלוסט האָב איך נישט געליטען, ווייל מיט עטליכע טעג שפּעטער זיינען געקומען צו מיר עטליכע אידען און האָבען אָפּגעשלאָסען מיט מיר אַ קאָנטראַקט בלויז אויף די ימים נוראים פאַר דער סומע פון צוועלף טויזענט דאָלאַר. מיט אַ גאַר גוט געמיט האָב איך מיך דעריבער געקענט נעמען גרייטען צו דעם גרויסען געשעעניש אין מיין לעבען — צו מיין ערשטער רייזע קיין ארץ־ישראל.

אַלס דער בעסטער צייכען אין וואָס פאַר אַ פריינטליכע באַציאונגען איך בין זיך צעגאַנגען מיט מיין טעמפעל קען דינען דער פאַקט, וואָס אַ טאָג פאַר מיין אָפּפאָרען האָבען דער פּרעזידענט פון טעמפעל, אַלע טראָסטיס און אַ סך פריינט מיינע איינגעאָרדענט פאַר מיר און פאַר מיין פרוי אַ „צאתך ־לשלום־ באַנקעט", וואו עס האָט געהערשט אַ האַרציגע שטימונג פון אמת'ער פריינט־ שאַפט. דער אומפאַרגעסליכער יוסף באַראָנדעס איז געווען טאָסטמייסטער און הרב צבי־הירש מאַסליאַנסקי, דער מטיף לאומי, איז געווען טשערמאַן פון דעם דאָזיגען אומפאַרגעסליכען צוזאַמענקונפט.

אויפ'ן וועג קיין ארץ־ישראל האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף צוועלף טעג אין פּאַריז צו באַזוכען די שטאָט און אירע מערקווירדיגקייטען. אָבער פּאַריזער אידען האָבען גלייך אויסגעפונען, אַז איך בין אין שטאָט און עס האָט זיך באַוויזען ביי מיר אין האָטעל דער פּרעזידענט פון דער שוהל אויף רי דע פּאַווע און איז צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל נישט פאַרשעמען פּאַריזער אידען און דאַוונען ביי זיי אַ שבת.

פּאַריז האָט דעמאָלט געהאַט אַ גרויסע אידישע באַפעלקערונג פון אונזערע היימישע מזרח־אידישע מקומות: פּוילישע, ליטווישע, רוסישע און רומענישע אידען. זיי האָבען מיך אַלע גוט געקענט פון די גראַמאַפאָן־פּלאַטען, און די שול אין דער סאַמע געדיכטעניש פון אידישען קוואַרטאַל אין דער געגענט פון רי דע ראָזיע איז געווען איבערגעפּאַקט. איך האָב מיך אויך דאָ געפילט, ווי אין דער היים: די באַגייסטערונג פון די אידען האָט מיך אַליין צעוואַרעמט און איך האָב זיי נישט פאַרשעמט.

אַזוי גיך האָט מען מיך אָבער פון פּאַריז נישט אַרויסגעלאָזט. וועגען דעם גרויסען ערפאָלג פון מיין דאַוונען אין שוהל איז געוואויר געוואָרען די געזעלשאַפט „אָרט", וועלכע האָט אָנגעפירט אַ גרויסע אַרבעט אין פּאַריז און אויך אין אַנדערע ערטער פון מזרח־אייראָפּע און האָט זיך גענויטיגט אין מיטלען. זיי האָבען פאַרטראַכט צו שלאָגען פון מיר גאָר אַ גרויסען קאַפּיטאַל

און האָבען אָפּגעדונגען פאַר מיין קאָנצערט דעם ריזיגען זאַל „טראָקאַדעראָ״, וואָס נעמט אַריין טויזענטער מענשען.

איך האָב זיי פאַרגעלייגט אַראָפּצוברענגען צו דעם קאָנצערט מיין יונגערע טאָכטער, וועלכע איז דעמאָלט געווען פאַרבונדען מיט דער פּראַגער אָפּערע, און צוזאַמען וועלען מיר אויספירען דעם פּראָגראַם פאַר דעם אָוונט. זיי האָבען מיין פאָרשלאָג גערן אָנגענומען און די געזעלשאַפט האָט זיך טיכטיג גענומען צו דער אַרבעט פון פאַרקויפען די בילעטען. אין פינף טעג האָבען זיי באַוויזען צו פאַרקויפען ביי פיר טויזענט פינף הונדערט בילעטען. עס איז געווען זעהר אַ געלונגענער קאָנצערט און אויך די הכנסה פאַר דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט געטאָן אַזאַ נוצליכע אַרבייט, איז געווען גאַר נישט קיין קליינע.

עס האָבען זיך גענומען מעלדען אויך אַנדערע געזעלשאַפטען, וואָס האָבען זיך מתקנא געווען אין דעם גרויסען ערפאָלג פון „אָרט״־קאָנצערט. אָבער איך האָב, ליידער, געמוזט זיי אָלעמען אָפּזאָגען, ווייל אויפ׳ן וועג צו אונזער ציל, האָבען מיר געדאַרפט באַזוכען נאָך איין לאַנד — דאָס איז מיין אַלטע ווין, וואו עס האָט געלעבט מיין זון, שלמה, און אויך די עלטערען פון מיין פרוי. מיר האָבען נישט באַוויזען אַריבערצוטרעטען די שוועל פון אונזערע אייגענע, ווי גלייך האָט זיך געמאָלדען צו מיר אַ דעלעגאַציע פון דער בודאַפּעסטער געמיינדע. איך האָב זיך שטאַרק געוואונדערט, ווי שנעל זיי זיינען געוואויר געוואָרען פון מיין קומען.

זיי זיינען צוגעשטאַנען צו מיר, אַז אַזוי ווי איך געפין זיך גאָר נאָענט פון בודאַפּעסט, זאָל איך אַריבערקומען אין דער שטאָט, וואו איך האָב אָפּגעלעבט אַזוי פיל שיינע יאָרען און זאָל זיי מהנה זיין מיט אַ שבת׳דיגען דאַוונען. איך בין געווען טיף גערירט פון דער דאָזיגער איינלאַדונג, אָבער איך האָב דאָס געמוזט אָפּלייגען אויף צוריקוועגס, און ענדליך זיינען מיר אַרויף אויף דער שיף, וואָס האָט אונז פון טריעסט געדאַרפט אָפּפירען איבער אַלעקסאַנדריע קיין ארץ־ישראל.

# אַ מנחה־דאַווענען אין צוג קיין ארץ־ישראל

ווייזט אויס, אַז כדי מיין הנאה פון באַזוכען ארץ־ישראל זאָל זיין גרעסער, האָט דער וועג געדאַרפט זיין אַ לענגערער. שוין שיינע עטליכע וואָכען בין איך געווען אונטערוועגס און ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין עגיפּטען און געקלערט גלייך ווייטער צו פאָרען, איז אונז גאָר אויסגעקומען זיך אָפּצושטעלען אַ ווײַלע אין דעם דאָזיגען לאַנד, וואו אונזערע אבות אבותינו האָבען אַמאָל געהאָרעוועט שווער און ביטער ביז משה האָט זיי פון דאַנעט אַרויסגעפירט אין דעם „צוגעזאָגטען לאַנד״.

עס איז גראָד געווען די צייט נישט לאַנג נאָכדעם, ווי עס איז אַנטדעקט געוואָרען דער קבר פון דעם אור־אַלטען פּרעה טוטאַנקאַמען, אָדער רעמסס דעם דריטען. פון דער גאַנצער וועלט זיינען געפאָרען קיין עגיפּטען טויזענטער טוריסטען אָנצוקוקען דאָס וואונדער ווי אַזוי נאָך טויזענטער יאָרען האָט מען אויסגעגראָבען פון דער ערד אַ פּאַרצייטיגען מלך, אָנגעטאָן אין זיין גאַנצער גילדענער פּראַכט. מיר האָבען נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון און זיינען אויך אַוועקגעפאָרען קיין קאַירא אָנצוקוקען דאָס בייזע וואונדער.

עס איז באמת געווען אַ זעלטען בילד דאָס, וואָס אונז איז אויסגעקומען צו זען אין דעם מוזעאום פון קאַירא. אונטער אַ גלאָז אין אַ גאָלדענעם קאַסטען איז געלעגען — נישט קיין מת, נאָר איך וואָלט געזאָגט אַ מענש, וואָס רוט זיך אָפּ נאָך אַ שווערער אַרבייט, אַזוי פריש איז געווען דאָס געזיכט פון אָט דעם אַמאָליגען סאַטראַפּ און באַצווינגער פון די שכנות׳דיגע פעלקער. ער האָט געהאַט אַלע האָר אויפ׳ן קאָפּ, באָרד און וואָנסעס, אַלע שטריכען פון פּנים זיינען געווען נאַרמאַל און כמעט זיך נישט אויסגעטיילט פון אַ נאָרמאַלען מענשען.

מיר האָבען געשטוינט איבער דער געוואַלדיגער קונסט פון באַלזאַמירונג, וואָס איז שוין געווען באַוואוסט די עגיפּטער מיט דריי טויזענט יאָר צוריק און וועלכע די היינטיגע וויסענשאַפט קען בשום אופן נישט דערפירען צו אַזאַ פּערפעקציע, ווי זיי האָבען דאָס באַוויזען אין יענע אור־אַלטע צייטען. אַ באַווייז: די באַלזאַמירונג פון לענינ׳ס קערפּער אין מאָסקווע, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרען בלויז מיט עטליכע יאָרען צוריק און וועלכע האָט נישט באַוויזען איינצוהיטען דעם קערפּער פון פאַרענדערונגען.

דער גאָלדענער קאַסטען מיט׳ן פּאַרצייטיגען מלך איז געווען אַ מייסטער־

שטיק פון קינסטלערישער מאָזאַאיק. לויט די מנהגים פון טויזענטער יאָרען צוריק אין דעם דאָזיגען לאַנד פון די מצרים האָט מען אַ געשטאָרבענעם מיטגליד פון אַ קעניגליכער פאַמיליע מיטגעגעבען אין קבר אַריין, וואָס איז דאָס רוב באַשטאַנען פון עטליכע חדרים, אַ פולע אויסשטאַטונג פון זיין קעניג־ליכען פּאַלאַץ. אויפ׳ן ערשטען אָרט האָט מען אים מיטגעגעבען זיין קעניג־ליכען טראָן, אַ שטול פון העלפאַנד־ביין באַפּוצט מיט גאָלד. דאַן האָט מען אים מיטגעגעבען זיינע אַלע מכשירים, מיט וועלכע ער האָט זיך באַנוצט אין זיין טעגליכען לעבען, ווי: טעלער, לעפעל־גאָפּעל און גלעזער, אַלץ פון זהב טהור, ריינעם גינגאָלד.

מען האָט אַפילו מורא געהאַט, אַז דער מלך זאָל, חלילה, נישט פאַרהונגערען אין דעם פינסטערען גרוב, האָט מען אים מיטגעגעבען עסענוואַרג אין אַ געני־גענדער מאָס, ווי: פליייש, פיש, הינער און ברויט. און דאָס וואונדער איז געוועזן, וואָס די אַלע עסענוואַרג האָט נאָך אַזוי פיל טויזענטער יאָרען אויס־געזען פריש, ווי נאָר וואָס פון אויווען אַרויס.

טויזענטער מענשען פון אַלע עקען פון וועלט האָבען געבלאָנדזשעט איבער דעם מוזעאום, וואו די אַלע וואונדער זיינען געווען אויסגעשטעלט, און האָבען זיך געריבען די אויגען, נישט וויסענדיג געטוי אויף וועלכער וועלט זיי זיינען. די אידישע באַזוכער האָבען זיך נישט געקענט באַפרייען פון דעם געדאַנק, אַז דאָ ליגט אַ פּרעה, וואָס האָט אין זיין צייט געטריבען די פאַרשקלאַפטע ישראלים צו שווערע אַרבייטען.

מיר האָבען אויך באַזוכט די פּיראַמידען, אָדער ווי מאַנכע געלערענטע ווילען האָבען, אַז דאָס זאָלען דאָס זיין די פתום ורעמסס, וועלכע די פאַר־שקלאַפטע אידען האָבען געבויט, און דאַן די מעכטיגע ספינקס־פיגורען, וואָס עס איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלען, אַז זיי זיינען געבויט געוואָרען מיט מענשליכע הענט. יעדער שטיין פון די פּיראַמידען איז אַזוי גרויס, ווי אַ האַלב הויז און וועגט אין די טויזענטער טאָנען. און אַרום און אַרום איז דער מדבר, האָט מען דאָך די שווערע שטיינער געדאַרפט ברענגען צו שלעפען פון ערגיץ. און דאָס האָבען געמוזט טאָן די הונדערטער טויזענטער קנעכט, וועלכע האָבען מיט זייערע אייגענע ביינער אויסגעזייט די מדבר, ביז די רעשטלעך פון זיי האָבען עס אַהער געבראַכט און מען האָט אויפגעבויט די דאָזיגע מאָנסטרעאַלע מאָנומענטען, וואָס זיינען אַ זכר פון מענשליכער פאַר־שקלאַפונג און נישט מער.

מיר זיינען אויך געווען טיף אין דער מדבר, וואו עס געפינען זיך די קברים פון די אַפּיס, אָדער פון די פאַרצייטיגע אָקסען־געטער, צו וועלכע די פעלקער האָבען דעמאָלט געדינט. זיי האָבען באַגראָבען די אָקסען מיט נישט קיין קלענערען כבוד און פּראַכט, ווי זייערע מלכים, און באַלזאַמירטע, האָבען מיר זיי געקענט אָנקוקען. אָבער איך מוז זאָגען, אַז דאָס איז געווען אַ קנאַפּער

פאַרגעניגען. מיר האָבען געהאַט גענוג דעם עיפּוש פון יאָר־טויזענטער און זיינען וואָס גיכער צוריקגעקומען קיין קאַירע.

דאָ האָט מיך דערוואַרט אַ גרויסער כבוד. איך האָב באַקומען אַן איינלאַדונג פון דעם רב הכולל פון עגיפּטען, ר׳ נחום פאַשאַ, אַז איך זאָל אים באַזוכען אין זיין הויז. עס איז גיכער געווען אַ פּאַלאַץ, ווי אַ הויז. דער חכם האָט מיך האַרציג אויפגענומען, האָט זיך אויסגעפרעגט, ווי עס לעבען אידען אין אַמעריקע און אין די אייראָפּעאישע לענדער. ער האָט געהערט, אַז איך בין אַ שליח ציבור ביי אידען. אַפילו אין די אידישע הייזער פון עגיפּטען האָט מען געקענט הערען מיינע תפילות דורכ׳ן גראַמאָפאָן. ביי דער אויפנאַמע איז אויך אָנ־וועזענד געווען דער גובערנאַטאָר פון קאַירע. האָב איך שוין געהאַט די געלע־גענהייט צו באַקענען זיך מיט אַ הויכען באַאַמטען פון דער דאָזיגער מדינה.

ענדליך זיינען מיר אָפּגעפאָרען מיט דער באַן פון קאַירע, איבער קאַנטארא, קיין ארץ־ישראל. דער צוג איז געווען געפּאַקט מיט טוריסטען, פון וועלכע נײַנציג פּראָצענט זיינען געווען אחינו בני ישראל, אידען פון אַלע לענדער אין דער וועלט. מען האָט גלייך געגומען גיין איבער די וואַגאָנעס זוכען היימישע פּנים׳ער. אָבער אַלע זיינען גאָר גיך געוואָרען היימיש צווישען זיך, אַפילו אויב מען האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט. דאָס לאַנד, וואוהין מיר אַלע זיינען געפאָרען, האָט אַלעמען פאַראייניגט.

עס איז נישט קיין וואונדער, אַז צווישען אַזוי פיל אידען זיינען געווען גאָר אַ סך, וואָס האָבען הערענדיג מיין נאָמען זיך שטאַרק דערפרייט, וואָס זיי באַגעגענען אַן אַלטען באַקאַנטען, הגם זיי האָבען מיך קיינמאָל פאַר די אויגען נישט געזען. מען האָט אָנגעהויבען קומען פון די איבעריגע וואַגאָנעס און ווען עס איז געקומען מנחה־צייט האָבען זיך שוין געפונען בעלנים מיך מכבד צו זיין מיט דער מצווה. דער וואַגאָן איז געווען געפּראָפּט מיט אידען, ווען איך האָב זיך אויסגעדרייט מיט׳ן פּנים צו ירושלים, און ביים אימפּראָווי־זירטען עמוד האָב איך זיך געשטעלט דאַווענען בציבור.

איינמאָל אין לעבען געדענק איך אַזאַ מנחה־דאַווענען. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען איך האָב געדאַרפט גיין דינען פאָניען און דער טאַטע האָט מיך מיטגענומען צום רבי׳ן, אַז ער זאָל אָפּשרייען די גזירה. דעמאָלט, אין דעם קליינשטעטעלדיגען בית המדרש האָב איך אויך געדאַווענט מיט אַזאַ צעבראָכען האַרץ, ווי איצט, אויפ׳ן וועג צו אונזער אויסגעבענקט לאַנד.

איך האָב געזאָגט די הויכע שמונה עשרה און ווען עס איז געקומען צו „ראה נא בענינו" — האָב איך אויסגעגאָסען דאָס גאַנצע האַרץ מיינס אויף דעם פּיין און לייד פון אונזער פאָלק אומעטום, וואו עס איז צעוואָרפען. דערפאַר דער „ולירושלים עירך ברחמים תשוב" האָט אָפּגעהילכט גאָר האָפערדיג איבער דער מדבר סיני, איבער וועלכער אונזער צוג איז דעמאָלט גראָד געלאָפען. אידען האָבען אויסגעווישט אַ טרער פון די אויגען, אָבער דאָס איז גיכער געווען אַ טרער פון אויפריכטיגער פרייד, מען האָט פאַרגעסען די צרות

פון דער היים און אַלע האָבען זיך פאַראייניגט אין דעם גלויבען, אַז אַ נײַ לעבען וועט אויפגיין דאָרט אין יענעם לאַנד, וואוהין מיר אַלע פאָרען.

דער עולם אין צוג איז באַשטאַנען פון די פאַרשידענסטע קלאַסען מענשען. געווען אויך אַ סך פרומע אידען פון פוילען, וואו עס האָט דעמאָלט שטאַרק אויפגעוואַכט דער דראַנג צו ־פאָרען זיך באַזעצען אין ארץ ישראל, און עס זיינען אויך געפאָרען אַ סך חלוצים, וועלכע האָבען פאַרהילכט דעם צוג מיט זייערע מונטערע און גלויביגע לידער. נאָכ'ן נעמען אַ לחיים איז די שטימונג נאָך מער צעוואָרעמט געוואָרען און דער עולם האָט זיך אַפילו אַוועקגעלאָזט אין אַ ריקוד'ל, אויף וויפיל דאָס האָט זיך געלאָזט דורכפירען אין די ענגע וועגט פון וואַגאָן. די נישט גרויסע צאָל קריסטען, וואָס איז געפאָרען מיט אונז, האָט זיך פאַראייניגט אין אונזער שמחה, און האָבען אונז אָנגעוואונשען, אַז מיר זאָלען דערלעבען צו דער אויפריכטונג פון ציון.

אַזוי האָבען מיר גאָרנישט באַמערקט, ווי די נאַכט איז פאַרביי, און באַגינען האָט אונז דער קאָנדוקטאָר אָנגעזאָגט, אַז מיר דערנענטערען זיך צו לוד, וואו די ענגלענדער וועלען רעווידירען אונזערע פאַספאָרטען. אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען יעדען פון אונז אויפ'ן געדאַנק, אַז אָט נאָך אַ ווײַלע און מיר וועלען באַטרעטען דעם באָדען, וואָס איז פאַרהייליגט צו אידען פאַר די אַלע יאָר־טויזענטער, וואָס זיי זיינען פונדאַנעט פאַרטריבען געוואָרען.

ביים אויסשטייגען פון צוג אין לוד האָבען אַ סך פון די פרומע אידען געמאַכט „שהחינו״, אָבער אויך די, וואָס האָבען די ברכה נישט געמאַכט, האָבען אינגאַנצען געציטערט פון אַן אינערליכער פרייד, וועלכע זיי זיינען גאָרנישט אומשטאַנד געווען אויסצודריקען מיט ווערטער. אין דער צייט פון דער רייזע האָבען זיך די פאַסאַזשירען צונויפגעגאָסען אינאיינעם ממש, ווי איין גרויסע משפחה. מען האָט זיך דעריבער גאָר האַרציג געזעגענט מיטאַנאַנדער און יעדער האָט זיך געלאָזט אין זיין וועג אַריין.

איך האָב גאָרנישט געטראַכט און באַשלאָסען, אַז דאָס ערשטע, וואָס איך טו, איז אַריינפאָרען קיין ירושלים. וויפיל מאָל האָב איך אין מיין חזנ'ישער קאַריערע אויסגעזונגען דעם „ולירושלים עירך״, האָב איך דאָס ערשטע געוואָלט טאַקע מיט זיך אַליין פאַרווירקליכען אָט די רירענדע תפילה. איך האָב זיך שוין נישט געקענט דערוואַרטען אויף דעם מאָמענט, אַז איך זאָל טאַקע מיט די אייגענע טריט באַטרעטען די הייליגע ערד פון אונזער אַמאָליגער גרויסקייט.

צו מיין גרויסער איבערראַשונג איז מיר אין ירושלים ארויסגעקומען באַגעגענען מיין אַלטער פריינט שלום אַמדורסקי, וועלכען איך האָב באַקענט מיט יאָרען צוריק אין בודאַפעסט און וועלכער האָט פאַקטיש אָנגעצונדען אין מיר די בענקשאַפט צו קומען און מיט די אייגענע אויגען באַוואונדערען ווי ציון בויט זיך ווידער אויף. ער האָט מיר גלייך ביים שלום־עליכם דערציילט, אַז מען ווייסט שוין אין ארץ־ישראל זינט עטליכע חדשים, אַז איך דאַרף

קומען, און נישט איין חברה קוקט מיך אויס, ווי מיט ליכט, אַז איך זאָל שוין וואָס שנעלער אַראָפּקומען און ראַטעווען איר בודזשעט...

מיר זיינען, פאַרשטייט זיך, פאַרפאָרען צו אַמדורסקי'ן אין האָטעל אַריין און ווי נאָר מיר האָבען איבערגעטרעטען די שוועל פון רעסטאָראַן, כדי אויס־צוטרינקען אַ גלעזעל טיי, האָבען מיך גלייך גענומען אַרומרינגלען פאַרשידענע קאָמיטעס פון ישיבות, מושב זקנים'ס און בית יתומים'ס און אַלע האָבען זיי געוואָלט זיין די ערשטע אָפּצומאַכען מיט מיר אַן אַרויסטרעטונג פאַר זיי אויף קאָנצערטען, אָדער צו דאַוונען אַ שבת.

גאָר אָנגענעם איז מיר געווען, ווען די צוויי אָנגעזעענע חזנים פון ירושלים, זלמן ריבלין און ישראל באַרדאקי, זיינען געקומען מיך באַגריסען ווי אַ קאָלעגע. זיי האָבען מיר געשילדערט אַ בילד פון חזנות אין ארץ ישראל צו יענער צייט און איך בין געווען גערירט פון זייער אויפמערקזאַמקייט. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען מיין באַזוך אין ארץ־ישראל, וועלכער איז געווען געגנוג שטורמיש.

## מען גיט מיר איבער אַ מיסיע, וואָס איז איבער מיינע כוחות

וואוהין גייט אַ איד, ווען ער קומט אָן דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבען אין ירושלים, אויב נישט צו דער כותל מערבי, צו דער איינציגער איבערבליי־בעניש פון אונזער אַמאָליגער גרויסקייט? זיינען מיר טאַקע דעם ערשטען פרימאָרגען, צוזאַמען מיט אַמדורסקי׳ן, אַוועק אַהינצו. מיר האָבען זיך קוים דורכגעשטופט דורך די ענגע אַראַבישע געסלעך, וואו די געווירצטע ריחות פון די קיכען אויפ׳ן מיטען גאַס און פון דעם אָפּפאַל פון די אייזעלעך, אויף וועלכע די אַראַבער רייטען אייך אַריין גלייך אין פנים אַריין — וואו דאָס אַלץ איז אַן אומהיימליכער פאַרשפּיל צו דער טיפער איבערלעבונג, וואָס דערוואַרט אייך.

מיר זיינען צוגעקומען צו דער „וואַנט״, אין וועלכער צענדליגער אידישע מענער און פרויען זיינען געווען אָנגעשפּאַרט מיט די קעפּ און ביטער אַריינ־געוויינט אין די שטיינער. מאַנכע זיינען געזעסען אויף דער ערד און זיך געשאָקעלט איבער די תהילים׳לעך און סידורים. און גלייך דערלעבען פאַלט דיין בליק אויף דעם שטאָלצען און גאָלדיגען קופּאָל פון אָמאַר־מעטשעט, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף איינער פון די ווענט פון אונזער אַמאָליגען גרעסטען הייליגטום, און דאָ דערפילסטו די גאַנצע טראַגישקייט פון אַ פאָלק, וואָס איז געשלאָגען געוואָרען.

קיינמאָל פריער האָב איך אַזוי נישט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די ווערטער: „חרבה עירנו, ושמם בית מקדשנו וגלה יקרינו ונטל כבוד מבית חיינו״, וועלכע עס איז מיר אַזוי פיל מאָל אין מיין לעבען אויסגעקומען אויס־צוזאָגען פאַר׳ן עמוד אין אונזערע אור־אַלטע תפילות. עס איז אַ טיף־דערשיטערענד בילד פאַר דעם, וואָס זעט דאָס צום ערשטען מאָל. איך האָב קוים געקענט באַהערשען מיינע געפילען, האָב איך אויך גענומען אַ סידור׳ל אין האַנט און האָב אינאיינעם מיט אַלע אָנגעלענט מיין קאָפּ אין די אור־אַלטע שטיינער, וואָס וואָלטען געקענט דערציילען, ווי אַנדערש דאָ האָט אַמאָל אויסגעזען, אין די יאָרען פון אונזער גלאָריע.

אונזער נאָענטסטער וויזיט איז געווען ביי הרב קוק ז״ל, וועלכער האָט מיר געשאָנקען אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט, נישט געקוקט וואָס ער האָט גראָד געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט אַ צאָל רבנים. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין זיין ישיבה, וואו ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר די מלמדים און תלמידים. איך

האָב בייגעוואוינט אַ שיעור און בין געווען איבערראַשט, מיט וואָס פאַר אַ התלהבות די יונגעלייט זיינען געזעסען און געלערענט. איין תלמיד איז מיר באַזונדערס געפאַלען אין אויג אַריין, דאָס איז געווען אַ מאַן שוין פון אַ יאָר עטליכע און דרייסיג, מיט אַ בלאָנדען קאָפּ לאַנגע האָר, וועלכע זיינען אים אַראָפּגעפאַלען אַזש ביז די אַקסלען. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערס איידעלען אויסזען און מען האָט געקענט זען, אַז ער איז עפּעס אינגאַנצען אויסגעטאָן פון דער וועלט.

שפּעטער האָט מיר הרב קוק ערקלערט, אַז דער דאָזיגער יונגערמאַן האָט שוין ביז איצט געענדיגט נישט מער ווי דריי פאַקולטעטען, אַז ער איז אַ גרויסער מיסטיקער און בעל מקובל, לעבט אַ לעבען פון אַ נזיר. און נאָך די אַלע אוניווערסיטעטען איז ער געקומען אין דער ישיבה פון הרב קוק, כדי דאָ צו ווידמען זיך דער תורה, וואָס האָט גאָר קיין גרעניצען נישט, ווייל זי איז „הפוך בה והפוך בה דכולה בה״ — מען קען זי לערנען אַ גאַנץ לעבען און נאָך אַלץ נישט האָבען געענדיגט.

אויפ׳ן וועג קיין ארץ ישראל, שוין אין קאַירא, האָב איך זיך געטראָפען מיט זעהר אַן אָנגעזעענעם אידען פון בודאַפּעסט, אַ געוויסען פאַן־פריידיגער, וועלכער האָט נישט געקוקט אויף דעם הויף־טיטול „פאַן״, פאַרנומען גאָר אַן אָנגעזעענע שטעלונג צווישען פרומען אידענטום פון אונגאַרן. ער איז געווען דער פּרעזידענט פון דער אָרטאָדאָקסישער קהילה אין בודאַפּעסט און אויך דער פירער פון דער אגודת ישראל. ער איז געווען אין קאַירא שוין אויף דער צוריקרייזע פון ארץ־ישראל און ער האָט זיך פאַר מיר, ווי פאַר זיינעם אַן אַלטען פריינט, געקלאָגט אויף די רייסערייען, וואָס זיינען צו יענער צייט פאָרגעקומען אין ארץ־ישראל צווישען די צוויי געגענגעזעצטע לאַגערען: דעם לאַגער פון הרב קוק און דעם לאַגער פון דעם אַלטען אונגאַרישען רב, רבי זאָנענפעלד.

ווי אַ פרומער איד און ווי אַ פּאַטריאָט פון הרב זאָנענפעלד איז ער, פאַרשטייט זיך, געשטאַנען אויף זיין זייט. דאָך האָט ער מיך געבעטען, אַז ווען איך וועל זיין אין ירושלים און וועל באַזוכען הרב קוק, זאָל איך פּרואווען זען אפשר איז מעגליך אויסצומיידען דעם חילול השם פון רייסערייען און די צוויי גרעסטע רבנ׳ישע אויטאָריטעטען אין דעם אויפגעלעבטען ארץ־ישראל זאָלען זיך קענען צוזאַמענריידען און אויסאַרבייטען אַ געמיינזאַמען פּראָגראַם פון טעטיגקייט לטובת דעם ישוב.

איך האָב דערפילט דעם וואונש פון מיין בודאַפּעסטער פריינט און אין געשפּרעך מיט הרב קוק האָב איך באַרירט די פראַגע פון דעם שאַרפען סכסוך מיט הרב זאָנענפעלד, און וואָס פרומע אידען אין אויסלאַנד טראַכטען וועגען דעם. ער האָט מיר ערקלערט, אַז ער איז תמיד גרייט פאַר אַ שלום, און איז אַפילו גרייט צו גיין אויף געוויסע הנחות, נאָר דער צד פון הרב זאָנענפעלד וויל אַפילו נישט ריידען וועגען שלום, און נישט אַזוי ווייט דער רב אַליין, ווי

זיינע יועצים, וועלכע באַשטייען אויף זייערס, ווי אויף אַ חק ולא יעבור, און דערפאַר איז אוממעגליך זיך צוזאַמענצורײדען.

דעם זעלבען טאָג נאָך האָב איך באַזוכט הרב זאָנענפעלד. נישט געקוקט אויף זיין טיפער עלטער, קרוב צו אַכציג יאָר, איז ער באמת געווען גאָר יונג און פריש אין זיינע געדאַנקען. ער האָט אַרויסגעוויזען אַ ברייטע באַהאַוועניטקייט אין וועלט־זאַכען און עס איז ממש געווען אַ פאַרגעניגען מיט אים צו פאַר־ברענגען. לאָמיך נאָך צוגעבען, אַז ער האָט גערעדט מיט אַ שיינעם דייטש און איז געווען זעהר לעבעדיג אין געשפרעך, זיך אויספרעגענדיג ביי מיר גענוי וועגען דעם לעבען פון אידען אין אונגאַרן, פונוואַנעט ער האָט געשטאַמט.

ענדליך זיינען מיר אַרויפגעקומען אויף דער אַנגעוויטאָגטער פראַגע, וואָס צווישען די רעליגיעזע אידען אין ישוב איז נישטאָ קיין אחדות. איך האָב אים איבערגעגעבען די ביטע פון זיין גרויסען חסיד און פאַרערער, פאָן פריי־דיגער, און אויך וואָס הרב קוק האָט מיר היינט וועגען דעם ענין געזאָגט. און אָט וואָס הרב זאָנענפעלד ז״ל האָט מיר געענטפערט: ער האָט גאָרנישט פערזענליך קעגען הרב קוק. פאַרקערט, ער שאַצט אים זעהר הויך צוליב זיין גרויסער געלערענטקייט און צוליב זיין הויכער און רייגער עטישער פערזענליכקייט.

נאָר דאָ שטייט די פראַגע — האָט הרב זאָנענפעלד ווייטער ערקלערט — פון דער ערציאונג פון דעם יונגען אידישען דור אין ארץ־ישראל. ער קען נישט מסכים זיין צו דעם אופן ווי אַזוי די אידישע יוגענט ווערט דערצויגען. אויך די דערציאונג, וואָס עס גיט דער לאַגער פון הרב קוק (דאָס האָט ער געמיינט דעם „מזרחי״), באַפרידיגט אים נישט. אַ חוץ דעם געפעלט אים נישט, ווי עס פירט זיך לגבי אידישקייט דער אידישער אַרבעטער־לאַגער אין ארץ־ישראל, מיט וועלכען דער לאַגער פון הרב קוק גייט אין אַ סך פראַגען האַנט אין האַנט. מען פאַרשוועכט דעם הייליגען שבת און מען היט נישט אָפּ נאָך אַ סך אַנדערע מצוות, וואָס ערשט אין דעם אידישען לאַנד דאַרף מען זיי אַודאי ערפילען.

בכלל — האָט ער פאַרענדיגט — איז הרב קוק אַ מקיל (דאָס מיינט ער מאַכט לייכט) אין אַ סך פראַגען, ער איז אַוועק אויף אַ צו מאָדערנעם וועג, בעת אמת׳ע אידישקייט מיינט, אַז מען דאַרף וואָס מער מחמיר זיין. אָבער דאָך האָב איך אַרויסגעפילט פון זיינע רייד, אַז דער רב אַליין וואָלט זיך געלאָזט בייגען צוליב שלום בית. אָבער גלייך האָט זיך באַוויזען אין צימער דער איידעם פון הרב זאָנענפעלד, הרב בלוי, וועלכער איז געווען דער ראש ישיבה און מען קאָן זאָגען דער „אויסערן־מיניסטער״ פון דער פּאָליטיק, וואָס עס האָט געפירט דער לאַגער פון הרב זאָנענפעלד.

דאָ האָט מען שוין דערהערט גאָר אַנדערע ווערטער: מיט פייער און פלאַם האָט ער געדונערט קעגען הרב קוק. „מיט פושעים און אַפּיקורסים וועלען מיר זיך קיינמאָל נישט פאַראייניגען״ — אָט דאָס זיינען געווען זיינע רייד. איצט האָב איך פאַרשטאַנען וועמען הרב קוק האָט געמיינט מיט די יועצים, וואָס

דערלאָזען נישט, אַז דאָס רעליגיעזע אידענטום אין אונזער אַלט־ניי לאַנד זאָל זיין פּאַראייניגט און דינען ווי אַ מוסטער פאַר די אידען אין אַנדערע לענדער.

אָנדערטהאַלבען שעה צייט האָב איך פאַרבראַכט אין הויז פון דעם אַלטען ערווירדיגען רב, אָבער צום סוף האָב איך געזען, אַז אַלע מיינע רייד זיינען אַרויסגעוואָרפען און איך האָב זיך אָפּגעזעגענט. הרב זאָנענפעלד האָט מיך אַרויסבאַגלייט ביז איבער דעם טויער, וואָס איך האָב באַטראַכט פאַר אַ גרויסען כבוד פאַר מיר.

צוריקקומענדיג אין האָטעל האָט מען מיר איבערגעגעבען, אַז עס האָט מיך אָפּגערופען דורכ׳ן טעלעפאָן מנחם מענדעל אוסישקין, אַן אַלטער פריינט מיינער נאָך פון מיינע יוגענטליכע יאָרען אין יעקאַטערינאָסלאַוו, ווען איך בין געווען אַ סוחר און אַ חזן אין דער סאָלדאַטסקער שוהל, און ער האָט דאַן געגומען שטעלען זיינע ערשטע טריט אויפ׳ן אידיש־נאַציאָנאַלען געביט. איך האָב אים צוריקגערופען און ער האָט זיך אַנטשולדיגט פאַר מיר, וואָס ער קען איצט נישט אַריבערקומען צו מיר, אָבער ער וועט זיך זעהר פרייען, ווען איך וועל אים אָפּשטאַטען אַ באַזוך אין דער געביידע פון קרן קימת.

מיר האָבען זיך האַרציג געפרייט מיטאַנאַנדער און דערמאָנט זיך יענע אַלטע צייטען, ווען מיר האָבען ביידע נישט גע׳חלומ׳ט אַפילו זיך אַמאָל צו טרעפען אין ירושלים. באַלד האָבען אָנגעהויבען גיין צו מיר אין האָטעל אַריין קאָמיטעס פון צענדליגער ירושלימ׳ער אינסטיטוציעס, און אַלע האָבען זיי גע׳טענה׳ט איין זאַך: העלף אונז! אַ קאָנצערט, אַ שבת׳דיגען דאַווגען — און מיר וועלען אַרויסקריכען פון די חובות, אין וועלכע מיר באָדען זיך איבער׳ן קאָפּ! עס איז גאָרנישט געווען אַזוי פיל טעג אין וואָך, וויפיל קאָנצערטען איך וואָלט געדאַרפט געבען, ווען איך זאָל וועלען באַפרידיגען די ביטעס פון די אַלע געזעלשאַפטען.

איין טאָג איז מיר אויסגעקומען איבערצולעבען אַ טיפע אומאָנגענעמ־ליכקייט, וועלכע איז אַרויסגערופען געוואָרען צוליב דער איבערגעטריבענער זאָרג וועגען מיר מצד דעם האָטעל־אייגענטימער. אַרום זיבען אינדערפרי איז געקומען צו מיר אין האָטעל אַריין, כדי אָפּצוגעבען מיר אַ קעגען־וויזיט, דער ערווירדיגער הרב זאָנענפעלד, און די מענשען אין האָטעל האָבען ערקלערט דעם אַלטען און חשוב׳ען רב, אַז פאַר צען אַזייגער קען מען מיך נישט זען. ווען איך בין פון דעם געוואויר געוואָרען, האָב איך מיך שיעור נישט אויפ־געגעסען פאַר פאַרדרוס. איך האָב גלייך אָפּגערופען הרב זאָנענפעלד און זיך טיף אַנטשולדיגט פאַר אים, פאַר דער גראָבקייט, וואָס די האָטעל־באַדינער זיינען לגבי אים באַגאַנגען. אויך אַדמורסקי אַליין האָט אויפגעקלערט דעם רבי׳ן, אַז עס איז באַגאַנגען געוואָרען אַ פאַרזען, וועלכע ער באַדויערט פון גאַנצען האַרצען.

אין מיינע ערשטע טעג אין ירושלים איז געקומען צו מיר אין האָטעל אַריין דער געוועזענער אויבער־קאַנטאָר פון מאָסקווע, גוזמאַן, וועלכען איך האָב

שוין מיט אַ צייט פריער קענען געלערענט אין ניו־יאָרק. דאָס איז געווען אַן אידעלער, אינטעליגענטער און אויך העבסט־מוזיקאַלישער מענש, הגם אַביסעל עקסצענטריש. דערביי איז ער געווען זייער פרום און גאָטספאָרכטיג. נאָר לײדער האָט ער געליטען פון אַ געוויסער גרויסקייט־מאַניע, וואָס האָט אים געשטערט איינצולעבען זיך מיט מענשען.

ער האָט אויסגעזען זעהר שלעכט און ער האָט מיר גאָרנישט דערציילט, ווי ביטער עס איז אים אין ארץ־ישראל. ערשט נאָך זיין אַוועקגיין האָט מיר אַמדורסקי איבערגעגעבען, אַז גוזמאַן לײדט פשוט הונגער מיט זיין פרוי און קראַנקען זון. איך האָב מיר גענומען אין זינען אַריין צו טאָן, וואָס איך וועל נאָר קענען, כדי צו פאַרגרינגערען זיין לאַגע. דערווייל האָב איך גוזמאַנ׳ען איינגעלאַדען, אַז ער זאָל אויף צומאָרגענס מיטפאָרען מיט אונז באַזוכען דער מאַמע רחל׳ס קבר אויפ׳ן וועג קיין בית לחם.

ווען מיר זיינען אַריינגעקומען אין דעם אוהל איבער דעם קבר און מיר האָבען אָנגעהויבען זאָגען באַשטימטע תפילות — איז דאָס האַרץ ביי יעדען פון אונז פול געוואָרען מיט אַן אומבאַשרייבליכען טרויער און טרערען האָבען פון זיך אַליין גענומען פליסען פון די אויגען, אָבער דאָס, וואָס איז געשען מיט גוזמאַנ׳ען — קען איך מיר ביז׳ן היינטיגען טאָג נישט דערקלערען. ער האָט זיך איבערנאַטירליך פאַנאַנדערגעוויינט, האָט גענומען מאַכען אַזעלכע קולות, געקלאַפּט מיט די הענט און מיט׳ן קאָפּ אין די ווענטלעך פון קבר, אַז מיר האָבען געמיינט, אָט אָט, און ער וועט אינגאַנצען צוזאַמענברעכען. קוים מיט צרות איז אונז געלונגען אים אַרויסצוברענגען פון אוהל.

אָט די סצענע מיט דעם עלטערען און אַזוי הילפלאָזען קאַלעגע, האָט מיך שטאַרק צעבראָכען. עס איז געווען אַ פרייטאָג, און איך האָב מיך גענומען גרייטען צו קבלת שבת אין דער חורבה שוהל פון ר׳ יהודה החסיד.

מיין ערשטען שבת אין ירושלים וועל איך, דאַכט זיך, נישט פאַרגעסען ביז די לעצטע טעג פון מיין לעבען. ווייל דאָס, וואָס מען פילט אין ירושלים שבת — פילט מען נישט און מען קען עס זיך גאָרנישט פאָרשטעלען אין ערגעץ אין דער וועלט. פרייטאָג צונאַכטס בין איך מיט אַמדורסקי׳ן אַוועק דורך די ענגע געסלעך פון דער אַלט־שטאָט צו דער חורבה פון ר׳ יהודה החסיד. אויפ׳ן וועג האָבען מיר געטראָפען אידען גיין צו דער כותל מערבי מקבל שבת זיין. אידען אין טכוירענע שטריימלעך און אין קאָלירטע קאַפּאָטעס, די פּיאות אויסגעצוואָגען און פאַרדרייט אין גרייצערלעך. אידען מיט לייכטענדע פּנים׳ער, וואָס זיי האָבען דערלעבט דאָס גליק צו קענען מקבל פּנים זיין דעם הייליגען שבת ביי די רעשטלעך פון דער וואַנט, וואָס איז אונז געבליבען פון דעם בית המקדש.

זיי האָבען גאָרנישט געזען דעם מיאוס׳ן אַרום, דעם עיפּוש׳דיגען געמוי־זעכץ, וואָס די אַראַבער האָבען דאָ פאַנאַנדערגעלייגט אַרום אונזער גרעסטער הייליגקייט. זיי האָבען זיך אַפילו נישט געמאַכט זעענדיג, ווי די אַראַבער

האָבען זיך אויסגעשטעלט אויף די דעכער פון זייערע הייזלעך, וואָס קומען צו גאַנץ האַרט צום כותל, און האָבען אָפּגעלאָכט פון די אידען, וואָס האָבען דאָס גאַנצע האַרץ זייערס אַריינגעלייגט אין די תפילות לכבוד דעם אָנקומענ־דיגען שבת.

אין דער חורבה האָט יענעם פרייטאָג צונאַכטס מקבל שבת געווען דער חזן ישראל באַרדאַקי. צווישען די מתפללים האָט מען געקענט זען די חשוב׳סטע אידען פון ירושלים, בראש מיט׳ן הרב קוק ז״ל. איך בין געווען צופרידען, וואָס כאָטש איין מאָל בין איך אַ געוויינליכער מתפלל, אַ צוקוקער, וואָס קען באַטראַכטען מיינע שכנים אין שוהל, זיך צוהערען צו דעם פיינעם חזן און איינאָטעמען אין זיך די לופט פון אייביגען אידישען לעבען, וואָס איז קלאָר געקומען צום אויסדרוק אין אָט דער אור־אַלטער שוהל.

צוריקקומענדיג פון שוהל אין האָטעל אַריין בין איך געווען איבעראַשט פון דעם שיינעם פּאַטריאַרכאַלישען אידישען טיש, וועלכער איז געווען געגרייט אין אַמדורסקי׳ס הויז. אַמדורסקי האָט געמאַכט קידוש און איך האָב געקוואָלען פון זיין שיינער טענאָר־שטימע. די זמירות האָבען אַלע קינדער מיטגעזונגען און אויסגעצייכענט זיך צווישען זיי האָט זיך די מוזינקע, נחמה׳לע, אַ קינד פון ניין אָדער צען יאָר, וועלכע האָט מיט אַ באַזונדערען חן געזונגען אַ סאָלאָ־נומער. עס איז געווען אַ פאַרגעניגען זיך צוצוהערען, און איך האָב זיך נישט ווילענדיג דערמאָנט אין מיינע קינדער־יאָרען, אין די פרייטאָג צונאַכטסען ביים טאַטען׳ס טיש, ווען אין דעם זמירות־געזאַנג איז אָנגעצייכענט געוואָרען מיין שפּעטערדיגע באַשטימונג אַלס חזן ביי אידען.

ביים דאַוונען שבת אינדערפרי האָט מען מיך מכבד געווען מיט מפטיר. דאָס האַרץ איז מיר געווען פאַרטרויערט פון מיינע באַזוכען ביי די דענקמעלער פון אונזער אַמאָליגער גרויסקייט און פון דעם צוזען, ווי די שכנים אונזערע באַציען זיך מיט האַס צו דעם אידען און זוכען אים צו דערנידעריגען — האָב איך נישט ווילענדיג אויסגעגאָסען אַלע מיינע געפילען אין די ברכות צו דער הפטורה. ווען איך האָב אָנגעהויבען זאָגען „רחם על ציון״ — האָט קעגען מיין ווילען אַ שטראָם געטאָן אַ געבעט, וואָס מען האָט געקענט הערען אין אים דאָס געבעט פון מיליאָנען אידען אין דער וועלט, אַז עס זאָל אַראָפּגענומען ווערען די שאַנד פון אונז און עס זאָל צוריקגעגעבען ווערען גרויסקייט צו ציון און ישראל.

עס איז אַפילו איינגאַנצען נישט געווען מיין כוונה צו ברענגען אום שבת די אידען אין דער חורבה־שוהל צו געוויין, אָבער עס וואָלט שווער געווען צו געפינען אין דער שוהל אַ אידען מיט טרוקענע אויגען נאָך מיין מפטיר. מען האָט מיך אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען, באַגריסט מיט אַ האַרציגען „ברוך הבא״ און אַזוי אין געדיכטע קרייזלעך האָבען מיר פאַרלאָזען די אַלט־שטאָט.

שבת צונאַכטס האָבען מיך באַזוכט די גבאים פון דער חורבה־שוהל, זיי

האָבען מיר געבראַכט אַ האַרציגע באַגריסונג פון אַלע מתפּללים און פאַר איין װעגס האָבען זײ מיר שוין דערצײלט, אַז דער דאַך איבער דער חורבה איז צעבראָכען, עס רעגענט אַרײן און זײ האָבען נישט די נויטיגע מיטלען אים צו פאַרריכטען. אויב עס איז מיר נישט שווער — וואָלטען זײ מיך געבעטען צו דאַוונען אַ שבת לטובת דער שוהל און אַזוי אַרום געבען איר אַ דאַך איבער׳ן קאָפּ.

איך האָב מיך קײן אײן מינוט נישט געוואַקעלט און האָב זײ דאָס גלײך צוגעזאָגט, אָבער איך האָב געבעטען אַ כאָר בײ מײן זײט, כדי מײן ערשטער אויפטריט אין ירושלים זאָל טאַקע זײן וואָס פײערליכער. מען האָט פאַרבעטען דעם חזן און מנגן רב זלמן ריבלין, אַז ער זאָל דיריגירען מיט זײן כאָר צו מײן שבת׳דיגען דאַוונען. אַ וואוילער איד, האָט ער זיך אויך קײן מינוט נישט געוואַקעלט און די גבאים האָבען גענומען מאַכען די הכנות צום שבת, אַז ער זאָל אַרײנברענגען די געהעריגע הכנסה לטובת דער שוהל.

איך דערמאָן זיך דעם שבת אין דער חורבה, ווי אידען זײנען געהאָנגען אויף די פענסטער און אויף די אַרומיגע דעכער, ווי די ענגשאַפט אין שוהל גופא איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב קוים געקענט דעם אָטעם אָפּכאַפּען. איך בין געווען אין דער בעסטער שטימונג און די ירושלים׳ער אַטמאָספער האָט מיך באַזונדערס צעוואַרעמט. האָב איך צעוויגט די אידען און מײן וואַרעמ־קײט איז גיך אַריבער צו זײ. עס האָט געהערשט אַ דערהויבענקײט אין שוהל, ווען איך האָב פאַרענדיגט דאָס דאַוונען. איך האָב געהאַט אַ גליקליך געפיל, וואָס מײן ערשטער אַרויסטריט אין דעם הײליגען לאַנד איז געווען פאַר אַ דבר קדושה, שלא על מנת לקבל פּרס. פון דער הכנסה האָט מען געקענט בויען אַ גאַנץ סאָלידען דאַך איבער דער שוהל.

די וואַרעמסטע קריטיק איבער מײן שבת׳דיגען דאַוונען אין דער חורבה האָט געשריבען טאַקע רב זלמן ריבלין אַלײן, װעלכער האָט דיריגירט מיט׳ן כאָר. ער האָט אַרויסגעוויזען אין דער אָפּהאַנדלונג אַ סך פאַכמענישען וויסען און זײן רעצענזיע אַלײן איז געווען אַ פּערעל פון דער ליטורגישער ליטעראַטור. דער קלאַנג וועגען דעם דאָזיגען אויסערגעוויינליכען שבת׳דיגען דאַוונען אין דער „חורבה״ איז זיך שנעל צעגאַנגען איבער גאַנץ ארץ־ישראל.

עס האָבען זיך גענומען מעלדען מענעדזשערס פון קאָנצערטען און שבתים אָן אַ שיעור און אָן אַן עק. מיט אײנעם פון זײ, אַ געוויסען יאסקיעל, האָב איך געשלאָסען אַן אָפּמאַך אויף צוויי שבתים, דריי קאָנצערטען און אויף די ערשטע טעג פּסח. דער ערשטער קאָנצערט האָט געדאַרפט פאָרקומען אין תל־אָביב, אין דער אַלטער אויסשטעלונג־געביידע (תערוכה), דאָרט געפינט זיך ביז דריי טויזענט זיץ־פּלעצער. מײן מענעדזשער האָט געהאַט גרויס הנאה פון דעם ערשטען קאָנצערט אין תל־אָביב, אַ סימן האָב איך געהאַט — ער איז גלײך געקומען און האָט מיך געוואָלט פאַרפליכטען, אַז איך זאָל פאַר קײנעם, אַ חוץ פאַר אים, נישט אויפטרעטען.

איך האָב זיין אָנבאַט גלייך אָפּגעוואָרפען, ווייל ערשטענס האָב איך צוגע־זאָגט אוסישקין׳ען אַ קאָנצערט לטובת דעם קרן קימת, ווייטער האָב איך שוין געהאַט צוגעזאָגט אַ שבת׳דיגען דאַוונען לטובת דער תל־אָביב׳ער שוהל, פון וועלכער עס זיינען בלויז געשטאַנען די פיר ווענט, אָן אַ צייכען פון אַ דאַך. דעם שבת, וואָס איך האָב דאָרטען געדאַרפט דאַוונען, האָט מען איבער דער שוהל אַרויפגעצויגען אַ ברעזענטענעם לייווענט, וואָס האָט געדינט כמו ווי אַ דאַך...

מיין צווייטער קאָנצערט לויט׳ן אָפּמאַך מיט מיין מענעדזשער איז געווען אין ירושלים אין גרויסען זאַל פון אַ קינאָ, וואו עס זיינען געקומען גאָר געהויבענע געסט: דער הויך־קאָמיסאַר און דער ענגלישער גובערנאַטאָר פון ירושלים. אויך דאָ איז געשטאַנען לעבען מיר חזן ריבלין מיט׳ן כאָר און פאָר די וועלטליכע נומערען איז געווען איינגעלאַדען אַלס באַגלייטער דער באַ־וואוסטער פּיאַניסט און קאָמפּאָזיטאָר, פּראָפ. וויינבערג. נאָכ׳ן קאָנצערט האָט מיך דער גובערנאַטאָר, סטאָרס, באַערט מיט אַ וויזיט הינטער דער סצענע און האָט מיר געבראַכט די באַגריסונג פון הויך־קאָמיסאַר, וועמען דער קאָנצערט איז זעהר געפעלען געוואָרען.

אַזוי ווי צו פסח האָבען מיר נאָך געהאַט צוויי וואָכען צייט, האָב איך מיט מיין פרוי באַשלאָסען אויסצונוצען די צייט און אַ פּאָר טאָג אַביסעל איבער דעם לאַנד. מיר האָבען באַזוכט שכם, די פעסטונג פון די ארץ־ישראל אַראַבער, די נעסט פון דער גרעסטער שנאה קעגען אונז, פון די באַהאַלטענע און אָפענע מערדער און רויבער. אָבער ווען מיר זיינען צוגעקומען צום עמק יזרעאל, איז אונז אַ ליכט אויפגעגאַנגען אין די אויגען. מיר האָבען דערזען פאָר זיך ערליכע אידישע פּראַצע אויף אַ באָדען, וואָס איז נאָך דאָ נישט לאַנג צוריק געווען באַדעקט מיט פאַרשאָלטענע זומפּען, פון וועלכע מענשען האָבען גע־וויכט, ווייל זיי האָבען געטראָגען אַ פּעסט אין זיך.

היינט בליען דאָ מאַנדעל־ביימער, און דער פּאַסטוך, וואָס פּאַשעט די שאָף, האַלט אַ ספר אין האַנט: לערענט ער נישט אַמאָל אַ קאַפּיטל ישעיה? די הייזער זיינען ציכטיג און באַשיינען די גאַנצע געגענט. מיר זיינען אָפּגעטראָטען אין עטליכע קאָלאָניעס, זיינען אַריין אין דעם בית־אוכל (עס־צימער). דער מאָלצייט, וועלכען מען האָט דעמאָלט סערווירט פאַר די קיבוצ׳ניקעס, איז געווען גאַנץ קאַרג, אָבער דאָס האָט אין דער מינדעסטער מאָס נישט באַווירקט דעם הויכען אידעאַליזם פון די בויער, וועלכע האָבען דאָך אַלע געשטאַמט פון די קליינע אידישע שטעטלעך אין רוסלאַנד, פּוילען און ליטע, און וועלכע האָבען גע־דאַרפט איבערברעכען זיך אַליין, כדי זיך צוצופּאַסען צו דעם נייעם שווערען לעבען.

אין טבריה האָבען מיר אויפ׳ן קבר פון רבי מאיר בעל הנס געטראָפען פיל אָריענטאַלישע אידען, וואָס זיינען עולה רגל צום קבר מיט אַ סך וואָכען פריער, איידער עס פאַלט אויס דער יאָרצייט פון דעם גרויסען אידישען צדיק.

מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין דער ישיבה אויף'ן נאָמען פון רבי מאיר און האָבען געזען ווי בלייכע אידישע יונגעלייט פון די עלטסטע איינוואוינער פון לאַנד האָבען געלערענט אַ בלאַט גמרא מיט'ן אַלטען היימישען ניגון, אַזוי ווי איך געדענק דאָס פון מיינע חדר־יאָרען, און זיי האָבען דאָס געלערענט פאַרטייטשט טאַקע אויף מאַמע־לשון, אויף פראָסט אידיש, און דער קלאַנג פון זייער לערנען האָט וואָרעם אָפּגעקלונגען אין מיין האַרצען: עס איז איין אידישע וועלט מיט די זעלבע בענקשאַפטען און טרוימען נאָך דערלייזונג און אויפלעבונג.

מיר האָבען זיך געקליבען ווייטער צו פאָרען איבער מגדל ביז צפת און דער לעצטער קאָלאָניע אויף דער גרענעץ מיט סיריע: מטולה. אָבער גראָד זיינען דעמאָלט אויסגעבראָכען אומרוען צווישען די דרוזען און אַראַבער און מענשען האָבען אונז אָפּגערעדט, אַז מיר זאָלען איצט די רייזע נישט מאַכען. האָבען מיר זיך נאָך אָפּגעשטעלט ביים ים כנרת, געשפּיגעלט זיך אין זיינע בלויע וואַסערען, וואָס פאַר'כישוף'ן ממש, און אין זייער שטילקייט האָבען מיר פאַרגעסען אין דעם גאַנצען גרויס־שטאָטישען גערויש, וואָס מיר האָבען מיט זיך געבראַכט.

מיר האָבען זיך געלאָזט אויף'ן וועג צוריק קיין ירושלים איבער חיפה. נאָך תל־אָביב איז אַ באַזוך אין חיפה די שטאַרקסטע איבערלעבונג. עפּעס פּילט איר, אַז דאָ איז דער הויפּט־נערוו פון לאַנד. אַהער קומען די שיפען מיט די עולים, פונדאַנעט גייען אַרויס די ארץ־ישראל'דיגע פּראָדוקטען איבער די לענדער פון דער וועלט. חיפה וועט נאָך אַמאָל ווייט און ברייט פאַרשפּרייטען דעם נאָמען פון ארץ־ישראל.

און ווען מיר זיינען אַרויפגעפאָרען אויף'ן הר־הכרמל, כדי זיך אויסצורוען אַביסעל פון וועג אין איינעם פון די דאָרטיגע פּרעכטיגע פּאַנסיאָנען — האָט זיך גאָר די אייגענע אויגען נישט געגלויבט, אַז אַזאַ שיינקייט איז גאָר מעגליך אין ארץ־ישראל. דער אויסבליק צום ים און די פיינע וועלדלעך אַרום באַרואיגען אייך און פילען אייך אָן מיט ברכה פאַר דעם לאַנד. איך האָב מיר דעמאָלט גענומען אין זינען אריין, אַז ווען דער אויבערשטער וועט מיר העלפען און איך וועל דורכפירען מיין פאַרלאַנג צו באַזעצען זיך אין דעם לאַנד — איז דאָס ערשטע, וואָס איך וועל טאָן, איז בויען זיך אַ היים אויף אָט דעם באַרג.

ערשט מיט ניין יאָר שפּעטער, בעת מיינעם אַ ווייטערדיגען באַזוך אין ארץ־ישראל, איז מיר באַשערט געווען דעם דאָזיגען וואונש צו פאַרווירקליכען.

ענדליך זיינען מיר געווען צוריק אין ירושלים און מען האָט זיך געדאַרפט נעמען גרייטען צום פסח. צוזאַמען מיט'ן חזן און דיריגענט ריבלין האָבען מיר צוזאַמענגעשטעלט דאָס פּראָגראַם פאַר'ן יום־טוב'דיגען דאַווענען. איך האָב געהאַט בלויז צוויי רעפּעטיציעס מיט'ן כאָר און אַלץ איז געווען אין בעסטען אָרדענונג. די חורבה־שוהל איז געווען באַלאַגערט אום יום־טוב, אַזוי ווי זי

איז דאָס געווען בעת מיין ערשטען דאַווענען. ווידער זיינען מענשען געהאַנגען אויף די פענסטער און אויף די אַרומיגע דעכער. מיין מענעדזשער האָט געהאַט יעדען גרונט צו זיין צופרידען.

איך מוז נאָך דערמאָנען דעם „געראַנגעל״, וואָס איז אַנגעגאַנגען איבער דעם ביי וועמען איך זאָל פּראַווען דעם סדר. גלייך ווי איך בין אָנגעקומען קיין ירושלים האָט ביי מיר אַמדורסקי גענומען דאָס וואָרט, אַז איך וועל זיין זיין גאַסט צום ערשטען סדר (פּאַקטיש צום איינציגען סדר, ווייל דער צווייטער סדר ווערט אין ארץ־ישראל נישט אָפּגעריכט). שפּעטער אָבער איז אוסישקין געקומען צו מיר מיט אַ קעגען־וויזיט און איז צוגעשטאַנען, אַז איך זאָל זיין ביי אים צוגאַסט צום סדר, ביי וועלכען עס וועלען אַנוועזענד זיין די אָנגעזעענסטע אידען פון אַלע וועלט־טיילען, וואָס זיינען זיך יענעם יאָר געהאַט צונויפגעקומען קיין ארץ־ישראל.

עס האָט מיר באמת לייד געטאָן, אָבער איך האָב מיין צוזאָג צו אַמדורסקי׳ן נישט געוואָלט ברעכען. דערפאַר האָב איך צוגעזאָגט אוסישקינ׳ען, אַז ווען ער וועט איינריכטען אַ צווייטען סדר, אַזוי ווי עס פירט זיך אין גלות, לכבוד די צאָלרייכע אויסלענדישע געסט, וועל איך דאַן קומען און אָפּריכטען דעם סדר. ער האָט מיך געפאָלגט און האָט איינגעאָרדענט אַ צווייטען סדר אין גרויסען אוידיטאָריום־זאַל פון קרן־קימת, ביי וועלכען עס זיינען אַנוועזענד געווען ביי פינף הונדערט מענשען. עס האָט געהערשט ביי דעם סדר אַן אויסערגעוויינליכע דערהויבענקייט, עס איז געווען אַן אמתער קיבוץ גלויות אין מיניאַטור, וואָס נאָר אין ארץ־ישראל איז דאָס מעגליך.

נאָך דעם ערשטען טאָג יום־טוב אין דער חורבה־שוהל, וואו איך בין געווען גלענצענד ביי דער שטימע און מיין זאָגען דעם „ומפּני חטאנו״ ביים מוסף האָט טיף גערירט אַלע אַנוועזענדע, האָב איך אחרון של פסח געדאַווענט אין דעם ריזיגען זאַל פון דער אויסשטעלונג אין תל־אָביב. טויזענטער אידען זיינען געווען אינעווייניג, און נאָך אַמאָל אַזוי פיל האָבען אַרומגערינגעלט די געביידע און זיך צוגעהערט צום דאַווענען דורך די אָפענע פענסטער. נאָך די יאָרען מיינע אין ווין און בודאַפּעסט און שפּעטער אַפילו אין אַמעריקע, האָב איך אין ערגעץ נישט געטראָפען אַזאַ וואַרעמקייט און אַזאַ טיפע גרייטקייט אויפצונעמען דעם אַלטען אידישען נוסח התפילה, ווי דאָ, אין ירושלים און אין תל־אָביב.

אויב אין אַמעריקע זיינען די אידען שוין געווען אַביסעל אָפּגעפרעמדט, דערצו נאָך האָבען די פאַרשידענע עם־הארצ׳ישע „ראַבאַי׳ס״ צוגעלייגט אַ האַנט אויסצומענשלען כלומר׳שט און אינגאַנצען אָפּצוטעמפען זייערע אידי־שע געפילען — האָט דאָ אַלץ געשלאָגען ווי פון אַ פרישען קוואַל. זיינען דאָך דאָס געווען אונזערע ברידער נישט לאַנג צוריק אַריבערגעקומענע פון די אַלטע היימען: רוסלאַנד און פוילען, פונוואַנעט זיי האָבען מיטגעבראַכט די צוגעבונדענקייט צו אַלע אידישע טראַדיציעס. און דאָ האָט זיך קיינער נישט

געשעמט דערמיט, ווי אין אַמעריקע, קיינער האָט דאָ נישט געשטרעבט זיך „אויסצומענשלען". פאַרקערט, וואָס מער איד, אַלץ מער מענש.

דערפאַר איז מיין רייזע איבער די שטעט פון ארץ־ישראל געווען אַן אמת׳ע טריאומף־רייזע. אידען האָבען מיר אַנטקעגענגעטראָגען זייערע הערצער, און איך האָב אויסגעזונגען זייערע פאַרבאָרגענסטע בענקשאַפטען. די תפילות וועגען שיבת ציון און וועגען דער צוריק־אויפבויאונג פון דער אידישער פראַכט האָבען אין ערגעץ נישט געקענט האָבען אַזאַ טיפען אָפקלאַנג, ווי אין ארץ־ישראל, וואו אויף טריט און שריט האָט מען נאָך דעמאָלט געקאָנט זען, וואָס עס פעלט אונז נאָך צו זיין אומאָפהענגיק און צו זיין די בעלי בתים איבער אונזער אייגענעם גורל.

אויף דעם ערשטען שבת נאָך פסח בין איך אַרויסגעפאָרען קיין פתח־תקוה, די מאַמע פון די אידישע קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל. די שוהל האָט געקענט אַריינגעמען אַ פיר הונדערט מענשען, אָבער בעלנים מיך צו הערען זיינען געווען אַרום אַכט הונדערט. זיינען טאַקע אויסגעבראָכען גרויסע קריגע־רייען ביים אַריינגאַנג און עס האָט זיך אַפילו געפינען איין איד אַ תקיף, וואָס האָט צוזאַמען מיט אַ גרופּע באַגלייטער אום שבת אויפגעריסען די טירען, וואָס זיינען שוין געווען אָפּגעשלאָסען צוליב דעם געוואַלדיגען געדראַנג פון דעם עולם. עס האָט גענומען גאַנץ לאַנג ביז דער טומעל האָט זיך איינגעשטילט און איך האָב זיך געקענט שטעלען דאַוונען.

שפּעטער האָט מען מיר איבערגעגעבען, אַז דער דערמאָנטער איד, דער תקיף, איז גלייך אויף צומאָרגענס, זונטאָג, געשטעלט געוואָרען פאַר׳ן „משפּט שלום" (פרידענס־געריכט) פאַר שטערען די רו פון די מתפללים אום שבת און ער איז פאַר׳משפּט געוואָרען צו באַצאָלען אַכציג פונט שטראָף און אויף זיין חשבון צו לאָזען פאַרריכטען די טירען פון דער שוהל. הייסט עס, עס איז נישט הפקר פעטרישקע אין ארץ־ישראל.

נאָך דעם שבת אין פתח תקוה איז מיר געבליבען אַ גאַנצע וואָך צייט ביז מיין וויטערדיגען עפענטליכען אויפטריט. האָב איך באַשלאָסען אויסצונוצען די וואָך, כדי אַ קוק צו טאָן וואָס אַזוינס האָב איך איינגעהאַנדעלט אין ארץ־ישראל נאָך אין דער צייט, ווען איך בין געווען אין אַמעריקע. די געשיכטע פון מיין באָדען־קניה אין ארץ־ישראל איז די פאָלגענדע: נאָך אין יאָר 1924 איז צו מיר איין מאָל געקומען אין ניו־יאָרק אַ איד מיט׳ן נאָמען שוויף און האָט מיר אָנגעבאָטען צו קויפען באָדען אין ארץ־ישראל.

צו יענער צייט איז עס געווען זעהר אַ פּאָפּולערע זאַך, אַז די אידען אין אויסלאַנד, וואָס האָבען געהאַט די מיטלען דערצו און זיינען אַליין נאָך נישט געווען גרייט צו באַזעצען זיך אין ארץ־ישראל, האָבען דערווייל ביז וואָס ווען זיך צוגעגרייט דאָרט באָדען אויף צו בויען זיך אַ היים, ווען די צייט וועט קומען. דער דערמאָנטער הער שוויף האָט מיר געזאָגט, אַז דער באָדען געפינט

זיך אין דער קאָלאָניע מגדל און דער אייגנטימער פון דעם באָדען הייסט גליקין, וועלכער וויל פאַרקויפען אַ טייל פון זיין אייגענעם באָדען.

איך האָב דעמאָלט איינגעהאַנדעלט דורך דעם הער שוויף דריי און צוואַנציג דונאַם באָדען, וועלכען איך האָב, פאַרשטייט זיך, מיט די אייגענע אויגען פריער נישט אָנגעקוקט, נאָר איך האָב געגלויבט אויפ'ן וואָרט, אַז מסתמא וועט מען מיך נישט אָפּנאַרען. וואָס הייסט עפּעס אידען אין ארץ־ישראל זאָלען חלילה וחס נעמען אַ אידען פון גלות און אים סתם אַרייננאַרען אין זאַק אַריין? אַזאַ זאַך האָט מיר גאָר נישט געקאָנט קומען אויפ'ן שכל. איצט האָב איך זיך געפרייט, וואָס ענדליך וועל איך האָבען אַ מעגליכקייט צו וואַרפען אַ בליק אויף מיין נחלה און אַ קוק טאָן, וואָס פאַר אַ היים קען מען דאָרט אויפשטעלען.

איך האָב טעלעגראַפירט צו דעם הער גליקין און האָב אים געבעטען, אַז ער זאָל זיין אַזוי פריינטליך און אַרויסקומען קיין טבריה מיך באַגעגענען און צוזאַמען וועלען מיר אַרויספאָרען צו דעם אָרט, וואו דער באָדען געפינט זיך.

ווי נאָר איך בין אָנגעקומען קיין טבריה און בין דאָרט אָפּגעווען אַ האַלבע שעה צייט — זיינען אידען ווי פון אונטער דער ערד גלייך געוואויר געוואָרען, אַז איך בין געקומען און עס האָבען אָנגעהויבען גיין דעלעגאַציעס צו מיר אין דער קליינער אכסניה, וואו איך האָב זיך אָפּגעשטעלט.

דער ערשטער איז געקומען דער ראש הקהל מיט נאָך צוויי מיטגלידער פון דער געמיינדע און האָבען מיך געבעטען, אַז איך זאָל נישט פאַרשעמען זייער שטאָט און דאַוונען ביי זיי אַ שבת. און באַלד דערנאָך איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון מכבי־קלוב, וועלכע האָט מיר אויפגעקלערט, אַז זיי שטרעבען צו אַנטוויקלען אַ געזונטען אידישען דור, און געבעטען איך זאָל זיי העלפען פאַרשאַפען מיטלען מיט מיינער אַן אַרויסטרעטונג. די פיינע יונגעלייט האָבען געמאַכט אויף מיר דעם בעסטען איינדרוק און הגם דאָס איז כלל נישט אַריינגעגאַנגען אין מיינע פּלענער, האָב איך נישט געפונען אין זיך קיין כח זיי אָפּצוזאָגען און איך האָב דעם שבת געדאַוונט אין טבריה, טיילענדיג די הכנסה צווישען דער געמיינדע און דעם מכבי־קלוב.

איך קען נישט פאַרבייגיין און נישט דערמאָנען, ווי אַזוי אָט די יונגע מכבייער האָבען מיך אויפגענומען, מיט וואָס פאַר אַ פּאַראַד זיי האָבען מיך געפירט פון האָטעל אין שוהל אַריין און צוריק. אַרויסגייענדיג פון האָטעל האָבען זיי מיך אַרומגערינגעלט צו צוועלף יונגע העלדישע בחורים פוןביידע זייטען, אָנגעטאָן אין ווייסען מיט בלויע לענטעס אַריבערגעוואָרפען איבער דער ברוסט. פאָראויס האָט מאַרשירט זייערער אַן עלטסטער און דאָס זעלבע האָט אַן עלטסטער געשלאָסען דעם פּאַראַד פון אונטען. מיך האָט מען אַריינגעשטעלט אין מיטען פון דעם „קאַסטען" און מיט'ן געזאַנג פון „שישו ושמחו גבורי החיילו!" האָט מען מיך אַזוי געפירט איבער די גאַסען פון טבריה ביז דער שוהל.

פאַרשטייט זיך, אַז די גאַס איז געווען שוואַרץ פון אידען, וואָס האָבען

זיך צוגעקוקט צו דעם פריילעכן ספּעקטאַקל און האָבן אונדז נאָכבאַגלייט ביז דער שוהל. איך בין געווען טיף גערירט, וואָס איך האָב דערלעבט אַזאַ כבוד אין אונדזער לאַנד, אַ כבוד, וועלכן איך האָב אין קיין שום אַנדער אָרט, וואו אידן געפינען זיך אין גרעסערע מאַסן, קיינמאָל נישט געקענט איבער־לעבן. איך האָב דעם דאָזיגן שבת׳דיגן דאַווענען געגעבען פון די זאַפטען פון מיין האַרצן און אין די ווייטע בערג אַרום טבריה האָט זיכער אָפּגעקלונגען מיין געבעט פון „ולירושלים עירך ברחמים תשוב!״

ווען איך בין אויף צומאָרגענס זונטאָג אַרויסגעפאָרן צוזאַמען מיט מיין פרוי קיין מגדל, האָט מיך דאָרט דערוואַרט אַן אַנגענעמע איבערראַשונג: דעם זעלבן טאָג איז אַהין אָנגעקומען דער דעמאָלטיגער פּרעזידענט פון דער ציוני־סטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און איצטיגער נשיא פון ישראל, פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן מיט זיין פרוי. צוזאַמען מיט זיי זיינען געקומען נאָך אַנדערע געהויבענע געסט, ווי דער באַנקיר וואַרבורג פון בערלין, און אַ גרויסע גרופּע פון אַגראָנאָמען, וועלכע האָבן געדאַרפט באַטראַכטן פאַרשידענע באָדן־פּראָגן. און אין צענטער פון די אַלע טראַנזאַקציעס איז געשטאַנען טאַקע דער זעלבער גליקין, וואָס האָט מיר פאַרקויפט די נחלה.

מיר האָבן אַלע געהאַט מיטאָג ביי גליקינ׳ען אין הויז און דערנאָך באַזוכט די שיינע פּרדסים, וואָס האָבן געהערט צו סער אַלפרעד מאָנד (שפּע־טערדיגער לאָרד מעלטשעט) און צו ניידיטש׳ען. איך האָב זיך גאָרנישט געקענט אָנקוקן צו דער זאַט אויף דער שיינער פּאַנאָראַמע, וואָס האָט אַרומגערינגעלט מגדל. און עס איז געווען פאַר מיר אַ טאָג פון גרויס פאַרגעניגען. אויף צומאָרגענס איז מיין פרוי מיטגעפאָרן מיט דער ווייצמאַן־פאַמיליע און מיט הער וואַרבורג קיין נהלל, וואו עס איז פאָרגעקומען די פייערלעכע דערעפענונג פון דער דאָרטיגער לאַנדווירטשאַפטלעכער שולע פאַר מיידלעך, און איך בין געבליבן מיט גליקינ׳ען אין מגדל, כדי ענדלעך צו קענען אָנקוקן מיט די אייגענע אויגן די נחלה, וואָס איך האָב איינגעהאַנדעלט.

ער האָט מיך געפירט און איך בין אים נאָכגעגאַנגען, ביז מיר זיינען אַזוי אַרויפגעקומען אויפ׳ן סאַמע העכסטן שפּיץ פון באַרג, וואָס רינגעלט אַרום מגדל. דאַן האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַ הויכן הויפן מיט שטיינער אויפ׳ן באַרג און געזאָגט: „אָט דאָס איז עס״... איך האָב מיר גענומען רייבן די אויגן: אָט דאָס איז דאָס דער שיינער שטיק באָדן, וואָס איך האָב איינגע־האַנדעלט דורך הער שוויף? איך האָב מיר גענומען דערמאָנען, ווי אַזוי דער זעלבער שוויף האָט פאַנאַנדערגעלייגט פאַר מיר אַ מאַפּע פון מגדל, אויף וועלכער עס זיינען אַזוי פאַרביג געווען אויסגעמאָלן די שיינע אַלייען, וואָס וועלן דורכשניידן מגדל אַרויף ביז די בערג, און אויף די אַלייען וועלן זיין אויסגעבויט פּרעכטיגע האָטעלן, שולן, אַ ביבליאָטעק, און, פאַרשטייט זיך, אויך אַ שוהל צום דאַווענען, און אַ שיינער טעאַטער אַפילו איז שוין געווען אָנגעצייכנט אויף דער קאַרטע.

מיין פּלאַץ אויפ׳ן שפּיץ באַרג, האָט מיר דעמאָלט דער הער שוויף איינ־גערעדט, וועט זיין דער שענסטער אין גאַנץ מגדל, פון אים וועט זיך אַנטפּלעקען אַ פּרעכטיגע אויסזיכט אויפ׳ן ים כנרת און אויף דעם גאַנצען בליענדיגען ישוב, וואָס וועט זיך שפּרייטען צו מיינע פיס. איך וועל זיצען דאָרט אויבען ווי אַ קייסער און וועל גאָרנישט טאָן, נאָר זינגען שירים ושבחים צום בורא עולם פאַר דעם חסד, וואָס ער האָט מיט מיר געטאָן און מיך געבראַכט קיין מגדל, און אַראָפּקוקען אונטען אויפ׳ן טאָל, וואָס וועט זיין איינגעטונקען אין בלומען און אין קאָכעדיגען לעבען. דאָס בילד איז געווען אַזוי פאַרכאַפּענדיג, און די שפּראַך מיט וועלכער ער האָט גערעדט, איז געווען אַזוי פערעלדיג, אַז מען האָט געדאַרפט זיין אַ איד אַן אכזר נישט אַנטציקט צו ווערען און נישט צו כאַפּען און אָפּשליסען דאָס געשעפט.

האָב איך טאַקע דעמאָלט גלייך איינגעצאָלט פינף הונדערט דאָלער און די איבעריגע פופצען הונדערט האָב איך צוגעצאָלט, גלייך ווי איך האָב דער־האַלטען דעם „קושאַן" אויפ׳ן באָדען פון הער גליקין. איצט בין איך געשטאַנען און אָנגעקוקט דעם באַרג שטיינער, וואָס איז געווען מיין אייגענטום אָנשטאָט דעם פאַר׳כישופ׳טען פּאַלאַץ, וועלכער דער פּיפּיגער הער שוויף האָט מיר געהאַט אויסגעמאָלען מיט צוויי יאָר צוריק אין ניו־יאָרק.

# תל אביב׳ער אידען שטורמען דעם בית העם

קוקענדיג אַזוי אויף דעם באַרג מיט שטיינער, וואו עס האָט געדאַרפט שטיין מיין אויסגעַ׳חלום׳טער פּאַלאַץ — איז מיר געוואָרען גאַנץ קאַלאַמוטנע אויפ׳ן האַרצען. גליקין, אַליין אַ ראַפינירטער און דורכגעטריבענער סוחר, האָט גלייך באַמערקט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, און ער האָט גאָרנישט געוואָרט, אַז איך זאָל נעמען עפּעס ריידען. ער איז מיר פאַרלאָפען דעם וועג און רופט זיך אָפּ צו מיר: „ווי איך פאַרשטיי, הער קוואַרטין, זענט איר נישט שטאַרק צופרידען מיט דער קניה, וואָס איר האָט געמאַכט. מוז איך אייך זאָגען, אַז איך אַליין בין אויך נישט צופרידען און איך וועל זיך באַמיען אויסצוטוישען פאַר אייך דעם דאָזיגען באָדען אויף אַן אַנדערען, וואָס ליגט נעענטער צום שאָסיי, ביים הויפּט־וועג. אָבער — איר וועט מוזען צוצאָלען עטליכע הונדערט דאָלער״.

אָט אַזוי האָט מען אַרויסגעקראָגען פון מיר איבעריגע עטליכע הונדערט דאָלער און איך האָב געמאַכט דעם טויש. ווייל די שטיינער דאָרט אויפ׳ן באַרג ליגען נאָך אַזוי ביז׳ן היינטיגען טאָג און קיין שום פּאַלאַץ איז נאָך דערוויייל דאָרט נישט אויסגעבויט געוואָרען. האָב איך שוין געהאַט אַ לייטישען באָדען, אַן שטיינער, און אויף אַ גוטען פּלאַץ. וואָס טוט מען איצט?

יענעם יאָר האָט די ציטרוס־אינדוסטריע אין ארץ־ישראל זיך אויסגע־צייכענט מיט אַ גרויס געדעטעניש און דער שניט איז גוט פאַרקויפט געוואָרען אין אויסלאַנד, און די פרדסנים האָבען גוט פאַרדינט. האָבען מיך גוטע פריינט געגומען צוריידען, אַז איך זאָל אויף דעם באָדען אין מגדל פאַרפלאַנצען אַ פרדס. וואָס בין איך פאַר אַ פלאַנצער און וואָס ווייס איך אין אַזעלכע זאַכען? דאַרף מען דאָך האָבען דעם ריכטיגען מענשען, וואָס זאָל זיך קענען אויף די זאַכען, און זאָל זיך וועלען מיט דעם פאַרנעמען.

איז ווידער אַרויסגעשוואומען — גליקין. קיין אַנדער מענש האָט גאָרנישט געקענט קומען אין באַטראַכט. גליקין איז דעמאָלט געווען דער קייסער פון מגדל. ער איז געווען אַ שותף צו דעם גאַנצען באָדען פון מגדל און דער אומ־געגענט, און איז אויך געווען דער פאַרוואַלטער פון מגדל, און צו דעם אַלעם איז ער טאַקע געווען דער גרויסער פאַכמאַן אין אַגריקולטורעלע פראַגען און איז געווען דער איינציגער, צו וועמען איך האָב זיך געקענט ווענדען וועגען אויסנוצען מיין באָדען, אַז ער זאָל נישט שטיין ליידיג און מ׳זאָל עפּעס מיט אים פרואוּוען אויפטאָן.



חזן קוואַרטין דאַווענט אַ מנחה אין תל אביב'ער „בית עם“, 1926.

גליקין האָט איבערגענומען דאָס פאַרפלאַנצען דעם פּרדס און האָט מקיים געווען אויף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט דעם נדר, וואָס ארץ־ישראל אידען האָבען זיך דעמאָלט געהאַט געגעבען, אַז מען זאָל דעם אַמעריקאַנער „יאָלד״, וואָס פאַלט אַריין צו זיי אין האַנט אַריין, באַארבייטן אויף וויפיל עס לאָזט זיך נאָר און אויפ׳ן גרינטליכסטען אופן...

דערפאַר ווען איך בין געקומען צום צווייטען מאָל קיין חיפה און האָב זיך אַזוי אַנטציקט מיט דער לאַנדשאַפט פון הדר הכרמל, אַז איך האָב באַשלאָסען צו קויפען דאָרט אַ שטיק באָדען — דאָס מאָל האָב איך שוין געקוקט מיטביידע אויגען אויף דעם וואָס מען פאַרקויפט מיר. איך האָב מיך שוין נישט באַפרידיגט מער מיט די קאָלירטע אויפגעמאָלטע קאַרטעס, וואָס מען האָט מיר געוויזען, און אויף די נישט־געשטויגענע מעשיות, וואָס מען האָט מיר דערציילט. איך האָב מיטגענומען מיט מיר אַן אַגראָנאָם און ער האָט טאַקע אָפּגעקליבען דעם שענסטען פּלאַץ אויף דעם בעסטען באָדען, און — וואָס זאָל איך לייקענען, איך האָב טאַקע מצליח געווען מיט דעם קויף אויפ׳ן שיינעם כרמל־באַרג.

מיין מענעדזשער, הער יאסקיעל, האָט מיר דערוויל געמאָלדען, אַז איך דאַרף זיך גרייטען צו אַ גרויסען קאָנצערט אין תל־אָביב, וואָס וועט דאָס מאָל פאָרקומען אין בית העם, אָבער אויף אַן אָפענעם פּלאַץ אונטער׳ן פריי׳ען הימעל. דער דאָזיגער קאָנצערט האָט געדאַרפט זיין אַ פּאָפּולערער, כדי דער פשוט׳ער אַרבייטער און פאָלקס־מענש זאָל אויך קענען פון אים הנאה האָבען. עס זיינען צוגעגרייט געוואָרען פיר טויזענט איינטריט־קאַרטען צו צוטריטליכע פּרייזען. ווען איך בין אָנגעקומען קיין תל־אָביב, האָט מיר הער יאסקיעל גע־מאָלדען, אַז אַלע בילעטען זיינען שוין אויספאַרקויפט און אַז ער האָט באַקומען אַן ערלויבעניש פון דער פּאָליציי צו פאַרקויפען איבעריגע פינף הונדערט בילעטען פאַר מענשען, וועלכע ווילען שטיין.

אָבער דאָ איז געקומען דאָס אומגליק. מיין מענעדזשער האָט, ווי עס איז דער שטייגער מיט אַלע מענעדזשערס אין דער וועלט, געוואָלט רייך ווערען מיט איינמאָל, האָט ער אָנשטאָט די ערלויבטע פינף הונדערט בילעטען צוגעדרוקט גאַנצע צוויי טויזענט בילעטען, און ער האָט זיי אַלע גלייך אויספאַרקויפט און האָט מיר אַפילו גאָרנישט דערציילט וועגען דעם.

עס איז געווען אַ דינסטאָג נאָכמיטאָג, ווען אַרום האַלב נאָך דריי האָט זיך דער קאָנצערט געדאַרפט אָנהויבען. איך בין צוגעפאָרען מיט מיין פרוי און מיט מיין באַגלייטער, פּראָפעסאָר וויינבערג. אָבער ווען מיר זיינען געקומען אַ דריי־פיר בלאָקען פאַר דעם פאָלקס־הויז, האָבען מיר זיך אָנגעשטויסען אויף אַזאַ געדיכטער מאַסע מענשען, אַז מיר האָבען בשום אופן נישט געקענט ווייטער פאָרען, און האָבען זיך גענומען דורכשטויסען צופוס. אָפּגעגאָסען מיט שווייס האָבען מיר זיך קוים דורכגעשלאָגען אַ וועג. דאָ האָבען מיר דער־הערט מורא׳דיגע געוואַלדען פון מענשען, וועלכע האָבען אויסגעקויפט בילע־

טען, און דאָ האָט זיי די פּאָליציי נישט דורכגעלאָזט, ווייל עס איז מער נישט געווען קיין פּלאַץ אַפילו אַ שפּילקע־קעפּעל דורכצושטופּען.

דער עולם האָט מיך שוין דערקענט און פון אַלע זייטען האָט מען זיך גענומען ווענדען צו מיר מיט טענות אויף דער עוולה, וואָס איז זיי געשען. די אויפגערעגטע מענשען אין דרויסען האָבען געדראָט, אַז זיי וועלען נישט דערלאָזען, אַז דער קאָנצערט זאָל אינגאַנצען פּאָרקומען, אויב מען וועט זיי נישט אַריינלאָזען. מיין פרוי איז געוואָרען שטאַרק נערוועז און האָט פאַרלאַנגט פון מיר, אַז מיר זאָלען צוריקפאָרען אין האָטעל אַריין, ווייל זי האָט זיך געשראָקען, אַז עס זאָל, חלילה, נישט קומען צו אַן אומגליק.

אָבער אויך גיין אויף צוריק איז געווען אַן אוממעגליכע זאַך, אַזוי שטאַרק האָט געדרענגט די מענשען־מאַסע. ענדליך האָבען מיר זיך דורכגעשטופּט און זיינען דורך אַ הינטער־טיר אַריין אין דער געביידע פון בית העם. איך האָב דערזען אַן אומגעהייערע מאַסע מענשען, צונויפגעדרענגט ווי הערינג אין אַ פאַס, אָדער ווי אין ניו־יאָרקער סאָבוויי אין די טומעלדיגע פאַרנאַכט־שעה׳ן נאָך דער אַרבייט. אָנהויבען דעם קאָנצערט איז אָבער געווען אוממעגליך צוליב די געשרייען און געוואַלדען פון די מענשען אין דרויסען, וואָס האָבען כסדר געשטורעמט דעם אַריינגאַנג. זיי האָבען פּשוט פאַרהילכט די לופט. און זיי זיינען געווען גערעכט אויך. פופצען הונדערט מענשען האָבען אויסגעקויפט קאַרטען, און איצט האָט זיי די פּאָליציי נישט צוגעלאָזט.

איך בין געשטאַנען אויף דער בינע מיט פּראָפעסאָר וויינבערג און מיר האָבען נישט געוואוסט וואָס הויבט מען אָן צו טאָן. עס איז שוין געוואָרען פינף און האַלב נאָך פינף און מען האָט זיך אַלץ קיין עצה נישט געקענט געבען. אויך די פּאָליציי אין דרויסען איז געוואָרען מאַכטלאָז און עס האָבען זיך אָנגעהויבען שלעגערייען. אינעווייניג איז די היץ געווען געוואַלדיג גרויס און מאַנכע עלטערע מענשען האָבען גענומען חלש׳ען פון לאַנג שטיין אויף די פיס.

דעם מענעדזשער האָב איך שוין אינגאַנצען נישט געזען פאַר די אויגען און דער פאַרוואַלטער פון בית העם איז געשטאַנען און געציטערט, ער זאָל נישט אַריינכאַפּען קיין פעטש. ענדליך האָב איך מיר געהייסען דערלאַנגען אַ גרויסע רער, ווי מען פלעגט דאָס געברויכען ביי די אַלטע גראַמאָפאָנען, און איך האָב דורך דער דאָזיגער רער געמאָלדען פון דער עסטראַדע, אַז פאַר די אַלע, וועלכע האָבען אויסגעקויפט בילעטען און האָבען זיך נישט געקענט אַריינבאַקומען אויפ׳ן קאָנצערט, וועל איך מאַרגען געבען אַ ספּעציעלען קאָנצערט. דער אויפגערעגטער עולם אין דרויסען האָט דאָס דערהערט און האָט זיך אַביסעל באַרואיגט.

איין אַלטער איד, וועלכער איז געשטאַנען גאַנץ נאָענט פון דער עסטראַדע און וועלכער האָט שוין געהאַט גע׳חלש׳ט פון דער גרויסער היץ און מ׳האָט אים קוים אָפּגעמונטערט, האָט דערהערענדיג מיינע ווערטער זיך איבערגע־

בויגען צו מיר און האָט מיט אַ ציטערדיקער שטים מיר אַריינגעשעפּטשעט אין אויער אַריין: „לאַנג לעבען זאָלט איר, חזן, איך וועל איה״ש מאָרגען אויך קומען צום קאָנצערט!״ אין זיינע ווערטער האָב איך דערהערט, וואָס דאָס האָט געמיינט אַ חזן פאַר דעם אידען פון דעם אַלטען שטייגער. עס איז געווען אַ טייל פון זיין לעבען, פאַר וועלכען ער איז אַפילו גרייט געווען צו ברענגען קרבנות.

ערשט זעקס אַזייגער אין אָוונט בין איך געווען אומשטאַנד אָנצוהויבען דעם קאָנצערט. די געוואַלדען האָבען זיך איינגעשטילט און די לופט איז געווען ריין און קלאָר, ווי עס טרעפט אָפט אין ארץ־ישראל פאַרנאַכט־צייט נאָך אַ הייסען טאָג. אויך מיין שטימע איז געווען ריין און קלאָר, און איך האָב אויפגעעפענט פאַר אָט די טייערע אידען, וואָס זיינען אַזוי פיל אויסגעשטאַנען, כדי צו קומען מיך הערען, דאָס גאַנצע האַרץ מיינס, און זיי האָבען מיר גע־ענטפערט מיט אַזעלכע אַפּלאָדיסמענטן, אויף וועלכע זיי זיינען נאָר געווען אומשטאַנד.

זינט תל־אָביב עקזיסטירט איז נאָך דאָרט אַזאַ באַגייסטערונג ביי אַן עפענטליכער אונטערנעמונג נישט געווען צו באַמערקען. און איך מוז מודה זיין, אַז פאַר מיין גאַנצער חזנ׳ישער קאַריערע, אַפילו אין די גרעסטע שטעט פון אַמעריקע, האָב איך עטוואָס ענליכעס נישט געזען. דאָס באַווייזט, אַז אין ארץ־ישראל, ווי קליין דאָס לאַנד זאָל נישט זיין און ווי ווייניג אידען דאָרטען זאָלען זיך נישט געפינען, זאַמעלט זיך צונויף דער עקסטראַקט פון אונזער פאָלקס־לעבען, דאָרט לעבט און וועט אייביג לעבען די אמת׳ע באַגייסטערונג פאַר אַלץ, וואָס אונזער פאָלק האָט געשאַפען אין משך פון די דורות פון זיין וואַנדערען צווישען די פעלקער.

מיין אויפרעגונג צוליב אָט דעם גרעסטען קאָנצערט מיינעם אין ארץ־ישראל איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די גאַנצע נאַכט נאָכדעם בין איך געלעגען אַן ערשעפּטער און אויסגעמאַטערטער און האָב קיין אויג נישט געקאָנט צו־טאָן. און באַלד אינדערפרי האָט זיך ערשט אָנגעהויבען די רעכטע געדיכטע. אַרום עלף אַזייגער איז געקומען צו מיר אין האָטעל אַריין אַ פּאָליציסט און ברענגט מיר אַ בריוו פון דעם פּאָליציי־שעף פון יפו׳ער דיסטריקט, אַז איך זאָל נישט דערוועגען אויפצוטרעטען נאָכאַמאָל אויף אַ קאָנצערט פאַר די, וואָס האָבען נישט געקענט אַריין אין זאַל, ווי איך האָב נעכטען עפענטליך צוגעזאָגט, ווייל איך האָב געהאַנדעלט קעגען געזעץ.

מיין פאַרברעכען קעגען געזעץ איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב נישט באַקומען קיין שריפטליכע דערלויבעניש פון דער פּאָליציי אויף דעם קאָנצערט, און אָנגעבען אויף אַזאַ דערלויבעניש מוז מען מינדעס־טענס אַ וואָך פריער, איידער דער קאָנצערט דאַרף פאָרקומען. און ווידער איז בעת׳ן נעכטיגען קאָנצערט געקומען צו סקאַנדאַלען און געשלעגען, בעת וועלכע אויך עטליכע פּאָליציי־לייט זיינען פאַרוואונדעט געוואָרען. און דאָס

סאַמע וויכטיגסטע — מיין מענעדזשער האָט עובר געווען אויפ'ן געזעץ מיט דעם, וואָס ער האָט פאַרקויפט מיט פופצען הונדערט בילעטען מער, ווי עס איז געווען דערלויבט. דערפאַר ווערט ער צוגעצויגען צום געריכט, אָבער דערווייל, ביז וואָס ווען, קען דער היינטיגער קאָנצערט נישט פאַרקומען.

איך בין געווען שטאַרק פאַרצווייפעלט, ווייל איך האָב געגעבען מיין וואָרט דעם קאָנצערט אָפּצוהאַלטען, און דער עולם וועט זיך נישט פאַנאַנדערקלייבען און וועט אויסטייטשען, אַז איך האָב זיי נעכטען אָפּגענאַרט. איך האָב אָפּגערופען דעם פּאָליציי־שעף דורכ'ן טעלעפאָן און האָב אים געבעטען, אַז ער זאָל מיך נישט שטעלען אין קיין שווערער לאַגע און זאָל דערלויבען דעם היינטיגען קאָנצערט אָפּצוהאַלטען. זיין ענטפער איז געווען אַ קאַטעגאָרישער ניין. איך בין דאַן אַוועק צום בירגערמייסטער פון תל־אָביב, דעם פאַרשטאָרבענעם מאיר דיזענגאָף, און האָב אים געבעטען, אַז ער זאָל זיך איינשטעלען ביים פּאָליציי־שעף נישט אַזוי ווייט פאַר מיר, ווי פאַר עטליכע טויזענט תל־אָביב'ער אידען, וואָס האָבען באַצאָלט זייער געלט און האָבען דערפאַר גאָרנישט געקענט געניסען.

ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז די תל־אָביב'ער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָלט נישט פאַר נויטיג זיך צו מישען אין די קאָמפּעטענצען פון דעם ענגלישען פּאָליציי־שעף. דאָך האָט ער איינגעשטימט אָפּצורופען דעם פּאָליציי־שעף אויפ'ן טעלעפאָן. איך האָב זיך צוגעהערט צו זייער געשפּרעך און דער רעזולטאַט איז געווען דער זעלבער — קאַטעגאָריש: ניין און ניין. איך האָב נישט געוואוסט, ווי אַזוי האַנדעלט מען דאָ, אַז איך זאָל פאָרט בלייבען אַ וואָרטס־מאַן לגבי די תל־אביב'ער אידען. אַלענפאַלס האָב איך פעסט באַשלאָסען, אַז איך אַליין וועל אומבאַדינגט צום קאָנצערט קומען, און דאָרט וועט מען זען, וואָס מען קען טאָן. טאָמער געלינגט מיר טאַקע נישט אַרויסצוטרעטען — זאָלען זיי לכל הפּחות זען, אַז די מניעה איז נישט געווען פון מיין זייט.

# אַ קאָנפליקט מיט׳ן ענגלישען פּאָליציי־שעף אין תל־אביב און ווי ער בעט זיך מיט מיר איבער

צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג, דאָס הייסט אַ שעה פריער איידער דער קאָנצערט אין תל־אָביב׳ער בית העם פאַר די נעכטיגע „געליטענע" האָט זיך געדאַרפט אָנהויבען, בין איך שוין צוזאַמען מיט׳ן פּראָפעסאָר וויינבערג געווען אויפ׳ן פּלאַץ. אַלע צוגאַנגען צום פאָלקס־הויז זיינען ווידער געווען געפּאַקט מיט מענשען. איך בין אַרויף אויף דער בינע און האָב דערקלערט דעם עולם, ווי די זאַך שטייט. איך האָב פאָרגעלייענט פאַר זיי דעם בריוו פון פּאָליציי־שעף, האָב זיי דערציילט וועגען מיין באַזוך ביים בירגערמייסטער דיזענגאָף, און אַז אַלע זיינע באַמיאונגען דעם קאָנצערט צו דערלויבען זיינען ביז איצט געווען אָן דערפאָלג.

די פאַרזאַמעלטע האָבען באַשלאָסען צו דעלעגירען פון צווישען זיך אַ דעלעגאַציע פון דריי מענשען צום פּאָליציי־שעף און אים נאָכאַמאָל בעטען אין נאָמען פון די דריי טויזענט פאַרזאַמעלטע אידען, אַז ער זאָל דאָך דערלויבען דעם קאָנצערט אָפּצוהאַלטען. אין אַ קנאַפּער שעה אַרום זיינען זיי געווען צוריק מיט דעם זעלבען ענטפער: ניין און ניין. דער גוי האָט זיך פאַר׳עקשנ׳ט און טו אים עפּעס. עס האָט אַזוי געדויערט קנאַפּע צוויי שעה, איך בין געווען פונקט אַזוי אויפגערעגט ווי דער ריזיגער פאַרזאַמעלטער עולם. איך האָב אַליין נישט געוואוסט, צי וועל איך היינט יאָ זינגען, אָדער איך וועל מוזען פאַרשעמען די גרויסע עדה אידען, אָן עין הרע, און גיין אַהיים.

מיטאַמאָל איז מיר איינגעפאַלען אַ געדאַנק: קאָנצערטעווען טאָר איך טאַקע נישט, אָבער דאַוונען מנחה — ווער קען דאָס פאַרבאָטען אידען אָפּצוהאַלטען אַ רעליגיעזע גאָטעס־דינסט אין זייער אור־אַלטען לאַנד? עס איז נאָך נישט געבוירען געוואָרען דער ענגלענדער, וואָס זאָל וואַגען צו טאָן אַזאַ זאַך. און גלייך האָב איך אָן שום הקדמות געמאָלדען דעם עולם, אַז ווער עס האָט אַ הוט מיט זיך אָדער אַ יאַרמולקע, זאָל עס אָנטאָן אויפ׳ן קאָפּ און ווער נישט — זאָל צודעקען דעם קאָפּ מיט עפּעס וואָס, ווייל איך וועל אינאיינעם מיט דעם עולם דאַוונען מנחה.

איך האָב אַוועקגעשיקט צו מיר אין האָטעל אַריין נאָכ׳ן טלית, מען האָט אימפּראָוויזירט אויף דער בינע אַ מין שטענדער, דער עולם האָט גענומען

צודעקן די קעפּ און האָט אָנגעהויבן הייס צו אַפּלאָדירען, אַ סימן, אַז דער געדאַנק איז זיי געפעלען געוואָרען. איך האָב אָנגעהויבן מיט „אשרי", און ביים „צדיק ד׳ בכל דרכיו", בין איך שוין געווען אַ צעוואָרעמטער. דער בית העם איז גלייך פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אמת׳ער אידישער שוהל, אידען האָבען זיך אַוועקגעשטעלט צו דער שטילער שמונה עשרה, מען האָט זיך געשאָקעלט אין אַלע זייטען, אַזוי ווי אין די אַלטע בתי מדרשים אין רוס־לאַנד און אין פּוילען.

איך האָב שוין לאַנג נישט געהאַט קיין געלעגענהייט בייצוואוינען אַזאַ סצענע. נישט אין ווין, נישט אין בודאַפּעסט און אַפילו נישט די לעצטע יאָרען אין אַמעריקע האָבען אידען געגומען אַזוי ערענסט זייער קומען אין אַ מקום קדוש. אַלץ איז סטאַנדאַריזירט און פאַרטריקענט געוואָרען. און דאָ, פּונקט ווי אַמאָל אין אונזערע אַלטע היימען, האָט אַ שלאָג געטאָן אַ קוואַל פון אַלטע טראַדיציעס. מעג עס אַפילו זיין אַ פאָלקס־הויז, נאָר מנחה — איז מנחה. און אַלע אָנוועזענדע האָבען עס גענומען מיט דער גאַנצער ערענסטקייט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס צווישען די אָנוועזענדע זיינען זיכער געווען נישט ווייניג אידען, וואָס האָבען נישט געהאַלטען פון פרומקייט.

איך האָב דערפילט עפּעס גאָר אַן אַנדערען עולם פאַר זיך: אידען, וואָס פאַרשטייען טאַקע דעם פּירוש המילות, וואָס באַגרייפען יעדעס וואָרט, מיט וועלכען זיי זיינען מתפּלל, און ווען איך וועל זאָגען די הויכע שמונה־עשרה, וועלען זיי טאַקע נאָכפאָלגען פּסוק נאָך פּסוק און פאַרשטיין וואָס יעדע תפילה באַדייט. וואו, אין וועלכען לאַנד — אַפילו מיט מיליאָנען אידען — קאָנט איר דאָס דערגרייכען?

אָט די אַלע געדאַנקען בעת דער שטילער שמונה־עשרה האָבען מיך געבראַכט גאָר אין אַ געהויבענער שטימונג, און קיינמאָל האָב איך נאָך נישט געזאָגט אַזאַ הויכע שמונה־־עשרה ווי יענעם פאַרנאַכט אונטער די בלויע הימלען פון תל־אָביב... איך האָב זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ ספּעציעלער אינ־טאָנאַציע כמעט ביי יעדען פּסוק און קאַפּיטעל. איבערהויפּט, ווען ס׳איז געקו־מען צו „ראה נאָ בענינו", „רפאינו", „תקע בשופר" און „ולירושלים עירך" — דאָ האָב איך אימפּראָוויזירט און אַריינגעלייגט ס׳גאַנצע האַרץ מיינס. איך האָב מיך געפילט אַ טייל פון דער גרויסער מאַסע, וואָס געפינט זיך שוין טאַקע אין דעם אייגענעם לאַנד, אָבער וועלכער עס פעלט נאָך גאָר אַ סך צו פולער אויסלייזונג, צו דער גאולה שלימה. און איך האָב אין זייער אַלעמענס נאָמען געבעטען, אַז עס זאָל אַן עק נעמען צו אידישע ליידען, און די פיינטלעכע גויים זאָלען מער נישט האָבען צו זאָגען איבער אונז.

ביי דריי טויזענט אידען זיינען געשטאַנען ווי פאַר׳כישופ׳ט. זיי האָבען געשלונגען יעדען טאָן. עס האָט געהערשט אַזאַ הייליגע שטילקייט, אַז מען האָט געקאָנט הערען ווי אַ פליג פליט פאַרביי. דער בלויער הימעל איבער אונזערע קעפּ איז געווען קלאָר און לויטער, די לופט איז געווען וואַרעם און

מחיה׳דיג — עס האָט ממש געלאַשטשעט די נשמה און עס האָט זיך געזונגען און געבעטעט פון זיך אַליין. איך האָב זיך געפילט געוואַלדיג דערהויבען און איך האָב געדאַנקט גאָט, וואָס אָט אין דעם מאָמענט האָט ער מיך נישט פאַר־לאָזען, און איך האָב מיך געקאָנט אָפּגעבען די פאַרזאַמעלטע אידען טאַקע אינגאַנצען — „כל עצמותי תאמרנה״.

ווען איך האָב פאַרענדיגט מיט „המברך את עמו בשלום״ — האָב איך דערהערט אַרום זיך אַ דונער פון פרייד־אויסרופען. אַ ריזיגע מענגע מענשען האָט זיך געשטרעקט צו מיר, כדי מיר אויסצודריקען זייער דאַנקבאַרקייט. דער גרעסטער קוריאָז איז געווען, וואָס באַלד האָב איך דערזען לעבען זיך אויף דער בינע דעם ענגלישען פאָליציי־שעף, וועלכער שטרעקט צו מיר אויס די האַנט מיט אַ וואַרימען „טהענק יו!״ ער דערציילט מיר, אַז מען האָט אים געמאָלדען אין זיין אָפיס, אַז איך האַלט אָפּ דעם קאָנצערט קעגען זיין פאַרבאָט. איז ער אַרויס מיט רוגזה פון זיין אָפיס, כדי צו גיין מיך אָנלערנען מער נישט צו וואַגען ברעכען דאָס געזעץ.

אָבער צוקומענדיג נעענטער צום פּלאַץ פון פאָלקס־הויז און דערהערענדיג די רעליגיעזע תפילות, וועלכע איך ריכט אָפּ און צוקוקענדיג זיך, ווי דער עולם איז ממש פאַר׳כישופ׳ט — איז ער אַליין אַזוי פאַרבליפט געוואָרען, אַז ער האָט אינגאַנצען פאַרגעסען צוליב וואָס ער איז געקומען, און האָט זיך אַליין גענומען צוהערען מיט דעם טיפסטען אינטערעס. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער וואָלט קיינמאָל אין לעבען נישט געוואָגט איבערצורייסען אַזאַ גאָטעס־דינסט, און אַז ער באַדויערט דעם אינצידענט, וואָס איז געווען צווישען אונז, און איצט מעג איך פאַרזעצען צו זינגען, וואָס איך וויל. איך האָב טאַקע געזונגען און „געזאָגט״ עטליכע פון די ימים־נוראים תפילות אונטער דער באַגלייטונג פון פראָפעסאָר וויינבערג.

ווידער איז געווען אַ ווילדע באַגייסטערונג און דער סוף איז געווען, אַז אַ פּאָר געזונטע חברה־לייט האָבען מיך געכאַפּט אויף די הענט און אַזוי אַראָפּ־געטראָגען פון דער בינע אויף דער גאַס אַרויס. איך בין געווען אינגאַנצען פאַר׳שיכור׳ט פון דער דאָזיגער מעכטיגער איבערלעבונג און ווען איך בין ענדליך געווען צוריק ביי זיך אין האָטעל אַ טויט־מידער און אויסגעשעפּטער, האָב איך מיר אָפּגעגעבען אַ חשבון, אַז דאָס איז געווען איינער פון די שענסטע טעג פון מיין לעבען, וואָס עס איז מיר געלונגען נישט אָפּצונאַרען דעם גלויבען פון טויזענטער אידען, וועלכע איך האָב נעכטען געגעבען אַ צוזאָג צו זינגען פאַר זיי, און טאַקע וואָס איך בין געווען אַזוי פול און שטאַרק אין דער פאָרם, אַז איך האָב נישט אַנטוישט זייערע דערוואַרטונגען.

אויף צומאָרגענס האָב איך געהאַט אַ טעלעפאָן פון אוסישקינ׳ען פון ירושלים, וועלכער האָט מיר געמאָלדען, אַז דאָרט געפינען זיך איצט צאָלרייכע און איינפלוסרייכע אידישע טוריסטען פון דער גאַנצער וועלט, ער וויל אויס־

נוצען די דאָזיגע געלעגענהייט און ער בעט מיך צו געבען אַ קאָנצערט פאַר׳ן קרן קימת, וועגען וועלכען ער האָט שוין פריער געהאַט גערעדט מיט מיר. נישט געקוקט אויף מײַן אויסערגעוויינליכער מידקייט און אָנגעשטרענגטקייט האָב איך קיין וואָרט נישט גערעדט קעגען און האָב צוגעזאָגט אָפּצוהאַלטען דעם דאָזיגען קאָנצערט דעם קומענדיגען דינסטאָג אין ירושלים.

דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין דעם גרעסטען קינאָ־זאַל פון ירושלים מיט דער אָנוועזענהייט פון הויכע רעגירונגס־באַאַמטע און פון טויזענטער אידען. דער קרן קימת האָט אַרויסבאַקומען אַ באַדייטענדען איינקונפט, און מיר איז צוגעטיילט געוואָרען דער גרויסער כבוד, וואָס אוסישקין אַליין האָט זיך מטריח געווען צו מיר אין האָטעל אַריין און האָט מיר געבערענגט דעם סערטיפיקאַט פון „גאָלדענעם בוך״ פון קרן קימת, וואו מײַן נאָמען איז אַרײַנגעשריבען געוואָרען.

דעם זעלבען אָוונט נאָכ׳ן קאָנצערט פאַר׳ן קרן קימת איז מיר צוגעפאַלען נאָך אַ גרויסער כבוד: צו מיר איז געקומען, כדי מיר אָפּצושטאַטען אַ קעגען־באַזוך, דער ווירדיגער הרב קוק ז״ל. ער האָט זיך פאַרענטפערט פאַר מיר, וואָס ער צאָלט מיר אָפּ דעם חוב פון אַ באַזוך מיט אַ געוויסער פאַרשפּעטיגונג. איך האָב אים מיט באַשיידענע ווערטער געשילדערט, ווי טייער איך שעץ דעם כבוד, וואָס ער האָט מיר אָנגעטאָן. פון ווייטערדיגען געשפּרעך איז אַרויס־געקומען, אַז די ישיבה, וואָס געפינט זיך אונטער זײַן אָנפירערשאַפט, ליידט פון אַ מאַנגעל פון מיטלען. ער האָט מיך געפרעגט צי עס וואָלט נישט מעגליך געווען, אַז איך זאָל מיט מײַנעם אַ מנחה־מעריב דאַוונען צוטראָגען עפּעס צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער ישיבה. איך האָב אים גלייך דאָס צוגעזאָגט.

גלייך אויף צומאָרגענס האָבען זיך באַוויזען אויף די גאַסען פון ירושלים פלוג־בלעטלעך, אַז איך וועל דאַוונען מנחה־מעריב אין דער חורבה פון ר׳ יהודה החסיד לטובת דער ישיבה פון הרב קוק ז״ל. די תלמידים פון דער ישיבה האָבען זיך אַליין אַרויסגעלאָזט איבער די פאַרשידענע האָטעלען, וואו עס זײַנען אײַנגעשטאַנען די אויסלענדישע טוריסטען, כדי זיי צו פאַרקויפען די בילעטען צו דעם מנחה־מעריב.

ירושלים האָט שוין געהאַט געהערט וואָס עס האָט זיך געטאָן אין תל־אָביב בעת מײַן מנחה אין בית העם, איז טאַקע די חורבה געווען איבערגע־פּאַקט מיט אידען פון דער גאַנצער וועלט. ווידער איז מען געהאָנגען אויף די אַרומיגע דעכער און דער געדראַנג איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב זיך געשראָקען, עס זאָל חלילה נישט קומען צו קיין אומגליק.

אָבער אַלץ איז אַריבער בשלום. די ישיבה האָט געהאַט אַ באַדייטענדע אײַנקונפט, וואָס עס האָט מיר פאַרשאַפט גרויס פרייד.

מיט דעם דאָזיגען מנחה־מעריב איז פאַרענדיגט געוואָרען מײַן חזנ׳ישע טעטיגקייט אין דעם הייליגען לאַנד. דעלעגאַציעס פון צענדליגער אינסטיטו־

ציעס סיי אין ירושלים און סיי אין אַנדערע שטעט האָבען מיך נאָך באַלאַגערט און געבעטען אויפצוטרעטען פאַר זיי, אָבער די צייט פון מיין אָפּפאָרען האָט זיך דערנענטערט און איך האָב אַלעמען ליידער געמוזט אָפּזאָגען. אַ חוץ דעם בין איך נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי מיד און אָנגעשטרענגט, ווי נאָך מיינע אויפטריטען אין ארץ־ישראל. דאָס איז דערפאַר, ווייל אין ערגעץ האָב איך נישט געגעבען אַזוי פיל הארץ און נשמה, ווי אין מיינע קאָנצערטען און תפילות אין ארץ־ישראל. קיין שום לאַנד האָט נישט אַזוי אויפגעברויזט ביז די טיפסטע טיפענישען מיין גאַנץ וועזען, ווי ארץ־ישראל. איך האָב געפילט, ווי איך צאָל אָפּ אַן אַלטען חוב צו מיין היימאַט, אַ חוב פון דור־דורות, ווען מיר זיינען געווען פאַרוואָגעלט און האָבען געקענט זען די אַלע הייליגע ערטער בלויז אין דער מחשבה, בעת מיר האָבען אַרויסגעבערענגט די אור־אַלטע תפילות פאַר׳ן עמוד.

איך האָב זיך געמוזט איילען אַוועקצופאָרען צוליב נאָך אַ סיבה: עס האָט גע־וואַרט אויף מיר אַ קאָנצערט אין אַלעקסאַנדריע אויפ׳ן וועג צוריק קיין אַמעריקע. איין מאָל דערהאַלט איך אַ בריוו פון הער גרין, סעקרעטאַר פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע אין אַלעקסאַנדריע, וועלכער איז געווען דער איידעם פון באַראָן מנשה, אַ באַוואוסטע פערזענליכקייט און פאָרזיצער פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע אין עגיפּטען, אַז איך זאָל זיי נישט אָפּזאָגען און אויפ׳ן וועג צוריק געבען ביי זיי אַ קאָנצערט, וואָס די גאַנצע הכנסה זאָל גיין לטובת דעם קרן היסוד. מיין מענעדזשער איז גלייך אַהין אַוועקגעפאָרען, כדי צו מאַכען אַלע צוגרייטונגען.

איך האָב זיך גענומען גרייטען אין וועג אַריין, אָבער אין ירושלים האָב איך נישט געקאָנט לענגער פאַרבלייבען. די פאַרשידענע פאָרשטייער פון אָרגאַניזאַציעס האָבען מיך נישט צורו געלאָזט מיט זייערע אָנבאָטען. האָב איך באַשלאָסען אַרויסצופאָרען אויף עטליכע טעג קיין רחובות, אַז קיינער זאָל נישט וויסען, און דאָרט אויסרוען זיך עטליכע טעג פאַר מיין אָפּפאָרען קיין אַלעקסאַנדריע.

# איך פאַרלאָז דאָס הייליגע לאַנד

מיר זיינען אָנגעקומען קיין רחובות און פאַרפאָרען אין אַ פּריוואַטען הויז, וואָס מיין פריינט אַמדורסקי פון ירושלים האָט מיר אָנגעוויזען. איך האָב אַפילו מיין ריכטיגען נאָמען נישט אָנגערופען און בין געווען זיכער, אַז דאָ וועל איך געניסען עטליכע טעג רו. ווי נאָר מיר זיינען אַרויס אין גאַס און אַריינגעגאַנגען אין אַן אכסניה עפּעס איבערבייסען און מיר האָבען אַפילו נישט באַוויזען דעם ערשטען ביסען אַראָפּצושלינגען — איז באַלד געשטאַנען אַרום אונז אַ קרייזעל אידען, וואָס האָבען מיך דערקענט. נאָך איידער מיר האָבען געענדיגט עסען, איז שוין האַלב רחובות געווען פאַרזאַמעלט אַרום דעם הויז.

גלייך איז טאַקע געקומען דער גבאי פון שוהל מיט נאָך צוויי בעלי־בתים און האָבען פון מיר פאַרלאַנגט, אַז אַזוי ווי היינט איז פרייטאָג און מאָרגען איז אַ שבת מברכים, איז נישט מער ווי רעכט, אַז איך זאָל ביי זיי דאַוונען דעם שבת און זיי וועלען מיר באַצאָלען לויט די מעגליכקייטען. איך האָב זיי דערקלערט דעם גאַנצען אמת, אַז דאָס בין איך אַנטלאָפען קיין רחובות, כדי זיך פּשוט אויסצובאַהאַלטען פון די אַלע אָנבאָטען צו דאַוונען, אַז איך בין טויט־מיד און איך בין פּשוט נישט אומשטאַנד צו ערפילען זייער ביטע.

אפשר וואָלט איך מיך אַביסעל אַנדערש באַצויגען צו זייער ביטע, נאָר איך האָב מיך דערמאָנט, אַז צווישען די צענדליגער קאָלאָניעס, וועלכע האָבען זיך געווענדעט צו מיר, אַז איך זאָל זיי מהנה זיין מיט אַ קאָנצערט אָדער אַ שבת׳דיגען דאַוונען, האָט זיך רחובות נישט געפונען. און גראָד איז זי דעמאָלט געווען איינע פון די רייכסטע קאָלאָניעס אין ישוב. מען האָט אַפילו געמורמעלט אויף די רחובות׳ער איינוואוינער, אַז זיי באַשעפטיגען מיינסטענס אַראַבישע אַרבייטער, און די געציילטע אידישע אַרבייטער, וואָס באַקומען יאָ באַשעפ־טיגונג אין זייערע וויין־־גערטנער און פרדסים, ווערען אַביסעל צו שטאַרק עקספּלואַטירט.

דאָס אַלץ צוזאַמען האָט מיך געמאַכט אומוויליג נאָכצוקומען זייער פאַר־לאַנג. אָבער זיי האָבען נישט אָפּגעלאָזען און גע׳טענה׳ט, אַז עס איז אַ גרויסע באַליידיגונג פאַר זייער קאָלאָניע, וואָס איז איינע פון די עלטסטע אין לאַנד, און וואָס וועלען מענשען זאָגען ווען זיי וועלען הערען, אַז דער וועלט־באַרימ־טער חזן אַזש פון אַמעריקע איז געווען ביי זיי און איז אַפילו נישט צוגעגאַנגען צום עמוד. אָבער איך האָב מיך פעסט געהאַלטען ביי מיינס, אַז איך בין דאָס

מאָל נישט אומשטאַנד צו דאַוונען. האָבען זיי מיך געבעטען, אַז איך זאָל כאָטש קומען מאָרגען אין שוהל אַריין און זיין זייער גאַסט. דערביי האָבען זיי זיך זיכער געטראַכט: לאָמיך נאָר זיין אין שוהל, וועלען זיי שוין דעמאָלט צושטיין צו מיר אויפ'ן ריכטיגען אופן און איך וועל מוזען דאַוונען פאַר'ן עמוד.

איך האָב פאַרשטאַנען זייערע כוונות, אָבער דאָך האָב איך די אַיינלאַדונג צו קומען מאָרגען, שבת, אין שוהל אַריין אָנגענומען. מען האָט מיך מכבד געווען מיט מפטיר און די אידען האָבען גענומען צושטיין צו מיר, אַז איך זאָל כאָטשבי דאַוונען מוסף. מיר איז אָפילו דער מפטיר שווער אָנגעקומען און איך בין, ליידער, געצוואונגען געווען זייער ביטע אָפּצוזאָגען. דאָס איז געווען דער אייג־ציגער פאַל אין ארץ־ישראל, ווען איך האָב פאַרשאַפט אַן אומאַנגענעמליכקייט די דאָרטיגע אידען. איך וויל גלויבען, אַז זיי האָבען מיר מוחל געווען.

אין רחובות האָט דעמאָלט געוואוינט דער באַוואוסטער פּראָפעסאָר פון זאָאָלאָגיע, אַהרוני. איך האָב אים נישט געקענט, אָבער ער האָט, ווייזט אויס, געהאַט געהערט פון מיר, און דעם זעלבען פרייטאָג, ווען איך בין געקומען קיין רחובות, האָט ער אונז באַזוכט צוזאַמען מיט זיין פרוי און פאַרבעטען, אַז איך זאָל קומען באַזוכען זיינע לאַבאָראַטאָריעס. מיט פאַרגעניגען האָבען מיר אָנגענומען די איינלאַדונג און מיר האָבען דאָס נישט באַדויערט.

פּראָפעסאָר אַהרוני האָט אין אונזער אָנוועזענהייט דורכגעפירט עטליכע עקספּערימענטען איבער לעבעדיגע אינזעקטען, פּיטשעמאָנטשיגע באַשעפעניש, וואָס מען קען זיי נאָר זען דורך אַ פאַרגרעסער־גלאָז. עס איז געווען אין דער גרעסטער מאָס באַלערענד און מיר האָבען דאָרט פאַרבראַכט לאַנגע שעה'ן. דאָס מערקווירדיגסטע איז, וואָס אויך פרוי אַהרוני איז אַ געלערענטע אויף דעם זעלבען געביט.ביידע ליבע און זעהר באַשיידענע מענשען, און גלייכצייטיג פון זעהר אַ הויכען גראַד קולטור. ביידע אַרבייטען פלייסיג און ליבען די וויסענשאַפט, וועלכע זיי ווידמען זייער לעבען.

ווען מיר זיינען געבליבען ביי זיי צום נאַכטמאָל איז דער טיש געווען פון ווייסען מאַרמאָר־שטיין. נישט געדעקט מיט קיין שום טישטוך. די מאכלים — וועגעטאַרישע, אַלץ אַזוי איינפאַך און ציכטיג. נאָכ'ן עסען האָט פּראָפעסאָר אַהרוני פאָרגעזונגען עטליכע אַריעס און אויך עטליכע רעטשיטאַטיווען פון חזן ראַזאָווסקי'ס ווערק. אַ געבוירענער אין ריגע, האָט ער זיך אין זיין יוגענט אָנגעהערט ראַזאָווסקי'ן און האָט באַהאַלטען אַ באַגייסטערונג פאַר דעם דאָזיגען גרויסען אידישען מנגן.

פּראָפעסאָר אַהרוני האָט געהאַט אַן אומגעהויערע העלדען־באַריטאָן־שטימע, אָבער גאָר ווילד. ער האָט זיך שטאַרק גע'יחוס'ט מיט זיין קוזין, יאַדלאָווקער: איינער פון די גרעסטע זינגער אין דער בערלינער קאַמער־אָפּערע. אומדרייסט האָט מיך דערנאָך פּראָפעסאָר אַהרוני געפרעגט, צי עס האָט אַ צוועק, אַז ער זאָל אויסבילדען זיין שטימע. איך האָב מיך גאָרנישט געשעמט און

געזאָגט, אַז ער זאָל שוין גלײַכער פֿאַרבלײַבען בײַ זײַן שײַנער, אידעאַלער און נוצליכער אַרבײַט, און לאָזען צורו די געזאַנג־קונסט. ער האָט זיך צע־לאַכט און מיר צוגעזאָגט צו פֿאָלגען מײַן ראַט.

עס איז געװען אַ ביז גאַר אַנגענעמער פֿינאַל פֿון מײַן פֿאַרברענגען אין ארץ־ישראל אָט די עטליכע טעג אין רחובות אין דער געזעלשאַפֿט פֿון אַ חשוב׳ען אידישען געלערענטען. דאָס איז געװען אַ נײַער טיפּ איד, װעלכען מיר האָבען אין די גלות־לענדער אינגאַנצען נישט געקענט טרעפֿען. דאָרט זײַנען טאַקע אויך געװען נישט װײניג גרויסע אידישע געלערענטע, אָפּטמאָל אַפֿילו מיט אַ װעלט־נאָמען, אָבער זײ האָבען קײנמאָל נישט געפֿירט קײן פֿולען אידישען לעבען, זײ האָבען נישט געפֿילט דעם שטאָלץ פֿון זײַן אַ איד און ברענגען נוצען דער אײגענער געזעלשאַפֿט.

און אַזױ איז געקומען דער טאָג פֿון פֿאַרלאָזען דאָס לאַנד, װאָס האָט מיך אָנגעטרונקען מיט זוניגע זאַפֿטען. איך האָב געפֿילט מיט אַלע מײַנע חושים, אַז איך פֿאָר נישט אַװעק אויף אײביק, אַז עס װעט נעמען גאָרנישט לאַנג און איך װעל אַהער צוריקקערען, מעגליך צו באַזעצען זיך אויף שטענדיג.

װידער בין איך אין עגיפּטען און זײענדיג אין קאַירא, זײַנען מיר פֿאַרבעטען געװאָרען אין אַ הויז פֿון אַן אַלטער פּאַטריאַרכאַליש־ספרד׳ישער פֿאַמיליע, מיט װעלכער מיר האָבען זיך באַקענט נאָך אין ארץ־ישראל, און זײַנען געװאָרען זעהר באַפֿרײַנדעט. דער נאָמען פֿון דער פֿאַמיליע איז געװען בטאַש, זעהר אָנגעזען אין עגיפּטען צוליב זײער עשירות, גרויסער צדקה און פֿאַרקאָכטער ליבשאַפֿט צו ארץ־ישראל. דער אַלטער בטאַש האָט געהאַט אין ענגלאַנד גרויסע מאַנופֿאַקטור־פֿאַבריקען און יעדעס יאָר פֿלעגט ער פֿון לאָנדאָן פֿאָרען קײן ארץ־ישראל אויף פּסח. אויפ׳ן װעג פֿלעגט ער זיך אָפּשטעלען אין קאַירא און מיטנעמען מיט זיך אַלע זײַנע זין, טעכטער, שנירען, אײדעמס און אײניקלעך און אינאײנעם מיט זײ אָפּריכטען אַ טראַדיציאָנעלען, פּאַטריאַרכאַלישען סדר אין דער אײביגער שטאָט — ירושלים.

דער אינגערער בטאַש, אינגאַנצען עטליכע און דרײַסיג יאָר אַלט, האָט אַלײן אויסגעבויט און אויסגעהאַלטען מיט אײגענע מיטלען אַ העברעאישע שולע אין אַלעקסאַנדריע, װאָס האָט געהאַט דעם סימבאָלישען נאָמען „טוב תורה אם דרך ארץ״. אין דער שולע האָט מען אַ חוץ אַלע מאָדערנע לימודים, העברעאישע און אידישע געשיכטע, אויך געלערענט די תלמידים פֿאַרשידענע מלאכות, װי: שנײַדערײַ, שוסטערײַ, שלאָסערײַ און סטאָלערײַ, אַזױ אַז די שילער נאָכ׳ן ענדיגען די שולע זאָלען גלײַך האָבען אַ פֿאַך אין האַנט און קענען פֿירען אַ זעלבשטענדיגען לעבען. פֿאַר יעדען פֿאַך זײַנען געװען ספּעציעלע לערער מיט אײנגעאָרדענטע װאַרשטאַטען.

איך האָב געהאַט אַ גרויסע הנאה פֿון מײַן באַזוך אין דער דאָזיגער שולע, װאָס האָט פֿאַרבונדען תורה מיט מלאכה. איך האָב געזען, אַז אַפֿילו צװישען

אַזעלכע ווייטע אידישע ישובים זיינען דאַ איינצעלנע גוטע אידען, וואָס טראַכטען וועגען אַ נוצליכען תכלית פאַר דער אויפוואַקסענדער יוגענט פון זייער פאָלק.

עס איז געקומען דער טאָג פון מיין קאָנצערט אין אַלעקסאַנדריע, וואָס איז איינע פון די שענסטע ערינערונגען אין מיין לעבען. איך וויל דאָ נישט ריידען וועגען דעם כבוד, וואָס די עגיפּטישע אידען האָבען מיר צוגעטיילט, ווי זיי האָבען מיך געפירט אין אַן אויטאָ אויסגעפּוצט מיט בלומען איבער די גאַסען, ווי זיי האָבען מיך אויפגענומען אין זייערע פּריוואַטע הייזער — אמת׳ע פּאַלאַצען, מיט בלומען־גערטנער און מיט צענדליגער שוואַרצע דינער, וואָס האָבען נאָר געוואַרט אויף אונזערס אַ וואונק צוצוטראָגען אויף זילבערנע טאַצען פון דעם שענסטען און בעסטען, וואָס אַ מענש קען נאָר פאַרלאַנגען. די סאַלאָנען פון די דאָזיגע אידען האָבען פּשוט פאַרבלענדעט דאָס אויג מיט דעם גאָלד, זילבער און קרישטאָל, וואָס האָבען געפינקעלט פון אַלע ווינקלען.

אָבער עס וואָלט געווען פאַלש צו זאָגען, אַז די דאָזיגע רייכע אידען האָבען בלויז געטראַכט וועגען לעבען אין וואוילטאָג. איך מוז דאָ דערמאָנען די ברידער נאַדלער, וועמענס הויז עס איז געווען אַ מוסטער פון אידישער שיינקייט און אַריסטאָקראַטישקייט. און צו דער גלייכער צייט האָבען זיי געטאָן צדקה בסתר, שוין נישט ריידענדיג וועגען זייערע ברייטע ביישטייערונגען פאַר אַלע אידישע נאַציאָנאַלע צוועקען. ווי נאָר זיי האָבען געהערט, אַז ערגעץ־וואו איז פאַראַן אידישע נויט — זיינען זיי געווען די ערשטע צו העלפען מיט אַ ברייטער האַנט.

מיין קאָנצערט אין אַלעקסאַנדריע איז פאַרגעקומען אין דעם גרויסען אָפּערע־הויז, וואָס איז געווען איבערגעפּולט מיט דער שענסטער אידישער אינטעליגענץ אין שטאָט. ווען איך האָב געוואָרפען אַ בליק אויפ׳ן זאַל, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, ווי איך וואָלט געווען אויף אַ פּרעמיערע אין דער ניו־יאָרקער מעטראָפּאָליטען, אַזוי האָט עס געבלישטשעט מיט בריליאַנטען פון אַלע זייטען. איך בין טאַקע געווען אין אַ גוטער שטימונג און האָב נישט גע־קאַרגט מיינע כחות אויף צו באַפרידיגען די בענקשאַפטען פון די דאָזיגע פאַרוואָרפענע אידען נאָך אַ שטיקעלע האַרציגער אידישער נגינה. זייער באַ־גייסטערונג איז געווען פאַר מיר אַן איבעריגער באַווייז, אַז אידען זיינען אומעטום די זעלבע: מען דאַרף נאָר קענען אויפוועקען אין זיי זייער אור־אַלטע און אייביגע צוגעבונדענקייט צום אידישען כלל, און זיי וועלען אייך טראָגען אַנטקעגען אַ האַרציגען דאַנק.

און אַזוי האָבען מיר פאַרלאָזען עגיפּטען אויפ׳ן וועג צוריק קיין איראָפּע און אַמעריקע. פון איטאַליע, וואו אונזער שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיינען מיר געפאָרען קיין מאָנטרעי, אין דער שווייץ, וואו מיר האָבען געוואָלט באַזוכען אונזער טאָכטער, שולמית, וועלכע האָט זיך אויפגעהאַלטען אין אַ דאָרטיגען

פענסיאָן. דאָס איז געװען אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישער אַנשטאַלט, אָנגעפירט פון פרײלין מאַרקוס, און װאו אידישע טעכטער פון אַלע עקען װעלט האָבען באַקומען אַן עכט פרומע, אידישע ערציאונג, און גלײכצײטיג אַן אַלגעמײנע בילדונג אויפ׳ן בעסטען אײראָפּעאישען שטײגער.

אויף צומאָרגענס בין איך געװאויר געװאָרען, אַז אין דער דאָזיגער שטאָט אין די אַלפּען געפינט זיך אויך אַ ישיבה. און אײדער איך האָב מיך אומגעקוקט איז געקומען צו מיר מיט אַ באַזוך דער הער באָטשקאָ, װעלכער האָט אָנגעפירט מיט דער ישיבה. ער האָט מיך געבעטען, אַז איך זאָל באַזוכען דעם לערען־אַנשטאַלט, און איך האָב מיט פאַרגעניגען די אײנלאַדונג אָנגענומען. עס איז מיר געװען אינטערעסאַנט אָנצוקוקען אַ ישיבה אין דעם דאָזיגען פאַר־װאָרפענעם װינקעל אין די בערג.

צװײ ישיבה־בחורים זײנען געקומען נאָך מיר און איך בין געװען ער־שטוינט אָנצוקוקען די פּרעכטיגע װילע, אַן אמת׳ער פּאַלאַץ, אין װעלכען די ישיבה האָט זיך געפונען. אַזעלכע ישיבות, אין אַזאַ פּרעכטיגער אומגעבונג, מיט אַזעלכע בלומען־גערטנער אַרומגערינגעלט, האָבען מיר אין אונזער אַלטער הײם נישט געקענט געפינען. איך בין געגאַנגען איבער די קלאַסען, געפירט פון דעם דערמאָנטען הער באָטשקאָ, װעלכער האָט אַלע זײנע כחות אַװעקגע־געבען, אַז דער דאָזיגער מקום תורה זאָל שטײן אויף דער העכסטער הויך פון טראַדיציאָנעלער אידישקײט, און איך האָב ממש געשטוינט. דער קול תורה האָט דאָ אין בערג נאָך העכער אָפּגעהילכט און האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט פרײד.

איך בין געװען אַזוי טיף גערירט פון דעם בילד, אַז איך האָב מיך אַלײן אָנגעבאָטען צו זײ צו דאַװנען אַ מנחה־מעריב פאַר די מלמדים און ישיבה־בחורים. און בײם דאַװנען האָב איך מיך אַזוי צעװאָרעמט, אַז איך האָב מיך שיעור אַלײן נישט דערפילט, װי אַ ישיבה־בחור...

# נאָך איין בליק אויף בודאַפּעסט

נאָך עטליכע אָנגענעמע טעג, וואָס איך האָב גאַנץ אומגעריכט פאַרבראַכט אין דעם שטעטעלע אין די בערג, האָב איך נאָך באַזוכט עטליכע אייראָפּעאישע שטעט פאַר מיין אָפּפאָרען קיין אַמעריקע.

אָנקומענדיג קיין ווין, וואו עס האָבען דאַן געלעבט די עלטערן פון מיין פרוי, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך בין שולדיג אַ חוב מיין אַלטער, טייערער שטאָט בודאַפּעסט, וועלכער איך האָב צוגעזאָגט אויפ׳ן וועג צוריק פון ארץ־ישראל אָפּצושטאַטען אַ באַזוך און אפשר אויך מהנה זיין מיינע דאָרטיגע צאָלרייכע פריינט מיט אַ דאַוונען. איך האָב גלייך אָנגעשריבען צו מיין פריינט פון די אַלטע יאָרען, בעהם, און אויך צו דער געמיינדע, אַז אין צוויי טעג אַרום וועל איך ביי זיי זיין צוגאַסט.

עס האָבען מיך אָפּגעוואַרט מיין פריינט בעהם, און דער געמיינדע־סעקרעטאַר הער בערגער. אָבער ווי נאָר איך בין פאַרפאָרען צום האָטעל „מעטראָפּאָל״, האָבען מיך אידען אין דער גאַס דערקענט און די גאַס איז גלייך שוואַרץ געוואָרען מיט מענשען.

באַלד זיינען געקומען צו מיר אין האָטעל דער פּרעזידענט פון דער געמיינדע, הער לעדערער, בראש פון אַ גאַנצער דעלעגאַציע. דער עיקר פון די לאַנגע רייד איז געווען, צי עס איז נישט פאַראַן קיין מעגליכקייט, אַז אַלס קאַנטאָר, וואָס איז געשטאַנען אין דער דאָזיגער שטאָט צען יאָר, זאָל איך זיי פאַרשאַפען דאָס פאַרגעניגען און דערמאָנען אין די אַלטע גוטע צייטען פון פאַר׳ן קריג און דאַוונען אַ שבת אין טאַבאַק־טעמפּעל. איך האָב זיי דערציילט דעם גאַנצען אמת, אַז איך בין נאָך אַ טור איבער ארץ־ישראל, וואו איך בין אויפגעטראָטען אַכצען מאָל שבת און אויף קאָנצערטען, אַז איך בין מיד און דערשעפּט און אייל זיך אַהיים. אָבער דאָס מיינט נישט חלילה קיין אָפּזאָג, ווייל די זעלבע סענטימענטען, וואָס זיי פילען צו מיר, פיל איך פון מיין זייט צו דער דאָזיגער שטאָט, וואו איך בין גרויס און באַרימט געוואָרען. ווי נאָר די כחות וועלען מיר דאָס ערלויבען, וועל איך ביי זיי דאַוונען אַ שבת.

אויף צומאָרגענס איז אין אַלע בודאַפּעסטער צייטונגען געווען געמאָלדען, אַז דער ליבלינג פון היגען אידענטום, קאַנטאָר קוואַרטין, וועט א פ ש ר דאַוונען דעם נאָענטסטען שבת אין טאַבאַק־טעמפּעל. און אויף דעם דאָזיגען א פ ש ר זיינען פרייטאָג צונאַכטס געקומען אין טעמפּעל אַריין ביי זעקס טויזענט

אידען. דער גרויסער הויף אַרום, שוין נישט ריידענדיג װעגען אַלע זייטיגע איינגאַנגען און קאָרידאָרען, איז געװען פול געפּראַפּט.

צוויי פאַרשטייער פון דעם פאַרשטאַנד האָבען מיך פייערליך אַריינגעפירט אין טעמפּעל אַריין, ווען איך האָב אַזוי גייענדיג געזונגען „מה טובו״. דער טעמפּעל איז געװען פייערליך אילומינירט, אַ זאַך, וואָס איך געדענק בלויז איין מאָל פאַר דער לאַנגער צייט, וואָס איך האָב דאָרט געדאַוונט. דאָס איז געװען אין דער צייט פון ערשטען וועלט־קריג, ווען אין טעמפּעל אַריין איז געקומען צו אַ ספּעציעלען גאָטעס־דינסט פאַר דער עסטרייכיש־אונגאַרישער אַרמיי די שוועסטער פון קייזער פראַנץ יאָזעף מיט איר גאַנצער סוויטע פון גענעראַלען און הויף־שמשים.

די טירען און פענסטער פון טעמפּעל זיינען געװען ברייט צעעפענט, כדי צו געבען אַ מעגליכקייט מיך צו הערען די אַלע טויזענטער, וואָס האָבען נישט געקענט אַריין אינעווייניג. איך בין געװען טיף גערירט פון דעם קבלת־פנים, וואָס מיינע אַלטע לאַנדסלייט האָבען מיר געגעבען, און איך האָב מקבל שבת געװען אויפ׳ן אַלטען שטייגער, מיט פייער און ברען, פילענדיג, אַז מיין יעדער טאָן דרינגט אַריין טיף אין די הערצער פון מיינע צוהערער, וועלכע זיינען היימיש מיט מיר, הגם זיי האָבען מיך נישט געהערט אַ קימאַ לן פון זעקס יאָר צייט.

שבת אינדערפרי האָט זיך די סצענע איבערגע׳חזר׳ט. הגם די געשעפטען פון אַלע אידען זיינען געװען אָפען, איז אָבער דאָך דער טעמפּעל געװען פול. שבת צונאַכטס האָב קהל איינגעאָרדענט אַ פייערליכען באַנקעט לכבוד מיין פרוי און מיר. און אַזוי זיצענדיג אויבענאָן, צווישען פרעזידענט לעדערער פון איין זייט און דעם וויצע־פרעזידענט, הער ערליך, פון דער אַנדערער זייט, האָבען אַט די צוויי אידען גענומען אַריינריידען צו מיר און צו מיין פרוי, אַז איך זאָל צוריק איבערנעמען די שטעלע פון אויבער־קאַנטאָר אין בודאַפּעסט.

די אידען האָבען מיר צוגעזאָגט דאָס טעלערעל פון הימעל, אַז מען וועט מיר אַפילו אַריינרעכענען די זעקס יאָר, וואָס איך בין געװען אין אַמעריקע, אויסער די צען יאָר אין בודאַפּעסט, אין דעם חשבון פון דער עמעריטור, נאָך וועלכע איך וועל שוין נישט דאַרפען זיין טעטיג און זיין פאַרזיכערט מיט אַ לעבענסלענגליכען לוין פון דער קהילה. וואָס דאָס האַרץ האָט נאָר געגלוסט האָב איך זיך דעמאָלט געקענט אויסבעטען ביי אַט די פּשוט׳ע אידען, וועלכע האָבען מיך ליב געהאַט און געוואָלט האָבען צווישען זיך אויף לאַנג, אויף שטענדיג.

זיי האָבען איינגע׳טענה׳ט מיט אונז, אַז מיר וועלען לעבען שענער און לייכטער ביי זיי, אין בודאַפּעסט, איידער אין ניו־יאָרק, הגם די באַנקנאָטען, וואָס מיר וועלען באַקומען באַצאָלט, וועלען נישט זיין קיין דאָלאַרען, נאָר אונגאַרישע פּענגעס. זיי האָבען מיר געגעבען אַלע מעגליכע פּריווילעגיעס אין דער וועלט צו פאַרדינען מן הצד, דורך אַרויספאָרען אין אַנדערע לענדער,

דורך קאָנצערטען און אַלע אַנדערע וועגען, וועלכע איך וועל נאָר אַליין צוטראַכטען.

דער אמת איז געווען, אַז איך האָב זיך געפילט שטאַרק געשמייכעלט פון דעם אָנבאָט, איך האָב געפילט אַ גרויסען רעספּעקט פאַר דער בודאַפּעסטער אידישער געמיינדע, מען האָט געהאַט צו טאָן מיט אַדעללייט, וואָס זייערס אַ וואָרט איז געווען אַ וואָרט, וואָס האָבען געוואוסט ווי צו שעצען אַ טאַ־לענטירטען מענשען.

אָבער צענדליגער סיבות זיינען געווען, וואָס האָבען מיר נישט ערלויבט אַנטקעגענצוקומען זייער פאַרלאַנג. איינע איז געווען, וואָס איך האָב שוין געהאַט אונטערגעשריבען אַ קאָנטראַקט אין ניו־יאָרק פאַר די קומענדיגע ימים נוראים. האָבען זיי אויף דעם געענטפערט, אַז זיי וועלען מיך אויפנעמען אויך נאָך די ימים נוראים, אַבי לאָמיך נאָר קומען...

פאַר׳ן אָפּפאָרען פון אונגאַרן האָבען די געמיינדע־־פאָרשטייער נאָך אונז אָנגעבאָטען אַרומצופירען אונז איבער׳ן שטאָט און ווייזען די אידישע אינסטי־טוציעס, וואָס זיי האָבען פאַנאַנדערגעבויט פאַר דער צייט, וואָס אונגאַרן איז געוואָרען אַ זעלבשטענדיגע מלוכה. עס איז ווירקליך געווען וואָס אָנצו־קוקען. דער אידישער געמיינדע־שפּיטאָל, דאָס ערהאָלונגס־הויז פאַר שוואַכע מענשען, דער בלינדען־אינסטיטוט, דער מושב זקנים, די אידישע גימנאַזיע — יעדע אינסטיטוציע פאַר זיך איז געווען אַ מוסטער פון פיינער אידישער אָרגאַ־ניזאַציע און אַ שטאָלץ פאַר די דאָרטיגע אידען.

צום סאַמע לעצט האָבען די בודאַפּעסטער אידען געפינען פאַר נויטיג אונז אויסצודריקען זייער אָנערקענונג דורך פּרעזענטירען מיר און מיין פרוי צוויי ערען־סערטיפיקאַטען, וואָס האָבען פאַראייביגט אונזערע נעמען אין די געביידעס פון אידישען שפּיטאָל און פון דער אידישער גימנאַזיע. וואָס האָבען זיי מער געקענט טאָן אויף צו געווינען אונזערע הערצער, אַז מיר זאָלען דאָך איינוויליגען צוריק־צוקערען אַהער און לעבען צווישען זיי?

אַזוי האָבען מיר זיך אָפּגעזעגענט מיט בודאַפּעסט, דאָס וויגעלע פון מיין באַרימט ווערען צווישען אידען אויף דער גאַנצער וועלט. צוריקקומענדיג קיין ווין האָב איך ערשט דערשפּירט ווי שטאַרק דער אינטענסיווער טור איבער ארץ ישראל האָט מיך אויסגעשעפּט, און איך האָב באַשלאָסען פאַר׳ן צוריק־פאָרען קיין אַמעריקע אויסצורוען אַביסעל מיינע נערוועז אין איינעם פון די צאָלרייכע קורערטער אין עסטרייך. איך בין אַריינגעפאָרען אין באַד גאַסטעין, וואָס פאַרמאָגט אויסגעצייכענטע מינעראַל־בעדער און איז אַרומגערינגעלט מיט אַ הערליכער נאַטור.

מיין פרוי מיט איר משפּחה האָבען זיך געפונען אין אַ שכנות׳דיגען פּלאַץ, מיט׳ן נאָמען באַד אויסזעע. ווען איך בין צוריקגעקומען צו זיי, דערציילט מיר מיין פרוי, אַז אין דער זעלבער ווילע אויפ׳ן ערשטען שטאָק וואוינט דער וועלט־באַרימטער סאַדיגורער רבי, און אַז ער האָט שוין עטליכע מאָל געשיקט

זיין גבאי אויסצוגעפינען ווען איך קום צוריק, ווייל ער וויל זיך באַקענען מיט מיר.

נישט געקוקט, וואָס פאַר די אַלע יאָרען האָב איך מיך שוין געהאַט איבּ־גאַנצען דערווייטערט פון דער רבי׳שער וועלט. דאָך האָב איך געהאַלטען, אַז עס איז מיין פליכט טאַקע דער ערשטער אַריינצוגייין צום רבי׳ן און אים אָפּגעבען אַ שלום־עליכם.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער וואוינונג פון מיין שכן, דעם סאַדי־גורער רבי׳ן, האָט אים דער גבאי גלייך געמאָלדען דעם נאָמען פון גאַסט און אין אַ מינוט אַרום איז דער רבי אַרויסגעקומען. איך האָב דערזען פאַר זיך אַ יונגענמאַן מיט אַ וואונדערליכען הדרת פנים, אויסגעאיידעלט און פאַרגייס־טיגט. אין געשפּרעך האָט דער רבי אַרויסגעוויזען אַ סך וועלטליכע קענטשאַפטען און אַפילו דער געביט פון מוזיק איז אים נישט געווען פרעמד.

איך האָב פאַרבראַכט ביי אים איבער צוויי שעה צייט און בין געווען איבערראַשט צו באַגעגענען אַזאַ אויפגעקלערטען און העכסט־געבילדעטען מענשען פון דער רבי׳שער וועלט. פון יענעם טאָג אָן האָבען מיר זיך אָפט געטראָפען און האָבען צוזאַמען געמאַכט די לאַנגע שפּאַצירען צו די וואַסער־קוואַלען, וואו די חולאים טרינקען די הייל־וואַסער. פון זיינע איידעלע אָנדיי־טונגען האָב איך אַרויסגעפילט, ווי ער וואָלט זאָגען: איך וואָלט אייך זייער גערן, חזן קוואַרטין, געוואָלט הערען זינגען אַ שטיקעל אידישע נגינה, נאָר איך ווייס נישט ווי אַזוי מען מאַכט דאָס.

איינמאָל האָט זיך דער רבי אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט צו מיר: „איר ווייסט, חזן קוואַרטין, אַ חסיד׳ישער רבי מוז זיך אָפּזאָגען פון אַ סך עולם הזה׳ס, מעגען זיי זיין אַפילו גייסטיגע עולם הזה׳ס. איך האָב פון אייך זעהר פיל געהערט, אָבער איך האָב, ליידער, קיינמאָל נישט געהאַט קיין געלעגענהייט אייך צו הערען”. איך האָב זיך אָנגעשטויסען, וואָס ער מיינט דערמיט צו זאָגען, און איך האָב אים פאַרשפּראָכען צו געבען אַ געלעגענהייט מיך צו הערען, און אַז ער דאַרף נאָר אַליין באַשטימען די צייט און דאָס אָרט, וועל איך דאָס גערן טאָן.

צו דער זעלבער צייט האָט זיך אויך דער הוסיאַטינער רבי מיט זיין גאַנצער צאָלרייכער משפּחה פון זין, איידעמס און שנירען געפונען אין דעם זעלבען קור־אָרט, ער איז געווען אַ פעטער פון דעם סאַדיגורער. איינמאָל אין אַ זונטאָג נאָכמיטאָג בעת׳ן געוויינליכען שפּאַציר מיט׳ן רבי׳ן רופט ער זיך אָפּ צו מיר, אַז אויף פאַרנאַכט האָט ער איינגעלאַדען צו זיך אין הויז דעם פעטער, דעם הוסיאַטינער רבי׳ן מיט דער גאַנצער משפּחה, און ער בעט מיך, אַז איך זאָל אויך קומען. אַחוץ דעם האָט די סאַדיגורער רבי׳צין איינגעלאַדען מיין פרוי אַריינצוקומען צו זיי אין דער זעלבער צייט.

דאָ ערשט האָב איך מיך אויף דער אמת׳ען דערפילט אין אַ רבי׳שען הויז־געזינד. נישט געקוקט, וואָס די מאַנסלייט זיינען געזעסען באַזונדער און

די יונגע רבי׳צינס האָבען בלויז אַריינגעקוקט פון אַ זייטיגען צימער, האָט מען געקענט אַרויסזען זייער וואונדערליכע שיינקייט און איידעלע מידות, אָבער גלייכצייטיג אַ גרויסען אינטערעס אין דעם וועלטליכען גאַסט, וואָס געפינט זיך אין הויז, און זיכער אויך אין דער געזאַנג־קונסט, וועלכע ער פאַרקערפערט.

מיר האָבען פאַרבראַכט אַ ווײַלע אין אַ לויזען געשפּרעך, דאַן האָב איך דערזען אַ פּיאַנאָ, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט און אַליין באַגלייטענדיג מיך האָב איך גענומען זינגען עטליכע פון מיינע אימפּראָוויזאַציעס אין דעם עכטען טראַדיציאָנעל־אידישען גייסט. ביידע רביים האָבען מיר געגעבען אַ האַרציגען יישר־כח, דערביי האָט דער סאַדיגורער מיך געבעטען, אַז איך זאָל אַזוי גוט זיין און פאַרזינגען עפּעס אַ מאָדערנע זאַך, וואָס איך זינג געוויינליך ביים דאַווענען. איך האָב געזונגען „מרן ד׳ בשמיא״ פון סליחות אין אַ העכסט מאָדערנעם קלאַסישען רעטשיטאַטיוו.

דער סאַדיגורער איז אויפגעשפּרונגען פון שטול און האָט מיר געדריקט די האַנט. דערביי האָט ער געזאָגט, אַז די צוויי טראַדיציאָנעלע אימפּראָוויזאַציעס מיינע האָבען אים טאַקע אַנטציקט, אָבער דאָס שטיקעלע סליחות האָט אים ממש באַגייסטערט. ווען די געסט זיינען זיך צעגאַנגען און איך בין געבליבען אַליין מיט דעם סאַדיגורער, האָט ער מיך איבערגעבעטען אַ ווײַלע, איז אַריין אין צווייטען צימער, באַלד איז ער אַרויסגעקומען און מיר געגומען רוקען אין האַנט אַריין צוויי גאָלדענע מטבעות.

איך האָב זיך שטאַרק צעלאַכט און האָב געזאָגט דעם רבי׳ן, אַז דער סדר העולם איז פאַרקערט: אַז דער חסיד רוקט דעם רבי׳ן אַ פּדיון אין האַנט אַריין, און דאָ איז גאָר פּונקט דער היפּוך: דער רבי גיט מיר גאָר אַ פּדיון... ער האָט מיר אויף דעם געענטפערט, אַז איך האָב אים פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגען און דערפאַר פאַרדין איך, אַז דאָס מאָל זאָל זיין פאַרקערט. ער בעט מיך דאָס אָנצונעמען לזכרון פון זיין פריינטשאַפט און אָנערקענונג. וואָס האָב איך געקענט טאָן אום דעם רבי׳ן נישט צו באַליידיגען? — האָב איך באַהאַלטען די גאָלדענע מטבעות ווי אַן אָנדענק פון דער אָנערקענונג פון אַ צדיק. מיט עטליכע יאָר שפּעטער האָב איך זיך מיט׳ן סאַדיגורער נאָכאַמאָל באַגעגענט אין ארץ ישראל. מיט פאַרגעניגען האָבען מיר אויף אַ קורצער צייט אויפגעפרישט אונזער אַלטע פריינטשאַפט.

# אַ קאָנצערט אין דער בערלינער פילהאַרמאָניע

עס האָבען זיך גענומען דערנענטערען די ימים נוראים און עס איז געווען צייט פאַר מיר צו זיין צוריק אין ניו־יאָרק. דער באַזוך אין ארץ־ישראל און אין אייראָפּע האָט מיך שטאַרק אויפגעפרישט און אויפגעמונטערט און ווי אַ ניי־געבוירענער בין איך געקומען אין דער נייער וועלט.

די ימים נוראים האָב איך געדאַווענט אין די בראָנקס, פאַר דעם מושב זקנים אין הארלעם.

די דערמאָנטע געזעלשאַפט האָט אָפּגעדונגען האָנטס פּאָינט פּאַלאַס, וואָס נעמט אַריין איבער דריי טויזענט מענשען. די ברוטאָ איינגאַמע פון דער געזעל־שאַפט איז געווען 29 טויזענט דאָלער, און נאָכ׳ן אַראָפּרעכענען אַלע הוצאות איז זיי געבליבען ריינע קאַרגע צען טויזענט דאָלער. וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן צו כל נדרי בין איך נישט אומשטאַנד צו שילדערען. עס איז שוין נישט געווען קיין פּלעצער צום פאַרקויפען, האָבען זיך די גבאים נישט געשעמט און גענומען צען דאָלער פאַר אַ פּלאַץ צו שטיין אין די אַרומיגע קאָרידאָרען.

די גבאים האָבען געפילט צו מיר אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט און נאָך די ימים־טובים האָט מיר אַ קאָמיטעט מיט׳ן גבאי זעלדאָוו בראש אונטערגעטראָגען אַ זילבערנע וואַזע אַלס צייכען פון אַנערקענונג און אַ ספּעציעלען דאַנק־בריוו, אונטערגעשריבען פון די אַלטע לייט אין דעם אַנשטאַלט, וואָס האָבען אַ דאַנק דער איינגאַמע געהאַט פאַרזיכערט אַ רואיגען ווינטער מיט אַלעם גוטען.

דאָס יאָר 1927 איז געווען באַזונדערס גליקליך צו מיר. אין דעם יאָר האָט מיר מיין פרוי געבוירען דעם בן זקונים מיינעם, שלום, וועמען איך האָב אַ נאָמען געגעבען נאָכ׳ן טאַטען, הרב מאַסליאַנסקי, וועלכער איז געווען דער סנדיק, האָט בעת׳ן ברית געזאָגט אַ וויץ, אַז ער איז זיכער, אַז דער בחור וועט אויסוואַקסען אַ חזן ביי אידען, ווייל אַזוי ווי דער טאַטע וויל נישט אויפ־מאַכען דאָס מויל ביז מען וועט אים נישט באַצאָלען, אַזוי וויל דער קליינער נישט שרייען אומזיסט, הגם ער האָט נישט געצווייפעלט, אַז די צערעמאָניע האָט אים געוויס וועה געטאָן.

אין יענעם יאָר איז מיר אויך געלונגען צו פאַרווירקליכען דעם טרוים פון לאַנגע יאָרען און מאַכען אָרדענונג אין מיינע מוזיקאַלישע שאַפונגען. עס האָט מיר גענומען אַ יאָר צייט צוצוגרייטען צום דרוק מיין ערשט חזנ׳יש ווערק „זמירות זבולון״, וואָס אַנטהאַלט צוויי און פופציג פון מיינע אימפּראָ־

וויזאַציעס. אַזוי ווי דאָזיגע אימפּראָוויזאַציעס זיינען דער עיקר געהערט גע־וואָרען אויף די גראַמאָפאָן־רעקאָרדס און אויף מיינע קאָנצערטען און שבת׳־דיגען דאַווענען — האָט דאָס דאָזיגע ווערק געהאַט אַ גוטען אָפּקלאַנג אין דער גאַנצער אידישער וועלט. נישט געקוקט, וואָס דער פּרייז פון אַזאַ ספר איז געוועזען אַ געגנוג הויכער, אַכט דאָלער אַן עקזעמפּלאַר, זיינען דאָך דאָס ערשטע יאָר פאַרקויפט געוואָרען קנאַפּע זיבען הונדערט ביכער, וועלכע זיינען זיך צעגאַנגען אַזש ביז דרום אַפריקע און אויסטראַליע.

דאָס האָט מיר צוגעגעבען מוט און איך האָב גענומען קלייבען מאַטעריאַל פאַר דעם צווייטען טייל פון „זמירות זבולון״.

די דירעקציע פון דער דייטשער גראַמאָפאָן־געזעלשאַפט האָט מיך דער־וויל אַנגאַזשירט אויף אַ קאָנצערט־טורנע פון 15 קאָנצערטען איבער די גרעסטע שטעט פון דייטשלאַנד, פּוילען, אונגאַרן, טשעכיען, א. אַנד. לענדער.

אין דייטשלאַנד האָב איך געדאַרפט אויפטרעטען אין בערלין, לייפּציג און דרעזדען, און דערנאָך זיינען געקומען אַזעלכע אַלטע באַקאַנטע שטעט, ווי: ווילנע, קאָוונע, גראָדנע, ביאַליסטאָק, וואַרשע, לאָדזש, ריגע, פּראַג און בודאַ־פּעסט. אָנהויבען האָב איך געדאַרפט מיט בערלין, וואָס איז צו יענער צייט געוועזען דער גרעסטער מוזיקאַלישער צענטער אין אייראָפּע, מיט דער קריטיק פון די דאָרטיגע קריטיקער האָט מען זיך אומעטום גערעכענט. און איך מוז זיך מודה זיין, אַז שוין לאַנג האָב איך נישט געהאַט אַזאַ אימתא דצבורא פאַר מיינעם אַן אויפטריט, ווי יענעם יאָר אין בערלין. דער „מה יאמרו הגויים״ איז מיר טיף אַריין אין די ביינער און כ׳האָב שוין גע׳חלש׳ט צו לייענען, וואָס עס וועט שרייבען וועגען מיר אַזאַ וועלט־באַרימטע ציטונג, ווי „בערלינער טאַגעבלאַט״ אָדער די „פאָסישע ציטונג״.

מיין קאָנצערט אין בערלין איז געווען באַשטימט אין דעם גרויסען פיל־האַרמאָניע־זאַל און די מענעדזשערס האָבען זיך נישט געשעמט אָוועקצושטעלען פּרייזען, וואָס האָבען נישט אָפּגעטראָטען די אויפטריטען פון קאַרוזאָ. צו דעם קאָנצערט איז אויך צוגעצויגען געוואָרען מיין אינגערע טאָכטער, קלאַראַ, וועלכע איז דעמאָלט אויפגעטראָטען אין דער בערלינער אָפּערע. נישט געקוקט אויף די אויסערגעוויינליך טייערע פּרייזען האָט מען שוין צוויי וואָכען פאַר׳ן קאָנצערט נישט געקאָנט קריגען קיין בילעטען.

עס האָט מיר גוט געדאַרט דער קאָפּ וואו צו נעמען אַ באַגלייטער פאַר מיינע חזנ׳ישע אימפּראָוויזאַציעס. מילא, די קלאַסישע זאַכען, וואו די באַגלייטונג איז צוגעשריבען, קען מען נעמען אַפילו אַ גוי, וואָס קען זיך אין די זאַכען, אָבער צו די אימפּראָוויזירטע אידישע תפילות — וואָס וועל איך קענען אויפטאָן אַפילו מיט דעם מוזיקאַלישסטען דייטש? זיי זיינען געוואוינט צו וואַגנערישע געוואַלדען פון פּויקען און טאַצען און טראָמפּייטען, טאָ ווי וועלען זיי קענען אויפנעמען אַ אידישע מינאָרנע תפילה, וואָס איז פול מיט תחנונים צום רבונו של עולם?

אָבער אַ צופאַל האָט גערעטעוועט די לאַגע. איין מאָל דערציילט מיר מיין טאָכטער, אַז צווישן די בערלינער אידען טומעלט זיך מיט אַ תימנ׳ער טענצערין, וועלכע איז אַראָפּגעקומען פון ארץ־ישראל צוזאַמען מיט איר מאַן, נחום נאַרדי. די טענצערין האָט געהייסען ברכה צפירה, און איר מאַן איז אַליין אַ קאָמפּאָזיטאָר און אַ העכסט געבילדעטער מוזיקאַלישער מענש, וואָס באַגלייט טאַקע זיין פרוי אויף דער פּיאַנאָ. זייערע קאָנצערטען פון אָריענטאַלישער מוזיק און טענץ האָבען געהאַט אַ געוואַלדיגען ערפאָלג אין די אייראָפּעאישע שטעט.

ווען איך האָב געהערט, אַז נחום נאַרדי געפינט זיך אין בערלין, איז מיר ליכטיג געוואָרען אין די אויגען. איך האָב דעם מענשען גוט געקענט נאָך פון מיין זיין אין ארץ־ישראל און איך האָב געוואוסט, אַז ער איז אַן אויסגע־צייכענטער באַגלייטער, ספּעציעל פון געהער, און אַז ער כאַפּט אויף די מינ־דעסטע ניואַנסען פון דעם זינגער און מען דאַרף אים נישט לייגען דעם פינגער אין מויל אַריין. מיט אַזאַ באַגלייטער פילט זיך דער זינגער, ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף אַן אייזערנער בריק.

מיר האָבען נישט פאַרלוירען קיין צייט און איינגעלאַדען נאַרדי׳ן מיט זיין פרוי צו מיין טאָכטער אין הויז און מיר זיינען געקומען צו אַ פאַרשטענדיגונג, אַז ער וועט מיך באַגלייטען אויף מיין גאַנצען טור איבער די פאַרשידענע לענדער. עס איז מיר אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ און איך האָב שוין אַפילו מער נישט געטראַכט, וואָס עס וועלען שרייבען וועגען מיר די גרויסע מוזיק־קענער פון די בערלינער ציימונגען. מיט אַזאַ באַגלייטער בין איך געווען גאַנץ רואיג, אַז קיין שום ביין קען מיר נישט געשען.

צוויי טויזענט בערלינער אידען האָבען אָנגעפילט דעם פילהאַרמאָניע־זאַל צו מיין קאָנצערט. בערלין איז דעמאָלט געווען דער גרעסטער צענטער פון דער רוסישער עמיגראַציע, און צווישן די אָנוועזענדע האָט מען געקענט זען די חשוב׳סטע און ווירדיגסטע פאַרשטייער פון דעם אַמאָל אַזוי באַרימטען רוסישען אידענטום. איך האָב אָנגעהויבען מיט „מה גדלו״ פון לעוואַנדאָוו־סקין, און דאַן בין איך אַריבער צו מיינע פּאָפּולערע אימפּראָוויזאַציעס, וואָס האָבען שוין געהאַט׳ ערגאָבערט די אידישע וועלט. אַזעלכע נומערען, ווי: „אהבת עולם״, „השכיבנו״, „צור ישראל״ — האָבען געווירקט ווי אַ צויבער אויף דעם דאָזיגען עולם, וואָס איז געווען אויסגעבענקט נאָך האַרציגער אידישער נגינה פון דעם ריינסטען טראַדיציאָנעלען קוואַל.

מיין טאָכטער האָט געזונגען עטליכע לידער און אָפּערע־אַריעס. אין דער צייט, וואָס זי האָט געזונגען, איז צו מיר אין גאַרדעראָב אַריינגעקומען דער מענעדזשער פון דער גראַמאָפאָן־קאָמפּאַניע, איז מיר אַרויפגעפאַלען אויפ׳ן האַלז און געגומען קושען. דאָס האָט ער זיך אַזוי געפרייט מיט דעם ערפאָלג פון מיין ערשטען אַרויסטריט און ער איז געווען זיכער, אַז דער גאַנצער קאָנצערט־טורנע וועט זיין אַ קייט פון אומאויפהערליכע ערפאָלגען און וועט זיין די

בעסטע רעקלאַמע פאַר דער געזעלשאַפט, וואָס פּראָדוצירט מיינע גראַמאָפאָן־רעקאָרדס.

אין צווייטען טייל האָב איך געזונגען אַן אייראָפּעאישען רעפּערטואַר: צוויי לידער פון שובערט, „אזרא" פון רובינשטיין אויף העברעאיש, און פאַרענדיגט מיט אַן עלעגישען נומער „אָדם יסודו מעפר", דערביי האָב איך דעם פּאַסאַזש „וכחלום יעוף" געהאַלטען אין אַ לאַנגען טאָן אבשוועלענד און מיט אַן אומ־אויפהערליכען טרילער אַזוי, אַז דעם עולם איז זאָל איז שיעור נישט דער אָטעם פאַרגאַנגען. אַ ווילדער אַפּלאָוז איז אויסגעבראָכען אין ענטפער אויף אָט דעם טיף מענשליכען מאָטיוו, וואָס דערציילט וועגען דער זינלאָזיגקייט פון אונזער אַלטעגליכען הו־האַ און וועגען דעם, ווי אַלץ שוועבט פאַרביי, ווי אַ זיסער חלום.

בעת דער צווייטער פּויזע איז צו מיר אַרונטערגעקומען דער פּרעזידענט פון דער בערלינער געמיינדע, צוזאַמען מיט נאָך צוויי פאָרשטייער פון פאָר־שטאַנד. זיי האָבען מיר געדאַנקט אין נאָמען פון דער געמיינדע פאַר דעם גייסטיגען פאַרגעניגען, וואָס איך האָב זיי פאַרשאַפט, און ביי דער געלעגענהייט האָבען זיי מיך איינגעלאַדען צו אַ קאָנצערט אין אָריאַנענבורגער טעמפּעל מיט צוויי טעג שפּעטער, וואו עס האָט געדאַרפט אַרויסטרעטען דער באַרימטער אָפּערע־זינגער יאַדלאָווקער, און דער גרויסער אידישער געלערנ־טער פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין האָט געדאַרפט שפּילען סאָלאָ אויף דער פידעל. מיט אַ טיפען פאַרגעניגען האָב איך די איינלאַדונג אָנגענומען.

אין דער דריטער און לעצטער אָפּטיילונג האָט ווידער געזונגען מיין טאָכ־טער, דאַן האָבען מיר ביידע געזונגען אין אַ דועט און איך האָב פאַרענדיגט מיט „אָבינו מלכנו", וואָס האָט ווידער צערודערט די אָנוועזענדע מיט דעם טיפען רעליגיעזען אַקאָרד, וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיגער שאַפונג. דער זאַל האָט געברויזט און געשטורעמט און איך האָב אומצייליגע מאָל געמוזט זינגען אויף „ביס". אַ טויט־מידער בין איך אַראָפּ פון דער עסטראַדע, אָבער איך האָב געהאַט אַ גליקליך געפיל, וואָס איך האָב געקענט באַגייסטערען אַזאַ עדה אידען אַן עין הרע פון דער פיינסטער און שענסטער אינטעליגענץ, וואָס איז נאָר פאַראַן ביי אונזער פאָלק.

אויף צומאָרגענס האָב איך געהאַט די לאַנג־ערוואַרטעטע געלעגענהייט צו לעזען, וואָס די באַרימטעסטע מוזיק־קריטיקער פון יענער צייט אין אייראָפּע האָבען געהאַט צו זאָגען וועגען מיין געזאַנג־קונסט. זיי האָבען געלויבט מיט די העכסטע ווערטער מיין אייגענאַרטיגען פאָרטראַג און די קראַפט פון מיין שטימע צו דערוועקען ביי דעם צוהערער די טיפסטע און שטאַרקסטע עמאָציעס. מיינע מענעדזשערס האָבען זיך געריבען די הענט פאַר נחת. אָט די לויב־ווערטער האָבען זיי אין דער ערשטער רייע אויסגענוצט פאַר דער ווייטערדיגער טורנע איבער אייראָפּע. און טאָמער איז דאָס געווען ווייניג — האָבען זיי גלייך

אויפ׳ן פלאַץ מיט מיר אָפּגעמאַכט אויף נאָך אַזאַ טורנע אין דעם קומענדען יאָר, 1929.

פון בערלין האָבען מיר זיך אַרויסגעלאָזט איבער די שטעט פון פוילען, ליטע און לעטלאַנד און דאַן צוריק קיין פּראַג, בודאַפּעסט א. אַ. אומעטום האָבען אידען מיך שוין געקענט פון פריערדיגע אַרויסטרעטונגען און זיי האָבען אַנטקעגענגעטראָגען נישט בלויז זייער געלט, נאָר אויך זייער האַרץ פאַר דעם פאַרגעניגען און גייסטיגער דערהויבונג, וואָס מיינער אַ שבת דאַווענען אָדער אַ קאָנצערט האָט אַריינגעבראַכט אין יעדער שטאָט.

דער יאָר 1928 איז געווען דער לעצטער יאָר אין אַמעריקע פון גרויסער פּראָספּעריטי ערב דעם געוואַלדיגען ווירטשאַפטליכען קראַך, וואָס האָט גע־טראָפען דאָס לאַנד מיט אַ יאָר שפּעטער. יענעם יאָר זיינען נאָך ניו־יאָרקער אידען געווען אומשטאַנד צו באַצאָלען פאַר מיין ימים נוראים׳דיגען דאַווענען די סומע פון עלף טויזענט מיט פינף הונדערט דאָלער, אַ זאַך, וואָס האָט זיך אין די שפּעטערדיגע קריזיס־יאָרען שוין נישט איבערגע׳חזר׳ט.

איך בין געווען אַנגאַזשירט אין דער פילאַדעלפיער אַקאַדעמי אָוו מיוזיק. דער אונטערנעמער, אַ געוויסער הער שייפער, האָט אויף זיין חשבון געמוזט צושטעלען דעם כאָר. נישט געקוקט אויף דעם האָט ער נאָך אַלץ געהאַט אַ גרונט מיך צו דערמאָנען צום גוטען...

# אַ נישט געלונגענער קאָנצערט מיינער אין דער וואַרשעווער פילהאַרמאָניע

אין זעלבען יאָר, 1928, האָב איך אויך אָפּגעשלאָסען אַ קאָנטראַקט מיט דער וויקטאָר רעקאָרד קאָמפּאַניע וועגען אַריינזינגען זעקצען נומערען פאַר דעם פּרייז פון אַכט טויזענט דאָלער. דאָס זיינען געווען אַזעלכע פּאָפּולערע תפילות, ווי: „ועל ידי עבדך", „תקע בשופר", „ליל שמורים", „רבונו של עולם", „לדוד מזמור", „אמר רבי ישמעאל", „מרן דבשמיא", „יהי רצון" פון נעילה, „ברח דודי", „הנשמה לך" א. אַ. זיי זיינען זיך צעגאַנגען איבער דער גאַנצער אידישער וועלט, וואו נאָר עס האָט געלעבט דער מינדעסטער אידישער ישוב, און זיינען אויפגענומען געוואָרען דורך אידען פון אַלע קלאַסען מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג. אויף דעם האָבען עדות געזאָגט די צענד־ליגער דאַנק־בריוו, וואָס איך האָב באַקומען, צווישען זיי זיינען אויך געווען צוויי בריוו פון קריסטען, וואָס האָבען מיר ספּעציעל געדאַנקט פאַר דעם קלאַסישען רעקאָרד „מרן דבשמיא".

נאָך דעם גליקליכען יאָר 1928 איז געקומען דער שווערערווירט־שאַפטליכער קריזיס, וואָס האָט רואינירט צענדליגער טויזענטער אידישע פאַמיליעס. דער בעסטער סימן פון דער שווערער צייט איז געווען, וואָס פאַר מיין ימים נוראים'דיגען דאַווענען אין יאָר 1929 האָב איך שוין באַקומען בלויז זעקס טויזענט דאָלער, דאָס מיינט אַ העלפט ווי מיט אַ יאָר פריער. נאָך די ימים טובים בין איך אַרויסגעפאָרען אויף מיין צווייטען קאָנצערט־טורנע איבער אייראָפּעאישע שטעט, וואָס איך האָב נאָך מיט אַ יאָר פריער געהאַט אָפּגעשלאָסען מיט דער דייטשער גראַמאָפאָן־געזעלשאַפט.

דער ערשטער קאָנצערט איז ווידער פאָרגעקומען אין בערלין און אין דעם זעלבען, ריזיגען פילהאַרמאָניע־זאַל. איך בין שוין געווען אין די מיטעלע פופציגער, אָבער דער אָפּרוף אויף מיין געזאַנג איז געווען, ווי איך וואָלט געווען אַ פרישׁ אויפגייענדער שטערן. די באַרימטעסטע מוזיק־-קריטיקער פון די בערלינער צייטונגען האָבען געשריבען, אַז מיין שטים איז יונג און פריש, אויסגעגליכען אין דעם רעגיסטער פון די טיפסטע ביז די העכסטע טענער, אַ טענאָר־שטימע פון זעלטענער שיינקייט מיט אַ זעלטען טיפן, כמעט באַרי־טאָנאַלען טעמבער, זעהר עלאַסטיש מיט אַ געוואַלדיגען אויסדויער, מיט אַן אויסערגעוויינליכער קאָלאָראַטור און זעלטענער אָטעם־טעכניק.

נאָכ׳ן איבערלייענען אַזוי פיל מעלות וועגען זיך אַליין — האָט זיך איינעם געקענט פאַרדרייען דער קאָפּ. אָבער איך האָב מיר געטראַכט: זאָל מיר נאָר קיין עין הרע ניִשט געשען, און די ווייטערדיגע פּאַסירונגען האָבען באַוויזען, אַז איך בין געווען גערעכט.

עפּעס צו גוט איז געווען דער אָנהויב פון דעם טורנע אין בערלין, אַז אַלץ זאָל אויף דעם ווייטערדיגען וועג אַראָפּגיין גלאַטיג. אין פיר טעג אַרום האָט געדאַרפט זיין מיין אויפטריט אין דער גרויסער וואַרשעווער פילהאַרמאָניע. אויפ׳ן וועג פון בערלין קיין וואַרשע האָב איך מיך אין שלאָף־וואַגאָן שטאַרק צוגעקילט. אָנקומענדיג אין וואַרשעווער האָטעל, האָב איך דערפילט, אַז עס ברענט מיר אין האַלז ווי אַ פייער. איך האָב קיינמאָל אין מיין גאַנצער חזנ׳ישער קאַריערע נישט געוואוסט וואָס דאָס זיינען האַלז־ווייטאָגען. האָב איך דעריבער קיינמאָל נישט געהאַט צו טאָן מיט האַלז־דאָקטוירים און ספּעציאַליסטען.

איך האָב מיר געהאָט מיינע באַבסקע מיטלען: ביקאַרבאָניום אויף סאָדע און האָב גענומען גאָרגלען דעם האַלז. איך האָב אויך באַנוצט קאַמילען־טיי. אָבער דאָס מאָל האָבען די אַלע היימישע מיטלען נישט געהאָלפען. מיין מענעדזשער האָט זיך דערשראָקען און געגען מיין ווילען איז ער אַוועק און געבראַכט צו מיר אין האָטעל אַריין אַ גרויסען האַלז־ספּעציאַליסט, וועלכער האָט באַטראַכט דעם האַלז און געזאָגט, אַז איך האָב אַן אָנטצינדונג און עס מוז נעמען עטליכע טעג, ביז עס וועט פאַרביי. ער האָט פאַרגעלייגט צו פּינזלען דעם האַלז מיט פאַרשידענע רפואות, אָבער אַזוי ווי איך האָב מיין האַלז קיינמאָל נישט געדאָקטערט, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט, אַז ער זאָל מיר פּינזלען דעם האַלז.

די גאַנצע געשיכטע האָט מיך געוואַלדיג אויפגערעגט און געמאַכט נערוועז און איך האָב געבעטען דעם מענעדזשער, אַז מען זאָל אָפּלייגען דעם קאָנצערט. אָבער מענעדזשערס האָבען אַ טבע, אַז זיי רעכענען זיך מער מיט דער קאַסע, ווי מיט דעם צושטאַנד פון דעם קינסטלער. איבערהויפּט, ווען זיי זעען, אַז עס איז אַן אויסכאַפּעניש אויף בילעטען — דעמאָלט העלפט שוין גאָרנישט קיין ריידען און איינ׳טענה׳ן מיט זיי. עס איז מיר נאָך געבליבען צוויי טעג צום קאָנ־צערט, האָב איך גענומען לייגען קאַלטע קאָמפּרעסען, געגאָרגעלט און געשוויצט. עס איז מיר געוואָרען אַביסעל לייכטער, אָבער עס איז געווען ווייט פון גוט.

מיט אַ געפיל פון ערגערניש און טיפען פאַרדרוס האָב איך מיך געלאָזט גיין צו דער געביידע פון דער פילהאַרמאָניע. איך האָב געהאַט אַן אינערליכע זיכערקייט, אַז עס דערוואַרט מיך אַ דורכפאַל, אָבער די ברירה איז נישט געלעגען ביי מיר אין האַנט. ווען איך בין אַרויסגעקומען אויף דער עסטראַדע האָב איך נישט אָנפרעגענדיג ביי מיין מענעדזשער געמעלדעט דעם ריזיגען עולם, אַז איך בין נישט ביים בעסטען געזונט און אַז עס וואָלט געווען בעסער מען זאָל מיך פון דעם היינטיגען קאָנצערט באַפרייען און איך האָב געראַטען

די פאַרזאַמעלטע, אַז זיי זאָלען בעטען אין קאַסע צוריק דאָס געלט פאַר זייערע בילעטען.

אַ סברא, אַז דער עולם האָט דאָס אויפגענומען ווי אַ שפּאַס פון מיין זייט, ווייל זיי האָבען געענטפערט מיט אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטען און עס האָבען זיך געהערט שטימען, אַז איך זאָל דורכאויס זינגען. איך האָב מיר נישט געקענט העלפען און מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג האָב איך אָנגעהויבען דעם קאָנצערט. מען האָט אַפילו אַפּלאָדירט נאָך דעם ערשטען נומער, אָבער עס האָט זיך געפילט, אַז דאָס זיינען גיכער אַפּלאָדיסמענטען פון דרך ארץ וועגען, איידער פון ווירקליכער אָנערקענונג.

נאָכ'ן צווייטען נומער איז געווען נאָך ערגער, דער עולם האָט נאָך שוואַכער זיך אָפּגערופען. די ערשטע אָפּטיילונג פון קאָנצערט איז אַזוי אַרום געווען פאַר מיר אַ פולשטענדיגע קאַטאַסטראָפע. די וואַרשעווער חזנים, כאָטש זיי זיינען געקומען צו מיר אין צימער אַריין הינטער דער סצענע און געטרייסט מיך מיט די פיינסטע ווערטער, אַז אַזוינס קען טרעפען מיט יעדען איינעם, האָב איך דאָך אַרויסגעפילט ווי זיי גלעטען זיך די בייכלעך מיט מיין דורכפאַל. אַזוי איז שוין די טבע פון דעם מענשען צו זיין אַ נישט פאַרגינער און צו האָבען הנאה זעענדיג, ווי יענער גליטשט זיך אויס.

אָבער גאָט האָט געוואָלט, אַז דווקא נאָך דעם ערשטען טייל פון קאָנצערט זאָל מיר ווערען אַביסעל לייכטער. פון דער אויפרעגונג האָב איך מיך אַביסעל דערשוויצט און דער האַלז איז מיר אָפּגערייניגט געוואָרען. איך האָב געפּרואווט מיין „כלי" און געזען, אַז עס גייט מיר בעסער. אויך מיין שטימונג האָט זיך אויסגעלייטערט און איך אַ בעסערען מוט בין איך אַרויף אויף דער עסטראַדע.

איך בין נאָך אַלץ נישט געווען דער קוואַרטין, וועלכען די וואַרשעווער אידען האָבען ערוואַרט צו הערען, אָבער עס איז שוין נישט געווען מער אַזוי קאַטאַסטראָפאַל, ווי אין ערשטען טייל. איך האָב באַקומען אַ גרויסען אַפּלאָדז און האָב געדאַנקט גאָר, וואָס עס האָט זיך אַזוי געענדיגט.

די קריטיק פון די וואַרשעווער אידישע צייטונגען איז אָבער געווען אומ־גערעכט צו מיר. באַזונדערס מוז דאָס געזאָגט ווערען וועגען דעם באַקאַנטען וואַרשעווער מוזיק־רעצענזענט און פאָלקס־זינגער, מנחם קיפּניס, וועלכער האָט אין וואַרשעווער „היינט" פאַרעפענטליכט זעהר אַן אומפריינטליכען און אומגערעכטען אָפּרוף וועגען מיין קאָנצערט. ער האָט אינגאַנצען נישט גענומען אין אַכט די באַדינגונגען, אין וועלכע מיר איז אויסגעקומען אויפצוטרעטען. קיפּניס איז שוין היינט אַ שוכן עפר, ער איז טראַגיש אומגעבראַכט געוואָרען דורך די דייטשען אין וואַרשעווער געטאָ. אָבער למען האמת דאַרף איך זאָגען, אַז ער האָט געשריבען וועגען מיר אין אַ בייזען טאָן און לאַנגע יאָרען האָב איך געטראָגען אויף אים אַ כעס דערפאַר.

נאָך אַ קורצען אויסרוען זיך אין וואַרשע נאָך דעם אין אַלגעמיין נישט־געלונגענעם קאָנצערט מיינעם האָב איך מיך ווידער דערפילט גלענצענד ביי

דער שטימע און איך האָב געקענט אונטערנעמען די ווייטערדיג רייזע. דער נאָענטסטער פונקט איז געווען לאָדזש, וואו אַריינקומענדיג אין „גראַנד האָטעל", וואָס איז געווען דער צענטער פון אַלע אויסלענדער און פון דעם קולטורעלען לעבען אין שטאָט, האָבען מיר צו אונזער גרויסער איבערראַשונג דערזען דיזיגע פּלאַקאַטען, אַז אויף צומאָרגענס, נאָך מיין קאָנצערט, דאַרף דאָ אויפ־טרעטען דער באַרימטער זינגער באַטיסטיני.

מיין מענעדזשער האָט זיך אַביסעל דערשראָקען און האָט גלייך אָנגעפרעגט אין דער קאַסע, וואו מיין קאָנצערט האָט געדאַרפט פאַרקומען, וואָס עס הערט זיך? דער ענטפער איז געווען: נישטאָ מער קיין בילעט אויף אַ רפואה. דעמאָלט האָט ער זיך ערשט באַרוהיגט. איך בין געווען ביי דער פולער קראַפט פון מיין שטימע און מיט באַדויערען האָב איך דערמאָנט די וואַרשעווער אידען, וואָס האָבען געדאַרפט איבערלעבען אַן אַנטוישונג, נישט באַקומענדיג צו הערען דעם ריכטיגען קוואַרטין.

בעת דער ערשטער פּויזע איז צו מיר אַריינגעקומען באַטיסטיני און האָט מיך וואַרעם באַגריסט. דערביי האָט ער באַרירט די אַלטע פראַגע: פאַרוואָס איך בין ליבערשט נישט געגאַנגען צו דער אָפּערע. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב צו מיין חזנישער קאַריערע גאַרנישט צוגעלייגט.

אויף צומאָרגענס האָב איך בייגעוואוינט באַטיסטיני׳ס קאָנצערט. דאָס איז ווירקליך געווען אַ פון גאָט באַגאַבטער קינסטלער און דעם איינדרוק פון זיין זינגען וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסען. עס האָט מיך פאַרדראָסען, וואָס דער זאַל בעת זיין קאָנצערט איז נישט געווען אינגאַנצען פול. אָפּנים, אַז די לאָדזשער אידען, וואָס זיינען געווען די הויפּט־באַזוכער פון קאָנצערטען אין דער שטאָט, האָבען מער געהאַלטען פון אַ חזן, ווי פון דעם גרעסטען וועלט־זינגער פון יענער צייט.

נאָך לאָדזש איז געקומען ווילנע, די האַרציגע אידישע ווילנע, וואָס איז אַזוי מחיה׳דיג מיט איר אָרעמקייט און מיט איר פאַרגעטערונג פאַר יעדען אויסדרוק פון גייסטיגען אידישען לעבען. אין ווילנע האָט מען זיך טובל געווען אין אידישקייט און אָוועקפאָרענדיג פון דאָרטען האָט מען מיטגענומען מיט זיך דעם גלויבען, אַז נישט געקוקט אויף די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אין וועלכע די דאָרטיגע אידען האָבען געלעבט אונטער דעם פּוילישען רעזשים, וועלען זיי אויסהאַלטען אַ דאַנק זייער גייסטיגער קראַפט און זייער באַזונדערער איינגעוואָרצעלטקייט אין דורות׳דיגער אידישקייט. צו אונזער גרויסען אומגליק איז געקומען אַ ווילדער שטורעם, וואָס האָט אָפּגעווישט פון דער ערד דאָס דאָרטיגע אידישע לעבען.

דאַן זיינען געקומען אַזעלכע שטעט, ווי: קאָוונע, גראָדנע, ריגע, דווינסק און ליבאַווע. די אַלע אידישע קהילות האָבען פאַרגעטערט אַ אידישען חזן, וועלכען זיי האָבען באַטראַכט פאַר דעם פירשפּרעכער און אויסזינגער פון אַלע זייערע בענקשאַפטען און חלומות. יעדער רייזע מיינע איבער די אידישע

שטעט האָט מיך אָנגעפילט מיט גליק און דערהויבענקייט און איך בין געווען שטאָלץ, וואָס איך קען אַריינטראָגן אַ טראָפּן טרייסט און האָפענונג אין דעם געגנוג פאַראומערטען אידישען לעבען.

נאָכ׳ן פאַרענדיגען דעם ערפאָלגרייכען (אויסער וואַרשע) טורנע, בין איך אָפּגעפאָרען צוליב פאַמיליען־אָנגעלעגענהייטען קיין ווין, וואו עס האָבען געלעבט די עלטערען פון מיין פרוי, און איך האָב מיך גענומען גרייטען צו מיין צווייטער רייזע קיין ארץ־ישראל. די דאָזיגע רייזע מיינע האָט געדאַרפט ענדגילטיג אַנטשיידען וועגען מיין ווייטערדיגען גורל. איך האָב געהאַט ערענסטע כוונות צו מאַכען מיין שטענדיגע היים אין ארץ ישראל. האָב איך מיך געוואָלט גרינטליך אַרומקוקען, וואו איך זאָל בויען די היים און ווי האַלט עס מיט דער אַנטוויקלונג פון אונזער היימלאַנד און וואָס קען איך טאָן נישט בלויז פאַר מיין אייגענער צוקונפט, נאָר אויך צוצוהעלפען צו דער אַנטוויקלונג פון דעם לאַנד, וואָס איז די האָפענונג פון אַזוי פיל טויזענטער אידען אין די לענדער פון זייער פאַרפאָלגונג.

# מיין צווייטע רייזע קיין ארץ ישראל

אויף מיין צווייטער רייזע קיין ארץ ישראל האָב איך מיך ווידער אָפּגעשטעלט אין עגיפּטען. איך בין געווען איינגעלאַדען צו דאַוונען אַ שבת אין דער קאָנסערוואַטיוו־אָרטאָדאָקסישער שוהל פון די אייראָפּעאישע אידען. עס איז געווען אַ גרויסע פרייד פאַר מיר ווידער צו באַגעגענען דעם ערווירדיגען הויפּט־ראַבינער פון עגיפּטען, נחום פאַשאַ, וועלכען איך האָב שוין געקענט פון מיין ערשטען באַזוך אין דעם דאָזיגען לאַנד. ער האָט מיר אַרויסגעוויזען אַ גרויסע ערע, וואָס ער איז געגאַנגען אום שבת איבער אַ שעה צייט צופוס, כדי נישט צו פאַרפעלען מיין דאַוונען.

פאַר שבת צונאַכטס בין איך געווען איינגעלאַדען צו אים אין הויז, וואו מען האָט געקענט טרעפען די חשוב׳סטע אידען פון דער ספרדישער און אייראָפּעאישער געמיינדע. דער חכם האָט מיך מכבד געווען מיט מאַכען הבדלה און עס איז מיר געווען העכסט אָנגענעם צו פאַרברענגען דעם אָוונט אין אַזאַ אידיש־גייסטיגער אַטמאָספערע.

וואו גייט מען אין ארץ ישראל, אויב מען וויל אָנטאַפּען דעם דופק פון לאַנד און וויסען ווי עס האַלט מיט דער אידישער בויאונג? — פאַרשטייט זיך, אַז צו אוסישקין׳ען. ער איז געווען איינער פון מיינע בעסטע פריינט, דערצו קלוג און פאַרלעסליך. איז אָנקומענדיג קיין ירושלים מיין ערשטער וועג געווען צו אים, כדי צו הערען זיין עצה וועגען מיין באַזעצען זיך דאָ אויף שטענדיג. איך האָב אים דערציילט וועגען די באַוואָרענישען, וואָס עס האָט מיין פרוי צוליב דעם קלימאַט, אַז ער וועט נישט זיין גינסטיג פאַר אונזער קליין קינד.

אוסישקין האָט מיר געראַטען, אַז איך זאָל איצט קיין פעסטען באַשלוס ישט אָננעמען און אַז די בעסטע זאַך וועט זיין, ווען מיין פרוי מיט׳ן קינד ועלען אַהער אַריבערקומען אויף אַ צייט פון דריי חדשים און דאַן וועט זי ןליין זען, צי זי קען זיך איינלעבען אין די נייע באַדינגונגען און ווי אַזוי די ייע אַטמאָספערע און דער הייסער קלימאַט וועלען ווירקען אויף דעם קינד. זיך האָב באַשלאָסען צו פאָלגען די עצה פון אוסישקין׳ען.

גלייך דעם ערשטען אָוונט אין ירושלים, ווען איך האָב נאָך נישט געהאַט יסגערוט די פיס פון וועג, האָבען שוין גענומען גיין צו מיר פאַרשידענע עלעגאַציעס פון ישיבות, מושב זקנים׳ס און בית יתומים׳ס, אַז איך זאָל געבען אַר זיי אַ דאַוונען און פאַרשטאַרקען זייערע וואַקלענדיגע בודזשעטען. אָבער



דאָס לייגן דעם גרונט־שטיין פאַר דער הייזער־קאָלאָניע „שכונת אחוה“ אין תּל אביב, 1931.
אין צענטער זעהט מען חזן קווארטין (רעכטס) און בירגערמייסטער דיזענגאָף (לינקס).

דעם ערשטען קאָנצערט האָב איך שוין געהאַט צוגעזאָגט דעם קרן היסוד און דאַן האָב איך געדאַוועגט אַ שבת לטובת דער ישיבה „עץ החיים". אין קיין ווייטערדיגע פאַרפליכטונגען האָב איך נישט געוואָלט אַריינגיין, ווייל איך האָב געוואָלט צופאָרען קיין מגדל אַ קוק טאָן, ווי האַלט עס דאָרטען מיט מיין שטיקעל נחלה.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט אין מיינע פריערדיגע קאַפּיטלען האָב איך בעת מיין ערשטען זיין אין ארץ־ישראל געלאָזט פלאַנצען אַ פּרדס אויף מיין באָדען, וואָס איך האָב געהאַט נאָך פון פריער אַרום מגדל. נאָר ווי זאָגט דאָס ווערטעל: „מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שאַרען". די ארץ ישראל'דיגע אידען האָבען נאָך אַלץ באַטראַכט דעם אַמעריקאַנער אידען פאַר אַ גוטע מעלקענדע קו, וועלכע עס איז אַ מצוה אויסצונוצען וואָס שטאַרקער און וואָס גרינטליכער. די דאָרטיגע פאַרוואַלטער, אָדער מנהל'ס, האָבען איינגאַנצען נישט געהאַלטען פאַר נויטיג זיך צו רעכענען מיט די אינטערעסען פון דעם אייגענ־טימער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער בעל הבית, האָט ער אַפילו געמעגט זיין פון דער ווייטענס, האָט זיך באַצויגען אין דער העכסטער מאָס פריינטליך צו די פאָדערונגען פון די אַרבייטער און פון דעם פאַרוואַלטער.

דאָס איז געווען דער פאַל נישט בלויז מיט מיר אַליין. פאַר אַ ביישפּיל וועל איך דאָ דערציילען די פאָלגענדע געשיכטע. צוועלף אידען פון ניו־דזשוירזי, אין די פאַראייניגטע שטאַטען, האָבען זיך צו יענער צייט דורכגע־נומען מיט דעם אידעאַל פון אויפבויען ארץ ישראל און האָבען באַשלאָסען אַהין אַוועקצופאָרען און אויסבויען זיך אַ שטיקעל נחלה, כדי צו לעבען אין דעם אייגענעם לאַנד. צווישען זיי זיינען געווען מיטעליעריגע און אויך עלטערע מענשען, אידעאַליסטען, גוטע און ערליכע ציוניסטען, וועלכע האָבען באַשלאָסען צו ווידמען זייער אַרבייט און זייער געלט דעם אידישען לאַנד.

די דאָזיגע אידען האָבען אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרען שווער געהאָ־רעוועט אין אַמעריקע, געקליבען אַ סענט צו אַ סענט און אַ דאָלער צו אַ דאָלער מיט דעם געדאַנק, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען זיי וועלען זיך קענען דער־שלאָגען צו אַן אייגענער נחלה אין ארץ־ישראל, אויף וועלכער זיי וועלען זיך אויפבויען אַ הייזעל, פאַרפלאַנצען אַ פּרדס און אַזוי אַרום אויסאַרבייטען די פּרנסה אויף די עלטערע יאָרען.

דער איניציאַטאָר פון דעם פּראָיעקט אויסצובויען צוועלף הייזלעך פאַר די צוועלף ניו דזשוירזער אידען איז געווען טאַקע דער הער גליקין, וועגען וועלכען איך האָב שוין דערציילט אין מיינע פריערדיגע קאַפּיטלעך. ער איז אין דער זעלבער צייט געווען סיי דער אייגענטימער, אָדער דער מיטאייגענ־טימער פון דעם באָדען, סיי דער דירעקטאָר און סיי דער פאַרוואַלטער. מען קען זאָגען, אַז ער איז געווען דער גאַנצער בעל הבית פון דעם באָדען אין מגדל. צו אים האָבען זיך דאָס די אידען פון ניו דזשוירזי געווענדעט מיט דעם גאַנצען פאַרטרויען, אַז ער זאָל פאַר זיי אויסבויען די צוועלף הייזלעך.

גליקין האָט זיך דאָס אונטערגענומען און גלייכצייטיג האָט ער צו יעדען פון זיי פאַרקויפט אַ טייל פון זיין אייגענעם באָדען אויף צו פאַרפלאַנצען דאָרט פּרדסים. די ניו דזשוירזער אידען זיינען נאָך געזעסען אין אַמעריקע, האָבען געקליבען אַ סענט צו אַ סענט און געוואָלט ברענגען מיט זיך וואָס אַ גרעסערען קאַפּיטאַל קיין ארץ־ישראל. עס זיינען געווען מאַנכע צווישען זיי, וואָס האָבען שפּעטער מיטגעבראַכט מיט זיך צוואַנציג, און אַפילו דרייסיג טויזענט דאָלער. אַפילו די אָרעמסטע האָבען געהאַט צווישען זעקס און אַכט טויזענט דאָלער.

אָנקומענדיג אין לאַנד אַריין האָבען זיך די ניו־דזשוירזער אידען גענומען מיט אַ ברען צו דער אַרבייט, ווי אמת׳ע אידעאַליסטען. זיי האָבען גענומען באַאַרבייטען די פּרדסים, וואָס גליקין האָט פאַר זיי פאַרפלאַנצט. די רייכערע האָבען זיך איינגעקויפט אייזלען צו דער אַרבייט, די אָרעמערע האָבען געדונגען אַרבייטער צוזאַמען מיט די אייזלען. ביז׳ן אָנקומען פון די ניו דזשוירזער אידען זיינען אין מגדל געווען געציילטע אידישע אַרבייטער, וואָס האָבען געהאַט באַשעפטיגונג בלויז דריי טעג אין וואָך, אָבער ווען עס זיינען אָנגעקומען די אידען פון אַמעריקע האָבען זיך גענומען באַווייזען מער אידישע אַרבייטער פון דער אומגעגענט.

אין אָנהויב איז אַלץ געגאַנגען כשורה, עס האָט געהערשט דער בעסטער פרידען צווישען די בעלי בתים און די אַרבייטער. מען האָט געפלאַנצט און געבויט און אינאיינעם געאַרבייט.

אָבער אינגיכען האָבען זיך אָנגעהויבען רייסערייען. דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך גענומען בונטעווען געגען די בעלי בתים, די „אויסנוצער" און „עקס־פּלואַטאַטאָרען", יעדען טאָג האָבען די אַרבייטער אַרויסגעשטעלט נייע באַדינ־גונגען, דראָענדיג מיט סטרייקען. עס איז געווילט געוואָרען אַ געמיינזאַמער ועד אָדער פאַרוואַלטונג, וואָס איז באַשטאַנען פון די אונטערנעמער און די אַרבייטער. אָבער זיינע באַשלוסען האָבען די אַרבייטער נישט אויסגעפאָלגט, ווייל די אייגענטימער האָבען אין דעם ועד געהאַט אַ מערהייט.

מיט דער צייט האָט זיך די צאָל אַרבייטער נאָך מער פאַרגרעסערט און דעמאָלט האָבען שוין די אַרבייטער באַקומען אַ מערהייט אין ועד און האָבען פּשוט דיקטירט זייערע באַדינגונגען. ווען מען האָט זייערע פאָדערונגען נישט נאָכגעגעבען, איז גלייך אויסגעבראָכען אַ סטרייק, די אַרבייט אין די פּרדסים איז אָפּגעשטעלט געוואָרען, און די אייגענטימער האָבען געליטען גרויסע פאַרלוסטען. אַזוי ווי אַ פּרדס קען נישט שטיין זומער־צייט אָן וואַסער און אָן באַאַרבייטונג, איז פאַרלוירען געגאַנגען די גאַנצע אַרבייט, וואָס מען האָט געהאַט פריער אַריינגעלייגט אין די פּרדסים.

טאָמער איז דאָס נאָך געווען ווייניג, האָבען גאָר אינגיכען גענומען אייג־פאַלען די הייזלעך, פאַר וועלכע גליקין האָט גענומען גוטע אַמעריקאַנער דאָלאַרען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז זיי זיינען געבויט געוואָרען אויף

אַ שוואַכען פונדאַמענט פון ליים און וואַסער, און די וועגטלעך זיינען געווען פּאַפּירענע, אַז מען האָט זיי געקענט אַוועקבלאָזען.

די ניו דזשוירזער אידען, וועלכע זיינען געקומען אין לאַנד אַריין מיט די בעסטע כוונות כדי צו בויען דאָס לאַנד מיט זייערע אָפּגעשפּאָרטע גראָשענס און אויך מיט זייער אייגענעם שוויס, האָבען זיך גאָר אינגיכען אַרומגעקוקט, אַז זיי שטייען פאַר אַ געפאַר צו פאַרלירען אַלץ, וואָס זיי האָבען מיט זיך געבראַכט. כדי צו ראַטעווען די פּרדסים האָבען זיי געמוזט נאָכגעבען אַלע פאָדערונגען פון די אַרבייטער, אָבער די פאַרלוסטען זיינען געווען אַזעלכע גרויסע, אַז זיי זיינען אין אַ קורצער צייט געוואָרען בפירוש׳ע אָרעמעלייט, און מאַנכע פון זיי האָבען אַפילו נישט געהאַט וואָס צו עסען און האָבען גענומען טראַכטען וועגען צוריקפאָרען צו זייערע געוועלבלעך אין ניו דזשוירזי.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ פאַל, ווי מיט די ניו דזשוירזער אידען, איז שנעל באַקאַנט געוואָרען אין אַמעריקע, און ער האָט אָנגעטאָן גרויס שאָדען דער אידייע פון שיבת ציון. אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבען אויך געפּלאַנט צו גיין אין זייער וועג, האָבען שוין רעזיגנירט פון דעם פּלאַן פון באַזעצען זיך אין ארץ ישראל.

נאָכדעם, ווי איך בין פאַרטיג געוואָרען מיט מיינע צאָלרייכע קאָנצערטען לטובת פאַרשידענע וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס, האָב איך באַשלאָסען אַוועקצופאָרען קיין מגדל אַ קוק טאָן, ווי עס האַלט דאָרט מיט מיין נחלה און טאַקע זיך אויסרוען אַביסעל אין דער וואונדערליכער אומגעבונג פון מגדל. און גלייך ווי איך בין אַהין געקומען איז מיר געוואָרען אַזוי וואויל און אָנגענעם אויפ׳ן האַרצען, אַז איך האָב אַפילו נישט געוואָלט טראַכטען וועגען דעם, וואָס יעדער שריט דאָ פון אַן אַמעריקאַנער אידען ווערט אַזוי אומגערעכטיג אויסגענוצט. די בליענדיגע פּאַנאָראַמע אַרום האָט געקענט פאַר׳כישופ׳ען דעם האַרטסטען מענשען.

די אָראַנזשען און גרעיפּ־פרוכט־ביימער, וועלכע זיינען שוין אַלט געווען דריי יאָר, זיינען וואונדערליך געוואָקסען. עס איז גראָד געווען די צייט, ווען די ערשטע בלומען־קנאָספען האָבען אָנגעהויבען פון זיי אַרויסשפּראָצען. די זיסע, שמעקעדיגע בליטען פון די בליענדע פּרדסים האָבען אָנגעטרונקען די גאַנצע געגענט מיט אַן אויסערגעוויינליך שטאַרקען און געשמאַקען דופט. איר זענט אַרומגעגאַנגען ווי אַ פאַר׳שיכור׳טער, און איר האָט פאַרגעסען אין דער גאַנצער וועלט מיט אירע זאָרגען און אַפילו מיט אירע אומערליכע מענשען, וואָס זוכען אויסצונוצען די שוואַכקייט און די ליבשאַפט פון אידען צו ארץ ישראל פאַר זייערע קעשענעס.

די ליכטיגע לבנה־נעכט מיט׳ן אויסגעשטערנטען הימעל האָבען אייך גאָר אַריבערגעטראָגען אין אַ פאַרצויבערטער וועלט. דאָס גאַנצע גשמיות איז פון אייך אָפּגעטאָן געוואָרען, און איר האָט זיך דערפילט, ווי אַ טייל פון דער דאָזיגער רואיגער, באַצויבערנדער לאַנדשאַפט. אַ גאַנצע וואָך צייט האָב איך

דעמאָלט פאַרבראַכט אין דער דאָזיגער דערהויבענער אַטמאָספערע, און דעמאָלט איז דאָס אונטערבאַוואוסטזיניג געבוירען געוואָרען אין מיר דער באַשלוס, אַז איך בלייב אַ היגער, ארץ ישראל וועט ווערען מיין שטענדיגע היים.

פון מגדל בין איך אַוועקגעפאָרען קיין חיפה, אויפ׳ן הר הכרמל, וואו איך האָב מיך געדאַרפט אַרומקוקען וועגען אַ גרעסערען שטח באָדען לויט אַן אויפטראָג, וואָס איך האָב געהאַט געקראָגען פון אַ גרופּע אַמעריקאַנער אידען. ביי אַ זעכציג־זיבעציג אַמעריקאַנער באַלעבאַטיש־אידישע פאַמיליעס האָבען באַשלאָסען אויפצושטעלען אַ וואוינונגס־קוואַרטאַל אויפ׳ן הר הכרמל, און זייערע פאָרשטייער האָבען מיך בעת מיין צווייטען אָפּפאָרען קיין ארץ ישראל געבעטען, אַז איך זאָל זיי בייהילפיג זיין ביים אויסגעפינען דעם אַנטשפּרעכענ־דיגען באָדען.

איך האָב מיך אָפּגעשטעלט אין האָטעל „טעלטש" אויפ׳ן פּאַנאָראַמע־וועג, נישט ווייט פון דעם פּלאַץ, וואו עס האָבען זיך געפונען מיינע עטליכע דונאַם באָדען, וועלכע איך האָב איינגעהאַנדעלט בעת מיין ערשטען באַזוך אין לאַנד. באַלד איז מען אין חיפה געוואויר געוואָרען, אַז חזן קוואַרטין זוכט אַ גרעסערען באָדען צו קויפען, און עס האָבען גענומען גיין צו מיר מעקלערס פון אַלע סאָרטען. איך בין שוין געוואָרען אויס חזן, נאָר אַ גרויסער אונטערנעמער, וועמען מען קומט אָנבאָטען די פאַרשידענסטע בוי־פּראָיעקטען. ביי מיר אין האָטעל האָט געשוויבעלט און געגריבעלט מיט סוחרים און מעקלער, עלעהיי אויף ניו־יאָרקער וואָל סטריט...

# דאָס יאָר 1929 — אַ יאָר פון אומגליקען אין אַמעריקע און אין ארץ־ישראל

נאָך לאַנגע באַטראַכטונגען און אונטערהאַנדלונגען האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ שטיק באָדען פון 200 דונאַם, וואָס האָט אייגענטליך געהערט צו אַן אַראַבער, נאָר אַ איד האָט געהאַט אויף אים אַ מאָרגעדזש פון אַכט טויזענט פונט. מיר זיינען מושווה געוואָרען פאַר דעם באָדען צו 120 פונט אַ דונאַם, נאָר איך האָב פאַרלאַנגט אַן אָפּשאָן אויף אַ צייט פון פיר חדשים, כדי איך זאָל קאָנען באַווייזען די פּלענער פון דעם באָדען צו זיינע בעלי בתים אין אַמעריקע, ווען איך וועל צוריקקומען.

איך האָב אַפילו אַריינגעשריבען אין דעם אָפּמאַך וועגען „אָפּשאָן" אַ פונקט, אַז טאָמער וועט דער איד אָדער דער אַראַבישער בעל הבית פון דעם באָדען חרטה האָבען, וועלען זיי דאַרפען באַצאָלען טויזנט דאָלער שטראָף. אַלץ איז געשריבען און גע׳חתמ׳עט געוואָרען ביי אַן אַדוואָקאַט כדת וכדין.

ווי שיין מגדל איז געווען, איז דער הר הכרמל געווען נאָך שענער. איך האָב זיך גאָרנישט געקענט אָנזעטיגען מיט דעם אויסבליק צו דעם מיטעללענדישען ים און צו די אַרומיגע וועלדלעך, וואָס האָבען באַדעקט די נאָך נישט פאַרבויטע בערג־שיפּועים. אָבער די פליכטען האָבען מיך גערופען קיין תל־אָביב, וואו איך האָב געדאַרפט דאַוונען אַ שבת אין אוהל שם. די מיטגלידער פון דער חברה „חובבי החזנים" האָבען מיך נאָך דעם דאַוונען ממש געטראָגען אויף די הענט מיט די גאָר נישט באַשיידענע אויסרופען: „יחי מלך החזנים!" א. ד. גל.

דעם ערשטען טאָג פסח האָב איך געדאַוונט אין דער גרויסער שטאָטישער שוהל אין תל־אָביב, וואָס האָט שוין דאָס מאָל געהאַט אַ דאַך איבער׳ן קאָפּ און איז שוין געווען גאָר אַ לייטישע שוהל, און דעם לעצטען טאָג פסח — ווידער אין אוהל שם. דעם חול המועד אין צווישען צייט בין איך אויך נישט געזעסען מיט פאַרלייגטע הענט, אוסישקין האָט מיך פאַרבעטען, אַז איך זאָל אָנטיילנעמען אין דער פייערליכער גרונטלייגונג פון דעם ווינקעלשטיין פאַר דער געביידע פון קרן קימת אין ירושלים. דאָס איז געווען זעהר אַן אימפּאָזאַנטע פייערונג מיט׳ן אָנטייל פון אידישע פאָרשטייער פון דער גאַנצער וועלט. איך האָב נאָך געדאַוונט אַ שבת לטובת אַ ישיבה אין קוואַרטאַל מאה שערים, און מיט דעם

האָב איך פאַרענדיגט מיין חזנ׳ישע טעטיגקייט. די לעצטע צוויי וואָכען פון מיין פאַרבערענגען אין לאַנד האָב איך געוואָלט זיין אַ פרייער מענש אין מיין אייגענעם רשות.

איך האָב שוין געהאַט געפּאַסט אַ פעסטען באַשלוס, אַז דער אויבערשטער זאָל מיר נאָר געבען כח און געזונט, וועל איך זיך באַזעצען אין דעם דאָזיגען לאַנד. האָב איך געוואָלט גענויער אָנקוקען דאָס לאַנד, זיך באַקענען מיט אַלע זיינע נויטען און באַדערפעניש׳ען און זען, וואָס איך קען טאָן אין אַמעריקע צווישען מיינע צאַלרייכע פריינט און אָנהענגער צו באַוועגען זיי, אַז זיי זאָלען צולייגען אַ האַנט צו דעם אויפבוי פון אונזער צוקונפטיגער אידישער מלוכה.

איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די בעסטע זאַך, וואָס אַן אַמעריקאַנער איד מיט ליבשאַפט צו ארץ ישראל קען טאָן, איז קויפען אַ שטח באָדען און אויסבויען אויף אים קליינע הייזלעך מיט גערטענדלעך פאַר גרינס אַרום זיי, כדי צו באַזעצען אין די דאָזיגע הייזלעך אַרבייטער־פאַמיליעס, אָדער אָנגעשטעלטע, וואָס דאָס באַאַרבייטען דעם אייגענעם גרינס־גאָרטען זאָל זיין אַ צוגאָב־פרנסה צו זייער אַרבייט אין שטאָט.

איבערפולט פון גליק, וואָס אונזער לאַנד בויט זיך און אַנטוויקעלט זיך אויף דעם בעסטען אופן, האָב איך אין מאַי חודש פון יאָר 1929 פאַרלאָזט דאָס לאַנד צייטווייליג אויפ׳ן וועג קיין אַמעריקע, כדי צו מאַכען די נויטיגע פאַרבאַרייטונגען אויף אַריבערצופאָרען אַהער אויף שטענדיג. אויפ׳ן שיף האָט מען געקענט טרעפען גאָר אָנגעזעענע פערזענלעכקייטען פון דער אידישער וועלט, ווי: פעליקס וואַרבורג פון דער פאַבליק באַנק, געלבער און פירס פון קאַנאַדע, און נאָך אַנדערע גאַנץ רייכע און אָנגעזעענע פערזענליכקייטען, וועלכע האָבען אַלע אינוועסטירט גרויסע געלטער אין ארץ ישראל.

דער וועטער איז געווען שיין און אויפ׳ן דעק האָט מען געקענט הערען די הייסעסטע דעבאַטען וועגען דער לאַגע אין ארץ ישראל. אָבער אַלע זיינען געווען איינשטימיג, אַז נישט געקוקט אויף די פּאָליטישע שוועריגקייטען, וועלכע די מאַנדאַטען־מאַכט שטעלט אין וועג, און אויך נישט געקוקט אויף די אָנגע־שטרענגטע באַציאונגען מיט די אַראַבישע שכנים, גייט דאָך דאָס לאַנד צו אַ גלענצענדער צוקונפט. זאָלען נאָר די אידען אין אויסלאַנד נישט מיד ווערען און ווידמען אַ טייל פון זייער פאַרמעגען פאַר דעם דאָזיגען צוועק — וועלען מיר מיט גאָט׳ס הילף נאָך דערלעבען צו זען מיט די אייגענע אויגען דעם „בשובך לציון ברחמים״.

איך האָב זיך נאָך פאַרהאַלטען אַ שטיקעל צייט אין ווין און אין פאַריז און בין דאַן אין דער בעסטער שטימונג צוריקגעקומען קיין אַמעריקע. שטענדיג, ווען איך האָב ווידער באַטראַכטען דעם אַמעריקאַנער באָדען, האָב איך געהאַט דאָס זעלבע געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו דעם דאָזיגען לאַנד, וואָס איז געווען גוט צו מיר פון דעם ערשטען מאָמענט אָן, ווען איך האָב דאָ געשטעלט מיין

ערשטען טראַט. דאָ בין איך געקומען צו אַזאַ אָנזען, וועגען וועלכען איך האָב גאָרנישט געקענט חלומ׳ען אַפילו אין דעם בעסטען לאַנד פון אייראָפּע.

מיין אינערליך גליק־געפיל איז אין אַמעריקע דערגאַנצען צו דער העכסטער מדרגה, וועלכע אַ מענש קען זיך נאָר ווינשען. איך האָב געהאַט גרויס נחת פון מיינע קינדער. מיין עלטערער זון איז געוואָרען אַן ערפאָלגרייכער דאָקטאָר־מעדיצין אין ניו־יאָרק, מיין צווייטער זון איז געווען אַ דאָקטאָר פילאָזאָפיע, מיין עלטערע טאָכטער איז געווען גליקליך פאַרהייראַט און אויך די צווייטע טאָכטער, וועלכע איז געווען אַנגאַזשירט אין דער בערלינער אָפּערע, האָט אויך אין גיכען גליקליך חתונה געהאַט פאַר דאָקטאָר פרידמאַן.

מיין גרעסטע פרייד האָט מיר פאַרשאַפט דער בן־זקונימ׳על, שלום, וועלכען מיין צווייטע פרוי האָט מיר געבוירען. אַ שיין און געראָטען קינד, וואָס האָט מיר פאַרזיסט דאָס לעבען. איך האָב געהאַט פאַרוואָס דאַנקבאַר צו זיין אַמעריקע. מיין רום, מיין ערפאָלג און מיין פאַרמעגען זיינען דאָ געשטיגען פון מדרגה צו מדרגה, אַלץ העכער און העכער, ביז צו יענעם געדענקבאַרען יאָר פון 1929, וואָס איז געווען אַ ווענד־פּונקט נישט נאָר אין מיין אייגענעם לעבען, נאָר אויך אין לעבען פון טויזענטער און טויזענטער אַמעריקאַנער, און אויך אין לעבען פון אונזער פאָלק.

גלייך אויפ׳ן שיף פון שערבורג קיין ניו־יאָרק, ווען מיר האָבען געגומען לייענען די ערשטע בולעטינס וועגען דער בהלה, וואָס איז אויסגעבראָכען אויף דער ניו־יאָרקער בערזע, איז אונז געוואָרען קאַלאַמוטנע אויפ׳ן האַרצען.

וואָס נענטער מיר זיינען געקומען צו די ברעגעס פון אַמעריקע, אַלץ מער האָט עס גענומען ברויזען אויף דער שיף מיט דער נייעס, אַז עס איז געשען אַ קראַך אויף דעם סטאָק־מאַרקעט. דער פאַרנעם פון דער קאַטאַסטראָפע פאַר צענדליגער טויזענטער מענשען, וואָס האָבען געהאַלטען אַלע זייערע אָפּשפּאָרונגען אין די בענק — איז גרעסער געוואָרען פון שעה צו שעה.

און ווער האָט עס צו יענער צייט נישט געהאַלטען זיין גאַנץ פאַרמעגען אין די סטאָקס, שערס און באָנדס אונטער פאַרשידענע נעמען? פון דעם גרויסען אונטערנעמער אָדער סוחר ביז דעם אָרעמסטען דינסטמיידעל, אַלע האָבען געקויפט פּאַפּירען אויף דער בערזע, אַלע האָבען געוואָלט רייך ווערען אויף די שערס אין אַ שנעלען טעמפּאָ. און דאָס אומגליק האָט טאַקע געטראָפען די ברייטסטע פאָלקס־שיכטען.

אַראָפּגייענדיג פון דער שיף אין ניו־יאָרקער האַפען האָט מען ממש אין דער לופט געקאָנט דערשפּירען, אַז אַ שווערע קאַטאַסטראָפע איז דאָ געשען. מען האָט עס געקענט אַראָפּלייענען פון פנים פון יעדען מענשען, וואָס מיר האָבען באַגעגענט. זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז איך בין געווען איינער פון די צענדליגער טויזענטער געליטענע. ווען איך האָב געמאַכט אַ חשבון האָב איך געזען, אַז מיט פופציג טויזענט דאָלער בין איך דאָך אַריינגעפאַלען.

אָבער איך האָב מיר די גאַנצע זאַך נישט גענומען שטאַרק צום האַרצען.

איך האָב מיר דערמאָנט די צײַט מיט עטליכע און דרײַסיק יאָר צוריק, ווען איך האָב פאַרלאָזט מײַן געבורט־שטעטעלע, כאַנאָראָד, און בין געפאָרען חתונה האָבען, באַקומענדיג עלף הונדערט רובעל נדן. און איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין: מײַן נדן איז נאָך גאַנץ, האָסט זיך נישט וואָס צו ערגערען...

אָבער די שטימונג אַרום איז געווען אַ דערדריקענדע. וואו מען איז געגאַנגען און וואו מען איז געשטאַנען, האָט מען זיך אָנגעטראָפען אויף טראַגעדיעס פון מענשען, וואָס האָבען פאַרלוירען דעם לעצטען גראָשען, וואָס זיי האָבען אָפּגעשפּאָרט אויף דער עלטער, אָדער אויפ׳ן פאַל פון אַ קראַנקהייט.

עס איז געווען אַן אוממעגליכע זאַך צו אָנהויבען ריידען מיט ווער ווען עס איז וועגען געשעפטט, וועגען אינוועסטירן געלט און קויפען באָדען אין ארץ־ישראל. און דאָס האָט מיך אין יענעם מאָמענט אַמשטאַרקסטען געערגערט. איך האָב זיך גאָרנישט געטרויט צו רופען אַ מיטינג פון די אידען, וואָס האָבען מיר ביים אַוועקפאָרען קיין ארץ ישראל איבערגעגעבען די מיסיע צו קויפען פאַר זיי באָדען אויפ׳ן הר הכרמל, און אָפּצוגעבען זיי אַ באַריכט פון דעם, וואָס איך האָב דערגרייכט אויף דעם געביט.

אָבער נישט געקוקט אויף דער בהלה־שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין שטאָט, האָב איך דאָך באַשלאָסען די אידען צוזאַמענצורופען. פון איין און צוואַנציג געלאַדענע זיינען געקומען בלויז ניין, און דוקא נישט די גרויסע גבירים, נאָר די מיטעלע מענשען, וואָס האָבען געהאָט מער פאַרלוירען אין דעם קראַך. איך האָב באַריכטעט וועגען דער קניה על תנאי, וואָס איך האָב געמאַכט אין זייער נאָמען. אָבער זייער ענטפער איז געווען, אַז אין דעם איצטיגען טראַגישען מאָמענט, ווען יעדער איינער מאַכט אַ חשבון פון דעם בראָך, וואָס האָט אים געטראָפען, איז גאָר אוממעגליך צו טראַכטען וועגען אינוועסטירונגען אין ארץ ישראל, און דער גאַנצער פּלאַן איז דערווייל אַוועקגעפאַלען.

כדי אַביסעל צו פאַרגעסען אין דעם אַלגעמיינעם אומגליק בין איך מיט דער פאַמיליע אַוועקגעפאָרען אין די בערג, אין אונזער זומער־היים.

מײַן אָפּרו האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטען. אין איין שיינעם פרימאָרגען, ווען איך האָב אַרויסגענומען די פּאָסט פון קעסטעל און געעפענט אַ צייטונג פון ניו־יאָרק — איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען, ווען איך האָב איבערגעלייענט די שרעקלעכע נייעס, וואָס איז אָנגעקומען פון ארץ ישראל. די שחיטה אויף די ישיבה־בחורים אין חברון האָט געמאַכט פאַרגליווערען דאָס בלוט אין מיינע אָדערען, און איך האָב שוין ווייטער נישט געקענט לייענען, אַוועקפאַלענדיג אַ באַוואוסטלאָזער.

שפּעטער האָב איך ווייטער געלייענט וועגען די אונטערגעצונדענע אידישע קאָלאָניעס, וועגען דעם חרוב געמאַכטען אידישען האָב און גוטס, וועגען די הונדערטער יונגע אידישע לעבענס, וואָס זיינען אומגעבראַכט געוואָרען דורך די רוצחים. אָט קום איך דאָך נאָר וואָס פון דאָרטען, אָט האָב איך מיט מיינע

אייגענע אויגען געזען, וואָס די אידישע חלוצים האָבען אויפגעטאָן אין דעם דאָזיגען פאַרלאָזטען לאַנד. זומפּען און אַ פעלזיגען באָדען האָבען זיי פאַר־וואַנדעלט אין בליענדע גערטנער. נאָך גאָר נישט לאַנג צוריק זיינען דאָ די אַראַבער אַרומגעלאָפען נאַקעט און באָרוועס, זיי זיינען געווען פאַרשקלאַפט צו די פריצישע עפענדיס, האָבען געהאָרעוועט פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט און פאַר דעם לוין זיך נישט געקענט דערנערען.

זיינען אַראָפּגעקומען די אידען, האָבען מיט זייער שוייס אויפגעלעבט דעם באָדען און געשאַפען אויך בעסערע אַרבייטס־מעגליכקייטען פאַר דעם אַראַבישען שכן. די אידען האָבען געהיילט די אַראַבישע קראַנקע. וויפיל צענדליגער טויזענטער פון זיי זיינען אומזיסט געהיילט געוואָרען פון דער שרעקליכער אויגען־־קראַנקהייט, טראַכאָמאַ, אין די הדסה־שפיטעלער? טויזענטער אידעא־ליסטישע אידישע יונגעלייט האָבען בפועל ממש זייער לעבען אַוועקגעגעבען ביים אויסטריקענען די זומפּען פון לאַנד. אומדירעקט איז דאָך דאָס אויך געווען אַ טובה פאַר די אַראַבישע איינוואוינער פון לאַנד. איצט האָבען זיי פאַר דעם אַלעם באַצאָלט מיט דער גרויזאַמער שחיטה אין חברון און מיט די אַלע אַנדערע אומגליקען. איך בין געווען צעשמעטערט פון דעם, וואָס איז געשען, און איך האָב מיר קיין אָרט נישט געקענט געפינען.

## דער טראַגישער טויט פון מיין זון, דעם יונגען געלערנטען

אַזוי איז דער יאָר 1929 געווען אַ יאָר פון דאָפּעלטע אומגליקען פאַר כלל ישראל. דאָ אין אַמעריקע איז געווען „אין בית אשר אין שם מת". עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַ איד, וואָס האָט אַפּילו נישט געהאַט פאַרלוירען קיין געלט אין דעם מורא'דיגען קראַך, האָט זיך געשעמט מודה צו זיין, אַז ער האָט נישט פאַרלוירען. עס איז שוין געווען אַריין אין דער מאָדע זיך צו באַרימען מיט דעם סכום פון די אייגענע פאַרלוסטען.

דער אמת איז אָבער געווען, אַז דער קריזיס פון דערמאָנטען יאָר האָט באַדייטענד אונטערגעשניטען דעם וואוילשטאַנד פון אַ גרויסען טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג ביי אונז אין לאַנד. אַפּילו אויפ'ן געביט פון חזנות האָט זיך עס גלייך געלאָזט פילען. איך האָב שוין דערמאָנט, אַז יענעם יאָר האָב איך פאַר'ן ימים נוראים'דיגען דאַווענען געקענט באַקומען בלויז אַ העלפט פון דעם, וואָס איך האָב באַקומען מיט אַ יאָר פריער. גלייך נאָך די ימים נוראים האָט זיך דער קריזיס אין דעם חזנים־פאַך נאָך מער פאַרשטאַרקט.

די גרויסע קאָנגרעגיישאָנס האָבען גענומען מאַכען עקאָנאָמיע אין זייערע שוהלען, און דאָס ערשטע כפרה־הינדעל איז געווען דער חזן. מען האָט גלייך רעדוצירט זיין לוין מיט דרייסיג און אַפּילו פערציג פּראָצענט, דעם כאָר האָט מען פאַרקלענערט אויף אַ העלפט, אָדער אינגאַנצען אָפּגעזאָגט. אַביסעל שפּעטער האָט מען די חזנים געזאָגט, אַז איצט קען מען זיי איבערהויפּט נישט צאָלען קיין געהאַלט, ווייל קודם כל מוז מען צאָלען די מאָרגעדזשעס אויף די שוהלען, כדי די בענק זאָלען זיי נישט אַוועקנעמען. אַ סך שוהלען האָבען טאַקע נישט געקענט באַצאָלען די לויפענדע ראַטעס פון די מאָרגעדזשעס און זיי האָבען זיך געמוזט פאַרמאַכען.

מען האָט פּראָסט און פּשוט ערקלערט די חזנים, אַז אויב זיי ווילען בלייבען ביי דער שוהל און ערפילען אַלע זייערע פונקציעס — איז ביטע זעהר, די שוהל שטייט פאַר זיי אָפען, און וועגען באַצאָלען דאַרף מען וואַרטען ביז דער אויבערשטער וועט העלפען, די צייטען וועלען זיך פאַרבעסערען, אָבער זיכער נישט פריער, ווי איבעראיאָר ימים נוראים צייט. זיי האָבען אויך געהאַט די ברירה צו פאַרלאָזען דעם פּאָסטען. עס איז געווען אַן אמתע יללה אין דער חזנים־וועלט. וועגען געבען קאָנצערטען אָדער דאַוונען שבתים איז גאָר קיין רייד נישט געווען. דער אַלגעמיינער עולם איז געווען שטאַרק פאַראָרעמט, און

אַזעלכע זאַכען זיינען אים גאָרנישט געקראָכען אין קאָפּ אַריין. זיינען טאַקע געווען נישט ווייניג פאַלען, ווען חזנים, וואָס האָבען נישט געהאַט אָפּגעשפּאָרט אויף אַ „רעגענדיגען טאָג״, ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט, האָבען פּשוט געלי־טען נויט.

ווען איך האָב געמאַכט מיין ענדגילטיגען חשבון, האָב איך מיך אַרומגעזען, אַז פאַר דער צייט פון יוני 1929 ביז אָקטאָבער 1930 האָב איך פאַרלוירען צוליב דעם קריזיס אין לאַנד אַ סומע פון קאַרגע צוויי הונדערט טויזענט דאָלער. מען קען נישט זאָגען, אַז אַזאַ פאַרלוסט האָט נישט וועה געטאָן, אָבער דאָך האָט עס מיך נישט צעבראָכען. איך האָב נאָך אַלץ, דאַנקען גאָט, צו קיינעם נישט געדאַרפט אָנקומען.

צו יענער צייט איז געשען אַ גרויס אומגליק אין מיין משפחה. מיין עלטערער זון, וועלכער איז געווען דאָקטאָר מעדיצין, האָט זיך בעת׳ן פּאַלמעסען אַ טויט קינד פאַרגיפטעט די לינקע האַנט. דאָס איז געווען פון יענעם סאָרט פאַרגיפטונגען, פון וועלכע עס איז אַ גרויסע זעלטענקייט, אַז מען זאָל אַרויס פון זיי אַ לעבעדיגער. דריי חדשים צייט האָט ער זיך נישט אויפגעהערט צו ראַנגלען מיט׳ן טויט, ביי אַ כסדר׳דיגען הויכען פיבער. ער איז אַליין געווען אַ גרויסער דיאַגנאָסטיקער און האָט גוט געוואוסט מיט וואָס זיין קראַנקהייט שמעקט.

נישט געקוקט אויף זיין שווערען צושטאַנד, האָט ער אַליין כסדר אָנגעוויזען די דאָקטוירים און פּראָפעסאָרען ווי אַזוי מען זאָל אים היילען. מען האָט זיין האַנט געקאָכט אין זודיגען וואַסער, מען האָט אַריינגעשטופּט אונטער זיינע אָדערען גלעזערנע רערלעך, וועלכע האָבען געדאַרפט אָפּצאַפּען דעם גיפט. דרייצען מאָל האָט מען זיין האַנט אָפּערירט אויף פאַרשידענע ערטער און נאָך דריי חדשים פון שווערער מי פון די גרעסטע פּראָפעסאָרען אין ניו־יאָרק איז ענדליך געלונגען צו ראַטעווען זיין לעבען און אויך די האַנט, הגם אַביסעל אין אַ פאַרקריפּעלטען צושטאַנד.

אָט דער אומגליק מיט מיין זון האָט אַזוי פאַרכאַפּט מיין גאַנצען וועזען, אַז איך האָב אינגאַנצען פאַרגעסען וועגען די שווערע מאַטעריעלע פאַרלוסטען, וואָס איך האָב נאָר וואָס געליטען. איך האָב נאָר געטראַכט וועגען איין זאַך: וואָס קען איך טאָן, אַז מיין גרעאָטענער זון זאָל בלייבען לעבען. און ווען איך האָב אים ענדליך ווידער דערזען אויף זיינע פיס, הגם מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט, איז צו מיין פרייד קיין גרעניצען נישט געווען.

די לאַגע פון די חזנים איז נאָך צום סוף פון יאָר 1930 אַלץ געווען אַ שלעכטע. דאָס האָט געהאַט אַ באַזונדערע ווירקונג, אַז איך זאָל נעמען צואיילען די פאַרווירקליכונג פון מיין אַלטען באַשלוס וועגען פאַרען באַזעצען זיך אויף שטענדיג אין ארץ ישראל. איך האָב לאַנגזאַם גענומען ליקווידירען אַלע מיינע פאַרבליבענע געשעפטען, כדי גלייך נאָך די ימים נוראים פון יאָר 1930 צו קלייבען זיך אין וועג אַריין שוין להשתקע.

מיינע אַלע פּלענער זיינען שוין געווען פֿאַרטיג פֿאַר דער רייזע קיין ארץ ישראל, אָבער עס איז מיר, ווייזט אויס, נישט באַשערט געווען מיט אַ לייכטען געמיט מיין פּלאַן צו פֿאַרווירקליכען. פון הימעל האָט מען נאָך געהאַט מיט מיר אַ רעכענונג, איידער איך האָב געקענט אַוועקפאָרען אין דעם הייליגען לאַנד. אַ קרבן האָט זיך געפאָדערט פון מיר, אַ קרבן פון מיין בלוט, וואָס איז געווען שווערער פֿאַר מיר איבערצוטראָגען, ווי ווען איך וואָלט געדאַרפט אויפגעבען מיין אייגענעם לעבען.

עס איז געווען אַ שבת, אין מיטען דעצעמבער, פון יאָר 1930, ווען איך האָב געדאַווענט אין דער מאָנטעפיאָרע־שוהל אין די בראָנקס. איך בין געווען שטאַרק צערודערט און מיט אויפגעברויזטע געפילען, ווען איך האָב מיך געשטעלט צום עמוד. ווען איך בין געקומען צו „אָב הרחמים" בין איך גאָר געוואָרען סענטימענטאַל און האָב מיט אַ באַזונדערער התעוררות געזאָגט די תפילה. ביי די ווערטער „הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו" — האָט מיר עפּעס אַ שטאָך געטאָן אין האַרצען און עס האָט מיך גענומען שטיקען אַ כוואַליע פון געפילען, אַז איך האָב מיך קוים איינגעהאַלטען איך זאָל נישט אויסברעכען אין אַ געוויין.

איך האָב מיר נישט אָפּגעגעבען קיין חשבון, וואָס עס קומט מיט מיר פֿאָר, נאָר איך האָב געפילט אַ שרעק פֿאַר עפּעס, נישט וויסענדיג פֿאַרוואָס. ווען איך האָב געענדיגט דאַווגען האָבען מיך די אידען האַרציג גראַטולירט, איבערהויפּט האָבען זיי געלויבט דעם „הנאהבים והנעימים" פון „אָב הרחמים", אַז ער האָט געקענט הערצער צעברעכען. איך בין אַריינגעגאַנגען אויף דער דירה, וואו איך בין איינגעשטאַנען. דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינליך פרומע פֿאַמיליע, וואו אום שבת איז מען נישט צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן, און איך האָב געפילט מיט אַלע חושים, אַז איך דאַרף מיך פֿאַרבינדען וואָס שנעלער מיט דער היים.

איך האָב קוים דערלעבט עס זאָל ווערען שבת צונאַכטס און איך בין אַריין אין סאָבוועי כדי אַהיימצופאָרען. די שעה'דיגע רייזע האָט זיך פֿאַר מיר געצויגען, ווי אַ יאָר. ווען איך בין אַריין אין שטוב, האָט מיך מיין פרוי, ווי שטענדיג, באַגעגענט מיט אַ ליבליכען שמייכעל. אָבער איך האָב אויף איר פנים דערקענט, אַז עס איז נישט אַלץ אין אָרדענונג. פרעג איך איר, צי זי פילט זיך עפּעס נישט גוט, ענטפערט זי מיר, אַז זי פילט זיך גאַנץ נאָרמאַל, נאָר אַ קליינער אינצידענט האָט פּאַסירט מיט מיין עלטערען זון, באָריס, דעם דאָקטאָר, בעת ער האָט געאַרבייט אין זיין לאַבאָראַטאָריע אין שפּיטאָל, אָבער זי באַרואיגט מיך, אַז עס איז נישט פון גרויסער באַדייטונג.

עס איז מיר אָבער שווער געווען זיך צו באַרוהיגען. איך האָב אָפּגערופען מיין איידעם, דעם דאָקטאָר, און ער האָט מיר ערקלערט, אַז בעת מיין זון האָט געמאַכט געוויסע עקספּערימענטען אין זיין לאַבאָראַטאָריע, האָט עפּעס עקספּלאָדירט און ער האָט באַקומען אייניגע בראַנד־וואונדען. ער האָט נאָר

וואָס גערעדט מיט'ן שפּיטאָל, וואו מיין זון געפינט זיך, און מען האָט אים באַרוהיגט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. איך האָב גלייך געוואָלט לויפען אין שפּיטאָל אַריין, אָבער מיין איידעם האָט מיר איינגערעדט, אַז דאָס איז צוועקלאָז, דאַגעגען וועט ער קומען נאָך מיר גלייך אינדערפרי און מיר וועלען צוזאַמען פאָרען אים באַזוכען.

עס איז געווען אַ שווערע נאַכט פאַר מיר און איך האָב קוים דערלעבט, אַז עס זאָל ווערען טאָג. אַרום זיבען אינדערפרי זיינען מיר שוין געווען אין שפּיטאָל. דער הויפּט־דאָקטאָר האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן מיין איידעם אויפ'ן אויער און איך האָב באַמערקט, ווי זיין געזיכט האָט זיך געענדערט. מען האָט מיך אַריינגעפירט אין דעם צימער, וואו מיין זון איז געלעגען, און איך האָב געזען, אַז ווי גרויס ער איז, איז ער פאַרוויקעלט אין לייוונטען, מען זעט קוים אַרויס דאָס מויל און די אויגען.

פון דעם בילד ווי מיין זון האָט אויסגעזען, איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען און איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר איז שפּעטער געשען. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך תיכף פאַרלאַנגט מען זאָל מיך אַריינפירען צו מיין זון אין צימער, ער האָט גראָד אויפגעמאַכט די אויגען און דערזעענדיג מיך, איז ער נאָך געווען אַזויפיל ביים באַוואוסטזיין, אַז ער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער: „פּאַפּאַ, אויב איך האָב געגען דיר געזינדיגט, דאַן בעט איך דיך — זיי מיר מוחל!" און מיט די דאָזיגע ווערטער האָט ער אויסגעהויכט זיין נשמה.

וועלכע ווערטער זיינען אומשטאַנד איבערצוגעבען, וואָס אַ טאַטע פילט, זעענדיג, ווי זיין קינד פאַרגייט אין שווערע יסורים פון דער וועלט. עס איז געוואָרען פינסטער אַרום מיר און ערשט שפּעטער, ווען איך בין אַביסעל געקומען צו זיך, האָב איך מיר ערשט אָנגעהויבען אָפּצוגעבען אַ חשבון, וואָס אַזוינס איך האָב פאַרלוירען. ער איז געווען נישט בלויז אַ כבוד פאַר זיין פאַמיליע, נאָר ממש אַן אוצר פאַר דער מעדיצינישער וויסענשאַפט. ער איז אַלט געווען בלויז ניין און צוואַנציג יאָר, אָבער ער איז שוין געווען אַ באַרימטער פּאַטאַלאָג, מיט וועלכען גרויסע געלערענטע אויף דעם געביט האָבען זיך גערעכענט.

נאָך בעת ער האָט שטודירט אין ווין און אין בערלין האָבען זיינע פּראָפעסאָרען גע'טענה'ט צו אים, אַז ער האָט נישט ביי זיי וואָס צו לערנען, ווייל ער ווייס פונקט אַזוי פיל וויפיל זיי ווייסען. ער איז געווען אַן אויסערגעוויינליכער אידעאַליסט מיט אַן אָפענע האַרץ פאַר די נויטען פון זיינע אַרומיגע. ווען איך פלעג אים אין דער צייט פון זיינע שטודיען אין ווין שיקען אויף אויסהאַלטונג הונדערט דאָלער אַ חודש, האָט ער פאַר זיך גענוצט בלויז די העלפט, די צווייטע העלפט האָט ער פאַרטיילט צווישען זיינע חברים, נויטבאַדערפטיגע סטודענטען. ער האָט אויך צעטיילט אַלץ, וואָס ער האָט אויף זיך געהאַט, און ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע פון אייראָפּע איז ער ממש געווען

אָפּגעריסען און אָפּגעשליסען, ווייל ער האָט אַלע זיינע מלבושים געהאַט צעטיילט צווישען באַדערפטיגע.

אָנקומענדיג קיין אַמעריקע האָט מען אים גלייך אָנגעבאָטען פאַרשידענע שטעלעס אין שפּיטעלער אַלס פּאַטאָלאָג־ספּעציאַליסט. ער האָט אויסגעקליבען דעם „בית משה האָספּיטאַל״, הגם דער לוין איז געווען בלויז 5,000 דאָלאַר אַ יאָר, בעת אין אַנדערע פּלעצער האָט מען אים אָנגעבאָטען אַ סך מער, בלויז דערפאַר, ווייל אין דעם האָספּיטאַל האָט מען אים צוגעזאָגט איינצוריכטען ספּעציעל פאַר אים אַ לאַבאָראַטאָריע. אין דער דאָזיגער לאַבאָראַטאָריע האָט ער טעגליך געאַרבעט שעה׳ן לאַנג איבער זיינע פאַרשידענע וויסענשאַפטליכע עקספּערימענטען. ער איז געווען באַרימט אַלס דיאַגנאָסטיקער און די גרעסטע פּראָפעסאָרען האָבען זיך גערעכענט מיט זיין דיאַגנאָז פון אַ קראַנקהייט.

ער איז געווען דער אמת׳ער וויסענשאַפטליכער מתמיד, וואָס איז געזעסען יומם ולילה איבער זיינע וויסענשאַפטליכע עקספּערימענטען, כדי צו לינדערען מענשליכע ליידען און צו פאַרלענגערען דאָס מענשליכע לעבען. וואָס פאַר אַ געוואַלדיגער מתמיד ער איז געווען און ווי שטאַרק ער האָט געשטרעבט צו ווידמען אַלע זיינע כחות פאַר דער ליידענדער מענשהייט, באַווייזט דער פאָלגענדער עפּיזאָד:

מיט עטליכע חדשים פאַר זיין טויט איז ער געקומען צו מיר פון האָספּיטאַל, איז מיר אַרויפגעפאַלען אויפ׳ן האַלז און מיט פרייד געזאָגט צו מיר: „פּאַפּאַ, דו ביסט טאַקע אַ גרויסער קינסטלער און דער שטאָלץ פון דער גאַנצער משפחה, אָבער איך האָף, אַז גאָר אינגיכען וועסטו אויך קענען שטאָלצירען מיט מיר און מיט דעם נוצען, וואָס איך וועל ברענגען דער מענטשהייט״.

און ער האָט מיר געגומען דערציילען וועגען זיין אַרבייט איבער אַ גרויסער מעדיצינישער ערפינדונג, פאַר וועלכער עס איז אויסגעשטעלט אַ מיליאָן דאָלערדיגער פּרייז פון דעם ראָקפעלער מעדיצינישען אינסטיטוט. ער האָט גענומען פאַנאַנדערוויקלען פאַר מיר פאַרשידענע מעדיצינישע פּראָיעקטען און פּלענער, אין וועלכע איך האָב מיך גאַנץ קנאַפּ פאַנאַנדערגעקליבען. אָבער ער האָט אינגאַנצען געפלאַמט בעת זיינע שילדערונגען. ער האָט נאָר צוגעגעבען, אַז ווען ער וועט געווינען דעם פּרייז, וועט ער אַליין עפענען אַ פאָרשונגס־צענטער, וואו טויזענטער סטודענטען פון דער גאַנצער וועלט וועלען קענען שטודירען אינגאַנצען פריי לטובת דער מענטשהייט און געגען די געפאַרען, וואָס דראָען איר.

אַזוי האָט ער געטרוימט און אַזוי איז ער געשטאָרבען אויף זיין פּאָסטען ווי אַ געטרייער זעלנער פון דער ליידענדער מענטשהייט. מיין צעבראָכענקייט און פאַרלוירענקייט נאָך דעם אומגליק לאָזט זיך גאָרנישט שילדערען.

## מיין דריטע רייזע קיין ארץ־ישראל

וואָכען זיינען פאַרביי נאָך דעם טראַגישען טויט פון מיין זון און איך האָב אַלץ נישט געקענט קומען צו זיך. איך האָב מענשען נישט געקענט קוקען גלייך אין פנים אַריין, איך האָב געגומען האַסען ניו יאָרק, די גאַסען, איבער וועלכע איך בין געגאַנגען. דאָס געשטאַלט פון מיין אומגעקומענעם זון איז מיר נאָכגעגאַנגען אויף טריט און שריט. איך האָב געוואָלט וואָס שנעלער פאַרלאָזען אָט די שטאָט, וואו דאָס אומגליק איז געשען. איך האָב באַשלאָסען וואָס שנעלער אָפּצופאָרען קיין ארץ ישראל, וואו איך האָב געגלויבט, אַז דער מונטערער גייסט פון דער זיך בויענדער אידישער נאַציאָנאַלער היים וועט מיר אומקערען מיינע כחות און מיין אינערליכע גלייכגעוויכט און איך וועל זיין אומשטאַנד זיך ווידער צו פאַרנעמען מיט מיין אייגענעם לעבען.

אַ טרייסט און אַ דערקוויקונג אין מיין גרויסען אומגליק איז געוועזען מיין קליין אינגעלע, שלומ׳על, וועלכען איך פלעג צודריקען צו מיין ברוסט און באַגיסען זיין פּנימ׳על מיט הייסע טרערען. איך האָב געדאַנקט דעם אויבערשטען פאַר דעם בן־זקונימ׳על, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט, כדי מעגליך צו מאַכען, אַז איך זאָל אינגאַנצען נישט צוזאַמענברעכען אין מיינע מיטעלע יאָרען.

איך האָב דערפילט, אַז איך האָב פליכטען צו מיין יונג קינד און דאָס האָט מיך אַביסעל דערמונטערט ווייטער צו גיין אין שפּאַן פון לעבען. איך האָב ליקווידירט מיין האָב און גוטס אין ניו־יאָרק און ברוקלין און אין חודש יאַנואַר פון יאָר 1931 זיינען מיר אָפּגעפאָרען מיט מיין פרוי און צוויי קינדער, שולמית און שלומ׳על, קיין ארץ־ישראל. די לופט איז געוועזען לויטער און מחיה׳דיג אין תל־אביב, און אין דעם האָטעל סאַן רעמאָ, ביים ברעג פון ים, האָבען מיר געפונען אַ שיינע און באַקוועמע היים.

מיינע נערווען האָבען זיך גענומען באַרואיגען, און איך האָב באַשלאָסען צו נעמען מיר אַ צוויי־דריי חדשים פריי און נישט אַנגאַזשירען זיך אין קיין שום אַרויסטרעטונגען, כדי צו קומען צו זיך נאָך דעם שרעקליכען קלאַפּ, וואָס איך האָב באַקומען פון דעם גורל. ווען איך האָב אַזוי גערוט ביים ברעג ים האָבען גענומען גיין צו מיר פאַרשידענע אידען מיט די משונה׳דיגסטע פּראָיעקטען צו מאַכען געשעפטען אין ארץ ישראל. איינער פון די דאָזיגע פּראָיעקטען איז געווען צו באָרגען געלט אויף דער ערשטער היפּאָטעק. אין

לאַנד איז דעמאָלט אָפיציעל געווען ערלויבט צו נעמען ניין פּראָצענט יערליך, כמעט דריי מאָל אַזוי פיל ווי אין אַמעריקע. אָבער צו ווערען אַ פּראָצענטניק אויף די עלטערע יאָרען, און נאָך דערצו אין ארץ ישראל — האָב איך עפּעס קיין גרויס חשק נישט געהאַט.

איך בין אַרומגעפאָרען איבער'ן לאַנד, האָב מיך גוט צוגעקוקט צו די קבוצות, צו זייער שטייגער לעבען, און איך מוז מודה זיין, אַז הגם דאָס זיינען געווען אידעאַליסטישע יונגעלייט און יונגע מיידלעך מיט שטאַרקער ליבשאַפט צו ארץ ישראל און גרייט אויף די גרעסטע קרבנות פאַר דעם נייעם לעבען, וואָס זיי בויען, בין איך דאָך נישט געווען צו באַגייסטערט פאַר דעם דאָזיגען עקספּערימענט. עפּעס האָט עס צו שטאַרק געשמעקט מיט רוסלאַנד. איך האָב אויך נישט געגלויבט, אַז אויף דעם וועג קען געבויט ווערען דאָס לאַנד. דער אינסטינקט ביי דעם מענשען צו אַן אייגען שטיקעל פעלד, מעג עס זיין ווי קליין, איז צו שטאַרק, אַז ער זאָל זיך באַפרידיגען מיט דעם קאָמונאַלען קבוצה־לעבען און אַז ער זאָל זיך אין אַזאַ געמיינשאַפט קענען אויסלעבען מיט אַלע זיינע בייגונגען און שטרעבונגען.

איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס קען נישט זיין קיין בעסערע לעזונג פון דער סאָציאַלער פראַגע אין אונזער צוקונפטיגען היימלאַנד, ווי באַזאָרגען יעדען ארבייטער מיט אַן אייגענער, זאָל זיין קליינער, נחלה, מיט אַן אייגענער הייזקע און אַ גערטעל אַרום, וועלכעס ער מיט זיין פאַמיליע זאָלען אַליין באַאַרבייטען און שעפּען דערפון דעם גאַנצען נחת, וואָס עס גיט צו זען מיט די אייגענע אויגען די פרוכט פון דער אייגענער אַרבייט. איך האָב גע־גלויבט מיט אַלע חושים, אַז דאָס איז אַ בעסערער וועג צוצובינדען צו דער ערד די אַלע שטאָטישע יונגעלייט, וואָס האָבען זיך אַ גאַנץ לעבען צוגעקוקט צו די פאַרשידענע לופט־געשעפטען פון זייערע טאַטעס.

די טרייב־קראַפט פון לעבען איז דאָך צו שטרעבען אַלץ העכער און העכער, צו זוכען גרעסערע דערגרייכונגען פון דער אייגענער פּראַצע. און דאָס קען דער אַרבייטער דערגרייכען נאָר אויף זיין אייגענעם שטיקעל פעלד, וועלכעס ער בעסערט כסדר אויס און פרייט זיך מיט אַלע נייע דעראָבערונגען. איז דען פאַראַן אַ גרעסערע פרייד, ווי זען דעם וואוקס פון דער אייגענער בעל הבתישקייט, ווי דאָס פאַרמעגען, דער רעזולטאַט פון דער אייגענער האָרעוואַניע, האַלט זיך אין איין פאַרגרעסערען?

אויך אין די שטעט האָב איך געזען אַן אַ שיעור קליינע, פעהיגע באַאַמטע, וואָס מוזען לעבען פאַר אַ פאַרדינסט פון זעקס אָדער אַכט פונט אַ חודש. ווען מען גיט די דאָזיגע מענשען אַ מעגליכקייט צו באַזיצען אַ קליין הייזעל מיט אַ קליינעם גרינס־גאָרטען אַרום, וועלכען זיי וואָלטען געקענט באַאַרבייטען אין דער פרייער צייט, און דאָס וואָלט פאַרגרעסערט זייער איינקונפט און וואָלט אויך פאַרזיסט זייער לעבען, — דאַן וואָלט נישט געווען קיין אָרט



מרס. גיטעל רחל קווארטין מיט׳ן מוזיניקעל שלום, 1929.

פאַר דער פאַרביטערטקייט, וואָס איך האָב באַמערקט, און פאַר די אַלע אידייען, וואָס זיינען אימפּאַרטירט געוואָרען פון רוסלאַנד.

איך האָב גענומען אַרומריידען דעם פּראָיעקט פון בויען אַזעלכע הייזלעך מיט גערטענדלעך מיט פאַרשידענע מיינע פריינט, און אַלע האָבען זיי אָנערקענט, אַז דאָס איז אַ געזונטע אידייע, נאָר מען דאַרף האָבען די נויטיגע מיטלען אום זי צו פאַרווירקליכען. אין דעם זעלבען האָטעל, וואו איך האָב געוואוינט, איז אויך געשטאַנען אַ ברוקלינער איד מיט'ן נאָמען קאַס, וועלכער איז געווען אַ גרויסער פאַרערער מיינער און האָט נישט דורכגעלאָזט די מינדעסטע געלעגענהייט מיך צו הערען דאַוונען, אָדער אויף אַ קאָנצערט.

איך האָב אים דערציילט וועגען מיין פּלאַן, אַז דאָס איז אַפילו פון געשעפט־ליכען שטאַנדפּונקט אַ גוטער געדאַנק און מען קען אַפילו דערביי פאַרדינען, אויסער וואָס מען וועט טאָן אַ גוטע זאַך, העלפענדיג בויען דאָס לאַנד און שטעלען אויף די פיס צענדליגער קליינע פאַמיליעס, וואָס קענען זיך איצט צו קיין זאַך נישט דערשלאָגען. איך ווייס נישט, צי דער געדאַנק איז אים געפעלען מחמת זיין פּראַקטישקייט, אָדער דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַט צו מיר צוטרוי, און אויב איך באַט דאָס אָן — מוז דאָס זיין גוט. מיט איין וואָרט, ער האָט גלייך צוגעשטימט צו אינוועסטירען דעם נויטיגען קאַפּיטאַל, אָבער מיט דעם באַדינג, אַז איך זאָל זיין אַ שותף.

ער האָט מיר דערציילט, אַז אין ברוקלין איז ער געווען אַן אונטערנעמער פון הייזער־בויאונג אַזוי, אַז ער פאַרשטייט גוט דאָס פאַך, אַ חוץ דעם וועט דאָס זיין פאַר אים אַ גרויסער כבוד אַריינצוגיין מיט מיר אין אַ שותפות. און אַזוי האָבען מיר אָפּגעשלאָסען דאָס שותפות־געשעפט. עס איז געווען אַ נייער געדאַנק אין ארץ ישראל צו יענער צייט צו בויען אַזאַ מין קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג, וואָס זאָל נישט זיין אויסגערעכענט אויף רווחים.

גלייך אין דער ערשטער וואָך, הגם מיר האָבען נאָך וועגען דעם עפענט־ליך נישט געהאַט געמאָלדען, האָבען אָנגעהויבען גיין צו אונז אַרבייטער, אָנגעשטעלטע און קליינע געשעפטס־לייט, און יעדער האָט פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלען בויען פאַר אים אַ הייזקע מיט אַ גערטענדעל. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָלט געווען אַ ווילדע זאַך אַריינצולאָזען זיך מיט איינצעלנע מענשען אין בוי־טראַנזאַקציעס. האָבען מיר דעריבער פאַרגעלייגט די אַלע געקומענע, אַז זיי זאָלען זיך אָרגאַניזירען אין אַ מין קאָאָפּעראַטיוו פון פופצען אָדער צוואַנציג משפחות, און דאַן וועט זיין לייכטער אויסצואַרבייטען פּלענער פאַר דער בוי־־אַרבייט. עס וועט קאָסטען פיל ביליגער און עס וועט טראָגען אַ מער געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער.

עס האָט נישט גענומען קיין דריי טעג, ווי עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון פופצען מענשען, וואָס גראָד האָט יעדער פון זיי געהאַט אַ שטיקעל פּלאַץ פון עטליכע דונאַם באַדען אויף רחוב הכרמל אין תל אָביב. אָבער זייערע פּלעצער האָבען גיכער געהערט צו דער באַנק, ווי צו זיי. זיי האָבען געהאַט

איינגעצאָלט אויף אַזאַ מגרש אַ סומע פון פופציג, אָדער פינף און זיבעציג פונט, און די איבעריגע סומע איז געווען פאַר׳משכונ׳ט אין באַנק. זיי האָבען פאַרלאַנגט, אַז מיר, די צוויי נייע בוי־אונטערנעמער, זאָלען אויסבויען אויף זייערע פּלעצער הייזלעך, וואָס זאָלען אַנטהאַלטען דריי צימערען מיט אַ קיך, און פאַר די מאַטעריעל שוואַכערע — בלויז צוויי צימערען מיט אַ קיך.

נאָך לאַנגע אויסרעכענונגען און פאַרהאַנדלונגען זיינען מיר אייניג געוואָרען, אַז אַ הייזעל פון דריי צימערען מיט אַ קיך וועט דאַרפען קאָסטען 450 פונט, און אַ הייזעל פון צוויי צימערען מיט אַ קיך — 350 פונט. מיר האָבען אָבער נאַרלאַנגט, אַז די פּלעצער זאָלען זיין ריין פון שולדען. צו דעם האָט מען גע־דאַרפט פירען לאַנגע פאַרהאַנדלונגען מיט דער באַנק, וועלכע האָט ענדליך איינגעשטימט אַרויפצוציען אויף די אויסגעבויטע הייזלעך אויף דער צווייטער היפּאָטעק. מיר האָבען אָפּגעשלאָסען די געהעריגע אָפּמאַכען מיט דער אשראי־באַנק און אויך מיט די אייגענטימער פון די פּלעצער זיינען מיר דורכגעקומען, אַז פאַר אַ גרעסערער הייזעל וועלען זיי דאַרפען צאָלען פיר מיט אַ האַלבען פונט אַ חודש, און פאַר אַ קלענערס — דריי מיט אַ האַלבען פונט. דאָס געלט גייט אויף אָפּצוצאָלען די חובות פון דער בויאונג, אַזוי אַז נאָכ׳ן אָפּצאָלען ווערט דאָס הייזעל דאָס אייגענטום פון דעם באַוואוינער.

די גאַנצע אונטערנעמונג איז געווען אויסגערעכענט אויף צען־צוועלף יאָר, דער יערליכער צינז איז אויסגערעכענט געוואָרען אויף זעקס פּראָצענט, און אין דער אונטערשטער שורה האָט לויט די פּלענער געדאַרפט בלייבען פאַר אונז, די אונטערנעמער, אַפילו אַ ריוח פון 25 ביז 35 פונט פון אַ הייזעל. אָבער דאָס איז אַלץ געווען אין דער טעאָריע, פּאַקטיש האָבען מיר נאָך געמוזט צוטראָגען פון דער אייגענער קעשענע אַ שפּאָרע מטבע...

עס האָבען זיך אָנגעהויבען די פאַרהאַנדלונגען מיט די אַרכיטעקטען און פּאָדריאַטשיקעס. איך בין באַשטאַנען דורכאויס אויף דעם, אַז די פונדאַמענטען פון די הייזלעך זאָלען זיין זעהר סאָליד געבויט אַזוי, אַז דער אייגענטימער זאָל מיט דער צייט, ווען ער וועט האָבען די מעגליכקייטען, קענען נאָך אַרויפ־בויען אַ שטאָק אָדער צוויי. דאָס איז געווען פאַרבונדען מיט אַ גרעסערער הוצאה, עס האָט זיך געפאָדערט מער צעמענט און אַנדערע בוי־אַרטיקלען, אָבער מיר האָבען דאָס דורכגעפירט און אין אַ מזל׳דיגער שעה איז מען צוגעטראָטען צו לייגען דעם ווינקעלשטיין פאַר דעם נייעם קוואַרטאַל.

אונזערע פריינד, דאָס הייסט פרוי קאָס און פרוי קוואַרטין, האָבען צו־געגרייט אַ פיינע סעודה אויף דעם פרייען פּלאַץ, וואו די צערעמאָניע פון לייגען דעם ווינקעלשטיין האָט געדאַרפט פאָרקומען. עס איז אַראָפּגעקומען צו באַשיינען אונזער שמחה דער ערשטער בירגערמייסטער פון דער אידישער שטאָט, מאיר דיזענגאָף. עס זיינען אויך געקומען ביידע רב הכולל׳ס פון תל אָביב, הרב אַראָנסאָן און הרב עוזיאל פון דער ספרד׳ישער קהילה. עס איז אויך גע־קומען דער גרויסער נאַציאָנאַלער דיכטער חיים נחמן ביאַליק, וועלכער האָט

אָפּגעשאַצט דעם אויפטו פון צוויי פּריוואַטע אידען פאַר דער פאַנאַנדערבויאונג פון תל אָביב, און נאָך אַנדערע פערזענליכקייטען פון שטאָט.

עס איז ווירקליך געווען אַ שיינע שמחה, ווייל דאָס איז געווען אַ באַווייז, אַז אויך מיט פּריוואַטער איניציאַטיוו קען מען נאָך פיל אויפטאָן אין דעם אידישען היימלאַנד. דאָס איז טאַקע אַרויסגעבראַכט געוואָרען אין די צאָלרייכע רעדעס, וואָס זיינען ביי דער געלעגענהייט געהאַלטען געוואָרען. איך האָב געזונגען „מזמור שיר חנוכת הבית" און נאָך אַנדערע תפילות און איך בין געווען גליקליך, וואָס איך קען צולייגען אַ האַנט צום בנין הארץ.

די נייע זידלונג איז באַשלאָסען געוואָרען אָנצורופען „שכונת אחוה", און נישט ווייניג צרות זיינען מיר זיך אויסגעשטאַנען ביז מיר האָבען ענדליך דערלעבט צו זען די דעכער איבער די הייזלעך. עס האָט זיך, ווי דער שטייגער איז דעמאָלט געווען אין ארץ ישראל, אָנגעהויבען אַ סדרה סטרייקען אויף צו העכערען דעם לוין פון די אַרבייטער. דער פּאָדריאַטשיק איז געווען אַ איד אַ קבצן, האָט ער נישט געהאַט פונואַנען צו דערלייגען, איז עס אויסגעגאַנגען צו אונזערע קעשענעס.

אין דער אונטערשטער שורה, ווען די הייזלעך זיינען ענדליך געווען פאַרטיג און די מענשען האָבען זיך געקענט אין זיי אַריינציען, האָבען מיר געזען, אַז איך און קאָס האָבען צוגעלייגט צו דעם עסק צו טויזענט דאָלאַר יעדער. אָבער — זאָל זיי וואויל באַקומען! האָט יעדער פון אונז געזאָגט און מיר האָבען זיך געטראַכט: הלואי וואָלטען זיך געפינען אַ סך אַזעלכע אידען, וואָס זאָלען פאַר אַזאַ קליינעם פאַרלוסט געניסען אַזוי פיל פרייד און זען די גליקליכע פּנים'ער פון די אַלע, וואָס זיינען אַ דאַנק אונז געוואָרען גאַנצע „בעלי בתים" מיט אַן אויסזיכט צו וואַקסען און זיך נאָך מער אויסצוברייטערען אין דער צוקונפט.

## אַ פּרואוו צו גרינדען אַ חזנים סעמינאַר אין ארץ־ישראל

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב געהאַט גרויס נחת פון מיין ערשטען „אויפטו״ אין ארץ ישראל. גאַנץ אָפּט פלעג איך אַרומשפּאַצירען איבער „שכונת אַחוה״ און דאָס האַרץ איז מיר אַנגעקוואָלען, ווען איך האָב געזען די יונגע באַלעבאָסטעס בּאַארבייטען די קליינע גערטענדלעך. די מענשען האָבען זיך ווירקליך געפילט גליקליך אין זייערע נייע באַקוועמע היימען. אַ סך פון זיי האָבען אַפילו געמאַכט אַביסעל געלט אַ דאַנק דער נייער וואוינונג. דאָס זיינען געווען די, וואָס האָבען געהאַט קליינע פאַמיליעס און האָבען געקענט פאַרדינגען אַ צימער אָדער צוויי. די דאָזיגע האָבען גאָרנישט געוואָלט וואַרטען די גאַנצע צען יאָר, ביז זיי וועלען אויסצאָלען זייער חוב פאַר דעם הייזעל, נאָר זיי האָבען געוואָלט באַצאָלען גלייך זייער מאָרגעדזש.

אַנדערע ווידער האָבען גלייך גענומען אַרויפבויען נאָך אַ שטאָק, און מאַנכע אַפילו צוויי שטאָק, און זיינען געוואָרען גאַנצע „לענדלאָרדס״. ביים היינטיגען טאָג זיינען זייערע הייזלעך ווערט צען מאָל אַזויפיל, וויפיל זיי האָבען באַצאָלט, און זיי דערמאָנען זיכער צום גוטען די נעמען פון די צוויי אַמעריקאַנער אידען, קאַס און קוואַרטין, וואָס האָבען זיי מעגליך געמאַכט צו קומען „למנוחה ונחלה״.

ווען אידען האָבען דערהערט, אַז חזן קוואַרטין איז געוואָרען אַ „בוי־אונטערנעמער״ אין ארץ ישראל, האָט מען מיר ממש אָפּגעשלאָגען די טירען און לעבען נישט געלאָזט, אַז איך זאָל ווייטער אָנגיין מיט דער אַרבייט פון בויען הייזלעך מיט גערטענדלעך. איין מאָל איז צו מיר אַריינגעקומען אַ אידענע מיט צוויי קינדער. זי איז געקומען אַזש פון רחובות און האָט מיר גענומען דערציילען אַ געשיכטע, אַז איר מאַן איז אַ שניידער און גייט יעדען טאָג צו דער אַרבייט קיין תל אָביב, זי פינסטערט אָפּ איר לעבען אַליין מיט די קינדער. ווען איך וואָלט געוואָלט איר אויסבויען אַ הויז אין תל אָביב און דער מאַן וואָלט געאַרבעט אין דער היים — וואָלט זי ערשט געוואוסט פון אַ לעבען.

צענדליגער אַנדערע אַזעלכע געשעפטען האָבן מיר אידען פון פאַרשידענע קלאַסען אָנגעבאָטען, און די טיר פון מיין האָטעל־צימער האָט פשוט נישט גערוט. איך האָב שוין באַלד גענומען פאַרגעסען, אַז איך בין אַ חזן ביי אידען, אָבער באַלד האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, וואָס האָט מיר דערמאָנט אין מיין לעבענס־באַרוף.

אַ קורצע צייט פאַר מיין קומען קיין ארץ ישראל צום דריטען מאָל אויף צו באַזעצען זיך, האָט זיך אין לאַנד געגרינדעט אַ חברה אונטער׳ן נאָמען „חובבי החזנות והשירה העברית״, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו אַנטוויקלען דאָס חזנות־פאַך און ווי ווייט מעגליך דערציען יונגע טאַלאַנטען פאַר דער געזאַנג־קונסט. ווען איך בין געווען אין לאַנד בלויז עטליכע טעג, איז געקומען צו מיר אַ דעלעגאַציע פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט און מיך געבעטען, אַז איך זאָל מיך שטעלען בראש פון דער געזעלשאַפט אַלס איר פּרעזידענט.

איך האָב שטענדיג אויסגעמיטען עפענטליכע כבודים און איך האָב דעריבער ערקלערט דער דעלעגאַציע, אַז די געזעלשאַפט אַליין איז מיר זעהר סימפּאַטיש און איך וועל גערן זיין אירער אַ מיטגליד, נאָר פאַר אַ פּרעזידענט מוזען זיי שוין אויסקלייבען אַן אַנדערען. איך וועל זיי מיטהעלפען אין דער פאַרווירקליכונג פון זייערע אויפגאַבען מיט וואָס איך וועל נאָר קענען. דערביי האָב איך זיי געזאָגט, אַז לויט מיין מיינונג וואָלט אַ חזנים־סעמינאַר, וועלכער זאָל דערציען און אויסבילדען יונגע חזנים, געווען אַ פיינע און פּאַסיגע אויפגאַבע פאַר אָט דער געזעלשאַפט, און אַז איך וואָלט גרייט געווען די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו מאַכען אָט דעם פּלאַן צו פאַרווירקליכען.

אָבער, ליידער, רעדט זיך לייכטער ווי עס טוט זיך. מיר האָבען אָנגעטראָפען אויף געוואַלדיגע שוועריגקייטען אין דער פאַרווירקליכונג פון דעם דערמאָנטען פּלאַן. ביי מיינע באַגעגענישען מיט די קאָלעגען חזנים אין ארץ ישראל האָב איך זיי געגעבען די פאָלגענדע אידייע: בעת איך בין דאָס לעצטע מאָל אָפּגעפאָרען פון ניו יאָרק קיין ארץ ישראל מיט דער כוונה צו באַזעצען זיך דאָרט אויף שטענדיג, האָב איך זיך געטראָפען מיט מיין אַלטען פריינט, דעם באַוואוסטען דיריגענט, לעאָ ליאָוו, און געהאַט מיט אים אַ האַרציגען געשפּרעך.

ליאָוו האָט זיך דעמאָלט פאַרטרויט פאַר מיר, אַז זיין אינטימסטער וואונש וואָלט געווען צו באַזעצען זיך אין ארץ ישראל און צו ווידמען זיין אַרבייט פאַר דעם אידישען פאָלק אין זיין אַלטער היימלאַנד. ווען ער וואָלט געקענט פאַרדינען אַ העלפט דערפון, וואָס ער דאַרף האָבען אויף צו לעבען, וואָלט ער געמאַכט דעם שריט, ווייל מיט דער צווייטער העלפט וואָלט ער זיך שוין ווי עס איז אַן עצה געגעבען.

ווען מיין שיף האָט געדאַרפט אָפּפאָרען, איז ליאָוו געקומען זיך מיט מיר געזעגענען און מיר האָבען נאָכאַמאָל גערעדט וועגען זיין פּלאַן צו באַזעצען זיך אין ארץ ישראל. איך האָב אים צוגעזאָגט זיך צו פאַראינטערעסירען מיט זיינע פּלענער, ווען איך וועל זיין אויפ׳ן אָרט, און אים וועגען דעם מיטטיילען. איצט, אין תל אָביב, ווען איך האָב אָפּגעהאַלטען אַ זיצונג מיט דער פאַרוואַלטונג פון „חובבי החזנות״, איז מיר געקומען אין זינען אַריין מיין אַלטער

פריינט און די ביטע זיינע און איך האָב געטראַכט, אַז דאָ וואָלט געקענט זיין אַ פּאַסיגער שידוך.

איך האָב דערציילט וועגן דעם מיינע תל אָביב׳ער קאָלעגען און האָב זיי געזאָגט, אַז דער איינציגער וועג צו ברענגען זייער געזעלשאַפט אויף אַ העכערן ניוואָ און פאַרוואַנדלען זי אין אַן ערפאָלג וואָלט געווען צו גרינדען אַ גוטען כאָר אונטער דער לייטונג פון אַן ערשטקלאַסיגען דיריגענט. אין כאָר וואָלטען זיך געקענט אַנטוויקלען יונגע טאַלאַנטען און צוקונפטיגע חזנים און בכלל וואָלט ער אויפגעהויבען די מוזיקאַלישע קולטור אין לאַנד. דער איינציגער פּאַסיגער מענש פאַר דעם דיריגענטען־אַמט איז, לויט מיין מיינונג, לעאָ ליאָוו, וועלכער האָט אויך אַ חוץ זיינע גרויסע קענטענישען, אַ וואַרימע ליבשאַפט פאַר׳ן לאַנד, וואָס דאָס איז זעהר אַ וויכטיגער מאָמענט.

דערצו איז נאָך געווען וויכטיג, וואָס ליאָוו איז שוין איינמאָל געווען אין ארץ ישראל, וואו ער האָט געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג מיט זיינע כאָר־קאָנצערטען און זיין נאָמען איז געווען ברייט באַקאַנט אין אַלע קרייזען פון ארץ ישראל. מיין אידייע איז זעהר געפעלען געוואָרען אַלע אָנוועזענדע, אָבער גלייך האָט זיך געשטעלט די פראַגע: וואו וועלען זיי נעמען צו צאָלען ליאָוו׳ן מינדעסטענס צוואַנציג פונט אַ חודש. דער פאַראיין איז געווען אַ גאַנץ אָרימלי־כער און האָט נישט געהאַט קיין שום אייגענע פאָנדען.

דער פּרעזידענט פון דער געזעלשאַפט איז דאַן געווען אַ געוויסער לעווין, פון דער קאָלאָניע הרצליה, אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון חזנות און מוזיק. ער האָט זיך אונטערגענומען צו שאַפען די נויטיגע מיטלען, אַז עס זאָל זיין גענוג אויף אַראָפּצוברענגען ליאָוו׳ען און צו פאַרזיכערען אים זיינע שכירות אויף אַ געוויסער צייט. ער האָט אָבער געשטעלט אַ באַדינג, אַז מען זאָל מיך אַנגאַזשירען אויף די קומענדיגע ימים נוראים צוזאַמען מיט אַ כאָר טאַקע אונטער ליאָוו׳ס אָנפירונג. ער איז זיכער, אַז דאָס וועט זיין דער גרעסטער ערפאָלג און וועט אַריינברענגען גענוג מיטלען פאַר דער שפּעטערדיגער אויסהאַלטונג פון דעם כאָר און בכלל פאַר דער ווייטערדיגער טעטיגקייט פון דער געזעלשאַפט.

איך האָב ווירקליך געוואָלט, אַז די געזעלשאַפט זאָל אָנהויבען אַנט־וויקלען אַ ברייטערע טעטיגקייט, האָב איך איינגעשטימט אויף דעם פאָרשלאָג. דערוויל האָב איך באַקומען אַ בריוו פון אַ באַקאַנטען אידישען דיריגענט פון ווין, וועלכער איז שוין איין מאָל געווען אין ארץ ישראל און האָט צוליב פאַר־שידענע סיבות געמוזט אַוועקפאָרען פון לאַנד. ער האָט זיך ערקלערט גרייט צו קומען און אָרגאַניזירען אַ כאָר בלויז פאַר דעם לוין פון צען פונט אַ חודש. די מיטגלידער פון „חובבי החזנות״ האָבען זיך אין דעם אָנגעכאַפּט, ווייל צען פונט איז דאָך נישט צוואַנציג, און דער עול אויף זייערע פּלייצעס וואָלט געווען אַ קלענערער. אָבער ליידער איז נישט מעגליך געווען צו באַקומען אַן

איינרייזע־וויזע פאַר דעם דערמאָנטען דיריגענט און מען האָט זיך אומגעקערט צו דער אידייע פון אַראָפּברענגען ליאָוו׳ען.

איצט איז געשטאַנען די פראַגע: ווער זאָל אַראָפּברענגען ליאָוו׳ען? ווער זאָל נעמען די פאַראַנטוואָרטליכקייט לגבי אים? ער האָט קיינעם נישט געקענט פון די אַלע אידען, וואָס האָבען זיך געפּאָרעט אַרום דער געזעלשאַפט, זיינען זיי צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל געבען די טעלעגראַמע. מען האָט געמאַכט דעם געהעריגען פּראָטאָקאָל, אַז איך טו דאָס אין זייער נאָמען און אויף זייער פאַראַנטוואָרטליכקייט און אין עטליכע טעג אַרום איז שוין געווען אַן ענטפער פון ליאָוו׳ען, אַז ער פאָרט אַרויס.

אויף דעם גרונט האָט מען געדונגען דעם „אוהל שם" פאַר די קומענדיגע ימים נוראים. ווען ליאָוו איז געקומען האָט מען אָנגעהויבען צוזאַמענשטעלען אַ כאָר פון קינדער און דערוואַקסענע מענער. אָבער לייכט איז דאָס נישט אָנגעקומען. איבערהויפּט זיינען געווען שוועריגקייטען מיט׳ן ווערבירען די קינדער מיט פּאַסיגע שטימעלעך. ליאָוו האָט ערקלערט, אַז עס וועט זיין זעהר שווער איינצושטודירען מיט די קינדער דעם גאַנץ שווערען ימים נוראים׳דיגען רעפּערטואַר, און אַז ער וועט דעריבער דערווייל צוזאַמענשטעלען אַ כאָר פון בלויז דערוואַקסענע.

מען איז טאַקע געבליבען בלויז מיט אַ מענער־כאָר פון צוויי און צוואַנציג פּערזאָן. ליאָוו, דער גרויסער מייסטער, האָט גלייך געוויזען, וואָס ער קען. שוין אין משך פון דער ערשטער וואָך צייט האָבען זיי די ערשטע עטליכע קאָמ־פּאָזיציעס געזונגען וואונדער שיין. אָבער דאָ איז געשען אַן אומדערוואַרטעטע זאַך: פיר וואָכען פאַר ימים נוראים האָט מיין פריינט ליאָוו דערקלערט, אַז ער קען מיט צוואַנציג פונט אַ חודש נישט אויסקומען און אַז אויב מען וועט אים נישט געבען אַ קאָנטראַקט אויף דריי יאָר צייט מיט אַ לוין פון דרייסיג פונט אַ חודש, וועט ער זיין געצוואונגען צוריקצופאָרען קיין אַמעריקע.

איך האָב דעמאָלט געוואוינט אויפ׳ן הר הכרמל אין חיפה, און אין אַ שיינעם פרימאָרגען באַקום איך אַ בריוו פון פּרעזידענט לעווין, וואו ער טיילט מיר מיט וועגען ליאָוו׳ס אולטימאַטום און בעט מיך גלייך צו קומען קיין תל אָביב. מעגליך, אַז ליאָוו איז פון זיין מאַטעריעלען שטאַנדפּונקט געווען גערעכט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, אָבער קענענדיג די פינאַנציעלע לאַגע פון אַט דער יונגער פאַראייניגונג פון מוזיק־ליבהאָבער און דילעטאַנטען, האָב איך געזען, אַז זי קען, ליידער, נישט נאָכקומען ליאָוו׳ס פאַרלאַנג. מיין עצה איז געווען, אַז מען זאָל איבערוואַרטען ביז איבער די ימים נוראים און מען וועט זען, ווי עס וועלען אויסזען אונזערע פינאַנציעלע פאַרהעלטענישען. אויב עס וועט נאָר זיין די מינדעסטע מעגליכקייט, וועל איך מיט׳ן גאַנצען האַרצען אונטערשטיצען ליאָוו׳ס פאַרלאַנג.

אין עטליכע טעג אַרום בין איך געווען אין תל אָביב און האָב זיך גע־טראָפען מיט׳ן פאָרזיצער לעווין אינאיינעם מיט ליאָוו׳ען און מיר האָבען

נאָכאַמאָל אַרומגערעדט די גאַנצע זאַך, קלאָר מאַכענדיק, אַז לײַדער קען דער־װײַל די געזעלשאַפֿט נישט נעמען אויף זיך אַזאַ פֿאַראַנטװאָרטלעכקײט. איך בין נאָך דעם זעלבן טאָג צוריקגעפֿאָרן קײן חיפֿה, אָבער שפּעטער בין איך געװויר געװאָרן, אַז דער פּרעזידענט און די איבעריקע מיטגלידער פֿון דער פֿאַרװאַלטונג האָבן נאָכגעגעבן ליאָװ'ס פֿאַרלאַנג, אַלײן נישט װיסנדיק, װאָו זײ װעלן נעמען די מיטלען די פֿאַרפֿליכטונג צו דעקן.

צו דעם אַלעמען איז נאָך ליאָװ געװוען געװוּנט פֿון אַמעריקע, אַז ער זאָל האָבן אַלע נויטיקע און גאַנץ פֿײַנע זאַכן פֿאַר זײַן כאָר, בעת ארץ ישׂראל איז דעמאָלט געװוען אַ קבצנ'יש לאַנד און האָט זיך נישט געקענט אַװעקשטעלן אַזױ ברייט, װי די רײַכע ניו יאָרקער קאָנגרעגײשאָנס. די רעזולטאַטן דערפֿון האָבן לאַנג נישט געלאָזט אויף זיך װאַרטן. עס איז געװוען אַ קאַצן־יאָמער פֿון אַלע זײַטן.

## „שכונת קוואַרטין" — אַ באַלוינונג פאַר מיין בוי־טעטיקייט

מען האָט אָפּגעדאַוונט דעם ימים נוראים אין „אוהל שם", וואָס איז סיי פון קינסטלערישען און סיי פון מאַטעריעלען שטאַנדפּונקט געווען אַן אויסערגעוויינליכער ערפאָלג. דער כאָר אונטער ליאָוו׳ן האָט טאַקע פּרעכטיג געזונגען, אָבער ווען עס איז געקומען צו מאַכען די אונטערשטע שורה, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די חלה האָט נישט געסטייעט אויף דער המוציא... מען האָט טאַקע געהאָט פאַרקויפט אַלע בילעטען צו גאַנץ גוטע פּרייזען, אָבער די הוצאות, וועלכע דער כאָר האָט געמאַכט, זיינען געווען באַדייטענד גרויסע און עס האָט קוים געקלעקט אויסצוצאָלען דעם כאָר, דעם דיריגענט און די אַלע אַנדערע.

וועגען דעם, אַז דער ימים נוראים׳דיגער דאַוונען זאָל אַריינברענגען מיטלען אויף אויסצוהאַלטען דעם כאָר אויך אויף ווייטער, האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. ליאָוו האָט דערוויל אַראָפּגעבראַכט זיין פרוי און האָט זיך איינגעאָרדענט אין אַ פיינער וואוינונג, אַלץ אויפ׳ן גרונט פון דעם קאָנטראַקט, וואָס ער האָט געהאַט מיט דער געזעלשאַפט, אָבער די געזעלשאַפט האָט גלייך דעם ערשטען חודש נאָך די ימים נוראים געדאַרפט זיך ברעכען דעם קאָפּ וואו צו נעמען מיטלען אויף צו דעקען איר בודזשעט. עס איז געווען אַ ווייטאָג צו טראַכטען, אַז אַזאַ שיינער כאָר מיט ליאָוו׳ען אין דער שפּיץ, וועלכער איז געווען אַן אמת׳ער כבוד פאַר ארץ ישראל און וואָס עס איז געווען אַן אמת׳ער פאַרגעניגען אים צו הערען, זאָל מוזען אויפגעגעבען ווערען.

מיר האָבען צונויפגערופען אַן עקסטרע זיצונג מיט׳ן אָנטייל פון עטליכע רייכערע בעלי בתים און די אָנוועזענדע האָבען טאַקע גלייך אויפ׳ן אָרט ביי־געשטייערט לטובת דער געזעלשאַפט וויפיל איינער האָט געקענט און געהאַלטען פאַר נויטיג, כדי דעם כאָר צו דערהאַלטען. אָבער קיין ראַדיקאַלע רפואה האָט דאָס נישט געקענט זיין און, ליידער, האָט מען די גאַנצע זאַך געמוזט אויפגעבען. ארץ ישראל האָט געמוזט וואַרטען אַ געוויסע צייט, ביז דאָס מוזיקאַלישע לעבען זאָל דאָרט אָרגאַניזירט ווערען צו דער העכער מדרגה, אויף וועלכער עס געפינט זיך היינט.

אָבער דעמאָלט איז דער וואונדערבאַרער כאָר אויפגעלייזט געוואָרען און אַ לאַנגע צייט האָט דאָרט קיין כאָר נישט עקזיסטירט. דאָך האָב איך לאַנגע יאָרען געדענקט יענעם ימים נוראים צוזאַמען מיט ליאָוו׳ען, וואָס איז געווען

אַן אמת׳ער געגוס, נישט בלויז פאַר אונז, וואָס האָבען זיך אין אים באַטייליגט, נאָר אויך פאַר די טויזענטער אידען פון תל אָביב, וואָס האָבען אָנגעפילט דעם ריזיגען זאַל פון „אוהל שם״.

אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי מיר האָבען פאַרענדיגט אויפבויען דעם קוואַרטאַל „שכונת אחוה״ בין איך פאַרבייגעגאַנגען עק רחוב באַלפור און רחוב יהודה הלוי און האָב דאָרט באַמערקט אַ וואונדערשיינעם פּרדס, אַרומגערינגעלט מיט פּראַכטפולע פּאַלמען. איך האָב זיך פאַראינטערעסירט צו וועמען עס געהערט אַזאַ שיינער באַזיץ אין סאַמע צענטער פון שטאָט און האָב גאָר אינגיכען אויסגעפונען, אַז דער פּרדס, וואָס פאַרנעמט אַ שטח פון 45 דונאַם, געהערט דעם דייטש גינטנער פון דער באַרימטער דייטשער קאָלאָניע שרונה, לעבען תל אָביב.

די דאָזיגע שרונה איז היינט דער זיץ־־אָרט פון דער צייטווייליגער ישראל־רעגירונג און טראָגט דעם נאָמען הקריה — די הויפּט־שטאָט. אָבער צו יענער צייט איז דאָס געווען אַ נעסט פון בלוטיגע אידען־פיינט און צוקונפטיגע היטלעריסטען. און עס האָט מיר פאַרקלעמט ביים האַרצען, וואָס אַזאַ פּראַכט־פולער אָראַנזשען־גאָרטען געהערט צו אַ דייטש. נאָך בעת מיין ערשטען זיין אין ארץ ישראל האָט מען אומעטום גערעדט וועגען שרונה, וואָס איז געווען ווי אַ בייזער פיינטליכער דאָרען אין סאַמע האַרצען פון אידישען ישוב. מען האָט געהערט טענות, הלמאי מען האָט נישט גלייך נאָכ׳ן ערשטען וועלט־קריג, ווען די דייטשען זיינען געווען די פאַרשפּילטע, אָפּגעקויפט בחצי חינם די פּרדסים און הייזער ביי די דייטשען, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען די געשלאָגענע און וואָלטען זיי גערן פאַרקויפט.

מען האָט מיר איבערגעגעבען, אַז צו יענער צייט וואָלט מען דאָס געקאָנט אָפּקויפען אַזוי ביליג, ווי צו דרייסיג, פינף און דרייסיג פונט אַ דונאַם. אָבער אוסישקין, אַלס אָנפירער פון קרן קימת, זאָל האָבען ערקלערט אויף די דאָזיגע טענות: צו וואָס זאָל מען צאָלען געלט די דייטשען, אַז מיר וועלען זייער אייגענטום קענען איבערנעמען אינגאַנצען אומזיסט. עס איז געווען אַ נביא׳ישער זאָג, אָבער צו יענער צייט האָבען די ווערטער געקלונגען לעגענדאַריש און דערווייל זיינען נאָך די דייטשען אין ארץ ישראל געזעסען פעסט אין זאָטעל.

אַפילו אין יאָר 1923 האָט מען ביים דייטש גינטנער געקענט אָפּקויפען זיין פּרדס אין תל אָביב צו פופציג פונט אַ דונאַם, אָבער ווען איך האָב אין יאָר 1931 גענומען נאָכפרעגען וויפיל ער פאַרלאַנגט פאַר דעם פּרדס, האָט ער זיך נישט געשעמט צו בעטען 900 פונט אַ דונאַם. דערביי האָט ער באַוויזען שוואַרץ אויף ווייס, אַז ער האָט אָנבאָטען צו 800 פונט, אָבער ער וויל דווקא 900, און דעם קלענסטען שטח, וועלכען ער וויל פאַרקויפען, איז צען דונאַם, בעת די אָנבאָטען זיינען בלויז אויף דריי דונאַם.

נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָב איך ביי דעם דאָזיגען דייטש אָפּגעקויפט צען דונאַם פּרדס־באָדען און אים באַצאָלט אַכט טויזענט פונט, דאָס מיינט

צו אַכט הונדערט פונט אַ דונאַם. דעמאָלט האָבען די תל אָביב׳ער מעקלערס פון באָדען אויפגעהויבען אַ ויצעקו, הלמאי איך האָב געצאָלט אַזאַ טייערען פּרייז. זיי האָבען מיך שיעור פאַרשריגען פאַר אַ ספּעקולאַנט. אין דער אמת׳ן האָב איך מיר אָבער געטראַכט: הלוואי וואָלט איך געהאַט גענוג געלט אָפּצו־קויפען ביי אים אַלע 45 דונאַם.

איך האָב געוואוסט מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז קוים וועלען מיר איצט נישט אַרויסרייסען פון דעם דייטש׳ס הענט דעם פּרדס, וועט מען מיט אַ צייט שפּעטער מוזען צאָלען אים אַ דריי־פאַכיגען פּרייז, און בלויז מיט איין יאָר שפּעטער האָט זיך דאָס טאַקע באַשטעטיגט און די פריערדיגע שרייערס האָבען שוין גאָר אַנדערש גע׳טענה׳ט. זיי האָבען געזאָגט: הלוואי וואָלט מען דעמאָלט געפאָלגט קוואַרטינ׳ען און אים נישט געשטערט. דער טומעל, וועלכער איז אויפגעהויבען געוואָרען בעת איך האָב געשלאָסען די קניה, האָט געבראַכט דערצו, אַז איך האָב געמוזט אויפגעבען אַן אָפּשאָץ אויף וויטערדיגע צען דונאַם, וועלכע איך האָב געהאַט מיט דעם דייטש. איך האָב מיר דאָס שפּעטער נישט געקענט מוחל זיין.

מיט אַ יאָר שפּעטער איז דער צופלוס פון פאַרמעגליכע אידען קיין ארץ ישראל געווען זעהר אַ גרויסער און אין גאַנץ ארץ ישראל, ספּעציעל אין תל אָביב, איז געוואָרען אַ גרויסער „בום" אויף באָדען. די זעלבע מעקלערס, וועלכע האָבען מיך פאַרשריגען פאַר אַ ספּעקולאַנט, זיינען איצט געלאָפען צום דייטש גינטנער און אים אָנגעבאָטען דאָפּעלט, וויפיל איך האָב באַצאָלט. אָבער דער דייטש האָט זיך געהאַלטען אין גרויסען און דער סוף איז געווען, אַז אָנשטאָט 800 פונט פאַר אַ דונאַם, בעת איך האָב געקויפט, האָט ער איצט באַקומען 2,500 און אַפילו 3,000 פונט פאַר אַ דונאַם. אַזוי האָבען נאָך אַ סך אַנדערע דייטשען פון שרונה פאַרקויפט זייער באָדען צו די העכסטע ספּעקולאַ־טיווע פּרייזען, בעת נאָך גאָר נישט לאַנג, ווען מען איז נאָר אַביסעל וויטזעעוו־דיגער, וואָלט מען עס געקענט האָבען פאַר אַ דריטל.

שרונה איז נישט בלויז געווען די נעסט פון היטלעריסטען און שונאי ישראל, נאָר דאָרט האָבען אויך געפונען אַ באַהעלטעניש די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס. ווען אין יאָר 1936 זיינען אויסגעבראָכען די אומרוען אין לאַנד און אין איין טאָג האָט מען געבראַכט קיין תל אָביב איין און צוואַנציג דער׳הרג׳עטע אידען פון יפו — דעמאָלט האָבען זיך די אַראַבישע מערדער גענומען אַריינקלייבען צו זייערע טרייע פאַרבינדעטע, די דייטשען פון שרונה. דאָס איז געווען אַן איבעריגער באַווייז, ווי וויכטיג עס איז געווען פּטור צו ווערען פון די דייטשען און אַרויסצורייסען דעם באָדען־באַזיץ פון זייערע הענט.

נישט געקוקט וואָס ביי שכונת אחוה האָב איך און הער קאָס נישט געמאַכט קיין צו גוטען געשעפט, האָט עס אונז דאָך נישט אָפּגעהאַלטען אונטערצונעמען אַ וויטערדיגע אַרבייט, וואָס זאָל זיין צום גונסטען די ברייטסטע שיכטען אין לאַנד און גלייכצייטיג זאָלען מיר דערביי זיין באַשעפ־

טיגט. איך האָב באַשלאָסען זיך מער נישט צוצוהערען צו די אַלערליי מעקלערס און סתם ליידיגגייער, מיט וועלכע די תל אָביב׳ער קאַפעען זיינען דעמאָלט פול געווען און וועלכע האָבען בלויז געדרייט אַ קאָפּ, האָבנדיג דערביי אין זינען זייערע אייגענע אינטערעסען.

דאָס מאָל האָט אונזער אונטערנעמונג געדאַרפט זיין — בשותפות׳דיגע הייזער, שוין אָן גערטענדלעך, ווייל דער באָדען איז דאָס מאָל געווען צו טייער פאַר אַזאַ לוקסוסדיגער אונטערנעמונג. אַזאַ הויז האָט אַנטהאַלטען אַכצען וואוינונגען און מיר האָבען זיך געווידמעט דער אַרבייט טאַקע ווי מען זאָגט: מיט לייב און לעבען, שטרעבענדיג פון גאַנצען הארצען, אַז די מענשען, וואָס וועלען דאָרט וואוינען, ווידעראַמאָל קליינע בעלי מלאכות, אַרבייטער און אָנגעשטעלטע, זאָלען אַמאָל דערמאָנען אונזערע נעמען צום גוטען.

דער קלאַנג פון אונזער אַרבייט איז דערגאַנגען צום בירגערמייסטער פון תל אָביב, מאיר דיזענגאָף, וועלכער האָט באַשלאָסען מיט עפּעס וואָס מיר אָפּצודאַנקען פאַר מיין באַשיידענעם צושטייער צו דער פאַנאַנדערבויאונג פון תל אָביב. אין עטליכע חדשים אַרום, נאָכדעם ווי די בשותפות׳דיגע הייזער זיינען פאַרטיג געוואָרען, האָט דער שטאָט־ראָט פון תל אָביב, אויפ׳ן פאָרשלאָג פון בירגערמייסטער, אַ נאָמען געגעבען די געגענט, וועלכע מיר האָבען פאַרבויט — שכונת קוואַרטין. דאָס איז ביים עק רחוב באַלפור און רחוב יהודה הלוי. עס איז ווירקליך געווען אַ גרויסער כבוד פאַר מיר צו דערלעבען אַזאַ נחת, אַז אַ ווינקעל אין דער ערשטער אידישער שטאָט זאָל אָנגערופען ווערען אויף מיין נאָמען.

מיין נאָמען האָט געגומען באַקאַנט ווערען אין לאַנד נישט בלויז אַלס חזן און שליח צבור נאָר אויך אַלס אונטערנעמער צו העלפען אין אויפבוי פון ישראל. נאָך דער פאַרענדיגונג פון די ״שותפות׳דיגע הייזער״ אין שכונת קוואַרטין, האָבען זיך געווענדעט צו מיר עטליכע אידען, וואָס האָבען געהאַט פּלעצער אויפ׳ן הר הכרמל, אַז איך זאָל זיי העלפען אויפבויען אייגענע הייזלעך אויף די דאָזיגע פּלעצער. מיר האָבען געשלאָסען אַן אָפּמאַך, אַז די הייזלעך דאַרפען אויסגעצאָלט ווערען אין פינף יאָר צייט. אָבער צו מיין גרויסער איבעררואַשונג און פרייד זיינען זיי אַלע אומשטאַנד געווען צו באַצאָלען די בוי־קאָסטען אין פאַרלויף פון צוויי יאָר. דאָס זיינען שוין געווען גרעסערע הייזלעך צו פינף צימערען, און די איינקונפט פון די פאַרדונגענע צימערען האָט די אייגענטימער געגעבען די מעגליכקייט צו ווערען פריער פולשטענדיגע בעלי בתים איבער זייער אייגענטום.

צו יענער צייט האָט זיך פאַרשטאַרקט די טענדענץ ביים גאַנצען ישוב אין ארץ ישראל אַרויסצורייסען וואָס מער באָדען פון אַראַבישע הענט. עס האָט זיך געפילט אַ נויטיגקייט צו פאַרגרעסערען דעם אידישען לאַנדווירטשאַפטליכען באַזיץ, וואָס איז געווען נאָך געגוג שוואַך אין פאַרגלייך צו דעם אומפאַרגלייכליכען וואוקס פון די שטעט. אויך איך בין אָנגעשטעקט געוואָרען

פון דעם דאָזיגען דראַנג און אין יאָר 1932 איז מיר געלונגען אָפּצוקויפען ביי אַן אַראַבער 200 דונאַם באָדען נישט ווייט פון דער קאָלאָניע גדרה, וואָס איז געווען פּאַסיג פאַר אָראַנזשען־פלאַנצונגען.

איך האָב טאַקע באַשלאָסען, אַז איך וועל אַליין פלאַנצען דעם ערשטען פּרדס אויף דעם דאָזיגען באָדען. נאָר דאָ איז אויפגעקומען די פראַגע פון וואַסער, ווייל, ווי באַקאַנט, קען קיין פּרדס נישט בליען אָן אַ גענוגענדיגען רייכען וואַסער־צופלוס. מען האָט זיך משער געווען, אַז אַזוי ווי אַן ערך אַ האַלבען קילאָמעטער פון מיין פּרדס האָט זיך געפונען אַ גרויסער פּרדס מיט אַ ברונעם, וואָס האָט געליפערט גענוג וואַסער, וועט מסתמא אויך אין מיין פּלאַץ זיין דאָס זעלבע. די ערפאַרונג האָט אָבער באַוויזען, אַז אויף השערות טאָר מען זיך אין ארץ ישראל נישט פאַרלאָזען.

די אינזשינערען־געאָלאָגען, וועלכע איך האָב אָנגעשטעלט, האָבען פאַר־זיכערט, אַז צווישען צוואַנציג און פינף און צוואַנציג פוס טיף דאַרף זיך על פּי שכל באַווייזען גענוג וואַסער. אָבער דער שכל האָט דאָס מאָל פאַרפירט. מען האָט אָנגעהויבען גראָבען און נאָך די ערשטע צוועלף פוס האָט מען אָנגעטראָפען אויף אַ פעלזיגען באָדען. דאָס זיינען אַפילו נישט געווען קיין פעלזען, נאָר אמת׳ער שטאָל, אַזוי אַז נישט איין גראָב־מאַשין האָט זיך צעבראָכען, פרואווענדיג אַדורכלעכערען אָט די שטאָלענע וואַנט. אָפטמאָל האָט מען געבויערט און געבויערט אַ גאַנצען טאָג און מען האָט קוים געקאָנט גרייכען טיפער אויף איין אינטש.

מיר האָבען אָנגעהויבען ווערען פאַרצווייפעלט, ווייל עס איז געווען אַ געפאַר, אַז טאָמער באַווייזט זיך נישט קיין וואַסער אויף דעם אָרט — איז דער גאַנצער באָדען ווערטלאָז. אָבער מען האָט נישט געטאָרט אויפגעבען די ווייטערדיגע באַמיהונגען, מען איז שוין געווען צו ווייט אַנגאַזשירט אין דער אַרבייט און אין די הוצאות. ענדליך, נאָך דריי חדשים פון אָנגעשטרענגטער אַרבייט, נאָכ׳ן גראָבען פיר און ניינציג מעטער טיף, האָט אַ שטראָם געטאָן די געבענטשטע פליסיגקייט, וואָס רופט זיך וואַסער. אַנשטאָט אַכט הונדערט פונט, וואָס איז געווען לכתחילה אַסיגנירט אויף צו גראָבען אַ ברונעם, האָט דאָס אָפּגעקאָסט 2,600 פונט. עס איז געווען פאַר מיר אַ שלעכטער סימן, אַז פון דער דאָזיגער נחלה וועל איך קיין גרויס נחת נישט האָבען.

אַלס אַן אָנהויב האָב איך באַשלאָסען צו פאַרפלאַנצען אַ פּרדס אויף הונדערט דונאַם פון מיין באָדען. אַלס פאַרוואַלטער האָב איך אָנגעשטעלט איינעם פון די בעסטע פּרדסנים, וואָס איז געווען אַן אינטערעסאַנטער טיפּ מענש. ער איז געווען אַ יונגערמאַן, אַ תלמיד חכם, אָבער צו דער זעלבער צייט אַ שטאַרק איינגעשפּאַרטער און פאַרגלויבטער אין זיך. ער האָט זיך געפלאַנצט לויט זיין אייגענער שיטה און האָט זיך אינגאַנצען נישט געוואָלט רעכענען מיט די מיינונגען פון אַנדערע, גרעסערע אַגראָנאָמען. זיין שיטה איז געווען שטרענג לויט דער גמרא זרעים, און אים האָט נישט געאַרט, וואָס

פֿון דער תּלמוד־צײַט זײַנען שױן פֿאַרבײַ אַזױ פֿיל הונדערטער יאָרען און פֿאַר דער צײַט האָט די מאָדערנע װיסענשאַפֿט געמאַכט געװיסע פֿאָרשריטען אױפֿ'ן געביט פֿון פּלאַנצען אָרגאַנזשען־גערטנער.

פֿאַר אָט דער צײַט האָט זיך אַפֿילו דער קלימאַט פֿון ארץ ישראל געענ־דערט, דער באָדען איז דורכגעגאַנגען אַזױ פֿיל געאָלאָגישע ענדערונגען און די מעטאָדען פֿון באַארבײַטען אים מוזען דעריבער זײַן אַנדערע, װי מיט טױזענטער יאָרען צוריק. אָבער צו מײַן פֿאַרװאַלטער האָבען די אַלע אַרגו־מענטען נישט גערעדט און ער האָט זיך שטרענג געהאַלטען בײַ דער גמרא זרעים. מען קען זיך דעריבער פֿאָרשטעלען, אַז קײן גוטס פֿאַר מײַן פּרדס איז דערפֿון נישט אַרױסגעקומען.

שױן גלײַך אױפֿ'ן צװײטען יאָר האָט מען געקענט זען, אַז די זריעה איז שלעכט פֿאַרלײגט געװאָרען און מען האָט געמוזט איבערפּלאַנצען דעם פּרדס פֿון דאָס נײַ. זעענדיג, אַז עס גײט מיר אַביסעלע שלימ'מזל'דיג מיט אָט דעם באָדען, האָב איך דעריבער גערן אָנגענומען דעם פֿאָרשלאָג פֿון מײַנעם אַ פֿרײַנט פֿון װין, אַז איך זאָל אים פֿאַרקױפֿען די צװײטע הונדערט דונאַם. דער פֿרײַנט האָט אָבער פֿאַרלאַנגט, אַז איך, אַלס אַ שטיקעל ארץ ישראל'דיגער תּושב, זאָל זיך פֿאַרנעמען מיט פּלאַנצען אַ פּרדס אױך אױף זײַן באָדען.

דאָס מאָל האָב איך זיך שױן נישט געװאָלט פֿאַרלאָזען בלױז אױף מײַן פֿאַרװאַלטער מיט דער גמרא זרעים, נאָר מען האָט טאַקע אײַנגעלאַדען גרױסע עקספּערטען און די אַרבײַט איז אַװעק אַ סך בעסער. אַ סך האָב איך געהאַט צו פֿאַרדאַנקען דעם „קיבוץ מיוחד", װאָס האָט אַלס אַ גאַנצע קבוצה געאַרבײַט בײַם פּרדס. זײ האָבען דערפֿילט זײערע פֿליכטען מיט דער גרעסטער פּינקט־ליכקײט און עס האָבען געהערשט צװישען אונז די בעסטע באַציהונגען.

דאָך האָט מיר מײַן פּרדס קײן גליק נישט געבראַכט און איך בין זיך אױסגעשטאַנען פֿון אים געברענטע צרות. אױך די שכנות'דיגע אַראַבער האָבען צוגעהאָלפֿען צו פֿאַרביטערען מיר דאָס לעבען און איך האָב כּסדר געמוזט געבען „באַקשיש" די מוכטאַרען, אַז זײ זאָלען נישט דערלאָזען צו פֿאַרניכטען די אײדעלע פּלאַנצונגען, װאָס מוזען זיך אױסשטײן גאַנצע זיבען יאָר, ביז מען דערלעבט פֿון זײ אַ שטיקעל נחת.

אין אָנהױב פֿון יאָר 1934 זײַנען צו מיר געקומען עטליכע אידען פֿון צפֿת, װאָס האָבען גענומען פֿאַנאַנדערװיקלען פֿאַר מיר גאָר פֿאַנטאַסטישע פּלענער. אין צפֿת האָט זיך דעמאָלט געהאַט געגרינדעט אַ געזעלשאַפֿט אונטער'ן נאָמען „חברת אגודת הדתים", װאָס האָט אָפּגעקױפֿט פֿון דער פּיק"א (די קאָלאָניזאַציע געזעלשאַפֿט פֿון באַראָן ראָטשילד) צװײ טױזענט דונאַם באָדען אױפֿ'ן הר כּנען. די דאָזיגע געזעלשאַפֿט האָט געפּלאַנט פֿאַנאַנדערצובױען די באַרגיגע געגענט און פֿאַרװאַנדלען זי אין אײנעם פֿון די שענסטע קור־אָרטען אױף דער װעלט. דערצו האָבען זײ געדאַרפֿט מענשען מיט פּאָפּולערע נעמען, װאָס זאָלען

צושטיין צו זייער געזעלשאַפט, און פאַר דעם ערשטען קרבן האָבען זיי אויס־געקליבען מיך.

זיי האָבען פאַרגעלייגט, אַז איך זאָל קויפען ביי זיי עטליכע הונדערט דונאַם באָדען אויפ׳ן הר כנען און בכלל צושטיין צו דער געזעלשאַפט און העלפען אַנטוויקלען איר טעטיגקייט. נאָך מיר, האָבען זיי געהאַפט, וועלען צושטיין נאָך אַנדערע אָנגעזעענע מענשען, און פאַר דער מצוה, וואָס איך וועל זיין דער ערשטער, האָבען זיי מיר אָנגעבאָטען דעם באָדען בחצי חינם. דערביי האָבען זיי מיר אָנגעגעבען אין נדן אַריין אַ געוויסע פרוי לעווי אַזש פון סינגאַפור, וואָס האָט זיך שוין פאַראינטערעסירט מיט דעם פראָיעקט און פירט אונטערהאַנדלונגען וועגען קויפען צוויי הונדערט דונאם פון דעם דאָזיגען באָדען, כדי אויפצובויען דאָרט אַ פראַכטפולען האָטעל.

דערביי האָבען זיי מיר אָנגעגעבען דעם אַדרעס פון דער דאָזיגער פרוי, אַז איך זאָל מיך אַליין איבערצייגען ביי איר, ווי ווייט זי איז פאַראינטערעסירט אין דעם דאָזיגען גיגאַנטישען בוי־פראָיעקט. מיין טבע איז געווען אַלעמען אויס־צוהערען און דערנאָך מיט די אייגענע אויגען זיך איבערצייגען, וואָס פאַר אַ פראַקטישען ווערט עס האָבען די אַלע שיינע רייד. מיט אַ וואָך שפּעטער בין איך טאַקע געקומען קיין צפת און בין אַרויף אויפ׳ן הר כנען. דער איינ־דרוק, וואָס מען באַקומט, ווען מען שפּרייזט אַרויף אויף דעם דאָזיגען באַרג איז ווירקליך אַן אַנטציקענדער. און איך האָב מיר געטראַכט, אַז עס וואָלט באמת געווען גאָר נישט קיין שלעכטער געדאַנק צו פאַרוואַנדלען אָט די באַר־גיגע געגענט אין אַ קוואַרטאַל פון שיינע ווילעס מיט אַלע אַנדערע גוטע זאַכען, וואו מענשען זאָלען געפינען אָפּרו אין אַן אויסגעצייכענטען קלימאַט, אַרומגע־רינגעלט פון אַ וואונדערשיינער נאַטור.

אָבער גאָר אַן אַנדער איינדרוק האָבען אויף מיר געמאַכט די אידען פון דער דערמאָנטער „חברת אגודת הדתים״, מיט וועלכע איך האָב זיך שפּעטער באַקענט. זיי זיינען מיך באַפאַלען ממש ווי די היישעריקען און יעדער פון זיי האָט מיר אָנגעבאָטען, אַז איך זאָל אָפּקויפען אַ חלק באָדען פון זיין חלק אין דער געזעלשאַפט. מיר האָט זיך דעריבער אויסגעוויזען, אַז די גוטע אידייע פון פאַנאַנדערבויען אַ וואונדערבאַרע געגענט שטייט אין נישט ריכטיגע הענט, וואָס זוכען גיכער אַן אייגענעם נוצען ווי די טובת הכלל.

צוריקקומענדיג קיין תל־אָביב האָב איך באַזוכט די פרוי לעווי פון סינגאַ־פור. זי האָט שוין אַפילו געהאַט אַן אייגענעם סעקרעטאַר, אַ געוויסען הער ברזל, אַן אינטערעסאַנטער און קלוגער מענש פון אַן איינגעזעסענער ארץ ישראל פאַמיליע. מיר האָבען זיך פאַנאַנדערגערעדט און איך האָב אויסגעפונען, אַז זי איז ווירקליך שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער געגענט פון הר כנען, אַז זי איז אַ רייכע פרוי, און אַז איר פאַרשטאָרבענער מאַן, וועלכער איז געבראַכט געוואָרען צו קבורה אין ארץ ישראל, איז געווען אַ הייסער ציוניסט און אין זיין אָנדענקען וויל זי פאַרווענדען איר פאַרמעגען אין ארץ ישראל, כדי צו

בויען אַ דויערהאַפטע זאַך, וואָס זאָל זיין נוצליך פאַר דעם לאַנד און זאָל גלייכצייטיג פאַרזאָרגען איר אויף דעם רעשט פון איר לעבען.

זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וויל טאַקע קויפען עטליכע הונדערט דונאַם באָדען אויפ׳ן הר כנען, אָבער דירעקט פון דער פיק״אַ־געזעלשאַפט, און נישט פון דער צפת׳ער חברה. אַזוי ווי די געגענט איז נאָך ווילד און נישט באַ־וואוינט און איז נאָך דערצו אַרומגערינגעלט פון בלויז אַראַבער, וואָלט זי געוואָלט, אַז עס זאָל זיך צוזאַמענקלייבן אַ גרעסערע גרופּע מענשען, וואָס זאָלען זיין גרייט גלייך אָנצוהויבען פאַרבויען דעם באַרג און זיך טאַקע אַליין באַזעצען דאָרט, כדי עס זאָל זיך אָנהויבען שאַפען דאָרטען אַ מענטשליכער ישוב. דערווייל אָבער זעט זי נישט, אַז ווער עס איז זאָל אַרויסווייזען אַן אינטערעס אין דער זאַך.

פון דעם געשפּרעך מיט פרוי לעווי האָב איך געדרונגען, אַז זי איז אַ פּראַק־טישע פרוי מיט אַ געזונטען חוש פאַר דער ווירקליכקייט. און אַזוי ריידענדיג מיט איר איז מיר איינגעפאַלען, אַז עס וואָלט געווען נישט קיין קרומער געדאַנק אויסצובויען אויף דעם באַרג הייזלעך פאַר קינסטלער, וואָס וואָלטען זיך אַנטציקט מיט דער שיינקייט פון דער אַרומיקער נאַטור און געהאַט גלענצענדע מעגליכקייטען פאַר זייער שאַפונג. מיט דער צייט וואָלט די געגענט געקענט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ קינסטלער־קאָלאָניע מיט ספּעציעלע קינסטלערישע פאַראַנשטאַלטונגען, אַזוי ווי מיר האָבען דאָס געזען אין פאַרשידענע ערטער אין אייראָפּע, ווי אַ שטייגער: די מוזיק־פעסטיוואַלען אין זאַלצבורג אָדער אין ביירוט, און עס וואָלט געווען אַ גרויסער כבוד פאַר׳ן לאַנד און וואָלט אויך אַריינגעבראַכט אַ געוויסע הכנסה פון טוריסטען פון דער גאַנצער וועלט.

די קינסטלערישע פאַנטאַזיע האָט זיך ביי מיר אַליין אַביסעל צעשפּילט און איך האָב גענומען אויסמאָלען פאַר פרוי לעווי, וואָס פאַר אַ געוואַלדיגער אויפטו דאָס וואָלט געווען, ווען מיר קענען פאַרווירקליכען דעם פּלאַן. דערביי האָב איך שיעור אַליין נישט פאַרגעסען, וואָס פאַר אַן עלעמענט מענשען עס זיינען די קינסטלער, אַז די מערהייט פון זיי זיינען שטאַרק איינגערעדט און פאַרגלויבט אין זיך; זיי זיינען נערוועז און צערייצט און מען דאַרף זיך אויס־שטיין כל׳ערליי צרות ביז מען קען מיט זיי אויסקומען.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם האָבען מיר זיך אין אונזער געשפּרעך אָפּגעשטעלט אויף דעם פּראָיעקט אַלס דעם פּאַסיגסטען, וואָס זאָל העלפען פאַנאַנדערבויען די וואונדערליכע געגענט פון הר כנען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז איך, וואָס שטיי אַמנאָענטסטען צו דער קינסטלערישער וועלט, זאָל נעמען אויף זיך צוזאַמענצושטעלען אַ גרופּע קינסטלער: מאָלער, מוזיקער און שריפטשטעלער, וואָס וועלען האָבען אַן אינטערעס אין דער זאַך. דערווייל האָבען מיר צווישען זיך אָפּגעמאַכט, אַז נישט פרוי לעווי און נישט איך זאָלען אונטערנעמען עפּעס וואָס מיט דער צפת׳ער געזעלשאַפט, ביז מיר וועלען נישט אויפקלערען, צי דער פּראָיעקט פון אַ קינסטלער־קאָלאָניע האָט עפּעס אַ ממשות.

דער ערשטער, וועלכען איך האָב פאַרשטענדיגט וועגען דעם פּלאַן, איז געוועזן אַ פריינט מיינער פון ווין, אַן אַנגעזעענער דיריגענט, וועלכער האָט זינט עטליכע יאָר געוואוינט אין תל אָביב. ער איז געוועזן אַן אידעאַליסט און אַן ענטוזיאַסטישער מענש פון דער נאַטור, האָט ער זיך גלייך אָנגעצונדען פאַר דעם פּראָיעקט און האָט גענומען אויסמאָלען אין די העלסטע פאַרבען, וואָס מען קען אַלץ אויפטאָן אויף אָט דעם פאַר׳כישופ׳טען באַרג. ער איז געוועזן שטאַרק באַגייסטערט און האָט גענומען אויף זיך צוזאַמענצושטעלען אַ רשימה פון אָנגעזעענע קינסטלער אין תל אָביב, אַזעלכע, וואָס לעבען אין שווערע באַדינגונגען אין שטאָט און וואָלטען זיך גערן באַזעצט אויף דער שויס פון דער נאַטור.

אין עטליכע טעג אַרום האָבען מיר אָפּגעהאַלטען אַ באַראַטונג מיט די קינסטלער, לויט דעם צעטעל, וואָס מיין פריינט האָט צוזאַמענגעשטעלט. אָבער דאָ איז אויפגעשוואומען גאָר אַ וויכטיגע פראַגע, וואָס מיר, די גרויסע פאַנטאַזיאָרען און פּלענער־מאַכער, האָבען זי אינגאַנצען אַרויסגעלאָזט פון געדאַנק: פון וואָס וועלען אָט די קינסטלער לעבען אויף דעם באַרג? אמת טאַקע, הייזלעך וועלען מיר פאַר זיי אויסבויען, אָבער אין שטוב אַריין דאַרף מען דאָך האָבען נאָך עפּעס; איז ווער וועט זיי באַזאָרגען מיט דעם נאָך עפּעס?

עס איז טאַקע נישט געוועזן מער ווי אַ פּראָיעקט, אָבער אַזאַ וויכטיגע פראַגע האָט מען אין דעם פּראָיעקט נישט געטאָרט אַרויסלאָזען. עס איז געבליבען, אַז צו דער צווייטער זיצונג זאָל מען קומען מיט גענויער אויסגעאַרבייטע פּלענער, ווי אַזוי צו באַזאָרגען, אַז די איינוואוינער פון דער קינסטלער־קאָלאָניע אויפ׳ן הר כנען זאָלען האָבען אַ באַזע פונוואַנען צו ציען חיונה. און ווירקליך, די פּרוי לעווי האָט געגעבען אַ פּלאַן, אַז מען זאָל אין דער נייער קאָלאָניע אויסבויען אַ קונסט־געווערב שולע, וואו עס זאָלען זיך לערנען קינדער מיט קינסטלערישע פעהיגקייטען. די אויסאַרבייטונגען פון די שילער זאָלען פאַר־קויפט ווערען, און דאָס וועט אַריינברענגען אַ באַשיידענע הכנסה פאַר דער ערשטער צייט.

אָבער עס איז געוועזן קלאָר, אַז אָן אַ באַדייטענדען פאָנד אויף אויסצו־האַלטען און אונטערשטיצען די קאָלאָניע־איינוואוינער אין דער ערשטער צייט וועט דער פּראָיעקט נישט קענען פאַרווירקליכט ווערען. פּרוי לעווי האָט אונז דערוויל מיטגעטיילט, אַז זי האָט געקויפט דירעקט פון דער פּיק״אַ־געזעלשאַפט 200 דונאַם באָדען אויפ׳ן הר כנען, און אַז זי האָט זיך פאַרפּליכטעט אין משך פון אַ באַשטימטער צייט דאָרט אויפצובויען אַ גרויסען האָטעל. די דאָזיגע נייעס איז געוועזן זעהר נישט קיין גינסטיגע פאַר דעם פּראָיעקט פון דער קינסטלער־קאָלאָניע, ווייל מיר האָבען געפּלאַנט אַרויסצובאַקומען געוויסע קאָנצעסיעס פון די צפת׳ער אידען לטובת דעם דאָזיגען פּראָיעקט. מיר האָבען געוואָלט פון זיי באַקומען אַ טייל באָדען אומזיסט. אָבער איצט, ווען זיי האָבען

געזען, אַז די פרוי לעווי וועט אין גיכען דאָרט אָנהויבען בויען — וועט זיין שווערער פון זיי די קאָנצעסיעס אַרויסצובאַקומען.

פרוי לעווי האָט דאָס פאַרשטאַנען און זי האָט צוגעשטימט צו אונזערע אַרגומענטען, אַז עס איז גלייכער זיך דערוויייל אָפּצוהאַלטען פון קאָנקרעטע שריט אויפ׳ן הר כנען, ביז די פאַרהאַנדלונגען מיט די צפת׳ער אידען וועלען נישט זיין פאַרענדיגט.

מיר האָבען פאַרלאַנגט ביי דער „חברה הדתית״ אומזיסט 200 דונאַם באָדען, כדי אויף זיי אויסצובויען די געפּלאַנטע קינסטלער־קאָלאָניע. מיר האָבען דאָס מאָטיווירט דערמיט, וואָס דאָס וועט געוואַלדיג פּאָפּולער מאַכען די אידייע פון פאַנאַנדערבויען דעם הר כנען, און פאַר דעם איבעריגען באָדען וועלען זיי אַריינגעמען אַ סך מער וויפיל זיי וועלען פאַרלירען דורך די 200 דונאַם באָדען, וואָס זיי וועלען מאַכען אַ געשאַנק צו די קינסטלער. דערביי האָבען מיר זיי אַריינגעגעבען אין נדן אריין, אַז אויב זיי וועלען דערפילען אונזער וואונש, וועט דאַן פרוי לעווי דאָרט אָנהויבען בויען אַ גרויסען האָטעל און אויך עטליכע קלענערע הייזלעך, וואו די קינסטלער זאָלען וואוינען, און איך וועל קויפען אַ גרעסערע צאָל דונאַמס אויפ׳ן באַרג.

נאָך לאַנגע וואָכען פון פאַרהאַנדלונגען און דינגען זיך, נאָכדעם ווי זיי האָבען געזען, אַז מיר, דאָס הייסט, פרוי לעווי און איך, די הויפּט מחותנים צו דער אידייע פון פאַנאַנדערבויען דעם הר כנען, רירען זיך נישט פון אָרט און זיינען פאַר׳עקשנ׳ט אין אונזער פאָדערונג פון אַן אומזיסטען שטח באָדען פאַר די קינסטלער, האָבען די אידען פון דער צפת׳ער געזעלשאַפט נאָכגעגעבען, אָבער נישט אומזיסט, נאָר זיי האָבען אָפּגעגעבען 120 דונאַם באָדען פאַר׳ן אַלגעמיינעם פרייז פון 120 פונט, דאָס מיינט צו איין פונט אַ דונאַם. אַ שטיקעל נצחון איז עס דאָך געווען, און מיר זיינען געווען צופרידען. די צפת׳ער אידען האָבען אָבער געשטעלט אַ באַדינג, אַז אויף דעם באָדען דאַרף מען אין אַ באַ־שטימטער צייט אָנהויבען בויען די קונסט־געווערב שולע.

פרוי לעווי האָט צוגעזאָגט צוצוגעבען צו די 120 דונאַם נאָך 30 דונאַם פון איר באָדען אינגאַנצען אומזיסט, און אויך איך האָב צוגעזאָגט צו געבען מיין חלק, נאָכדעם ווי איך וועל האָבען דורכגעפירט מיין קניה. און נאָכ׳ן אָפּשליסען די אַלע אָפּמאַכען נאָטאַריעל, ווי עס געהער צו זיין, האָבען מיר באַשלאָסען, אַז איצט איז געקומען די צייט צו גרינדען דעם קינסטלער־פאַראיין, וועלכען מען האָט אַ נאָמען געגעבען „הבירה״.

דער פאַראיין האָט זיך געשטעלט אַלס זיין ערשטע אויפגאַבע: 1) שאַפען אַ פאָנד אויף די ערשטע הוצאות, און קודם כל אויסצוצאָלען די צפת׳ער אידען די 120 פונט פאַר׳ן באָדען; 2) מאַכען די געהעריגע צוגרייטונגען אויף אויס־צובויען אויפ׳ן הר כנען די געפּלאַנטע קונסט־געווערב שולע; 3) פּאָפּולאַריזירען די אידייע פון דער קינסלטער־קאָלאָניע צווישען די ארץ ישראל־אידען, כדי צו פאַרזיכערען איר עקזיסטענץ. מען האָט אָנגעהויבען ווערבירען מיטגלידער,

נישט דוקא קינסטלער, נאָר אויך אַזעלכע, וואָס סימפּאַטיזירען מיט דער אידייע, און עס איז געשאַפען געוואָרען אַזאַ מין מיטגלידערשאַפט־קופּאָן, וואָס האָט געקאָסט 25 פּיאַסטער (צו יענער צייט אַ דאָלער מיט 25 סענט), וואָס האָט גענאַרפט געבען די ערשטע נויטיגע מיטלען.

מיר האָבען געמאָלדען וועגען אונזערע פּלענער אין אַלע ארץ ישראל־צייטונגען און יעדער אַקטיווער קינסטלער האָט זיך ענערגיש גענומען ווער־בירען פּאַסיווע מיטגלידער, און דער עיקר — פאַרקויפען די קופּאָנעס. אָבער דאָ איז אונטערגעקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט פּאַראַליזירט אונזער טעטיגקייט. צו יענער צייט, אין יאָר 1934־1935, האָט זיך אין תל־אָביב געעפענט די גרויסע אויסשטעלונג (תערוכה). די קינסטלער האָבען מיט רעכט געהאַלטען, אַז זיי מוזען האָבען אַן אייגענעם קינסטלער־פּאַוויליאָן אויף דער אויסשטעלונג, וואו זיי זאָלען אויסשטעלען זייערע ווערק, וואָס עס איז געווען פאַר זיי אַ לעבענס־פראַגע.

אָבער די אויסשטעלונג האָט אָוועקגע׳הרג׳עט דעם קינסטלער־פאַראיין מיט זיינע פּלענער זיך פּאַנאַנדערצובויען אויפ׳ן הר כנען. אַלע געלטער, וואָס מיר האָבען מיט גרויס מי צוזאַמענגעקליבען דורך די קופּאָנעס, כדי צו באַצאָלען פאַר דעם באָדען די צפת׳ער אידען, האָט איינגעשלונגען די אויסשטעלונג מיט איר קינסטלער־פּאַוויליאָן. אַ צווייטע שוועריגקייט איז געווען, וואָס די צפת׳ער געזעלשאַפט האָט געהאַט בלויז אַ פאָרמעלען קאָנטראַקט אויפ׳ן באָדען פון דער ראָטשילד־געזעלשאַפט, זי האָט אָבער נאָך נישט געהאַט דעם „קושאַן" און האָט דעריבער נאָך נישט געקענט צוטרעטען צו פאַרצעלירען דעם באָדען אויפ׳ן הר כנען. בלויז די פּרוי לעווי האָט אויף איר באָדען באַקומען אַ קושאַן פון דער ראָטשילד־געזעלשאַפט, און זי איז טאַקע צוגעטרעטען צו בויען דעם האָטעל און אויך עטליכע הייזלעך פאַר די קינסטלער צו וואוינען, אַזוי ווי זי האָט געהאַט צוגעזאָגט.

און ווי נאָר זי האָט גענומען בויען, האָבען זיך אָנגעהויבען צרות פון די שכנות׳דיגע אַראַבער. זיי האָבען אַרויסגעשלעפּט אַלטע פּאַפּירען פון מתושלח׳ס צייטען, וועלכע האָבען געדאַרפט באַווייזען, אַז דעם דאָזיגען באָדען האָט נאָך די טערקישע רעגירונג מיט הונדערטער יאָרען צוריק אָוועקגעשאָנקען דעם הייליגען מוסולמענישען ראַט, און אַז דער גאַנצער באָדען פון הר כנען איז דעריבער „הקדש" און אידען טאָרען זיך צו אים נישט צורירען. זיי האָבען פאַרקלאָגט אין געריכט און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ לאַנגעניש אויף חדשים לאַנג.

דער אידישער צד, דאָס מיינט, די צפת׳ער געזעלשאַפט, און אויך די „פּיקאַ", זיינען נישט געזעסען מיט פאַרלייגטע הענט. מען האָט איינגעלאַדען די צוויי גרעסטע אַדוואָקאַטען אין לאַנד, וואָס האָבען בלויז האָנאָראַר גענומען צוויי טויזענט פונט, און זיי האָבען טאַקע דעם פּראָצעס געוואונען. ענדליך האָט מען געקענט צוטרעטען צו פאַרצעלירען דעם באָדן. מען האָט אים פאַרטיילט

אין דריי קאַטעגאָריעס, לויט דער קוואַליטעט, און יעדער האָט געקראָגן זיין חלק לויט אַ גורל. די אַראַבער פּלעגן זיך אָבער אַריינ'גנב'ענען אין די נעכט און צעשטערן די צייכענס, וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט ביים פאַנאַנדערטיילן דעם באָדן.

אַ חוץ דעם האָבן זיי פאַרקלאָגט דעם אורטייל פון דער ערשטער געריכט־אינסטאַנץ, און עס האָט ווידער גענומען לאַנגע חדשים, ביז עס איז געקומען צום צווייטן פּראָצעס. איך צום צווייטן מאָל האָבן די אַראַבער פאַרשפּילט, און מען האָט געהאַט יעדן גרונט צו האָפן, אַז איצט וועט שוין די מאַנדאַטען־רעגירונג באַשיצן די נייע אייגנטימער, וועט זיי אַרויסגעבן קושאַנס און זיי וועלן ענדליך קענען צוטרעטן צו דער בוי־אַרבייט. אָבער דעמאָלט זיינען אויסגעבראָכן די בלוטיגע אומרוען פון יאָר 1936, וואָס האָבן געווירקט שווער אויפ'ן ישוב און האָבן פּאַקטיש פּאַראַליזירט יעדע ווייטערדיגע אויפבוי־טעטיגקייט. דער גאַנצער פּראָיעקט פון דער קינסטלער־קאָלאָניע אויפ'ן הר כנען איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. בלויז די פרוי לעווי איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבייט פון אויסבויען דעם האָטעל. זי האָט געטאָן די אַרבייט אונטער דער שוץ פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט איר די דאָזיגע שוץ געגעבן, ווייל זי איז געווען אַן ענגלישע בירגערין.

אין אַפּריל, 1935, האָב איך באַשלאָסן צו בויען פאַר זיך אַליין אַ הויז אויפ'ן הר הכרמל, אויף דעם פּלאַץ, וואָס איך האָב דאָרט געהאַט געקויפט אויף דעם פּאַנאָראַמע־וועג נאָך בעת מיין ערשטען באַזוך אין ארץ ישראל. שכנים אַרום האָב איך געהאַט גאַנץ בכבוד'יגע: דאָרט האָבן געוואוינט די רוטענבערגס, קאָלאָנעל קיש, וועלכער איז שפּעטער אַלס בריגאַדיר־גענעראַל געפאַלען אין די שלאַכטען אין ליביע; ווייטער האָבן דאָרט געהאַט פיינע ווילעס דער גוּבערנאַטאָר קעיטריטש, אַ שוועסטער פון גענעראַל אַלענבי, און אַנדערע מיוחסים פון דער דעמאָלטיגער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע אין ארץ ישראל.

דאָס איז ווירקליך געווען אַן אויסגעטרוימטער פּלאַץ פאַר אַפּרו און פאַר אָנזעטיגען דאָס אויג מיט די שענסטע לאַנדשאַפטען, וואָס די מענשליכע פאַנטאַזיע קען זיך נאָר אויסמאָלן. איך האָב נישט באַוויזן זיך אַריינצוקלייבען אין דעם פיינעם הויז, ווי דאָס לאַנד האָט זיך באַדעקט מיט פינסטערע וואָלקענס פון די אַראַבישע שחיטות, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבען. שוין פריער האָט מען געקענט שפּירן אין דער לופט, אַז עפּעס גרייט זיך. די אידען־פריינטליכע אַראַבער (הגם זיי זיינען געווען גאַנץ קליין אין צאָל) האָבן געוואָרענט, אַז עס ווערן געפּלאַנט אַנטי־אידישע אַרויסטרעטונגען אין גרויסען מאַסשטאַב.

די אידען האָבן פּיבערהאַפט גענומען זאַמלען געלט אויף אַנצוגרייטען געווער. און דעמאָלט איז אַנטשטאַנען די אונטערערדישע און העלדישע „הגנה“, וואָס האָט באַשיצט דעם אידישען כבוד און דעם אַזוי שווער דערוואָרבענעם אידישען באַזיץ. די גרעסטע געפאַר האָט געדראָט תל אָביב פון איר שכנ'טע

יפו, דעמאָלט אַ הונדערט פּראָצענטיגע אַראַבישע שטאָט, בלוטיג־פּײַנטליך צו אידען. די יפו'ער אַראַבער האָבען שוין געגרייט זעק, אין וועלכע אַוועקצוטראָגען דעם אידישען רויב פון „רייכען" תל אָביב.

עס איז נישט געווען קיין פראַגע, צי אימיצער קאָן אָדער וויל געבען פאַר דער „הגנה", — יעדערער האָט געמוזט געבען, און טאַקע מער וויפיל ער איז געווען אומשטאַנד. אין איין טאָג זיינען געקומען צו מיר עטליכע מיטגלידער פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי, אַז איך זאָל אַרויסגיין זאַמלען געלט פאַר זייער פּאַרטיידיגונגס־פאָנד. איך האָב קיינמאָל צו זייער פּאַרטיי, ווי בכלל צו קיין שום פּאַרטיי, נישט געהערט. אָבער די שטימונג אין לאַנד איז דעמאָלט געווען אַזאַ, אַז איך האָב גענומען די פּאַטשיילע און זיך געלאָזט איבער די הייזער — זאַמלען געלט פאַר פּאַרטיידיגען אידיש לעבען און אידיש פאַרמעגען. איך געדענק, אַז דעם ערשטען טאָג האָב איך צונויפגענומען 200 פונט, וואָס האָט געדאַרפט באַטראַכט ווערען פאַר אַ סך, נעמענדיג אין אַכט, אַז די געבערס זיינען געווען קליינע מענשען, וואָס האָבען זיך אַליין קוים אויסגעשלאָגען די פּרנסה.

דעם 19טען אַפּריל, 1936, זיינען די בלוטיגע אומרוען אויסגעבראָכען. דער אָנהויב איז טאַקע געקומען פון יפו, וואו די מערדערס זיינען באַפאַלען די אידען, וואָס האָבען געוואוינט אויף דער גרענעץ צווישען יפו און תל אָביב, און האָבען גלייך דעם ערשטען פרימאָרגען אומגעבראַכט איין און צוואַנציג אידען. דעמאָלט איז אַנטשטאַנען די גרויסע מחלוקה: צי זאָל מען גיין אין די אַראַבישע היימען און צוריקצאָלען זיי מיט מאָרד פאַר מאָרד, אָדער מען זאָל אָננעמען אַ פּאָליטיק פון געדולדיגען פאַרטראָגען די אַלע מערדערייען און אַפּעלירען צום יושר פון די אַראַבישע מערדערס אָדער פון דער גלייכגילטיגער מאַנדאַטען־מאַכט, אָדער גאָר זיך אויספּיינען פאַר דער וועלט, אַז מיר זיינען אַזעלכע צדיקים, אַז ווען מען מאָרדעט אונזערע פרויען און קינדער, ענטפערען מיר מיט — „הבלגה", וואָס דאָס מיינט צוריקגעהאַלטענקייט.

די דאָזיגע מחלוקה איז געווען אַ ביטערע און אַ פּײַנליכע, ווייל זי האָט אָנגערירט דעם סאַמע יסוד פון אידישען לעבען און אידישער עטיק, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט ביי אונז דורך דעם טויזענט יעריגען גלות־לעבען. עס איז געווען שווער אָפּצוטרעטען פון דער דאָזיגער עטיק — און ווערען אַליין אַ מערדער פון אומשולדיגע מענשען. אָבער סוף כל סוף — אין זעלבסט־פּאַרטיידיגונג — האָט מען דאָס געמוזט טאָן, ווייל די אַראַבער אַלס אַן אַזיאַטיש פּאָלק, ווייסען נאָר זיך צו רעכענען מיט איין פאַקטאָר: מאַכט! דער אַראַבער וועט אויף אייך אָנפאַלען בלויז ווען ער ווייסט, אַז איר זענט שוואַך, אָבער קיינמאָל נישט, ווען ער ווייסט, אַז איר וועט אים צוריקצאָלען מיט דער זעלבער מטבע און אפשר נאָך מיט אַ גרעסערען קלאַפּ...

איך געדענק יענעם טאָג, ווען תל אָביב האָט געפירט צו קבורה די 21 אידען, וועלכע זיינען געפאַלען די ערשטע קרבנות פון די אַראַבישע שחיטות

אין יפו אויפ׳ן וועג קיין תל אָביב. אַ גרויסע קלאָג האָט אַרומגענומען די ערשטע אידישע שטאָט, וועלכע האָט געדאַרפט הילפלאָז צוזען די שאַנד ווי אידען ווערען אומגעבראַכט אין זייער אייגען לאַנד. איך געדענק אַפילו דעם עפּיזאָד, וואָס איז געשען בעת דער לוויה. ווען מ׳איז אַזוי נאָכגעגאַנגען נאָך די אָרונ׳ס, אין טיפען טרויער, האָט זיך מיטאַמאָל אַן אָרון געגעבען אַ ריס און פון אים איז אַרויסגעשפּרונגען — אַ געזונטער, שיינער יונג, וועלכער האָט זיך אַװעקגעשטעלט געזונט און פריש אויף זיינע אייגענע פיס...

אין אַנהויב האָט מען זיך דערשראָקען פאַר דעם לעבעדיגען מת, אָבער באַלד איז דאָס מיספאַרשטענדעניש אויפגעקלערט געוואָרען: ער האָט זיך געפונען אינמיטען פון די אַראַבישע אָנפאַלען אויף די אידען, און זיין לעבען איז געווען אין געפאַר; ער האָט נישט געזען פאַר זיך קיין שום מעגליכקייט צו ראַטעווען זיך פון דעם אַראַבישען צעווילדעווטעטען המון, האָט ער זיך דעמאָלט אַריינגעוואָרפען אין וואָגען פון די מתים — און אַזוי האָט מען אים אונטער אַ שוואַרצער דעקע געבראַכט קיין תל אָביב. גראָד איז דער „מת״ געווען אַ זון פון מיין פריינט דוד טרייוויס, אַן אַמעריקאַנער איד פון טולסאַ, אָקלאַ־האָמאַ. דאָס איז געווען אַ זעלטענער טיפּ פון אַן אַמעריקאַנער איד־אידעאַליסט, וועלכער האָט צו יענער צייט צוזאַמענגענומען זיין גאַנץ פאַרמעגען, וואָס איז גאָר נישט געווען קליין, האָט גענומען ווייב און קינדער, מיט די איידעמס, שנורען און אייניקלעך, און איז געפאָרען קיין ארץ ישראל — נישט טוריסטעווען, נאָר טאַקע באַזעצען זיך דאָרט אויף שטענדיג.

אין אַמעריקע איז דוד טרייוויס געווען אַ באַזיצער פון אייגענע אויל־גרובענס און ער האָט געפּלאַנט צו עפענען אין ארץ ישראל אַ פאַבריק פון מאַשינען צו בויערען די ערד אויף צו געפינען וואַסער, וואָס דאָס איז ממש געווען אַ לעבענס־נויטווענדיגקייט פאַר׳ן לאַנד. שפּעטער האָט ער אויך אונ־טערגענומען אַנדערע גרויסע פּראָיעקטען.

# די אַראַבער פאַרניכטען מיין פּרדס

אַ טאָג נאָך דעם אויסברוך פון די אומרועןֿ צווישען יפו און תל אָביב האָבען זיך די געשעעניישען גענומען אויסשפּרייטען איבער׳ן גאַנצען לאַנד, איבער אַלע קאָלאָניעס און קבוצות, איבער אַלע באַנען און וועגען. מען האָט אָנגעהויבען סיסטעמאַטיש פאַרניכטען אידישע פּרדסים און בכלל אידיש האָב און גוטס. די קאָלאָניעס האָבען זיך העלדיש פאַרטיידיגט און עס זיינען געפאַלען טייערע אידישע קרבנות.

עטליכע וואָכען נאָכדעם ווי די בלוטיגע געשעענישען האָבען זיך אָנגעהויבען, איז געקומען צו מיר דער שומר פון מיין פּרדס אין גדרה, אַן אַראַבער, און האָט מיר מיטגעטיילט, אַז די אַראַבישע באַנדעס אין יענער געגענט האָבען אים געוואָרענט, אַז אויב ער וועט ווייטער היטען אַ אידישען פּרדס, וועלען זיי אים דערשיסען ווי אַ הונט. ער איז דעריבער געקומען מיר זאָגען, אַז איך זאָל אויפנעמען אַן אַנדער וועכטער, ער קען נישט ווייטער פאַרבלייבען אויף דעם פּאָסטען.

אויך מיין פאַרוואַלטער, קאָסאָווסקי, איז צו מיר געקומען מיט דער נישט פרייליכער מיטטיילונג, אַז די לאַגע איז אַ קריטישע, די געפאַר פון אַן אַראַבישען אָנפאַל אויף׳ן פּרדס איז זעהר גרויס, דאָך האָט ער באַשלאָסען אויף צוזאַמענס אַרויסצוגיין צו דער אַרבייט מיט צוואַנציג אַרבייטער, ווייל דער פּרדס איז שוין אַ לאַנגע צייט נישט באַוואַסערט געוואָרען און עס דראָט אַ געפאַר, אַז דער גאַנצער פּרדס וועט גיין צו גרונט, אויב מען וועט גלייך נישט אָנטרינקען דעם באָדען.

איך האָב זיך קאַטעגאָריש קעגענגעשטעלט, אַז ער אַליין אָדער ווער עס איז פון די אַרבייטער זאָל זיך וואַגען אין אַזאַ קריטישער צייט אַרויסצוגיין צו דער אַרבייט אין פּרדס. איך האָב אים בפירוש געזאָגט, אַז ווען אַפילו דער גאַנצער פּרדס פון צוויי הונדערט דונאַם זאָל פאַרלוירען גיין, וועט עס אַלץ זיין פאַר מיר אַ קלענערער פאַרלוסט, ווי חלילה איין אַרבייטער זאָל דורך מיר פאַרוואונדעט ווערען. און אַזוי איז געבליבען ווי איך האָב פאַרלאַנגט. דער גאַנצער פּרדס איז געבליבען אויף הפקר אָן באַאַרבייטונג און אָן שוץ.

איך האָב זיך געווענדעט נאָך שוץ פאַר מיין פאַרמעגען צו דער לאָקאַלער פּאָליציי און צו די דיסטריקט באַאַמטע, אָבער עס איז געווען ווי איך וואָלט גערעדט צו אַ טויבער וואַנט. מיט זיבען טעג שפּעטער איז געקומען קאָסאָווסקי

אַ בלאַסער און איבערגעשראָקענער און דערציילט, אַז ביינאַכט זיינען אַראַבישע באַנדיטען באַפאַלען און פאַרניכטעט דעם פּרדס. די מייסטע ביימעלעך האָבען זיי אויסגעריסען מיט די וואָרצלען, די איבעריגע האָבען זיי צעהאַקט און צעקריפּעלט. אַ סך פון די ביימער זיינען שוין געווען רייף און האָבען שוין געדאַרפט נעמען געבען זייער פּרוכט: אָראַנזשען און גרעיפּ־פרוכט.

עס האָט מיר אַ ריס געטאָן ביים האַרצען, ווייל מען האָט געדאַרפט וויסען וויפיל מי און פּיין עס האָט גענומען ביז מען האָט אויסגעהאָדעוועט אַ פּרדס, ווי מען האָט געדאַרפט אַרום אים אומגיין, ווי אַרום אַ קליין קינד, און מען איז פון אים אויסגעשטאַנען די אַלע צרות, וואָס אַ טאַטע שטייט אויס פון זיין קינד. און איצט, ווען עס איז געקומען די צייט צוזאַמענצוקלייבען די פּרוכט פון לאַנגע יאָרען האָרעוואַניע, ווערסטו געוואויר, אַז ווילדע וואַנדאַלען האָבען מיט איין פאַרמעסט פון זייערע בלוטיגע הענט פאַרניכטעט אַזוי פיל מענשליכע פּראַצע און אַזוי פיל מענשליכע האָפענונגען.

מיר זיינען געשטאַנען פאַרצווייפעלט און נישט געוואוסט, וואָס מען הויבט אָן צו טאָן. ענדליך האָט מיין פאַרוואַלטער דער ערשטער איבערגעריסען די שטילקייט און האָט זיך אָנגעבאָטען, אַז ער וועט מאָרגען באַגינען אַרויספאָרען קיין גדרה, נעמען דאָרט עטליכע פון מיינע אַרבייטער, און אפשר וועט ער אויך באַקומען אַ פּאָליציאַנט, און אַלע צוזאַמען וועלען זיי גיין אַ קוק טאָן, וואָס עס איז געשען מיט'ן פּרדס. איך האָב ווידער מיט דער גאַנצער קאַטע־גאָרישקייט דערקלערט, אַז איך וועל דאָס בשום אופן נישט דערלויבען. איך וויל נישט טראָגען די אחריות פאַר די לעבענס פון די מענשען.

עס איז געבליבען צווישען אונז, אַז מיר זאָלען נאָך צוואַרטען עטליכע טעג, אפשר וועט זיך די לאַגע אַביסעל איינשטילען און מען וועט דאַן קענען ריזיקירען און אַרויספאָרען צום פּרדס. אויך מיין יונגער זון האָט זיך געבונ־טעוועט און האָט דווקא געוואָלט צוזאַמען מיט'ן פאַרוואַלטער אַרויספאָרען צום פּרדס. איך האָב זיי קוים געקענט איינהאַלטען נאָך פיר טעג, און אויפ'ן פינפטען טאָג איז דער פאַרוואַלטער פינף פאַרטאָג געקומען מיט זיין אויטאָ־מאָביל צו מיין הויז. ער האָט מיר געגעבען זיין וואָרט, אַז ער וועט צופאָרען בלויז ביז גדרה, און דאָרט וועלען זיי זען צי עס איז מעגליך צוצוקומען צום פּרדס, וואָס געפינט זיך צוויי קילאָמעטער פון שטעטעל. און ווען ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז נישט שפּעטער ווי פינף אַזייגער פאַרנאַכט וועלען זיי זיין צוריק, האָב איך דאַן דערלויבט, אַז מיין זון זאָל מיטפאָרען.

מיט אַ שווער האַרץ האָב איך געגעבען די דערלויבעניש און גלייך ווי זיי זיינען אָוועקגעפאָרען, האָב איך שוין חרטה געהאַט אויף דעם, וואָס כ'האָב דאָס דערלויבט. עס האָט זיך אָנגעהויבען פאַר מיר אַ טאָג פון פיינליכען וואַרטען און אויסקוקען, אַז מיין זון מיט'ן פאַרוואַלטער זאָלען שוין ענדליך זיין צוריק. ענדליך איז געוואָרען פינף פאַרנאַכט, איך בין אַרויסגעלאָפען צום וועג, אָבער איך האָב קיינעם נישט געזען אָנקומען. איך בין געלאָפען איבער

די גאַסען, האָב נאָכגעפּרעגט ביי מענשען און בין פון מינוט צו מינוט געוואָרען אַלץ מער אומרוהיג. וואָס מען זעט זיי נישט צוריק.

דער זייגער איז געוואָרען זעקס און זיבען אין אָוענט. איך האָב געפילט ווי דאָס האַרץ שפּרינגט מיר אַרויס און האָב מיר קיין אָרט נישט געקענט געפינען פאַר אומרו און שרעק. איך האָב זיך פאַרבונדען טעלעפאָניש מיט דער פרוי פון מיין פאַרוואַלטער קאָסאָווסקי אין פּתח תקוה, אָבער אויך זי האָט נישט געהאַט קיין שום ידיעה פון איר מאַן און איז געווען זעהר פאַר־צווייפעלט.

די שעה'ן זיינען געגאַנגען און איך האָב נישט געוואוסט וואָס איבערצו־קלערען. איך האָב זיך בפירוש אויסגערעדט מיט מיין פאַרוואַלטער, אַז טאָמער וועט ער זען, אַז זיי קענען נישט צוריקקומען צו דער צייט, זאָל ער מיר וויינינגסטענס טעלעפאָנירען וואו זיי געפינען זיך. עס איז געוואָרען צען ביינאַכט און מען האָט אַלץ נישט געזען מיין זון מיט'ן פאַרוואַלטער. מיינע נערוועז זיינען געוואָרען געשפּאַנט ביז משוגעת, אויך מיין פרוי, וועלכע האָט מיך ביז איצט באַרוהיגט, האָט שוין נישט געהאַט מער קיין ווערטער מיך איינצושטילען. איך האָב נישט אויפגעהערט צו רופען דורכ'ן טעלעפאָן אַלע מיינע פריינט, אַז זיי זאָלען מיר העלפען אויסגעפינען, וואָס עס איז געשען מיט מיין זון און מיט'ן פאַרוואַלטער.

אויך די פּאָליציי האָט נישט געגעבען קיין שום ידיעות, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דעם אויטאָמאָביל אויפ'ן וועג קיין גדרה. שפּעט אין דער נאַכט בין איך צוזאַמען מיט מיין פריינט, אינזשינער פרידמאַן, אַוועק צום הויפּט־קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי, ער איז געווען איבעראַשט צו זען מיך צוועלף אַזייגער ביינאַכט. ער האָט מיר צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ, וואָס איז אין זיינע מעגליכקייטען צו דערגיין וואָס עס איז מיט זיי געשען. ער האָט אָפּגערופען אַלע פּאָליציי־פּאָסטענס און אַלע האָבען געענטפערט, אַז זיי האָבען אַזאַ אויטאָ־מאָביל מיט צוויי פּאַסאַזשירען נישט געזען אין פאַרלויף פון דעם גאַנצען טאָג.

בלויז דער פּאָליציי־פּאָסטען אין גדרה אַליין האָט באַריכטעט, אַז מען האָט זיי דאָרט געזען אַרום דריי נאָכמיטאָג, ווען זיי זיינען פון דאָרט אַוועקגע־פאָרען, נישט זאָגענדיג וואוהין. עס איז געווען איינס אַזייגער ביינאַכט, ווען איך בין אַ צעבראָכענער צוריק אַהיימגעקומען. איך האָב געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער און נישט געוואָלט דערלאָזען דעם געדאַנק, אַז דאָס שרעקליכסטע האָט געקענט פּאַסירען מיט מיין קינד. אַזוי זיינען מיר געלעגען אין געהאַקטע וואונדען און געוואַרט אויף אַ וועלכער עס איז ידיעה פון דער פּאָליציי.

ערשט אַרום פיר פאַרטאָג האָט מיך אָפּגערופען דער דערמאָנטער אינ־זשינער פרידמאַן מיט דער גליקליכער ידיעה, אַז ענדליך האָט מען אויס־געפונען, אַז די פאַרשוואונדענע געפינען זיך אין קבוצת ברענער, פינף מייל פון מיין פּרדס. וואָס איך מיט מיין פרוי האָבען איבערגעלעבט אין דער

דאָזיקער גרױלפֿולער נאַכט — איז גאָר נישט מעגליך צו שילדערן. אָבער אומענדליך איז געװען אונזער פֿרײד צו הערן, אַז זײ לעבן און זײנען גאַנץ.

ערשט אױף צומאָרגנס אַרום צען פֿרי האָבן זיך די פֿאַרשװאונדענע באַװיזן און האָבן איבערגעגעבן, אַז די אַראַבער האָבן געהאַט איבערגעשניטן אַלע טעלעפֿאָן־פֿאַרבינדונגען און דערפֿאַר האָבן זײ נישט געקענט האַלטן דעם צוזאָג פֿון פֿאַרבינדן זיך מיט אונז. װאָס עס איז שײך דעם פּרדס — האָבן זײ באַשטעטיגט דעם חורבן פֿון װעלכן איך האָב שױן פֿריער געװאוסט.

צו יענער צײט איז אָנגעקומען קײן ארץ ישראל אַ קאָמיסיע פֿון דרײ אַמעריקאַנער סענאַטאָרן, װעלכע האָבן געדאַרפֿט אױספֿאָרשן די סיבות פֿון די אַראַבישע אַרױסטרעטונגען קעגן אידן און אױך באַריכטן װעגן דעם פֿאַרנעם פֿון די חורבנות און שחיטות, װאָס די אַראַבער האָבן פֿאַראורזאַכט. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פֿון די פֿאָלגענדיגע דרײ סענאַטאָרן: װאָרען אָסטען, איצטיגער פֿאָרשטײער פֿון אַמעריקע אין די פֿאַראײניגטע פֿעלקער, ראַיאַל קאָפּלאַנד, סענאַטאָר פֿון ניו יאָרק, װעלכער האָט מיר מיט יאָרן צוריק געהאָלפֿן אין װאַשינגטאָן, אַז איך זאָל קענען ברענגען מײן פֿרױ קײן אַמעריקע, און דאַניעל האַרטינגער.

די דאָזיגע סענאַטאָרן־קאָמיסיע איז אַרומגעפֿאָרן דאָס גאַנצע לאַנד, האָט געזען דעם שרעקליכן חורבן, װאָס די אַראַבער האָבן פֿאַראורזאַכט אין אידישן באַזיץ, און צװישען אַנדערעס האָבן זײ אױך באַזוכט מײן פּרדס, און װאָס זײ האָבן דאָרט געזען האָבן זײ גענױ באַשריבן אין דעם רעפּאָרט צו דער אַמעריקאַנער רעגירונג. אַן ערך פֿיר טױזענט פּרוכט־בײמער זײנען דאָרט אױסגעריסען געװאָרען מיט די װאָרצלען. שװערע פּראַצע און האָרעװאַניע אין משך פֿון פֿיר יאָר צײט איז פֿאַרלױרען געגאַנגען.

אַ דעלעגאַציע פֿון אַמעריקאַנער בירגער, װעמענס אײגענטום עס איז פֿאַרניכטעט געװאָרען דורך די אַראַבער, איז אױפֿגענומען געװאָרען דורך די סענאַטאָרן אין „מלך דוד האָטעל" אין ירושלים. אין דער דעלעגאַציע זײנען אױך מיטגעװען דרײ רבנים. די סענאַטאָרן האָבן פֿאַרלאַנגט, אַז איך, דער אַממײנסטען געליטענער אַמעריקאַנער בירגער, זאָל צושטעלען אַ שריפֿטליכען מעמאָראַנדום דער קאָמיסיע. איך האָב אױפֿ'ן צװײטען טאָג צוגעשטעלט דעם מעמאָראַנדום און ער איז אַרײנגענומען געװאָרען אַזױ װי ער שטײט און גײט אין דעם רעפּאָרט פֿון דער סענאַטאָרישער קאָמיסיע, װאָס איז שפּעטער פֿאַרעפֿענטליכט געװאָרען אין װאַשינגטאָן.

איך האָב נאָך געהאַט אַ געלעגענהײט זיך צו באַגעגענען מיט די סענאַטאָרן אױף אַן אױפֿנאַמע, װאָס איז לכבוד זײ געגעבען געװאָרען אין תל אָביב. איך האָב אױף דער אױפֿנאַמע פֿאָרגעטראָגען עטליכע פֿון מײנע קאָמפּאָזיציעס און שפּעטער, אין אַ פּרײַנטליכען געשפּרעך, געקאָנט גענױער אַרומרײדען דאָס אומגליק, װאָס איז געקומען אױפֿ'ן לאַנד דורך די אַראַבישע אַרױסטרעטונגען,

און די גלייכגילטיגקייט, וואָס עס ווייזט אַרויס צו דעם דאָזיגען אומגליק די ענגלישע מאַנדאַטען־מאַכט.

אָבער סענאַטאָרען אַהין און קאָמיסיעס אַהער — ס׳האָט גאָרנישט געקאָנט אַראָפּנעמען און פאַרמינערען פון דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפען דעם ישוב. איך פערזענליך האָב שווער איבערגעלעבט נישט אַזוי ווייט דעם פאַרלוסט פון צוואַנציג טויזענט דאָלאַר, וואָס דער פרדס האָט געקאָסט, ווי די האָפענונגען און די אַרבייט און די פלייס, וואָס זיינען אין דעם פרדס אין משך פון פיר יאָר אַריינגעלייגט געוואָרען. עס איז איבערגעריסען געוואָרען דער אימפּעט פון מיין בוי־טעטיגקייט אין ארץ ישראל, וועלכע איך האָב אונטערגענומען נישט אויף רייך צו ווערען, נאָר ווייל עס האָט מיך אָנגעפילט מיט פרייד יעדער מינדעסטער אויפטו, יעדעס ניי צוגעקומען הייזעל, און יעדער ניי דעראָבערטער דונאַם לאַנד.

די אומרוען אין לאַנד האָבען נישט אויפגעהערט, פאַרשלינגענדיג אַלץ מער קרבנות און פאַראורזאַכענדיג אַלץ אַ גרעסערען חורבן אין אידישען באַזיץ. די אידען האָבען נישט לאַנג אויסגעהאַלטען אין דער „הבלגה״־פּאָליטיק און האָבען גענומען צוריקצאָלען די אַראַבער מיט אָפּטמאָל גאַנץ בלוטיגע אָנפאַלען אויף אַזעלכע פּלעצער, וואו עס האָבען זיך קאָנצענטרירט געדיכטע מאַסען אַראַבער. אויך ביי זיי זיינען געפאַלען קרבנות, און אָפּטמאָל גאַנץ אומשולדיגע פרויען און קינדער. אָבער אַזוי איז שוין דער וועג פון מלחמה: די קויל איז בלינד און נישט שטענדיג טרעפט זי דעם שולדיגען.

צו יענער צייט האָבען מיר באַקומען אַ ידיעה פון אייראָפּע, אַז די מוטער פון מיין פרוי איז שווער קראַנק געוואָרען, און אַז איר איינציגער וואונש איז אונז צו זען. איך האָב געמאַכט אַן אַפּליקאַציע ביים אַמעריקאַנער קאָנסול אין ירושלים וועגען אַ פּאַספּאָרט. האָט מען מיר געענטפערט, אַז אַזוי ווי איך בין שוין מער ווי פינף יאָר פון אַמעריקע, קאָן איך נישט אַלס אַמעריקאַנער בירגער באַקומען אַ פּאַס צו פאָרען אין אַ וועלכען עס איז לאַנד, אָבער מיט דעם אַלטען פּאַספּאָרט קאָן איך צוריקפאָרען קיין אַמעריקע, דאָרט אָפּוואוינען אַ יאָר און דאַן אַרויסבאַקומען אַ נייעם דאָקומענט און פאָרען וואוהין איך וויל.

אַזוי ווי צו די אומרוען האָט זיך נישט געזען קיין סוף, האָבען מיר דעריבער באַשלאָסען — צוזאַמען מיט מיין פרוי און דעם מוזיניק׳ל צוריקצופאָרען קיין אַמעריקע און דאָרט איבערוואַרטען עד שיעבר זעם. אין יולי, 1937, האָבען מיר פאַרלאָזט דאָס לאַנד, וואָס מיר האָבען שוין געהאַט אָפּגעקליבען אַלס אונזער שטענדיגע היים. די צוריק־רייזע איז אונז אויסגעקומען דורכצומאַכען אויף אַ לאַסט־שיף, וואָס איז געווען אין וועג גאַנצע 24 טעג, אָפּשטעלענדיג זיך אין צענדליגער פּאָרטען.

דאָס איז געווען מיין לעצטער בליק אויף אייראָפּע, איידער היטלער האָט זי אָנגעצונדען מיט אַ בראַנד־פייער — אַ פייער, אין וועלכען עס איז אומגע־קומען אונזער פאָלק אין אייראָפּע. עס איז נאָך טאַקע געווען צוויי יאָר פאַר׳ן

אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער אין איטאַליע, וואו מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף עטליכע טעג, האָט מען שוין געקאָנט הערען ווי דאָס פאָלק וועקט זיך אויף אין זיין צאָרן קעגען דיקטאַטאָר מוסאָליני, וואָס האָט פאַרשלעפּט זיין לאַנד אין אַ בלוטיגער אַוואַנטורע אין עטיאָפּיע.

דער שאָפער פון אויטאָמאָביל מיט וועלכען מיר זיינען אַרומגעפאָרען אין דער איטאַליענישער ריוויערע, האָט גאָרנישט קיין מורא געהאַט אויסצוגיסען פאַר מיר זיין גאַנץ ביטער האַרץ אויף דעם פאַשיסטישען רעזשים, וואָס האָט געבראַכט די גרעסטע אומגליקען אויפ׳ן לאַנד. אַ געוויסען מאָמענט האָב איך מורא געקראָגען, צי ער וויל נישט אַמאָל מיך פּראָוואָצירען, אַז אויך איך, דער אויסלענדער, זאָל מיט אים מסכים זיין, און דאַן וועט ער מיך פּאַקען, אַז איך האָב גערעדט שלעכטס אויפ׳ן דוטשע, וואָס זיין אַנזען און מאַכט זיינען געווען גרעסער ווי די מאַכט פון קעניג.

ווען מיר זיינען מיט עטליכע טעג שפּעטער אַרונטערגעגאַנגען פון דער שיף אין פראַנצויזישען פּאָרט מאַרסעי, איז געווען, ווי מיר וואָלטען פון דער פינסטערניש מיטאַמאָל אַרויס אויף דער ליכטיגער שיין. פראַנקרייך האָט געלעבט דאָס זעלבע זאָרגלאָזע און לוסטיגע לעבען, וואָס שטענדיג, עס האָט נישט אויסגעזען, אַז דאָס פאָלק גיט זיך אָפּ אַ חשבון פון דער טויט־געפאַר, וואָס קלאַפּט אין איר טיר. דער שכן, דער דייטש, האָט שוין געשלייפט די שווערד אויף פראַנקרייך, ווי אויף גאַנץ אייראָפּע, אָבער פראַנקרייך איז געווען לוסטיג און האָט זיך געגרייט אין מינכען אונטערצוקויפען דעם מערדער מיט אַ שטיק טשעכאָסלאָוואַקיע, גלויבענדיג, אַז מיט דעם וועט זי פאַרטרייבען דאָס בייזע היטלערישע געשפּענסט.

איך בין געווען גליקליך צו זיין שוין אויף דער שיף אויפ׳ן וועג קיין אַמעריקע, וואָס האָט ווידעראַמאָל אויסגעזען אין מיינע אויגען צו זיין די פעסטונג פון פרייהייט אויף דער וועלט און די איינציגע האָפענונג פאַר אַלע פעלקער, ווען עס האָט געדראָהט די געפאַר פאַרניכטעט צו ווערען פון דער ברוינער היטלעריסטישער בעסטיע. און ווען מיין פוס האָט נאָך אַן איבעררייס פון זעקס יאָר ווידער באַטראָטען דעם פרייען אַמעריקאַנער באָדען, האָב איך אָפּגעעטעמט פון דער פולער ברוסט. אַמעריקע האָט דעמאָלט אויסגעזען צו זיין דער גן־עדן פון דער וועלט, אין פאַרגלייך מיט דעם כאַאָס, וועלכען מען האָט געקאָנט מערקען אין אַלע אַנדערע וועלט־טיילען.

איך האָב זיך געפרייט צו זיין צוריק אין אַמעריקע, אָבער ווייזט אויס, אַז אַ סך מענשען, איבערהויפּט פון מיין חזנ׳ישער פראָפעסיע, האָט מיין צוריק־קומען נישט פאַרשאַפט קיין גרויס נחת... און דאָ מוז איך זיך אַביסעל אָפּשטעלען אויף די באַציהונגען צווישען מיר מיט די איבעריגע חזנים אין אַמעריקע.

עס איז אַ פאַקט, וואָס קיינער וועט נישט קענען אָפּלייקענען, אַז שוין מיט מיין קומען קיין אַמעריקע אין 1920 האָב איך, חלילה, נישט פאַרשאַפט קיין אומ׳כבוד דער חזנים־משפחה. ווען איך האָב אָנגענומען מיין ערשטע קאַנ־

טאַר־שטעלע אין ברוקלינער טעמפּעל עמנואל מיט דעם גרעסטען געהאַלט, וואָס אַ חזן האָט ווען עס איז באַקומען ביי אידען, האָט זיך פּאַקטיש אָנגעהויבען די גאָלדענע עפּאָכע פון חזנות אין אַמעריקע. עס איז געשטיגען דער פּרעסטיזש פון דעם חזן אין אַלגעמיין, און אויך זיין אַלגעמיינע לאַגע האָט זיך גענומען באַדייטענד פאַרבעסערען.

חזנים זיינען געוואָרען מער תקיף ביי זיך און זיי האָבען אָנגעהויבען צו באַקומען פאַר זייער דאַוונען צוויי און דריי מאָל אַזוי פיל, וויפיל זיי האָבען באַקומען פריער. אויך דער רעספּעקט פאַר׳ן חזן איז געוואַקסען. און איך וועל גאַרנישט זיין באַשיידען ווען איך וועל אָנווייזען, אַז אין אַ גרויסער מאָס האָבען זיי דאָס געהאַט מיר צו פאַרדאַנקען. זיי האָבען געוואוסט, אַז איך רעד מיט אַ שטאָלצער שפּראַך צו די אַלע גבאים און פּרעזידענטען פון די קאָנגרעגיישאָנס, אַז איך בויג מיך נישט, אַז איך בעט נישט, נאָר איך פאָדער. זיי האָבען אויך געוואוסט, אַז פּונקט אַזוי שטרענג ווי איך בין צו די בעלי־בתים, פּונקט אַזעלכע שטרענגע פאָדערונגען שטעל איך צו זיך אַליין.

איך האָב געהאַלטען, אַז דער חזן דאַרף זיך איינגאַנצען ווידמען זיין הייליגער עבודה, נישט גיין אויף קיין פּשרות, דינען פון גאַנצען האַרצען נישט קיין איינצעלנע באַלעבאַטים, נאָר דער עדה אַלס גאַנצער, און דאַן וועט מען אים שעצען און אַכטען און זיין שטעלונג וועט זיין הויך, ווי עס פאַרדינט צו זיין די שטעלונג פון אַ שליח צבור ביי אידען. עס איז נישט געווען בלויז מיין מיינונג, נאָר אויך די מיינונג פון אַלע ערליכע און אָנגעזעענסטע צווישען די חזנים, און פיל פון זיי האָבען מיר דאָס אָפען מודה געווען, אַז מיט מיין קומען קיין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע גאָלדענע עפּאָכע פאַר חזנות ביי אידען.

אָבער צו מיין גרויסען באַדויערען מוז איך פעסטשטעלען, אַז לאַנג האָט די דאָזיגע אידיליע אין דער חזנ׳ישער וועלט נישט אָנגעהאַלטען. מען האָט זיך כלומרשט געפרייט מיט קוואַרטינ׳ען און מיט זיין דערפאָלג, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין אויפריכטיגע פרייד, עס איז גיכער געווען אַ פרייד, וואָס האָט געשטאָכען און ווי געטאָן. די אַלע קלענערע און גרעסערע חזנים האָבען דערפילט, אַז חזנות גייט לעילה און לעילה, האָבען זיי פאַרגעסען זייער שפּל׳דיגען נעכטען און זיך גענומען צו פיל איבערנעמען מיט דעם פעטען „היינט".

די חזנים האָבען גענומען אונטערזינדיגען, יעדער חזן באַזונדער האָט גענומען גלויבען, אַז ער איז דער גרעסטער „סטאַר", איבערהויפּט איז דאָס געזאָגט וועגען די חזנים, וואָס זיינען אָנגעקומען קיין אַמעריקע שפּעטער פון מיר. פאַר זיי איז שוין דער נאָמען קוואַרטין געווען אַ פּוסטער קלאַנג. זיי האָבען זיך ניט אָפּגעגעבען קיין חשבון וועגען דער טיפער ענדערונג, וואָס מיין קומען קיין אַמעריקע האָט אַריינגעבראַכט אין דעם חזנים־שטאַנד.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נישט פאַרגינעריי און באַרעדעריי, וואָס איז

נישט געווען אין כבוד פון חזנות, ווי מיר האָבען דאָס געקענט פון דער אַלטער היים. איך האָב פאַרלוירען דעם חן ביי מיינע קאָלעגען חזנים, און בין אַפילו געוואָרען ביי מאַנכע פון זיי ווי אַ דאָרן אין אויג, איך בין זיי געשטאַנען אין וועג מיט מיין הויכער שטעלע, מיט מיינע גרויסע פאַרדינסטען, מיט מיין אַנזען צווישען אַמעריקאַנער אידען.

אָבער ענדליך האָבען די דאָזיגע נישט פאַרגינער דערלעבט אַ טאָג פון גרויסער פרייד. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען זיי זיינען געוואויר געוואָרען, אַז איך האָב באַשלאָסען צו פאַרלאָזען אַמעריקע און צו פאָרען באַזעצען זיך אויף שטענדיג אין ארץ ישראל. מען האָט זיך פשוט געריבען די הענט פאַר שמחה: ענדליך ווערט מען פטור פון אַזאַ שטאַרקען קאָנקורענט.

דער שכל הישר האָט דיקטירט, ווען קוואַרטין איז שוין נישטאָ מער אין אַמעריקע און פאַר יעדען „סטאַר" שטייט אָפען די וועלט צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ, אַז איצט על כל פנים וועט מען זיך פאַרגינען צו זאָגען וועגען מיר אַ גוט וואָרט. הויבט זיך נישט אָן. ערשט איצט האָט מען פריי געלאָזט די צונגען און מען האָט גענומען אַראָפּרעדען פון האַרצען אַלץ, וואָס האָט זיך דאָרטען אָנגעזאַמעלט אין די אַלע דערפּאָלגרייכע יאָרען מיינע אין ניו יאָרק. מען האָט זיך אַפילו דערלויבט צו זאָגען, אַז קוואַרטין האָט געמוזט „עוקר זיין" פון אַמעריקע דערפאַר, ווייל ער האָט נישט געקענט ביישטיין די קאָנקורענץ פון די אַלע אַנדערע גרויסע חזנים, וועלכע זיינען אין דער צווישען־צייט אויפגעקומען.

און ווען איך בין שוין געווען אין ארץ ישראל און האָב, נישט צו פאַרזינ־דיגען, מצליח געווען סיי אין מיין חזנ'ישער טעטיגקייט און סיי אין מיין אַרבעט ביים העלפען פאַנאַנדערבויען דאָס לאַנד, אַפילו דעמאָלט האָט מען מיך אויך נישט צורו געלאָזט. פון אַמעריקע זיינען דערגאַנגען צו מיר קיין ארץ ישראל די אַלע בייזוויליגע קלאַנגען, וואָס מיינע טייערע קאָלעגען האָבען וועגען מיר פאַרשפּרייט.

און צו דער גלייכער צייט האָבען זיך אַ לאַז געטאָן קיין ארץ ישראל חזנים פון אַלע עקען וועלט, וועלכע האָבען זיך מתקנא געווען אין דעם גרויסען דערפאָלג, וואָס איך האָב דאָרט געהאַט. מען איז געקומען פון וואַרשע און פון מאָסקווע, פון טשעכאָסלאָוואַקיע און ענגלאַנד, און ועל כולם — פון ניו יאָרק. איך פערזענליך האָב בלויז געקענט פרייען זיך פון גאַנצען האַרצען, וואָס דאָס קליינע ארץ ישראל איז אין יענע יאָרען געוואָרען אַ צענטער פון חזנות ביי אידען. אַדרבא, איך האָב געהאַלטען פון „קנאת חזנים", אַז דאָס קען נאָר העלפען אויסלייטערען און אָפּרייניגען דאָס פעלד פון חזנות, אַז די ווערטפּולע און שעפערישע זאָלען בלייבען, און דער פסולת זאָל אָוועקפאַלען.

אָבער יענע צווישען די חזנים, וועלכע האָבען דעם עקזאַמען פאַר דעם ארץ ישראל'דיגען אידענטום נישט אויסגעהאַלטען, זיינען אַוועקגעפאָרען פון דאָרטען מיט אַ האַרץ נאָך מער פאַרביטערט אויף מיר, ווי איך וואָלט געווען דער

איינציגער שולדיגער אין זייער אומדערפאָלג. און אַהיימקומענדיג קיין אַמעריקע האָבען זיי זיך גענומען נוקם זיין אין מיר, פאַרשפרייטענדיג וועגען מיר די אומזיניגסטע קלאַנגען, ווי אַ שטייגער, אַז איך האָב פאַרלוירען די שטימע, אַז איך בין קרום און לאָם געוואָרען, אַז איך זע נישט אויף די אויגען און נאָך אַנדערע אַזעלכע באָבע־מעשיות.

דער צוועק פון די אַלע בייזוויליגע פאַרלאַנגען פאַרצושטעלען מיך פאַר די אַמעריקאַנער אידען ווי אַ נוטה למות איז געווען צו מאַכען אוממעגליך פאַר מיר אויפצונעמען מיין חזנ׳ישע טעטיגקייט, ווען איך וועל צוריקקומען פון ישראל. די אַלע „גוטע פריינט״ מיינע האָבען שוין געהערט, אַז צוליב מיינע פאַפּירען בין איך געצוואונגען צוריקצוקומען אויף אַ שטיקעל צייט — האָבען זיי דאָס געגרייט פאַר מיר אַזאַ טייערען קבלת־פּנים. ווי ווייט איז געווען אַט די קנאה־שנאה פון יענער סאָלידאַריטעט און חבר׳שאַפט, וואָס האָט אַמאָל געהערשט צווישען חזנים! וואָס איז געוואָרען פון די אַמאָליגע שליחי צבור, וועלכע האָבען זיך געדאַרפט איינשטעלען פאַר זייער עדה?

# עטלעכע באַמערקונגען וועגן דער צוקונפט פון חזנות ביי אידען

די בייזוויליגע קלאַנגען, וואָס מיינע קאָלעגען חזנים אין ניו יאָרק האָבען וועגען מיר פאַרשפּרייט, זיינען דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איין מאָל באַקום איך אין ארץ ישראל אַ טעלעגראַמע פון מיינע קינדער אין ניו יאָרק, אַז איך זאָל גלייך מיטטיילען דעם אמת וועגען מיין געזונט־צושטאַנד. איך האָב מיר געריבען די אויגען און געפרעגט: וואָס פאַר אַן אמת פאַרלאַנגען זיי, און וועגען וועמענס געזונט־צושטאַנד ריידען זיי? איך האָב מיך נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזוי פולשטענדיג געזונט אויף אַלע מיינע אברים, ווי אין יענע יאָרען אין ארץ ישראל.

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז געווען אַ בריוו, וואָס האָט אויפגעקלערט די גאַנצע מיסטעריעזע געשיכטע. די קינדער האָבען מיר געשריבען, אַז צו זיי איז געקומען אַ באַקאַנטער מענעדזשער, וועלכער האָט שוין נישט איין מאָל מיך געהאַט אַנגאַזשירט אויף פאַרשידענע אַרויסטרעטונגען און קאָנצערטען, און האָט צו זיי געזאָגט, אַז ער וואָלט זעהר געוואָלט מיך אַנגאַזשירען אויף די קומענדיגע ימים־נוראים, נאָר אַזוי ווי ער האָט געהערט אין חזנים־פאַרבאַנד פון צוויי חזנים, וועלכע זיינען נאָר וואָס צוריקגעקומען פון ארץ ישראל, אַז חזן קוואַרטין איז אַ חולה מסוכן, איז ער דעריבער, ווי מיינער אַן אַלטער פריינט, געקומען צו די קינדער געוואויר ווערען צי דאָס איז טאַקע אמת.

ווען איך האָב איבערגעלייענט דעם בריוו, איז מיר שוין געווען אין גאַנצען קלאָר, וואָס פאַר אַן אמת די קינדער האָבען פון מיר פאַרלאַנגט. און איך האָב שוין גאַנץ גוט געוואוסט, ווער עס גראָבט דאָרט אין ניו יאָרק אונטער זיין אייגענעם חבר. איך האָב, פאַרשטייט זיך, גלייך אָפּגעלייקענט די אַלע בייזוויליגע קלאַנגען. אויף דעם איז ווידער געווען אַ בריוו, דאָס מאָל פון דעם מענעדזשער אַליין, און לאָמיך אים טאַקע אָנרופען ביים נאָמען, דאָס איז געווען מיין אַלטער פריינט זעלדאָוו.

ער האָט שוין געשריבען קאָנקרעט, אַז ער אַנגאַזשירט מיך אויף די ימים נוראים פאַר אַזאַ און אַזאַ סומע, נאָר פונדעסטוועגען בעט ער מיך פערזענליך, אַז איך זאָל אים אַליין אָנשרייבען ווי עס האַלט מיט מיין געזונט, אַז מיין וואָרט וועט פאַר אים זיין גענוגענד אים צו באַרואיגען, אַז ער וועט, חלילה, נישט ליידען קיין דורכפאַל מיט מיר. אָט אַזוי האָט די רכילות־מאַשין געאַר־בייט קעגען מיר און געזוכט אוממעגליך צו מאַכען פאַר מיר צו באַנייען מיין חזנ׳ישע טעטיגקייט אין אַמעריקע.

ווען איך בין אָנגעקומען מיט דער שיף פון ארץ ישראל קיין אַמעריקע, האָבען מיך אָפּגעוואַרט טאַקע דער אויבען דערמאָנטער מענעדזשער, זעלדאָוו,

און דער באַקאַנטער דיריגענט, מאַכטענבערג, מיט װעלכען איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגען פיל מאָל אויפצוטרעטען צוזאַמען. זיי זיינען ביידע דער־שטוינט געוואָרען, ווען זיי האָבען מיך דערזען. „איר זייט דאָך מיט צוואַנציג יאָר יונגער געוואָרען!״ — האָבען זיי אויסגערופען. און דאָ האָבען שוין מאַנכע „גוטע פריינט״ מיינע געזאָגט רבנן קדיש נאָך מיר.

איך מוז זאָגען דעם אמת, אַז מיך האָט אַביסעל פאַרדראָסען און וויי געטאָן, וואָס עס האָט זיך נישט געפונען קיין איין חזן פון דעם גאַנצען חזנים־פאַרבאַנד אין אַמעריקע, וואָס זאָל קומען צו דער שיף און אויסשטרעקען די האַנט צו געבען אַ שלום עליכם אַ קאָלעגע, וועלכער האָט געהאַט זיינע פאַרדינסטען פאַר דער אַנטוויקלונג און פאַרשענערונג פון דער חזנים־פּראָפעסיע אין דעם לאַנד, און וועלכער האָט זיך איצט אומגעקערט נאָך אַן אָפּוועזענקייט פון זעקס יאָר.

איך וויל מען זאָל מיך ריכטיג פאַרשטיין. איך האָב נישט באַגערט קיין כבוד און קיין אויפנאַמע אָדער כיבודים. איך האָב מיך גענוג אָנגעגעסען דער־מיט אין פאַרלויף פון מיין לעבען. דאָס איינציגע, וואָס איך האָב יאָ באַגערט און געהאַט אַ רעכט צו דערוואַרטען, איז געווען — חבר׳שאַפט, קאָלעגיאַלע באַציהונג, וואַרימקייט פון מענשען פון דעם זעלבען באַרוף, וועלכע האָבען זיכער געקענט און געוואוסט דעם באַשיידענעם פּלאַץ, וועלכען איך פאַרנעם אין דעם דאָזיגען באַרוף.

נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעדאַוונט די ימים נוראים מיט גרויס דערפאָלג אין דער סלאָנימער שוהל, האָב איך באַקומען אַן איינלאַדונג פון דעם חזנים־פאַרבאַנד אין ניו יאָרק, אַז איך זאָל קומען צו זייערס אַן אַלגעמיינער פאַר־זאַמלונג. איך האָב געפילט אַ פאַרביטערונג אין האַרצען קעגען די קאָלעגען מיינע און איך בין נישט געווען אומשטאַנד די דאָזיגע איינלאַדונג אָנצונעמען. אַביסעל שפּעטער האָט זיך צו מיר געווענדעט דער ניי־דערוויילטער פּרעזידענט פון חזנים־פאַרבאַנד, חזן קאַפּאָװ־קאַגאַן, וועלכען איך האָב נאָך נישט געהאַט געקענט. ער האָט מיך פּערזענליך געבעטען, אַז איך זאָל קומען צו דער פאַר־זאַמלונג, וועלכע איז ספּעציעל גערופען געוואָרען, כדי צו פייערען זיין אינסטאַלעיעשאַן אַלס פּרעזידענט.

זיין פּערזענליכע איינלאַדונג האָב איך אָנגענומען, בפרט, ווען ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז עס וועט זיין פאַר אים אַ גרויסער כבוד, ווען איך וועל זיך באַטייליגען אין זיין שמחה. ווען איך בין אַריינגעקומען אין זאַל צום מיטינג, האָבען זיך אַלע חזנים אויפגעשטעלט און זייערע הענט האָבען גענומען קלאַפּען און זיי האָבען אויסגערופען „ברוך הבא!״

ווען עס איז שטיל געוואָרען האָב איך זיי געזאָגט אַלץ, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעקליבען ביי מיר אויפ׳ן האַרצען, אַז מיט די הענט קלאַפּען זיי טאַקע גאָר שטאַרק, אָבער אין האַרצען טראַכט זיך די מערהייט פון זיי, אַז ליבערשט וואָלט חזן קוואַרטין געווען פאַרבליבען אין ארץ ישראל, איידער צוריקצוקומען קיין אַמעריקע. איך האָב זיי אויך געזאָגט, אַז איך וואָלט נישט געקומען צום מיטינג, ווען נישט די פּערזענליכע איינלאַדונג פון חזן

קאַפּאָו־קאַגאַן. „און געקומען בין איך, כדי צו זאָגן דעם נייעם פּרעזידענט, אַז איך באַדויער אים זעהר שטאַרק, וואָס ער האָט אָנגענומען דעם פּרעזידענטען־אַמט און איך ווינש אים פון גאַנצען האַרצען, אַז ער זאָל אַרויס פון אייך מיט גאַנצע ביינער...״

איך האָב באַזונדערס באַגריסט דעם חזן קאַפּאָו־קאַגאַן און געוואונשען אים גרויס דערפאָלג אין אַמעריקע, אָבער אַלס חזן, און נישט אַלס פּרעזידענט פון חזנים־פאַרבאַנד, און דאָס זאָגענדיג, האָב איך מיך אויפגעהויבען און פאַר־לאָזט די פאַרזאַמלונג. אין אַ יאָר אַרום, אָדער עטוואָס שפּעטער, האָב איך זיך געטראָפען מיט חזן קאַפּאָו־קאַגאַן, וועלכער האָט מיר דערמאָנט די ווערטער אויף דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג און אַז ער איז ווירקליך צופרידען, וואָס ער איז אַוועק אין צייט מיט גאַנצע ביינער...

אָנקומענדיג קיין אַמעריקע האָב איך נישט פאַרלוירען קיין צייט און גלייך אָנגעגעבען צו דער רעגירונג קיין וואַשינגטאָן וועגען מיין פּאַספּאָרט. געוויינליך דאַרף מען טאַקע אויסזיצען אַ יאָר אין לאַנד, ביז מען באַקומט די דערלויבעניש ווידער אַרויסצופאָרען. איך האָב דאָס אָבער באַקומען אַ סך שנעלער, און איך האָב זיך ווירקליך געפרייט, ווייל מיין כוונה איז געווען גלייך ווי איך וועל דאָס האָבען דערליידיגט צוריקצופאָרען קיין ארץ ישראל, וועלכע איך האָב שוין באַטראַכט ווי מיין שטענדיגע היים.

אָבער ליידער האָבען זיך די געשעענישען אַנטוויקעלט אין אַן אַנדער ריכטונג און מיינע פּלענער האָב איך מער נישט געקענט פאַרווירקליכען. מיינע אייגענע אין ארץ ישראל האָבען מיר באַריכטעט, אַז די כוואַליע פון בלוטיגע אומרוען האָט זיך נישט נאָר נישט אָפּגעשטעלט, נאָר מיט׳ן פאַר־שטאַרקען זיך פון די אידישע נקמה־אַקטען, האָט זיך די אַטמאָספער אין לאַנד נאָך מער פאַרשאַרפט, עס הערשט אַ פולשטענדיגער ווירטשאַפטליכער כאַאָס, און זייער עצה איז געווען, אַז איך זאָל נאָך אָפּוואַרטען און דערווייל נישט קומען.

אָט אַזוי האָב איך געהאַלטען אין איין אָפּלייגען מיין נסיעה ביז — מען האָט שוין מער נישט געקענט פאָרען. עס איז אויסגעבראָכען די צווייטע וועלט־מלחמה מיט אַלע אירע גרוילען און אומגליקען אויף אונזער פאָלק. די נערוועז האָבען געדאַרפט זיין פון שטאָל, אַז מען זאָל קענען רואיג אויפנעמען די איוב־בשורות, וואָס האָבען זיך געטראָגען פון יענער זייט ים, וועגען דעם גרויזאַמען אומברענגען פון מיליאָנען פון אונזערע שוועסטער און ברידער, וועגען דער פאַרניכטונג פון הונדערטער אידישע קהילות, וועגען דער אויסראָטונג פון אַ גרויסען טייל פון אונזער פאָלק.

אַ טרייסט און אַ דערלייזונג האָב איך געפונען, ווען איך האָב זיך אין דער פרייער צייט פאַרטיפט אין די אַלטע אידישע תפילות. און אַזוי בין איך געקומען צום פאַרטיג מאַכען דעם דריטען באַנד פון מיין חזנ׳יש ווערק „תפילות זבולון״, וואָס באַשטייט פון דער גאַנצער וואָכעדיגער מנחה־מעריב, פון קבלת שבת און פון דעם שבת׳דיגען שחרית און מוסף. שרייבענדיג אָט דאָס

ווערק האָב איך דער עיקר אין זינען געהאַט דעם יונגען דור חזנים, און אַפילו אָנפאַנגער חזנים, וואָס נעמען שטעלען זייערע ערשטע טריט אויף דעם דאָזיגען פעלד, און איך האָב עס געשריבען לייכט און פאַרשטענדליך, כדי צו געבען יעדען איינעם די מעגליכקייט זיך צו באַקענען מיט דעם אַלטען, עכטען, טראַדיציאָנעלען נוסח התפילה.

איך באַטראַכט מיינע מוזיקאַלישע ווערק ווי אַ באַשיידענעם צושטייער צו דעם אַלטען אוצר פון אידישער נגינה און תפילה. אויף וויפיל עס איז מיר געלונגען עפּעס וואָס מחדש צו זיין, אָדער צו באַרייכערען דעם דערמאָנטען אוצר — וועגען דעם וועלען משפּט'ן די דורות נאָך מיר. זיי וועלען, ווי איך גלויב דאָס פון גאַנצען האַרצען, וויטער בויען און שאַפען אָט דעם בנין עדי עד, וואָס האָט אויפגעהאַלטען אידיש לעבען אין משך פון לאַנגע דורות און האָט דערקוויקט דאָס דאָזיגע לעבען מיט דער זאַפטיגקייט פון דעם אידישען קרעכץ און פון דער אידישער בענקשאַפט נאָך פולער אויסלייזונג.

און ווען איך האַלט שוין אין ריידען וועגען חזנים און חזנות, וויל איך דאָ פּרואווען, נאָך אַ חזנ'ישער קאַריערע פון איבער פופציג יאָר, מאַכען עטליכע באַמערקונגען, וואָס אפשר וועלען זיי זיין בכוח צו באַווירקען און באַאיינפלוסען דעם ווייטערדיגען גאַנג פון דער דאָזיגער אייגענאַרטיגער און אַזוי וויכטיגער קונסט ביי אידען.

די חזנ'ישע פאַרגאַנגענהייט איז אויסגעשפּרייט פאַר מיר קלאָר און ליכטיג, די חזנ'ישע געגענוואַרט זע איך איצט פאַר מיינע אויגען, און וואָס די צוקונפט טראָגט מיט זיך — דאָס איז קיינער נישט אומשטאַנד צו טרעפען. אָבער דאָך איז עס אונזער פליכט אויפ'ן גרונט פון דער ליכטיגער פאַרגאַנגענהייט און דער נישט אַזוי פויגעלדיגער געגענוואַרט צו פּרואווען שטעלען אַ וועלכען עס איז דיאַגנאָז פאַר דער צוקונפט.

איך האָב שוין דערמאָנט אין די ערשטע קאַפּיטלען פון דער דאָזיגער לעבענס־געשיכטע, אַז גלייך אין מיין קינדערשען עלטער פון זיבען־אַכט יאָר איז מיין איינציגער טרוים געווען, אַז גאָט זאָל מיר העלפען און איך זאָל אַמאָל האָבען דאָס גליק צו הערען אַן אמת'ן חזן מיט משוררים. און ווען איך האָב שוין דערהערט דעם ערשטען חזן, געצעל באַלטער, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז דאָס העכסטע גליק, וואָס קען מיר אַמאָל באַשערט זיין אין לעבען, איז צו ווערען אַ משורר.

מיט אַ יאָר שפּעטער האָב איך שוין געהאַט אַ געלעגענהייט צו הערען דעם טאַלנער חזן אברהם שוחט מיט אַ כאָר פון פופציג אינגלעך. אָט די צוויי ערשטע כאָרען, וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו הערען אין מיין פריער יוגענט, האָבען זיך טיף איינגעבאַקען אין מיין האַרצען. איבערהויפּט די סאָליסטען, די אַלטען און די סאָפּראַנען האָבען געפאַנגען מיין קינדערשע נשמה און זיי האָבען דאָס באַשטימט מיין גורל צו ווערען אַ חזן.

דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס זיי האָבען גערעדט צום אידישען האַרצען און אַרויסגעבראַכט דעם טויזענט יעריגען אידישען ווייטאָג. פאַרשטייט זיך,

אַז דעמאָלט, אַלס קינד, האָב איך נישט געקענט װיסען, װאָס עס האָט מיך אַזױ געפּאַנגען. ערשט מיט דעם גאַנג פון די יאָרען איז דאָס מיר קלאָר גע־װאָרען. אין די סאָלאָס פון יענע קינדער איז געלעגען די נאַאיװע ערליכקייט פון דעם נעבעכדיגען אידישען לעבען, װאָס זיין איינציגע נחמה איז געװען — האָפען און גלױבען, אַז װען עס איז װעט קומען די גאולה און אידען װעלען אױסגעלייזט װערען פון אַלע זייערע ליידען.

די סאָלאָס פון יענע קינדערשע כאָרען האָבען זיך אַזױ טיף איינגעקריצט אין מיין קינדערשען מוח, אַז איך האָב זײ כמעט אַלע געקענט נאָכזינגען. דער חזן מיט די משוררים איז שױן לאַנג געװען אַװעק פון שטעטעל, אָבער איך בין נאָך אַלץ אַרומגעגאַנגען, װי אין אַן עולם התוהו, נאָכזינגענדיג און נאָכברומענדיג אַלע זייערע מעלאָדיעס. און איך האָב זײ אַזױ געטראָגען אין משך פון מיין גאַנצען לעבען, װי דעם ליכטיגען אָנהױב פון אַ זינגענדיגער װעלט, װאָס איז אין מיר אױפגעגאַנגען.

אָפטמאָל האָב איך מיר געשטעלט די פראַגע: װאו ליגט דער שורש פון חזנות? װאו איז דער סוד פון דער דאָזיגער קונסט, װאָס האָט אַזױ טיף באַװירקט דאָס אידישע לעבען? מען קען נישט זאָגען, אַז חזנות גייט איבער בירושה. אָט איז מיין פאָטער קיינמאָל נישט געװען קיין חזן, און אױך מיינע ביידע זיידעס זיינען נישט געװען קיין חזנים. און אױך מיינע קינדער, כאָטש מען דאַרף מודה זיין, אַז איך בין אַ ניש׳קשה׳דיגער חזן, האָבען פון מיר קיין זכר פון חזנות נישט איבערגענומען.

דאָס זעלבע קען מען אױך זאָגען װעגען אַנדערע קינסטלערישע טאַלאַנטען: װירטואָזען, אָדער מאָלער, אָדער באַרימטע שױשפּילער. די קונסט פון די עלטערן גייט נישט איבער צו די קינדער. דאַרף מען דערפון דרינגען, אַז װען אַ קינסטלער איז באַשערט צו באַװירקען מיט זיין קונסט דעם דור, אין װעלכען ער לעבט, און אױך די שפּעטערדיגע דורות, אַז אַזאַ קינסטלער מוז איינער אַליין פון זיין פריעסטער קינדהייט איינזאַפּען אין זיך פון דער אַרומיגער סביבה די אַלע זאַפטען, װאָס װעלען שפּעטער דאַרפען דערנערען זיין שעפערישקייט.

פאַרשטייט זיך, אַז פון דער װייטערדיגער אױסבילדונג און פאַרפולקאָ־מונג פון דעם איינגעבױרענעם טאַלאַנט איז אָפּהענגיג זיין אױסשפּרייטונג און די קראַפט פון זיין באַװירקונג. צו זיין אַ חזן ביי אידען, דאַרף מען געבױרען װערען מיט דער געבענשטער אייגענשאַפט פון חזנות. שפּעטער דאַרף מען אָט די איינגעבױרענע אייגענשאַפט אַנטװיקלען, אױסבילדען און איינפאַסען אין באַשטימטע רעגלען. אָבער אַ חוץ דעם פאָדערט זיך פון אַ חזן עפּעס אַזעלכעס, װאָס אַנדערע קינסטלערישע טאַלאַנטען האָבען עס נישט נױטיג.

דאָס איז די באַזונדערע אַטמאָספערע פון דער דערציהונג, װעלכע דער צוקונפטיגער אידישער שליח צבור באַקומט אין זיין יוגענט. דאָס איז די שטוב פון די עלטערען, װאָס לייגט אַ טיפען חותם אױף דעם קומענדען חזן. איז דאָס אַ שטוב פון ערליכע, פרומע און גאָטספאָרכטיגע לייט, אַזױ באַקומט שױן דאָס קינד פון זיינע סאַמע ערשטע טריט די מעגליכקייט איינצוזאַפּען

אין זיך די גוטע אידישע מידות, און זיי באַווירקען זיין גאַנצע שפּעטערדיגע קאַריערע פון אַ פירשפּרעכער פון דער אידישער מאַסע.

איך דערמאָן זיך, אַז שוין אין פינף יעריגען עלטער האָט דער רבי באַוויזען איינצופלאַנצען אין מיר דעם געפיל פון אַלמעכטיגען גאָט, וואָס זעט אַלץ וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט, אָבער וועלכען קיינער פון אונז איז נישט אומשטאַנד צו זען מיט דעם אויג, דערפאַר פילט ער אים אין הארצען, און דער דאָזיגער גאָט האָט דורכאויס פאַרלאַנגט, אַז מיר קינדער זאָלען זיין גוט און פרום, ערליך און אָפּגעהיטען, און פאָלגען טאַטע־מאַמע און וואָס דער רבי זאָגט.

אָט אַזוי האָט זיך געגומען אַנטוויקלען אין די פאַרצייטיגע אידישע קינדער אַ באַדערפעניש אין יראת שמים, אַ רעספּעקט פאַר עפּעס העכערס, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען גאָט, דרך ארץ פאַר פאָטער און מוטער, און בכלל פאַר עלטערע מענשען. מען איז אַזוי אַרום געוואָרען צוגעבונדען צו דער גאַנצער עדה אידען — צום אידישען כלל. דער גורל פון אַ וועלכען עס איז איד אין דער וועלט איז געוואָרען דער אייגענער גורל. און ווען מיר האָבען שפּעטער געהערט, און אויך אַליין גענומען איבערלעבען פּאָגראָמען אויף אידען, פאַר־פאָלגונגען פון אונזערע ברידער און שוועסטער דערפאַר, ווייל זיי זיינען אידען — האָבען אונזערע יונגע קינדערשע הערצלעך מיטגעוויטאָגט און מיטגעבלו־טיגט אויף די אידישע צרות.

אָט דער שווערער אידישער גורל, וועלכען מיר האָבען איינגעזאָפּט פון קינדוויז אָן, איז טיף אַריינגעדרונגען אין אונזער גאַנצען וועזען. איך דערמאָן זיך, אַז ווען איך פלעג דאַוונען יעדען טאָג און קומען צו די שטעלען פון „ראה נא בענינו", „הבט משמים", „צור ישראל" און ענליכע, האָט עפּעס אינעווייניג אין מיר גענומען ציטערען, און איך פלעג מיט מיין יונגען וועזען בעטען גאָט פון גאַנצען הארצען, אַז אידען זאָלען שוין מער נישט ליידען און זאָלען זיך נישט האָבען אויף וואָס צו קלאָגען.

אָט דאָס איז געווען דער אָנהויב, ווען עס האָבען גענומען אין מיר אויפ־טויכען די ערשטע תפילות מיט אַ ניגון — מיינע ערשטע אימפּראָוויזאַציעס. יעדע תפילה, וועלכע איך האָב אויסגעווײנט ביים דאַוונען, האָט זיך אַריינגע־פּאַסט אין אַ באַזונדערען נוסח, אין אַ באַזונדערער מעלאָדיע. עס איז אַזוי פון זיך אַליין געפלאָסען דאָס הארציגע קינדערשע געבעט, וואָס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר יענער הויכער חזנ'ישער פונקציע.

דערפון דאַרף מען דרינגען, אַז אַ חזן, וועלכער האָט אין זיין קינדהייט נישט איינגעזאָפּט אין זיך אַלע גוטע מידות פון פרומקייט און חסידות, וועלכער האָט זיך נישט צוגעקוקט און זיך נישט איינגעהערט ווי דער קליינשטעטלדיגער פרומער בעל תפילה גיסט אויס אום ימים נוראים פאַר'ן עמוד זיין ביטער הארץ אין אַ ים פון טרערען און טיפען השתפכות הנפש — אַזאַ חזן קען באמת נישט דערפילען זיין הויכע באַשטימונג, ער ווייסט ווירקליך נישט „לפני מי הוא עומד".

לײדער, לײדער, האָט זיך שטאַרק פאַרמערט בײ אונז די צאָל פון חזנים, װאָס באַגרײפן נישט די הײליגקײט פון זײער פּראָפעסיע, װאָס קוקן אויף חזנות בלויז װי אויף אַ מיטעל צו פאַרדינען אויפ׳ן לעבען.

איך װיל שוין נישט רײדן װעגן דעם פאַרצײטיגן חזן, דעם באמת פרומען אידען, אין װעלכן אַלע אברים האָבן געציטערט שוין אַ שטיק צײט פאַר די ימים נוראים, טאָמער איז ער נישט ראוי צו זײן דער פירשפּרעכער פון זײן עדה אידען. פלעגט ער לויפן פאַר יעדן דאַװנען זיך טובל זײן אין דער מקוה, זיך רײניגען פיזיש, און זיך צוגרײטן גײסטיג פאַר דער עבודת הקודש. ער האָט געפילט אויף זיך אַ געװאַלדיגע פאַראַנטװאָרטליכקײט. הענט און פיס האָבן אים געציטערט, װען ער האָט זיך געשטעלט זאָגן די תפילה „הנני העני ממעש״.

אַזאַ חזן איז טאַקע געשטאַנען פאַר׳ן עמוד אַ נרעש ונפחד, װײל ער האָט געפילט, אַז נעמען און זיך אויס׳טענה׳ן מיט׳ן רבונו של עולם אין נאָמען פון קהל — איז גאָרנישט קײן קלײניגקײט. װען ער האָט געזונגען זאָגן די תפילה: „היה נא מצליח דרכי אשר אני הולך ועומד לבקש רחמים עלי ועל שולחי״ — זײנען נישט קײן טרערן, נאָר בלוט איז גערונען פון זײנע אויגען!

מיר זײנען אַלע װײט אַװעק פון יענע צײטן. אָבער דאָך דאַרף דאָס געזאָגט װערן, אַז מיט אַ גוטער שטימע אַלײן קען מען נאָך נישט זײן קײן גוטער חזן בײ אידען. אַװדאי מוז מען האָבן אַ שטימע, און טאַקע אַ פײן קולטיװירטע שטימע, און דער חזן דאַרף זײן מוזיקאַליש געבילדעט, דאָס אַלײן אָבער איז נישט גענוג. אָן אַ טיף־אידישען הינטערגרונט, פעלט דער שורש פון װאָנעט חזנות שטאַמט.

אײגענטליך איז דאָך דער הײנט־צײטיגער חזן אַ דירעקטער יורש פון די פאַרצײטיגע לוײם, װאָס האָבן געטאָן די עבודת הקודש אין בית המקדש. און קײנער פון אונז איז נישט ראוי צו גײן אין זײערע װעגן. אָבער אַפילו װען מיר זאָלען נישט קוקן אַזוי װײט, און זיך באַגנוגענען בלויז מיט דער עפּאָכע פון אַ דרײ־פיר דורות צוריק — װערט שטאַרק אומעטיג אויפ׳ן האַרצען, װען מיר זעען װאָס פון אונזער הויכען באַרוף איז געװאָרען.

דערמאָנט זיך נאָר דעם דור גרויסע אידען, אונזערע װאונדערליכע פאַרגענגער, װי: בצלאל, ירוחם הקטן, ניסי בעלזער, ניסי בלומענטאַל, װײנטרויב, זלמן אומאַנער, ברוך שאָר, ברוך קינסטלער, װעלװעלע שעסטאָפּאָלער, און אַביסעל שפּעטער די חזנים און שליחי צבור: גורעװיטש, בירענבאָום, באַכמאַן, פּיניע מינקאָװסקי, ראַזומני א. אַ. דאָס זײנען אַלץ געװען חזנים־אָריגינאַלען, װײל זײ האָבן געװאָרצעלט אין אידישקײט, אין גוטע אידישע מידות, װאָס האָט זײ געגעבען קראַפט און התלהבות אויסצוזינגען און פאַרצו־ברענגען פאַר׳ן אַלמעכטיגען דעם גאַנצען אידישען פײן און די פאַרבאָרגענע אי־דישע האָפענונגען אויף אויסלײזונג פון דער גאַנצער װעלט און פון אידישען פאָלק.

אַזאַ חזן האָט נישט אַזוי פיל געטראַכט װעגן זײן פּרנסה, װעלכע איז געװען גאַנץ קאַרג, װי דער עיקר װעגן אינערליכער שלימות און פאָלקאָ־

מענקייט; ער האָט געקוקט אויף זיין פונקציע, ווי אויף אַ הייליגער דינסט פאַר דעם כלל און ער האָט כסדר געזוכט צו באַרייכערען זיין אידישען וויסען. יומם ולילה איז ער געזעסען און זיך געגריבעלט אין אַלטע ספרים, האָט אימפּראָוויזירט און געזוכט צו דערפינדען עטוואָס נייעס. ער האָט נישט געשפּאָרט קיין אָנשטרענגונגען אויף צו פאַרשענערען די תפילות, כדי מער אויסצונעמען ביים רבונו של עולם און אויך ביי זיינע מתפללים.

אויך אין די לעצטע צוויי דורות, און להבדיל בין חיים למות, אויך צווישען מאַנכע פון די לעבעדיגע און ווירקענדע חזנים געפינען מיר געטרייע נאָכפאָלגער פון יענער גרויסער חזנ׳ישער טראַדיציע. איך וועל בלויז אָנרופען עטליכע נעמען: קאַרניאָל, שטיינבערג, רוטמאַן, יאָסעלע ראָזענבלאַט, רויטמאַן א.אַ. זיי זיינען אַלע דערצויגען געוואָרען על ברכי היהדות און איר האָט דאָס געקענט דערקענען אין דעם אינערליכען ברען פון זייער דאַווענען פאַר׳ן עמוד.

אָבער מיט וויטאָג אין האַרצען מוזען מיר זאָגען „חבל על דאבדין״. אין די מערסטע פאַלען זיינען מיר עדות ווי דאָס ליכט פון חזנות, וואָס האָט באַשיינט דאָס אידישע לעבען אין משך פון דורות־לאַנג, גייט אונטער פאַר אונזערע אויגען. נישטאָ מער יענע עניוות און יענע געפילען פון גרויסער פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר׳ן כלל, וואָס האָבען כאַראַקטעריזירט די אויבען דערמאָנטע דורות חזנים ביי אידען.

דערפאַר איז ביי אונז אויפגעקומען אַ מין בורלעסק־־חזנות, אַ חזנות אין פליטערלעך, וואָס וויל מיט אויסערליכע עפעקטען פאַרשטעלען די אינערליכע פוסטקייט און אָפּגעריסענקייט פון אַ וועלכען עס איז אָריגינעלען אידישען קוואַל. עס גייען פאַרלוירען די טייערע, טראַדיציאָנעלע תפילות, די וואונדערבאַרע נוסחאות, וועלכע דאָס פאָלק אַליין האָט געשאַפען און האָט עס פון דור צו דור איבערגעגעבען פּערט זיין פירשפּרעכער, זיין שליח צבור אויף צו טראָגען ווייטער אין דער אייביגקייט אַריין.

איך וואָלט געזאָגט נאָך מער: דער היינטיגער חזן האָט דערלויבט, אַז מען זאָל ביי אים אַוועק׳גנב׳ענען די גאַנצע דערהויבענקייט און ווירדיגקייט פון דער חזנ׳ישער פּראָפעסיע, אַזוי ווי זי האָט זיך אַנטפּלעקט צו אונז אין משך פון די פאַרגאַנגענע דורות. ער איז געוואָרען נידעריג ביי זיך און האָט זיך אינגאַנצען געמאַכט אָפּהענגיק פון דער קאָנגרעגיישאָן. אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרען איז אין שוהל דער חזן געווען דער טאָן־־געבער. היינט זיינען דאָס די גבאים, וואָס צאָלען „ווידזשעס״, אָדער דער ראַבאַי, וואָס פּרעדיגט אויף ענגליש.

און אַז מען הויבט שוין אָן צו פאַלען — ווייסט מען שוין נישט וווּ זיך אָפּצושטעלען. אַז מען איז שוין איין מאָל אַוועק פון דעם טראַדיציאָנעלען וועג — זינקט מען שוין ווייטער און מען טראָגט פאַר פאַר׳ן עולם די ביליגסטע לידלעך, די געשמאַקלאָזסטע קופּלעטען, צו דער שאַנד פון דעם מקום קדוש, וואָס געדענקט אַזעלכע הערליכע צייטען און אַזעלכע וואונדערליכע פונקציעס פון אַ חזן ביי אידען.

# איך האָב דערלעבט דעם אויפקום פון מדינת ישראל

איידער איך וועל שליסען די געשיכטע פון מיין לעבען צו מיין אַלט ווערען פינף און זיבעציג יאָר, וועל איך נאָך דערמאָנען דאָס גרויסע גליק, וואָס מיר איז באַשערט געווען צו דערלעבען דעם אויפקום פון מדינת ישראל. פון דעם יאָר 1926, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען אין לאַנד אַריין, איז מיין האַרץ געפאַנגען געוואָרען פון אַט דעם ווינקעל אין דער וועלט, וואָס האָט געזען אונזער אַמאָליגע גרויסקייט, אונזער פאַלען אַזוי נידעריג און די העלדישע אָנשטרענגונגען פון אונזער דור צוריקצוקערען די קרוין אויף איר פּלאַץ, צוריק אויפצולעבען אונזער פאָלק אין זיין אַמאָליגער היימאַט.

איך האָב געהאַט גרויסע מאָראַלישע דערפאָלגען אין ארץ ישראל, איך האָב אויך געליטען אין דעם לאַנד מאַטעריעלע פאַרלוסטען, אָבער דאָס האָט גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט דעם אינערליכען בונד, וואָס האָט זיך פאַרקניפּט צווישען מיר און דעם וואונדערליכען לאַנד פון דעם ערשטען אויגענבליק.

נאָך פאַר מיין פאַרלאָזען דאָס לאַנד אין יאָר 1937 איז מיר באַשערט געווען איבערצולעבען דאָרט אַ גרויסע פּערזענליכע שמחה: איך האָב חתונה געמאַכט אין תל אָביב מיין יונגסטע טאָכטער, שולמית, פאַר דעם אינזשינער רודאָלף אַשנער, אַ זון פון געוועזענעם פּרעזידענט פון באַרימטען פאַזאַנען טעמפּעל אין בערלין. איך האָב מיך באַזונדערס געפרייט מיט אַט דער געשעעניש, ווייל זי איז געווען פאַר מיר סימבאָליש: זאָל כאָטש איין קינד מיינס זיך באַזעצען אין דעם לאַנד פון אונזער צוקונפט און צולייגען אַ האַנט צו זיין פאַנאַנדער־בויאונג און אויפבלי.

דאָס איז געווען אַ שיינע אידישע שמחה, געפייערט אין דעם העכסטען טראַדיציאָנעלען אידישען גייסט. גאַנצע דריי מסדר קידושינ׳ס האָבען זיך באַטייליגט, און אַלע פון די אָנגעזעענסטע און ווירדיגסטע פאָרשטייער פון דעם ישוב: דער ספרדישער רב, עוזיאל; הרב גאָלד, איינער פון די חשוב׳סטע פירער פון „מזרחי״, און הרב דר. ליבערמאַן, פון בערלין, וועלכער האָט פאַרנומען אַ פּראָפעסאָרען־שטעלע אין ירושלים. די דאָזיגע שמחה איז מיר באַזונדער געבליבען אין זכרון, ווייל גלייך נאָך דער חופה האָב איך געמוזט לאָזען שטיין אַלע מיינע חשוב׳ע געסט און אַוועקפאָרען קיין ירושלים, וואו איך האָב דעם זעלבען אָוונט געדאַרפט געבען אַ קאָנצערט לטובת דער ישיבה פון הרב קוק ז״ל. ווען איך בין צוריקגעקומען פון ירושלים שפּעט אין דער נאַכט, האָב איך נאָך געטראָפען אַלע געסט און מיר האָבען אַלע פאַרבראַכט ביז אַ שטיק אויף טאָג. דאָס איז ווירקליך געווען איינער פון די גליקליכסטע טעג מיינע אין ארץ ישראל.

איך וויל אויך ווידמען עטליכע ווערטער אַ קאָלעגע, אַ באַרימטען און באַליבטען חזן, וואָס איז אַוועק פון דער וועלט אין די בליענדסטע יאָרען פון זיין לעבען. איך מיין יאָסעלע ראָזענבלאַט, וועלכער איז אין איין צייט מיט מיר געווען אין ארץ ישראל. דריי טעג פאַר זיין טראַגישען טויט זיינען מיר נאָך ביידע אויפגעטראָטען צוזאַמען אויף אַ קאָנצערט לכבוד דעם יובילייַ פון ירושלים׳ער חזן, ריבלין. איך האָב באַמערקט, אַז יאָסעלע ז״ל, שטרענגט זיך שטאַרק אָן בעת׳ן זינגען, ער סאָפּעט און אָטעמט שווער.

דאָס איז געווען דאָנערשטאָג, און מיט צוויי טעג שפּעטער, שבת, האָט ער געדאַרפט געבען זיין געזעגענונגס־דאַוונען אין דער חורבה פון ר׳ יהודה החסיד. האָב איך זיך געבעטען ביי אים, אַז ער זאָל קאַרגען זיין שטים, ער זאָל זיך שאַנעווען און נישט זינגען אַזוי פיל אויף ביס, ווייל ער דאַרף דאָך די כחות צום שבת׳דיגען דאַוונען. אָבער ווי ביי אַן אמת׳ן קינסטלער, איז עס נישט געווען זיין טבע צו טראַכטען, וואָס עס וועט זיין שפּעטער. האָט ער געזונגען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, און אַראָפּקומענדיג פון דער עסטראַדע איז ער געווען אינגאַנצען אָפּגעגאָסען מיט שוויס.

דאָס האָט אים ווירקליך נישט געשטערט צו זיין שבת׳דיגען דאַוונען אין חורבה, וואָס איז געווען איינער פון זיינע שטורמישסטע דערפאָלגען. די שוהל האָט אים ממש געטראָגען אויף די הענט, ווי די אידען וואָלטען געהאַט דעם שלעכטען פאָרגעפיל, אַז דאָס איז נישט בלויז יאָסעלעס לעצטער אויפטריט אין ארץ ישראל, נאָר בכלל אויף אָט דער זינדיגער ערד.

אויף צומאָרגענס, זונטאָג, איז יאָסעלע אַוועקגעפאָרען מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע צום ים המלח מאַכען פילם־אויפנאַמען. דער טאָג איז געווען אַ הייסער און די שטיקענדע לופט אין דעם פלאַכלאַנד איז געווען נישט צום אויס־האַלטען. צוליב די פילם־אויפנאַמען האָט ער זיך געדאַרפט באַדען אין די וואַסערען פון ים המלח. דאָס האָט נאָך מער געווירקט אויף זיין שוואַך האַרץ און ביינאַכט, אַהיימקומענדיג קיין ירושלים, האָט ער באַקומען אַן אַטאַקע און איז געשטאָרבען.

אין מיטען דער נאַכט האָט מיר אַ ספּעציעלער שליח פון ירושלים, וועלכער איז אַרויסגעשיקט געוואָרען דורך מיין פריינט אַמדורסקי, אָנגעזאָגט די טרויע־ריגע בשורה. איך האָב באַוויינט אַ הויך־טאַלאַנטירטען קאָלעגע, אַ איד אַ למדן און אַ ירא שמים, וועלכער איז ווירקליך געווען אַ ווירדיגער יורש פון יענע דורות טראַדיציאָנעלע אידישע חזנים, וועגען וועלכע איך האָב גערעדט אין אַ פריערדיגען קאַפּיטעל.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיגט, איז מיר באַשערט געווען צו באַזוכען דעם אידישען ישוב אין מעקסיקע. איך זאָג באַשערט געווען, ווייל דער דאָזיגער באַזוך, אָדער ריכטיגער דריי־מאָליגער באַזוך אין פאַרלויף פון פופצען חדשים, האָט מיר פאַרשאַפט אַן אַ שיעור פרייד און גליק. אויפ׳ן פיר און זיבע־

ציגסטען יאָר פון מיין לעבען האָב איך געקענט זען, ווי מיינע תפילות און מיין „זאָגען" באַגייסטערען נאָך אַזוי פיל אידען, אָן עין הרע.

בכלל איז דער יונגער אידישער ישוב אין מעקסיקע געווען פאַר מיר אַ געוואַלדיגע איבערראַשונג. קליין אין צאָל, בלויז עטליכע און צוואַנציג טויזענט אידען, אָבער וואָס פאַר אַ יוגענטליכקייט און פרישקייט, וואָס פאַר אַ צוגעבונדענקייט צו דעם שענסטען און בעסטען, וואָס דאָס אידישע לעבען האָט פאַרמאָגט אין אונזערע אַלטע היימען. סיי די פרומע און סיי די פרייע, סיי אָרטאָדאָקסען און סיי ציוניסטען, אַפילו בונדיסטען — אַלע זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ פאַרלאַנג פאָרטצוזעצען אונזערע טראַדיציעס פון אַן אייגענאַרטיגען אידיש־קולטורעלען לעבען.

איך רייד שוין נישט וועגען דער ברייטהאַרציגקייט פון די דאָרטיגע אידען ווען עס האַנדעלט זיך וועגען צדקה, וועגען געבען אויף די פאַרשידענאַרטיגסטע אידישע צוועקען אין דער וועלט, און דער עיקר פאַר מדינת ישראל. מיט פרייד דערמאָן איך אין מיינע מעמואַרען די מעקסיקאַנער אידען און די צאָלרייכע פריינט, וואָס איך האָב מיר דאָרט דערוואָרבען אין דער צייט פון מיין קורצען פאַרברענגען צווישען זיי.

ווי גרויס איז מיין גליק און מיין פרייד, וואָס איך האָב דערלעבט דעם היסטאָרישען מאָמענט, ווען די פעלקער פון דער וועלט האָבען אָנגענומען דעם עפּאָכע־מאַכענדען באַשלוס, צוריק אויפצושטעלען מלכות ישראל אויף אַ טייל פון אונזער היסטאָרישען לאַנד. איך האָב געזען ארץ ישראל אין איר ראַנגלעניש מיט דער פרעמדער מאַכט, וואָס האָט נישט אַרויסגעוויזען קיין גרויסע באַגייסטערונג פאַר דער אויפגאַבע, וואָס איז איר געהאַט אָנגעטרויט געוואָרען. איך האָב געזען די סקאַנדאַליעזע באַנעמונג פון ענגלאַנד צום ישוב אין ארץ ישראל, ווען די אַראַבער האָבען זיך צעבונטעוועט און געוואָלט דערטרינקען אין אַ ים פון בלוט די העלדישע אויפטוען און דערגרייכונגען פון ישוב.

האָב איך דעריבער געבערענט מיט אַן אינערליכער גלוסטעניש אָנצוקוקען דאָס לאַנד און די דאָרטיגע מענשען איצט, נאָכדעם ווי די קייטען פון פרעמדער הערשאַפט זיינען אַראָפּגעוואָרפען געוואָרען, און נאָכדעם ווי די העראָאישע יוגענט אונזערע אין לאַנד האָט מיט שווערע קרבנות פאַרטריבען דעם צאָלרייכען פיינט און האָט גענומען פאַרפעסטיגען די מלוכה'שע זעלבשטענדיגקייט פון ישראל.

פסח־צייט פון יאָר 1949, צום ערשטען יאָרטאָג נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון אידישער מלוכה'שער זעלבשטענדיגקייט, איז מיר געלונגען דעם דאָזיגען וואונש צו פאַרווירקליכען און נאָך אַן איבעררייס פון צוועלף יאָר ווידער צו באַטרעטען דעם הייליגען באָדען פון אונזער היימלאַנד.

איך בין געגאַנגען איבער די מיט זון פאַרגאָסענע, מיר אַזוי גוט באַקאַנטע גאַסען און פּלעצער, און דאָך איז דאָס נישט געווען מער דאָס לאַנד, וואָס איך האָב פאַרלאָזען אין צייטען פון אינערליכער פאַרווירונג. איך האָב נישט דערקענט

מער די מענשען: עפּעס אַן אַנדער גייסט, אַ גייסט פון פרייהייט און דערהויבענ־קייט האָט געררוט אויף זיי. שטאָלצע אידען האָב איך דאָרט באַגעגענט, וואָס האָבען זיך אָפּגעגעבען אַ פולען חשבון פון דער געוואַלדיגער פאַראַנטוואָרטליכ־קייט, וואָס די השגחה האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט צו פאַרווירקליכען דעם טויזענט יעריגען טרוים פון אַן אור־אַלט פאָלק צו לעבען אויף דער אייגענער ערד מיט פעלקער צוגלייך.

איך האָב נישט געקראָגען קיין צימער אין די תל אָביב׳ער האָטעלען צוליב דעם געוואַלדיגען צופלוס פון טוריסטען אויף פסח, בין איך איינגע־שטאַנען ביי מיינעם אַ שוואָגער אין בני ברק. זיינען געקומען צו מיר עטליכע דאָרטיגע בעלי בתים, וועלכע האָבען מיר דערמאָנט, אַז אין יאָר 1926, גלייך נאָך מיין קומען צום ערשטען מאָל אין לאַנד, האָבען זיי געבויט די ישיבה אין בני ברק און האָבען נישט געהאַט קיין מיטלען צו פאַרענדיגען די געביידע, האָבען זיי מיך דאַן געבעטען, איך זאָל זיי געבען אַ דאַוונען, כדי צו פאַרשאַפען די נויטיגע מיטלען.

איצט בין איך געגאַנגען אָנקוקען די ישיבה, וואָס איך האָב צוגעלייגט אַ האַנט צו איר אויפבוי, און האָב געקליבען נחת, וואָס דער קול תורה הילכט אָפּ אַזוי ברייט אין אונזער אייביג לאַנד. אַוודאי האָב איך געזען די שווערע פראָבלעמען פון הונדערטער טויזענטער פון אונזערע ברידער, די רעשטלעך פון אַ פאָלק, וואָס האָבען זיך דורשטיג געריסען צו דעם איינציגען ברעג פון זיכערקייט, צום לאַנד ישראל.

צוגלייך מיט אַלע איינוואוינער פון ישראל האָב איך געפילט, אַז די דאָזיגע געוואַלדיגע אויפגאַבע פון קיבוץ גלויות שטייגט ווייט אַריבער די באַשיידענע מעגליכקייטען פון דעם ישוב, און אַז דאָ מוז קומען צוהילף דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס לעבט אין צעשפּרייטקייט, אָבער וואָס דער ריטם פון זיין הארץ קלאַפּט אין טאַקט מיט די גרויסע משיח׳ישע געשעענישען אין ישראל. איך האָב ווייטער געפילט, אַז עס איז נישט גענוג זיך צו פרייען און צו זיין שטאָלץ, וואָס אויף אונזער דור איז צוגעפאַלען צו זיין עדות פון דער געוואַל־דיגער געשעעניש, נאָר אַז מיר מוזען טאָג־איין און טאָג־אויס געדענקען וועגען די לאַסטען און פאַראַנטוואָרטליכקייטען, וואָס זיינען געפאַלען אויף דעם קאַרגען מיליאָן אידען אין ישראל, און ביטראָגען אונזער חלק די דאָזיגע לאַסטען גרינגער צו מאַכען.

אַ פאַר׳שיכור׳טער פון זיסע געפילען בין איך אַרומגעגאַנגען דאָס מאָל איבער די גאַסען און פעלצער פון ישראל. איך האָב געדאַנקט דעם בורא, וואָס איך האָב דערלעבט די דאָזיגע גרויסע טעג אין אונזער געשיכטע. איך האָב קיין איין רגע נישט געצווייפעלט, אַז דאָס פאָלק, וואו עס זאָל נישט זיין, וועט אויפבויען ציון וישראל, און אַז דער נאָמען פון ישראל וועט נאָך ווידער אויפלויכטען אין דער וועלט, ווי אַ סימבאָל פון פרידען און פון גרויסהאַלטען דעם באַגריף מענש, ווי מיר האָבען דאָס איבערגענומען פון אונזערע נביאים.